# פּנקס
# גאַליציע

אַרויסגעגעבן
צום 20-טן אַניווערסאַר
זייט דער גרינדונג
פון
גאַליציאַנער פאַרבאַנד

בוענאָס איירעס

1925 1945

# פנקס
# גאַליציע

אַרויסגעגעבן
צום 20-טן אַניווערסאַר
זייט דער גרינדונג
פון
גאַליציאַנער פאַרבאַנד
רעדאַקטאָר
נחמיה צוקער

בוענאָס איירעס
1925 1945

[illegible] „[illegible]"
[illegible]
[illegible]
[illegible]
[illegible] 1946

# אינהאַלט

## לאַנדסלייט וועגן זייערע אַלטע היימען:

## צוואַנציק יאָר טעטיקייט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד

## צייכענונגען און פאָטאָ־אילוסטראַציעס

:: :: ::

**מישאַ שוואַרץ** (ספּעציעלע צייכענונגען פאַרן „פנקס גאַליציע") 1) שער בלאַט, זייט 1; 2) די אַלטע שיל אין קראָקע, זייט 139; 3) ל"ג־בעומר ביים רמ"אָס קבר, זייט 151; 4) דער בעל תוספות יום־טוב, זייט 179; 5) די שיל אין זשולקאָוו, זייט 261; 6) די קלויז פון טשאָרטקאָווער רבין, זייט 295.

**אברהם לאַקס** (פון זיין פּריוואַטער אַרכיוו־קאָלעקציע — זיבן אינטערעסאַנטע פאָטאָס, אויף די זייטן: 26, 27, 85 און 87. זיבן קונסט־אויפנאַמעס פון כאַראַקטעריסטישע טיפּן פון גאַליציאַנער אידן, אויף די זייטן: 341, 347. 381, 395, 401, 445 און 451. זיבן גראַטעסקע קונסט־צייכענונגען פון אידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציע, אויף די זייטן: 459, 473, 485, 499, 507, 517 און 533.

**אַרנאָלד טוש** — דריי פאָטאָס פון לעמבערג, אויף די זייטן: 53, 439 און 441.

**הילדאַ סעגאַל** — דריי פאָטאָס אויף די זייטן: 110, 115 און 396.

**שיע לויבשטיין** — פיר פאָטאָס, אויף די זייטן: 181, 193, 203 און 345.

**אַדעלאַ צוקער** — פאָטאָס פון פינף קונסט־בילדער פון אידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציע, אויף די זייטן: 211, 221, 231, 241 און 251.

**פראַנציסקאָ אונגאַר** — דריי פאָטאָס אויף די זייטן: 322, 433 און 573.

**אברהם אָפּטאָוויצער** — דריי פאָטאָס אויף די זייטן: 353, 374 און 376.

**דר. א. ש. יורים** — איין פאָטאָ, אויף זייט 107.

**שעכטער יוסף** — דער טשאָרטקאָווער רבי (פאָטאָ), זייט 337.

**וואָלף רייז** — איין פאָטאָ. אויף זייט 567.

**רעפּראָדוקציעס** — (פון זיבן דאָקומענטן. פאָטאָס און צייכענונגען, גענומען פון פאַרשידענע קוועלן) אויף די זייטן: 113, 119. 125, 129, 133, 163 און 173.

פון זייט 595 און ווייטער. ביי די דרייסיק פאָטאָס, וואָס אילוסטרירן די טעטיקייט־באַריכטן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע.



# יזכור

אלהים נשמות אלה
שהומתו, שנהרגו, שנשחטו
ושנשרפו ושנטבעו ושנחנקו
על קדוש השם במשך להשנים
האחרונות שנות עמל,
מלחמות ופרעות בעבור
שאתן צדקה בעד הזכרת
נשמותיהם, ובשכר זה
תהיינה נפשותיהם צרורות
בצרור החיים עם נשמותיהם
של אברהם יצחק ויעקב,
שרה רבקה רחל ולאה
ועם שאר צדיקים וצדקניות
שבגן עדן,

ונאמר אמן.

# דער פּנקס דאַרף וועקן דעם פּליכט-באַוואוסטזיין

מיט אַ געפיל פון יראת־הכבוד, גיב איך דאָס פאָרוואָרט צו דעם הייליקן בוך, צו דעם „פּנקס גאַליציע", וואָס דער פאַרבאַנד גיט איצט אַרויס, כדי צו פייערן דעם צוואַנציקסטן אַניווערסאַר זייט זיין גרינדונג, מיט אַ פאַרהייליקונג און פאַראייביקונג פון אָנדענק נאָך אונדזערע אַלטע היימען, וועלכע די היטלער־בעסטיעס האָבן אַזוי אכזריותדיק הרוב געמאַכט.

איך ווייס און איך פיל, אַז די זכיה, וואָס איך האָב זוכה געווען, אַז בעת מיין פּרעזידענץ־פּעריאָד זאָל אונדזער אינסטיטוציע אַרויסגעבן אַזאַ וויכטיקן בוך — לייגט אויף מיר אַרויף אַ גרויסע אחריות און אַ סך פליכטן; אויך מיין קאָמיסיאָן, וואָס אַקטואירט מיט מיר צוזאַמען, ווייס זיכער אָפּצושאַצן דעם גרויסן זכות, וואָס די פייערונג פון צוואַנציק־יאָריקן יובילייַ פון אונדזער פאַרבאַנד, דורך אַרויסגעבן אַזאַ הייליקן אָנדענקבוך, איז גראָד אויסגעפאַלן אין אונדזער אַמט־פּעריאָד און מיר אַלע פילן זיכער, אַז אַזאַ זכיה פאַרפליכטעט אונדז צו וויכטיקע מעשים, אַז מיר זאָלן זיך נישט באַגניגן מיטן בלויזן פאַרהייליקן דעם אָנדענק פון דעם, וואָס איז געווען, נאָר מיר זאָלן אויך מיט פולן פליכט־באַוואוסטזיין דערפילן אונדזערע פליכטן צו די יעניקע ברידער און שוועסטער אין די אַלטע היימען, וועלכע האָבן ממש מיט נסים באַוויזן איבערצולעבן די אכזריותדיקע יאָרן פון נויט און פּיין און זיי נויטיקן זיך היינט אין אונדזער הילף.

איך דריק אויס מיין וואַרימסטע אנערקענונג צו דער פאָריקער קאָמיסיאָן, וועלכע האָט אונטערגענומען צו רעאַליזירן אַזאַ הייליקן ציל צו אַרויסגעבן אַ „פּנקס גאַליציע"; איך דריק אויס מיין האַרציקסטע אנערקענונג צו דעם עקס פּרעזידענט ה' סאַלאָמאָן קוועלער און וויצע פּרעזידענט פון פאָריקן פּעריאָד ה' אַדאָלפאָ רובעל, וועלכע זיינען געווען די ערשטע איניציאַטאָרן פאַר דעם אַרויסגעבן אַ ספּעציעלט אויסגאַבע לכבוד דעם יובילייַ און מיין ספּעציעלע אנערקענונג פאַר אונדזער מיטגליד, דעם שריפטשטעלער נחמיה צוקער, וועלכער האָט געבראַכט די אידייע, אַז די יובילייַ־אויסגאַבע זאָל זיין אַ „פּנקס", וואָס זאָל פאַראייביקן דעם אָנדענק נאָך אונדזערע אַלטע היימען. איך דריק אויך אויס מיין דאַנקבאַרקייט

און די דאַנקבאַרקייט פון מיין גאַנצער קאָמיסיאָן צו די אַלע, וועלכע האָבן געהאָלפן רעאַליזירן דעם פּלאַן און צוגעגרייט פאַר מיר און פאַר מיין קאָמיסיאָן דעם גרויסן כבוד, אַז אַזאַ וויכטיקער אָנדענקונגס־בוך זאָל דערשיינען אין אונדזער פּעריאָד.

מיט האַרציקן ציטער פאַרענדיק איך מיין וואָרט דערמיט, אַז דער „פּנקס גאַליציע", מיט וועלכן מיר פאַרהייליקן און פאַראייביקן דאָס גע וועזענע, זאָל אונדז סטימולירן צו דער דערפילונג פון אונדזערע גרויסע פליכטן פאַר דעם היינט און פאַר דער צוקונפט פון אונדזערע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער, אַז זיי זאָלן קאָנען צוריק אויפבויען זייערע חרוב־געוואָרענע היימען און צוריקבאַקומען זייער ווערט אַלס געזונטע, פרייע מענטשן און אידן.

מענדל גאָטליב

די קאָנסטיטואירטע איניציאַטיוו־גרופּע אַרויסצוגעבן דעם „פּנקס"



פון רעכטס צו לינקס: אברהם אפטאָוויציער, אַדאָלפאָ רובעל, נחמיה צוקער, סאַלאָמאָן קוועלער (אין וועמענס פרעזידענטן־פּעריאָד עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן דעם „פּנקס"), מענדל גאָטליב (אין וועמענט פרעזידענטן־פּעריאָד עס דערשיינט דער „פּנקס") און בצלאל צאָרנבערג.

# דער פנקס, א הייליקער אָנדענק-בוך

עס איז געווען אין נאָוועמבער 1944, ווען איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן גרייטן צו פאַרענדיקן מיין פעריאָד, פון פּרעזידירן אונדזער גאַליציאַנער פאַרבאַנד און די גרעסטע זאָרג פון מיר מיט מיין קאָמיסיאָן איז געווען, צו קאָנען צוגרייטן אַ קאַנדידאַטן־ליסטע פאַר דער קומענדיקער קאָמיסיאָן, וועלכע וועט דאַרפן שטיין אויף דער געהעריקער הויך פון ק א נ ע ן און מ ו ז ן דערפילן גרויסע אויפגאַבן און הייליקע פליכטן לגבי אונדזערע לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער אין די אַלטע היימען.

און נאָך אַ זאַך: איך האָב געוואוסט, אַז אין יאָר 1945, ווען עס ענדיקט זיך מיין אַמט־פעריאָד אין פאַרבאַנד, פאַלט גראָד אויס דער צוואַנציק־יאָריקער יובילייִ זייט דער גרינדונג פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין בוענאָס איירעס, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז כדי די נייע קאָמיסיאָן זאָל האָבן הינטער זיך אַ גרעסערע מיטגלידערשאַפט און הויפּטזעכלעך אַקטיווע טוער, איז נויטיק צו פּראַווען דעם יובילייִ אויף אַ פיינעם אופן און דערמיט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון פילע גאַליציאַנער אידן אין בוענאָס איירעס, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַסיוו צום פאַריין.

נאָך עטלעכע באַראַטונגען מיטן וויצע־פּרעזידענט ה׳ אַדאָלפאָ רובעל האָבן מיר באַשלאָסן איינצולאַדן אונדזער מיטגליד, דעם שריפטשטעלער נחמיה צוקער, כדי דורכצושמועסן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַרויסגעבן אַ ספּעציעלע אויסגאַבע לכבוד דעם יובילייִ.

ביי דער באַראַטונג אין דרייען, האָבן מיר זיך אָבער אַרומגעזען, אַז דאָס נאָכטון פריערדיקע ביישפּילן פון אַרויסגעבן אַן אַלמאַנאַך, וואָלט בשום אופן נישט געווען גענוג פּאַסיק פאַר דער איצטיקער שווערער צייט. מיר האָבן זיך ארומגעזען, אַז אין אַ צייט, ווען אונדזערע אַלטע היימען זיינען חרוב־ונחרב און טויזנטער און טויזנטער פון אונדזערע ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען אויף קידוש השם, איז עפּעס צו ווייניק, אַז מיר זאָלן דאָ אַרויסגעבן אַן אַלמאַנאַך, אין וועלכן עס וועט געוויינלעך באַריכטעט וועגן אייגענע טעטיקייטן.

און אַזוי איז אַרויסגעשוואומען דער געדאַנק, וועגן פייערן אונדזער יובילייִ מיט דעם אַרויסגעבן אַ ספּעציעלן אָנדענקונגס־בוך און טאַקע לויט דעם אַלט־אידישן שטייגער — אַ „פּ נ ק ס״, מיט וועלכן מיר זאָלן הייליקן דעם אָנדענק פון אונדזערע אַלטע היימען און פון אונדזערע ברי־

דער די קדושים, וואָס זיינען דאָרט אומגעקומען מיט אַלערליי מיתות אויף קידוש השם.

האָבנדיק שוין געפּאַסט אונדזער באַשלוס, האָבן מיר זיך באַראַטן מיטן פּרעזידענט פון דער לייַ־קאַסע ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד, הער מענדל גאָטליב, וועלכער האָט זיך מיט ענטוזיאַזם אָנגעשלאָסן צו דער איניציאַטיווע און באַלד האָבן זיך אויך די פאָרשטייער פון אונדזער קולטור־קאָמיסיע, די ה״ה בצלאל צאָרנבערג און אברהם אַפּטאָוויצער, אָנגעשלאָסן צו מיטאַרבעטן און ביי דער זיצונג פון דער קאָמיסיאָן, האָט די גאַנצע פאַרוואַלטונג גוטגעהייסן דעם פּלאַן.

אַזוי ווי מיר האָבן פאָרגעזען, אַז אַזא אויסגאַבע וועט פאָדערן גרויסע הוצאות, האָבן זיך אַ צאָל מיטגלידער באַלד אָפּגערופן מיט היפּשע ביי־שטייערונגען פאַר דעם צוועק און מיר האָבן איינגעלאַדן אונדזער לאַנדס־מאַן, דעם דערמאָנטן שריפטשטעלער נחמיה צוקער, ער זאָל דאָס וויכטיקע בוך רעדאַקטירן, און ער האָט זיך טאַקע באַלד ענטוזיאַסטיש גענומען צו דער אַרבעט.

און איצט, ווען דאָס וויכטיקע בוך האלט שוין ביים פאַרענדיקט ווערן, איז גרויס מיין פרייד, וואָס דער „פנקס״ האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין מיין פּעריאָד און איך דריק אויס מיין טיפע דאַנקבאַרקייט צו די אַלע פריינט, וואָס האָבן געהאָלפן צום אָנהויב פון רעאַליזירן דעם באַשלוס און מיין וואַרימסטע אנערקענונג פאַר דעם איצטיקן פּרעזידענט פון פאַר־באַנד, פריינט מענדל גאָטליב, וועלכער האָט פאָרגעזעצט מיין אָנגעהויבענע אַרבעט און איך פאַרגין אים די גרויסע זכיה, וואָס ער האָט זוכה געווען, אַז אין זיין פּעריאָד זאָל דער פאַרבאַנד פייערן דעם צוואַנציק־יאָריקן יובליי מיטן אַרויסגעבן אַזאַ הייליקן אָנדענקונגס־בוך נאָך אונד־זערע אַלטע היימען, ווי עס איז דער „פנקס גאַליציע״.

סאַלאָמאָן קוועלער

# צום אייביקן אנדענק

אין דער צייט, ווען דער פרעזידיום פון אונדזער פארבאנד אין פאריקן פעריאד, האט אנגעהויבן טראכטן וועגן צוגרייטונגען צו דער פייערונג פון צוואנציק־יאריקן יובילײ זייט דער גרינדונג פון פארבאנד, זיינען שוין אנגעקומען פון אייראפע ברייטערע ידיעות. ידיעות, וואס א טייל פון זיי האבן געשילדערט די מעכטיקע אוואנסן פון די אליאירטע ארמייען, וועלכע טרייבן די בעסטיאלישע נאצי־מערדער צוריק אין זייערע נארעס, וואו זיי האבן אויסגעפלאנט די גרויסע וועלט־שריפה. די ידיעות האבן אונדז געפרייט און מיר האבן אין זיי געזען די דערנענטערונג פון וויסטן סוף פאר אונדזערע בלוטיקסטע שונאים פון אלע צייטן.

און דאך, איז די פרייד בלויז געווען א טיילווייזע, ווייל צו גלייכער צייט, זיינען אויך געקומען ידיעות, איינע שוידערלעכער פון דער אנדערער, וועגן די מאסן־הריגות, וואס די נאצים פירן דורך קעגן אידן אויף די אלע טעריטאריעס, פון וועלכע זיי מוזן זיך צוריקציען, געיאגטע פון די העלדישע אליאירטע קעמפער.

אין דער צייט, האט מען שוין אויך באקומען גענויע באריכטן וועגן די חרוב געווארענע אלטע היימען און מען האט שוין געוואוסט, אז פון די הונדערטער שטעט און שטעטלעך אין גאליציע, וואו אידן האבן געלעבט זייט הונדערטער יארן, איז צום גרויסן רוב אפילו קיין זכר נישט געבליבן, נישט פון די אידן, וועלכע זיינען דערשטיקט געווארן אין די גאז־קאמערן און נישט פון די שטעט און שטעטלעך, וועלכע די נאצי־בעסטיעס האבן פשוט אפגעווישט פון דער ערד.

און אזוי איז ביי עטלעכע פערזאן פון פארבאנד אויפגעשוואומען דער געדאנק, אז עס וואלט כדאי געווען צוזאמענצונעמען ביי אונדזערע לאנדסלייט פון פארשידענע שטעט און שטעטלעך די זכרונות פון זייערע אלטע היימען, און זיי פאראייביקן אין דער אלט־אידישער פארם — אין א פנקס.

אונדזערע לאנדסלייט אין ארגענטינע, אומאפהענגיק פון דער צייט ווי לאנג זיי וואוינען שוין דא, אויף ארגענטינער ערד, און אויך אן אונטערשייד פון זייערע מאטעריעלע פאזיציעס, האבן קיינמאל נישט פארגעסן זייערע אלטע היימען און אויפן ערשטע רוף פון די איניציאטארן וועגן ארויסגעבן אזא פנקס, זיינען פון א סך, א סך לאנדסלייט באלד אנגעקומען די ווארימסטע אפרופן.

די אַרבעט פון זאַמלען און רעדאַקטירן די מאַטעריאַלן, איז זיכער נישט געווען קיין לייכטע און, זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז נחמיה צוקער, אַלס רעדאַקטאָר, האָט נישט געאַרבעט בלויז אַלס פּראָפעסיאָנאַל, נאָר ווי אַן ענטוזיאַסט, וואָס גיט צו האַרץ און נשמה און ער האָט געצערטלט יעדן נייעם בויגן פון „פנקס", וואָס איז אַרויס פון דרוק.

זאָל דער „פנקס גאַליציע", מיט די פאַרשידענע זכרונות דינען אַלס אייביקער אָנדענק נאָך די אַלטע היימען און נאָך די הונדערטער טויזנטער אידישע ברידער און שוועסטער, וואָס זיינען פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט, אָדער זיינען געפאַלן אויף קידוש השם אין קאַמף קעגן די בעסטיעס און אין דער זעלבער צייט זאָל דאָס בוך דינען אַלס סימבאָל פאַר דער אומשטערבלעכקייט פון אידישן פאָלק און אונדז מוטיקן צום ווייטערדיקן לעבן און אויסדויער, ביז עס וועט קומען די אמתע אויסלייזונג פאַר אַלע פעלקער און אויך פאַר אונדזער שוין גענוג געפייניקט פאָלק!

א. רובעל

# אַמאָל איז געווען...

ווען איך האָב אָנגענומען די איינלאַדונג צו רעדאַגירן דעם „פּנקס גאַליציע״, האָב איך געוואוסט, אַז איך נעם אונטער אַ זייער שווערע אַרבעט, וואָס לייגט אויף מיר אַרויף אַ גרויסע אחריות.

עס איז אמת, אַז די איניציאַטאָרן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד, די הערן סאַלאָמאָן קוועלער, מענדל גאָטליב און אַדאָלפאָ רובעל, וועלכע האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דעם „פּנקס״, האָבן מיר געגעבן אַ פרייע האַנט צו ווערבירן מיטאַרבעטונגען פון אונדזערע היגע אידישע שרייבער, וועלכע שטאַמען פון גאַליציע און איך האָב געוואוסט, אַז דאָס אידישע לעבן אין גאַליציע איז געווען אַזוי בונט־פאַרביק און עס האָט איבערגעלאָזן אין אונדז אַזוי פיל איינדרוקן, וואָס קאָנען קיינמאָל נישט פאַרווישט ווערן פון זכרון און אַז יעדער פון די שרייבער, וואָלט געקאָנט אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך וועגן יעדער שטאָט אָדער שטעטל פון וואַנען ער שטאַמט.

אָבער די אויפגאַבע איז דאָך דאָ נישט געווען צו דרוקן אַ בוך פון אַ יחיד, נאָר צו זאַמלען מאַטעריאַלן סיי פון שרייבער און נאָך מער — פון סתם לאַנדסלייט, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע געגנטן אין גאַליציע, כדי זיי צו באַאַרבעטן אַזוי, אַז דער „פּנקס״ זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אַ מין ר ע ק אָ נ ס ט ר ו ק צ י ע פון די אַלע געשילדערטע שטעט און שטעטלעך, מיט זייער אייגנאַרטיקן אידישן לעבנס־שטייגער, וואָס די באַרבאַרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן כמעט ווי אָפּגעמעקט פון דער ערד.

די עצם אידייע וועגן דער שיינקייט און וויכטיקייט פון פאַראייביקן די לעבנס־אַרט פון אַ מיליאָניקער אידישער מאַסע, פון וועלכער נייַנציק פּראָצענט איז אומגעבראַכט געוואָרן; און סענטימענטן צו דער אַלטער היים, וואו אונדזער וויגעלעך זיינען געשטאַנען, האָבן מיך געמוטיקט און געשטויסן אונטערצונעמען די גרויסע אָנשטרענגונג און איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

כדי צו אילוסטרירן דעם פאַקט וועגן דער שווערקייט פון דער אונטערגענומענער אַרבעט, וועט גענוג זיין צו דערמאָנען, אַז אַלס לאָגישן פועל־יוצא, האָבן כמעט אַלע לאַנדסלייט אין זייערע מיטאַרבעטונגען געוואָלט באַוויינען דעם אומקום פון זייערע אַלטע היימען; אַ זאַך, וואָס דערצו זיינען מער באַרעכטיקט אונדזערע געשטראָפטע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, וועלכע האָבן מ י ט ג ע מ אַ כ ט און איבער־

געלעבט דעם גרויסן חורבן — בעת מיר האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שילדערן זכרונות פון די אַלטע היימען אין צייטן פון פ אַ ר דעם גרויסן בראָך.

איז טאַקע נויטיק געווען אָפּצולענקען די אַקטועלע פּאַרוויטיקטע סענטימענטן און אויפוועקן די זכרונות פון פריער, פון פ אַ ר דעם גרויסן וועלט־אומגליק פון די לעצטע יאָרן און אַפילו פון פאַר דעם אומגליק פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אידן אין גאַליציע האָבן אונטער עסטרייכס ממשלה געלעבט רואיק און געקאָנט פריי אָפּהיטן און אַנטוויקלען זייער אייגענעם אידישן לעבנס־שטייגער.

פונדעסטוועגן, ווי גרויס עס זיינען נישט געווען די באַמיאונגען, האָבן דאָ און דאָרט זיך געמוזט לאָזן הערן די ווייטיקלעכע אויסרופן: — און וואָס איז פון דעם אַלעם געוואָרן? ... איז נאָך עפּעס געבליבן? ... און — לעבט נאָך ווער?...

איך האָב מיטגעפילט די האַרץ־צאַפּלענישן פון יעדן מיטאַרבעטער, בעת ער האָט געשילדערט די זכרונות פון זיין אַלטער היים און מיט אייפער האָב איך נאָכגעזוכט און געפאָרשט וואו און ביי וועמען מען קאָן באַקומען בילדער, פאָטאָס און צייכענונגען פון אַמאָליקן אידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציע און וואָס מער איך בין אַריין אין דער אַרבעט, אַלץ ליבער און היילִיקער איז זי מיר געוואָרן.

וויל איך דאָ אויסדריקן מיין דאַנק און אָנערקענונג פאַר די איניציאַטאָרן, וועלכע האָבן מיר געשענקט דעם צוטרוי און צוגעטיילט מיר דעם גרויסן כבוד מיטן איבערגעבן מיר אַזאַ הייליקע אַרבעט.

איך וויל דאָ אויך אויסדריקן מיין גרויסן דאַנק צו די קאָלעגן פראָפעסיאָנאַלן, וועמענס ווערטפולע מיטאַרבעטונגען פאַרנעמען דעם ערשטן טייל פון „פנקס" און מיין דאַנק אויך פאַר די לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך אין צייט אָפּגערופן מיט זייערע זכרונות, אַדאַנק וועלכע זייערע געבורט־שטעט זיינען פאַראייביקט געוואָרן אין „פנקס".

אַ גאָר באַזונדערן דאַנק דאַרף אויסגעדריקט ווערן דעם לאַנדסמאַן ה' אברהם לאַקס, וועלכער האָט צוגעשטעלט פאַרן „פנקס" זיין רייכע קאָלעקציע פון געזאַמלטע בילדער און קונסט־צייכענונגען פון אידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציע, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ ווערטפולן ביישטייער פאַרן אינהאַלט פון „פנקס".

און איצט, ווען דער „פנקס" איז שוין פאַרטיק, גיב איך אים מיט יראת הכבוד איבער אויף די הענט פון די איניציאַטאָרן און פון דער קאָמיסיאָן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד, לכבוד דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילייזייט זיין גרינדונג און אויף וויפיל איך האָב דערפילט מיט מיינע אונטערגענומענע פליכטן, דאָס זאָלן אַנדערע אָפּשאַצן.

נ. צ.

# גאַליציע

## גאַליציע און לאָדאָמעריע

די באַצייכענונג „גאַליציען" האָט זיך אָנגעהויבן ווען די גרויסע פירשטנטומס פון האַליטש און וולאַדימיר, זיינען געוואָרן אַנעקסירט דורך עסטרייך בעת דער צעטיילונג פון פוילן אין 1772 און 1795. אין משך פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און דער רעוואָלוציע פון 1848 זיינען פאַרשידענע געביטן געוואָרן צוגעגעבן צו גאַליציע. אין אָקטאָבער 1918 האָבן די פּאָליאַקן געפאָדערט פאַר זיך ג אַ נ ץ גאַליציע בעת די אוקראַאינער האָבן געשאַפן זייער אייגענע רעגירונג און מזרח־גאַליציע און שפּעטער עס געפאָדערט פאַר דער אוקראַאינישער רעפּובליק. אין 1923 האָט אַן אַמבאַסאַדאָרן־ראַט אָנערקענט די געגנט אַלס אַ טייל פון פוילן. אין 1939, אַלס רעזולטאַט פון דער נאַצי־סאָוועטישער צעטיילונג פון פוילן, איז מערב־גאַליציע איבערגעגאַנגען צום גענעראַל גוּווערנאַמענט, בעת דער מזרח־טייל איז איינגעגלידערט געוואָרן אין די אוקראַאינישע סאָציאַליסטיש־סאָוועטישע רעפּובליק. אַלס רעזולטאַט זיינען 550.000 אידן געוואָרן סאָוויעטישע בירגער.

## די באַפעלקערונג

צוליב די פעלערהאַפטע עסטרייכישע צענז־מעטאָדן און נאָכמער צוליב דעם ווידערווילן פון דער באַפעלקערונג צו פאָלקס־ציילונגען, זיינען די פריערדיקע ציפערן געווען אומפּינקטלעך. דער צענז פון 1776 האָט אָנגעגעבן 148.598 אידן, פון 1784 — 184.448 און פון 1785 — 212.000. לויט די שפּעטערדיקע מער פּינקטלעכע ציילונגען האָט די צאָל אידן באַטראָפן אין 1869, 575.918, אָדער 10 % פון דער גאַנצער באַפעלקערונג; אין 1900 — 811.382, אין 1921 — 740.323 און אין 1931 — 789.800, וואָס מאַכט אויס 9,12 %. די אידן זיינען געווען מער קאָנצענטרירט אין די אוקראַאינישע געגנטן, וואו זיי האָבן אויסגעמאַכט 12,3 % פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, בעת אין דער פּוילישער טייל האָבן זיי בלויז אויסגעמאַכט 7,9 %. די אידן האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע טענדענץ צו אורבאַניזאַציע. אין 1910 האָבן 33,8 % אידן געוואוינט אין די גרויסע און אויטאָנאָמע שטעט; 29,3 % אין די קלענערע שטעט און 36,9 % אין די דערפער. די גרעסטע קהילות זיינען געווען: לעמבערג מיט 57.387 אידן (27,8 %) קראַקע מיט 32.321 אידן (21,3 %) און טאַרנאָוו מיט 15.108 אידן (41,2 %). זייט 1881 וואַקסט שטאַרק אויס די אידישע עמיגראַציע און באַטרעפט (פון 1881 ביז 1890) 36.600 אידן, אָדער 59,7 % פון דער גאַנצער עמיגראַציע. צווישן 1891 און 1900 האָט זייער צאָל באַטראָפן 114.000 (37,6 %) און צווישן 1901 און 1910 —

85.844. אַ טייל האָט עמיגרירט קיין עסטרייך, ספּעציעל ווין, אָבער די גרעסטע טייל מעבר־לים. צוזאַמען מיט דער אידישער עמיגראַציע איז געוואַקסן דער פּוילישער כאַראַקטער פון די שטעט.

## געשיכטע

דאָס איינגלידערן אַ גרויסע צאָל אידן אין עסטרייך האָט פאַר דער רעגירונג געבראַכט אַן ערנסט פּראָבלעם, ווי אַזוי אַריינצופּאַסן די אידישע קהילות אין דער עסטרייכישער געזעצגעבונג.

מאַריאַ טערעזאַ און אירע ראַטגעבער האָבן געקוקט מיט שנאה אויף די אידן, ווייל זיי האָבן געשאַפן שטערונגען פאַר דער ביוראָקראַטישער צענטראַליזאַציע פון לאַנד. אין 1776 האָט די קייזערין געמאַכט אַ פּרואוו פון אַ יורידישער לייזונג, דעקרעטירנדיק די אַזוי גערופענע „גאַליצישע יידענאָרדנונג דער קייזערין מאַריאַ טערעזאַ", לויט וועלכער ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער סיסטעם פון קהילה־אויטאָנאָמיע, איינגעטיילט אין זעקס דיסטריקטן און אָנגעפירט דורך די ראשי הקהילה. זיי, צוזאַמען מיט זעקס „לאַנדעסעלטסטע", האָבן אונטער דעם פאָרזיץ פון הויפּט־רב געשאַפן די „גענעראַל־דירעקציע" אָדער הויפּט־אָנפירערשאַפט איבערן אידישן לעבן. די איינגעפירטע ספּעציעלע אידן־שטייערן זיינען געוואָרן שאַרפער, ווי אונטערן פּוילישן רעזשים. אַזעלכע זיינען געווען די אָפּצאָלן פאַר בויען שולן, פאַר דערלויבענישן צו האַנדלען, אָדער אַרבעטן און אויך חתונה צו האָבן. גרויסע שוועריקייטן זיינען אַנטשטאַנען ווען מ'האָט פאַרבאָטן אידישע באַלמעלאָכעס צו אַרבעטן פאַר קריסטלעכע קאָנסומענטן, אויב נאָר קריסטן זיינען געווען באַשעפטיקט ביים זעלבן פאַך. די מאַכט פון די רבנים צו לייגן אין חרם אַריין איז געוואָרן קאָנטראָלירט און אויסגענוצט פון דער רעגירונג. אידישע אימיגראַציע איז געוואָרן דערלויבט בלויז פאַר רייכע און זיי האָבן געמוזט אָפּגעבן צען פּראָצענט פון זייער קאַפּיטאַל.

די אידן־אונטערדריקונג איז אויך געוואָרן פאַרגעזעצט אונטער דעם אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם פון קייזער יאָזעף דעם צווייטן. זיינע פּרואוון צו רעפאָרמירן דאָס אידישע לעבן האָבן געבראַכט מער שלעכטס, ווי גוטס. דער ציל איז געווען אויסצונוצן די אידן אַלס גערמאַניזאַציע־עלעמענט, וואָס וואָלט אָפּשוואַכן דעם פּוילישן איינפלוס. געזעצן פון 1784 און 85 האָבן פאַרבאָטן אידן צו האַלטן קרעטשמעס און אַרענדירן גיטער, וואָס האָט זיי געצוואונגען צו קאָנצענטרירן זיך אין די שטעט. עס זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן געזעצן, וואָס האָבן געמאַכט געוויסע פאַרלייכטערונגען, ווי דאָס דערלויבן אידישע דאָקטוירים צו היילן קריסטן און דאָס צולאָזן זיי צו אַלע בילדונגס־אַנשטאַלטן. די גזרה אויף אידישע באַלמעלאָכעס איז געוואָרן אָפּגעשאַפט אין 1784; אין 1785 איז געוואָרן אָפּגעשאַפט די „גענעראַל־דירעקציע" און די רבנישע ציווילע געזעצן. דריי יאָר שפּעטער איז איינגעפירט געוואָרן מיליטער־דינסט פאַר אידן און מען האָט זיי אויך באַפוילן אָנצונעמען פאַמיליען־נעמען, וואָס איז געוואָרן אַ הכנסה־קוואַל פאַר די „קרייזהאַופּטמאַנשאַפטן", ווען עמיץ האָט געוואָלט אַ שיין קלינגענדיקן נאָמען. דעם 7־טן מאַי 1789 האָט קייזער יאָזעף דער צווייטער אַרויסגעגעבן זיין „יידענאָרדנונג", וואָס האָט געצילט אָפּצושאַפן די לעגאַלע אונטערשיידן צווישן אידן און ניט־אידן און צוליב וואָס מ'האָט אַ סוף געמאַכט צו דער קהילה־אויטאָנאָמיע און דער רבנישער געזעצגעבונג. עס זיינען בלויז געבליבן 141 לעגאַל־אָנערקענטע קהילות אין גאַנץ גאַליציע און 2 אין בוקאָווינע. ס'זיי־

נען אויך ווייטער דערלויבט געווען די אַמטן פון „קרייז־ראַבינער“ אין 18 גרעסערע שטעט.

כדי צוצוגרייטן די אידן פאַר זייער ראָל אַלס גערמאַניזאַטאָרס האָט יאָזעף דער צווייטער זיך באַנוצט מיט אידישע „קולטור־טרעגער“, אָדער אָנהענגער פון דער השכלה. צווישן די דאָזיקע משכילים איז געווען הערץ האָמבערג, אַ תלמיד פון משה מענדעלסאָן, וואָס איז אין 1787 באַשטימט געוואָרן אַלס גענעראַל־אינספּעקטאָר פון אַ נייעם סיסטעם דייטש־אידישע, אָדער אידיש־דייטשע שולן מיטן הויפּט־צענטער אין לעמבערג. די אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט פון „אָסטגאַליצישן יודענקאָנצעס“, האָט איינגעשלאָסן דריי קאַטעגאָריעס: פאָלקס־שול, נאָרמאַל און הויכשול. צוליב דער אידיש־טראַדיציאָנעלער קעגנערשאַפט צום נייעם לערן־סיסטעם, האָט האָמבערג געמאַכט אַ פאַרזוך צו שליסן די חדרים און ישיבות; דאָס האָט בלויז פאַרשטאַרקט די שנאה פון די אידן צו דער השכלה. ניט קוקנדיק דערויף זיינען אין 1800-1801 געווען 107 פון די דאָזיקע שולן מיט העכער 4.000 שילער.

פונדעסטוועגן זיינען אונטער דער ממשלה פון יאָזעף דעם צווייטן ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן אַלע באַגרענעצונגען קעגן אידן און אויך די טאַקסע אויף כשר פלייש און אַנדערע אידישע אָפּצאָלן זיינען נאָך ווייטער געבליבן.

## די הערשאַפט פון דער רעאַקציע

אויך לעאָפּאָלד דער צווייטער (1790-1792) האָט פאָרגעזעצט די זעלבע פּאָליטיק מיטן בלויזן אויסנאַם, וואָס ער האָט פאַרבאָטן די אידישע פליכט צו דינען ביים מיליטער פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל. די ווייטערדיקע רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פון פראַנץ דעם צווייטן (1792-1835) און פון פערדינאַנד דעם ערשטן (1835-1848) האָבן אָפּגעהאַלטן דעם פּראָגרעס פון דער אידישער עמאַנציפּאַציע.

כאָטש די דייטש־אידישע שולן זיינען אין 1806 געוואָרן אָפּגעשאַפט, ווי אַ קאָנצעסיע דער קאַטוילישער קירך, איז די גערמאַניזאַציע ווייטער געוואָרן פאָרגעזעצט. אין זעלבן יאָר איז דעקרעטירט געוואָרן, אַז אַלע אויסגעוויילטע פונקציאָנערן פון די גרויסע אידישע קהילות מוזן זיך קענען פאַרשטענדיקן אין דייטש און ס'ווערן אויך אָנערקענט פאַר ווערטלאָז אַלע פאַרצייכנטע חובות אין העברעאיש און אידיש. אַן אַנדערער דעקרעט האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע אידישע פאָרלעך מוזן ביילייגן אַן עקזאַמען פון דייטש פאַר זייער חתונה, לויטן פאַרפליכטנדן טעקסטבוך „בני ציון“ געשריבן אין דייטש פון הערץ האָמבערג אין 1812. דער אַמווייטגייענדסטער שריט צו גערמאַניזאַציע איז געווען דער דעקרעט פון 22־טן יאַנואַר 1820, וואָס האָט פאַראָרדנט אַז אַלע גאָטעסדינסטן אין דער שיל מוזן אָפּגעהאַלטן ווערן אין דייטש, אָדער אין איינער פון די לאַנדס־שפּראַכן.

דאָס רעכט פון דער רעגירונג זיך אַריינצומישן אין אידישע קהילה־ענינים איז געוואָרן אָנגעוויזן אין אַ באַפעל פון 1812, וואָס האָט פאַרבאָטן מאַכן זאַמלונגען פאַר אָרימע אין פּאַלעסטינע. אַ רעגירונגס־דעקרעט פון 1836 האָט פאַראָרדנט, אַז נאָך אַ טערמין פון 10 יאָר וועט ניט קענען אויפגענומען ווערן אַ רב, וואָס האָט ניט דורכגעמאַכט קיין אַקאַדעמישן קורס. אָנצוהערעניש אַז די אידן זאָלן פאַרלאָזן זייער טראַדיציאָנעלן לעבנס־אופן זיינען כסדר געמאַכט געוואָרן פון דער רעגירונג. דאָס געזעץ פון 24־טן מערץ 1841 האָט דערלויבט אידן, וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן זייער

טראַדיציאָנעלע קליידונג און דורכגעמאַכט אַן עלעמענטאַרע בילדונג, צו וואוינען אין דערפער און זיך באַשעפטיקן מיט בראָנפן־האַנדל.

דער טאַקסע־סיסטעם אויף פלייש האָט זיך אַזוי שווער געלייגט צו לאַסט, ביז פלייש איז געוואָרן אַ לוקסוס־אַרטיקל פאַר אָרימע אידן. נאָך מער אומדערטרעגלעך איז געוועזן דער ליכט־אָפּצאָל, איינגעפירט אין 1797, וואָס האָט באַשטייערט טאַקסעס אויף שבתים, יאָרצייט און חנוכה־ליכט, און אַפילו אויף ליכט צו חתונות און פאַר באַנוצן זיי אין שיל. אידן זיינען געווען געצוואונגען דורך די טאַקסע־אויפמאָנער צו צאָלן דעם אָפּצאָל, אַלצאיינס צי זיי האָבן יאָ, אָדער ניט אָנגעצונדן ליכט.

עקאָנאָמישע באַגרענעצונגען קעגן אידן האַלטן כסדר אָן. דער פאַרבאָט פאַר אידן פון 1802 צו פאַרנעמען זיך מיט מעדיצין און אַפּטייקעריי אין אַ טייל פון גאַליציע, איז אין 1829 געוואָרן אויסגעברייטערט אויף דער גאַנצער פּראָווינץ. אידן איז געווען פאַרבאָטן צו פאַרקויפן קריסטלעכע הייליקע זאַכן און בילדער. בכלל האָבן די באַגרענעצונגען אָנגעהאַלטן ביז 1848, מיט אויסנאַם פון חתונה־באַגרענעצונגען וואָס זיינען געוואָרן אָפּגעשאַפט אין לעמבערג אין 1846.

## חסידיזם

די גרעסטע קאַמפן קעגן דער רעגירונגס־פּאָליטיק לגבי אידן האָבן געפירט די חסידים. די צדיקים, דער רבי אלימלך פון לעזשענסק, יעקב יצחק האָראָוויץ פון לאַנקוט (שפּעטער לובלין) און אַנדערע האָבן איינגעשטעלט טיף־פאַרוואָרצלטע רבנישע דינאַסטיעס. די חסידישע באַוועגונג האָט זיך גיך צעוואַקסן און אין דער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן די חסידים שוין געהאַט די אויבערהאַנט איבער די מתנגדים. אין זייער קאַמף קעגן דער רעגירונג האָבן די חסידים געשאַפן געהיימע מנינים, כדי ניט צו דאַווענען אין שיל און ניט צאָלן דעם שיל־אָפּצאָל; זיי האָבן דורכגעפירט געהיימע חתונות און האָבן געלייגט אַ חרם אויף די בעלי־טאַקסע.

די רעגירונג האָט אין אָנפאַנג געזוכט צו געווינען די חסידים דורך אויפקלערונג, האַנדלדיק אַלס אַרויסהעלפער די משכילים. ס'זיינען אָבער אויך אָנגענומען געוואָרן גאַנץ דראַסטישע מיטלען, ספּעציעל בעת דער הערשאַפט פון דער רעאַקציע. דער אַקטיווסטער פון די משכילים, וואָס האָט אַמשאַרפסטן באַקעמפט דעם חסידיזם, איז געווען הערץ האָמבערג און יוסף פּערל, דער מחבר פון אַ בוך קעגן חסידיזם. אַדאַנק זייער שטרענגן קאָנטראָל האָט מען ניט געקענט אָפּשיקן קיין געלט קיין ארץ ישראל, ניט אַריינשמוגלען קיין חסידישע ספרים און ניט דאַווענען אין געהיימע מנינים. פאַר אַזעלכע הטאים זיינען די חסידים געוואָרן אַרעסטירט און באַשטראָפט. די גרעסטע כוואַליע פאַרפאָלגונגען זיינען געווען אין די יאָרן 1818-1817 און 1826 ביז 1827 און האָבן זיך אויך אויסגעשפּרייט אויף אידישע ספרים. הערץ האָמבערג, וואָס איז געווען אידישער צענזאָר (פון 1787) ביי דער רעגירונג, האָט באַגרענעצט אָדער, אינגאַנצן פאַרבאָטן דאָס פאַרעפנטלעכן פון העברעאישע רעליגיעזע ספרים. אין 1802 האָט אַ קייזערלעכער דעקרעט פאַרבאָטן צו אימפּאָרטירן רעליגיעזע ביכער, אַזוי גוט אין העברעאיש, ווי אין אידיש און אין 1819 איז זיי אויך פאַרבאָטן געוואָרן צו דרוקן אין לאַנד. די גזרה איז ערשט אָפּגעשאַפט געוואָרן אין 1848, אָבער אין 1853 האָט מען זי צוריק איינגעפירט, כדי זי שוין ענדגילטיק אַראָפּנעמען אין 1861.

## דאָס יאָר 1848

די רעוואָלוציע פון 1848 האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם פּעריאָד אין דער געשיכטע פון גאַליציש אידנטום. אין דער רעוואָלוציע האָבן אידן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט פּאָליאַקן און צוזאַמען מיט זיי האָבן אידן אויך זיך באַטייליקט אין דעפּוטאַציעס צום עסטרייכישן קייזער, פאָדערנדיק נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר גאַליציע. ווען דאָס איז דערגרייכט געוואָרן זיינען אידן געוואָרן מיטגלידער פון פּוילישן נאַציאָנאַלן ראַט און אַ סך יונגעלייט זיינען געוואָרן אָפיצירן. אין קראָקע און לעמבערג זיינען געשאַפן געוואָרן באַזונדערע קאָמפּאַניעס פון אידישע זעלנער און אַפילו צו די שטאָטראַטן און דעם עסטרייכישן פּאַרלאַמענט זיינען דערוויילט געוואָרן אידישע פאַרטרעטער, ווי רבי בער מייזעלס, פאָרשטייער פון די קראָקעווער אידן. משכילים זיינען געוואָרן פּוילישע פּאַטריאָטן און די פּאָלאָניזאַציע פון אידן האָט געמאַכט גרויסע פאָרשריט. אָבער די חסידים זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייערע שאַרפע אַטאַקעס קעגן דער השכלה און קעגן דעם פּראָגרעסיוון לעמבערגער קרייז־ראַבינער אברהם קאָן, וועמען זיי האָבן צום סוף אַראָפּגערוימט פון וועג, פאַרסמענדיק אים און זיין הויזגעזינט אין יאָר 1848. די ענטוזיאַסטישע פּויליש־אידישע פריינטשאַפט פון אָנהויב רעוואָלוציע איז גיך פאַרשוואונדן און די גרעסטע טייל פּאָליאַקן איז מער ניט געווען געניגט צו אָנערקענען גלייכהייט אויך פאַר די אידן. דער אַנטיסעמיטיזם הויבט אָן צו שפּילן אַלץ אַ שטאַרקערע ראָלע ביי די וואַלן צו די שטאָטישע און לאַנד־אינסטיטוציעס.

## די נייע רעאַקציע

מיטן ווידעראויפשטייג פון דער רעאַקציע אין עסטרייך, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין אָפּשאַפן אין 1851 די ליבעראַלע קאָנסטיטוציע פון 1848, האָבן די גאַליציאַנער אידן אָנגעוואָרן זייערע ערשט־דעראָבערטע רעכטן. אַלע פריערדיקע באַגרענעצונגען, מיטן אויסנאַם פון קאָפּ־אָפּצאָל, זיינען צוריק געוואָרן איינגעפירט. די פריער באַשטימטע אידישע אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן אין לעמבערג זיינען געצוואונגען געוואָרן זיך אָנגעבן אין דימיסיע. באַגרענעצונגען אין וואוינרעכט און אין האַנדל זיינען צוריק איינגעפירט געוואָרן אין לעמבערג און אין סאַמבאָר און אויך די אַלטע געטאָ־באַגרענעצונגען זיינען אויפגעפרישט געוואָרן אין טאַרנאָוו אין 1859. ווידער האָבן די מוניציפּאַלע סטאַטוטן געמאַכט רעכטלאָז די אידן און נאָך אין 1853 איז אין גאַנץ עסטרייך צוריק פאַרבאָטן געוואָרן אידן צו קויפן ערד; די דאָזיקע באַגרענעצונג האָט פאַר גאַליציע אָנגעהאַלטן ביז 1867. צוזאַמען מיט דער רעאַקציע פון דרויסן האָט אויך געזיגט דער חסידיזם אינערהאַלב דעם אידישן לעבן. רבי בער מייזעלס האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן אין קראָקע און אויף זיין אָרט איז געקומען דער אולטראַ־אָרטאָדאָקס רבי שמעון שרייבער. די נייע חסידישע דינאַסטיעס פון ניי סאַנדז (די האַלבערשטאַמס), פון בעלז (די רוקחס), פון סאַדאַגורע, טשאָרטקאָוו און הוסיאַטין (אַלע פרידמאַנס פון ר' ישראלטשע ריזשינערס גזע) האָבן אַרומגענומען אַלץ מער קהילות.

## די עמאַנציפּאַציע

דער רעאַקציע־פּעריאָד האָט אָנגעהאַלטן ביז 1859, ווען דער מיניסטער גאָלוכאָווסקי

האט דערלויבט אידן זיך באזעצן אויף ערד, האט אויך אפגעשאפט די חתונה־באגרענעצונגען, דערלויבט די אידן זיך באשעפטיקן אין אלע פאכן (אדאנק דעם אפשאפן די צעכן) און וואוינען אומעטום, א חוץ איניקע דיסטריקטן פון קראקע און לעמבערג. א קייזערלעכע פאראָרדנונג פון 1860 האט געגעבן די אידן, וואס האבן געענדיקט אויף אדוואקאטן, אדער דורכגעמאכט מיטל־און האנדלס־שולן, דאס רעכט אויף לאנד־באזיץ. אין זעלבן יאר האבן אידן באקומען רעכט צו ווילן און ווערן דערוויילט צום לאנדטאג פון גאליציע און ביי די ערשטע וואלן אין 1861 האבן די אידן באקומען 4 פלעצער.

ענדגילטיק זיינען אפגעשאפט געווארן אלע באגרענעצונגען קעגן אידן דורך דער עסטרייכישער קאנסטיטוציע פון 21־טן דעצעמבער 1867. די פויליש־קאנסערוואטיווע פארטייען און די רוטענער דעפוטאטן האבן, בעת די דעבאטן אין גאליצישן סיים (אין די יארן 1865, 66 און 68), זיך קעגנגעשטעלט די באמיאונגען פון דער עסטרייכישער רעגירונג פולשטענדיק אויסצוגלייכן די אידן אין די רעכט. ס'האבן זיך אבער אויך געפונען פאליאקן (פראנצישעק סמאלקא און סטאניסלאוו טארנאווסקי), וואס האבן געקעמפט פאר אידישע גלייכהייט.

פונדעסטוועגן האט דער קאמף פאר אידישער עמאנציפאציע זיך נאך ניט פארענדיקט מיט דער קאנסטיטוציע פון 1867, ווייל אין א סך פאלן האבן אידנפיינטלעכע לאקאלע פאראָרדנונגען גורם געווען, אז דאס געזעץ זאל בלייבן א טויטער אות. אין גאליצישן סיים האט דער דעפוטאט טעאפיל מערונאוויטש צוויי מאל געמאכט אפיציעלע פארשלאגן (אין 1880 און 1881) צו באגרענעצן די אידישע רעכט. ער האט געפאָדערט צו באגרענעצן די קהילה־רעכט און די שטארק־פארפוילישטע אידישע דעפוטאטן האבן אפילו ניט פראטעסטירט. פונקט ווי אין אנדערע פראווינצן האט מען זיך אויך אין גאליציע באנוצט מיט העץ־פאסקווילן, כדי אויפצוואוועקן דעם אנטיסעמיטיזם.

אין קאמף צווישן די אוקראאינער און פאליאקן האט די פוילישע פאלקס־פארטיי פון אולטרא־נאציאנאליסטן און קאטאליקן אנגענומען אן אפן־פיינטלעכע שטעלונג צו אידן און אוקראאינער. עס זיינען געשאפן געווארן קאאפעראטיווע געזעלשאפטן, כדי אנצוגיין מיט אן אנטי־אידישן באיקאט און דער קאטוילישער צוזאמענפאר אין קראקע פון ערד־באזיצער און גלחים אין יאר 1893 האט פראקלאמירט דעם „קריסטלעכן" באיקאט, ווי א ריכטיקן אויסדרוק פון פויליש־קאטוילישן פאטריאטיזם. די וואלן צום רייכסראט זיינען געווארן אויסגענוצט צו טרייבן אנטיסעמיטישע העצע, און אין 1898 האט דער קאנדידאט פון דער פוילישער פאלקס־פארטיי, דער יעזואיטישער גלח סטאיאלאווסקי, אייניקע מאל ארגאניזירט פאגראמען אין סאנאקער דיסטריקט (קרייז).

## די השכלה

די השכלה איז אריינגעדרינגען אין גאליציע אין אנפאנג 19־טן יארהונדערט. אין איר ערשטער אנטוויקלונגס־שטופע האט זי גרופירט א קליין הייפל משכילים, וואס האבן זיך אפגעגעבן מיט ביבלישע און תלמודישע פארשונגען. אין דער צווייטער שטופע זיינען זיי געווען אונטער דער ווירקונג פון גערמאניזאציע און אין דער דריטער -- פון פאלאניזאציע. צולעצט האט אבער געזיגט איבער אלעם דער ציוניזם, וואס האט מיט זיך געבראכט אן אויסערגעוויינלעכן וואוקס פון דער מאדערנער העברעאישער ליטעראטור. די אנפירנדיקע משכילים זיינען געווען: סאלאמאן בובער,

יצחק ערטער, ראובן פאהן, שלום קאהן, יוסף קאבאק, נחמן קראכמאל, מאיר לעטעריס, יצחק מיזעס, יוסף פערל, שלמה לייב ראפאפארט, אברהם ה. שאר און יוסף כהן צדק.

## פאלאניזאציע

אין די זעכציקער יארן, אלס רעזולטאט פון קאמף פאר אויטאנאמיע אין גאליציע און צוליב דער איבערוועגנדער ראל פון די פאליאקן אין דער געגנט, האט די השכלה־באוועגונג אנגעהויבן צו פארלירן איר דייטשן כאראקטער און אנגענומען א טענדענץ צו פאלאניזאציע. באזונדער בולט האט זיך דאס אויסגעוויזן בעתן פוילישן אויפשטאנד אין 1863, אין וועלכן ס'האבן זיך באטייליקט א סך אידן. אין יענעם יארצענדליק האט פונקציאנירט די אידישע געזעלשאפט צו פארשפרייטן השכלה און בירגערשאפט צווישן די גאליציאנער אידן. דער אויסגעוואקסענער אנטיסעמיטיזם צווישן די פאליאקן האט אויף א צייט אפגעהאלטן די פאלאניזאציע און געגעבן פארצוג דער דייטשער קולטור. קעגן פוילישן אנטיסעמיטיזם האבן די אידן געזוכט שטיצע אין ווין און די „שומר ישראל”־באוועגונג, וואס איז געווען טעטיק אין די 70־ער יארן, האט זיך געשטעלט אלס ציל השכלה און שוץ פון אידישע רעכט דורך דער מיטארבעט פון די דייטשע צענטראליסטן אין עסטרייכישן פארלאמענט און מיט דער רוטענער מינדערהייט אין גאליציישן סיים. דער פוילישער אנטיסעמיטיזם, אנגעפירט פון דאבזשאנסקין, מיט דער מיטהילף פון די אויטאנאמיע־אויטאריטעטן, האט זיך פארוואנדלט אין אן עקאנאמישער מלחמה, וואס האט געפונען איר אויסדרוק אין א גאנצער ריי באיקאט־אקציעס.

די סטאביליזאציע פון דער גאליציישער אויטאנאמיע אין 1877 האט אבער אומפארמיידלעך געבראכט מיט זיך די פאלאניזאציע. דר. בערנארד גאלדמאן האט ארגאניזירט די דורשי שלום־ארגאניזאציע מיט דער צייטשריפט „זגאדא” (שלום), ווי א קעגנגעוויכט צום גערמאניזירנדיקן „שומר ישראל”. אין 1880 איז דערשינען די צייטשריפט „איטשיזנא — המזכיר” און צוויי יאר שפעטער איז געגרינדעט געווארן דער פאריין „אגודת אחים” מיט א ספעציעלן ציל צו פארשפרייטן צווישן אידן די אידייע פון אסימילאציע, אין באצוג צו דער פוילישער קולטור, אגריקולטור און גוטבירגערשאפט. אין דער זעלבער צייט איז אויסגעוואקסן א נייער אידישער דור, וואס האט שוין דורכגעמאכט די פוילישע שול. פון זיי זיינען ארויסגעקומען אלפרעד נאסיג, הערמאן פעלדשטיין, נאטאן לעווענשטיין, טאביאס אשכנזי און אנדערע, וואס האבן אגיטירט פאר פאלאניזאציע. זיי האבן געגרינדעט ביבליאטעקן און בילדונגס־געזעלשאפטן צו דערציען גוט־צוגעגרייטע סוחרים און אנגעשטעלטע; זיי האבן אויך איינגעפירט אין די בתי־תפילות צו פייערן די פויליש־נאציאנאלע יום־טובים. זייער השכלה־טראדיציע האבן זיי פארגעזעצט אין דער העברעאישער אפטיילונג פון דער צייטשריפט „איטשיזנא”. גיך אבער האבן די אסימילאטארן זיך אינגאנצן אפגעטיילט פון אידישן נאציאנאליזם.

דער חסידיזם איז אבער ווייטער אנגעגאנגען מיטן קאמף קעגן דער השכלה. דער קאמף איז אויך געפירט געווארן צווישן די ריוואליזירנדיקע דינאסטיעס, וואס האט דערגרייכט דעם הויכפונקט מיטן צורייבן (סעקוועסטרירן) דעם צדיק ר' בער פרידמאן (פון דער סאדאגורער דינאסטיע) אין 1868. די חסידים האבן דאן געהאט א גרויסע מאכט און זייער קאמף פארן קאנ־

טראָל פון די קהילות איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די „מחזיקי הדת" געגרינדעט דורכן רבי שרייבער אַרום 1880. אַן אָרטאָדאָקסישער צוזאַמענפאָר, אָפּגעהאַלטן אין לעמבערג אין 1882, האָט אָנגענומען דעם שלחן ערוך אַלס באַזע פאַר דער קהילה־אָרגאַניזאַציע. די חסידים זיינען געווען גענוג מעכטיק צו פועלן מ'זאָל אויסשליסן גאַליציע פון די פאַרפליכטנדע קהילה־סטאַטוטן פאַר גאַנץ עסטרייך (זייט 1890) און אין אַ סך פאַלן (ס'לעצטע מאָל אין 1907) האָבן זיי געשטערט דאָס גרינדן אַ ראַבינער־שול אין לעמבערג. אין דער זעלבער צייט האָבן די ענגע עקאָנאָמישע באַציאונגען צווישן די רייכע חסידים און די פוילישע גוטבאַזיצער, פונקט ווי זייער קעגנזייטיקער אינטערעס פאַר אַ סטאַטוס־קוואָ, גורם געווען, אַז די חסידישע מאַסן זאָלן אין אַלע וואַלן שטימען פאַר די פוילישע קאָנסערוואַטיווע פאַרטייען. דערפאַר האָבן די פאָליאַקן דערלויבט, אַז עטלעכע אַסימילירטע אידן זאָלן ווערן אויסגעוויילט אין רייכסראַט און אין גאַליצישן סיים. דאָרט זיינען זיי צוזאַמען געגאַנגען מיט די פוילישע גרופּעס, אָבער דאָס האָט לגמרי ניט פאַרבעסערט די אידישע לאַגע.

## דער אויפשוואונג פון נאַציאָנאַליזם

די אוקראַאינער האָבן שלעכט געקוקט אויף די אידן צוליב זייער מיטאַרבעטן מיט די פאָליאַקן בעת וואַלן און צוליב זייער אָנגעבן זיך אַלס „פאָליאַקן פון משהס גלויבן". די אוקראַאינער האָבן איינגעשטימט מיט די נאַציאָנאַלע אידן (די אויטאָנאָמיסטן, די ציוניסטן און די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן), אַז די אידן וואָלט מען געדאַרפט באַטראַכטן ווי אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּע. די פראַגע איז באַזונדערס רייף געוואָרן אין 1906, ווען אונטערן איינפלוס פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט די עסטרייכישע רעגירונג איינגעפירט אַ דעמאָקראַטישע וואַל־רעפאָרם, באַזירט אויף פאַרטרעטערשאַפטן, גרופּירט אין נאַציאָנאַלע בלאָקן. ס'זיינען דאַן אַנערקענט געוואָרן אַכט באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, אָבער די אידן זיינען ניט געווען צווישן זיי. בעת די רייכסראַט־וואַלן אין 1907 האָבן די פאָליאַקן דערמעגלעכט אויסצואווילן עטלעכע אידישע קאַנדידאַטן אין די זעלבע דיסטריקטן, מיט דער אויסרעכענונג, אַז זיי וועלן זיך סיי ווי פאַרייניקן מיט דער פוילישער „קאָלאָ". די דאָזיקע קאַנדידאַטן־ליסטע איז געווען געשטיצט פון די חסידים און אַסימילאַטאָרן. אויף צו להכעיס האָבן די נאַציאָנאַלע אידן זיך פאַרייניקט מיט די אוקראַאינער און סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אויסגעוויילט דריי פאָדשטייער פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער פאַרטיי פון גאַליציע און איינעם פון בוקאָווינע. זיי האָבן דאָס געשאַפן דעם אידישן קלוב אין עסטרייכישן פאַרלאַמענט, וואו זיי האָבן מוטיק פאַרטיידיקט די אידישע רעכט. דערפאַר האָבן אָבער די צען אידישע אַסימילאַטאָרן, וואָס די מערהייט פון זיי איז אַריינגעטרעטן אין דער פוילישער „קאָלאָ", געהאָלפן מיט זייערע שטימען אויסוויילן אַן אַנטיסעמיטישן פרעזידענט פון רייכסראַט.

אַן ענלעכער קאַמף איז אָנגעגאַנגען אין גאַליצישן סיים, וואו די פאַרפוילישטע אידן האָבן זיך פאַראייניקט מיט די פוילישע קלעריקאַלע פאַרטייען. בעתן פאָלקס־צענז אין 1910 האָט אַ העלפט פון די גאַליציאַנער אידן אָנגעגעבן אידיש אַלס זייער מוטערשפּראַך, ניט נעמענדיק אין אַכט די דראָענדע שטראָפן. די שחיטה און דראָהאָביטש דעם 19־טן יוני 1911, ווען די פאָליציי האָט געטויט 20 אידן בעת אַ דעמאָנסטראַציע קעגן די אויטאָריטעטן, וואָס האָבן געוואָרנט

די ציוניסטן ניט צו שטימען פאַר זייערע קאַנדידאַטן צום רייכסראַט, האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם קאַמף. די נאַציאָנאַליסטן האָבן פאַרלוירן די וואַלן, אָבער ס'זיינען אויסגעוויילט געוואָרן 7 אַסימילאַטאָרן און אייניקע אידישע סאָציאַליסטן, מיטגלידער פון דער פוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי (פּ. פּ. ס.). צו דעם איז צוגעקומען דאָס צונעמען ביי 16.000 אידישע פאַמיליעס זייער ברויט צוליב זייער אויסשליסן פון דעם זאַלץ־און ווייַן־מאָנאָפּאָל. אַ דעמאָנסטראַציע פון טויזנטער הונגערליידנדיקע גאַליציאַנער אידן אין ווין האָט ניט געבראַכט קיין שום פּעולה.

צוליב די זיגן ביי די וואַלן האָט די אַסימילאַציע באַקומען אַ נייַ לעבן. אין 1907 האָבן די אַסימילאַנטן אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט: „יעדנאָשטש". און דעם מיטלוועג צווישן די אַסימילאַטאָרן און די ציוניסטן האָט פאַרנומען די אַזוי גערופענע: „אידישע אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי", וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אין קראָקעווער געגנט און איז געוואָרן געגרינדעט פון דר. גראָס (ארום 1901).

צוזאַמען מיטן אויפשוואונג פון ציוניזם און נאַציאָנאַליזם איז אויך אָנגעגאַנגען די פּאָלאָניזאַציע, ווי אַ סאָציאָלאָגישער פאַקטאָר. אידן האָבן אַזוי געשטראָמט אין די פּוילישע בילדונגס־אַנשטאַלטן, אַז אין 1903 האָבן די אידישע סטודענטן אין אוניווערזיטעט פון לעמבערג שוין באַטראָפן 25 % און פון קראָקע 14 %. אין 1910 זיינען 58 % פון אַלע אַדוואָקאַטן און 29,9 % פון אַלע דאָקטוירים אין גאַליציע געווען אידן. ניט קוקנדיק אויף אַלע באַגרענעצונגען האָבן אידן דערגרייכט? 

דער אידישער נאַציאָנאַליזם אין גאַליציע האָט ניט אַרויסגעוויזן די טענדענץ צו העברעאיזם און אידישיזם, אַזוי ווי ס'איז געווען דער פאַל אין רוסלאַנד און אין פּוילן. מייסטנס אידישע קינדער האָבן באַזוכט פּוילישע שולן און ס'זיינען ניט געווען קיין אָפיציאַליזירטע אידישע שולן אין העברעאיש אָדער אידיש. אין לעצטן יאָרצענדליק פאַרן וועלט־קריג האָט זיך אין מזרח־גאַליציע געמערקט אַ נויגונג צו אוקראַאיניזאַציע, אָבער דאָס איז געווען בלויז אין שפּראַכלעכן זין און האָט ניט געקענט באַטראַכט ווערן ווי אַסימילאַציע פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט. אַ באַווייז ווי די פּאָלאָניזאַציע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן האָבן מיר אין פאַקט, וואָס בעת דער פאָלקסציילונג אין 1931, האָבן בלויז 25,4 פּראָצענט אידן אין גאַליציע ניט אָנגעגעבן אידיש אָדער העברעאיש אַלס זייער מוטערשפּראַך.

(אויסצוגן פון דער „אַמעריקאַן־דזשואידזש ענציקלאָפּעדיע").

# אידישע סאָלדאַטן פון גאַליציע אין דער עסטרייכישער אַרמיי

נישט קיין סטאַטיסטיק ווילן מיר דאָ ברענגען וועגן דער באַטייליקונג פון גאַליציאַנער אידן אין דער פאָריקער וועלט־מלחמה, מיר ווילן דאָ בלויז אילוסטרירן אַ קליינעם עפּיזאָד וואָס וואַרפט אַ ליכט אויף די ספּעציעלע באַדינגונגען, אין וועלכע די פרומע גאַליציאַנער אידן האָבן זיך געפונען בעת זייער דינען „מיט הערץ און האַנט פירם פאַטערלאַנד”.

נאָך עטלעכע דורכפאַלן אויף די פראָנטן און איבערהויפּט, נאָך איטאַליעס פאַרעטערישן אַריינטריט אין דער מלחמה קעגן עסטרייך, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אויסשעפּן יונגע כוחות און מען האָט אָנגעהויבן מאָביליזירן אַלע מענער פון 42 ביז 50 יאָר.

פאַר די גאַליציאַנער אידן, וועלכע זיינען שוין אין דעם עלטער מערסטנס געווען זיידעם און וועלכע האָבן שוין דעם גרעסטן טייל פון זייערע לעבנס געהאַט אָפּגעלעבט אין פרומקייט און גאָטספאָרכטיקייט, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, ווי אַזוי עס האָט אויף זיי געמוזט ווירקן אַזאַ ספּאָנטאַנער איבערגאַנג פון „הקול קול יעקב” צו — „ידים ידי עשו”...

מילא, מיט דעם „קול קול יעקב” האָבן זיי זיך שוין ווי עס איז אַן עצה געגעבן; דעם „קול קול יעקב” האָבן זיי געהאַט אין זיך, האָבן זיי אים מיטגענומען מיט זיך



צווישן די קברים מיט צלמים אויפן איטאַליענישן פראָנט, דעקאָרירט ה׳ מ. לאַקס, (עסטרייכישער פעלדוועבל) אַ אידישן פראָנט־קבר מיט אַ „מגן דוד”.

אויף אַלע וואַנדער־וועגן וואו די קאָמאַנד'ע האָט זיי פאַרשיקט; תהילים און אַ בלאַט גמרא האָבן זיי געקענט אויף אויסנווייניק, האָבן זיי ליגנדיק אין די לאַסט־וואַגאָנען פון „זעקס פפערדע אָדער פירציק מאַן” — געזאָגט תהילים אָדער געלערנט אַ בלאַט גמרא און אפילו טראָגנדיק אין צווייען קעסטלעך מיט אַמוניציע פון די הינטערשטע ליניעס צום פראָנט, האָט מען אָפט געקענט הערן ווי אַזעלכע צוויי אידישע סאָלדאַטן קרעכצן אונטער דער שווערער לאַסט, אָבער זיי זיינען זיך גלייכצייטיק מפלפל וועגן אַ תוספות־קשיה...



אזוי האט אויסגעזען פאַר 1914 מאַנטע פיאַנא, וואו אַלץ איז חרוב געוואָרן און מען האט דאָרט אויפגעשטעלט באַראַקן און אין איינעם פון זיי, האָבן אידישע סאָלדאַטן אָפּגעריכט אַ סדר.



אַט אַזוי האָבן פרומע גאַליציאַנער אידישע סאָלדאַטן אָפּגעריכט אַ סדר־סעודה אויפן
איטאַליענישן פראָנט אין אַ באַראַק.

דעם „קול קול יעקב" האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען, אָבער צו די „ידים ידי עשו" האָבן זיי נישט געקאָנט דערגרייכן, ווייל ווי אַזוי, אַז די פרומע אידן האָבן נישט געוואָלט טועם זיין פון די אַלע מאכלים, די קרויט־זופּן מיט שפּעק פאַרבראָקט, די חזיר־ביפן געפרעגלט אויף חלב און אַפילו די געבראָטענע און צוגעווירצטע שעפּסן־פלייש, פון וועלכע דער בלויזער גערוך האָט זיי ממש קראַנק געמאַכט?

פונוואַנען האָבן זיי געזאָלט באַקומען די ידים ידי עשו, אַז זיי האָבן געלעבט פון טרוקענע קומיס־ברויט מיט שוואַרצע קאַווע אָדער מיט טיי, וואָס זיי האָבן זיך אַליין פאַרבריט, ווייל זיי וועלן דאָך נישט טרינקען פון יענעמס כלים אין וועלכע מען האָט געקאָכט אויך חזיר און נבלה־פלייש?!...

האָבן זיי געקרעכצט אונטער דער שווערער לאַסט פון סאָלדאַטן־פליכט, דערפילנדיק זייערע אויפגאַבן צום מלכות, אויף וויפל זייערע כוחות האָבן געדינט.

צום גליק פאַר די אומגליקלעכע, האָט די עסטרייכישע רעגירונג געהאַט איינזען מיט די עלטערע אידישע סאָלדאַטן, זי האָט זיך באַצויגן מיט אַ געוויסער אַכטונג צו די פאַנאַטיש־גלויביקע און זי האָט זיי נישט געצוואונגען אָראָפּצונעמען זייערע בערד און די אידן האָבן זיך כאָטש געטרייסט דערמיט, וואָס זייענדיק צווישן „יונים", דאַרפן זיי כאָטש נישט פאַרלירן זייער „צלם־אלוקים"...

אַלס מוסטער פון די דאָזיקע אידן, ברענגען מיר דאָ אַ פאָטאָגראַפיש בילד פון אַ אידישן „סדר" אין אַ מיליטערישן באַראַק אין טאַל צווישן מאָנטע פיאַנאָ און מאָנטע קריסטאַלאָ, נאָענט הינטער דעם איטאַליענישן פראָנט.

די צוויי בילדער האָט אונז צוגעשטעלט הער אברהם לאַקס, געוועזענער פעלדפעבל אין דער עסטרייכישער ארמיי, היינט אין אַרגענטינע.

און אונזער מיטגליד, הער לאַקס, דערקלערט אונדז:

— איר זעט דאָס ערשטע בילד? דאָס איז נאָך פון פאַר מלחמה, די שיינע הייזער אין די אַרומיקע בערג האָבן נאָך געהערט צו עסטרייך, אָבער ווען מיר זיינען אַהינגעקומען, זיינען שוין די הייזער געווען צעשאָסענע און מיר האָבן אויף דעם פּלאַץ אויפגעשטעלט אַ גרויסן מיליטערישן לאַגער מיט באַראַקן און פון די באַראַקן האָבן אונדזערע אַלטע לאַנדשטורמיסטן באַדאַרפט אַרויספירן אויף די בערג צו דער פראָנט־ליניע, מוניציע און אַפּראָוויזאַציע.

אָבער אָט האָט זיך דערנענטערט דער פסח. אַלס פעלדוועבל, האָב איך געהאַט אַ סך מעגלעכקייטן, האָב איך זיי געוואָלט באַזאָרגן מיט מעל, זיי זאָלן זיך אויסבאַקן מצות; אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט הערן ווייל דאָס מעל איז דאָך זיכער חמצדיק, האָבן זיי זיך בלויז פאַרגרייט אַביסל ערד־עפּל (קאַרטאָפל) און טיי מיט צוקער יואָב זיי האָבן באַקומען צוגעשיקט פון זייערע היימען אין הערמעטיש־פאַרמאַכטע קעסטלעך, מיט דעם האָבן זיי געפּראַוועט דעם פסחדיקן סדר.

— איר זעט דאָס בילד? דאָ זיצן זיי, די „מלכים" ביים סדר־טיש אין באַראַק און זיי פּראַוועס דעם יום־טוב פון באַפרייאונג מיט טרוקענע קאַרטאָפל, און טיי אָנשטאָט אַרבע כוסות. איר זעט דאָס שוואַרצע פאַפּיר איבער דער טיר אויפן בילד? — דאָס האָבן מיר פאַרהאָנגען אַ קריסטלעך הייליק בילד און אויך פון ביידע זייטן זיינען מיט ווייסע געוואַנט פאַרהאָנגען צוויי קרוציפיקסן.

אָט אַזוי האָבן פרומע חסידישע גאַליציאַנער זעלנער געפּראַוועט פסח אויפן איטאַליענישן פראָנט.

א. ל. שוסהיים

# אידישע פאליטיק און אידישע פארטייען אין גאליציע

— 1 —

**פון 1772 ביז 1848: אויסערער דרוק און אינערע רעליגיעזע און קולטור־קאַמפן.**



פּאָליטיק אין אַ ברייטערן זינען פון דעם וואָרט איז אַלץ וואָס רעגירונגען טוען מיט אַ באַשטימטן מלוכהשן אָדער נאַציאָנאַלן ציל אויפן געביט פון געזעצגעבונג, אַדמיניסטראַציע, עקאָנאָמיע, יוסטיץ, לאַנד־פאַרטיידיקונג, פאָלקס־געזונט, בילדונג, מאָראַל, וכדומה, וכדומה. חוץ די דאָזיקע ענינים פון דער אינערער פּאָליטיק האָט יעדע מלוכה איר אויסערע פּאָליטיק, דורך וועלכער די רעגירונג סטאַרעט זיך איינצואָרדענען אירע באַציאונגען מיט די אַרומיקע און ווייטערע לענדער אויף אַ אופן וואָס זאָל דינען דעם אינער־פּאָליטישן, מלוכהשן און נאַציאָנאַלן ציל.

אין די ראַמען פון דער מלוכה־פּאָליטיק (וועלכע איז אין קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטישע מלוכות אַ רעזולטאַט פון די פאַרשידענע סאָציאַלע כוחות־פאַרהעלטענישן אין דער מלוכה) סטאַרעט זיך יעדע סאָציאַלע גרופּע צו באַקומען דעם מאַקסימום איינפלוס, דעם מאַקסימום פּריווילעגיעס וואָס דאָס געזעץ דערמעגלעכט, כדי צו דערגרייכן פאַר זיך די גרעסטע מאָס וואוילשטאַנד, וועלכע לאָזט זיך דערגרייכן פון דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, און דעם ווי ווייט מעגלעך גרעסטן אָנטייל אין דער פירונג פון די מלוכה־געשעפטן.

הוץ די סאָציאַל־פאַרשידענע באַפעלקערונגס־גרופּעס זיינען פאַראַן כמעט אין יעדער מלוכה פאַרשידענע עטנישע רעליגיעזע אָדער ראַסישע גרופּעס, וועלכע קענען זיך

געפינען אין אַ לאַגע צו מוזן רעקלאַמירן אָדער פאַרטיידיקן זייערע בירגערלעכע, פּאָלי־טישע אָדער נאַציאָנאַלע רעכט. די אידן געפינען זיך אין אַלע לענדער אין אַזאַ לאַגע, אַז זיי מוזן זיך, וואו מער, וואו ווייניקער, פאַרטיידיקן קעגן פאַרלוימדונגען, אומגע־רעכטע באַשולדיקונגען קעגן אויפרייצונגען צום האַס קעגן זיי — אָט די גאַנצע טע־טיקייט וועלכע איז באַקאַנט אונטער נאָמען „קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם". אין אַ טייל לענדער מוזן די אידן רעקלאַמירן זייערע בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, וועלכע קומען זיי לויט די גילטנדיקע געזעצן, אין אַנדערע מוזן זיי קעמפן פאַר דער אָפּשאַפונג פון געוויסע געזעצן, וועלכע שטערן זייער מאַטעריעלע אָדער מאָראַלישע עקזיסטענץ, אָדער פאַר דער שאַפונג פון געוויסע געזעצן, וועלכע זאָלן פאַרזיכערן זייערע בירגערלעכע רעכט (צ. ב. די שטרעבונג פאַר אַ פאַרבאָט פון דער אַנטיסעמי־טישער העצע) — דאָס אַלין רופן מיר אידישע פּאָליטיק.

געוויסע איינצלנע דערשיינונגען פונעם אידישן קאַמף פאַר רעכט קענען זיין אין יעדן לאַנד אַנדערע, אָבער למשל אַזאַ ענין ווי דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם איז אַן אַלגעמיין־אידישער און ער באַרירט די אינטערעסן פון די אידן אין אַלע לענדער. הגם נישט אַלע אידן רעאַגירן אויף אַ גלייכן אופן אויף דער סכנה און אויף דער ווירקונג פונעם אַנטיסעמיטיזם, איז אָבער דאָך דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אַן אַל־אידישער ענין און ער באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון דער אידישער וועלט־פּאָליטיק. צו דער זעלבער קאַטעגאָריע געהערן די פאַרשידענע אידישע שטרעבונגען בנוגע ארץ ישראל און בנוגע דעם ווידער־אויפבוי אין די אייראָפּעאישע לענדער.

ווילנדיק באַקומען אַן איבערבליק איבער דער אידישער פּאָליטיק אין גאַליציע דאַרף מען האָבן אין זינען די פאַרשידענע פּאָליטישע ענדערונגען וואָס זיינען פאָר־געקומען אין דעם לאַנד, פון דער צייט פון דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן אין יאָר 1772 ווען גאַליציע איז פאַראייניקט געוואָרן מיט עסטרייך ביז דעם תחית המתים פון פּוילן, ווען גאַליציע איז ווידער פאַראייניקט געוואָרן מיט פּוילן. די דאָזיקע צייט צע־טיילט זיך אין פיר הויפּט־תקופות: 1) פון דער פאַראייניקונג מיט עסטרייך ביז דעם רעוואָלוציע יאָר 1848; 2) פון דער רעאַקציע פון 1849 ביז 1867, דעם יאָר פון דער עסטרייכישער קאָנסטיטוציע; 3) פון 1867 ביז די קאַמפן פאַר דער וואַל־רעפאָרם און דער איינפירונג פון אַלגעמיינעם גלייכן וואַל־רעכט אין 1906; און, 4) דעם לעצטן פּעריאָד ביז צום צעפאַלן זיך פון עסטרייך און דער ווידער־פאַראייניקונג פון גאַליציע מיט פּוילן. אין יעדער איינער פון די דאָזיקע הויפּט־תקופות זיינען פאָרגעקומען פּאָ־ליטישע עוואָלוציעס, וועלכע האָבן זיך, פאַרשטענדלעך, אָפּגערופן אויף דער לאַגע פון די אידן אין גאַליציע, און אויף וועלכע די אידן האָבן רעאַגירט לויט זייער סאָ־ציאַל־קולטורעלן מצב און לויט דער מאָס פון דער פּאָליטישער אויפקלערונג איבער זייער לאַגע.

דורך דער פאַראייניקונג פון גאַליציע מיט עסטרייך האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידן קודם שטאַרק פאַרערגערט און אויך די רעליגיעז־קולטורעלע פרייהייטן וואָס די אידן האָבן געהאַט אין דער אַלטער פּוילן, זיינען שטאַרק באַשרענקט געוואָרן. סיי דער אַבסאָלוטיזם פון דער קייסערין מאַריאַ טערעסאַ ווי דער „אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם" פון דעם קייסער יאָזעף דעם צווייטן האָבן זיך אַריינגעמישט אין דעם

אינערן־רעליגיעזן און קהל־לעבן פון די אידן — די רעגירונג האָט ממש אַריינגעקוקט וואָס ביי יעדן אידן אין טאָפּ קאָכט זיך. פון איין זייט האָט די נייע רעגירונג גענומען די אידן מיט געוואַלד „אויפקלערן" דורך דער גרינדונג פון דייטשע שולן, ווילנדיק באַנוצן די אידן אַלס אינסטרומענט פאַר דער גערמאַניזירונג פון פּאָליאַקן און רוטענער. פון דער אַנדערער זייט האָט די זעלבע רעגירונג געדריקט די אידן מיט די שווערסטע שטייערן און אַזוי ווייט פאַרערגערט זייער עקאָנאָמישן מצב, אַז די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע האָט דער פאַראָרימטער און נויט־ליידנדער מאַסע ממש אוממעגליך געמאַכט זיך צו אינטערעסירן פאַר בילדונג. אַפילו דער „טאָלעראַנץ פּאַטענט" פון קייסער יאָזעף דעם צווייטן, וועלכער האָט באַדאַרפט ברענגען ישועות אויף אידן, האָט נאָך מער פאַרערגערט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידן. דער „אויפגעקלערטער" קייסער האָט געוואָלט מיט געוואַלד פאַרוואַנדלען די אידן אין ערד־אַרבעטער (וואַרשיינלעך האָבן אים געבראַכט צו דער אידייע די „אויפגעקלערטע" אידן — דעם „טאָלעראַנץ פּאַטענט" האָט אים געהאָלפן רעדאַקטירן יאָזעף פאַן זאָנענפעלעס, אַן אייניקל פונעם בערלינער רב, ר' מיכאל הסיד, וועמען זיין פאָטער האָט געשמדט נאָך אַלס קינד, אָבער דערווייל האָט ער פאַרבאָטן אידן זיך צו פאַרנעמען מיט אַנדערע פרנסות אין די דערפער ווי שענקעריי, קרעמעריי, אַרענדע, וכדומה. און אויך אין די שטעט זיינען איינגעפירט געוואָרן פאַר אידן געטאָס, און נאָר רייכע סוחרים אָדער אידן מיט דייטשער בילדונג האָבן געמעגט וואוינען מחוץ דער געטאָ. די זעלבע רעגירונג פון אויפגעקלערטן אַבסאָלוטיזם האָט איינגעפירט ספּעציעל אידישע שטייערן, ווי שטייער אויף כשר פלייש, וועלכע האָט געפירט דערצו, אַז כשר פלייש האָט געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פיל ווי דאָס ניט־כשרע. נאָך שווערער איז געווען דער שטייער אויף שבתדיקע ליכט, וועלכער איז איינגעפירט געוואָרן אויף אַ פאָרשלאָג פון הערץ האָמבערג, אַ פּושע ישראל, וועלכן דער קייסער האָט אַראָפּגעשיקט קיין גאַליציע כדי „אויפצוקלערן" די אידן.

אין זייער נויט און עלנט האָבן די אָרימע אידן געזוכט טרייסט אינעם חסידיזם, ביים רבין, דעם הייליקן מאַן וועלכער האָט מקרב געווען יעדן אידן, סיי אָרים, סיי רייך, סיי אַ למדן, סיי אַן עם־הארץ. און אין דער זעלבער מאָס האָט די אָרימע מאַסע פיינט געקראָגן די אויפקלערער מיט זייער פרעמדער, דייטשער בילדונג.

דער קאַמף צווישן חסידים און משכילים האָט אָנגענומען באַזונדערס שאַרפע פאָרמען אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן די משכילים אָנגעווענדט מעטאָדן און מיטלען וועלכע מען מוז פונעם שטאַנדפונקט פון אידישער אחריות ווי צום שטרענגסטן פאַרדאַמען. איינער פון די קאַמף־מיטלען פון די משכילים איז געווען, אַריינטראָגן מסירות צו דער רעגירונג קעגן חסידים און די רביים. אַזעלכע מסירות פלעגן דורכגיין דעם גאַנצן „אינסטאַנצן־וועג" פון דער לאָקאַלער קרייזהויפּטמאַנשאַפט (סטאַראָסטווע) און דער פּאָליציי, דורך דער לאַנדעס־רעגירונג אין לעמבערג ביז צו דער צענטראַלער רעגירונג אין ווין. אַפילו אַזאַ גייסטיקער פירער פון דער השכלה ווי יוסף פּערל אין טאַרנאָפּאָל האָט אַריינגעטראָגן אַ גאַנצע ריי אַזעלכע מסירות צו דער רעגירונג. אָנשטאָט זיך צו סטאַרען ביי דער רעגירונג צו פאַרלייכטערן דעם שווערן דרוק אויף די אידן, האָבן די משכילים ממש

מיט געוואַלד אַריינגעצויגן די רעגירונג אין די אינערע אידישע רעליגיעזע און קולטור־קאַמפן און דערמיט האָבן זיי דערגרייכט, אַז די רעגירונג האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם דרוק אויף דער אידישער באַפעלקערונג.

דער קאַמף צווישן די משכילים פון איין זייט און די חסידים און אָרטאָדאָקסן (מתנגדים) אויף דער אַנדערער זייט, איז אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער, כאָטש זייער טרויעריקער, קאַפּיטל פון דער געשיכטע פון די אידן אין גאַליציע, באַזונדערס אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. אין דער דאָזיקער אַרבעט קענען מיר יענעם קאַמף נישט אויספירלעך באַהאַנדלען. דאַ האָבן מיר נאָר געוואָלט אָנווייזן אויף דער פּאָליטישער זייט פון דעם דאָזיקן קאַמף, אין וועלכן די נייע אידישע היסטאָריאָגראַפיע זעט אַ קאָנפליקט צווישן צוויי סאָציאַלע קלאַסן, דער אָרימער חסידישער פאָלקס־מאַסע, און די צום בירגערטום שטרעבנדע חסידים. דער דאָזיקער קאַמף האָט נאָך לאַנג נאָכגעווירקט אינעם אידישן לעבן אין גאַליציע און ער האָט אויף ביידע זייטן געלאָזט וואַקסן אַ טיפע שנאה, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין אַקטן פון רשעות אויף ביידע זייטן. ווי דאָס קומט אָפט פאָר אין די רעליגיעזע און קולטור־קאַמפן ביי אַלע פעלקער, האָט מען זיך אויך ביי אונדז געהאַסט און גערודפט און געמסרט און געזוכט שלעכטס צו טאָן איינער דעם אַנדערן — און אַלץ צוליב די הויכע פּרינציפּן פון רעליגיע, מאָראַל און קולטור. אויף דער רשעות פון די „אויפגעקלערטע" אידן, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט די לעמבערגער קהילה און באַשטימט אַ „דייטשישן" ראַבינער אויף דער אַלטער כסא הרבנות אין לעמבערג, האָט די אַזוי פאַרגוואַלדיקטע חסידישע און אָרטאָדאָקסישע מאַסע געענטפערט מיט זלזולים, רכילות, מסירות און רדיפות און לסוף מיטן פאַרסמען דעם דאָזיקן ראַבינער דורך אַ פאַנאַטיקער, וועלכער האָט באַגאַנגען זיין פאַרברעכערישע טאַט אין איינפאַרשטענדעניש מיט אַנדערע חברים־פאַנאַטיקער. אַזוי ווייט האָט געברענט די שנאה, אַז מען האָט זיך מתיר געווען צוליב דעם הייליקן צוועק אָפּצוסמען אַ גאַנצע משפחה; דער פאַרהאַסטן ראַבינער קאָהן, זיין פרוי, פינף קינדער און אַ קריסטלעכע דינסט. און ס'איז נישט געווען דאָס פאַרדינסט פון די פאַנאַטיקער וואָס די פרוי פונעם ראַבינער, פיר קינדער און די דינסט האָבן זיך געראַטעוועט פון דער פאַרגיפטונג, און נאָר דער ראַבינער און איין קינד זיינען געפאַלן קרבנות. אַזוי היים האָט מען געקעמפט ביי אידן אין גאַליציע אין יאָר 1848, דעם יאָר פונעם „פעלקער־פרילינג", זעקס מאָנאַטן נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע אין ווין, וועלכע איז נישט אַריבער אָן אַ ווירקונג אויך אויף די אידן אין גאַליציע(*).

---

* אַלס כאַראַקטעריסטיק פאַר דעם רשעות פון די „אויפגעקלערטע" צו די חסידים, איז כדאי צו דערמאָנען דעם פאָלגנדן פאַקט, וועלכן עס דערציילט באַלאַבאַן אין זיין געשיכטע פונעם לעמבערגער טעמפּל. אין דער צייט ווען די „אויפגעקלערטע", די „פאַרשריטלער" זיינען געווען פאַרנומען מיטן בוי פונעם טעמפּל, האָבן די לעמבערגער חסידים באַשלאָסן צו בויען אַן אייגענע קלויז. אַלץ איז שוין געווען גרייט אָנצוהויבן דעם בוי, נאָר די פאַרשריטלעכע קהל־פאַרוואַלטונג האָט נישט געוואָלט געבן איר הסכמה, ביז דער פירער פון די חסידים, יעקב גלאַנצער וועט נישט געבן אַ ביישטייערונג פאַרן טעמפּל־בוי. ערשט ווען דער חסידישער פירער האָט אַריינגעצאָלט 300 גולדן (ריינישע) פאַרן בוי פון אַ טעמפּל, וואָס איז געווען אַ פאַרגוואַלדיקונג פון זיינע רעליגיעזע געפילן, האָט ער באַקומען פון קהל די הסכמה אויפן בוי פון דער קלויז (די „חידושים קלויז") וועלכע איז נויטיק געווען כדי צו קענען באַקומען פון דער מאַכט אַ דערלויבעניש צום בוי.

אָבער מיר זיינען דאָ צו שנעל פאַראויסגעלאָפן אין אונדזער דערציילונג. לאָמיר זיך נאָך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע און לאָמיר נאָך באַטראַכטן דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן און רעכטלעכן מצב פון די אידן אין דער באַשריבענער תקופה.

— 2 —

### דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און רעכטלעכער מצב פון די גאַליציִשע אידן נאָך דער פאַראייניקונג מיט עסטרייך.

נאָך דער אָקופּאַציע פון גאַליציע האָט די קייסערין מאַריאַ טערעסאַ געלאָזט דורכפירן אַ צענז פון דער באַפעלקערונג און לויט דעם דאָזיקן צענז זיינען דאַן (1776) געווען אין לאַנד 148.448 אידן. דער צענז פון יאָר 1785 ווייזט שוין אַ אידישע באַפעלקערונג פון 212.000. דאָס הייסט אַז אין משך פון צען יאָר איז די אידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט געוואָרן מיט 64.448 נפשות, דאָס איז אַרום 43 פּראָצענט. אַזאַ נאַטירלעכער צואוואוקס אין צען יאָר ווייזט אויס אומוואַרשיינלעך. עס קאָן זיין אַז בשעת דעם ערשטן צענז האָט אַ געוויסע צאָל אידן זיך אויסבאַהאַלטן און זיך נישט געלאָזט ציילן אָדער עס האָבן אין משך פון דער צייט איינגעוואַנדערט אידן פון די אַנדערע טיילן פון פּוילן. לויט דעם דאָזיקן צענז קען מען אָננעמען אַז צום אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן געלעבט אין גאַליציע אַרום 240.000 אידן(*).

די אידן האָבן דאַן געבילדעט צווישן 10 און 11 פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון לאַנד — אַ באַפעלקערונג אַן אָרימע, די פּויערים נאָך אין מצב פון פּאַנשטשיזנע, אַזוי אַז ס'איז פּשוט אומפאַרשטענדלעך, פון וואַנען די דאָזיקע מאַסע פון אידן האָבן געצויגן חיונה, נאָכדעם ווי די נייע עסטרייכישע הערשער האָבן זיי פאַרבאָטן זיך צו פאַרנעמען מיט שענקעריי, מיט אַרענדע פון גיטער, מילן, גראַמ־ניעס וכדומה און דערצו, האָט מען זיי דורכן רעאַקציאָנערן צעכן־געזעץ אומגעהויער פאַרשווערט זיך צו פאַרנעמען מיט מלאכה.

די שווערע לאַגע וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער רעאַקציאָנערער רעגירונג פון מאַריאַ טערעסאַ איז נים קיין סך פאַרלייכטערט געוואָרן דורך דעם „ליבעראַלן

---

* אויף וויפל מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף די צענזן און די סטאַטיסטישע דאַטעס פון יענער צייט איז אַ פראַגע. פראָפ. באַלאַבאַן גיט אָן אין זיין בוך „די געשיכטע פון דער לעמבערגער פאַרשטעטלעכער סינאַגאָגע״ (פּויליש. לעמבערג 1937) די צאָל פון אידישע פאַמיליעס אין גאַליציע 1825: 44.488; אין 1826 שטייגט די צאָל אויף 46.610. דאָס הייסט אַז אין משך פון איין יאָר האָבן געזאָלט צוקומען 2.122 אידישע פאַמיליעס. באַלאַבאַנען אַליין ווייזט אויס די דאָזיקע צאָל נישט פאַרלאָזלעך, בעת לעגאַלע אידישע חתונות זיינען אין דעם יאָר פאָרגעקומען נאָר 137. אָבער צוליב די געזעצלעכע חתונה־באַשרענקונגען פאַר אידן, איז וואַרשיינלעך, אַז אַ סך אידן האָבן חתונה געהאַט געהיים, נאָר דורך חופּה וקדושין, נישט מעלדנדיק דער מאַכט, אַזוי, אַז צו דער צאָל פון 44.488 אידישע פאַמיליעס פאַרן יאָר 1825 דאַרף מען נאָך אפשר צורעכענען אַ 2.000 „אומלעגאַלע פאַמיליעס״ אָבער אויך די צאָל פון 46.610 אידישע פאַמיליעס פאַרן יאָר 1826 ווייזט אויס צו נידעריק. רעכנדיק צו פינף נפשות אַ פאַמיליע, וואָלט די צאָל אידן אין גאַליציע אין יאָר 1826 אויסגעקומען אויף 233.050 — אַ צאָל וואָס וואָלט געווען אין סתירה מיט דעם רעזולטאַט פונעם צענז פון יאָר 1785 מיט 212.000 אידן. עס קאָן נישט זיין ריכטיק, אַז אין די צען יאָר פון 1776 ביז 1785 זאָל די אידישע באַפעלקערונג האָבן געוואַקסן פון 148.449 נפשות אויף 212.000, בעת אין די 41 יאָר פון 1785 ביז 1826 זאָל האָבן צוגעקומען נישט מער ווי 21.050 נפשות.

אַבסאָלוטיזם" פון יאָזעף דעם צווייטן. דער דאָזיקער מאָנאַרך האָט געשטרעבט צו רעפאָרמירן די אידן דורך פאַרקלענערן זייער צאָל, דורך אַרויסשטויסן זיי פון די דערפער און קאָנצענטרירן אין די גרויסע שטעט, כדי זיי דאָ לייכטער צו קענען גער־מאַניזירן און זיי צו באַנוצן אַלס אינסטרומענטן פון ווייטערדיקער גערמאַניזאַציע.

צו אַ וואַסערע מאָנסטרעזע המצאות דער עסטרייכישער אַבסאָלוטיזם איז דער־גאַנגען אין זיין כלומרשטער שטרעבונג „אויפצוקלערן" און צו „קולטיווירן" די אידן, באַווייזט די פאַראָרדענונג וועלכע האָט פעסטגעשטעלט די געזעצלעך דערלויבטע צאָל פון די אידישע פאַמיליעס. אַזוי פיל און אַזוי פיל אידישע פאַמיליעס איז דערלויבט — נישט איינע מער. דאָס לעבן איז איינגעשמידט געוואָרן אין אייזערנע ראַמען — וואַקסן איז פאַרבאָטן, איז קעגן געזעץ. כדי איינצוהאַלטן די צאָל פון די אידישע פאַמיליעס, זיי זאָלן זיך נישט פאַרמערן האָט מען דורך פונקט אַזאַ רשעותדיקן ווי אידיאָטישן געזעץ, באַשרענקט דאָס רעכט פון די אידן חתונה צו האָבן און צו בילדן אַ פאַמיליע. ווען אַ אידישער בחור און אַמיידל האָבן געוואָלט חתונה האָבן, האָבן זיי קודם גע־מוזט ברענגען אַ באַשטעטיקונג, אַז ס'איז דאָ פלאַץ פאַר אַ נייער פאַמיליע. דאָס הייסט, אַז כדי אַ אידישער בחור און אַ מיידל זאָלן מעגן חתונה האָבן, האָט פריער אַן אַנדערע פאַמיליע געמוזט „מאַכן פלאַץ" דורך אַוועקגיין פון דער וועלט אָדער דורך אויסוואַנדערונג. (האָט זיך טאַקע אַנטוויקלט ביי אידן אַ „בליענדיק געשעפט" מיט דעם וואָס רייכע אידן אין לעמבערג פלעגן באַצאָלן אָרימע פאַמיליעס, זיי זאָלן אויס־וואַנדערן אין די פראָווינץ־שטעטלעך).

אָבער מיטן „פרייעם פלאַץ" זיינען נאָך נישט אָפגעראָמט געוואָרן אַלע מניעות פאַר דער חתונה. מען האָט נאָך באַדאַרפט האָבן דערצו די פאָלגנדע דאָקומענטן:

1) אַ באַשטעטיקונג אַז די זיידעס פון חתן־כלה לעבן שוין נישט; 2) אַ באַוויז, אַז מען איז פאַרזאָרגט מיט פרנסה; 3) אַז מען האָט געענדיקט 24 יאָר; 4) אַז מען האָט באַצאָלט חתונה־שטייער; 5) אַז מען האָט אָפגעגעבן עקזאַמען פון אידישער רעליגיע (אויף דייטש, פאַרשטייט זיך) לויט הערץ האָמבערגס לערן־בוך „בני ציון". און 6) דער עיקר: אַז מען האָט באַצאָלט דעם שטייער פאַר שבת־יום־טובדיקע בענטש־ליכט פאַר אַ לענגערער צייט פאָראויס. דאָס דאָזיקע קלוגע געזעץ פונעם „ליבעראַלן" אַבסאָלוטיזם איז, פאַרשטייט זיך, נישט אָפגעשאַפט געוואָרן פון די שפּעטערדיקע רעאַקציאָנערע דעספאָטן און עס האָט אָנגעהאַלטן ביז צום יאָר 1848. דאָס האָט גע־בראַכט צו דער נויט פון „געהיימע חתונות".

נאָך עפּעס וועגן דעם ליכט־שטייער: דער דאָזיקער שטייער האָט געגעבן וואַל־רעכט צו דער קהילה. אין לעמבערג און אין בראָד האָבן געהאַט אַקטיוו וואַל־רעכט צו דער קהילה נאָר אַזעלכע אידן וועלכע האָבן געצאָלט שטייער פאַר זיבן ליכט; כדי צו געווילט ווערן האָט מען געמוזט זיין אַ שטייער־צאָלער פון אַכט ליכט; קאַנדידירן צום אַמט פון ראש הקהל אָדער אַלס רב האָט געקענט נאָר אַזאַ איד, וואָס האָט גע־צאָלט שטייער פאַר צען ליכט. דער פאַכטער פון די ליכט־שטייער איז געווען דער, פון וועמען ס'איז געווען אָפּהענגיק דאָס וואַל־רעכט צו דער קהילה. וואָרים אַזוי ווי קיינער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו קאָנטראָלירן זיינע ביכער, קאָן מען זיך אויס־מאָלן וויפל מעגלעכקייט ס'איז דאָ געווען פאַר שווינדל און ווילקיר.

— 3 —

## אָפּקלאַנגען פונעם יאָר 1848.

די רעוואָלוציאָנערע פּאַסירונגען פון יאָר 1848 האָבן געפונען אַ גענוג שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער אידישער גאַליציע. אין אַ ווינער העברעאישער אויסגאַבע פון יענער צייט („כוכבי יצחק") איז אָפּגעדרוקט אַ לענגערער באַריכט פון יערוסלאַוו וועגן אַן ענטוזיאַסטישער אידישער מאַניפעסטאַציע צוליב דער פּראָקלאַמירונג פון דער קאָנסטיטוציע. אין די יערוסלאַווער אידן זיינען נישט געווען די איינציקע אין דער דאָזיקער באַציאונג. ווי פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן האָט איבערגעגעבן אין אַ הקדמה צו אַרכיוו-דאָקומענטן וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די „היסטאָרישע שריפטן" פון איוואָ (ערשטער באַנד), האָט ער געהאַט אין זיין אַרכיוו „מער פאַר אַלין בראָשורן און אויפרופן פון גאַליציע, וואָס האָבן אַ שייכות צום קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אין יאָר 1848 און ערב דעם יאָר ביז צו דער „גלייכבאַרעכטיקונג" אין 1867". פון די דאָזיקע דאָקומענטן איז כדאי צו דערמאָנען אַ וואַל-אויפרוף פון דעם באַוואוסטן רב און פוילישן פּאַטריאָט בער מייזעלס וועלכער האָט אין דעצעמבער 1848 קאָנדידירט אין קראָקע אויפן מאַנדאַט פון אַ דעפּוטאַט צום עסטרייכישן „רייכסטאָג" און קרעמזיר. דער אויפרוף פון רב מייזעלס איז אין פויליש און ער דערקלערט באַלד אין אָנהויב אַז ער וויל זיין דער פאָרשטייער נישט בלויז פון זיינע „גלויבנסגענאָסן", „נאָר אַ נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט אין דער פולער באַדייטונג פון דעם וואָרט". אַ „נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט" האָט דעמאָלט געמיינט אַ פאָרשטייער פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, פון אידן ווי פון קריסטן.(*)

ווייטער דערקלערט דער פּאַטריאָטישער רב אין זיין אויפרוף פאָלגענדעס:

„אין הסכם מיט מיין אייגענער איבערצייגונג און אויך דורך דער לערע פון דער דערפאַרונג אנערקען איך אַז די צוקונפט פון אונזער פוילישן פאָטערלאַנד קאָן פאַרזיכערט ווערן נישט אויפן וועג פון פּאָליטישע דיסקוסיעס נאָר אויפן אָרגאַנישן וועג, און דערפאַר וועל איך מיך שטענדיק האַלטן אָן די פּרינציפּן און אָן די מענטשן, וועלכע וועלן מיר העלפן אין דער דאָזיקער ריכטונג. באַטראַכטנדיק די באַדערפענישן פון דער מענטשהייט אין דער איצטיקער צייט פון איבערענדערונגען, בין איך אַן אויפריכטיקער פריינט פון די פּרינציפּן פון פרייהייט, פון דער אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע רעכט און פונעם אָנטייל פון אַלע בירגער אין די דאָזיקע ענינים. און אַזוי ווי אין מיין פּריוואַטן לעבן אַזוי וועל איך אויך אינעם רייכסטאַג פאַרטיידיקן די דאָזיקע פּרינציפּן מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט און מוט וואָס איך בין בכוח... די דאָזיקע פּרינציפּן באַטראַכט איך אַלס די אמתע דעמאָקראַטיע..."

לייענענדיק דעם דאָזיקן אויפרוף וועט יעדער מוזן מודה זיין, אַז דער דאָזיקער אָרטאָדאָקסישער רב האָט אויסגעדריקט פיל סימפּאַטישע געדאַנקען און ער איז גע-

(*) דעם אויפרוף אין פוילישן אָריגינאַל, ברענגען מיר צווישן אַנדערע דאָקומענטאַציעס אויף זייט 77.

זעען פּאָליטיש אַ סך פּראָגרעסיווער און דעמאָקראַטישער ווי די מערסטע פירער פון דער השכלה, וועלכע האָבן געפירט דעם קאַמף קעגן די חסידים און רביים.

דאָ איז נאָך כדאי צו אונטערשטרייכן די אידייע פון פּאָליטישער אַסימילאַציע מיטן פּוילישן פאָלק וועלכע דער רב מייזעלס פאַרטיידיקט אין זיין אויפרוף. עס זיינען אָבער דאַן שוין געווען אין מערב-גאַליציע אַנדערע ריכטונגען, וועלכע האָבן געשטרעבט צו אַ פולער, פּאָליטישער, שפּראַכלעכער און קולטורעלער אַסימילאַציע צום פּוילישן פאָלק. דאַקעגן אין לעמבערג און אין מזרח-גאַליציע בכלל איז די אַסימילאַציע געווען אַ דייטש-צענטראַליסטישע. און אַזאַ איז זי געבליבן אַ לאַנגע צייט — ביז אין די אַכציקער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט.

ס'איז, אגב, נאָך אַ ספק, צי קאָן מען דאָס דייטשטום פון די לעמבערגער אידן און פון די אַנדערע מזרח-גאַליציאַנער אידן פון יענער צייט באַטראַכטן אַלס אַסימילאַציע. וואָרים בעת אין קראָקע, אין טאַרנאָוו און אין ריישע איז אין דער פּאָליטישער און קולטורעלער „פּוילישקייט" פון אַ טייל פון די דאָרטיקע אידן געווען אַ שטרעבונג זיך צו פאַרבינדן אָדער צו פאַראייניקן מיט דעם פּוילישן פאָלק, מיט וועלכן מען האָט געלעבט אין שכנות און וועלכעס האָט געבילדעט די מערהייט אינעם לאַנד, איז דאָס אידישע דייטשטום פון לעמבערג, בראָד, טאַרנאָפּאָל אָדער דראָהאָביטש געווען גיכער אַן אויסדרוק פון אַ שטרעבונג זיך אַרויסצורייסן פון די ענגע ד' אמות פון דער געטאָ, פון דער ענגשאַפט פון דער דאַמאָלסדיקער אידישער תלמודיש-חסידישער גייסטיקייט און אַריינצוטרעטן אין דער אייראָפּעאישער וועלט. וואָרים אַסימילירן זיך מיט די דייטשן האָבן די גאַליציאַנער אידן נישט געקענט, ווייל דייטשן זיינען געווען אין גאַליציע נאָך ווייניקער ווי אידן. אינעם אָננעמען די דייטשע שפּראַך, אינעם דערנענטערן זיך צו דייטשער קולטור האָבן די גאַליציאַנער אידן אפשר אומבאַוואוסט אויסגעדריקט זייער שטרעבונג צו גייסטיקן פאָרשריט, זיך צו אייראָפּעאיזירן. עס קאָן זיין, אַז מען האָט אויך געוואָלט געפעלן דער ביוראָקראַטיע וועלכע איז געקומען פון דייטש-עסטרייך, און ווייזן אַז מען האָט געהאַט פּראַקטישע צילן, דורך דער קענטעניש פון דייטש זיך צו קענען בעסער איינאָרדענען אינעם לעבן. אָבער קעגן די דאָזיקע השערות רעדט דער פאַקט, וואָס די פאָרגעשריטענע אידן אין לעמבערג האָבן זייער נייעם טעמפּל באַצייכנט אַלס „דייטש איזראַעליטישן" דאָס הייסט, אַז אַ טייל פון די „אויפגעקלערטע" אידן האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דעם כאַראַקטער פון דער נאַציאָנאַליטעט, און זיי האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי קענען זיין „דייטשן". אָבער דעם דאָזיקן טעות האָט אויך געמאַכט די עסטרייכישע רעגירונג און די ביוראָקראַטיע.

— 4 —

## אַ אידישער „אַדרעס" צום ווינער „רייכסטאָג" פון 1848(*)

די מערץ-רעוואָלוציע אין ווין, אין וועלכער דער איד אַדאָלף פישהאָף האָט גענומען אַזאַ באַדייטנדיקן אָנטייל, און פאַר וועלכער דער הויף און די רעגירונג האָבן אין

(*) דעם „אדרעס" ברענגען מיר אין דייטשן אריגינאל אויף זייטן 80-84.

זייער פחד קאַפּיטולירט פאַרן פאָלק און נאָכגעגעבן אַלע געפאָדערטע רעכט און פרייהייטן, די אָפּשאַפונג פון דער פאַנשטשיזנע, אַ קאָנסטיטוציע, פּרעסע־פרייהייט און אַ פאַרלאַמענט, האָט נישט געבראַכט פאַר די אידן קיין גלייכבאַרעכטיקונג און נישט אָפּגעשאַפט די אויסנאַמס־געזעצן קעגן אידן און נישט די ספּעציעלע אידישע שטייערן. די אידן האָבן נאָר באַקומען דאָס רעכט צו ווײלן דעפּוטאַטן צום רייכס־טאַג צוזאַמען מיט די אַנדערע בירגער; אָבער גלייכע רעכט און די אָפּשאַפונג פון די אויסנאַמס־געזעצן און פון די שטייערן אויף כשר פלייש און אויף די שבתדיקע בענטש־ליכט האָט די רעגירונג אַפילו אין איר פחד נישט געפונען פאַר נויטיק אָפּצושאַפן — דאָס האָט זי איבערגעלאָזט פאַרן רייכסטאַג. האָבן דערפאַר די אידן זיך געווענדט מיט אַ פּעטיציע (אַדרעס) צום ווינער רייכסטאַג. אין זייער פּעטיציע, וועלכע איז רעדאַק־טירט אין דייטש, בעטן די גאַליצישע אידן די „הויכע רייכספאַרזאַמלונג" אין ווין אָפּצושאַפן אַלע געזעצן, וועלכע שטעלן אַוועק די אידן אין אַן ערגערער לאַגע ווי די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג; באַזונדערס בעטן די אידן אָפּצושאַפן די באַ־זונדערע שטייערן אויף כשר פלייש און אויף די שבת־ליכט. אַגב מוז מען פאַרשרייבן די שאַנד, אַז עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אידן, וועלכע האָבן זיך געווענדט מיט אַ פּעטיציע קיין ווין, בעטנדיק, אַז מען זאָל נישט אָפּשאַפן די אידישע שטייערן! דאָס זיינען געווען די פאַכטערס פון די אידישע שטייערן, וועלכע האָבן צוליב זייער „גע־שעפט" מקריב געווען אידישע כלל־אינטערעסן. און די דאָזיקע פאַרעטער האָבן נאָך געוואַגט צו באַהויפּטן אין זייער פּעטיציע, אַז אידן בעטן מען זאָל די שטייערן אויף כשר פלייש און אויף די שבת־ליכט נישט אָפּשאַפן. דאָ איז נאָך כדאי צו דערמאָ־נען, אַז די לעמבערגער פּאָליאַקן האָבן אין זייער פּעטיציע (אַדרעס) צום רייכסטאַג געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר אידן און די אָפּשאַפונג פון די אידישע שטייערן. די דאָזיקע פּעטיציע האָט אויך אונטערגעשריבן דער לעמבערגער אַרציביסקופּ וויערזש־בלעיסקי.

מיר ווילן דאָ איבערגעבן עטלעכע שטעלן פון דעם אידישן „אַדרעס", וועלכן פּראָפ. באַלאַבאַן האָט פאַרעפנטלעכט אין דייטשן אָריגינאַל אין די „היסטאָרישע שריפטן" פון ייוואָ, (צווייטער באַנד). נאָך אַן אַריינפיר פון מליצהדיקער פּראָזע דער־קלערן די אויטאָרן פון דעם אַדרעס, אַז „די אידן זיינען די איינציקע, וועלכע די פרייד פון דער נייער פרייהייט האָט נאָך נישט באַפרייט פון דער פאַרשאָלטענער פאַרגאַנ־גענהייט; די אידן זיינען דאָס די, אויף וועלכע דער אַראָפּגעוואָרפענער רעגירונגס־סיסטעם האָט צום שווערסטן געלאַסטעט; זיי האָבן צום מערסטן געליטן אונטער זיין קללה..."

די אויטאָרן פונעם אַדרעס ווייזן אָן, אַז ווען עסטרייך האָט אָקופּירט גאַלי־ציע (און דאָ איז כדאי אונטערצושטרייכן דאָס וואָרט „אָקופּאַציע" וואָס זיי באַ־נוצן), האָבן די אידן שוין זייט זיבן יאָרהונדערטער געהאַט זייער היים אין פּוילן, וואו זיי האָבן געהאַט ברייטע פּריווילעגיעס און פולע פרייהייט זיך צו פאַרנעמען מיט אַלע פּרנסות, נישט שטערנדיק זיי צו דערווערבן באָדן־באַזיין סיי אין די שטעט, ווי אויך אין די דערפער. ווייטער דערמאָנען די אויטאָרן פונעם אַדרעס, אַז „אונטער דער קראַפּטפולער און מענטשנפריינטלעכער רעגירונג פון קייסער יאָזעף דעם צווייטן"

איז זיי געזעצליך דערלויבט געווען צו דערוערבן יעטווערן באָד־באַזיץ און ס׳איז אַלץ געוואָרן צוגעגרייט כדי זיי צו דערמעגלעכן „דעם פולן געניס פון די ציווילע רעכט גלייך מיט די בירגער פון אַנדערע רעליגיעס" — וואָס ס׳איז אגב היסטאָריש נישט ריכטיק.

„ערשט שפּעטער — זאָגט זיך אינעם אַדרעס — האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן באַשרענקונגען איינע נאָך דער אַנדערער, און ס׳איז די אידן פאַרבאָטן געוואָרן נישט בלויז צו קויפן באָדן, נאָר אויך די אַרענדע פון גיטער, מילן, גאָראַלניעס (בראָנפן־ברענערייען), שענק, וכדומה, און דורך דעם זיינען זיי געוואָרן אויסגעשלאָסן פון מעגן וואוינען אין די דערפער, און באַשרענקט געוואָרן נישט צו טאָרן קויפן אין די שטעט־לעך קיין אַנדערע הייזער סיידן אַזעלכע וואָס געהערן צו אידן און אין די גרויסע שטעט מעגן זיי קויפן הייזער נאָר אין זייטיקע געסלעך און זיי טאָרן אויך נישט וואוינען אין די הויפּט־גאַסן, נישט דאָרט עפענען אַ געשעפט אָדער אַ וואַרשטאַט."

„און ביי די דאָזיקע באַשרענקונגען מוזן די אידן, וועלכע דערפילן געטריי אַלע בירגער־פליכטן, נאָך הוין די אַלגעמיינע שטייערן צאָלן שטייערן פון כשר פלייש, דורך וואָס עס ווערט פאַר דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג אוממעגלעך צו קע־נען קויפן דאָס דאָזיקע וויכטיקסטע לעבנס־מיטל, און אויך די ליכט־שטייער, וועלכע איז אַ דירעקטע רעליגיע־שטייער, און וועלכע רייסט אַרויס ביי דער אידישער אָרימ־קייט דעם לעצטן פעניג."

ווייטער דערמאָנט דער אַדרעס דעם עלנט און די אָרימקייט פון די אידישע מאַסן, וועלכע ווערט אַרויסגערופן דורך די דאָזיקע שטייערן און דורך די געזעצלעכע באַ־שרענקונגען און וואָס די דאָזיקע אומגערעכטע, ספּעציעל אידישע, שטייערן ווערן נאָך אַלץ געריסן ביי דער אידישער באַפעלקערונג נישט קוקנדיק אויף דער פּראָקלאַמירטער רעליגיעזער פרייהייט. און אויף די גלייכע שטייערן פאַר אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון גלויבן. דער אידישער אַדרעס פאָדערט אַלזאָ, אַז דער „הויכער רייכסטאַג זאָל די פרייהייט און די רעכטלעכע גלייכהייט פון אַלע בירגער מאַכן פאַר אַן אמת, און ער זאָל אָפּשאַפן דאָס אומרעכט."

„קאָן מען רעדן פון גערעכטיקייט — פרעגן די אידן — דאָרט וואו שטאַטס־בירגער, וועלכע דערפילן שוין פון לאַנג אַלע בירגער־פליכטן, ווערן געזעצליך אויסגעשלאָסן פון געוויסע פרנסה־צווייגן און פון באַזיצונגען?... קאָן זיין די רייד פון רעליגיעזער פרייהייט, וואו עס זיינען באַשטימט פרעמיעס פאַר די, וועלכע פאַר־לאָזן דעם גלויבן פון זייערע עלטערן, און וועלכע באַקומען דערפאַר פּאָליטישע רעכט?"

אין אָט אַזאַ טאָן איז געהאַלטן דער אידישער אַדרעס, וועלכער איז רעדאַקטירט געוואָרן פון די פאָרשטייער פון דער לעמבערגער קהילה נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט די פאָרשטייער פון די גרעסערע קהילות אין מזרח־גאַליציע. און מען מוז מודה זיין, אַז מיט דעם דאָזיקן „אַדרעס" האָבן די „פאָרגעשריטענע" קהילה־פאָרשטייער פון לעמבערג מכפר געווען אַביסל אויף זייערע זינד, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען קעגן דער גרויסער מאַסע פון די רעליגיעזע אידן.

דער דאָזיקער אַדרעס איז איבערגעשיקט געוואָרן צום רייכסטאַג אין ווין. אָבער די נייע קערפּערשאַפט האָט קענטיק זיך נישט געריסן צו דעם אידישן ענין. עס זיינען

געוועזן וויכטיקערע זאכן אויפן טאָג־אָרדנונג ווי די רעכט פון די אידן. דערוויל האָט זיך די רעאַקציע געשטאַרקט און דער רייכסטאַג איז איבערגעפירט געוואָרן קיין קרעמזיר, אַ קליין שטעטל אין מערן. דאָרט איז זי געקומען אויפן טאָג־אָרדנונג, און ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָט דער ווינער פרעדיקער נח מאַנהיימער, וועלכער איז אויסגעוויילט געוואָרן פון די אידן פון בראָד אַלס זייער פאַרשטייער, געהאַלטן זיין באַרימטע רעדע אין וועלכער ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן די אויסנאַמס־געזעצן און געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר די אידן.

אָבער אויך דער קרעמזירער רייכסטאַג האָט נישט געהאַט קיין אריכות ימים. די רעאַקציע, פילנדיק זיך שטאַרקער, האָט מבטל געווען די רעכט, וועלכע די רעגירונג האָט געגעבן אין אַ מאָמענט פון פחד. דער קרעמזירער רייכסטאַג איז געוואָרן פאַנאַנדערגעטריבן נאָך איידער ער האָט געקאָנט דורכפירן די נויטיקסטע רעפאָרמען. אַזוי איז אויך די אידישע לאַגע געבליבן ביים אַלטן. אין עסטרייך איז ווידער איינגעפירט געוואָרן דער צענטראַליסטישער אַבסאָלוטיזם — צום שאָדן נישט בלויז פון די פעלקער נאָר פון דער מלוכה און פון די האַבסבורגער גופא — ביז צום יאָר 1867, ווען עסטרייך, נאָך פאַרלוירענע צוויי מלחמות, האָט ווידער געמוזט זוכן אַן אָנשפאַר אין די פעלקער און אין אַ קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים.

— 5 —

## די תקופה פון 1867 ביז 1907

כדי זיך צו קענען מאַכן אַ באַגריף וועגן דער אידישער פּאָליטיק אין גאַליציע אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער תקופה איז נויטיק קודם צו געבן אַ קורצן איבערבליק איבער דער נייער קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדנונג אין עסטרייך און איבער דעם אופן פון „דעמאָקראַטיע” וואָס האָט דאָרט געהערשט אין דער תקופה פון 1867 ביז 1907.

נאָך די פאַרלוירענע מלחמות קעגן איטאַליע און קעגן פּרייסן, האָט די ווינער רעגירונג (מיניסטער בויסט) אין יאָר 1867 איינגעפירט אַ געמעסיקט ליבעראַלן קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרטרעטונג פאַר גאַנץ עסטרייך, אונגאַרן האָט צוריק באַקומען איר פולשטענדיקע מלוכהשע סואווערעניטעט, נאָר אַלע צען יאָר האָט געמוזט ווערן אָפּגעשלאָסן אַן אויסגלייך צווישן אונגאַרן און די עסטרייכישע לענדער (אָפיציעל: „די אים רייכסראַט פאַרטרעטענע קעניגרייכע אונד לענדער”), וועגן די פאַרשידענע געמיינזאַמע אינטערעסן, ד"ה וועגן די געמיינזאַמע פינאַנצן, די אַרמיי, וועגן דעם פּראָצענט וואָס אונגאַרן דאַרף ביישטראָגן צו די געמיינזאַמע אויסגאַבן פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, וכדומה.

דער נייער קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים אין עסטרייך האָט זיך אָבער געשטיצט נישט אויף אַלגעמיינע גלייכע און דירעקטע וואַלן, נאָר אויף אַ קוריען־סיסטעם. עס זיינען איינגעפירט געוואָרן פיר באַזונדערע וואַל־קוריעס: די ערשטע קוריע איז געווען פון די גרויסע ערד־באַזיצער, די צווייטע — פון די האַנדלס־קאַמערן, די דריטע

פֿון די שטעט, וואו עס האָבן געהאַט וואַל־רעכט נאָר די וואָס האָבן געצאָלט אַ דירעקטע שטייער און די פּראָפעסיאָנאַלן און באַאַמטע, און די פֿירטע קוריע איז געווען פֿון די „לאַנד־געמיינדעס”, דאָס הייסט די דערפֿער און די קליינע שטעטלעך, וואו עס האָבן אויך נאָר געהאַט וואַל־רעכט יענע פּויערים, קרעמער און באַלמעלאָכעס, וועלכע האָבן געצאָלט אַ דירעקטן שטייער. די גרויסע מאַסע פֿון פֿאָלק, די באָדנלאָזע פּויערים, די אַרבעטער און בכלל די אָרימע, וועלכע האָבן נישט געצאָלט קיין דירעקטע שטייערן, האָבן נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט.

צו דער דאָזיקער צעטיילונג פֿון דער מלוכה אין קוריעס, וועלכע איז געווען געגנונג צעטיילט אין פֿאַרשידענע לענדער און פֿעלקער, איז נאָך צוגעקומען די אומגערעכטיקייט, וואָס די בירגער פֿון די פֿאַרשידענע קוריעס האָבן נישט געהאַט קיין גלייכע רעכט. עס זיינען געווען וואַל־קרייזן פֿון גרויסן ערד־באַזיץ, וואו דריי פֿעאָדאַלאַריסטאָקראַטן האָבן אויסגעקליבן איינעם פֿון זיך אַלס „אַבגעאָרדענטן” (דעפּוטאַט) צום פּאַרלאַמענט. און עס זיינען געווען דאָרפֿישע וואַל־קרייזן, וואו 70 אָדער 80 טויזנט פּויערים האָבן אויך אויסגעוויילט איין דעפּוטאַט. דאָס זעלבע איז געווען מיט די האַנדלס־קאַמערן, וואו עטלעכע רייכע סוחרים און אינדוסטריאַלן האָבן געהאַט איין דעפּוטאַט, און אַ גאַנצע שטאָט פֿון טויזנטער מיטעלע סוחרים, אינדוסטריאַלן, באַלמעלאָכעס און פּראָפעסיאָנאַלן האָבן אויך געהאַט אַ רעכט נאָר אויף איין דעפּוטאַט. דאָס איז אגב אויך געווען אַ אידישע פּריווילעגיע. די דריי האַנדלס־קאַמערן אין גאַליציע האָבן געוויילט אידישע דעפּוטאַטן.

דערצו זיינען די וואַלן אין די דאָרף־געמיינדעס געווען אומדירעקטע און אָפענע, אַזוי אַז ס'איז געווען אָפּן טיר און טויער פֿאַר כלערליי שווינדלען און פֿאַרגוואַלדיקונגען. מען דאַרף דערביי געדענקען דעם הויכן פּראָצענט פֿון אַנאַלפֿאַבעטן צווישן די פּויערים, באַזונדערס אין גאַליציע און דאַלמאַטיע. און טאָמער איז די צעשפּאַלטונג פֿונעם שטאַט אין באַזונדערע קוריעס געווען נאָך צו ווייניק, זיינען די וואַלן אין די פֿאַרשידענע קוריעס פֿאָרגעקומען נישט אין איין טאָג, נאָר אין פֿאַרשידענע טערמינען, אַזוי אַז אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט פֿאַרשפּילט אין איין קוריע, האָט שפּעטער אָנגעווענדט אַלע שווינדלען און געוואַלד־מיטלען, כדי אויסצוגלייכן איר שאָדן אין די אַנדערע קוריעס. פֿאַרשטענדלעך, אַז גאָר יענע פּאַרטייען האָבן דאָס געקענט טאָן וועלכע האָבן געהאַט די שטיצע פֿון די רעגירונגס־אָרגאַנען.

די דאָזיקע צעשפּאַלטונג פֿונעם לאַנד אין קוריעס האָט אָפּגעשוואַכט דעם עסטרייכישן שטאַט נאָך מער ווי עס האָבן דאָס געקענט באַווייזן די אינערלעכע נאַציאָנאַלע און קלאַסן־קאַמפֿן. דער קוריען־סיסטעם האָט אָבער געהערשט נישט בלויז ביי וואַלן צום צענטראַלן ווינער פּאַרלאַמענט, נאָר אויך צו די סיימען („לאַנדטאַגן”) פֿון די איינצלנע לענדער, אין די מוניציפּאַלע וואַלן און פֿאַרשטענדלעך אַז אויך אין אונדזערע קהילות. אין די קהילות זיינען געווען נאָר דריי קוריעס און דערצו זיינען די וואַלן געווען ענלעך צום פּרייסישן דריי־קלאַסן־וואַל־סיסטעם. יעדער קלאַס האָט אויסגעקליבן אַ גלייכע צאָל עלעקטאָרן; דער קלאַס פֿון די קליינע שטייער־צאָלער, האָט געהאַט פּונקט אַזוי פֿיל עלעקטאָרן ווי דער קלאַס פֿון די גרויסע סוחרים, כאָטש דער ערשטער איז געווען אין צאָל אפשר צען מאָל אַזוי פֿיל ווי דער צווייטער. די גרויסע

מאַסן פון די אידן וועלכע האָבן נישט געצאָלט קיין דירעקטע קהילה־שטייערן (זיי האָבן נאָר געצאָלט אומדירעקטע שטייערן, ווי פון כשר פלייש (פאַר שחיטה), און אַנדערע רעליגיעזע באַדערפענישן) — זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום וואַל־רעכט צו דער קהילה.

ווי ווייט דער קוריען־סיסטעם האָט זיך אויסגעווירקט אין דער מוניציפּאַלער פּאָליטיק, וויל איך דאָ באַלויכטן מיט איין פאַקט: דער פּוילישער סאָציאַליסטן־פירער, איגנאַצי דאַשינסקי, האָט נישט געקענט באַקומען קיין מאַנדאַט צום קראַקויער שטאָט־ראַט, ווייל די אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט; ערשט די אידישע קרעמער פון קאַזימיערזש (די אידישע געגנט פון קראָקע), וועלכע האָבן געהאַט צען מאַנדאַטן צום שטאָט־ראַט, האָבן „געשאָנקען אַ מתנה" די פּוילישע אַרבעטער און געשטעלט דאַשינסקין אויף זייער וואַל־ליסטע. אַזוי איז דאַשינסקי דורך עטלעכע קאַדענצן אויסגעקליבן געוואָרן פון די אידישע קליינהענדלער, כדי די פּוילישע אַרבעטער זאָלן האָבן אַ פאַרטרעטער אינעם שטאָט־ראַט פון קראָקע.

קעגן דעם דאָזיקן קוריען־סיסטעם האָבן די אַרבעטער געפירט אַן עקשנותדיקן און פאַרביטערטן קאַמף. די פאָדערונג פון אַלגעמיינעם גלייכן און דירעקטן וואַל־רעכט איז געווען יאָרנלאַנג דער ערשטער פּונקט פון די סאָציאַליסטישע מאַי־דעמאָנסטראַציעס, הוץ געוויינלעכע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס אַ גאַנץ יאָר, אויף וועלכע ס'איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די דאָזיקע פאָדערונג.

וועלנדיק באַרויִקן דאָס פאָלק און אָפּשוואַכן די סאָציאַליסטישע דעמאָנסטראַציעס האָט דער דער עסטרייכישער מיניסטער־פּרעזידענט, דער פּוילישער גראַף קאַזשימיערזש באַדעני, וועלכער האָט איבערגענומען די רעגירונג אין יאָר 1895, אויסגעאַרבעט אַ וואַל־רעפאָרם, צוגעבנדיק צו די עקזיסטירנדיקע פיר קוריעס, אַ פינפטע „אַלגעמיינע קוריע". אַנשטאָט אָפּצושאַפן דאָס קוריען־סיסטעם און איינצופירן אַלגעמיינע גלייכע וואַלן, האָט באַדעני געלייגט אַ לאַטע אויפן קוריען־סיסטעם. דורך דער פינפטער קוריע, וועלכע איז געווען אַן אַלגעמיינע און וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע עסטרייכישע בירגער, אויך יענע, וועלכע האָבן געהאַט וואַל־רעכט אין די פריער עקזיסטירנדיקע פיר קוריעס, האָט זיך נאָר בולטער און שאַרפער אַרויסגעוויזן די גאַנצע אומגערעכטיקייט פונעם קוריען־סיסטעם. די פינפטע קוריע, דאָס הייסט אַלע בירגער פון דער מלוכה, האָבן באַקומען 72 מאַנדאַטן, בעת די פיער, מער אָדער ווייניקער פּריווילעגירטע, קוריעס האָבן געשיקט צום פּאַרלאַמענט 360 דעפּוטאַטן.

די פינפטע קוריע האָט נישט „באַרויִקט" די פאָלקסמאַסן און נישט באַוויזן אָפּצושוואַכן דעם קאַמף פאַר אַ גערעכטער רעפאָרם פון וואַל־רעכט און פון וואַל־סיסטעם. און נאָך לאַנגע יאָרן פון קאַמף איז דער אַלטער קייזער פראַנץ יאָזעף אַליין געוואָרן איבערצייגט, אַז מען מוז געבן דעם פאָלק די געפאָדערטע רעכט. דער קייזער איז געוואָרן דער אייפעריקסטער פאַרטיידיקער פון דעם אַלגעמיינעם וואַל־רעכט, זעענדיק אין דעם די רעטונג פון דער, דורך נאַציאָנאַלע קאַמפן, צעטרייסלטער עסטרייך. דער קייזער איז דאַן אַרויסגעטראָטן פון זיין דינאַסטישער רעזערווירטקייט און ממש זיך

אַריינגעוואָרפן אין „קאַמף" פאַר דער וואַל־רעפאָרם. ער האָט נאָמינירט אַלס מיניס־
טער־פּרעזידענט דעם ליבעראַלן ביוראָקראַט באַראָן גאַוטש, און ער האָט איינגעלאַדן
צו זיך די פאַרשידענע קעגנער פון אַלגעמיינע וואַלן, באַזונדערס פון די קאָנסערוואַטי־
ווע, קלעריקאַלע און פעאָדאַלע פּאַרטייען, און אַרום סוף 1906 האָט דער רייכס־ראַט
אָנגענומען דאָס געזעץ דורך וועלכן עס זיינען איינגעפירט געוואָרן אין דער אַלטער
עסטרייך אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע און דירעקטע וואַלן.

יענע יאָרן פון קאַמף פאַר אַ גערעכטער וואַל־רעפאָרם, און דעם ערשטן וואַל־
קאַמף אויפן יסוד פון אַלגעמיינע וואַלן, ווען די אידן פון גאַליציע (און אויך פון בו־
קאָווינע און ווין) האָבן צום ערשטן מאָל אַרויסגעשטעלט אייגענע קאַנדידאַטן, אומ־
אָפּהענגיק פון נישט־אידישע פּאַרטייען, — יענע יאָרן און יענעם קאַמף קאָן מען
באַצייכענען אַלס די פּאָליטיש אינטערעסאַנטסטע צייט אין עסטרייך און אויך אין
פּאָליטישן לעבן פון די גאַליצישע אידן.

— 6 —

### פּאָליטישע קאַמפן פון דער צייט פון קוריען־סיסטעם

כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע צייט מיט אירע קאַמפן, פּאָליטישע באַוועגונגען און
פּאַרטייען, מוזן מיר נאָך אַמאָל וואַרפן אַ בליק אויף צוריק. וואָרים די גאַליצישע אידן
האָבן, ווי מיר האָבן שוין געזען, נישט ערשט אין 1907 אָנגעהויבן צו נעמען אַנטייל
אינעם פּאָליטישן לעבן. אידן אין גאַליציע האָבן געפירט גאַנץ היציקע וואַל־קאַמפן אין
דער תקופה צווישן 1867 און 1897 און אויך פריער און שפּעטער. אָבער יענע וואַל־
קאַמפן, ווי למשל דער גאַנץ הייסער וואַל־קאַמף צווישן דר. בלאָך און דר. ביק אין קאָ־
לאָמיי אין יאָר 1885, זיינען דאָך געווען קאַמפן אָן אַ שום דעפינירטן אידיש־פּאָליטישן
פּראָגראַם. קודם־כל איז כדאי צו רופן די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פאַקט, אַז עס
זיינען געווען אין גאַליציע אַזעלכע וואַל־קרייזן, וואו נאָך ביים אַלטן קוריען־סיסטעם
איז מעגלעך געווען אַז איין איד זאָל קעמפן קעגן אַן אַנדערן פאַר אַ מאַנדאַט, און דער
אידישער מאַנדאַט זאָל דערביי נישט פאַרלוירן גיין. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיי־
נען אָפט אידישע מאַנדאַטן פאַרלאָרן געגאַנגען, צוליב דעם אינערן קאַמף צווישן אידן.

ביים קאַמף בלאָך־ביק אין 1885 אין קאָלאָמיי, איז נאָך אינטערעסאַנט דער דאָ־
זיקער אומשטאַנד, וואָס סיי דער איינער ווי דער אַנדערער האָבן קאַנדידירט אויפן
פּראָגראַם פון דער איינהייט (פונעם „קאָלאָ פּאָלסקיע") ד"ה פונעם קלוב פון די פּוי־
לישע דעפּוטאַטן אין ווינער פּאַרלאַמענט. די גאַליצישע פּאָליאַקן האָבן דעמאָלט גע־
פירט אַ פּאָליטיק, וועלכע האָט געפאָדערט, אַז אַלע דעפּוטאַטן פון גאַליציע זאָלן באַ־
לאַנגען צום איינהייטלעכן קלוב פון די פּוילישע דעפּוטאַטן, דעם „קאָלאָ פּאָלסקיע".
אינעם „קאָלאָ פּאָלסקיע" זיינען געווען דעפּוטאַטן מער אָדער ווייניקער דעמאָקראַטי־
שע, קאָנסערוואַטאָרן (די מערהייט), קלעריקאַלן און אידן. די אידן פונעם „קאָלאָ
פּאָלסקיע" האָט אַמאָל אַ אידישער פּובליציסט, דר. שואל רפאל לאַנדוי, אין אַ באַ־
זונדערער בראָשורע באַצייכנט אַלס „די הויז־יודען דעם פּאָלענקלובס". דאָס זיינען

געווען אידן, הויז־אידן פון די פּאַליאַקן, אידן מיט וועלכע דער פּוילישער קלוב האָט זיך אָפּט באַנוצט, אַרויסשיקנדיק זיי זייער אָפּט צו וויכטיקע פּאַרלאַמענטאַרישע דעבאַטן צו פאַרטיידיקן די פּויליש־גאַליצישע אינטערעסן, אָבער אין אידישע אינטערעסן האָבן זיי נישט געטאָרט אַרויסטרעטן אויף דער פּאַרלאַמענטאַרישער טריבונע, און זיי האָבן אויך נישט געהאַט די פרייהייט צו שטימען אַזוי ווי דער אינטערעס פון די אידן האָט געפאָדערט אָן דער דערלויבעניש פונעם פּוילישן קלוב. זיי האָבן אָפּט געמוזט שטימען צוזאַמען מיטן פּוילישן קלוב, אַפילו ווען אַזאַ אָפּשטימונג איז געווען קעגן די אידישע אינטערעסן. און אַפילו אונטערשרייבן אַן אינטערפּעלאַציע צו דער רעגירונג וועגן אַ אידישן ענין האָבן זיי נישט געטאָרט אָן דער דערלויבעניש פונעם פּרעזידענט פונעם פּוילישן קלוב.

דאָ וויל איך נאָך באַמערקן, אַז אין פּוילישן קלוב זיינען תמיד געווען אַ זעקס־זיבן אידישע דעפּוטאַטן: דריי פון די האַנדלס־קאַמערן: קראָקע, לעמבערג, בראָד, און אַ דריי־פיר אויסגעוויילטע פון די שטעט. נישט אַלע זיינען געווען אַסימילאַנטן. צום ביישפּיל דער רב פון קראָקע הרב שמעון שרייבער, אַ זון פונעם חתם סופר, אַ קעמפער פאַר דער שטרענגסטער אָרטאָדאָקסיע, וועלכער איז אין יאָר 1879 אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צום ווינער פּאַרלאַמענט, טאַקע אויך אין קאָלאָמיי, איז אויך אַריינגעטראָטן אין פּוילישן קלוב, כאָטש ער האָט נישט געקענט קיין וואָרט פּויליש. שרייבער, וועלכן די אָרטאָדאָקסן פון דער מחזיקי הדת פּאַרטיי האָבן אויסגעקליבן אַלס רב פון קראָקע, איז געווען אַ געבוירענער פון מאַטערסדאָרף, אונגאַרן, ער האָט זיכער קיין שום פּוילישע אינטערעסן נישט געהאַט. אים האָט אינטערעסירט נאָר די אידישע אָרטאָדאָקסיע, און זיין אַריינטרעטן אין פּוילישן קלוב איז געווען אַ מין שטילער אָפּמאַך צווישן די אָרטאָדאָקסן פון מחזיקי הדת און דער הערשנדער פּוילישער פּאַרטיי אין גאַליציע: מיר שליסן זיך אָן אין פּוילישן קלוב, מיר וועלן שטיצן די פּוילישע אינטערעסן, און איר וועט דערפאַר שטיצן אונז, אָרטאָדאָקסן, קעגן די וואָס ווילן מאָדערניזירן דאָס אידישע לעבן, דורך שקאָלעס און אויפקלערונג.

דעמאָלט זיינען נאָך קיין אָרגאַניזירטע פּאָליטישע פּאַרטייען מיט פּאָליטישע פּראָגראַמען ביי אידן אין גאַליציע נישט געווען, אָבער עס זיינען געווען רעליגיעזע פּאַרטייען; ס'איז געווען אַ קאַמף צווישן די וואָס האָבן געוואָלט אַביסל מאָדערניזירן, אייראָפּעאיזירן, פּאַרוועלטלעכן, אויפקלערן דאָס אידישע לעבן קעגן די שטרענגע אָרטאָדאָקסן, וועלכע האָבן געוואָלט דערהאַלטן דאָס אַלטע לעבן, מיט די אַלטע מנהגים, מיט דער אַלטער אידישער קליידונג, מיט דעם אַלטן חדר — נישט צולאָזנדיק קיין שום השפּעה פון דרויסן. און אַפילו אָן פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע פּאַרטייען איז דער קאַמף געפירט געוואָרן מיטן גאַנצן אידישן ברען און מיט דער גאַנצער ליידנשאַפט.

וועגן דעם דאָזיקן קאַמף וועמעס אָנפאַנג גרייכט ביז אין די ערשטע יאָרן פונעם 19־טן יאָרהונדערט, און וועלכער האָט געהאַט אַלע סימנים פון אַ קולטור־קאַמף, אַ קאַמף איבער פאַרשידענע באַנעמונגען פון רעליגיע און אידישקייט, האָבן מיר שוין אויבן גערעדט. דאָ ווילן מיר זיך אומקערן צו יענעם עפּיזאָד, דעם וואַל־קאַמף צווישן בלאָך און ביק אין קאָלאָמיי, אינעם וואַל־קרייז, וועלכן עס האָט פריער פאַרטראָטן אין פּאַרלאַמענט דער דערמאָנטער אָרטאָדאָקסישער רב שרייבער. ווען הרב שרייבער איז

געשטאָרבן אין 1883, איז ביי אַ דערגענצונגס־וואַל געוואָרן אויסגעקליבן אויף זיין אָרט דער ראַבינער פון פלאָרידסדאָרף (דעם שפּעטערדיקן 21־טן ווינער באַצירק), דר. יוסף שמואל בלאָך.

צווישן הרב שרייבער און דעם ראַבינער דר. בלאָך איז פאַר פרומע אידן און ספּעציעל פאַר חסידים געווען אַזאַ אונטערשייד ווי צווישן פייער און וואַסער. פאַר די שטרענגע אָרטאָדאָקסן און פאַר די חסידים איז אַזאַ איד ווי דר. בלאָך באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אַפּיקורס. ווי אַזוי־זשע איז דאָס מעגלעך געווען, אַז אין דעם זעלבן וואַלקרייז, וואו ס'איז פריער געווילט געוואָרן הרב שרייבער, זאָל מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אויסגעקליבן ווערן דר. בלאָך? איז קענטיג, אַז די שטרענגע אָרטאָדאָקסיע האָט שוין דאַן נישט באַהערשט דאָס גאַנצע אידישע לעבן, און אַז אַפילו צווישן די פרומע אידן זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען אַז אַ פּאָליטישער רעפּרעזענטאַנט פון די אידן מוז נישט זיין דווקא אַן אָרטאָדאָקס. דאָס לערנט אונדז דער וואַלעפּיזאָד פון 1883. אָבער אין 1885 אינעם וואַל־קאַמף צווישן דר. בלאָך און דר. ביק זעען מיר אין דעם זעלבן וואַל־קרייז אַ נייע פּאָליטישע דערשיינונג: אַ פּאָליטישע דיפערענצירונג צווישן די מער אידיש־באַוואוסטזיניקע (היינט וואָלטן מיר זאָגן, מער דעמאָקראַטישע) אידישע וויילער און די וואָס זיינען מער גענייגט צו גיין צוזאַמען מיט די פוילישע פּריצים. די לעצטע זיינען נאָך נישט קיין אַסימילאַנטן, אָבער פּאָליטישע אָפּאָרטוניסטן זיינען זיי, זיי ווילן זיך נישט אַקעגנשטעלן קעגן דער הערשנדער פּאַרטיי, דאָס הייסט קעגן סטאַראָסטע, קעגן דעם סענדזיע, די באַאַמטע און דעם שטייערעקזעקוטאָר, וועלכע האָבן אַלע געשטיצט די קאַנדידאַטור פון דר. ביק — כאָטש די ווינער רעגירונג פון איר זייט האָט זיכער געוואָלט האָבן דעם דר. בלאָך. געווײלט געוואָרן איז דאַן טאַקע דער דר. בלאָך. אין יענעם מאָמענט איז דר. בלאָך געווען אַזוי צו זאָגן דער קאַנדידאַט פונעם נאַציאָנאַלן און דעמאָקראַטישן אידנטום. אינעם דאָזיקן וואַל־קאַמף פון 1885 צווישן בלאָך און ביק זעען מיר אַלזאָ אַ נייע פּאָליטישע דיפערענצירונג אינעם גאַליציאַנער אידנטום, כאָטש צו קיין אויסקריסטאַליזירונג פון פּאָליטישע פראָגראַמען קומט עס נאָך נישט. און נאָך איין כאַראַקטעריסטישער מאָמענט פון דער דעמאָלט פאָרגעקומענער אָדער זיך גרייטנדיקער פּאָליטישער דיפערענציע ביי די גאַליציאַנער אידן: דער בעלזער רבי האָט דאַן געגעבן אַ וואונק זיינע חסידים, זיך נישט אַריינצומישן אין קאַמף און נישט צו נעמען קיין אַנטייל אין די וואַלן. דאָס האָט ערשט נישט לאַנג איבערגעגעבן דער באַוואוסטער פּובליציסט גרשם באַדער אין זיינע זכרונות־אַרטיקלען אינעם „מאָרגן־זשורנאַל”. בעלז האָט דאַן אַזוי אַרגומענטירט: די רעגירונג וויל האָבן אַזאַ דעפּוטאַט ווי דר. בלאָך, קאָן מען קעגן דעם גאָרנישט טאָן, אָבער „איידער צו האָבן אַזאַ איד ווי בלאָך איז שוין בעסער אַ גוי!” דאָ איז גאַנץ עקזאַקט אויסגעדריקט די פּאָזיציע פון בעלז לגבי דער נאַציאָנאַלער אידישער פּאָליטיק: „איידער אַזאַ איד, איז שוין בעסער אַ גוי”. בעלז האָט געהאַלטן פון אַבסאָלוטער פינצטערניש. אַפילו די אגודת ישראל מיט אירע דרכים זיינען פאַר בעלז געווען אַפּיקורסות.

## אַ קורצע פּאָליטישע כאַראַקטעריסטיק פון צוויי פּערזענלעכקייטן

דאָ וויל איך נאָך געבן אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון די צוויי מענער, וועגן וועלכע עס האָט זיך ערשט גערעדט: וועגן דר. בלאָך און דר. ביק. וואָרים די צוויי זיינען נישט געווען בלויז עפּיזאָדישע געשטאַלטן. דאָס זיינען צוויי פּערזאָנען, וועלכע האָבן אַ לאַנגע צייט געשפּילט אַ ראָלע אין דער אידישער פּאָליטיק אין גאַליציע און אין עסטרייך.

דר. יוסף שמואל בלאָך איז געווען אַ זון פון אַן אָרימען באַלמעלאָכע אין יאַסלע, גאַליציע, נאָכן ענדיקן די ראַבינער סטודיען איז ער געוואָרן אויפגענומען אַלס ראַבינער אין פלאָרידסדאָרף ביי ווין. אַלס אַ באַדייטנדער תלמודיסט האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט צו „כאַפּן ביי דער האַנט" די פאַרשידענע אַנטיסעמיטישע פעלשונג פון תלמוד-ציטאַטן. באַזונדערס האָט ער זיך קונה-שם געווען מיט זיין היסטאָריש באַרימטן קאַמף קעגן דעם קאַטוילישן גלח און פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע, אויגוסט ראָהלינג, פון פּראָג, וועלכער האָט אָנגעפירט אַ קאַמפּאַניע קעגן אידנטום, פאַרשפּרייטנדיק אין שריפטן דעם עלילת-דם געשטיצט אויף געפעלשטע ציטאַטן פון תלמוד. באַזונדערס געפערלעך האָט ראָהלינג געקענט ווערן אין שייכות מיטן עלילת-דם אין טיסאַ-עסלאַר, וואו די אַנטיסעמיטן פון עסטרייך, אונגאַרן און דייטשלאַנד האָבן מיט געוואַלד געוואָלט קאָנסטרואירן אַ ריטועלן מאָרד. די געשיכטע פון טיסאַ-עסלאַר איז געווען באַקאַנט יעדן אידן און איך וויל מיך דאָ ווייטער מיט דעם ניט אויפהאַלטן. אַזוי ווי ראָהלינג האָט געוואָלט אויסנוצן דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון טיסאַ פאַר זיינע געמיינע העצערייען און פאַרלוימדונגען, איז דר. בלאָך אַרויס מיט אַ שאַרפער אַרויספאָדערונג אַקעגן אים, דערקלערנדיק דעם דאָזיקן פּראָפעסאָר פון דער הייליקער טעאָלאָגיע אַלס אַ גראָבן יונג און אַ שווינדלער. בלאָך האָט זיך דאַן דערקלערט גרייט צו באַצאָלן 500 גילדן (דאָס איז דאַן געווען אַ הון מיט געלט), .אויב ראָהלינג וועט באַווייזן צו איבערלייענען פאַר צוויי קריסטלעכע טעאָלאָגן כאָטש צוויי שורות אין וועלכער ס'איז מסכת פון תלמוד.

צוגעקוועטשט צו דער וואַנט, האָט ראָהלינג געמוזט אַריינטראָגן אין געריכט אַן אָנקלאַגע קעגן דר. בלאָך. פאַר בלאָכן איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז ער וועט דעם פּראָצעס געווינען. אָבער צו פירן אַזאַ פּראָצעס, צו ברענגען עדות און וויסנשאַפטלעכע עקספּערטן האָט זיך געפאָדערט געלט. בלאָך האָט זיך געווענדט צו די ווינער גרויסע אידן, צו די ראָטשילדס, די גוטמאַנס א. א. אָבער די „גרויסע" אידן האָבן דווקא געוואָלט פאַרהיטן עס זאָל נישט קומען צו דעם פּראָצעס. בלאָך האָט זיך אָבער פאַרעקשנט — דאָס איינע מאָל וואָס ער האָט זיך פאַרעקשנט קעגן די רייכע געלט-אידן. דער סוף איז געווען אַז ראָהלינג האָט פּהדנותדיק צוריקגערופן זיין אָנקלאַגע. דאָס איז געווען אַ גרויסער אידישער זיג קעגן אַן אַנטיסעמיטישן פאַרלוימדער און שווינדלער, אַ פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע. דערפאַר טאַקע זיינען גאַליצישע אידן

געווען דאַנקבאַר און אויסגעקליבן דעם דר. בלאָך אַלס זייער פאָרשטייער אין ווינער פּאַרלאַמענט.

אָבער אין פּאַרלאַמענט האָט דר. בלאָך נישט געזען קיין אַנדער זאַך פאַר זיך ווי נאָר אַנטיסעמיטן און נאָר רייצן זיך מיט אַנטיסעמיטן. דאָס רייצן זיך מיט די אַנטי־סעמיטן איז געוואָרן ביי אים אַ פערדל, אויף וועלכן ער איז אַרומגעריטן זיין גאַנץ לעבן; אויך שפּעטער, ווען ער האָט שוין קיין מאַנדאַט נישט געקענט באַקומען, האָט ער די דאָזיקע טעטיקייט פאָרגעזעצט אין זיין בלאַט, וועלכן ער האָט געגעבן אַ טיטל „דר. בלאָכס עסטרייכישע וואָכענשריפט", און וועלכע איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין גאַנץ עסטרייך־אונגאַרן.

ביים דערשיינען פון דר. הערצל אין דער אידישער וועלט האָט אים בלאָך אַ קורצע צייט געשטיצט. שפּעטער אָבער איז ער און זיין וואָכענשריפט געוואָרן די אומ־געצאַמסטע קעגנער און באַקעמפער פון דר. הערצל און פונעם ציוניזם. נאָך הערצלס טויט האָט בלאָך אַביסל איינגעהאַלטן זיין קאַמף און אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך דערנעענטערט צום ציוניזם. דר. בלאָך איז געשטאָרבן אין 1921, איבערלאָזנדיק צוויי בענד זייער אינטערעסאַנטע זכרונות פון זיין לעבן.

דר. עמיל ביק, וועלכער איז אַ צייט לאַנג געווען ראש הקהל פון לעמבערג און רעפּרעזענטאַנט פון די גאַליצישע אידן מיטן כוח פון דער רעגירונג און פון דער הערשנדער פּוילישער פּאַרטיי, האָט אָנגעהויבן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אַלס אַ דייטשער אַסימילאַנט. עס זיינען דאַן נאָך געווען צווישן די גאַליצישע אידן רעשט־לעך פון „דייטשטום", פאַרפלאַנצטע פון דער צענטראַלער רעגירונג אין ווין. דר. ביק איז געווען אַ פירער פונעם פאַראיין „שומר ישראל" אין לעמבערג, וועלכער האָט גע־פירט אַ „דייטשע" פּאָליטיק און אויך אַרויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט אויף דייטש [illegible] אונטערן טיטל „שאָמער איזראַעל". אַדאַנק דער אַגיטאַציע פון „שומר ישראל" און פון זיין דייטשישן אָרגאַן זיינען אין יאָר 1873 אין דריי גאַליצישע שטאָטישע וואַל־קרייזן, אין בראָד, קאָלאָמיי און אין דראָהאָביטש אויסגעוויילט געוואָרן דריי אידישע דעפּו־טאַטן, וועלכע האָבן זיך באַצייכנט אַלס „פערפאַסונגסטרייע דייטשן" (ד. ה. דייטשן טרייע צו דער קאָנסטיטוציע). אָבער קענטיק אַז דער זיווג צווישן גאַליצישע אידן און פערפאַסונגסטרייע דייטשן איז נישט געווען קיין געראָטענער און די צדדים האָבן נישט געקאָנט לעבן צוזאַמען. אָבער דר. עמיל ביק איז נאָך אַ געוויסע צייט געבליבן „דייטש ליבעראַל", ביז ער האָט געפונען פאַר פּאַסיקער צו בייטן זיין דייטשע נאַציאָ־נאַליטעט פאַר דער מער קאָנווענירנדיקער פּוילישער. אַזוי איז ער געוואָרן אַ פּוילישער פּאַטריאָט און זיך באַמיט צו ווערן און דערהאַלטן דעם פּוילישן גייסט צווישן די גאַ־ליצישע אידן. מיט דעם דאָזיקן דר. ביק האָט נאָך געהאַט געגנג שווער צו קעמפן די ניי אויפגעקומענע אידיש־נאַציאָנאַלע באַוועגונג.

— 8 —

## וואָס די פּאָליטיק פון „קאָלאָ פּאָלסקיע" איז געווען פאַר די אידן

פון דעם וואָס מיר האָבן עקספּאָנירט אינעם פאָריקן קאַפּיטל זיינען געדרונגען די פאָלגנדע פאַקטן און לערן:

1) די ברייטע אידישע פאָלקסמאַסן זיינען ביים קוריען־סיסטעם געווען לחלוטין אויסגעשלאָסן פונעם וואַל־רעכט, נאָך מער ווי די מאַסן פון די אַנדערע עסטרייכישע פעלקער, ווייל מיר אידן האָבן אויך נישט געהאַט קיין פויערים־שטאַנד. דאָס באַשרענקטע וואַל־רעכט, וועלכע די פאָלקסמאַסן האָבן באַקומען פון גראַף באַדעניוס וואַל־רעפאָרם אין יאָר 1897 האָט פאַר די אידישע מאַסן נישט געגרייכט צו קענען באַקומען כאָטש איין מאַנדאַט.

2) די קליינע צאָל אידישע דעפּוטאַטן פון די פּריווילעגירטע קוריעס (פון די האַנדלס־קאַמערן און פון די שטעט) האָבן מיט זיך נישט פאָרגעשטעלט קיין אידיש־פּאָליטישן כוח, ווייל זיי זיינען געווען געבונדן מיט דער דיסציפּלין פון אַ דרויסנדיקן כוח — פון דעם קאָלאָ פּאָלסקיע. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז דאָס וואַל־רעכט וואָס די אידישע פּריווילעגירטע קלאַסן האָבן געהאַט איז באַשרענקט געוואָרן דורך דעם, וואָס די דאָזיקע קלאַסן האָבן פּאַקטיש נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט און קיין פּאָליטישן כוח אויסצוקלויבן אייגענע אידישע דעפּוטאַטן, וועלכע זאָלן זיך קאָנסטיטואירן אין אַ באַזונדערן אידישן קלוב, אומאָפּהענגיק פונעם קאָלאָ פּאָלסקיע. וואָרים דער הערשנדיקער פּוילישער קלאַס, האָבנדיק אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער תקופה ד גאַנצע אַדמיניסטראַציע און רעגירונג פונעם לאַנד אין זיינע הענט, איז געווען בכוח, דורך די באַוואוסטע מעטאָדן פון די „גאַליצישע וואַלן", נישט צו דערלאָזן קיין אומאָפּהענגיקע אידישע קאַנדידאַטן, פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן אָפּט דורך בלוטיקע מיטלען און דורך אַנדערע מיטלען פון טעראָר און שווינדל נישט דערלאָזט צו קיין דערפאָלג פון דער פּוילישער פויערים־פּאַרטיי און פון די ראַדיקאַלע רוטענער.

3) פון דעם עפּיזאָד בלאָך - ביק אין דער געשיכטע פון די גאַליצישע וואַל־קאַמפן זעען מיר, אַז די פּוילישע מאַכט אין גאַליציע האָט זיך נישט באַנוגנט מיט דעם וואָס אַ אידישער קאַנדידאַט האָט קאַנדידירט אויף דער פּאָליטישער פּלאַטפאָרם פון דער קאָלאָ פּאָלסקיע, ד. ה. פון דער איינהייט פון דער פּוילישער רעפּרעזענטאַנץ אין ווין (און די אידן זיינען דאָ אַריינגערעכנט געוואָרן אינעם פּוילישן חשבון), נאָר זיי, די פּוילישע מאַכט־האָבער האָבן געוואָלט האָבן אַזעלכע אידישע דעפּוטאַטן (אויב עס מוז שוין זיין), וועלכע זאָלן אַפילו נישט חלומען וועגן קיין שום זעלבסטשטענדיקער אידישער אַרויסטרעטונג אין פּאַרלאַמענט. פאַר די הערן פון דער קאָלאָ פּאָלסקיע איז למשל דר. בלאָכס קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם פון דער טריבונע פונעם פּאַרלאַמענט, געווען אַן אומאָנגענעמע זאַך, ווייל ער האָט אָוועקגעשטעלט דעם פּוילישן פּאַרלאַמענטאַרישן קלוב אין אַ דעליקאַטער סיטואַציע לגבי די אַנדערע, מער אָדער ווייניקער אַנטיסעמיטישע קלובן און אַפילו לגבי אַ טייל אייגענע דעפּוטאַטן.

4) דער דאָזיקער אידיש-פּוילישער פּאַרלאַמענטאַרישער זיווג איז געווען זייער נוצלעך פאַר דער פּוילישער רעגירנדער פּאַרטיי, וועלכע איז ערשטנס להלוטין באַפרייט געוואָרן פון יעטוועדער אידישער אָפּאָזיציע אויפן באָדן פונעם וויִנער פּאַרלאַמענט; פאַרקערט, די אידן, האָבנדיק זייערע פאַרשטייער אינעם פּוילישן קלוב, האָבן דערמיט פאַר דער וועלט באַשטעטיקט זייער פולשטענדיקע צופרידנקייט מיט דער פּוילישער אַדמיניסטראַציע פונעם לאַנד, וועלכע האָט אַזוי אָפּט געדריקט די אידישע באַפעלקערונג אויף פאַרשידענע אופנים. דאָס הייסט, אַז די גאַליצישע אידן זיינען פאַר דער מערב-עסטרייכישער און איראָפּעאישער עפנטלעכקייט אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַזאַ לאַגע, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען מוראדיק צופרידן פון דער פּאָליטיק און דער אַדמיניסטראַציע פון סטאַראָסטעס און פון די שטייער-אמטן און גלייך ווי זיי וואָלטן צו זיי קיין שום טענות און קיין שום תביעות נישט געהאַט.

און נישט בלויז דאָס, וואָס די פּוילישע הערשנדיקע פּאַרטיי איז דורך דעם פּאַרלאַמענטאַרישן זיווג מיט די אידישע דעפּוטאַטן באַפרייט געוואָרן פון יעטוועדער אָפּאָזיציע פון דער אידישער זייט, איז די פּוילישע פּאַרלאַמענטאַרישע מאַכט נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דער צאָל פון די אידישע דעפּוטאַטן און אָפּט אויך דורך זייער אינטעליגענץ, זייער פּאַרלאַמענטאַרישער דערפאַרונג און זייער רעטאָריק. איך וויל דאָ נאָר דערמאָנען די דעפּוטאַטן דר. קאַלישער, דר. לעווענשטיין און דר. ראַפּאַפּאָרט דע פּאַראַדאַ, און פריער דר. עמיל ביק. לעווענשטיינען למשל פלעגן די פּוילישע פּריצים אַרויסשיקן אויף דער פּאַרלאַמענטאַרישער טריבונע צו פאַרטיידיקן די גאַליצישע אַדמיניסטראַציע ווען דער סאָציאַליסט דאַשינסקי פלעג אַרויסקומען מיט זיינע שווערע אָנקלאַגעס קעגן די „גאַליצישע וואַלן". לעווענשטיין איז אין אַזעלכע פאַלן געווען דער בעסטער אַדוואָקאַט פון דער גאַליצישער אַדמיניסטראַציע און פון דער פּאָליטיק פון די פּוילישע פּריצים.

5) די באַציאונג פון פּוילישן קלוב צו דער אידישער באַפעלקערונג קאָן באַצייכנט ווערן מיט דער מידה פון: „מיינס איז מיינס און דיינס איז אויך מיינס". דער פּוילישער קלוב, האָבנדיק פון די אידן אַזוי פיל וויכטיקע פּאָליטישע נוצן, האָט פון זיין זייט קיינמאָל נישט געטראַכט אַפילו מיט עפּעס אָפּצוצאָלן דער אידישער באַפעלקערונג פאַר די באַשריבענע פּאָליטישע דינסטן. דער פּוילישער קלוב איז קיינמאָל נישט אַרויסגעקומען מיט קיין שום איניציאַטיווו לטובת זיינע אידישע וויילער.

6) די פּאָליטיק פון דער קאָלאָ פּאָלסקיע לגבי די אידן אין גאַליציע האָט פאַרמעל זיך געשטיצט אויפן אַסימילאַטאָרישן פּרינציפּ, אַז די אידן זיינען פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן. אָבער די פּוילישע פּאָליטיקער האָבן קיינמאָל נישט געטראַכט צו פאַרווירקלעכן זייער פּרינציפּ אין לעבן און צו באַהאַנדלען די אידן טאַקע ווי פּאָליאַקן וועלכע אונטערשיידן זיך פון אַנדערע פּאָליאַקן נאָר מיט דער אמונה. פאַר דער הערשנדער פּוילישער פּאַרטיי איז גענוג געווען, אַז די אידן זאָלן ביי פאָלקסציילונגען פאַרשרייבן פּויליש אַלס זייער שפּראַך און זיי זאָלן ביי וואַלן שטימען פאַר קאַנדידאַטן וועלכע האָבן זיך פאַרפליכטעט אַריינצוטרעטן אינעם איינהייטלעכן פּוילישן פּאַרלאַמענטאַרישן קלוב. אַלעס איבעריקע איז פאַר די פּאָליאַקן געווען גלייכגילטיק. פאַרקערט, פאַר דעם דינסט, וועלכן געוויסע אידישע קרייזן, צ. ב. די מחזיקי

הדת, אָדער דער בעלזער רבי האָבן געלייסטעט פאַר דער פוילישער פּאָליטיק ביי וואַלן אָדער ביי פאָלקס-ציילונגען, זיינען די דאָזיקע פּאָליאַקן געווען גרייט צו באַפרייען יענע אָרטאָדאָקסישע און חסידישע עלעמענטן פון דעם צוואַנג צו שיקן זייערע קינדער אין (פוילישע) פאָלקס-שולן, ד. ה. צו פאַרשליסן פאַר זיי די מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען די שפראַך, וועלכע זיי האָבן געוואָלט אַז די אידן זאָלן זי פאַרשרייבן אַלס זייער שפראַך. און דער הויף פונעם בעלזער רבי האָט באַקומען די ספּעציעלע פּריווילעגיע נישט צוצולאָזן קיין שום לעזע-האַלע אָדער ביבליאָטעק, וואו די אידישע יוגנט האָט געקענט נכשול ווערן פון געוויסע פּרוכטן פון דער פוילישער ליטעראַטור.

— 9 —

**צי איז נישט אפשר גוט געווען פאַר אידן, די פּאָליטיק פון איינהייט מיט די פּאָליאַקן?**

אָבער אפשר איז נוצלעך געווען פאַר די אידן די פּאָליטיק פון איניקייט און סאָלידאַריטעט מיט די פּאָליאַקן? אפשר האָבן רעכט געהאַט די אַסימילאַנטן און יענע אידישע קהל-פּאָליטיקער, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר דער דאָזיקער פּאָליטיק?

אַלס ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן, דאַרף מען קודם אין זינען האָבן, אַז די פּאָליטיק פון איניקייט און סאָלידאַריטעט מיט דער פוילישער רעפּרעזענטאַנץ אין ווין, מיט דער „קאָלאָ פּאָלסקיע״ האָט נישט באַדייט קיין איינהייט מיטן פוילישן פאָלק אין גאַליציע. מען דאַרף שטענדיק האָבן אין זינען, אַז ביים קוריען-וואַל-סיסטעם האָט די קאָלאָ פּאָלסקיע נישט פאַרטראָטן דאָס פוילישע פאָלק, נאָר אַ קליינע מינאָריטעט פון דעם פאָלק. נישט בלויז די פוילישע אַרבעטער האָבן געקעמפט קעגן דעם רעגירנדן פוילישן שיכט אין לאַנד, נאָר אויך די פויערים. די רעפּרעזענטאַנטן פון די פוילישע פויערים האָבן געבילדעט אַ באַזונדערן קלוב אינעם ווינער פאַרלאַמענט. אַ פירער פון די פוילישע פויערים, יאַן סטאַפּינסקי, האָט אַמאָל אין אַ רעדע געדראָט, אַז די פויערים וועלן אויסברוקירן דעם רינגפּלאַץ אין קראָקע מיט די שעדלען פון די שליאַכציצן.

אַלזאָ די פויערים און די אַרבעטער זיינען געווען קעגן דער הערשאַפט פון די שליאַכציצן און קעגן דער פּאָליטישער סאָלידאַריטעט מיט זיי. און אַפילו די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער קאָלאָ פּאָלסקיע, פלעגן בשעת וואַלן באַקעמפט ווערן פון די שליאַכציצן און פון זייערע פריינט מיט אַלע דערלויבטע און אומדערלויבטע מיטלען. די קהל-אידן וועלכע האָבן געשטיצט די הערשנדע פוילישע פּאַרטייי, האָבן אַלזאָ, נישט געדינט די אינטערעסן פון פוילישן פאָלק, נאָר פון דעם פוילישן הערשנדן קלאַס קעגן די פוילישע און אוקראַאינישע פאָלקס-מאַסן.

ווי ווייט די הערשנדע פוילישע פּאַרטייי האָט זיך אַבסאָלוט נישט גערעכנט מיט די אידישע אינטערעסן און מיט זייערע אידישע וויילער האָט מען געקענט זען אינעם גאַליצישן סיים, וואו די פוילישע שליאַכטע האָט געהאַט די אומגעשטערטע פולע הערשאַפט. דער גאַליצישער סיים האָט קיינמאָל גאָרנישט געטאָן פאַר די אידן, און וואו ער האָט נאָר געקענט, האָט ער געטאָן אַלץ, צו פאַרערגערן די סאָציאַל-עקאָנאָ-

מישע לאגע פון די אידן. דורכן פראפינאציע־געזעץ האט דער סיים מיט איינמאל צוגענומען די פרנסה ביי 8.000 אידישע שענקער־פאמיליעס, נישט געבנדיק אפילו קיין איבערגאנגס־צייט פאר די פון זייערע פרנסות ארויסגעשטויסענע אידן. דורך דער פארם פון געזעץ וועגן די האנטווערקער־צעכן האט דער סיים אזועקגעשטעלט די אידישע האנטווערקער אין גאליציע און דער געזעלשאפטלעכער סיטואציע פון בירגער פון צווייטער קאטעגאריע. דער סיים האט נעמלעך אנגענומען א געזעץ, אז אין די האנטווערקער־ צעכן אין וועלכע די אידן בילדן א מאיאריטעט, מוז נישט קוקנדיק אויף דער צאל פון די קריסטלעכע צעך־מיטגלידער, א העלפט פון די צעך־ראטמענער זיין קריסטן און אויב אלס צעך־מייסטער ווערט אויסגעקליבן א איד, מוז דער וויצעצעכמייסטער זיין א קריסט.

ווילנדיק עפעס טאן פאר די פויערים און שאפנדיק די לאנדווירטשאפטלעכע ארגאניזאציעס („קולקא ראלניטשע"), האט ער דער דאזיקער עקאנאמישער אינסטיטוציע געגעבן א כאראקטער פון קאמף קעגן די אידן.

איינער פון די אקטיווסטע פארלאמענטאריער פון סיים, טעאפיל מערונאוויטש, האט זיין גאנץ לעבן געהעצט קעגן די אידן. און די עטלעכע אידישע אסימילאטארישע דעפוטאטן אין סיים האבן קיינמאל נישט ארויסגעוויזן דעם מוט צו פארטיידיקן די אידישע אינטערעסן קעגן די אנטי־אידישע פראיעקטן. דאס לאנדעס־געזעץ וועגן באשרענקען די קהלה־אויטאנאמיע האט דער סיים אנגענומען מיט שטימען פון די אידישע אסימילאטארישע דעפוטאטן. און אפילו דאס אויבן־דערמאנטע געזעץ וועגן די צעכן איז דורכגעגאנגען אן א שום פראטעסט מצד די אידישע סיים־רעפוטאטן.

אבער צי זיינען נישט געווען צווישן די גאליצישע פאליאקן קיין דעמאקראטישע עלעמענטן, מיט א מער אויפריכטיקער באציאונג צו די אידן? געווען אזעלכע, אפילו אין א גאנץ גענוגנדער צאל, אבער זיי האבן נישט געהאט קיין פאליטישע מאכט חוץ דעם איז זייער פאליטיק געווען געבויט אויפן פאלשן פרינציפ פון אסימילאציע — דאס אליין האט זיי שוין געמוזט ברענגען אין אן אביעקטיוון קאנפליקט מיט די אידישע מאסן.

פון די פוילישע דעמאקראטישע פאליטיקער, וועלכע האבן איינגעזען די אומהאלטבארקייט פון דער פאלשער אפנארישער פאליטיק פון דער פוילישער הערשנדער פארטיי וויל איך דא דערמאנען אזעלכע מענער ווי פלאריאן זיעמיאלקאווסקי, טאדעאוש ראמאנאוויטש און סטאניסלאוו שטשעפאנאווסקי. דער לעצטער האט א לאנגע צייט געלעבט אלס פאליטישער עמיגראנט אין ענגלאנד און זיין שטרעבונג איז געווען צו פארווירקלעכן אין גאליציע די אידעאלן פון דער ענגלישער דעמאקראטיע. שטשעפאנאווסקי האט אין א בוך אונטערן טיטל „דאס עלנט פון גאליציע אין ציפערן" (נענדזא גאליציאי וו'ציפראך) אנגעוויזן אויף דער ארבעטזאמקייט, דעם פלייס און — דער ארימקייט פון די אידישע מאסן. ער האט מיט ציפערן געוואלט באקעמפן די אבסורדע שקרים פון די אנטיסעמיטישע דעמאגאגן. אבער די דאזיקע גוטע כוונות האבן נישט געבראכט קיין רעאלע פאליטישע רעזולטאטן. די קלאסןאינטערעסן און סאציאלע קאנפליקטן אינעם פוילישן לאגער זיינען אפילו געווען אנדערע ווי ביי אונדז און דערפאר איז נישט געווען קיין רעכט ארייננצושלעפן די אידן אין קאמף פון די פוילישע פארטייען.

— 10 —

## פּאָליטישע אָפּהענגיקייט

אָבער — וועט דער לייענער אפשר פרעגן — פאַרוואָס האָבן די גאַליצישע אידן טאָלערירט אַזאַ אוממאָראַלישן, שעדלעכן און דעמאָראַליזירנדיקן מצב? פאַרוואָס האָבן זיי נישט געקעמפּט קעגן אַזאַ צושטאַנד און פאַר זייערע פּאָליטישע רעכט?

דערמאָן איך דאָ נאָך אַמאָל, אַז די מאַסע פון די גאַליצישע אידן איז געווען אויס געשלאָסן פון וואַל־רעכט, און די „פּריווילעגירטע" (מ'שטיינס געזאָגט), די אידישע סוחרים, קרעמער, שענקערס און גרעסערע באַלמעלאָכעס פון די שטעט זיינען געווען אויף שריט און טריט אָפּהענגיק פון דער סטאַראָסטווע, פון מאַגיסטראַט, פון שטייער־אַמט, פון דער מלוכה־באַנק (וואו מען האָט זיי געקענט אונטערגראָבן זייער קרעדיט), פון דער פּאָליציי און פון פאַרשידענע אַנדערע אַמטן און זייערע ביוראָקראַטיעס, וועלכע זיינען כמעט אַלע געשטאַנען צו דינסט דער הערשנדער פּאַרטיי, בפרט ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אידן. דער אידישער גרעסערער אָדער מיטעלער סוחר, און באַזונדערס דער אידישער קרעמער אָדער קליינער אינדוסטריאַל האָט נישט געטאָרט זיך שפּילן אין העראָאיזם און דורך דעם אַרויסרופן קעגן זיך די נקמה פון דעם סטאַראָסטע, דעם מאַגיסטראַט, דעם שטייער־עקזעקוטאָר, וכדומה, און אַפילו פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג.

מען דאַרף געדענקען, אַז צווישן די פּוילישע מאַכט־האָבער און דעם אידישן מיטלשטאַנד און דער אידישער באַפעלקערונג בכלל איז געשטאַנען אין כמעט יעדער שטאָט אַ טיפּ פּאָליטישע „מאַכערס", וועלכע מען באַצייכנט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן אַלס „פּאָליטישנס", און אין גאַליציע האָט מען זיי גערופן „מאַכערס" אָדער „קאָהאַלניקעס". דאָס וואָרט „קאַהאַלניק", ד. ה. אַ מענטש וואָס פאַרנעמט זיך מיט קהל־ענינים, איז אין גאַליציע געוואָרן אַ זידל־וואָרט. די קאַהאַלניקעס זיינען געווען די וועלכע האָבן געקענט די עקאָנאָמישע און פּריוואַטע סיטואַציע פון יעדן מיטעלן אידישן מענטשן, זיי האָבן געקענט אַמאָל טון אַ טובה און זייער אָפט האָבן זיי געקענט טון אַ רעה אַזוי אויף צו רואינירן אַ מענטשן. די קאַהאַלניקעס זיינען געווען די, וועלכע האָבן „געמאַכט" די וואַלן לויט דעם וואונטש פון דעם סטאַראָסטע אָדער פון מאַגיסטראַט וואָס איז תמיד געווען אידענטיש מיט דעם וואונטש פון דער הערשנדער פּאַרטיי. די קאַהאַלניקעס האָבן פאַר זיך אַליין קיין גרעסערע מאַנדאַטן נישט געזוכט און נישט געשטרעבט — אָפט אַפילו נישט קיין בענקל אין דער קהל־שטוב — כאָטש מען האָט זיי גערופן קאַהאַלניקעס; זיי האָבן זיך באַפרידיקט מיט אַ מאַנדאַט אין דער שאַצונגס־קאָמיסיע ביים שטייער־אַמט, אָדער מיטן אַמט פון אַ „צענזאָר" אין דער לאָקאַלער עקספּאָזיטור פון דער מלוכה־באַנק (עסטרייכיש־אונגאַרישע באַנק; „צענזאָר" האָט געהייסן דער, וועלכער האָט באַדאַרפט אַרויסגעבן אַ מיינונג וועגן דער קרעדיט־פעאיקייט פון די סוחרים און אינדוסטריאַלן וועלכע האָבן געבעטן קרעדיט אין באַנק). און פאַרשטענדלעך, אַז אַ איד וואָס איז געווען צענזאָר אין באַנק און וואָס האָט געהערט צו דער שאַצונגס־קאָמיסיע פון שטייער־אַמט, האָט געהאַט ריזיקע

מאַכט איבער אַ גרויסן טייל פון די אידישע ווײלער. ער האָט געקענט אַ סך שלעכטס טון. און פאַרשטענדלעך, אַז ווען אַזאַ איד איז אַריינגעקומען צו אַ סוחר און איס געבעטן, ער זאָל שטיצן די אָדער יענע „קאַנדידאַטור" צום פאַרלאַמענט, צום סיים, אָדער צו וועלכער ניט איז קערפּערשאַפט, האָט דער באַטרעפנדער סוחר זעלטן ווען געקענט האָבן דעם מוט אָפּצוזאָגן זיין „שטיצע", און זיך אַקעגנצושטעלן קעגן דעם „מאַכער" און זיין הבריא.

דער סיסטעם פון דער דאָזיקער פּויליש־אידישער פּאָליטיק אין גאַליציע האָט זיך געשטיצט, אויף דער פּוילישער זייט: אויף די אינטערעסן פון דער שליאַכטע, פון דער פּוילישער ביוראָקראַטיע און פון אַ טייל פון די פּוילישע „מיעשטשאַנעס" (ביר־גערלעכער מיטלשטאַנד), און אויף דער אידישער זייט, אויף די פּערזענלעכע אינטע־רעסן פון קליינע גרופּעס לאָקאַלע פּאָליטיקער, אָדער ווי מיר האָבן זיי אויבן אָנגע־רופן: „מאַכערס" אָדער „קאַהאַלניקעס".

פאַרן דינסט וואָס די דאָזיקע אידישע גרופּעס האָבן געלייסטעט דער הערשנ־דער פּוילישער פּאַרטיי האָבן זיי באַקומען, חוץ פּערזענלעכע געווינסן דורך פאַרשידענע געשעפטן און געשעפטלעך, ווי למשל: פּאַרטונגען פון פּראָפּינאַציעס און אַקציזן וכדומה אויך די מאַכט אין די קהילות און איבער דער אידישער באַפעלקערונג בכלל, די דאָזיקע מאַכט וועלכע זיי האָבן געמוזט האָבן, כדי זי צו קענען אויסנוצן אין אינטערעס פון דער הערשנדיקער פּאַרטיי. אין אינטערעס פון דער דאָזיקער פּאָליטיק איז געווען, אַז די אידישע מאַכערס זאָלן קענען נישט בלויז טון אַ רעה, נאָר אַמאָל אויך אַ טובה טון אַ אידן ביים סטאַראָסטע, ביים מאַגיסטראַט, אָדער דורכן אָרטיקן אידישן צי אפילו ניט־אידישן דעפּוטאַט און דורך דער קאָלאָ פּאָלסקיע ביי דער רעגירונג אין ווין. אין לעצטן פאַל האָט זיך אָבער שוין געמוזט האַנדלען וועגן גאָר גרויסע געשעפטן. די אידישע פאָלקס־מאַסע איז אָבער ביי די דאָזיקע פּאָליטישע און פּריוואַטע געשעפטן פּשוט פאַרקויפט געוואָרן.

דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די גראָבע געשעפטלעכע זייט פון דער דאָזיקער פּאָליטיק. עס זיינען אָבער אויך געווען געוויסע אידייאישע אינטערעסן. עס זיינען געווען, כאָטש נישט אין קיין גרויסער צאָל אידן אַסימילאַנטן, באַזונדערס צווישן דער אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען פאַרליבט אין דער פּוילישער קולטור, אינעם הערהאָאיזם פון די פּוילישע אויפשטאַנדן און וועלכע האָבן ערלעך געשטרעבט צו אַן אַסימילאַציע פון די אידן מיט די פּאָליאַקן. די דאָזיקע גרופּע איז געווען אָרגאַניזירט אין פאַראיין „אגודת אחים", וועלכער האָט געהאַט זיין אָרגאַן אין פּויליש און העברעאיש „אָיטשיזנאַ" (דאָס פאָטערלאַנד) - „המזכיר". סעקרעטאַר פון „אגודת אחים" און רעדאַקטאָר פון דער „אָטשיזנאַ" איז געווען אין זיינע יונגע יאָרן דער פּוילישער שריפטשטעלער ווילהעלם פעלדמאַן, וועלכן זיין פּרוי האָט אָפּגעשמדט ווען ער האָט זיך געפונען אין צושטאַנד פון גסיסה (געשטאָרבן ווינטער 1920). חוץ דער אגודת אחים האָבן געשטיצט די פּוילישע פּאָליטיק דער פאַרבאַנד מחזיקי הדת און דער אויבן שוין דערמאַנטער פאַר־איין שומר ישראל, וועלכער איז אין זיינע ערשטע יאָרן געווען אָריענטירט אויף דער דייטשישער אַסימילאַציע. אויך די מחזיקי הדת האָבן געהאַט זייער פּובליציסטישן אָרגאַן, אַ וואָכנבלאַט אונטערן נאָמען „קול מחזיקי הדת". די אידישע עפנטלעכע מיי־



**אַ קולטור-אַקט פון די אידישע האַנטווערקער אין לעמבערג**

אין זייער סאַלאָן „יד חרוצים" אין יאָר 1926

בונג אין גאַליציע איז אַלזאָ אין יענע יאָרן אָריענטירט געוואָרן פון דריי פאַרשידענע אָרגאַנען, דעם „קול מחזיקי הדת", די אַסימילאַטאָרישע „אָיטשיזנאַ" און „דער איז־ראַעליט" פון פאַריין „שומר ישראל", ביז עס האָט זיך אין אָנפאַנג פון די 90־טער יאָרן באַוויזן אַ נייער אָרגאַן, די ציוניסטישע „פּזשעשלאָשטש".

אין דער באַציאונג פון די מחזיקי הדת צו דער אידיש־פוילישער פּאָליטיק זיינען אויך געווען אין אַ געוויסן זינען אידייאישע מאָמענטן. די דאָזיקע פּאָליטיק האָט געזאָגט: מיר גיבן אייך־נאָך אין אייער פוילישער פּאָליטיק, איר זאָלט אונדז דערפאַר לאָזן צורו אין אונדזער אידישקייט און צווינגט נישט אונדזערע קינדער צו גיין אין אייערע גויאישע שקאָלעס. אַ טייל פירער פון מ חזיקי הדת האָבן אָבער אויך געמאַכט געשעפט מיט דער דאָזיקער פּאָליטיק.

דאָ דאַרף מען דערמאָנען נאָך איין פאַראיין, וועלכער האָט אויך געשטיצט די אָפיציעלע פוילישע פּאָליטיק, — דאָס איז געווען דער פאַראיין פון די אידישע האַנט־ווערקער „יד חרוצים"

הוץ אין לעמבערג האָבן עקזיסטירט יד החרוצים־פאַריינען אין נאָך אייניקע שטעט, אין ביי וואָלן זיינען זיי געוואָרן אַ גאַנץ באַדייטנדער כוח.

— 11 —

## עס ווערט געבוירן אַן אָפּאָזיציע

אין דער זעלבער צייט וואָס אין רוסלאַנד, אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט, איז אויך אין גאַליציע אַנטשטאַנען אַ חובבי ציון־באַוועגונג, אָבער פון אַ מער נאַציאָנאַל־פּאָליטישן כאַראַקטער. אין אַ גאַנצער ריי שטעט, ווי קראָקע, לעמ־בערג, טאַרנאָוו, ריישע, דראָהאָביטש, יעריסלאַוו, בראָד, פשעמישל, זלאָטשוב, סטאַ־ניסלאַוו, בוטשאטש, באָריסלאַוו, סטרי און אין מערערע קלענערע שטעט בילדן זיך אידישע נאַציאָנאַלע פאַראיינען, וועמעס ציל איז מער די פאַרשפרייטונג פון אידישער קולטור, אידיש באַוואוסטזיין, ווי היבת ציון. אין אַ לענגערן אַרטיקל אין „לוח־עם" פון „אחיאסף" פאַרן יאָר ת"רנ"ה (1894-5) טיילט איין גרשם באַדער די דעמאָלסדיקע ציוניסטישע פאַראיינען אין גאַליציע אין פיר ריכטונגען: פאַראיינען וועלכע האָבן דעם ציל נאָר צו פאַרשפרייטן דעם אידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק, פאַראיינען וועלכע ווילן נאָר שטיצן דעם ישוב אין ארץ ישראל, פאַראיינען וועלכע פאַרנעמען זיך מיט ביידע אויפגאַבן: פאַרשפרייטן דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און שטיצן די אידייע פון ישוב ארץ ישראל און אַזעלכע פאַראיינען, וועמעס כאַראַקטער ס'איז נאָך נישט קלאָר. כאַראַקטע־ריסטיש פאַרן גייסט פון יענע ערשטע פאַראיינען קאָן זיין דער פאַקט, וואָס נאָר אַ קליינע צאָל פון זיי האָבן אַזעלכע נעמען ווי „אדמת ישראל" (סטרי), „אהבת ציון" (טאַרנאָוו), „חובבי ציון" (ריישע און באָריסלאַוו), דאַקעגן האָבן די מערסטע פאַראיי־נען פון דער נייער באַוועגונג אַזעלכע נעמען ווי „ישורין" (פשעמישל), „שוחרי תושיה", „האחדות", „קרא מקרא", „דורשי טוב", וכדומה. אין לעמבערג פאַרנעמט זיך דער פאַראיין „ציון" (וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1883 אונטערן נאָמען „מקרא

קודש״) ביז צום אויפקום פון דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועגונג אונטער דר. הערצל, דורכאויס מיט נאַציאָנאַל-קולטורעלער און פּאָליטישער אויפקלערונג. אינעם לעמבערגער „ציון״-פאַראיין האָבן מיטגעאַרבעט און פון דאָרט זיינען אַרויסגעקומען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי דר. ראובן בירער, אַדאָלף און קאַרל שטאַנד, אברהם קאָרקיס, דר. יהושיע טאָן, דר. יעקב טאָן, דר. דוד מאַלץ, דר. גרשם ציפּער, שלמה שילער, ראובן אשר ברוידעס א. א. צווישן די לעבנדע געפינען זיך היינט (אויף וויפל מיר איז באַקאַנט) נאָר נאָך גרשם באַדער און דר. מרדכי עהרענפּרייז.

ז׳ אייר ת״רנ״ג (1893) איז אין לעמבערג זיך צונויפגעקומען אַ דעלעגאַטן-צו-זאַמענפאָר פון די אידיש-נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע פאַראיינען, און נאָך דריי-טאָגיקע באַראַטונגען איז אָנגענומען געוואָרן צוו. א. דער באַשלוס, אַז די אידיש-נאַציאָנאַלע פאַרטיי אין גאַליציע וועט שטרעבן צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון אידישער אויפלעבונג אויפן אידישן באָדן („תחית ישראל על אדמת אבותם״) און אויך זיך צו פאַרנעמען מיט אַלע אידיש-פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ענינים. אַלזאָ דער פּראָבלעם, וועלכער האָט שפּעטער פאַרשאַפט דער נייער ציוניסטישער באַוועגונג אַזוי פיל קאָפּ-ברעכעניש, דער פּראָבלעם, צי מעגן ציוניסטן זיך פאַרנעמען מיט אידישער פּאָליטיק אין גלות, איז דעמאָלט, אין יאָר 1893, אין לעמבערג, אָנגענומען געוואָרן ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

מיט דריי יאָר פריער פאַר דער דערמאָנטער לעמבערגער קאָנפערענץ, אין יאָר 1890, איז פון די קרייזן פון לעמבערגער „ציון״-פאַראיין אַרויסגעגאַנגען אַ בראָשורע אויף פּויליש אונטערן טיטל „אַ וואָסער דאַרף זיין דער פּראָגראַם פון דער אידישער יוגנט״. די דאָזיקע בראָשורע האָט געהאַט אַ הורכאויס פּאָליטישן כאַראַקטער און זי האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער פּוילישער פּרעסע (ווי באַדער דערציילט אין דעם ציטירטן אַרטיקל).

די נייע באַוועגונג האָט שטאַרק געווירקט אויף דער פּאָליטישער ראַדיקאַליזירונג פון די אידישע מאַסן אין גאַליציע, וואָס ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן ביי די ערשטע וואַלן פון דער אַלגעמיינער פינפטער קוריע אין 1897. אין לעמבערג האָט דער דעמאָלט 27-יעריקער אַדאָלף שטאַנד אויף אַ וואַל-פאַרזאַמלונג אין ראַטהויז דערקלערט, אַז די ציוניסטן וועלן שטיצן די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטור און ער האָט אויפגעפאָדערט אַלע אידן אַזוי צו שטימען. פאַקטיש האָבן דאַן די אידן אין לעמבערג און אין קראָקע אין מאַסן געשטימט פאַר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן (קאָזאַקיעוויטש, דאַשינסקי) און טאַקע זיי געהאָלפן צום זיג. אין די פּראָווינץ-שטעט האָט אַ גרויסער טייל פון די אידישע וויילער געשטימט פאַר די ראַדיקאַלע רוטענער.

דאָס איז געווען אַ נייעס אינעם אידישן לעבן און אין פּאָליטישן לעבן פון גאַליציע: די אידן האָבן „מורד געווען״ אין די פּוילישע פּריצים.

— 12 —

## די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס

קיין גענויע דאַטעס וועגן דעם אויפקום פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן די אידן אין גאַליציע האָב איך נישט, אָבער איך דערמאָן מיך, אַז אין יאָר 1892 איז שוין געווען אין לעמבערג אַ אידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין אונטערן נאָמען „יד החזקה". דער דאָזיקער, פאַר אַ סאָציאַליסטישן פאַראיין אַביסל מאָדנער, נאָמען, איז וואַרשיינלעך געווען אַן איבערזעצונג פונעם נאָמען פון אַ פוילישן אַרבעטער־פאַראיין „סשילאַ" (קראַפט). די יד החזקה האָט זיך געפונען אינעם זעלבן הויז וואו די „סשילאַ", אינעם דאָם ראַבאָטניטשי (אַרבעטער־הויז) אין לעמבערג אין פּאַסאַזש הויזמאַן. די יד החזקה איז געגרינדעט געוואָרן פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט דעמאָלט געהייסן „פוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין גאַליציע". יד החזקה־פאַראיינען האָבן אין יענער צייט עקזיסטירט אין מערערע גאַליצישע שטעט, ווי באָריסלאַוו, דראָהאָביטש, קאָלאָמיי, א. א. קיין פאָלקס־באַוועגונג איז דער סאָציאַליזם דעמאָלט ביי די גאַליצישע אידן נישט געווען, כאָטש אין 1894 האָט דער סאָציאַליזם שוין געהאַט אויף דער אידישער גאַס אַן אייגענעם אָרגאַן, דאָס צווייוועכנטלעכע „אידישע פאָלקסבלאַט" אין לעמבערג. אַלס רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער פון דעם בלאַט האָבן געצייכנט דר. הערמאַן דיאַמאַנד און דר. מאַקס צעטערבוים, פאַקטישער רעדאַקטאָר איז געווען דוד סאַלאַמאַנדער. מאַקס צעטערבוים, וועלכער איז געשטאָרבן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען זייער געשאַצט אין די קרייזן פון די דייטשע מאַרקסיסטן. דאָס „אידישע פאָלקסבלאַט" האָט אָנגעפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן ציוניזם. דער דאָזיקער שאַרפער אַנטי־ציוניסטישער טאָן האָט זיך שפּעטער געלאָזט הערן מצד די אידן־סאָציאַליסטן אויף די ערשטע ציוניסטישע פאָלקס־מיטינגען.

אָבער, ווי געזאָגט, קיין פאָלקס־באַוועגונג איז דער סאָציאַליזם דאַן אויף דער אידישער גאַס נאָך נישט געווען. צו די סאָציאַליסטישע זיגן ביי די וואַלן פון דער פינפטער קוריע (1897) האָבן ציוניסטיש־געשטימטע וויילער זיכער מער געהאָלפן ווי די אידישע סאָציאַליסטן. ערשט די גרינדונג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (1906) האָט געגעבן אַן אָנשטויס דער אידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין גאַליציע.

די גרינדונג פון דער נייער פּאַרטיי איז פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגנדן אופן: דעם 1־טן מאַי 1906 איז אַ גרופּע פון אידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער און סטודענטן אין קראָקע אַרויס מיט אַן אויפרוף, דערקלערנדיק זייער אַרויסטריט פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פּראָקלאַמירנדיק די גרינדונג פון דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. שוין פריער פאַר דעם דאָזיקן אַרויסטריט זיינען פאָרגעקומען הייסע דיסקוסיעס און קאַמפן אין די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּ. פּ. ס. וועגן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָדערונגען פון די אידישע סאָציאַליסטן. נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דער נייער אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי

האָט די פּ. פּ. ס. אָנגערופן די ארויסגעטראָטענע אידישע סאָציאַליסטן מיטן נאָמען „סעפּאַראַטיסטן". זיי אַליין, די אידישע סאָציאַליסטן, האָבן זיך גערופן „זש. פּ. ס." (זשידאָווסקא פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ" — אידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי). די גייסטיקע אָנפירער פון דער נייער באַוועגונג זיינען געווען הענריך גראָסמאַן, יעקב בראָס און נאָך איניקע סטודענטן און אַרבעטער. אין דער אויבן דערמאָנטער פּראָקלאַמאַציע האָבן די פירער פון דער נייער באַוועגונג דערקלערט: „מיר האָבן נישט קיין אידישן פּראָגראַם, אָבער מיר ווילן האָבן אַ אידישע אָרגאַניזאַציע, כדי בעסער צו קענען קעמפן קעגן ציוניזם." (איך ציטיר פון זכרון, אָבער איך גיב איבער ריכטיק דעם געדאַנק). פּאַקטיש האָט די נייע פּאַרטיי אָנגעהויבן אַליידנשאַפטלעכן קאַמף קעגן ציוניזם, נישט מאַכנדיק קיין חילוק צווישן אַלגעמיינע ציוניסטן און פּועלי־ציון — דערקלערנדיק אַלע פאַר „קלערריקאַלע נאַציאָנאַליסטן" לויט די שלאַגווערטער פון יענער צייט. אין דער פּראַקטיק איז דער נייער פּאַרטיי אויסגעקומען צו קעמפן דער עיקר קעגן די פּועלי־ציון, וועלכע האָבן שוין געהאַט פון פריער זייער צענטראַלן „פאַרבאַנד פון אידישע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע פּועלי־ציון אין עסטרייך" מיט לאָקאַלע פאַראיינען אין אַלע גרעסערע און מיטלערע שטעט אין גאַליציע און בוקאָווינע.

אַזויווי די נייע פּאַרטיי האָט נישט געהאַט קיין אידישן פּראָגראַם, איז זי אויך נישט געווען קיין באַדייטנדער כוח אין דער אידישער פּאָלקס־פּאָליטיק אין גאַליציע. מען מוז אָבער אנערקענען די פאַרדינסטן פון דער פּאַרטיי אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזירונג פון די אידישע אַרבעטער און פון קולטורעלער טעטיקייט צווישן די אידישע אַרבעטער־מאַסן.

די געשיכטע פון דער פּאַרטיי פאַרנעמט אגב, ניט מער ווי אַ צייט פון 8 יאָר — פון 1906 ביז 1914. אין דער מלחמה־צייט איז די פּאַרטיי געווען פּאַסיוו. און נאָך דער פאַראייניקונג פון גאַליציע מיט פּוילן, האָט די זש. פּ. ס. זיך אַריינגעגאָסן אינעם אַלגעמיינעם אידישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן, און די געשיכטע פון בונד אין דער אומאָפּהענגיקער פּוילן איז אויך איר געשיכטע.

— 13 —

די ראַדיקאַליזירונג פון די פאָלקס־מאַסן און די רעאַקציע פון רעכטס

די ערשטע וואַלן פון דער פינפטער קוריע האָבן אַ היבש ביסל ראַדיקאַליזירט די פאָלקס־מאַסן אין אַלע עסטרייכישע לענדער, כאָטש פון די 72 מאַנדאַטן פון דער דאָזיקער קוריע האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן דעראָבערט נאָר 14, בעת די איבעריקע מאַנדאַטן זיינען אַריינגעפאַלן צו די פאַרשידענע רעאַקציאָנערע און נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען, מיט אויסנאַם פון אַ פּאָר ראַדיקאַלע פאָלקס־פּאַרטייען. אָבער די ראַדיקאַליזירונג פון די מאַסן דורך דעם ערשטן אַלגעמיינעם וואַל־קאַמף האָט שטאַרק איבערגעשראָקן די רעכטע פּאַרטייען און די רעגירונג און אויך די הויפקרייזן. אלס רעאַקציע קעגן דער דערמאָנטער ראַדיקאַליזירונג האָט די רעגירונג אין מערב־עסטרייך גע-

שטיצט דעם וואוקס פון דער קריסטליך־סאָציאַלער פּאַרטיי, און אין גאַליציע האָבן די פּוילישע פּריצים געפּעדערט די אַנטשטייאונג פון קלעריקאַל־נאַציאָנאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס מיט אַן אַנטיסעמיטישן אונטערשלאַג. וואו ניט וואו איז געקומען צו איבערפאַלן אויף אידן (כּאַדאָראָוו, וואו אַ איד איז דערהרגעט געוואָרן ביי אַנטיסעמיטישע „עקסצעסן”). דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די נייע ציוניסטישע באַוועגונג האָט גערופן די אידן צום ערשטן ציוניסטן־קאָנגרעס. אין ווין האָט די קריסטליך־סאָציאַלע באַוועגונג אָנגענומען שאַרפע אַנטיסעמיטישע טענער און מיט איין מאָל האָט דער אַנטיסעמיטיזם באַהערשט די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט ווין, דעם נידער־עסטרייכישן סיים (לאַנדטאַג) און אין פּאַרלאַמענט האָבן צוויי אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען, די קריסטלעך־סאָציאַלע אונטער לועגער און די נאַציאָנאַליסטן אונטער שענערער זיך געריסן ביי די האָר און זיך קעגנזייטיק געזידלט אַלס „יודען־קנעכט”. אין פּראַג זיינען פאָרגעקומען עקסצעסן קעגן די אידן פאַר זייער דייטשטום און אין מערב־גאַליציע האָט דער ראַדיקאַלער גלה סטאַניסלאַוו סטאָיאַלאָווסקי, וועלכער איז פריער געווען אַ גאַנצער סאָציאַליסט, איבערגעדרייט די יוצרות און גענומען העצן די פּויערים קעגן די אידן. דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער העצע איז געווען, אַז אין זומער 1898, ווען דאָס פּוילישע פאָלק האָט געפייערט דעם הונדערטסטן געבורטסטאָג פון זיין גרעסטן דיכטער, אַדאַם מיצקעוויטש, זיינען אין עטלעכע צענדליק גאַליצישע שטעטלעך און דערפער פאָרגעקומען עקסצעסן קעגן אידן, און די ווינער רעגירונג האָט געמוזט דערקלערן אויסנאַמס־צושטאַנד אין גאַנץ מערב־גאַליציע און אַראָפּשיקן קיין קראָקע דעם קייזערלעך־קעניגלעכן תּליון, כּדי צו „באַרואיקן” די אויפגערייצטע פאַנאַטיזירטע פּויערים. אמת, ביי די דאָזיקע עקסצעסן איז קיין איין איד נישט דערהרגעט געוואָרן, כאָטש אַ מאָדערנער היסטאָריקער, דר. איתמר עלבאָגן, האָט אין אַ בוך „100 יאָר אידיש לעבן” פאַרשריבן פאַר קומענדע דורות, אַז אין יענע עקסצעסן אין מערב־גאַליציע זיינען צען טויזנט אידן דערהרגעט געוואָרן. נו, דערהרגעט געוואָרן איז אין יענע עקסצעסן, גאָט צו דאַנקען, קיין איין איד נישט אָבער אין דער פּאָליטישער דיסקוסיע אין דער פּוילישער פרעסע נאָך די עקסצעסן האָבן די גאַליצישע אידן זיך דערזען אַ היבש ביסל איזאָלירט. ווי געוויינלעך, האָט מען דאַן, נאָך די עקסצעסן, וועלכע אַלע פּוילישע פּאַרטייען האָבן באַדויערט, געשריבן וועגן דער עקספּלואַטאַציע פונעם פּוילישן פּויער דורך דעם אידישן דאָרף־שענקער און דעם אידישן קרעמער. פון דער אידישער זייט איז מען אַרויסגעקומען מיט דער אָנרעגונג וועגן אַריבערפירן אַ טייל אידישע דאָרף־שענקער צו לאַנד־ווירטשאַפט. קעגן דעם זיינען אַרויסגעטראָטן אַלע פּוילישע פּובליציסטן, אָנווייזנדיק אויף דער באָדן־אָרימקייט פונעם פּוילישן פּויער. דער ליטעראַטור־היסטאָריקער און פּרעזידענט פון דער פּוילישער אַקאַדעמיע פון די וויסנשאַפטן, גראַף סטאַניסלאַוו טאַרנאָווסקי, אַ פרומער גוי, וועלכער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די זינד פון אַנטיסעמיטיזם און פון איבערפאַלן אידישע הייזער און קראָמען, איז דאַן אַרויסגעקומען מיט דער אידייע פון **אַסעמיטיזם**. דאָס הייסט, אַז פרומע קריסטן טאָרן אידן נישט איבערפאַלן, נישט שלאָגן, אָבער זיי דאַרפן זיך אָפּהאַלטן פון קויפן ביי אידן, פון האָבן מיט אידן וועלכע ס'איז מגע ומשא. דער דאָזיקער פרומער גראַף טאַרנאָווסקי איז געווען דער אינטימער פריינט פון דעם פונקט אַזוי קאַטויליש־פרומען יוליאַן קלאַטשקאָ, וועלכער האָט אין

זיינע בחור־יאָרן אין ווילנע, געהייסן יהודא לייב און געשריבן העברעאישע שירים. אויב איך בין זיך נישט טועה איז דער דערמאָנטער גראַף טאַרנאָווסקי טאַקע געווען דער אויטאָר פונעם וואָרט און פון דער אידייע פון „אַסעמיטיזם”, אייגנטלעך אַן אַלטע קאַטוילישע אידייע, וועלכע האָט דורך טאַרנאָווסקין באַקומען אַ נייעם שלייער. יעדנפאַלס איז טאַרנאָווסקי דער, וועלכער איז מבטל די אַסימילאַציע. אַסימילאַציע האָט פאַר אים אַ באַדייטונג נאָר דאַן, ווען זי ווערט באַגלייט פון שמד. אויב נישט, טויג זי נישט.

די אַנטיסעמיטישע ווינטן וועלכע הויבן אָן בלאָזן ווידער אַמאָל שטאַרקער אין מערב־עסטרייך און אויך אין גאַליציע, טרייבן צוריק וואָס אַמאָל מער אידן פון דער אַסימילירטער אינטעליגענציע אין לאַגער פון אידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק און פון ציוניזם. מען הויבט זיך אָן פילן גייסטיק און פּאָליטיש איזאָלירט. כאָטש די ליבעראַלע אַטמאָספער פון אַ רעכטלעכער מלוכה און דאָס לעבן גופא טעמפּט אָפּ די שאַרפע קאַנטן פון די עפנטלעכע דיסקוסיעס. סוף כל סוף לעבט מען צוזאַמען און מען באַגעגנט זיך אויף די פאַרשידענע וועגן פונעם לעבן. סיי ביי אידן ווי ביי פּאָליאַקן, ביי קאָנסערוואַטיווע און דעמאָקראַטישע פּאָליאַקן, זיינען נאָך אַלץ פאַראַן שטרעבונגען נישט צו פאַרשאַרפן די פאַראַנענע דיפערענצן. אַזוי קומט עס דערצו, אַז ביי וואַלן פון קראָקעווער שטאָטישן וואַל־קרייז צום גאַליצישן סיים, וואו עס שטייען זיך אַקעגן ביים לעצטן וואַל־גאַנג דער ראש הקהל, דר. לעאָן האָראָוויץ פון דער פוילישער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, און דער קריסט יאַן ראָטער פון דער פוילישער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָטירן פוילישע אַריסטאָקראַטן און גלחים פאַרן קאָנסערוואַטיוון ראש הקהל, און אומאָפּהענגיקע אידן און חסידים וואָטירן פאַרן פוילישן דעמאָקראַט (וועלכער איז דאַן אויך אויסגעוויילט געוואָרן). דאָ האָבן מיר, אַלזאָ, פאַר זיך אַ בילד פון פויליש־אידישן צוזאַמענלעבן. דאָס דאָזיקע פּאָליטישע צוזאַמענלעבן ווערט נאָך אַלץ געזוכט הן מצד געוויסע אידישע קרייזן, הן מצד פוילישע סאָציאַליסטן, דעמאָקראַטן און אַפילו מצד געוויסע קאָנסערוואַטאָרן. אָבער די נאַציאָנאַל־פּאָליטיש אויפגעקלערטע אידן זעען, אַז פאַר דער פּאָליטישער שותפות דאַרפן מיר אידן צאָלן אַ צו הויכן פּרייז. קעגן יענעם וואַל־גאַנג אין קראָקע, וואו חסידים און אַנדערע אידן האָבן מקריב געווען אַ אידישן מאַנדאַט, כדי צו פאַרהעלפן צום זיג פון אַ פוילישן דעמאָקראַט, לאָזט זיך הערן אַ שאַרפע שטימע פון אידיש־נאַציאָנאַלן לאַגער (דר. י. טאָן). אָבער קראָקע איז דעמאָלט געווען נאָך צו שטאַרק אַנטי־ציוניסטיש אָריענטירט, און טאָנס שטימע איז נישט דערהערט געוואָרן.

אין דער גלייכער צייט אומגעפער האָבן לעמבערגער ראַדיקאַלע אידן אויך ביי אַ באַלאָטירונגס־וואַל צום סיים, געלאָזט פאַלן דעם שוין דערמאָנטן לעמבערגער ראש הקהל, דר. עמיל ביק, און פאַרהאָלפן צום זיג דעם פוילישער פּויער יאַקוב באָיקאָ (שפּעטערדיקער מיטגליד פון פוילישן סענאַט — נישט קיין קליינער אַנטיסעמיט). דאָס זיינען סימנים פון מרידה קעגן דער אַלטער פּאָליטיק פון „קהלניקעס”, כאָטש פון אַ באַוואוסטזיניקן אידיש־פּאָליטישן געדאַנק איז דאָס נאָך וויט.

— 14 —

## די פאַרטיי פון די אומאָפּהענגיקע אידן

אין דער געשיכטע פונעם קאַמף פון די גאַליציאַנער אידן קעגן געצוואונגענער אַסימילאַציע, קעגן נאַציאָנאַל־פּאָליטישער, סאָציאַלער און עקאָנאָמישער אונטערדריקונג און קעגן דער אַפּיטראָפּסות פון די קהל־לייט, פאַרנעמט די „פּאַרטיי פון די אומאָפּהענגיקע אידן" אַ באַזונדער קאַפּיטל. די דאָזיקע פּאַרטיי איז געווען דער עיקר אַ לאָקאַלע קראָקעווער פּאַרטיי נאָר איין מאָל האָט זי געפּרואווט אויסשפּרייטן איר ווירקונג אויך מחוץ קראָקע יענער וואַל־רעזולטאַט אין לעמבערג, וואו אידן האָבן געלאָזט פאַלן דעם פּאָליטיש פאַרהאַסטן ראש הקהל צוליב דעם פּוילישן פּויער באָיקאָ, איז באַווירקט געוואָרן טיילווייז דורך אַ גאַסט־אויפטריט פון אַ שליה פון די „אומאָפּהענגיקע" אין לעמבערג.

דער נאָמען „אומאָפּהענגיקע אידן" זאָגט ממילא, אַז עס זיינען געווען אידן וועלכע זיינען ניט געווען אומאָפּהענגיק. ס'איז שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל אָנגעוויזן געוואָרן דערויף, אַז די מאַסע פון די אידישע סוחרים, קרעמער און באַלמעלאָכעס זיינען אָפט געווען אָפּהענגיק פון די פירער פון די קהילות, וועלכע האָבן זיי געקענט אַ סך שלעכטס טאָן אין דער באַמעסטונג פון שטייערן, אין קרעדיט, אויפן געביט פון דער שטאָטישער סאַניטאַרער פּאָליטיק און אויף הונדערט אַנדערע געביטן. אין קראָקע, וואו דער וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה, הערש לאַנדוי (פאָטער פון דעם לעצטן ראש הקהל פון קראָקע, דר. ר. לאַנדוי, וועלכער איז געשטאָרבן אין 1940 ערגעץ אויפן עטאַפּ אין רוסלאַנד), איז געווען אַ גאַנצער שמעלקע ביים דעלעגאַט פון שטאַטהאַלטער און צוזאַמען מיט אַנדערע קהל־לייט, וועלכע זיינען געווען „אייגענע מענטשן" ביים סטאַראָסטע און ביי פאַרשידענע מלוכהשע און אויטאָנאָמע אינסטיטוציעס — אין קראָקע איז די אָפּהענגיקייט פון דעם פּשוטן אידישן סוחר, באַלמעלאָכע און קרעמער פון די קהל־לייט געווען שטאַרקער ווי אין יעדער אַנדערער שטאָט אין גאַליציע. דער אַרויסגעבער פון אַ אידיש בלעטל אין קראָקע „ספּראַווידליוואָשטש — די גערעכטיקייט", אַ געוויסער ה. נ. רייכנבערג, האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די אַלמעכטיקע הערן פון דער קהל־קליקע. ס'איז געקומען צו אַ קלאַגע אין געריכט. אָבער פאַרן פּראָצעס האָט מען רייכנבערגן אָפּגעקויפט און אַלץ איז ווידער געבליבן ביים אַלטן. אין דער נויט האָבן זיך געפונען איניקע פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די אידן צום קאַמף קעגן די פּאָליטישע שאַנטאַזשיסטן. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט פּראַקטישער סאָציאַלער אַרבעט. זיי האָבן געגרינדעט אַ באַנק, וואו דער אידישער מיטלמענטש האָט געקענט באַקומען קרעדיט ניט דאַרפנדיק אַוועקגעבן פאַר פּראָצענט זיין נשמה. זיי האָבן געגרינדעט אַ רעכט שוץ־ביוראָ צו העלפן דעם פּשוטן אידן דורך אינטערווענציעס אין די פאַרשידענע אַמטן, און אַ ספּעציעלע שטייער־ביוראָ האָט זיך פאַרנומען מיט אומגערעכטע, צו הויכע שטייערן. דורך דער דאָזיקער פּראַקטישער הילפס־אַקציע איז דער אידישער מיטלער מענטש, געוויינלעך אַ חסידישער איד, געוואָרן אומאָפּהענגיק פון די קהל־לייט, וועלכע האָבן פריער עקספּלואַטירט זיין אומ־

באַהאָלפֿנקייט. אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען די פּאַרטיי פֿון די אומאָפּהענגיקע אידן, וועמעס אָנפֿירער זיינען געווען שפּראַכלעך און אויך פּאָליטיש אַסימילירטע אינטעליגענטן, אָבער וועמעס רוב מיטגלידער זיינען געווען אידישע פֿאָלקס־מענטשן און חסידים. דער פֿירער פֿון די אומאָפּהענגיקע אידן איז געווען דער אַדוואָקאַט דר. אַדאָלף גראָס, אַ ראַדיקאַלער דעמאָקראַט וועלכער איז פּאָליטיש געשטאַנען צווישן דער פּוילישער דעמאָקראַטיע און דעם פּוילישן סאָציאַליזם. די אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי איז געווען אַנטיציוניסטיש. דערמיט האָט זי באַפֿרידיקט סיי אירע אַסימילירטע ווי אירע חסידישע מיטגלידער.

ביי די ערשטע אמתע אַלגעמיינע וואַלן (אָן קוריעס) אין זומער 1907 איז אַדאָלף גראָס אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צום ווינער פּאַרלאַמענט קעגן דעם ציוניסטישן קאַנדידאַט דר. חיים הילפֿשטיין, וועלכער האָט דעמאָלט באַקומען די לעבערלעכע צאָל פֿון 123 שטימען. אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט איז אַדאָלף גראָס נישט צוגעשטאַנען צו קיין שום קלוב. ער איז געווען אַ „ווילדער”. פֿונדעסטוועגן האָט ער פֿאַר זיינע געזעץ־פּראָיעקטן באַקומען שטיצע פֿון אַנדערע פּאַרטייען און איינער אָדער צוויי פֿון זיינע סאָציאַלע געזעץ־פּראָיעקטן זיינען אַריין אין דעם עסטרייכישן געזעץ־בוך אַלס „לעקס גראָס”. קיין מענטש פֿון טיפֿן געדאַנק איז אַדאָלף גראָס נישט געווען. די אידישע פּראָבלעם אין איר גאַנצקייט האָט ער נישט דערזען. ער האָט געקוקט אויף דער אידישער פּאָליטיק דורך דער בריל פֿון די קליינע קראָקעווער לאָקאַלע אינטערעסן. אַלס פּראַקטישער פּאָליטיקער האָט ער אַ סך אויפֿגעטאָן, באַפֿרייענדיק די קראָקעווער אידן פֿון זייער „אָפּהענגיקייט”, און דערמיט האָט ער געווירקט אויך אויף אַנדערע אידישע קהילות. צו די פּראַקטישע סאָציאַלע אויפֿטוען פֿון דער אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי דאַרף מען אויך דערמאָנען דעם אויפֿבוי פֿון עטלעכע הייזער „ביליקע דירות” פֿאַר דער נישט־פֿאַרמעגלעכער אידישער באַפֿעלקערונג. און דאָס איז געשען אַרום 1906 — אַ יאָר פֿריער אָדער שפּעטער, ווען אַזעלכע אינסטיטוציעס זיינען נאָך נישט געווען שטאַרק פּאָפּולער.

די פּאַרטיי פֿון די אומאָפּהענגיקע אידן איז געווען אַ פּאָליטישער עפּיזאָד — כאָטש אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד. מיט דער פֿאַראייניקונג פֿון גאַליציע מיט פּוילן, האָט די פּאַרטיי פֿאַרלוירן איר עקזיסטענץ־רעכט און זי איז פֿאַרשוואונדן פֿון דער פּאָליטישער וועלט. אין דער נייער פּוילן האָט די אידישע קראָקע וואָטירט צום סיים ציוניסטיש. דאָס זיינען געווען די זין פֿון די אַמאָליקע אַנטיציוניסטישע חסידים און אַסימילאַנטן. אָבער אויך דער בונד און די אַגודה האָבן געהאַט אין קראָקע שטאַרקע שטיצפּונקטן.

— 15 —

## דער קאַמף פֿאַר דער אָנערקענונג פֿון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט

עסטרייך איז געווען אַ שטאַט פֿון „קיניגרייכן און לענדער” און פֿירשטנטומס, און כמעט אין יעדן פֿון די דאָזיקע קעניגרייכן און לענדער האָבן געלעבט צו צוויי אָדער דריי פֿעלקער, וועלכע האָבן אַנאַנדער באַקעמפֿט. 9 פֿעלקער זיינען געווען אין עסט־

רייך, וועלכע דער שטאַט האָט אָנערקענט אַלס באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן. די אידן זיינען נישט אנערקענט געוואָרן אַלס אַ נאַציאָנאַליטעט נאָר אַלס אַ רעליגיע-געמיינשאַפט. אין גאַליציע זיינען די אידן פאַרעכנט געוואָרן אַלס פּאָליאַקן, אין אַלע אַנדערע עסטרייכישע קיניגרייכן און לענדער מערסטנס אַלס דייטשן. דאָס דאָזיקע צורעכענען די אידן צו אַנדערע פעלקער, האָט שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם מאָראַלישן און פּאָליטישן שאָדן, געבראַכט די אידן מאַטעריעלן שאָדן אינעם לעבן פון דער מלוכה און די שנאה פון די אַנדערע פעלקער וועלכע האָבן זיך געפילט מאַיאָריזירט דורך די אידן, וואָרים דורכן צורעכענען די אידן צו די פּאָליאַקן אָדער צו די דייטשן איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל פון די דאָזיקע צוויי פעלקער לגבי אַנדערע פעלקער. לויט דער דאָזיקער גרעסערער צאָל, האָבן זיי געפאָדערט פאַר זיך און באַקומען אַ גרעסערע השפּעה אין דער מלוכה, אַ גרעסערע צאָל הויכע באַאַמטע, און אינעם אייגענעם לאַנד האָבן זיי אָפט מיט דער הילף פון די אידישע צאָלן, מאַיאָריזירט אָדער סתם אַזוי באַהערשט דאָס אַנדערע שוואַכערע פאָלק. די אידן אָבער האָבן פון דעם וואָס זיי האָבן מיט זייער צאָל פאַרגרעסערט די מאַכט פון די אַנדערע, אַליין פאַר זיך גאַרנישט געהאַט — חוץ די שנאה פון די באַעוולהטע באַפעלקערונגס-טיילן. אַזאַ איז געווען די לאַגע פון די אידן אין גאַליציע צווישן פּאָליאַקן און אוקראַאינער, און אַזאַ אויך אין די טשעכישע לענדער, וואו די אידן זיינען נישט געווען אַזוי צאָלרייך, זיי זאָלן קענען העלפן מאַיאָריזירן די טשעכן — סיידן אין איניקע שטעט. אָבער מיט זייער עקאָנאָמישער און קולטורעלער השפּעה האָבן די אידן פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון די דייטשן לגבי די טשעכן.

צו דער צרה פון דער נישט-אנערקענטער אידישער נאַציאָנאַליטעט איז נאָך צוגעקומען די מכה פון נישט אנערקענען נישט די אידישע און נישט די העברעאישע שפּראַך, אויף אַזוי ווייט, אַז אַ דאָקומענט אין דער אידישער שריפט האָט נישט געהאַט קיין שום ווערט און שום באַווייז-קראַפט. און אויב פּאָליציי האָט דערלויבט צו רעדן אידיש אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, איז דאָס נאָר אַ באַוויז, אַז דאָס פּראַקטישע לעבן איז געווען שכלדיקער, גערעכטער און פּראָגרעסיווער פון די געזעצן.

דער קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון די אידן אַלס נאַציאָנאַליטעט איז געווען די ערשטע לאַזונג פון די אידיש-נאַציאָנאַלע קרייזן אין עסטרייך. אין אָנפאַנג איז דער דאָזיקער קאַמף געפירט געוואָרן דער עיקר פון די אידיש-נאַציאָנאַלע סטודענטן אויף די אוניווערזיטעטן. שוין אין יאָר 1882 ווערט געגרינדעט אין ווין דער באַוואוסטער סטודענטן-פאַראיין „קדימה", וועלכער איז באַשטאַנען דאָס רוב פון גאַליצישע אידן און וועמעס גרינדער און גייסטיקע פירער זיינען געווען דר. ראובן בירער (איינער פון די ערשטע לעמבערגער ציוניסטן, שפּעטער אין סאָפיאַ, בולגאַריע), נתן בירנבוים, עוזר קאָקעש און דער העברעאישער שרייבער פרץ סמאָלענסקין. אין אַ דעקלאַראַציע, וועלכע די גרינדער פון דעם נייעם פאַראיין האָבן אַרויסגעגעבן, האָבן זיי דערקלערט אַלס ציל פון דער „קדימה": קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע, וועקן דאָס נאַציאָנאַלע אידישע באַוואוסטזיין און שטיצן די קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל. די „קדימה" איז געווען אַ „שלאָגנדיקע פאַרבינדונג", דאָס הייסט, אַז אירע מיטגלידער האָבן געהאַט דעם חיוב אַרויסצורופן אויף אַ דועל, יעדן אַנטיסעמיט וועלכער האָט באַליידיקט דעם אידישן

כבוד. קענטיק אַז די קאַדימאַנער האָבן דערלאַנגט גוטע קלעפּ די אַנטיסעמיטישע פֿאַרלוימדער, וואָרים נאָך עטלעכע יאָר האָבן די דייטש־נאַציאָנאַלע סטודענטן אָנגענומען אַ באַשלוס, נישט צו געבן קיין סאַטיספֿאַקציע, ד. ה. זיך נישט צו דועלירן מיט קיין אידן, ווייל די אידן, האָבן זיי געזאָגט, זיינען „עהרנלאָז".

אין זייערע אוניווערזיטעטס־דאָקומענטן פֿלעגן די אידיש־נאַציאָנאַלע סטודענטן זיך פֿאַרשרייבן אַלס „סינע נאַציאָנע" (ד. ה. אַז זיי באַלאַנגען ניט צו קיין שום נאַציאָן) אָדער זיי האָבן זיך פֿאַרשריבן אַלס „אַראַבער", אַלס פּראָטעסט קעגן דעם וואָס מען האָט זיי נישט דערלויבט זיך צו פֿאַרשרייבן אַלס אידן.

צום שווערסטן איז געווען די לאַגע פֿון די גאַליצישע אידן ביי פֿאָלקס־ציילונגען. אויף די צענז־בויגנס איז געווען אַ באַזונדערע רובריק וועגן דער „אומגאַנגס־שפּראַך" פֿון דעם פֿאַרשריבענעם, און די אומגאַנגס־שפּראַך איז געווען דער אויסדרוק פֿון דער נאַציאָנאַליטעט. אויף די צענז־בויגנס איז געווען אַ באַמערקונג, אַז פֿאַר נישט פֿאַרשרייבן דעם אמת, ווערט מען שטרענג באַשטראָפֿט. לויטן אמת האָבן אידן באַדאַרפֿט פֿאַרשרייבן, אַז זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז אידיש. אָבער גראָד פֿאַר דעם דאָזיקן אמת האָט מען באַשטראָפֿט. אידן אין גאַליציע האָבן געמוזט שרייבן אַ ליגן, אַז זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז פּויליש (אָדער דייטש, אָדער אוקריייניש). בכלל האָט מען געמעגט פֿאַרשרייבן נאָר איינע פֿון די שפּראַכן וועלכע זיינען געווען געזעצלעך אָנערקענט אין עסטרייך.

נישט קוקנדיק אויף די שטראָף־דראָונגען האָט אַ גרויסער צאָל אידן אין גאַליציע ביי די פֿאָלקס־ציילונגען פֿון 1900 און פֿון 1910 פֿאַרשריבן אידיש (אָדער העברעאיש) אַלס זייער אומגאַנגס־שפּראַך. און אַזוי ווי די מלוכה־אויטאָריטעט גופא האָט אויפֿגעפֿאָדערט די אידן צו שרייבן אַ ליגן, האָבן אַ סך נאַציאָנאַלע אידן, וואָס זייער אומגאַנגס־שפּראַך איז פּאַקטיש געווען פּויליש, אויך פֿאַרשריבן אידיש אָדער העברעאיש אַלס זייער שפּראַך.

דאָ איז אַלזאָ פֿאָרגעקומען אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע פֿון אַ גאַנצן פֿאָלקס־טייל קעגן געזעץ. ווי אַזוי האָט די ביוראָקראַטיע רעאַגירט אויף דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע פֿון דער־אידישער באַפֿעלקערונג? גאַנץ איינפֿאַך: אין די גרעסערע שטעט האָבן די באַאַמטע אויסגעמעקט אין דער שפּראַך־רובריק דאָס וואָרט „אידיש" און אַריינגעשריבן „פּויליש". און די אָפֿיציעלע סטאַטיסטיק איז נישט רויט געוואָרן פֿאַר בושה. אין די מיטלערע און קלענערע שטעטלעך האָבן די באַאַמטע געטאָן דאָס זעלבע, נאָר זיי האָבן נאָך אַרויפֿגעלייגט אויף די אידן אַ געלט־שטראָף פֿאַר עובר זיין דעם קאָנסקריפּציע־געזעץ.

און דאָ איז פֿאָרגעקומען אַ נייע דעמאָנסטראַציע קעגן דעם געזעצלעכן אומרעכט: אידן, אַפֿילו אַזעלכע, פֿאַר וועלכע ס׳איז נישט געווען שווער צו באַצאָלן די געלט־שטראָפֿן, האָבן נישט געוואָלט צאָלן און געלאָזט דעם שטייער־עקזעקוטאָר עקזעקוטירן און אַרויספֿירן די מעבל פֿון זייער שטוב אויפֿן מאַרק צו פֿאַרקויפֿן. דאָס איז געווען די שאַרפֿסטע דעמאָנסטראַציע קעגן אומרעכט און קעגן דעם צוואַנג צו פֿאַרלייקענען די אייגענע נאַציאָנאַליטעט. הוץ די דאָזיקע רעלאַטיוו קליינע רדיפֿות, האָבן

די אידן, באַזונדערס אין די קלענערע שטעט, געהאַט געגוג צו ליידן פון די באַאַמטע פון דער סטאַראָסטווע און פון די מאַגיסטראַטן פאַר זייער בגידה וואָס זיי זיינען באַגאַנגען, פאַרשרייבנדיק זיך דווקא אַלס אידן און נישט אַלס פּאָליאַקן. די אידן האָבן באהבה גענומען אויף זיך די דאָזיקע רדיפות אינעם קאַמף פאַרן רעכט אָנערקענט צו ווערן אַלס אידן און נישט צו זיין פאַרמשפּט צו דינען אַלס אַ בלויסע צאָל, צו פאַרגרעסערן די מאַכט פון דער אָדער יענער הערשנדער נאַציאָנאַליטעט. אין יענע קאַמפן האָבן די גאַליצישע אידן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל הייליקן אידעאַליזם, זיי האָבן געבראַכט אַזוי פיל קרבנות, אַזאַ אַזאַ פּובליציסט ווי דר. נתן בירנבוים, וועלכער האָט זיך צוגעקוקט פון דער נאָנט צו דעם קאַמף אין 1910, האָט געזען אינעם קאַמף־ענטוזיאַזם פון די אָרימע גאַליצישע אידן „אַ שטראַלנדיקע וועלט".(*)

גאָר סכנותדיק האָט זיך אַרויסגעוויזן דער צושטאַנד פון דער נישט־אָנערקענטער אידישער נאַציאָנאַליטעט אין דער צייט ווען דער קאַמף פאַר אַלגעמיינעם און גלייכן וואַל־רעכט איז אַריין אין סטאַדיע פון אַן ערנסטער מלוכה־פּראָגראַם. דאָס איז געווען אַרום 1905, ווען ס׳איז באַוואוסט געוואָרן אַז דער הויף איז פאַר דער וואַל־רעפאָרם זייענדיק אין דעם אַלגעמיינעם וואַל־רעכט אַ מיטל צו ראַטעווען די עסטרייכישע מלוכה (און אפשר אויך די דינאַסטיע) פון די צעשטערנדיקעווירקונגען פונעם נאַציאָנאַליטעטן־קאַמף. די וואַל־רעפאָרם איז דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מיטל פון מלוכהשער קאָנסאָלידאַציע פון די פאַרשידענע, אַנאַנדער זיך באַקעמפנדיקע, נאַציאָנאַליזמען. די וואַל־רעפאָרם איז פון תחילת אָן געטראַכט געוואָרן אויף אַזאַ פאָרם, אַז איטלעכע נאַציאָנאַליטעט זאָל באַקומען איר חלק השפּעה און איר אָנטייל אין דער מאַכט פון דער מלוכה. מען האָט געשמועסט וועגן נאַציאָנאַלע קוריעס וכדומה פּלענער. און אַזוי ווי די אידן זיינען נישט געווען אָנערקענט אַלס נאַציאָנאַליטעט, האָט געדראָט די סכנה, אַז דאָס אידישע פאָלק אין עסטרייך זאָל צעריסן ווערן צווישן די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע קוריעס און אַליין צו בלייבן אָן אַ פּאַרלאַמענטאַרישער רעפּרעזענטאַנץ און שטענדיק אַריינגעמישט אין די קאַמפן צווישן די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. די ציוניסטן און נאַציאָנאַלע אידן האָבן דאַן אָנגעהויבן אַן ענערגישן קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון די אידן אַלס נאַציאָנאַליטעט און פאַר דער שאַפונג פון אַ אידישער ווילער־קוריע, אויב די נייע וואַל־רעפאָרם זאָל זיין באַזירט אויף נאַציאָנאַלע קוריעס. דעם אַוואַנגאַרד אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן געבילדעט די פּועלי־ציון, וועלכע האָבן מיטגעריסן מיט זיך די בירגערלעכע ציוניסטן און נאַציאָנאַלע אידן. פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער אַנדערער צד, די אַסימילאַנטן און די קהל־לייט זיינען נישט געווען פּאַסיוו. אַ געהיימע פאַרזאַמלונג (אַ „קאָנווענטיקל" — האָט מען דעמאָלט געשריבן) פון די קהל־פאָרשטייער פון אַ גרויסער צאָל קהילות איז געוואָרן איינבאַרופן דורך דר. ביק קיין לעמבערג, מיטן צוועק אַרויסצוטרעטן קעגן די פאָדערונגען פון די אידיש־נאַציאָנאַלע פּאַרטייען. די פּועלי־ציון האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם געפּלאַנטן קאָנווענטיקל, און ווען די הערן זיינען געווען פאַרזאַמלט אין דער געביידע פון דער לעמבערגער קהילה אויף זייער ערשטער זיצונג, זיינען די פּועלי־ציון איבערגעפאַלן

(*) „ווי איינע שטראַהלענדע וועלט" — טיטל פון אַן אַרטיקל פון דר. נתן בירנבוים אינעם ציוניסטישן צענטראַל־אָרגאַן „די וועלט" וועגן דעם קאַמף פון די גאַליציישע אידן פאַר דער אָנערקענונג פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט.

דאָס קהילה־הויז, אויסגעשלאָגן די שויבן אין דעם באַראַטונגס־זאַל און געשטערט די גאַנצע חתונה. דאָס איז געווען אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג 1906. פּאָליציי האָט דאַן אַרעסטירט די אָנפירער פון דעם איבערפאַל, וועלכע זיינען באַקאַנט געווען אַלס די פירער פון לאָקאַלן פועלי־ציון־פאַראיין, אויפגעלייזט דעם פאַראיין, און אַזוי ווי דער פאַראיין איז געווען אַ צווייג פונעם עסטרייכישן פאַרבאַנד פועלי־ציון (צענטראַלע אין קראָקע), איז אויך דער פאַרבאַנד מיט אַלע זיינע פאַראיינען אין גאַנץ עסטרייך אויפגעלייזט געוואָרן דורך דער פּאָליציי. די פועלי־ציון האָבן באַלד אין עטלעכע טעג אַרום ווידער אויפגעעפנט דעם אויפגעלייזטן פאַרבאַנד מיט אַלע זיינע פאַראיינען אונטער אַ אַנדערן נאָמען. מיט זייער איבערפאַל אויף דעם לעמבערגער קאָנווענטיקל האָבן זיי צושטערט די אַסימילאַטאָריש־רעאַקציאָנערע פּלענער קעגן דער אידיש־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. צום גליק איז צו קיין נאַציאָנאַלע קורעס נישט געקומען, אָבער אין מאָמענט פון געפאַר איז דער אידישער קאַמף נויטיק געווען. מיט דעם האָט דער קאַמף צווישן דער אידיש־נאַציאָנאַלער באַוועגונג און דער אַלטער אַסימילאַטאָריש־קהלשער קליקע נישט אויפגעהערט. ער איז נאָך געפירט געוואָרן ווייטער ביי די וואַל־קאַמפן פון 1907 און 1911 און אַפילו ביז צום לעצטן מאָמענט פונעם פאַנאַנדערפאַלן זיך פון דער עסטרייכישער מלוכה. אָבער וועגן דעם וועלן מיר שפּעטער רעדן. דאָ, אינעם קאַפּיטל וועגן קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון די אידן אַלס נאַציאָנאַליטעט, מוז איך נאָך דערמאָנען אַ בוקאָווינער עפּיזאָד.

אין דער קליינער בוקאָווינע מיט אירע 800.000 איינוואוינער זיינען געווען פאַרטראָטן נישט ווייניקער ווי זיבן נאַציאָנאַליטעטן: דייטשן, רומענער, אוקראַאינער, פּאָליאַקן, מאַדיאַרן, „קאַצאַפּעס” (די לעצטע צוויי נאָר צו עטלעכע טויזנט נפשות) און אידן. די אָפיציעלע שפּראַך פונעם לאַנד איז געווען דייטש. דייטש איז געווען די פאַרמיטלונגס־שפּראַך צווישן די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, כאָטש די דייטשן זיינען געווען אַ קליינע מינאָריטעט, פון אַרום 70.000 נפשות. אידן זיינען געווען אין בוקאָווינע אַריבער 100.000. ביי דער וואַל־רעפאָרם, נישט קענענדיק איינטיילן די וואַלקרייזן אַזוי, אַז די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן זאָלן האָבן פאַרזיכערט זייער פאַרטרעטונג, איז באַשלאָסן געוואָרן פאַר בוקאָווינע צו מאַכן אַן אויסנאַם און צו באַשטימען דאָרט נאַציאָנאַלע קוריעס. די אידן האָבן געבילדעט די דריטע, לויט דער צאָל, נאַציאָנאַליטעט אין לאַנד, נאָך די אוקראַאינער און רומענער. די דייטשן זיינען געשטאַנען אויפן פערטן און די פּאָליאַקן אויפן פינפטן פּלאַץ. ווילנדיק איינטיילן די וויילער אין נאַציאָנאַלע קוריעס, האָט די רעגירונג נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי באַשטימען אויך פאַר די אידן, אַלס דעם דריטן פאָלק פון לאַנד, אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע קוריע. אָבער דאָ האָבן די גאַליצישע אַסימילאַנטן דערשמעקט די סכנה. אַ קליינינקייט עפּעס: אַ באַזונדערע אידישע קוריע אין בוקאָווינע, איז דאָך אַ געפאַר פאַר דער גאַנצער אַסימילאַטאָרישער קאָרטן־שטיבל. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע אינטריגע קעגן דער גרויסער סכנה — אַן אינטריגע אין וועלכער אויך די ווינער „דייטשע” אַסימילאַנטן האָבן צוגעלייגט אַ האַנט. מען האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים צו פאַרהיטן דאָס פאָלק ישראל אין עסטרייך פון דער געפאַר פון דער אידישער קוריע אין בוקאָווינע. און די צרה איז אָפּגעשריגן געוואָרן. מען האָט די בוקאָווינער אידן פאַרבונדן מיט די דייטשן אין איין קוריע.

אָבער ווי אַזוי באַוואָרענט מען די 70.000 דייטשן, זיי זאָלן נישט מאַיאָריזירט ווערן פון די מער ווי 100.000 אידן? איז דאָ די רעגירונג געפאַלן אויף אַן אמת־כעל־מער המצאה: מען האָט די „דייטשע" קוריע צעטיילט אויף צוויי אונטער־קוריעס: די ערשטע קוריע האָט אַרומגענומען אַלע דייטשן פון עוואַנגעלישן אָדער קאַטוילישן גלויבן, און אין די צווייטע זיינען אַריינגעגאַנגען אַלע — אַנדערע. אָט אַזוי האָבן די אידן אין דער בוקאָווינע דאָך באַקומען אַן אייגענע קוריע, אָבער נישט אַלס אידן, נאָר אַלס „אַנדערע". אָט דאָס האָט דערגרייכט די אַסימילאַטאָרישע קליקע מיט איר ווינקל־פּאָליטיק: אידן זאָלן אָנערקענט ווערן אַלס „אַנדערע", נאָר נישט אַלס אידן

— 16 —

## נאָך דער רעפאָרם פון וואַל־רעכט

### 1. — די וואַל־געאָמעטריע און די אידן

די וואַל־רעפאָרם אין עסטרייך, וועלכע האָט אָפּגעשאַפט די אַלטע צעטיילונג פון דער באַפעלקערונג אין קוריעס און פאַרווירקלעכט די סאָציאַל־רעמאָקראַטישע לאָזונג פון אַלגעמיינע, גלייכע, געהיימע און דירעקטע וואַלן, האָט ניט איינגעפירט קיין נאַציאָנאַלע קוריעס, נאָר איינצלנע וואַל־קרייזן, וועלכע זיינען אַזוי צוגעשניטן געוואָרן, אַז די פאַרשידענע פעלקער זאָלן זיין ווי ווייט מעגלעך אָפּגעגרעניצט איינער פונעם אַנדערן, כדי דער סאָציאַלער און פּאָליטישער קאַמף זאָל נישט פאַרפלאָנטערט ווערן דורך די נאַציאָנאַלע אונטערשיידן. די וואַל־קרייזן זיינען אַזוי געוואָרן צוגעשניטן אַז מען האָט שוין לכתחילה געוואוסט, וויפל מאַנדאַטן עס וועלן באַקומען די דייטשן, וויפל די טשעכן, סלאָווענער, קראָאַטן, סערבן, איטאַליענער א. אז. וו. אגב איז כדאי צו באַמערקן, אַז די וואַל־קרייזן האָבן אין אַ גרויסער מאָס צונישט געמאַכט דאָס „גלייכע" וואַל־רעכט; וואָרים עס זיינען געווען וואַל־קרייזן פון 12.000 וויילער און אַזעלכע פון 70 אָדער 80 טויזנט וויילער, און יעדער וואַל־קרייז האָט נאָר געהאַט איין דעפּוטאַט. די אידן זיינען געווען די צום שטאַרקסטן אָפּגענאַרטע אין דער דאָזיקער „גלייכהייט" פאַר די אַנדערהאַלבן מיליאָן אידן אין עסטרייך זיינען באַשטימט געוואָרן שטילערהייט 8 וואַל־קרייזן — איינער אין ווין און 7 אין גאַליציע. אָבער בעת די אַנדערע פעלקער זיינען געווען פולשטענדיק פאַרזיכערט אין זייערע וואַל־קרייזן, זיינען די „אידישע" וואַל־קרייזן אין גאַליציע שטענדיק געווען אָפּהענגיק פון שטאַרקע פּוילישע מינאָריטעטן, וועלכע האָבן געקענט ביי אַ גוטער וואַל־קאָניוקטור פאַרכאַפּן דאָס אידישע מאַנדאַט אָדער העלפן אויסקלויבן אַזאַ אידישן קאַנדידאַט, וועלכן די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט האָבן — שוין נישט רעדנדיק וועגן דעם אָפיציעלן וואַל־שווינדל און די פאַרשידענע מיטלען צו טעראָריזירן אָדער צו פאַרגוואַלדיקן די וויילער.

וועגן די גאַליצישע וואַל־קרייזן איז נאָך נויטיק אַ קורצע אויפקלערונג. אַזוי ווי דער קלוב פון די פּוילישע דעפּוטאַטן, די „קאָלאָ פּאָלסקיע" איז געווען קעגן דער איינפירונג פון אַלגעמיינעם גלייכן וואַל־רעכט, האָט מען זיי געמוזט גוט באַצאָלן פאַר זייער שטיצן די רעפאָרם — חוץ דעם וואָס דער קייזער האָט אויפגענומען אויף אַ

ספּעציעלער אויד־יענץ דעם פּרעזעס פון דער „קאָלאָ פּאָלסקיע" און אַפּעלירט צום באַקאַנטן עסטרייכישן פּאַטריאָטיזם פון די פּאָליאַקן, זיך נישט אַקעגנצושטעלן דער וואַל־רעפאָרם. און אַלס פּרייז פאַר זייער צושטימונג האָט מען דער קאָלאָ פּאָלסקיע געגעבן די כמעט אומבאַשרענקטע מאַכט איינצוטיילן די וואַל־קרייזן אין גאַליציע.

דער וואַל־קרייז־געאָמעטער פאַר גאַליציע איז געווען פּראָפ. גלאָמבינסקי, אַן ענדעק. גלאָמבינסקי האָט דורכגעפירט זיין אַרבעט אויף אַזאַ אופן, אַז אַ חוץ דער פאַרזיכערונג פון דער מאַקסימאַלער צאָל פּוילישע מאַנדאַטן און באַשרענקונג פון די אוקראַאינישע מאַנדאַטן אויף אַ מינימום, האָט ער אויך איינגעפירט געמישטע פּויליש־אוקריינישע וואַל־קרייזן, כדי צו געבן דער פּוילישער מינאָריטעט די מעגלעכקייט נישט בלויז צו באַקומען אַ מינאָריטעט־פאַרטרעטונג, נאָר אויך צו פאַרנעמען די מאַנדאַטן פון די אוקראַאינער. צו דעם צוועק האָט פּראָפעסאָר גלאָמבינסקי איינגעפירט וואַל־קרייזן מיט צוויי מאַנדאַטן, פאָרמעל איינעם פאַר דער אוקריינער מאַיאָריטעט און איינעם פאַר דער פּוילישער מינאָריטעט. אָבער די וואַל־תקנות זיינען געווען אַזוי קאָמפּליצירט, אַז עס האָט געקאָנט אויסקומען, אַז די אוקריינער זאָלן ביים דריטן וואַלגאַנג בלייבן אָן אַ מאַנדאַט. די דאָזיקע לאַגע איז באַלד ביי די ערשטע אַלגעמיינע וואַלן אין 1907 אין צוויי געמישטע וואַל־קרייזן אויסגעפאַלן לטובת די אידן, וואו די אוקריינער, פאַרלירנדיק ביי די ערשטע צוויי וואַל־גענג, האָבן ביי דער לעצטער „שטיך וואַל" צווישן דעם אידישן און דעם פּוילישן קאַנדידאַט, געשטימט אין צוויי וואַל־קרייזן פאַר די אידישע קאַנדידאַטן, כדי נישט צוצולאָזן קיין זיג פון די פּוילישע קאַנדידאַטן. אַזוי זיינען צוויי אידיש־נאַציאָנאַלע דעפּוטאַטן, דר הענריך גאַבעל און דער פּראַגער פּראָפעסאָר דר. אַרטור מאַהלער, געווילט געוואָרן דורך די אוקריינער.

וועגן דער אומזיכערקייט פון די עטלעכע „אידישע" וואַל־קרייזן האָט זיך שוין אויבן גערעדט. ביי אַ נישט־פאַרפעלשטן גלייכן וואַל־רעכט וואָלטן די אידן אין גאַליציע געווען באַדאַרפט האָבן פאַרזיכערט אַ 17-18 מאַנדאַטן. אין דער ווירקלעכקייט איז קיין איינער פון די 7 אָדער 8 וואַל־קרייזן וועלכע מען האָט באַטראַכט פאַר אידישע, נישט געווען אומאָפּהענגיק פון דער השפעה פון דער פּוילישער סטאַראָסטע־מאַכט און פון די פּוילישע ווילער און אַפילו די דאָזיקע מאַנדאַטן זיינען נישט געווען זיכער פאַר אידן — סיידן דער מאַנדאַט פון בראָד. שטרעבנדיק צו פאַרקלענערן ווי ווייט מעגלעך די צאָל פון די אידישע מאַנדאַטן און אויך נישט צו לאָזן די אידן זיין אינגאַנצן אומאָפּהענגיק אין זייערע וואַל־קרייזן, האָט גלאָמבינסקי, דאָרט וואו ער האָט געמוזט שאַפן אידישע וואַל־קרייזן, געשאַפן אַזעלכע מיט נישט צו גרויסע אידישע מאַיאָריטעטן, דאַקעגן האָט ער גרויסע אידישע מינאָריטעטן אַריינגענומען אין פּוילישע וואַל־קרייזן, פאַרלאָזנדיק זיך אויפן נאַציאָנאַליזם פון די פּאָליאַקן, אַז ער וועט באַווייזן צו נייטראַליזירן די השפעה פון די אידישע ווילער. די דאָזיקע וואַל־געאָמעטריע פון גלאָמבינסקין האָט אין איניקע וואַל־קרייזן געפירט דערצו, אַז מיט דער הילף פון אידישע שטימען זיינען געווילט געוואָרן פּוילישע דעמאָקראַטן אָדער סאָציאַליסטן. אין איין לעמבערגער וואַל־קרייז, למשל, האָבן די אידן, וועלכע האָבן דאָרט געבילדעט אַרום 40 פּראָצענט פון דער ווילערשאַפט, אַנטשידן די וואַלן לטובת דעם פּוילישן

ראַדיקאַל ערנעסט ברייטער, וועלכן די פּאָליאַקן האָבן באַטראַכט ווי אַ פּאָליטישן שבת־גוי פון די אידן.

## 2. — דאָס קאַפּיטל ערנעסט ברייטער

ערנעסט ברייטער איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פון דער אידישער פּאָליטיק. ברייטער, וועלכער איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ שטיקל אַנטיסעמיט, איז שפּעטער געוואָרן ממש אַ „אידישער" דעפּוטאַט אין ווינער פּאַרלאַמענט. צוויי אָדער דריי מאָל איז ער אויסגעוויילט געוואָרן דער עיקר דורך אידישע שטימען. ברייטער האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי — ער איז אַליין געווען אַ פּאַרטיי. אין פּאַרלאַמענט איז ער געווען איזאָלירט — אַ „ווילדער", ווי מען האָט אָנגערופן די דעפּוטאַטן וועלכע האָבן נישט געהערט צו קיין שום קלוב. ביי די אידן האָט ברייטער אָנגעהויבן נושא־חן צו זיין דורך דעם שטאַרק ראַדיקאַלן טאָן פון זיין בלאַט „מאָניטאָר", וואו ער האָט אויך באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם. מיט דער צייט האָט ברייטער אַליין זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַ מין אידישער פאָרשטייער. ער האָט אַמאָל אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע־רייזע פון אידישע שענקערס פון פאַרשידענע שטעט און דערפער פון גאַליציע קיין ווין, כדי צו פּראָטעסטירן קעגן אַ געזעץ פונעם גאַליצישן סיים, וועלכעס האָט צוגענומען די פּרנסה ביי אַרום 8.000 אידישער שענקער־פאַמיליעס. אָן דער שפּיץ פון צוויי טויזנט אידישע שענקערס, אַ טייל פון זיין אין לאַנגע קאַפּאָטעס, האָט ברייטער דעמאָנסטרירט דורך די גאַסן פון ווין און אויך דורך דער בורג. ברייטער האָט אָפט גענומען אָנטייל אין דער וואַל־פּראָפּאַגאַנדע פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, און מוזנדיק רעדן אין די קלענערע שטעט אין די בתי־מדרשים, פלעגט ער, לויטן שטייגער פון די אידישע רעדנער, פאַרן אָנהויבן זיין רעדע פון די טרעפּלעך ביים אָרון־קודש, פריער אַ קוש טאָן דעם פּרוכת.

וועגן דער באַציאונג פון די גאַליצישע אידן צו ברייטערן איז כאַראַקטעריסטיש דער פאָלגענדער אַנעקדאָט, וועלכן מען פלעג דערציילן אין גאַליציע:

זיצן צוויי אידן און דערציילן זיך די מעלות פון אַדאָלף שטאַנד. רופט זיך אָן איינער: „כ'וואָלט וועלן וויסן, צי אַדאָלף שטאַנד פאַסט יום־כיפור"? „ע, יום־כיפור" — רופט זיך אָן דער אַנדערער — „כ'וויים נישט צי ברייטער וואָלט וועלן עסן אום יום־כיפור!" בשעת די פּויליש אוקריינישע קאַמפן אין גאַליציע נאָכן פאַל פון עסטרייך, איז ברייטער געשטאַנען אויף דער זייט פון די אוקריינער. ער האָט דערפאַר נאָך דער אוקריינישער נידערלאַגע געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד ער האָט געלעבט אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט אין אַרימקייט אין ווין. אַלס דאַנק פאַר זיין טעטיקייט לטובת די אידן פלעגן אים די ווינער ציוניסטן טיילמאָל געבן עפּעס צו פאַרדינען. ער האָט אויך באַקומען עפּעס אַ פונקציע אויפן לעצטן ציוניסטן־קאָנגרעס אין ווין.

## 3. — די אוקראַאינער

ביי דער לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן אַדאַנק גלאָמבינסקיס וואַל־געאָמעטריע, האָט די אידישע פּאָליטיק געהאַט פאַר זיך צוויי פּרינציפּיעלע אויפגאַבן: 1) פאַר־

זיבערן אַ ווי ווייט מעגלעך מאַקסימאַלע אידישע פאַרטרעטונג אין פאַרלאַמענט, אויפֿן יסוד פון אַ אידישן פּראָגראַם, און 2) פאַרהיטן, אַז די אידן, באַזונדערס אין מזרח־גאַליציע זאָלן נישט ווידער אַריינגעשלעפּט ווערן אין דער פאַלשער אַסימילאַטאָרישער פּאָליטיק פון דער קאָלאָ פּאָלסקיע, וועלכע האָט אַפילו די אַסימילאַציע נישט אויפֿריכטיק געוואָלט, באַנוצנדיק זיך מיט די אידן נאָר ווי מיט „שטים־פּי”, אָבער פאַקטיש נישט באַטראַכטנדיק די אידן אַלס פולקאָם גלייכע בירגער, וועלכע עס קומט פולע גלייכע רעכט. די אַסימילאַציע־פּאָליטיק האָט אָנגעהויבן צו ווערן פאַר די אידן אין גאַליציע געפערלעך נאָך צוליב אַן אַנדערן מאָטיוו: צוליב דער וואַקסנדער פּאָליטישער דערוואַכונג פון די גאַליצישע אוקראַאינער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זען אין די אידן אַן אָביעקט פון דער פּוילישער מאַיאָריזירונגס־פּאָליטיק קעגן זיי. די אוקראַאינער האָבן דערפאַר, צוליב זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, געשטיצט די פאָדערונג וועגן אַנערקענען די אידן אין עסטרייך אַלס אַ באַזונדערע נאַציאָנאַליטעט. ס'איז בדאי צו פאַרצייכענען, אַז דער ערשטער, וועלכער האָט די דאָזיקע פאָדערונג אויפגעהויבן אין ווינער פאַרלאַמענט, איז געווען אַן אוקראַאינער, פּראָפעסאָר באַרווינסקי.

## 4. — די פּראָבלעם „ציוניזם און גלות־פּאָליטיק”

אויף צו נעמען אויף זיך די אויפגאַבע אָנצופירן מיט דער נייער אידישער פּאָליטיק איז דאַן געווען אין גאַליציע, און אין עסטרייך בכלל, נאָר איין פּאַרטיי: די ציוניסטישע. אויך די פּועלי־ציון האָבן דאַן שוין געבילדעט אַ געווויג אויסגעשפּרייטע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט די גענוגנדע צאָל פּאַסיקע מענטשן פאַר אַ גרויסער פּאָליטישער אַקציע. חוץ דעם האָבן די פּועלי־ציון, אַלס אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, נישט געקענט אויסדריקן זייער פּאַרטיי־הותם אויף דער פּאָליטיק פון די אידישע מאַסן. אַפילו די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן דאָס נישט געוואָלט טאָן. די אַלגעמיינע ציוניסטן זיינען חוץ דעם געווען פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ פון טעאָרעטישע דיסקוסיעס, צי מעגן ציוניסטן בכלל זיך פאַרנעמען מיט גלות־פּאָליטיק אָדער מיט „קעגנוואַרטס־אַרבעט” ווי מען האָט דאָס דאַן אָנגערופן. אין דער ציוניסטישער פּובליציסטיק האָבן זיך געהערט די פאַרשידנסטע מיינונגען וועגן דער דאָזיקער פּראָבלעם. אַ טייל ציוניסטן האָבן מורא געהאַט, אַז ווען די ציוניסטישע פּאַרטיי וועט זיך אָרגאַניזירן אין אַ אָפּאָזיציאָנעלער אידישער פּאָליטיק קאָן דורך דעם דער ציוניזם פאַרלירן די נויטיקע סימפּאַטיע און שטיצע מצד די רעגירונגען און מצד די פעלקער. מען האָט דערביי פאַרגעסן, אַז דער ציוניזם, אָרגאַניזירנדיק די אידן אויף אַ נאַציאָנאַלער באַזיס, מוז סיי ווי אַרויסרופן צו זיך אַ קעגנערשאַפט מצד יענע רעגירונגען און פעלקער וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט אין אַן אַסימילאַטאָרישער אידישער פּאָליטיק.

אַדאָלף בעם, וועלכער באַהאַנדלט אין זיין גרויסן צוויי־בענדיקן ווערק „די ציוניסטישע באַוועגונג”, די דיסקוסיעס אינעם ציוניסטישן לאַגער פאַר און קעגן דעם

אַנטייל פון ציוניסטן אין דער גלות־פּאָליטיק, באַשרייבט די פּראָבלעם ווי אַזוי זי איז דעמאָלט באַשטאַנען אויף דעם פאָלגנדן אופן:

„יענע ציוניסטן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די פירונג פון אַ אידיש־נאַציאָנאַלער לאַנדעס־פּאָליטיק, האָבן געשטיצט זייער שטאַנדפּונקט מיט טאַקטישע, פּאַרטיי־פּאָליטישע מאָטיוון. דער ציוניזם — האָבן זיי געטענהט — וועט קיינמאָל נישט געווינען די אידישע מאַסן, ווען ער וועט זיך פאַרנעמען נאָר מיט ווייטע צילן, און וועט בלייבן פּאַסיוו צו די היינטיקע אינטערעסן פונעם אידישן פאָלק... צו די דאָזיקע טאַקטישע באַטראַכטונגען זיינען באַלד צוגעקומען פּרינציפּיעלע. דער ציוניזם — האָבן די אַנהענגער פון אנטיילנעמען אין דער גלות־פּאָליטיק געטענהט — איז דאָך די דערקענטעניש פון דער אומצערייסבאַרער איינהייט פונעם אידישן פאָלק. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פּרעטענדירט דאָך צו זיין די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פונעם אידישן פאָלק, זי פּראָקלאַמירט איר פּאָליטיק אַלס די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון די אידן, אָבער אַלס נאַציאָנאַל קאָן באַטראַכט ווערן נאָר אַזאַ פּאָליטיק, וועלכע נעמט אַרום אַלע באַדערפענישן פונעם גאַנצן פאָלק, און וועמעס ציל איז די זיכערונג פון דער אַנטוויקלונג פון גאַנצן פאָלק. פּסיכאָלאָגיש איז דאָס אַריינגעמען די גלות־פּאָליטיק אין דער ציוניסטישער אַקטיוויטעט דערמיט מאָטיווירט אַז דער ציוניזם איז טאַקע די שטרעבונג צו אַ פולער אידישער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ; אָבער דער איד וועלכער ווערט אַ ציוניסט, דאָס הייסט ער שטרעבט צום העכסטן נאַציאָנאַלן אידעאַל, מוז אויך שטרעבן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן צו דערגרייכן דעם מאַקסימום פון נאַציאָנאַלער באַפרידיקונג."

דאָס זיינען געווען אומגעפער די באַטראַכטונגען פון די עסטרייכישע ציוניסטן, ווען זיי האָבן באַשלאָסן אַריינצומישן אַלס פּאָליטישע פּאַרטיי אינעם וואַל־קאַמף. אָבער דאָך האָבן זיי נישט געוואָלט אַנגאַזשירן פאָרמעל דעם ציוניזם אינעם פּאָליטישן קאַמף. האָבן זיי דערפאַר באַשלאָסן צו גרינדן צו דעם צוועק אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע: די „אידיש נאַציאָנאַלע פּאַרטיי אין עסטרייך".

## 5. — די גרינדונג פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי

בעת די רוסישע ציוניסטן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר זיך אומגעפער די זעלבע פּראָבלעמען, האָבן אויף זייער צוזאַמענפאָר אין העלזינגספאָרס (דעצעמבער 1906) אָנגענומען פאַראייניקט די אידישע קעגנוואַרטס־פּאָליטיק אין רוסלאַנד מיטן ציוניסטישן פּראָגראַם, האָבן די עסטרייכישע ציוניסטן אויף אַ ספּעציעלן צוזאַמענפאָר אין קראָקע געשאַפן פאַר דער אידישער לאַנדעס־פּאָליטיק, די באַזונדערע אידיש־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי. אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט אַ מין אידייאישע וואַקלדיקייט. וואָרים די אידיש־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי איז אין ווין ווי אין גאַליציע אָנגעפירט געוואָרן פון די זעלבע מענטשן וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. פאַר דער גרינדונג פון דער באַזונדערער אידיש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי האָבן די עסטרייכישע ציוניסטן געבראַכט אויך פּראַקטישע אַרגומענטן: עס זיינען געווען אין ווין נאַציאָנאַלע אידן (אידישער פאָלקספאַראיין, אידישע פאָלקס־פּאַרטיי) און אויך אין גאַליציע זיינען געווען אַזעלכע נאַ־

ציאָנאַלע אידן, וועלכע האָבן מסכים געווען מיט דעם קעגנוואַרטס-פּראָגראַם פון די ציוניסטן, אָבער קיין ציוניסטן זיינען זיי ניט געווען. אָבער צוליב אַזעלכע מיטלויפער זיך אָפּצוזאָגן פון דער אייגענער פּאַרטיי-פירמע און צו גרינדן פאָרמעל אַן אַנדערע אָרגאַניזאַציע, איז אפשר ניט געווען קיין באַרעכטיקונג. סיי די פּאָליאַקן, סיי די רע־גירונג און סיי די אידישע קעגנער האָבן אַלע געוואוסט, ווער די אידיש-נאַציאָנאַלע פּאַרטיי איז. די קעגנער האָבן דאָס אָפּט אויסגענוצט אין קאַמף, אַז די ציוניסטן זיינען אַרויס אין קאַמף אונטער אַ פאַלשע פאָן. פון דער אַנדערער זייט האָט די פאָרמעלע עקזיסטענץ פון דער אידיש-נאַציאָנאַלער פּאַרטיי מעגלעך געמאַכט אַריינצונעמען אין דער קאַנדידאַטן-ליסטע אַזאַ נאַציאָנאַלן איד און נישט ציוניסט ווי דר. נתן בירנ־בוים, וועמעס קאַנדידאַטור די פּאַרטיי האָט אויסגעשטעלט אין וואַל-קרייז בוטשאַטש.

די אידיש-נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, וועלכע איז געווען אין עצם די ציוניסטישע פּאַר־טיי מיטן גאַנצן ציוניסטישן פּאַרטיי-אַפּאַראַט, האָט אויפגעשטעלט קאַנדידאַטן נישט בלויז אין די „אידישע" וואַל-קרייזן, נאָר אויך אין אַזעלכע באַצירקן, וואו די אידן האָבן געבילדעט שטאַרקע מינאָריטעטן, וואו דאָס וואַל-גליק האָט געקענט די אידן צושפּילן און אַפילו אין אַזעלכע פּלעצער וואו ס'איז נישט געווען קיין שום אויס־זיכט פאַר אַ אידישן קאַנדידאַט צו געווינען די וואַלן. דאָס הייסט, אַז ס'איז געגאַנגען נישט בלויז וועגן באַקומען מאַנדאַטן נאָר אויך און דאָס דער עיקר, וועגן פּאָליטישער אויפקלערונג, וועגן אַרויסרייסן די אידישע פאָלקס-מאַסן פון דער השפּעה פון די אַסי־מילאַנטן און זייערע דינער און אויך פון דער פּאָליטישער קנעכטשאַפט ביי די פּוי־לישע רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען. די פּאַרטיי האָט אָנגעפירט אַ גלענצנדיקע פּראָפּאַגאַנדע און די מאַסן זיינען געווען ענטוזיאַזמירט און גרייט צו יעדן קרבן.

און דער רעזולטאַט? חוץ דעם מאַנדאַט פון בראָד, וועלכן עס האָט אויסגעקעמפט דער פירער פון די גאַליציש ציוניסטן אַדאָלף שטאַנד, האָט זיך דער פּאַרטיי נישט איינגעגעבן פון די איבעריקע אידישע וואַל-קרייזן אַפילו קיין איינעם צו דעראָבערן. חוץ די דערמאָנטע צוויי „אוקראַאינישע" מאַנדאַטן פון מאַלער און גאַבעל.

## —6. — „גאַליצישע וואַלן"

הייסט עס, אַז די אידישע ווילער האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דער אי־דיש-נאַציאָנאַלער פּאָליטיק?

אָ, דאָס נישט! נאָך קיינמאָל האָבן ווילער אין ערגעץ נישט געקעמפט מיט אַזוי פיל ענטוזיאַזם, מיט אַזוי פיל מסירת-נפש ווי עס האָבן געקעמפט די אידישע ווילער פאַר די אידיש-נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטן. די גאַליצישע אידן האָבן געוואָלט ענדלעך זיך באַפרייען פון די אַסימילאַנטן און פון די וועלכע האָבן פּתם פאַרקויפט די אידן און די אידישע אינטערעסן צו די סמאַראָסטעס און צו דער הערשנדיקער פּוילישער פּאַרטיי. די אידישע ווילער האָבן טאַקע געקעמפט ווי לייבן, אָבער דער טעראָר, די פאַרגוואַלדיקונג און דער וואַל-שווינדל זיינען געווען שטאַרקער. און דאָרט וואו דער אידישער קאַנדידאַט האָט באַקומען די מאַיאָריטעט, טראָץ אַלע אָנגעווענדטע טעראָר־

מיטלען, האָבן די פּוילישע באַאַמטע לסוף געפעלשט דעם וואַל־רעזולטאַט, אָדער גאַנץ אָפן אַנולירט אידישע שטימען. אַזוי, למשל, אין סטאַניסלאַוו, וואו דער אידישער קאַנדידאַט דר. מרדכי ברוידאָ האָט באַקומען די מאַיאָריטעט שטימען, טראָץ אַלע פּוילישע טעראָר־מיטלען, האָבן די פּוילישע באַאַמטע געפּסלט 40 שטים־צעטלען אויף וועלכע ס'איז געווען געשריבן דער נאָמען מאַרקוס מיט אַ c אָנשטאָט אַ k ווי מען שרייבט אין פּויליש. אין בוטשאַטש, וואו 40.000 רוטענישע פּויערים האָבן געשטימט פאַר דר. בירנבוים, און וועלכער האָט באַקומען אַ גרויסע מאַיאָריטעט, האָבן די באַאַמטע דריי טעג צוריקגעהאַלטן דאָס פאַרעפנטלעכן דעם וואַל־רעזולטאַט, דורכפירנדיק אין די דריי טעג כלערליי שווינדלען, פעלשונגען און גנבות, און אַזוי איז אָנשטאָט דעם דורך דער מערהייט פון די וויילער געוויילטן דר. נתן בירנבוים, דער פּוילישער שליאַכציץ סטאַרזשינסקי, וועלכער האָט געהאַט נאָר אַ מינאָריטעט פון די שטימען, פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס אויסגעוויילטער דעפּוטאַט. און אַזוי איז צוגעגאַנגען אין אַלע אידישע וואַל־קרייזן. דאָס זיינען געווען די באַוואוסטע „גאַליצישע וואַלן", וועלכע האָבן געבילדעט אַ שטענדיקע טעמע פאַר די שאַרפע רעדעס פון דעם פּוילישן סאָציאַליסטישן פירער איגנאַץ דאַשינסקי אין ווינער פּאַרלאַמענט. „גאַליצישע וואַלן" איז געוואָרן אַ שאַנד־וואָרט אין גאַנץ עסטרייך. די „גאַליצישע וואַלן" זיינען אָנגעווענדט געוואָרן מיט דער גאַנצער ברוטאַליטעט קעגן אוקראַאינער און סאָציאַליסטן און קעגן דער פּוילישער פּויערים־פּאַרטיי, אָבער מיטן גרעסטן ציניזם זיינען די פאַרברעכנס באַגאַנגען געוואָרן קעגן אידן.

די רעגירונג אין גאַליציע, אָנגעהויבן פונעם שטאַטהאַלטער, ביז צו די סטאַראָסטעס און מאַגיסטראַטן, ביז צו די נידעריקסטע באַאַמטע, האָבן גאַנץ אָפן פאַרגוואַלדיקט דעם ווילן פון דער וויילערשאַפט. די פּוילישע מאַכטהאָבער האָבן נישט געוואָלט צולאָזן, אַז גאַליצישע אידן זאָלן האָבן אין ווין אַן אייגענע נאַציאָנאַלע פאַרטרעטונג. נאָר דורך אַ פאַרזען, גאַנץ אומגעריכט, זיינען דורך אַ גרויסער מערהייט פון אוקראַאינישע שטימען געוויילט געוואָרן די צוויי אויבן־דערמאָנטע אידיש־נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטן: פּראָפעסאָר אַרטור מאַלער און דר. הענריך גאַבעל. פאַר דער הערשנדיקער פּוילישער פּאַרטיי זיינען די דאָזיקע צוויי אומגעריכטע אידישע וואַל־דערפאָלגן געווען „אַ ווייטיק אין האַרץ און אַ חרפּה אין פּנים".

דערפאַר אָבער איז ביי די וואַלן פון 1911 קיין איין אידיש־נאַציאָנאַלער קאַנדידאַט נישט דורכגעלאָזט געוואָרן. די אויטאָנאָמע פּוילישע רעגירונג אין גאַליציע האָט דעמאָלט אָנגעווענדט אַן אויסערגעוויינלעכן טעראָר און גוואַלד־אַקטן. אין דראָהאָביטש, וואו קעגן דעם ציוניסט דר. ציפּער האָט קאַנדידירט דער באַוואוסטער פירער פון די אַסימילאַנטן דר. לעווענשטיין, האָט דער סטאַראָסטע אַרויסגעשיקט באַוואָפנטע מיליטער־פּאַטרולן קעגן די פאָלקס־מאַסן און 14 פּערזאָן זיינען געפאַלן טויט אויפן פּלאַץ. דאָס הייסט, אַז די אידיש־נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטן זיינען באַקעמפט געוואָרן מיט אַן אייזערנער בלוטיקער פויסט. אין אַלע אידישע קרייזן האָבן „געזיגט" די קאַנדידאַטן פון דער אַסימילאַטאָרישער קהל־קליקע. אין לעמבערג האָט דער שטאָטהאַלטער באָבזשינסקי, איינער פון די רעאַקציאָנערסטע נאַמיעסטניקעס, געשטיצט די קאַנדידאַטור פון דעם סאָציאַליסט דר. דיאַמענד קעגן אַדאָלף שטאַנדן. אַזוי איז פון דעם אידישן

קלוב פון 4 מיטגלידער, וועלכער האָט עקזיסטירט אין ווינער פּאַרלאַמענט פון 1907 ביז 1911, קיין סימן נישט געבליבן.

## 7. — די פּאָליטיק פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי

די 4 מיטגלידער פונעם אידישן קלוב זיינען געווען אַדאָלף שטאַנד, דר. מאַלער, דר. גאַבעל און דר. בענאָ שטרויכער, דעפּוטאַט פון טשערנאָוויץ. נישט קוקנדיק אויף זיין קליינער צאָל דעפּוטאַטן האָט דער קלוב ביי געוויסע אָפּשטימונגען געקענט שפּילן אַ ראָל ווי דאָס צינגל פון דער וואָג. וואָרים אין פּאַרלאַמענט האָבן די דייטשן מיט די עטלעכע איטאַליענער „געהאַלטן די וואָג" מיט די סלאַווישע דעפּוטאַטן. ביי געוויסע וויכטיקע אָפּשטימונגען האָבן צוויי אָדער דריי שטימען געקאָנט האָבן אַן אַנטשיידנדע באַדייטונג. דערפאַר האָט די רעגירונג אַביסל זיך גערעכנט מיט דעם קלוב. דער מי־ניסטער־פּרעזידענט באַראָן בעק האָט איינגעלאַדן צו זיך דעם דר. שטרויכער און זיך אים דערקלערט אין סימפּאַטיע צו אידן.

פאַקטיש האָט דער אידישער קלוב געלאָזט הערן אין פּאַרלאַמענט אַ ניי אידיש וואָרט, וואָס מען האָט דאָרט פריער קיינמאָל נישט געהערט. אַדאָלף שטאַנדס דעביוט־רעדע איז געווען אַ שיינע מאַניפעסטאַציע פונעם אידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק און פון ציוניזם. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל אַ שטימע פון אידן, וועלכע פאַרשטעלן זיך נישט אַלס פּאָליאַקן, נישט אַלס דייטשן אָדער פאַר אַנדער פאָלק, און וועלכע רעדן אַלס אידן און פאָדערן רעכט פאַר די אידן ווי פאַר אידישע בירגער פון עסטרייך. אין אַ דעקלאַראַציע פונעם אידישן קלוב האָט זיך געזאָגט, צווישן אַנדערן, פאָלגנדעס:

> „דער אידישער קלוב וועט שטענדיק פאַרטיידיקן די רעכט, אינטערעסן און טובה פון פאָלק. ער וועט ענערגיש פאָדערן די אַנערקענונג פון דער אידישער נאַציע און פאַקטישע דורכפירונג פון אידישער גלייכבאַרעכטיקונג. ער וועט שטעלן אַן אַנטשיידענעם ווידערשטאַנד קעגן די אָנפאַלן אויף אידן, פון וואַנען זיי זאָלן נישט קומען. אין הסכם מיט דעם פּראָגראַם פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער פּאַרטיי, וועט ער פירן אַ פּראָגרעסיווע אמתע פאָלקס־פּאָליטיק, זיך האַלטן ביי די יסודות פון פּאָליטישן און עקאָנאָמישן פּראָגרעס, סאָציאַלער גערעכטיקייט, נאַציאָנאַלע גלייכשטעלונג און גלייכשעצונג פון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס. דער אידישער קלוב שטרעבט צו פאַרענטפערן די נאַציאָנאַל־פראַגע אויפן יסוד פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אין אַ ברייטער דעמאָקראַטיזירונג פון דער קאָנסטיטוציע מיט דער גאַראַנטיע פון מינדערהייט־רעכט, דעמאָקראַטיזירן די מלוכה־אַדמיניסטראַציע, שטיצן די אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע, אַנטוויקלען די סאָציאַלע געזעצגעבונג, שוץ פון אַרבעט, פרייהייט פון פאַראייניגן און פּרעסע — אָט דאָס וועט דער אידישער קלוב פאַרטיידיקן. ער וועט פירן אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן יעטוועדער רעאַקציאָנערער שטאַנדן־פּאָליטיק."

אָבער עפּעס האָט די אידיש־נאַציאָנאַלע פּאָליטיק נישט געהאַט קיין מזל. פון די פיר דעפּוטאַטן איז דר. גאַבעל, וועלכער איז געווען דער איינגסטער דעפּוטאַט אין ווינער פּאַרלאַמענט, געשטאָרבן אין צווייטן יאָר פון זיין מאַנדאַט. מיט דר. מאַלער ווידער איז געקומען צו אַן אידייאישן קאָנפליקט: אין אַ רעדע קעגן אַן אַנטיסעמיטישן

דעפוטאט, וועלכער האט געהייסן די אידן „גיין קיין פאלעסטינע", האט דר מאלער געענטפערט מיט דעם באקאנטן היסטארישן ווארט פון לוטערן: „דא שטייען מיר דא בלייבן מיר". די ציוניסטישע פרעסע האט פארשוויגן מאלערס רעדע. דער שרייבער פון די דאזיקע שורות האט דאן אין א צייטונגס-ארטיקל פארטיידיקט די פאליטיק פון „בלייבן" אלס נישט אין כתירה צו די פרינציפן פון ציוניזם, און קעגן יענער ציוניסטישער פראזעאלאגיע, וועלכע האט פארגעשטעלט די גלות-פאליטיק אלס א „דערווייליקע" אנטקעגן דעם ציוניסטישן ענדציל. די פראזע וועגן דער „דערווייליקייט" פון דער אידישער גלות-פאליטיק האט געקאנט אפשוואכן דעם מוט פון דער מאסע, וועלכע מען האט געפירט צום פאליטישן קאמף. פאקטיש זיינען די פירער נאך יעדן, דורכן טערארר פון די רעגירונגס ארגאנען דורכגעפאלענעם וואל-קאמף, אריינגעפאלן אין יאוש בנוגע דער גאנצער גלות-פאליטיק. דאס איז געווען דער פאל באזונדערס מיט דר. גרשן ציפער, א מענטש וועלכער האט זיך פריער אינטערעסירט נאר פאר דער גלות-פאליטיק און זייער ווייניק פארן ציוניזם. נאך די בלוטיקע וואלן אין דראהאביטש איז דר. ציפער אריינגעפאלן אין א פולשטענדיקער נעגאציע פונעם גלות און ער האט זיך אריינגעווארפן אינגאנצן אין דער ארבעט פאר ארץ ישראל. ער האט דאן אנגעהויבן א קאמפיין פאר דער העברעאישער גימנאזיע אין ירושלים און געשאפן 100.000 קראנען פאר דער גימנאזיע, וואס איז אין יענע צייטן געווען א גרויסע דערגרייכונג אין גאליציע. ציפער האט אין די לעצטע יארן פון זיין לעבן זיך פשוט מקריב געווען פאר דער ארץ ישראל-ארבעט. נאכן לעמבערגער פאגראם פון נאוועמבער 1918 ווען כוליגאנעם פלעגן איבערפאלן אין גאס אידן מיט בערד, האט ער זיך געלאזט וואקסן א בארד — מען זאל זיך וועגן אים נישט טועה זיין...

* * *

נישט קוקנדיק אויף די קנאפע וואל-דערפאלגן פון דער אידיש-נאציאנאלער פארטיי, וועלכע האט אין יאר 1907 פאקטיש נישט דערגרייכט מער ווי איין מאנדאט — דעם מאנדאט פון אדאלף שטאנד אין בראד —, בעת די אנדערע צוויי, מאלער און גאבעל זיינען דאך געווען נאר צופאל-דערפאלגן, דערגרייכטע דער עיקר דורכן פויליש-אוקראאינישן אנטאגאניזם; נישט קוקנדיק אויף דעם וואס ביי די וואלן פון 1911 האבן די נאציאנאלע אידן אין גאליציע קיין איין מאנדאט נישט דערגרייכט — אדאנק דעם אויבן-באשריבענעם טעראר, וואל-שווינדל און פארגוואלדיקונג, איז דאך די ציוניסטישע באוועגונג אין גאליציע געווארן א מאכט, מיט וועלכער די פוילישע רעגירנדע קרייזן און זייערע אידישע דינער האבן זיך געמוזט רעכענען.

גייסטיק און מאראליש איז דאס גאליציישע אידנטום געווארן ציוניסטיש און ציוניזם און דער נאציאנאל-אידישער געדאנק זיינען געווארן דער קריטעריום, וועלכער האט אריענטירט די אידישע מאסן. דא וויל איך נאך באמערקן, אז סיי אין 1907 ווי אין 1911 האבן די פועלי-ציון נישט בלויז וואטירט פאר די אידיש-נאציאנאלע קאנדידאטן, נאר אויך מיטגעארבעט, מיטגעקעמפט, אנגעפירט אן אגיטאציע פאר די ציוניסטישע קאנדידאטן. אויך אין יענע וואל-קרייזן, וואו די קעגן-קאנדידאטן פון די ציוניסטן זיינען געווען פוילישע סאציאליסטן (דיאמאנד אין לעמבערג און מארא

טשעוווסקי אין סטרי), האבן די פועלי־ציון געשטימט און געארבעט פאר די ציוניסטישע קאנדידאטן. דאס האט דאן אויסגעזען ווי א מוראדיקע עבירה קעגן סאציאליזם. אבער די פועלי־ציון האבן געטענהט, אז שטייענדיק אויפן באדן פון אידישן פאלקסטום, קענען זיי נישט שטיצן קיין פאליטיק, וועלכע פארלייקנט דאס רעכט פונעם דאזיקן פאלקסטום צו א נאציאנאלער עקזיסטענץ און וועלכע ארבעט אפן מיט די אסימילאטארישע פארגוואלדיקער פון די אידישע מאסן.. שפעטער האט זיך ארויסגעוויזן, אז די דאזיקע טאקטיק איז געווען א דורכאויס בארעכטיקטע. אינעם עסטרייכישן פארלאמענט האבן אין נאציאנאלע פראגן די דייטשע, טשעכישע און פוילישע סאציאל־דעמאקראטן געשטימט צוזאמען מיט זייערע בירגערלעך־נאציאנאלע פארטייען. לסוף, נאכן אויסברוך פון דער מלחמה, זיינען די פוילישע סאציאליסטישע דעפוטאטן אריינגעטרעטן אין קאלא פאלסקיע, קענן וועלכער זיי האבן פריער אזוי ליידנשאפטלעך געקעמפט.

* * *

די גייסטיקע ענערגיע וואס האט זיך אנגעזאמלט אדאנק דער אידיש־נאציאנאלער און ציוניסטישער פראפאגאנדע, איז נישט געגאנגען לאיבוד. דאס גאליצישע אידנטום איז אין זיין גאנצקייט געווארן אידיש נאציאנאל־ציוניסטיש. די נעא־אסימילאטארישע באוועגונג וואס האט זיך געשאפן אין לעמבערג און אין אנדערע שטעט אין מזרח־גאליציע אין דער פארם פון גאלדמאן־פאראיינען,* האט בשעת מלחמה געפלאצט ווי א זייפנבלאז און פולשטענדיק פארשוואונדן. די אסימילאציע, די אלטע ווי די נעא־אסימילאציע, האט פולשטענדיק באנקראטירט. אין סעפטעמבער 1918, ווען די אלטע עסטרייך האט זיך שוין געפונען אין גסיסה־צושטאנד, האט דער יונגער קייזער קארל, שוין אביסל צו שפעט, געוואלט מאכן א פרואוו, צו פא־וואנדלען עסטרייך אין א נאציאנאליטעטן־שטאט מיט ברייטער אויטאנאמיע פאר אלע פעלקער. צווישן די דעפוטאטן פון די פארשידענע פעלקער, וועלכע דער קייזער האט פארבעטן צו זיך, כדי צו הערן זייער מיינונג, זיינען אויך געווען די „אידישע" דעפוטאטן דר. נאטאן לעווענשטיין און דר. הערמאן דיאמאנד. אבער סיי לעווענשטיין ווי דיאמאנד האבן גערעדט פארן קייזער ווי פוילישע פארשטייער, אויפגעשטעלט פאדערונגען פארן פוילישן פאלק, נישט דערמאנענדיק מיט קייןווארט די אידן. מען האט דאן אין די קרייזן פון הויף און פון דער עסטרייכישער רעגירונג פארשטאנען אז די צוויי אסימילאנטן רעפרעזענטירן נישט די אידישע באפעלקערונג, און מען האט פארבעטן צום קייזער צוויי אידן אן א פארלאמענטארישן מאנדאט, דעם אינזשעניער ראבערט שטריקער און דעם ראבינער

(*) בערנהארד גאלדמאן איז געווען א פאווסטאניעץ פון 1863. דערפאר האבן אים די פוילישע פריצים יארן־לאנג געלאזט זיצן אין לעמבערג אלס סיים־דעפוטאט פון די אידן. די יונגע אסימילאנטן, וועלנדיק געבן דער אסימילאציע א געוויסן גייסטיק־נאציאנאלן אינהאלט, האבן אין לעמבערג און אין אנדערע שטעט געגרינדעט א גאנצע ריי צווייגן פונעם פוילישן שול־פאריין (טאווארזישטווא שקאלי לודאווע), אויפן נאמען פון בערנהארד גאלדמאן. די דאזיקע פאריינען האט מען אנגערופן קורץ „גאלדמאנאווקעס". די אנפירער פון די גאלדמאנאווקעס זיינען געווען בערנהארד מינקעס־מעראווין, וועלכער האט זיך שפעטער געשמדט, און איינער פון די ערשטע אדוואקאטן פון לעמבערג, דר. אשכנזי, וועלכער האט אין די טראגישע פאגראם־טעג פון נאוועמבער 1918 זיך ארויסגעשטעלט אלס גאנצער און ערנהאפטער איד. פונקט ווי דר. אשכנזי, האט אין יענע טעג מכפר געווען אויף זיינע אסימילאציאנישע זינד, דאס דאס שפעטער געטאן דר. נתן לעווענשטיין, אין זיין בארימטער פארטיידיקונגס־רעדע אין שטייגער־פראצעס.

דר. יהושיע טאָן, וועלכע האָבן עקספּאָנירט די נאַציאָנאַלע אידישע פאָדערונגען. און אַלס אַ נאַציאָנאַליטעט זיינען די אידן אַריבער איז די סוקצעסיע שטאַטן, פּוילן, טשיכאָסלאָוואַקיע, רומעניע, יוגאָסלאַוויע און דייטש־עסטרייך. די אַסימילאַציע איז ליקווידירט געוואָרן, לכל הפּחות, פּאָליטיש.

פאַרן פאַנאַנדערפאַלן־זיך פון עסטרייך האָבן די ציוניסטן אין ווין אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ, וואו עס זיינען באַשטימט געוואָרן די פּרינציפּן און די טאַקטיק פון די אידן אין די איינצלנע לענדער פאַר דער איבערגאַנגס־צייט פון מלחמה צו פרידן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אידישע נאַציאָנאַל־ראַטן, וועמעס פּראָגראַם איז געווען אַ סינטעז פון ציוניזם, פּאָליטישע און פּראַקטישע אַרבעט פאַר ארץ ישראל און אידישע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע פּאָליטיק אויף די ערטער. אין גאַליציע האָבן זיך געבילדעט (חוץ די לאָקאַלע נאַציאָנאַל־ראַטן) צוויי צענטראַלע לאַנדעס נאַציאָנאַל־ראַטן: איינער אין מערב־גאַליציע, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַריינגעגאָסן אינעם אידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין פּוילן און דער מזרח־גאַליצישער אידישער נאַציאָנאַל־ראַט. דאָס איז אָבער שוין אַ באַזונדער קאַפּיטל פון אונזער פּאָליטישער געשיכטע.

---

# RZAD NARODOWY

## DO BRACI IZRAELITÓW

POLACY!

Godzina pojednania się z sobą rodzin spółczeńskich wybiła. Byliście pod zarządem wrogów uważani za oddzielny naród. Rewolucja przyjmuje was na łono spółczeńskie, zapewnia wam jako braciom jednej ziemi prawa ludzkie — i zawita was jako Synów Ojczyzny, godnych wyswobodzenia i otrzymania bezwzględnej równości. Gdy atoli używanie praw i pełnienie obowiązków powinno być odpowiednie, przeto wzywa was Rząd Rewolucyjny do szeregów Obrońców — i oświadcza, że wszelkie Manifesta wydane i wydać się mające stósują się i do Polaków Izraelitów.

Kraków, dnia 23 Lutego 1846 r.

**L. Gorzkowski.**
**J. Tyssowski.**
**A. Grzegorzewski.**
**Rogawski, Sekr.**

Szanowni Obywatele! Stając przed Wami jako kandydat do ważnego powołania, o które kilkakrotnie już Waszem zaufaniem zaszczycony, dziś się ubiegam, mam sobie za obowiązek którtko, ale stanowczo powiedzieć, w jaki je pojmuję sposób. Przedstawiać Was, Obywatele na Sejmie w Kromieryzie, pragnę nietylko jako współwyznawca większości wyborców, ale jako deputowany narodowy, w całem znaczeniu wyrazu tego.

Od chwili jak Wasze pozyskam głosy, już nietylko sprawę mych Współwyznawców, lecz zarazem sprawę ogółu mieć będę przed oczyma i sprawę tę wszelkiemi sposoby, wedle najlepszego uznania mojego popierać będę. Jak zaś sprawy tej zbawienie pojmuję, prosto i pokrótce Wam opowiem.

Zgodnie z własnem przekonaniem i nauczony doświadczeniem, uznaję, iż przyszłość Ojczyzny naszej Polskiej nie na drodze dyssolucyi społecznej, ale na drodze organicznej może być tylko zapewnioną, dla tego stale trzymać się będę zasad i ludzi, którzy do tego podadzą rękę. Pojmując potrzeby ludzkości w obecnem onej przekształceniu, szczerym jestem wyznawcą zasad wolności, rozwinięcia praw politycznych, i współudziału wszystkich Obywateli w tych prawach, i tak jak w całem życiu mojem, tak w Sejmie, zasad tych bronić będę z całą szczerością i odwagą, na jaką mnie stanie.

Te zasady uważam jako prawdziwą demokracyę, która nic nie zniża a wszystko podnosi, nie burzy tylko, ale buduje i nową budowę prawdziwą miłością utwierdza. W imieniu tych zasad pragnę być deputowanym. Środki wypłyną z rozwoju okoliczności.

Dzie dzisiejszy, chwila obecna, (chocbym upadł w usiłowaniu mojem), będę zawsze dla mnie drogą pamiątką, kiedy stanąłem przed Wami, syn niedawno upośledzonego pokolenia, jako kandydat, do najwyższej godności wolnego Obywatela w wolnym kraju napotkać może.
Kraków, dna 20. grudnia 1848.

**Baer Meisels.**

# לאחינו בני־ישראל היושבים בכפרים

בלי־ספק האט איהר געהערט אז אדונינו הקיסר יר"ה האט אונז געגעבן קאנסטיטוציאן — ווייסט איהר וואס דאס איז? מיר וועלין אייך דאס ערקלערען — היינו עד עתה האט קיינער קיין דעה געהאט ביים קיסר יר"ה נור זיינע בעאמטע, און וואס זייא האבען איהם פירגי־זאגט האט ער געגלייבט, ועי"ז האבען זייא מכביד געוועזען אונ אזוי פיעל נתינות פון אונז געריסען בכדי דיא בעאמטע זאלען האבען פון וואנגען צו לעבין אונ עס איז נתרבה געווארען בעאמטע עד אין חקר וואס האבען נאר גילעבט פון אונז — למשל מען קאן זעהען אז אדונינו הקיסר האט שוין זינד אכט יאהר מבטל געוועזין די פאכטן, דאס האט אבער דיא בעאמטע נישט געשמעקט; זייא האבען מורא גיהאט, אפשר וועט מען על ידי זה אכך אפשאפין, האבען זייא אלין דעם קיסר געזאגט, עס זאל נאך בלייבען

כעת האט דאס וויגער פאלק דעם קיסר דאס פארגעשטעלט און הש"י האט זיך מרחם גע־וועזן על עמו אונ האט געשיקט דעם קיסר יר"ה אנדערע געדאנקען אונ ער האט זיך מישב געוועזין אונ האט דיא אללע בעאמטע, וואס ער האט זיך איבערצייגט אז זייא האבען איהם פאלש פירגיזאגט אפגישאפט און האט גיזאגט: מהיום והלאה זאל דאס פאלק אליין איהם זאגין וואס זייא דארפין, אונ פון יעדען שטאנד פון ארונים ביז עובדי אדמה האבען שוין דאס רעכט בכל שנה ושנה צו קומען לוויען צום סיים אונ יעדער זאל זאגין זיין דעה. דא קען שוין קיין פאלשקייט געשעהין, אונ עס איז שוין בעשטיממט אויף דעם 3 יולי הבעל(*) זאל מען דעם סיים מאכען. אין וויא אזוי עס וועט באם סיים אפגעשטימט ווערין, הן מיט שטייערן והן בשאר מנהגי המדינה, וועט אזוי בלייבין. ביז צום אנדערן יאהר וועט מען זיך ווידער נוב סיים צו זאמען קומען לוויען און ווידער אפשטימין וויא עס זאל ווייטער בלייבין. וכזה יהיה בכל שנה ושנה. —

לכן האט מען אנגיזעהין אז בא זאלכע הנהגות המדינה איז גיט אז אללע זאלין שלום זיין און אללע קלאסען זאלין זיך בא איין דעה האלטין בכדי מען זאל באם סיים ציזאמין טיהן לטובת הכלל, נישט עס זאל זיין דעות שונות. איבער דעם האבין האדונים אפילו דיא פאנ־שטיזנע גישענקט לעובדי האדמה בכדי עס זאל חלילה בין הערלים ובינם קיין דבר חוצץ זיין רק שלום, און מיט יהודים אויך שלום גימאכט. ועל ידי זה האבין מיר צו האפין אז ביים סיים וועלין האדונים בוודאי עם יהודים מיט האלטין אין פארשטעלין לאדונינו הקיסר יר"ה אז מען זאל אונז דיא פאכטין שענקין ולהקל מעלינו עול הגלות און אונז אויך (ואויך) אנדערע פרנסות ערלויבען בפרט וויא דאס פאטענט זאגט, אין וועלכעם דער קיסר האט דיא קאנסטיטוציאן געגעבן שרייבט ער בפירוש, אז מיט די יהודים אויב מאן זאל אויך דיא בריהייטען געבין, ווארט ער ביז אויף דעם סיים.

על כן זעהט מאן דאך בחיש (בחוש) אז אונזער דערלייזונג העננט נור אב דערפין באם עס וועט שלום זיין און אדונים וועלין מיט אונז מיט האלטין באם סיים, וועט אדונינו הקיסר יר"ה אונז בוודאי אזוי טיהן ווי זייא וועלין זאגין און עס איז צינד מקוים גיוואר־רין דאס נבואות פון ישעיהו הנביא ע"ה, וואס ער זאגט אין קאפיטעל י"א, ושפט בצדק דלים וכו'. און דער נאך אין אנדערן פסוק זאגט ער: וגר זאב עם כבש ונמר עם גדי ירבץ וכו' ופרה ודוב תרעינה יחדיו וכו' דאס מיינט מען אז אללע מענשען וועללין זיך מחבר זיין יהיו לאחדים אונ שלום האבין אין איין דעה, דורך דעם וועלין יודין געהאלפין ווערין.

עס זענין אבער דא נארישע מענשין אין פרשטייען דאס נישט אין מיינען אז דאס טהו־דיא פריצים נור במחשבה זרה חלילה אין ווילען נור היהודים אויך הערלים אפנארען אי־רק זייא צו גיווינען נגד אדוננו הקיסר ירום הודו ועל ידי זה קאן קיין שלום ארוים קימען ומה יהיה בסופו? וועט מאן באם סיים אויך נישט איין דעה האבין, זה יאמר כך וזה יאמר כך ויצא משפט מעוקל על ידי זה מהכרה אייך צו זאגין אייך פערשטעהען צו געבין האיך הדבר עומד וחלילה להאמין בדברי כזב הרוצים לחרחר ריב ואדרבה מהראוי ונכון לכל איי־

(*) הבא עלינו. דער סיים איז זיך צונויפנעקומען ערשט סוף יולי (זע מיין הקדמה).

היראַ דבר ה׳ ורוצה בטובת עמו צו זעהין להתאמץ בכל מה באפשר לעשות שלום בין איש לרעהו, ובפרט איהר יושבי הכפרים. אייערע דברים זענין נשמעים לעובדי אדמה דאַרפט איהר צו זעהין שיהיה שלום בין הערלים ובין האדונים און להערלים אויף צו הלעריין אַז מאַן מיינט נישט ח״ו נגד הקיסר ירום הודו נור מאַן ווינשט עס זאָל זיין שלום, בפרט דער אמת איז דאָך טאַקי אַז די פריצים האָבין אַליין איינגעריכט כידוע לכל העולם, אַז זייא ווילען די פאַנשטיזנע שענקין נור זייא האָבען עס נישט גיוואָלט טיהן בלי ידיעת הקיסר, מען זאָל נישט מיינען חס ושלום אַז זייא ווילען אַ בונד מאַכען, כהיום האָט עס דער קיסר בעשטעטיגט אָבער דאָס וואַר מדעת האדונים. על כן איז בוודאי רעכט אַז יעדער ערל זאָל עס וויסין און זאָל זיין אדון דערפאַר ליעב האָבין און נישט חס ושלום נאָך אַ שונא זיין. —

אין אויף אונז אחינו בני ישראל איז עס מוטל לעשות שלום: ערשטענס האָבין מיר תמיד נור מהאדונים גילעבט און פרנסה גיהאַט אין צווייטענס העגנט אונזר גליק אָפ פון שלום. וועט דער כיים בוודאַי שוין זיין בדעה אחת ויצא הדין לאמיתו און מיר האָבען על ידי זה צו ערוואַרטען גרויסע טובות מאדונינו הקיסר, ווען אַללע אדונים וועלין זאָגין אויף אונז גוטס אַזוי וויא זייא זאָגין עד עתה און שרייבען אין אַלע גאַזעטין אַז מען וועט אונז בוודאי העלפען באַם סיים און אַללעס העגנט נור אָפ פון שלום ובזכות השלום יבוא לציון גואל —

**Adresse der galizischen Israeliten an die hohe Reichsversammlung in Wien** ...... .... . . .... .... ...... ....... ... .... ..

Hohe Reichsversammlung!

Unter all den Millionen, die gegenwärtig aus den vereinten Provinzen der Monarchie nach Wein auf den hochansehnlichen contsituirenden Reichstag aufgeregten Geistes und klopfenden Herzens ihre hoffnungsvollen Blicke werfen, stehen die Israeliten, namentlich die Israeliten Galiziens, in erster Reihe; denn sie erwarten von dort nicht bloss die Gestaltung ihrer staatlichen, die Bestimmung ihres politischen Geschickes, sondern auch die Entscheidung über ihre bürgerliche und gewerbliche Existenz, über ihre ganze Zukunft.

Sie sind es, die durch den neuen Jubelruf der Freiheit der unheilvollen Vergangenheit noch nicht entrissen worden; sie sind es, in deren Behandlung jenes bereits gerichtete System in seiner wahren Gestalt nicht als Stillstand, sondern als Rückschrittssystem erscheint.

Bei der österreichischen Occupation bereits über 7 Jahrhunderte in Polen einheimisch (1), sowohl in Städten und Städtchen als auf dem Lande sesshaft, waren sie nach den damaligen Zeitverhältnissen mit ziemlich ausgedehnten Privilegien versehen, die ihnen im gewerbilchen Leben volle Freiheit liessen und ihnen weder den Besitz städtischer Realitäten noch jenen der Landgüter oder einzelner Rechte verwehrten. Unter der kraftvollen und menschenfreundlichen Regierung Josephs II. wurde ihnen sogar der Erwerb jeder Art von Grundbesitz gesetzlich gestattet und alles vorbereitet, um sie in den Vollgenuss der Bürgerrechte gleich den anderen Confessionen zu setzen (2).

Erst später erfloss eine Beschränkung nach der anderen, wurden sie nicht bloss vom Besitze freier Gründe, sondern auch vom Pacht derselben, so wie der Meierhöfe, Mühlen, Brennereien, Schenken usw. und dadurch vom Aufenthalt auf dem Lande ausgeschlossen, beim Ankauf von Häusern in den Landstädten auf solche beschränkt, die schon früher jüdischen Eigentümern angehört, in der Hauptstadt hingegen (und noch in einigen Städten) auf gewisse Seitengassen und Bezirke angewiesen, ausserhalb deren sie weder wohnen, noch einen Laden, oder eine Werkstatt ha-

ben dürfen. Dadurch wurden sie natürlich auch im Handel und in den bürgerlichen Gewerben wesentlich benachteiligt.

Nur für solche Gerechtsame mussten sie bei treuer Erfüllung aller Bürgerpflichten noch äusserst drückende Ausnahmesteuern zahlen, von denen die vorzüglichsten noch zur Stunde entrichtet werden: der Koscherfleischaufschlag (3) (neben der allgemeinen Verzehrungssteuer!), der das nahrhafteste Lebensmittel für die Aermeren unerschwinglich macht, mithin der Arbeits- und Lebenskraft Eintrag thut, und der Lichtzündungsaufschlag (4), der als eine direkte Religionssteuer noch drückender ist und der Armut den letzten Nothpfennig entreisst. So musste (zumal Handel und Industrie in unserem Lande auf der niedrigsten Stufe stehen, wozu jene gesetzlichen Bestimmungen auch ihren Theil beigetragen), unter der jüdischen Bevölkerung in den Städten und Städtchen das Elend von Jahr zu Jahr zunehmen und eine Masse mittel-, erwerbs- und kraftloser Menschen sich anhäufen, die theils vom Zufall auf eine wunderähnliche Weise ihr Daseyn fristen, theils als Bettler am Mark der wenigen Wohlhabenden zehren. Dass diese Masse auch in der Bildung zurückbleiben musste, ist sehr begreiflich.

Wir unterliessen nicht, unsere Lage den hohen und höchsten Behörden vorzustellen und unsere Stimme klagend und bittend zum Throne zu erheben; ob sie bis dahin gelangen und unsern guten Kaiser zu Ohren kommen konnte, wissen wir freilich nicth. Genug wir klagten und baten vergebens, und wurden unbarmherzig zur Geduld und Ruhe verwiesen.

Die glorreichen Märztage wurden daher von Niemandem herzlicher und freudiger begrüsst als von uns; denn wem hatten sie mehr zu bringen, wem konnten Freiheit und Gleichheit aller Staatsangehörigen inhaltsschwerere beglückendere Klänge seyn als uns? allein bis nun haben wir lediglich an dem herrlichen Klange und der süssen Hoffnung uns lagen müssen; Erleichterung vom Drucke, Befreiung der Lebenswege, reelen Vortheil hat die gepriesene Constitution uns noch nicht gebracht.

Nicht genug, dass die Verfassungs-Urkunde vom 25. April / § 27 / für uns die Gleichheit der bürgerlichen und politischen Rechte suspendierte und die gemeinschaftlichen Beschränkungen

im Erwerbe von Grundbesitz einstweilen fortbestehen liess, wird uns noch immr selbst die ohne Klausel verheissene und gewährleistete Freiheit der Religionsübung / §§ 17 et 31 / und Gleichheit der Besteuerung / § 25 / vorenthalten. Wird nicht nach wie vor die Steuer vom Koscherfleische, sowie für die Anzündung der Sabbath- und Festtagslichter (d. h. für religiöse Observanzen) mit aller Strenge eingehoben? So wird die schreiende Ungerechtigkeit nicht bloss gegen uns, sondern gegen das ganze Land fortgesetzt, denn die Milionen und Abermilionen von Judensteuern, die aus dem Lande gezogen worden, waren eine schwere und besondere Belastung der Provinz, die nothwendig zu ihrer Verarmung beitragen müsste.

So ist denn unsere ganze Hoffnung auf die h. constituirende Versammlung gerichtet, deren Weisheit und Gerechtigkeit über unser Geschick entscheiden wird. Ehrerbietig vor die Schranken derselben tretend, flehen wir um Gerechtigkeit wie um die grösste Gnade, bereit dafür dem Vaterlande den vollen Tribut tiefgefühlter Dankbarkeit zu zollen.

Wolle ein hoher Reichstag die Freiheit und Rechtsgleichheit aller Bürger zur Wahrheit werden lassen und ein altes Unrecht ganz und ungesäumt gut machen. Er ist dies, wir erlauben uns offen auszusprechen, uns den so lange Gedrückten und Misshandelten, er ist dies dem Staate, der auf eine breite und feste Basis zu stellen ist, damit er allen Stürmen trotze, er ist dies seinem eigenen Gewissen, seiner eigenen Ehre in den Augen der ganzen zivilisierten Welt schuldig.

Ist da Gerechtigkeit zu Hause, wo Staatsbürger, die längst Bürgerpflichten erfüllen, von gewissen Erwerbszweigen und Besitzthümern gesetzlich ausgeschlossen, die ihren kostbarsten Rechten geschmälert, oder gar noch besonders belastet werden Kann von Glaubensfreiheit die Rede seyn, wo auf den Abfall von der väterlichen Religion ein Prämium gesetzt ist, durch denselben ein politisches Recht gewonnen wird? (5) Kommt nicht die ewige Ausschliessung von einer Laufbahn, zu der man sich vorzüglich berufen und befähigt glaubt, einer Landesverweisung gleich.

Unsere Verarmung, unser Zurückbleiben ist eine Verarmung, ein Zurückbleiben des Staates; durch die krankhafte Beschaffen-

heit eines Organs leidet der ganze Organismus, die Unterbindung eines Gliedes schwächt den ganzen Körper. Infolge der gegen uns aufgestellten gesetzlichen Beschränkungen mussten so viele niedergehaltene Kräfte entweder erstarren oder sich unnütz aufreiben und verderblich wirken. Wenn ihnen frie Entfaltung und entsprechende Anwendung gestattet wird, wenn dem naturgemässen und gemeinnützigen Gebrauche unserer Mittel und Fähigkeiten nichts im Wege steht, werden dieselben der Nationalkraft einen nicht unbedeutenden Zuwachs liefern und die Blüthe und Macht des Staates erhöhen.

Und kann eine Regierung gegen die berechtigten Bürger wahrhaft gerecht und freisinnig handeln, solange sie auch Unterthanen mit halben Rechten hat, die nicht fortkommen können, ohne sich zu bücken, zu krümmen und zu winden? Muss nicht das Verfahren mit diesen das Rechtsgefühl und die Freisinnigkeit der "Herren" abstumpfen und somit der Freiheit des ganzen Staates Gefahr bringen? Wahrlich es war nicht der kleinste Fluch des alten "Judendrucksystems", dass es die Beamten grösstentheils demoralisiert, unbillig und gewissenlos gemacht hat. Soll das weiter fortbestehen? Soll nicht endlich ein Gesetz und ein Recht für alle seyn, auf das die Freiheit und das Recht aller gesichtet sey?

Doch es dürfte der Worte vielleicht schon zu viel seyn, da die Gründe unserer gerechten Forderung der Weisheit einer hohen constituirenden Versammlung nicht entgehen können. Die Emanzipation der Juden — denn das ist mit einem Worte unser Verlangen — über die in der Presse und in vielen Volkskammern durch Jahrzehnte debattiert worden, ist endlich durch den gewaltigen Zeitgeist zur Entscheidung gediehen, durch die Stimmen aller freien Nationen zu Recht anerkannt worden; der engherzige Kastengeist, der bisher gegen dieslbe agitirt, liegt bereits in den letzten Zügen. Namentlich haben sich unsere Mitbürger und Landsleute in den Thronadressen vom 18. März und 6. April laut für die Vollberechtigung und Gleichstellung aller Confessionen ausgesprochen (6). Ein hoher constituirender Reichstag wird und kann diesen Ruf nicht überhören.

Es ist die wichtigste Principienfrage, die seine Majestät unbedingt der Entscheidung dieser hochansehnlichen Versammlung

überwiesen und die den Prüfstein ihrer Freisinnigkeit und Consequenz bei der Mit- und Nachwelt abgeben wird. Wir zweifeln nicht, dass sie ihren Grundsätzen treu eine Entscheidung treffen wird, ihrer selbst, der von ihr vertretenen Völker, des Jahrhunderts würdig. Sie wird kurz und bindig das Recht, die Freiheit und Gleichheit aller Staatsbürger proklamieren.

Wir vertrauen ihrer erhabenen Einsicht und Gerechtigkeit, und erwarten in froher Hoffnung die Erhörung unserer Wünsche.

# ... und davon 300 000 in WIEN!

Die Gestalt des Ostjuden ist den deutschen Soldaten des großen Krieges in den schmutzstarrenden Landstädten Galiziens und Russisch-Polens zuerst in der Vielzahl eines Typs begegnet; derselbe fremdartig-melancholische Peijes-Träger, patriarchaiisch umwittert, den die Völker der Welt schon zweitausendfünfhundert Jahre lang, also schon Jahrhunderte vor der Zerstörung Jerusalems, als lästigen Schmarotzer kannten, den sie als einen „Ekel des Menschengeschlechts" empfanden, derselbe Typ hat immer wieder ungezählte Generationen zu ganz unangebrachtem Mitleid gerührt. Man rühmte vormals die große Gesetzestreue des in Armut schier verkommenden Ostjudentums und seine vorbildliche Familienliebe. Man vergißt, daß das mosaische Gesetz, ein Exerzierreglement des auserwählten Hebräervolkes, von einem unbändigen Haß gegen die nichtjüdische Welt erfüllt ist.

Ganz Israel bürgt füreinander. Das stimmt mit geringen Ausnahmen. Aber das Duzbrüderverhältnis eines Ringvereins ist kein Anlaß zur mitleidvollen Förderung der Unterwelt. Die Welt wird eines Tages erkennen, welchem Schicksal der verfällt, der den jammernden und ach so sehr massakrierten Fluchtjuden in Barmherzigkeit aufnimmt: die Kuckucksbrut macht sich im fremden Nest breit und wirft die Nestlinge seines Wohltäters hinaus. Solche „Nächstenliebe" kann eine Nation auf die Dauer nicht ungestraft üben.

1
Rabbiner
Feuer Hersch,
geb. 4. 4. 1899 in
Kossow, Polen

2
Rabbiner
Maier Fleischmann,
geb. 4. 2. 1879
in Preßburg

**Das Antlitz des Ostjuden: ein fremdartiger, Mitleid und Spott zugleich herausfordernder Menschentypus**

Dies jüdische Geschick, den Abscheu, den die widerliche Erscheinung seines äußeren und inneren Menschen hervorruft, immer wieder durch den listigen Druck auf die Tränendrüse zu kompensieren, ist das Geheimnis des jüdischen Erfolgs. Wer dies erst einmal erkannt hat, dem können Moses und die Propheten nichts mehr anhaben

3
Rabbiner
Naftali Barnes,
geb. 10. 8. 1881
in Gorlice, Polen

4
Religionslehrer
Kiat Moritz
Eisenberg,
geb. 7. 3. 1896
in Kalusz, Polen

5
Kaufmann
Rabner Moses,
geb. 17. 6. 1871 in
Dobrepill, Polen

6
Kaufmann Goldmann Mendel,
geb. 14. 7. 1882 in Kurolaske, Polen

Aufnahmen: Georg Ebert

7
Kantor
Michael Brener,
geb. 10. 4. 1898
in Lasko, Ungarn

8
Student
Stefan Brener,
geb. 30. 8. 1921 in
Dunajska-Streda,
Tschechoslowakei

9
Kaufmann Max Dull,
geb. 12. 9. 1905,
Rassenschänder, wegen Sittlichkeitsverbrechens zu 6 Wochen Kerker verurteilt

דאָס איז בלויז געווען דער אָנהויב פון דער היטלער־העצע אין ווין

**און די וועלט האָט געזען און געשוויגן!**

## ווען די כוואַליע פון היטלעריסטישן אומגליק האָט פאַרפלייצט ווין

ווען די רוסישע אַרמיי האָט אין יאָר 1914 אָנגעהויבן אינוואַדירן גאַליציע און דער וויי־געשריי פון פּאָגראָמירטע און חרוב געוואָרענע אידישע היימען האָט אַרויסגערופן אין אַלע אידישע שטעט און שטעטלעך פּאַניק און שרעק פאַרן אָנקומענדיקן שונא, האָבן רייכע און מער־ווייניק באַמיטלטע אידן באַצייטנס אָנגעהויבן פּאַקן זייער האָב און גוטס און אַנטלויפן, אַנטלויפן טיפער אין לאַנד, קיין עסטרייך, קיין בעהמען, נענטער צום אַלטן און גוטן מלך־חסד, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזט אַזאַ מיטפילנדיקע פּראָקלאַמע — „אַ ן מ יי נ ע י ו ד ע ן".

האָבן טאַקע אַ היבשע צאָל יחידים באַוויזן באַצייטנס צו אַנטלויפן און ראַטעווען מיט זיך, כאָטש טיילן פון זייערע באַוועגלעכע פאַרמעגנס; אָבער די גרויסע אָרימע מאַסן פון שטאָט און שטעטל, האָבן דאָך אַפילו נישט געהאַט אויף הוצאות און זיי זיינען געבליבן ביז צו די לעצטע מינוטן, ווען די פּאַניק האָט זיי אָנגעהויבן טרייבן און זיי האָבן זיך אין שרעק אַליין אַריינגעפּאַקט אין לאַסט־וואַגאָנעס, אויף וועלכע עס איז געווען אויפגעשריבן „זעקס פּפערדע, אָדער 48 מאַן", אָבער ווער האָט אַכטונג געגעבן אויף דער אויפשריפט? אַבי מען האָט באַקומען אַזאַ וואַגאָן, האָט מען זיך אַריינגעריסן און אָנגעפּאַקט וויפל עס האָט נאָר געקאָנט אַריין און מען האָט זיך געפילט גליקלעך, ווען די וואַגאָנען האָבן זיך געריסן פון אָרט און אַוועק ווייטער און ווייטער פון דער געפאַר פאַר די צאַרישע פּאָגראָמשטשיקעס.

טעג און צומאָל וואָכן האָבן געדויערט די רייזעס פון די שלעפּ־צוגן מיט די אומגליקלעכע פליכטלינגען, אָבער זיי האָבן זיך געמוטיקט מיט דער טרייסט, אַז אָט אָט וועלן זיי אָנקומען צו אַ מקום־מנוחה און דער גוטער קייזער וועט שוין זאָרגן פאַר זיי, אַז זיי זאָלן קענען איבערלעבן די שווערע ציטן. ביז זיי וועלן קענען צוריקקומען צו זייערע היימען.

עס קאָן זיין, אַז אַזעלכע רייזעס וואָלטן זיך נישט געווען אַזוי לאַנג פאַרצויגן, ווען מען וואָלט געווען פאַראויסגעזען און צוגעגרייט פלעצער וואוהין צו ווענדן דעם שטראָם פון די אַנטלויפנדיקע אידן; דאָס איז אָבער געמאַכט געוואָרן צו שפּעט, ווען די פול־געפּאַקטע לאַסט־וואַגאָנען האָבן שוין געבלאָנדזעט אויף פאַרשידענע באַן־ליניעס און די גרעסערע שטעט פון עסטרייך צי אין בעהמען האָבן נישט געוואָלט אָדער נישט געקאָנט אויפנעמען דעם גאַנצן שטראָם וואָס האָט כסדר מער צוגעפלייצט, האָט עס געדויערט גענוג לאַנג, ביז מען האָט די אומגליקלעכע גרופּעסווייז אַראָפּגעלאָזן אין פאַרשידענע פאַרוואָרפענע שטעטלעך און דערפער אין עסטרייך, בעהמען און מערן, וואו מען האָט פריער קיינמאָל נאָך נישט געהאַט געזען קיין איד.

מען האָט די פליכטלינגע פאַמיליעס איינגעאָרדנט אין באַראַקן און חוץ די רעגירונגס־שטיצע, האָבן פּריוואַטע קאָמיטעטן געלייסטעט מיט הילף און די פליכטלינגע האָבן געוואַרט און געהאָפט, אַז אָט אָט און די מלחמה וועט זיך ענדיקן און זיי וועלן קענען פאָרן צוריק אַהיים אין זייערע גאַליציאַנער שטעט און שטעטלעך.

האָט זיך אָבער די מלחמה פאַרצויגן און וואָס ווייטער זיינען די באַשפּייזונגס און די היגיענישע באַדינגונגען געוואָרן ערגער, דערמאָלט האָבן זיך שוין די געוואַגטערע יחידים אָנגעהויבן אַרויסרייסן פון די באַראַקן און זוכן עפּעס אויפצוטאָן אויף אייגענער האַנט, כדי זיך אויסצובעסערן די לאַגע.

# גאַליציאַנער אידן אין עסטרייך און בעהמען

געפליכטעטע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914־18



## אין סוויטאַווקאַ

(נעבן ברין)

אַ גרופּע פּליטים פון גאַליציע אין סוף 1914, ווען די צאַרישע חיילות האָבן חרוב געמאַכט שטעט און שטעטלעך און פאַרמעגלעכע פאַמיליעס האָבן זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט מיט זייערע נאַקעטע לעבנס.



דער ברינער שטאָפן־פאַבריקאַנט מאָזעס לעוו בער, האָט אויסגעהאַלטן מיט אַלע הוצאות אַריבער דרייסיק פּליכטלינג משפּחות און פריץ בייזער (אַ ברודער פון ה׳ א. לאַקס) איז געווען אויפזעער וואָס האָט אַכטונג געגעבן אַז עס זאָל די פּליכטלינגע גאָרניט פעלן.



## קאָלאָמייער לאַנדסלייט,

וואָס זיינען געהאַט אַנטלאָפן מלחמה־צייט קיין עסטרייך, האָבן זיך איינגעאָרדנט און באַזעצט אין ווין און אָט זעען מיר אַ בילד ווי די קאָלאָמייער לאַנדסלייט מיט ה׳ א. לאַקס אויבנאָן, פּראַוועט אַ פּיק־ניק אין אַ פאָרשטאָט הינטער ווין.

און אַזוי האָבן זיך פֿאַרשידענע גרופּעס אידן אָנגעהויבן איינאָרדנען פּריוואַט, אָנגעהויבן מסחרן און אַרבעטן און ביז וואָסווען, האָבן זיך דערוווייל געפֿונען גרויסמוטיקע אָרטיקע רייכע אידן, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפֿן אַזעלכע גרופּעס, איינאָרדנענדיק זיי מיט דער גאַנצער אויסהאַלטונג.

ווי מיר זעען עס אויף די בילדער פֿון סוויטאָווקאַ נעבן ברין, וואו דער ברינער שטאָפֿן־פֿאַבריקאַנט מאָזעס לעוו בער, האָט אויף זיין חשבון אויסגעהאַלטן עטלעכע צענדליג גאַליציאַנער אידישע פֿאַמיליעס.

און אַזעלכע ווי מאָזעס לעוו בער, זיינען געווען מער און נאָר אַדאַנק זייער גרויסמוטיקער הילף, האָבן זיך אַ סך פֿליכטלינגע באַוויזן איינצואָרדנען און אָפּפּאָרן און באַזעצן זיך אין גרעסערע שטעט וואו עס זיינען פֿאַראַן בעסערע מעגלעכקייטן און זייענדיק שוין איינגעאָרדנט, און הערנדיק צום סוף פֿון מלחמה וועגן די פּוילישע פּאַגראָמען אין זייער גאַליציע, זיינען שוין מאַנכע אַזעלכע פֿאַמיליעס בעסער געבליבן דאָרט, וואו זיי זיינען געווען.

אַביסל פֿון אַזעלכע אידן רייכערע און אָרימערע, זיינען אויך געבליבן אין ווין, וואו זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט מיט געשעפֿטן און אַרבעטס־וואַרשטאַטן אין געפֿירט אַן אַרבעטזאַם און רואיק לעבן און אין ווין זיינען אויך געבליבן עטלעכע רבנישע פֿאַמיליעס, וועלכע האָבן דאָרט איינגעאָרדנט זייערע היימען.

אויף דעם קלישע „קאָלאָמייער לאַנדסלייט אין ווין", זעען מיר אַן אידיליש בילד ווי אַזוי אַן אַרבעטזאַמע גרופּע גאַליציאַנער אידן פֿאַרברענגען אין אַ זונטיקדיקן טאָג אויף אַ פּיק־ניק הינטער ווין. דאָס איז שוין געווען אין די לעצטע עטלעכע יאָר פֿאַר דעם נייעם און גרעסטן מבול פֿון בלוט און טרערן, אָבער מען האָט אַפֿילו אין דעם שוידערלעכסטן חלום נישט געקאָנט פֿאָרזען, אַז אַזאַ מבול קאָן אויך פֿאַרפֿלייצן ווין.

אָבער דער מבול האָט פֿאַרפֿלייצט.

היטלער מיט זיינע שטורם־טרופּן האָבן אינוואַדירט ווין און בלויז עטלעכע טעג שפּעטער, איז דערשינען אַ נייע היטלעריסטישע אילוסטרירטע צייטונג, אין וועלכער די נאַצישע בעסטיע האָט אָנגעהויבן וויזן אירע בלוטיקע נעגל.

די שטורם־טרופּן האָבן אַרויסגעשלעפּט פֿון די בעטן די געציילטע גרופּע פֿרומע אידן, וועלכע האָבן אויך אין ווין אויפֿגעהאַלטן זייער אַלטן פֿרומען לעבנסשטייגער און אויסשטעלנדיק זיי צוזאַמען מיט אַ אידישן „ראַסנשענדער", האָבן זיי אַראָפּגענומען אַ בילד פֿאַר זייער גיפֿטיק העץ־בלעטל, אָנוואַרפֿנדיק אַ שרעק אויף די ווינער איינוואוינער, אַז אַזעלכע טיפּן געפֿונען זיך שוין אין ווין גאַנצע דריי הונדערט טויזנט!...

מיט דעם האָט היטלער אָנגעהויבן די גיפֿטיקע פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר זיין „נייער אָרדענונג" אויך אין עסטרייך און וואָס ווייטער איז געשען, איז אַלעמען טרויעריק באַקאַנט.

מרדכי קויפמאן

# אפגעריסענע זכרונות פונעם אידישן גאליציע



דר. גרשון ציפער — איך האב דעם דאזיקן קעמפערישן איד פערזענלעך נישט געקענט, ווען ער איז נפטר געווארן (כ״א חשוון תרפ״ב) בין איך קוים פינף יאר אלט געווען, אבער שוין אין מיין פריסטער יוגנט פלעג איך פון אלעמען הערן דערמאנען מיט באגייסטערונג און גרעסטן יראת הכבוד דעם נאמען, וואס איז ביים גאליצישן אידנטום געווען און געווארן דער גרויסער סימבאל פון א קאמפס־תקופה פאר אידיש־נאציאנאלע רעכט און נאציאנאלער פרייהייט. דר. גרשון ציפער — צוזאמען מיט אדאלף שטאנד, אברהם קארקיס, שלמה שילער, מרדכי ברוידע, דר. יהושע טהאן און נאך פיל אנדערע — איז געווען איינער פון די גרעסטע ארגאניזאטארישע ארכיטעקטארן פון דער אידיש־נאציאנאלער און ציוניסטישער באוועגונג אין מזרח־גאליציע.

א גאנצער איד מיט א שטאלענער דיסציפלין, באוואפנט מיט א פלאמיקן טעמפעראמענט, מיט א מעכטיקן ווילן און גרויסער ענערגיע — האט דר. ציפער אלעמאל פארשטאנען, אז כדי צו זיין א מנהיג ביי אידן, מוז מען פריער פאר אלץ זיך אליין געבן באפעלן, אלע אנווייזונגען פאר דער אידישער מאסע מוזן קודם־כל דינען פארן אנווייזער אלס לערע צו קענען אליין מקיים זיין.

ווען דר. ציפער פילט, אז ער איז נישט נאר א נאה דורש, נאר אויך א נאה מקיים ערשט דעמאלט ווערט ער דער טריבון פון די אידישע פאלקס־מאסן אין גאליציע און דער מוסר־זאגער פון די ציוניסטן. פונקט אזוי ווי ער האט באגייסטערט די מאסן מיט זיינע רעדעס, אזוי האט ער גלייכצייטיק געלערנט די ציוניסטן פון אלע ריכטונגען אפצוהיטן די פאליטישע עטיק פון צווישן־פארטייאישע קאמפן און ער האט נישט געלאזט פארקריפלען אלע שיינע פרינציפן פון שבת אחים גם יחד...

מיט זיינע אייגענע הויכע און עטישע מעשים, מיט זיין טאָג־טעגלעכן לעבן איז ער געוואָרן אַ לעבעדיקער אומפאַרגלייכבאַרער ביישפּיל פאַר צענדליקער טויזנטער אידן פון גאַליציע.

דר. גרשון ציפּער  אַ קעגנער פון פשרות און נאָכגיביקייט, אַ גלענצנדער אָרגאַניזאַטאָר פון אַלע לעבעדיקע נאַציאָנאַלע כוחות פון גאַליצישן אידנטום — האָט מיט זיין ברענענדיקן וואָרט אָנגעצונדן אומעטום אַ פייער פון התלהבות פאַרן ציוניזם און אידנטום.

דרייסיק יאָר האָט דער דאָזיקער גרויסער מנהיג פון גאַליצישן אידנטום מיט קראַפט און אומבאַגרעניצטער טריישאַפט געוועקט די אידישע מאַסן אין די גאַליצישע שטעט און שטעטלעך, זיי דערצויגן און געפירט אויפן שווערן וועג פון נאַציאָנאַלן כבוד, פרייהייט און זעלבסטדערקענונג.

אומעטום האָט ער פאַרשפּרייט דעם אידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק, געקעמפט פאַר אים מיט ברען און אמונה און געוואונען מאַסן פאַר זיינע אמתן.

ווען דאָס לעבעדיקע וואָרט איז געווען צו ווייניק, האָט ער מיט דער הילף פון צייטונגען און זשורנאַלן אין אידיש און אין פּויליש, גערעדט מיט אַ קעמפערישן פלאַם צו דער אידישער און פּוילישער עפנטלעכקייט, אַזוי האָט דער דאָזיקער גרויסער איד געטראָגן אַ ציגל צו אַ ציגל צום גרויסן בנין, וואָס איז שפּעטער אויסגעוואקסן אין דעם פאָרם פון אַ מעכטיקער אידיש־נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע.

פונקט, ווי דר. גרשון ציפּער איז געווען אַ סימבאָל פון אַ קאַמפס־תקופה, אַזוי איז ער אויך געווען דער טראַגישער סימבאָל פון אַ צייט, וואָס האָט געאָטעמט מיט בלוט, טרערן און קדוש השם. זעלטן ווען איז אַ אידישער פאָלקס־מנהיג געווען אַזוי שווער באַלאַסטעט מיט די טראַגישע איבערלעבונגען — פון די מזרח־גאַליצישע אידן, בפרט פון לעמבערג — וואָס האָבן אים פריצייטיק געטריבן אין קבר אַריין, גראָד אין דריטן יאָרטאָג פון פאָגראָמען און בלוט אין די לעמבערגער אידישע קוואַרטאַלן.

* * *

נאָך אַלס גאָר יונגער סטודענט האָט ציפּער זיך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען פון זיין וואַרעם אידיש האַרץ אין דער נאַציאָנאַלער אַרבעט.

אין יאָר 1890 באַגייסטערט ער מיט זיינע געדאַנקען און אידייען אַ גרויסן קרייז פון דער אידישער יוגנט און שאַפט אַ ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

נאָך פאַר הערצלען און פאַר דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט ציפּער פאַרעפנטלעכט אין דער פּוילישער שפּראַך אַ וואָגיקע אינהאַלטסרייכע בראָשור:
„ווי דאַרף זיין דאָס פּראָגראַם פון דער אידישער יוגנט?"

דאָ האָט ער אָנגעצייכנט די ריכט־ליניען פון ציוניסטישן פּראָגראַם און דער דאָזיקער פּראָגראַמאַטישער אינהאַלט איז געוואָרן אַ נייע לערע פאַר דער אידישער יוגנט אין גאַליציע.

צוויי יאָר שפּעטער העלפט ער גרינדן אין לעמבערג די ערשטע ציוניסטישע

צייטונג: „פשישלאָשטש” אין דער פּוילישער שפּראַך און ער זאָגט אָן דער מעכטיקער גאַליצישער אַסימילאַציע אַן אומברחמנותדיקן קאַמף אויף טויט און לעבן אין ציפּער שטייט טאַקע די גאַנצע צייט — ביזן סוף פון זיין לעבן אין די פאָדערשטע רייען פון די קעמפער.

פון באַרוף — אַן אַדוואָקאַט, אַן ערשט־קלאַסיקער באַרימטער יוריסט — פאַרנאַכלעסיקט דר. ציפּער זיין פּריוואַט באַשעפטיקונג און גייט צו די אידישע מאַסן, זיי לערנען דעם ציוניסטישן געדאַנק און רופט זיי אָפּט, זיך צו באַפרייען פון די אַסימילאַטאָרישע אַפּיטרופּסים, תקיפים און מה־יפותדיקע מאָשקעס.

דר. גרשון ציפּער איז איינער פון די אַקטיווסטע מיטאַרבעטער פון דער ערשטער אידישער טאָג־צייטונג „דאָס טאָגבלאַט” און שפּעטער פיגורירט ער אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַלס אַרויסגעבער.

די ציוניסטישע באַוועגונג ווערט אַלעמאָל מעכטיקער און שלאָגפערטיקער און זי גרייט זיך אויסצופעכטן אַנטשיידענע פּאָליטישע שלאַכטן מיט דער פאַרעטערישער אַסימילאַציע.

ביי די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1907 איז שוין דר. ציפּער דער אנערקענטער און באַליבטער פירער פון גאַליציאַנער אידנטום, וואָס שטעלט אַרויס זיין קאַנדידאַטור אין דראָהאָביטשער וואַל־קרייז.

אויף מיינע נסיעות איבער יענעם ראַיאָן מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער האָבן מיר עלטערע אידן דערציילט אַ סך שיינע זכרונות פון יענעם וואַל־קאַמף און דער עיקר פון דר. ציפּערס טריאומף־רייזע איבער די אידישע שטעט און שטעטלעך פון דראָהאָביטשער קרייז.

ביז היינט צו טאָג געדענקען גאַליצישע אידן יענע היסטאָרישע טעג פון נאַציאָנאַלער פּאָליטישער דערוואַכונג פון צענדליקער טויזנטער אידן, וואָס זיינען פילע יאָרן געהאַלטן געוואָרן אין פינצטערער אָפּגעשטאַנענקייט דורך פאַרשידענע מאָשקעס און תקיפים.

טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אידן און אוקראַאינער האָבן אַקטיוו געהאָלפן און אונטערגעשטיצט די ציוניסטישע קאַנדידאַטן אינעם קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע און אַסימילאַטאָרן.

טראָץ דעם שטאַרקן טעראָר פון די גאַליציש־עסטרייכישע סטאַראָסטעס און אידיש־פּוילישע מאָשקעס איז געלונגען צו פאָרמירן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט: דעם ערשטן אידיש־נאַציאָנאַלן דעפּוטאַטן־קלוב.

ביי די צווייטע פּאַרלאַמענט־וואַלן אין יאָר 1911 האָט דער וואַל־טעראָר אָנגענומען שוידערלעכע פּראָפּאָרצן און געלאָזט טראַגישע קאָנסעקווענצן:

אין דראָהאָביטש האָבן די אונגאַרישע דראַגונער — צו דינסט די גאַליצישע סטאַראָסטעס און מה־יפותדיקע מאָשקעס — געגעבן אַ זאַלפּ, וואָס האָט געבראַכט עטלעכע צענדליק דערמאָרדעטע אידן. פאַרשטייט זיך, אַז דער „לעגאַלער קאַנדידאַט”. דר. לעווענשטיין, פון דער אַסימילאַציע האָט טאַקע „באַזיגט” דעם דר. ציפּער, אָבער דערפאַר איז ער פאַרבליבן ווייטער דער אנערקענטער מנהיג ביי דער אידישער באַ

פעלקערונג פון גאַליציע. אויך אין לעמבערג זיינען די וואַל־שלאַכטן צום עסטרייכישן פאַרלאַמענט געווען שאַרפע און שטורמישע. אין דער שטאָט האָט די זייל פון דער לעמבערגער אַסימילאַציע און תקיפות, האַראַוויץ, קאַנדידירט צום פאַרלאַמענט.

די נאַציאָנאַלע אידן האָבן דעמאָלט באַשלאָסן שטיצן דעם קאַנדידאַט דר. דיאַמאַנט פון פ. פ. ס., כדי דערלאַנגען אַ וויכטיקן קלאַפּ דער אַסימילאַציע, וועלכע איז שוין געווען אַ פאַרוואונדעטע פון די פריערדיקע מפּלות.

ווען איך האָב אין יאָר 1936 געדינט אַלס פּוילישער סאָלדאַט אין לעמבערג, האָט מען מיר בעת מיינע צוזאַמענקונפטן מיט לעמבערגער אידן, דערציילט כאַראַקטערים־טישע זכרונות פון יענעם וואַל־קאַמף אין שטאָט.

אין איינע פון די דערינערונגען איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דר. ציפּערס טיפע ליבע צום פאָלק און ווי פאָלקסטימלעך דער דאָזיקער גרויסער מנהיג איז געווען: דר. ציפּער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער וואַל־אַגיטאַציע פאַרן קאַנדידאַט דר. דיאַמאַנד. איינמאָל האָט ער באַמערקט אַ אידישן „בייגל־פאַרקויפער" שטיין אַ לענגערע צייט נעבן דער וואַל־קאָמיסיע, ווילנדיק אָפּגעבן זיין שטימע, אָבער דער איד האָט נישט געהאַט וועמען איבערצוגעבן דעם קויש מיט געבעקס.

ביי דר. ציפּער האָט זיך דערוועקט די גאַנצע ליבע, וואָס ער פלעגט תמיד פילן צו אַזעלכע פשוטע פאָלקס־מענטשן, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם בייגל־פאַרקויפער, צוגענומען ביי אים דעם קויש און בשעת דער איד האָט דערפילט זיין בירגערלעכע פליכט האָט דערווייל דר. ציפּער אויפן הויכן קול פאַרקויפט דעם אידס בייגל...

פון אַזאַ פאָלקסטימלעכקייט איז באמת דאָ וואָס אָפּצולערנען...

* * *

דער הייליקסטער אידעאַל ביי דר. גרשון ציפּער איז געווען דער ציוניסטישער נאָך ארץ ישראל האָט ער געבענקט מיט אַלע פיבערן פון זיין גרויסער נשמה — און באמונה שלמה האָט ער געגלויבט אין דער פאַרווירקלעכונג פון שיבת ציון רעיון.

אַ פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז ער מיט זיין פרוי און קינד אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל. פון דאָרט איז ער צוריקגעקומען אַ ענטוזיאַסטישער אַרבעטער פאַרן אויפבוי פון היימלאַנד.

דר. ציפּער האָט מיטגעבראַכט אַ קאָנקרעטן פּלאַן פאַר די גאַליצישע אידן, לויט וועלכן זיי באַדאַרפן זיך אַקטיוו באַטייליקן אינעם בנין הארץ, פאַרשלאָגנדיק **אויפצובויען אַ הויז** פאַר דער העברעאישער גימנאַזיום אין ירושלים, פאָדערנדיק פאַר דעם צוועק פון די גאַליצישע אידן אַ סומע פון הונדערט טויזנט עסטרייכישע קראָנען.

איבער גאַנץ גאַליציע האָט דר. ציפּער, מיט זיינע טורן, אויפגעהויבן די גרעסטע באַגייסטערטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם פּלאַן, ער האָט נישט נאָר צונויפגעזאַמלט די דאָזיקע סומע, נאָר אויך געוועקט גרויסע אידישע מאַסן און זיי געמאַכט אַרבעטן פאַר ארץ ישראל.

דער פילאָזאָף שלמה שילער, וועלכן נתן בירנבוים האָט באַטיטלט: „דער פילאָזאָף פון ציפּעריאַנישן צייטאַלטער" איז געוואָרן דער דירעקטאָר פון ירושלימער העברעאישן גימנאַזיום.

דר. ציפּער, שוין אַ איד אין די פערציקער יאָרן, האָט זיך גענומען לערנען די העברעאישע שפּראַך מיט אַזאַ איבערגעגעבנהייט, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער פליסיק געלייענט און גערעדט אין דער דאָזיקער שפּראַך.

מיט רעכט פלעגט ער טענהן, אַז אויב ציוניסטן פאַרלאַנגען די ווידעראויפלעבונג פון דער העברעאישער שפּראַך, מוזן זיי קודם־כל אַליין באַהערשן דעם לשון. אויך אויף דעם געביט האָט דר. ציפּער נישט געוואוסט פון קיין פשרות.

אויף זיין איניציאַטיוו האָט גאַליציע באַקומען אַ באַזונדערע צענטראַלע פון קרן קימת לישראל, אָנגעפירט טאַקע פון אים אַליין. מיט אַ גרויסער ליבע און טרייסאַפט האָט ער געאַרבעט פאַרן אידישן נאַציאָנאַל־פאָנד און ביי יעדער געלעגנהייט האָט זיין אַרבעט געדינט אַלס סטימול און לעבעדיקער ביישפּיל

די וועלט־מלחמה האָט געצוואונגען דעם גרויסן פאָלקס־מנהיג איבער צורייסן זיין גיגאַנטישע נאַציאָנאַלע אַרבעט, אָבער אים איז נאָך באַשערט געווען מיטצומאַכן דעם לעצטן אַקט פון אַ גרויסער דראַמע, מיט וועלכער עס איז געווען פאַרבונדן אַ בלוטיקע טראַגעדיע פון מזרח־גאַליצישן אידנטום.

פון בלוט־באָד אין דראָהאָביטש פון יאָר 1911 — דורך חורבן גאַליציע בעתן וועלט־קריג — ביז די טראַגישע נאָוועמבער־טעג פון גרויסן פּאָגראָם. איבער לעמבער־גער אידן — האָט זיך אומאויפהערלעך געצויגן דאָס גרויזאַמע און שרעקלעכע ביל־ פון מוראדיקע ליידן פאַר אַ מיליאָניקן אידישן קיבוץ.

און די דאָזיקע פּיין איז געווען זיין פּיין. די ליידן — זיינע ליידן און יעדער קרעכץ פון אַ צעשלאָגענעם איד האָט אים מקצר געווען דאָס לעבן.

דער שוידערלעכער פּאָגראָם אין לעמבערג, בפרט דער אומפאַרגעסלעכער דאַ־טום פון 28־טן נאָוועמבער 1918, ווען מען האָט די קדושים געבראַכט צו קבורה אין אַ ברודער־קבר, האָט אינגאַנצן דערשיטערט און צעווייטיקט דעם דר. ציפּער ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

די טראַגעדיע פון גאַליצישן אידנטום האָט דעם דאָזיקן גרויסן פאָלקס־מנהיג מקריב געווען אויפן מזבח פון אידיש־נאַציאָנאַלער רעכט און קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע פרייהייט.

זאָל דורך „פנקס גאַליציע" פאַראייביקט ווערן דער ליכטיקער נאָמען פון דעם דאָזיקן קעמפער און מאַרטירער.

## נאָוועמבער 1918

די אומפאַרגעסלעכע היסטאָרישע טעג פון דעם דאָזיקן טראַגישן חודש האָבן זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין זכרון פון אונזער פאָלק, בפרט ביים מיליאָניקן אידישן קיבוץ אין גאַליציע:

די וועלט־מלחמה איז כמעט שוין פאַרענדיקט. עס הערשט אַ שרעקלעכער כאַאָס אויפן פּאָליטישן פראָנט. סאָלדאַטן פון פאַרשידענע אַרמייען קומען צוריק אין גרעס־טער אומאָרדנונג אין זייערע היימען, דורות־לאַנגע רעזשימען און אַבסאָלוטיסטישע טראָנען ווערן כהרף עין ליקווידירט.

אָבער אין גאַליציע אָרגאַניזירן זיך פּוילישע און אוקראַאינישע אַרמייען, די שטאָט לעמבערג ווערט איינגעטיילט אין דריי חלקים: אַ פּוילישן, אַ אידישן און אַן אוקראַאינישן. יעדער טייל מיט זיין מיליטערישער זעלבסטשוץ.

אין אַנדערע לענדער האָט אַ רעוואָלוציאָנערער ארבעטער־קלאַס — מיד פון ליידן, איבערגעזעטיקט פון פיין, דערשלאָגן פון הונגער — אָנגעהויבן זיין זיגרייכן מאַרש, וואָס האָט אָנגעזאָגט: ברויט, פרייהייט און פרידן.

אָבער נישט פאַר אַלע לענדער האָט דער גוטער „מלאך השלום" געבראַכט גליק און רואיקייט.

ס'איז טאַקע געקומען אַ סוף פאַר דער בלוטיקער וועלט־מלחמה, האַרמאַטן האָבן טאַקע מער נישט געדונערט, אָבער די וועלט'איז מיטאַמאָל איינגעטיילט געוואָרן אין גליקלעכע און אומגליקלעכע לענדער.

גליקלעכע לענדער — פאַר זיי איז געקומען אַ צייטווייליקע שלום־תקופה, וואָס האָט דערמעגלעכט די איינוואוינער צו פאַרהיילן זייערע בלוטיקע מלחמה־וואונדן און אָנגיין מיט דער גיגאַנטישער רעקאָנסטרוקציע־אַרבעט.

אומגליקלעכע לענדער — אין וועלכע ס'האָט זיך צומאָרגנס נאָך דער מלחמה פונדאַסניי פונאַנדער־געפלאַקערט דאָס גרויסע פאַרניכטנדיקע פייער פון רעוואָלוציעס און בירגער־מלחמות.

צווישן אָט די דאָזיקע אומגליקלעכע מדינות האָט זיך אויך געפינען מזרח־גאַליציע מיט איר הויפּטשטאָט לעמבערג. אין דער לעצטער נאַכט פון מאָנאַט אָקטאָבער האָבן אין לעמבערג פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט די אוקראַאינער, וועלכע האָבן פּראָקלאַמירט די „מערב־אוקראַאינישע פאָלקס־רעפּובליק" אין אַ פיר־שפּראַכיקן מאַניפעסט: אוקראַאיניש, אידיש, העברעאיש און פּויליש, האָבן זיי מודיע געווען וועגן דעם געשעעניש דער גאַנצער באַפעלקערונג.

דער ערשטער טאָג אונטער דער נייער אוקראַאינישער ממשלה איז אַדורך גאַנץ רואיק. די אידישע איינוואוינער זיינען פון קיינעם נישט באַלעסטיקט געוואָרן. אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָט אַ גרופּע פּוילישע לעגיאָנערן אָנגעהויבן אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן די אוקראַאינער.

דער ספּאָראַדישער קאַמף האָט זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין אַ רעגולערער מלחמה. דריי וואָכן האָט געדויערט דער שרעקלעכער קאַמף אויף די אָפּגעשטאָרבענע גאַסן פון לעמבערג. דעם 22־טן נאָוועמבער פון יאָר 1918 האָבן די פּאָליאַקן פון אינעווייניק באַקומען מיליטערישע הילף פון דרויסן און די הויפּטשטאָט פון מזרח־גאַליציע איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּוילישע חילות.

אין פּויליש־אוקראַאינישן קאַמף האָבן די גאַליציש־אידן אָפן דערקלערט זייער פאָלשטענדיקע נייטראַליטעט, וועלכע איז אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן פון ביידע קעמפנדע צדדים, מיט דעם פייערלעכן צוזאָג, אַז די אידישע נייטראַליטעט וועט מיט דער גרעסטער אַכטונג רעספּעקטירט ווערן.

אין אָנהויב איז טאַקע אָפּגעהיטן געוואָרן דער פאָרמעלער צוזאָג. אין דער צייט ווען אין אַנדערע שטאָט־טיילן פון לעמבערג איז נאָך אָנגעגאַנגען די פּויליש־אוקראַאינישע מלחמה איז אין אידישן קוואַרטאַל געווען רואיק.

די אידישע זעלבסטשוץ, אונטער דער קאָמאַנדע פון פּולקאָווניק דר. וואשיץ (געשטאָרבן אין ארץ ישראל), האָט אָפּגעהיטן מיט אחריות און נאַציאָנאַלן אייפער אַלע אידישע גאַסן פון שטאָט. אָבער לאַנג האָט נישט געדויערט דער דאָזיקער מצב.

ווילד געוואָרענע כוליגאַנישע עלעמענטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג און אַרמיי האָבן אונטערגעצינדן אידישע הייזער און שילן, געריבט און אויסגעמאָרדעט העכער 70 אידן.

עטלעכע טעג זיינען די אידישע גאַסן אין לעמבערג געווען איינגעהילט אין געדיכטע וואָלקנס רויך און די פינצטערע נעכט זיינען באַלויכטן געוואָרן פון די ברענענדיקע אידישע הייזער. דאָס אידישע לעמבערג האָט באַקלאָגט די קדושים און טויזנטער מוטיקע אידישע יונגעלייט האָבן אָרגאַניזירטערהייט זיך פעסט אַנטקעגנגעשטעלט אַלע צעבושעוועטע כוואַליעס פון רויב, מאָרד און שרעקלעכסטן באַנדיטיזם.

אין יענע שרעקלעכע נאָוועמבער-טעג איז פאַר אַ ציוניסט געווען לעבנס-געפערלעך זיך צו באַווייזן אין גאַס, אָדער אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט. ווייל די לעמבערגער אַסימילאַטאָרן האָבן באַלד נאָכן פּאָגראָם, אויף זייערס אַ פאַרזאַמלונג, אונטערן פאָרזיין פון רעקטאָר דר. בעק, דערקלערט, אַז — „זיי סאָלידאַריזירן זיך מיט דער גאַנצער פּוילישער געזעלשאַפט, און וועלן צוטרעטן צו דער אַרבעט, כדי צו באַזייטיקן די מיספאַרשטענדענישן, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון דער שטעלונג, וועלכע עס האָבן אָנגענומען די ציוניסטן".

די מאָשקעס-אַסימילאַטאָרן האָבן מיט דער דערקלערונג אַרויפגעוואָרפן די שולד פאַר דעם פּאָגראָם און אומגליק נישט אויף די פּוילישע פּאָגראָמשטיקעס, נאָר אויף די ציוניסטן. אין יענע טעג האָבן די אַסימילאַטאָרן געצוואונגען, אַז דער פּרעזידיום פון דער לעמבערגער קהילה זאָל דעמיסיאָנירן, ווייל זיינען מיטגלידער זיינען געווען — ציוניסטן.

דער איינציקער אָרגאַן פון די לעמבערגער אידן „דאָס טאָגבלאַט", האָט פון איצט אָן — אויפן באַפעל פון דער פּוילישער מיליטערישער מאַכט — געמוזט האָבן אַ טראַנסקריפּציע אין לאַטייניש בוכשטאַבן. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך די העסלעכע מסירות פון די אַסימילאַטאָרן קעגן די ציוניסטן, האָבן איצט געמוזט קומען אַנדערע צום וואָרט.

איינער פון די נייע פאַרטיידיקער פונעם גאַליציש אידנטום איז געווען דר. טאַביאַס אשכנזי, געוועזענער וויצע-פּרעזידענט פון לעמבערג און פּרעזידענט פון אַדוואָקאַטן-קאַמער. מיט זיינע אַרויסטריטן לטובת די אומגליקלעכע גאַליצישע אידן האָט ער זיך כשר פאַרדינט, אַז זיין נאָמען זאָל פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון דער לעמבערגער אידישער באַפעלקערונג.

פּאָליטיש איז דר. אשכנזי געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַסימילאַטאָר, אָבער זיינע האַנדלונגען האָבן געשטימט מיט דער קאַמפס-לוסטיקייט פון אַ נאַציאָנאַלן איד. אין דער לעמבערגער פּוילישער פּרעסע האָט דר. אשכנזי פּובליקירט אַ שאַרף אַרטיקל תיכף נאָכן פּאָגראָם מיט פאָלגענדן אינהאַלט:

„ווי אַ איד, וועלכער איז פון דער יונגסטער יוגנט-אָן געשטאַנען מוטיק ביי דער פּוילישער פאָן, ווענד איך זיך היינט, אין דער אַזוי שווערער און ערנסטער צייט פאַ-

דער גאַנצער פּוילישער באַפעלקערונג, מיט דעם רוף צו מעשים, וואָס זאָלן מאַכן אַ סוף צו דער פאַרניכטונגס-כוואַליע און אָפּשטעלן דאָס פייער פון אַנטיסעמיטישן באַרבאַריזם, וואָס טראָגט זיך איבער לעמבערג.

„איך אַפּעליר צום געוויסן און פאַרשטאַנד פון די פילע טויזנטער איידלסטע, מיר פערזענלעך נאָענטע פּאָליאַקן, וואָס זייערע געדאַנקען און געפילן זיינען מיר באַקאַנט ווי מיינע אייגענע, איך אַפּעליר צו דער בלום פון דער פּוילישער אינטעליגענץ, צו די אָרגאַניזירטע פּוילישע פּאַרטייען, צום פאַרשטאַנד פון דער לעמבערגער באַפעלקערונג, איבערהויפּט צו דער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער און סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע, איבערנעמענדיק די פּאָקטישע מאַכט, זיינען זיי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער וועלט און פאַר דער צוקונפט, פאַר דעם אַלעם, וואָס עס איז געשען און געשעט.

„מיר קענען נישט דערלאָזן, אַז אַ איד אין דעם לאַנד מוז זיין אַ פּאָליאַק, אָדער אַ רוטענער, דער דאָזיקער גרויסער שקר מוז באַזייטיקט ווערן. די ריזיקע מאַסע פון אידישן פאָלק איז נישט און וויל נישט זיין, נישט פּויליש, נישט אוקראַאיניש, זי איז אידיש און וויל אַזוי בלייבן.

„איך פאָדער אין נאָמען פון אַלע געטלעכע און מענטשלעכע געזעצן צו אנערקענען די אידישע נאַציאָנאַליטעט און געבן אַלע אידן פון אונדזער לאַנד דאָס רעכט פון זעלבסטבאַשטימונג צו זייער נאַציאָנאַלער צוגעהעריקייט. דאָס וועט באַזייטיקן דעם וויכטיקסטן קוואַל פון קאָנוועניאָנעלן, אָפּט צביעותדיקן און אומבאַוואוסטזיניקן שקר, וואָס פאַרסמט אונדזער עפנטלעך לעבן."

די דאָזיקע מוטיקע און אָפנהאַרציקע ווענדונג האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אין די רעגירנדע פּוילישע קרייזן.

אין דער זעלבער צייט האָבן דר. לעווענשטיין און דר. שטיינהויז, געוועזענע מיטגלידער פון פּוילישן קלוב אין ווינער פּאַרלאַמענט, פאַרעפנטלעכט אַן אָפענעם בריוו צום דעמאָלסדיקן פּרעמיער מאָראַטשעווסקי, פאַרדאַמנדיק שאַרף די געוואַלד-טאַטן און באַרבאַרישע עקסצעסן אין קרזשאַנאָוו, בזשעסקאָ, קראָסנאָ, באַראַנאָוו, קיעלץ, יאַראָסלאָוו, גראַדזשיסק, דוביעצקאָ, פּשעמישל און לעמבערג.

אינעם אָפענעם בריוו האָט זיך געזאָגט:

„אין נאָמען פון דער פּוילישקייט, ווילן די דאָזיקע געשעענישן באַפלעקן די פאָן פון דער ווידערבאַלעבטער רעפּובליק. אין שוץ פון אונדזערע ברידער, ווייל אונדזער פּאַטריאָטיזם האָט אין אונדז נישט אָפּגעטויט די הייסע ליבע צום גלויבן פון אונדזערע אבות און פּונקט ווי אונדזערע אבות האָבן אונטער פּייניקונגען און אויף שייטערהויפנס געגלויבט אין זייער גאָט, אַזוי אויך וועט אונדז קיין שום געוואַלד-מיטל און קיין שום פּאָליטישע מאָטיוון נישט אָפּרייסן פון דער געמיינשאַפט מיט די אידן. אין נאָמען פון דער מענטשלעכקייט, ווייל די פּאָגראָמען זיינען געשען אויפן פּוילישן באָדן, פאָדערן מיר:

„די רעגירונג זאָל תיכף ומיד צוימען די צעיושעטע עלעמענטן און מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פאַרהיטן, אַז דער כבוד פון פּוילישן נאָמען זאָל נישט באַשמוצט ווערן.

„מיר פאַרלאַנגען: די רעגירונג זאָל מיט מעשים פעסטשטעלן, אַז זי פאַראורטיילט אַמשאַרפסטן די אַנטי־אידישע עקסצעסן און שטרענג באַשטראָפן די שולדיקע.

„גענוג שוין קאַטאַסטראָפעס, קרבנות און אידיש אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט. אַ פאָלק וואָס פאַראורטיילט אַ שאַנד, זאָגט זיך אָפּ פון איר; ווען די רעגירונג שווייגט, דאַן פאַלט די שולד אויפן גאַנצן פוילישן פאָלק".

דער אָפענער בריוו געשריבן פון פּראָמינענטע אַסימילאַטאָרן און איינפלוסרייכע פּאָליטיקער, גיט שוין אַ געטריים שפּיגל פון יענע שרעקלעכע טעג. דער רעזולטאַט פון דער ווענדונג איז געווען:

די רעגירונג האָט ענערגיש פאַרדאַמט די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן.

אין עטלעכע טעג שפּעטער, נאָכדעם ווי די פוילישע רעגירונג האָט „ענערגיש" פאַרדאַמט די פּאָגראָמען — האָט דער הויפּט־קאָמאַנדיר פונעם פוילישן מיליטער אין גאַליציע, גענעראַל ראָזוואַדאָווסקי, אַרויסגעגעבן אַ אידן־פרעסערישן קאָמוניקאַט אין וועלכן ער האָט געזאָגט:

„אין די לעצטע טעג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן מיט באַווייזן, אַז די ציוניסטן האָבן — טראָץ דער פייערלעכער שבועה, וואָס זיי האָבן געגעבן דער פוילישער קאָמאַנדע, אָנגעקניפּט אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט אונדזער שונא און האָבן אויסגעאַרבעט געמיינזאַמע אָנגריף־פּלענער. די הויפּט־קאָמאַנדע פון פוילישן מיליטער, ווען באַנוצן איר גאַנצע קראַפט צו שיצן דאָס לעבן און פאַרמעגן פון דער רואיקער באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט. אויספירנדיק די פאַריקע וואָרנונג, האָט מען אין דער נאַכט אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אַלס ערובנים 5 פאַרטרעטער פון דער אוקראַאינישער באַפעלקערונג און 5 פירער פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי."

אין יענער נאַכט זיינען אַרעסטירט געוואָרן די ציוניסטישע מנהיגים: דר. רייך, דר. רינגעל, דר. אַלעקסאַנדער הויזמאַן, מ. א. טאָגענבלאַט און דר. גאַבעל, אַן אַסימילאַנט, וועלכער איז דורך אַ טעות אַרעסטירט געוואָרן אַלס ציוניסט. די ציוניסטן זיינען עטלעכע וואָכן געווען פאַרשפּאַרט אין טורמע־שלאָס פון באַראַנאָוו און ערשט אויף דער אינטערווענץ פון קאָמיטעט פון די אידישע דעלעגאַציעס איז דערגרייכט געוואָרן זייער באַפרייאונג און זיי זיינען אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז צו דער פרידנס־קאָנפערענץ. מיט דער באַפרייאונג פון די ציוניסטישע מנהיגים האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט, מצד דער פוילישער מאַכט, די שרעקלעכע רדיפות אויף דער ציוניסטישער באַוועגונג.

די מזרח־גאַליצישע טורמעס זיינען איבערגעפילט געוואָרן מיט אַרעסטאַנטן־ציוניסטן. די מאַכט האָט נישט דערלויבט קיין סימן פון ציוניסטישער טעטיקייט און דאָס גאַנצע אידישע לעבן איז ווי פּאַראַליזירט געוואָרן.

די פוילישע מיליטער־קאָמאַנדע האָט זיך נאָך אַלץ אַליין געשראָקן מיט אַ „ציוניסטישן אויפשטאַנד", און כדי צו פאַרהיטן, אַז די לעמבערגער אידן זאָלן — אונטער דער פירונג פון ציוניסטן — נישט מאַכן קיין רעוואָלוציע — האָט גענעראַל שיקאָרסקי — (דער שפּעטערדיקער פּרעמיער־מיניסטער פון דער פוילישער גלות־רעגירונג) באַ־

פּוילן אויסצושטעלן עטלעכע האַרמאַטן-באַטעריעס אויפן שלאָס-באַרג און אַלע זיינען געווען אָנגעצילט אויפן אידישן קוואַרטאַל.

די אידישע באַפעלקערונג אין שטאָט האָט דורכגעלעבט טעג און וואָכן פון פּאַניק און פּיין, אָבער דער מוט איז נישט געבראָכן געוואָרן.

די „כווילאַ" — וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דער פּוילישער שפּראַך דורך דר. ציפּער, מיט וועלכער די פּוילישע מאַכט-אינסטאַנצן האָבן זיך געמוזט רעכענען — האָט אין יענע שרעקלעכע טעג געשריבן אויפן אַדרעס פון די מיליטער-מושלים:

„איר קענט מיט אונדז טון, וואָס אייער האַרץ גלוסט, אָבער מיר וועלן זיך נישט צוריקשרעקן אין אונדזער פאַרטיידיקונג."

דר. גרשון ציפּער — וועלכער האָט איבערגענומען די לייטונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג נאָכן אַרעסט פון אירע פירער — האָט פייערלעך אויסגעשריען פאַר דער גאַנצער וועלט דעם גרויסן אומגליק, וואָס איז געשען דעם גאַליצישן אידנטום. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט טראָגן אַלע שיקאַנעס מצד דער מאַכט פּאַרטיידיקט די אידן קעגן אַנטיסעמיטישע בלבולים, באַרואיקט די צעווייטיקטע אידישע געמיטער, געטרייסט די טרויערנדע און דער עיקר — זיך גענומען צום אויפבוי פון די הרוב-געוואָרענע אידישע עקזיסטענצן.

ווען מאָרגענטוי — דער איינפלוסרייכער נאָרד-אַמעריקאַנער איד איז געקומען קיין לעמבערג „אויספאָרשן די געשעענישן" און ער האָט געזוכט צו פאַרגלעטן די אָפּגעטויענע באַרבאַרישקייטן — האָבן ציוניסטישע פירער, אויף אַ גרויסער פאָלקס-פאַרזאַמלונג, געפאָדערט מיט אַן אומפאַרגלייכבאַרער העלדישקייט, אַז דער גאַנצער טראַגישער אמת זאָל אויפגעדעקט ווערן פאַר דער וועלט, אַז גאָרנישט זאָל פאַרלייקנט ווערן. אויך פון מאָרגענטויען האָט מען געפאָדערט, ער זאָל גאָרנישט פאַרגלעטן, ווייל די שולדיקע אינעם לעמבערגער פּאָגראָם מוזן האַרב באַשטראָפט ווערן. מאָרגענטוי איז פאַרציטערט געוואָרן פון אַזעלכע מוטיקע קעמפער.

זיינע באַריכטן — צו דער נאָרד-אַמעריקאַנער רעגירונג — זיינען געווען צוזאַמענגעשטעלט אונטערן איינפלוס פון די מוטיקע ציוניסטישע פאָלקס-פאַרזאַמלונגען און אַרויסטריטן. די פּוילישע פּאָגראָמען — אויסגעפירט פון אַלע ברודיקע עלעמענטן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט איבער דער אידישער באַפעלקערונג פון לעמבערג און אַנדערע מקומות — האָבן דורך די ציוניסטישע פּראָטעסטן אויפגערודערט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט און דאָס האָט געבראַכט צו אַ פאַרשאַרפטן מחלוקת צווישן פּילסודסקין מיט זיינע גענעראַלן שיקאָרסקי און ראַזוואַדאָווסקי.

דער ערשטער האָט געפאָדערט: מען זאָל אָנווענדן צו דער אידישער באַפעלקערונג טאַקט, גוטע באַציאונג, איינפאַרשטענדעניש און די צווייטע האָבן אַנטוויקלט אַן אַנטיסעמיטישע טעאָריע, אַז די אידן אין גאַליציע בילדן אַ געפערלעכן עלעמענט, וועלכן מען מוז האַלטן אין צוים און אונטערדריקט, כדי ער זאָל נישט ווערן קיין שטיץ-פּונקט פאַר די איצטיקע און שפּעטערדיקע אוקראַאינישע קאַמפן קעגן דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין מזרח-גאַליציע האָט דורך אַן אַקטיוון זעלבסטשוץ קאַמף צענישט-געמאַכט אַלע ווילדע פּלענער פון די פּוילישע רעאַקציאָנערע מי-

ליטאַרן און דאָס האָט דערמעגלעכט דעם גאַליציאַנער אידנטום אַרויסצוגיין אויף די גרויסע וועגן, וואָס פירן פון חורבן צו אויפבוי, פון גלות־שרעק צו נייע מוטיקע קאַמפן פאַר די לעבנס־אינטערעסן פון אַ מיליאָניקן קיבוץ און פאַרן כבוד פון גאַנצן אידישן פאָלק.

## די „מערב־אוקראַאינישע פאָלקס־רעפובליק"

די פויליש־אוקראַאינישע מלחמה וועגן דער הערשאַפט איבער מזרח־גאַליציע איז געוואָרן אַלץ שאַרפער און בלוטיקער. נאָכדעם ווי די פוילישע לעגיאָנערן מיט דער מיטהילף פון דער שילער־יוגנט און מיליטער־קרעפטן פון דרויסן האָבן פאַרטריבן די אוקראַאינישע חיילות פון לעמבערג און אַליין איבערגענומען די מאַכט — האָבן די רוטענער איבערגרופירט זייערע כוחות, רעאָרגאַניזירט די אַרמייען און עטלעכע מאָל געפּרואווט נעמען די שטאָט מיט שטורם.

לאַנגע חדשים איז לעמבערג געווען באַלאַגערט. כמעט אַ האַלב יאָר זיינען אַלע שטאָט־טיילן געשטאַנען אונטערן פייער פון דער אוקראַאינישער אַרטילעריע.

וואָכנלאַנג איז די באַפעלקערונג פון שטאָט געווען אָן עלעקטריש ליכט און אָן וואַסער, ווייל די אוקראַאינער האָבן געהאַט דעראָבערט די עלעקטראָווניע און וואַסער־לייטונג. טאָג־טעגלעך פלעגט זיך איבערחזרן דאָס בילד פון לאַנגע שורות פרויען און קינדער מיט עמערס אין די הענט, וואָס זיינען געשטאַנען שעהן לאַנג ביי די געציילטע גאַסן־ברונעמער און געוואַרט אויף אַביסל וואַסער, דערווייל האָבן אוקראַאינישע גראַנאַטן און קוילן שיטערער געמאַכט די געדיכטע רייען, אַרויסרייסנדיק צענדליקער אומשולדיקע קרבנות.

הונגער און נויט האָבן ווי מיט אייזערנע צוואַנגען אַרומגענומען דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג און די צרות זיינען נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך די אָפטע רויבערייען און פיזישע איבערפאַלן מצד כוליגאַנישע עלעמענטן פון ביידע באַפעלקערונגען.

אין דער זעלבער צייט, ווען לעמבערג איז געווען באַלאַגערט פון די אוקראַאינישע חיילות, האָט די „מערב־אוקראַאינישע פאָלקס־רעפובליק" זיך איינגעאָרדנט אין סטאַניסלאַוואָו, פראָקלאַמירנדיק איר אַלס הויפּטשטאָט.

די אידן פון דער מערב־אוקראַאינישער רעפובליק זיינען מיטאַמאָל אָפּגעריסן געוואָרן פון זייערע ברידער פון אַלע אַנדערע מזרח־גאַליציאַנער געביטן, וועלכע זיינען באַהערשט געוואָרן פון די פּאָליאַקן.

בלויז איין און איינציקע באַן־ליניע אין דער ריכטונג צו פּשעמישל האָט זיך געפינען אין פוילישן באַזיץ און זי איז שטענדיק געווען אונטערן פייער פון דער אוקראַאינישער אַרטילעריע און דער מצב האָט נאָך מער באַשווערט די פאַרבינדונג מיט מערב.

אין דער זעלבער צייט, ווען די פוילישע כוליגאַנעס און גענעראַל האַלערס צויושעטע זעלנער האָבן געבושעוועט איבער די אידישע שטעט און שטעטלעך, רויבנדיק פאַרמעגנס און פּאָגראָמירנדיק אידישע ישובים, זיינען די אידישע איינוואוינער אויף

דער גאַנצער טעריטאָריע פון דער מערב־אוקראַאינישער רעפּובליק געווען באַזעצט פון אַלדאָס בייז...

די אוקראַאינישע מלוכה־מענער זיינען פּאָליטיש געווען אַ סך קליגער און אויס־געהאַלטענער פון די פּאָליאַקן אין באַצוג צו די גאַליצישע אידן.

די מערב־אוקראַאינישע מלוכה האָט דעקרעטירט אַ ברייטע פּאָליטישע קולטור אויטאָנאָמיע פאַר דער אידישער באַפעלקערונג פון גאַליציע.

אידיש און העברעאיש זיינען געוואָרן אנערקענטע מלוכה־שפראַכן. אין געריכט, אויף אוידיענצן, אין קאָמיסאַריאַטן און אין אַלע מלוכהשע ביוראָען האָבן אידן גע־קענט רעדן אין זייערע אייגענע שפּראַכן.

אויך איז מיט דער גוטהייסונג פון די העכסטע מלוכה־באַהערדן — געשאַפן גע־וואָרן אַ אידישער באַוואָפנטער כוח — **די אידישע מיליץ** מיט די אויפגאַבן: צו שיצן און צו באַוואַכן דאָס אידישע לעבן און פאַרמעגן קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס און איבער־פאַלער.

דער אידישער נאַציאָנאַל־ראַט ביי דער אוקראַאינישער רעגירונג איז געווען אַ מין מיניסטעריום פאַר אַלע אידישע פראַגן אויף דער טעריטאָריע פון דער רעפּובליק.

די שרעקלעכע ידיעה — וועגן פּאָגראָם איבער די לעמבערגער אידן — האָט צעשטורעמט די אוקראַאינישע הויפּטשטאָט. די אידישע באַפעלקערונג פון סטאַניס־לאַוואָו און אומגעגענט האָבן אָרגאַניזירט אַ ריזיקן פּראָטעסט־אַקט קעגן די פּוילישע כוליגאַנעס און פּאָגראָם־מאַכער. דער אוקראַאינישער מיניסטאָרן־קאַבינעט האָט זיך באַטייליקט אין אַלע פּראָטעסט און טרויער־אַקטן פון די אידן.

אין איין טאָג האָבן עטלעכע טויזנט אידישע יונגעלייט וואָלונטירט אין דער או־קראַאינישער אַרמיי — וועלכע האָבן געבעטן, מען זאָל זיי וואָס פריער שיקן אויפן לעמבערגער פראָנט, כדי נקמה נעמען אין די מערדער...

דער האַס ביי דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג קעגן די פּאָליאַקן אויף דער אוקראַאינישער טעריטאָריע איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אַ סך מאָראַ־לישע און מאַטעריעלע כוחות פון ישוב זיינען געשטעלט געוואָרן אין רשות פון דער אוקראַאינישער מלוכה אין איר קאַמף קעגן דעם פּוילישן כוליגאַניזם. די אוקראַאינער האָבן געהאַט גרויסע שאַנסן צו געווינען דעם באַוואָפנטן שטרייט, ווען זיי זאָלן זיך נישט געווען אָפּזאָגן פון דער מיליטערישער הילף, וואָס דער בלוטדורשטיקער סאַדיסט און פּאָגראָמשטשיק פּעטליורע האָט זיי געוואָלט געבן.

די „מערב־אוקראַאינישע רעפּובליק" איז אָבער געווען באַזירט אויף די פונדא־מענטן פון דעמאָקראַטיע און אידן־רעכט און פאַרדאַמנדיק מער ווי איינמאָל די מעשים תעתועים פון זייערע „נאַציאָנאַלע ברידער" קעגן די שוצלאָזע אוקראַאינישע אידן — האָבן די מלוכה־מענער מיט שטאָלץ צוריק געוויזן דעם פּעטליוריש־מיליטערישן אָנ באָט. פאַרשטייט זיך, אַז אָן אַ דרויסנדיקער מיליטער־הילף איז די מערב־אוקראַאי־נישע רעפּובליק פאַרמשפּט געווען צום אונטערגאַנג.

ווען איך בין געווען אין סטאַניסלאַוואָו אין יאָר 1935 האָט מיר מיין פריינט און חבר ר' ראובן פאַהן (דער מחבר פון „ספר הקראים" און גענעראַל־סעקרעטאַר פון

אידישן נאַציאָנאַל־ראַט ביי דער אוקראַאינישער רעפּובליק) דערציילט זייער פיל אינ־טערעסאַנטע פאַקטן און איינצלהייטן פון אידישן לעבן אונטער דער אוקראַאינישער ממשלה. פון די אַלע זכרונות האָב איך געהאַט דעם איבערצייגנדסטן איינדרוק, אַז די אידן אונטער דער ממשלה פון דער מערב־אוקראַאינישער רעפּובליק -- האָבן גענאָסן פון אַן אומבאַגרעניצטער פרייהייט.

אָבער פון מאָל צו מאָל האָט זיך אויך די טאָלעראַנטע אוקראַאינער פאַרגלוסט צו מאַכן אַ שטיקעלע פּאָגראָם. אַזאַ ווילטער ספּעקטאַקל האָט זיך נישט איינמאָל אָפּ־געשפּילט אין פאַרשידענע שטעט פון דער דאָזיקער רעפּובליק אפילו אין דער נייע־הויפּטשטאָט האָבן די אוקראַאינישע סאָלדאַטן נישט געקענט גובר זיין זייער פאַ־גראָב־לוסט און האָבן איינגעאָרדנט אויף דער הויפּט־גאַס אַן אַנטי־אידישע דעמאָנ־סטראַציע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט... אָנשלאָגן דעם אייגענעם מלוכה־פּרע־זידענט.

עטלעכע טעג נאָכדעם, ווי די אוקראַאינישע פאָלקס־רעגירונג האָט זיך באַזעצט אין סטאַניסלאַוואָוו, איז דערשינען אַ דעקרעט, לויט וועלכן אַלע שילדן אין דייטשער און פּוילישער שפּראַך מוזן באַזייטיקט ווערן. כדי דער דעקרעט זאָל אויסגעפירט ווערן האָט די מיליטער־קאָמאַנדע אַרויסגעשיקט אַ „סאָטניע" (הונדערט סאָלדאַטן) אַראָפּ־צורייסן די שילדן.

דערהוייל האָבן די סאָלדאַטן אַ הוליע געטון אין עטלעכע שענקלעך און שפּע־טער... אַנשטאָט צו באַזייטיקן די פרעמד־שפּראַכיקע שילדן האָבן זיי גענומען פאַר־טשעפּען אידישע דורכגייער און צעשפּאַלטן די קעפּ פון עטלעכע אידן. ס'איז אויס־געבראָכן אין צענטער שטאָט אַ שרעקלעכע פּאַניק מיט היסטערישע געשרייען און געוויינען. די דאָזיקע ווילדע סצענעס זיינען באַמערקט געוואָרן דורך דעם מלוכה־פּרעזידענט, וועלכער איז אַרויס אויפן גאַס צו באַרואיקן די דערשראָקענע און צו באַזייטיקן די פּאָגראָמשטשיקעס.

די אוקראַאינישע זעלנער -- פאַרשכורט פון פּאָגראָם־חשק --- האָבן אין דעם מאָ־מענט נישט געוואָלט אָנערקענען די אויטאָריטעט פון זייער רעגירונגס־שעף און אין מיטן גאַס האָט מען אים געשלאָגן מכות־רוצח, אַלס שכר פאַר איינשטעלן זיך „פאַר די פאַרשאָלטענע אידן".

די כוליגאַנישע סאָלדאַטן מיט זייערע אונטעראָפיצירן זיינען טאַקע איצטערנירט געוואָרן אָבער דער מלוכה־שעף איז געלעגן אין בעט אַ צעשלאָגענער, אַ קראַנקער, און נישט איינמאָל האָט ער איבערגעחזרט דעם זאַץ: „ווער ווייסט, צי מיין פאָלק איז שוין ווערט די פרייהייט"...

נאָך דעם דאָזיקן פיינלעכן אַנטיסעמיטישן אינצידענט איז דאָס אידישע סטאַ־ניסלאַוואָוו מער נישט באַלעסטיקט געוואָרן פון אַזעלכע עלעמענטן.

די אידיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אויף דער טעריטאָריע פון דער אוקראַאיני־שער רעפּובליק האָט זיך אַנטוויקלט אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן.

די באַקומענע נאַציאָנאַלע קולטור־אויטאָנאָמיע האָט געגעבן דער אידישער באַ־פעלקערונג אַלע רעכט און די גרעסטע מעגלעכקייטן אויסצובויען און אַנטוויקלען נאַ־ציאָנאַלע, קולטורעלע, ווירטשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און אינ־

סטיטוציעס. די גרעסטע אַקטיוויטעט האָבן אַרויסגעוויזן די פּועלי־ציון און זייערע פּרעסע־אָרגאַנען ווי „דער אידישער אַרבעטער" פון סטאַניסלאַוואָ, „די רויטע פאָן" פון קאָלאָמיי און אַ דריטע צייטונג איז דערשינען אין טשאָרטקאָוו, האָבן געלערנט און אָריענטירט, געוועקט צו מעשים און זיינען — צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי — געווען אויף דער וואַך, אָפּהיטנדיק די אינטערעסן פון דער אידישער באַפעלקערונג בכלל און פון די אידישע אַרבעטער בפרט.

מיטן זיגרייכן פאַראויסמאַרש פון די פּוילישע חיילות איז ליקווידירט געוואָרן די מערב־אוקראַאינישע פאָלקס־רעפּובליק און מיט איר: אַלע רעכט און די דערוואָרבענע פרייהייט פון אַ גאַר גרויסן טייל פון מזרח־גאַליציען אידנטום.

אינעם נומער 1 פון פּועלי־ציוניסטישער וואָכנצייטונג „פאָלקסבלאַט", דאַטירט פון 5־טן יאַנואַר 1919, וואָס איז דערשינען מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן, ווערט אין לייטאַרטיקל געזאָגט:

„אַלצדינג האַלט ערשט אין הערן און מיר מוזן שטיין אויף דער וואַך, אַז ס'זאָל זיך נישט איבערחזרן אַלדאָס בייזע און שלעכטע פון פריער פאַר דער אידישער באַפעלקערונג."

יאָ, מיר זיינען היינט די לעצטע שומרים, וואָס מוזן שטיין אויף דער וואַך פאַרן המשך פון אידישן פאָלק און זיין גרויסן אַקטיוו — דאָס גאַליציש אידנטום.

א. ש. יורים

# די אידישע שטודירנדע יוגנט און די אידישע רענעסאנס אין אמאליקן גאליציע

### 1. אין קלעם צווישן צוויי פעלקער



געווען אמאל א גרויסע און מעכטיקע מדינה: די אלטע עסטרייך־אונגארישע מאנארכיע, אין וועלכער עס האט געהערשט די נאך עלטערע האבסבורגער־דינאסטיע. און פארמירט האט זי זיך ניט אזוי מיט דעם כוח פון מלחמות, נאר פיל מער אונטער דעם צייכן פון „טו פעליקט אויסטריא נובע”: דורך „אריינהייראטן” אין קלוגע אפמאכן, און אט אזוי איז אנטשטאנען דאס געאגראפיש־נאטירלעכסטע, און עטניש־אומנאטירלעכסטע, פאליטישע אוניקום אין אייראפע, אן אייראפעאישע מיניאטור פון רעליגיעס, ראסן, פעלקער. ראסן: גערמאנישע, לאטיינישע, סלאווישע, אונגרא־פינישע, סעמיטישע. רעליגיעס: קריסטלעכע, מאהאמעדאנישע, אידישע. די קריסטלעכע ווידער, רעליגיעס פון אלע קולטן: רוימיש־קאטויליש, גריכיש־קאטויליש, גריכיש־ארטאדאקס, פראטעסטאנטן מכל המינים און א רייע סעקטן אן א צאל. פעלקער: דייטשן, טשעכן, פאליאקן, אוקראינער, סלאוואקן, סלאווענער, קראאטן, סערבן, אונגארן, איטאליענער, רומענער, ציגיינער. און צווישן די אלע פעלקער, ראסן, רעליגיעס א צעזייט און צעשפרייטע געמיינשאפט: נאציאנאליטעט אידיש, ראסע סעמיטיש, רעליגיע מאזאאיש.

די אדמיניסטראטיווע צעטיילונג פון דעם דאזיקן בבל־מאנסטרום פון פעלקער און שפראכן א ריין מעכאנישע אין א דרייפאכער מאס: העמיספעריש: עסטרייך און אונגארן; ווערטיקאליש, סיי עסטרייך, סיי אונגארן איינגעטיילט אין לענדער; אלס א אפענדיקס: באסניא־הערציגאווינא. דערצו נאך האט סיי עסטרייך, סיי אונגארן געהאט א באזונדער פארלאמענט, די לענדער אין עסטרייך סיימען, אין אונגארן בלויז קראאציע א באזונדערן לאנד־טאג: די סערבישע פראווינצן באסניא־הערציגאווינא א

מיליטערישע אנעקסיע־אקופאציע. סיי בשעת דער צעטיילונג אין אונגארן און עסטרייך, סיי בשעת דער צעגלידערונג אין איינצלנדע לענדער האט מען זיך לגמרי נישט גערעכנט מיט די עטנישע גרעניצן.

אין עסטרייך איז די מאכט געלעגן פאקטיש אין די הענט פון די דייטשן, אין אונגארן אין די הענט פון די אונגארן, און אין די איינצלנע לענדער אין די הענט פון באשטימטע הערשנדע פריווילעגירטע פעלקער.

גאליציע איז געווען א באזונדער געבענטשט לאנד פון בערך זיבן מיליאן מענטשן. בערך פיר מיליאן פאליאקן, בערך דריי מיליאן אוקראאינער (אייגנטלעך רוטענער); מערב־גאליציע כולו פויליש, מזרח־גאליציע מאיאריטעט אוקראאיניש, מינאריטעט פויליש, קאנצענטרירט כמעט אינגאנצן אין די שטעט. און בערך א זיבן הונדערט טויזנט אידישע נפשות אין א פייערקלעם צווישן צוויי פעלקער, פון וועלכן איין פאלק, דאס פוילישע, איז די הערשנדע נאציע אין סיים און פארוואלטונג. אין די אינטערעסן פון די פאליאקן איז געווען די פאליטיש־שפראכלעכע אסימילאציע פון די אידן, דעם צינגל אויף דער וואג, כדי זיך צו זיכערן די העגעמאניע אין מזרח־גאליציע, בעיקר אין די שטעט, וואו אידן און פאליאקן האבן געבילדעט א מאיאריטעט. די אוקראאינער האבן נישט געקאנט האפן אויף אן אסימילאציע פון די אידן, זייענדיק קולטורעל אפגעשטאנען און אגב קאנצענטרירט אין די דערפער, וואו די צאל פון די אידן איז געווען א מינימאלע. אין די אינטערעסן פון די אוקראאינער איז געלעגן אידישע נייטראליטעט. דאס בעסטע פאר די אידן: — א אייגענע נאציאנאלע פאליטיק. דאס אלגעמיינע וואל־רעכט אין עסטרייך האט דערצו געגעבן די בעסטע פאליטיש־היסטארישע געלעגנהייט.

### 2. צווישן אסימילאציע און ציוניזם

די גלייכבארעכטיקונג פון אידן האט א עפן געטון די טויערן פון שולן פאר דער אידישער יוגנט: פאלקס־שול, גימנאזיום, אוניווערזיטעט. אין די מזרח־גאליצישע שולן האט די אידישע שילערשאפט פארנומען א הויכן פראצענטזאץ, ספעציעל אין די מיטלשולן, כמעט די העלפט. די אידישע יוגנט איז געגאנגען אין די פוילישע שולן, אין די אוקראאינישע — געציילטע אויסנאמען. דאס האבן אונדז די אוקראאינער נישט געקאנט מוחל זיין. אידישע שולן זיינען געווען נאר די בעראן הירש־פאלקס־שולן, פאקטיש פוילישע שולן פאר אידישע קינדער, וואס אונטערשיידן זיך, דערמיט, וואס מען גייט נישט אום שבת אין זיי און מען לערנט אביסל אידישע אלט־געשיכטע און רעליגיע אויפן שפיץ מעסער: „שאבאסאווקעס”. אין דער אמתן פארמירט ערשט דאס גימנאזיום די נשמה און מענטאליטעט פון דער יוגנט. די פוילישע גימנאזיעס זיינען געווען צענטערן פון פוילישקייט, בשעת אין רוסיש־פוילן און פרייסיש־פאזען איז פויליש און פוילישקייט געווען אין גלות. די אידישע גימנאזיסטן זיינען פארכאפט געווארן פון דער פוילישער קולטור און פון דער פוילישער אומאפהענגיקייטס־באוועגונג „פאלסקא ניעפאדלעגלא”. אידישע סטודענטן זיינען געווען די בעסטע קענער פון דער פוילישער געשיכטע און ליטעראטור, גאר אפט די בעסטע פאלאניסטן אין ווארט און שריפט. די

היים — אידיש; די שול — פּויליש; די גאַס — אי פּויליש אי אידיש אין מערב־גאַליציע, אין מזרח־גאַליציע איז אויך די גאַס געווען מער אידיש, דאָס באַאַמטנטום — פּויליש, ביי די ברעגעס אויך — אוקראַאיניש. אידישע גרויס־בורזשואַזיע, אידישע אינטעליגענץ האָט זיך אַלץ מער און מער אידענטיפיצירט מיט דער פּוילישער שפּראַך און ציוויליזאַציע, — און פּאָליטישע אַספּיראַציעס אויף גאַנץ גאַליציע אַלס פּוילישע דאָמענע, וואָס איז נאָר צייטווייליג אַן עסטרייכישע פּראָווינץ היינט, — און מאָרגן דאַרף עס ווערן אַ אינטעגראַלער טייל פון דער ווידעראויפגעריכטער פּוילישער רעפּובליק. „מאַלאָפּאָלסקאַ”.

די פּוילישע „וויעזשצשי” מיצקיעוויטש, קראַסינסקי, סלאָוואַצקי האָבן פאַרכאַפּט די נשמות פון דער אידישער יוגנט. די פּוילישע טראַגעדיע פון דריימאָליגער צעטיילונג האָט געוועקט די טיפסטע מיט־סימפּאַטיע. די סקארגא'ס און סטאַראַוואלסקי'ס, די טאַוויאַנסקי'ס און לעלעוועל'ס, די זאַן'ס און רייטאַן'ס האָבן גאַר שטאַרק דערמאָנט די וואָרנונגען פון אידישע נביאים אין אַלט־ציון. מען האָט דערפילט אַ קרובהשע מענטאַליטעט באַוואוסט און אומבאַוואוסט. איז דאָ די אַסימילאַציע געווען אַ נאַטירלעכע און פאַרשטענדלעכע דערשיינונג, אַלס רעזולטאַט פון דער גאַליציש־אידישער עמאַנציפּאַציע: עסטרייכיש גלייכבאַרעכטקייט, פּויליש זיך־אַסימילירנדיק. האָט אָבער די אידיליע נישט לאַנג געדויערט, ווייל גראָד עסטרייך איז געוואָרן די וויג פון פּאָליטישן ציוניזם; ווין — דער זיץ פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און פון ציוניסטישן מנהיג דר. טעאָדאָר הערצל. מער ווי די ציוניסטישע טעאָריע, האָט אָנגעהויבן צו כישופן די לעגענדע הערצל, — און די אַנטי־אידישע עקסצעסן אויף די אוניווערזיטעטן האָבן געוועקט אומרו און געוואָרנט. עס איז געווען די ראָמאַנטישע עפּאָכע פון ציוניזם: יעדער באַזוך ביי אַ פּרינץ, יעדער פאַרפלאַנצטער בוים, יעדער גבורה־אַקט פון אַ שומר אין ארץ ישראל, אַ ציוניסטיש ליד צי אַ העברעאיש וואָרט האָט אָנגעצונדן די ליכטיקסטע באַגייסטערונג. הערצל און נאָרדוי, סאָקאָלאָוו און אוסישקין, זאַנגוויל און מאַנדעלשטאַם, בירנבוים און בובער, האָבן געווירקט ווי ליכט־מעטעאָרן אויף דעם נשמה־פירמאַמענט פון דער אידישער יוגנט. האָט זיך אָנגעהויבן אַ ויתרוצצו צווישן פּאָלאָניאַ און יהודאַ אין האַרץ און אין מוח פון יעדן אײַנציקן סטודענט.

### 3 — „צעירי ציון”־קרייזלעך

נאָר אַ קליינער מינימאַלער טייל פון דער גימנאַזיסטישער, און געוויס דאַן נאָך אַ סך אַ קלענערער טייל פון דער אַקאַדעמישער יוגנט איז געבליבן ביי דער אַסימילאַציע מיליטאַנט. דער גרעסטער רוב איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די אידעאַלן פון אידישער רענעסאַנס, סיי אין דעם פּאָליטישן זין פון קאַמף אויף די ערטער אַלס אַ אידישע נאַציאָנאַליטעט פאַר קולטור־אויטאָנאָמיע, סיי אין דעם כלל־אידישן זין, וואָס נוגע די אַספּיראַציעס אויף אַ אידיש ארץ ישראל.

עס האָבן זיך געשאַפן געהיימע סטודענטישע קרייזלעך איבער גאַנץ גאַליציע אונטער פאַרשידנסטע נעמען: „בר כוכבא”, „בר גוריא”, „יהודאַ” און פיל אַנדערע. אָבער זיי אַלע זיינען געווען פאַרבונדן אין איין גאַליצישע גימנאַזיסטן־אָרגאַניזאַציע מיט דעם נאָמען „צעירי ציון”, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטן אירע יערלעכע קאָנפערענצן,

ד. ה. „זיאזד", אויף ארגענטינישן לשון: „קאנגרעסן". — און האט אויך געהאט א חודש-זשורנאל „מאראה" אויף פויליש, אויסגעצייכנט רעדאגירט. מיר האבן זיך געווידמעט אין די קרייזלעך דער אידישער געשיכטע, ספּעציעל לויט גרעץ, דער אי־דישער ליטעראטור סיי אין אידיש, סיי אין העברעאיש, ווי אויך אויף ווי ווייט אי־דיש-העברעאישע שאפונגען זיינען געווען איבערזעצט אין דייטש און פויליש. מיר האבן אויך ארגאניזירט ספּעציעלע קורסן פאר לערנען העברעאיש. יעדן שבת פלעגן מיר זיך פארזאמלען אין א אנדער פלאץ בסוד-סודות און אפּגעהאלטן אונדזערע „פאַ־גאדאנקי", ד. ה. שמועסן. שטענדיק האט זיך יעדעס מאל א אנדערער צוגעגרייט צו א באשטימטן פארטראג וועגן א אידיש פּראבלעם, און נאכן פארטראג איז פארגעקומען א פרייע דיסקוסיע. פארשטייט זיך אז אונזער אומגאנגס-שפּראך איז געווען פויליש אבער מיר האבן געהאט דעם נאטירלעכן מוט איבערצול אונטערצושטרייכן אונדזער אידישע נאציאנאליטעט-צוגעהעריקייט, העברעאיש אלס נאציאנאלע שפּראך, אידיש אלס מאמע-לשון, וועלכן מיר האבן אנגעגעבן ביי די פאלקס-ציילונגען.

די פוילישע שול-באהערדן זיינען געווען קנאפּ באגייסטערט פון דער ציוניסטי־שער שטרעמונג און זי פארבאטן, אבער זי האט עקזיסטירט און געבליט. אין דער פוילישער ליטעראטור און פוילישע לעגיאנען-פּאוסטאנצעס האבן מיר געזען ליכטיקע עקזאלטאציע און באגייסטערונג אויך פאר אונדז, און אין דער פוילישער טראגעדיע — א בלוטענלעכקייט צו אונדזערער. די פוילישע פּראפּעסארן האבן אונדז זעלטן פארשטאנען, ווייל זיי זיינען געשטאנען אויף דעם שטאנדפּונקט פון אסימילאציע אלס לייזונג פון דער אידנפראגע; די פוילישע סטודענטן האבן אונדז, די יונג-ציוניסטן, גראד יא פארשטאנען און געשעצט. מיר האבן זיי אויפגעקלערט, אז אויך מיר האבן גרויסע מייסטערס ווי ביאליק און טשערניכאָווסקי, אש און פּרץ, מענדעלע און שלום עליכם, אונדזערע דענקערס ווי אחד העם און זשיטלאָווסקי, אונדזערע מאלערס ווי ליליען און וואכטעל, הירשענבערג און איזראעלס, אונדזערע בילדהאוערס ווי שאץ און אנטאקאלסקי. מיר האבן זיך דערפילט ווי גלייך מיט גלייכע און מען האט אנגעהויבן אזוי אויך אונדז צו באהאנדלען.

### 4. — ציוניזם און סאציאליזם

מיר זיינען נישט געווען גלייכגילטיק צו דער סאציאליסטישער טעאריע און באַ־וועגונג. אבער אין עסטרייך בכלל און אין גאליציע בפרט איז דער אפיציעלער סאַ־ציאליזם דעמאלט, ד. ה. סוף 19-טן, אנהויב 20-טן יארהונדערט געווען צענטראליס־טיש-אסימילאטאריש. די אידישע ארבעטער אין גאליציע זיינען געווען מיטגלידער אין דער פוילישער סאציאליסטישער פּארטיי „פּ. פּ. ס." מיר האבן געוויס גארנישט געהאט קעגן איר סאציאליזם און געוויס נישט קעגן איר פּרינציפּ פון אן אומאָפּ־הענגיקן פוילן, אבער מיר האבן שטארק באקעמפט איר מיליטאנטע אסימילאַ־טארישע שטעלונג אין דער אידנפראגע. די בעסטע צווישן די אידישע סטו־דענטן זיינען געווען אי ציוניסטן וואס נוגע אידנפראגע, אי סאציאליסטן אין דער סאציאלער פראגע. מיר האבן אגב אין דעם סאציאליזם געזען א מאדערנע אויפלאגע פון דער סאציאלער געזעצגעבונג פון משה רבינו און פון דעם וועלט-שלום-אידעאל



אַ יוגנט־בילד פון א. ש. יורים (די פייל ווייזט צו אים) צוזאַמען מיט זיינע יוגנט־קאָלעגן אין קאָלאָמייער גימנאַזיע. דאָס בילד האָט א. ש. יורים באַקומען מיט צענדליקער יאָרן שפּעטער, אין וואַרשע, אַלס איבעראַשנדיקע מתנה פון זיינע אַמאָליקע פּוילישע יוגנט־חברים, וועלכע זיינען שוין געווען גרויסע פּערזענלעכקייטן פון דער פּוילישער רעגירונג.

פון אונדזערע נביאים און אגב זיינען דאָך די שעפער און אָרגאַניזאַטאָרן פון קלאַסישן סאָציאַליזם אידן! — מאַרקס און לאַסאַל. דער עיקר האָט אונדז באַגייסטערט די אייגנאַרטיקע דערשיינונג פון ערשטן ציוניסט און סאָציאַליסט גם יחד: משה העס. אין דעם פּועלי־ציוניזם האָבן מיר געזען דעם אידעאַלן סינטעז. אונדזער קאָנצעפּציע איז געווען גאָר אַ נאַאיווע: יעדער איד דאַרף זיין אַ ציוניסט, יעדער ציוניסט דאַרף זיין אַ סאָציאַליסט. (דער מחבר פון די שורות איז עד־היום פאַרבליבן דער זעלבער נאַאיווער פּועלי־ציוניסט. פון דער צייט שטאַמט אויך זיין גרעסערע אַרבעט, די ערשטע אין דער פּוילישער שפּראַך: „פּועלי־ציוניזם, פון וואַנעט שטאַמט ער, וואָס איז ער, וואוהין גייט ער", וואָס האָט געוואַנדערט אין מאַנוסקריפּט־פאָרם פון שטאָט צו שטאָט, געלעזן און דיסקוטירט אין די סטודענטישע קרייזן „צעירי־ציון" און איז אין שטורם פון דער ערשטער מלחמה פאַרלוירן געגאַנגען.)

דערווייל האָט פּועלי־ציוניזם ניט דיפערענצירט די יוגנט. ערשט אין אַ שפּעטערער תקופה, ווען די פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין עסטרייך־גאַליציע האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון אַלגעמיינעם ציוניזם סיי טעאָרעטיש, סיי אָרגאַניזאַטאָריש, האָט דאָס אויך געווירקט אויף דער סטודענטשאַפט אין דער פאָרם פון אַ סעפּאַראַטער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „חירות". דעם זעלבן נאָמען האָבן אויך געטראָגן שפּעטער די פּועלי־ציוניסטישע גרופּן אויף די אוניווערזיטעטן צווישן די פּוילישע מיט־חברים האָט דער סאָציאַליזם בכלל און פּ. פּ. ס. בפרט נישט געהאַט קיין סך אַדעפּטן. זיי האָט אינטע־

רעסירט נאָר די נאַציאָנאַלע פראַגע: פוילנס אומאָפּהענגיקייט. אָבער די איינצלנע סאָציאַליסטישע סטודענטן האָבן אין אונדז דערפילט אַ גייסטיקע קרובהשאַפט. עס זיינען אגב אויך געמאַכט געוואָרן פּרואוון פון דערנענטערונג צווישן די פוילישע, אידישע און אַפילו אוקראַאינישע סטודענטן אויף דעם געביט פון דער „אַקציאַ שקאָלנאַ", אַן אַקטואַציע פאַר אַ שול־רעפאָרם אין אַ מער מאָדערנעם זין, בהסכם מיט די נייע טענדענצן פון אַ פּעדאַגאָגישער רעוואָלוציע.

מיר האָבן אַפילו געשאַפן געמיינזאַמע קרייזלעך פאַר קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג וועלכע האָבן אָבער נישט געהאַט קיין איבעריקע הצלחה. עס איז באַזונדערס שווער געווען צו געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך צווישן די פוילישע און אוקראַאינישע סטודענטן. יעדע גרופּע האָט געהאַט איר אידעאַלן וועג צו אַ נאַציאָנאַלן שטאַט, אַ פרייען און סואווערענען, וועלכער זאָל אַרומנעמען אַלע קאָנאַציאָנאַלן.

אָבער צווישן אַ גרויס־פוילן און אַ גרויס־אוקראַאינע ליגט מזרח־גאַליציע, דער פויליש־אוקראַאיניש־אידישער בבל־שטה, אויף וועלכן קיינער האָט נישט געוואָלט פאַרציכטן און יעדער טייל האָט אַרויסגעשטעלט זיינע היסטאָרישע רעכט. און יעדער איז געגאַנגען זיין וועג.

### פון גאַליציע ביז מאַלאַ־פּאָלסקא, און אין דער וויטער וועלט...

אויף מאָרגן נאָך דער וועלט־מלחמה איז גאַנץ גאַליציע, נאָך אַ קליינעם אינטערמעץ פון אַ „מערב־אוקראַאינישער רעפּובליק" (אין מזרח־גאַליציע), געוואָרן אַ אינטעגראַלער טייל פון דער פוילישער רעפּובליק: מאַלאָפּאָלסקאַ.

די פוילישע סטודענטן האָבן זיך בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה באַטייליקט אין פּילסודסקים לעגיאָנען און אין נייעם פוילן פאַרנומען הויכע מלוכה־פּאָזיציעס. די אידישע סטודענטשאַפט האָט געפינען איר וועג קיין ארץ ישראל, בלויז צום טייל; צום טייל איז זי פאַרבליבן אין ווין אַלס אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים נאָך דער אַבסאָלווירונג פון דער דאָרטיקער אוניווערזיטעט, און צום טייל איבערשוועמט קאָנגרעס־פוילן און זיי קרעסן, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַן אַקאַדעמישער אינטעליגענץ, ספּעציעל די אידיש־פוילישע גימנאַזיעס. די אַמאָליקע ציוניסטישע סטודענטשאַפט אין גאַליציע און די „צעירי־ציון" און „הירות"־קרייזלעך האָבן אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע רייע רעפּרעזענטאַטיווע פיגורן סיי פאַר פוילן סיי פאַר ארץ ישראל. זאָלן פאַרצייכנט ווערן אייניקע נעמען. דר. מאַקס ראָזנפעלד, פּועלי־ציוניסטישער פירער, געשטאָרבן אַ קנאַפּע צייט נאָך זיין דערוויילן אַלס סיים־דעפּוטאַט אין נייעם פוילן פון כעלמער קרייז. עס האָט אים פאַרטראָטן אין סיים דר. יצחק שיפּער, היסטאָריקער, געווען אַ צייט אויך פּרעזידענט פון דער פוילישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָך זיין ריס מיט די פּועלי־ציון, געפאַלן אַלס קדוש אין וואַרשעווער געטאָ. דר. א. זילבערשיין, געווען סענאַטאָר אין פוילן, לייטער פון וועלט־קאָנגרעס־ביוראָ אין גענף, זייט דעם אויסברוך פון וועלט־מלחמה, פירנדער חבר פון התאחדות פּועלי־ציון מזרח־גאַליציע. דר. ירמיה פרענקעל, פּראָפעסאָר פון בראודע"ס גימנאַזיום אין לאָדז, לעצטנס אין ארץ ישראל. דר. אריה טאַרטאַקאָווער, פּראָפ. פון אידישן אינסטיטוט וואַרשע, פירער פון דער צי־

גיסטיש־סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג, איצט סעקרעטאַר פון אידישן וועלט־קאָנ־גרעס אין ניו־יאָרק. דר. מיכאל ווייכערט, אַדוואָקאַט, דראַמאַטישער קריטיקער, רע־זשיסאָר פון „יונג־טעאַטער", זיין גורל איצט אומבאַקאַנט. פון דעם זעלבן קרייז שטאַמט אויך דר. קאָפּעל שוואַרץ, דער דיכטער ש. י. אימבער, דער פּראָפעסאָר מייער (העבר. אוניווערזיטעט) איצט אין ארץ ישראל, דר. ש. מאַרגאָשעס, רעדאַקטאָר פון „טאָג", ניו־יאָרק. אויך צוויי וואָס זיינען אַוועק העט לינקס: דר. הערש נאַגלער איז געוואָרן אַ גאָר גרויסע שישקע אין דער מלוכה־באַנק אין מאָסקווע און זיין נאָמען האָט אַפילו פיגורירט אויף דעם סאָוויעטישן פּאַפּיר־געלט; דר. עלי וואַטענבערג פאַרבונדן מיט דעם „אַמטאָרג", האַנדלט צווישן ניו־יאָרק און מאָסקווע. און נאָך און נאָך אויף די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע פראָנטן אין פוילן און ארץ ישראל: אַ שעפערישע אין־ווענטיווע, אַ שטאַלצע און טעמפעראַמענטפולע אידישע אינטעליגענץ.



אידישע יוגנט אין גאַליציע האָט זיך שוין לאַנג געפילט ווי אויף הייסע קוילן און אָט זעען מיר דעם יאַט (מיטן צייכן אויפן אַרבל), דאָס איז מ א י ר ס ע ג א ל (דער ברודער פון פרל. הילדאַ סעגאַל, ביבליאָטעקאַרן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין ב. איירעס) פון מאנאסטעזשיסקא, ווי ער אַרבעט צוזאַמען מיט נאָך חברים חלוצים אויף דער „הכשרה" אין ביליץ-ביאַלע, גרייטנדיק זיך צו פאָרן קיין א"י.

די פאָטאָ איז פון יאָר 1934. מאיר סעגאַל איז היינט אין ארץ ישראל; האָט זיך כאָטש נאָך עמיץ פון אָט אָ די געזונטע אידישע יאַטן געראַטעוועט פון דעם נאַציש; וועלט-אומגליק?...

# לעמבערג

לעמבערג, די שטאָט אין דרום־מזרח פּוילן, רעכנט זיך פאָרמעל אַלס די הויפּט־שטאָט פון גאַליציע.

לעמבערגער אידן ווערן שוין דערמאָנט אין דרייצנטן יאָרהונדערט, ווען עס האָבן דאָרט געהערשט די רוטענער פּרינצן. די ערשטע פּריווילעגיעס וואָס די אידן אין לעמבערג האָבן באַקומען, שטאַמען פון די יאָרן 1356-1364.

אין אָנהויב, האָבן אידן באַוואוינט דעם דרום־מערבדיקן ווינקל פון שטאָט. דער גאַנצער שטח וואָס פירט פון הויכן שלאָס ביז צום נידעריקן, איז אויפן סמך פון אַ געזעץ פון פירסט לעוו, געוואָרן באַזעצט פון רוטענער, טאָטערן און אידן, וואָס זיינען געווען הויף־סוחרים.

דאָ האָט זיך געשאַפן אַ פאָרשטאָט פון לעמבערג, וואו אַנטלאָפענע מאָנגאָלן האָבן געקאָנט געפינען שוץ.

נאָך דער אַנעקסיע פון דער שטאָט צום פּוילישן קעניגרייך, בעת דער הערשאַפט פון קעניג קאַזימיר דעם גרויסן (1370-1333), איז די אידן אין לעמבערג געגעבן געוואָרן פולשטענדיקע גלייכהייט, אָבער די אידן אין דער פאָרשטאָט זיינען געבליבן אונטער דער יורידיקציע פון שלאָס־אַדמיניסטראַטאָר, מיט רעכט צו אַפּעלירן צום סטאַראָסטע.

די אידישע פּריווילעגיעס זיינען געוואָרן באַשטעטיקט דורך וולאַדיסלאַוו פון אָפּאָלע און לודוויק אָנזשו. אין 1387 האָט דער קעניג פון פּוילן און ליטע, וולאַדיסלאַוו יאַגיעלאָ, אויפגעהאַלטן די פּריווילעגיעס וואָס אידן האָבן באַקומען פון דער קעניגין יאַדוויגאַ. יאַגיעלאָס נאָכפאָלגער, וולאַדיסלאַוו דער דריטער, האָט אויסגעברייטערט די אידישע האַנדלס־פּריווילעגיעס און סטימולירט דעם דערציאונגס־סיסטעם, פּונקט ווי ער האָט געזאָרגט פאַר דער פאַרשענערונג פון דער שטאָט, פאַר אויסבעסערן דאָס וואַסער און איריגאַציע־סיסטעם און פאַרן אויפבויען פון שטאָטישע פּאַרקן.

צוליב דעם וואָס פּרינץ אַנדזשעי אָדראָוואָנזש האָט אָנגערייצט זיינע געדונגענע זעלנער, אַז זיי זאָלן פּאָגראָמירן אידן און אָפּטרינניקע רוטענער, האָבן די לעצטע באַקומען שוץ אין לעמבערג און דערפאַר האָט לעמבערג געהאַט אויסצושטיין פון אַ לאַנגער באַלאַגערונג, וועלכע איז אָבער סוף כל סוף צוריקגעשלאָגן געוואָרן.

אין 1494 האָט אַ שׂרפה פאַרניכטעט דעם אידישן ישוב, צוליב וואָס די פאַראָרימטע אידן זיינען פון קעניג יאָהאַן אַלברעכט באַפרייט געוואָרן פון אַלע שטייערן אויף אַ צייט פון 15 יאָר. דריי יאָר שפּעטער האָט אָבער דער זעלבער קעניג אַרויסגעגעבן אַ געזעץ וואָס פאַרבאָט אידן, אַרמענער און רוטענער צו האַנדלען. אין דער צייט, זיינען די פאָרשטאָטישע געגנטן פאַרניכטעט געוואָרן פון די טאָטערן און טערקן און צוליב פּאַרטיי־

דיקונגס־צוועקן, האָט מען די רואינען געמוזט אויפרייסן.

בעת דער הערשאַפט פון זיגמונד דעם ערשטן, זיינען די אידישע האַנדלס־פּריווילעגיעס געבליבן גילטיק, אָבער דער סאָציאַלער סטאַטוס איז אַנולירט געוואָרן. די אידישע לאַגע האָט זיך ווידער אָנגעהויבן בעסערן, ערשט ווען זיגמונד־אויגוסט איז אויפגעשטיגן אויפן טראָן (1548). בעת דער הערשאַפט פון סטעפאַן באַטאָרי, זיינען ארויסגעשוואומען באַשולדיקונגען קעגן אידן, אַז זיי לעסטערן די קירכלעכע הייליקייטן און באַגייען ריטועלע מאָרדן, אָבער דער אידן־פריינטלעכער קעניג באַטאָרי, האָט צונישט געמאַכט די אַלע בלבולים.

ווען די אידן האָבן צום סוף זעכצטן יאָרהונדערט אויפגעבויט אַ שיל, האָט דער דעמאָלסדיקער קעניג זיגמונד דער דריטער, דעקרעטירט איבערצוגעבן די געביידע פאַר די יעזואיטן, וועלכע האָבן זי פאַרוואַנדלט אין אַ קירכע, נאָר נישט לאַנג האָט עס געדויערט, און די יעזואיטן האָבן זיך אַרומגעזען, אַז דער ענין מיט דער שיל טויג נישט פאַר זייערע צילן, און זיי האָבן מסכים געווען צוריקצוגעבן די אידן די שיל, פאַר דעם פרייז פון 23.000 פוילישע גילדן. דאָס איז געווען אין יאָר 1608.

אין דער צייט, האָבן זיך אָנגעהויבן אָנריקן אַ גאַנצע רייע טרויעריקע געשעענישן אויף די לעמבערגער אידן. אין 1616 האָט אַ שרפה פאַרניכטעט כמעט די גאַנצע אידישע געגנט; אין 1623 ברעכט אויס אַ מגפה און עס שטאַרבן אויס אַ מאַסע אידן; אין 1624 זוערן די אידן איבערגעפאַלן פון די טאַטערן און עס ווערט צוגערויבט זייער האָב און גוטס און אין 1625 ברעכט ווידער אויס אַ גרויסע שרפה, וואָס פאַראָרימט צום איבעריקן די שוין גענוג פאַראָרימטע אידן.

אַמשטאַרקסטן זיינען אָבער געווען די אידישע ליידן בעת כמעלניצקים אויפשטאַנד.

אין 1648, ווען די באַלאַגערטע שטאָט איז געבליבן אָן וואַסער, האָט זי זיך איבערגעגעבן צו כמעלניצקין, אויסקויפנדיק זיך מיט אַ גרויסער קאָנטריבוציע, צו וועלכער אידן האָבן אַמערסטן בייגעשטייערט. די פאַראָרימטע קהילה האָט געמוזט זאָרגן פאַר די אָנגעלאָפענע אידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון אונטער כמעלניצקים מערדערישע האָרדעס.

נאָך דעם ווי די אידן האָבן זיך מיטבאַטייליקט אין קאַמף און אינעם זיג איבער כמעלניצקים באַנדעס ביי סאָקאָל, האָבן די לעמבערגער אידן צוריקבאַקומען זייערע עקאָנאָמישע פריווילעגיעס, אָבער אין יאָר 1655 האָט כמעלניצקי ווידער באַלאַגערט לעמבערג און די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט זיך דווקא געשטעלט אויף דער געהעריקער הויך און אָפּגעזאָגט כמעלניצקים פאָדערונג אַרויסצוגעבן די אידן מיט זייערע פאַרמעגנס פאַר זיינע חיילות.

אין 1664 האָבן די יעזואיטן אויפגערייצט אַ המון און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם אין וועלכן עס זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן הונדערטער אידן און די רעגירונג האָט דערנאָך אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צו דער אידישער באַפעלקערונג, באַשטימענדיק אַ פאַרגיטיקונג פאַר די געליטענע פאַרלוסטן.

אונטער דער הערשאַפט פון יאַן סאָביעסקי, האָט די לעמבערגער קהילה געבליט, אָבער נאָך זיין טויט האָבן אידן ווידער געליטן פון אָפטע איבערפאַלן פון וואַנטוריסטישע זעלנער. אין יאָר 1703, ווען עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער אויפרייס פון לעמבערגער אַרסענאַל, זיינען אומגעקומען 36 פערזאָן און צווישן דער קליינער צאָל געראַטעוועטע ווי דורך אַ נס, האָט זיך אויך געפונען ר׳ יעקב יהושע בן צבי הירש —

# מרת אודל בת משה קיקיניש

פון דראָהאָביטש



אין יאָר 1718 האָט זי אויסגעהויכט איר הייליקע נשמה אויף קידוש השם — אין לעמבערג.

אודל איז געווען די טאָכטער פון לעמבערגער גרויסן גביר ר' משה קיקיניש. זי האָט יונג חתונה געהאַט קיין דראָהאָביטש און ערשט נאָך דער חתונה האָט זי זיך אַנטוויקלט ווי אַ שיינע בלום און אויף איר האָבן די יעזואיטן געוואָרפן אַן אויג.

זעענדיק אַז אַלע זייערע אינטריגעס פאַלן דורך, נישט זיי קענען פאַנגען אין זייערע נעצן איר קערפער און נישט איר נשמה, האָבן די יעזואיטן אונטערגעקויפט אודלס קריסטלעכע דינסט, אַז זי זאָל דערהרגענען איר אייגן קינד און דערנאָך זאָל זי זאָגן, אַז אידן האָבן ביי איר אָפגעקויפט איר קינד בדי צו האָבן קריסטלעך בלוט צו די מצות.

מען האָט באַלד אַרעסטירט אַלע אידן אין דראָהאָביטש און מען האָט אודלען געגעבן אָנצוהערן, אַז נאָר זי קאָן ראַטעווען די אידן, אויב זי וועט זיך שמדן און גיין אין אַ קלויסטער.

ווען אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיי אודלען אַרעסטירט און זי שוידערלעך געפייניקט. האָט זיך אודל „מודה" געווען און גענומען אויף זיך די גאַנצע שולד פון מאָרד און מען האָט זי אָפגעפירט קיין לעמבערג, וואו מען האָט זי פאַראורטיילט צו אַ מיתה־משונה־טויט, אַז מען זאָל זי צובינדן פאַר די האָר צו אַ פערדישן עק און דאָס פערד זאָל זי שלעפן איבערן מאַרק, אַז אַלע זאָלן זען ווי אַזוי די „אומגלויביקע" הויכט אויס די נשמה.

די קריסטלעכע דינסט האָט זיך אַפילו דערנאָך מודה געווען אַז זי אַליין איז געווען די מערדערן פון איר קינד, אָבער די יעזואיטן האָבן די דינסט דערהרגעט און שטום־געמאַכט דעם איינציקן עדות און דער אורטייל אויף אודלען האָט באַדאַרפט דורכגעפירט ווערן.

פאַרן אויספירן דעם אורטייל, האָבן זיך נאָך די יעזואיטן געפרואווט מזל ביי דער אומגליקלעכער, אָבער זי האָט אָפגעזאָגט פון יעדן צוזאָג און זיך געגרייט צום טויט.

לויטן געזעץ, האָט זי אַלס איר לעצטן וואונטש, געבעטן מען זאָל איר געבן אַ פעקל שפילקעס און מיט די שפילקעס האָט זי פאַרשפילעוועט איר לאַנג קלייד, אַריינשטעכנדיק די שפילקעס טיף אין אירע פיכ און אין איר לייב, כדי ווען דאָס פערד וועט זי שלעפן איבערן ברוק, זאָל זיך איר לייב נישט אָפדעקן פאַר די אויגן פון המון, וואָס וועט זיך צוקוקן צו דער עקזעקוציע.

און אַזוי האָט אודל קיקיניש אויסגעהויכט איר נשמה בצנועות, בקדושה ובטהרה, פאַרשעמענדיק מיט איר הייליקייט אירע פייניקער.

(לויט גרשום באַדערס „דרייסיק דורות אידן אין פוילן").

דער מחבר פון ספר **„פני יהושע"**.

אין 1704 האָבן די אידן שטאַרק געליטן צוליב דער מלחמה פון קעניג קאַרל דעם 21־טן פון שוועדן, מיטן קעניג אויגוסט דעם צווייטן פון פוילן. ווען די פיינטלעכע זעלנער זיינען אריין אין שטאָט, האָבן זיי געמאָרדעט און גערויבט אידן ווי קריסטן מיט א פאַראורזאַכטער שרפה האָבן זיי חרוב געמאַכט אַ סך אידישע הייזער און נישט קוקנדיק דערויף, האָבן די אידן נאָך באַדאַרפט באַצאָלן אַ גרויסן אויסלייז־געלט צו די זיגערישע שוועדן.

אין יאָר 1728 האָט מען אויף די לעמבערגער אידן אויסגעטראַכט אַ בלוט־בילבול און אין זעלבן יאָר זיינען די צוויי ברידער חיים און יהושע רייזעס (אָדער רייזעלעס), פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט פאַר איבעריידן אַ משומד ער זאָל צוריק ווערן אַ איד.

אין יאָר 1782, איז לויט אַ דעקרעט פון קייזער יאָזעף דעם צווייטן, פאַראייניקט געוואָרן די קהילה פון דער פאָרשטאָט מיט דער קהילה פון לעמבערג גופא, אָבער די שטייער־לאַסט פון דער קהילה איז געוואָרן אַן אומדערטרעגלעכע.

דער עקאָנאָמישער און גייסטיקער פאָרשריט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין לעמבערג, איז ערשט געקומען מיט דער קאָלאָניזירונג פון מזרח־פוילן. דאָס האָט גורם געווען, אַז די צאָל אידן אין לעמבערג, זאָל אין יאָר 1931 גרייכן ביז הונדערט טויזנט, בעת מיט הונדערט יאָר צוריק, אין יאָר 1825, האָט לעמבערג געציילט אַ אידישע באַפעלקערונג פון בלויז פיר טויזנט אידן.

אונטער דער פוילישער הערשאַפט, האָט זיך אין לעמבערג געפונען דער זיץ פון הויפט־ראַבינאַט און אויך אַ ישיבה, אין וועלכער עס האָבן פלייסיק געלערנט אַ סך תלמידים.

אונטער עסטרייך, האָבן זיך אין לעמבערג אריינגעריסן שטראָמען פון השכלה, וועלכע האָט באַלד געפונען אַזעלכע אָנהענגער ווי — שלמה לייב ראַפּאַפּאָרט, נחמן קראָכמאַל (געוואוינט אין זשולקיעוו), יצחק ערטער, יהודה לייב מיזעס און אין יאָר 1840 יעקב באָדעק, מענדל מאָר און מאיר לעטרים. אין 1844 איז קיין לעמבערג איינגעלאַדן געוואָרן דער ערשטער פּראָגרעסיווער רב ראַביינער דר. אברהם קאָהן און אין 1846 איז אין לעמבערג אויפגעבויט געוואָרן די ערשטע אַזוי־גערופענע דייטשע שיל. די עסטרייכישע רעגירונג האָט דערויף געקוקט מיט סימפּאַטיע ווייל זי האָט געוואָלט אַז די אידן זאָלן זיך גערמאַניזירן, אָבער די חסידים האָבן זיך שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט און אין 1848 האָט אַ חסידישער פאַנאַטיקער פאַרסמט דעם רב אברהם קאָהן מיט זיין גאַנצע פאַמיליע.

אין 1880 איז לעמבערג געוואָרן דער הויפּט־צענטער פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דער יונגער דור איז נאָכגעגאַנגען דעם רוף פון דר. לעאָן פּינסקער און האָט געגרינדעט זעלבסטבילדונגס־קרייזן און נאָך צען יאָר פאַר דער דערשיינונג פון דר. הערצלס „יודנשטאַט", איז שוין אין לעמבערג און אין גאַנץ מזרח־גאַליציע געווען אַן ערנסטע ציוניסטישע באַוועגונג, ענלעך צו די „חובבי ציון" און „בילו" אין רוסלאַנד.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט געהאַט איר אָרגאַניזאַציע אין לעמבערג, מיט אָפּצווייגונגען אין גאַנץ גאַליציע. אירע גרינדער זיינען געווען יונגע חסידים, וואָס האָבן זיך אַליין עמאַנציפּירט און שפּעטער געוואָרן אָנגעזעענע לידערס פון גאַליצישן, עסטרייכישן און פּוילישן ציוניזם. דאָס זיינען געווען — שלמה שילער, אברהם קאָרקיס, דר. יהושע טאָן, אַדאָלף שטאַנד, גרשון ציפּער, דוד שרייבער און מרדכי ברוידע. פון די יונגסטע זיינען געווען: לעאָן

רייך, העבריק ראָזמארין יעקב טאָן און יעקב קאָרקיס. די פאראייניקטע אָרגאַניזאַציע פון לעמבערג און גאַנץ גאַליציע, האָט שפּעטער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריכטיקער און גרויסער ציוניסטישער באַוועגונג.

אין נאָוועמבער 1918, איז לעמבערג געווען די אַרענע פון אַ בלוטיקן קאַמף צווישן פּאָליאַקן און אוקראַאינער און נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען לעמבערג, זיינען די אידן וואָס האָבן זיך געהאַט דערקלערט נייטראַל, געוואָרן די קרבנות פון אַ בלוטיקן פּאָגראָם, אין וועלכן עס זיינען אומגעקומען 72 נפשות און אַן אונטערגעצונדן פייער האָט פאַרניכטעט אַ גרויסע צאָל אידישע הייזער. די חורבות פון פּוילישן פּאָגראָם זיינען פאַרבליבן נישט צוריקגעבויט, ביז צום יאָר 1939.

זייט 1919, איז לעמבערג און גאַנץ מזרח־גאַליציע איבערגעגאַנגען אונטער פּוילישער הערשאַפט און די אוקראַאינישע רעגירונג אין סטאַניסלאַוואָוו איז געוואָרן אַראָפּגעזעצט און פאַרטריבן פון לאַנד. אין משך פון די צוואַנציק יאָר פּוילישע הערשאַפט, האָבן די אידן כסדר געמוזט קעמפן פאַר זייערע נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און עקאָנאָמישע רעכטן. די אידן האָבן געגרינדעט אַ רייך בילדונגס־אַנשטאַלטן און פּראָפעסיאָנעלע שולן, ווי אויך אַ העברעאישע הויך־שול. די אָנפירער פון דאָזיקן פּאָליטישן קאַמף זיינען געווען: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און צוויי טעגלעכע צייטונגען:



דאָס איז אַ בילד פון דער לייטונג פון קרן קימת לישראל אין לעמבערג אין יאָר 1930. ערשטע ריי זיצנדיק אינדערמיט — דער גענעראַל־סעקרעטאַר און אומדערמידלעכער ציוניסטישער טוער משה רייך.
וויפל פון די וואָס מיר זעען אויף דעם בילד האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון דעם גרויסן אידישן אומגליק אין אייראָפּע?...

דאָס „טאגבלאַט", געגרינדעט אין יאָר 1905 דורך גרשום באַדער און שפּעטער אַרויסגעגעבן פון משה פראָסטיק אברהם אינסלער, מיכל רינגל און פישל ראָטנשטרייך און די „כווילאַ" געגרינדעט אין 1918 דורך גרשון ציפּער און שפּעטער אַרויסגעגעבן און אָנגעפירט אַלס פּאָליטישן אָרגאַן דורך לעאָן רייך און הערמאַן ראָזמאַרין.

זייט 1922, האָט לעמבערג געשיקט צום פּוילישן סיים אויסשליסלעך ציוניסטישע דעפּוטאַטן — דר. לעאָן רייך, קאַראָל אייזנשטיין, דעם לידער פון די אידישע סוחרים, דר. עמיל זאָמערשטיין און פאַר אַ קורצן פּעריאָד — דר. מאַקס לעסער און דר. וואָלף. דר. דוד שרייבער איז געווען סענאַטאָר. רייך און זאָמערשטיין זיינען יאָרן־לאַנג געווען פּרעזידענטן פון אידישן פּאַרלאַמענטאַרישן קלוב.

די אידישע יוגנט־באַוועגונג איז אין לעמבערג אַנטשטאַנען אונטער דער פאָרם פון סקויט־אָרגאַניזאַציעס פון צעירי־ציון, הנוער הציוני און השומר הצעיר.

לעמבערג האָט געהאַט אַ סך באַריִמטע רבנים, סיי חסידישע ווי פּראָגרעסיווע.

צווישן די ערשטע איז געווען הרב שמעלקעס, דער זיידע פון פּרעזידענט פון גרויסן ראַט פון דער אגודה־וועלט־אָרגאַניזאַציע און סיים־דעפּוטאַט; אַהרן לעווין, דער עלטער־זיידע פון יונגן אַגודה־פירער דר. יצחק לעווין (געווען אין ניו־יאָרק אין 1942), רבי יצחק זיף, רבי לייב ברוידע, דר. יחזקאל קאַראַ, דר. סאַמועל גוטמאַן, דר. לוי פרוינד, און דר. יחזקאל לעווין, אויך אַן איינִיקל פון הרב שמעלקעס.

אין סעפּטעמבער 1939, איז לעמבערג געוואָרן פאַרנומען פון די רוסן און איז געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון דער מערב־אוקראַאינישער סאָוועטן־רעפּובליק. אין יולי 1941, איז לעמבערג אינוואַדירט געוואָרן פון די נאַציס, וועלכע האָבן דאָרט איינגעשטעלט אַ **אידישע געטאָ.**

העכער הונדערט פופציק טויזנט אידן האָבן נאָך אין 1942 געלעבט אין דעם לעמבערגער געטאָ אונטער די שווערלעכסטע באַדינגונגען און קיין קאָנקרעטע ידיעות וועגן זייער גורל, וויפל פון זיי עס זיינען געבליבן בײַם לעבן, זיינען נאָך ביז היינט נישטאָ.

(אויסצוגן פון „אוניווערסאַל דזשואידזש ענציקלאָפּעדיע", ניו־יאָרק).

דר. י. נייוועלט

# מיין לעמבערג



דאָס וואָס איך דערמאָן זיך וועגן לעמבערג, אַמאָליקע הויפּטשטאָט פון גאַליציע, וועל איך פּרוּוון דאָ קאָנצענטרירן אין אַ סך־הכּל פון פאַקטן וואָס זיינען געשען נישט נאָר אין מיין צייט, נאָר אויך אַ סך פריער. אין דעם אַלעם וועל איך זיך שטיצן אויף די באַגלויבלעכע ידיעות וואָס עס האָט מיר איבערגעגעבן מיין פאָטער, הערמאַן נייוועלט, אַ באַקאַנטער סוחר און אינדוסטריאַל, פאַרערט פון זיינע גלויבנס־גענאָסן און שכנים.

איך וועל זיך באַמיען איבערגעבן פאַר די לייענער אַן אַלגעמיינעם איבערבליק פון דער שטאָט זייט איר גרינדונג ביזן יאָר 1934, ווען איך בין אַוועק פון מיין היימלאַנד, לאָזנדיק זיך אויף ווייטע וועגן אין דער ריכטונג צום לאַ פּלאַטאַ טייך.

לעמבערג און האַליטש זיינען געווען די צוויי רעזידענץ שטעט פון רוטענער, וועמענס אַבסאָלוטיסטישע הערשער האָבן דאָרט רעגירט אין די אַמאָליקע צייטן.

לעמבערג, אָדער **לוואָוו**, ווי די שטאָט איז אָנגערופן געוואָרן נאָכן נאָמען פון פירסט לעוו, איז דורך אים אויסגעוויילט געוואָרן אַלץ שוץ־פּונקט און פעסטונג צוליב איר סטראַטעגישער לאַגע. די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט פון זומפּן און טייכלעך צווישן פּעלטעוו און פּאַטעק וואולעצקי און האָט אויך געהאַט אַ געניג הויכן באַרג־טייל (ליסאַ גוראַ, זאַמעק) וואָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אָבסערוואַציע־פּונקט, ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די טאָטערן מיטן ציל אויסצופּלינדערן און חרוב מאַכן די באַוואוינטע געגנט.

אויף דעם באַרג־טייל האָט לעוו אויסגעבויט אַ הילצערנעם שלאָס און צופוסנס פון באַרג איז אויפגעקומען דער „אַלטער מאַרק", אין וועמנס גרינדונג עס האָט דעם פירסט צוגעהאָלפן איינער פון די פאָרגייער פון מיין שטאַם, דער **חכם יונתן** מיט איניקע סוחרים, ווי אויך זיין סוויטע מיליטערלייט און פויערים פון דער געגנט, וועלכע זיינען געוואָרן די איינוואוינער פון דער שפּעטערדיקער הויפּטשטאָט.

אין משך פון דרייצטן און פערצטן יאָרהונדערט, האָט די שטאָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע פּאָליטישע ענדערונגען און האָט אויך צוויי מאָל געליטן פון טאָטערישע איבערפאַלן. עס זיינען פאַראַן באַווייזן, אַז שוין דעמאָלט האָבן דאָרט, פונקט ווי אין האַליטש, געוואוינט אידן וואָס האָבן געהערט צו דער סעקטע קאַראַאיטען, אָדער קאַראַאימען, אין האַליטש האָבן זיי געשאַפן אַן אָפּגעזונדערטע גרופּע מיט אַן אייגענער פאַרוואַלטונג, מיט אַ ראַבינאַט, אַ שיל און אַן אייגענעם בית־עולם.

וועגן לעמבערגער אידן אשכנזים, הערט מען ערשט אין 15־טן יאָרהונדערט. אָבער, עס איז זייער מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך שוין דאָרט געפונען נאָך אין סוף 14־טן יאָרהונדערט, ווען עס האָט שוין געקעניגט דער קעניג קאַזימיעזש דער גרויסער.

די ערשטע אשכנזים אין לעמבערג שטאַמען פון קראָקעווער געגנט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין צענטער פון שטאָט, ווייל אַלס פרייע מענטשן האָבן זיי געקענט זיך באַזעצן וואו זיי האָבן געוואָלט.

אין זעכצטן יאָרהונדערט, באַטייליקן זיך שוין די אידן אין די זיצונגען פון שטאָט־ראַט, זייענדיק דאָרט פאַרטראָטן דורך פאָרשטייער און דעם רב. זיי געניסן פון די זעלבע פּריווילעגיעס ווי אַלע שטאָטישע בירגער, אָבער דערצו באַזיצן זיי נאָך אַן אייגן געריכט וועלכעס האָט אַ רעכט צו משפּטן ציווילע משפטים, און בלויז קרימינעלע משפטים דאַרפן איבערגעוויזן ווערן צום קעניגלעכן געריכט.

אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטן זיינען אין לעמבערג פאָרגעקומען זייער זעלטן. אַן אויסנאַם איז בלויז געווען די צייט, ווען די יעזואיטן האָבן אָנגעפירט דעם אַנטי־אידישן קאַמפּיין, אָבער די אַרויסטריטן זיינען שנעל דערשטיקט געוואָרן פון דער קריסטלעכער אַריסטאָקראַטיע גופא, ווייל זיי האָבן זיך גענוציקט אין די אידישע פינאַנסן.

די אידן האָבן גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס ביי די פּוילישע קעניגן און אויך ביי די רוטענישע פריצים וואָס האָבן געהאַנדלט מיט אידן. אַ סך פון די דאָזיקע פריצים זיינען שפּעטער איבערגעגאַנגען צום קאַטאָליציזם און געוואָרן פּאָליאַקן, ווי למשל די משפחה פּאָטאָצקי, (רעוועראַ) יאַבלאָנאָווסקי, סאַנגושקאָ, סאַפּיעהאַ, זאַלעווסקי, אָגינסקי, און אַנדערע, ביז עס איז אַנטשטאַנען די פּוילישע נאַציאָנאַליסטישע באַוועגונג. אונטער דער הערשאַפט פון קייזער פראַנץ דעם ערשטן, האָבן די אידן אין לעמבערג נישט געוואוסט פון קיין שום פאַרפאָלגונגען. קייזער יאָזעף דער צווייטער האָט די אידן געגעבן פולע בירגער־רעכט און זיי באַשיצט אויף אַ גאָר ספּעציעלן אופן. אין דער צייט פון קייזער יאָזעף דעם צווייטן, האָבן די אידן אויך באַקומען זייערע פאַמיליען־נעמען.

ווען עסטרייך האָט אָקופּירט לעמבערג, איז די גאַנצע מאַכט געלעגן אין די הענט פון אַן אַרמיי־גענעראַל. די פּאָליציי האָט געטאָן וואָס זי האָט געוואָלט און זי האָט זיך פאַרבונדן מיט גנבים, מערדער און מוסרים. די פּאָליציי־באַאַמטע האָבן פון דער שטאָט באַקומען צו קליינע לוינען, האָבן זיי זיך געטשעפּעט צו אידן און געצאַפּט ביי זיי געלט.

די לאַגע פון לעמבערג איז דעמאָלט בכלל געווען אַ זייער קלעגלעכע. ס'האָט געפעלט אַ געהעריקע באַלייכטונג און ביינאַכט האָבן די איינוואוינער געמוזט אַרומ־



דער אינעווייניקסטער אויסזען פון דער „טורי־זהב" שיל אין לעמבערג, צוליב וועלכער עס איז געפירט געוואָרן אַ לאַנגער פּראָצעס, ביז מען האָט די שיל אויסגעלייזט פון די יעזואיטן פאַר אַ גרויסער סומע געלד.

טאָפּטשען אין דער פינצטער איבער די קרומע, נישט-ברוקירטע געסלעך. וואַסער האָט מען געמוזט שלעפּן פון אַלטן אָדער נייעם מאַרק, אָדער גאָר פון די פאָרשטעט. דאָס שטינקענדיקע טייכל „פּעלטעוו" האָט ווי אַן אָפענער קאַנאַל מיטגעשלעפּט מיט זיך דעם גאַנצן אָפּפאַל און שמוץ, שפּרייטנדיק אומדערטרעגלעכע ריחות און דאָס האָט געצוואונגען די שטאָט-פאַרוואַלטונג אין יאָר 1893 אַרומצומויערן דעם טייך.

צו דער צייט פון פראַנץ דעם ערשטן זיינען די אידן פון די פאָרשטעט געווען אָפטע קרבנות פון איבערפאַלן און אַזוי ווי זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו באַקלאָגן פאַר די אויטאָריטעטן, האָבן זיי פּאַמעלעך אָנגעהויבן זיך אַריבערקלויבן פון זייערע איינגעזעסענע היימען — צום צענטער שטאָט.

נאָכדעם ווי די עסטרייכער האָבן אין 1848 אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און דער קייזער פראַנץ יאָזעף האָט געגעבן אַ מין קאָנסטיטוציע, וועלכע דער גראַף גאָלוכאָווסקי האָט אויסגעברייטערט און אויסגעבעסערט אין יאָר 1851, זיינען די לעבנס-באַדינגונגען פון די אידן געוואָרן אַ סך בעסער. דער עסטרייכישער גובערנאַטאָר האָט זיי געשיצט, אויספאָלגנדיק די באַפעלן פון ווין, וואו די אידן האָבן געהאַט אַ גאָר גרויסן איינפלוס.

צווישן די יאָרן 1855-1870 הויבן זיך די אידן אָן פּאַמעלעך צו אַסימילירן, גרויסע טיילן פון זיי וואַרפן פון זיך אַראָפּ זייער אַלטמאָדישן טראַכט און די פאַנאַטישע מנהגים, זיי שיקן שוין די קינדער אין די קריסטלעכע שולן, כדי די קינדער זאָלן שפּעטער קענען פאַרנעמען רעגירונגס-אַמטן אָדער זיך אָפּגעבן צו פרייע פּראָפעסיעס.

נאָך דעם טראַגישן פּויערים-אויפשטאַנד פון 1846, הויבן אָן קומען קיין לעמבערג רייכע אידן פון ווין, פאַרוואַלטער און באַפולמעכטיקטע פון פּוילישע און רוטענישע גוטבאַזיצער און זיי בויען דאָס אויף די שטאָט און ברייטערן זי אויס און קנופּן אָן ענגע האַנדלס-באַציאונגען מיט דער „צענטראַלע", וואָס מיינט ווין.

די ערשטע פון די אידן וואָס זיינען דעמאָלט געקומען פון קליינע שטעטלעך, זיינען געווען די פאַמיליע פרנס און די פאַמיליע זאָמערשטיין וועלכע איז געקומען פון טאַרנאָפּאָל און זיי האָבן אָפּגעקויפט אַ גוט אין דער אומגעגנט פון לעמבערג (זאָמערשטיין-האָף זאמארסטינאָוו), וואָס איז שפּעטער איינגעשלאָסן געוואָרן צו דער שטאָט לעמבערג.

אויף אַן ענלעכן אופן, דורך קויפן גיטער, זיינען איניקע אַלטע משפחות פון שטאָט, אָפּשטאַמיקע פון די ערשטע לעמבערגער, אַזוי ווי מיינע, פון דעם קאַראַאימישן חכם יונתן, געוואָרן די אייגנטימער פון גיטער און פון דעם גרויסן גוט „נאָווי שוויאַט" (ניי-וועלט), וואָס האָט געהאַט די רעזידענץ אויפן זעלבן אָרט וואו עס געפינט זיך היינט די פּאָליטעכניק.

צווישן די פאַמיליעס וואָס האָבן אַ סך ביי־געטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, זיינען געווען — זעלצער, אַ טיכטיקע משפחה פון פּויערים און גערטנער; באַלאַבאַן, תלמודיסטן און דרוקער; קאָרקעס, גרויסע סוחרים; קופּפער-שמידן און בלעכער; פינעלעס און אַנדערע, אָפּשטאַמיקע פון דייטשלאַנד און האָלאַנד; נאַטאַנזאָן פון עסטרייך, לעווענשטיין פון דייטשלאַנד, ביק פון רוסלאַנד, קאָוואַלסקי פון פּוילן, און עס האָבן אויך נישט געפעלט גאַליציאַנער גופא, ווי אגים פון זניעשעניע,

בעער פון אוסטזשיקי-דאָלנע, קליין פון סטרי, און אַנדערע פון לעמבערג גופא, ווי
אגיד, די קאָנצעסיאָנערן פון אַלקאָהאָל, די גרויסע האָטעל-אייגנטימער לעוועןהעק און
די נאָטאַבליען האַלפערן, חיות, באַטשעס, ראָכמעס, בלומענפעלד, שמעלקעס, גוט-
מאַן, פערעין, פיפעס, קאַליש און קאָהאַנין, דאָס זיינען אַלץ געווען וויכטיקע זיילן אויף
וועלכע עס האָט זיך געבויט און פאַרגרעסערט און באַרייכערט די שטאָט לעמבערג.

די אינטעליגענץ האָט געשיקט די קינדער אין די קריסטלעכע שולן אָדער אין די
לוטעראַנישע שולן אויף דער קאָכאַנאָווסקי-גאַס אָדער גאָר אין אַרמענישן קאָנווענט,
וואו מען האָט געלערנט פויליש, פראַנצויזיש, האַנט-אַרבעט, אויסנייען, מאָלן און
צושנײַדן.

אין מיין צייט האָט לעמבערג געהאַט העכער 25 שילן און בתי-מדרשים, צווישן
זיי די גרויסע שיל אויף דער וואַלאָווע, אַ חוץ אַ גרויסע צאָל מנינים און „שטיבלעך”.

נאָענט פון אַלטן מאַרק (אויפן קוילן-פלאַץ, צוויי בלאָקן פון נייעם מאַרק, וואָס
הייסט אויך דאָס פלאַץ פון דער „גאָלדענער רויזע”) איז געווען אַ גרויס בית-המדרש
און אַ צווייטס אויף ציבולנע גאַס אין דער אידישער געגנט. דער בית-המדרש און דער
טעמפל אויפן אַלטן מאַרק זיינען אויפגעבויט געוואָרן אויף פלעצער, וואָס מיין משפחה
האָט אַוועקגעשענקט פאַר די צוועקן.

די ערשטע גרויסע אינסטיטוציע פון אידישע אָנגעשטעלטע, איז געווען די „בני-
ציון” אויף דער זשעזשניצקאַ גאַס. דערנאָך איז געגרינדעט געוואָרן די „יד-חרוצים”
אויף בערנשטיין גאַס, דער אידישער סוחרים-פאַרבאַנד אויף העטמאַנסקאַ 7 (די גע-
ביידע האָט געשענקט דער באַנקיר יעקב שטרוי), די „בני ברית” און אַנדערע.

געווען אויך פילאַנטראָפישע אינסטיטוציעס מיט פאַרנעם.

דער בית-יתומים ויתומות האָט געהאַט אן אייגענע שול מיט אַלע אָפיציעלע
רעכטן און די געביידע איז געווען איינגעאָרדנט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, דאָס איז
געווען אַ שטיפטונג פון שמעון און מרים שאַפף. אויף דער יאַנאָווסקאַ גאַס איז געווען
די שול און אינטערנאַט פאַר אַרבעטער, געגרינדעט דורך יעקב הערמאַן; אַ מושב-
זקנים אויף דער יאַנאָווסקאַ, דער אידישער שפיטאָל, געגרינדעט דורכן באַנקיר לאַזאַ-
רוס, די פראָפעסיאָנעלע שול אויף דער מיסיאָנאַרסקאַ גאַס, געגרינדעט פון פרוי רויזע
פראָכניק, דער ליצעאום פון פרוי קאַמערליג און אַ גימנאַזיום אויף קראשיצקיך גאַס;
געווען אויך אַ פראָפעסיאָנעלע שול פון „אָרט-אָזע” און צוגרייטונגס-פלעצער פאַר
שומרים און חלוצים.

עס זיינען אין לעמבערג געווען אידישע ביבליאָטעקן און חוץ דעם פראָפעסיאָנעלן
אידישן טעאַטער, אויך אַ טעאַטער פון ליבהאָבער „אָמאַנוט” געווען אויך פעכט-
פאַראיינען „אמונה” און „השמונעאַ” און ספאָרט-פאַראיינען — „השמאָנעאַ” און „מע-
טאַל”. דער אידישער גימנאַסטיק-פאַראיין אויף שפיטאַלנאַ איז געגרינדעט געוואָרן
פון אינזשעניער ציין.

געווען אויך אַ געזעלשאַפט פאַר טוריזם, פון סקי-ספאָרט, פאַרשידענע כאָרן פון
מענער, פרויען און קינדער; אַ גרויס אידיש טעאַטער, געגרינדעט פון גימפל און צוויי
קאַבאַרעטן: איינס פון זאַלצבערגן אויף קאַזשימיעזשאָווסקאַ און דאָס צווייטע פון
פליישמאַנען אויף זשולקיעווסקאַ

דעם „קאַליסעאום" אַ טעאַטער און קאַבאַרעט, האָט אויפגעבויט און אָנגעפירט הערמאַן.

דעם ערשטן פוילישן קאַבאַרעט האָט געגרינדעט פראַנץ מאָשקאָוויץ און דער ערשטער פאָלקס־זינגער וואָס האָט אין לעמבערג געזונגען קופּלעטן אויף פויליש, איז געווען דער איד בראָנאָווסקי.

די ערשטע פאַראיינען פון קעגנזייטיקע הילף פאַר יורי־סטודענטן, זיינען געווען אידישע.

אידן האָבן אויסגעבויט די שטאָט, זיינען געווען מעצענאַטן פון דער קונסט און האָבן בייגעשטייערט צו אַלע אויסגאַבן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

אַלץ וואָס אידן האָבן געטאָן פאַר דער שטאָט, האָבן זיי עס געטאָן מיט ליבע און איבערגעבנקייט, ווייל אידן אין לעמבערג האָבן זיך געמעגט באַזעצן וואו זיי האָבן געוואָלט און קיינער האָט זיי נישט אָנגעוויזן — דאָ וואוין יאָ און דאָ וואוין נישט, ווי עס איז געווען אין אַנדערע שטעט אין גאַליציע.

די אידן אין לעמבערג האָבן זיך געשטיצט אין זייערע רעכט אויף פאַרשידענע געזעצן און דעקרעטן, סטאַטוטן און פּריווילעגיעס, ווי דער ווישליצער אָפּמאַך, קאַלישער און וואָלינער סטאַטוט, די פּריווילעגיעס וואָס אידן האָבן באַקומען פון די רוטענישע וואָיעוואָדעס, פון די אַקטן, מאַניפעסטן פון קעניגן און מאַגנאַטן און הויך דעם, איז אויף לעמבערג אויך חל געווען דאָס „האַנזאַ־געזעץ" וואָס איז געווען גילטיק פאַר די שטעט פון צענטראַל־אייראָפּע און דאָס אַלץ האָט געדינט אַלס באַזע אויף וועלכער די לעמבערגער אידן האָבן געשטיצט זייערע רעכטן.

די לעמבערגער אידן האָבן געמעגט טראָגן די זעלבע קליידער ווי אַלע אַנדערע בירגער פון זייער שטאַנד און אידן האָבן שוין באַזעסן ספּעציעלע טיטלען, ווי קעניגלעכע דאָקטוירים און זיי האָבן געקענט טראָגן קליידער פון דער הויכער געזעלשאַפט און נישט זעלטן האָבן מאַגנאַטן איבערגעגעבן צו זייערע אידישע פאַרוואַלטער די רעכט, אַז זיי זאָלן באַשטימען גלהים אין די „פּלעבאַניעס" וואָס ליגן אין די גרעניצן פון זייערע גיטער.

לעמבערג איז אַלעמאָל געווען אַן אמתע היים פאַר די אָרטיקע אידן. נאָך בעת דער באַלאַגערונג פון דער שטאָט מצד דעם בונטאַרישן העטמאַן באָגדאַן כמעלניצקי, האָבן אידן פאַרטיידיקט לעמבערג ווי סאָלדאַטן און אָפיצירן. די ברידער משה און עזרא (מיינע פאָרגייער), וועגן וועלכע דער פּראָפ. קובאַלאַ זאָגט, אַז זיי זיינען געווען די בעסטע באָמבאַרדירער. די אידן האָבן פאַרטיידיקט לעמבערג בעת דער שוועדישער אינוואַזיע און האָבן צוזאַמען מיט אַנדערע איינוואוינער זיך פרייוויליק איבערגעגעבן אַלס ערובניקעס צום שונא, כדי צו גאַראַנטירן די שלום־באַדינגונגען. אידן זיינען געווען פאַרמיטלער צווישן מיטן גלחישן אָרדן „טעמפּליאַריושע", ביים אויסקויפן די קריגס־געפאַנגענע פון די הענט פון די טאַטערישע „כאַנען" אָדער טערקישע „פּאַשאַס".

אידן זיינען אַלס שליחים פון פוילישן קעניג און פון ביידע קירכן (גריכישע און ראָמאַנישע) געפאָרן קיין רוים, מאַדריד, פּאַריז און װענעדיק; צו אידן האָט מען איבערגעגעבן די מינץ־הייזער, אַז זיי זאָלן אויסשמעלצן מטבעות, ווייל צו אידן האָט מען געהאַט צוטרוי צו זייער ערלעכקייט.

בעת די אָפּטע איבערפאַלן און פּלינדערונגען אין דער לעמבערגער געגנט, ווען וועלכער איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז מיין פאַמיליע געוואָרן באַרויבט פון אירע גיטער, פאַרלירנדיק צולעצט (אין 1826) דאָס אייגנטום „נאָווי שוויאַט" ווי אויך „קאַיזערוואַלד", וואָס איז טיילווייז איבערגעגאַנגען צו דער שטאָטישער קאָמונע און טיילווייז צו אומגעזעצלעכע פאַרכאַפּער.

באַדראָט פון די באַנדיטן וואָס האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט דער פּאָליציי און אוים מורא נישט צו פאַרלירן אויך דאָס לעבן, האָט מיין אור־זיידע אין יאָר 1828 זיך איבערגעצויגן אין צענטער שטאָט, זייענדיק דאָרט באַשיצט פון גלח קלעמענס סאַרניצקי, פון דער קירך פון דער „שוויענטאַ פּאַננאַ" אויפן פּלאַץ קראַקאָווסקי.

בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין 1830־1831 איז איין ברודער פון מיין עלטערזיידע, משה, אַ פרייוויליקער אין דער פּוילישער אַרמיי, אומגעקומען אין דער שלאַכט פון גראָכאָוו, בעת אַ צווייטער ברודער, יונתן, איז אַוועק קיין אונגאַרן און דאָרט געוואָרן אַ גוטס־באַזיצער אין אואי־דאָמבאָוואַר, נאָענט פון דער אָזיערע באַלאַטאָן. דער דאָזיקער אָפּצווייג פון אונזער משפחה, האָט זיך שפּעטער געפונען אין ווין.

מער ווייניקער ביז צום יאָר 1875 אָדער 1878, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה אין באָסניע, זיינען אין לעמבערג געווען בלויז מיליטערישע גובערנאַטאָרן. דער שפּעטערדיקער גובערנאַטאָר איז שוין געווען אַ ציווילער, אַ פּוילישער גראַף, וואָס האָט רעאָרגאַניזירט די שטאָטישע פּאָליציי, פאַרוואַנדלענדיק זי אין אַ דיסציפּלינירטער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. זייט דאַן האָבן אידן אין לעמבערג זיך שוין רואיק און זיכער געלעבט.

די אָנגעזעענסטע פּראָמינענטע משפחות פון יענער צייט זיינען געווען: אשכנזי, נאַטאַנזאָן, האָראָוויץ, לאַזאַרוס, וואַהל, קלאַרפעלד, בלומענפעלד, בראַנדשטעטער, בראַנדלער, ריטיגשטיין, פרענקעל, ווייס, אאַל, רובינשטיין, כאַמאַאידעס, נייוועלט, ראָכמעס, בריל, ציפּער, וואָלף, בייזער, עפּשטיין, גלאַנץ, פריד, וויקסעל, שטאַרק, באָוער, אַווין, קאָהל, מייזעלס, קריינער, ראַנטשנער, וויין, אַדלער, באַיטעל, אַטעס, האַלפּערן, טהאָן און אַנדערע. אידישע באַנקירן זיינען געווען: יאַנאַס, שטראָה, לאַזאַרוס, ליליען, אולאַם, באָוער, קיטס און שטאָף.

אין דער צייט ווען לעמבערג האָט געהערט צו דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע, האָבן די אידן אין לעמבערג געלעבט אין רעלאַטיוון וואוילזיין און רואיקייט.

געענדערט האָט זיך אָבער די לאַגע בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַפרייאונגס־באַוועגונג, אַזוי גוט ביי די אוקראַאינער ווי ביי די פּאָליאַקן, דעמאָלט האָבן אידן אָנגעהויבן ליידן פוןביידע קעמפנדיקע צדדים.

אין דעם קאַמף צווישן פּאָליאַקן און אוקראַאינער, האָבן די אידן זיך געהאַלטן נייטראַל, אָבער ווען די פּאָליאַקן זיינען אַריין אין צענטער שטאָט ווי זיגער, האָבן זיי געפּייערט זייער זיג מיט אַ פּאָגראָם, פאַרברענענדיק לעבעדיקערהייט 92 אידן צוזאַמען מיט זייערע הייזער און אויפן בית־עולם אויף יאַנאָווסקאַ־גאַס האָט מען ביז לעצטנס געקענט זען די מצבות און קברים פון די דאָזיקע אומגעבראַכטע אידן. דערנאָך האָט די שטאָט, אונטער מיליטערישער אויפזיכט, צוריק באַקומען איר נאָרמאַלן אויסזען און די באַפעלקערונג האָט זיך באַרואיקט.

לעמבערג האָט געציילט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 300.000 נפשות, צווישן זיי אַ 120.000 אידן. די מערהייט פון זיי איז געווען באַשעפטיקט אין מסחר, אָדער אַלס קאָנצעסיאָנערן פון רעסטאָראַנען, האָטעלן און אַנד. עס זיינען געווען אַ סך פריזירער, קליטניקעס, כּמאָליאַרעס, בלעכערס, שלאָסער, מאָלער, שניידער און שוסטער. פון אַלע אַדוואָקאַטן אין לעמבערג האָבן אידן געציילט אַכציק פּראָצענט. פון אַלע דאָקטוירים — פופציק פּראָצענט. עס זיינען געווען אַ סך אידישע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, וועלכע זיינען שפּעטער, אונטער פוילנס הערשאַפט, ביסלעכווייז פאַרשוואונדן...

געווען אַ צייט ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן (פּ. פּ. ס.) האָבן אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער פוילישער רעגירונג, אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט דערנאָך איז געקומען די פויערים־פּאַרטיי און צולעצט, ביז צום גרויסן אומגליק פון דער נאַצישער אינוואַזיע די נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן (ענדעקעס).

ביז 1926, האָבן אידן געהאַט 30 פאָרשטייער אין פוילישן סיים, צווישן זיי די לעמבערגער אידישע דאָקטוירים ליאָן רייך, ראָזמאַרין, זאָמערשטיין, רינגל און אַנדערע, אַלע אַדוואָקאַטן.

די אידישע צייטונגען אין לעמבערג האָבן געהאַט אַ ציוניסטישן כאַראַקטער. די וויכטיקסטע איז געווען די „כווילאַ" אין דער פוילישער שפּראַך. דער „טאַגבלאַט", וועלכער האָט פריער, אונטער עסטרייך, געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָל אין אידישן לעבן אין לעמבערג, האָט זיך אונטער פוילן געמוזט פאַרמאַכן, ווייל די „כווילאַ" האָט דעם גרעסטן טייל טאָגבלאַט־לייענער געווינען פאַר זיך, ווייל אַפילו די נאַציאָנאַל־אידישע יוגנט האָט ליבער געהאַט לייענען פויליש.

די שטודירנדיקע יוגנט האָט זיך געהאַט אירע אייגענע ציוניסטישע פאַראיינען, ווי די אַקאַדעמישע „אמונה", „האַשמאָנעאַ" און אַנדערע און אַפילו די יונגע שילער פון די מיטל־שולן זיינען געווען אָרגאַניזירט.

נאָך פוילנס באַפרייאונג האָבן זיך אין לעמבערג שטאַרק פאַרמערט די יוגנטלעכע פאַראיינען פון נאַציאָנאַל־אידישן כאַראַקטער, ווי שומרים און חלוצים, וועלכע האָבן זיך געגרייט אין הכשרהס צו קענען פאָרן קיין פּאַלעסטינע.

ווען פּילסודסקי איז געשטאָרבן און זיינע פאַוואָריטן האָבן פאַרנומען די מאַכט, זיינען אידן געווען די ערשטע וואָס האָבן דערפילט די ענדערונג אויף זייער אייגן לייב.

נאָך דעם באַרימטן שטייגער־פּראָצעס, זיינען געקומען די אידן־פאַרפאָלגונגען אין לעמבערגער אוניווערזיטעט, וואָס האָבן געקאָסט אַ סך אידישע קרבנות (טויטע און פאַרוואונדעטע).

די אַנטיסעמיטישע אָרגיעס האָבן זיך אָפּט צעהוליעט איבער אַלע ווינקלען פון דעם גרויסן לעמבערג, וואו מען איז אין שיינעם העלן טאָג איבערגעפאַלן אידישע מענטשן און געשלאָגן מכות־רצח און מען האָט אַרויסגעוואָרפן די אידישע באַזוכער פון עפנטלעכע לאָקאַלן און פאַרקן און מען האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביי די טעאַטערס און אַכטונג געגעבן, אַז אידן זאָלן נישט קענען אַריינקומען.

די אוקראַאינער, כאָטש זיי האָבן קריטיקירט די פויליש־אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטן, האָבן אָבער מיטן מינדעסטן נישט געהאָלפן די אידן; פאַרקערט, זיי האָבן נאָך אַליין אויך דערקלערט אַ באָיקאָט אויף די אידן סיי פון שטאָט ווי אין דאָרף

און די געפּלאָגטע און שוצלאָזע אידן האָבן זיך געמוזט אָנהייבן גרייטן און פּאַקן די פּעקלעך און ווער עס האָט געקאָנט, דער האָט פריער עמיגרירט קיין אויסלאַנד.

איך האָב אין מיין באַזיץ אַ דאָקומענט פון דער פּויליש־קלעריקאַלער פּראָפּאַגאַנדע, וואו עס זאָגט זיך: „אויב איר זיינט פּאָליאַקן, קויפט נישט ביי אידן, ווייל זיי האָבן דערהרגעט אייער גאָט!...”

אַזעלכע און ענלעכע .פּראָפּאַגאַנדעס זיינען נאָך אין פּוילן פאַרשפּרייט געוואָרן ביז דריי טעג איידער די דייטשע אַרמיי האָט אינוואַדירט דאָס לאַנד. די צייטונגען וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, זיינען געשטיצט געוואָרן פון דער רעגירונג גופא און די גיפטיקסטע פון זיי זיינען געווען: „אילוסטראָוואַני קוריער צאָדזשעני” און „גלאָס נאַראָדו” פון קראָקע און די „גאַזעטאַ פּאָזנאַנסקאַ” און אַנדערע.

## די גאָלדענע רויזע



זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1637, אָבער איר אָנדענק איז געבליבן פאַרהייליקט ביי אַלע פרומע און צנועותדיקע פרויען פון לעמבערג אויף אַלע צייטן.

די גאָלדענע רויזע איז אין איר צייט געווען די שענסטע פרוי אין גאַנץ פּוילן און פּריצים האָבן זיך געבוקט פאַר איר און געזוכט זי צו פאַנגען אין זייער נעץ. נאָכמער האָבן זיך די יעזואיטן געיאָגט כלומרשט נאָך איר נשמה, זי אָפּצושמדן, כדי אויך צו קענען געניסן פון איר רייץ, אָבער זי איז העלדיש בייגעשטאַנען אַלע נסיונות און זי האָט מיט איר רייכקייט געטאָן אַזויפיל גוטס פאַר אָרימע, אַז מען האָט זי געקרוינט מיטן נאָמען „די גאָלדענע רויזע” און ביז פאַר דעם היטלער־אומגליק, זיינען נאָך ליידנדיקע אידישע פרויען געגאַנגען בעטן צו איר קבר, זי זאָל זיך פאַר זיי מיען אין הימל.

עס האָבן טאַקע נישט געפעלט קיין פּאָליאַקן און רוטענער אין לעמבערג, וועלכע האָבן אויפגעהויבן זייער שטים צום פּראָטעסט קעגן דער אַנטיסעמיטישער כוואַליע, אָבער זייער שטים איז נישט דערהערט געוואָרן פון דער צעטומלטער מאַסע וואָס איז כסדר געהעצט געוואָרן פון קלער און פון גלאָמבינסקים אַנהענגער און אַנדערע נאַציאָנאַליסטישע לידערס.

און עס איז דאָך אַזאַ ווייטיק, ווייל אין תוך גענומען, האָבן זיך דאָך די פּוילישע בירגער, די אידישע און די קריסטלעכע — נישט פיינט. מיר זעען דאָך, אַז ווען די זעלבע צעקריגטע לאַנדסלייט פון ביידע גלויבנס טרעפן זיך ערגעץ אין אויסלאַנד, דערפרייען זיי זיך ווען זיי דערזעען זיך, אַז זיי זיינען פון זעלבן לעמבערג און ביידע בענקען מיט דעם זעלבן געפיל, נאָכאַמאָל צו זען זייער געבורטס-שטאָט, די הויפּט-שטאָט פון גאַליציע, איידער זיי וועלן פאַרמאַכן די אויגן ערגעץ-וואו אין ווייטע פרעמדע מלוכות... — דאָס איז דאָך דער ריינער אמת!...

---

נחמיה צוקער

# קראָקע

## געשיכטלעכע דאַטן, גאַסן, זענסווערטיקייטן, לעגענדעס, פּערזענלעכקייטן און טיפּן

### אַ ר ײַ נ פ י ר



קראָקע, די שטאָט פון פּוילישע און אידישע אַלטער־טימלעכקייטן!

קראָקע, וועמענס טויערן דער קעניג קאַזשמיעזש דער גרויסער האָט געעפנט פאַר געדודפטע און געפּלאָגטע אידן פון דייטשלענדישן באַרבאַרנטום, כדי עס זאָל דערנאָך אין איר אויפשײַנען אַזאַ ליכטיקער שטערן, ווי דער גרויסער קאָדיפיקאַטאָר פון אידישע דינים, ר׳ משה איסרליש דער רמ״אָ!

קראָקע, אין וועמענס ערד עס רוען די פאַרהייליקטע רעשטן פון תוספות יום־טוב, פון „מאור־ושמש", פון „מגלה עמוקות" און פון די הרוגי־מלכות, וועלכע האָבן אַמאָל, אין אַלטע צייטן געקעמפט פאַר פוילנס פרייהייט און זײַנען דערנאָך אומגעקומען על קידוש השם!

קראָקע, וואו יעדע גאַס, יעדעס אַלטע הויז יעדער אַלטער געזעלשאַפטלעכער בנין און יעדעס שטיינדל דערמאָנט אָן אַזויפיל אַלטע לעגענדעס; קראָקע, מײַן קראָקע!...

איך באַמי זיך נישט צו טראַכטן ווי מײַן קראָקע זעט אויס **איצט**, נאָך דעם באַרבאַרישן נאַצי־אומגליק; איך האַלט פאַרמאַכט די אויגן פאַר דעם **איצט** און איך זוך מיט מײַן געדאַנק צו פליען איבער מײַן **אַמאָליקן** קראָקע, אין דעם קראָקע פון מײַנע קינדער און יוגנט־יאָרן און עס עפענען זיך פאַמעלעך מײַנע זכרונות־קעמערלעך און איך זע ווידער די אַלטע ליבע גאַסן, שפּאַציר־פּלעצער, אידיש־פּוילישע און פּויליש־אידישע זענסווערטיקייטן און ווידער הער איך אין געדאַנק די געשיכטעס און לעגענדעס פון קראָקע און ווידער זע איך די אינטערעסאַנטע טיפּן וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט פון די קראָקעווער אידישע מאַסן און ווידער פיל איך זיך ווי אַמאָל און א

הייליקער ציטער לויפט דורך איבער מיין געמיט — איך בין ווידער אין מיין אַלטער היים!

## געשיכטלעכע דאַטן:

די קראָקעווער אידישע קהילה, איז די עלטסטע פון גאַנץ פוילן.

די יודן־גאַס פון קראָקע, ווערט שוין דערמאָנט אין יאָר 1304, וואָס דאָס באַווייזט, אַז אידן האָבן שוין דאָרט געמוזט וואוינען אַ סך פריער, אויב מען האָט אָנגערופן אַ גאַס אויף זייער נאָמען. די קראָקעווער שיל ווערט דערמאָנט אין אַן אָפיציעלן דאָקומענט פון יאָר 1356, און אין אַ צווייטן דאָקומענט פון יאָר 1374, ווערט אויך דערמאָנט דער בית־עולם, וואָס אויך די פאַקטן באַווייזן, אַז אידן האָבן שוין געמוזט וואוינען אין קראָקע אַ סך פריער.

אין פערצטן יאָרהונדערט האָבן שוין אין קראָקע געלעבט אַ גרויסע צאָל אידן און אַ סך פון זיי האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אַלס סוחרים, באַנקירן און אַז. וו. דער הויף־באַנקיר פון קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן, איז געווען דער איד לעווקאָ. די קריסטלעכע דייטשע סוחרים וואָס האָבן דעמאָלט אין אַ היבשער צאָל געוואוינט אין קראָקע, האָבן נישט געוואָלט ליידן די אידישע קאָנקורענץ און אונטער זייער ווירקונג, האָט דער קראָקעווער שטאָטראַט אין יאָר 1392 באַשלאָסן, אַז אידן זאָלן נישט טאָרן מער קויפן קיין הייזער ביי קריסטלעכע אייגנטימער און נאָך אַ שטאַרקערן קלאַפּ האָבן די קראָקעווער אידן באַקומען, ווען מען האָט געשאַפן דעם יאַגיעלאָ־אוניווערזיטעט (אוניווערסיטעט יאַגעלאָנסקי) אין יאָר 1400.

דעמאָלט האָט אַ געשמדטער איד אָנגעוויזן אויף צוויי אידישע הייזער וועלכע קענען זיין די פּאַסיקסטע אויף איינצואָרדנען דאָרט די אוניווערסיטעט און די אידישע אייגנטימער האָבן געמוזט די צוויי הייזער אָפּגעבן כמעט פאַר אומזיסט און אַזוי ווי די צוויי הייזער זיינען געווען צו ווייניק, האָט מען דעמאָלט „אָפּגעקויפט" נאָך אידישע הייזער וואָס זיינען געווען בשכנות.

דער יאַגעלאָנער אוניווערזיטעט האָט זיך שנעל אַנטוויקלט און. מען האָט אים באַדאַרפט פאַרגרעסערן, האָבן זיך דאָרט בשכנות געפינען צוויי שילן און אַ געזעלשאַפטלעכער בנין, האָט מען אין יאָר 1469 אויך די דריי בנינים צוגענומען פאַרן אוניווערסיטעט און צום סוף, האָבן די אידן אינגאַנצן פאַרלאָזן די געגנט און זיך אַריבערגעקליבן אויף דעם פּלאַץ שטשעפּאַנסקי און ווייל די אידן האָבן זיך אויך אויף דעם נייעם פּלאַץ אָנגעהויבן איינאָרדנען, האָבן די קריסטלעכע סוחרים ווייטער נישט גערוט, זיי האָבן אַלץ געפּאָדערט, אַז מען זאָל די אידן אינגאַנצן פאַרטרייבן פון שטאָט און דורך גזרות און פּאָגראָמען, איז עס זיי ענדלעך געלונגען.

דאָס איז געשען נאָך דער גרויסער שרפה פון יאָר 1494, ווען די גאַנצע נייע אידן־גאַס איז אַוועק מיטן רויך. די קריסטלעכע בירגער האָבן דאַן געפּועלט ביים קעניג יאַן אַלבערט, ער זאָל פאַרטרייבן די אידן אין דעם (דעמאָלט) קראָקעווער פאָרשטעטל קאַזשימיעזש.

די אידן האָבן שנעל באַוויזן אויך אין קאַזשמיעזש זיך איינצואָרדנען און אַזוי ווי דאָס פעלן פון אידישן אויפטו און פון אידישער ענערגיע האָט זיך שאַרף אָנגעזען אויף די פינאַנצן פון דער שטאָט קראָקע, האָט מען באַלד אַ יאָר שפּעטער, אין יאָר 1495, אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש פאַר

די אידן פון קאַזשמיעזש, אַז זיי מעגן אַ גאַנצן טאָג האַנדלען אין קראָקע, און אַפּילו עפענען געשעפטן, נאָר זיי טאָרן דאָרט נישט וואוינען. האָט זיך די אידישע קהילה אין קאַזשמיעזש געמערט און אַנטוויקלט און געמוזט וואוינען געדיכט אויף דעם באַשטימטן שטח ערד, שאַפנדיק אַן אָפּגעזונדערטן געטאָ.

די קריסטלעכע סוחרים האָבן אָבער ווײַטער נישט גערוט און צענדליקער יאָרן האָבן זיך געצויגן די קאַמפן, ביז עס איז ענדלעך געקומען צו אַן אויסגלייך דורך אַ נייער



ערבית פון כל נדרי

כל נדרי

אַ בלעטל פון אַ מחזור מיט עברי־טייטש, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין דער ערשטער העברעאישער דרוקעריי פון פוילן, דאָס איז געווען די דרוקעריי פון די ברידער העליטש אין קראָקע, אין יאָר 1534. די ברידער העליטש האָבן זיך דערנאָך פּלוצלינג אָפּגעשמדט און די אידן האָבן זייערע געדרוקטע ספרים געלייגט אין חרם אַריין און די ברידער העליטש האָבן אויסגעפּועלט רעגירונגס־הערקרעטן, וועלכע זאָלן צווינגען די אידן אויסקויפן זייערע געדרוקטע ספרים.

אַפן קאַזשמיעזש (לייען קראַקאָווסקאַ־גאַס) געפינען זיך די מערסטע אידישע הורט־געשעפטן, אידישע סוחרים וואָס האַנדלען מיט עסטרייך, דייטשלאַנד און שווייץ אַלס אימפּאָרטערן און מיט פילע לענדער ביז צום ווייטן מזרח — אַלס עקספּאָרטערן. די אידישע סוחרים אויפן קוזנמאַרק, זיינען די פאַרבינדונגס־שנורן פון מעריבדיקן פאַבריקאַנט צום מזרחדיקן קאָנסומענט און כאָטש די סוחרים זיינען מערסטנטיילס חסידישע פרומע אידן, פאָרן זיי פונדעסטוועגן קיין אויסלאַנד וועגן געשעפטן און זיי זיינען אָפטע קור־געסט אין די „בעדער" ווי קאַרלסבאַד און מאַריענבאַד.

זייערע קינדער, זייערע זין, זיינען וואויל־געלערנטע, באַוואוסטע אין תלמוד און פוסקים און זיי שטודירן אויך פּריוואַט וועלטלעכע וויסנשאַפטן און יעדן טאָג הערן זיך אַנדערע מעשות וועגן קאָנפליקטן צווישן עלטערן און קינדער פון די רייכע „האָפּן טאָפּן־לייט" וועגן פרומקייט און וועגן שידוכים און פונקט ווי די סחורות פון זייערע געשעפטן, ווערן אויך זייערע שטוביקע קאָנפליקטן דערציילט און פאַרשפּרייט צווישן די אידישע הענדלער און קליינהענדלער איבער אַלע אידישע גאַסן און שטיבער און פרומע עלטערן נעמען זיך אַראָפּ אַ מוסר פון די רייכע סוחרים וועלכע דערלאָזן נישט, אַז זייערע קינדער זאָלן „פּורץ־גדר"־זיין און די קינדער פון די אָרימע היימען, ווערן ווידער באַווירקט פון די רעוואָלטירנדיקע אַרויסטריטן פון די רייכע קינדער און אַזוי הויפט יעדע געשעעניש אויפן „קוזנמאַרק" אַרוים אַ טיפן אָפּקלאַנג אין גאַנצן אידישן „געטאָ" אין קראָקע, וואָס רופט זיך היינט — דער 22־טער באַצירק, אָדער „קאַזשמיעזש", לויטן נאָמען פון פּאַרצייטיקן קיזמיר.

אַ ספּעציעלן אויסזען באַקומט דאָס שטיק גאַס אויפן „קוזנמאַרק" צווישן דער יאָזעפסגאַס און דיטלסגאַס, אין די טעג פון חול־המועד פסח און חול־המועד סוכות.

כאָטש מ'צאָלט שוין אין קראָקע פון לאַנג שכירות אויפן חודש, דינגט מען און מען פאַרדינגט נאָך אַלץ אויפן „זמן", וואָס דאָס הייסט פון פסח ביז סוכות אָדער פון סוכות ביז פסח און אויף דעם „ערמאַגנטן שטיקל פּלאַץ, נעבן דער טראַמוויי־סטאַציע, אויפן ברייטן טראָטואַר פאַר ר' לייבעלע זיסערס גרויסער געביידע איז דער זאַמל־פּלאַץ פון יונגע מענטשן סיי פון קראָקע, ווי פון דער נאָנטער און ווייטער פּראָווינץ און אַפילו פון קרוין־פּוילן, וועלכע קומען אַהער זוכן פּאָסטנס.

צווישן די פּאָסטן־זוכער דערקענט איר באַלד וועלכער עס איז פון קראָקע גופא און וועלכע זיינען די פּראָווינצלער. די פּראָווינצלער זוכן זיך „אויסצושטראָצלען" ווי גרויסשטעטישע און שוין אין זייער קליידונג דערקענט מען די פּראָווינציעלע אומבאַהאָלפנקייט ביים פּוצן זיך און די כאָפּטע מעקלער נעמען זיך דווקא פריער צו די „פרעמדע" ווי צו אייגענע ווייל די פרעמדע זיינען וויניקער איבערקלייבעריש סיי ביי וועמען און סיי פאַר וויפל, אַבי אָנצונעמען אַ פּאָסטן.

אין די חול־המועד־טעג פאַרזאָרגן זיך אויף דעם שטיקל פּלאַץ אויפן „קוזנמאַרק" — סוחרים, מיט נייע אָנגעשטעלטע; באַלמעלאָכעס, מיט נייע געזעלן און לערן־אינגלעך; דרדקי־מלמדים מיט נייע באַהעלפערס און סתם אָרימע באַלעבאַטים — מיט נייע קוואַרטיראַנטן און קעסט־קינדער.

די קראָקאָווסקי־גאַס ציט זיך לענג־אויס פון צפון צו דרום, פון דער ווייכסל, ביז צו דער דיטלאָווסקאַ, אָדער דיטלסגאַס און אַריבער די דיטלסגאַס, ווייטער לענג־אויס

באקומען אויטאָנאָמע רעכטן. שוין אין יאָר 1595 האָט זיך די קראָקעווער קהילה אָרגאַניזירט און אָנגעפירט אַ טעטיקייט לויט אָנגענומענע סטאַטוטן, וועלכע האָבן פאַרנומען 103 זייטן געשריבן אין אידיש. די סטאַטוטן האָבן ארומגענומען אַלע נויטווענדיקייטן פון אידישן לעבן און זיי האָבן אויך געדינט אַלס מוסטער פאַר אַנדערע אידישע קהילות אין פוילן און ליטע.

דער קהילה־סטאַטוט איז געווען גילטיק ביז צום יאָר 1818, ווען די פאַרוואַלטונג פון דער פריי־שטאָט קראָקע האָט אים אויסגעטוישט אויף אַן אַנדער סטאַטוט, וואָס האָט בלויז געהאַט קליינע ענדערונגען.

אין יאָר 1821 האָט זיך די אידישע קהילה באַשטייערט צו דער זאַמלונג פאַר אַ „פּאָמניק" צום אָנדענק נאָך דעם פוילישן העלד קאָשציושקאָ און דער קראָקעווער סיים האָט דערפאַר צוגעשיקט אַ וואַרימען דאַנק־בריוו צו דער אידישער קהילה(*).

## דרוקערייען

די ערשטע דרוקעריי אין פוילן, איז געגרינדעט געוואָרן אין קראָקע אין יאָר 1530.

אין דער דרוקעריי איז געדרוקט געוואָרן דער חומש, די פינף מגילות, יורה־דעות און אַנדערע רעליגיעזע ספרים. אָבער די אייגנטימער האָבן זיך שפּעטער געשמדט און עס איז אויסגערופן געוואָרן אַ חרם אויף זיי און אויף די ספרים וואָס זיי האָבן געדרוקט. די באַרימטסטע אידישע דרוקעריי פון אַמאָליקן קראָקע, איז געווען די פון ר' יצחק פון פּראָסניץ, וועלכער האָט געבראַכט דרוקער־עקספּערטן פון אויסלאַנד און איינגעאָרדנט אַ גרויסע דרוקעריי וועלכע איז דערנאָך אָנגעפירט געוואָרן פון זיינע דריי נאָכגעקומענע דורות.

אין דער דערמאָנטער דרוקעריי, זיינען געדרוקט געוואָרן אַן אַ שיעור ספרים וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער שיינעם דרוק און מיט זייערע אמת קינסטלערישע פראָנט־בלעטער.

די אויבן־אויסגערעכנטע געשיכטלעכע דאַטן, וועגן קראָקע פון אַמאָל, וועגן דעם היסטאָרישן קראָקע, האָב איך געקאָנט פאַרצייכענען, אַדאַנק דער ענגליש־אידישער ענציקלאָפּעדיע וואָס געפינט זיך אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק פון היגן אָפּטייל פון אידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט; האָבן אָבער היסטאָריקער אַ טבע צו בויען געשיכטע נאָר אויף פאַקטן און ציפערן און בלויז אין זעלטענע פאַלן, דערמאָנען זיי אויך די לעגענדאַרישע פאָלקס־גלויבונגען און פאָלקס־שאַפונגען, וועלכע האָבן אין אַמאָליקע צייטן געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין לעבן פון די אידישע מאַסן.

לאָז איך דעריבער די שוין געשריבענע געשיכטלעכע פאַקטן וועגן קראָקע, וועלכע זיינען שוין אייגנטלעך פאַראַן אַזויפיל, אַז זיי אַליין קענען פאַרנעמען אַ היבשע צאָל ביכער און איך גיי איבער צו דעם צייט־אָפּשניט פון צוואַנציק יאָר פון מיין קינדהייט און יוגנט, וואָס איך האָב געזען, געלערנט און געהערט אין מיין קראָקע.

## גאַסן

„קאַזשמיעזש", אָדער „קוזנמאַרק", ווי אידן האָבן אָנגערופן די קראָקאָווסקאַ־גאַס, איז געווען די הויפּט־גאַס פון דער אידישער געגנט אין קראָקע. אויף דער גאַס איז געווען קאָנצענטרירט דער אידישער האַנדל, די אַזוי־גערופענע אידישע בערזע.

(*) זע אַ קאָפּיע פון אָריגינאַל אויף זייט 133.

אפן קאזשמיעזש (לייען קראקאווסקא-גאס) געפינען זיך די מערסטע אידישע הורט-געשעפטן. אידישע סוחרים וואס האנדלען מיט עסטרייך, דייטשלאנד און שווייץ אלס אימפארטערן און מיט פילע לענדער ביז צום ווייטן מזרח — אלס עקספארטערן. די אידישע סוחרים אויפן קוזנמארק, זיינען די פארבינדונגס-שנורן פון מעריבדיקן פאבריקאנט צום מזרחדיקן קאנסומענט און כאטש די סוחרים זיינען מערסטנטיילס חסידישע פרומע אידן, פארן זיי פונדעסטוועגן קיין אויסלאנד וועגן געשעפטן און זיי זיינען אפטע קור-געסט אין די „בעדער" ווי קארלסבאד און מאריענבאד.

זייערע קינדער, זייערע זין, זיינען וואויל-געלערנטע, באהאוונטע אין תלמוד און פוסקים און זיי שטודירן אויך פריוואט וועלטלעכע וויסנשאפטן און יעדן טאג הערן זיך אנדערע מעשות וועגן קאנפליקטן צווישן עלטערן און קינדער פון די רייכע „האפן טאפן-לייט" וועגן פרומקייט און וועגן שידוכים און פונקט ווי די סחורות פון זייערע געשעפטן, ווערן אויך זייערע שטוביקע קאנפליקטן דערציילט און פארשפרייט צווישן די אידישע הענדלער און קליינהענדלער איבער אלע אידישע גאסן און שטיבער און פרומע עלטערן נעמען זיך אראפ א מוסר פון די רייכע סוחרים וועלכע דערלאזן נישט, אז זייערע קינדער זאלן „פורץ-גדר"-זיין און די קינדער פון די ארימע היימען, ווערן ווידער באווירקט פון די רעוואלטירנדיקע ארויסטריטן פון די רייכע קינדער און אזוי הופט יעדע געשעעניש אויפן „קוזנמארק" ארויס א טיפן אפקלאנג אין גאנצן אידישן „געטא" אין קראקע, וואס רופט זיך היינט — דער 22-טער באצירק, אדער „קאזשמיעזש", לויטן נאמען פון פארצייטיקן קוזמיר.

א ספעציעלן אויסזען באקומט דאס שטיק גאס אויפן „קוזנמארק" צווישן דער יאזעפסגאס און דיטלסגאס, אין די טעג פון חול-המועד פסח און חול-המועד סוכות.

כאטש מ'צאלט שוין אין קראקע פון לאנג שכירות אויפן חודש, דינגט מען און מען פארדינגט נאך אלץ אויפן „זמן", וואס דאס הייסט פון פסח ביז סוכות אדער פון סוכות ביז פסח און אויף דעם דערמאנטן שטיקל פלאץ, נעבן דער טראמוויי-סטאציע, אויפן ברייטן טראטואר פאר ר' לייבעלע זיסערס גרויסער געביידע, איז דער זאמל-פלאץ פון יונגע מענטשן סיי פון קראקע, ווי פון דער נאנטער און ווייטער פראווינץ און אפילו פון קרוין-פוילן, וועלכע קומען אהער זוכן פאסטנס.

צווישן די פאסטן-זוכער דערקענט איר באלד וועלכער עס איז פון קראקע גופא און וועלכע זיינען די פראווינצלער. די פראווינצלער זוכן זיך „אויסצושטראצלען" ווי גרויסשטעטישע און שוין אין זייער קליידונג דערקענט מען די פראווינציעלע אומבאהאלפנקייט ביים פוצן זיך און די כאפטע מעקלער נעמען זיך דווקא פריער צו די „פרעמדע" ווי צו אייגענע ווייל די פרעמדע זיינען ווייניקער איבערקלויבעריש סיי ביי וועמען און סיי פאר וויפל, אבי אנצונעמען א פאסטן.

אין די חול-המועד-טעג פארזארגן זיך אויף דעם שטיקל פלאץ אויפן „קוזנמארק" — סוחרים, מיט נייע אנגעשטעלטע; באלמעלאכעס, מיט נייע געזעלן און לערן-אינגלעך; דרדקי-מלמדים מיט נייע באהעלפערס און סתם ארימע באלעבאטים — מיט נייע קווארטיראנטן און קעסט-קינדער.

די קראקאווסקי-גאס ציט זיך לענג-אויס פון צפון צו דרום, פון דער ווייכסל, ביז צו דער דיטלאווסקא, אדער דיטלסגאס און אריבער די דיטלסגאס, ווייטער לענג-אויס

N° 200 Dziennika Głównego

Fas 2
pr: N° 1

# Senat Rządzący
## Wolnego Niepodległego i Ściśle Neutralnego
## Miasta Krakowa i Jego Okręgu

Przychylając się do przedstawienia ze strony Komitetu Starozakonnych Obwodu Kazimierskiego z dnia 8. Stycznia r.b. uczynionego, upoważnia Kassę Główną, ażeby Kwotę Złotych polskich Sto, iako offiarowaną ze strony Komitetu tegoż w imieniu Gminy Starozakonnych pomoc do wzniesienia Pomnika Tadeuszowi Kościuszce stawiać się mającego, z funduszu Składek Gminy Starozakonnych Obwodu Kazimierskiego, do funduszu Składek na budowę rzeczonego Pomnika przeznaczonych przeniosła. — O czem zarówno Wydział Spraw Wewnętrznych, Biuro Rachuby, i Komitet zarządzający Budową Pomnika uwiadomionym zostaie —

W Krakowie dnia 19. Stycznia 1821

Wodzicki

Do Komitetu Starozakonnych Obwodu Kazimierskiego

[illegible] Sekr. Gen. Senatu

[illegible] Sekretarz Senatu

**Dekret „Senatu Rządzącego" w Krakowie, pozwalający „Komitetowi Starozakonnych obwodu Kazimierskiego" na ofiarę 100 złotych na pomnik Kościuszki.** [illegible]

א דאַנק־בריוו פון קראָקעווער סענאַט צו דער קהילה אין יאָר 1821.

צו דרום, הויבט זיך אָן דער סטראַדאָם (אָדער „שטרודעם"), וואָס איז פריער געווען אויסער דעם געטאָ, נאָר אין משך פון די לעצטע צענדליקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָט זיך דער אידישער האַנדל אויסגעשפּרייט אַריבער, צו די גויאישע גאַסן, און נאָך שפּעטער האָבן זיך די אידישע געשעפטן אויסגעשפּרייט נאָך ווייטער לענג־אויס נאָכן סטראַדאָם איבער דער גראָדזקאַ־גאַס וואָס ציט זיך ביז צום רינעק־גלאָוונִי, וואו עס שטייען די אַלטע „סוקיעניצעס", די אַלטע „מאַריאַצקי קירכע" און דער „פּאמניק" נאָך אַדאַם מיצקיעוויטש.

די פּלייצע אויף מעריב־זייט פון דער קראַקאָווסקאַ־גאַס, האָט וויניק גאַסן, דאָרט איז פאַראַן די אויגוסטיאַנסקאַ־גאַס וואָס ציט זיך אין דער זעלבער ברייט ווי דער „קוזנמאַרק" ביז צו דער דיטלסגאַס און הינטער דער אויגוסטיאַנסקאַ, ציען זיך בלויז עטלעכע געסלעך ביז נאָנט צו דער ווייסל וואָס דרייט זיך טאַקע אויס כמעט ביים אָנהויב אויגוסטיאַנסקאַ און ציט זיך הינטער איר ביז אַריבער דער דיטלסגאַס און סטראַדאָם, ביז הינטער דעם „וואַוועל" וואו די ווייסל דרייט זיך ווידער אויס צום פאָרשטעטל — זוויעזשיניעץ.

פון דער אויגוסטיאַנסקאַ צו דער ווייסל צו, ציען זיך די געסלעך פּיעקאַרסקאַ, סקאַלעטשנאַ (די סקאַלעטשנאַ ענדיקט זיך מיט אַ גרויסן קלויסטער „סקאַלקי" וואָס ציט זיך ביז דער ווייסל), דערנאָך קומט די ראַבינאַ מייזעלסאַ גאַס, אויפן נאָמען פון ר' בעריש מייזלס (די גאַס האָט פריער געהייסן **„מיעדזוך"** און ערשט אין די יאָרן פון אַלגעמיינעם וואַל־רעכט, כדי צו געווינען אידישע שטימען, האָט מען געפּועלט, אַז עטלעכע גאַסן אין אידישן פירטל זאָלן ענדערן זייערע פריערדיקע נעמען אויף נעמען נאָך אָנגעזעענע גרויסע אידן).

ווייטער צו דרום, האָט זיך די דיטלסגאַס געצויגן ביז צו דער ווייסל, אָבער נאָך צום סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָט זיך די דיטלסגאַס אָנגעהויבן ערשט פון דער אויגוסטיאַנסקאַ און זיך געצויגן ווי אַ ברייטער גרעניץ־פּאַס צווישן געטאָ און שטאָט־צענטער ביז צו דער וויעלאָפּאָליע; ערשט אין ערשטן צענדליק יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט דער באַוואוסטער בוי־אונטערנעמער ר' בעריש צוקער (אַ זון פון ר' יוסף יהודה צוקער, וועלכער איז צוערשט געווען רב אין אפּטע און מען האָט אים אַלע יאָרן גערופן „דער אפּטער רב" און די לעצטע פערציק יאָר פון זיין לעבן איז ער געווען דיין און דערנאָך ראש־בית־דין פון דער קראָקעווער קהילה), אָנגעהויבן בויען הייזער אויף דעם ליידיקן פּלאַץ פון דער דיטלסגאַס ביז צו דער ווייסל און אין אַ קורצער צייט זיינען דאָרט אויסגעוואַקסן רייען גרויסע שיינע הייזער פון מאָדערנעם סטיל און בעריש צוקער איז דערפאַר באַערט געוואָרן מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל פון קראָקעווער מאַגיסטראַט.

די דיטלסגאַס וואָס בעריש צוקער האָט אויסגעבויט, האָט באַקומען דעם נאָמען — נייע דיטלסגאַס (נאָוואַ דיטלאָווסקאַ).

האָבן מיר שוין געשילדערט דעם מערב פון קוזנמאַרק וואָס ציט זיך פון דער ווייסל ביז צו דער נייער דיטלסגאַס און ווען מיר וועלן נאָך צוגעבן, אַז אויף דער קראַקאָווסקאַ נעבן דער ווייסל געפינט זיך דער גרויסער מאָדערנער בנין פון קראָקעווער אידישן מושב זקנים און אַז אַביסל נענטער צום צענטער קוזנמאַרק, אויף

קראָקאָווסקאַ און פּיעקאַרסקאַ — געפינט זיך דער גרויסער בנין פון דער אידישער קהילה און טיפער אויף פּיעקאַרסקאַ, נענטער צו דער ווייסל — דער אידישער שפּיטאָל, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, אַז די קראַקאָווסקאַ-גאַס, אָדער קוזמאַרק, איז דאָס שיינדל, די רעזידענץ, אַזוי צו זאָגן, פון דעם אידישן קראָקע.

אָבער אַזוי ווי אַ רעזידענץ-שטאָט איז בלויז די טאָן-געבערן פאַרן לאַנד, אַזוי איז די קראַקאָווסקאַ-גאַס געווען בלויז די טאָן-געבערן פאַר דעם אידישן פּירטל אין קראָקע. אין אידישן פּירטל האָט מען טאַקע קאָמענטירט אַלע געשעענישן פון קוזמאַרק אָבער דער קוזמאַרק האָט נישט אַלעמאָל אָפּגעשפּיגלט דאָס אידישע פאָלקסלעבן פון גאַנצן „קאַזשמיעזש פּירטל".

בעת אַלע אידישע גאַסן האָבן זיך געמוזט צוהערן צו די פאַראָרדענונגען פון דער קהילה, אין וועלכער עס זיינען געזעסן מערסטנס די אויבערשטע פון שטויסל פון קוזמאַרק און אַפילו אַסימילאַנטן פון די גויאישע גאַסן, האָט זיך דער קוזמאַרק נישט אַלעמאָל צוגעהערט צו דעם ווילן און צו די נויטן פון די אָרימע אידישע גאַסן און ערשט אין די יאָרן פון אַלגעמיינער וואַל-באַרעכטיקונג צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, ווען די אידישע מאַסן האָבן שוין אויך באַקומען אַ וואָרט און מען האָט באַדאַרפט זייערע שטימען, דעמאָלט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ קאַמף-באַוועגונג אויף צו פאַרוועלטלעכן און דעמאָקראַטיזירן די אידישע קהילה.

און עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט, ווען מען האָט זיך פון דעם קאָמערציעלן קוזמאַרק-יריד אַ לאָז געטאָן דורך דער יאָזעפס-גאַס (אוליצאַ פראַנציסקאַ יוזעפאַ) טיפער אַראָפּ צום אידישן מאַסן-לעבן און מען האָט דערזען ווי עס שוויבלט און גריבלט פון אידישער פאָלקסטימלעכער פרייד און בטחון פון איין זייט און פון אידישער נויט פון דער צווייטער.

די יאָזעפס-גאַס איז געווען דער הויט-השדרה פון קראָקעווער אידישן געגנט.

די יאָזעפס-גאַס האָט זיך געצויגן פון האַרץ פון קוזמאַרק, אַנטקעגן דעם גרויסן הויז פון ר' לייבעלע זיסער, ביז טיף אַראָפּ צו מזרח, צו די דיקע פעסטונגס-ווענט וואָס האָבן שוין האַלב-צעפאַלענע אַרומגערינגלט די אַלטע שיל אויף דער שעראָקאַ גאַס, וואָס מען האָט אין אידיש גערופן „הויכע גאַס" (נישט ברייטע גאַס).

פון קוזמאַרק ביז צו דער הויכער גאַס, האָבן זיך פון דער יאָזעפס-גאַס אַרויסגעשלענגלט די גאַסן באָזשע-צשאַלאַ-גאַס (וואו צו צפון-זייט איז געווען דער גרויסער קלויסטער „באָזשעגאָ צשאַלאַ"), דערנאָך צו דרום-זייט אַ געסל נאָוואַ-גאַס וואָס האָט געפירט צום פּלאַץ נאָווי, ווייטער צו דרום-זייט — די עסטעראַ-גאַס, נאָכן נאָמען פון קאַזשמיעזש וויעלקים אידישן ווייב. די עסטעראַ-גאַס האָט זיך געצויגן פון דער יאָזעפס-גאַס, אויף צפון, ביז צו דער מיאָדאָווע (מעט-גאַס).

די ווייטערדיקע געסלעך פון דער יאָזעפס-גאַס ביז צו דער הויכער גאַס זיינען געווען: אויף צפון — די וואָנסקאַ (שמאָלע) גאַס, וואָס נאָכן אויסברייטערן זי און נאָכן אויפשטעלן דאָרט אַ גרויסע פּוילישע שול-געביידע וואו עס האָבן געלערנט הונדערטער אידישע קינדער — האָט מען געענדערט איר נאָמען אויף **איזאַקאַ-גאַס**. אין דאַן איז שוין געקומען דאָס געסל נעבן די האַלב-הרובע שטיינערנע פעסטונגס-מויערן **פון דער אַלטער** שיל, וואָס האָט געפירט צום פּלאַץ „**באַזאַל**".

צו דרום-זייט נאָך דער עסטעראַ-גאַס, האָבן זיך געפינען די געסלעך „קופּאַ", „יאַ-קובאָ" און דאַן די שעראָקאַ, אָדער הויכע גאַס, וועלכע קראָקעווער פּאַטריאָטן האָבן גערופן — די אידישע נשמה פון דער שטאָט קראָקע.

איידער מיר נעמען שילדערן איינצלהייטן וועגן יעדער גאַס באַזונדער, ווילן מיר נאָך וואַרפן אַ בליק אויף די אַנדערע גאַסן פון אידישן „געטאָ" אין קראָקע, צו וועלכע מיר וועלן נאָך שפּעטער דאַרפן אָנקומען.

הינטער דער פּלייצע פון דער יאָזעפס-גאַס אויף צפון-זייט, האָט זיך געצויגן די גאַס וואַווזשינצאַ, אָנהייבנדיק פון דער באָזשע-צשאַלאַ, מיטן קלויסטער פון דער זייט, ביז טיף צו מזרח, אַריבער דעם באַוואַל-פּלאַץ, ביז צו דער באַן-בריק.

און כאָטש אויף דער וואַווזשניצאַ האָבן שוין געוואוינט אַ סך אידן (געוויינלעך נאָר צוגערייזטע פון דער פּראָווינץ), פונדעסטוועגן האָט מען די גאַס געהאַלטן פאַר אַ טמא-גאַס, ווייל זי האָט זיך אָנגעהויבן מיטן קלויסטער און פאַרענדיקט נישט ווייט פון דער באַן-בריק מיט אַ שאַנד-הויז.

צו דרום פון דער יאָזעפס-גאַס האָבן זיך די געסלעך געצויגן דורכקרייצנדיק די נאָוואַ, ביז צום פּלאַץ נאָווי, אַ גרויסער ידיד-פּלאַץ וואו אין דערמיט איז געשטאַנען די נידעריקע אָבער אויף אַ גרויסן שטח קיילעכדיקע געביידע פון די כשרע יאַטקעס און אין דער געביידע, אינעווייניק, איז געווען דאָס שעכט-הויז פון עופות.

די עסטעראַ-גאַס האָט דורכגעקרייצט דעם פיש-פּלאַץ, וואָס האָט זיך כמעט גע-גרעניצט מיטן נאָווי-פּלאַץ, געצויגן זיך איבער דעם פּלאַץ ביז איבער דער גאַס „אַ-באַניך" (אָרימע גאַס) וועלכע מען האָט שפּעטער געענדערט אויף „אוליצאַ דאָקטאָראַ וואַרשאַוערא", אויפן ראָג פון דער וואַרשאַוערא, אָדער דר. וואַרשעווער, און עסטעראַ איז געשטאַנען די גרויסע געביידע פון דער קראָקעווער תלמוד-תורה. אַ גאָר גרויסע דריי-שטאָקיקע געביידע, וואָס דער גרויסער נדבן און פרומער איד ר׳ לייבעלע לעבנ-הייִם האָט פאַר זיין געלט אויסגעבויט אין יאָר „תרנ"ג לפ"ק" און די געביידע האָט געקענט קאָנקורירן מיט אירע ליכטיקע הדרים, מיט די שענסטע פּוילישע שול-גע-ביידעס.

די געביידע האָט זיך געצויגן פון אַ האַלבע גאַס פון דר. וואַרשעווער, ביז ווייט אויף דער עסטעראַ, וואָס האָט זיך געענדיקט אויף דער מעט-גאַס, אַנטקעגן דעם פאַרגעשריטענעם טעמפּל.

די מעט-גאַס האָט זיך געצויגן טיף אַראָפּ צו מזרח, איבער די פריער אויסגע-רעכנטע גאַסן און נאָך טיפער אויף צפון פון דער הויכער גאַס, איבער דער גאַס „דאַיוואָר" ביז צו דעם טויער אונטער דער באַן-ליניע, וואָס איז געווען דער איינפאָר-טויער צום נייעם בית-עולם, וואָס האָט זיך געפינען אויף דער צווייטער זייט פון דער באַן-ליניע.

דער דאַיוואָר האָט זיך געצויגן צו צפון-זייט, ביז צו דער וואַווזשינצאַ וואו עס איז געווען דאָס שאַנד-הויז און שפּעטער איז דאָרט צוגעקומען אַ צווייט נאָך גרעסער שאַנד-הויז; צו דרום האָט זיך פון דער מעט-גאַס אָנגעהויבן די „סטאַראָווישלנאַ" אָדער אַלטע ווייסל-גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן דורכקרייצנדיק די דיטלגאַס, ביז צו דער געביידע פון דער קראָקעווער הויפּט-פּאָסט.

און אײדער מיר גײען איבער צו די װײטערדיקע שילדערונגען, װילן מיר נאָך דערמאָנען, אַז די גאַס „סטאַראָװישלנאַ”, אָדער אַלטע־װײסל־גאַס, הײסט אַזױ, װײל אַמאָל, אײדער די אידן אין קראָקע האָבן פֿון פֿראַנץ־יאָזעפֿן באַקומען די אָפֿיציעלע גלײכבאַרעכטיקונג, איז די װײסל געלאָפֿן שטראָם־אַראָפּ פֿון הינטערן װאַװעל דורך דער גאַנצער דיטלס־גאַס און זיך אױסגעדרײט אױף דער אַלטער־װײסל־גאַס ביז צום פּלאַץ אױף דאַיװאָר און װאָזשינצאַ װאו די װײסל האָט זיך אַרױסגעשלענגלט פֿון שטאָט און װאו עס שטײט הײנט די באַן־בריק.

די װײסל איז פּאַקטיש געװען די גרעניץ צװישן אידישן געטאָ און די איבעריקע שטאָט־טײלן. ערשט נאָך דער גלײכבאַרעכטיקונג, האָט מען געעפֿנט אַ נײעם קאַנאַל פֿאַר דער װײסל, זי זאָל לױפֿן פֿון הינטערן שלאָס טיפֿער צו צפֿון, פֿאַראײניקנדיק דעם אידישן שטאָט־טײל מיט די איבעריקע שטאָט־טײלן און װערנדיק בלױז אַ גרע־ניץ צװישן קראָקע און פּאָדגורזשע.

אױף דער גאַנצער דיטלס־גאַס, אָנהײבנדיק פֿון קוזנמאַרק ביז איבער דער אַלטע־װײסל־גאַס װאו די װײסל איז אַמאָל געלאָפֿן, האָט מען פֿאַרפֿלאַנצט בײמער און דאָרט זײנען געװאָרן די „דיטלספּלאַנטן”, דער שבתדיקער שפּאַציר־פּלאַץ פֿאַר אידישע יוגנט.

צװישן דער יאָזעפֿס־גאַס ביז צו דער װײסל אױף צפֿון, נעבן קלױסטער פֿון „באַזשע־צשאַלאַ” איז געװען די „װאָלניצאַ”, אַ מין יריד־פּלאַץ װאו קרעמער פֿון אַלע מינים האָבן געהאַט זײערע בוידן מיט סחורות און פֿון דער װאָלניצאַ ביז צו דער הילצערנער בריק װאָס האָט פֿאַראײניקט קראָקע מיט פּאָדגורזש, האָט זיך געצױגן די מאָסטאָװאַ־גאַס.

צװישן װאָלניצאַ און מאָסטאָװאַ־גאַס, איז געװען אַ געסל, די באָכענסקאַ־גאַס.

אױף דעם געסל האָט דר. אַדאָלף גראָס, אַלס קאַנדידאַט צום עסטרײכישן רײכס־ראַט, אױסגעבױט בילליקע דירות, דאָס איז אַ הײבשע געבײדע װאָס ער האָט איבער־געגעבן צו זײנע אַגיטאַטאָרן (מערסטנס חסידים) אױף קאָלעקטיװע יסודות, אָבער ער האָט דאָרט אױך אױסגעבױט אין דעם הױז אַ גרױסן טעאַטער־סאַלאָן און באָכענסקא נומער 7 האָט באַקומען אַ שם צוליב דעם אידישן טעאַטער און נאָך מער שם, צוליב די קאָנפֿליקטן װאָס זײנען דאָרט פֿאָרגעקומען צװישן די אַקטיאָרן, מיט די אידיש־חסידישע אײנװאױנער פֿון דעם קאָלעקטיװן הױז.

אַנדערע גאַסן, װעגן װעלכע עס װעט אונדז נאָך אױסקומען צו רײדן, זײנען געװען צו דרום פֿון דער מײַט־גאַס.

דער פֿאַרגעשריטענער טעמפּל האָט געהאַט דעם פֿראָנט אױפֿן ראָג צװישן מײַט־גאַס און פּאָדבזשעזיע, אָבער דער טעמפּל האָט זיך געצױגן טיף סײ אױף דער מײַט־גאַס און סײ אױף פּאָדבזשעזיע, און װאָס טיפֿער, האָט דער טעמפּל מיט זײן גרױסן גאָרטן פֿאַרנומען אַ ברײטערן שטח.

די פּאָדבזשעזיע האָט זיך געצױגן ביז צו דער בזשאָזאָװאַ־גאַס, װאו בעריש צוקער האָט אױסגעבױט זײנע ערשטע מאָדערנע הײזער און װאו ער האָט באַװאױנט אַ רײכע דירה אױפֿן ערשטן שטאָק אין דער אַפּטער־רב, זײן פֿאָטער, האָט פֿאַרנומען די זעלבע גרױסע דירה אױפֿן פּאַרטער.

פון דאָרט איז געגאַנגען די סעבאַסטיאַנאַ־גאַס ביז איבער דער דיטלס־גאַס צו די „שטאָט־פּלאַנטן" און צווישן בזשאָזאָוואַ און סעבאַסטיאַנאַ, אָנהויבנדיק זיך פון דער באָדבזשעזע, האָט זיך ביז צו דער באַן־ליניע געצויגן די בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ־גאַס. אויף דער גאַס איז אַמאָל געווען אַ שאַנד־הויז פון איינעם אַ געוויסן **פּאָגעל**, אָבער די אידן האָבן געפועלט, אַז מען זאָל דאָס שאַנד־הויז פאַרמאַכן און דאָס הויז איז געבליבן פאַרמאַכט היבשע יאָרן, קיינער האָט זיך אין דעם אַמאָליקן שאַנד־הויז נישט געוואָלט אַריינקלייבן, ביז עס איז געקומען אַ צייט פון גרויסער נויט אויף וואוינונגען, האָבן פּראָווינצלער אָנגעהויבן דינגען די ביליקע דירות און דאָס הויז איז באַזעצט געוואָרן.

נאָך געווען גאַסן און געסלעך אין אידישן שטאָט־טייל פון קראָקע, און מעגלעך, אַז מאַנכע פון זיי וועלן שפּעטער דאַרפן דערמאָנט ווערן, פונקט ווי עס וועלן מוזן דערמאָנט ווערן מאַנכע גאַסן פון די איבעריקע שטאָט־טיילן, אָבער דערווייל, האַלטן מיר פאַר אויסגעשעפּט די שילדערונג וועגן די וויכטיקע אידישע גאַסן אין קראָקע און מיר קענען אַריבערגיין צו ווייטערדיקע שילדערונגען וועגן די ספּעציפישע זעענסווערטי־קייטן און אייגנשאַפטן פון די אויסגערעכנטע גאַסן.

## די נשמה פון אידישן קראָקע

מיר האָבן שוין דורכגייענדיק דערמאָנט, אַז די הויכע (שעראָקאַ) גאַס, האָבן אידן גערופן — די נשמה פון אידישן קראָקע, און מיט רעכט האָט מען זי אַזוי גערופן.

די שעראָקאַ־גאַס איז געווען זייער ברייט, ממש אַ יריד־פּלאַץ, און אויב מען האָט זי גערופן **הויכע**־גאַס, איז עס געווען דערפאַר, ווייל דאָרט זיינען געשטאַנען נאָך פון אַלטע צייטן הויכע צוויי און דריי־שטאָקיקע בנינים, די איינציקע הויכע און רייכע געביידעס אין אַמאָליקן געטאָ.

די הויכע־גאַס האָט זיך אָנגעהויבן ביי דער יאָזעפס־גאַס מיט די האַלב־חרובע פעסטונגס־מויערן וואָס האָבן אַרומגערינגלט די אַלטע שיל, וואָס האָט געהאַט איר אַריינגאַנגס־פראָנט — אויף דער הויכער־גאַס.

אויף דער הויכער־גאַס האָט זיך אויך געפינען די באַרימטע „„רמאָ"־שיל וואָס איז געשטאַנען צום פראָנט פון אַלטן בית־עולם; אַנטקעגן דער רמאָ־שיל אויף דער צווייטער זייט פון דער ברייטער גאַס, איז געווען די קוואַל־מקוה, וואו דער מגלה־עמוקות האָט זיך יעדן פאַרטאָג געטובלט.

אויף דער הויכער גאַס האָט זיך אויך געפינען די „פּאָפּער"־שיל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ספּעציעלער געשיכטע, הגם נישט פון די גאָר אַלטע צייטן.

דאָרט האָט זיך אויך געפינען דאָס „בערגל־בית־המדרש", וואָס מען האָט אויך גערופן „דעם מגלה־עמוקות־שיל".

און דאָס וויכטיקסטע וואָס מוז דערמאָנט ווערן, איז דאָס אַרומגעצוימטע בית־עולמל וואָס שטייט אין דער מאַמע מיט פון דער הויכער גאַס, פונקט אַנטקעגן דער רמאָ־שיל.

שוין צוליב די אויסגערעכנטע אַלטערטימלעכקייטן וואָס געפינען זיך אויף דער גאַס און נאָך מער, צוליב די וואונדערלעכע לעגענדעס וואָס גייען אום וועגן זיי, האָט די שעראָקאַ־גאַס פאַרדינט דעם נאָמען — די נשמה פון אידישן קראָקע.

# לעגענדע אוןווירקלעכקייט וועגן דער אַלטער שיל

קיין גענויע דאַטע ווען די „אַלטע-שיל" איז אויפגעבויט געוואָרן, קאָן מען נישט אָנווייזן.

עס איז גענוג אָנצואווייזן, אַז די רמ"אַ-שיל איז געבויט געוואָרן אין דער העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט (1553), האָט מען זי גערופן „די נייע שיל", דאָס מיינט, אַז די אַלטע שיל איז שוין דעמאָלט געווען גענוג אַלט.

פון די פנקסים וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַרכיוון פון דער אַלטער שיל, האָט מען קיין באַשטימטעס נישט געקאָנט פעסטשטעלן, ווייל זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געמיש פון לעגענדע און ווירקלעכקייט.

לויט איין לעגענדע קאָן מען אָנעמען, אַז די אַלטע שיל איז נאָך געבויט געוואָרן אין ענדע צוועלפטן אָדער אָנהויב פון דרייצטן יאָרהונדערט.

איין לעגענדע דערציילט, אַז אין די גאָר אַלטע צייטן, ווען קריסטנטום האָט זיך ערשט געהאַלטן אין אויסשפּרייטן איבער פּוילישע ערד, איז אַ היבשער שטח ערד וואָס האָט דערנאָך ערשט באַקומען דעם נאָמען קראָקע — פאַרפלייצט געוואָרן און עס האָט געדויערט מער ווי אַ יאָר, ביז דאָס וואַסער איז אָפּגעגאַנגען.

ווען דאָס וואַסער איז אָפּגעגאַנגען, האָט מען אויף איין פּלאַץ (די היינטיקע שעראַקאַ-גאַס), געזען ליגן צוויי גרויסע מאַרמאָרנע זיילן וועלכע דאָס וואַסער האָט פון ערגיץ-וואו אַהערגעבראַכט און דאָ געלאָזן ליגן.



די „אַלטע שיל" אין קראָקע, די עלטסטע שיל אין פּוילן, וואָס אַרום איר זיינען געוועבט געוואָרן אין משך פון פילע דורות הונדערטער וואונדערלעכע לעגענדעס.

האָט מען געוואָלט די זיילן אַוועקנעמען פון דעם פּלאַץ, אָבער די זיילן האָבן זיך נישט געלאָזט רירן פון אָרט.

זיינען דעמאָלט געקומען מיסיאָנערן און זיי האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף דאָ בויען אַ קלויסטער וואָס זאָל זיך אינעווייניק אָנשפּאַרן אויף די זיילן.

איז מען באַלד צוגעטראָטן בויען דעם פונדאַמענט, אָבער ווען מען האָט געוואָלט אויפהויבן און גלייכשטעלן די זיילן, האָט מען זיי ווייטער נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

זיינען די צוויי מאַרמאָרנע זיילן אַזוי געלעגן אפשר הונדערט יאָר; ביז איינמאָל האָט מען אָנגעפרעגט וועגן דעם ביי אַ פאַרבייפאָרנדיקן רב וואָס איז אַנטלאָפן פון די קרייצריטער אין דייטשלאַנד, האָט דער רב אָנגעקוקט די זיילן, און ער האָט געזאָגט, אַז די זיילן זיינען הייליקע, זיי שטאַמען פון בית־המקדש און דאָס וואַסער האָט זיי פאַרטראָגן דאָ אַהער, ווייל דאָ וועט אַמאָל זיין אַ פּלאַץ פאַר אידן מיט אַ סך תורה און חכמה און מען דאַרף דאָ בויען אַ שיל.

זיינען שוין דעמאָלט געווען אידן אין קראָקע און כאָטש זיי האָבן געוואוינט ווייט פון דעם פּלאַץ, האָבן זיי זיך צוגעהערט צום רבס רייד און זיי האָבן געוואָלט אויף דעם פּלאַץ בויען אַ שיל.

האָבן אָבער די גלחים און מיסיאָנערן נישט געוואָלט דערלאָזן אַז די אידן זאָלן דאָ בויען אַ שיל, האָבן זיי געטענהט, אַז דעם פּלאַץ האָבן זיי נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק באַקומען פאַר אַ קלויסטער.

האָט דער רב געזאָגט: — גוט. אויב איר וועט קענען באַנוצן די זיילן פאַר אַ קלויסטער, טאָ שטעלט אַ קלויסטער.

האָבן די גלחים ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן, אָבער די זיילן האָבן זיך נישט גע־לאָזט רירן פון אָרט.

האָבן די גלחים געזאָגט, אַז אויב די זיילן וועלן זיך אונטערגעבן פאַר אַ שיל, וועלן זיי איינזען, אַז די זיילן זיינען טאַקע פון בית־המקדש און זיי וועלן דערלויבן בויען אַ שיל.

און כך הוה: ווי נאָר מען האָט געבויט דעם פונדאַמענט, האָבן זיך די זיילן אַליין אונטערגעהויבן און אַוועקגעשטעלט פּונקט אויף די פּלעצער וואו זיי וועלן דאַרפן אונטערשפּאַרן דעם באַלקן פון דעם גרויסן שיל־בנין און דעמאָלט האָבן שוין אַלע געזען, אַז די זיילן זיינען טאַקע פון הרוב געוואָרענעם בית־המקדש און אַז מען קאָן זיי פאַרנוצן נאָר פאַר אַ שיל.

און אַזוי איז אויפגעשטעלט געוואָרן די גרויסע שיל, וואָס צוליב די הויכע זיילן, איז זי אויסגעקומען העכער פון אַלע אַנדערע געביידעס און אַפילו פון קלויסטערס פון יענע זייט אָרום.

איז די שיל אַזוי געשטאַנען עטלעכע הונדערט יאָר, ביז עס איז אַרויס אַ געזעץ, אַז קיין שום שיל טאָר נישט זיין אַזוי הויך ווי אַ קלויסטער און די אידן האָבן זייער מורא געהאַט, אַז די גלחים וועלן פאָדערן, אַז מען זאָל די שיל צעוואַרפן.

און די גלחים האָבן עס טאַקע געפאָדערט און זיי האָבן שוין געהאַט אַן אונטער־געשריבענעם באַפעל פון קעניג, אַז מען דאַרף צעוואַרפן די שיל, ווייל זי איז העכער אַפילו פון העכסטן קלויסטער אין קראָקע.

און דעמאָלט איז געשען אַ נייער נס.

ווען די גלחים זיינען געקומען מיט דעם באַפעל, האָבן זיי דערזען, אַז די שיל האָט זיך פּלוצלינג איבערנאַכט אַראָפּגעזעצט, זי איז אַראָפּגעזונקען אויף עטלעכע קלאַפטער די טיף, אַזוי, אַז כאָטש אינעווייניק האָט זי ווייטער געהאַט דעמזעלבן אויסזען, דיזעלבע רחבות און דיזעלבע שיינקייט און גרויסקייט, איז זי אָבער אויסערלעך געווען אַ סך נידעריקער און מען האָט שוין קעגן איר נישט געקאָנט אָנווענדן דעם באַפעל זי צו צעוואַרפן.

און אַזוי איז די הייליקע שיל געבליבן שטיין און אָנשטאָט ווי פון אָנהויב, האָט מען באַדאַרפט אַרויפגיין אויף מאַרמאַרענע טרעפּ אין שיל אַריין, האָט מען דערנאָך אויף דיזעלבע טרעפּ באַדאַרפט אַראָפּגיין און ווען די אידן האָבן זיך צום סוף פון 15-טן יאָרהונדערט געמוזט פון די אַלטע שטאָט-טיילן אַריבערקלייבן אין „קוזמירער-געטאָ" (היינטיקער „קאַזשמיעזש") איז די שיל געווען זייער הייליקסטע צירונג.

ערשט ווען עס איז אויפגעבויט געוואָרן די רמ"אָ-שיל, האָט מען די הייליקע שיל אָנגעהויבן רופן „אַלטע-שיל" און אַזוי איז איר דער נאָמען געבליבן ביז צום היינטיקן טאָג.

אגב, אַלס באַווייז, אַז די צוויי זיילן פון שיל שטאַמען טאַקע פון בית-המקדש, האָט די לעגענדע אָנגעוויזן אויפן פאַקט, וואָס יעדן תשעה-באב, ווען דער חזן זאָגט די קינות, זעט מען באַשיינפּערלעך, ווי עס רינען ריטשקעלעך טרערן פון די זיילן, אַ סימן, אַז דאָס וויינט גאָט אויפן חורבן בית-המקדש און זיינע טרערן פאַלן אויף די זיילן פון זיין חרוב הויז אין ירושלים...

## רמ"אָ-שיל און דער אַלטער בית-עולם

די רמ"אָ-שיל האָט שוין געשיכטע.

דער אויסערגעוויינלעך רייכער איד ר' ישראל איסערל, האָט זי אויפגעבויט אין יאָר 1553, צום אָנדענק נאָך זיין יונג-פאַרשטאָרבענער פרוי מלכה ע"ה און ערשט צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען דער רמ"אָ (רבי משה איסערלס), ר' ישראלס זון איז נפטר געוואָרן, האָט מען די שיל אָנגעהויבן רופן אויפן רמ"אָס נאָמען — דעם „רמ"אָס שיל".

וועגן רמ"אָ און זיין שיל, זיינען מיר קיין לעגענדעס נישט באַקאַנט, אויסער איינע, וועלכע וועט שפּעטער דערמאָנט ווערן.

אָבער אָן אַרומגעוועבטע לעגענדאַרישע גלאָריפיקאַציעס, איז די רמ"אָ-שיל ביז היינט באַרימט און פאַרהייליקט און דער אַלטער בית-עולם וואָס געפינט זיך הינטער דער שיל, איז שוין פאַרוועבט מיט הונדערטער לעגענדעס און וועגן יעדן אַלטן צעבויגענעם און צעבראָכענעם שטיין אויף וועלכן מען קאָן שוין אַפילו די איבערשריפטן נישט לייענען, האָט מען זיך אָנגעהערט די וואונדערלעכסטע מעשות.

דאָס וויכטיקסטע פון דעם בית-עולם איז אָבער פאָרט טאַקע דעם רמ"אָס קבר גופא.

ר' משה איסערלס איז נפטר געוואָרן אום ל"ג-בעומר פון יאָר 1572 און זייט דעמאָלט, קומען יעדן ל"ג-בעומר אידן פון גאַנץ פּוילן און אַפילו פון אַנדערע מדינות

צום קבר פון גרויסן גאון און די יאָרצייט ווערט געפּראַוועט פון צענער טויזנטער אידן מיט זאָגן תהילים און ספּעציעלע תחינות ביים קבר פון רמ"אָ און עס ווערט אין דעם טאָג אויפן אַלטן בית-עולם גופא און אין די אַרומיקע גאַסן וואָס פירן צום בית-עולם — פאַרטיילט אַ סך צדקה און איך האָב געקענט אַ סך אידן אין קראָקע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע פּאַרדינסטן און זיי האָבן נאָר געלעבט דערפון, וואָס דער ל"ג-בעומר האָט זיי אַריינגעבראַכט אָדער פון נדבות, אָדער פון דעם וואָס זיי האָבן געגעבן אכסניה צו אַ סך אָנגעפאָרענע אידן און גענומען דערפאַר גוט באַצאָלט.

דער אַריינגאַנג אין דער רמ"אָ-שיל איז געווען פון דער הויכער-גאַס דורך אַ טויער וואָס האָט געפירט אין אַ גרויסן הויף און גלייך פון הויף איז צו דער לינקער זייט, די ברייטע טיר אין שיל אַריין.

אינערלעך, איז די שיל געווען כמעט ווי די אַלטע שיל, נאָר מיט ווייניקער שוועריוואָגיקע מעשענע הענג-לייכטער און אָן די הויכע גאַלעריעס, וואָס רינגלען אַרום דאָס הויכע שיל-געוועלב פון דער אַלטער שיל.

נעבן אַריינגאַנג-טיר אין רמ"אָס שיל, אַביסל אויף רעכטס, געפינט זיך אַ צווייטע טיר וואָס פירט אין דעם גרויסן פּאָליש, פון וועלכן די פענצטער קוקן אַרויס צום אַלטן בית-עולם און טאַקע נאָנט אַנטקעגן די פענצטער, געפינט זיך דער „אוהל", אָדער דער פאַמיליען-קבר פון דער איסערלס-פאַמיליע, מיט דער מצבה פון רמ"אָ אין דער מיט.

די פילע טויזנטער אידן וואָס קומען יעדן ל"ג-בעומר צום רמ"אָס קבר, פאַרשעמען איך נישט די קברים פון אַנדערע גדולים וואָס זייערע רעשטן רוען אויף דעם אַלטן הייליקן אָרט.

פאַראַן אידן, ספּעציעלע אַרומפירער, וועלכע ווייזן אָן וואו עס ליגט דער „תוספות יום-טוב", וואו דער „מגלה עמוקות", וואו עס ליגט בערקע, דער לאַמעדוואָווניק, וועגן וועלכן עס ווערן דערציילט אַזעלכע וואונדערלעכע לעגענדעס און וואו עס ליגן די קדושים, די הרוגי-מלכות, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען די שולד פון פאַלשע בלבולים, כדי צו ראַטעווען די גאַנצע קהילה און זיי זיינען אומגעקומען על קידוש-השם.

היבשלעך גרויס איז דער אַלטער בית-עולם אין קראָקע; דער הויפּט-אַריינגאַנג ביים פראָנט פון דער רמ"אָס שיל, אויף דער הויכער-גאַס, ציט זיך אינעווייניק דאָס פעלד אין דער ברייט כמעט איבער אַ האַלבער גאַס און אין דער טיף — ביז צו דער מויער אויף דער יאַקובאַ-גאַס, אַנטקעגן דער פלייצע-זייט פון ר' אייזיק ר' יעקעלעס שיל.

די בית-עולם-מויער אַנטקעגן ר' אייזיק ר' יעקעלעס שיל, האָט אַמאָל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע ביים אָפּראַטעווען די ר' אייזיק-שיל פון די הענט פון סטודענטן-פּאָגראָמשטשיקעס. נאָר וועגן דעם — באַזונדער.

## די טיפע קוואַל-מקוה פון מגלה-עמוקות

אַ וואונדערלעכער איבערבלייב פון די אַלטע צייטן, איז אויך די טיפע קוואַל-מקוה אין וועלכער דער „מגלה-עמוקות" האָט זיך יעדן פאַרטאָג טובל געווען.

שוין פאַראַן אין קראָקע אַ סך מאָדערנע מקוות און באָד-אַנשטאַלטן, אָבער אָן

אמתער חסיד וועט נישט גיין אין קיין אנדער מקוה, ווי נאר אין דער אלטער טי־פער קוואל־מקוה.

די מקוה, ווי שוין דערמאנט, געפינט זיך אויף מזרח־זייט פון דער הויכער־גאס, אנטקעגן דער רמ"א־שיל.

דאס איז אן אלט, נידעריק געביידעלע, צו וועלכער מען האט שוין צוגעבויט אן אפטיילונג פאר א שוויץ־באד און פאר באד־וואנעס, אבער דער הויפט־יחוס איז פארט געבליבן די טיפע קוואל־מקוה, צו וועלכער מען מוז זיך אראפלאזן אויף גליטשיקע הילצערנע טרעפ אויף עטלעכע שטאק טיף, צו דעם ספעציעלן קאסטן־פאס, וואס הענגט אויף לאנגע דיקע אייזערנע קייטן, כדי זיך צו קענען אין דעם פאס טובל־זיין.

עס איז ממש מיט סכנות־נפשות ביז מען קומט אראפ צו דעם הענגענדיקן פאס וואס שווימט אין דער טיפער קוואל און אפילו דאס טובל־זיין זיך, איז אויך מיט סכנות־נפשות, ווייל עס האט שוין געטראפן, אז א ברעטל פון פאס האט זיך געעפנט און דער געטובלטער איז שוין געבליבן אויף אייביק אין דער טיפער קוואל און עס קאן זיין, אז טאקע דערפאר וואס די טבילה אין דער מקוה איז פארבונדן מיט אזויפיל מסירת־נפש, דערפאר האלט מען עס פאר הייליקער, און פרומע ווייבער גייען נאר דארט צו טבילה, זייענדיק זיכער, אז דאס איז די בעסטע סגולה צו האבן קינדער וואס וועלן אויסוואקסן גדולי־הדור.

א בעדער אדמיניסטרירט מיט דער מקוה מער לשם מצוה ווי לשם פרנסה און דעריבער איז די מקוה זייער אפגעלאזן און יונגע ווייבער, אפילו פרומע, האבן שוין זייט אנהויב פון צוואנציקסטן יארהונדערט אנגעהויבן פראטעסטירן קעגן זייערע פרו־מע מאמעס, וואס האבן זיי דווקא געפירט צו טבילה אין דער מקוה.

אין 1912 איז עס אפילו געקומען ווי צו א צוגעגרייטן רעוואלט פון די אידישע טעכטער; דאס הייסט נישט, אז קראקעווער אידישע טעכטער האבן זיך חלילה גע־וואלט אפזאגן פון טבילה, ניין, אזוי ווייט איז עס נישט געקומען; עס איז נאר געווען צוליב א טראגישער געשעעניש, ווען א כלה האט זיך אראפגייענדיק פון די טרעפ אויסגעגליטשט און זי האט צעבראכן ביידע פיס, האט די געשעעניש געפונען אן איי־בערגעוויינלעכן אפקלאנג איבער גאנץ קראקע און די יונגע פרויען האבן געוואלט גיין צו טבילה, אפילו אין דער קאלטער ווייסל, אבי נישט דארט, אין דער אלטער מקוה, וואו מען דארף קריכן איבער גליטשיקע טרעפ אין א טיפן תהום...

און זייט דעמאלט, איז טאקע די מקוה געבליבן בלויז פאר די ארימע און פאר מאנכע רייכערע פאמיליעס, וואס זיינען אין זייער פרומקייט געגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבן געוואלט אויסרופן א חרם אויף די ווייבער, וואס מיידן אויס די אלטע אמת־בשרע מקוה...

## דאס בערגל בית־המדרש

אן ערך צוויי הונדערט מעטער ווייט, אויף דער זעלבער זייט וואו די מקוה, שוין כמעט גאנץ נאנט צו דער אלטער שיל, אין געסל וואס פירט צו דער דאיוואר־גאס, איז געשטאנען דאס „בערגל" בית המדרש.

גערופן האָט מען עס בערגל בית־המדרש, ווייל עס איז געשטאַנען אויף אַ בערגל אָבער געוואוסט האָט מען, אַז דאָס איז די שיל וואָס די מקורבים פון מגלה־עמוקות האָבן אויסגעבויט פאַר זייער רבין, ער זאָל דאָרט רואיק קענען לערנען און פאָרשן די טיפע סודות פון דער הייליקער תורה.

דאָס בערגל־בית־המדרש איז געווען אַ מין סינטעז צווישן שיל און בית־המדרש.

די געביידע, סיי אויסערלעך, אין פרימיטיוון סטיל, ענלעך צו צענדליקער אַנדערע גרויסע בתי־מדרשים; אָבער געדאַוונט האָט מען דאָרט מיטן נוסח אשכנז, אַזוי ווי אין אַ שיל.

געניי, ווען די געביידע איז אויפגעבויט געוואָרן, איז נישט באַקאַנט. מען ווייס נאָר, אַז עטלעכע דורות מקובלים האָבן אין דעם בית־המדרש דורך לאַנגע נעכט גע־זוכט און געפאָרשט צו דערגייין דעם גרויסן סוד פון ביאת־המשיח און אַ סך פון זיי, זיינען צוליב אַנטוישונג אין זייערע דערוואַרטונגען, אַרויס פון דאָרט און געוואָרן אַפיקורסים...

און כאָטש די צייט פון וועלן ברענגען משיחן דורך תעניתים און סגופים איז שוין אַריבער, איז נאָך אַלץ דאָס בערגל בית־המדרש געבליבן דער איינציקער אָרט, וואו מען האָט צו יעדער צייט אין משך פון מעת־לעת, צו יעדער שעה אפילו אין די קאַלטסטע ווינטער־נעכט, געטראָפן זיצן בחורים און קעסט־יונגעלייט וואָס האָבן עוסק געווען אין לערנען תורה.

און ווען אויך די צייט פון התמדה איז אַריבער, האָבן נאָך דאָרט עלטערע פרומע אידן אָפּגעריכט חצות און דערנאָך געלערנט און געזאָגט תהילים ביז פאַרטאָג און פאַרטאָג איז שוין דאָרט געווען טעטיק די חברה „שומרים לבוקר", וועלכע האָט גע־דאַוונט „השכמה" און בערגל בית־המדרש איז אַלץ געווען אַקטיוו 24 שעה אין מעת־לעת.

איך געדענק דאָס בערגל־בית־המדרש פון דער איבערגאַנגס־תקופה, ווען אויך די אַלטע חצות־אָפּריכטער האָבן אָנגעהויבן ווערן ווינציקער און די לערנער און תהי־לים־זאָגער זיינען געוואָרן ווינציקער, אָבער אַנדערע בחורים און יונגע לייט זיינען געקומען אויף זיין דורך די נעכט אין בערגל בית־המדרש.

די אַנדערע יונגע לייט און בחורים זיינען געווען „שטעלער" (פּריזיוויקעס).

חסידישע יונגע לייט וואָס האָבן זיך „געפלאָגט" כדי באַפרייט צו ווערן פון מי־ליטער־דינסט, האָבן באַקומען דערלויבעניש אין זייערע היימען, פון עלטערן אָדער פון די יונגע ווייבער, זיי זאָלן זיין וואַך, זיי זאָלן לערנען דורך די נעכט און תורה לערנען שוואַכט אָפּ, וועלן זיי באַפרייט ווערן און נישט דאַרפן עסן טרפות פון זעלנע־רישע קיכן...

זיינען זיך אין בערגל בית־המדרש צונויפגעקומען אַזעלכע יונגע לייט פון פאַר־שידענע מינים און אַ סך פון זיי האָבן געהאַט אַ קנאַפּן חשק צום לערנען, האָבן זיי צוגעטראַכט פאַרשידענע שפּילן, האָט מען געשריבן „קוויטלעך" און געשפּילט, דער־נאָך האָט מען אימיטירט קאָרטן, דערנאָך זיינען אויסגעוואַקסן די „סאַנדזוער יאָפּ־קעס", (אַזעלכע מינים קאָרטן אָן פיגורן, וועלכע די באַרימטע קאָרטן־פאַבריק פון „פערד, פּיאַטניק עט זעהנע" האָט ספּעציעל פאַבריצירט אויפן וואונטש פון סאַנדזער

רבין, פאַר פרומע בחורים) און שפּעטער האָט מען שוין געשפּילט אין אמתע קאָרטן און עס איז שוין געוואָרן אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אין בערגל בית-המדרש איז מען יום ולילה עוסק אין „קליין ש״ס", מען שפּילט אין קאָרטן אויף וואָס די וועלט שטייט און נישט איין יונגער מאַן האָט דאָרט אַזוי „זיך פלאַגנדיק" פאַמעלעך פאַרשפּילט זיין נדן...

## די לעגענדע וועגן דער פּאַפּער-שיל

אויף דער זעלבער זייט, צווישן דעם בערגל-בית-המדרש און די פריער געשיל-דערטע אַלטע מקוה, געפינט זיך דאָס קליינע אָבער שיינע געביידעלע פון דער „פּאַפּער-שיל".

כדי מען זאָל פאַרשטיין די לעגענדע וועגן דער פּאַפּער-שיל, מוז איך צוערשט אויפקלערן וואָס דאָס מיינט אַזוינס „פּאַפּער".

„פּאַפּער" האָט מען אַמאָל אין קראָקע (און אפשר אויך אַנדערשוואו) אָנגערופן אַ אינגל, אַ ווייסן חברהניק, אַ „גוניאַין" וואָס לויפט אַרום אין גאַס, געווינלעך, אַ אינגל וואָס וואַלגערט זיך אין גאַס אָן עמיצנס אויפזיכט.

און איצט קענען מיר שוין פאָרזעצן.

איז געווען אַמאָל אַזאַ אָרים אינגעלע, וואָס מען האָט אים גערופן יאָסעלע דער פּאָפּער.

אַ קיילעכדיקער יתום, האָט זיך יאָסעלע דער פּאָפּער אַרומגעוואַלגערט איבער די אָרימע אידישע גאַסן און געסלעך אין קראָקע און דערנערט האָט ער זיך פון דעם, וואָס גוטע אידישע פרויען האָבן אים געגעבן פאַר אָפּטראָגן אַ קויש עסן פון מאַרק און אַזוי ווייטער.

אָבער צו זיין גרויסער אָרימקייט, איז יאָסעלע געווען אַ גרויסער שטיפער און אַלע קינדער האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיין פריילעכקייט און עס האָט נישט גע-האָלפן דאָס וואָרענען פון טאַטעס, אַז מען זאָל זיך נישט חברן מיט דעם פּאָפּער, קינדער האָבן אים ליב געהאַט און דווקא געזוכט צו פאַרברענגען אין גאַס אין זיין געזעלשאַפט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זיינען געווען מערסטנס אָרימע קינדער און מען האָט שוין אויך אויף זיי אָנגעוויזן: —אָ, אָט גייען זיי שוין, פּאָפּערס חברים...

אָבער יאָסעלע דער פּאָפּער וואָלט זיך פון דעם אַלעם גאָרנישט געמאַכט, ער האָט זיך אַליין אויך געפילט שולדיק, ווייל ער האָט נישט געוואָלט לערנען אין קיין חדר און ער האָט געוואוסט, אַז ער איז נישט ווי אַלע קינדער וואָס האָבן טאַטעס און מאַמעס, אָבער איין זאַך האָט אים שטאַרק ווי געטאָן; דאָס איז געווען אין די שבתים, ווען ער האָט געוואָלט אַריינגיין אין אַ שיל און מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזן.

אַ סך קינדער פון שיל האָבן זיך אַפילו געוואָלט פאַר אים איינשטעלן, אָבער די שמשים האָבן געהאַט אַ שטרענגן אָנזאָג פון די באַלעבאַטים, אַז זיי זאָלן דעם פּאָפּער בשום אופן נישט אַריינלאָזן, ווייל ער פירט איבער זייערע קינדער.

און איינמאָל, אַ ראש-השנה איז עס געווען; יאָסעלע האָט געוואָלט אַריין אין אַ שיל, האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזט. איז ער געגאַנגען אין אַ צווייטער שיל, האָט אים דער שמש אויך אַוועקגעטריבן.

איז ער געגאַנגען אין אַ דריטער שיל און אָנגעהויבן בעטן דעם שמש, אַז ער איז אַ אידיש אינגל און ער וויל אויך גאָט בעטן, ער וויל זיך אויך אויסבעטן אַ גוט יאָר, האָט דער שמש שוין שיער רחמנות באַקומען אויף אים, אָבער דאָ איז אונטערגעקומען אַ רייכער באַלעבאָס און הערנדיק אַז יאָסעלע פּאַפּער וויל בעטן גאָט, האָט ער זיך צעלאַכט און אויסגערופן: — דו שייגאַץ, דו, דו קענסט דאָך אפילו נישט דאַווענען!...

און ווען דער באַלעבאָס האָט אים אַוועקגעטריבן פון שיל, האָט דער קליינער יאָסעלע זיך אַ שטעל געטון אַנטקעגן דעם אידן און אויסגערופן:

— הלוואי העלפט מיר אַזוי גאָט אַז איך זאָל געפינען אַן אוצר, וועל איך מיר אַליין אויסבויען אַ שיל, אַ שענערע נאָך פון דער־אָ, און איך וועל נישט דאַרפן אייער טרפה פנים אָנקוקן!...

און טעג זיינען פאַרגאַנגען, און וואָכן, חדשים און יאָרן און מען ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געווען, נאָר יאָסעלע דער פּאַפּער, שוין אַ גרויסער בחור, האָט זיך פּלוצלינג געיאַוועט אין רייכע קליידער און ער האָט געקויפט אַ פּלאַץ אויפן שפּיגל־פּראַנץ צווישן בערגל בית־המדרש און דער מקוה און דאָרט געלאָזט אויסבויען אַ קליינע, אָבער אַ זייער שיינע שיל און ער האָט אריינגענומען צוויי שמשים, מיט דעם אָנזאָג, אַז זיי דאַרפן אריינלאָזן פאַרוואַרלאָזטע עלנטע אידישע קינדער אין גאָטס הויז און זיי זאָלן אויף די קינדער אכטונג געבן און געבן זיי אפילו איבערצוביַיסן.

און אַ צוואה האָט דער יאָסעלע איבערגעלאָזן, אַז די שיל זאָל אַלעמאָל זיין פריי פאַר אָרימע אידישע קינדער און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז די אונטערשטע שיכטן פון קראָקעווער אידן, האָבן פאַרגעטערט דעם נאָמען פון יאָסעלע דעם פּאַפּער און זיי האָבן געהאַלטן, אַז די תפילות, אפילו שלעכט אַרויסגעזאָגטע, אבי מען זאָגט זיי אין דער שיל, גייען די תפילות גלייך אַרויף אין הימל אַריין...

אין מיינע קינדער־יאָרן, האָב איך געהערט, אַז אַ געוויסער לייבעלע בראַנדט, אַ באַלעבאָס פון עטלעכע גרויסע שאַנד־הייזער (דער פּראָטאָטיפּ פון שלום אַשס „גאָט פון נקמה"), האָט געוואָלט שענקען אַ ספר־תורה אין אַ שיל אַריין, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין הייליקער מתנה פון איין שיל צו דער אַנדערער און אין ערגיץ האָט מען דאָס ספר ביי אים נישט געוואָלט אָנעמען, ביז ער איז געקומען צו דער פּאַפּער־שיל, דאָרט האָט מען זיין מתנה אָנגענומען און קראָקעווער אונטערוועלט פון אידישן געגנט, האָט געפּראַוועט אַ גרויסן יום־טוב מיט פּאַראַדעס און מען האָט לייבעלעס ספר־תורה געפירט אונטער אַ מיט גאָלד באַשמוקטער חופה איבער אַלע גאַסן, ביז אין דער פּאַפּער־שיל, וואו מען האָט דערנאָך געהוליעט אַ גאַנצע נאַכט, ביז אין ווייסן טאָג אַריין.

אָבער אין באַדינג האָבן די גבאים פון פּאַפּער־שיל געשטעלט צו לייבלען בראַנדט, דאָס איז, אַז אין דער נאַכט ווען מען פירט זיין הייליקע מתנה אין שיל, זאָלן זיינע הייזלעך זיין פאַרמאַכט.

ער האָט זיך געקלאַפּט אין האַרצן און געשוואוירן, אַז ער זאָל אַזוי דערציען זיינע קינדער צו תורה און חופה און מעשים טובים, ווי ער אַליין האָט אַזוי געטראַכט צו טאָן און ער האָט טאַקע זיינע בתי־זנות געהאַלטן פאַרמאַכט גאַנצע 24 שעה...

## דאָס אַרומגעמויערטע בית-עולמל

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, אַז דאָס אינטערעסאַנטסטע וואָס ציט צו אַלע-מענס אויפמערקזאַמקייט אויף דער הויכער-גאַס, איז דאָס אַרומגעצוימטע בית-עולמל וואָס שטייט אינמיטן גאַס.

דאָס אַרומגעמויערטע בית-עולם האַלט אַן ערך פערציק מעטער די ברייט פון מזרח צו מערב אינדערמיט פון דער הויכער-גאַס און אַ זיבעציק די טיף פון צפון צו דרום.

אַ קליין טויערל וואָס איז שוין כמעט פאַרוואַקסן, ווייל קיינמאָל ווערט עס נישט געעפנט, האָט עס אויף צפון-זייט און איבער דעם טויערל איז פאַראַן אַן אויפשריפט וואָס לייענט זיך שוין זייער שלעכט, אָבער דייטלעך גענוג זעט זיך דאָס יאָר — שי״ג (1553).

ווען מען קוקט אַריין דורך אַ שפּאַלט פון דעם שמאָלן הילצערנעם טויערל, זעט מען ווי עס שטייגן אַרויס מיט מאָך באַוואַקסענע שפּיצן פון פאַרקרומטע שטיינער צווישן ווילד פאַרוואַקסענע גראָזן.

דאָס אַרומגעמויערטע בית-עולמל שטייט פּונקט אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג אין רמ״א-שיל, אינדערמיט גאַס, צווישן דער רמ״א-שיל און דער אַלטער קוואַל-מקוה.

## „די איינגעזונקענע חתונה״

וועגן דעם אַרומגעמויערטן בית-עולמל, קאָן מען אין קראָקע הערן זייער פיל און פאַרשידנאַרטיקע לעגענדעס.

פאַרגעשריטענע פּרואוון דערקלערן, אַז מיט אַ פיר הונדערט יאָר צוריק איז דער אַלטער בית-עולם פאַרפלייצט געוואָרן און מען האָט דערוויל געמוזט שאַפן אַ פּראָוויזאָריש בית-עולמל אויף צו באַגראָבן די מתים און אַז דאָס אַרומגעצוימטע בית-עולמל איז טאַקע דאָס פּראָוויזאָרישע, וועלכעס מען האָט באַלד, ווי נאָר דאָס וואַסער איז אָפּגעפלאָסן — פאַרמאַכט.

קומען אָבער אַנדערע, און ווייזן אויף, אַז אויב אַ געוויסער, געפינט זיך דווקא דאָס אַרומגעמויערטע בית-עולמל נאָך אויף אַ נידעריקערן פּלאַץ ווי דער אַלטער בית-עולם און עס איז נישט מעגלעך געווען עס צו באַנוצן, ווייל דאָס וואַסער האָט עס געמוזט פריער פאַרפלייצן ווי דעם ווירקלעכן בית-עולם.

אַנדערע זאָגן ווידער, אַז דאָס האָט געמוזט זיין בשעת מגפה, ווען אין דעם גרויסן הויז וואָס איז דאָרט געשטאַנען, זיינען אַלע מענטשן אויסגעשטאָרבן און מען האָט מורא געהאַט זיך מיט די מתים מטפל צו זיין, האָט מען זיי געלאָזן אַזוי, באַגראָבענע אין זייער אייגן הויז.

אָבער די אַמערסט פאַרשפּרייטע מיינונג וועגן דעם אַרומגעצוימטן בית-עולמל איז, אַז אויף דעם פּלאַץ איז אַמאָל געשטאַנען אַ גרויסער רייכער בנין, וואָס איז מיט אַמאָל צוליב אַ קללה פון רמ״א, איינגעזונקען געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע מענטשן וואָס האָבן זיך דערין געפונען.

און לויט דער לעגענדאַרישער מיינונג רופט מען טאַקע דאָס אַרומגעצוימטע בית־עולמל נישט אַנדערש, ווי — „די איינגעזונקענע החתונה".
און די לעגענדע וועלכע איז יעדן קראָקעווער גוט באַקאַנט, דערציילט זיך אַזוי:

## אַ הויז פון תקיפים

מיט אַ 500 יאָר צוריק, ווי נאָר די אידן האָבן זיך פון אַלע אַנדערע שטאָט־טיילן, צוליב אַ גזירה, אַריבערגעקליבן אין „קוזמיר" (דעם היינטיקן אידישן פירטל — קאַזשמיעזש) האָט געלעבט אַ איד מיטן נאָמען מאָשקע.
דאָס איז געווען אַ רייכער איד, אַ קרוב למלכות און אַ גרויסער תקיף און כדי זיין הויז זאָל זיין מער אָנזעעוודיק ווי אַלע אַנדערע אידישע הייזער, אָדער כדי ער זאָל פון זיין הויז דורך די פענצטער קענען קאָנטראָלירן אַלעס וואָס קומט פאָר אויף דער גאַנצער אידישער גאַס, האָט ער זיין הויז אויסגעבויט פונקט אינדערמיט פון דעם גרויסן און ברייטן אידישן פּלאַץ.
מאָשקעס געביידע איז טאַקע געווען די גרעסטע און אָנזעעוודיקסטע אין אידישן געטאָ און ווען עס האָט זיך נאָר געמאַכט אַ געלויף אין גאַס, האָט ער באַלד אַרויסגעשיקט זיינע משרתים, וועלכע האָבן מיט קאַנטשיקעס צעטריבן דעם עולם.
מאָשקע האָט אויך געוואָלט זיין דער שטייער־אויפמאָנער פאַרן קעניג און קענענדיק דורך זיינע פענצטער פון אַלע זייטן, נאָכקוקן וואָס עס טוט זיך פאַר יעדנס הויז אויף דער גרויסער גאַס, האָט ער שוין גוט געוואוסט ווי אַזוי אָנצומעסטן די גרויס פון די שטייערן וואָס איינער דאַרף צאָלן.
און אַזוי איז געגאַנגען יאָר נאָך יאָר, מאָשקע איז געשטאָרבן און זיין עלטסטער זון בערקע, האָט איבערגענומען זיין פאָטערס אַמט צוזאַמען מיט זיין תקיפות און נאָך בערקען איז געקומען יונה, ביז אַן אור־אייניקל פון אַמאָליקן מאָשקע, וואָס האָט אויך געהייסן מאָשקע, האָט איבערגענומען דאָס הויז מיטן פאַרמעגן, צוזאַמען מיט זיין עלטער־זיידנס תקיפות.
האָט מען דאָס הויז טאַקע גערופן –– דאָס הויז פון די תקיפים און כאָטש מען האָט דאָס הויז שטאַרק פיינט געהאַט. האָט מען געמוזט דערפאַר האָבן גרויס דרך־ארץ, ווייל פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט, ווען עס האָט זיך נאָר עמיצן פון דעם הויז אויסגעוויזן, אַז מען האָט אים פוגע בכבוד געווען, האָט מען זיך שוין אָן אַזאַ איינעם ביטער נוקם געווען.

## מאָשקע תקיף מאַכט חתונה זיין איינציקע טאָכטער

און עס איז געווען אין יאָר ש"ג, נאָכדעם ווי עס איז געהאַט פאַרטיק געוואָרן די שיינע נייע שיל (די רמ"א־שיל) און דאָס ליכט פון רמ"אס תורה האָט שוין באַלייכטן די גאַנצע אידישע וועלט, דעמאָלט האָט מאָשקע דער תקיף באַדאַרפט חתונה מאַכן זיין שיינע פערצניעריקע בת־יחידה.
ער האָט פאַר זיין טעכטערל אָפגעזוכט אַ חתן פון גניעזנאָ, אַ זונדל אויך פון אַ גרויסן אידישן תקיף און אַ גאַנצע וואָך האָבן קאַפּעליעס מוזיק געשפּילט פאַרן גרויסן

הויז פון מאַשקע תקיף און אויפגענומען די געסט, די אָנגעפּאַרענע מחותנים פון פאַרשידענע ווייטע שטעט און לענדער.

און כאָטש אַ תקיף און בעל־גאוה, האָט מאַשקע פאַרבעטן אויף דער חתונה אויך די אָרימע לייט אויף די אָרים־מאַלצייטן, וואָס ער האָט געפּראַוועט יעדן טאָג, אַ גאַנצע וואָך פאַר דער חתונה.

די חתונה איז געווען באַשטימט אויף פרייטיק און ענדלעך איז געקומען דער יום־החופה.

אָרום האַלבן טאָג האָט זיך פאַרענדיקט דער לעצטער אָרים־מאַלצייט, מען האָט נאָך צווישן די אָרימע לייט פאַרטיילט נדבות און מען האָט זיי צעטריבן פון הויז, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע חתונה־שמחה פאַר די מחותנים און די אָנגעפאַ־רענע רייכע געסט.

קאַפּעליעס מוזיק האָבן נישט געפעלט און ווען איין קאַפּעליע האָט אויפגעהערט שפּילן, האָט אָנגעהויבן אַ צווייטע. און פון די טייערסטע געטראַנקען האָט אויך נישט געפעלט און עס האָט געשטורעמט אין מאַשקע תקיפס הויז פון מוזיק און טאַנץ.

פרייטיק נאָך די געטראַנקען, אויפגעהייטערט פון דער מוזיק און די לוסט צום טאַנצן, האָט געמאַכט פאַרגעסן אַז היינט איז פרייטיק, און די שעהן זיינען געלאָפן שנעל און אַט האָבן שוין די שמשים געקלאַפּט אין די טירן פון די געוועלבער, דער־מאָנענדיק אַז מען דאַרף פאַרמאַכן, ווייל באַלד איז דער זמן פון ליכט־צינדן; אָבער אין מאַשקעס הויז האָט מען אָן דעם אַלעם פאַרגעסן, מען האָט געהוליעט און געטרונקען און געלאַכט און געטאַנצט און ווען עס האָט אָנגעהויבן אונטערגיין די זון, האָט מען אָנגעצונדן גרויסע זילבערנע קאַנדעלאַברעס און די זאַלן זיינען ווייטער געבליבן ליכ־טיק ווי אין שיינעם העלן טאָג און מען האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אַז עס קומט אָן דער הייליקער שבת.

אַלע געשעפטן זיינען שוין געווען פאַרמאַכט, פון פענצטער פון אידישע היימען האָבן שוין אַרויסגעפונקלט די הייליקע פלעמלעך פון אָנגעצונדענע שבת־ליכט און אידן האָבן זיך שוין מיט שנעלע טריט געאיילט אין די שילן, נאָר אין מאַשקעס הויז איז אַלץ געווען לוסטיק, לעבעדיק און פריילעך, די מוזיק האָט געשפּילט און די יוגנט האָט געטאַנצט און די עלטערע מחותנים האָבן ווייטער אַרויסגעזאָגט זייערע מבינות אויף די גוטע ווינען און אַנדערע געטראַנקען און חתן־כלה זיינען געזעסן צווישן טייערע פּערסישע דיוואַנעס אויף זייערע אין בלומען־געשטיקטע טראָן־שטולן, אַרומ־גערינגלטע פון רייך־געקליידטע פריילעכע קינדערלעך פון מחותנים און געסט.

## דער רמ״אַ שיקט דעם שמש דערמאָנען אַז עס איז שבת

ווען דער עולם איז שוין געווען פאַרזאַמלט אין דער נייער שיל און דער חזן האָט זיך שוין געשטעלט דאַווענען מנחה, האָט דער רמ״אַ באַפוילן דעם שמש, ער זאָל אַריבערגיין צו מאַשקע תקיף און דערמאָנען אים, אַז ער מוז פאַרענדיקן מיט דער חתונה. ווייל עס איז שוין שבת.

איז דער שמש געגאַנגען, אָבער מען האָט אים פון דאָרט אַרויסגעוואָרפן מיט גרויס געלעכטער און הוזק און די מוזיק האָט נאָך אָנגעהויבן שטאַרקער צו שאַלן

און די טענץ זיינען אָנגעגאַנגען נאָך לײדנשאַפטלעכער און דאָס געלעכטער פון די פרײלעכע, באַטרונקענע מחותנים האָט נאָך שטאַרקער אָפּגעהילכט און פול־געמאַכט די גאַנצע אידישע שבתדיקע גאַס.

ווען מען האָט שוין באַדאַרפט צוטרעטן צו קבלת־שבת און די מוזיק און די פרײלעכע געלעכטערס האָבן אין מאָשקעס הויז נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט, האָט דער רמ״א נאָכאַמאָל אַרויסגעשיקט דעם שמש, ער זאָל אָנזאָגן מאָשקען, אַז זיין הויז שטייט אין געפאַר, ער זאָל למען־השם אָפּשטעלן די חתונה מיט די כלי־זמרים און נישט שטערן די אידן אין שיל מקבל צו זיין דעם הייליקן שבת.

איז דער שמש נאָכאַמאָל געגאַנגען, ער האָט זיך דורכגעריסן דורך אַלע מחותנים, ביז ער איז צוגעקומען צו מאָשקען אַליין און אים אָנגעזאָגט וואָס דער רמ״א האָט אים געהייסן.

האָט זיך אין דעם תקיף אויפגעוועקט זיין תקיפות און ער האָט אויסגערופן: —
ווער איז ער מיר דאָס, וואָס ער גייט מיר באַפעלן אָפּצושטעלן די פרייד אין מיין הויז?
און דער תקיף האָט נאָך געטראַכט, אַז מען וואָלט זעם הוצפהדיקן שמש באַדאַרפט מקיים־פסק צו זיין מיט אַ 25 שמיץ, אָבער צוליב דער חתונה פון זיין איינציקער טאָכטער, שענקט ער אים היינט די שמיץ...

און ווידער האָט מען דעם שמש אַרויסגעוואָרפן און די שמחה איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

## דעם רמ״אס קללה ווערט באַלד מקוים

ס׳איז שוין געווען שבת אין שטאָט.

די שטערנדלעך האָבן שוין הייליק אַראָפּגעפינקלט און געוואָלט זיך שפּילן ווי מזלות מיט דער שטאָט וואָס דאַרף איצט שוין זיין איינגעהילט אין שבתדיקער מנוחה, נאָר אויפגעציטערט האָבן די הייליקע שטערנדלעך, ווען עס האָט זיי אַנטקעגנשאַלט די מוזיק און די הילכיקע געלעכטערס פון מאָשקעס הויז.

אין דער נייער שיל האָט געהערשט אַ שטאַרקע אויפרעגונג.

דער עולם האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן און גיין מקיים־פסק זיין דעם פושעי באלוקי ישראל, אָבער דער רמ״א האָט אָפּגעהאַלטן, זאָגנדיק, אַז מ׳קען קאָן נישט מכבד זיין איין הילול־שבת מיט אַ צווייטן און דער רמ״א האָט אָפּגעהאַלטן מיטן „קבלת־שבת״, זאָגנדיק, אַז מען זאָל נאָכאַמאָל פּרואוון וואָרענען און ער האָט אויסגעקליבן דריי חשובע באַלעבאַטים, זיי זאָלן אַריבערגיין צו מאָשקען און באַפעלן אים, ער זאָל אָפּשטעלן די חתונה.

זיינען די דריי באַלעבאַטים געגאַנגען, זיי האָבן זיך צוגעהאַלטן די אויערן, זיי זאָלן נישט הערן די טרפהנע מוזיק, און זיי זיינען אַריין אין הויז.

אין מאָשקעס הויז איז אָבער געווען אַזוי פרײלעך, אַזוי ווי שדים וואָלטן זיך דאָרט אַריינגעקליבן און דאָרט געפּראַוועט זייערע אַן אייגענע חתונה, און די פרײלעכע פאַרשיכורטע מענטשן האָבן געהוזקט פון די דריי באַלעבאַטים און זיי אַפילו נישט צוגעלאָזן צו מאָשקען און די באַלעבאַטים זיינען פאַרשעמטע צוריקגעקומען אין שיל אַריין.



ביים אוהל פון רמ"אָס קבר. — ר' משה איסרליש איז נפטר געוואָרן אום ל"ג־בעומר 1572 און הונדערטער יאָרן זיינען פאַרגאַנגען און זיין גרויסער נאָמען „רמ"אָ" איז געבליבן פאַרהייליקט און טויזנטער אידן פון נאָנט און ווייט קומען יעדן ל"ג־בעומר צו זיין קבר מתפלל זיין. — אין הינטערגרונט זעט מען די געביידע פון דער רמ"אָ־שיל.

עס איז שוין געווען גענוג שפעט, לענגער אויפהאַלטן מיט „קבלת־שבת" האָט מען שוין נישט געקאָנט, פונדעסטוועגן, האָט דער רמ"אָ נאָך געפּרוּאווט אליין צו גיין וואָרענען און עס האָט נישט געהאָלפן וואָס די באַלעבאַטים האָבן אים געוואָלט אָפּהאַלטן דערפון, ער איז געגאַנגען.

ער איז אַריבער און אַריין אין הויז.

דער עולם אין מאָשקעס הויז, האָט זיך ערשט מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, אויף אַן אמת צעוואַרימט און זיך ערשט אויף רעכט צעיושעט פון שיכורער פרייד און זיי האָבן אפילו נישט געזען ווען דער רמ"אָ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער טיר פון גרויס; זאַל און זיי האָבן נישט געהערט זיין הויכן אויסגעשריי:

— אידן! שבת!...

די מוזיק האָט ווייטער געשאַלט, פריילעך זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען די פאַרשי־כורטע טענץ און קיינער פון זיי האָט נישט באַמערקט די ברענענדיקע וואָרנענדיקע

בליקן פון רמ״אָ און ווען ער האָט נאָכאַמאָל אויסגערופן נאָך העכער: — אידן! עס איז שוין איצט שבת!... — איז ווידער זיין קול געבליבן ווי אַ קול־קורא במדבר...

האָט דער רמ״אָ נאָך איינמאָל געפּרואווט דערמאָנען, אָבער זעענדיק, אַז אַלעמענס אויערן זיינען טויב פאַר זיינע ווערטער, האָט ער אַראָפּגעלאָזן זיין קאָפּ און אַ טרויעריקער מיט טריבע בליקן, זיך אומגעקערט און צוריק אַריין אין שיל.

שטייענדיק שוין ביים טויער פון שיל, האָט ער זיך נאָך אויסגעדרייט, געוואָרפן אַ טרויעריקן בליק אויף דעם גרויסן באַלויכטענעם הויז אַנטקעגן און אויפהויבנדיק די הענט צום הימל, איז ער צוריק אַריין אין שיל און באַפוילן דעם חזן, ער זאָל מקבל־שבת זיין.

ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן „מזמור שיר ליום השבת", האָט נאָך אַלץ אין מאַשקעס הויז געשאַלט די מוזיק, אָבער פּלוצלינג, ווען דער חזן האָט אויסגערופן: — „כי הנה אויביך יי" — האָט זיך די מוזיק פלוצלינג מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, עס האָט זיך געהערט עפּעס אַ לאַנגער גערויש פון דרויסן, אָבער פאַרטיפט איז שוין יעדער געווען אין די שבתדיקע תפילות, האָט מען אָנגענומען, אַז מן־הסתם האָט זיך שוין געענדיקט די טרפהנע התונה.

אָבער ווען דער עולם איז נאָכן דאַווענען אַרויס פון שיל, האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ הייליקע שרעק, פאַר דעם בילד וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר זייערע אויגן.

אַנשטאָט דעם שיינעם ליכטיקן הויז וואָס זיי האָבן ערשט פריער דאָ געהאַט געזען, אַנשטאָט מאַשקעס גרויסן הויז מיט די פענצטער וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אַלע זייטן אויף דער גרויסער אידישער גאַס, אַנשטאָט דער רייך־אילומינירטער געבײדע וואו עס איז נאָר־וואָס פאָרגעקומען אַזאַ פריילעכע התונה, האָט מען געזען אַ פינצטערן באַרג מיט חורבות, פון וועלכן עס האָט זיך שוין אַפילו נישט געהערט דער קלענסטער צייכן פון לעבן...

צומאָרגנס האָט שוין גאַנץ קראָקע געוואוסט וועגן דעם גרויסן געשעעניש, ווי אַזוי מאַשקעס הויז איז פלוצלינג אינמיטן דער התונה צוזאַמענגעקראַכט און אײנגעזונקען געוואָרן, און באַגראָבן אונטער זיך די חתן־כלה מיט אַלע מהותנים און געסט מיט אַלצמיטאַנאַנדער, נישט לאָזנדיק נאָך זיך קיין שריד ופליט...

באַלד דערנאָך, האָט דער רמ״אָ אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט, אַז מען זאָל אין קראָקע נישט טאָרן דורכפירן קיין התונה אום פרייטיק, כדי צו פאַרהיטן פון אַ נייעם הילו־שבת און פון אַ נייעם אומגליק (*).

אין זייט דעמאָלט, האָט מען דעם פּלאַץ פון מאַשקעס הויז, וועלכן מען האָט דערנאָך אַרומגעצײַמט מיט אַ מויער, גערופן — „די אײנגעזונקענע התונה"...

## די „טאַנדייט"

מיט אַ היבשן שפּרונג פון דער ווייטער לעגענדאַרישער פאַרגאַנגענהייט צום ערשטן פירטל פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואַרפן מיר נאָך אַ לעצטן בליק אויף דער הויבער־גאַס און מיר זעען די ירידים וואָס שטעלן זיך דאָרט דריי מאָל אין וואָך,

(*) גרשם באַדער, אין זיין בוך „דרייסיק דורות אידן אין פוילן", דערמאָנט אויף זייט 17 די תקנה פון נישט טאָרן דורכפירן אין קראָקע קיין התונה אום פרייטיק, אָבער, ער קאָמענטירט די תקנה מיט אַן אַנדערער געשעעניש.

זונטיק, דינסטיק און פרייטיק.

מיר זעען די פילע צענדליקער בוידן וואָס אידישע קרעמער שטעלן דאָרט אויף, אין זיי עס ווערן אויסגעפּאַקט כלערליי סחורות פון אַלטע און נייע קליידער, און פון אַ נאָדל ביז דער גרעסטער מאַשין און פויערים און פויערטעס, וואָס האָבן ערגיץ־וואו אויפן „רינעק גלואווני" אָדער אויפן מאַלי רינעק פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן ווי אייער, הינער און פוטער, קומען אויף דער הויכער־גאַס, אָדער ווי מען רופט זי אין די דריי יריד־טעג — „טאַנדעטאַ" (טאַנדייט) און זיי קויפן איין פון אַלעם נויטיקן פאַר זייער באַקליידונג און פאַר זייערע ווירטשאַפטן.

אין די אידישע יום־טוב־טעג ווען זיי פאַלן אויס זונטיק, דינסטיק אָדער פרייטיק, איז די טאַנדייט ליידיק, ווייל נישטאָ די אידישע קרעמער, קומען במילא נישט די גויים און בכלל, נישט נאָר אין האַרץ פון אידישן פירטל אין קראָקע, נאָר אין דער גאַנצער שטאָט האָט זיך שאַרף אָנגעזען דער אידישער יום־טוב־טאָג, צוליב דעם גרויסן רוב געשעפטן וואָס זיינען געשטאַנען פאַרמאַכט.

## שילן און בתי־מדרשים אויף דער יאָזעפס־גאַס

ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, איז די יאָזעפס־גאַס (אוליצאַ פראַנציסקאַ יוזעפאַ), געווען דער רוקנביין פון אידישן געגנט אין קראָקע.

אָנגעהויבן האָט זיך די יאָזעפס־גאַס פון קוזנמאַרק (קראַקאַווסקאַ), טאַקע פון סאַמע מיט פון דער אידישער בירזשע און געצויגן האָט זי זיך ביז צו די מויערן פון דער אַלטער שיל.

כמעט ווי אָנגרירנדיק זיך אָן די מויערן פון דער אַלטער שיל, האָט זיך די יאָזעפס־גאַס פאַרענדיקט מיט אַ געביידע אין וועלכן עס האָט זיך געפינען „ר' אָרנס בית־המדרש".

ר' אָרן (אָדער ר' אהרן) איז געווען דער מחבר פון ספר „מאור ושמש" און יעדן ל"ג־בעומר, ווען אידן פון נאָנט און ווייט זיינען עולי־רגל צום קבר פון רמ"אַ, אויפן אַלטן בית־עולם, האַלטן עס אַ סך יחידים פאַר אַ ספּעציעלע מצוה צו באַזוכן אויך דאָס קבר פון מאור ושמש אויפן נייעם בית־עולם, וואָס געפינט זיך הינטער דעם ברי־קן־טויער פון דער צווייטער זייט „וואַליעס" פון דער באַן־ליניע.

קעגנאיבער ר' אָרנס בית־המדרש, וואו קינדער פון רייכע באַלעבאַטים זיינען געזעסן און געלערנט יום־ולילה, שטייט די גרויסע אַלטע געביידע, „פּעסעס הויז", וואָס ציט זיך פון דער הויכער־גאַס און דרייט זיך אַריין אין דער יאָזעפס־גאַס.

אויף צו באַשרייבן אַלץ וואָס האָט זיך געפינען און אָפּגעשפּיגלט אין „פּעסעס הויז", וואָלט מען באַדאַרפט אַ גאַנין בוך און מיר וועלן זיך באַגנוגן מיט דערמאָנען, אַז אין דעם הויז האָבן געוואוינט אַ זעקס מלמדים, אָנהויבנדיק פון דרדקי ביז אַ מלמד פון גמרא מיט תוספות און דאָרט האָט זיך אויך געפינען דאָס אַלטע ראַדאָמס־קער שטיבל, וואו בחורים און קעסט־איידימלעך זיינען געזעסן און געלערנט און אין דעם גרויסן הויף פון דער ריזן־געביידע, האָט עס אַ גאַנצן טאָג געקאָכט ווי אין אַ קעסל, מלמדים האָבן זיך געיאָגט נאָך די קינדער איבער דעם גרויסן הויף און אַזוי ווי

דאָס ריזן-הויז האָט געהאַט אַ סך אַרויסגענג אויף דריי גאַסן, האָבן זיך די קינדער געשפּילט מיט זייערע מלמדים אַזויוי קאַץ און מויז, לויפנדיק דורך איין זייט אַרויס און דורך דער צווייטער אַריין, ביז די מלמדים זיינען מיד געוואָרן יאָגנדיק זיך נאָך זיי...

פּעסעס הויז, וואָס האשה הצנועה מרת פּעסע האָט אַמאָל מיט הונדערטער יאָרן צוריק אויפגעבויט, איז געווען מיט דיקע ווענט און מויערן, ממש אַ פעסטונג, אָבער די צייט האָט שוין אָנגעהויבן קרישלען די דיקע ווענט און אַ סך שטיבער זיינען שוין געווען בויפעליק, פּשוט צום איינפאַלן און זיי האָבן זיך נאָך געהאַלטן ווי אויף משקולת.

באַלד נאָך פּעסעס הויז, צו מעריב-זייט, איז געשטאַנען די הויכע מויער פון דער „הויכע שיל", וועלכע מען האָט אויך גערופן דעם „ב"הס שיל". פון דער שיל האָט מען אין גאַס בלויז געזען די מויער, אָבער קיין טויער האָט מען נישט געזען און מיר וועלן שפּעטער נאָך דערמאָנען דעם פּראָצעס וואָס דער „בח" האָט געפירט מיט קראָקעווער גלחים און מיט דער מוניציפּאַליטעט צוליב דער שיל.

צווישן דער „הויכער שיל" און די געביידע פון די „נייע ראַדאָמסקער" האָבן זיך נאָך געפונען עטלעכע מנינים, צווישן זיי — אַ מנין ביים מויגעלער רבין און אַ קריי-מילעווער שטיבל, און אַביסל ווייטער, קעגנאיבער, אין בוימינגערס גרויסן הויז וואָס האָט געהאַט איין אַריינגאַנגס-טויער אויף דער יאָזעפס-גאַס און אַ צווייטן אַריינגאַנג פון „פּלאַץ נאָווי", אין דעם גרויסן הויז, האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע „שטיבלעך" און בתי-מדרשים.

נאָך שילן האָבן זיך געפונען אויף דער קופּאַ-גאַס — די „קופּאַ שיל" און אויף דערזעלבער גאַס האָט זיך אויך געפונען די גרויסע ר' אייזיק ר' יעקעלעס שיל, וואָס האָט געהאַט דעם אַריינגאַנג אויף דער איזאַקאַ-גאַס און די שול האָט פאַרנומען דעם שטח פון קופּאַ אויף מעריב-זייט, ביז יאַקובאַ-גאַס אויף מזרח-זייט, די מויער פון שיל, וואָס איז אויסגעקומען פּונקט אַנטקעגן דער מעריב-מויער פון אַלטן בית-עולם.

נאָך געווען גרויסע שילן און בתי-מדרשים, ווי די „בני-אמונה" אויף דער ראַבינאַ מייזעלסאַ-גאַס, און „שארית בני אמונה" אויף דער קראַקאָווסקאַ-גאַס, און ר' ישראַלישנס בית-המדרש אויף דער דיטלס-גאַס, די „חדשים", אַ גרויסע קלויז וואו מען איז געזעסן יום-ולילה און געלערנט גאָטס תורה און די סאַנדזער קלויז, ביידע איינע כמעט אַנטקעגן די אַנדערע אויפן פּלאַץ נאָווי און אַביסל ווייטער אויף דער עסטעראַ-גאַס, אין דער געביידע פון תלמוד-תורה — דאָס דזשיקעווער בית-המדרש און נאָענט דערנעבן, די „טשאָרטקעווער" אויסער דעם זיינען נאָך געווען מנינים פון די קראָקעווער רביים, ווי דעם „זאַלשיצערס" און דעם „טשכויוועס" (דער טשכויווער רבי איז געווען ר' שלמה האַלבערשטאַם, דער בן-זקונים פון רבין ר' חיימל סאַנדזער) און דעם „טשיבינערס" און נאָך רבנים און רבילעך וואָס האָבן זיך נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה באַזעצט אין קראָקע.

## נאָך לעגענדעס און ווירקלעכקייטן וועגן שילן

האָבן מיר שוין דערמאָנט די לעגענדעס וועגן „אַלטע שיל", „רמ"אָ-שיל" און „פּאָפּער-שיל", וועלן מיר אויך דערמאָנען די לעגענדעס וואָס באַצירן די „הויכע-שיל", „ר' אייזיק ר' יעקעלעס שיל" און די „קופּאַ-שיל".

# אַ פּראָצעס וועגן אַ שיל

פּראָצעסן וועגן שיל־געביידעס, זיינען אין אַלטן פּוילן נישט געווען קיין נייעס. גלחים, יעזואיטן, לויט דער גרויס פון זייער מאַכט אין די מוניציפּאַליטעטן, האָבן געלויערט אויף אידן און ווי נאָר אידן האָבן אַרויסגעוויזן דעם קלענסטן סימן פון אויפשוואונג, פון פּרואוון אויסברייטערן זייער לעבן דורך נייע געזעלשאַפטלעכע בנינים, וועלכע זיינען אין יענע צייטן געווען שילן, האָבן זיך די יעזואיטן באַלד אַ וואָרף געטאָן להרוג ולאבד און זיי האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן קליגן צוליב דעם אַלטן „פּן ירבה”.

ווען דער „ב”ח” (דער מחבר פון באַרימטן ספר „בית־חדש”), אַ גרויסע פּערזענלעכקייט אין קראָקע, האָט געוואָלט בויען די שיל, האָבן די גלחים באַלד אויפגעהויבן אַ געוואַלד, אַז אידן פאַרכאַפּן די גאַנצע שטאָט און כאָטש אין אידישן געטאָ, האָבן זיי פּראָטעסטירט, אַז עס זיינען שוין פאַראַן גענוג שילן און מען טאָר מער נישט בויען קיין נייע.

ווען דער פּראָצעס וואָס האָט געדויערט גענוג לאַנג איז געווען פאַרלוירן, האָט מען פונדעסטוועגן די שיל געבויט, נאָר וואָס דען, עס האָט געהייסן אַז דער „בח” בויט די שיל פאַר זיין אייגענער פאַמיליע, אַ באַווייז, די שיל האָט נישט קיין טיר צו דער גאַס, נאָר פון דער דערנעבנדיקער געביידע וואו דער בח האָט זיין פּריוואַטוואוינונג, פון דאָרט גייט אַן אַריינגאַנג אין שיל און לויט די הערשנדיקע געזעצן, האָבן די גלחים גאָרנישט געקענט אויפטון קעגן אַזאַ מין פאָרטל און ביז היינט, איז די „הויכע שיל” אַ פענאָמען סיי מיט איר אויסערלעכן, ווי מיט איר אינערלעכן אויסזען.

אינדרויסן, צום פראָנט, אַ הויכע מויער מיט לאַנגע הויכע פענצטער פון קאָלירנדיקע שויבן, ווי געוויינלעך די דעמלסדיקע שילן, אָבער אָן אַ סימן פון אַן אַריינגאַנגס־טויער און ערשט פון צווייטן הויז, וואָס איז אַ געוויינלעך פּריוואַט־הויז, גייט מען דורך אַ פּריוואַטער שטוב אַרויף אויפן ערשטן שטאָק און דאָרט שטייט אַ ברייט צעעפנטער אייזערנער שיל־טויער פונוואַנען עס אַנטפּלעקט זיך אַזאַ רייך פּרעכטיק אויסגעשטאַטענע שיל, אַזאַ מייסטערווערק פון שיינער בוי־קונסט און אַזעלכע שיינע מאָלערייען און ברייטע שיינע מאַרמאָרנע טרעפּ וואָס פירן צוריק אַראָפּ אין אַ טיפער טיפקייט וואָס מאַכט די שיל העכער, צוויי מאָל אַזוי הויך, ווי זי זעט אויס פונדרויסן, אַז מען בלייבט שטיין ביי דעם אַריינגאַנג ווי פאַרכישופט.

## „ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס שיל”

וועגן דער ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס שיל דערציילט זיך אַזאַ לעגענדע:

— ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס איז געווען אַ גאָטספאָרכטיקער מאַן, אַ תלמיד־חכם, אָבער קיין גרויס פאַרמעגן האָט ער נישט געהאַט.

איינמאָל חלומט זיך אים, אַז ער זאָל פאָרן קיין פּראַג, דאָרט און דאָרט זאָל ער נעמען גראָבן, וועט ער געפינען אַן אוצר.

געזעגנט זיך ר׳ אייזיק און פאָרט און קומט אָן קיין פּראַג און אַ וואונדערלעכע זאַך: ער איז קיינמאָל פריער נישט געווען אין פּראַג, און דאָך דערקענט ער די גאַסן

און ער זוכט אָפּ גענוי דאָס אָרט וואָס ער האָט געזען אין חלום און ער קויפט אַ גראָבאייזן און הויבט אָן גראָבן.

אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן גראָבן, קומט צו צו אים אַ פּראַגער גוי און זאָגט צו אים: — וואָס גראָבסטו דאָ? ענטפערט ר׳ אייזיק: — איך זוך דאָ אַן אוצר און אויב דו וועסט מיר צוהעלפן גראָבן און זוכן און אַז מיר וועלן געפינען, וועסטו זיין אַ שותף.

זאָגט דער גוי צו ר׳ אייזיקן: — אומזיסט איז דאָ דיין זוכן; מיר האָט זיך געחלומט אַז איך דאַרף דאָ אַהערגיין, וועל איך דאָ טרעפן אַ אידן וואָס גראָבט און זוכט אַן אוצר, און איך זאָל אים זאָגן, אַז נישט דאָ ליגט דער אוצר, נאָר אין קראָקע און איך זאָל מיט אים פאָרן און ווייזן וואו דער אוצר ליגט און דאָרט וועלן מיר אים געפינען.

הידושט זיך ר׳ אייזיק, ס׳טייטש, ער קומט דאָך פון קראָקע? אָבער דער גוי טענהט אַז ער דערקענט ר׳ אייזיקן גענוי ווי ער האָט אים געזען אין חלום, באַשליסט ר׳ אייזיק, אַז ער דאַרף צוזאַמען מיטן גוי צוריקפאָרן קיין קראָקע און אַזוי האָבן זיי געטאָן און ווידער דאָס וואונדערלעכע, כאָטש דער גוי איז פריער קיינמאָל נישט געווען אין קראָקע, האָט ער פונדעסטוועגן דערקענט די גאַסן לויט ווי ער האָט זיי געזען אין חלום און ער האָט אָפּגעזוכט דעם פּלאַץ נישט ווייט וואו ר׳ אייזיק האָט געוואוינט און דאָרט האָט ער אָנגעהויבן גראָבן און טאַקע באַלד געפינען אַ גאָר גרויסן אוצר, וועלכער איז פאַרטיילט געוואָרן אויף גלייכע חלקים, דער גוי איז צוריקגעפאָרן קיין פּראַג אַ רייכער מאַן און ר׳ אייזיק האָט פאַר דעם אוצר באַשלאָסן אויסצובויען אַ גרויסע שיל און דאָס איז די ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס שיל.

אַזוי ווי מען האָט נישט געטאָרט בויען קיין שיל וואָס זאָל זיין העכער פון אַ קלויסטער האָט ר׳ אייזיק ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט אַ באַרימטן אַרכיטעקטאָר פון איטאַליע, וואָס האָט אויסגעבויט די פּרעכטיקע שיל עטלעכע מעטער טיפער פון דער גאַס, אַראָפּצוגיין אויף מאַרמאָר-טרעפּ, אַזוי, אַז אינדרויסן איז די שיל אויך געווען נידעריק, אָבער אינעווייניק, איז זי מיט עטלעכע מעטער העכער און די ווענט זיינען מיט אַזעלכע מאָלערייען וואָס שאַפן פּערספּעקטיוו און די שיל זעט פון אינעווייניק אויס צוויי מאָל אַזוי הויך ווי זי איז אין דער אמתן.

די שיינקייט פון דער ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס שיל האָט נישט איינמאָל אין די אַלטע צייטן אויפגעברויזט די געמיטער פון די קראָקעווער אַנטיסעמיטישע סטודענטן און יעזואיטן, און זיי האָבן אָפּט דורכגעפירט די אַזויגערופענע „שילער-געלויפן", וואָס זיינען געווען דאָסזעלבע ווי אין הייגטיקע צייטן — עקסצעסן און אַפילו פּאָגראָמען און איינמאָל האָבן די אַנטיסעמיטן באַשלאָסן צו דעמאָלירן און חרוב מאַכן די שיל און דעמאָלט האָט אים דער „תוספות יום-טוב" געגעבן אַן עצה, אַז עטלעכע טרעגער-יונגען זאָלן זיך אָנטון אין ווייסע תכריכים און זיך שטעלן אויף דער מויער פון אַלטן בית-עולם, וואָס געפינט זיך פּונקט קעגן דער מזרח-זייט פון דער שיל און ווען די אַנטיסעמיטישע סטודענטן האָבן זיך דערנענטערט און געוואָלט זיך נעמען צו דער אַרבעט פון חרוב מאַכן די שיל, האָבן זיך פּלוצלינג די טרעגער-יונגען אָנגעטאָן אין ווייסן, אַ וואָרף געטאָן פון דער בית-עולם-מויער אויף די סטודענטן און די סטודענטן האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זיי זיינען אַנטלאָפן אין גרויס פּאַניק און געלאָזן אַ

היבש ביסל פאַרוואונדעטע און זייט דעמאָלט, האָט שוין קיינער פון זיי נישט געוואַגט צו טשעפּען מיט דער ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס שיל.

## אַ קופּע מיסט וואָס לאָזט זיך נישט אָפּרייניקן פון פּלאַץ

אויך די „קופּאַ״-שיל האָט אַ לעגענדאַרישע סיבה פאַר איר שאַפונג.

די קופּאַ-שיל איז אַ גרויסע פיר-עקיקע געביידע, פעסט, כאָטש אַלט און די צייט האָט זי שוין באַוויזן איינצוהילן אין לעגענדעס.

אויף דעם פּלאַץ וואו די קופּאַ-שיל שטייט, איז אַמאָל געלעגן אַ גרויסע קופּע מיסט וואָס וויפל מען האָט זיך נישט באַמיט אָפּצורייניקן די קופּע, האָט עס זיך נישט איינגעגעבן און עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אַף דעם פּלאַץ האָט מען אַמאָל פאַרברענט עטלעכע אידן און אונטער דער קופּע ליגט נאָך דאָס אַש פון די פאַר־ברענטע קדושים און דערפאַר קאָן מען די קופּע נישט אָפּרייניקן.

די קלאַנגען האָבן זיך באַלד אויסגעשמידט אין אַ גלויבן און מען האָט אָנגעהויבן זאָגן, אַז מען זאָלט באַדאַרפט אויף דעם פּלאַץ אויפבויען אַ שיל און ווי נאָר מען איז צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, האָט מען געזען באַשיינפּערלעך, ווי די קופּע ווערט קלענער און פאַרשווינדט אַזוי ווי פון זיך אַליין...

און אַזוי האָט מען אויפגעבויט די נידעריקע, אָבער שיינע קופּאַ-שיל, וואָס האָט זיך אין די ליכטיקע אָנהויב-יאָרן פון היינטיקן פינצטערן יאָרהונדערט אויסגעצייכנט מיט איר וועלט-באַרימטן חזן „לייזערקע״ גאָלדבערג, וואָס זיינע קאָמפּאָזיציעס זיינען געוואָרן וועלט-באַרימט און מיט זיין משורר, יוסף מאַן, וואָס איז שוין אַלס באַרים־טער פּוילישער אָפּערן-זינגער, נאָך אַלץ געקומען אויף ימים-נוראים צו לייזערקען אין קופּאַ-שיל און מיטגעזונגען אַלס משורר.

## דער „דייטשער״ טעמפּל

מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם טעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער מעט-גאַס (מיאָדאָוואַ) און פאַדבזשעזשע און מיינט נישט, אַז וועגן דאָזיקן טעמפּל איז נישט פאַראַן קיין לעגענדע.

אָבער איידער איך דערצייל די לעגענדע, וויל איך דערמאָנען די באַציאונג פון די פרומע אידן אין קראָקע צום דאָזיקן טעמפּל.

אַמאָל האָט אין דעם טעמפּל געשפּילט אַן אָרגל און אַ פרויען-כאָר האָט געזונ־גען אָדער ווי די חסידים האָבן געפלעגט זאָגן — „געבלעקעצט״ און די חסידים האָבן בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז אין דער אידישער גאַס, זאָל פּרייטיק-צו־נאַכט שפּילן אַן אָרגל און אַז אידישע תפילות זאָלן אויסגעזונגען ווערן פון נקבות. האָט זיך טאַקע געמאַכט, אַז היציקע חסידים זיינען איבערגעפאַלן די טעמפּל-אידן בעתן אַרויסגיין פון טעמפּל און גערן אָדער אומגערן, די טעמפּל-אידן האָבן אָפּגעשאַפט דאָס אָרגל-שפּילן אום שבת.

אָבער די חסידים האָבן אַלץ געוויכט פון טעמפּל און זיי האָבן אויסגעמיטן צו

גיין אין דער זייט וואו דער טעמפל איז געווען און זיינען באַדאי געגאַנגען ווייטער, אַבי אויסצומיידן אַ נאָנטקייט מיט דעם אַפּיקורסישן הויז „וואָס מאַכט נאָך די קלויסטערם".

און איצט וועגן דער לעגענדע:

די געביידע פון טעמפל איז געווען אַ גרויסע און אַ שיינע, אָבער עפּעס צוליב אַ פעלער אין בוי פון פונדאַמענט, האָט זיך די גאַנצע מויער, פונקט אינדערמיט געביידע, דורך און דורך געשפּאָלטן און וויפל מען האָט דעם שפּאַלט פאַרקאַלכט און פאַרגיפּסעוועט, דער שפּאַלט איז אַלץ געבליבן.

האָבן חסידים דערציילט, אַז דער שפּאַלט נעמט זיך פון אַ קללה וואָס דער אַלטער סאַנדזער צדיק ר' היימל האַלבערשטאַם האָט געוואָרפן אויפן טעמפל. דאָס האָט געזאָלט זיין באַלד נאָכדעם ווי דער טעמפל איז פאַרטיק געוואָרן; דעמאָלט איז גראָד דער סאַנדזער רבי געקומען קיין קראָקע און ווען ער איז פּריוויטיק-צו-נאַכט געגאַנגען פון בית-המדרש צום גביר וואו ער איז איינגעשטאַנען, האָט ער געהערט דאָס „בלעקעצן" פון דעם פרויען-כאָר אין טעמפל און דעמאָלט, ווען חסידים האָבן זיך באַקלאָגט פאַר אים, אַז די „דייטשן" האָבן זיך דאָ אויפגעשטעלט אַ טעמפל אַזוי ווי אַ קלויסטער, האָט דער סאַנדזער רבי פאַרשאָלטן דאָס טעמפל און באַלד אויף צומאָרגנס האָט זיך באַוויזן דער שפּאַלט און חסידים זיינען זיכער, אַז דער שפּאַלט ווערט כסדר גרעסער און אַז אַ ליאַדע טאָג וועט די געביידע פון טעמפל האָבן דעמזעלבן סוף ווי די „איינגעזונקענע חתונה" אויף דער הויכער-גאַס.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך נאָך צוגעבן, אַז אין דעם טעמפל, איז דער איינציגער פון דער גרויסער אידישער דרוקעריי און פאַרלאַג, יוסף פישער, געווען חזן און שפּעטער האָט זיין פלאַץ פאַרנומען דער אַנגאַזשירטער אָבער-קאַנטאָר פון בעהמען, סאַן דיווינסקי.

אין דעם טעמפל האָט דר. יהושע טאָן געהאַלטן זיינע ערשטע ציוניסטישע רעדעס אויף פּויליש און אויף דייטש און די אַסימילאַטאָרן האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף אים צו באַזייטיקן פון ראַבינער-אַמט, אָבער זיינע שיינע און גייסטרייכע רעדעס האָבן געווינען אַ גרויסע אָנהענגערשאַפט און די אַסימילאַטאָרן זיינען געווען צו שוואַך אים צו קענען באַקעמפן, האָבן זיי בלויז פאַרלאָזן די פלעצער ווען דר. טאָן האָט אָנגעהויבן דרשנען און זיי האָבן שפּאַצירט אין דעם שיינעם טעמפל-גאָרטן ביז דר. טאָן האָט פאַרענדיקט.

פינדעסטוועגן, כאָטש די אַסימילאַנטן זיינען אַרויס, איז דער טעמפל אין דער צייט פון דר. טאָנס פּרעדיקן, געווען פול געפּאַקט, ווייל כאָטש די חסידים האָבן דעם טעמפל געהאַלטן ווי אין חרם, זיינען אָבער אַ סך פון די האַלב און גאַנץ-פאַרגעשרייטענע קינדער פון די חסידים, דווקא (און דאָס בגנבה...) געגאַנגען אין טעמפל ספּעציעל כדי צו הערן די שיינע רעדעס פון דר. טאָן.

## קלויסטערם אין אידישן טייל פון קראָקע

מיר הויבן אָן פון דעם קלויסטער „סקאַלקי", וואָס האָט זיך געפינען טיף אויף מעריב, הינטער דער קראַקאָווסקאַ-גאַס, פאַזע די ווייסל.

די „סקאַלקי" איז געבויט געוואָרן באַלד נאָכדעם ווי ר' אייזיק ר' יעקעלעס שיל איז פאַרטיק געוואָרן.

דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען די סטודענטן האָבן געוואָלט הרוב מאַכן די שיל און ביי דער געלעגנהייט מאַכן אַ שטיקל פּאָגראָם, נאָר זיי האָבן זיך איבערגעשראָקן פאַר די טויטע פון אַלטן-בית-עולם, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען און אין זייערע ווייסע תכריכים האָבן זיי אָנגעהויבן שפּרינגען איבער דער מויער פון בית-עולם, גרייט אויסצוהרגענען אַלע סטודענטן.

די געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ בהלה צווישן די אַנטיסעמיטן און כדי צו פאַרווישן זייער דורכפאַל, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ קאַמפּיין, אַז די קראָקעווער גויים דאַרפן אויסקויפן זייער זינד פאַר לאָזן אויפבויען די ר' אייזיק שיל — מיט דעם אויפבוי פון אַ גרויסן קלויסטער און די אַגיטאַציע האָט געווירקט, אַז גויים האָבן פון די אַרומיקע פאָדגוזשער בערג אָנגעהויבן אויסהאַקן שטיקער „סקאַלעס" (פעלזן) און זיי האָבן די „סקאַלקים" געבראַכט אויפן פּלאַץ וואו עס געפינט זיך היינט דער גרויסער קלויסטער און פון די אָנגעבראַכטע שטיינער האָט מען אויסגעבויט דעם גרויסן קלויסטער.

דער צווייטער גרויסער קלויסטער איז געווען אויף דער „באָזשע-צשיאַלאַ-גאַס" וואָס האָט זיך געצויגן ווייט אַרונטער אויף דער וואווזשינצא און מיט אַ סך לעגענדעס אַרומגעוועבט איז געווען די „געלע טומאה" וואָס נעבן די באָניפראַטן, אויף דער קראָקאָווסקאַגאַס, פונקט אַנטקעגן צווישן דעם מושב-זקנים און די קולטוס-געמיינדע.

די „געלע טומאה" האָט אַמאָל געמוזט זיין געמאָלן אויף געל, אָבער כאָטש מען זעט היינט נישט אויף איר קיין סימן פון געלקייט, רופט מען זי נאָך אַלץ די „געלע טומאה" און מען דערציילט זיך אַן, אַז בעת אַ מלחמה, ווען קראָקע איז געווען באַלאַגערט, האָבן די גלחים פון דער געלער טומאה געעפנט די טויערן פון קלויסטער, אַז די אידן זאָלן זיך דאָרט קענען אויסבאַהאַלטן פון שונא און דער שונא האָט דערפאַר געשאָסן מיט קאַנאָנען אויף דער טומאה, נאָר די קוילן האָבן נישט געקענט דורכברעכן די מויערן און איין קויל איז אַפילו צום זכר געבליבן שטעקן אויפן פראָנט אין דער מויער און מען זעט די גרויסע שוואַרצע קאַנאָנען-קויל ביז צום היינטיקן טאָג אויפן פראָנט פון קלויסטער.

נעבן דער געלער טומאה, געפינט זיך היינט די גרויסע געביידע פון „באָניפראַטן-שפּיטאָל", אין וועלכן אַלע, סיי די דאָקטוירים ווי די קראַנקן-וועכטער און שוועסטער, זיינען אַבסאָלוט גלחים און מאַנאַשקעס און ווייזט אויס, אַז די גלחים פון דער געלער טומאה האָבן איבערגעלאָזן פון יענער אַלטער צייט דעם גוטן געפיל, אַז אידן זאָלן האָבן צוטרוי צו די גלחים און די מערסטע פון די אינטערנירטע קראַנקע אין באָניפראַטן-שפּיטאָל זיינען געווען אידן.

## אַנדערע זענסטווערטיקייטן אין קראָקע

זיינען מיר שוין אויף אַ ווייל מיט אונדזערע געדאַנקען אין קראָקע, וואָלט געווען אַן עולה, נישט אַ קוק צו טאָן אויך אַביסל ווייטער, אויסער דעם אידישן פירטל,

נאָך דערצו, ווען אויך די איבעריקע שטאָט־טײלן האָבן פון סוף פאָריקן און אָנהויב הײַנטיקן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אויפנעמען אַלץ מער אידן און אידישע געשעפטן האָבן זיך דאָרט געמערט פון טאָג צו טאָג.

## דער קלויסטער פון די שאַמראַטס

אײנע פון די עלטסטע אידישע פאַמיליעס אין קראָקע, זײַנען געווען די שאַמראַטס.

די פאַמיליע שאַמראַט האָט זיך דורך שידוכים פאַרצווײַגט מיט אַנדערע אַלטע אידישע פאַמיליעס פון קראָקע, ווי די פרײַלעכס, קאַרמעלס, אַניספעלדס, צוקערס, לאַנדאַוס, לינדבאַומס און באַומינגערס, וואָס יעדע פון די דערמאָנטע פאַמיליעס האָט געהאַט אַ גרויסע געשיכטע פון איבערלעבונגען אין אַלטע צײַטן, אָבער קיין אײנע פון זיי האָט נישט געהאַט אַזאַ אינטערעסאַנטע געשיכטע ווי די שאַמראַטס מיט זײער קלויסטער.

איז דאָך אַ פראַגע, ווי קומט עפּעס אַ קלויסטער צו די שאַמראַטס?

איז די מעשה אַזוי:

מיט דרײַ הונדערט יאָר צוריק, האָט אײנער אַ זיידע פון די שאַמראַטס, געקויפט אַ פּלאַץ (הײַנט איז עס אויף דער דיטלס־גאַס) און דאָרט אויפגעשטעלט אַ שיל.

זײַנען ווי געוויינלעך געקומען גלחים און פּראָטעסטירט און אָנגעהויבן אַ פּראָצעס און דער פּראָצעס האָט זיך פאַרצויגן, פּאַפּירן זײַנען געגאַנגען צום קעניגלעכן געריכט און אויף יעדן אורטייל האָט מען אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע, האָט זיך דער פּראָצעס געצויגן, צוזאַמען מיט ירושות האָבן די שאַמראַטס אויך געירשנט די רעכט צום ווײַטער פירן דעם פּראָצעס און ענדלעך האָט מען געאורטיילט, אַז די שיל גע־הער צו די גלחים און זיי האָבן שנעל די שיל פאַרוואַנדלט אין אַ קלויסטער און זיי האָבן זיך געגרייט צו פּראַווען אַ גרויסן יום־טוב צו דער דערעפענונג פון קלויסטער.

האָבן אָבער די שאַמראַטס אויך נישט געשוויגן, אויב זיי האָבן פאַרלוירן די שיל, האָבן זיי אָבער נישט פאַרלוירן זייערע רעכט אויף דעם פּלאַץ אַרום דער שיל, וואָס זיי האָבן געהאַט קויף־שײַנען אויף דעם.

האָבן די שאַמראַטס געלאָזן אויסבויען אַ געמויערטן פּלויט און ווען די גלחים זײַנען געקומען בראש פון גאַנצע פּראָצעסיעס אויף דעם יום־טוב פון חנוכת־הבית פון זייער דעראָבערטן קלויסטער, האָבן זיי געזען אַז דער קלויסטער איז אַרומגע־מויערט מיט אַ דיקער מויער און וועכטער שטייען אַרום און היטן אָפּ, אַז קיינער זאָל דאָרט נישט אַרײַן.

זײַנען גלחים אַרײַן אין אַ שרעקלעכן כעס, זיי האָבן געוואָלט אָנרייצן דעם המון, אַז מען זאָל זיך אַרײַנרײַסן אויף כוח, אָבער די וועכטער די אידישע זײַנען געווען שטאַרקע און די גוים האָבן זיך געמוזט צוריקציען און זייער יום־טוב איז צעשטערט געוואָרן.

די גלחים האָבן אָנגעהויבן אַ נײַעם פּראָצעס, אָבער די שאַמראַטס האָבן אויפ־געוויזן, אַז אויב אַפילו מען האָט בײַ זיי צוגענומען די שיל, האָט מען דאָך זיי אָבער נישט צוגענומען דעם איבעריקן פּלאַץ און זיי האָבן זיך געמעגט אויפבויען אַ פּלויט

און קיינער האָט נישט קיין רעכט זיי צו צווינגען, אַז זיי מוזן דורכלאָזן מענטשן דורך זייער ערד...

ווידער האָט זיך פאַרצויגן אַ פּראָצעס, ווידער האָבן די שאַמראַטס געווינען, ווי־דער איז דאָרט געוואָרן אַ שיל, אָבער ווידער האָבן די גלחים אַפּעלירט און דער פּראָצעס האָט זיך ווייטער פאַרצויגן און אַזוי, דערציילט מען, האָט זיך דער פּראָ־צעס געצויגן קנאַפּע דריי הונדערט יאָר און פאַקטיש איז דער ענין געבליבן אין די געריכטן אויף אַ טויטן פּונקט און מיר געדענקען דעם פּלאַץ אויף דער דיטלס־גאַס, אַרומגעבויט מיט אַ געמויערטן פּלויט, איז דאָרט אינעווייניק פאַראַן אַ גרויסע געביי־דע מיט אַ קופּאָל, אָבער אָן אַ צלם און אָן אַ מגן דוד, ווייס מען נישט פונדרויסן צי איז עס אַ שיל, צי איז עס אַ קירכע, אָבער ווען מען קומט אַריין אינעווייניק, זעט מען אַז דאָרט איז נישט קיין שיל און נישט קיין קלויסטער, נאָר אַ מאַגאַזין פון אייזן. דער מאַגאַזין פון אייזן האָט אין אונדזער צייט, געהערט צו דער פירמע שאַמראַט עט פרייליך.

## אויפן וועג צום רינג־פּלאַץ

זיי שוין פריער דערמאָנט, איז דער אָפיציעלער אידישער שטאָט־טייל געווען ביז צו דער דיטלס־גאַס. אָבער זינט די לעצטע יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און אָנהויב היינטיקן, האָבן זיך אידישע געשעפטן אויסגעשפּרייט ווייטער און ווייטער, איבער סטראַדאָם, גראָדזקאַ, ביז צום רינג־פּלאַץ און אַפילו נאָך ווייטער, איבער דער פלאָ־ריאַנסקאַ־גאַס ביז צום פלאָריאַנער טויער (בראַמאַ פלאָריאַנסקאַ) און אַפילו ביז צום פּלאַץ מאַטעיקאַ.

דער סטראַדאָם איז שנעל געוואָרן אינגאַנצן אידיש, אָבער צווישן סטראַדאָם און גראָדזקאַ, איז געווען דער „וואַוועל”, דער אַלטער שלאָס און פעסטונג, וואו אַלע פּוילישע קעניגן און אַלע היסטאָרישע רעליקוויעס פון אַמאָליקן פּוילן זיינען אויפ־געהיט געוואָרן און דאָרט איז געוואָרן די גרעניץ פון אידישן פירטל, דאָס הייסט נישט פון די אידישע געשעפטן, נאָר פון די אידישע פּריוואַט־וואוינונגען, וועלכע זיינען אַלין געבליבן אין אידישן פירטל, האַלטנדיק פון שפּריך־וואָרט: — האַגדל צווישן גויים, נאָר וואוין צווישן אידן.

נאָכן „וואַוועל” האָט זיך אָנגעהויבן דער צענטער פון שטאָט קראָקע.

די גראָדזקאַ־גאַס מיט דעם קלויסטער מיט די "צוועלף מענער” (די פּראָנט־מויער פאַר דעם קלויסטער איז געווען באַצירט מיט סקולפּטורן פון די צוועלף אַפּאָסטאָלן) און דאָס ציווילע געריכט־הויז וואָס געפינט זיך בשכנות מיט דעם קלויסטער, דאָס איז געווען דער ווייטסטער פּלאַץ ווי הדר־אינגלעך האָבן געוואַגט צו שפּאַצירן אין די ראש־חודש נאָכמיטיקס ווען מען איז נישט געגאַנגען אין חדר. אויב ווייטער, האָט מען שוין געמוזט פאָרן מיטן טראַמוויי, כדי מען זאָל נישט מורא האָבן פאַר שקצים, איז מען געפאָרן מיטן טראַמוויי, אַרויסגעקוקט דורכן פענצטערל און געזען ווי דער טראַמוויי קערעוועט זיך אַריין פון דער גראָדזקאַ־גאַס אויפן רינג־פּלאַץ, די אידישע קינדער האָבן זיך געפרייט זעענדיק איבערן גאַנצן וועג אויף ביידע זייטן גאַס אידישע

געשעפטן פון אַלע מינים סחורות מיט די גרויסע שוי־פענצטער און קומענדיק אויפן רינג־פּלאַץ, האָט מען געקוקט צו דעם שיינעם „פּאָמניק" פון אַדאַם מיצקעוויטש, וואָס איז געשטאַנען געשטערקט קעגן דער שעננאַ־גאַס (היי־גאַס) און קעגן דער מאַריאַצקאַ קירכע וואָס האָט געהאַט אַן אומגעהויער הויכן טורם, אויף וועלכן אַ וועכטער האָט אויסגעשפּילט מיט אַ טרומייט יעדע שעה אַ ספּעציעלן ניגון וואָס האָט זיך געהערט ווייט און ברייט אויף אַלע פיר זייטן שטאָט.

## צום פלאָריאַנער טויער

עס האָט זיך געמאַכט, אַז גאַנץ אָפט זיינען מיר בעת אַזעלכע טראַמוויי־שפּאַצירן אַראָפּגעשטיגן אויפן רינג־פּלאַץ, כדי צו קענען באַטראַכטן דעם מאָנומענט מיצקעוויטש, אויך כדי צו זען די „סוקיעניצעס" (דאָס טוך־הויז), אַ געביידע מיט טויערן וואָס איז געשטאַנען פונקט אינדערמיט רינג־פּלאַץ און געהאַט אַריינגענג אין אַלע זייטן און אינעווייניק איז געווען אַן אמתער יריד פון סוחרים מיט געשעפטן אין קוגים פון שטאָט און פּראָווינץ.

די סוקיעניצעס האָבן אויך געהאַט זייער לעגענדע. מען האָט דערציילט, אַז מיט אַ סך אַ סך יאָרן צוריק, ווען מען האָט געטריבן אידן פון דייטשלאַנד, זיינען אַ סך פון זיי געקומען קיין קראָקע און זיי האָבן דאָס אויפגעבויט די סוקיעניצעס, אָדער ווי זיי האָבן עס גערופן: — דאָס „טוך־הויז" וואו זיי האָבן איינגעאָרדנט אַן אויסשטעלונג פון אַלע מינים שניט־סחורות און זייט דעמאָלט זיינען די סוקיעניצעס געבליבן אַלס שטאָטיש געשעפט־הויז וואו מען דאַרף זיך סטאַרען צו באַקומען אַ קאָנצעסיע דאָרט צו האַנדלען און אונטער עסטרייך, האָבן די גרעסטע צאָל געשעפטן אין „טוך־הויז" געהערט צו אידן, אָבער אונטער פּוילן האָט מען שוין צו אידן קיין קאָנצעסיעס נישט אַזוי לייכט געגעבן, דאַקעגן האָט מען הורך פאַרגרעסערטע שטייערן געזוכט די אידישע סוחרים פון דאָרט אַרויסצושטויסן.

אויפן קראָקעווער רינג־פּלאַץ איז געווען געגוג וואָס צו זען.

אַ חוץ דאָס אויסגערעכנטע, האָט זיך דאָרט געפינען די ליניע „א־ב", דער אָוונט־שפּאַציר־פּלאַץ פאַר דער אַריסטאָקראַטיע און פאַר אָפיצירן מיט זייערע דאַמען; דאָרט האָבן זיך געפונען די רייכע קאַפע־הייזער ווי „עספּלענאַדאַ", „נאָוואָראָלסקי", די באַרימטע אַלט־פּוילישע פירמעס „האַוועלקי" און „שיקאָרסקי" וועלכע שטאַמען פון אידן אין ביי וועמען עס קומט זיך צונויף די פּוילישע „שליאַכטע" וואָס געהער צו דער ענדעקישער פּאַרטיי...

נאָך דער היי־גאַס און „וויעזשאַ מאַריאַצקאַ" הויבט זיך אָן די פלאָריאַנסקאַ־גאַס, וואָס ציט זיך לענג־אויס ביז צו דער דיקער פעסטונגס־מויער מיטן באַרימטן אַלטן פלאָריאַנער טויער, וואָס האָט הינטער זיך אַ היסטאָריע פון הונדערטער יאָרן רום און שמאַך...

הינגן „וואַוועל", וואו עס שוועבט נאָך אַרום די אַלטע לעגענדע פון קראַקוס און ווַאַנדאַ און וואו דער „סמאָק" ליגט אין דער „סמאָטשאַ יאַמאַ" און וואו עס שטייט די קירכע מיטן גאָלדענעם דאַך, וועלכן מען האָט מלחמה־צייט געוואָלט אַראָפּנעמען



א פּרעכטיק בילד פון ר' נתן בר' שלמה שפּירא, דעם מחבר פון באַרימטן
קבלה־ספר „מגלה עמוקות" (1633 - 1585).

פאַר מלחמה־צוועקן, נאָר קראָקעווער באַפעלקערונג האָט דעם דאַך געראַטעוועט מיט אַ גרויסן אויסלייז־געלט... וועגן די אַלע אַלט־קראָקעווער אַנטיקן, די סטאַטועןפון די „צוועלף מענער" וואָס מאַנכע האָבן געזאָגט, אַז דאָס זיינען זיי אָן אָנווייז פון די צוועלף געשוואוירענע ריכטער וואָס דאַרפן משפטן און אַנדערע — אַז דאָס זיינען די אַפּאָסטאָלן און ווייטער דעם רינעק, די סוקיעניצעס, מאַריאַ־קירך, מיצקיעוויטשעס דענקמאָל אויפן רינג־פּלאַץ און די פלאָריאַנסקאַ, וועגן **דעם** קראָקע וואָס **אויסער** דעם אידישן טייל, אַפילו וועגן דעם באַרימטן יאַגעלאָנער אוניווערזיטעט (אוניווערזיטעט יאַגעליאָנסקי), צוליב וועלכן מען האָט מיט הונדערטער יאָרן צוריק רעקווירירט שולבניניב און אַנדערע אידישע הייזער און צום סוף פאַרטריבן די אידן פון יענער געגנט קיין קוזמיר אין געטאָ (היינטיקער קאַזשמיעזש) און וואו קאָפּערניק האָט נאָך שטודירט, וועגן די קראָקעווער שטאָט־טיילן זיינען שוין הונדערטער ביכער געשריבן געוואָרן און עס איז נישט מיין אויפגאַבע דאָ די אַלע זאַכן ברייטער צו שילדערן.

עס איז גענוג אונטערצושטרייכן אַלס סך־הכל, אַז די אידישע געשעפטן אין קראָקע זיינען ארויס פון געטאָ אין אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און ביז 1914 האָבן זיך די געשעפטן געררוקט ווייטער און ווייטער ביז צום רינג־פּלאַץ. מלחמה־צייט פון 1914־18 האָבן זיך די אידישע געשעפטן גערוקט נאָך ווייטער, ביז צום פלאָריאַנער טויער און נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן, טראָץ דעם אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט זיך אויך אין קראָקע שטאַרק מאַניפעסטירט, האָבן זיך די אידישע געשעפטן אַריבערבאַקומען נאָך ווייטער אויף דער צווייטער זייט פון פלאָריאַנער טויער, אויף פּלאַץ מאַטעיקאָ (וואו עס געפינט זיך דער פּאָמניק „יאַגעלאָ") העט וויט, ביז צו דעם אַלטן און נייעם באַנהאָף און אויך אין די אַרומיקע פאָרשטעט ווי גזשעגוזשקי, זוויערזשינייעץ, דעמבניקי, קראָוואָדזשע און לאָבזאָוו, וואו עס שטייען נאָך סימנים פון דעם שלאָס פון קעניג קאַזשמיעזש דעם גרויסן און וואו עס רוען, לויט אַ לעגענדע — די רעשטן פון־דער אידישער קעניגן אסתּר.

## גערהער קראָקע צו גאַליציע?

נאָך אַלס קינד האָב איך געהערט, אַז קראָקע איז נישט גאַליציע, נאָר „וואַלנע, סטאָלאָוע, מיאַסטאָ קראַקאָוו" (פרייַשטאָט קראַקאָוו).

קראָקעווער האָבן זיך געהאַלטן פאַר מיוחסים. זיי האָבן געשאַצט, אַז די ווייסל איז די גרעניץ צווישן קראָקע און גאַליציע און די שטאָט פּאָדגוזשע וואָס געפינט זיך האַרט נעבן קראָקע אויף דער צווייטער זייט ווייסל, וואָס בלויז אַ הילצערנע בריק (שפּעטער אויך אַנדערע צוויי בריקן) פירט אַריבער אַהינצו, האָט מען שוין אין קראָקע באַטראַכט פאַר גאַליציע.

אין קראָקע האָט מען זיך געווערטלט איבער גאַליציאַנער און מען האָט געהאַט אומצוטרוי צו „פוילישע". פוילישע האָט מען גערופן די אַלע אידן פון רוסיש פוילן.

און נאָך האָט מען זיך אין קראָקע געווערטלט, אַז ווען אַ קראָקעווער באַלעבאָס האָט אַ טאָכטער אַ בוגרות וואָס ער קאָן מיט איר נישט אַזוי לייכט קיין שידוך טאָן, גייט ער אַ „פינטעלע דערונטער" און ער הייסט זיך ריידן שידוכים פון פוילן און ווען

עס האַנדלט זיך וועגן אַ „נישט ליטוישן בחור", טוט מען שוין אַ „פינטעלע דערנ־טער" נעמענדיק פאַר אים אַ כלה פון גאַליציע...

און ווייל קראָקע האָט זיך אַזוי שטאַרק געהאַלטן אין דער מעלה, האָבן זיך גאַ־ליציע און פוילן נוקם געווען און אָנגערופן די קראָקעווער — „נאַשער" און נאַראָנים.
מען האָט געזאָגט, אַז די קראָקעווער האָבן ליב אַ סך זיסע זאַכן און זיי עסן אַפילו הערינג מיט לעקעך און „לקח" מאַכט לינסק, קראָקע, כעלם...

דאָס איז געווען די נקמה, וואָס גאַליציע און פוילן האָבן גענומען אָן קראָקע, שטעלנדיק זי צווישן די צוויי „קלוגע" שטעט...

אויך דער דיאַלעקט איז געווען אין קראָקע אַנדערש ווי אויסער קראָקע.
אייגנטלעך, האָבן די אידן אין קראָקע גערעדט אויף צוויי שפּראַכן, אידיש און פּויליש, אָבער ווייסט איר ווי אַזוי? די מענער האָבן גערעדט אידיש און די פרויען פּויליש: די זין האָבן געלערנט אין בית־המדרש און אין ישיבה און די טעכטער זיינען געגאַנגען אין די „שקאָלעס" און עס איז נישט קיין נייעס, אַז אַ טעכטערל זאָל קומען צום טאַטן אין שיל אַריין און אויסרופן: — טאַטונטשו, כאָדזש פּרענדקאָ דאָ דאָמו, באָ מאַמושאַ זאַכאָראָוואַלאַ"... דער טאַטע האָט אָפּטמאָל נישט פאַרשטאַנען וואָס די טאָכטער זאָגט און עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט קאָמישע סצענעס בעת אַזעלכע דיאַלאָגן וואָס זיינען געפירט געוואָרן פון טאַטן אויף אידיש און פון דער טאָכטער אויף פּויליש.
דער קראָקעווער אידישער דיאַלעקט, איז געווען אַן אייגנטימלעכער.

ער האָט זיך אונטערשיידט פון דעם וואַרשעווער דערמיט, וואָס אין וואַרשע האָט מען געזאָגט „גאַין" און „שטאַין" און אין קראָקע — גיין און שטיין, נישט צעצויגן נאָר די צוויי יידן האָבן זיך געלייענט ווי „צייט" און „וויט"..

עס איז געווען אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט דעם גרויסן חילוק אין דיאַ־לעקט פון קראָקע, ביז אַ שעה רייזע רעכטס פון קראָקע און אַ שעה באַן־רייזע — לינקס פון קראָקע.

באָכניע, איז געווען אַ שטעטל וואָס האָט זיך געפונען אויף דער גאַליצישער זייט. בלויז איין שעה באַן־רייזע פון קראָקע, האָט מען דאָרט גערעדט און געזאָגט:

— „וועלן מיר געין, קויפן פלעיש אָן בעינער".

אין קראָקע האָט מען געזאָגט:

— „וועלן מיר גיין קויפן פלייש אָן ביינער".

און אין קשאַנאָוו, אַ שעה רייזע פון קראָקע צו דער עסטרייכישער און דייטשער גרעניץ צו, האָט מען געזאָגט: — „וועלמער גאַן קאַפן פלאַש אָן באַנער"...

## געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פאַריינען אין קראָקע

נאָכן אויסרעכענען די שילן מיט זייערע לעגענדעס און ווירקלעכקייטן, וואָלט גע־זען אַ גרויסע עולה, נישט צו וואַרפן אַ בליק אויך אויף די קראָקעווער געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס און פאַריינען.

מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם מושב־זקנים, וואָס געפינט זיך ביים אָנהויב פון דער קראָקאָווסקאַ־גאַס, ממש נעבן דער ווייסל; מיר האָבן אויך דערמאָנט די געביידע פון דער קהילה, וואָס געפינט זיך אויף דער זעלבער גאַס און פּיעקאַרסקאַ, וואו אביסל טיפער, צו די „סקאַלקים", געפינט זיך אויך דער אידישער שפּיטאָל.

מיר האָבן אָבער נישט דערמאָנט, אַז נאָך דער וועלט־מלחמה, ווען די קהילה איז אביסל מאָדערניזירט געוואָרן, זיינען אין גרויסן קהל־זאַל דורכגעפירט געוואָרן גרויסע קולטור־אַקטן און קאָנצערטן פון באַרימטע אידישע קינסטלער און אַז אין דערזעלבער געביידע איז געווען די „עזרה" און ביבליאָטעק, וואו מען האָט געטראָפן אידן, יונג און אַלט, פרומע און פאָרגעשריטענע, בלויז־קעפּיקע און אידן מיט יאַרמלקעס, ווי זיי זיינען געזעסן און שטודירט אין ביכער און ספרים, מערסטנס העברעאישע און אידישע און אויך דייטשע און פּוילישע יודאַאיסטישע ווערק.

אין דעם „עזרה"־זאַל האָט זיך אויך אויפגעהאַלטן דער „מרכז הצעירים" וואָס האָט דאָרט געהאַט דעם גייסטיקן צענטער און דורכגעפירט פּאַרטראַגן, קעסטל־אָוונטן און פאַרלעזונגען און נישט זעלטן, מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אָוונטן.

## „מחזיקי לימוד"

פּונקט אַנטקעגן דעם קהילה־בנין האָט זיך אין צוויי פּריוואַט־שטיבער געפונען דער פאַריין „מחזיקי־לימוד".

דאָס זיינען געווען יוגנטלעכע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, קינדער פון פרומע היימען, וועלכע האָבן געוואָלט פאַראייניקן אַרבעט מיט פרומקייט און געפאָדערט סאָציאַלן יושר לויט די פאַרשריפטן פון תורת משה.

די מחזיקי־לימודניקעס האָבן אָנגעפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע צווישן יוגנטלעכע אַרבעטער פון פרומע היימען, זיי זאָלן נישט גיין צום „בונד" און נישט צו די „פּועלי־ציון", נאָר ווייטער שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון תורה און עבודה.

די טוער ביים „מחזיקי־לימוד", זיינען שפּעטער געוואָרן וויכטיקע זיילן פאַר דער „שלמה אמונה ישראל"־אָרגאַניזאַציע.

### אידישער יוגנט־פאַריין

אויף דער וואָלניצאַ (דער פּלאַץ איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן), אין אַ נייער געביידע אַזש אויפן דריטן שטאָק, האָט זיך געפינען דער פאַריין „יוגנט", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן ערשט אין 1917, מלחמה־צייט, מכלומרשט פאַר יוגנט, אָבער זואו די פּועלי־ציון האָבן אָנגעפירט ממש אַן אונטערערדישע באַוועגונג, וואָס מלחמה־צייט האָט פאַר איר געדראָט ביז טויט־שטראָף.

יאַנקעלע קענער, פרידבערג, פרידריך, דער שרייבער פון די שורות, בעק, יונה וואָלף זילבערשטיין, זיינען געווען די הויפּט־טוער פון יוגנט־פאַריין, וואו מען האָט דורכגעפירט ליטעראַרישע אָוונטן און דיסקוסיע־אָוונטן און אויך געשאַפן אַ דראַמ־

קרייז וואָס האָט אויפגעפירט ממש ביי אומעגלעכע באַדינגונגען אין אייגענעם לאָקאַלעכל — איינאַקטערס פון שלום-עליכם, מאַרק ארנשטיין און אַנדערע.

אַזוי ווי עס וואָלט מיך צו ווייט פאַרפירט ווען איך זאָל אָנהויבן דערמאָנען מער זכרונות פון יענער צייט, גיי איך בעסער גלייך איבער צו אַן אַנדער לאָקאַל, דאָס איז דער לאָקאַל אויף דער קראָקאָווסקאַ-גאַס אויפן ערשטן שטאָק, נעבן האָטעל קעלער.

## דער אידישער אַרבעטער-בונד

דאָרט האָט זיך געפינען דער „בונד" און דאָרט האָט עס אַלעמאָל געשוויבלט און געגריבלט פון אַרבעטער, סיי יונגע ווי אַלטע און סיי מענער ווי פרויען.

אין „בונד" האָט זיך אַלעמאָל געפילט די אַטמאָספערע פון אמתע אַרבעטער, שוואַרץ-אַרבעטער אַזוי צו זאָגן. שניידערס, בעקערס, שוסטערס, קאָוואַלעס און שלאָסער, טרעגער און סטאָליאַרעס.

דורך די דריי פענצטער וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אויף דער קראָקאָווסקאַ-גאַס אַנטקעגן „לאַיטיבעקערס הויז", האָט זיך אַלעמאָל אַרויסגעריסן אַ כאָר-געזאַנג פון דעם אַרבעטער-כאָר, וואָס האָט אַקטואירט אין בונד און פון דאָרט אויס, האָבן יעדעס יאָר דעם ערשטן מאַי, אַרויסמאַרשירט די גרעסטע צאָל אידישע אַרבעטער וואָס קראָקע האָט פאַרמאָגט און נאָר אין ערשטן מאַי, בעת דער דעמאָנסטראַציע, האָט מען געקענט פעסטשטעלן, אַז די בונדיסטן זיינען גערעכט, ווען זיי רופן די פועלי-ציון — „שטיי-קראַגן-פּראָלעטאַריער"...

## פועלי-ציון און אַרבעטער-היים

ערשט נאָך דער מלחמה האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן די טעטיקייט פון די פועלי-ציון. די עלטערע טוער האָבן באַוויזן צו שאַפן אַ גרויסע אַרבעטער-קיך פאַר ביליקע מיטיקן און די אַרבעטער-קיך האָבן זיי שנעל פאַרוואַנדלט אויך אין אַן אַרבעטער-היים און זיי האָבן באַלד די פאַרטיי-אַרבעט אַריבערגעפירט פון דעם קליינעם לאָקאַל פון יוגנט-פאַריין, אין דעם גרויסן רחבותדיקן סאַלאָן פון דער **„סטזשעכא ראָבאָטני-טשאַ"**, אין אַרבעטער-היים און אַרבעטער-קיך; וואָס האָט זיך געפינען אויף דעם שיינעם פּלאַץ פון די קראָקעווער שטאָט-פּלאַנטעס, צווישן די צוויי גרויסע האָטעלן „ראָיאַל" און „ציטי".

אין דעם גרויסן סאַלאָן איז איצט אויסגעשטאַט געוואָרן אַ שיינע בינע מיט דעקאָראַציעס און דאָרט זיינען פאָרגעקומען די שענסטע אונטערנעמונגען, „ראוטן" קולטור-אַקטן, טעאַטער-פאָרשטעלונגען פון אַ גוט-פאַרמירטן דראַמקרייז, ספּעציעלע אָוונטן פון מאַריאָנעטן-טעאַטער (געגרינדעט פון זאַגאַן און דעם שרייבער פון די שורות), מיט דעם מוזיקער פּיוועשיץ און שפּעטער מיט דעם קאָמפּאָזיטאָר ברוך שפּערבער אַלס דיריזשאָרן און אין דעם סאַלאָן האָבן געגעבן זייערע פּראָפּאַגאַנדע-רעפעראַטן זרבבל, דר. יוריס, דר. יצחק שיפּער, כאָמעט, זאַגאַן און דאָרט איז זיך צונויפגעקומען דאָס בעסטע און שענסטע וואָס דאָס מאָדערנע אידישע קראָקע האָט פאַרמאָגט

און דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן, ביז עס איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי און נעכטיקע חברים זיינען זיך געוואָרן היינטיקע שונאים ממש אויפן לעבן...

## דער ציוניסטישער פאַרבאַנד

אויפן סטראַדאָם (שטרודעם) פּונקט אַנטקעגן אַ קאַזאַרמע, דאָרט איז זיך צונויפגעקומען די ציוניסטישע יוגנט (און אויך די עלטערע חברים) און דאָרט זיינען אָנגעפירט געוואָרן די וואַל־קאַמפּיינען און די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי איז דאָרט דיסקוטירט און באַשטימט געוואָרן און גאַנץ אָפט האָט מען פון דאָרטיקן זיצונגס־זאַל געזען אַרויסקומען די דאָקטוירים שמואל וואַרהאַפטיק, פעלדבלום, חיים הילפשטיין, זיי זיינען געווען צעהיצט און זיי האָבן נאָך אינדרויסן געוואָלט פאָרזעצן זייערע אַרגומענטאַציעס, נאָר די יוגנט האָט זיי אויפגענומען מיט אַפּלויזן און זיי האָבן זיך וואַרים צעשמייכלט און געקוקט מיט הנאה אויפן נייעם דור.

געווען נאָך אַ סך אַנדערע ציוניסטישע און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע קרייזלעך פון פאַרשידענע סטודענטן־קעמערלעך, אָבער די קליינע פאַריינדלעך זיינען געווען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע טיילן פון שטאָט און זיי האָבן נאָר אָנגעפירט מיט אַ טעטיקייט פאַר זייער געגנט.

## שלמה אמונה ישראל

אַט־אָ־די פּאָליטישע גרופּירונג האָט זיך ערשט געשאַפן נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה און זי האָט שנעל געשלאָגן טיפע וואָרצלען.

אין קראָקע האָט זיך דער צווייג פון דער „אגודת־ישראל" שנעל צעוואַקסן, די חסידים האָבן איינגעזען, אַז זיי מוזן אויך אָנהויבן קעמפן פאַרן דת מיט מאָדערנע מיטלען, מיט פּראָפּאַגאַנדע און מיט רעדעס און מיט עפנטלעכע אַקטן און האָבנדיק דערצו אַלע מיטלען, האָט זיך די אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט און שוין געהאַט יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיט היבשע אַקטיוון און כדי אויך נאָכצוקומען די עמאַנציפּאַציע־פאָדערונגען פון די פרומע פרויען, איז פּלוצלינג ווי איבער־נאַכט באַרימט געוואָרן די פרוי שענירער, מיט איר פּלאַן צו שאַפן אידישע מאָדערנע שולן מיט ספּאָרט־איבונגען, מיט קאָנפערענצן מיט די אַלע מאָדערנע צוגאַנגען, נאָר וואָס דען? — אויף דער באַזע פון אידישקייט און פרומקייט.

און אַט אַזוי זיינען געשאַפן געוואָרן די „בית־יעקב"־שולן, לויט וועמענס מוסטער עס זיינען געעפנט געוואָרן אַ סך אַזעלכע שולן איבער גאַנץ פּוילן און טויזנטער און טויזנטער אידישע טעכטער, וואָס פריער האָבן זיי גערעדט נאָר פּויליש, האָבן אָנגעהויבן רײדן אידיש און זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם סינטעז פון פרומקייט און וועלטלעכקייט.

די הויפּט־אָנפירער פון „שלמה אמונה ישראל" זיינען געווען **ישראל דייטשער** און **ד"ר. פייפער**, אַ מאָדערנער וועלטלעכער מענטש וואָס איז פּלוצלינג געוואָרן אַ בעל־תשובה און זיי האָבן געאַרבעט מעשים און פּשוט געוואָלט דורך צוואַנג אָנוואַרפן די

פרומקייט און זיי האָבן אַפילו געהאַט אַ „שלאָג-דיוויזיע", וואָס איז געגאַנגען זען ווי אַזוי אידן היטן אָפּ דעם שבת און זיי האָבן געשלאָגן די קרעמער, וואָס האָבן נישט באַצייטנס פאַרמאַכט זייערע געשעפטן.

פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אויך געפירט הויך-פּאָליטיק און דווקא מיט דער-פּאָלג. זיי האָבן געהאַט אַ ריזן-אָנהענגערשאַפט און ביי וואַלן, האָבן די שטימען פון די אָרגאַניזירטע פרומאַקעס געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל און מען האָט געמוזט מיט זיי איינגיין אויף פאַרשידענע הנחות און זיי האָבן באַקומען בענקלעך נישט נאָר אין קהילה, וואו זיי האָבן אַלעמאָל פּאַקטיש כמעט אַליין געקיניגט, נאָר אַפילו אין סיים, אַלס דעפּוטאַטן.

די שלמה-אמונהניקעס האָבן געזיגט ביי יעדן געזעלשאַפטלעכן קאַמף, בלויז איין מאָל האָבן זיי געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל, וואָס זיי האָבן געמוזט אַליין צוריקציִען זייערס אַ פאַרשלאָג אין קהילה.

דאָס איז געווען, ווען זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז אין יעדער מקוה זאָל זיך געפינען אַ רעגיסטריר-בוך און יעדע פרוי וואָס גייט טבילה, זאָל זיך רעגיסטרירן, דאָס הייסט — אַריינשרייבן אין בוך איר נאָמען און דאַטע, ווען זי איז געגאַנגען טבילה און ווער עס וועט וועלן איינמעלדן אַ ניי-געבוירן קינד, זאָל מוזן האָבן אַ באַשטעטיקונג פון מקוה, אַז זי איז דאָרט דעמאָלט-און-דעמאָלט רעגיסטרירט געוואָרן און דער-מיט וועט באַשטעטיקט ווערן אַז דאָס קינד איז נישט קיין ממזר...

אַ שטורם האָט זיך אויפגעהויבן אין שטאָט און נישט נאָר וואָס אַלע אַפילו בלויז מער-ווייניק פאַרגעשריטענע אידן זיינען אויפגעשטאַנען אין קאַמף קעגן אַזאַ מיטל-אַלטערלעכע תקנה פון קהל, נאָר אַפילו די פרויען פון די פרומאַקעס גופא (וועלכע זיינען אַליין געווען געלערנטע און באַלעזענע און אין תוך-גענומען — פאָרגעשריטע-נע), האָבן געקעמפט קעגן דעם טריוויאַלן פאָרשלאַג פון זייערע מענער און דאָס איז געווען דער איינציקער פאָרשלאַג וועלכן די אָרגאַניזירטע פרומאַקעס האָבן צוריק-געצויגן...

## אידישע טיפּן און פערזענלעכקייטן אין קראָקע

נישט קיין לעגענדאַרישע און נישט קיין היסטאָרישע טיפּן אָדער פערזענלעכקייטן פון קראָקע וויל איך דאָ שילדערן, נאָר בלויז די טיפּן און פערזענלעכקייטן וועלכע איך האָבן געזען און איך געדענק זיי.

קודם, די פערזענלעכקייטן וואָס זיינען געווען טעטיק אין די פּאַרטייען:

**דר. שרייבער:** אָנפירער פון „בונד" אין קראָקע. פאַר עסטרייכס צייט, געווען אַ **„זשעטפּעסאָוויעץ"** און אַפילו נישט געקענט קיין אידיש, נאָר נאָך מלחמה, ווען מען האָט באַדאַרפט פּראָפּאַגאַנדירן, האָט ער זיך אויסגעלערנט ריידן אידיש און דווקא גערעדט זייער אַ פיינעם אידיש, נאָר וואָס דען? ער האָט געטראַכט אויף פּויליש און אין געדאַנק שנעל איבערגעזעצט אויף אידיש.

מאַכט זיך איינמאָל ביי אַ גרויסן דיסקוסיע-אַקט (פאָרגעקומען אין דער „סטזשע-כאַ ראָבאָטניטשאַ" (אַרבעטער-היים), אָפּאָנירט דער דר. שרייבער אַ פּועלי-ציוניסטישן רעפערענט און ער זאָגט (איבערזעצנדיק אין געדאַנק פון פּויליש):

— מיר פאַרשטייען אייך, פּועלי־ציוניסטן; מיר פאַרשטייען אייך גוט; מיר פאַר־שטייען די פּעצעקישע תורות פון אַלף ביז זאַיען!...

אין זאַל איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער און אַ לאַנגע צייט דערנאָך, האָט מען נאָך געלאַכט דערפון, ווי אַזוי דער דר. שרייבער האָט איבערגעזעצט פון „אַ" ביז „זעט", אויף פון „אַלף" ביז „זאַיען"...

**דר. גליקסמאַן**: אויך אַ בונדישער טוער און גלענצנדער רעדנער און **פסח דעמי־ביצער**, אַ דיינס אַ זון, וועלכער איז געווען דער שאַרפסטער אָפּאָנענט קעגן די פּועלי־ציון און דר. פיינער, וועלכער האָט זיך דווקא געחברט מיט די אַנגעזעענסטע טוער פון די פּועלי־ציון, נאָר געווען איז ער אַליין אַ בונדיסט און איינער פון די טע־טיקסטע.

פון די פּועלי־ציון האָב איך שוין דערמאָנט די טוער: יאַנקעלע קענער, פרידבערג, פרידריך, די ברידער בעק, און יונה־וואָלף זילבערשטיין, האַלפּערן, גינציק, נחמן מי־פּעלעזו און וועלנער מיט זיין פרוי, וועלכע האָט שפּעטער געענדיקט אַ דראַמשול און געוואָרן אַ פּוילישע אַקטריסע.

די אַדוואָקאַטן דר. פעלדבלום און דר. ווארהאַפטיק און דאָקטאָר־מעדיצין דר. חיים הילפשטיין, זיינען געווען דאָס האַרץ און די נשמה פון דער קראָקעווער ציוניס־טישער באַוועגונג און דר. יהושע טאָן, וועלכער האָט געוואָגט אין טעמפּל פאַר די אַסימילאַטאָרן צו האַלטן נאַציאָנאַל־אידישע רעדעס, האָט געהאַט די זאַפטן מיט וועל־כע די אויסגערעכנטע ציוניסטישע לידערס האָבן זיך גענערט.

דר. שמואל ווארהאַפטיק איז שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סענאַטאָר און ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן שטאָלצן אידישן באַוואוסטזיין.

געווען נאָך אַ סך ציוניסטישע טוער, זיכער קאָן מען אויך פאַררעכענען דעם דר. שוואַרצבאַרד, וועלכער איז געווען שעף־רעדאַקטאָר פון „נאָווי דזשענניק" און דר. באַלעק, דער קריטיקער, וואָס איז געווען אַ ציוניסט און דאָך זיך געחברט נאָר מיט פּועלי־ציוניסטן; דר. מאַקסימיליאַן קאַרנרייך, אָדער קאָרען, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע טעגלעכע געגראַמטע פעליעטאָנען „זגזשיטי" אין „נאָווי דזשע־נניק", אויך ער האָט אַקטואירט אין די רייען פון די פּועלי־ציון און אַרבעטער־היים, ער האָט אויך שפּעטער איבערגעזעצט ש. אַנסקים „דיבוק" אויף פּויליש און זיין אי־בערזעצונג האָט מער אויסגענומען ווי די איבערזעצונג פון יואל יאַעלאַן (פּסעוודאָנים פון יואל דעמביצער, אַ ברודער פון פריער דערמאָנטן בונדיסט פסח דעמביצער), כאָטש יאַעלאַנס איבערזעצונג איז אפשר אין ליטעראַרישן זין געווען בעסער.

## דער אידיש־ליטעראַרישער קרייז

קיין אידישער ליטעראַטן־פאַריין האָט זיך אין קראָקע נישט געפינען; מעגלעך, אַז הען עס וואָלט געווען אַנגעהאַלטן דער שיינער אַנהויב פון אידישער ליטעראַטור אין קראָקע, די אידישע צייטונג „דער יוד", וועלכע איז דערשינען אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט; ווען די באַרימטע שרייבער אברהם רייזין, א. הייעוויאָרקע און אַ סך אַנדערע וועלכע האָבן זיך אין די זעלבע יאָרן אויפגעהאַלטן אין קראָקע, וואָלטן דאָרט געווען פאַרבליבן, אָדער ווען יונה קרעפּל, דער איידעם

פֿון יוסף פֿישער (פֿריער דערמאָנט אַלס חזן פֿון קראָקעווער טעמפּל), וואָלט ווייטער געווען אַרויסגעגעבן זיין טאָג־צייטונג „דער טאָג" מיט דער שבתדיקער ביילאַגע „עונג שבת" און זיין „אידישע אילוסטרירטע צייטונג" אַלס וואָכנבלאַט, וואָלט קראָקע זיכער געוואָרן דער אידיש־ליטעראַרישער צענטער, אָבער די אַלע דערמאָנטע זיינען אַוועק איבער דער גרויסער וועלט און יונה קרעפּל איז אַוועק קיין ווין און אין קראָקע איז געבליבן אַ קליינער קרייז פֿון די אַזוי־גערופֿענע „יודעי־חן", קיין בלאַט וואו מיטצואַרבעטן איז נישט געווען, האָט מען זיך באַגנוגנט מיט שיקן קאָרעספּאָנדענציעס קיין לעמבערג צום „טאָגבלאַט" און קיין וואַרשע צום „היינט" און צום „מאָמענט" און מאַנכע פֿון די עלטערע האָבן שוין געהאַט באַציאונגען אַפֿילו מיט די אידישע רעדאַקציעס פֿון אַמעריקע און דער קרייז האָט זיך גרופּירט און צונויפֿגעטראָפֿן אין די שבתים, אין דער וואוינונג פֿון מ. ערליך (פּסעוודאָנים — „יושר", מיט געאַרבעט אין „פֿאָרווערטס"), אויף דער קאַלעטעק־גאַס, וואָס האָט זיך געפֿינען צווישן נייער דיטלסגאַס און „וואַוועל".

דאָרט, ביי דעם פֿיזיש־קראַנקן, אָבער גייסטיק אַזוי אינטערעסאַנטן שרייבער ערליך, האָבן קראָקעווער אידישע שרייבער געוואַרימט זייער דראַנג צום אידיש־ליטעראַרישן שאַפֿן און דאָרט האָט ליבער מרדכילע געבירטיק פֿאָרגעזונגען סטראָפֿן פֿון זיינע נאָך נישט פֿאַרטיקע לידער און ערשט אונדזער הסכמה אויף די איינצלנע סטראָפֿן האָבן אים געמוטיקט ער זאָל די לידער פֿאַרענדיקן.

ביי ערליכן אין שטוב זיינען זיך כמעט יעדן שבת צונויפֿגעקומען נחמן מיפּעלעוו, אַ העברעאישער לערער, אַ ליטוואַק, וואָס האָט זיך נאָך אַ סך הונגער־טעג ענדלעך איינגעאָרדנט אין קראָקע, מיט אַ לערער־פּאָסטן אין דער העבר. שול „בית ספר עברי". ער איז געווען איינער פֿון די אָנגעזעענסטע קולטור־טוער ביי די פּועלי־ציון אין אַרבעטער־היים, און ער האָט געווינען אַ פּרעמיע ביי אַ קאָנקורס אויף אַ ליטעראַרישער שאַפֿונג אין וואַרשע; דער שוין דערמאָנטער מרדכי געבירטיק, וואָס איז געווען אַ בלוט־אָרימאַן, אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מעבל־געשעפֿט פֿון זיינס אַ קרוב און טאַקע דאָרט, אין דעם מעבל־געשעפֿט, צווישן די שאַפֿעס און צענומענע בעטן, איינזויגנדיק אין זיך דעם פֿייכטן ריח פֿון געהילץ און פּאָליטור־פֿאַרבן, האָט געבירטיק געשאַפֿן זיינע לידער און זיי באַלד מיט זיך אַליין איינגעזונגען און איינגעשפּילט אויף זיין ערדערנעם פֿייפֿל, זיין „פֿישטשאַלקע", וואָס ער האָט שבת מיטגעבראַכט צו ערליכן אין שטוב און פֿאָרגעשפּילט זיין נייעם מאָטיוו, איידער ער האָט אָנגעהויבן זינגען זיין ניי לידל.

עס איז געווען שיין צו זען, ווי מיפּעלעוו מיט ערליכן האָבן זיך געאַמפּערט איבער דער אויסגעהאַלטנקייט פֿון געבירטיקס ריים און ריטם און וועגן דער ליטעראַרישקייט פֿון געבירטיקס לידל, נאָר ווען געבירטיק האָט אָנגעהויבן זינגען, זיינען ביידע, סיי מיפּעלעוו און סיי ערליך, געבליבן זיצן מיט אָפֿענע מיילער און זיך צוגעהערט מיט התפּעלות און אַפֿילו באַלד מיטגעזונגען די רעפֿריינען פֿון געבירטיקס פֿאָלקסטימלעכע לידלעך.

דער פֿריער דערמאָנטער יואל יאָעלאָן (יואל דעמביצער) און דער העברעאישער לערער קוויטנער און דער פֿילאָלאָג מאָנדערער און דער שרייבער פֿון די שורות, וועלכער איז געווען דער מיזיניק פֿון דער גרופּע, אַלע זיינען געזעסן געשפּאַנט אין

צוגעהערט זיך צו געבירטיקס הארציקע פאלקסטימלעכע לידלעך און מיר האבן דעמאלט פעסטגעשטעלט, אז פארמען איז נאך נישט אלץ, א ליד דארף קודם-כל האבן נשמה און הארץ און דאס פארמאגן געבירטיקס לידלעך.

## פרומע און פארגעשריטענע פערזענלעכקייטן

איך האב שוין פריער דערמאנט די פידער פון די „שלמה אמונה ישראל", ישראל דייטשער און דר. פייפער, אבער זיי זיינען דווקא נישט געווען און נישט געווארן קיין אנגעזעענע פערזענלעכקייטן.

דר. פייפער איז געווען פיל מער פערזענלעכקייט איידער ער איז געווארן א בעל-תשובה. אלס בעל-תשובה, האט ער בלויז באקומען פאפולאריטעט ביי די חסידים און אנדערע האבן פון אים חוזק-געמאכט.

געווען אבער צווישן די פרומע און חסידים אנגעזעענע פערזענלעכקייטן, וואס איינער פון זיי, א איד א חסיד, אבער א גאר גרויסער גביר, מען האט אים גערופן „דער ראטשילד פון קראקע", דאס איז געווען ר' יואל באומינגער.

ער האט געוואוינט אין א רייכן מיט א סך לוקסוס איינגעארדנטן פאלאץ אויף דער גרינער-גאס (זשעלאני-גאס) אריבער דער דיטלס-גאס, גאנץ נאנט צום רינג-פלאץ און כמעט אזוי נאנט צום גויאישן צענטר-שטאט, איז ער, ר' יואל, מיט זיינע זין, איידעמס און אייניקלעך, יעדן שבת געגאנגען מיט די הויכע שטריימלען אויף די קעפ און די טייערע אידענע בעקעשעס, צום דאווענען אין ר' ארנס בית-המדרש וואס נעבן דער אלטער שיל און צוריק אהיים זיינען שוין די באומינגערס געגאנגען באגלייט פון עטלעכע צענדליקער אורחים, וואס האבן געמוזט זיצן ביי ר' יואל באומינגערס טיש.

ר' יואל באומינגערס פאלאץ איז געווען זייער לוקסוסדיק איינגעארדנט, אבער אין דעם גרויסן פראנט-זאל, וואס איז געווען מיט אויסערגעווייינלעכע טייערע מאלערייען און דראפערייען באצירט, איז איבער דעם הויכן אין בראנדז-געראמטן שפיגל, אויפן אנגעזעענסטן פלאץ פון דעם גרויסן סאלאן, געווען א גרויסער טונקל-געלער פלעק, ווי עמיץ וואלט פשוט א וואַרף געטאן אויף דעם פלאץ א גרויס שטיק בלאטע, דאס איז געווען א ספעציעל געמאכטער פלעק, אלס **זכר לחורבן**, אז אין דעם גרויסן וואוילטאג וואס הערשט אין דעם פאלאץ, זאל מען נישט פארגעסן אן חורבן-ירושלים.

איך בין נאך געווען א קינד, ווען דער טאטע האט מיך מיטגענומען אויף א חתונה צו ר' יואל באומינגער, דאס איז געווען די חתונה פון זיין יונגסטער טאכטער און איך געדענק נאך ביז היינט מיין גרויסע קינדערשע פארוואונדערונג זעענדיק די פאנטאזיען אין גארטן פון פאלאץ און בכלל, זעענדיק, אז עס עקזיסטירט אזא אויסטערליש רייכע אידישע היים...

ר' יואלס אנגעזעענעם פלאץ אין אידיש-חסידישן לעבן פון קראקע, האט דערנאך פארנומען זיין זון ר' איטשעלע באומינגער, וועלכער איז געגאנגען אין פאטערס וועגן און זיינע דריי זין: אביגדור, יאסעלע און הישעלע, האבן נאך זייער פארענדיקן צוויי ישיבה-יארן ביי ר' מרדכילע ראזנער — פארגעזעצט זייערע סטודיומס אין ראבינער-סעמינארן.

צו די באַזמינגערס האָט דאָס פרומע קראָקע אויך געהאַט דעם רייכן מאַנופאַקטוריסט ר׳ יאָסעלע גאָלדשטאָף און דעם רייכן אייזן-סוחר ר׳ חיים פריילעך און זיין שותף פּאַרמעל און דעם הייזער-אייגנטימער ר׳ בעריש צוקער (דעם שוין דערמאָנטן זון פון אפּטער רב), זיי אַלע האָבן פאַרמירט אין קהילה די פעסטונג פאַרן חסידישן פרומקייט און זיי זיינען בלויז געגאַנגען האַנט און האַנט מיט די אַסימילירטע פאָרשטייער פון די טעמפּל-אידן — קעגן די ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע אידעאַלן פון די אידישע מאַסן.

די טעמפּל-אידן האָבן געהאַט אַסימילירטע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן זיך שוין אַפילו נישט געמישט אין אידישע קהילה-ענינים; דאָס זיינען געווען יאָזעף סארע, דער וויצע-פרעזידענט פון קראָקעווער שטאָט-ראַט און דר. אַדאָלף גראָס (דער וואָס האָט אַלס אַגיטאַציע פאַר זיין קאַנדידאַטור צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אויסגעבויט די ביליקע דירות אויף דער באָכענסקאַ-גאַס), וואָס פאַר ביידע זיינען שוין קהילה-בענקלעך געווען צו קנאַפּע קאַריערעס, זיי האָבן שוין קאַנדידירט אויף צו ווערן „אבגעאָרדנטע״ צום עסטרייכישן פאַרלאַמענט. זיי זיינען בלויז יום-כיפור געקומען צו פאַרן אין טעמפּל און פרומע אידן האָבן געזויינט אויף דעם גרויסן חילול-השם און מיר, קינדער פון פרומע היימען, האָבן געלאַכט אין די פויסטן פון אַזאַ מין פרומקייט מישטיינס-געזאָגט, צו פאָרן אום יום-כיפור אין טעמפּל אַריין אויסבעטן ביי גאָט אַ

# די ר׳ אייזיק בר׳ יעקעלעס שיל אין קראָקע



וועלכע ר׳ אייזיק בר׳ יעקעלעס האָט (לויט אַ לעגענדע) אויסגעבויט נאָכדעם ווי ער האָט געפונען אַן אוצר און ער האָט לאַנג באַדאַרפט קעמפן מיט די יעזואיטן, וועלכע האָבן דווקא די שיינע שיל-געביידע געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ קירכע, אָבער ר׳ אייזיק בר׳ יעקעלעס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס ביי די פריצים און באַזעדרן און אין 1644 איז די שיל באַנייט געוואָרן מיט גרויסע פּאַראַדן, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די אָנגעזעענסטע פריצים פון יענער צייט..

גוט קוויטל... און מיר האָבן געזאָגט: — אַזוי ווי מען מעג פאַרן אום יום־כיפור, אַזוי קאָן זיי דער טעמפל־גאַט פאַרזיכערן אַ גוט יאָר...

געווען נאָך אַ איד אין קראָקע, דער גרעסטער קראָקעווער באַנקיר, דאָס איז געווען דער אייגנטימער פון באַנק־הויז **מענדעלסבורג**, וואָס ער איז שוין אַפילו אום יום־כיפור אויך נישט געפאָרן אין טעמפל און ער האָט שוין געהאַט אַלע קינדער און אייניקלעך אויסגעשמדטע און אידן האָבן זיך געוויצלט, אַז אידן אַליין זיינען שולדיק וואָס דער פאָטער פון דורות משומדים איז אַזוי רייך, ווייל אַלע פרומע קבצנים פלעגן שעלטן און זאָגן: — „מיינע פאַרדינסטן? — מענדלסבורגן געזאָגט געוואָרן!...” און אַזוי האָט מענדלסבורג אַריינגעכאַפּט די קליינע פאַרדינסטן פון אַלע קראָקעווער אָרעמעלייט און ער איז געוואָרן דער גרעסטער גביר... און דער סוף איז געווען, אַז ווען ער איז געלעגן אויפן טויטן בעט, האָבן די קינדער זיינע געבראַכט צו אים אַ גלח און אים אָפּגעשמדט און אידן האָבן זיך ווידער געוויצלט און געזאָגט: — גוט האָבן זיי געטאָן; איידער אַזא מענדלסבורג זאָל שטאַרבן אַלס איד, איז שוין בעסער אַז ער זאָל פּגרן אַלס גוי...

מער פאַרדריסלעך איז שוין געווען דאָס שמדן זיך פון דעם באַרימטן פּוילישן ליטעראַט און קריטיקער ווילהעלם פעלדמאַן. אויך ער האָט עס געמאַכט פאַרן אָפּשטאַרבן און כאָטש אידן האָבן פון אים אַלס איד אויך נישט געהאַט קיין נחת, פונדעסטוועגן, האָט זיין שמד אַרויסגערופן אַ היבשע אויפרעגונג ביי דער קראָקעווער אידישער אינטעליגענץ.

## אידן צווישן טעמפל און אַלטע שיל

געווען אויך אַזעלכע און די זיינען דווקא געווען אַנגעזעענע אידן. דאָס זיינען געווען די קינדער פון געוועזענעם קולטוס־פּרעזידענט הערשל לאַנדאַו, די קינדער פון שמערל אַניספעלד, די קינדער פון אברהם לינדענבאַום, יעקב באַבער מיט זיינע קינדער, די אַלע זיינען נאָך געווען **צווישן**, די טאַטעס זיינען געווען אידן פון דער אַלטער שיל און די קינדער זיינען שוין מערסטנס געגאַנגען אין טעמפל און זיי האָבן אַלע באַרנומען בענקלעך אין קהילה און אָנגעפירט מיט דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין קראָקע.

דר. רפאל לאַנדאַו, איז פון אַלע ריכטונגען אנערקענט געוואָרן אַלס לאַיאַלסטער קהילה־פּרעזידענט. כאָטש מיט נייגונגען צו אַסימילאַציע, האָט ער אָבער רעספּעקטירט אַלע ריכטונגען אין אידישן לעבן און ער איז געווען געשעצט און באַליבט און פאַרערט פון אַלעמען.

געווען אויך אַן איינגאַנצן אַסימילירטער איד, דער דר. באַלעסלאַוו דראַבנער, אַ סאָציאַליסט, וואָס זיינען עלטערן זיינען נאָך געווען שיל־אידן, אָבער ער, אַן אָנפירנדע פּערזענלעכקייט פון „פּ. פּ. ס.” און שפּעטער פון די „אומאָפּהענגיקע”, האָט ער זעלטן ווען געדענקט אָדער דערמאָנט זיך אַן זיין אידישקייט; ער האָט גיכער געוואָרט און געהאָפט, אַז מיט דער סאָציאַלער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט, וועט זיך אויך אויפלייזן דאָס אידישע פּראָבלעם...

חסידים האָבן בכלל געהאַלטן, אַז די שילן, ווי היילִיק זיי זאָלן נישט זיין פון אַמאָל, זיינען זיי היינט די פאַר-שטיבלעך וואָס פירן צום טעמפּל און דער טעמפּל פירט שוין אויף אַ דירעקטן וועג צו דער שמד...

ערשט די רעדעס פון דר. טאָן אין טעמפּל, האָבן אַביסל אָפּגעשוואַכט דעם שאַרפן אורטייל אויפן טעמפּל, אָבער נאָר ביי דער חסידישער יוגנט, וואָס איז שוין אַליין געווען אַביסל „געכאַפּט אין דער מעשה"; נאָר די עלטערע חסידים האָבן נישט געענדערט זייער אורטייל, ווייל פונקט אַזוי האָבן זיי אויך פאַראורטיילט דעם ציוניזם.

## טיפּן פון דער אידישער גאַס אין קראָקע

זייענדיק מיטן געדאַנק אין קראָקע, בעט זיך ממש, כאָטש נאָך איינמאָל צו וואַרפן אַ בליק אויף די פאַרשידענע טיפּן וואָס האָבן געשוויבלט און געגריבלט אויף די אידישע גאַסן אין קראָקע.

די טיפּן זיינען געווען אַזוי געקנופּט און געבונדן מיט קראָקע און מיט דעם אידישן לעבן און שטרעבן אין קראָקע, אַז איך געדענק נישט קיין איין געשעעניש און קיין איין טאָג פון מיין לעבן אין קראָקע, אָן דער באַטייליקונג כאָטש פון איינעם פון די אויסערגעוויינלעכע טיפּן.

### ר' בערישל בעל־תשובה

אַ איד מיט אַ געלער באָרד און מיט ממש אַ דורכזיכטיק פּנים, אַלעמאָל איינגעהילט אין טלית און אויפן קאָפּ צוויי פּאָר תפילין און אונטערן אָרעם — אַ פּאַק מיט ספרים און אין האַנט — אַ גלאָז וואַסער, אויף צו קענען יעדע רגע וואַשן די הענט.

אַזוי, אין טלית און מיט די צוויי פּאָר תפילין אויפן קאָפּ, האָט מען אים עטלעכע מאָל אין טאָג געזען לויפן פון איין בית-המדרש אין אַנדערן און הונדערטער מאָל האָב איך געהערט וועגן אים די זעלבע געשיכטע, אַז ער איז אַ זון פון אַ רייכן פּאַמילירטן אידיש-אונגאַרישן גוטסבאַזיצער, ער האָט שטודירט אין בודאַפּעסטער אוניווערזיטעט און פּלוצלינג האָט ער אַוועקגעוואָרפן דאָס שטודירן און זיך גענומען לערנען אידיש און חומש-רש"י און גמרא און ער איז ענדלעך אַנטלאָפן קיין קראָקע און וויפל דער פאָטער האָט נישט געשיקט קיין שליחים נאָך אים, און וויפל מען האָט אים נישט געבעטן ער זאָל צוריקקומען אַהיים, ר' בערישל, איינמאָל ניין און אַפילו קיין שום שטיצע האָט ער פון זיין נישט-פרומען פאָטער געוואָלט אָננעמען.

גויים און שקצים, וועלכע האָבן זעלטן ווען געלאָזט פאַרבייגיין אַ איד אין אַ גויאישער געגנט און נישט טשעפּען מיט אים, האָבן געזען ר' בערישלען ווי ער לויפט ווינטער-פאַרטאָג צו דער ווייסל, נישט ווייט פון דער באַן-בריק, און דאָרט ציט ער פין הינטער דער פּאַלע אַ האַק און ער נעמט אויפהאַקן דאָס אייז און ער וואַרפט פון זיך שנעל אַראָפּ די מלבושים און ער איז זיך טובל.

פאַר ר' בערישלען האָבן די גויים און די שקצים געהאַט גרויס רעספּעקט און זיי

האָבן אים נישט נאָר נישט געטשעפּעט, נאָר זיי האָבן זיך געצלמט, אַזוי ווי זייערס אַ הייליקער וואָלט פאַרבייגעגאַנגען...

## דער „האַלבער חסיד"

געהאַט האָט ער אַ געשעפט פון גאַלאַנטעריע און שניידער־צוגעהער (צודאַטן), אויף דער יאָזעפס־גאַס, ראָג באָזשעגאָ ציאַלאַ אָדער „בוזע־גאַס", ווי אידן האָבן זי גערופן.

דאָס געשעפט איז אַלעמאָל געווען פול געפּאַקט פון קונים, איינער האָט געבעטן אַ שטיקל כשרן זייף, אַ צווייטער — אַ האַלבן מעטר כשרע שטייף־לייוונט (שטייף־לייוונט איז געווינלעך אויסגעאַרבעט געוואָרן פון „שעטנז" און נאָר דער „האַלבער חסיד" האָט געהאַט אַ ספּעציעלע כשרע שטייף־לייוונט, וואָס שניידערס האָבן געקויפט פאַר די זיידענע בעקעשעס) און אַ קינד האָט געבעטן ווייסע העקעלעך פאַר אַ קרייצער...

קיין נאָמען פון דעם נידעריקן, פלינקן און זשוואַווע סוחרל, האָט קיינער נישט געוואוסט, מען האָט נאָר געוואוסט — „דער האַלבער חסיד" און אַזוי ווי פּאַקטיש איז ער געווען אַ פרומער אָפּגעהיטענער איד און טאַקע אַ גאַנצער דזשיקעווער חסיד, ווייס איך נישט עד־היום, פאַרוואָס מען האָט אים געקרוינט מיט דעם נאָמען „דער האַלבער חסיד"...

## ר׳ אייזשע „באַיאַץ"

פונקט אַזוי ווייס איך נישט ביז היינט, פאַרוואָס מען האָט דעם אַלטן, גרייז־גראָען בכבודן אידישן סוחר ר׳ אייזיק, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס שניט־געשעפט אין צענטער שטאָט — נאָכגעשריגן „אייזשע באַיאַץ" (פּאַיאַץ).

אַ בכבודער איד, אַ פיין און פאָרנעם אויסזען, מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ און אַ פיינעם שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל אין האַנט, וואָס געווינלעך, פאַר אַן אַנדער אידן אַזאַ, טרעט מען אָפּ דעם פּלאַץ אויפן טראָטואַר, האָט דווקא ר׳ אייזיק אַרויס־גערופן אַ לעבעדיקע פריילעכע שטימונג מיט זיין באַווייזן זיך און עס האָבן זיך באַלד אָרגאַניזירט שקאָציש יונגטלעכע און עס האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטן פאַרשי־דענע קולות, קוויטשיקע און טענאָר־שטימען וואָס איין שטימע האָט אַ געשריי אויס־געגעבן: — **אייזשע!** און אַ באַס האָט אָפּגעענטפערט — **באַיאַץ!**

און עס איז געווען אַ מוראדיקע זאַך צו זען, ווי אייזיקס פאָרנעמע פּנים האָט זיך פּלוצלינג אָנגעגאָסן מיט אַ רציחהדיקע רויטקייט און ער האָט אָנגעהויבן פאָכן מיטן שטעקן און נאָכיאָגן זיך נאָך די ווייסע חברהניקעס און שעלטן מיט ביטערע קללות און די פלינקע ווייסע חברהניקעס האָבן געקוואָלן פון נחת ווי דער אַלטער יאָגט זיך נאָך זיי און עס האָבן זיך געמערט די קולות: — **אַ־אַ־אַזשע! באַ־יאַץ!** און די שפּילן פלעגן אַזוי געדויערן אַ היבשע צייט, ביז ר׳ אייזשע איז מיד געוואָרן פון נאָכיאָגן זיך נאָך דער חברה און ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין זיין וואוינונג וואָס האָט זיך געפינען אין זיין אייגן הויז אויפן פּלאַץ נאָווי.

### מאַנעק שאָווער (שבר)

נאָך אַ טראַגי־קאָמישער שפּיל איז געווען, ווען מאַנעס, דער בעקער־יונג, וואָס האָט געדינט ביי דעם צוקער־בעקער רײַזער, אויף דער יאָזעפס־גאַס, האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס מיט אַ גרויסער בלעך קיכלעך אויפן קאָפּ.

מיט יאָרן צוריק, ווער ווייס ווען דאָס איז געווען, האָט זיך דער מאַנעס געבע־ריעט און געוואָלט אויפהויבן צוויי זעק מעל מיטאַמאָל און ער האָט זיך אונטערגע־ריסן און זייט דעמאָלט האָט מען אים געקרוינט מיט דעם טיטל „שבר" און פּונקט ווי ביי אייזשע באַיאַץ, האָבן גרעסערע און קלענערע גאַסן־יונגען אָרגאַניזירט די כאָרן און איין קול האָט אַ געשריי געטאָן „מאַנעק" און אַ צווייט קול האָט געענטפערט: — „שאָווער!"

און מאַנעק האָט אַראָפּגעשטעלט די בלעך מיט די קיכלעך וואָס ער האָט באַ־דאַרפט אָפּטראָגן אין אַ געשעפט פון צוקער־געבעקסן און ער האָט זיך גענומען יאָגן נאָך די יונגאַטשעס און דערווייל האָבן אַנדערע אינגלעך אַראָפּגעגנבעט די קיכלעך פון די בלעכן און עס איז געווען מוראדיק זיך צוצוהערן צו מאַנעקס געוויין פאַרוואָס מען האָט אים באַגנבעט און זיינע אויסטערלישע קללות וואָס ער האָט געוואָרפן אויף גאַנץ קראָקע און אויף דער קהילה, וואָס לאָזט אויסכאַווען אַזעלכע „באַנקעס"...

### כיימילע (חיימילע) אנטי־פייער! און משה הא־הא־הא!

געהייסן האָט ער חיים האַראַוויץ און געשטאַמט האָט ער פון גרויסן יחוס, אָבער זיין מוטער האָט קינדווייז געקרענקט און ווייזט אויס, אַז זי האָט פון אירע פיר קינ־דער געהאַט בלויז צוויי געראָטענע.

די צוויי זין, חיים און משה, זיינען געווען אידיאָטיזירט און אויב משה האָט נאָך געטויגט צו ווערן אַ טרעגער און פאַרדינען אויף זיין ברויט און זיין משוגעת האָט זיך בלויז אויסגעדריקט מיט אַן אידיאָטישן געלעכטער „הא־הא־הא!", איז עס מיט חיימלען געווען אַ סך ערגער.

כיימילע האָט זיך געפּלעגט גאַנץ פרי אַוועקשטעלן אויף אַ ראָג גאַס, מערסטנס אויף דער עסטערא־גאַס ביי דעם מויער פון תלמוד־תורה און יעדער פאַרבייגייער, גרויס אָדער קליין, אַבי מען האָט אויסגערופן צו כיימילען: — כיימילע אַנט! האָט כיימילע אויפגעהויבן די האַנט און ווען מען האָט באַלד דערויף אויסגערופן „פייער!" האָט ער זיך דערלאַנגט מיט דער גאַנצער קראַפט אַזאַ פּראַסק אין פּנים, אַז עס האָט אָפּגעקלונגען און נישט זעלטן, האָט ער זיך צעבלוטיקט און אַזוי האָט ער געקאָנט אָפּשטיין שעהן און פּאַטשן זיך אין אייגענעם פּנים, ביז עס איז אינגאַנצן געשוואָלן געוואָרן און מענטשן האָבן אויף אים רחמנות באַקומען און אָפּגעפירט אַהיים...

### די „געשמדטע קישקע" און עטעלע מיט היהלען

אַלע דריי זיינען געווען פון איין גרויס, מיט אַ ליליפּוטן־הויכקייט פון אַכציק צענטימעטער און אַלע דריי זיינען געווען די באַרימטסטע בעטלערנס אין דער אידי־שער גאַס.

אבער בלויז צוויי פון זיי זיינען געווען אידישע, דאס זיינען געווען: עטעלע מיט היהלען, די צוויי באריממע קליינע שוועסטערלעך וואס זיינען אמאל. געווען גרוים אין שיין און באקאנט אין דער קראקעווער אונטערוועלט אלס „בעסטע פארדינערנס", נאר די יארן האבן איינגעשרומפן זייערע קערפערס און זיי זיינען געווארן קליין און דאר און אויסגעטריקנט און זיי זיינען קיינמאל נישט געגאנגען באזונדער, נאר צו־זאמען, פירנדיק זיך ביי די הענט און שיקנדיק פאראויס זייער הויכן און געדיכטן גע־פילדער וואס האט אנגעזאגט זייער אנקומען און טאקע נאר צוליב זייער גיין צוזא־מען, האבן זיי אויך צוזאמען אויף א טראגישן אופן פארלוירן זייער לעבן.

זייער טראגישן טויט האבן עטעלע מיט היהלען געפונען אונטער די רעדער פון א טראמוויי, ווייל ווען ער איז אנגעלאפן אויף זיי, האבן זיי זיך געפירט ביי די הענט זעלנדיק אריבערלויפן דעם וועג אויפן קוזנמארק, און דערזעענדיק דעם טראמוויי, האט איינע געוואלט לויפן צוריק און איינע — ווייטער און נאכלאזן זיך די הענט האבן זיי ביידע נישט געוואלט, האבן זיי פאראייניקטע געפינען זייער טויט.

די „געשמדטע קישקע", כאטש א משומדת, האט מען זי נישט געטריבן פון די אידישע שטיבער, פארקערט, מען האט איר געגעבן א שטיקל ברויט און א שטיקל חלה און אפילו אביסל אידיש געקעכץ און טשאלנט און זי האט געבענטשט דערפאר מיט מויזנט ברכות און אלעמאל האט זי איבערדערציילט איר אמאליקן אומגליק, ווי אזוי זי האט ליב געהאט יאנעקן דעם פערד־גנב און ווי אזוי ער האט זי געפירט צו דער שמד און דערנאך האט ער זי ארויסגעווארפן און נאכגעשריגן איר — „ווינאש יען (טראג זיך ארוים), פארשיווא זשידאוויצא"...

געשריגן האט מען אויף איר „געשמדטע קישקע" און מען האט זי פיינט געהאט אין נישט פון רחמנות האט מען זי אויסגעהאלטן אין אידישן געגנט, נאר כדי אידישע טעכטער זאלן אין איר זען דעם וויסטן סוף פון א אידיש מיידל וואס לאזט זיך אויף גלייטשיקע וועגן...

אז זי האט זיך באוויזן אין גאס, האבן קליינע קינדער, אינגלעך און מיידלעך אנ־געהויבן זינגען א לידל:

אוי, די געשמדטע קישקע ברענט!
זאל זי ברענען, ווי א פייער,
זאל זי וויסן, אז א איד איז טייער,
זי האט נישט געוואלט קיין אידישקייט שוינען,
זאל זי אין דר'ערד וואוינען!...

### פסאכיע גלאזמאן

געווען איז ער א זונדל פון א רייכן בעקער און ביז 1914 האט ער גוט געלערנט און גוט שטודירט.

אבער, נאך א געפערלעכער וואונד אין קאפ, וואס מען האט אים אויף א וואונ־דערלעכן אופן אויסגעהיילט, פארבייטנדיק זיין שיידל אויף א גילדענעם שיידל, איז ער געווארן א גאנץ אנדערער, ער איז געווארן די שרעק נישט נאר פאר אנשטענדיקע

און רואיקע מענטשן, נאָר אַפילו פאַר דער אונטערוועלט. וואָס נאָר עפּעס, אַ קרומע־
קוק, אַפילו עס האָט זיך אים בלויז אויסגעוויזן, האָט ער „אַריינגעפּעצט" אַ מעסער
אין זייט און ער האָט עטלעכע מענטשן דערהרגעט און וויפל מאָל מען האָט אים
אַרעסטירט, האָט מען אים אָבער נישט געקאָנט משפּטן, נאָר שיקן אים אין משוגעי־
אַנשטאַלט און פון דאָרט האָט אים די מוטער אַרויסגענומען און ווידער איז געווען
דאָס זעלבע.

דער באַוואוסטער ציוניסטישער רעדנער שמריה לעווין האָט אַמאָל געגעבן אַ
פאָרטראַג אויף אַן אימפּראָוויזירטער בינע אין דעם גרויסן הויף פון ר' לייבעלע זי־
סערס הויז אויפן קוזנמאַרק און דעמאָלט האָט זיך געיאָוועט פּסאַכיע און זיך צונויפ־
קומען ביז צום רעדנער און געוואָלט אים אַריינשטעכן אַ מעסער אין זייט און דער
שרייבער פון די צײַלן האָט מיט אַ קונציקן אויסרייד באַרואיקט דעם לוסט־מערדער.



## ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער
### („תוספות יום־טוב")

געבוירן אין יאָר 1579 אין וואַ־
לערשטיין, נפטר געוואָרן אין 1654
אין קראָקע. אויך זיין קבר אויפן אַ־
טן בית־עולם אין קראָקע ווערט פאַר־
הייליקט און אידן וואַרפן אַריבער אי־
בער די אייזערנע צוימען אויף זיין
קבר „קוויטלעך" מיט בקשות, אַז ער
זאָל זיך מיען פאַר זיי אין הימל, אַז
זייערע בקשות זאָלן אָנגענומען ווערן.

דער בעל־תוספות יום־טוב האָט
אין יאָר 1644 געשאַפן אַ אידישן
זעלבסטשוץ, וואָס האָט אויף אַ
וואונדערבאַרן אופן אָפּגעראַטעוועט
די ר' אייזיק שיל. לויט דעם
פּלאַן פון תוספות יום־טוב, האָבן זיך
די זעלבסטשיצער אָנגעטאָן אין ווײַ־
סע לײַלעכער און זיך געשטעלט אויף
דער מויער פון אַלטן בית־עולם און
ווען די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך
דערנענטערט, און דערזען ווי פון
בית־עולם שפּרינגען אַרויס די מתים
קעגן זיי, האָבן זיי זיך דערשראָקן, און זיי זיינען אַנטלאָפן אין פּאַניק און זיי האָבן שוין אַ
לאַנגע צייט נישט געוואַגט צו באַלעסטיקן דעם אידישן שטאָט־טייל.

אָבער קוים אַ צען מינוט שפּעטער איז געוואָרן אַ געוואַלד און עס איז אויסגעבראָכן אַ פּאַניק, פּסאַכיע האָט דערהרגעט אַ יונגן חסידישן בחור, קאָרנבלום, אַן איינציק זונדל פון אַ רייכער חסידישער היים.

מען וואָלט דעמאָלט דעם מערדער זיכער געזען געלינטשט, אָבער ער האָט גע־פּאָכטעט און מאַנעווורירט מיט דעם פאַרבלוטיקטן מעסער און אַזוי זיך אַרויסבאַקומען פון הויף און אַנטלאָפן.

ביי דער לויה פון דעם 16־יעריקן באַליבטן בחורל, האָט זיך באַטייליקט כמעט גאַנץ קראָקע און די עלטערן פון דעם הסר־דעהדיקן מערדער האָבן אויך באַגלייט די לויה און וויינענדיק אויף זייער בראָך, האָבן זיי איבערן גאַנצן וועג געוואָרפן געלט פאַר אָרימעלייט...

פּסאַכיע האָט נאָך דערהרגעט עטלעכע מענטשן, און אויך צוויי חברים פון דער אונטערוועלט און דעמאָלט האָט אים שוין די אונטערוועלט געמשפּט און אויף אַ זיינק פון דער פּאָליציי אַז מען וועט דעם אויספירער פון אורטייל גאַרנישט טון, האָט מען אין איינעם אַ נאָכמיטיק געפּאַקט גלאַזמאַנען אויף דער בוזע־גאַס און אים אַריינ־געשאָסן זעקס קוילן פון אַ פּיסטויל און ערשט נאָך דער זעקסטער קויל, האָט דער אומגליקלעכער מערדער אויפגעהערט עקזיסטירן.

די פּאָליציי האָט געהאַלטן וואָרט און מען האָט דאַנעקן (איינער פון דער אונטער־וועלט), אַפילו נישט אַרעסטירט. און אין שטאָט האָט מען געזאָגט, אַז עס קומט אים נאָך אַ פּרעמיע, וואָס ער האָט באַפרייט די שטאָט פון אַזאַ פּלאָג.

### ישראל און שמואל בעטלער

עס קאָן זיין, אַז זיי האָבן געשטאַמט פון בעטלער, אָבער די צוויי ברידער ישראל און שמואל, האָבן בלויז געהייסן בעטלער, נאָר קיין בעטלער זיינען זיי נישט געווען.

ישראל און שמואל זיינען געווען די צוויי שטאַרקסטע אידן אין קראָקע. שמואל האָט שוין געהאַט אין בויך זעקס וואונדן פון מעסערס וואָס אונטערוועלט־העלדן האָבן אים אַריינגעשטאָכן, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ געקענט פאַרמעסטן קעגן פינף סאָלדאַטן מיטאַמאָל און ישראל האָט געקאָנט צערייבן אַ מאַרמאָר־שטיינדל צווישן זיינע פינגער.

זיינען מאַקע די צוויי ברידער געוואָרן די הויפּט־אָנפירער און ריכטער פון דער קראָקעווער אונטערוועלט, כאָטש זיי אַליין האָבן געפירט אַן ערלעך לעבן, אויסאַר־בעטנדיק „לאַדים" (אייז־קרעם), וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אויף ראָג יאָזעפס־גאַס און יאַקובאַ, פּאַרציעס־ווייז אויף לעפעלעך, צו האַלבע קרייצער און צו קרייצער...

אויך די קינדער פון ישראל און שמואל בעטלער האָבן געאַרבעט, נאָר אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו „פאַרדינען אַ כיס", האָבן זיי זיך נישט אָפּגעזאָגט דערפון...

אַלס ריכטער איבער דער אונטערוועלט, האָבן ישראל און שמואל גאַנץ אָפט מער איבערצייגט זייער גערעכטיקייט מיט זייער כוח, ווי מיט זייער אַרגומענטאַציע און ווי איז געווען צו דעם, וואָס האָט נישט רעספּעקטירט זייער אורטייל.

אַ חיין פון האַנדל מיט „לאַדים", וואָס דאָס איז אָנגעגאַנגען בלויז אום זומער און



אָט אזוי האָבן נאָך אין יאָר 1937 אויסגעזען די אידישע יוגנטלעכע פון קראָקעווער „בונד", בעת זיי האָבן דורכגעפירט א געזעגן־אַקט לכבוד דעם פיאָנער און וועטעראַן פון דער אידיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין לעמבערג. — ה' י צ ח ק ב ל י נ ד, ווען ער האָט בעת זיין רייזע פון לעמבערג קיין בוענאָס איירעס באַזוכט קראָקע אַלס גאַסט פון דער קראָקעווער „בונד"־אָרגאַניזאַציע.

טאַקע בלויז אין די הייסע טעג, האָבן ישראל און שמואל בעטלער פאַרדינט ביי דער קהילה, אַלס שומרים ביי די טירן וואו מען האָט געטיילט אומזיסטע מצות פאַר אָרימע און זיי האָבן אויך געהיט די טירן פון שילן, אין די שבתים ווען עס האָבן דאָרט געדאַווענט גרויסע חזנים וואָס זיינען געקומען אַלס געסט און אַז די צוויי ברידער זיינען געשטאַנען „אויף דער וואַך", האָט שוין קיינער אַפילו נישט געפּרואווט זיך אַריינצובאַקומען אָן זייער דערלויבעניש.

מען האָט די צוויי ברידער אויך געדונגען אַלס שומרים ביי די אַריינגאַנגען אויף רייכע חתונות, כאָטש זיי האָבן זיך געהייסן גוט באַצאָלן, ווייל האָבנדיק די צוויי ברידער אַלס שומרים, איז מען שוין געווען באַשיצט קעגן די קראָקעווער גנבים, ווייל דאַ וואו די ברידער בעטלער האָבן געהיטן, דאָ האָבן זייערע אונטערגעאָרדנטע נישט אָפּערירט...

## קעשענע-גנבים פאַרטיידיקן אידישן כבוד

באַרימט זיינען אויך געווען די קראָקעווער קעשענע-גנבים.

קינדער פון עלנט און נויט, די ברידערלעך קורניק, וואָס האָבן אינדערהיים נישט געהאַט וואָס צו עסן; „געשעלע" (אָדער גערשעלע פון הערשעלע) אַ יתומל, וואָס אַנטלאָפֿענע פון קישענעווער פּאָגראָם האָבן איבערגעלאָזן אין קראָקע; דאַנעק און אַנדערע פאַרוואָרלאָזטע יתומים, האָבן זיך גרופּירט אין גאַס און געלאָזן זיך אויף פאַרדינסטן און שנעל איז געשעלע געוואָרן זייער קעניג.

געשעלע איז געווען קליין און פלינק און נישט מיט זיינע קליינע דאַרע הענטלעך, נאָר ווי מיט אַ כשוף האָט ער אַרויסגעצויגן דאָס בייטעלע אָדער דאָס „קניפּל" אַפילו פון אַ קעשענע וואָס האָט זיך געפינען אונטער דעם זעקסטן אונטערקליידל...

געוויינלעך האָבן זיי אָפּערירט אויף דער טאַנדייט (הויכע-גאַס) יעדן זונטיק, דינסטיק און פרייטיק. אָבער פאַר פסח, ערב די ימים-נוראים, ווען אויפן אידישן פּלאַץ נאָווי האָט זיך געדרודערט מיטן קויפן עופות און קוילען עופות און איינקויפן לכבוד יום-טוב, דעמאָלט האָבן די קעשענע-גנבים געאַרבעט צווישן אידן און עס האָט געטראָפן נישט איינמאָל, ווען זיי האָבן „אַרויסגעפּוצט" אַ בייטעלע ביי אַן עלעגאַנטער פרוי און זיי האָבן געזען אַז אין בייטעלע זיינען דאָ געציילטע מטבעות, האָבן זיי דער אָרימער פרוי דאָס בייטעלע צוריק אונטערגעוואָרפן.

געשעלע האָט געטענהט, אַז פרויען וועלכע האָבן פולע בייטעלעך צום איינקויפן, האָבן אינדערהיים נאָך אַנדער געלט אויך און דער רוח וועט זיי נישט נעמען אויב מען „באַאַרבעט" זיי אַביסל; אָבער אַן אָרימע פרוי, קומט מיט איר גאַנץ ביסל בעטל אויפן פּלאַץ און נעם ביי איר צו די פאָר קראַצער, האָסטו אַלצאיינס גאָרנישט דערפון אין דאָרט בלייבט ביי זיי די שטוב מיט אַ פאַרשטערטן יום-טוב...

די דערמאָנטע קעשענע-גנבים האָבן געהאַט אונטער זיך אַ גאַנצע כאָפּטע און ווען זיי זיינען גרעסער געוואָרן, האָבן זיי אויך אָנגעהויבן „באַאַרבעטן" ירידים אין די שטעטלעך אַרום קראָקע. ווי סקאַווינא, וויעליטשקאַ, ליסעק, און אַנדערע. צווישן זיי זיינען געווען אַ סך קריסטלעכע יאַטן, וואָס האָבן גערעדט אידיש פונקט ווי זיי און זיי האָבן זיך ממש געהאַלטן ווי אידן און נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די

„האַלערטשיקעס" און „פּאָזנאַנטשיקעס" האָבן זיך געוואָלט צעהוליען אויך אין קראָקע, זײַנען די יאַטן, סײַ די אידישע ווי די קריסטלעכע, געווען די ערשטע וואָס האָבן זיך געשטעלט אין די רייען פון זעלבסטשוץ; דאַנעק, וועלכער איז געהאַט צוריקגעקומען פון פראָנט מיט אויסצייכענונגען, האָט אָנגעפירט מיט זייערס אַ פּאַטרול, אַז דאָ דערמאָנט ווערן, אַז דאַנעק מיט זיין חברה האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דעם קאַמף קעגן די פּוילישע כוליגאַנעס, זיי האָבן צו דער אידישער גאַס נישט געהאַט קיין שליטה און דאַנעק מיט געשעלען און די זין פון ישראל און שמואל בעטלער מיט זייערע אונטערגעאָרדנטע, האָבן אַפילו באַוויזן צו דעראָבערן דעם קראָקעווער אַרסענאַל און קראָקעווער אידן זיינען שוין געווען אַזוי באַוואָפנט, אַז דער גענעראַל ראָיאַ וואָס איז געשטאַנען אין לעמבערג, האָט געמוזט פאַרהאַנדלען מיט די קראָקעווער אידן און געבן שוץ-גאַראַנטיעס אַז די אידן זאָלן אָפּגעבן די וואָפן.

אָפיציעל האָט מען געלייגט די וואָפן, אָבער פאַרן אָפּגעבן די וואָפן, האָט די קראָקעווער „סאַמאָאָבראָנאַ" באַהאַלטן און באַגראָבן מאַשינגעווערן און גראַנאַטן אין אַזוי פיל ביקסן, אַז עס האָט געקאָנט גענוג זיין פאַר אַ גאַנצן רעגימענט רעגולערע קעמפער.

דער קאַמף און דאָס צוזאַמענקומען זיך מיט אידישע יוגנטלעכע און סטודענטן האָט אויף די יונגע אונטערוועלט-העלדן געמאַכט אַ גאָר גרויסן רושם און עטלעכע פון זיי האָבן אָנגעהויבן פילן און פאַרשטיין, אַז אויך זיי וואָלטן געקענט זיין אנשטענדיקע מענטשן אַזוי ווי די אַלע קינדער פון טאַטע-מאַמעס און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט געשעלע זיך גענומען צו האַנדל און ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון אַן אָרימער, אָבער אנשטענדיקער היים; אויך דאַנעק, האָט זיך בעתן קאַמף אין פאַרטיידיקונג פון אידישן כבוד באַקענט מיטן לייטנאַנט דר. ביליק און די באַקאַנטשאַפט האָט אים געהאָלפן צו באַקומען אַ גוטן פּאָסטן און ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ רייך מיידל, און דערווייל זיינען ישראל און שמואל בעטלער געשטאָרבן און די מלוכה פון די קראָקעווער אידישע אונטערוועלט-העלדן איז אונטערגעגאַנגען און עס זיינען געקומען נייע יאָרן און נייע צייטן, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן ביז צום גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן פילן באַלד, ווי נאָר די נאַצישע פּעסט האָט פאַרסמט די הערצער און די נשמות פון יונג און אַלט אין דעם נאָענטן שכנותדיקן דייטשלאַנד.

וואָס איז געוואָרן דערנאָך פון די אַלע קראָקעווער אידישע זענסאַציעס?
איז געבליבן דאָרט כאָטש אַ זכר פון אַמאָליקן שיינעם אידישן קראָקע?

---

אַדאָלף רובעל

# פשעמישל

## דאָס אידישע לעבן אין דער עסטרייכישער פעסטונגס-שטאָט אין מיטל-גאַליציע



די דריטע גרעסטע שטאָט אין גאַליציע, איז געווען פשעמישל.

דער טייך „סאַן" האָט ווי איבערגעשניטן די שטאָט אין צוויי טיילן, מען קאָן זאָגן, אין אַלט און נײַ פשעמישל.

דער נײַער טייל, האָט געהייסן — זאַסאַניע (זאַ סאַנעם) און האָט געהאַט שיינע און ברייטע גאַסן, מאָדערנע הייזער און איז געווען באַוואוינט מערסטנס פון דער פאַרנעמער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

די אַלט-שטאָט איז געווען ווי איינגעשלאָסן צווישן דעם סאַן און דעם מאַסיוון וואַלד-באַרג וואָס מען האָט גערופן „שלאָסבערג", וועלכער איז געווען ווי אַ קליינע אימיטאַציע פון קראָקעווער „וואַוועל". אינמיטן דעם געדיכטן וואַלד אויפן באַרג, האָבן זיך געפינען די רואינען פון דעם שלאָס און פון די פאַלאַצן פון פירסט פשעמיסלאַו, וועלכער האָט געגרינדעט די שטאָט.

וועגן די רואינעס פון דעם אַלטן שלאָס, זיינען אין פשעמישל אַרומגעגאַנגען אַן אַ שיער לעגענדעס, וואָס באַבעס האָבן אין די שטילע פאַרנאַכטן דערציילט פאַר זייערע אייניקלעך און אַרויסגערופן מיט זיי אין די קינדערשע הערצער נייגעריקייט און שרעק פאַר דעם ווייט-פאַרגאַנגענעם און אומבאַקאַנטן.

שוין ממש ביים סוף פון נײַנצטן יאָרהונדערט, האָט זיך די מאָדערנע ציוויליזאַציע אַריינגעריסן אין דער סאַמע מיט פון די לעגענדאַרישע רואינעס און מען האָט דאָרט אויפגעבויט אַ גרויסן טעאַטער-סאַלאָן, וואו מען האָט געשפילט יעדן זומער פויליש טעאַטער.

די אַלט-שטאָט האָט געשפּרודלט מיט לעבן. דאָ איז געווען דער גאַנצער גרויסער און קליינער האַנדל קאָנצענטרירט און עס האָבן אויך געלעבט און געווירקט אַלערליי האַנטווערקער (בעל-מלאכות) און קליין-פאַבריקאַנטן.

אין דער אַלט־שטאָט איז געווען די רעזידענץ פון אַלע מלוכהשע אַמטן, ווי אויך פון אַלע אידישע רעליגיעזע, פילאַנטראָפּישע און וועלטלעכע אינסטיטוציעס.

אינדערמיט פון דער גאַנצער שטאָט, דאָס הייסט, צווישן אַלט און ניי־שטאָט, האַרט נעבן דעם סאַן, איז געווען דער רינג־פּלאַץ, וואָס איז געלעגן שיף באַרג־אַרויף און איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע פיר זייטן מיט זענס־ווערטיקייטן. צוקאָפּנס פון רינג־פּלאַץ זיינען געשטאַנען די אַלטע גרויסע שטיין־הייזער וועלכע האָבן גע־שטאַמט נאָך פון מיטלאַלטער און זיי האָבן געהאַט נישט מער ווי צו דריי און פינף פראָנט־פענצטער, ווייל מער פענצטער איז געווען אַ פּריווילעגיע בלויז פאַרן אַדל.

לינקס אויפן רינג־פּלאַץ, זיינען געשטאַנען די געביידעס פון אַלטן יעזואיטן־אָרדן, וועלכע די עסטרייכישע רעגירונג האָט געהאַט קאָנפיסקירט און איינגעאָרדנט אין זיי, אין איין טייל אַ תפיסה און אין אנדערן טייל פון די געביידעס — אַ געריכטס־טריבונאַל.

אויפן רינג־פּלאַץ רעכטס, איז געשטאַנען אַ מאַסיוו פון פעסט־געבויטע אַלטע הייזער, אין וועלכע אידישע סוחרים האָבן געהאַט זייערע געשעפטן.

צופיסנס פון רינג־פּלאַץ איז געשטאַנען די אַלטע איינשטאָקיקע געביידע פון מאַ־גיסטראַט („ראַטוש") און פון דאָרט האָט זיך געצויגן אַ קליין שמאָל און קרום געסל וואָס האָט געפירט ביז צום סאַן.

פון ביידע זייטן פון די סוחרישע געביידעס, האָבן זיך געצויגן פון איין זייט די קאַזשמיעזשאַווסקאַ־גאַס און אויף דער צווייטער — די פראַנציסקאַנער־גאַס, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם גרויסן פראַנציסקאַנער קלויסטער. נעבן דעם קלויסטער איז געשטאַנען אַ ברונעם, פון וועלכן די גרעסטע טייל פון דער פשעמישלער באַפעל־קערונג האָט געשעפּט און זיך פאַרזאָרגט מיט טרינק־וואַסער. די ביידע גאַסן, פראַנ־ציסקאַנער און קאַזשמיעזשאַווסקאַ האָבן זיך געצויגן און זיך פאַרענדיקט אויף דעם גרויסן פּלאַץ פאַר דעם טויער פון בערנאַרדינער קלויסטער, און דעם פּלאַץ האָט מען גערופן פאַרקירצט — „פאַר דעם טויער".

„פאַר דעם טויער" איז געווען דער קניפּן־פּונקט פון אַלע וויכטיקסטע גאַסן פון שטאָט.

דער הויפּט־נערוו פון פאַרקער און לעבן און שטרעבן פון פשעמישל, זיינען געווען די דערמאָנטע צוויי גאַסן, פראַנציסקאַנער און קאַזשמיעזשאַווסקאַ, וועלכע זיינען געווען אַבסאָלוט אויף פולע הונדערט פּראָצענט אידיש, מיטן אויסנאַם פון די „סטרז־זשעס" (הויז־ווערטער) און אַנדערע קריסטלעכע באַדינער.

דעם סטעמפּל אויף דער שטאָט פשעמישל, האָט געלייגט די וועלט־באַרימטע פעס־טונג, וואָס איז געבויט געוואָרן נאָך אין אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט און כאָטש די באַפעלקערונג פון שטאָט איז געווען אַן אַבסאָלוט פרידלעכע, האָט פשעמישל אויס־געזען ווי איין גרויסע קאַזאַרמע.

די באַרייבערונג פון דער שטאָט האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן מיט דעם בוי פון דער פעסטונג, ביי וועלכער, אַ סך אידישע ליפעראַנטן, וועלכע זיינען פריער געווען אָרימע אומבאַקאַנטע מענטשן, האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט צו וואוילשטאַנד און אַנזען

און זיי האָבן אויך דערגרייכט צו האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

די פראָמינענטסטע פאַמיליעס, וועלכע האָבן פאַרנומען די אָנגעזעענסטע פלעצער אין דער פּאָליטיק און קאָמערץ און אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט, זיינען געווען די פאַמיליעס שיינבאַך, הירט, פרווידענהיים, גאַנז, טומין, מאַלער און טייך. די דערמאָנטע האָבן אויך מיט אייגענע קאַפּיטאַלן אויפגעבויט און אויסגעהאַלטן אַ גאַנצע רייע בנינים פאַרן אידישן עפנטלעכן געברויך, ווי שילן, אַ שפּיטאָל, תלמוד-תורות און אַ מושב-זקנים און אַנדערע.

## משה שיינבאַך

איינער פון די אינטערעסאַנטסטע טיפּן פון די פריער אויסגערעכנטע, איז געווען **משה שיינבאַך**.

אַלס קינד פון זייער אָרימע עלטערן, האָט ער אין זיין גאַנץ פריער קינדהייט, געמוזט אָנהויבן זאָרגן פאַרן אייגענעם שטיקל ברויט, האָט ער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט נישט צו לערנען אין קיין שול, אַפילו נישט אין קיין תלמוד-תורה און ער איז פשוט געווען אַן אַנאַלפאַבעט; נאָר וואָס פאַראַ אויסערגעוויינלעכע פאַטענצן האָבן געמוזט ברויזן אין דעם אָרימען פראָסטאַק, אַז ער האָט זיך געקאָנט פון אַ פּראָסטן טרעגער-יונג אַרויפאַרבעטן אַזוי הויך, אַז ער זאָל ווערן דער הויפּט דעה-זאָגער אין דער שטאָט-פירונג און אין דער קהילה-פירונג און זיין דער וויכטיקסטער פינאַנץ-ראַטגעבער פאַר אַלע גרויסע שטאָטישע אונטערנעמונגען!

יאָרן לאַנג איז משה שיינבאַך געווען פּרעזידענט פון דער אידישער קהילה, וויצע-בירגערמייסטער פון שטאָט פשעמישל, ער איז געווען וויצע-פּרעזידענט פון דער שטאָטישער שפּאַר-קאַסע (קאַסאַ אָשצשענדנאָשצשי) און איינער פון די דירעקטאָרן פון דער וועלט-באַרימטער עסטרייכיש-אונגאַרישער שטאַט-באַנק.

ביי זיינע אַלע דערגרייכונגען, האָט ער פונדעסטוועגן קאָנסערוירט אין זיך די פאָלקסטימלעכע תמימות און ער האָט אין זיין אייגענעם גרויסן הויז אויף דער קאָ-לעיאָווי-גאַס אָפּגעגעבן אַ גאַנצן שטאָק פאַר אַ שיל, וואו מען האָט אויך באַלד אָנגע-הויבן אָנפירן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע קולטור-אַרבעט און ער האָט דער ערשטער גע-זאַגט אָפּצוגעבן פּלאַץ אין זיין שיל, פאַר די ערשטע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען. דאָרט אין שיינבאַכס היימישער שיל, איז דער שרייבער פון די שורות געווען אָנוועזנד, אויף דעם טרויער-אַקט צו די שלושים נאָכן טויט פון גרויסן אידיש-נאַציאָנאַלן פירער דר. טעאָדאָר הערצל. אויף דעם אַקט האָבן זיך דעמאָלט באַטייליקט לילִיען, דער שפּעטערדיקער ציוניסטישער פירער און דירעקטאָר פון אי-דישן גימנאַזיום אין לעמבערג און פייערמאַן און אַנדערע סטודענטן, וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרן אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

איך האָב זיך פריער באַנוצט מיט דעם אויסדרוק: — שיינבאַכס **היימישער** שיל, ווייל מיט יאָרן שפּעטער, האָט משה שיינבאַך, פאַר זיין אייגן קאַפּיטאַל אויסגעבויט אויף דער דאָבראָ-גאַס (שפּעטער סלאָוואַצקי-גאַס) אַן אויסערגעוויינלעך שיינע און

גרויסע שיל אין מאַורימאַנישן סטיל און די שיל איז פון פאָלק גערופן געוואָרן די **שיינבאַך־שיל.**

## די ברידער הירט

בעת דעם בויען די פעסטונג, האָבן די ברידער הירט געמאַכט היבשע פאַרמעגנס און זיי זיינען אויך געבליבן ליפעראַנטן פאַר דעם מיליטער, נאָכן אויפבוי פון דער פעסטונג.

דער עלטערער פון די צוויי ברידער, משהלע, איז געווען דער ערשטער איד אין פשעמישל, וואָס איז באַערט געוואָרן מיט אַ הויכן עסטרייכישן אָרדן, וועלכן ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט פון אַ יום־טוב, געטראָגן מיט שטאָלץ. ער איז אויך געווען דער ערשטער אידישער קייזער־קעניגלעכער האָף־ליפעראַנט פון פשעמישל.

אָבער כאָטש זיין רייכטום איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, איז ער אַלץ געבליבן ביי זיין פשטות און פאָלקסטימלעכקייט. שוין דער נאָמען „משהלע" ווי דאָס פאָלק האָט אים גערופן, איז דער בעסטער באַווייז ווי באַליבט ער האָט געמוזט זיין און ווי הבריש ער האָט זיך געמוזט באַציען צו אַלעמען.

אויף דער דוואָרסקאַ־גאַס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביים טויער פון בערנאַרדינער קלויסטער, האָט משהלע הירט פאַרמאָגט אַ גרויסן שטח ערד, וועלכן ער האָט פאַר־בויט מיט אַ גרויסער געביידע פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע און נעבן זיין הויז, האָט ער גלייכצייטיק אויך אויסגעבויט אַ שיל, וועלכע מען האָט דערנאָך אַלע יאָרן גערופן — משהלע הירטס שיל.

משהלע הירט האָט אויך אין פשעמישל אויסגעבויט אַ גרויסע געביידע פאַר אַ מושב־זקנים, וואָס איז געווען די ערשטע שענסטע און גרעסטע געביידע פון דעם מין אין גאַנץ גאַליציע. די געביידע האָט געהאַט קאַפּאַציטעט פאַר עטלעכע הונדערט פערזאָן און האָט געהאַט אַלע מאָדערנסטע איינריכטונגען און משהלע האָט נאָך גע־געבן אַזאַ גרויסע געלט־סומע (אַ שטיפטונג) פאַר דער אויסהאַלטונג פון מושב־זקנים, אַז די אינסטיטוציע זאָל זיך קענען אויסהאַלטן פון די בלויסע פּראָצענטן.

מען מוז נאָך דאָ צוגעבן, אַז משהלע הירט איז געווען ביי זיך אַזוי פּראָסט, אַז ער האָט זיך נישט געקהלט, נישט געמישט זיך אין פּאָליטיק, נאָר אָפּגעגעבן זיין צייט פאַר וואוילטעטיקע ענינים און עס איז נישט געווען קיין מענטש וואָס זאָל זיך צו אים ווענדן נאָך אַ טובה, אַ שטיצע, אַ הלואה, אַז ער זאָל זי ביי אים נישט באַקומען.

## קלמן פריידענהיים

אַן אויסערגעוויינלעכע און אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, איז געווען קלמן פריידענהיים

פון אַן אָרימער היים, פונקט מיט אַזאַ פאַרוואָרלאָזטער דערציאונג ווי משה שיינ־באַך, האָט ער זיך אויך אָנגעהויבן אַרויפאַרבעטן בעת דעם בויען פון דער פעס־טונג און כאָטש ער האָט פונקט ווי שיינבאַך נישט באַזעסן קיין שום בילדונג, האָט

ער אָבער שנעל באַגריפן די שטרעבונגען צו מאָדערניזם און וועלטלעכקייט און פון אַ געוויינלעכן פראָסטאַק און שוואַרץ-אַרבעטער, האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם מענטשן מיט פיינסטער האַלטונג און מאַניר.

אַ פעסט־געבויטער הויכער מאַן, עלעגאַנט און לויט דער לעצטער מאָדע געקליידעט, מיט זיין אייביקן פריינטלעכן שמייכל און שיינעם אַרט ריידן, האָט ער זייער אויסגענומען ביי פרויען און מען האָט אים דערפאַר געקרוינט מיט דעם צונאָמען:
— דאָן זשואַן.

מיט זיין איינגעבוירענער אינטעליגענץ, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק ווי נאָר פריידענהיים האָט זיך דערוואָרבן זיינע ערשטע דערגרייכונגען, האָט ער געקענט קאָנקורירן מיט זיין שאַרפזין מיט דעם בעסטן אַדוואָקאַט און אַדאַנק די אייגנשאַפטן זיינע, האָט ער געשלאָסן הויכע באַקאַנטשאַפטן מיט עסטרייכישע רעגירונגספערזענלעכקייטן און אַזוי האָט ער עס געבראַכט דערצו, אַז ער האָט באַקומען די קאָנצעסיעס אַלס הויפּט־פּראָפינאַטאָר, צו פאַרקויפן אַלקאָהאָל פאַר פשעמישל און אַלע ארומיקע שטעט און שטעטלעך.

די דערגרייכונג, האָט אים אַריינגעבראַכט גרויסע פאַרמעגנס און ער האָט זיך אויסגעבויט אַ שיינע ווילאַ אויסער דער שטאָט און זיין ווילאַ איז געווען אויסגעשטאַט מיט די טייערסטע איינריכטונגען און זיין איינגעאָרדנטער סאַלאָן און בילדערגאַלעריע, האָט צוגעצויגן אַ סך געסט פון פיינעם געשמאַק און פון דער הויכער געזעלשאַפט, אַז זיי זאָלן אים באַזוכן.

אַלס איד, האָט זיך פריידענהיים אויסגעצייכנט מיט ספּעציעלע מעלות.

האָבנדיק פיליאַלן פון זיין פּראָפּינאַציע אין אַ גאַנצער רייע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע, זיינען אַלע זיינע הונדערטער אָנגעשטעלטע געווען מערסטנס אידן און פריידענהיים האָט זיינע אַלע געשעפטן געהאַלטן פאַרמאַכט אין די שבתים און ימים־טובים, כדי זיינע פרומע אָנגעשטעלטע זאָלן נישט דאַרפן קומען צו קיין נסיון.

אויסערדעם, איז פריידענהיים געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויף זיין אייגענעם אופן איינגעפירט אַ פאָרם פון פענסיע פאַר זיינע אַלטע און אויסגעדינטע אָנגעשטעלטע, וועלכע ער האָט אין צייט פון קראַנקהייטן, אַרבעטס־אומפעאיקייט און עלטער, אויסגעצאָלט די פענסיעס אַזוי ווי זיי וואָלטן ווייטער געאַרבעט.

און נישט נאָר פאַר זיינע אָנגעשטעלטע, נאָר אויך זיין צדקה האָט געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, ווייל ער האָט נישט געטיילט קיין צדקה אין געוויינלעכן מיין פון דעם וואָרט, נאָר פאַר אַלע נויט־באַדערפטיקע וועלכע האָבן זיך נאָר צו אים געווענדעט. האָט ער באַשטימט חודש־פענסיעס און זיי האָבן באַקומען זייערע חודש־פענסיעס אין זיינע קאַנטאָרן, פונקט ווי די אָנגעשטעלטע.

## בוטשע מאַלער און קאָמפּ.

נאָך גרעסערע טעטיקייטס־פּאָטענצן האָט פאַרמאָגט בוטשע מאַלער.

אָנגעהויבן אַלס שוואַרץ־אַרבעטער ביים פירן זאַמד פונעם סאַן צו דער פעסטונג, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז דער סאַן קאָן ווערן אַ קוואַל פון פרנסה, אויב ער זאָל אים קענען אָפדינגען.

בוטשע האָט זיך וועגן דעם דורכגעשמועסט מיט זיין חבר נאָטע טייך, וועלכער האָט מיט אים צוזאַמען געאַרבעט ביים פירן די וועגן זאַמד, און כאָטש נאָטע טייך האָט אים באַטראַכט ווי אַ חסר־דעה פאַר זיין איינפאַל, האָט בוטשע דעם געדאַנק נישט אויפגעגעבן, נאָר אָנגעהויבן גיין און קלאַפּן אין טירן פון די באַהערדן און מען זויים נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, ער האָט באַוויזן צו איבערצייגן די לוינבאַרקייט פאַר דער מלוכה, אויב מען וועט אים געבן די קאָנצעסיע צו עקספּלאָטירן דעם טייך און ער האָט די קאָנצעסיע באַקומען.

דעמאָלט איז שוין נאָטע טייך צוגעשטאַנען צו אים אַלס שותף, זיי האָבן אָנגעהויבן שעפּן די זאַמדן פון דעם גרויסן טייך און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָבן זיי געמאַכט אַ צעגעלניע און זייערע ציגל זיינען באַלד פאַרברויכט געוואָרן צו די גרויסע בוי־אַרבעטן וואָס זיינען דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין שטאָט און שנעל האָט די פירמע בוטשע מאַלער און ברידער טייך באַקומען אַ שם אַלס גרויסע ליפעראַנטן פון בוי־מאַטעריאַלן.

דערנאָך איז עס שוין געגאַנגען ווי פון זיך אַליין. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפקויפן ליידיקע פּלעצער און זיי פאַרבויט מיט שיינע הייזער וועלכע זיי האָבן פאַרקויפט און ווייטער געבויט. און אַזוי קאָן מען זאָגן, אַז די פירמע בוטשע מאַלער און קאָמפּאַניע האָבן אויפגעבויט די שטאָט פּשעמישל.

## לייזער דיאַמאַנט

געהייסן האָט ער לייזער דיאַמאַנט, אָבער גערופן האָט מען אים — לייזער כאַשטער.

לייזער כאַשטער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער איד מיט אַ גוטן נאָמען און ער האָט זיך איינגעאָרדנט אַ פּרנסה פון לייען געלט. צו זיין שבח מוז אָבער באַלד געזאָגט ווערן, אַז ער האָט נישט גענומען קיין הויכע פּראָצענטן, נאָר כמעט ווי אין אַ באַנק, מיט דעם חילוק, וואָס ער האָט געבאָרגט געלט צו אַזעלכע, וועלכע האָבן צו קיין באַנק נישט געהאַט קיין צוטריט.

לייזער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס גוטער פּסיכאָלאָג און ווען אַ קבצן איז גע־קומען צו אים נאָך אַ הלוואה, האָט ער אים געפרעגט אויף וואָס ער דאַרף דאָס געלט און וואָס ער וויל טון דערמיט און קוקנדיק יענעם אין די אויגן און הערנדיק יענעמס ענטפערס, האָט ער שוין פאַרשטאַנען צי ער מעג געבן די הלוואה, צי נישט. און לייזער האָט זעלטן ווען געמאַכט אַ טעות מיט זיינע אָפּשאַצונגען.

אויב די שיינבאַכס, פריידענהיימס און מאַלערס און די אַנדערע אַמאָליקע פּראָס־טע אָרימע שוואַרץ־אַרבעטער האָבן זיך באַוויזן אַרויפצואַרבעטן, האָבן זיי עס גע־האָט אים, לייזערן, צו פאַרדאַנקען. דאָס איז געווען לייזער כאַשטער, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו זייערע פּלענער און ער האָט זיי אָן שום האפּטערס (גאַראַנטיעס) אויס־געבאָרגט די ערשטע געלטער, אַדאַנק וועלכע זיי האָבן דערגרייכט זייערע צילן.

## פשעמישל אלס האנדלס-שטאט

פשעמישל איז געווען די גרויסע האנדלס-שטאט אין מיטל גאליציע.

דער מיטל-פונקט וואו פשעמישל האט זיך געפונען און די גרויסע נעץ פון אייזנ-באן-וועגן וואס האבן זיך געצויגן אויף אלע זייטן און די קייזער-וועגן (שאסייען) וואס האבן פארבינדן פשעמישל פון איין זייט ביז ריישע (זשעשאוו) און פון דער אנדערער ביז לעמבערג, האט צוגעצויגן אלע גרעסערע און קלענערע סוחרים פון ארום, אז זיי זאלן קומען איינקויפן זייערע סחורות אין פשעמישל.

דא איז געווען דער הויפט-מארק פאר קאלאניאל-סחורות (די קאלאניאל-בראנ-זשע איז אין פשעמישל געווען מער אנטוויקלט ווי אין לעמבערג און אין קראקע), פאר טעקסטיל-סחורות, מעל, אייזן און האלץ.

די פראמינענטסטע פארשטייער פון די אלע בראנזשעס, זיינען נישט געווען קיין פערזאנען, נאר גאנצע פאמיליעס, וועלכע האבן געהאלטן די בראנזשעס ווי פאר זייער מאנאפאל.

דעם ערשטן אויבנאן אין פשעמישלער האנדל, האט פארנומען די קאלאניאל-בראנזשע, וועלכע איז כמעט אויף פולע הונדערט פראצענט געלעגן אין די הענט פון דער פאמיליע גאנז.

די פאמיליע גאנז איז אפשר נישט געווען די רייכסטע פאמיליע אין שטאט, אבער דערפאר איז זי געווען די אנגעזעענסטע און אמערסט רעספעקטירטע באלעבאטים. די מיטגלידער פון דער פאמיליע גאנז זיינען געווען די טיפישסטע פארשטייער פון מיטל-קלאס מיט אלע אירע מעלות און חסרונות. שטאלץ, איינגעבילדעט, אפילו אראגאנט, דאך קארעקט, ערלעך און ריין.

קיין גרויסע קענטעניש אין אידישן וויסן האבן זיי נישט פארמאגט, אבער זיי זיינען אויך נישט געווען קיין אמראצים. זיי זיינען נישט געווען קיין פאנאטיקער, אבער שטרענג רעליגיעז. די צוויי ברידער, מלך און ישראל גאנז, זיינען געווען ווי א צווילינגס-פאר; ביידע פון מיטעלער הויך, אלעמאל פארכמורעט און פארזארגט, ווי עס האט געפאסט פאר גרויסע סוחרים.

ישראל גאנז האט געהאט דריי איידעמס, זיינען אלע דריי געווארן גרויסע הורט-סוחרים פון דער זעלבער בראנזשע. צוויי פון זיי, ישראל מיזעס און שלום בוימוואלד האבן אין דעם מסחר געשפילט א גרויסע ראלע.

## די פאמיליע מיזעס

ישראל מיזעס האט געשטאמט פון א פארנעמער היים אין יאווארא‌וו, נישט ווייט פון לעמבערג. שוין ישראלס אויסערלעכער אויסזען, האט געוועקט רעספעקט צו אים. הויך און שלאנק, מיט א שיין געשווירענע הערצל-בארד, מאדערן געקליידעט, אין די וואכן-טעג האט ער געטראגן א גרויען לאנגן ראק (א „יאסקולקע") מיט א צילינדער (דער איינציקער אין פשעמישל וואס האט געטראגן א צילינדער), א וויים העמד מיט א שטייפן קאלנער, ער איז אלעמאל געווען רואיק און מיט פיינער האלטונג. ער איז געווען א גרויסער תלמיד-חכם און איז געווען א גרויסער בקי אין יודאאיסטישע און

אין אוניווערסאַלע וויסנשאַפטן; ער איז יאָרן־לאַנג געווען קאָרעספּאָנדענט פון דער באַרימטער ווינער „נייע פרייע פרעסע".

די גרויסע געשעפטן זיינע, האָט געפירט זיין קלוגע און געבילדעטע פרוי, לאה. לאה מיזעס איז געווען די גרינדערין פון אַלע פילאַנטראָפּישע פרויען־אָרגאַניזאַציעס. זי האָט אויך געשאַפן אַן אייגענע גמילות־חסדים־קאַסע, וועלכע האָט געגעבן קליינע הלוואות צו אָרימע קרעמער און הענדלערנס, אָן פּראָצענט און אָן האַפטערס. איינס פון אירע גרעסטע הייזער, האָט די פאַמיליע מיזעס אָפּגעגעבן פאַר אַ תלמוד־תורה וואו מען האָט געלערנט מיט די קינדער אינגאַנצן אומזיסט, ווייל די פאַמיליע מיזעס האָט נישט נאָר באַצאָלט די מלמדים, נאָר זיי האָבן אויך געשפּענדעט ריזיקע סומעס אויף ווינטער־קליידער און שיך פאַר די אָרימע תלמוד־תורה־קינדער.

די פאַמיליע מיזעס האָט אויך געגרינדעט אַ זייער אָריגינעלן פאַריין, וואָס האָט זיך גערופן דער „צוויי קרייצער־פאַריין" און דער פאַריין האָט אָנגעפירט זיין וויכטיקע טעטיקייט אין דער געביידע פון תלמוד־תורה.

די צילן און אויפגאַבן פון „צוויי קרייצער־פאַריין" זיינען געווען — דאָס באַזאָרגן אומבאַמיטלטע קינדער פון די פאָלקס־שולן און אַפילו פון גימנאַזיעס, מיט די נויטיקע ביכער און נישט איין שפּעטערדיקער אויסשטודירטער פּראָפעסיאָנאַל האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין קאַריערע די הילף פון „צוויי קרייצער־פאַריין" וואָס האָט אים אַמאָל געשענקט די נויטיקע ביכער און די נויטיקע סטודענטן־אוניפאָרמען וואָס שטודירנדיקע אין די גאַליצישע גימנאַזיעס האָבן געמוזט טראָגן.

דער „צוויי קרייצער־פאַריין" האָט אָנגעפירט אַ גרויסע טעטיקייט פון אויפקלערונגס־אַרבעט כדי צו ווערבירן מיטגלידער וועלכע האָבן געצאָלט צוויי קרייצער אַ חודש (דער ווערט פון צוויי מיט אַ האַלבן קרייצער, איז געווען גלייך ווי איין נאָרד־אַמעריקאַנער סענט) אָבער די סומעס פון די קליינע מיטגליד־אָפּצאָלן האָבן ווייט נישט געדעקט די נויטיקע הוצאות און די פאַמיליע מיזעס האָט אַלעמאָל געמוזט דעקן די דעפיציטן.

זייער לעצטער זון, יוסף, האָט שטודירט פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע און באַקומען ביידע דאָקטאָראַטן, אַלס פילאָזאָף און דר. ראַבינער.

דר. יוסף (יאָזעף) מיזעס איז געווען רעליגיאָנס־לערער און מיליטער־ראַבינער אין דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אַרמיי און שפּעטער איז ער אויך געווען מיליטער־ראַבינער אין דער פּוילישער אַרמיי, ביי וועלכער ער האָט דערגרייכט ביז צום ראַנג אַלס אָבערסט.

זיין ברודער מאַטיאַס (מתתיהו) איז געווען פילאָזאָף און באַרימטער שריפטשטעלער, פונדעסטוועגן האָט ער מיטגעאַרבעט אין פאַטערס געשעפטן און ער איז אַפילו געווען אַ שטיק צייט פּרעזידענט פון אידיש־קויפמענישן פאַריין.

## שלום בוימוואַלד

אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו ישראל מיזעס, איז געווען שלום בוימוואַלד, דער צווייטער איידעם פון ישראל גאַנז.




יוגנטלעכע בונדיסטן אין פשעמישל פייערן דעם ערשטן מאַי צווישן ביימער און פרילינגס־בליטן אויפן שלאָס־בארג, אין יאָר 1926. ווער פון די דאָזיקע שיינע, געזונטע בחורים איז געבליבן לעבן נאָך דעם גרויסן היטלער־אומגליק?

דינאַמיש, אַלעמאָל אויפגערעגט, פאַנאַטיש-פרום, איז ער געוואָרן די הויפּט-זייל פון די קעמפנדיקע חסידים קעגן יעדן פאָרגעשריטענעם געדאַנק.

אין זיין פאַמיליע האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ טרויעריקע געשעעניש, וואָס איז אין פּשעמישל באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אומגעהויערע טראַגעדיע.

שלומס טאָכטער, טויבע, האָט זיך פאַרליבט אין דעם יונגן דר. ראָזנבלאַט פון ר[illegible]דים (אַ נאָנטער קרוב פון דיכטער מלך ראַוויטש) און ווייל דער דאָקטאָר ראָזנבלאַט איז געווען אַן אָנגעזעענער ציוניסטישער טוער, האָט שלום בוימוואַלד בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין צום שידוך און ווען די טאָכטער האָט באַשלאָסן קעגן איר פאָטערס ווילן חתונה צו האָבן מיט איר אויסדערוויילטן, האָט דער פאָטער זי פשוט אַרויסגעטריבן פון זיין הויז.

## פירמע דאָרנבוש און זין

פונקט אַזוי ווי ישראל גאַנז איז געווען די הויפּט-פיגור אין דער קאָלאָניאַל-בראַנזשע, איז די פירמע דאָרנבוש און זין, געווען די וויכטיקסטע אין דער טעקסטיל-בראַנזשע אַלס הורט-סוחרים פון מאַנופאַקטור.

דער האַנדל מיט מאַנופאַקטור איז געווען אַ סך וויניקער קאָמפּליצירט ווי די קאָלאָניאַל-בראַנזשע. צום האַנדל מיט מאַנופאַקטור האָט מען אויך נישט געברויכט אַזויפיל קאַפּיטאַל, ווייל אַלע עסטרייכישע און טשעכישע פאַבריקן האָבן די „באַוול" סחורות (בראַקירטע ארטיקל) אָפּגעליפערט דורך פיפיקע רייזנדער-אַגענטן צו גאַליציאַנער סוחרים אויף לאַנג-טערמיניקע וועקסלען.

דער האַנדל מיט מאַנופאַקטור האָט אַ סך אידישע סוחרים געגעבן פּרנסה בכבוד און אַפילו די אָפּטע באַנקראָטן האָבן די עסטרייכישע און טשעכישע פאַבריקאַנטן נישט אָפּגעשראָקן, זיי האָבן ווייטער געשיקט סחורות צו דיזעלבע מענטשן וועלכע האָבן בלויז געטוישט די פירמעס אויף די ווייבערס נעמען. די פאַבריקאַנטן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן, ווייל זיי האָבן סיי ווי, זוי שוין דערמאָנט, געשיקט באַוול-סחורות און וויפל זיי האָבן באַקומען געלט, האָט זיך זיי געלוינט דאָס געשעפט...

אָבער נישט אַלע מאַנופאַקטור-סוחרים האָבן געהאַנדלט דירעקט מיט די פאַבריקן; דאָרנבוש איז געווען דער הויפּט-אימפּאָרטער וועלכער איז געשטאַנען אין גע-שעפטלעכער פאַרבינדונג מיט די גרעסטע טעקסטיל-פאַבריקן, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין אַ חסיד, אַ פאַנאַטיקער און טראָגן די ספּעציפיש-חסידישע קליידונג, ווי ווייסע זאָקן און אַ זשיפּעצע, לאַנגע געקרייזלטע פאות און מיט דעם לאַנגן טלית-קטן מיט ציצית וואָס האָבן אַראָפּגעהאָנגען ביז אויף דער ערד...

## פסח קרעבס

אַ קאָנטראַסט צו דאָרנבושן איז געווען די צווייטע וויכטיקע פיגור אין דער בראַנזשע, פסח קרעבס.

אַ פאָרגעשריטענער מענטש, מאָדערן געקליידעט, ערנסט און ערליך, **האָט ער** געפירט דאָס געשעפט אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן, זוכנדיק צו האָבן די בעסטע סחורה און ער האָט זיך טאַקע שנעל דערוואָרבן דעם נאָמען אַלס ראַיעלער סוחר.

ער האָט זיך נישט געלאָזן אַריינדרייען פון די פיפיקע רייזענדערס די באָוו־סחורות, ער איז גאַנץ אָפט אַליין געפאָרן אין די פאַבריקן וואו ער האָט אָפגעקליבן די נייסטע אויסאַרבעטונגען און די בעסטע קוואַליטעטן און זיין געשעפט האָט טאַקע געשעמט אַלס ערשטקלאַסיק, סיי פאַר זיינע הורט־קונים ווי פאַר די פאַרנעמסטע קרייזן, קריסטלעכע ווי אידישע, וועלכע האָבן אין זיין געשעפט איינגעקויפט זייערע אויסשטאַטונגען.

## יאַנקל הירשפעלד, לייב ליבסהאַרט און יצחק־מאיר רובעל

די דריי זיינען געוועז די הויפּט־פיגורן פון דער מעל־בראַנזשע, וועלכע איז אינגאַנצן איינגעשטאַנען אין אידישע הענט.

יאַנקל הירשפעלד איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און ער האָט געלערנט נישט בלויז פאַר זיך, נאָר געלערנט אויך מיט אַנדערע און יעדן שבת נאָכמיטיק האָט ער אין גרויסן בית־המדרש איינגעפירט אַ „שיעור" נישט נאָר מיט סתם צוהערער, נאָר מיט דער גייסטיקער עליטע פון דער שטאָט.

זיין איינציקער זון, מיין יוגנט־פריינט, האָט אין ווין שטודירט טעאָלאָגיע און ער איז שפּעטער געוואָרן אָבער־ראַבינער אין באָכניע.

לייב ליבסהאַרט האָט געפירט גרויסע געשעפטן און ער איז אויך געווען מיליטער־ליפעראַנט און ער האָט געהאַלטן אין פאַכט עטלעכע מילן.

מיין פאָטער, איטשע־מאיר רובעל, האָט געלערנט אין דער בעלזער ישיבה, אָבער ער איז נישט געבליבן קיין חסיד, פונדעסטוועגן איז ער מיט די קינדער פון בעלזער צדיק געווען זייער באַפריינדעט און ער פלעגט פאָרן קיין בעלז אויף די חתונות און פאַמיליען־יום־טובים פון רבינס הויף און איז דאָרט געווען זייער אָנגעזען.

מיט מיין פאָטער איז געווען אַ וואונדערלעכע זאַך; זייענדיק אַ ישיבה־בחור אין בעלז, האָט ער באַוויזן אין געהיים צו לערנען אין ספרים חצונים און ער האָט באַזעסן די שפּראַכן העברעאיש, דייטש און פויליש אין וואָרט און אין שריפט און ער האָט אָנגעקנופט די פיינסטע באַציאונגען און געפאַכטעט ביי די גראַפן די מילן פון דאָבראָמיל און ניזשאַנקאָוויצע.

ווי שוין געזאָגט, האָבן די דריי דערמאָנטע פאַרנומען דעם אויבנאָן אין מעל־האַנדל און אין די מעל־פּראָדוקציעס און אויסער זיי איז אויך געווען באַרימט די פרענקעל־מיל וועלכע איז געשטאַנען אין צענטר פון דער אַלט־שטאָט.

פרענקל איז געווען אַ אידישער אַריסטאָקראַט. ער האָט באַזעסן הויכע וועלטלעכע בילדונג, אָבער מיט אידן האָט ער זיך נישט געחברט, נאָר מיט דעם הויכן קריסטלעכן אַדל.

אָבער כאָטש אַן אַסימילאַנט, זיינען זיינע הונדערטער באַאַמטע געווען לויטער אידן, וועלכע האָבן זיך אויך געציילט צום אַזוי־גערופענעם בעסערן קלאַס.

עס איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז פרענקעל האָט אין זיינע אונטערנעמונגען איינגעפירט פאַרשידענע סאָציאַלע פאַרזיכערונגען און אויך אַן אייגענע קראַנקן־קאַסע.

## לאַנגזאַם, ווינקלער און בוכבאַנד

די דריי זיינען געווען די הויפּט־פיגורן פון אייזן־האַנדל און זיי זיינען געווען באַקאַנט נישט נאָר אין פּשעמישל, נאָר אין גאַנץ גאַליציע און איבער די גרעניצן פון גאַליציע.

כאָטש זיי זיינען געווען פרומע חסידישע אידן, האָבן זיי מיט זייערע שאַרפע גמרא־קעפּ באַוויזן צוצוטראַכטן אַ סך אויסבעסערונגען און פלענער און דערפינדונגען, וואָס האָבן געזעצט אין באַוועגונג גרויסע אייזן־פאַבריקן און גיסערייען און זיי האָבן דיקטירט אַרבעטן פאַר צענדליקער אינזשעניערן און מען קאָן זאָגן, אַז זיי זיינען נישט בלויז געווען סוחרים אין דער אייזן־בראַנזשע, נאָר גרויסע אויפטוער, וואָס האָבן אַנטוויקלט די אייזן־אינדוסטריע אין גאַליציע.

## די האָלץ־אינדוסטריע

זייער קאָמפּליצירט איז געווען די טעטיקייט אין דער האָלץ־אינדוסטריע.

אין דער אומגעבונג פון פּשעמישל זיינען געווען אַ סך וועלדער, וואָס אַרום זיי האָבן זיך אויסגעבויט פּרימיטיווע טאַרטאַקעס, פון וואַנען מען האָט די צוגעשניטענע געהילץ אָפּגעליפערט אין שטאָט אַריין. און דאָס האָט געגעבן אַ שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון אַ גרויסן האָלץ־האַנדל, וועלכער איז איינגעשטאַנען הונדערט פּראָצענט אין אידישע הענט.

דער האָלץ־האַנדל פון די אַלע מינים, ווי בוי־האָלץ, מעבל־האָלץ און ברען־האָלץ, האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער אַלטער און נייער **טאַרגאָוויצע**.

די ערשטע און עלטסטע איניציאַטאָרן פון האָלץ־האַנדל אין פּשעמישל, איז געווען די פאַמיליע **נאַדעל**.

די נאַדעלס האָבן געגעבן דעם שטאַרקסטן אימפּולס צו דער שאַפונג פון די טאַרטאַקעס און זיי אַליין האָבן אויך געשאַפן עטלעכע פון די וויכטיקסטע און שוין מאָדערניזירטע זעג־מילן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט בוי־האָלץ און מעבל־האָלץ און אַדאַנק די אויסאַרבעטונגען פון מעבל־האָלץ, זיינען אַנטשטאַנען אַ גאַנצע רייע גרעסערע און קלענערע מעבל־פאַבריקן, וועלכע האָבן שפּעטער באַוויזן צו קאָנקורירן מיט די ביליקע אימפּאָרטירטע מעבל פון אויסלאַנד.

די פיינסטע מעבל־געשעפטן האָבן געהאַט אויף דער פראַנצישקאַנער־גאַס די פירמעס בראַונשטיין, גליק און לופּט.

## בוך־האַנדל און דרוקערייען

אויסער דער איינער קריסטלעכער דרוקעריי פון יאָזעף סטיפּי, זיינען אַלע אַנדערע דרוקערייען און בוכהאַנדלונגען געווען אין אידישע הענט.

די גרעסטע און עלטסטע בוכהאַנדלונג וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם רינג־פּלאַץ, האָט געהערט צו דער פאַמיליע שוואַרץ. אין דער בוכהאַנדלונג האָט מען באַ־

קומען אַלערליי שול־ביכער פאַר אָנפאַנג, מיטל און הויך־שולן. די פירמע שוואַרץ האָט אויך געהאַט אַן אייגענע דרוקעריי און זי האָט אויך געהאַט אַ גרויסע דרוקעריי און פאַרלאַג אין סאַמבאָר.

צו די גרויסע בוכהאַנדלונגען האָט אויך געהערט די פירמע גלאַנץ אויף דער פּאַנצישקאַנער־גאַס און כאַקאַבאַ פעלזען וועמענס בוכהאַנדלונג האָט זיך געפונען אויף דער מיצקיעוויטשאַ־גאַס.

פעלזען האָט חוץ שול־ביכער, אויך געהאַט אַ גרויסן אויסוואַל פון ליטעראַטור און וויסנשאַפטלעכע ווערק און ער האָט אין זיין געשעפט איינגעאָרדנט אַן אָפּטיילונג, אַלס ליי־ביבליאָטעק, וועלכע האָט פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל אויסגעבאָרגט די טייערסטע ביכער.

די עלטסטע אידישע דרוקעריי האָט געהערט צו דער פירמע ה. זשופניק און קאָמפּ.

אין דער דרוקעריי פון זשופניק און קאָמפּ. איז דערשינען אַ ספּאָראַדישע אידישע צייטונג די „פאָלקס־שטימע", אַרויסגעגעבן פון זיגמאַן און עסטרייכער, אויסשליסלעך בעת וואַל־קאַמפּאַניעס.

פון גרויסן אָנזעען איז אויך געווען די דרוקעריי פון קנאָלער און זון.

קנאָלער און זון האָבן געאַרבעט מערסטנס פאַר די פרום־אידישע קרייזן. אין זייער דרוקעריי זיינען געדרוקט געוואָרן אידישע קאַלענדאַרן, בענטשערלעך, תחינות, שיר־המעלותן פאַר קימפּעטאָרנס און אַזוי ווייטער.

אַ גאַר באַזונדערן פּלאַץ האָט פאַרנומען די דרוקעריי און פאַרלאַג פון אברהם אַמקרויט, וועלכע האָט זיך שפּעטער גערופן „אַמקרויט און פרוינד".

אַמקרויטס דרוקעריי און פאַרלאַג האָט זיך געפינען אויף דער יאַגעלאָנער־גאַס, אַנטקעגן דער בריק וואָס האָט געפירט צו דער טאַרגאָוויצע.

אין זיעם פאַרלאַג זיינען געדרוקט געוואָרן תנ"ך־אויסגאַבעס, סידורים, מחזורים און רבנישע ספרים.

אָבער נאָכן טויט פון אברהם אַמקרויט, ווען די אלמנה האָט חתונה געהאַט מיט איר פעאיקן געשעפט־פירער שמחה פרוינד, איז אַנשטאַנען די פאַרלאַגס־פירמע אַמקרויט און פרוינד, וועלכע האָט מיט דער צייט באַקומען אַ רום איבער דער גאַנצער וועלט.

פרוינד האָט זיך באַמיט אויסצוברייטערן וואָס מער די פאַרלאַגס־טעטיקייט אין כאַטש אויסערלעך, האָט ער זיך געקליידט אויף דעם ספּעציפיש־חסידישן אופן, געבראַגן לאַנגע פאות, אַ זשיפּעצע און פאַנטעפעלעך מיט הויכע ווייסע זאָקן און מיט אַ טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית, האָט ער אָבער געהאַט אַן אינערלעכן דראַנג אויסצוברייטערן די פאַרלאַגס־טעטיקייט אויך אויף די אַזוי־גערופענע ספרים־חצונים, די ביכלעך וואָס מען האָט געדרוקט אויף אידיש. און נאָך היינט קאָן מען געפינען אין אידישע ביבליאָטעקן הונדערטער אידישע ביכער און טעאַטער־טעקסטן, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין פּשעמישלער פאַרלאַג פון אַמקרויט און פרוינד.

## נאָך האַנדל און אינדוסטריע־פירמעס

איך וויל נאָך דאָ קורץ דערמאָנען עטלעכע פירמעס וועלכע האָבן אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט.

די ערשטע מעכאַנישע בעקעריי האָט געגרינדעט **עליאַס שוועבער.** די ברידער־נוסבוים האָבן אויף דער נייער טאַרגאָוויצע אויסגעבויט אַ דאַמף־מיל. **רעבהאַן** האָט אויפגעבויט אַ ביר־ברויעריי. לויפער — אַ טשאָקאָלאַד־פאַבריק. טויבענפעלד — אַ מעכאַנישן וואַרשטאַט. עסטרייכער — אַ קאָנפעקציאָנס־פאַבריק. יאָזעף רינדער, דער שוועד פון לעמבערגער אויבער־ראַבינער פריינד, האָט געגרינדעט אַ פאַבריק פון ריימען; זישע ליכטציער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון ליכט; **קאָרן** — אַ גאַרבעריי־פאַבריק; מעכל גיטער און הירשפעלד, האָבן געהאַט די גרעסטע נאַפט־געשעפטן; קריינ־יק איז געווען דער הויפט־עקספּאָרטער פון אַלטע קליידער וועלכע ער האָט עקספּאָרטירט קיין אונגאַרן און אין די באַלקאַן־לענדער; קלאַגסבאַלד און האָניגוואַקס האָבן געגרינדעט אין פשעמישל אַ גרויסע מאַשינען־פאַבריק וואָס האָט אויסגעאַרבעט הויפטזעכלעך לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען פון די בעסטע קוואַליטעטן וועלכע האָבן קאָנקורירט מיט די אויסלענדישע פאַבריקאַטן.

די אַלע אויסגערעכנטע אידישע אונטערנעמער, זיינען געווען פרומע אידן, און זיי האָבן מיט זייער מיפּולער אַרבעט און פלייס זייער פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און באַרייכערונג פון דער שטאָט פשעמישל.

אָבער שוין די ערשטע וועלט־מלחמה האָט שנעל אַ סוף געמאַכט צו דער דאָזיקער אידיליע.

פשעמישל איז דאַך געווען אַ פעסטונגס־שטאָט, זיינען אַ סך פאַמיליעס באַצייטנס אַנטלאָפן, געפליכטעט קיין בעמען און עסטרייך און אַ סך פאַמיליעס זיינען פשוט אויסגעשטאָרבן בעת די שטאָט איז הדשים־לאַנג געווען באַלאַגערט און ווען די אויסגעהונגערטע שטאָט האָט זיך געמוזט אונטערגעבן, האָבן אַלע אידן, לויט דעם צאַרישן געזעץ, אַז די אידן טאָרן נישט וואוינען אין קיין פעסטונגס־שטעט, געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט וועלכע זיי האָבן אויפגעבויט.

——::—::——

פשעמישל איז געווען אַ פרומע קליינבירגערלעכע שטאָט און דאָס גאַנצע גייסטיקע לעבן האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די שילן און אין די חסידים־שטיבלעך.

די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך געטיילט אויף דריי פאַרשידענע ריכטונגען: די מאַיאָריטעט האָבן געהאַט די עקסטרעם־פרומע חסידים, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די גרויסע קלויזן און אין די חסידים־שטיבלעך.

## די קלויז און די חסידים־שטיבלעך

די קלויז האָט זיך געפינען אויפן פיש־פּלאַץ אַנטקעגן דער מקוה.

אין קלויז האָבן געדאַוונט דער רייכסטער שיכט פון דער אידישער באַפעלקערונג. אין קלויז זיינען זיך צונויפגעקומען חסידים פון פאַרשידענע רביים, ווי בעלזער, טשאָרטקאָווער, סאַדיגערער, סאַנדזער, הושיאַטענער און אַנדערע, וואָס געוויינלעך האָבן זיי געהאַט זייערע אייגענע אַזוי־גערופענע „שטיבלעך" און זיי האָבן זיך געקריגט וועגן די גרויסקייטן פון זייערע רביים, נאָר דאָ אין קלויז, האָבן זיי געהויזט

בשלום, כדי צו שאפן א געאייניקטן פראנט קעגן די „פסולע” שיל און קעגן די „משו־מדים” פון טעמפל.

אין זייער שטרענגער פאנאטישער פרומקייט, האבן זיי זיך אפגעשלאסן אין קלויז און אין זייערע שטיבלעך ווי אין א פארשאנצטער פעסטונג און זיי האבן נישט אריינגעלאזן אין זייער גבול קיינעם פון די אנדערש־דענקנדיקע אידישע יוגנט.

מען מוז אבער מודה זיין, אז די חסידים זיינען נישט געווען שטרענג בלויז קעגן אנדערע, נאר פונקט אזוי און אמאל נאך מער, צו זיך אליין.

אלס אילוסטראציע קאן דינען די געשעעניש אין הויז פון דער פרומער פאמי־ליע פאפער.

פסח פאפער איז געווען א רייכער איד און איז געווען א שטיק אנפירער ביי די חסידים.

אבער ווי עס איז דעמאלט געווען דער פאל אין א סך חסידישע היימען, האט ר׳ פסחס א זון שטודירט אין געהיים און האבנדיק א שארפן מוח, האט ער עס דערגרייכט ביז מאטורע. נאר פלוצלינג איז דער בהור קראנק געווארן און צוליב דעם געבליבן אונטערשטעליק אין זיין פריוואטן שטודיום און דער פראפעסאר האט אים געראטן, אז ער זאל עטלעכע הדשים קומען אין גימנאזיום פארענדיקן זיין שטודיום ביז צו דער מאטורא.

צו דעם האט אבער דער פליסיקער סטודענט געמוזט האבן די צושטימונג פון זיין פאטער, און עס האט געקאסט א סך מי פון דאקטוירים, ביז זיי האבן געפועלט ביי ר׳ פסחן, אז ער זאל לאזן זיין זון פארענדיקן זיין שטודיום, ווייל אנדערש וועט ער אן זיך א מעשה אנטאן...

האט ר׳ פסח טאקע דערלויבט, אבער די קלויז־אידן האבן עס נישט געוואלט דערלויבן און זיי האבן „איינגעלייגט וועלטן” און ווען עס האט נישט געהאלפן, האבן זיי דערפאר ר׳ פסחן פשוט ארויסגעווארפן פון קלויז...

דער צופאל האט נאך געוואלט, אז ר׳ פסחס זון איז עטלעכע וואכן שפעטער גע־שטארבן, האבן די חסידים דאס אנגענומען אלס שטראף מן־השמים און זיי האבן גע־צוואונגען ר׳ פסחן, אז ער זאל דורכפירן די לויה ביינאכט, כדי די „אידישע פושעים” זאלן נישט קענען קומען האלטן זייערע רעדעס און אזוי האט מען די לויה דורכגע־פירט אין געהיים, שפעט ביינאכט, באגלייטנדיק דעם נפטר מיט לאמטערנס צום בית־עולם...

און לאנגע יארן האבן די פשעמישלער חסידים אויסגענוצט דעם צופעליקן טויט פון ר׳ פסח זון, אלס באווייז ווי אזוי גאט שטראפט די אלע וואס ווילן איבערטרעטן די צוים פון זייער פאנאטישער פרומקייט...

## די גרויסע שיל

א גאנץ אנדערע ריכטונג האט מיט זיך פארגעשטעלט די סינאגאגע (די גרויסע שיל), וועלכע האט זיך געפונען גאנץ נאנט פון דער קלויז.

דארט איז געווען דער זאמל־פונקט פאר די אלע וועלכע זיינען געווען צו ווייניק

פרום פאַר דער קלויז אָדער הסידים־שטיבלעך און צו ווייניק פאַרגעשריטן — פאַר דעם טעמפּל.

דאָ איז זיך צונויפגעקומען דער אידישער מיטל־שטאַנד וועלכער איז באַשטאַנען פון סוחרים, האַנטווערקער און לופט־מענטשן, די אַזוי־גערופענע מנחם־מענדלס.

אין דער גרויסער שיל האָבן זיך געווײנלעך אָפּגעשפּילט די מחלוקתן וועגן דעם אויפנעמען פון חזנים און רבנים, ווייל צווישן דעם עלעמענט האָבן זיך געפינען די אַזוי־גערופענע מבינים און פיינשמעקער.

אַ סך יאָרן האָט אין דער גרויסער שיל אָנגעהאַלטן דער קאַמף וועגן אויפנעמען אַ רב. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם דעמאָלט שוין באַרימטן רב ר' גדליה שמעלקעס, וועלכער האָט אין זיך פאַראייניקט תורה מיט דרך־ארץ.

די עקסטרעם־פאַנאַטישע הסידים זיינען געווען קעגן זיין וועלטלעכקייט און היפּטזאַך, קעגן זיין אידיש־נאַציאָנאַלן וועלט־באַנעם, אָבער די גרופּע אָנהענגער פון זיין קאַנדידאַטור האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט און ענדלעך געזיגט, און ר' גדליה שמעלקעס איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין פשעמישל.

ר' גדליה שמעלקעס, אָדער ווי מען האָט אים גערופן — ר' גדאַלטשע, האָט אַלס רב זיך באַלד אָנגעהויבן אימפּאָנירן אויפן אידישן לעבן אין פשעמישל.

פונקט אַזוי שטאַרק און אַזוי שאַרף ווי ער האָט קריטיקירט דעם פאַנאַטיזם פון די חסידים, אַזוי האָט ער פיל שאַרפער קריטיקירט און באַקעמפט די אַסימילאַציע. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געוואַגט צו פאַרנעמען דעם באַלעמער פון דער גרויסער שיל און האַלטן ציוניסטישע דרשות.

און טראָצדעם וואָס ער האָט קריטיקירט און באַקעמפט סיי דעם פאַנאַטיזם ווי די אַסימילאַציע, פונדעסטוועגן האָט ער זיך גאַנץ שנעל דערוואָרבן אָנזען און רעספּעקט ביי ביידע קעגנערישע צדדים, אַדאַנק זיין הויכער בילדונג, פיינער אַרגומענטאַציע און זיין אויסערגעוויינלעכן טאַקט.

שוין זיין אויסערלעכער אויסזען און האַלטונג האָט זיך אימפּאָנירט. אָנגעטאָן אין דעם הויכן סאָבלנעם קאָלפּאַק און זיידענע בעקעשע מיטן ווייסן קראַגן און לאַקשטיוועלעך, מיט דעם אייביקן וואַרימען שמייכל וואָס האָט געשוועבט אויף זיין פנים, האָט ער געוועקט רעספּעקט נישט בלויז ביי אידן, נאָר אויך ביי דער קריסטלעכער אינטעליגענץ.

אויסער זיין גרויסן תלמודישן וויסן, האָט ר' גדאַלטשע באַזעסן פערפעקט די דייטשע און פּוילישע שפּראַך און ווי שטאַרק דאָס איז די חסידים נישט געפעלן, האָבן זיי דאָך הנאה געהאַט ווען זיי האָבן געהערט, אַז מען האָט זייער רב ר' גדליה איינגעלאַדן צו דעם גרויסן פייערלעכן פּעסט וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם אָפיצירן־קאַסינאָ, צום קייזער פראַנץ יאָזעפס געבורטסטאָג און ער האָט דאָרט זייער שטאַרק אויסגענומען, זיצנדיק אין זיין אידישער מלבוש זייט ביי זייט מיט גענעראַלן און הויכע אָפיצירן.

פאַמעלעך האָבן זיך די הסידים אָנגעהויבן צוגעוואוינען זיך צו דער פירונג פון זייער רב, און זיי האָבן אים שוין מוחל געווען אַפילו זיינע ציוניסטישע רעדעס, נאָר איין זאַך האָבן זיי אים נישט געקענט מוחל זיין, דאָס איז געווען — זיין שפּאַצירן

צוזאַמען מיט זיין פּרוי, בּפּרסיה, יעדן שבת נאָכמיטיק. אַט־אַ דעם „חטא" קעגן די המידישע טראַדיציעס, האָבן די חסידים איס קיינמאָל נישט מוחל געווען...

אין דער גרויסער שיל האָט זיך אויך לאַנג אָפּגעשפּילט דער קאַמף וועגן אויפ־נעמען אַ חזן און אויך אין דעם קאַמף האָט דער מעסיקערער טייל פון די באַלעבאַ־טים אויסגעפירט און די שיל האָט קאָנטראַקטירט אַלס יאָר־חזן דעם דעמאָלט באַ־רימטן אונגארישן חזן וואָלף סטראַקע, אין וועמענס כאָר עס האָט שפּעטער יאָרנלאַנג געזונגען דער שפּעטערדיקער באַרימטער אידישער שוישפּילער סאַלאָמאָן שטראַמער.

עס שמייכלט מיר צו דערמאָנען, אַז סיי דער רב ר' גדאַלטשע שמעלקעס, ווי דער חזן וואָלף סטראַקע, האָבן געוואוינט אויף דער וואַסער־גאַס (וואַדנאַ) נומער 12, אין זעלבן הויז וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט.

אויך קעגן חזן האָבן די חסידים כסדר געהאַט וואָס אויסצוזעצן, פונדעסטוועגן האָט עס זיי גאָר שטאַרק אימפּאָנירט, ווען דעם חזנס זון היינריך, איז ספּעציעל געקו־מען אויף ראש־השנה קיין פּשעמישל, כדי צו דיריזשירן מיטן כאָר אין דער גרוי־סער שיל.

דעם חזנס זון היינריך, איז נעמלעך געווען דער באַרימטער מוזיקער און דירי־זשאָר פון דער קעניגלעכער אָפּערע אין בודאַפּעסט.

אויפן הויף פון דער גרויסער שיל און אַרום דער שיל, האָבן זיך געפונען אַ היבשע צאָל שילעכלעך און שטיבלעך וואו עס האָבן געדאַוונט אַרימעלייט, בעלי־מלאכות און אַ גאָר באַזונדערן שם האָבן געהאַט די מנינים פון די טרעגערס, בעקערס, קצבים און באַלעגאָלעס, וואָס האָבן זיך גרופּירט יעדער צו זיינס גלייכן.

אַ ספּעציעלן כאַראַקטער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס גרויסע בית־המדרש וואָס האָט זיך אויך געפונען נעבן דער שיל. אין דעם גרויסן בית־המדרש זיינען אַלע־מאָל געזעסן עלטערע באַלעבאַטים, תלמידי־חכמים און וואויל־געלערנטע קעסט־איי־דעמלעך און בחורים און געלערנט גאַנצע תורה און דער גמרא־ניגון האָט זיך אַלעמאָל, בייטאָג און ביינאַכט אַרויסגעהערט דורך די מיט פורהענגלעך פאַרהאַנגענע פענצטער.

## דער טעמפּל

דער היבשער שטח וואָס עס האָט פאַרנומען די געגנט פון דער גרויסער שיל מיט די אַרומיקע שילעכלעך, האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער גרויסער מאָדערנער טעמפּל־געביידע.

צום אַריינגאַנג אין טעמפּל האָבן געפירט ברייטע שטיין־טרעפּ און דער גאַנצער טעמפּל־פּראָנט האָט זיך געשפּיגלט פונקט אַנטקעגן דעם טייך „סאַן".

אונטער דעם דאַך פון מאָדערנעם טעמפּל, זיינען זיך צונויפגעקומען די פּני פון די אַסימילירטע אינטעלעקטואַלן און שטאַטס־באַאַמטע.

אָבער ווי אַנדערש זיינען געווען די אַמאָליקע אַסימילירטע פּערזענלעכקייטן, קעגן די שפּעטערדיקע און לײדער — היינטיקע אַסימילאַנטן, וואָס שעמען זיך פּשוט מיט זייער אידישקייט?!

די אַמאָליקע אַסימילאַנטן פון פּשעמישלער פאָרגעשריטענעם טעמפּל, זיינען גע־ווען אידן און צומאָל גרויסע אידן!

דער מיט-גרינדער און ערשטער יאָרן-לאַנגער גבאי פון טעמפל, איז געווען דער רעליגיאָנס-לערער און הויכער עסטרייכישער שטאַטס-באַאַמטער יאַקאָב באַומ-גאַרטן, וועלכער האָט צו ערטלעכע גענעראַציעס געגעבן די רעליגיעזע אונטעררייכטן.

באַומגאַרטן איז געווען אַן עכט פרומער איד און אַ גרויסער עסטרייכישער פּ טריאָט. ער האָט איינגעפירט דעם אָבליגאַטאָרישן גאָטעס-דינסט פאַר דער אידישער סטודענטנשאַפט און יעדן שבת נאָכמיטיק, האָבן זיך אַלע אידישע סטודענטן אין זייער אוניפאָרמען, געמוזט פאַרזאַמלען אויפן הויף פון דער גימנאַזיע און פון דאָרט איז האָט ער זיי אין רייען, אַזוי ווי סאָלדאַטן, געפירט מאַרשירנדיק איבער די הויפּט-גאַסן פון שטאָט אין טעמפל אַריין צו מנחה-דאַווענען און צו הערן אַ פרעדיקט וועגן דער פּרשה פון דער וואָך.

דער צווייטער גבאי איז געווען בענאָ שוואַרץ, וועלכער איז געווען אַ ריכטער פון הערכסטן טריבונאַל און ער איז געווען אַזוי פרום, אַז ער האָט נישט געפירט קיין פּראָ-צעס אום שבת, זיין ביוראָ האָט ער געהאַלטן פאַרמאַכט, דאַקעגן האָט מען אים אין די שבתים און ימים-טובים געזען גיין מיטן טלית-זעקל אונטערן אָרעם — אין טעמפל אַריין...

די אַנדערע גבאים זיינען געווען די באַנקירס ערליך און זיסקינד, וועלכע זיינען אויך געווען זייער פרום און זיי האָבן אַפילו זייערע באַנק-הייזער געהאַלטן פאַר-מאַכט אום שבת.

אין געגנט פון דער גרויסער שיל און די אַרומיקע שילעכלעך, האָבן זיך אויך גע-פונען די חדרים פאַר גרעסערע און קלענערע קינדער.

צווישן די מלמדים וואָס האָבן געלערנט מיט די קינדער, האָבן זיך געפונען עט-לעכע, גרויסע תלמידי-חכמים און איינער צווישן זיי איז געווען ר' משה אודעל, וועל-כער איז באָיקאָטירט געוואָרן פון די חסידים, ווייל מען האָט געזאָגט, אַז ער גיט זיך אָפּ מיט פילאָזאָפיע און איז אַ גאַנצער אַפּיקורס.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז איינער פון זיינע תלמידים, איז געווען דער שפּע-טערדיקער אָבער-ראַבינער פון וואַרשע, אוניווערזיטעטס-פּראָפעסאָר, סענאַטאָר און גייסטיקער פירער פון פוילישן אידנטום — הרב דר. משה שאָר.

הרב משה שאָר איז נאָך לאַנגע יאָרן שפּעטער געווען אַ פריינט מיט זיין אַמאָ-ליקן לערער ר' משה אודעל און אים גאַניץ אָפט באַזוכט שוין אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז געווען אַ גרויסע פערזענלעכקייט.

איינמאָל, נאָך אַזאַ וויזיט פון זיין גרויסן תלמיד, האָט מיר ר' משה אודעל מיט פריידיקן שטאָלץ פאַרטרויט דעם סוד, אַז ער האָט זיין אַמאָליקן תלמיד געהאָלפן צו גרייטן זיין דיזערטאַציע צום דאָקטאָראַט.

פון די כלי-קודש אין פּשעמישל האָבן געהאַט אַ באַזונדערע פּאָפּולאַריטעט — דאָס גאַרבאַרזשער רבילע, דער דיין מייזלס וואָס האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד, ניבן שוחט און אַנדערע.

——::——::——




אין 1939! דער לעצטער ליכטיקער קולטור־אקט פון פשעמישלער יוגנט, איידער די נאַציִשע פינצטערניש האָט זיך אויסגעשפּרייט! — ערשטע ריי אינדערמיט זעען מיר די דיכטערן רחל קאָרן; לינקס פון איר — י. שעפנער; לינקס פון שעפנערן — די לערערן פ׳ הערינג. רעכטס און לינקס — ברידער שוועבל, יוסף שטרודלער און דר. גאָטדאַנק.

די גרויסע און באַרימטע פערזענלעכקייטן אין פשעמישל, האָבן געוויינלעך, פריער אָדער שפּעטער, פאַרלאָזן זייער געבורטסשטאָט, ווייל צו קליין איז זי געווען פאַר זייערע גרויסע גייסטיק-פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן.

איינער פון די פּראָמינענטסטע פון זיי, איז געווען משה שאָר, וועלכער האָט געענדיקט זיין סטודיום אין ווין און איז צוריקגעקומען קיין פשעמישל אַלס אַבסאָלווענט פון ווינער ראַבינער-סעמינאַר, גלויבנדיק, אַז נישט לאַנג וועט עס נעמען, ביז אַ שטאָט וועט אים איינלאָדן אָנצונעמען דעם אַמט אַלס ראַבינער.

אָבער נישט אַזוי שנעל איז אים אויסגעקומען צו פאַרלאָזן פשעמישל; עס איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז כאָטש נישט אין אָפיציעלן אַמט, האָט שוין דער ווינער ראַבינער דר. שאָר דורכגעפירט אַ התונה-צערעמאָניע אין פשעמישל, אָבער דאָס איז געווען די חתונה פון זיין אייגענער שוועסטער, וואָס איז פאָרגעקומען אין טעמפּל.

ערשט נאָך אַ צייט, האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן אַלס רעליגיאָנס-לערער אין אַ רעגירונגס-גימנאַזיע אין לעמבערג און דאָ האָט ער אָנגעהויבן זיין גרויסן גייסטיקן אויפשטייג, ביז ער איז געוואָרן אוניווערזיטעטס-פּראָפעסאָר פון אָריענטאַלישע שפּראַכן.

דערגרייכנדיק אַזאַ הויכע אָנערקענונג אַלס וויסנשאַפטסמאַן, האָט דער פּראָפעסאָר דר. משה שאָר אַנטוויקלט אַ פיל פאַרצווייגטע אידיש-געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ווערנדיק באַרימט ווייט און ברייט אויסער לעמבערג און זיין רום איז שוין געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די וואַרשעווער קהילה האָט אים אויפגענומען אַלס אָבער-ראַבינער איבער וואַרשע און אומגעגנט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און פּראָפ. דר. משה שאָר איז מיט אַ גרויסער מערהייט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סענאַטאָר אין פּוילישן סענאַט און ער האָט אין די רעגירונגס-קרייזן געוווּנען אַ סך אָנזען, אַלס פּראָמינענטער פאָרשטייער פון פּוילישן אידנטום.

——::——::——

לייב לאַנדאַו שטאַמט פון אַ שטעטל נעבן פשעמישל, אָבער פון זיין יונגסטער קינדהייט ווען ער איז געקומען קיין פשעמישל, האָט אָנגעהויבן וואַקסן זיין באַרימטקייט.

זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער תלמיד-חכם, אָבער נאָך אַ גרעסערער אַפּיקורס. פשעמישלער אידן האָבן מורא געהאַט מיט אים זיך אַריינצולאָזן אין טענות, צוליב זיין שאַרפּאַרטיקייט און בייסיקן וויץ, וואָס האָט יענעם אַלעמאָל געטראָפן אין פּינטל פון זיינע שוואַכקייטן.

שוין מיט זיין אויסערלעכן אויסזען האָט זיך דער פאָטער געקענט אימפּאָנירן און אַרויסרופן רעספּעקט; ער איז געווען אַ הויכער ברייטפּלייציקער מאַן, פעסט געבויט מיט פעסטן טראָט און שטרענגן בליק פון וועלכן עס האָט אַרויסגעשיינט סאַרקאַזם.

אַ קאָנטראַסט צו אים, איז געווען זיין זון לייב.

אויסגעדאַרט, אַלעמאָל ערנסט און איילנדיק, מיט נערוועזע בליקן וואָס האָבן זוי געבלאָנדזשעט דורך די דיקע ברילן, דאָך די פּיילעקע שאַרפקייט פון וואָרט, האָט ער איבערגענומען פון זיין פאָטער.

לייב לאַנדאַו האָט זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז אַלס גוטער שילער אין גימנאַזיע און שפּעטער אין אוניווערזיטעט, נאָר גלייכצייטיק אויך אַלס אידישער קולטור־טוער.

אין קעגנזאַץ צו אַלע זיינע צייט־חברים אין גימנאַזיע און אין אוניווערזיטעט, וועלכע האָבן זיך פּשוט געשעמט צו ריידן אידיש, האָט לייב לאַנדאַו דווקא גערעדט אידיש און דווקא גערעדט אַ ליטעראַרישן אידיש מיט ליטווישן אַקצענט און בעת אַנדערע סטודענטן האָבן אַלעמאָל געשטרעבט צו קומען נאָר אין אַזוי־גערופענע בעסערע קרייזן פון דער געזעלשאַפט, האָט זיך לייב לאַנדאַו געחברט מיטן פאָלק, ווערנדיק אַ לידער פון דער פאַרטיי „זש. פּ. ס.‟ (זשידאָקווסקאַ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ).

אין דעם צאַרטן און דאַרן בחורל, האָט געשטראָמט בלוט פון אַ בונטאַר און פון זיין יונגסטער יוגנט אָנגעהויבן איז ער געשטאַנען אין כסדרדיקן קאַמף פאַר גערעכטיקייט און יושר און ווען ער איז געוואָרן אַדוואָקאַט, האָט ער אַלעמאָל פאַרטיידיקט די אָרימע און שוואַכע און זיינע פאַרטיידיקונגס־רעדעס האָבן באַלד באַקומען אַ שם.

די פּשעמישלער אידן האָבן זיך געגרויסט מיט לייב לאַנדאַו און זיי האָבן אים אויסגעקליבן אַלס ראש־הקהל, גלויבנדיק, אַז פאַרנעמענדיק אַזאַ וויכטיקן און בכבודיקן אַמט, וועט לאַנדאַו בלייבן אין פּשעמישל, אָבער נאָך עטלעכע יאָר האָט לייב לאַנדאַו אַלצאיינס פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל צו קליין איז זי געווען פאַר זיינע גרויסע מעגליכקייטן.

ער האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין לעמבערג וואו ער האָט דורכגעפירט אַ רייע גרויסע לאַנדעס־פּראָצעסן און וועלט־באַרימט איז ער געוואָרן, בעת ער האָט זיך אַזוי אויסערגעוויינלעך אויסגעצייכנט מיט זיינע רעדעס בעת דעם טרויעריק־באַרימטן שטייגער־פּראָצעס; רעדעס, וואָס זיינען געווען מוסטערן פון יורי־קענטעניש, חכמה און שאַרפזין.

——::——::——

לודוויק גראָספעלד האָט שוין געהערט צו דער יונגערער גענעראַציע און שוין אַלס סטודענט, האָט ער געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אין דער געהיימער סאָציאַליסטישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע — „זייעדנאָטשעניע‟. אין דער אָרגאַניזאַציע זיינען אויך געווען טעטיק די אידישע סטודענטן: גאָלבערג, גאָטדאַנק, זאָהן, פּעער, אַשכנאַזי, ראַפּאַפּאָרט און אַנדערע.

אַ היבשער טייל פון די סטודענטן האָבן געהאַט אַ נייגונג צו אַנאַרכיזם און זיי האָבן טאַקע שפּעטער געגרינדעט אַ געהיים אַנאַרכיסטיש קרייזל, פון וועלכן גאָלבערג איז געווען דער אָנפירער.

די מיטגלידער פון דעם געהיימען קרייזל, האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן די אַנאַרכיסטישע תורה צווישן די אַרבעטער בכלל און צווישן די אייזנבאַן־אַרבעטער בפרט.

עס איז אינטערעסאנט צו דערמאָנען, אז דער שפּעטערדיקער קאָמוניסטישער סיים־דעפּוטאַט לאַנצוצקי, וועלכן מען האָט דערנאָך אויסגעשלאָסן פון סיים און ער איז אַוועק קיין ראַטן־פאַרבאַנד, אָט־אָ דער לאַנצוצקי, איז געווען אַ פּראָסטער באַן־אַרבעטער און ער האָט אָנגעהויבן לערנען שרייבן און לייענען, טאַקע אין דעם גע־היימען קרייזל פון גאָלבערג און גענאָסן.

דער פאָטער פון לודוויק גראָספעלד, איז געווען אַ פאַרמעגלעכער פּאַרגעשריטע־נער איד, און אַ סך יאָרן איז ער געווען אַ מיטגליד אין דער לייטונג פון מאָדערנעם טעמפּל.

אין דער געוועזענער פּוילישער גלות־רעגירונג פון לאָנדאָן, האָט לודוויק גראָס־פעלד פאַרנומען אַ מיניסטאַרן־אַמט.

——::——::——

דער גרינדער פון דער ערשטער מוזיק־שולע אין פשעמישל, איז געווען **אקסער**.

אקסער איז געווען אַ פאָרנעמער און גייסטרייכער מאַן, הונדערט פּראָצענט אַסי־מילירט, פאַרקערנדיק בלויז אין דער הויכער געזעלשאַפט פון פּוילישן אָדל.

אקסער האָט געהאַט פיר באַרימטע זין.

דער עלטסטער, יאָזעף, איז געווען אַן אַדוואָקאַט אין פשעמישל; דער צווייטער איז געווען אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָר אין דער שווייץ; דער דריטער איז געווען גימ־נאַזיאַל־פּראָפעסאָר אין פשעמישל, אַ באַרימטער מאַטעמאַטיקער; און דער יונגסטער, עמאַנועל, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין אַרבעטער־קרייזן — מאַנעק, איז געווען אַדוואָקאַט, איינער פון די אָנפירער פון „פּ. פּ. ס." און מיטגרינדער פון די „זש. פּ. ס.".

מאַנעק איז דאַן אַוועק קיין לעמבערג, וואו ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס פאַר־טיידיקער אין די פּראָצעסן קעגן קאָמוניסטן און גאָר באַרימט איז ער געוואָרן בעת זיינע פאַרטיידיקונגס־רעדעס אויפן פּראָצעס קעגן נפתלי באָטווין.

האָב איך שוין דערמאָנט אַ רייע באַרימטע אידישע יוריסטן פון פשעמישל, וויל איך שוין דערמאָנען נאָך עטלעכע, וואָס זיינען געווען באַרימטע געזעץ־קענער.

דאָס זיינען געווען **טאָובענשלאַג**, וועלכער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס אוני־ווערזיטעטס־פּראָפעסאָר אין קראָקע, כאָטש ער האָט זיך נישט געוואָלט שמדן; דר. גלאָנץ, דער גייסטיקער פירער פון דער פשעמישלער אַסימילאַציע, לאַנג־יעריקער ראש־הקהל; דר. יאַקאָב מעסטער, פירער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, לאַנג־יערי־קער ראַטמאַן אין שטאָטראַט און דר. פייפער, וועלכער איז געווען באַרימט אין גאַנץ גאַליציע און טאַקע אין גאַנץ עסטרייך אַלס פאַרטיידיקער אין פּראָצעסן פון מילי־טער־געריכט.

## דר. הערמאַן ליבערמאַן

דר. הערמאַן ליבערמאַן, איז געבוירן אין דראָהאָביטש, אָבער כמעט זיין גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין פשעמישל. ער איז געקומען קיין פשעמישל אַלס יונגער, דיפּלאָמירטער דר. אַדוואָקאַט און ער איז אַוועק פון פשעמישל, אַלט און צעבראָכן.

ליבערמאַן האָט פון ערשטן מאָמענט אָן, ווען ער האָט זיך נאָר באַזעצט אין פשעמישל, רעוואָלוציאָנירט די רואיקע בירגערלעכע שטאָט.

עס איז אין פשעמישל נישט געווען דעמאָלט קיין אינדוסטריע, און קיין אַרבעטער-באַוועגונג און דאָך, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, איז די שטאָט געווען סאָציאַליסטיש.

דער גרינדער, דער בויער און דער פירער פון דער גאַנצער באַוועגונג איז געווען הערמאַן ליבערמאַן. זיין ציל-באַוואוסטער, האַרטנעקיקער קאַמף קעגן מיליטאַריזם, האָט אים פאַרשאַפט אַ סך אָנהענגער און באַוואונדערער. ספּעציעל האָט ער באַגייסטערט גאַנץ פשעמישל, מיט זיין אָפענער אַרויספאָדערונג קעגן דעם דעספּאָטישן, מאַדיאַרישן סאַטראַפ, דעם קאָרפּס-קאָמענדאַנט אַנטאָני גאַלגאָטשי, פאַר וועלכן נישט נאָר פשעמישל, נאָר אַפילו הויכע רעגירונגס-מענטשן פון גאַנץ עסטרייך, האָבן געציטערט.

דער טיראַן גאַלגאָטשי, האָט זייער שלעכט באַהאַנדלט די סאָלדאַטן, ער האָט זיי פשוט געשלאָגן און באַהאַנדלט ווי שקלאַפן. קיינער האָט נישט געוואַגט קעגן דעם טיראַן אַרויסצוטרעטן, ביז ליבערמאַן איז געקומען און אַרויסגעטראָטן סיי אין וואָרט, אויף פאַרזאַמלונגען, ווי אין שריפט, אין די פון אים געגרינדעטער צייטונג „גלאָס פשעמיסקי", אָנגרייפנדיק אויף דעם שאַרפסטן אופן, די האַנדלונגען פון דעם יחוס-דיקן קאָרפּס-קאָמענדאַנט.

זיינע אַרויסטריטן האָבן אים אָפט געבראַכט אין געריכט אויף שטראָף-פּראָצעס; וואָס זיינען קעגן אים אָנגעגעבן געוואָרן און מען האָט אים אַפילו עטלעכע מאָל אַרויסגעפאָדערט אויף דועלן, אָבער אַזוי ווי ער האָט אַלס סאָציאַליסט נישט געקאָנט אָנעמען די דועל-אַרויספאָדערונגען, איז מען אים דערפאַר גאַנץ אָפט איבערגעפאַלן און ער איז געקומען אַהיים אַ צעשלאָגענער און פאַרוואונדעטער און די גאַנצע שטאָט איז איינמאָל אויפגעבראַזט געוואָרן, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דר. הערמאַן ליבערמאַן איז אַרעסטירט.

דעמאָלט האָט כמעט די גאַנצע שטאָט באַלאַגערט די תפיסה און עטלעכע טעג זיינען די מאַסן נישט אָפּגעטראָטן, ביז מען האָט זיי צוריק אַרויסגעגעבן זייער פאַרגעטערטן דר. ליבערמאַן.

וואָס מער ליבערמאַן איז פאַרפאָלגט געוואָרן, אַלץ מער ליבשאַפט און אָנערקענונג האָט אים אַרויסגעוויזן די גאַנצע אידישע און נאָך מער, אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג.

אין יענער צייט איז דער סאָציאַליזם געווען טריף. עס איז געווען פאַרבאָטן דורכצופירן פאַרזאַמלונגען, פונדעסטוועגן, איז ליבערמאַן ביי די ערשטע וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט דורך אַלגעמיינעם וואַל-רעכט — אויסגעוויילט געוואָרן אַלס אַבגעאָרדנעטער מיט גאָר אַ גרויסער מערהייט — כאָטש ער האָט געהאַט קעגן זיך אַזאַ גרויסן קעגן-קאַנדידאַט, ווי — זיין עקסעלענץ, דער געהיימראַט, פּרעזידענט פון העכסטן לאַנדעס-געריכט — הוגאָ ריטער פאָן קוליגאָווסקי.

פאַרשטייט זיך, אַז ריטער פאָן קוליגאָווסקי האָט קאַנדידירט אויף דער אָפּיציעלער ליסטע און עס האָט נישט געפעלט קיין טעראָר און וואַל-שווינדל, אָבער גאַנץ פשעמישל האָט אָפּגעגעבן די שטימען פאַר דר. ליבערמאַן, אויסער די חסידים פון

קלויז, וועלכע האָבן געשטימט פאַר קוליגאָווסקין.

אַלס אַדוואָקאַט איז ליבערמאַן אויך געווען זייער באַרימט. ער האָט אָנגעפירט מיט די גרעסטע שטראָף־פּראָצעסן סיי אין פּשעמישל, ווי אין העכסטן אַפּעלאַציע־געריכט אין ווין, אָבער זיינע גרויסע האָנאָראַרן האָט ער שטענדיק געשטעלט צו פאַרפיגונג פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פירנדיק אַליין אַ זייער באַשיידן, כמעט אָרים לעבן.

אַדאַנק ליבערמאַנס איניציאַטיווע, איז אויפגעבויט געוואָרן נעבן ברעג פון סאַן, „זאַסאַניע", די גרויסע געביידע פאַר אַן אַרבעטער־היים און אין דעם אַרבעטער־היים איז אויף ליבערמאַנס איניציאַטיווע געגרינדעט געוואָרן אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי.

די דערעפענונג און באַנייאונג פון אַרבעטער־היים, איז געווען אַ גרויסער יום־טוב פאַר דער פּשעמישלער אַרבעטערשאַפט. צו דעם יום־טוב זיינען אויך געקומען אַלס דעלעגירטע אַזעלכע פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן ווי וויקטאָר אַדלער פון ווין, פּערנערסדאָרפער, שוהמייער, ווינטער, דאַשינסקי און אַנדערע.

אין ליבערמאַנס אַדוואָקאַטן־קאַנצליי, האָבן פּראַקטיצירט די שפּעטער באַרימטע אַדוואָקאַטן לייב לאַנדאַו און מאַנעק אַקסער.

טראָץ זיין באַרימטקייט אַלס רעדנער, אָרגאַניזאַטאָר און קעמפער, איז ליבערמאַן געווען זייער איינפאַך און באַשיידן און ער איז אַלעמאָל גרייט געווען יעדן ליידנדן אויסצוהערן און העלפן אים מיט ראַט און טאַט.

ליבערמאַן האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער, אָבער דער זון איז גאַנץ יונג געשטאָרבן און זיין לויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער סאָציאַליסטישער מאַניפעסטאַציע מיט רויטע פענער און פרייהייטס־געזאַנגען. דאָס האָט די חסידים פון פּשעמישל זייער געערגערט, ווייל ביז דעמאָלט איז נאָך אַזאַ אידישע לויה נישט געווען און זיי האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ חילול, און נאָך מער האָט עס זיי פאַרדראָסן, ווען ליבערמאַן האָט עטלעכע חדשים שפּעטער געלאָזט אויפשטעלן אַ מאָנומענט אויפן קבר פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענעם זון, אַ מאָנומענט מיט פּוילישע אויפשריפטן, וואָס איז געווען די איינציקע פון דעם מין אויפן אידישן בית־עולם און די פרומאַקעס האָבן זיך נישט געפוילט, נאָר איינמאָל אין אַ מיטן דער נאַכט, האָבן זיי זיך אַריינבאַקומען אויפן בית־עולם און זיי האָבן אַראָפּגעריסן דעם מאָנומענט פון קבר און זיי האָבן צעבראָכן דעם שטיין און אַרויסגעוואָרפן איבערן פלויט פון בית־עולם.

ליבערמאַן איז אויך געבליבן אַ קעמפער אין באַפרייטן פּוילן. ער האָט פּאַרטייִדיקט אומשולדיקע און באַעולהטע און ווען פּילסודסקי האָט זיך געענדערט און געוואָרן אַ דיקטאַטאָר, האָט ער אין ליבערמאַנען, זיין אַמאָליקן פּאַרטיי־קאָלעגע, געהאַט דעם שאַרפסטן קעגנער און באַקעמפער און פּילסודסקי האָט אים דערפאַר אַרעסטירט און פאַרשיקט אין דער פעסטונגס־תפיסה קיין בריסק.

שוין קראַנק און געבראָכן איז ליבערמאַן אַרויסגעקומען פון תפיסה, אָבער זיין גייסט איז געבליבן פעסט און ער האָט נאָך דערגרייכט צו ווערן מיניסטער, אָבער נישט מער אויף פּוילישער ערד, נאָר מיניסטער אין דער פּוילישער גלות־רעגירונג און אַלס סאָציאַליסטישער מיניסטער, האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

# נאָך פּערזענלעכקייטן

אויך דאָקטוירים פון מעדיצין, האָבן זיך אויסגעטיילט אַ רייע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן; די פּאָפּולערסטע זיינען געווען די דאָקטוירים — גראַבשייד, בלען, אירגאַנג, קעלער, מאַנהיים און פּאָרדעס. באַרימט זיינען אויך געווען די אידישע מיליטער-דאָקטוירים — אָבער שטאַבס-אַרצט פראַזענגלאָס און אָבער שטאַבס-אַרצט דר. דייז, וועמענס פרוי האָט יעדן פרייטיק פאַרנאַכט געבענטשט ליכט און געפירט אַ שטרענג-כשר'ע שטוב.

פּשעמישל האָט אויך פאַרמאָגט עטלעכע ערצטע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דאָקטאָר-טיטל; פון זיי, זיינען געווען פּאָפּולער **סאָלווער** און **טאַהלהיים.**

די דערמאָנטע צוויי דאָקטוירים אָן טיטלען; זיינען געווען אַן ערנסטע קאָנקורענץ פאַר די טיטולירטע פּראָפעסיאָנאַלן, נישט נאָר דערפאַר, וואָס די טיטולירטע דאָקטוירים האָבן גענומען אַ ריינישׁ (צוויי קראָנען) פאַר אַ וויזיט און די דערמאָנטע — בלויז דרייסיק קרייצער, נאָר אויך דערמיט, וואָס אַ היבשע צאָל אַפילו פאַרמעגלעכע אידן האָבן מער געהאַלטן און געגלויבט אין די מעדיצינישע קענטענישן דווקא פון די נישט-טיטולירטע סאָלווער און טאַהלהיים, וועלכע האָבן געהאַטן אַ ריזן פּראַקטיק.

פון די צוויי, איז טאַהלהיים געווען דער פּאָפּולערסטער. און איך וויל ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט צווישן טאַהלהיימען און מיין פאָטער:

טאַהלהיים האָט געשטאַמט פון דעם קליינעם שטעטעלע פּראָכניק, נעבן פּשעמישל און ווען מיין פאָטער האָט אים אַמאָל געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזן זיין שטעטעלע פּראָכניק, האָט טאַהלהיים געענטפערט, אַז אין פּראָכניק זיינען נישט פאַראַן קיין קראַנקע... און ווען עס טרעפט זיך שוין אַמאָל ווען אַ איד ווערט קראַנק נאָך אַ פעטן שבתדיקן טשאָלנט, איז איידער עס קומט נאָך צו אים דער רופא, גייט עס אים איבער...

און טאַהלהיים דערציילט מיין פאָטער אַ מעשה וואָס איז זיך מיט אים פאַרלאָפן אין פּראָכניק און נאָך וועלכער ער האָט טאַקע באַשלאָסן עוקר צו זיין פון דאָרט:

— איינמאָל, אין אַ קאַלטער רעגנדיקער הערבסט-נאַכט, עס איז שוין געווען נאָך חצות. איך בין געלעגן אַ טויט-מידער אין בעט, פּלוצלינג — מען קלאַפּט אין מיין פענצטער — דאָקטאָר-לעבן קרוין, דערבאַרימט אייך, קומט אַרויס, ראַטעוועט מיין טאַטן!...

יאָ מיד, נישט מיד, אויף דעם בין דאָך אַ רופא, מוז איך דערפילן מיין פליכט, קריך איך אַרויס פון מיין וואַרים בעט, כאַפּ אויף זיך דעם פּעלץ און גיי אַרויס. אינדרויסן וואַרט אויף מיר מיט אומגעדולד אַ פּראָכניקער באַלעבאַטיש זונדל, ער כאַפּט מיך אָן: — דאָקטאָר-לעבן, קומט שנעל, ראַטעוועט מיין טאַטן, ער שטאַרבט!...

איך באַרואיק דעם בחור, אַז נישט אַזוי שנעל שטאַרבט מען און פרעג אים דערווייל וואָס אַזוינס עס איז זיין פאָטער געשען און טאָפּטשענדיק אין די טיפע בלאָטעס במעט ביז צו דער קני, דערציילט מיר דער בחור, אַז דער פאָטער האָט נעכטן געגעסן דאָס טשאָלנט מיט גרויס הנאה, אָבער וויזט אויס אַז עס האָט אים פאַרשטאָפּט, ווייל דער מאָגן איז אים פאַרשפּאַרט און ממש ער גייט אויס פון יסורים. און דערציילנדיק

אזוי, רייכט דער בחור צו מיט דער לאמטערנע און שלעפט מיך איבער די טיפע בלאָטעס כסדר פאָראויס.

אָבער צוקומענדיק שוין נישט ווייט פון דעם באַלעבאַטישן הויז, דערהערן מיר אַ רוף: — דאָס ביזטו, חיים? — יאָ ענטפערט דער בחור וואָס גייט מיט מיר — וואָס טוט דער טאַטע? און פונדערווייטנס הערט זיך יענעמס קול: — קום אַהיים, מען דאַרף שוין נישט דעם דאָקטאָר, דעם טאַטן איז שוין בעסער!...

און נאָך איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, איז דער בחור פאַרשוואונדן פון מיין זייט, ער איז שנעל געלאָפן אַהיים הוידענדיק מיט דער לאַמטערנע וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, און איך בלייב שטיין אינדערמיט בלאָטע אין דער פינצטער.

איך פרואוו איבו נאָכשרייען, חיים, אַנטלויף נישט מיט דער לאַמטערנע, לייכט מיר כאָטש צו איך זאָל זען אַהיימצוגיין... אָבער ווער הערט מיך שוין אין דער שפּעטער נאַכט? דער בחור איז פאַרשוואונדן און איך האָב זיך אין דער פינצטער גע־מוזט שלעפן אין די בלאָטעס אַהיים.

איצט פאַרשטייט איר שוין וואָס פאַר אַ מין שטעטל דאָס בראָכניק איז? ווי האָב איך נאָך געקאָנט דאָרטן בלייבן? האָב איך טאַקע באַלד צומאָרגנס נאָך דער געשעעניש, פאַרפאַקט מיינע זאַכן און זיך אַריבערגעקליבן קיין פשעמישל.

## קאַפע „שטיבער"

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין פשעמישל, האָט זיך געווײנלעך אָפּגעשפּילט אין פּריוואַט־הייזער. אין פּריוואַט־הײמען זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן צוזאַמענקונפ־טן צוויי און דריי מאָל דורך דער וואָך און דאָס, אין ספּעציעלע פאָרנעמע היימען, ווייל די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן זיינען נישט געווען דעמאָקראַטיזירט, נאָר זיי זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון פּריווילעגירטע קרייזן.

פאַר אַ פשוטן מענטשן, זיינען די קרייזן געווען ווי געשלאָסן. אַפילו רייכע אידן האָבן דאָרט נישט געהאַט קיין צוטריט, אָבער דערפאַר, האָט אַ זון פון אַ גאַנץ אָרי־מען שטאַנד אַפילו, אַבי ער האָט נאָר שטודירט — געהאַט אַ פרייען צוטריט צו דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. די קרייזן האָבן גערן אויפגענומען יעדן טיטולירטן אינטעליגענט.

דאָס קאַפע־לעבן איז אין פשעמישל נישט געווען אין מאָדע. ספּעציעל האָבן די פרויען פון בעסערע געזעלשאַפט נישט באַזוכט קיין קאַפע־הייזער.

אָבער קאַפעען זיינען געווען גענוג אין פשעמישל. דאָס פאָרנעמסטע און עלע־גאַנטסטע קאַפע איז געווען דער קאַפע „שטיבער". די פענצטער פון דעם גרויסן קאַ־פע, האָבן אַרויסגעקוקט אויף צוויי גאַסן און דער קאַפע פון אינעווייניק איז געווען ווי די פאָרם פון אַ „ד" און דאָס אינטערעסאַנטסטע הערפון איז דאָס, וואָס איין זייט, צו דער הויפּט־גאַס, איז געווען רעזערווירט אויסשליסלעך פאַר אָפיצירן און די צווייטע זייט, אַנטקעגן באַן־הויף, איז געווען פאַר ציווילע.

די קלאַסיפיצירונג פון די געסט איז געווען אַזוי שטרענג, אַז אַפילו אַן אָפיציר האָט נישט געטאָרט אַריינגיין זיין בעסטן חבר אין דער אָפיצירן־אָפּטיילונג פון קאַפע, אויב דער חבר איז געווען אין ציוויל־קליידער. פונקט אַזוי האָבן אויך אָפיצירן נישט

## 5 בילדער פון באַרימטע פוילישע קונסט-מאָלער:

**(פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע)**
(1)

### „שבת אין אידישן געטאָ" אין גאַליציע:

עס האָט געטראָפן, אַז פוילישע קונסט-מאָלער זיינען אַוועק אין די אידישע געטאָס, כדי צו קענען חוזקן פון אידן, „נאָר דאָס וואָס זיי האָבן געזען אין אידישן געטאָ האָט זיי אַזוי פאַרכאַפּט און זיי אַזוי קינסטלעריש אינספּירירט, אַז זיי האָבן נאָך אַזעלכע וויזיטן געשאַפן פּרעכטיקע קונסט-בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער.

(זע ווייטערדיקע בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע)



געטאָרט אַריינקומען אין דער אָפּטיילונג פון די ציווילע. און פאַרשטייט זיך, אַז נישט נאָר אַ געוויינלעכער סאָלדאַט, נאָר אַפילו אונטעראָפיצירן, האָבן לויט די באַפעלן פון דעם פעסטונגס-קאָמענדאַנט, גענעראַל גאַלגאָטשע, נישט געטאָרט איבערטרעטן די שוועל נישט פון דער אָפיצירן-אָפּטיילונג און נישט פון דער ציווילער.

## די אידישע סטודנטשאַפט

אין פּשעמישל זיינען געווען דריי גימנאַזיעס. אַ פוילישע און אַן אוקראַאינישע אין צענטר און אַ פוילישע אויף זאַסאַניע. אין פוילישן גימנאַזיום אין צענטר זיינען איבער זעכציק פּראָצענט פון די סטודענטן געווען אידן, אָבער די אוקראַאינישע גימנאַזיע איז דערפאַר געווען יודן-ריין.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אויב אַ אידישער סטודענט איז דורכגעפאַלן ביי אַן עקזאַמען אין דער פוילישער גימנאַזיע, איז ער אַריבער אין דער אוקראַאינישער, וואו מען האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און אים געגעבן אַלע פאַרלייכטערונגען, אַז ער זאָל קענען אַבסאָלווירן.

די צווייטע פוילישע גימנאַזיע, אויף זאַסאַניע, איז שוין געווען אָנגעפירט פון אַן אַנטיסעמיטישער דירעקציע, און די ווייניקע אידישע סטודענטן וואָס האָבן דאָרט

שטודירט, האָבן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געפילט די אַנטיסעמיטישע טענדענץ פון אָט־אָ דער פוילישער בילדונגס־אינסטיטוציע.

די אַקטיווסטע פון דער פשעמישלער סטודענטנשאַפט, זיינען געווען די אידישע סטודענטן פון דער צענטער־גימנאַזיע. דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען לינק ביז עקסטרעם, אָבער אַלע סטודענטן, אידן ווי קריסטן, האָבן געלעבט צווישן זיך האַר־מאָניש און עס האָט זיך נישט געמערקט קיין סימן פון אַנטיסעמיטיזם.

אויף דעם שרייבער פון די ציילן, איז אויסגעפאַלן דער גורל צו גרינדן די ערשטע אידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע און פאַרנעמען דעם פרעזידענטן־אַמט. די סעקרעטאַרן זיינען געווען — שטרודלער, דער שפּעטערדיקער פירער פון „בונד" און ראַטמאַן פון פשעמישלער שטאָטראַט און דער צווייטער סעקרעטאַר איז געווען שאַיע לאַוז, דער שפּעטערדיקער באַרימטער טעאַטער־קריטיקער און שריפטשטעלער אָסקאַר לאַאַז אין ווין און בערלין.

די אָנפירונג און אַנטוויקלונג פון די פאַריינען האָבן זיך אין קיין שום גאַליצישע שטאָט אָדער שטעטל נישט אָנגעשטויסן אויף אַזויפיל שוועריקייטן, ווי אין פשע־מישל, ווייל פשעמישל איז געווען אַ פעסטונגס־שטאָט מיט מיליטער־פּאָליציי און מיט אַ זייער אַקטיווער געהיים־פּאָליציי און אַלע לינקע און ספּעציעל סטודענטן־אָרגאַני־זאַציעס, זיינען כסדר פאַרפאָלגט געוואָרן.

פונדעסטוועגן, האָט זיך די שטודירנדיקע יוגנט נישט אָפּגעשראָקן, מען האָט זיך כסדר מער אָרגאַניזירט, מען האָט אָנגעפירט היציקע דעבאַטן אויף פאַרשידענע, מערסטנס פאַרבאָטענע טעמעס און מען האָט פראָוואָצירט דעמאָנסטראַציעס.

דאָס אַלץ איז געווען מעגלעך אַמאָל אונטער עסטרייכישער הערשאַפט, וואו אידן זיינען געווען גלייכבאַרעכטיקט.

יאָ, דאָס איז געווען אַמאָל...

ג. פרוכטער

# אידישע שרייבער פון גאַליציע



אַ שטיק צייט איז אין די קרייזן פון דער אידישער אינטעליגענץ אין פוילן און אוקראַאינע געווען אַ געוויסער פאָראורטייל קעגן דער אידישער אינטעליגענץ פון גאַליציע. דאָס איז געווען פונקט אַזאַ אומרעכט, ווי ס'איז בכלל געווען אַן אומרעכט דאָס קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף גאַליציאַנער אידן אומעטום און אויך דאָ אין אַרגענטינע. גאַליציע האָט, ווי יעדער אַנדערער אידישער קיבוץ, אַרויסגעגעבן גרויסע אידישע גייסטיקע כוחות אויף אַלע געביטן, און באַזונדערס אויפן שרייבעריש, זייט יאָרן און יאָרן. גאַליציע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַרויסגעגעבן דיכטער און וויסנשאַפטלער, מאָלער און אַרטיסטן וואָס האָבן געשאַפן און געווירקט אין אידישן לעבן פון אַלע וועלט-טיילן. מיר האָבן געהאַט אַ וועלוול זבאַרזשער און בערל בראָדער, און געהאַט אַ משה לייב האַלפּערן, אַ נפתלי הערץ אימבער, אַ משה נאַדיר, הערש סעקלער און אַ רחל קאָרן. מיר האָבן אויך אין טעאַטער געהאַט אַ לודוויג זאַץ און האָבן אַ יעקב מעסטל. מיר האָבן געהאַט אין גאַליציע אַזאַ אידיש לעבן ווי פוילן, ליטע, אוקראַאינע, שפּרודלדיק און שעפעריש סיי אויפן געביט פון טעאַטער און סיי אויפן זשורנאַליסטישן און שריפטשטעלערישן. מיר האָבן געהאַט, פונקט ווי די אַנדערע אידישע קיבוצים, גרויסע פּאַרטיי-קאַמפן, חסידישע באַוועגונגען און השכלה-טעטיקייט. אין גאַליציע זיינען דערשינען מערערע צייטונגען און זשורנאַלן, כאָטש געוויינלעך איז ביי דער וועלט געבליבן באַקאַנט הויפּטזעכלעך דאָס „טאַגעבלאַט" פון לעמבערג. און נישט אין אידיש נאָר אויך אין העבריאיש און פּויליש האָבן מיר געהאַט די אַלערליי צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבעס.

ס'איז אין גאַליציע אַרויסגעגעבן געוואָרן אין קאָלאָמיי דאָס „אידישע וואָכנבלאַט"; סאַנאָקער „פאָלקספריינט"; סטאַניסלאַווער „יוד" און סטאַניסלאַווער חודש-זשורנאַל „הירדן"; קראָקעווער צייטונג „דער טאָג" און „אילוסטרירטע צייטונג"; לעמבערגער פּועלי-ציוניסטישער „אידישער אַרבעטער", לעמבערגער וואָכנבלאַט „מחזיקי-

הדת", סאַנדזער צייטונג; ריישער (רזשעזשאווער) „נייע פאָלקסצייטונג", קאָלאָמייער „אידישע פאָלקס-פאָליטיק"; הודש-זשורנאַל „בית ישראל" און „החור"; לעמבערגער „הלוה" און „בת קול"; בראָדער „עברי אנכי"; „דרהאָביטשער צייטונג"; „העברי"; לעמבערגער „דער רעליגיעזער אידישער אַרבעטער"; אילוסטרירטע וואָכנשריפט „דאָס אינטערעסאַנטע אידישע בלאַט" אין לעמבערג, די קראָקיער „המצפה" און אויב ער זאָל אים קענען אָפדינקען.
„העם" און אַנדערע.

ס'זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אויסגאַבעס אין נאַהוואַרנע און אַנדערע פּראָווינץ-שטעט, און אַדאַנק דעם איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע צאָל אידישע שרייבער, זשורנאַליסטן, דענקער און דיכטער וואָס האָבן דערנאָך אנטיילגענומען אויפן שרייבערישן, וויסנשאַפטלעכן און פּאָליטישן געביט אין דער גאַנצער אידישער וועלט.

אין אָנדענק פון די געשטאָרבענע און אין אנערקענונג פון די וואָס לעבן און ווירקן אין אידישן לעבן אויף דער גאַנצער וועלט גיבן מיר דאָ אַ פאַרצייכענונג פון די אידישע שרייבער פון גאַליציע, די גרויסע ווי די קלענערע. די דאַטן זיינען אַנטנומען פון זלמן רייזנס לעקסיקאָן, פון דער אידישער ליטעראַטור, צוגעבנדיק אין איינ‍יקע ערטער נייע, לעצטע דאַטן.

ס'איז דורך די נאַצי-רוצחים הרוב געמאַכט געוואָרן דאָס אידישע לעבן אין גאַנץ אייראָפּע, און צווישן די אומגעקומענע דורך דערשיסונגען און אין די גאַז-קאַמערן, האָבן זיך אויך געפונען אונדזערע טאַטע-מאַמעס, אונדזערע שוועסטער און ברידער, אונדזערע שרייבער, פּאָליטיקער און קינסטלער. ס'זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אונדזערע קהילות, אונדזער גאַנצער אידישער דור פון דער אַלטער היים. זאָל דאָס בלייבן אַלס מאָנומענט פאַרצייכנט אַ קליינער טייל פון אידישן גייסטיקן אוצר פון גאַליציע, דער טייל וואָס באַציט זיך צום אידישן געדרוקטן וואָרט. די נעמען פון די פאַרצייכנטע זשורנאַליסטן, ליטעראַטן און דיכטער קומען לויטן א"ב-סדר.

## א.

**אבן** (עווען) **יצחק**, געבוירן אין ראָזוואַדאָוו אין יאָר תרכב (1862), געווען רעדאַקטער פון מחזיקי הדת, המגיד, המליץ, מיטגעאַרבעט אין דער אונגאַריש-אידישער טיסמעניצער צייטונג, געווען אַ קענער פון העברעיש און זיך אָפּגעגעבן מיטן שול-וועזן גרינדנדיק אין לעמבערג 1895 די ערשטע עברית בעברית שול אין גאַליציע. פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה איז ער אַוועק קיין נאָרדאַמעריקע און מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע צייטונגען. באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט שילדערן דאָס לעבן פון דער רבנישער און חסידישער וועלט.

**אַדלער יעקב**, געבוירן 1877 אין דינאָוו אַלס זון פון אַן אָרעמען שניידער און בעל-תפילה. אין דער יוגנט איז ער געווען אַ משורר ביי זיי פאָטער, דערנאָך (אין 1894) אַוועק קיין נאָרד-אַמעריקע און געאַרבעט אין אַ שניידער-שאָפּ אין ניו-יאָרק. דאָ האָט ער אין 1897 דעבוטירט מיט סאָציאַליסטישע לידער אונטער נאָמען נשר, און מיט דער צייט געוואָרן מיטאַרבעטער אין פאַרשידענע נאָרדאַמעריקאַנער אויסגאַבעס. זייט 1911 האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אַלס שטענדיקער פעליעטאָניסט אין פאָרווערטס, און פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע הומאָריסטישע טיפּן, ווי „יענטע טעלעבענדע", „משה קאַפּויער", „קלמן זלמן דער אַלמן" און אַנדערע, באַנוצנדיק דעם פּסעוודאָנים ב. קאָוונער, ש. לאַפּאַצאַן, אַ

גאַליציאַנער, אַ שטיפער, דער ליז, נישט קיין גרינער, און אַנדערע. אייניקע פון זיינע זאַכן זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין ענג־ליש און דייטש.

**אַדערשלעגער משה יעקב**, גע־בוירן דעם 11־טן נאָוועמבער 1881 אין אָלעסק, מזרח־גאַליציע אַלס זון פון אַן אָרע־מען רופא. זיין פאָטער איז געווען אַן אַנט־לאָפענער פון רוסלאַנד און ביים באַזעצן זיך אין גאַליציע האָט ער געביטן דעם פאַ־מיליע־נאָמען פון ראַוויטאַ אויף אַדערשלע־גער. דער יונגער משה יעקב האָט געלערנט ראַזירעריי און ביים דאָזיקן פאַך גע־אַרבעט. נאָכן טויט פון זיין פאָטער איז ער אַוועק קיין נאָרדאַמעריקע 1899 און געבליבן אויך דאָ אין דער צייט ביים ראַזירעריי, בכדי צו קאָנען שפּייזן זיין עלנט געבליבע־נע פאַמיליע. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין „פאָרווערטס" סקיצן פונעם אי־דישן לעבן אין אַמעריקע און דערנאָך מיט־געאַרבעט אין אַלערליי אויסגאַבעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין דער וואַרשע־ווער „ראָמאַן צייטונג", שילדערנדיק דאָס לעבן פון די אָרעמע מענטשן אין ניו יאָרק און אין דער אַלטער היים זיינער, גאַליציע. אין 1910 איז דערשינען זיינס אַ בוך „וועל־טעלעך", וואָס איז זייער וואַרעם אויפגענו־מען געוואָרן פון דער אידישער פּרעסע. ער איז געשטאָרבן דעם 18־טן מערץ 1940.

**אָוזערקיס מרדכי מענדל**, גע־בוירן 1848 אין פאָדהייצע, געווען אין די יונגע יאָרן אַ ברענער (גוראַלניק), שפּעטער געווען פּריוואַט־לערער און דערביי אויך אָנ־געהויבן שרייבן ראָמאַנען, וואָס זיינען שטאַרק געלייענט געוואָרן אין יענער צייט. די מער באַקאַנטע אַרבעטן זיינע זיינען „דער הויז־לערער", אַ ראָמאַן אין 4 בענדער, און „דער נייער דור". ער האָט אויך געשריבן נאָוועלן, דראַמעס און לידער מיט אייגענע מעלאָדיעס. געשטאָרבן איז ער 1913.

**אייזלאַנד ראובן**, געבוירן אין גרויס ראַדאָמישל דעם 29־טן אַפּריל 1884, האָט 1903 אויסגעוואַנדערט קיין נאָרדאַמעריקע, וואו ער איז אין דער ערשטער צייט געווען אַ פאַבריק־אַרבעטער, אָבער באַלד אָנגעהויבן אויך שרייבן, און זיך באַטייליקט מיט סקיצן, קאַפּיטלען פון אַ ראָמאַן פונעם אַמע־ריקאַנער לעבן, און לידער אין פאַרשידענע אידישע אויסגאַבעס. ער האָט געמאַכט אי־בערזעצונגען פון דייטשע און כינעזישע דיכטער, האָט איבערגעזעצט אייניקע בענ־דער פון היינריך היינע און אויך איבערגע־זעצט אייניקע ראָמאַנען און נאָוועלן.

**אימבער שמואל יעקב**, געבוירן דעם 24־טן פעברואר 1889 אין סאַסאָוו, האָט באַזוכט די גימנאַזיע אין זלאָטשאָוו, דערנאָך אין טאַרנאָפּאָל, געענדיקט דעם פאַ־קולטעט אין לעמבערג אויף פילאָזאָפיע, האָט גוט באַהערשט די היימישע שפּראַכן אוק־ראַאיניש, פּויליש און דייטש. אין 1905 האָט ער אין טשערנאָוויצער וואָכנבלאַט פאַר־עפנטלעכט זיינע ערשטע לידער אונטערן פּסעוודאָנים יונתן, און פון דאַמאָלסט אָן געוואָרן מיטאַרבעטער אין במעט אַלע אידי־שע אויסגאַבעס אין גאַליציע און אויך אין ניויאָרק. חוץ אידישע שירים האָט ער אָנגע־שריבן אייניקע ווערטפולע לידער אין פּוי־ליש. ער האָט באַזוכט אין פרילינג 1912 פּאַלעסטינע און דערנאָך געשריבן זיינע איינדרוקן פון אַ גאַנצע רייע לענדער, וועל־כע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון פאַרלאַג קדימה אין לעמבערג אונטערן נאָמען „אין אידישן לאַנד". אין 1915 איז ער בשעתן וועלט־קריג אַריינגעצויגן געוואָרן אין מילי־טער־דינסט, און אַדאַנק זיין שפּראַכקענטע־ניש געווען קאַנצעלעריסט. ס'זענען דערנאָך אַרויס אַ גאַנצע רייע אויסגאַבעס פון זיינע

לידער. זיין פּאָעמע „אסתרקע", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון פאַרלאַג בילדונג אין סטאַניסלאַוו האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. אין 1921 האָט ער באַזוכט נאָרד־אַמעריקע און זיך דערנאָך אומגעקערט צו זיין ליבער גאַליציע. ווען די דייטשע נאַציס זענען אין צייט פון צווייטן וועלט־קריג איבערגעפאַלן פוילן, האָבן זיי צווישן אַ סך טויזנטער און טויזנטער אַנדערע אידן אויך דערשאָסן דעם גרויסן אידישן דיכטער און שפּראַכקענער שמואל יעקב אימבער אין סעפּטעמבער 1939.

**אימבער שמריהו,** דער פאָטער פון שמואל יעקב און יונגערער ברודער פונעם העברעישן דיכטער נפתלי הערץ אימבער, איז געבוירן מערץ 1868 אין זלאָטשאָוו. אונטער דער ווירקונג פון זיין ברודערס נאַציאָנאַלע שירים איז ער צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און אָנגעהויבן 1886 מיטאַרבעטן אין „דער כרמל", אַ אידיש וואָכנבלאַט אַרויסגעגעבן פון ראובן אשר ברוידע, שרייבנדיק סקיצן און פעליעטאָנען פונעם אידישן לעבן. ער האָט דערנאָך אויך מיטגעאַרבעט אין אַ גאַנצער רייע אידישע און העברעישע אויסגאַבעס אין גאַליציע. זייט 1887 איז ער געווען העברעישער לערער ביי דער זלאָטשאָווער קולטוס געמיינדע, און זייט 1896 לערער אין דער באַראָן הירש שול אין יעזיערנע, און צולעצט, אין צייט פון וועלט־קריג, אַנטלאָפן קיין ווין און דאָרט געווען העברעישער לערער.

**אימבער נפתלי הערץ,** איז געווען העברעישער דיכטער און דער אויטאָר פונעם אידיש נאַציאָנאַלן הימן התקוה, אָבער אין אידיש האָט ער ווייניק וואָס געשריבן.

## ב.

**באַדער גרשם,** געבוירן דעם 21־טן אויגוסט, 1868 (ג' אלול) ביי אַ משפּחה וואָס פירט איר יחוס פון „ש"ך" און „של"ה". אין די יונגע יאָרן האָט ער חוץ ביי מלמדים און ביים פאָטער געלערנט אויך פּריוואַט דייטש און פּויליש; האָט אַ יאָר צייט פאַרבראַכט אין הויז פונעם קראָקעווער רב ר' שמעון סופר און איבערגעשריבן זיינע דרשות און חידושי שס. אין עלטער פון 14 יאָר איז ער אַוועק פון קראָקע קיין בערלין און אַריין דאָרט אין אַ ראַבינער שול, אָבער צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן זיך געמוזט אומקערן אַהיים, און געווען — ווי אַ סך געלערנטע אינגלעך פון גאַליציע — אַ לערער אין דערפער אַרום קראָקע. אין 1889 האָט ער איבערגענומען די רעדאַקציע פונעם וואָכנבלאַט השמש אין קאָלאָמיי אויפן אָרט פון ר. א. ברוידעס. אין 1891 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אַלס העברעישער לערער אין קראָקעווער לערער־סעמינאַר. אין יענער צייט האָט ער אַרויסגעגעבן אייניקע בראָשורן אין העברעיש, איינע אויך וועגן קריסטוס, און אַ פּוילישע איבערזעצונג פונעם ספר בראשית פון חומש. אין 1894 האָט ער איבערגענומען דעם פּאָסטן פון לערער אויף העברעיש אין דער טשאַצקי שול אין לעמבערג. דאָ האָט גרשם באַדער אַנטוויקלט אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט אַ צייט פון 20 יאָר, זיך באַטייליקט אין אַ גאַנצער רייע העברעישע, פּויליש־אידישע און דייטש־אידישע אויסגאַבעס, און האָט געדינט ווי אַ פאָטער פאַר די יונגע אידישע שריפטשטעלער אין גאַליציע. ער האָט אין 1904 געגרינדעט דאָס לעמבערגער „טאָגבלאַט", וואָס איז געווען די ערשטע אידישע צייטונג אין גאַליציע. נאָך אַ צייט פון שפּעטערישער טעטיקייט איז ג. באַדער אין 1912 אָפּגעפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע און זיך באַזעצט אין ניויאָרק, וואו ער זעצט פאָר זיין זשורנאַליסטישע און ליטעראַרישע אַרבעט, און וואו ער האָט אַרויסגעגעבן זיין גרויס ווערק „דרייסיק דורות אידן אין פּוילן".

**באַדער יצחק משה הכהן**, געבוירן אין קראָקע מערץ 1841, דערצויגן שטרענג חסידיש אין דער היים, אָבער טראָץ דעם האָט ער בשתיקה געלערנט דייטש און געלייענט השכלה ביכער. ער איז געווען גמרא מלמד אין קראָקעווער תלמוד תורה און צו גלייכער צייט געשריבן קאָרעספּאָנדענצן און מאמרים אין „המגיד", „התור" און „המגיד החדש". אויף אידיש האָט ער געשריבן אייניקע ראָמאַנען צווישן זיי „טאַנע און פּיכטע אין בתר", „היינריך, אָדער געשמדט און געהאנגען", „צביה פון אָדעס", „די מומע גנענדל" און „מסתרי קראָקע". געשטאָרבן איז ער אין מערץ 1905.

**באַלאַבאַן מאיר שמואל**, געבוירן אין פעברואַר 1877 אין לעמבערג האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין לעמבערג און אריין אינעם אוניווערזיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט, אָבער דורך מאַטעריעלע שווערי־קייטן געמוזט אופגעבן דעם שטודיום. ער איז געוואָרן לערער אין דער באַראָן הירש פאָלקס שול אין גלינע, דערנאָך אין גאַלאַגארי, און צולעצט זיך אומגעקערט קיין לעמבערג, געווען לערער אין אַ פאָלקס שול און צו גלייכער צייט שטודירט געשיכטע און פילאָזאָפיע אינעם אוניווערזיטעט. נאָכן באַקומען דעם דיפּלאָם פון דר. פילאָזאָפיע איז ער געוואָרן לערער אין אַ לעמבערגער רעגירונגס גימנאַזיע, און צו גלייכער צייט מיטגעאַרבעט אינעם אָפיציעלן אָרגאַן פונעם אוניווערזיטעט „קוואַרטאַלניק היסטאָריטשני" און אין די ציוניסטישע אָרגאַנען „פּשי־שלאָסטשי" און „וויסכוד". אין 1904 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם חודש זשורנאַל „האור", און מיטגעאַרבעט אין פאַרשי־דענע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס און יוּ־דאַיסטישע אָרגאַנען אין פּויליש, דייטש און רוסיש. אויף דער ווענדונג פון דער קראָקויער קהילה האָט ער אין 1910 באַאַרבעט די געשיכטע פון אידן אין קראָקע. אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג איז ער געווען מי־ליטערישער ראַבינער אינעם עסטרייכישן אָקופּאַציע־לאַגער אין לובלין. ערשט אין 1918 האָט באַלאַבאַן אָנגעהויבן שרייבן איד־דיש און פאַרעפנטלעכט אַ גרויסע צאָל וויכ־טיקע ווערק פון היסטאָרישן כאַראַקטער. געשטאָרבן איז ער אין 1943 אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

**בוקסבוים נתן**, געבוירן סעפּטעמבער 1890 אין לעמבערג און דאָרט שטודירט, געענדיקט 1911 די גימנאַזיע, שטודירט אין אוניווערזיטעט יוריספּרודענץ. שוין אין דער פריעסטער יוגנט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דער פועלי ציוניסטישער באַוועגונג, האָט מיטגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה און פאַרוואונדעט געוואָרן. נאָך דער מלחמה איז בוקסבוים געווען איינער פון די פי־רער פון דער פוע"צ באַוועגונג אין מזרח גאַליציע און רעדאַקטער פונעם פאַרטיי אָר־גאַן „דער אידישער אַרבעטער" און מיט־אַרבעטער פונעם „פאָלקסבלאַט" אין לעמ־בערג. נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פאַרטיי האָט ער רעדאַקטירט דאָס „פאָלקסבלאַט", וואָס איז געוואָרן דער אָרגאַן פון די לינקע פועלי ציון. אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין וואַרשע אין דער ציישא.

**בינענשטאָק מאַקס**, געבוירן מערץ 1881 אין טאַרנאָוו, געענדיקט די גימנאַזיע און שטודירט אין די אוניווערזיטעטן פון לעמבערג און קראָקע און באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל פאַר זיין דיסערטאַציע איבערן אידישן עלעמענט ביי היינע (דערשינען 1910 אין דייטש). שוין אַלס גימנאַזיסט האָט פּראָפעסאָר דר. בינענשטאָק זיך אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישער טעטיקייט און זיך זייט 1902 באַטייליקט אין פּוילישע און פּויליש־אידישע אויסגאַבעס. שפּעטער אַלס גימנאַזיע־לערער אין וואָדאָוויצע און סטרי

און דערנאָך אַלס דירעקטאָר פון דער אידישער גימנאַזיע אין לעמבערג, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אַרבעטן איבער אַלגעמיינער און אידישער פּעדאַגאָגיק, און אויך ביכער אין פּויליש און דייטש אויפן געביט פון קריטיק און ליטעראַטור געשיכטע. ערשט גאָר צולעצט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אויך אין אידיש און געווען מיטאַרבעטער אין לעמבערגער טאָגבלאַט און אין זאַמלבוך רינגען. אַלס איינער פון די פירער פון „התאחדות" איז ער געוויילט געוואָרען פונעם לעמבערגער וואַל־קרייז אַלס סענאַטאָר 1923, נאָר באַלד נאָך דער דערעפענונג פונעם סענאַט איז ער דעם 25־טן מערץ פון זעלבן יאָר געשטאָרבן.

**ביקל שלמה**, געבוירן אין איסטיטשקאַ 1896, און געענדיקט די גימנאַזיע און דעם אוניווערזיטעט אין טשערנאָוויץ. זייט 1919 איז דר. ביקל געווען מיטאַרבעטער פונעם פּוע"צ וואָכנבלאַט „פרייהייט" אין טשערנאָוויץ אונטערן נאָמען פּיוול שטערנבערג און זייט 1920 נאָך דער פּאַרטיי שפּאַלטונג איז ער געוואָרן רעדאַקטער פון דער אויסגאַבע.

**בירמאַן ישראל זלמן**, געבוירן אַפּריל 1884 אין סאַנדאָווא ווישניאַ נעבן לעמבערג, האָט מיטגעאַרבעט אין „מחזיקי הדת" „המצפּה" און אין סאַנאָקער „פּאָלקספריינט".

**בלאָך אפרים פישל**, געבוירן 1853 אין האָראָדענקאַ, געווען לערער אין אידישע שולן אין רומעניע. ער האָט ארויסגעגעבן בראָשורנווייז די סדרהס מיט די הפטורהס אין אַ דייטשמעריש אידישער איבערזעצונג. יעדע סדרה און הפטורה אין אַ באַזונדערער בראָשור, דורקנדיק עס 1895 אין דראָהאָביטש.

**בערמאַן שמעון**, געבוירן אין קראָקע 1830, שפּעטער געוואוינט מיט זיינע עלטערן אין אַ דאָרף און געוואָרן צוגעבונדן צו דער נאַטור, און גלויבנדיק אַז די פאַרפאָלגונגען וואָס אידן שטייען אויס קומען דערפאַר ווייל די אידן זענען בלויז שטעטישע איינוואוינער, האָט ער אָנגעהויבן פירן אַן אַגיטאַציע פאַר אידישער ערד אַרבעט. דער געדאַנק אריינצוציען אידן צו פעלד אַרבעט איז געוואָרן זיין לעבנסציל. ער איז געפאָרן שפּעטער קיין נאָרדאַמעריקע און געווען אין ניו־יאָרק חזן און מורי הוראה, דערנאָך זיך אומגעקערט קיין קראָקע און אַוועק שפּעטער קיין ארץ ישראל צו גרינדן דאָרט אַ קאָלאָניע. אַזוי ווי דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, האָט ער זיך אומגעקערט קיין גאַליציע אָנצופירן ווייטער זיין פּראָפּאַגאַנדע און געוואוינט מענטשן מאַטעריאַל און די נויטיקע געלט מיטלען. אין 1879 האָט ער אין דרוקעריי פון יוסף פישער געדרוקט אין אידיש אַ באַשרייבונג פון זיינע געמאַכטע רייזעס אונטערן טיטל „מסעות שמעון". געשטאָרבן איז ער אין קראָקע אין 1882.

**בערנפעלד שמעון**, געבוירן יאַנואַר 1860 אין סטאַניסלאַוו, שטודירט אין קעניגסבערגער אוניווערזיטעט, באַקומען אין בערלין 1885 דעם טיטל דר. אין טעאָלאָגיע, געווען אויבעררבינער פון דער ספרדישער קהילה אין בעלגראַד 1886־1892 און דערנאָך זיך באַזעצט אין בערלין. ער האָט פאַרעפנטלעכט מערערע ווערק אין העברעיש פון היסטאָרישן כאַראַקטער און אויך מאָנאָגראַפיעס; צווישען די מער באַקאַנטע זענען פאַראַנען „דעת אלהים" (די געשיכטע פון דער אידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע, „דור תהפוכות", תולדות הרפורמציון" (די געשיכטע פון די אידעישע רעפאָרמען אין אידנטום), „ספר הדמעות" (די געשיכטע פון אידען פאַרפאָלגונגען אין מיטלאַלטער),

„תולדות מסעי הצלב“ און אויך אַ רייע ייִדאַיסטישע אַרבעטן אין דייטש. אין 1902 איז דערשינען זיינע אַ נייע דייטשע איבערזעצונג פון תנ"ך. אין אידיש האָט ער געשריבן פאַרהעלטניסמעסיק ווייניק. צווישן די אידישע אַרבעטן זיינע זענען פאַראַנען היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען איבער ברוך שפינאָזאַ, רבינו משה בן מיימון, קנעכטשאַפט און באַפרייאונג פון אידישן פאָלק.

**בערקאָוויטש מיכל**, געבוירן פעברואַר 1865 אין באָריסלאַוו, דערצויגן אין דראָהאָביטש און אויך צולעצט אין לעמבערג. זיינע ערשטע זשורנאַליסטישע אַרבעטן זענען געווען קאָרעספּאָנדענצן און פעליעטאָנען אין „המזכיר“ און רעצענזיעס אין ראָהאַטינער אידיש דייטשער „צייטונג“. דערנאָך אָנגעהויבן שרייבן ליטעראַטור און צוזאַמען מיט ערנפּרייז אַרויסגעגעבן אַ גאַנצע רייע ביכלעך א. נאָמען „פאָלק־ביבליאָטעק“. אין 1891 איז ער אַוועק קיין בראָד און געענדיקט די גימנאַזיע אין צוויי יאָר צייט. אין 1893 איז ער אַריין אין ווינער אוניווערזיטעט און אינעם ראַבינער סעמינאַר. ביים אויפטרעטן פון הערצל איז בערקאָוויטש געוואָרן זיין נאָענטסטער מיטהעלפער און איבערגעזעצט אויף העברעיש „מדינת היהודים“ (יודענשטאַט). ער האָט אויך אָנגעפירט די אָפּטיילונג פון דער אידישער און העברעישער פּרעסע און ליטעראַטור אין „די וועלט“. ביים ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז ער געווען סעקרעטאַר פאַר אידיש און העברעיש פונעם קאָנגרעס ביוראָ. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געווידמעט דער ציוניסטישער אידייע און דער אידישער פּרעסע און ליטעראַטור אין העברעישער, דייטשער און אידישער שפּראַך, אָפּגעבנדיק זיך הויפּטזעכלעך דער פאָרשונגס־אַרבעט.

**בראָדער בערל**, געבוירן 1815 אין בראָד, פאַרפאַסער פון אידישע פאָלקס לידער, איז באַרימט געוואָרן ווייט און ברייט אויסער די גרענעצן פון זיין געבורטסלאַנד. וועגן אים קומט אין „פנקס“ אַ באַזונדערע באַשרייבונג אויף אַן אַנדערן פּלאַץ.

**בראַנדשטעטער מרדכי דוד**, געבוירן שבט 1844 אין בריגל (בזשעסקאָ) האָט געשריבן אויסשליסלעך העברעיש, זיך אָפּגעבנדיק הויפּטזעכלעך מיט וואַרהאַפטע, הומאָרפולע דערציילונגען און בילדער פונעם אידישן לעבן אין גאַליציע. זיינע דערציילונגען זענען איבערזעצט געוואָרן דערנאָך אין אידיש און זענען דערשינען אין בוך־פאָרם.

**ברענדער ישראל מאיר**, געבוירן אין סטאַניסלאַוו יאַנואַר 1888, האָט שטודירט אין גימנאַזיע און געענדיקט אין קראָקע אויף דר. יורי. ער האָט פּראַקטיצירט אין פאַרשידענע געריכטן אין גאַליציע און דערנאָך אין ווין. ער האָט געשריבן קודם בלויז לידער אין פּויליש־אידישע און אידישע צייטונגען פון גאַליציע. שפּעטער זענען דערשינען אין בוך־פאָרם אַ זאַמלונג לידער „אין שטורם פון לעבן“ און אַ באַנד פּראָזע „זומער נעכט“. ער איז געווען שפּעטער רעדאַקטער פונעם אידישן „וואָכנבלאַט“ אין קאָפּענהאַגען און סעקרעטאַר פונעם הילפס קאָמיטעט פאַר די מלחמה און פּאָגראָם געליטענע אידן, ווי אויך סעקרעטאַר פונעם סקאַנדינאַווישן אידישן צענטראַלן הילפס קאָמיטעט און רעדאַקטער פון מערערע אָרגאַנען פאַר הילפס אַרבעט. אין 1924 האָט ער אין בערלין אַרויסגעגעבן די וועכנטלעכע „יודישע אילוסטרירטע צייטונג“.

## ג.

**גאַבעל היינריך**, געבוירן אין בוטשאַטש 1873, געענדיקט זיין שטודיום אַלס דר. יוריסט און זיך אָפּגעגעבן מיט אַדוואָקאַטור זייט 1902 אין לעמבערג. אין 1907

איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער ציוניסטישער ליסטע אַלס דעפּוטאַט אין רייכסראַט, און ער האָט אַלס פּובליציסט גענומען אַ שטאַרקן אַנטייל אין ציוניסטישן אָרגאַן „ווסכוד" און אויך אין „טאַגעבלאַט" פון לעמבערג. געשטאָרבן איז ער אין עלטער פון 47 יאָר אין ווין.

**גאָטעספעלד חיים**, געבוירן יוני 1895 אין סקאָלע ביים זברוטש אַלס זון פון שמואל טקאַטש. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן סקיצן אין סאַנאָקער „פאָלקספריינד" און לעמבערגער „טאָגבלאַט" (1911 - 1913). דערנאָך איז ער אַוועק קיין נאָרדאַמעריקע און זיך באַטייליקט אין מערערע צייטונגען שרייבנדיק פאַר זיי הומאָריסטישע מעשה־לעך. זיין קאָמעדיע „גאַליציאַנער מיליאָנערן" איז אויפגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג.

**גאָטעספעלד חנא**, געבוירן אין סקאַלא ביים זברוטש 1890 און אַלס אַ אינגל אַוועק קיין נאָרד־אַמעריקע. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַקטואירן אַלס זשורנאַליסט אין קליוולאַנדער און פילאַדעלפיער צייטונגען, דערנאָך אין „פאָרווערטס" פון ניו־יאָרק וואו ער האָט געשריבן הומאָרעסקעס אונטערן פּסעוודאָנים ט ו ב י ה ש מ י י ב ל. זיינע קאָמעדיעס „די רייכע קבצנים", „ווען שטאַרבט ער?" און „פּרנסה" האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג אין נאָרדאַמעריקע און פּוילן.

**גאָלדמאַן מענדל**, געבוירן אין רימאַנאָוו 1891, האָט זייט 1907 פאַרעפנטלעכט סקיצן און דערציילונגען אונטערן אייגענעם נאָמען און אונטער פּסעוודאָנים ב. מ. זיסקינד אין „סאָציאַל דעמאָקראַט", „לעמבערגער טאָגבלאַט" און ניויאָרקער אידישן „וואָכנבלאַט".

**גליקסמאַן נפתלי**, געבוירן אין קריפּטש מיטל גאַליציע, סעפּטעמבער 1871, אַלס אוראייניקל פונעם רבין ר' דודל קריפּטשער (דער נסתר). אונטער דער השפּעה פון דער השכּלה ליטעראַטור האָט ער אין רזשעשאָוו (ריישע) געגרינדעט איינעם פון די ערשטע ציוניסטישע פאַריינען אין גאַליציע. אין „כרמל" און „דער וועקער" האָט ער געשריבן בילדער פון אידישן פּראָווינציעלן לעבן אין גאַליציע. שפּעטער האָט ער אויך געשריבן סאַטירישע פעליעטאָנען אין לעמבערגער „טאַגבלאַט", אין „המצפּה" און אין „ווסכוד". אין צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין גאַליציע איז ער אַוועק קיין ארץ ישראל און געענדערט זיין פאַמיליע־נאָמען אויף אשריאל. ער איז די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געווען לערער פון אַ ספרדישער שול אין ירושלים.

**געבירטיג מרדכי**, געבוירן מאַי 1877 אין קראָקע, איז געווען אַ מעבל אַרבעטער. אונטער דער ווירקונג פון אברהם רייזנס ליטעראַרישער טעטיקייט אין קראָקע האָט געבירטיג אָנגעהויבן שרייבן אידישע לידער און טעאַטער רעצענזיעס אין „סאָציאַל דעמאָקראַט" 1906. אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג אַלס סאָלדאַט, האָט ער פאַרפאַסט אַ סך פאָלקס־לידער מיט מעלאָדיעס. באַזונדערס פּאָפּולער זענען די לידער „הוליעט, הוליעט קינדערלעך" און קינדער־יאָרן", וואָס זענען אַריין אין דער אָפּערעטע פון בועז יונגוויץ „די רומענישע חתונה". אויך מאַלי פּיקאָן האָט ביי געבירטיקן אָפּגעקויפט די רעכט אויף עטלעכע לידער און זיי אַריינגעפּאַסט ווי שיינע פּערל אין אירע דערפאָלגרייכע פּיעסן.

געבירטיקס לידער צו וועלכע ער אַליין האָט געשאַפן די מעלאָדיעס ווערן איבעראַל געזונגען אויף אידישע פאָלקס־ימים־טובים.

אין בוכפאָרם איז פאַראַן זיין זאַמלונג לידער מיט נאָמען אונטער טיטל „פאָלקסטימלעך".

**געלבער נחום מאיר (מאַקס)**, געבוירן אין לעמבערג אין מאַי 1891, האָט



## פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע:

(2)

זיצט אַ איד אין סוכה און קוקט אַריין אין אַ ספר, איידער ער גייט אין בית-המדרש אַריין דאַווענען.

די וואַנט פון סוכה איז באַפּוצט און באַהאָנגען מיט די שענסטע טישטעכער און קאָלדרעס וואָס באַפּוצן אַ גאַנץ יאָר זיין שטוב. און ביים ערלעכן פרומען אידן, איז אין סוכות-טעג די סוכה זיין היים און יעדע פרייע מינוט זיצט ער אין איר און אַבי עס רעגנט נישט שלאָפט ער אַפילו אין דער סוכה.

שטודירט אין בראָד און ווין, און 1914 באַקומען אין ווינער אוניווערזיטעט דעם דר. טיטל. אין צייט פון ערשטן וועלט-קריג האָט ער מיט-געמאַכט די מלחמה אַ צייט פון פיר יאָר אַלס פראָנט-אָפיציר אויפן באַלקאַנישן און איטאַליענישן פראָנט. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין ווין און זיך אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישער טעטיקייט ספּעציעל אויפן געביט פון געשיכטע. חוץ אין פאַרשידענע אידישע, העברעישע, פּוילישע, דייטשע און רוסישע אויסגאַבעס וואו ער האָט מיטגעאַרבעט זענען דערשינען אין בוכפאָרם „די יודען אונד דער פּאָלנישע אויפשטאנד", „אויס צוויי יאהרהונדערטען", „שטודיען צו דער געשיכטע פון די אידען אין דער קראָקעווער רעפּובליק" און אַנדערע.

**געלער חיים**, געבוירן מאַי 1890 אין סניאַטין, געלערנט אין ישיבה, דערנאָך אין גימנאַזיע און אין דער ווינער האַנדלס אַקאַדעמיע. זייט 1905 אָנגעהויבן ליטעראַרישע טעטיקייט און זיך באַטייליקט אין אַלע אידישע אויסגאַבעס פון גאַליציע, „לעמבערגער טאַגבלאַט", קראָקויער „טאָג", „אילוסטרירטע צייטונג" און אויך אין דער ווינער אידישער „מאָרגנפּאָסט" און אין ניויאָרקער צייטונגען.

**גערסטל ר׳ זאב וואָלף,** געבוירן 1861 אין יאַרטשעוו, שפּעטער געוואָרן יאַרטשעווער רב, האָט אַרויסגעגעבן אַלס ערשטן חיבור „ספר דברים נפלאים על מדרשים פּלאים" און צולעצט אַרויסגעגעבן אַ „לערבוך צום ערלערנען די אָריענטאַלישע שפּראַכן און שריפטן". דורך זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און פאַר זיין אָפּגעבן זיך מיטן שטודיום פון באָטאַניק איז ער אָפּגעזאָגט געוואָרן פון רבנות און ער איז אַוועק קיין לעמבערג און געצויגן חיונה פון פאַרקויפן קרייטעכצער אין די אַפּטייקן.

**גראָב יוסף,** געבוירן אַפּריל 1881 אין באָלשעוויץ נעבן האַליטש, איז נאָך אַ אינגל פון דער היים אַוועק און געוואָרן אַ משורר ביים סטאַניסלאַווער חזן, דערנאָך אַוועק קיין ווין און געוואָרן קאַנטאָר אין אַ טעמפּל. אין עלטער פון 22 האָט ער אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן מיט זשורנאַליסטיק און מיטגעאַרבעט אין אַלע אידישע אויסגאַבעס פון גאַליציע, אין ווינער „מאָרגנפּאָסט", האָט אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם אַ זאַמלונג סקיצן, הומאָרעסקן און בילדער. ער האָט אויך געשריבן לידער און געשאַפן אַליין מוזיק פאַר זיי, איז געווען מיטגרינדער פון דער „פרייער אידישער פאָלקסבינע" און פון אידישן געזאַנגס פאַריין אין ווין, און אויך געשריבן פאַר טעאַטער.

**גראָס משה,** געבוירן אין סעפּטעמבער 1891 אין באָריסלאַוו; געלערנט אין חדר, אין ישיבה און אין קלויז און צולעצט אין גימנאַזיע אין ווין. דאָרט איז ער אין די יאָרן 1918-1920, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען הויפּט־רעדאַקטער פון דער אידישער טעגלעכער „ווינער מאָרגנצייטונג" (שפּעטערדיקע „מאָרגנפּאָסט"). ער איז געווען אַ גרויסער ליטעראַטור קריטיקער און פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס אין דער ווינער פרעסע און אין דער אידישער פרעסע פון נאָרדאַמעריקע, פּוילן און אַנדערע לענדער.

**גראָס נפתלי,** געבוירן אין קאָלאָמיי 1895, האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע צייט אין דער יוגנט. זיין ליטעראַרישער דעבוט איז געווען מיט דייטשע לידער. ער איז דערנאָך אַוועק קיין קאַנאַדע און אָנגעהויבן שרייבן אידישע לידער פאַרן „קענעדער אַדלער" און באַלד אַוועק קיין ניויאָרק, וואו ער איז געוואָרן אַ באַליבטער און אָנגעזעענער מיטאַרבעטער אין דער פרייער אַרבעטער שטימע, קונדאַס, דאָס אידישע פאָלק, צוקונפט, די פעדער און אַנדערע. ער האָט איבערזעצט ווערק פון די דייטשע דיכטער היינע, געטע, האָפּמאַנסטאַל, בירנבוים און אַנדערע, ווי אויך פון אַמעריקאַנער דיכטער, פון אַרמענישן דיכטער קאַליל זיבראַן און אַנדערע.

**גראָסמאַן הענריק,** געבוירן אין קראָקע 1882, אַ טוער אין דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער באַוועגונג, האָט אַרויסגעגעבן 1905 אַ בראָשור „וואָס ווילן מיר?", דערנאָך „דער בונדיזם אין גאַליציע". אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין ווין און אַרויסגעגעבן 1916 אַ באַנד עסטרייכישע סטאַטיסטיק.

**גרייף שמואל,** געבוירן אַפּריל 1890 אין באָריסלאַוו, אין עלטער פון 9 יאָר אַוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט די עלטערן קיין נאָרדאַמעריקע, געענדיקט 1914 אין ניויאָרק אויף דענטיסט און אין יענער צייט אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אַרטיקלען, בילדער און דערציילונגען אין פאַרשידענע נאָרדאַמעריקאַנער אויסגאַבעס. ער האָט אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם אַ זאַמלונג סקיצן „פון חדר און ווייטער" און אַלערליי אויסגאַבעס וואָס באַרירן די דענטיסטישע פּראָפעסיע.

**גריל בנימין,** געבוירן 1875 אין זשאָלקעוו, האָט מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע

אידישע און העברעאישע אויסגאַבעס אין גאַליציע, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַפונג „מאָטל תוכחה".

**גרינבערג אורי צבי**, געבוירן 1894 אין בילקאמען נעבן זלאָטשאָוו, האָט דעבוטירט אין קראָקעווער „אידישער אַרבעטער", דערנאָך מיטגעאַרבעט אין „השלה". זיין ערשטע זאַמלונג לידער „ערגעץ אויף פעלדער" איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין לעמבערג 1915. דאָס איז געווען אין סאַמע מלחמה צייט. דאָס ערשטע בוך אין אידיש וואָס האָט באַהאַנדלט קריגס־מאָטיוון דורך איינעם וואָס האָט די מלחמה אַליין מיטגעמאַכט. אין מיליטער דינסט האָט ער מיטגעמאַכט שלאַכטן אויף פאַרשידענע פראָנטן, דערנאָך האָט ער מיטדערלעבט דעם פאָגראָם אין לעמבערג (אין נאָוועמבער 1918), בשעת וועלכן סאיז אַוועק מיטן פייער אַ גרויסער טייל פון אידישן קוואַרטאַל און צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע הייזער אויך דאָס הויז פון זיין פאָטער. אין 1920 איז ער אַוועק קיין וואַרשע און דאָ רייף געוואָרן אין זיינע שאַפונגען און סזענען דערשינען זיינע לידער אין אַ גרויסער צאָל צייטונגען און זשורנאַלן און אויך אין בוכפאָרם. זיין פאָפולערסטע ווערק איז די גרויסע פאָעמע „מעפיסטאָ", אַרויסגעגעבן אין לעמבערג.

## ד.

**דאָרנבוש משה**, געבוירן 1845 אין פשעמישל, אַ טעמפעראַמענטפולער זשורנאַליסט, האָט רעדאַקטירט איינ־קע יאָר אין ווין דאָס צווייוועכנטלעכע וויצבלאַט „ווינער אידישע קיקעריקי", דערנאָך אין פרעסבורג (היינט בראַטיסלאַוואַ) דאָס האַלבוועכנטלעכע „אידישעס וועלטבלאַט", שפּעטער די „אַלגעמיינע אידישע צייטונג" אין בודאַפעשט. אין בוכפאָרם איז דערשינען זיינע אַ דערציילונג „יודע בלייבט יודע", אַרויסגעגעבן 1893 אין בודאַפעשט. ער איז געשטאָרבן 1914.

**דערמאַנט וואָלף**, געבוירן 1830 אין טאַרנאָפּאָל, איז אויסגעוואַקסן אין דער השכלה סביבה פון יוסף פערל און זיך אָפּגעגעבן שטאַרק מיט דער זעלבסטבילדונג. ער האָט געשריבן לידער אין פויליש, דייטש, העברעיש, אָבער מיט באַזונדערער ליבע אין אידיש. ער איז געשטאָרבן סעפּטעמבער 1897 אין בראָד.

**דעמביצער יואל דוד**, געבוירן מערץ 1888 אין קראָקע, האָט געלערנט אויף רב, נאָר אינמיטן איבערגעריסן און זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט דער אַרבעטער באַוועגונג און מיט וועלטלעכער בילדונג אין פרעמדע שפּראַכן. ער האָט איבערגעזעצט פון גריכיש די טראַגעדיעס פון אויסכילאָס און די איליאַדע פון האָמער, פון פויליש מיצקעוויטשעס די אימפּראָוויזאַציע „דזשאַדי" און סאָנעטן פון קרים, סלאָוואַצקיס „אין דער שווייץ", וויספּיאַנסקיס „באָלעסלאַוו דער וואַגער". ער האָט אויך איבערגעזעצט ש. אַנסקיס דיבוק" אויף פויליש. געשטאָרבן איז ער סוף אַפּריל 1924 אין זיין געבורטסשטאָט.

**דעמביצער סאַלאָמאָן (זלמן)**, געבוירן דעצעמבער 1888 אין קראָקע, האָט ארויסגעגעבן אין דער אידישער שפּראַך נאָר מיט לאַטיינישע אותיות זאַמלונגען לידער „לעבנס קלאַנגען", „פאַרלוירענע וועלטן", „פון מיינע טעג", „וואָלקנס", „שוואַרצע בלעטער" און אויך ווערק אין פראָזע אין דייטש און האָלענדיש.

**דעמביצער פסח**, געבוירן מאַי 1889 אין קראָקע, אַ ברודער פון יואל דוד דעמביצער, איז געווען דער גרינדער פון דער „זש. פ. ס." און „בונד" אין גאַליציע און זייט 1908 אַקטיווער מיטאַרבע־

טער אין „סאָציאַל דעמאָקראַט" און שפּעטער אויך אין „לעבנספראַגן". אַלס הייסער קעמפער פאַר אידיש איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון דער געזעלשאַפט „אונזערע קינדער".

**דרייקורס לייבוש (לעאָן)**, געבוירן אין לעמבערג פעברואַר 1894, אַלס גימנאַזיסט אַריין אין געהיימען סאָציאַליסטיש אידישן סטודענטן פאַריין און אָנגעהויבן דרוקן אַנאָנים אין די אידיש סאָציאַליסטישע וואָכנבלעטער אין גאַליציע לידער, וואָס זענען באַלד געוואָרען פאָלקס לידער. ער האָט מיטגעלעבט דעם פּאָגראָם אין לעמבערג בשעת וועלכן סאיז אומגעקומען זיין ברודער מאיר. ער האָט מיטגעאַרבעט אין לעמבערגער טאָגבלאַט שרייבנדיק אַרטיקלען, פעליעטאָנען, ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען, און אינעם אָרגאַן פון דער התאחדות „פאָלק און לאַנד" האָט ער אָנגעפירט די אָפּטיילונג ליטעראַטור און קריטיק און שפּעטער געווען מיטרעדאַקטאָר אין וואַרשעווער „עקספרעס".

## ה.

**האַבער זוסיע (זיגמונד)**, געבוירן סעפּטעמבער 1887 אין קאָלאָמיי, האָט אין 1906 געגרינדעט אין זיין געבורטסשטאָט דאָס וואָכנבלאַט „אידישע פאָלקס פּאָליטיק" וואָס האָט עקזיסטירט ביז 1912. דערנאָך איז ער געווען רעדאַקטער פונעם צווייוועכנטלעכן „אידישן פאַמיליענבלאַט" און זיך באַטייליקט אַקטיוו אינם קראָקעווער „טאָג", אינעם וואָכנבלאַט „אילוסטרירטע צייטונג", „לעמבערגער טאָגבלאַט", אינעם חודש־זשורנאַל „בית ישראל", אין וואַרשעווער „היינט", אין ניויאָרקער „פאָרווערטס" און אין אַ גאַנצער רייע אַנדערע אידישע אויסגאַבעס. ער איז געשטאָרבן 1938.

**האָלענדער יוסף מנחם**, געבוירן אָקטאָבער 1898 אין באַראַנאָוו, נעבן טאַרנאָבזשעג, אַלס זון פונעם ראש בית דין אין רודניק. שפּעטער ראש ישיבה אין וויזשניץ און טאַרנאָוו. ער האָט באַזוכט די ראַבינער שול אין בערלין, דערנאָך די קאַדעטן שול אין טראָפּאַו (בעהמען), האָט דעבוטירט מיט קאָרעספּאָנדענצן און קריגס־בילדער אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג, דערנאָך 1918 אַרויסגעגעבן אין רזשעשאָוו „די אידישע פאָלקסצייטונג" און מיטגעאַרבעט אין לעמבערגער טאָגבלאַט און קראָקעווער צייט. אין 1920 איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד און רעדאַקטירט אין קעלן אַ אידישע ביילאַגע צו דער „יודישע וואַכע" און אויך אַרויסגעגעבן אַ העפט „החלוץ" אין אידיש.

**האַלפּערן משה לייב**, געבוירן יאַנואַר 1886 אין זלאָטשאָוו. צו צוועלף יאָר איז ער אַוועק קיין ווין און געלערנט אַלס שילדנמאַלער. צו 21 יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער אין דייטש און זיי פאַרעפנטלעכט אין אַ ווינער דייטש אידישן זשורנאַל. ער קערט זיך דערנאָך אום אַהיים און הויבט אָן שרייבן אידישע שירים. זיין ערשט ליד וואָס ער האָט אַריינגעשיקט אין לעמבערגער טאָגבלאַט האָט דער רעדאַקטער משה קליינמאַן נישט געוואָלט דרוקן, האַלטנדיק אַז סאיז אַ געלאַטכנטס, ווייל סאיז געווען צו גוט פאַר אַן אָנפאַנגער. אין 1908 איז משה לייב האַלפּערן אַוועק קיין נאָרד אַמעריקע און פאַרעפנטלעכט זיינע וואָס אַמאָל רייפערע לידער אין פאַרשידענע אידישע צייטונגען און זשורנאַלן. ער איז געוואָרן איינער פון די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון די „יונגע" דיכטער. דערנענטערנדיק זיך צו דער אידעאָלאָגיע פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער קולטור, האָט האַלפּערן געפונען אַ גאַנץ נייעם סטיל פאַר די סאָציאַלע ליידן פון די פאָלקסמאַסן און ער גיט עס צום אויסדרוק אין זיין לידערבוך אַרויסגעגעבן 1924 אין ניויאָרק אונטערן טיטל „די גאָלדענע פּאַווע". זיינ

דער גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער צייטונג „פרייהייט" איז ער געווען אַן אַקטיווער מיטרעדאַקטער דאָרט, וואו ער האָט הוץ לידער און פּאָעמעס אויך געשריבן אַרטיקלען אויף ליטעראַרישע טעמעס. ער איז געשטאָרבן 1932 אין ניו־יאָרק.

**האָראָוויץ בער**, געבוירן אין קליינעם וואַלד־דאָרף מיידאַן נעבן קאַלוש אין יולי 1895. ער האָט אין סטאַניסלאַוו געענדיקט די פּוילישע גימנאַזיע און גענומען אַ שטיקל אנטייל אין דער סטודענטן־באַוועגונג. האָראָוויץ איז געווען אַ קענער פון שפּראַכן דורך זיין לאַנגן ארומוואַנדערן איבער די באַלקאַן־לענדער און אויך דורך זיין באַקאַנטשאַפט מיט איטאַליענער אין צייט פון וועלט מלחמה. זיין זאַמלונג לידער „פון מיין היים אין די בערג" וואָס איז דערשינען אין 1919 האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין די ליטעראַרישע קרייזן. ער האָט אויך איבערזעצט צענדליקער אוקראַאינישע לידער, און געשריבן אויך אין פּראָזע פאַר פאַרשידענע צייטונגען. בער האָראָוויץ איז דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַצים בשעת דער אָקופּאַציע פון וואַרשע, אין סעפּטעמבער 1939.

**הורוויץ משה הלוי**, געבוירן מערץ אין סטאַניסלאַוו, האָט אָנגעהויבן זיך לערנען אויף שחיטה, נאָר אַריבער צו השכלה און אַלגעמיינער בילדונג. צו 18 יאָר איז ער אַוועק קיין יאַס און געווען העברעישער לערער. ער האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין 1871 אַ צייטונג אויף העברעיש און רומעניש „טימפּול" (צייט), וואָס האָט אָבער נישט לאַנג עקזיסטירט. שפּעטער איז ער אַוועק קיין בוקאַרעשט און געוואָרן דירעקטאָר פון אַ אידישער שול און אָנגעהויבן איבערזעצן דעם תנך אויף רומעניש. פאַרדריסלעך פאַר וואָס ער איז אַפּגעזאָגט געוואָרן פונעם פּאָסטן אין דער אידישער שול האָט ער זיך געשמדט, נאָר קורץ נאָך דעם, אין 1878, איז ער אריין אין גאָלדפאַדנס טעאַטער־טרופּע און געוואָרן שפּעטער אַ פּיעסן־שרייבער. ער איז אַוועק צולעצט קיין נאָרדאַמעריקע און געשאַפן אַ גרויסע צאָל טעאַטער־פּיעסן. אין 1901 האָט ער געהאַט גרויס דערפאָלג מיט „בן הדור אָדער דער פּרינץ פון אַראַביע". צווישן די מער באַדייטנדיקע אַרבעטן זיינע געפינט זיך זיין איבערזעצונג פון גוצקאָווס „אוריאל אַקאָסטאַ" און זיין באַארבעטונג פאַר דער בינע דיומאַס „מאָנטע קריסטאָ". ער איז געשטאָרבן מערץ 1910.

## וו.

**וואָלפסטאַל חנא**, געבוירן 1853 אין טיסמעניץ, אלס זון פון אַ חזן, איז געוואָרן בלי־זמר און געשאַפן ניגונים פאַר זיין קאַפּעליע. אדאַנק זיינע אָריגינעלע אידישע לידער און קאָמפּאָזיציעס איז ער געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין גאַליציע. מוזיקאַלישע בילדונג האָט ער שפּעטער באַקומען אין מיליטער־דינסט, שפּילנדיק אינעם אָרקעסטער. ער האָט פאַרפאַסט מערערע מיליטערישע מאַרשן, וואַלסן און אַנדערע טאַנץ־מוזיק. דערנאָך איז ער געוואָרן קאַפּעלמייסטער אין גימפּלס טעאַטער אין לעמבערג און ער האָט געשאַפן די מוזיק צו אַ גרויסער צאָל אָפּערעטעס, צווישן זיי „דער קאָמישער באַל", די מלכה שבא, דער טייוול אלס רעגענט, ר' יהודה הלוי, בת ירושלים און אַנדערע. טראָץ זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט און גרויסער באַגאַבטקייט האָט ער געלעבט שטענדיק אין דחקות און געשטאָרבן אין אָרעמקייט אין 1924.

**וואַשיץ פישל**, געבוירן אין יעזיערנע, געענדיקט די מיטלשול אין זלאָטשאָוו און דעם אוניווערזיטעט אין לעמבערג אלס אַדוואָקאַט. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פונעם „טאַגבלאַט", האָט זיך אַקטיוו מיטבאַטייליקט אין דער ציוניסטישער באַ־

וועגונג און ביינגעווען אלע ציוניסטישע קאנ־גרעסן. נאכן פאגראם אין לעמבערג 1918 האט ער געגרינדעט א אידישע מיליץ. ער איז דערנאך אנטלאפן קיין ווין און צולעצט קיין חיפה, וואו ער האט זיך באזעצט אלס אד־וואקאט.

**ווייכערט מיכל,** געבוירן מאי 1890 אין סטארע מיאסטא, צו דריי יאר אריבער־געקומען מיט די עלטערן קיין סטאניסלאוו, און נאכן באזוכן די פאלקסשול שטודירט אין לעמבערגער אוניווערזיטעט, וואו ער האט אין 1916 באקומען דעם טיטל דר. אין פילאזאפיע. ער איז באלד אוועק קיין בערלין און פארענדיקט די ליטעראטור היס־טארישע און קונסט היסטארישע שטודיען. אין אנהויב 1918־ איז ער געקומען קיין ווארשע און זיך אפגעגעבן מיט טעאטער און 1919 אנגעפירט די ווילנער טרופע. זיין ליטערארישע טעטיקייט האט ער אנגעהויבן נאך אלס סטודענט פונעם לעמבערגער או־ניווערזיטעט מיט קריטישע ארטיקלען אין טאגבלאט. שפעטער פארעפנטלעכט ארטיק־לען אין פוילישע און דייטשע טעאטער־צייטשריפטן. זיינע גרעסערע שטודיעס אי־בער דער אנטוויקלונג פון אידישן טעאטער זענען פארעפנטלעכט געווארן אין בוכפארם.

**וויניג נפתלי,** געבוירן פעברואר 1897 אין טארנאוו, האט געענדיקט די פילאלא־גישע גימנאזיע, האט שטודירט פילאזאפיע און סלאווישע ליטעראטור אין קראקעווער אוניווערזיטעט און קונסט־געשיכטע אין ווין. אויפן ליטערארישן געביט אין אידיש האט ער זיך אפגעגעבן הויפטזעכלעך מיט עסטע־טיש־קריטישע ארטיקלען, באטייליקנדיק זיך אין מערערע אידישע אויסגאבעס.

**וייסבערג מאיר (מאקס),** געבוירן אקטאבער 1856 אין באקלאוויץ (אדער בו־קאטשאוויצע). ער האט דורכגעמאכט די עלעמענטאר־בילדונג אין דער אידישער פאלקסשול אין באלעכאוו, דערנאך די גימ־נאזיע אין לעמבערג און טשערנאוויץ, האט שטודירט געשיכטע און אלטע און נייע פי־לאלאגיע אין די אוניווערזיטעטן פון לעמ־בערג און ווין. אלס פילאלאג האט ער גע־שאפן א סך ווערק אין דייטש, פויליש און אידיש, איבער אידישער ליטעראטור און ווי־סנשאפט און אידישער קולטור־געשיכטע.

**וייסמאן אשר שמחה ארטור,** געבוירן אפריל 1840 אין זאלין האט גע־שריבן וויסנשאפטלעכע אפהאנדלונגען אי־בער דער ביבלישער און תלמודישער ליטע־ראטור, ווי אויך סקיצן פונעם אידישן לעבן אין גאליציע, אין העברעישע און דייטשע אויסגאבעס. ער איז געשטארבן אין ווין אין מאי 1892.

**ווילער יעקב,** געבוירן אין לעמבערג, מערץ 1882, האט געענדיקט די לעמבערגער גימנאזיע און שטודירט גערמאניסטיק און קלאסישע פילאלאגיע אין לעמבערגער אוני־ווערזיטעט און באקומען 1909 דעם טיטל דר. פון פילאזאפיע. ער האט זיך געווידמעט פולשטענדיק דער פארשונג פון פאנעטיק און דיאלעקטיק פון די אידן, באזונדערס די אידן פון גאליציע און וועגן דעם גע־שריבן מערערע אפהאנדלונגען אין פויליש און דייטש.

**ווירטה מיכל,** געבוירן אין לעמבערג 1877, באזוכט די גימנאזיע און געענדיקט זיין שטודיום אין לעמבערגער אוניווערזי־טעט אויף דר. יוריסט. ער איז געווען איי־נער פון די פיאנערן פון דער נייער אידי־שער ליטעראטור אין גאליציע. דורך א רייע פארלעזונגען וואס ער האט געהאלטן אין פארשידענע שטעט איבער מענדעלע, שלום עליכם און פרץ, פון וועלכן ער האט אויך א סך איבערזעצט אויף פויליש, האט ער באקענט די אידישע גאליציע מיט די מאַ־דערנע אידישע שריפטשטעלער. ער האט

פאַרעפנטלעכט לידער, נאָוועלן, ליטעראַריש קריטישע אַרטיקלען, פעליעטאָנען אין אידיש, העברעיש, ענגליש און רוסיש. אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג האָט ער געשריבן דייטשע הומאָרעסקעס פאַר ווינער פילמען. ער איז געשטאָרבן 1919 אין ווין.

## ז.

**זוסמאַן אבא יוסף**, געבוירן אויגוסט 1877 אין בראָד, געוואַנדערט אין דער יוגנט איבער עסטרייך, אונגאַרן, דייטשלאַנד, האָלאַנד און געקומען 1893 קיין נאָרדאַמעריקע. דאָ האָט ער 1906 אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין „צייטגאַסט“, אין „פאָרווערטס“ און פאַרשידענע אַנדערע אויסגאַבעס, שרייבנדיק פעליעטאָנען און סקיצן. א צייט פון אכט חדשים האָט ער אַרויסגעגעבן אין קאַנאַדע (1910) א צוויי־וועכנטלעכע סאָציאַליסטישע צייטונג, דער וויניפּעגער קוריער.

**זוסמאַן בנימין**, געבוירן אַפּריל 1866 אין דאָרף נישטשע נעבן פלאָטשאָוו. ביז 16 יאָר געלערנט אין בית מדרש, דערנאָך איבערגעגאַנגען צו דער השכלה, אָבער געבליבן איז ער רעליגיעז און געשריבן האָט ער הויפּטזעכלעך אין לשון קודשדיקן וואָכנבלאַט „מחזיקי הדת“ און „רעליגיעזער אידישער אַרבייטער“, שפּעטער אויך אין קראָקעווער „טאָג“ פון יונה קרעפּל און אין אַנדערע אידישע און העברעישע אויסגאַבעס. אין 1922 האָט ער אַרויסגעגעבן א בראָשור „אונדזער חנוך“ פון אָרטאָדאָקסישן שטאַנדפּונקט. ער איז געווען לערער אין תלמוד־תורה „ישיבת אורח לחיים“ אין זלאָטשאָוו.

**זילבערבוש דוד ישעיהו**, געבוירן דעצעמבער 1854 אין זאַליסטשיק. דער יונגער דוד שייע האָט געלערנט ביי מלמדים ש״ס און פוסקים, דערנאָך אַליין געלערנט אין דער סאַדאַגורער קלויז און ביי א פּריוואַט לערער. שפּעטער געלערנט דייטש. ער האָט זיך אָפּגעגעבן שטאַרק מיט דער השכלה ליטעראַטור און 1878 דעבוטירט מיט אייניקע מאמרים אין סמאָלענסקיס „המביט“ און „השחר“. אין 1882 האָט ער אַרויסגעגעבן אין באָטאָשאַן (רומעניע) און דערנאָך אין לעמבערג א ליטעראַרישן חודש זשורנאַל „האור“, און מיט יאָרן שפּעטער אין קאָלאָמיי די צווייוואָכנשריפט „העם“. אין 1893 איז ער אַוועק קיין ווין און ווערט דאָרט זייער שעפעריש. זילבערבוש ווערט באַטראַכט, און מיט רעכט, אַלס דער זיידע פון די גאַליציאַנער העברעיש־אידישע שריפטשטעלער. זיינע שאַפונגען זענען פון גרויסן ווערט פאַר דער געשיכטע פון דער אידישער קולטור און ליטעראַטור אין גאַליציע, רומעניע און עסטרייך. אין זיינע בילדער און הומאָרעסקעס פונעם אידישן לעבן אין גאַליציע, מאַריענבאַדער נאָטיצן ווי אויך אין אַלע זיינע שאַפונגען אין אידיש האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט א זאַפטיקן לעבעדיקן סטיל, א מוסטער פון עכט קערנדיקן גאַליציישן פאָלקס־אידיש. געשטאָרבן איז ער אין מערץ 1936 אין ווין.

**זילבערשטיין ביניש**, געבוירן אין דאָרף וואַמפּיאַזשאָוו, נעבן טאַרנאָוו, אין 1902. די ערשטע דערציאונג האָט ער באַקומען ביי זיין פאָטער, א אָרעמער מלמד. ער האָט דורכגעמאַכט א שווער לעבן אין דער יוגנט. אין 1918 האָט ער געגרינדעט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע יוגנט אָרגאַניזאַציע „צוקונפט“. אין 1919 האָט ער דעבוטירט מיט לידער און זיי זענען געדרוקט געוואָרן אין א גאַנצע רייע אויסגאַבעס. אין בוכפאָרם איז דערשינען א זאַמלונג לידער אונטערן טיטל „אין אייגענעם קרייז“, אַרויסגעגעבן 1922 אין וואַרשע, און א שפּיטאָלפּאָעמע אונטערן טיטל „סאַנקט העלענאַ אינזל“, אַרויסגעגעבן 1925 אין וואַרשע.

**זינגער מענדל,** געבוירן 1890 אין בראָד, אוועק צו 18 יאָר קיין ארץ־ישראל און געלערנט אינעם דייטש העברעישן לערער־סעמינאַר. זייט 1907 אָנגעהויבן שרייבן אַרטיקלען און קאָרעספּאָנדענצן אין לעמבערגער „טאָגבלאַט" און אין בראָדער „העברי". שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין ווין און פון דאָרט אויס מיטגעאַרבעט אין אַ גרויסער צאָל אויסגאַבעס אין אידיש, העברעיש און דייטש. אין בוכפאָרם איז דערשינען זכרונות און בילדער פון ארץ ישראל אונטערן טיטל „פון מיין היימלאַנד", ארויסגעגעבן 1919.

**זעגל בנימין זאב וואָלף,** געבוירן 1866 אין דאָרף לאָפּושנאַ נעבן ראָהאַטין, געלערנט קודם ביי מלמדים אין דער היים און דערנאָך ביים דיין אין סטרי און אין בית מדרש אין בורזשאַן. צו 16 יאָר געקומען קיין לעמבערג און געווען אַן עקסטערן, זייט 1892 שטודירט אין בערלינער אוניווערזיטעט נאַטור וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, פּסיכאָלאָגיע, ליטעראַטור און קונסט געשיכטע, וועלט געשיכטע, סטאַטיסטיק און פּאָליטישע עקאָנאָמיע. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין גאַליציע מיט אייניקע זאַכן אין העברעיש און אידיש, אָבער שפּעטער איז ער אַריבערגעגאַנגען צו דייטש און פּויליש. ער איז געווען איינער פון די פּראָדוקטיווסטע שריפטשטעלער, האָט געשריבן סיי וויסנשאַפטלעכע ווערק און סיי מעשיות, געזאַמלט פון פאָלקסמויל, ווי אויך שפּריכווערטער און לידער. אין דער דייטשער פּרעסע האָט ער אָפט געשריבן אַרטיקלען קעגן אַנטיסעמיטיזם. ער האָט אויך אַ טעאַטער־שטיק פון 4 אַקטן אין דייטש „דער וואַלד", ארויסגעגעבן אין בערלין 1924, אַ בראָשור „מנחה אין גאָלגאָטאַ" אויף דייטש, קעגן אַ פּראָטעסטאַנטישן גלח, וואָס האָט געשטעלט דעם טויט פון יעזוס אויפן באַרג גלגתא העכער פון עקדת יצחק. ער איז אויך אַרויסגעטרעטן מיט אַ שאַרפער שריפט קעגן די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון, פאַבריצירטע אין פאַריז 1903 און איבערזעצט דערנאָך אין אַלע וועלט־שפּראַכן אַלס מאַטעריאַל אָנצופירן אַ העצע קאַמפּיין קעגן די אידן. ב. זעגל האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס פאָלקלאָריסט, נאָוועליסט און נאַציאָנאַלער קעמפער.

## ט.

**טהאָן יהושע,** געבוירן 1870 אין לעמבערג, געענדיקט 1895 דעם בערלינער אוניווערזיטעט, און צוויי יאָר שפּעטער באַקומען היתור הוראה ביים בערלינער „לערן אנשטאַלט פאַר דער וויסענשאַפט פון יודענטום". ער איז געווען ראַבינער און פּרעדיגער אין קראָקע, און אַלס ציוניסט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער פּאַרטיי באַוועגונג. ער האָט געשריבן אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אין דייטשע, פּוילישע און העברעישע אויסגאַבעס. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין צייט פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, איז ער געווען דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים, וואו ער איז געווען אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין אידישן סיים־קלוב אָדער „אידישע קאָלאָ". אין אידיש האָט ער געשריבן אָפט אין וואַרשעווער „היינט". אין בוכפאָרם זיינען אַרויס זיינע „סיים־רעדעס 1919־1922" אין וואַרשע.

**טענענבוים יוסף לייב,** געבוירן מאַי 1887 אין סאַסאָוו אַלס זון פון בעריש בינשטאָק און רבקה טענענבוים. ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין זלאָטשאָוו און שטודירט מעדיצין אין די אוניווערזיטעטן פון ווין און לעמבערג. זיין ליטעראַרישע אַרבעט איז געווען אַן אַלזייטיקע, נאָר מיט באַזונדערן אינטערעס האָט ער זיך געווידמעט סטאַטיסטישע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ער האָט געשריבן אין אידיש, דייטש און פּויליש, אין

אַלערליי אויסגאַבעס אין גאַליציע, פּוילן, פראַנקרייך, ענגלאַנד, נאָרדאַמעריקע. ער האָט זיך אויך געווידמעט שטאַרק דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין גאַליציע און דערנאָך אין ניו־יאָרק, וואוהין ער איז געפאָרן 1920 אַלס דעלעגאַט און שוין דאָרט געבליבן.

**טענענבלאַט מרדכי אַנשל**, געבוירן 1888 איז אוזיראַן, געלערנט אין חדר און ישיבה, געווען עקסטערן אין טשערנאָוויץ און אין ווין. זייט 1907 האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אין „המצפה" פון קראָקע, אין ווילנער „הזמן", אין לעמבערגער „טאָגבלאַט" און אַנדערע אויסגאַבעס. אין די לעצטע יאָרן איז ער געווען פאָרשטייער פון אידישן קאָרעספּאָנדענץ ביוראָ אין ווין און געשריבן פאַר דער אידישער און דייטש־אידישער פּרעסע.

**טשאַטשקעס נתן**, געבוירן דעצעמבער 1885 אין סטאַניסלאַוו, זייט 1903 געשריבן איבער ציוניסטישע פראַגן אין די פּויליש־אידישע אויסגאַבעס „מאַראַה" און „וסכוד". שפּעטער זיך אויסגעלערנט אידיש און אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט דר. היינריך פאָסט פון יאַראָסלאַוו די אילוסטרירטע וואָכנשריפט „דאָס אידישע אינטערעסאַנטע בלאַט" 1914, אונטער דער ליטעראַרישער רעדאַקציע פון י. מעסטל און ש. אימבער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד, און זיך באַזעצט אין האַמבורג, וואו ער איז געבליבן הויפּט־מעדיקער אין אַ שפּיטאָל, ענדערנדיק זיין נאָמען אויף קאָסטאַ.

## י.

**יורים אברהם שמואל**, געבוירן אין קאָלאָמיי, מזרח־גאַליציע, 8־טן מערץ 1890. געענדיקט פאָלקס־שול אויף דעם נאָמען פון באַראָן הירש, גימנאַזיום „אויגוסטאַ" פּיע־קיעוויטשאַ". אַלס גימנאַזיסט געשריבן פּוילישע לידער. דער מאַנוסקריפּט פון זיי, ווי אויך אַ טאָג־בוך פאַרלוירן געגאַנגען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען מיטגליד אין ציוניסטיש־סטודענטישן קרייז (קולקא „בר כוכבא). ביי 15 יאָר געשריבן אַ גרעסערע אַרבעט אויף פּויליש: „פּועלי ציוניזם, פון וואַנעט שטאַמט ער, וואָס איז ער און וואוהין שטרעבט ער". געענדיקט גימנאַזיום 1918, און דערמיט דאָס זיין אין קאָלאָמיי.

אבסאָלווירט די יורידישע און פילאָזאָפישע פאַקולטעט אין ווין. געדרוקט דעם ערשטן אַרטיקל „קולטור אָדער פּעטיש" אין דער „פרייזשטאַט" (מאָנאַטשריפט אין דייטש, בערלין) 1914. געשריבן אַ באַנד אידישע לידער, וועלכע זיינען אין מאַנוסקריפּט־פאָרם פאַרבליבן אין וואַרשע בשעת דער איצטיקער צווייטער וועלט־מלחמה, און געוויס אויך פאַרלוירן געגאַנגען. געדרוקט האָט זיך אַ באַלאַדע אין דער וואַרשעווער „אַרבעטער צייטונג" און געציילטע לידער אין פאַרשידענע צייטונגען אין דער גאָרער וועלט. געדרוקט אין דר. אבעלעס „נאַציאָנאַל קאַלענדאַר" (אין דייטש, ווין) אַ עסיי: „סאָציאַליזם און אידנטום".

געענדיקט די מלחמה, צוריק קיין ווין, טעטיק ביי די פּועלי ציון און אין דעם אָרגאַן „פרייע טריבונע". 1919, 1920 טעטיק אין פּוילן אין דער פּאַרטיי פּועלי ציון, מיטאַרבעטנדיק אין דער „אַרבעטער צייטונג", וואַרשע. נאָך דער שפּאַלטונג פון פּועלי ציון וועלט־באַוועגונג אין ווין, 1920 באַזוכט נ. אַמעריקע און זיך באַטייליקט אין „די צייט" ניו יאָרק, 1921. 1922 צוריק אין פּוילן, טעטיק ביי די „רעכטע" פּועלי ציון, מיטאַרבעטנדיק אין „אַרבעטער וואָרט". סוף 1922 באַזוכט דאָס ערשטע מאָל ארץ ישראל. סוף 1923 אין אַרגענטינע צו די פּועלי ציון, מיטאַרבעטנדיק אין דער „אידישער צייטונג" און „אונזער צייט". דאָ חתונה געהאַט

מיט לידיא שוסטער, א קאָלאָניסטן־טאָכטער פון קאַרלאָס קאַסארעס.

פון סוף 1924 באַזעצט זיך אין תל אביב ארץ ישראל. טעטיק אין לאַנד צווערשט אין קולטור־אָפּטיילונג פון דעם תל אביבער אַד־בעט־ראַט „ועדת התרבות". געמאַכט אָפּטע נסיעות אין די אינטערעסן פון די נאַציאָ־נאַלע פאָנדן. מיטגעאַרבעט אין לאַנד אין „דבר", „הארץ", „הפועל הצעיר", „קונטרס" און „כתובים". אָפטער מיטאַרבעטער אין „היינט" (וואַרשע), „פרימאָרגן" (ריגאַ), „קענעדער אדלער" (מאָנטרעאל), „טאָג" (ניו־יאָרק), „אידישע צייטונג" „בוענאָס איירעס) און אין אַלע פועלי ציוניסטישע אויסגאַבן.

געדרוקט פאָלגענדע געזאַמלטע שריפטן: „פון שפּראַך־בבל צו שפּראַכאיינהייט" (ב. איירעס, 1928); „קעמפּער און דיכטער" (רי־גאַ, 1931); „סאָציאַל פאָליטישע עטיודען" (ריאָ דע זשאַנעירא, 1929); „וועלט און היים" (ב. איירעס, 1937).

## כ.

**כהן צדק יוסף**, געבוירן 1827 אין לעמבערג, איז געווען איינער פון די טע־מיקסטע השכלה שריפטשטעלער אין גאַלי־ציע. ער האָט אַרויסגעגעבן די העברעישע צייטשריפטן המבשר, הנשר, מגד ירחים, אוצר חכמה, היהודי הנצחי, אין וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט פּובליציסטישע אַר־טיקלען, לידער און פּאַטריאָטישע פּאָעמעס. ער האָט אין 1866 אָנגעהויבן אַרויסגעבן אויך צייטשריפטן אין אידיש, „דער יודנ־פריינד" און „נייעסטע נאַכריכטן". צולעצט איז ער אַוועק קיין פראַנקפורט ביים מאַין, דערנאָך קיין לאָנדאָן, וואו ער האָט זיך אָפּ־געגעבן מיט רבנישער ליטעראַטור און אַרויסגעגעבן אייניקע ספרים. געשטאָרבן איז ער 1903.

**כהנא אברהם**, איז געבוירן 1887 אין טאַרנאָוו, האָט זייט 1905 געדרוקט פון צייט צו צייט זשורנאַליסטישע אַרטיקלען און דערציילונגען אין פאַרשידענע העברעי־שע, אידישע און פּויליש־אידישע אויסגאַ־בעס פון גאַליציע. אין 1925 האָט ער אַרויס־געגעבן אין פּשעמישל א ביכל אונטערן טיטל „לקורות יהודי ביהם".

## ל.

**לאַטרינגער נחמיה**, געבוירן אין ראַזדאָל 1858 אָדער 1860, האָט געשריבן אַרטיקלען אין לעמבערגער טאַגבלאַט און לי־דער אין דייטש מיט א אידישן אינהאַלט. ער איז געווען פירער און פאָרזיצער פון ציוניסטישן פאַריין אין באָלעכאָוו, האָט צו־זאַמען מיט שלמה עלענדמאַן פאַרפאַסט „דאָס ליד פונעם קיגעל", א פּאַראָדיע נאָך שילערס „גלאָקע" און אין דייטש אויך „דער תלמוד אין וואָרט אונד שריפט". ער איז געשטאָרבן 1920.

**לאַנדוי אַלפרעד**, געבוירן 1850 אין בראָד, און צו 15 יאָר געקומען קיין ווין, וואו ער האָט שטודירט אין גימנאַזיע און אינעם יורידישן פאַקולטעט. צוועלף יאָר האָט ער פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט אין די טריבונאַלן און דערנאָך זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר א גראַמאַטיק און א ווערטערבוך אין אידיש און מיט שטודירן די אַלגעמיינע שפּראַך־וויסנשאַפט. לאַנדוי איז דער אַנערקענטס־טער אויטאָריטעט אויפן געביט פון אידי־שער פילאָלאָגיע און פון אידישן פאָלקלאָר; ער האָט דער ערשטער אַריינגעטראָגן א ריין וויסנשאַפטלעכע מעטאָדע אין אידישער שפּראַך־פאָרשונג, און אַרויסגעגעבן מערערע ווערק וועגן דעם. אונטערן אייגענעם נאָ־מען און אונטער פּסעוודאָנימען האָט ער אויף דעם געביט א סך געשריבן, הויפּטזעכ־לעך אין דייטש. דער איוואָ האָט צום 75־



**פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע:** (3) — אַ בילד וואָס שילדערט אידן ביי „כל נדרי", אָבער צי זעט דאָס נישט אויס ווי ביי כל-נדרי אין אַ שיל אין גאַליציע, בעת די בעסטיאַלישע נאַציס האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט אָדער שטעטל? — — —

טן געבורטסטאָג פונעם גרויסן וויסנ־שאַפטסמאַן ארויסגעגעבן אַ „לאַנדוי־בוך".

**לאַנדוי יהודה לייב**, געבוירן 1866 אין זאַלאָסציע, נעבן בראָד. אין 1891 האָט ער געענדיקט די גימנאַציע און 1898 דעם אוניווערזיטעט אין ווין, און באַקומען דעם דאָקטער טיטל צוזאַמען מיט דער התרת הוראה פונעם „בית מדרש לרבנים". אין 1901 האָט ער פאַרנומען אַ ראַבינער פאָסטן אין מאַנטשעסטער ,ענגלאַנד, שפעטער מיט צוויי יאָר אין יאָהאַנעסבורג, זיד אפריקע און פון 1912 איז ער געווען לעבנסלענגלעך אויבער־ראַבינער. צו שרייבן האָט ער אָנ־געהויבן שוין 1879 לידער אין העברעיש, מאמרים און סקיצן אין פאַרשידענע העב־רעישע אויסגאַבעס. אין 1891 האָט ער אין „המזכיר" פאַרעפנטלעכט אַ באַלאַדע איבע־רן קעניג סאָביעסקי אונטער טיטל „אהבת יהונתן". ער האָט אויך געשריבן דראַמען פון היסטאָרישן כאַראַקטער.

**לאַנדוי לעאָ**, געבוירן אין וויעליטשקא 1877, האָט נאָכן חדר געלערנט אין ישיבות און שפעטער אין די אוניווערזיטעטן פון בערלין, ציריך, פאַריז און לאָנדאָן. אין פאַ־ריז האָט ער באַקומען דעם דר. טיטל און אין לאָנדאָן דעם טיטל „מייסטער אָוו אַרטס". ער איז געווען אין דייטשלאַנד שול־לערער, אין דער שווייץ ראַבינער, אין דע־נעמאַרק פראָפעסאָר פון דער האַנדלס הויכ־שול און געוואָרענער דאָלמעטשער. ער האָט אויך אין ענגלאַנד פאַרנומען הויכע פאָסטנס. אין לויף פון דער גאַנצער צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אידישער ליט־עראַטור און געשיכטס־פאָרשונג און גע־

שריבן אין דייטש און ענגליש. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ראָמאַן „קעניג אַרטורס הויף" אין גראַמען. אין אַלגעמיין איז לעאָ לאַנדוי געווען אַ גרויסער פילאָלאָג און זיינע פאַרבליבענע אַרבעטן זיינען פון גרויסן ווערט, אַלציינס, צי זיי זיינען געשריבן אין ענגליש, דייטש אָדער העברעיש.

**לאָקער בערל**, געבוירן 1887 אין דאָרף קריוועץ, אין סטאַניסלאַווער קרייז, אַלס זון פון אַ העברעישן לערער. נאָכן חדר און בית מדרש האָט ער געענדיקט די דייטשע גימנאַזיע אין סערעט, בוקאָווינע און דעם יורידישן פאַקולטעט אין טשערנאָוויץ. זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן 1902 אין פועלי ציוניסטישן „אידישן אַרבעטער" פון לעמבערג, און ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ גרויסער פאַרטייפירער אין גאַליציע. אין צייט פון דער וועלט מלחמה האָט ער זיך באַטייליקט אין „אידישן קעמפער" און „ווארהייט" פון ניי יאָרק. אַלס פאָרשטייער פונם פועלי ציוניסטישן פאַרבאַנד האָט ער זיך באַטייליקט אין די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענצן אין שטאָקהאָלם (1917), אין בערן און אַמסטערדאַם (1919) און ווין (1921). נאָכן שפּאַלטן פונעם פאַרבאַנד אין אויגוסט 1920 איז לאָקער געבליבן אין רעכטן פליגל, סעקרעטער פונעם פאַרבאַנד ביוראָ אין ווין. ער האָט אין די אינטערעסן פון דער פּאַרטיי געמאַכט אַ סך רייזעס איבער פּוילן און ארץ ישראל. אין בוכפאָרם איז דערשינען זיין בוך „מאָסקווע און ציוניזם", ארויסגעגעבן 1921 אין ווין. זיין בראָשור „די אידן אין גאַליציע", איז פון דער דייטשער צענזור אין וואַרשע אין צייט פון ערשטן וועלטקריג קאָנפיסקירט געוואָרן 1917.

**ליפּפא חיים דוד**, געבוירן 1823 אין סטאַניסלאַוו, איז געווען חזן און אויך לערער אין פראַנצויזיש אין אַ רעגירונגס שול

אין טשערנאָוויץ, דערנאָך אַוועק קיין אונגאַרן, וואו ער האָט אין דער אונגאַרישער פרעסע געשריבן אַרטיקלען אין פאַרטיידיקונג פון די אידישע רעכטן. אין 1872 האָט ער זיך באַזעצט אין ווין און געעפנט אַ בוכהאַנדלונג. דאָ האָט ער אַרויסגעגעבן זיין גרויס ווערק „אסף המזכיר", אַ ביבליאָגראַפישער לעקסיקאָן פון דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור פון דער קעגנוואַרט מיט אַ לעקסיקאַלישן אַדרעסן־רייסטער פון רבנים, דרשנים, לערער, חזנים, שריפטשטעלער און פריינט פון דער העברעישער ליטעראַטור. ער איז געשטאָרבן 1900.

**לייבל דניאל**, געבוירן 1891 אין דעמביץ, דערנאָך מיט די עלטערן זיך באַזעצט אין טאַרנאָוו. ער האָט אָנגעהויבן שטודירן אין גימנאַזיע אין טאַרנאָוו און דערנאָך אין ווינער אוניווערזיטעט, אָבער נישט געענדיקט. פון דער יונגסטער יוגנט האָט ער זיך געווידמעט דער פועלי ציוניסטישער באַוועגונג. צו 16 יאָר האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער, דערנאָך זיך פאַרנומען מיט אידישער און העברעישער פילאָלאָגיע. אין מערץ 1819 האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע און מיטגעאַרבעט אין אַלע פועלי־ציוניסטישע אויסגאַבעס. נאָך דער שפּאַלטונג האָט ער אַקטואירט ביי די לינקע און רעדאַקטירט דעם אָרגאַן „דער יונגער קעמפער". ער האָט געשריבן פּאָליטישע און פאַרטייאישע אַרטיקלען וועגן דער אידישער שפּראַך, אָרטאָגראַפיע און ליטעראַטור. צוליב אַ פרעסע פּראָצעס איז ער אַוועק קיין בערלין און דערנאָך קיין פּאַלעסטינע.

**לעווי יוסף**, געבוירן מערץ 1891 אין קראָקע אַלס זון פון אַן אָרעמען סופר. ער האָט זיך געלערנט ביי אַ באַלמעלאָכע און גענומען אנטייל אין דער יוגנטלעכער אַרבעטער באַוועגונג אַלס אַגיטאַטאָר. אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג איז ער אַוועק קיין

דייטשלאַנד און געוואָרן האַנדלס רייזנדער אין מינכען. גאַנץ יונג האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער און מיטגעאַרבעט אין „אידישער ארבייטער", „סאָציאַל דעמאָקראַט", לעמבערגער „טאָגבלאַט" און קראָקעווער „טאָג", ווי אויך אין גאַנצער רייע אַנדערע אויסגאַבעס אין גאַליציע. סזענען דערשינען אין בוכפאָרם זיינע אַ זאַמלונג לידער „יוגענד וועלטען", די פּאָעמע „דאָס אַלטע ליד" אין וועלכן עס גייט אַריין אַ ציקל פּון צען לידער „מיין טאַטע דער סופר", רייך מיט מאָטיוון און בילדער פון אידישלעכער ראָמאַנטיק. אייניקע פון זיינע לידער זענען איבערזעצט אויך אויף דייטש.

## מ.

**מאָהר אברהם מענדל**, געבוירן 1815 אין לעמבערג. ער איז געווען אַן אַקטיווער משכילישער אַגיטאַטאָר אין לעמבערג, האָט אין דער ליטעראַטור דעבוטירט מיט אַן אַפּאָלאָגיע פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע „מגן החכמה", דערשינען 1834. ער האָט ארויסגעגעבן דעם זשורנאַל „הרואה ומבקר ספרי חכמי זמננו" און שפּעטער „ירושלים", האָט אויך אַרויסגעגעבן די בראָשור „עצה טובה — גוטער ראַטה אונד עצה, וואָס מאַן זאָל צונד אין דיזער צייט טואין היר אין לעמבערג אונד אין אַלע קליינערי קרייזין אונד שטעטלין", אין אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער שפּראַך און אָרטאָגראַפיע. נאָך דער מערץ רעוואָלוציע פון 1848, וועלבע האָט אויפגערודערט גאַנץ עסטרייך, האָט מאָהר אַרויסגעגעבן מערערע בראָשורן אין אידיש, מיט פרייהייטס לאָזונגען. ער האָט אויך געגרינדעט אין מאַי פון זעלבן יאָר דאָס ערשטע אידישע וואָכנבלאַט אין גאַליציע, וואָס איז אויך געווען די איינציקע אין דער גאַנצער וועלט. יענע אויסגאַבע אונטערן נאָמען „צייטונג" איז דערשינען אַלע פרייטיק. ער איז געשטאָרבן אין 1868.

**מאָזער בנציון** (יעקב הערצאָג), געבוירן אין יאַגעלניצע. ביז 18 יאָר האָט ער געלערנט אין ישיבה, דערנאָך שטודירט אין טשערנאָוויץ און ווין. ער האָט ענערגיש אַקטואירט אין דער פּועלי ציון פּאַרטיי און געווען סעקרעטער פון דער פּראָפּעסיאָנעלער באַוועגונג אין מזרח גאַליציע. ער האָט זיך באַטייליקט מיט לידער און סקיצן אין „טאָגבלאַט" און „אידישער ארבייטער" פון לעמבערג, קראָקעווער „טאָג" און „אילוסטרירטע צייטונג", ווי אויך אין „פאָלקסבלאַט" און „די געווערקשאַפט". אין 1921 איז ער אַוועק קיין נאָרדאַמעריקע און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין פּוילן.

**מאַניש פיליפ**, געבוירן מערץ 1838 אין לעמבערג, געענדיקט דעם לעמבערגער אוניווערזיטעט מיטן טיטל דר. יוריס און פּראַקטיצירט אין לעמבערג אַלס אַדוואָקאַט. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אינעם קהלשן לעבן, געווען מיטגרינדער פונעם פּאַריין שומר ישראל 1869, און געווען הויפּט־רעדאַקטער פונעם אָרגאַניזאַציע אָרגאַן „דער איזראַעליט" אין דייטש. אין דער דאָזיקער אויסגאַבע האָט ער איבערזעצט שלום עליכמס ראָמאַן „סטעמפּעניו", און ער האָט זיך אויך פּאַראייביקט אין דער געשיכטע פון דער אידישער פילאָלאָגיע מיט זיין ארבעט „דער אידיש פּאָלנישער זשאַרגאָן". געשטאָרבן איז ער 1890.

**מאַרגאָשעס אליעזר**, געבוירן נאָוועמבער 1866 אין לעמבערג, געלערנט תלמוד און פּוסקים ביים לעמבערגער דיין ר' אורי זאב סאַלאַט. נאָך דער חתונה זיך אָפּגעגעבן מיט לאַנדווירטשאַפט. אין 1898 אָפּגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, און מיט צוויי יאָר שפּעטער זיך אומגעקערט קיין גאַליציע. אין 1903 איז ער ווידער אַוועק קיין נאָרד אַמעריקע און דאָ געווען באַשעפטיקט קודם אַלס רייזנדער פון אידישע צייטונגען. דער־

נאך זייט דער גרינדונג פון „טאג“, געווען א שטענדיקער מיטארבעטער פון דער דאזיקער ניו־יארקער צייטונג ביז סוף 1919. ער איז אריבער צו דער ניי געגרינדעטער צייטונג „היינט“, וועלכע האט עקזיסטירט קוים 7 וואכן, דערנאך זיך מיטבאטייליקט אין דער פועלי ציוניסטישער „צייט“, און זייט נאוועמבער 1921 געבליבן שטענדיקער מיטארבעטער פון „מארגן זשורנאל“. זיין הויפט ארבעט איז געווידמעט דער אידישער געשיכטע און עטנאגראפיע און חכמת ישראל.

**מארגאשעס שמואל**, געבוירן 1887 אין יוזעפאוו, געלערנט אין חדר און ישיבה, דערנאך אין גימנאזיע פון טארנאוו. ער איז געקומען 1905 קיין נארדאמעריקע און מיט פינף יאר שפעטער געענדיקט דעם אידישן טעאלאגישן סעמינאר מיטן טיטל ראבינער, און אין 1911 געענדיקט דעם קאלומביא אוניווערזיטעט אין ניו־יארק מיטן טיטל דר. אין פילאזאפיע. זיין זשורנאליסטישע טעטיקייט האט ער אנגעהויבן אלס רעדאקטער פונעם וואכנבלאט „די נייע שטימע“, שפעטער זיך באטייליקט אין „טאג“ און „התורן“, ווי אויך אין ענגליש־אידישע אויסגאבעס, שרייבנדיק פובליציסטישע, היסטארישע, פעדאגאגישע ארטיקלען. היינט איז ש. מארגאשעס רעדאקטאר פון ניו־יארקער „טאג“.

**מיזעס (מיזיש) מתתיהו**, געבוירן 1885 אין פשעמישל, אלס זון פון א גרויסן משכיל. ער האט באקומען וועלטלעכע בילדונג פון פריוואטע לערער און זייט 1910 געארבעט יארנלאנג אין די אוניווערזיטעטס ביבליאטעקן פון בערלין און ווין. שוין צו 15 יאר האט ער אפגעדרוקט א שיר אין „המגיד“, און זייט 1904 זיך אפגעגעבן מיט ליטעראַרישער טעטיקייט און פארעפנטלעכט הונדערטער ארטיקלען פון פאליטישן און וויסנשאפטלעכן כאראקטער, שרייבנדיק אין דער קראקעווער „המצפה“, סטאניסלאווער „הירדן“, אין „העולם“ און „העתיד“, ווי אויך אין דער העברעישער ענציקלאפעדיע „אוצר ישראל“. אלס פוילישער זשורנאליסט האט ער זיך באטייליקט אין דער לעמבערגער פרעסע און קראקעווער „נאווי דזיענניק“, „ווסכוד“ און „מאריא“. ער האט אויך געשריבן פאר בלאכס „עסטרייכישע וואכנשריפט“. כאטש געשריבן האט ער אין העברעיש, פויליש און דייטש האט ער אין דיזעלבע שפראכן שטענדיק פארטיידיקט די אידישע שפראך. אויף דער אידישער שפראך קאנפערענץ אין טשערנאוויץ האט ער געהאלטן א וויסנשאפטלעכן רעפעראט וועגן דער אידישער שפראך, וואס האט געמאכט א גרויסן רושם, און אויפן פארשלאג פון י. ל. פרץ האט דאס ביורא פון דער קאנפערענץ באשלאסן ארויסצוגעבן דעם רעפעראט אין בוכפארם, אלס פראפאגאנדע פאר אידיש. ער האט ארויסגעגעבן מערערע ווערק אין דייטש איבער אידישע פראבלעמען און אידישער פילאלאגיע. אין אידיש גופא האט ער גאנץ ווינציג געשריבן.

**מייזעלש שמואל**, געבוירן 1877 אין פשעמישל אלס זון פונעם רב ר׳ יוסף חנניא ליפע. אין דער יוגנט האט שמואל מייזעלש באקומען א טראדיציאנעלע אידישע דערציונג, געלערנט תנך און גמרא, און צו גלייכער צייט אויך דייטש און פויליש, און אויך דורכגעמאכט דעם קורס פון גימנאזיע. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האט ער אנגעהויבן מיט ארטיקלען אין לאנדאנער „היהודי“ 1890 און דערנאך אין „המגיד“ און „הצפירה“, שפעטער אויך אין לעמבערגער „טאגבלאט“ און אין דער ווינער „עסטרייכישער וואכנשריפט“. אין די יארן 1903 - 1914 איז ער געווען רעדאקטער פון „האמבורגער איזראעליטישעם פאמיליענבלאט“, דערנאך זיך באזעצט אין ווין און

אַרויסגעגעבן אַ אידישע צייטשריפט „די נויע צייט". אין בוכפאָרם זענען דערשינען מערערע ביכער זיינע אין דייטש, אַרויסגעגעבן אין ווין און בערלין.

**מאַלער יוסף**, געבוירן 1888 אין קאַמיאַנקאַ סטרומילאָווע, נעבן לעמבערג, אַלס זון פונעם זלאָטשאָווער רב ר׳ מענדל מאַלער. ער איז דערצויגן געוואָרן ביי דער גמרא און אויך געלערנט אין גימנאַזיע. אַלס זשורנאַליסט האָט ער זיך באַטייליקט אין לעמבערגער טאָגבלאַט, אין פאָלקסצייטונג, לובלינער טאָגבלאַט און אַנדערע אויסגאַבעס. שפעטער אויך אין ניו־יאָרקער פאָרווערטס. ער האָט געשריבן בקיצור, אַלעגאָריעס, אַנטיטעזן, איבער דריי טויזנט אַפאָריזמען און בילדער.

**מעסטל יעקב**, געבוירן פעברואַר 1884 אין זלאָטשאָוו, האָט געענדיקט 1905 די מיטלשול און באַזוכט דעם לערער סעמינאַר און אונטער־ראַבינער שול. אין 1907 איז ער אַוועק קיין ווין און דאָרט געענדיקט די אָפיצירנשול אַלס קאַדעט. דאָ האָט ער אויך שטודירט פילאָזאָפיע און דורכגעמאַכט דעם קורס פון רעזשי און דראַמאַטורגיע אין דער ווינער מלוכהשער קאָנסערוואַטאָריע. זייט 1910 האָט ער זיך געווידמעט דעם אידישן טעאַטער אַלס שוישפילער און דערנאָך רעזשיסער. אויפן ליטעראַרישן געביט האָט מעסטל אָנגעהויבן מיט פובליציסטישע און קריטישע אַרטיקלען אין דער „וואַהרהייט" פון לעמבערג 1903 און דערנאָך מיטגעאַרבעט אין לעמבערגער „טאָגבלאַט" און אַ גאַנצע רייע אַנדערע אויסגאַבעס. אַ טייל פון זיינע שאַפונגען זענען דערשינען אין בוכפאָרם ,און באַזונדערס ווערטפול איז זיין דראַמאַטישע טרילאָגיע אין פערזן, אונטערן נאָמען „דמיונות", וואו ער באַהאַנדלט דאָס פראָבלעם פון אויסלייזונג דורך ליבע, און אויך זיין בוך „מלחמה נאָטיצן פון אַ יידישן אָפיציר". אַלס ערשטקלאַסיקער רעזשיסער האָט י. מעסטל באַזוכט אַ פאָר מאָל אַרגענטינע, אַלס באַגלייטער פונעם גרויסן אַרטיסט בן עמי, און צווישן די אויפנאַמעס וואָס זענען פאַר אים געמאַכט געוואָרן איז אויך געווען אַן אויפנאַמע אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין 1934. י. מעסטל איז אין אַמעריקע מיט־רעדאַקטאָר פון „לעקסיקאָן פון אידישן טעאַטער" און לעצטנס איז פרעמירט געוואָרן זיינס אַ בוך וועגן טעאַטער־קונסט.

**מערמעלשטיין אביגדור**, געבוירן 1850 אין באָריסלאַוו, וואו זיין פאָטער האָט געהאַט אַ נאַפטראַפינעריע. דער יונגער מערמעלשטיין האָט געמאַכט אַ סך וויטע רייזעס, האָט באַזוכט ארץ ישראל, געווען אין אינדיע און אויך געלעבט אַ צייט אין רומעניע. אין די יאָרן 1879 - 1881 איז ער געווען מיטרעדאַקטער פונעם אַסימילאַטאָרישן צווייוואָכנבלאַט אין העברעיש „האוהב עמו וארץ מולדתו", נאָר שפעטער, ביים אויפקומען פון דער אידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָט ער זיך אָנגעהויבן אָפגעבן דער אידישער דערציאונגס אַרבעט און 1883 געגרינדעט די ערשטע העברעישע שול אין פשעמישל און זי אָנגעפירט ביז 1809. ער איז דערנאָך אַוועק קיין שלעזיע און ביעלסק, וואו ער איז 1925 געשטאָרבן.

**מרגליות יצחק**, געבוירן 1855 אין פידקאַמין אַלס זון פונעם פאָלקס דיכטער און זינגער בערל בראָדער. אין עלטער פון 7 יאָר האָט אים דער פאָטער געבראַכט קיין בראָד, צו אַ פעטער און נאָכן פאָטערס טויט, אין עלטער פון 13 יאָר, איז ער געקומען קיין זלאָטשאָוו. דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער השכלה באַוועגונג און מיט דער דייטשער ליטעראַטור. זייט 1892 איז ער געווען לערער אין דער באַראָן הירש שול אין סאַסאָוו און אָנגעהויבן אַרבעטן צו

גליַיכער צייט אויפֿן זשורנאַליסטישן און ליטעראַרישן געביט. מרגליות איז געווען דער שעפֿער פֿונעם אידישן פֿעליעטאָן אין גאַליציע, און ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿעליעטאָנען, לידער און דערציילונגען אין „כרמל“, „טאָגבלאַט“, „טאָג“ און אַלע אַנדערע אויסגאַבן פֿון גאַליציע. און כאָטשע ער האָט אויך געשריבן אין דייטש און העברעיש איז זיין גייסטיקע היים געווען אידיש, אין וועלכער שפּראַך ער האָט געוועקט, געשטראָפֿט און פֿאַרווײַלט. ער איז אין צייט פֿון ערשטן וועלט־קריג אַוועק קיין ווין און אין די לעצטע יאָרן זיך אומגעקערט קיין גאַליציע, און 1919 געשטאָרבן אין זלאָטשאָוו.

## נ.

**נאַדיר משה**, אַדאָפּטירטער נאָמען פֿון יצחק רייז, געבוירן מאַי 1885 אין נאַראַיעוו, ביז 12 יאָר געלערנט אין חדר און ביים פֿאָטער דייטש. אין 1898 איז ער צוזאַמען מיט זיין מוטער געקומען קיין ניו־יאָרק, וואו דער פֿאָטער האָט זיך געפֿונען שוין פֿון פֿריער. אין דער נייער וועלט האָט יצחק רייז זיך אָפּגעגעבן מיט פֿאַרשידענע באַשעפֿטיקונגען, געווען אַ פֿענסטער פּוצער, אַן אַגענט פֿון סעקוראַציע און אַנדערע אַרבעטן געטון. אַרום 1902 האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער און סקיצן אין פֿאַרשידענע אויסגאַבעס אונטערן אייגענעם נאָמען, אָבער מיט דער צייט האָט ער באַקומען די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיין טאַלאַנט אַלס הומאָריסט און אונטערן נייעם נאָמען. משה נאַדיר אויסגעוואַקסן צו אַן ערשטראַנגיקן הומאָריסט, סאַטיריקער און דערציילער. נישטאָ קיין איין אידישער זשורנאַל אָדער צייטונג, וואָס זאָל נישט האָבן געדרוקט אָדער איבערגעדרוקט משה נאַדיר. ער איז געווען אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע דערשיינונג, מיט אַן אייגענעם סטיל און דאַריבער אַ גאַנץ אָריגינעלער קינסטלער אין דער אידישער ליטעראַטור. ער איז געווען דער שעפֿער פֿון אַ נייעם אופֿן שרייבן און פֿון נייע ווערטער אין דער אידישער שפּראַך. אין לויף פֿון די איבער דרייסיק יאָר שעפֿערישער טעטיקייט האָט ער אין די פֿאַרשידענסטע ליטעראַרישע פֿאָרמען געשריבן הונדערטער פֿעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, סאַטירעס, דערציילונגען און קינדער לידער, אַ גרויסער טייל פֿון דעם דערשינען אין בוכפֿאָרם. דער סטיל און פֿאָרם פֿון זיינע קורצע ליריש פֿילאָזאָפֿישע מיניאַטורן האָט צו זיין קיין גליַיכן נישט אין דער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט אין זיינע שאַפֿונגען געבראַכט צום אויסדרוק אַ גאַנץ נייע קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט, אָריגינעל אין אויסדרוק און זעלטען אין איינפֿאַל. זיין הומאָר איז דער הומאָר פֿון שפּיל, שפּיל פֿון וואָרט און געדאַנק. געשטאָרבן איז ער דעם 8־טן יוני 1943.

**נאָסיג אַלפֿרעד**, געבוירן 1864 אין לעמבערג, שטודירט יוריספּרודענץ און נאַטור וויסנשאַפֿט אין לעמבערגער אוניווערזיטעט, פֿילאָזאָפֿיע אין ציריך און מעדיצין אין ווין. אַ שטיק צייט האָט ער געלעבט אין פּאַריז, דערנאָך זיך באַזעצט אין בערלין. אַלס שריפֿטשטעלער איז ער באַקאַנט דורך אַ גאַנצער רייע אַרבעטן איבער פֿילאָזאָפֿיע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע, קונסט און טעאַטער אין פּויליש און דייטש. ער איז געווען וויסנשאַפֿטלער, דראַמאַטורג און דיכטער און אויך סקולפּטאָר. אויסערדעם איז ער געווען אַ גרויסער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, איז געווען 1903 גרינדער און פֿאָרזיצער פֿונעם פֿאַרבאַנד פֿאַר אידישער סטאַטיסטיק, און אין 1908 געגרינדעט אין גאַליציע די „אַלגעמיינע אידישע קאָלאָניזאַציאָנס אָרגאַניזאַציע“ (איקאַ), אין וועלכער סזענען אַריינגעצויגן געוואָרן די נישט ציוניסטישע עלעמענטן צו סיסטעמאַטישער קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט. ער האָט אָנגע־

פירט א קאמפיין 1921 פאר א פוילישׁ אי־
דישער דערנעענטערונג און שפּעטער אויך
פאר „פאראייניקטע שטאטן פון אייראפּע".

**נייגרעשל מענדל**, געבוירן אין ניי
סאנץ 1903, האט באקומען א פוילישע
דערציאונג און אויך אנגעהויבן דאס ער־
שטע זיך דרוקן אין פוילישע צייטונגען,
דערנאך ערשט איבערגעגאנגען צו אידיש.
ער האט פארעפנטלעכט א גרויסע צאל לי־
טעראַרישע ארטיקלען און לידער אין וואָ־
לינער טאג, ווינער נייע צייט, ניו־יארקער
אינזל. אין בוך־פאָרם איז דערשינען אין ווין
1924 א זאמלונג לידער אונטערן טיטל „אין
שווארצן מלכות", וואס איז זייער וואַרעם
אויפגענומען געוואָרן פון דער קריטיק. אין
די לעצטע יאָרן האט ער זיך אָפּגעגעבן מיט
ביבליאָגראַפיע און זיך באטייליקט אין דער
ארבעט פון דער ווינער סעקציע פון אידי־
שן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט.

**ניימארק דוד**, געבוירן 1866 אין
שטזשעזשעץ, נעבן לעמבערג. זיין פאָטער
איז געשטאָרבן אין עלטער פון 24 יאָר
פלוצלינג, דאַוונענדיק ביים עמוד, און דער
יונגער דוד איז דערצויגן געוואָרן דורך זיין
מוטער, א קענערן פון העברעאיש, וועלכע
האט מפרנס געווען אירע פיר געבליבענע
יתומימלעך דורכן ארומטראָגן עופות און
פלייש איבער די הייזער. ווי יעדעס אידיש
אינגל האט ד. ניימארק אנגעהויבן גיין צו
3 יאָר אין חדר, און צו 6 יאָר האט ער
שוין געלערנט גמרא. פון 8 יאָר אָן האט ער
אנגעהויבן לערנען אין קלויז פאר זיך און
אזוי אָפּגעלערנט 12 יאָר. קעגן דעם ווילן
פון דער מוטער איז ער אוועק קיין לעמבערג
און מיט דער הילף פון קהל דורכגעמאכט
די גימנאזיע, איז אוועק קיין בערלין און
שטודירט אין „לערן־אנשטאלט פאר דער
וויסנשאפט פון אידנטום" און אין אוני־
ווערזיטעט, און געענדיקט אויף דר. אין פי־
לאָזאָפיע. ער איז געווען קודם ראבינער אין
ראַקאָניץ, בעמען, דערנאך באקומען א פּאָס־
טן אלס פּראָפעסאָר פון אידישער פילאָזאָ־
פיע אין דער „היברו יוניאָן קאָלעדזש" אין
סינסינעטי, נאָרד־אמעריקע. ער האט פאר־
פאַסט א רייע ווערק אין העברעאיש, דייטש
און ענגליש איבער אידנטום, אידישער קול־
טור, עטיק, רעליגיאָנס־געשיכטע. ער איז
געשטאָרבן אין יאָר 1924 אין סינסינעטי.

**ניימארק יעקב**, געבוירן 1881 אין
טאַרנאָוו און ביז 18 יאָר פארבראכט אין
בית מדרש, דערנאך געלערנט דייטש. ער
האט געדרוקט פעליטאָנען און לידער אין
לעמבערגער „טאַגבלאט", „אידישער ארבע־
טער", קראקויער „טאָג" און אנדערע אויס־
גאבן פון גאליציע.

**ניעמיראָווער יעקב יצחק**, געבוי־
רן 1878 אין לעמבערג, האט שטודירט אין
דער ראבינער שול אין בערלין און באקו־
מען דעם דר. טיטל פאר זיין דיסערטאציע
„דער צוזאמענהאנג פון ווילנס־פרייהייט,
געוויסן, באלוינונג און שטראָף". אין 1900
האט ער פארנומען דעם פאָסטן פון ראבי־
נער און פּרעדיקער אין יאס, רומעניע. אין
די יאָרן 1900־1908 איז ער ארומגעפאָרן
איבער אלע גרויסע וועלט־שטעט אין שתד־
לנות פאר די רומענישע אידן. אין 1911 איז
ער געווען רב הכולל און חכם (כאכאם) פון
דער ספרדישער קהילה אין בוקארעשט, דער־
נאך אין 1921 אויבער־ראבינער פון דער
אשכנזישער אידישער געמיינדע אין בוקאַ־
רעשט. זייט 1893 האט ער פארעפנטלעכט
הונדערטער ארטיקלען אין רומעניש, דיי־
טשע, אידישע און העברעאישע אויסגאבעס,
שרייבנדיק היסטאָרישע אָפּהאנדלונגען, פע־
ליעטאָנען, חסידישע זאכן און דרשות. מע־
רערע ארבעטן זיינע זיינען דערשינען אין
בוך־פאָרם.

## ס.

**סוכאָסטאַווער מרדכי**, געבוירן אין 1790 אין בראָד. ער איז געווען איינער פון די פיאָנערן פון דער השכלה־באַוועגונג, און אויטאָריטעט אין דער מיטלאַלטערלעכער אידישער פילאָזאָפיע. ער האָט אין 1829 פאַרעפנטלעכט אַן אַריינפיר צום רמב״מס „מורה נבוכים״. אין 1829 האָט ער איבערגעזעצט קרילאָווס פאַבלען. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1880.

**סופר ש. א.**, געבוירן 1897 אין האראָדענקא אין אַן אַלטער משפחה סופרים, האָט באַזוכט אַ פוילישע גימנאַזיע, דערנאָך מאַטורירט אין ווין און געענדיקט דעם טשערנאָוויצער אוניווערזיטעט. אָנגעהויבן שרייבן האָט ער אין 1919 אינעם טשערנאָווי־צער פועלי ציוניסטישן וואָכנבלאַט „פריי־הייט״ און זיך אָפגעגעבן אין אָנהויב מיט לעגענדעס, לידער און איבערזעצונגען פון תנ״ך (איכה, איוב). אין 1922 איז ער געוואָרן רעדאַקטאָר פון טשערנאָוויצער וואָכנבלאַט „אַרבעטער צייטונג״, אָרגאַן פון די רעכטע פועלי־ציון. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ קליין ווערטער־בוך פון אַלע אַראַמעאישע, העברעאישע און לייטישע ווערטער, פראַזן און נעמען וואָס קומען פאָר אין דער אידישער שפראַך.

**סעקלער הערש**, געבוירן 1883 אין בראָדשין נעבן סטאַניסלאַוו, איז געווען אַן עקסטערן אין ראַדוויץ, טשערנאָוויץ און ווין. אין 1902 איז ער אַוועק קיין ניו־יאָרק און שטודירט יוריספרודענץ, אָבער ער האָט די אַדוואָקאַטור קיינמאָל נישט פראַקטיצירט. ער האָט אין 1907 אָנגעהויבן שרייבן אין „פאָרווערטס״ דעבוטירנדיק מיט אַ מאָנאָלאָג אין משוגעים־הויז אונטערן טיטל „אין גאָלדענע קייטן״ און דערנאָך זיך באַטייליקט אין דער פרייער אַרב. שטימע, מאָרגן זשורנאַל, טאָג און אַנדערע אידישע און העברעאישע אויסגאַבעס אין די פאַרייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און אַנדערע לענדער. זיין געביט איז געווען בעלעטריסטיק און פאַעטיש־פילאָזאָפישער עסיי, אָבער ער האָט אויך געשריבן לידער, סקיצן און דערנאָך איבערגעגאַנגען צו דראַמאַטורגיע. זיינע דראַמעס זיינען אויפגעפירט געוואָרן אין מערערע טעאַטערס, אָבער דעם גרעסטן דערפאָלג האָט געהאַט זיין „יזכור״, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן 1923 אין אידישן קונסט־טעאַטער פון מאָריס שוואַרץ און דערנאָך דורך שוואַרץ פילמירט געוואָרן אין ווין. זיין דראַמע „דעם צדיקס נסיעה״ איז אויפגעפירט געוואָרן פון מאָריס שוואַרץ אין ניו־יאָרק 1924 און 1926. אויך אין בוענאָס איירעס איז די פיעסע אויפגעפירט געוואָרן פון לעאָ האַלפּערן מיט „יונג־אַרגענטינע״. סעקלער אַלס דראַמאַטורג האָט באַזוכט דער גרויסע פאַרדינסטן פאַרן אידישן טעאַטער.

## ע.

**עלענדמאַן שמעון**, געבוירן 1880 אין באָלעכאָוו אַלס זון פונעם אָרטיקן, דעמאָלט איינציקן בוך־דרוקער, האָט צו 20 יאָר פאַרלאָזט זיין געבורטסשטאָט און געוואַנדערט איבער דייטשלאַנד, זיך באַזעצט אויף אַ שטיק צייט אין ברעסלאַו און דערנאָך זיך אומגעקערט קיין גאַליציע. אין 1913 האָט ער געעפנט אַ דרוקעריי אין סאַמבאָר און צוזאַמען מיט דר. אליעזר רוקח אַרויסגעגעבן דאָס וואָכנבלאַט „דער אידישער וועקער״, וואָס האָט אים געקאָסט אַ גרויסן טייל פון זיין אָרעמען פאַרמעגן. אויפן צווייטן יאָר האָט ער אַריבערגעפירט זיין דרוקעריי קיין דראָהאָביטש און נאָך דעם צעפאַל פון דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע אַרויסגעגעבן פאַרשידענע בלעטלעך אין דייטש און פויליש: „די טאַגעספּאָסט״, „דער מאָמענט״, „נאָווינ״ און „לעצטע נאַכריכטן״. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן

נחמיה לאטרינגענס איבערזעצונג פונעם
תלמוד אין דייטש. עלענדמאַן האָט מיטגע־
אַרבעט אין לעמבערגער טאָגבלאַט מיט מאָ־
נאָלאָגן און פּאַראָדיעס. אין 1923 איז ער
אַריבער קיין דאַנציג און דאָרט געעפנט אַ
דרוקעריי.

**עפּשטיין מרדכי**, געבוירן 1879 אין
טאַלמיטש, האָט געדרוקט סקיצן פון אָרע־
מען לעבן אין גאַליציע, און אויך פעליעטאָ־
נען אין לעמבערגער, טשערנאָוויצער און
קאָלאָמייער צייטונגען. ער איז געשטאָרבן
אין יאָר 1908.

**ערנסט שמעון**, געבוירן 1900 אין
קראָקע, און נאָכן באַקומען אַ חסידישע דער־
ציאונג אין דער יוגנט אין דערהיים, איז ער
אין עלטער פון 14 יאָר אָפּגעפאָרן צוזאַ־
מען מיט די עלטערן קיין ארץ ישראל, און
געלערנט ביזן 16־טן יאָר ביים ירושלימער
דיין ר׳ צבי פסח פראַנק. דערנאָך איז ער
אַריבער צו השכלה, באַזוכט דעם לערער־
סעמינאַר פון הילפס־פאַריין און געוואָרן בי־
בליאָטעקאַר אין דער שטאָט־ביבליאָטעק פון
תל אביב. זייט 1921 האָט ער געשריבן אַר־
טיקלען וועגן שרייבער און ביכער אין אי־
דישע, העברעאישע און דייטש־אידישע
אויסגאַבעס אין דער גאַנצער וועלט, איינ־
שליסלעך אין בוענאָס איירעסער אויסגאַ־
בעס.

**עהרענפּרייז מרדכי**, געבוירן 1869
אין לעמבערג, אַלס זון פונעם דרוקער און
פאַרלעגער יעקב עהרענפּרייז, וואָס האָט
אַרויסגעגעבן מעשה־ביכלעך, רומלזאַכן,
חתונות און אַנדערע דרוק־אַרבעט. נאָך דעם
ווי ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין לעמ־
בערג איז מ. עהרענפּרייז אַריין אין בער־
לינער אוניווערזיטעט. זיין ליטעראַרישע טע־
טיקייט האָט ער אָנגעהויבן נאָך אײנגלוויז
דורך איבערזעצונגען און פאַרפאַסט איינע־
נע זאַכן אין פאָלקסטימלעכן אידיש פאַר
זיין פאָטער דעם פאַרלעגער און אויך פאַר
זיין שוואָגער, דעם פאַרלעגער ישראל דוד
זיס. דערנאָך האָט ער געשריבן נאָוועלן. ער
האָט זיך אויך באַטייליקט אין המגיד און
אַנדערע העברעאישע אויסגאַבעס.

**עהרענקראַנץ וואָלף זבאַרזשער**
געבוירן 1826 אין זבאַראַזש אַלס זון פון
אַ שוחט. ער האָט יונג חתונה געהאַט און
אַוועק קיין רומעניע, און דאָרט אָנגעהויבן
שרייבן לידער און פאַרפאַסט צו זיי ניגו־
נים. די לידער זיינען געווען אין אידיש און
העברעאיש און זיי זיינען באַלד פּאָפּולער
געוואָרן. מיט דער צייט איז ער געוואָרן
פאַרפאַסער און זינגער פון פאָלקס־לידער,
וואָס האָבן געדינט אויפקלערנדיק און צו
גלייכער צייט אונטערהאַלטנדיק. מערערע
פון זיינע זאַכן זיינען דערשינען אין „השחר"
און זיינען אויך אַרויס אין בוך־פאָרם אונ־
טערן טיטל „מקל נועם" מיטן אונטערקעפּל
„כולל שירי עם (פאָלקס־לידער) בלשון
המדוברת בין היהודים בארצות פולין ומאל־
דויא". די דאָזיקע לידער זיינען אַרויס אין
מערערע אויפלאַגעס. געפירט האָט וועלוול
זבאַראַזשער אַ באָהעמיש לעבן, האָט כסדר
אומגעוואַנדערט איבער רומעניע, פוילן,
עסטרייך און טערקיי און אויפגעטרעטן אין
די שענק־הייזער מיט זיין זינגען. זיינע לי־
דער זיינען אָבער געווען אַזעלכע אַז זיי האָ־
בן שטענדיק געצויגן אַ גרויסן עולם סיי
משכילים און סיי חסידים. זיינע סאַטירעס
זיינען אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין
אוקראַאיניש און דייטש. וועגן וואָלף ערענ־
קראַנץ, אָדער ווי ער איז באַקאַנט דער וועלט
אַלס וועלוול זבאַרזשער, ווערט געזאָגט אַז
ער איז געווען איינער פון די ערשטע אי־
דישע פאָלקס־דיכטער, און האָט אין אַ נע־
וויסער מאָס צוגעגרייט אַ באָדן פאַר גאָלד־
פאַדנס ווערק. אין אַ סך פון זיינע לידער
האָבן געפונען אַ אָפּקלאַנג די אידעאַלן פון
דער השכלה. ער האָט געקעמפט קעגן אומ־

ווייסנהייט און אַבערגלויבן, קעגן די חסידים און גוטע־אידן, אָבער אין זיינע לידער איז נישטאָ קיין פאַרביטערטקייט, נאָר מיט אַ פיינעם הומאָר, מיט אַ בילדלעכער קערנדיקער שפּראַך האָט ער עס געטון. אַלס מענטש האָט ער געפירט זייער אַ לייכטזיניק לעבן און דאָס האָט אַ סך געשעדיקט זיין אויפשטייג אַלס פּרעסטיזשפולער דיכטער. געשטאָרבן איז ער אין יוני 1883 אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

## פּ.

**פּאַפּיר משה,** געבוירן אין ניימאַרק 1884 אַלס זון פון אַ שניידער. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין גאַליציע. זייט 1906 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער אידישער פּרעסע, האָט מיטגעאַרבעט אין פּעטערסבורגער „פריינד" און וואַרשעווער „לעבנספראַגן", און האָט אויך רעדאַקטירט אַ שטיק צייט דעם „סאָציאַל־דעמאָקראַט" אין קראָקע. ער איז געווען גרינדער פון דער אידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין מערב־גאַליציע.

**פּעטשעניק משה,** איז געבוירן 1895 אין זלאָטשעוו, האָט צו 13 יאָר אָנגעהויבן אַרבעטן אין פּאָטערס באַנק־געשעפט, דערנאָך געווען באַנק־אָנגעשטעלטער אין ווין און שלעזיע. ער האָט געשריבן לידער, פעליעטאָנען, אַרטיקלען און דערציילונגען אין לעמבערגער טאָגבלאַט, אידישער אַרבעטער, דאָס אידישע וואָרט און ליטעראַרישע בלעטער. אין די יאָרן 1918 און 1919 האָט ער אַרויסגעגעבן אין זלאָטשעוו אַ פאָלקיסטישע וואָכנשריפט „פאָלקסבלאַט". אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אידישן פאָלקלאָר.

**פּפעפער יעקב,** געבוירן אין ראַדזשעכאָוו 1874. האָט געלערנט קודם אין דער היים און דערנאָך אין דער ישיבה פון סוגעטער רב (אונגאַרן), שפּעטער זיך אומגעקערט קיין גאַליציע און אָנהויב 1895 אַוועק קיין נאָרד־אַמעריקע. אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק איז ער געוואָרן אַ פּעדלער, אַ קאָנדוקטאָר, סעקוראַציע אַגענט, אַן אַרבעטער אין אַ שאַפּ, געוואָרן אַ סאָציאַליסט און געהאָלפן צו דער גרינדונג פון „פאָרווערטס", וואו ער האָט אָנגעהויבן שרייבן 1901. ער האָט דערנאָך מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע אויסגאַבעס און געווען רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג „דער אידישער אַמעריקאַנער", און שפּעטער אַליין געגרינדעט אַן אויסגאַבע „פפעפערס וואָכנבלאַט" אַלס אָרגאַן פונעם דורך אים געגרינדעטן פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער און בוקאָווינער אידן. ער איז געווען אַזוי אַרום דער גרינדער פון דער ערשטער אידישער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער נייער היים. געשטאָרבן איז ער אין אויגוסט 1922 פון אַ פאַרגיפטונג, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע אידן, וואָס האָבן געגעסן פון אַ טאָרט אין אַ ניו־יאָרקער רעסטאָראַן.

## פ.

**פאָלק יוסף,** געבוירן דעצעמבער 1889 אין בעלז, ביז 15 יאָר געלערנט אין חדרים און בית מדרש; אָבער שוין אַלס בר מצוה אינגל „אַראָפּ פון וועג" און געלערנט תנ"ך, העברעאיש און דייטש, טראָץ די רדיפות פון רבין און די חסידים. ער איז אַוועק פון דער היים און געוואָרן בוכהאַלטער און דערנאָך זיך אומגעקערט אַהיים קיין בעלז און זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר. שוין אין עלטער פון 16 יאָר האָט ער אָנגעהויבן מיט זשורנאַליסטישער טעטיקייט און געשריבן קאָרעספּאָנדענצן און סקיצעס אין דייטש אין בלאָכס עסטרייכישער וואָכנשריפט, דערנאָך לידער אין אידיש אין סאַנאָקער „פאָלקספריינט". זייט 1910 האָט ער געשריבן דערציילונגען און לידער אין פאַרשידענע אי־

דישע אויסגאַבעס פון **לעמבערג,** קראָקע, וואַרשע און ניו־יאָרק.

**פוקס אברהם משה,** געבוירן 1890 אין יעזיערנאַ. אַלס קינד פון אַן אָרים קליין שטעטל און געבונדן מיטן דאָרף האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך די געזונטע גוטמוטי־קייט און איינפאַכקייט פון די האָרעפּאַשנע אידן מיט זייערע פריידן און ליידן און האָט געהאַט אַ שווייגנדיקע ליבשאַפט צו דער נאַטור. אין עלטער פון 16 יאָר איז ער גע־קומען קיין לעמבערג און זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשידענע אַרבעטן. דאָ האָט ער אָנ־געהויבן זיך אינטערעסירן מיט דער אַרבע־טער־באַוועגונג און מיט דער טעטיקייט פון דער אידישער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי (גאַלי־ציאַנער „בונד”). שפּעטער איז ער געקומען קיין טאַרנאָפּאָל און דאָ רייף געוואָרן. אין 1911 האָט ער דעבוטירט מיט סקיצן און דערציילונגען אין סאַנאָקער פאָלקספריינט און דערנאָך געשריבן אויך פאַרן „טאָג־

## פון אידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציע:

(4)

דאָס איז אַ באַקאַנטע פּערזענ־לעכקייט אין גאַליציע; אַ איד אַן אַסקעט וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע תענוגי עולם־הזה, איבער־לאָזנדיק פאַר זיך בלויז דעם תענוג וואָס אַ שמעק טאַביק פאַרשאַפט אים.

און וואָלט ער אויף איין מינוט בלויז אַ טראַכט געטאָן, אַז אפשר געהער דער שמעק טאַביק אויך צו די תענוגי עולם־הזה, וואָלט ער זיכער אויך פון דעם איינציקן פאַרגעניגן זיך אָפּגעזאָגט...



בלאַט" און „אידישער אַרבעטער" אין לעמבערג. אין 1912 איז אַרויס זיינס אַ זאַמלונג דערציילונגען אונטערן טיטל „איינזאַמע". אין זעלבן יאָר איז ער אַוועק קיין נ. אַמעריקע און 1914 צוריקגעקומען קיין אייראָפּע און זיך באַזעצט אין ווין, מיט דער צייט איז ער געוואָרן מיטאַרבעטער פון אַ גאַנצער רייע טאָג־צייטונגען, זשורנאַלן און זאַמלהעפטן מיט דערציילונגען און האָט זיך אין דער בעלעטריסטיק אַנטוויקלט צו קינסטלערישער גאַנצקייט. אייניקע פון זיינע זאַכן זיינען איבערזעצט אין דייטש. די מערסטע פון זיינע דערציילונגען זיינען איבער די לעבנס פון די אָרימע שיכטן און פון דער אונטערוועלט. זיינע הויפּט־העלדן זיינען אומגליקלעכע, געפאַלענע, בלינדע, משוגעים, גאַסנפרויען, מערדער און זעלבסטמערדער, און ער מאָלט זיי שטאַרק בולט און פאַרביק, אַנטפּלעקנדיק פאַרן לייענער מיט סאַטירישער פּאָטענץ די פאַרהוילנסטע בילדער פונעם מענטשלעכן נעראַנגל אין זייער שוואַכקייט און פאַרלוירנקייט אינעם לעבן. מענטשלעכע ליידן, אָרימקייט, געפאַלנקייט, פאַרביטערטער צווייפל און פּעסימיסטישע דערשיינונגען זיינען געווען דער שטאָף פאַר זיינע שאַפונגען.

**פליישמאַן עוזיאל**, געבוירן מערץ 1875 אין פּראָבוזשנע, נעבן טשאָרטקאָוו, געלערנט ש"ס און פּוסקים, דערנאָך אין עלטער פון 13 יאָר צוזאַמען מיט די עלטערן אַוועק קיין בוקאָווינע און דאָ זיך באַקענט מיט דער העברעאישער און דייטשער ליטעראַטור. אין 1896 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין נאָרד־אַמעריקע און געאַרבעט אַלס שניידער. זייט 1904 האָט ער אָנגעהויבן שרייבן לידער און סקיצן פאַרן „פאָרווערטס" און הומאָריסטישע פעזן פאַרן „קונדס" און „קיביצער". ער האָט געשריבן צייטונגס־ראָמאַנען.

**פעדערבוש שמעון**, געבוירן פעברואַר 1890 אין נאַראָל אַלס זון פון אַ גרויסן סוחר. ער האָט באַקומען אַ חסידיש־רבנישע דערציאונג און 1909 באַקומען סמיכה אויף רבנות. אין 1914 ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה איז ער אַוועק קיין ווין, דורכגעמאַכט דאָ די מאַטורע־עקזאַמענס, און שטודירט פילאָזאָפיע און אָריענטאַליסטיק אין ווין, לעמבערג און קראָקע. אין 1922 האָט ער באַקומען דעם דר. טיטל פאַר זיין דיסערטאַציע „די אַנטוויקלונג פון דער וואַרהאַפטיקייט אין ליכט פון דער סאָציאָלאָגישער עטיק". אין זעלבן יאָר איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים, און זייט 1926 איז ער געוואָרן הויפּט־אָנפירער פון „מזרחי" אין גאַליציע. ש. פעדערבוש האָט זייט 1918 זיך באַטייליקט מיט מיטאַרבעטן אין דער קראָקויער „המצפה", און די מזרחי אָרגאַנען „המסילה" און „בת קול" פון לעמבערג, אין דער „בוויליא" און אין דער אידישער טאָגצייטונג פון לעמבערג „טאָגבלאַט" און וואָכנבלעטער פון וואַרשע. אין בוך־פאָרם איז דערשינען זיין „שלמות היהדות" אין ירושלים.

**פערשלייסער עמאַנועל**, געבוירן 1896 אין סטאַרעסעלאַ, נעבן לעמבערג. ער האָט שטודירט און געענדיקט דעם אוניווערזיטעט אין לעמבערג און זייט 1916 ביז נאָך דער וועלט־מלחמה געווען אין מיליטער־דינסט. אין 1921 איז ער געקומען קיין נ. אַמעריקע און פאַרעפנטלעכט אין „מאָרגען זשורנאַל", „טאָג", „פרייהייט" און „פאָרווערטס" דערציילונגען און הומאָרעסקעס.

**פראָסטיג משה**, געבוירן נאָוועמבער 1887 אין זשאָלקאָוו. ביז 11 יאָר האָט ער געלערנט אין חדר און פאָלקס־שול, דערנאָך שטודירט אין לעמבערגער גימנאַזיע און פאַקולטעט פון רעכט־וויסנשאַפט ביים לעמ־

בערגער אוניווערזיטעט. זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין די ציוניסטישע פּוילישע אָרגאַנען „ווסכאָד" און „מאָריא" און אין לעמבערגער „טאָגבלאַט", און אין 1909 איבערגענומען די רעדאַקציע פון דער לעצטער און אָנגעפירט די צייטונג ביז זי איז אין 1926 אָפּגעשטעלט געוואָרן, מיט אַן איבעריים פון די פיר מלחמה יאָרן בשעת וועלכע ער איז אַלס עסטרייכישער בירגער געווען אינטערנירט אין ענגלאַנד. שפּעטער ווען דאָס טאָגבלאַט האָט אָנגעהויבן ווידעראַמאָל דערשיינען איז לעמבערג אונטערן נאָמען „דער מאָרגן" איז פּראָסטיג געווען ווידעראַמאָל שעף־רעדאַקטאָר. זייט 1913 איז ער געווען גאַליציאַנער קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער „טאָג", „וואַרהייט" און „מאָרגן זשורנאַל". אין 1922 איז ער, אַלס אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין גאַליציע, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים און האָט געהערט צו די טעטיקסטע מיטגלידער פון דער אידישער „קאָלאָ". ער האָט אויך אַרויסגעגעבן ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע ביכער אונטערן נאָמען „יודישער קאַלענדאַר".

**פּרוכטער נתן**, געבוירן סעפּטעמבער 1891 אין באָלעכאָוו, אַלס זון פונעם אָרטיקן מצבה־מאַכער, געלערנט אין חדר און באַזוכט די באַראָן הירש שול, דערנאָך די פּוילישע שקאָלאַ. אין 1910 אַוועק קיין דייטשלאַנד און זיך באַזעצט אין האַמבורג, וואו ער האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין „איזראַעליטישן פאַמיליענבלאַט". געקומען אין מערץ 1914 קיין אַרגענטינע און באַלד אָנגעהויבן מיטאַרבעטן מיט דערציילונגען אין „טאָג" און פון צייט צו צייט מיטגעאַרבעט אין „די אידישע צייטונג". נאָך דער גרינדונג פון „די פּרעסע" געוואָרן דאָ שטענדיקער מיטאַרבעטער, און זייט מערץ 1919 מיטרעדאַקטאָר פון דער צייטונג. אין 1917 איז ער געווען מיטאַרבעטער און 1918 רעדאַקטאָר פונעם וואָכנבלאַט „די געזעלשאַפט", און דאָ פאַרעפנטלעכט סקיצן, דערציילונגען, אַ ראָמאַן פון אידישן לעבן אין **ארגענטינע (נישט פאַרענדיקט)**, בילדער, פעליעטאָנען און וועכנטלעכע פּאָליטישע איבערבליקן פון דער מלחמה. זייט פעברואַר 1922 ביז פעברואַר 1923 מיטרעדאַקטאָר פון אילוסטרירטן וואָכנזשורנאַל „פאַר קליין און גרויס". אין דער „פּרעסע" פאַרעפנטלעכט אַ ריי איבערזעצונגען פון מאָדעסט לעוויצקים אוקראַאינישע מעשהלעך און פאַרשידענע דייטשע שריפטשטעלער, און אויך פאַרעפנטלעכט אויף דער קינדער־זייט פון „די פּרעסע" אַ שטיק ווערק „דאָס לעבן אין בינשטאָק", אַ פולשטענדיקע באַשרייבונג פונעם לעבן פון די בינען, אין אַ גאַנץ פּאָפּולערער שפּראַך און פאָרם. ער האָט אויך איבערזעצט אַ סך קינדער־דערציילונגען פונעם בוענאָס איירעסער שריפטשטעלער קאָנסטאַנסיאָ וויגיל; געמאַכט אַ קיצור פון דאָן קיכאָט פון סערוואַנטעס פאַר קינדער. אונטערן פּסעוודאָנים פ״ר געגעבן פּאָליטישע איבערבליקן וועכנטלעך איבערן גאַנג פון דער וועלט־מלחמה בעתן צווייטן וועלט־קריג. אין 1945 איז דערשינען אין צוויי בענד זיין „געשיכטע פון אַרגענטינע" אין אידיש, אַן אַרבעט וואָס נעמט אַרום די פּעריאָדן פון זייט דער צייט פון פאַר מאַרקאָ פּאָלאָ און קאָלומבוס ביז דער לעצטער צייט אונטער דער רעגירונג פון גענעראַל פּאַרעל און קאָראָנעל פּעראָן. אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט געווען איניציאַטאָר און גרינדער פונעם גאַליציאַנער פאַרבאַנד און צוזאַמען מיט נחמיה צוקער אַרויסגעגעבן דעם ערשטן אַלמאַנאַך און אַליין רעדאַגירט דעם צווייטן אַלמאַנאַך פון פאַרבאַנד, געווען

יאָרנלאַנג קאַסיר פונעם ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין „ה. ד. נאָמבערג" אין בוענאָס איירעס און געוועזן גרינדער פון דער אידישער ביבליאָטעק אין פאַריין און קלוב „אָדעסאַ".

**פריינד שלום**, געבוירן 1881 אין פּשעקאָפּאַנע נעבן פּשעמישל. באַקומען אַ חסידישע דערציאונג, געלערנט ביי ר' יצחק שמעלקעס, געוועזענער רב פון פּשעמישל און דערנאָך פון לעמבערג. צו 17 יאָר האָט ער געענדיקט אַ האַנדלסשול, געוועזן טעטיק אין די סאָציאַליסטישע און אויפקלערערישע קרייזלעך „ברידערלעכקייט". אין 1902 זיך באַזעצט אין קראָקע און אָנגעהויבן אַגיטירן פאַרן פּועלי ציוניזם. אין 1905 האָט ער ארויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט „פרייהייט", פּראָפּאַגאַנדירנדיק דעם סאָציאַליסטישן טעריטאָריאַליזם. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען מיטגליד פון אידיש־נאַציאָנאַלן ראַט אין קראָקע. נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּוע"צ פּאַרטיי איז ער געוואָרן פירער פון די רעכטע און רעדאַקטאָר פונעם פּאַרטיי־אָרגאַן „דאָס אַרבעטער וואָרט". ער האָט אין אַלגעמיין אַגיטירט און געאַרבעט סיי פּערזענלעך און סיי שריפטלעך פאַר דער אַרבעטער־זאַך, קאָאָפּעראַטיווויזם און קונסט.

## צ.

**צאַנגען בנציון**, געבוירן 1901 אין ראָזוואַדאָוו. ביז 17 יאָר זיך געגרייט צו סמיכות אויף רבנות, דערנאָך זיך אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכער בילדונג און אַלס עקסטערן דורכגעמאַכט די גימנאַזיע. זייט 1922 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען און רעצענזיעס און איבערזעצט נאָוועלן פון דער וועלט־ליטעראַטור אין דער לעמבערגער פאָלקסשטימע, אידיש ליטעראַרישן קאַלענדאַר, ליטעראַרישע בלעטער, אַרבעטער־וועלט, פאָלק און לאַנד, טאָגבלאַט און מאָרגן. ער האָט אויך אונטערגענומען די אַרבעט פון אַ העברעאיש־פּויליש אידישן ווערטערבוך, אָבער זי נישט פאַרענדיקט.

**צוקער נחמיה**, געבוירן 1896 אין קראָקע, ביי פרומע חסידישע עלטערן; דער פאָטער, ר' מענדעלע צוקער איז געזעסן יום־ולילה און געלערנט און דווקא געוואָלט, אז נחמיה זאָל אויך זיין ווי ער. אָבער נאָך חדר, ישיבה און שיעורים אין ראַדאָמסקער שטיבל, האָט זיך נחמיה ארויסגעלאָזן אויף דער וועלט זוכן בילדונג און אַ חוץ שירים און לידלעך וואָס ער האָט שוין געהאַט געשריבן אַלס בית־המדרש־בחור, איז זיין ערשטער ליטעראַרישער פּרואוו געווען זיין „רייזע־באַשרייבונג פון אַ חסידישן בחור וואָס פאָרט פון אַ קראָקעווער בית־המדרש ביז קיין שווייצאַריע" (1913).

צוליב מלחמה קומט נ. צ. צוריק קיין קראָקע, גייט קעמפן „פירם פאַטערלאַנד", ווערט פאַרוואונדעט אויפן רוסישן פראָנט און ענדע 1916 צוריק אין קראָקע אין דער אינוואַלידן־שול.

אָנהויב 1917 באַקומט נ. צ. אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ יוגנט־פאַריין, ער ווערט באַקאַנט מיט אָנפירער פון פּועלי־ציון און ווערט אַליין אויך אָנפירער פון קולטור־אַרבעט און דעמאָלט גרינדעט ער ערשטן דראַמקרייז און פירט אויף זיינע ערשטע איינאַקטערס, גרינדעט שפּעטער אין „אַרבעטער־היים" צוזאַמען מיט שכנא זאַגאַן און דר. קלאַרבערג אַ „מאַריאָנעטן טעאַטער" פאַר הוזק און סאַטירע, וואָס נעמט זייער שטאַרק אויס.

1921 פירט ער אויף אין משה יאַקאָבס טעאַטער זיין דראַמע „דער קרבן פון פאַנאַטיזם", באַלד דערנאָך דערשיינט זיין דראַמע „חליצה" אין בוך־פאָרם, צוקער פאָרט איבער מעריב־גאַליציע מיט פאָרלעזונגען און אין קראָקעווער קהל־זאַל גיט ער אַ רייע פאָרלעזונגען וואָס האָבן אַ פיינעם אָפּקלאַנג.

אין דער זעלבער צייט אַרבעט צ. מיט אין לעמבערגער „טאָגבלאַט", קראָקעווער „נאָווי דזשענניק" און „מאָמענט".

1923 פאָרט צ. קיין אַרגענטינע, שוין אַלס אנערקענטער שרייבער און דאָ גרינדעט ער צוזאַמען מיט מ. טאַבאַקשניידער „דאָס אַרטיסטישע ווינקעלע", מיט וועלכן ער פירט אויף זיינע איינאַקטערס און דערמאָלט דערשיינען אויך זיינע 2 איינאַקטערס „אויפן קאַמפּ" און „ווען די נאַכט פאַלט צו...".

נ. צ. איז אויך איינער פון די איניציאַטאָרן פאַר דער גרינדונג פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד און פון אַ גאַנצער ריי אנדערע אינסטיטוציעס, איז עטלעכע יאָר סעקרעטאַר פון ליטעראַטן פאַריין ה. ד. נאָמבערג, איז מיטרעדאַקטאָר אין „אַרגענטינער טאָג", פירט אָן אַ צייט מיט די דראַמקרייזן „מוזע" און „אַוואַנגאַרד", אַרבעט מיט אין „פנימער און פנימלעך", וואו ער שרייבט און קיבעצט פריי וועגן יעדער וויכטיקער געשעעניש. גיט שפּעטער אַרויס דעם „דער קונדאַס" (1930-34). 1932 גרינדעט ער ביי זיך אין שטוב דעם אַקטיאָרן-פאַריין, וועלכן ער פאַרוואַלטעט ביז היינט.

1935 שאַפט ער צוזאַמען מיט ברעסלער, ברוסילאָווסקי און ווײנשטאָק די „מאָרגנצייטונג" אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און ווייזט זיין אַקטיוויטעט ביי יעדער געלעגנהייט.

געשריבן האָט נ. צ. דערציילונגען, דראַמען, פעליעטאָנען, לידער און טעאַטערקריטיק. אין בוך-פאָרם איז דערשינען אין ב. איירעס „פאַר דראַמקרייזן" (צען איינאַקטערס), „שפּאַס און ערנסט" (לידער און פּאַראָדיעס), „פון אַלץ צוביסלעך" (דערציילונגען), אויך אַנדערע דראַמאַטישע אַרבעטן און לעצטנס אַ גרעסער אינטערעסאַנט בוך „פיר דורות אידיש טעאַטער".

אויף דער איניציאַטיוו פון נ. צ. ווערט אויף ראש השנה תש"ו, דערשיינען דאָס ערשטע אידישע „יאָר-בוך" פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכקייט פון אַרגענטינער אידישן ישוב.

## ק.

**קאָהן מיכאל**, געבוירן 1884 אין פּאָדהאַיצע. פון צוויי ביז ניין יאָר געלעבט מיט דער מוטער אין סטרי ביים זיידן, אַ לערער אין העברעאיש און דייטש, וואו מ. קאָהן האָט געלערנט די צוויי שפּראַכן און אויך אידיש. שפּעטער איז ער געקומען קיין ווין און דאָ אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט אינעם פּוע"צ אָרגאַן „דער אידישער אַרבעטער", וואו ער האָט געשריבן פּאָליטישע און קריטישע אַרטיקלען, האָט אויך איבערגעזעצט פון האָלענדיש מולטאטולים „מעשהלעך פון אויטאָריטעט" און אַנדערע. זיצנדיק אַרעסטירט איבער פּאָליטישע מאָטיוון האָט ער איבערזעצט פ. אָפּענהיימערס „דער שטאַט" און „די סאָציאַלע פראַגע". ער איז 1921-1919 געווען רעדאַקטאָר פונעם „אַוואַנגאַרד", אָרגאַן פון די לינקע פּוע"צ, און דערנאָך פונעם „אינטערנאַציאָנאַל", אָרגאַן פון דער אָנשלוס-פראַקציע פון דער איד. קאָמ. פּאַרטיי, און איבערזעצט בראָשורן פון לענין, ראַדעק און אַנדערע קאָמוניסטישע לידערס.

**קאַליך יעקב**, געבוירן נאָוועמבער 1895 אין רומאַנאָוו און דערצויגן געוואָרן אונטער דער השגחה פונעם רימאַנאָווער רבינס הויף. שפּעטער האָט ער געלערנט אין די אונגאַרישע ישיבות און ביים בוהושער רבי. דאָ האָט ער זיך בגנבה באַקאַנט מיט דער אידישער ליטעראַטור און מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט פאַרלאָזט דעם חסידיזם און אָנגעשריבן איניקע בראָשורן „צום יונגען דור" וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון היימישע גרופּעס. פון

בוהוש איז ער אוועק קיין בוקארעשט און זיך געווידמעט דעם אידישן טעאטער. ער האט פארפאסט די פיר־אקטיקע דראמע „דער תם", וואס איז איבערזעצט געווארן אויף רומעניש. ער האט אויך געשריבן איינ־אקטערס פאר אמאטארן־גרופעס. צוזאמען מיט יוסף קעסלער איז ער דערנאך אוועק קיין נארד־אמעריקע און איבערגענומען אן אייגענעם טעאטער אין באסטאן. אין 1919 האט ער חתונה געהאט אין פילאדעלפיע מיט דער יונגער סוברעטן מאלי פיקאן (געבוירן מאי 1898 אין ניו־יארק), און געמאכט מיט איר א טור איבער ענגלאנד, פראנקרייך, עסטרייך, פוילן און רומעניע א צייט פון דריי יאר. זיי האבן אויך באזוכט בוענאס איירעס און געהאט דא גרויס דערפאלג. יעקב קאליך האט פון צייט צו צייט געדרוקט חסידישע סקיצן, נאוועלן, בילדלעך, רייזע־באשרייבונגען, ארטיקלען און לידער אין פארשידענע צייטונגען און זשורנאלן. ער האט פארפאסט די דראמען „דער קצב", זיין „קינדער־שפיל" איז איבערזעצט געווארן אויף העברעאיש, פויליש, רומעניש, רוסיש, טשעכיש און אונגאריש.

**קאמפער מ.**, געבוירן 1883 אין בוטשאטש, האט שטודירט יוריספרודענץ און פילאזאפיע אין ווין, קראקע און לעמבערג און באקומען דעם טיטל דר. יורי. די ליטעראַרישע טעטיקייט האט ער אנגעהויבן אין דער סאציאליסטישער און אנארכיסטישער פרעסע אויף פויליש און דייטש, דערנאך זיך באקענט מיט דער אידישער ליטעראטור און געשריבן רעצענזיעס און ארטיקלען איבער דער אידישער ליטעראטור און אידישן טעאטער, נישט דורכלאזנדיק כמעט קיין איין דערשיינונג אויף דעם געביט.

**קארן רחל**, געבוירן 1898 אין דאליפ פאדליסקי, אלס טאכטער פון א משכיל, וואס האט געשריבן לידער און עסייען אין העברעיש. צו עלף יאר איז זי געבליבן א יתומה נאכן פאטער און צו צוועלף יאר האט זי שוין אנגעהויבן שרייבן לידער אין פויליש. אין 1918 האט זי דעבוטירט מיט צוויי נאוועלן אין „נאווי דזשענניק" און „גלאס פשעמיסקי" און א יאר שפעטער איז זי איבערגעגאנגען צו אידיש און פארעפנטלעכט לידער אין פשעמישלער „פאלקסשטימע" און „דאס אידישע ווארט", שפעטער אויך אין לעמבערגער „טאגבלאט". זי האט אויך מיטגעארבעט אין די ליטעראַרישע בלעטער, ווארשעווער שריפטן, פאלקסצייטונג און אנדערע אויסגאבעס. רחל קארן איז געווען איינע פון די ערשטע אידישע דיכטערנס פון גאליציע און זי האט געבראכט אין אירע לידער צום אויסדרוק די איבערלעבונגען פון א פרויען־נשמה און דאס שווערע לעבן אין דארף. זי האט גאר גיך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון די ליטעראַרישע קרייזן אלס איינע פון די טאלאנטפולסטע אין דער יונגער אידישער פאעזיע. איהר בוך „אין דארף" איז אויפגענומען געווארן זייער ווארעם אין דער גאנצער אידישער פרעסע און אירע לידער זענען איבערגעדרוקט געווארן כמעט אין אלע אידישע צייטונגען. זי געפינט זיך איצט אין ראטנפארבאנד.

**קארעטץ יהודה לייב**, געבוירן 1863 אין טארנאוו און האט באקומען א שטרענג ארטאדאקסישע דערציאונג. אדאנק זיין בית מדרש חבר יוסף מארגאשעס האט ער זיך באקענט מיט דער העברעישער ליטעראטור און ער האט דערנאך געלערנט אויך דייטש. זייענדיק איבערגעגעבן דעם געדאנק פון ישוב ארץ ישראל האט ער אנגעהויבן פראפאגאנדירן דידאזיקע אידייע און געשריבן א סך אין מחזיקי הדת, קול מחזיקי הדת, המגיד, הצפירה, המליץ, המצפה, אין לאנדאנער היהודי און אין לעמבערגער טאגבלאט און אנדערע אויסגאבעס.

**קירשענבוים יעקב**, געבוירן 1884 אין דאָלינא, האָט באַקומען די ערשטע דערציאונג אין חדר און פאָלקסשול, איז צו 12 יאָר אַוועק קיין נאָרדאַמעריקע און געאַרבעט אין אַ פאַבריקמאַכעריי. ער איז געוואָרן טעטיק אין דער סאָציאַליסטישער און פראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און זייט 1905 אָנגעהויבן שרייבן קודם קאָרעספּאָנדענצן און דערנאָך פאַרשידענע מיטאַרבעטונגען אין קאַנאַדישע און נאָרד־אַמעריקאַנער אידישע אויסגאַבעס, שרייבנדיק דערציילונגען און אַרטיקלען וועגן אידישן לעבן אין נאָרדאַמעריקע און גאַליציע. ער האָט זיך אויך געווידמעט דעם טעאַטער, אַליין אָנגעפירט אַ שטיק צייט טעאַטער און אַ סך געשריבן וועגן דעם. געזעלשאַפטלעך האָט ער אַקטואירט אין דער הילפס־אַקציע פון דעם פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער און בוקאָווינער אידן אין אַמעריקע. י. קירשנבוים איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער היגער „איד. צייטונג" און מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דערשינען זיינס אַ בוך „אַמעריקע דאָס לאַנד פון וואונדער" — וואָס האָט געמאַכט אַ זייער פיינעם רושם.

**קירשענבוים־מאַרגאָשעס ראָזע**, געבוירן 1887 אין דאָלינא, געלערנט אין חדר און פאָלקס־שול. זי איז געקומען 1903 קיין נאָרדאַמעריקע און דאָ דורכגעמאַכט די מיטלשול. אין 1921 האָט זי געאַרבעט אַלס אויבערזעצערן ביים פאָרט פאַר דער געזעלשאַפט צו העלפן אימיגראַנטן, און דורך איר אַרבעט אין דער אימיגראַציע־געזעלשאַפט האָט זי אָנגעהויבן שרייבן בילדער און סקיצעס אין „פאָרווערטס", אין „טאָגבלאַט", און האָט אויך צייטנווייז געדרוקט אין פויליש, ענגליש און אידיש. זי האָט חתונה געהאַט מיט דר. שמואל מאַרגאָשעס.

**קליינמאַן אַנזעלם**, געבוירן מערץ 1882 אין קאָלאָמיי, האָט באַקומען די ערשטע דערציאונג אין חדר און באַראָן הירש שול, און 1904 געענדיקט גימנאַזיע און שטודירט יוריספּרודענץ אין טשערנאָוויץ און לעמבערג. אין 1911 האָט ער געענדיקט אויף אַדוואָקאַט. נאָך אַלס גימנאַזיסט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן און געווען רעדאַקטער פון אַ וועכנטלעכן סטודענטן אָרגאַן „אונזערע געדאַנקען" (אין אידיש, דייטש און פויליש). ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין לייבל טויבישעס „יודישן וואָכנבלאַט". ער האָט אין פאַרשידענע אידישע און פויליש־אידישע אויסגאַבעס געשריבן אַרטיקלען, סקיצן, דערציילונגען און רעצענזיעס איבערן אידישן טעאַטער.. געזעלשאַפטלעך איז ער געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער און פועלי ציוניסטישער באַוועגונג. אין די יאָרן 1922־1924 האָט ער ארויסגעגעבן דריי יאָרביכער אונטער טיטל „אידישער ליטעראַרישער קאַלענדאַר".

**קעלנער (יהודה לייב) לעאָן**, געבוירן אַפּריל 1859 אין טאַרנאָוו, געלערנט אין חדר און דערנאָך אין בית מדרש ביזן עלטער פון 18 יאָר. אין 1876 איז ער אַריין אין ברעסלאַוער אידיש טעאָלאָגישן סעמינאַר, דערנאָך שטודירט אין ווינער אוניווערזיטעט גערמאַנישע און ראָמאַנישע פילאָזאָפיע. ער איז אַוועק 1885 קיין ענגלאַנד און דאָרט זיך באַזעצט, און אָפּגעוועזן ביז 1890. קעלנער האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט ענגלישער פילאָלאָגיע און אָנגעשריבן אַ רייע גראַמאַטישע און לעקסיקאָלאָגישע ווערק אויפן געביט פון דער ענגלישער פילאָלאָגיע און באַזונדער פון דער שעקספּיר־פאָרשונג. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אין דייטש „די געשיכטע פון דער ענגלישער ליטעראַטור אין דער צייט פון דער קעניגין וויקטאָריאַ". ער איז געווען ציוניסטישער טוער און מיטאַרבעטער פון „ציוניסטישע שריפטן" פון דר. הערצל און פונעם הויפּט־אָרגאַן „די וועלט".

**קעניגסבערג דוד**, געבוירן דעצעמבער 1891 אין בוסק, נעבן לעמבערג, דערצויגן געוואָרן אין סווירזש און געלערנט דערנאָך אין גימנאַזיע פון בראָד. דאָ האָט ער געמאַכט זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּרואוון מיט לידער אין דייטש און פּויליש. דערנאָך, אין 1910 דעבוטירט מיט אַ ליד אין אידיש אינעם זאַמלבוך „יוגענד", אונטער דער רעדאַקציע פון זרובבל. זייט דאַמאָלס האָט ער אָנגעהויבן מיטאַרבעטן אין פאַרשידענע אויסגאַבעס פון גאַליציע. מיט דער צייט איז קעניגסבערג אויסגעוואַקסן צו איינעם פון די פיינסטע ליריקער אין גאַליציע. ער איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דער קלאַסישער פאָרם פונם ליד, האָט הויפּטזעכלעך קולטיווירט דעם סאָנעט.

**קענער יעקב**, געבוירן אָקטאָבער 1884 אינעם דאָרף קיצוניוועץ, באַצירק זבאָראָוו, און דערצויגן געוואָרן אינעם דאָרף קליין זאַליסטשיק און, דערנאָך אין ביטשוטש און פּאָדוואָלאָטשיסק. אַרום 1900 האָט ער געמאַכט די ערשטע פּרואוון פון שרייבן לידער, אָבער זיין ערשט ליד איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט 1902 אין ראָהאַטינס „יודישע צייטונג". שפּעטער האָט ער פאַרעפנטלעכט לידער און הומאָרעסקעס אין „סטאַניסלאַווער נאַכריכטן", „אחוה", פון לעמבערג, „טאָגבלאַט" און פאַרשידענע וואָכנבלעטער און טאָג־צייטונגען. געזעלשאַפטלעך האָט ער אַקטואירט אין דער פּועלי ציון באַוועגונג. ער האָט זיך אויך מיטבאַטייליקט אין טעאַטער אַלס שרייבער און אַפּט אויך אַלס מיטשפּילער אין טרופּעס.

**קרייטער שמואל**, געבוירן דעצעמבער 1899 אין פּאָטאָקזלאָטע, האָט באַקומען די ערשטע דערציאונג ביי זיין פאָטער רעם גמרא־מלמד, און וועלטלעכע בילדונג אין דער באַראָן הירש שול פון ביטשוטש. אין 1913 איז ער געקומען אַלס 14־יעריק אינגל קיין נאָרדאַמעריקע צום פאָטער און באַזוכט אין ניו־יאָרק די פאָלקס־שול, מיטלשול און זשורנאַליסטן־קורס. ער האָט באַקומען אַ לערער־פּאָסטן אין איינער פון די אַרבעטער רינג שולן, האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן קלובן פאַר דער אַמעריקאַניזירטער אידישער יוגנט, צו שטודירן אידישע ליטעראַטור און געשיכטע. ער האָט געדרוקט פון צייט צו צייט לידער און סקיצן אין דער פרייער אַרבעטער שטימע, פאָרווערטס, קונדס, פרייהייט, טאָג, מאָרגן זשורנאַל און פאַרשידענע זשורנאַלן. ער האָט אויך געשריבן אין ענגליש אונטערן אייגענעם נאָמען און פּסעוודאָנימען.

**קרעפּעל יונה**, געבוירן דעצעמבער 1874 אין דראָהאָביטש, געלערנט ביז 14 יאָר ביי מלמדים און זיך געגרייט פאַר אַ רב. ער האָט זיך אָבער באַלד באַקענט מיט דער השכלה ליטעראַטור און האָט אָנגעהויבן שרייבן העברעיש און דערנאָך אידיש מיט לאַטייניש אותיות אין דער „דראָהאָביטשער צייטונג". אין 1899 האָט ער געגרינדעט אין קראָקע דאָס וואָכנבלאַט „אידישע פאָלקסשטימע" אין דייטש מיט אידישע אותיות, וואָס האָט אָבער נישט געדויערט מער ווי אַ יאָר. קרעפּעל האָט דאַן אָנגעהויבן שרייבן אידיש און העברעיש אין המגיד, האשכול, הדור, לעמבערגער טאָגבלאַט, יוד, דער אמתער יוד און אַנדערע אויסגאַבעס. אין אָקטאָבער 1904 האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין קראָקע אַ העברעישע טאָג־צייטונג „קיום", דערנאָך „דאָס אידישע וואָכנבלאַט", „די יודישע אילוסטרירטע צייטונג" און צולעצט דעם „טאָג" אין קראָקע. די צייטונג האָט אָנגעהאַלטן זייט דעצעמבער 1909 ביזן 15־טן נאָוועמבער 1914, און דורך דער מלחמה אָפּגעשטעלט געוואָרן. קרעפּעל איז אַוועק קיין ווין און דאָרט ווייטער זיך געווידמעט זיין לעבן לאַנג דער אידישער זשורנאַליסטיק און ליטעראַ־

טור. זיינע דערציילונגען און אנדערע אַרבעטן זענען דערשינען אין בוכפאָרם. יונה קרעפּל איז געווען איינער פון די זעלטענסטע אונטערנעמער אויפן געביט פון צייטונגס און זשורנאַלן אויסגאַבעס. אין זיין צייטונג דער „טאָג" האָבן געפונען פּלאַץ כמעט אַלע גאַליציאַנער אידישער שרייבער און דיכטער.

## ר.

**ראַוויטש מלך,** פּסעוודאָנים פון זכריה חנא (כאָנע) בערגנער, געבוירן נאָוועמבער 1893 אין ראַדימנא (רעדם), האָט באַקומען אַ בירגערלעכע דערציאונג. ער איז אין 1909 געקומען קיין סטאַניסלאַוו און דאָ דעבוטירט מיט אייניקע לידער. אין די יאָרן 1911 און 1912 איז ער געווען אין לעמבערג און דאָ אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער אונטערן טיטל „אויף דער שוועל" און זיינע לידער האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די ליטעראַרישע קרייזן אויפן יונגן דיכטער. פון דאַמאָלס אָן ווערט מלך ראַוויטש אַן אָנגעזעענער מיטאַרבעטער אין אַלע אידישע אויסגאַבעס פון גאַליציע, פּוילן און נאָרדאַמעריקע. אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין 1917, איז דערשינען זיין צווייטע זאַמלונג לידער „רואינען גראָז". מלך ראַוויטש האָט זיך דערנאָך באַזעצט אין וואַרשע און דאָ אַנטוויקלט אַ גרויסע ליטעראַרישע טעטיקייט שרייבנדיק לידער, פּאָעמעס, עסייען און אַרטיקלען. ער איז אויך געווען צוזאַמען מיט י. י. זינגער, פּרץ מאַרקיש, נחמן מייזיל און אַלטער קאַציזנע גרינדער פון דער וואָכנשריפט „ליטעראַרישע בלעטער" און טעטיק געווען אין דער רעדאַקציע ביז 1926, ווען די אויסגאַבע איז אַריבער צום קלעצקין־פאַרלאַג. אין בוכפאָרם זענען דערשינען „שפּינאָזא", „נאַקעטע לידער", „קריטיק", „פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן", „דער קערן פון מיינע לידער", „די פיר זייטן פון מיין וועלט" און אַ גאַנצע רייע רייזע־באַשרייבונגען. ראַוויטש האָט באַרייזט די וועלט און אויך באַזוכט 1937 אַרגענטינע און דאָ מיטגעאַרבעט אין „די פּרעסע" און אַנדערע אויסגאַבעס. ער איז בכלל שעפעריש סיי אויפן ליטעראַרישן ווי אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן געביט.

**ראָזענפעלד מאַקס,** געבוירן 1884 אין דראָהאָביטש, האָט שטודירט אין לעמבערגער אוניווערזיטעט און צו 24 יאָר באַקומען דעם טיטל דר. יורי. שוין אין דער סטודענטן־צייט איז ער צוגעשטאַנען צו דער פּועלי ציוניסטישער באַוועגונג און רעדאַקטירט אַ שילער־זשורנאַל „נאַשע האַסלאָ" אין פּויליש. דערנאָך געשריבן אין אידיש אין „יודישן אַרבייטער" און אין דייטש. פון זיינע אַרבעטן זענען אין בוכפאָרם דערשינען אין דייטש „יודען אין פּאַלען" און „די פּאָלנישע יודענפראַגע". ער איז געשטאָרבן 1919, זיך געפינענדיק אויפן וועג צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אין בערן.

**ראָזענצווייג בנימין (בענעדיקט)** געבוירן 1902 אין פּאָדוואָלאָטשיסק, איז צוזאַמען מיט די עלטערן אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַנטלאָפן קיין לעמבערג, דאָ שטודירט קודם יוריספּרודענץ און דערנאָך פילאָזאָפיע. זייט 1922 האָט ער געדרוקט רעצענזיעס איבער אידישע און העברעישע ביכער אין דער „כוואַליאַ" און באַלד איבערגעגאַנגען צו אידיש און געשריבן וועכנטלעכע פעליעטאָנען אין לעמבערגער טאָגבלאַט און געפירט די רובריק פון רעצענזיעס איבער ביכער.

**ראָזענשטרייך פישל,** געבוירן 1882 אין קאָלאָמיי, האָט באַזוכט די פּוילישע גימנאַזיע און דאָ צוזאַמען מיט אייניקע חברים געגרינדעט אַ געהיימען ציוניסטישן פאַריין און אַרויסגעגעבן אַ געהיים וואָכנבלאַט „אונזערע מחשבות". ער האָט דערנאָך שטו־

דירט אין אוניווערזיטעט גערמאַניסטיק, פי־
לאָזאָפיע און קלאַסישע פילאָלאָגיע. נאָכן באַקומען דעם דר. טיטל איז ער געווען גימנאַזיע־לערער אין סאַמבאָר. זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער אומאויפהערלעך אַוועקגעגעבן דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין 1922 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סענאַטאָר. ער האָט געשריבן ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין דייטש און דערנאָך אין „טאָגבלאַט" אין אידיש. אַלס סענאַטאָר האָט ער געשריבן איבער פינאַנציעלע און עקאָנאָמישע פראַגן אין דער וואַרשעווער און לעמבערגער אידישער פרעסע.

**ראַקער יהושע,** געבוירן אין גאַרליץ 1864 און געלערנט אין חדר און ישיבה קודם אין סאַנז און דערנאָך אין אונגאַרן. אין 1891 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין נאָרדאַמעריקע און דאָ אָנגעהויבן שרייבן קודם קאָרעספּאָנדענצן פאַרן „המליץ" און דערנאָך אין די נאָרדאַמעריקאַנער העברעישע און אידישע אויסגאַבעס. אין 1908 האָט ער געגרינדעט אין קליוולאַנד די „טעגליכע אידישע פרעסע". ראַקער האָט אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם אַ לומדיש ווערק „ספר דברי חכמים" און „דער סאַנזער צדיק".

**רובינשטיין צבי הערש,** געבוירן פעברואר 1889 אין לעמבערג, האָט געלערנט ביז 16 יאָר גמרא, האָט אויך דורכגעמאַכט די לעמבערגער גימנאַזיע. צו 21 יאָר איז ער אַוועק קיין נאָרדאַמעריקע און דאָ געדרוקט קודם אין דייטשע און דערנאָך אין אידישע צייטונגען און זשורנאַלן. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער „וואַרהייט", „פאָרווערטס" און „טאָג". ער האָט געשריבן די זכרונות פון דער באַרימטער אַרטיסטקע בערטאַ קאַליש.

**רייטמאַן הירש,** געבוירן מערץ 1808 אין טאַרנאָפּאָל, האָט געשריבן אידישע לידער און פּאָעמעס. באַזונדער באַרימט איז געוואָרן זיין פּאָעמע „דער קיטל", וואָס ווערט באַטראַכט אַלס פּאָעטיש קונסטווערק. געשטאָרבן איז ער יאַנואַר 1866.

**רייך לעאָן,** געבוירן 1879 אין דראָהאָביטש, אַלס זון פון אַ רייכן סוחר און פאַבריקאַנט. איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון גימנאַזיע פאַר זיין גרינדן דעם פאַריין ציון. ער האָט דערנאָך שטודירט יוריספּרודענץ אין לעמבערג און צו גלייכער צייט זיך אָפּגעגעבן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג. נאָכן באַקומען דעם דר. טיטל האָט ער באַזוכט ארץ ישראל, שפּעטער געווען אין פּאַריז און שטודירט אין דער שול פאַר פּאָליטישע וויסנשאַפטן, צולעצט זיך באַזעצט אין לעמבערג און פּראַקטיצירט אַדוואָקאַטור. ער האָט רעדאַקטירט דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט „ווסכוד" און דעם פּויליש־אידישן „אַלמאַנאַך זשידאָווסקי", און מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע אויסגאַבעס אין פּויליש, דייטש און פראַנצויזיש. אין 1922 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צום פּוילישן סיים. פון זיינע אַרבעטן זענען דערשינען „די ווידעראויפריכטונג פּאָלענס אונד די יודען" און „זשידאָווסקא דעלעגאַציא פּאָקאָיאָווא וו פּאַריזשו" און אין אידיש: „סילועטן פון אידישע כלל־טוער".

**ריכטער משה,** געבוירן 1־טן מאַי 1874 אין יאַנאָוו, נעבן לעמבערג. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין די וואָכנבלעטער „כרמל" און „וועקער", דערנאָך אין 1895 רעדאַקטירט דאָס ציוניסטישע וואָכנבלאַט „העברי" אין לעמבערג. ער איז געווען איינער פון די גרינדער און רעדאַקציע־מיטגלידער פון דעם לעמבערגער „טאָגבלאַט". אין 1900 איז ער געקומען קיין נאָרדאַמעריקע נאָר באַלד זיך אומגעקערט קיין גאַליציע, אָבער אין 1908 געקומען און זיך שוין באַזעצט אין ניו־יאָרק. דאָ האָט ער מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע אי־

## פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע:

(5)



אַ באַקאַנטער פאַרשטייער פון די פושקעס — צדקה לר׳ מאיר בעל־נס בצפת.

נאָך לאַנג פריער, איידער עס איז געשאַפן געוואָרן די ציונים־טישע אָרגאַניזאַציע, האָט ער שוין געאַרבעט פאַר ארץ ישראל, נאָר פאַר אַ פרום־אידישן ארץ ישראל, כדי אידן זאָלן קענען דאָרט וואוי־נען אין הייליקן לאַנד און לערנען גאָטס תורה.

קנאַפּע פופציק יאָר האָט ער זיך מתעסק געווען מיט דעם צו־נויפזאַמלען די מטבעות פון די ר׳ מאיר בעל־נס־פושקעס און אָפּגע־שיקט דאָס געלט קיין ארץ ישראל, ביז ער איז אַמענדע אַליין אויך געפאָרן אַהינצו, כדי צוצומאַכן די אויגן אין הייליקן לאַנד.

---

דישע אויסגאַבעס. אַ נאָמען האָט ער זיך געמאַכט אַלס טעאַטער־שרייבער, און ער איז אויך געווען איינער פון די פּאָפּולערס־טע דראַמאַטורגן פון גאַליציע. ער האָט גע־שריבן פאַרן טעאַטער „חרם דרבנו גרשם״ (1897), „צו שפּעט״, „מאָדערנער איוב״, „דרייפוס״, „הערצאַלע מיוחס״, „די אל־מנה״, „משה הייט אַלס געמיינדע ראַט״ און צענדליקער אַנדערע לעבנסבילדער און קאָמעדיעס. געשטאָרבן איז ער אין אַפּריל 1939.

**רינגעל מיכאל,** געבוירן 1880 אין באָריסלאַוו אין אַ רבנישער משפחה, האָט באַזוכט די גימנאַזיע אין דראָהאָביטש און סטרי, דערנאָך דעם אוניווערזיטעט אין ווין, וואו ער האָט באַקומען דעם טיטל דר. יורי. נאָך אַלס יונגער גימנאַזיסט איז ער צוגע־שטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און געשריבן אין דער לעמבערגער צייט־שריפט „פשיסלאָטש״ און דערנאָך אינעם „ווסכוד״. אין 1922 איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סענאַטאָר אין פוילישן סע־

נאָס. זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין
אידיש האָט ער אָנגעהויבן אין לעמבערגע־
„טאָגבלאַט". אין 1926 האָט ער מיט משה
פראַסטיג געגרינדעט די לעמבערגער טאָג־
צייטונג „דער מאָרגן". ער האָט פאַרעפנט־
לעכט אייניקע בראָשורן אין פּויליש איבער
פּויליש־אידישע און ציוניסטישע פראַגן.

**רינגעלבלום עמאַנועל**, געבוירן אין
בוטשאַטש (ביטשוטש) 1900. איז דורך דער
מלחמה אריבער אין קאָלאָמיי און 1922 קיין
וואַרשע, וואו ער האָט שטודירט געשיכטע
אין דאָרטיקן אוניווערזיטעט. מיט פינף יאָר
שפּעטער האָט ער באַקומען דעם טיטל דר.
פילאָזאָפיע. זיין געביט איז געווען געשיכטע
און געזעלשאַפטלעך האָט ער אַקטיווירט
אויפן דערציערישן געביט אין דער פּועלי
ציוניסטישער באַוועגונג.

**רעסלער בנימין**, געבוירן פעברואַר
1901 אין קאָפּיטשינצע (קאָפּיטשיניץ),
האָט ביז 10 יאָר געלערנט גמרא און תנך,
געלערנט אין פאָלקס־שול און אויך פידל
שפּילן און געזאַנג. ער האָט דערנאָך דורכ־
געמאַכט די גימנאַזיע און שטודירט אין ווי־
נער אוניווערזיטעט פילאָזאָפיע. ער האָט
באַזוכט א דייטשע דראַמאַטישע שול. אין
1918 האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיינע ער־
שטע לידער און דעבוטירט 1920 אין לעמ־
בערגער טאָגבלאַט מיט לידער און נאָוועלן.
שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן טעאַ־
טער־פּיעסן. זיין ערשטע זאַך „איבער ווייַ־
טע סטעפּעס" איז אויפגעפירט געוואָרן אונ־
טער זיין אייגענער רעזשי אינעם לעמבער־
גער אידישן טעאַטער 1923. ער איז 1925
אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל און געשפּילט
צוליב פרנסה אין העברעישן טעאַטער. רעס־
לער האָט באַרייזט מערערע לענדער און
כסדר געשריבן אַרטיקלען, דערציילונגען, נאָ־
וועלעס און טעאַטער־ווערק. זיין צווייטע
פּיעסע פון חסידישן לעבן „ליכט און שאָטן"
האָט שטאַרק אויסגענומען. ער האָט איבער־
געזעצט ערנסט טאָלערס „הינקעמאַן" און
געשריבן ווייטער אייגענע טעאַטער־פּיעסן
און מערערע פון זיי אויפגעפירט אונטער
אייגענער רעזשי. זייט 1928 געפינט זיך ב.
רעסלער אין ניו־יאָרק און שרייבט דערציי־
לונגען און ראָמאַנען פאַר א גאַנצער ריי
אידישע אויסגאַבעס אין אַלע וועלט־טיילן.

אין ב. איירעס איז רעסלער באַקאַנט גע־
וואָרן אדאַנק זיין וואונדערלעכער פּיעסע
„זעכציק טויזנט גבורים" — וואָס יוסף בור־
לאָוו האָט דאָ אויפגעפירט.

## ש.

**שאַפּיר ברוך** (ברכיהו בענע־
**דיקט**), געבוירן אין פּשעמישל 1858. ער
איז געבליבן יונג אַלס יתום און אָנגעקומען
צו א מלמד אַלס באַהעלפער (בעלפער) און
שפּעטער געוואָרן, ווי טויזנטער אַנדערע גאַ־
ליציאַנער יונגעלייט, א פּריוואַט־לערער אין
א דאָרף. ער האָט דורך זעלבסט־בילדונג גע־
לערנט דייטש, פּויליש און פראַנצויזיש. אין
עלטער פון 15 יאָר האָט ער שוין אָנגעה־
הויבן שרייבן לידער און ארומפאָרן איבער
בראָדע, קאָלאָמיי און לעמבערג און זיי דאָרט
פאַרגעזונגען. אין 1889 איז ער געווען רע־
ליגיע־לערער אין כזשאַנאָוו און שפּעטער אין
באָריסלאַוו אין דער באַראָן הירש שול. פון
נאַטור איז ער געווען א באַהעם און האָט
דורכגעמאַכט אַלערליי אוואַנטורעס. צווישן
זיינע שאַפונגען זענען א גרויסע צאָל גע־
וואָרן אמתע פאָלקס־לידער, באַזונדערס דאָס
ליד „אין דרויסן בלאָזט א ווינט א קאַל־
טער". זיינע לידער זענען דערשינען אין
בוכפאָרם אונטער די טיטלען „מלאָדיען
אויס דער געגענט אַם סאַן", „אַם על
הבנים", „שירי בת יהודה". געשריבן האָט
ער אין אידיש, העברעיש און דייטש, און
האָט אויך שטאַלצירט אויף זיין פראַנצוי־
זיש. ער איז געשטאָרבן אָקטאָבער 1915.

**שוואַרץ יהודה לייב**, געבוירן אין זלאָטשאָוו, האָט פאַרפאַסט אַ בוך לידער אין העברעיש מיט אַ פּאַראַלעלן טעקסט אין אידיש אונטערן טיטל „שירי אמונים", דערשינען 1881 אין לעמבערג, אַ בוך פון גרויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט, שוין דערמיט אַליין, וואָס ער אַלס חסיד האָט געוואַגט צו שרייבן אידישע לידער. ער האָט חוזק געמאַכט פון חסידישע הייזער, וואָס שעמען זיך מיט אידיש, זאָגנדיק אין איינעם פון זיינע לידער: „נאָך בעסער האָבן זיי אין דער מאָדע געבראַכט, אַז פון קינדהייט ווערט שוין דאָס אידישע פאַראַכט. דאָס קינד זאָל ריידן אידיש איז פאַר זיי אַ שאַנד, די גוישע דינסט לאָזט עס ניט אָפּ פון האַנט; די דינסט רעדט דערמיט גויעש פאָר און פאָרט, און די עלטערן ריידן נישט דערצו קיין אידיש וואָרט".

**שוועבער אליהו**, געבוירן אין פשעמישל, האָט שטודירט אין פשעמישלער גימנאַזיע און געענדיקט אין לעמבערגער אוניווערזיטעט אויף דר. יורי. ער איז געווען איינער פון די מיטגרינדער און וויכטיקסטע טוער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (גאַליציאַנער „בונד") און איינער פון די איבערגעבנסטע אָנהענגער און קעמפער פאַר דער אידישער שפּראַך אין גאַליציע. אַלס זשורנאַליסט האָט ער זיך באַטייליקט קודם אין פּוילישע זשורנאַלן און צייטונגען, און אין 1907 אָנגעהויבן שרייבן אידיש אין די אידישע סאָציאַל דעמאָקראַטישע אויסגאַבעס פון גאַליציע. ער האָט געשריבן פּאָליטישע, פּובליציסטישע און ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען, האָט אויך מיטגעאַרבעט אין די ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן און אין בונדישן זאַמלבוך „צייטפראַגן".

**שוסהיים אַהרן לייב**, געבוירן אין יולי 1878 אין ראַדימנאַ (רעדעם) אין אַ פרומער משפּחה, האָט נאָכן חדר געלערנט אין ישיבה. צו 14 יאָר איז ער אַוועק אויף דער לער, אין 1897 געענדיקט די לערן־צייט און אַוועק אויף דער וואַנדערשאַפט. ער איז געקומען אַלס וואַנדערגעזעל קיין בראָד, קראָקע און ווין. עס האָט איהם אויך געצויגן קיין פּאַריז און לאָנדאָן, נאָר די פּרייסישע פּאָליציי האָט אים געשטערט די דורכרייזע. אין קראָקע האָט שוסהיים זיך באַקאַנט מיט דער פּועלי ציוניסטישער באַוועגונג 1905 און אָנגעהויבן טעטיק ווערן אין איר. אויפן צווייטן יאָר האָט ער איבערגענומען די רעדאַקציע פונעם פּאַרטיי־אָרגאַן „דער יודישער ארבייטער". צו גלייכער צייט האָט ער מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע אידישע אויסגאַבעס אין גאַליציע און געווען אויך קאָרעספּאָנדענט פון ניו־יאָרקער „וואַרהייט". אין 1907 האָט ער זיך באַזעצט אין סטאַניסלאַוו און דאַ האָט ער אין 1911 איבערגענומען די רעדאַקציע פונעם וואָכנבלאַט „דער יוד", וועלכער איז דורך אים אָנגעפירט געוואָרן אין אומפּאַרטייאישן דעמאָקראַטישן גייסט. אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק קיין ווין און דאָ מיטגעאַרבעט אין דער „מאָרגנצייטונג", ארויסגעגעבן פון מ. נ. ראַקער. זיינע אַרטיקלען איבער די פאַרברעכנס פון דזשעמאַל פּאַשאַ אין ארץ ישראל זענען איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער נייטראַלער און אַפילו פיינטלעכער פּרעסע. אין 1915 איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מלחמה און געבליבן אין מיליטער־דינסט ביזן סוף קריג. ער האָט דערנאָך געגרינדעט אין סטאַניסלאַוו אַן אומפּאַרטייאישע האַלבוועכנטלעכע אויסגאַבע „דאָס יודישע וואָרט", וועלכע איז אָבער דורך דער אָקראַאינישער מאַכט נאָך דריי חדשים דערשיינען געשלאָסן געוואָרן. סוף 1926 האָט שוסהיים אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע און דאָ איז ער אַריין אַלס מיט־רעדאַקטאָר

אין „די אידישע צייטונג". ער פארנעמט זייער אן אנגעזעענעם פלאץ סיי אלס זשורנאליסט און סיי אלס געזעלשאפטלעכער טוער. באזונדערס טעטיק איז ער אין דער פועלי ציון פארטיי. אין פארשידענע צייטן איז ער אויך געווען פארזיצער פונעם ליטעראטן און זשורנאליסטן פאריין ה. ד. נאמבערג. ער איז אויך קארעספאנדענט פון דער אידישער טעלעגראפן אגענטור „איטא".

**שור שאר אנשל**, געבוירן אקטאבער 1871 אין זלאטשאוו, האט געלערנט אין חדר און ישיבה, און בגנבה אויך פויליש און דייטש. ער איז געווען שפעטער איינער פון די גרינדער פון א סאציאליסטישן פאריין „סילא" און געשריבן פאר די מיטגלידער פון פאריין א פיעסע „די שבועה ביי דער רויטער פאן", האט אליין רעזשיסירט און אויך געשפילט די הויפט ראל ביי דער אויפפירונג פון זיין ערשטער שאפונג. ווען יעקב פ. אדלער האט אריבערגענומען 1890 גימפעלס טעאטער טרופע קיין ניו־יארק, האט ער אויך מיטגענומען שארן, און דער לעצטער איז געווען קודם א סופליאר, דערנאך שוישפילער. עס האט אים אבער געצויגן צוריק אהיים און האט זיך אומגעקערט צו די עלטערן. לאנג אבער האט ער שוין נישט געקאנט בלייבן זיצן אויף אן ארט. געצויגן האט אים צום טעאטער. ער האט זיך ארויסגע'גנבעט פון פאטערס הויז און אוועק מיט א טרופע איבער גאליציע און רומעניע, האט אנגעשריבן די פיעסע :קאפיטאן דרייפוס" און זיין טרופע האט זי אויפגעפירט מיט גרויס דערפאלג. נאכן איומוואנדערן מיט טעאטער־טרופעס איבער בוקאווינע, בולגאריע און טערקיי, איז ער 1900 צוריקגעקומען קיין ניו־יארק און דא געווארן געהילפסרעזשיסער און צו גלייכער צייט געשריבן לידלעך („ליריקס") פאר די אפערעטעס. אין 1904 האט ער אנגעשריבן צוזאמען מיט זיין חבר משה שאר די קאמישע אפערעטע „א מענטש זאל מען זיין", וואס האט געהאט גרויס דערפאלג. דערנאך האט ער פארפאסט די אפערעטע „איר ערשטע ליבע" און פאר דער בארימטער סוברעטן דארא וויסמאן (זיין שפעטערדיקע פרוי) האט ער אנגעשריבן „דאס מיידל פון דער וועסט". מיט דער צייט איז אנשל שאר געווארן טעאטער אונטערנעמער און פיעסן־שרייבער און אנגעשריבן א פאר צענדליק פיעסן, מיט וועלכע ער האט באריזט די וועלט און אויך געווען אין ארגענטינע אין 1933 און געשפילט מיט גרויס דערפאלג אין טעאטער „ארכענטינא". ער איז געשטארבן דעם 1־טן יוני 1942.

**שור ברוך**, געבוירן 1823 אין לעמבערג, איז צו 9 יאר אנגעקומען פאר א משורר צו א חזן און צו בר מצוה איז ער צום ערשטן מאל אויפגעטרעטן פארן עמוד מיט גרויס דערפאלג אין דער לעמבערגער שטאטישער שיל. זייענדיק שפעטער משורר אין יאס האט ער חתונה געהאט און זיין רייכער שווער האט אים געשיקט שטודירן מוזיק. צו 18 יאר האט ער אנגעשריבן זיינע „סליחות", און האט בכלל געמאכט קאמפאזיציעס וואס זיינען באלד בארימט געווארן. נאכן אפזיין פארשידענע צייטן חזן אין איניקע הויפטשטעט איז ער איינגעלאדן געווארן אלס חזן אין דער לעמבערגער שטאטישער שיל און דא איז ער געווען זייט 1859 א צייט פון 31 יאר חזן. אין 1890 האט ער אנגעשריבן פארן לעמבערגער אידישן טעאטער אן אפערעטע „שמשון הגבור" וואס איז אויפגעפירט געווארן מיט גרויס דערפאלג. דורך א רוגז מיטן רב ר' איטשעניו עטינגער איז ער אוועק קיין נארד־אמעריקע אין זעלבן יאר און געווען פינף יאר חזן אין ניו־יארק. ס'איז דערנאך געקומען פון לעמבערג א ספעציעלע דעלעגאציע קיין ניו־יארק צו בעטן אים זיך אומצוקערן און שור איז געווארן ווידעראמאל

חזן אין דער שטאָטישער שיל פון לעמ־בערג. צוויי יאָר האָט ער דאָרט נאָך גע־דאַוונט און אין אחרון של פסח 1897 ביים זינגען זיין קאָמפּאָזיציע „ומפני חטאנו" איז ער ביים עמוד געפאַלן טויט. זיין לויה איז געווען אַזעלכע וואָס גאַליציע האָט קיינמאָל נאָך נישט געזען. זיינע ימים נוראימדיקע קאָמפּאָזיציעס זיינען דערשי־נען אין בוך־פאָרם אונטערן טיטל „ניגונית ברוך שור". אַלע זיינע זעקס זין זיינען חזנים.

**שטאָק פראַדל**, געבוירן 1890 אין סקאַלע און צו 17 יאָר אריבערגעפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע, וואו זי האָט 1910 דעבו־טירט מיט אַ ליד און באַלד אָנגעהויבן שריי־בן פאַר פאַרשידענע נאָרד־אַמעריקאַנער אידישע צייטונגען און זשורנאַלן. אין בוך־פאָרם איז דערשינען אַ זאַמלונג פון אירע דערציילונגען. צאַרטע עמפּפינדונג, שטי־מונג, שיינקייט, שטילע פאַרבענקטע מעלאָ־דיען, דאָס זיינען די גרונדטענער פון איר שאַפן. פרעכטיקע בילדער געשטיקט אויף זייד, געמאָלן אויף פיינעם פאָרצעלאַן, פון אַ געניטער און זיכערער פרויען־האַנט. זי האָט אויך געשריבן אַ ראָמאַן אין ענגליש, און איניקע פון אירע לידער זיינען איבער־זעצט געוואָרן אין ענגליש.

**שטאַרקמאַן משה** (יוחנן), געבוירן סעפּטעמבער 1906 אין מאָסטי וויעלקי, זשאָלקאָווער באַצירק, דערצויגן ביז זיבן יאָר אין אַ דאָרף אין די קאַרפּאַטן, וואו דער פאָטער האָט געהאַט אַ שענק, דערנאָך באַ־זוכט שול און חדר אין זשאָלקיעוו. אין 1920 איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק און דאָ דורכגעמאַכט די הויכשול און דעם אידישן לערער סעמינאַר. שרייבן האָט ער אָנגעהוי־בן 1922 און געדרוקט אין פאַרשידענע אויס־גאַבעס דערציילונגען, אַרטיקלען, פע־ליעטאָנען און קינדער־מעשהלעך. צו גליי־כער צייט האָט ער קאָרעספּאָנדירט פון ני־יאָרק אין לעמבערגער טאָגבלאַט.

**שטערנבערג פייוול**, געבוירן 1886 אין קאָלאָמיי, שטודירט אין ווינער אוני־ווערזיטעט און באַקומען דעם טיטל דר. יו־רי. אויפן זשורנאַליסטיש־ליטעראַרישן גע־ביט האָט ער זיך באַטייליקט מיט מיטאַר־בעטונגען אין פּועלי־ציוניסטישן אָרגאַן „דער אידישער אַרבעטער", אין בונדישן וואָכנבלאַט „די פרייהייט" און צולעצט אין דער „ווינער מאָרגענצייטונג".

**שטערנהיים נחום**, געבוירן 1879 אין זשעשאָוו (ריישע), ביז 17 יאָר גע־לערנט אין ישיבה דערנאָך זיך באַטייליקט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע און אויך טע־טיק געווען אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג אין זיין געבורטסשטאָט. שרייבן האָט ער אָנגעהויבן אין לייבל טויבישעס „וואָכענ־בלאַט", באַלד אָבער, אין 1908, אַוועקגע־פאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע וואו ער האָט גע־אַרבעט אין אַ שאָפּ און גלייכצייטיק אויפ־געטרעטן אַלס רעדנער און פאָלקס־דיכטער. אַרום 1912 האָט ער זיך אומגעקערט קיין גאַליציע און דאָ אויסגעוואַקסן צו אַ גרוי־סן פאָלקס־דיכטער, שאַפנדיק נישט בלויז ווערטער, נאָר אויך מוזיק פון צענדליקער און צענדליקער לידער. ער האָט אויך באַ־רייזט גאַליציע מיט רעפעראַטן איבערן אי־דישן פאָלקס־ליד.

**שינדלער אליעזער** (ליפּמאַן), גע־בוירן 1892 אין טיטשין און נאָכן דורכ־מאַכן די פאָלקס־שול אַוועק מיט די עלטערן קיין מינכען און דאָ געלערנט אין אַן עלעק־טראָטעכנישער שול. דאָ האָט ער געגרינ־דעט אַ מזרח־אידישן פאַראיין, און אויך אָנגעהויבן אָנפירן אַ געזעלשאַפטלעך לעבן אויף פראָכטע מאַמע־לשון. ער האָט אָנגע־הויבן שרייבן לידער און זיי זיינען פאַר־

עפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשידענע אידי־שע אויסגאַבעס און אויך אין בוך־פאָרם, אַרויסגעגעבן 1917 אין בערלין.

**שיפּער יצחק** (איגנאַץ), געבוירן נאָוועמבער 1884 אין טאַרנאָוו, ביז 16 יאָר געלערנט אין ישיבה און באַזוכט די גימנאַ־זיע אין טאַרנאָוו און דעם אוניווערזיטעט אין קראָקע, דערנאָך אין ווין, און 1917 באַקומען דעם טיטל דר. יורי. שוין אַלס גימנאַזיסט האָט שיפּער זיך אינטערעסירט מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און גע־גרינדעט די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין גאַליציע. אין 1903 איז ער צוגעשטאַ־נען צו דער פּועלי־ציון פּאַרטיי און געווען אויך מיטגליד פונעם צ"ק. און אויך מיט־געאַרבעט אין אַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער אָרגאַ־ניזירט אין קראָקע אַ אידישן נאַציאָנאַל־ראַט און אַ אידישן זעלבסטשוץ רעגימענט, וועלכער האָט סוף 1918 בשעת דער פּאָ־גראָם־כוואַליע אין גאַליציע, פאַרטיידיקט די אידן אין קראָקע, אָשוויענצשים, קשאַנאָוו, בזשעסקאָ און אַנדערע ערטער. אין 1919 איז ער אַריין אַלס דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים, און זיך באַזעצט אין וואַרשע. נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּוע"צ פּאַרטיי איז ער אַריבער צו די רעכטע, און אין 1922 האָט ער איבערגעריסן אויך מיט די רעכטע און זיך אָנגעשלאָסן צו די אַלגעמיינע ציו־ניסטן. זיין ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן נאָך אין 1902 מיט אַן אַרבעט אין „מאָריאַה" אי־בער „קאַזשמיערזש דעם גרויסנס געזעצגע־בונג פאַרן אידן" און דערנאָך מיטגעאַרבעט אין צענדליקער וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן אין דייטש, פּויליש און אידיש. אייניקע פון זיינע ווערק זיינען אויך דערשינען אין בוך־פאָרם.

**שמערלער א.**, געבוירן 1883 אין סאַלאַטווינע און 1902 אויסגעוואַנדערט מיט די עלטערן קיין נאָרד־אַמעריקע. אין 1914 האָט ער זיך באַזעצט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע און דאָרט שטודירט כעמיע אין אָרטיקן פּאָליטעכניקום. אין זעלבן יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט די ערשטע אַרטיקלען אין „אידישן זשורנאַל" איבער אַרבעטער־פראַ־גן. דערנאָך האָט ער מיטגעאַרבעט אין פאַר־שידענע וואָכנבלעטער און טאָג־צייטונגען פון קאַנאַדע און נאָרד־אַמעריקע. ער האָט אויך געמאַכט אַ סך איבערזעצונגען פון ענגליש און דייטש.

**שמערלער אליהו**, געבוירן 1873 אין בראָדשין און שטודירט אין ווין 1893־1895 זיך צוגרייטנדיק צום ראַבינער־סע־מינאַר, אָבער ער האָט איבערגעריסן דעם שטודיום איבער פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן. אין 1900 איז ער געקומען קיין נאָרד־אַמע־ריקע. אפן ליטעראַרישן געביט האָט ער שוין אַלס 16 יעריק אינגל אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע פון ר' אברהם דוב, מחבר פון ספת דעת קדושים, אַרויסגעגעבן אין לעמ־בערג 1890. ער האָט אויך געדרוקט מאמרים און שירים אין פאַרשידענע אויס־גאַבעס אין יאַס, און אידישע לידער געשרי־בן אין נאָרד־אַמעריקע, אין דייטש האָט ער אָנגעשריבן אַ ראָמאַן פון היסטאָרישן כאַ־ראַקטער פון דער צייט פון הורדות, גע־דרוקט אין ווין.

**שנייד יחיאל**, געבוירן 1884 אין גראָדעק, נעבן לעמבערג. זיינע ערשטע לי־טעראַרישע אַרבעטן זיינען געווען אין העב־רעאיש, און שפּעטער (אַרום 1905) האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אויך אין אידיש, און האָט מיטגעאַרבעט אין מערערע העברעאי־שע און אידישע אויסגאַבעס אין גאַליציע. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך פון פּאָ־פּולערער אַסטראָנאָמיע אונטערן טיטל „די וועלט".

**שעכטער בנציון**, געבוירן אָקטאָבער 1891 אין אבערטין. האָט געלערנט אין חדר, אין דער באַראָן הירש שול און אין פאַרשידענע ישיבות. אין 1908 איז ער געקומען קיין ווין און דורכגעמאַכט פיר קלאַסן רעאַל גימנאַזיע. שפּעטער געקומען קיין טשערנאָוויץ און געווען טעטיק אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג און געשריבן אין פאַרשידענע אויסגאַבעם. אין 1923 איז ער געקומען קיין אַרגענטינע און פאַרעפנטלעכט אין „די פּרעסע" און אינעם וואָכנבלאַט „פאַר גרויס און קליין" בילדלעך, חסידישע מעשהלעך און אַרטיקלען, און האָט אויך צוזאַמען מיט ל. מלאך אַרויסגעגעבן אַ צוויי־וואָכנבלאַט „דער אימיגראַנט". אַ שטיק צייט האָט ער געוואוינט אין אורוגוואַי און געווען דאָרט מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל „די אידישע עמיגראַציע". ב. שעכטער איז באַקאַנט געווען אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער אין אַרגענטינע און ביי אין אורוגוואַי.

**שעכנער אליעזר**, געבוירן 1882 אין יאַנאָוו טרעמבאָווילסקי, שטודירט אינעם לערער־סעמינאַר פון טאַרנאָפּאָל און געוואָרן לערער אין לעמבערג. ער האָט געשריבן אַ סך אין די זשורנאַלן „דאָס קינד" און „פאַר אידישן קינד", געשריבן די ביאָגראַפיעס פון אידישע שריפטשטעלער אין פּויליש־אידישע אויסגאַבעם און אויך אַרויסגעגעבן אַ אידישע געשיכטע פאַר שול־קינדער אין פּויליש.

**שענבאך אברהם**, געבוירן מערץ 1883 אין סאַנאָק און באַקומען אַ חסידישע דערציאונג, אָבער אויך געלערנט פרעמדע שפּראַכן. צו 18 יאָר האָט ער חתונה געהאַט. זייט 1899 האָט ער אָנגעהויבן שרייבן מאמרים און אַרטיקלען אין העברעאיש, אידיש און דייטש פאַרן בודאַפּעשטער „אידישן טאַגעבלאַט" און „אַלגעמיינע אידישע צייטונג", טשערנאָוויצער „אידישע נאַכריכטן", פּראַגער „יונגיודא", פראַנקפורטער „איזראַעליט", קראָקויער „המצפה" און אַנדערע אויסגאַבעם.

**זשענירער שרה**, געבוירן 1883 אין קראָקע, איז אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק קיין ווין און דאָרט געגרינדעט אַ רעליגיעזן דערציאונגס־אַנשטאַלט פאַר אידישע טעכטער. אין 1918 איז זי צוריקגעקומען קיין קראָקע און דאָ געעפנט אַן אָרטאָדאָקסישע שול אונטערן נאָמען „בית יעקב", וואו זי איז אַליין געווען די לערערן. שפּעטער מיט צוויי יאָר האָט די שול געהאַט 280 שילערינס און באַלד טאַקע האָט די אגודה איבערגענומען די שול. דערנאָך האָבן זיך אַזעלכע שולן געגרינדעט אין אַ גרויסער צאָל שטעט און שטעטלעך פון פּוילן. שרה זשענירער האָט מיטגעאַרבעט אין מערערע אָרטאָדאָקסישע זשורנאַלן און אויך אַרויסגעגעבן קליינע ביכלעך לידער און קינדער־פּיעסן פון אָרטאָדאָקסישן כאַראַקטער.

**שעהנפעלד ראָזע** (שושנה), געבוירן 1884 אין דראָהאָביטש. זי האָט געלערנט אין חדר חומש מיט רש"י און תנ"ך, און אויך געלערנט דייטש, פּויליש און אידיש. נאָך אין דער יוגנט האָט זי זיך אויסגעצייכנט אַלס בריוו־שרייבערן פאַר כלה־מיידלעך און פרויען צו זייערע מענער אין אַמעריקע. זי האָט אויך פאַרפאַסט לידער, וואָס בדחנים האָבן באַנוצט צו חתונות. אין 1912 האָט זי דעבוטירט אין לעמבערגער „טאַגבלאַט" מיט אַ דערציילונג און אין זעלבן יאָר איז זי אַוועקגעפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע. דאָ האָט זי אַלס מאַמע פון קינדער און שטוב־באַלעבאָסטע אָפּט אָפּגעריסן צייט אויף צו שרייבן סקיצן און דערציילונגען פונעם אידישן לעבן אין דער אַלטער היים און אין נאָרד־אַמעריקע און זיי פאַרעפנטלעכט אינעם „מאָרגן זשורנאַל", „טאַ־

געבלאַט", „אַמעריקאַנער", „פרייהייט",
„פרויען זשורנאַל" און אַנדערע צייטונגען.
זי האָט אויך אין בוך־פאָרם אַרויסגעגעבן
„בילדער פון לעבן".

**שערלאַג מאַרעק**, געבוירן 1878 אין
באָראסטקאָוו, געקומען אין עלטער פון 8
יאָר קיין ווינאָדאַ נעבן דאָלינאַ, דערנאָך
באַזוכט די גימנאַזיע אין סטרי און שטו־
דירט אין ווין יוריספּרודענץ. ער האָט פאַר־
עפנטלעכט דריי ביכער אין דייטש „אין
דער פרעמדע", „איינזאַמקייט" און „היי־
מאַטערדע". ער האָט אויך געשריבן לידער,
אַרטיקלען, נאָוועלן, עסייען, סקיצן און רע־
צענזיעס אין פאַרשידענע ווינער טאָגבלע־
טער און צייטשריפטן. ער האָט אויך גע־
שריבן פּויליש.

**שפּירן צבי**, געבוירן 1893 אין טאר־
נאבזשעג. האָט שטודירט אין אַ האַנדלס־
שול און געוואָרן בוכהאַלטער אין אַ באַנק.
שוין אָנהויב 1910, אַלס סטודענט נאָך האָט
ער אָנגעהויבן שרייבן אין קראָקויער „טאָג"
און דערנאָך פאַרעפנטלעכט פעליעטאָנען
און פּובליציסטישע אַרטיקלען אין לעמבער־
גער „טאָגבלאַט", קראָקויער „טאָג" און סאַ־
נאקער „פאָלקס־פריינט" און אַנדערע אויס־
גאַבעס פון גאַליציע. שפּעטער איז ער אוועק
קיין בודאַפּעשט און געוואָרן רעדאַקטאָר פון
דער „אַלגעמיינער יודישער צייטונג", אַ
טאָגבלאַט אין דייטשער שפּראַך אָבער מיט
אידישע אותיות. ער האָט אויך געשריבן אין
ווינער צייטונגען איבער אונגאַרישע פראַגן
און זיינע אַרטיקלען זיינען איבערגעדרוקט
געוואָרן אָפט אין אויסלענדישע צייטונגען.

**שפּריצער אביגדור**, געבוירן מערץ
1898 אין היוניוו, האָט דורכגעמאַכט דעם
חדר און שפּעטער דעם בית מדרש אין דער
אייגענער שטאָט און דערנאָך אין נעמיראָוו,
ראווא און טרעמבאַוולע. דאָרט האָט ער זיך
באַקענט מיט דער וועלטלעכער און נײַ־אי־
דישער און העברעאישער ליטעראַטור. ער
האָט דערנאָך מיטגעמאַכט די ערשטע וועלט־
מלחמה און געווען אַ קורצע צייט אין דער
אינוואַלידן־שול אין ווין. זיין ליטעראַרישע
טעטיקייט האָט שפּריצער אָנגעהויבן מיט
לידער, דערנאָך אויך געשריבן אַן איינאַק־
טער און שפּעטער זיין דראַמאַטישע פּאָעמע
„איוב". ער האָט זיך דערנאָך אומגעקערט
און באַזעצט אין זיין געבורטסשטאָט און
פאַרנעמען דעם אַמט פון דירעקטאָר פון אַ
אידיש־העברעאישער שול, האָט געשפּילט
און אָרגאַניזירט טעאַטער און געווען טעטיק
אין די ציוניסטישע קרייזן. אין 1926 איז
ער געקומען קיין אַרגענטינע און דאָ געווען
סופליאָר, לערער אין אַ איק"א שול אין מאָ־
זעסוויל, דערנאָך אין בוענאָס איירעסער אי־
דישע שולן. ער האָט געדרוקט דערציילונ־
גען, לידער, דראַמאַטישע פּאָעמעס פאַר קינ־
דער אין מערערע בוענאָס איירעסער אי־
דישע זשורנאַלן און אויך אין „די אידישע
צייטונג" און „די פרעסע", וואו ער איז אַ
רייע יאָרן דער אָנפירער פון דער קינ־
דער זייט. צוזאַמען מיט ז. וואַסערצוג האָט
ער צוזאַמענגעשטעלט צוויי כרעסטאָמאַ־
טיעס. אין בוך־פאָרם זיינען אין בוענאָס
איירעס דערשינען שפּריצערס „רות", אַ
דראַמאַטישע פּאָעמע; „מאָרגנפרייד" און
„צידאַלע פידאַלע", קינדער־דערציילונגען
און „דער גאָלדענער פאָדים", אַ בוך זייער
אינטערעסאַנטע דערציילונגען.

**שרענצעל דוד לייב**, געבוירן אָק־
טאָבער 1877 איז זלאָטשאָוו, געלערנט אין
חדר און פאָלקס־שול, געווען דערנאָך אין
מיליטער־דינסט און געקעמפט אויפן אי־
טאַליענישן פראָנט בשעת דער ערשטער
וועלט־מלחמה. שפּעטער זיך אָפּגעגעבן אין
דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג און גע־
שריבן פאַר די פאַרטיי אָרגאַנען. ער האָט
אויך אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג לידער אונ־
טערן טיטל „אויסן האַרצן".

ישראל שרייבער הלוי

# גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן פון גאליציע



גאליציע, איז מער ווי הונדערט פופציק יאר געווען דער גרעסטער אידישער צענטער פון דער געוועזענער עסטרייכיש-אונגארישער מלוכה.

מיטן רוסישן אידנטום פון אונטער דעם צארישן רעזשים, האט אין גאליציע געפעלט יעדער גייסטיקער קאנטאקט און פון דעם אסימילירטן אידנטום פון מערב, האט גאליציע זיך באמיט נישט צוצולאזן קיין פאזיטיווע השפעה און דערפאר האט זיך אין גאליציע געשאפן אן אייגנארטיק קולטורעל-אפגעזונדערט אידיש לעבן, מיט **אייגענע טראדיציעס** און אנשויאונגען.

גאליציע איז געווען א לאנד פון תורה. דא האבן געלעבט און געווירקט אזעלכע וועלט-בארימטע גאונים ווי דער מחבר פון „טורי-זהב", „חכם-צבי", „פני יהושע" און פילע, פילע אנדערע; דא זיינען געווען גרויסע ישיבות, וועלכע האבן ארויסגעגעבן גרויסע לומדים און מחברים פון רבנישע ספרים.

אויך די השכלה האט דא באלד געפונען אירע אנהענגער און זיי האבן אנגעהויבן פירן א שטארקן קאמף פאר וועלטלעכער בילדונג.

דער בארימטער יוסף פערל, האט אין טארנאפאל געגרינדעט די ערשטע וועלטלעכע שולע פאר אידישע קינדער; די באקאנטע משכילים מאיר הלוי לעטערים, דר. יצחק ערטער און אנדערע, האבן אין גאליציע פארשפרייט די אידייען פון דער בערלינער השכלה-עפאכע.

אט-א די השכלה-עפאכע, האט פאר דער אידישער וויסנשאפט ארויסגעגעבן אין גאליציע אזעלכע בארימטע דענקער ווי ר' נחמן קראכמאל און ש. י. ראפאפארט („ש"יר"), וועלכע האבן אויפגערודערט די אידישע וועלט מיט זייערע שאפונגען; פארשטייט זיך, אז עס האט אין גאליציע אויך נישט געפעלט דער שטארקער קאמף פון די רעליגיעזע אידן קעגן די רעפארמאטארן און דער קאמף איז טאקע געווען אזוי שטארק, אז ער האט דערפירט צו דעם געהיימניספולן טויט פון ערשטן ראבינער-פריידיקער, דר. אברהם כהן אין לעמבערג, וועלכן מען האט געפונען א פארסמטן...

גאַליציע, איז אויך דאָס קלאַסישע לאַנד פון חסידות. דאָ האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט דער בעש״ט (ר׳ ישראל בעל שם טוב), פאַרברענגענדיק איינזאַם, אין התבודדות אין די קאַרפּאַטן־בערג, פון וואַנען אויס ער האָט אַנטפּלעקט און אויסגעשפּרייט זיינע מיסטישע כוחות.

אין די גאַליצישע שטעט טשאָרטקאָוו, סאַדאַגורא, הוסיאַטין, בעלז און סאַנדז, זיינען געגרינדעט געוואָרן די באַרימטע רבנישע הויפן, וואָס זיינען געווען ווי פעסטאיינגעפונדעוועטע מלוכות, וואָס האָבן זיך קעגנזייטיק באַקעמפט, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי אַרום זיך פאַראייניקט די אידישע פאָלקס־מאַסן, וועלכע זיינען אין די הויפן גלייכגעשטעלט געוואָרן מיט די באַלעבאַטים און גבירים.

גוואַלדיק איז געווען די השפּעה פון טשאָרטקאָווער הויף, וואָס איז געפירט געוואָרן אויף אַ קעניגלעכן אופן. די טשאָרטקאָווער גזע, וועלכע האָט זיך געיחוסט מיטן אָפּשטאַם ביז צום מלכות בית דוד, האָט פאַר זיך אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ מיט די באַקוועמסטע און מאָדערנסטע לוקסוס־איינריכטונגען, מיט פּראַכטפולע גערטנער און פאָנטאַנען און יעדן טאָג איז דער רבי אַרויסגעפאָרן שפּאַצירן אין זיין ספּעציעלער לוקסוס־קאַרעטע, געשפּאַנט אין זילבערנע שפּאַנען מיט גאָלדענע באַפּוצונגען.

די רבישע פרויען און קינדער, זיינען ווי אמתע פּרינצעסינס, געגאַנגען באַהאָנגען מיט די טייערסטע צירונג פון ברילִיאַנטן און דיאַמאַנטן און ערשט דער טרויעריקער וועלט־קריג פון 1914־18, האָט אַ סוף געמאַכט צו די רבניש־קעניגלעכע הויפן פון סאַדאַגורא און טשאָרטקאָוו; אויך דער רבישער הויף אין הוסיאַטין, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט זיין וועלטלעכער פירונג און אינטעליגענץ, אויך דער הויף איז אונטערגעגאַנגען.

די מלחמה האָט חרוב געמאַכט זייערע רעזידענצן און די רביים האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין ווין און אַפילו קיין אַמעריקע און זיי זיינען געבליבן אַזוי ווי די מאָנאַרכן וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע קעניגרייכן.

פאַרשטייט זיך, אַז ווי לאַנג די חסידישע הויפן זיינען געווען אין זייער גלאָריע, האָבן זיי אויסגעאיבט די גרעסטע השפּעה אויפן אידישן לעבן אין גאַליציע, פונדעסטוועגן, ווי שטאַרק עס איז געווען די חסידישע רעאַקציע קעגן יעדן פּרואוו צו פאַרוועלטלעכן דאָס אידישע לעבן, האָט איר גרויסער כוח דאָך נישט געקאָנט אויפהאַלטן די שטאַרקע כוואַליע פון בילדונג, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין די אידישע מאַסן. דער פרייער צוטריט פאַר אידן צו די העכסטע בילדונגס־אַנשטאַלטן פון לאַנד און דערצו נאָך, דער געזעץ פון דער עסטרייכישער מאַכט, אַז די עלטערן מוזן שיקן זייערע קינדער אין די אַלגעמיינע לאַנדעס־שולן, האָט דערפירט דערצו, אַז יעדער קאַמף קעגן בילדונג, איז געוואָרן האָפענונגסלאָז. אידישע בחורים האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער אָנגעהויבן פאַרלאָזן די קלויזן און ישיבות און פון בטלנישע באַנק־קנייטשער, זיינען זיי שנעל געוואָרן אוניווערזיטעטס־סטודענטן און פון אַט־אָ דער קאַמפּס־צייט זיינען אַרויס אַזעלכע אידישע געלערנטע ווי — פּראָפ. דר. חיות, פּראָפ. ניימאַרק, דר. טהאָן און דר. ערנפרייז און צו דער גרופּע געהערן אויך פּראָפ. דר. שאָר, דר. שמעון בערנפעלד, דר. מ. באַלאַבאַן און דר. י. שיפּער און אַנדערע.



די שיל אין זשאָלקיעוו, געבויט אין יאָר 1635, לויט דער דערלויבעניש און פולער שטיצע פון קעניג יאַן סאָביעסקי. — די שיל האָט אויך געדינט אַלס פעסטונג קעגן די טאַטע־רישע איבערפאַלן אין יענער צייט און אויפן דאַך זעט מען נאָך די רערן פון די קאַנאָנען.

די גאָלדענע קייט פון אידישע לומדות און וויסנשאַפט, וואָס האָט געצויגן די ערשטע גייסטיקע יניקה פון גאַליציע, איז נישט ווייניק באַווירקט געוואָרן פון דעם נעסטאָר פון דער העברעאישער ליטעראַטור, ווי מ. ד. בראַנדשטעטער און ראובן ברוי־דעס און אויך דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז אין גאַליציע איז געשטאַנען די וויג פון אידישן טעאַטער, וואָס האָט דורכגעמאַכט די אַנטוויקלונג פון די „בראָדער זינגער" איבער גאָלדפאַדן, ביז צום מאָדערנסטן אויסדרוק פון טעאַטער־קונסט.

מיט גאָלדענע אותיות איז אויך פאַרשריבן דער באַרימטער אידישער קינסטלער פון גאַליציע — אפרים משה ליליען, אין דער געשיכטע פון דער אידישער מאָלער קונסט.

צופיל צייט און צופיל פלאַץ וואָלט פאַרנומען, אויסצורעכענען אַלע געלערנטע וואָס גאַליציע האָט אַרויסגעגעבן און נאָך מער צייט און פלאַץ וואָלט געמוזט פאַר־נעמען, צו שרייבן זייערע ביאָגראַפיעס; וויל איך זיך איצט דעריבער באַגניגן, מיט שילדערן אין קורצע שטריכן, ביאָגראַפישע דאַטן פון איינעם פון די גאַליציאַנער אָנ־געזעענסטע אידישע דענקער און פילאָזאָפן, מיט וועלכן די וועלט פון וויסנשאַפט האָט זיינער צייט שטאָלצירט און וועט נאָך אין אַלע ליכטיקע צייטן פאַר דער מענטש־הייט — שטאָלצירן.

דאָס איז דער פּיאָנער פון אידישער השכלה און וועלטלעכער בילדונג — ר׳ נחמן קראָכמאַל ע״ה.

ר׳ נחמן קראָכמאַל איז געבוירן געוואָרן אין בראָד, דעם 17־טן פעברואַר 1785, (ז׳ אדר תקמ״ה).

זיין פאָטער ר׳ שלמה, איז געווען איינער פון די גרויסע בראָדער סוחרים און זיינע געשעפטן האָבן געפאָדערט, אַז ער זאָל עטלעכע מאָל אין יאָר פאָרן קיין בערלין און זייענדיק אין בערלין, האָט ר׳ שלמה זיך פאַראינטערעסירט מיט דער מאָדערנער וויסנשאַפט און ער איז געקומען אין קאָנטאַקט מיט דער סביבה פון ר׳ משה מענדלסאָן און יעדעס מאָל ווען ער איז צוריקגעקומען אַהיים צו זיינע געשעפטן, האָט ער פאַר דעם קליינעם נחמן דערציילט וועגן די בערלינער אידישע פילאָזאָפן און מיט באַגייסטערונג האָט ער גערעדט וועגן זייער גרויסער חכמה.

זייענדיק אַ גרויסער עושר, האָט ר׳ שלמה נישט געזשאַלעוועט, ער האָט פאַר נחמנען געהאַלטן די בעסטע מלמדים וואָס האָבן מיט נחמנען געלערנט גמרא און פּוסקים, (קיין אַנדערע זאַכן האָט מען דעמאָלט אין בראָד נישט געלערנט און קיין לערער פאַר אַנדערע לימודים איז דאָרט אויך נישט געווען) און שנעל איז נחמן באַקאַנט געוואָרן אַלס גרעסטער עלוי פון דער געגנט און צו 14 יאָר האָט נחמן חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם רייכן זשאָלקיעווער סוחר האבערמאַן.

נישט האָבנדיק קיין דאגות־פּרנסה, האָט דער יונגער נחמן זיך ערשט אויף רעכט אַ נעם געטאָן צום לערנען און קיין התמדה האָט נישט געפעלט און אַ שאַרפן קאָפּ האָט ער געהאַט, האָט ער אָנגעהויבן קוקן אַביסל טיפער און אַביסל ווייטער פון גמרא און פּוסקים, עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ שווער שטיקל „אבן־עזרא״, אַביסל „מורה נבוכים״ און באַקומענדיק אַ חשק זיך צו באַקענען אויך מיט וויסנשאַפטן פון אַנדערע שפּראַכן, האָט ער אָנגעהויבן לערנען דייטש.

צוליב דער. שטאַרקער קעגנערשאַפט פון די פרומע אידן צו משה מענדלסאָן, איז דעמאָלט אין בראָד די דייטשע שפּראַך געווען טרפה און די פרומע אידן האָבן באַלד אָנגעהויבן רעדן קעגן האבערמאַנס איידעם, אַז ער איז אַראָפּ פון גלייכן וועג, אַז ער קוקט אין אַפּיקורסישע ספרים און ווער ווייס וואָס עס קאָן פון אים נאָך ווערן... די פרומען אידן האָבן צוערשט אויסגעפּאַקט זייערע טענות צו האבערמאַנען, צו נחמנס שווער און יענער האָט נחמנען געמוסרט; אָבער זעענדיק אַז דעם שווערס רייד העלפן נישט, האָבן די פרומע אידן זיך אַליין גענומען אים מוסרן און נחמן האָט געליטן פון זיי גרויסע צרות, אָבער, האָט נחמן שוין פאַרזוכט די ערשטע פרוכט פון עץ־הדעת, האָט ער זיך שוין נישט געקענט אָפּזאָגן ווייטער צו געניסן פון די פיינע פּירות און ער האָט טראָץ אַלע שוועריקייטן ווייטער געלערנט און מיט נאָך גרעסערן פלייס און שטאַרקערער התמדה און אַזוי האָט ער זיך פאַרפולקאָמט אין דער דייטשער שפּראַך. געלייענט לעסינגס און מענדעלסאָנס ווערק און אַמליבסטן האָט ער שטודירט דעם גרויסן פילאָזאָף קאַנט און ער האָט אויך זייער ליב געהאַט צו שטודירן די ווערק פון די דריי גרויסע דייטשע פילאָזאָפן פיכטע, העגעל און שעלינג. און וויסנדיק, אַז ער קען שוין גענוג די דייטשע שפּראַך, האָט ער זיך ערשט גענומען שטודירן לאַטיין און פראַנצויזיש און מען קאָן זיך פאָרשטעלן ווי שנעל ער האָט פּראָגרעסירט אין זיינע שפּראַך־סטודיומס, אַז אין אַ קורצע צייט שפּעטער, האָט ער שוין געלייענט פראַנ־

צווישע און לאַטײנישע ביכער אין אָריגינאַל און ער האָט זיך באַקענט מיט די פילאָזאָפן־קלאַסיקער אין זײערע אָריגינעלע שפּראַכן.

אָבסל שפּעטער, שרײבט נחמן אין אַ בריוו צום באַרימטן רב ראַפּאַפּאָרט, אַז ער האָט זיך איבערצײגט, אַז מען קאָן נישט קענען גוט לשון־קודש, אויב מען קען נישט אויך אַראַביש און סיריש און נחמן האָט זיך טאַקע אַ נעם געטאָן לערנען די צװײ שפּראַכן.

און אַזוי, לערנענדיק און פאַרטיפנדיק זיך אין דעם לערנען, זײנען פאַמעלעך אַריבער די צען יאָר קעסט בײ זײן שווער.

אין משך פון די צען זאָרגלאָזע יאָרן, האָט נחמן באַוויזן צו לײגן אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר זײן װײטערדיקן לערנען, אָבער אַזוי ווי ער איז בטבע געווען אַ שוואַך־געבויטער, איז ער פון די צען יאָר גײסטיקע אָנשטרענגונגען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ער איז קראַנק געוואָרן און דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן פאָרצוזעצן מיט זײנע שטודיומס, און מען האָט אים געראָטן צו בײטן די לופט און ער איז געפאָרן קײן לעמבערג.

אין לעמבערג האָט זיך נחמן אָנגעהויבן פילן אַ סך בעסער און די געלערנטע אידן אין לעמבערג, האָבן זיך געזאַמלט אַרום אים און אויפגעכאַפּט זײנע באַלערנדיקע ווערטער און צווישן די צוהערער, האָבן זיך געפונען — יצחק ערטער, שמעון בלאָך און דער גרעסטער פון זײ איז געווען — ר׳ שלמה לײב ראַפּאַפּאָרט, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אײנער פון די הויפּט־אויטאָריטעטן, כמעט אַזוי גרויס ווי זײן רבי — ר׳ נחמן קראָכמאַל.

פּראָפ. גרעץ באַצײכנט ראַפּאַפּאָרטן אַלס קראָכמאַלס תלמיד, ווײל קראָכמאַל האָט פאַר זײ געהאַלטן זײנע פאָרלעזונגען, שפּאַצירנדיק אין וואַלדיקע געגנטן הינטער דער שטאָט.

— אַזוי האָט נחמן קראָכמאַל געלערנט מיט זײנע תלמידים גײענדיק. די בײמער האָט ער געהאַלטן פאַר שומרים, וואָס לאָזן נישט צו דעם רויש פון שטאָט און נישט די תאווה צו געלט און אַפילו נישט צו ליבע, נאָר האַלטן אָפּגעזונדערט אַזוי, אַז נאָר דער גײסט זאָל זײן טעטיק...

אינגאַנצן געזונט איז קראָכמאַל אין לעמבערג נישט געוואָרן. ער איז אויף אײביק געבליבן בלאַס און מיט אַ קרענקלעכן אויסזען און נאָך זײן שווערס טויט, האָט זיך זײן מאַטעריעלע לאַגע פאַרערגערט און נאָך ערגער איז זי געוואָרן, ווען אויך די שוויגער איז געשטאָרבן.

דאָס קעסט־קינד האָט פּלוצלינג געמוזט אַריבער אויף אײגענע קעסט און אָנהויבן זאָרגן פאַר פּרנסה, אָבער דער גרויסער פילאָזאָף מיט דעם שאַרפן מוח, איז געווען אַ קלײנער סוחר. נחמן האָט זיך געמוזט מוטשען בײ פאַרשידענע מסחרים וואָס האָבן אים נישט געגעבן אויף צו לעבן און אַ קורצע צײט שפּעטער איז אים די פרוי געשטאָרבן.

אַ פרײנט זײנעם, וועלכער איז געקומען אים בעטן ער זאָל אים דערקלערן עפּעס אַ פילאָזאָפישן ענין, האָט נחמן קראָכמאַל דעמאָלט געענטפערט:

— לײדער קאָן איך אײך יעצט מער נישט דינען מיט וויסנשאַפטלעכע אויפקלע־

רונגען, איך בין פריצייטיק געוואָרן כמעט אַן אַלטער מאַן, מיינע האָר זיינען גרוי, מיין גוף — פאַרצערט און צעבראָכן; מיין הויז איז וויסט, מיין טאָכטער וועט קורצ־לעך החתונה האָבן און מיך פאַרלאָזן, מיין זון מיז זוכן פרנסה און בלויז מיין צען־יעריק אינגל בלייבט מיט מיר (דאָס אינגל איז געווען דער שפּעטער באַרימטער געלערנטער ר׳ אברהם קראָכמאַל) און איך בין דאָך עלנט און שוואַך...

פונדעסטוועגן, כאָטש ער האָט אַ סך געליטן, האָט ער נישט אויפגעהערט לער־נען אַליין און אויך אַנדערע. גוטע פריינט האָבן אים געשאַפן אַ גרויסע קהילה וואָס האָט אים אויפגענומען אַלס רב און שפּעטער האָט ער אפילו באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער בערלינער קהילה צו ווערן דאָרט רב, אָבער אַזוי ווי דאָס איז געווען פאַר־בונדן מיט אַ גרויסער מחלוקה, האָט ער זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין קיין קרי־געריייען און אָפּגעשוואַכט, ממש קראַנק און מיד, האָט ער פאַרבראַכט אויף אַ פּאָסטן אַלס בוכהאַלטער אין זשאָלקיעווו, פאַר אַ לוין פון 400 ביז 500 גילדן אַ יאָר און אין דער צייט האָט ער אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק „מורה נבוכי הזמן" (דער לערער פאַר די פאַרבלאָנדזשעטע פון דער צייט).

דאָס ווערק האָט בלויז 300 זייטן און איז איינגעטיילט אין 17 קאַפּיטלען, אָבער מיט דעם ווערק האָט זיך ר׳ נחמן קראָכמאַל געמאַכט אומשטערבלעך. מיט דעם ווערק האָט ר׳ נחמן אויפגעבויט אַ פילאָזאָפיע פון אידישקייט און דורכגעשלאָגן אַ וועג אין דעם פינצטערן וואַלד פון אונדזער היסטאָריע, ווייזנדיק אונדז דעם לעבנס-לויף פון אידישקייט; ער האָט אונדז געוויזן די וואָרצלען, דעם שטאַם, די צווייגן, די בלומען און די פירות און פון זיינע לערן פילמ מען די זיסע זאַפטן פון וויסנשאַפט בכלל און פון אידישער וויסנשאַפט און אידישע היסטאָריע בפרט.

די שווערע אַרבעט און אָנשטרענגונגען און דערצו זיינע ליידן, האָבן אויף אים אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן, זיין טאָכטער האָט אים גענומען קיין טאַרנאָפּאָל, זי האָט אים אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, אָבער ער איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער און פונקט אום ראש חודש אָב, איז ער נפטר געוואָרן אויף דער טאָכטערס האַנט.

דער גרויסער געלערנטער לעאָפּאָלד צינז האָט דערויף געזאָגט:

— קראָכמאַל איז געבוירן געוואָרן ז׳ אדר, אַזוי ווי משה רבינו און נפטר געוואָרן איז ער פונקט אין ראש חודש אָב, אַזוי ווי אהרן הכהן — אוהב שלום ורודף שלום...

דאָס זיינען אין קורצן די אָנגעצייכנטע דאַטן פון דעם לעבן און ווירקן פון איינעם פון די גרעסטע פערזענלעכקייטן וואָס האָט באַשיינט און וועט נאָך אויף לאַנגע צייטן באַשיינען דעם אָנדענק פון גאַליציע און פון גאַליציאַנער אידן, וואו זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

לעא האלפערן

# די וויג פון השומר הצעיר אין געוועזן גאליציע



געוועזן איז עס ערגעץ אין דעצעמבער פון יאר 1911 אין טשארטקאוו, אין גאליציע. די שטאט, וועלכע איז באקאנט אין דער אידישער וועלט צוליב דעם בארימטן רבישן הויף, דארף אויך באטראכט ווערן אלס די וויג פון דער חלוצישער יוגנט־באוועגונג: השומר הצעיר.

איך וויל באלד באמערקן, אז איך האב נישט צו דער האנט קיין שום מאטעריאלן, פון וועלכע איך זאל קאנען ארויסנעמען פונקטלעכע דאטן און איך וועל זיך בלויז מוזן פארלאזן אויף מיין זכרון. איך האף אבער, אז די אנדערע חברים, וועלכע זיינען צו יענער צייט אויך געשטאנען ביי דער גרינדונג פון דער דערמאנטער יוגנט־באוועגונג וועלן צוגעבן דאס וואס איך האב עווענטועל פארגעסן צו פארצייכענען, איך וועל זיי אויך דאנקבאר זיין, ווען זיי וועלן עווענטועל ריכטיק שטעלן מיינע פארצייכענונגען, וועלכע האבן זיך אפשר ערגעץ פארווישט אין מיין זכרון.

מיר זיינען דעמאלט געווען סטודענטן פון דער פוילישער גימנאזיע, איינע פון די יונגסטע גימנאזיעס אין גאליציע, אין טשארטקאוו. נישט קוקנדיק אבער אויף איר יונגקייט האט זי שוין באוויזן, ווי אלע פוילישע גימנאזיעס אין גאליציע, צו פארמאגן א שפאר ביסל אנטיסעמיטיזם. געווים האט זי נאך נישט געקאנט קאנקורירן אין דעם פרט מיט דער גימנאזיע פון דער שכנותדיקער שטאט, פון בוטשאטש, אבער מיט דער צייט האט זי זי באוויזן איבערצושטייגן. בכדי לייענער זאלן באגרייפן מיט איין ביישפיל די פיין און מאראלישע יסורים, וועלכע עס איז אויסגעקומען דורכצומאכן און אויסצושטיין דער באוואוסטזיניקער אידישער יוגנט אין יענער צייט, נישט אינעם צארישן רוסלאנד נאר אינעם פרייען עסטרייך און אין גאליציע, ווען די פאליאקן האבן געהאט אויטאנאמיע, איז גענוג צו זאגן:

אז דער שרייבער פון די שורות האט אין זיין לעבן מיטגעמאכט פארשידנס און דערביי אויך די מלחמה פון 1914 און פונדעסטוועגן איז פאר מיר דער ערגסטער

חלום, ווען עס חלומט זיך מיר אַמאָל, נישט די מלחמה־צייט, נאָר די גימנאַזיאַל־באַנק, דאַן בין איך גליקלעך ווען איך דערוואַך און זע, אַז עס איז נישט געווען מער ווי אַ חלום...

אין אַ ווינטערדיקן דעצעמבער פאַרנאַכט פון יענעם יאָר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פינף אידישע סטודענטן פון דער פוילישער גימנאַזיע אין טשאָרטקאָוו אין דעם הויז און אין צימער פון ישראל יעגנדאָרף ע"ה. די אַנדערע זיינען געווען: א. א. פישער, הערש און ישראל ראָטענשטרייך און דער שרייבער פון די שורות. כאָטש מיר האָבן, ווי אין אַנדערע גימנאַזיעס, אויך פאַרמאָגט אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן סטודענטן־קרייז, האָבן מיר דאָך איינגעזען, אַז עפּעס פעלט אונדז, עפּעס וואָס יוגנט פון אַנדערע פעלקער פאַרמאָגט יאָ, נאָר מיר פאַרמאָגן עס נישט. מיר האָבן אויך דערפילט, אַז מיט בלויז אידישער געשיכטע און מיט פּאַלעסטינאָגראַפיע, למשל, איז שווער צו געווינען די ברייטסטע קרייזן פון דער אידישער יוגנט און צו דער זעלבער צייט האָבן מיר געזען ווי די נישט־אידישע יוגנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער סקויטן־באַוועגונג. דאָ האָבן מיר זיך געשטעלט די פראַגע: פאַרוואָס קאָן דאָס זעלבע נישט זיין אויך אין אידישן גייסט, אין נאַציאָנאַל־אידישן גייסט, פאַר דער אידישער יוגנט? און מיר זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז עס מוז מעגלעך ווערן דעם סקויטיזם צו פאַראידישן און אים אַדאַפּטירן פאַר דער אידישער יוגנט, פּונקט ווי עס איז מעגלעך געווען אים צוצופּאַסן פאַר דער פּוילישער יוגנט. געזאָגט און געטון.

פון יענעם מאָמענט אָן זיינען אונדזערע צוזאַמענקונפטן געווען רעגלמעסיקע און אָפטע. מיר האָבן זיך באַזאָרגט מיט באַדען פּאָוועלס בוך, דער גרינדער פון דער סקויטן־באַוועגונג, ווי אויך מיט פּוילישע אויסגאַבעס אויף דער זעלבער טעמע. דאַסמאָל זיינען קיין דיסקוסיעס נישט פאָרגעקומען צוליב אַ נאָמען, נאָר מיר האָבן פּשוט אָנגענומען דעם נאָמען פון יענער העראָיש־ראָמאַנטישער יוגנט אין ארץ ישראל און פאַראידישט דעם נאָמען „סקויט", אויף **השומר**. אָבער וואָס מער מיר האָבן זיך אַריינגעטון אין דעם שטודירן די כללים און ווען זיי צופּאַסן פאַר דער אידישער יוגנט, אַלץ מער האָבן מיר געזען, וועלכע ריזיק־שווערע אויפגאַבע מיר האָבן אויף זיך גענומען. מיר האָבן נישט געוואָלט סתם נעמען אַ זאַך, וועלכע איז אויפגעוואַקסן אויף ענגלישן באָדן, אָדער די באַוועגונג, וועלכע איז דאַן צוגעפּאַסט געוואָרן צו די פּראָבלעמען און נויטן פון דער פּוילישער יוגנט און זי „איבערזעצן" פאַר דער אידישער יוגנט, ניין.

מיר האָבן זיך מיט אַלע כוחות באַמיט אין אַלץ אַריינצולייגן אַ אידישן גייסט און אידישן אינהאַלט. אויך דאָ וועט איין משל גענוג זיין, בכדי קלאָר צו מאַכן אונדזער צוגאַנג. איינס פון די צען געבאָטן פון „סקויט" איז, אַז ער האַלט זיין וואָרט. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס אַליין זאָגט נישט גענוג און מיר האָבן אָט דעם „געבאָט" געשאַפן: דער שומר האַלט זיין וואָרט ווי יפתח הגלעדי, ווייל מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז דאָס וועט דער אידישער יוגנט אַ סך מער זאָגן און דערציערישפיל מער ווירקן. אַזוי האָבן מיר אויך געשאַפן שפּילן געבויט אויף אידישער געשיכטע און אויף סקויטיזם און צווישן אַנדערע זאַכן אויך געשאַפן קאָמאַנדאָ־אויסדרוקן אין העברעאיש. די איינהייטן זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אין קבוצות, פיר קבוצות זיינען געווען אַ פּלוגה און די גאַנצע פאָרמאַציע אָנגערופן: גדוד.

עס איז פֿאַר אונדז אַלעמען געווען אַ וואונדערלעכע צייט, אַ צייט פֿון יצירה. מיר האָבן זיך אָבער דעמאָלט נישט אויסגעמאָלט אין אונדזער פֿאַנטאַזיע, אַז דאָס וואָס מיר טוען וועט זיך מיט דער צייט אַזוי אַנטוויקלען און צעוואַקסן און אַרומכאַפּן גרויסע טיילן פֿון דער אידישער באַוואוסטזיניקער יוגנט, וועלכע גרופּירט זיך היינט בכלל אַרום די פֿאַרשידענע ציוניסטישע חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך איז אויך פֿאַר אונדז געווען, אַז גלייכצייטיק דאַרף אויך געשאַפֿן ווערן דאָס זעלבע פֿאַר מיידלעך און ווען מיר זיינען שפּעטער צוגעטראָטן צו דער רעאַליזירונג, איז עס טאַקע אַזוי געשען.

אָבער גאָר אַנדערש האָבן עס טאַטעס און מאַמעס אויפֿגענומען. און צו דעם קאַמף בכלל קעגן אָט דער נייער באַוועגונג איז נאָך צוגעקומען דאָס קאַפּיטל: „אינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען"...

נאָך אַ לענגערער צייט פֿון צוגרייטונגען, ד. ה. וואָס די אויבן דערמאָנטע גרופּע האָט אויסגעאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן, די פּראָגראַם מיט אַלע דעטאַלן און דעם גאַנצן מעטאָד פֿון טעטיקייט, סיי אויפֿן גייסטיקן און סיי אויפֿן פֿיזישן געביט פֿון זעלבסט־דערציאונג; זיינען מיר צוגעטראָטן צו דער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט.

די יוגנט פֿון גימנאַזיע האָט זיך גאַנץ וואַרים אָפּגערופֿן, כאָטש עס האָבן אויך נישט געפֿעלט קיין קעגנער אָדער סתם ציניקער. — עס איז אָפּטמאָל געווען רירנד צוצוזען ווי קינדער פֿון אַסימילירטע היימען, וואו מען האָט אין דערהיים גערעדט פּויליש, האָבן זיך מיט אַלע כוחות באַמיט צו ריידן אידיש, צו לייענען און שרייבן אידיש און אַזוי ווי אין דער פּראָגראַם זיינען געווען איינגעשלאָסן פֿאַרשידענע ליטעראַרישע שאַפֿונגען, וועלכע דער יוגנטלעכער האָט געמוזט האָבן דורכגעלייענט, בכדי צו קאָנען דורכגיין ביי די פֿאַרשידענע פּעריאָדישע עקזאַמענעס, האָט אַזוי האַרציק קאָמיש געקלונגען אין זייער מויל די אָדער יענע שאַפֿונג פֿון שלום עליכם...

די קאָמפּאָנענטן פֿון דער אָרגאַניזיר־גרופּע האָבן איבערגענומען די אָנפֿירונג פֿון איינצלנע קבוצות, אָבער באַלד ווי עס זיינען אויסגעבילדעט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פֿון ראשי קבוצות, האָבן די דערמאָנטע חברים פֿון דער גרינדונגס־גרופּע איבערגענומען יעדער איינער אַ פּלוגה. מיך האָבן די חברים באַשטימט פֿאַר ראש ההסתדרות.

געוויס האָט זיך די יוגנט אָפּגערופֿן גאַנץ וואַרים, אָבער גאָר אַנדערש איז געווען, ווי געזאָגט, די באַציאונג פֿון די מערסטע עלטערן. מאַנכע האָבן אין דעם געזען אַ געפֿאַר, אַז זייערע קינדער וועלן פֿאַרנאַכלעסיקן דאָס לערנען און זיך סתם אָפּגעבן מיט „נאַרישקייטן", אַפֿילו די דאָרטיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, די „בני ציון" האָט אויך אין אָנהויב נישט פֿאַרשטאַנען צו וואָס דאַרף מען אָט די אַלע „קינדערישע שטיק". אַנדערע עלטערן ווידער האָבן אין דעם געזען עפּעס „נישט קיין אידישע זאַך", עפּעס אַ שפּיל אין סאָלדאַטן און אַז"וו. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען אויך געווען אַזעלכע עלטערן, וועלכע האָבן אַנדערש געקוקט אויף אָט דעם יוגנטלעכן פּרואוו, אָבער זיי זיינען געווען אין אַ גאָר קליינער מינאָריטעט. יענע יוגנטלעכע אָבער, וועלכע זיינען פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער באַוועגונג, האָבן אַזוי אָדער אַנדערש אויפֿגענומען אַ קאַמף מיט זייערע עלטערן און זיך נישט געלאָזט אָפּרייסן פֿון השומר און אין דעם קאַמף זיינען אַ שפּאַר ביסל קינדער־טרערן פֿאַרגאָסן געוואָרן. מיר קאָנען אָבער שוין

באלד פעסטשטעלן, אז די יוגנט האט געוואונען דעם קאמף סיי מיט די עלטערן און אויך די אָרגאַניזירטע ציונים האָבן מיט דער צייט לחלוטין געביטן זייער מיינונג און זייער באַציאונג צו אָט דער פולשטענדיק נייער יוגנט־באַוועגונג.

איצט קומט עפּעס זייער אינטערעסאַנטס: נאָכדעם ווי מיר האָבן אָרגאַניזירט דעם גדוד פון אינגלשע און מיידלשע קבוצות און אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע טעטי־קייט, סיי אויפן געביט פון גייסטיקער, סיי אויפן געביט פון פיזישער דערציאונג, שטייענדיק אויפן פּרינציפּ, אַז „אין אַ געזונטן קערפּער וואוינט אַ געזונטער גייסט" און פירנדיק זעלבסטפאַרשטענדלעך שיחות (שמועסן) אויף די פאַרשידנסטע טעמעס: אידישע געשיכטע, פּאַלעסטינאָגראַפיע, קורסן פון העברעאיש און אידיש, ליטעראַטור־געשיכטע סיי פון דער אידישער און סיי פון דער העברעאישער ליטעראַטור, ווי אויך גימנאַסטיק, ספּאָרט, אויספלוגן, סקויטישע איבונגען און אַז"וו, האָבן מיר אין אַ טאָג געלייענט אַ נאָטיץ אין „לעמבערגער טאַגעבלאַט", אַז אויך דאָרט קומט פאָר עפּעס ענלעכס, אַז אויך דאָרט איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ מין באַוועגונג.

דורך אַ בריוול צו דער דערמאָנטער צייטונג האָבן מיר זיך דערוואוסט דעם אַדרעס פון דער באַוועגונג אין לעמבערג און באַלד זיך געשטעלט מיט זיי אין פאַר־בינדונג. פונקט אַזוי דערשטוינט ווי מיר, זיינען אויך זיי געווען, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט פון אונדזער עקזיסטענץ און פון אונדזער אַרבעט. זיי האָבן אונדז תיכף געבעטן, אַז מיר זאָלן מיט זיי שטיין אין קאָנטאַקט, בכדי צו בייטן מיינונגען און זיך קעגנזייטיק אינפאָרמירן וועגן דעם גאַנצן גאַנג און פּלאַן פון טעטיקייט.

איך וויל דאָ נישט מיט דער אַבסאָלוטער זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז מיר אין טשאָרטקאָוו זיינען געווען **אַ סך פריער** פאַר זיי, ביי וועמען עס איז אַנטשטאַנען די אידייע, אָבער איין זאַך איז זיכער, אַז יענע צייט, יענער דראַנג פון דער אידישער יוגנט צו זעלבסטשטענדיקער יצירה, האָט ערגעצוואו גלייכצייטיק דאָ און דאָרט אַרויס־גערופן פון זיך יענעם שעפערישן כוח אויף דעם געביט פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־דער־ציאונג אין אַלע הינזיכטן. אָט דער פאַקט, אַז נאָך ערגעץ און דערצו אין דער הויפּט־שטאָט פון גאַליציע, אין לעמבערג, איז אַנטשטאַנען דיזעלבע באַוועגונג, האָט אונדז צוגעגעבן מוט און זיכערקייט, אַז מיר שאַפן אַ גוטע זאַך. מיר האָבן דערפילט, אַז מיר זיינען נישט אַליין. זיכערע ביי זיך זיינען מיר שפּעטער געקומען אויף דער אידייע, אַז בכדי צו געווינען די עלטערן איז נויטיק צו אָרגאַניזירן אַ יום־טוב, ספּעציעל פאַר די עלטערן, וואו מיר זאָלן זיי קאָנען באַווייזן וואָס מיר טוען און מיט וועלכע „נאַ־רישקייטן" מיר געבן זיך אָפּ. די געלעגנהייט דערצו איז געווען:

אַ חנוכה־יום־טוב, אַ מכבייער־פּעסט, אונדזער ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט. די פּראָגראַם, וועלכע איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון רעפעראַטן, דעקלאַמאַציעס, גע־זאַנג, גימנאַסטישע איבונגען און אַז"וו האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גימנאַסטישער פּיראַמידע און מיט התקוה. אַלע עלטערן זיינען געקומען און אונדזער דערפאָלג איז געווען אַן אַבסאָלוטער, די באַגייסטערונג איז געווען אַ גרויסע און דער אויסדרוק דער־פון איז געווען, וואָס איינער פון די טאַטעס, שמואל לייב שור ע"ה, דער פּרעזידענט פון די „בני ציון" האָט געבעטן אַ וואָרט. איך געדענק נישט דעם גאַנצן אינהאַלט פון זיין באַגריסונג, אָבער פאַרענדיקט האָט ער מיט פאָלגנדע ווערטער: „אָט די דוד־

לעד וועלן בייקומען דעם גרויסן גלות פון דער אַסימילאַציע". — די עלטערן זיינען מיטאיינמאָל געוואונען געוואָרן פאַר אונדזער זאַך.

מיר האָבן זיך אויך נישט באַנוגנט מיט דער אָרגאַניזירונג פונעם השומר, בלויז אין טשאָרטקאָוו, נאָר מיר האָבן אויך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אָפּטיילונגען אין די שכנותדיקע שטעטלעך.

דערווייל איז אויך אין קראָקע אַנטשטאַנען אַזאַ באַוועגונג צווישן דער דאָרטיקער יוגנט און אין אַנדערע שטעט ווידער זיינען אַנטשטאַנען נייע גימנאַסטישע פאַריינען סתם. צוליב דעם פאַקט אַליין שוין, וואָס לעמבערג איז געווען די הויפּטשטאָט, האָבן אַלע אַנדערע פונקטן ממילא באַטראַכט זי פאַר דער נישט-געקרוינטער צענטראַלע. אינצווישן איז אָבער טאַקע אין לעמבערג אַנטשטאַנען די אידייע פון צונויפנעמען דאָס אַלץ וואָס עס איז דאָ און דאָרט געשאַפן געוואָרן, צוזאַמענעמען די פאַרשידענע דערפאַרונגען און צענטראַליזירן און פאַראיינהייטלעכן די גאַנצע טעטיקייט, ווי אויך אויסבילדן נייע כוחות פאַר דער אויסברייטערונג פון אונדזער טעטיקייט. צו דעם צוועק איז באַשטימט געוואָרן צו רופן קיין לעמבערג, וואו אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג זיינען געשטאַנען אויך עלטערע ציוניסטן, ווי ד"ר שטערנער ע"ה און אינזשעניער קראַך ע"ה, אַ צוזאַמענפאָר פון דעלעגאַטן, וועלכער זאָל אָבער אויך זיין אַ זעקס-וועכנטלעכער קורס פאַר דער פאַראיינהייטלעכונג, צענטראַליזירונג און אויסבילדונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1913 און האָט פאַרנומען די גאַנצע זעקס וואָכן פון די וואַקאַציעס אין די גימנאַזיעס.

איך האָב געהאַט דעם כבוד אַנטייל צו נעמען אין יענעם קורס אַלס דעלעגירטער פון טשאָרטקאָוו. יענע זעקס וואָכן פון אָנגעשטרענגטער אינסטרוקטיווער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן, געהערן געוויס פאַר יענער נישט גרויסער צאָל באַטייליקטע דעלעגאַטן און אויך פאַר מיר, צו די אינטערעסאַנטסטע און אָנגענעמסטע טעג פון דער יוגנט. אויף יענעם קורס איז געשאַפן געוואָרן די נויטווענדיקע פאַראיינהייטלעכונג פון דער שטורמישער טעטיקייט און די אַלע באַטייליקטע זיינען אַזוי אַרום צוגעגרייט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָרן פאַר די רעספּעקטיווע שטעט (אין דער צייטשריפט „מוריה" איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג געווידמעט דעם השומר). געוויס וואָלט דאָ כדאי געווען זיך אָפּצושטעלן אויף פאַרשידענע מאָמענטן, אָבער איך וועל עס נאָך טון ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, דאָ וויל איך בלויז איבערגעבן די עיקרדיקע מאָמענטן פון דער אַנטשטייאונג פון דער באַוועגונג.

קומענדיק צוריק קיין טשאָרטקאָוו האָב איך צוזאַמען מיט די אַנדערע אויבן דערמאָנטע חברים, צו וועלכע עס זיינען אויך צוגעקומען אַנדערע אַקטיוויסטן, ווי אַברהם שור, געגרינדעט אַ גימנאַסטיק און ספּאָרט-פאַריין „דרור". אין אַ זייער קורצער צייט איז אויך די נייע אינסטיטוציע, אין וועלכער עס זיינען געווען מיטגלידער אויך פון דער נישט-שטודירנדיקער יוגנט, זיך צעוואַקסן. אַלס היים פאַרן השומר און פאַר דרור האָבן מיר געדונגען אַ גאַנץ הויז, אין וועלכן עס איז פריער געווען אַ פאַבריק און וועלכעס איז געווען ווי צוגעפּאַסט פאַר אונדזער צוועק.

פאַר אַט דער יוגנט, וועלכע האָט נישט געהאַט קיין מיטהילף פון קיין שום זייט איז דאָס אַליין און דאָס לאַנגזאַמע איינקויפן פון פאַרשידענע ספּאָרט-מכשירים געווען

אַ זייער גרויסע אָנשטרענגונג און אַ פּאַרמעסט. דער ענטוזיאַזם פון דער יוגנט האָט אָבער גובר געווען אַלע שטערונגען און שוועריקייטן און ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, האָבן מיר דערצו אויך ווייטער אָנגעהאַלטן אונדזער טעטיקייט אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אַרום טשאָרטקאָוו. די השומר־באַוועגונג האָט פאַרכאַפּט די אידישע יוגנט און האָט איר געגעבן אַ גלענצנדע געלעגנהייט פאַר גייסטיקער און פיזישער אויסלעבונג און אויפלעבונג. אַ שפּאַרעוודיקע צאָל פון יענער יוגנט איז שפּעטער געפאָרן קיין ארץ ישראל און די אַנדערע, וועלכע זיינען צוליב פאַרשידענע סיבות פאַרבליבן אין גלות האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם אידיש־געזעלשאַפטלעכן און ציוניסטישן לעבן, וואו זיי האָבן זיך נישט געפונען. דער השומר איז דעמאָלט נישט געווען מער ווי אַ דערציערישע ציוניסטישע יונגט־באַוועגונג, סיי פאַר מיידלעך און סיי פאַר אינגלעך פון דער שטודירנדיקער יוגנט און דער דרור אַ טורן־און ספּאָרט־פאַריין פאַר דער יוגנט פון אַלע שיכטן.

כאָטש עס איז מיר נישט זייער באַקוועם, קאָן איך אָבער דאָך נישט דורכלאָזן אַן עפּיזאָד פון יאַנואַר 1914: די גאַנצע באַוועגונג, השומר און דרור האָבן „קאָנספּיראַטיוו" צוגעגרייט אַ גאַנצע איבעראַשונג פאַר מיר. דעם 24־טן האָט מיר מיין ליבער חבר, דער איצטיקער אינזשעניער א. א. פישער איבערגעגעבן, אַז די ראשי פלוגות האָבן באַשטימט אַן אויספלוג און אַז אַלע געפינען זיך שוין אויף אַ באַשטימטן טרעף־פונקט, וואוהין מיר דאַרפן אויך גיין. עס איז געווען אַ פּראָסטיקער, אָבער זוניקער ווינטער־טאָג. אַ גאַנצן וועג האָבן מיר גערעדט וועגן פאַרשידנס און ווען מיר זיינען שוין געווען אין פעלד און האָבן אָנגעהויבן צו בראָדזען אין טיפע שנייען, האָב איך זיך נאָך אַלץ נישט געוואונדערט ווען מיר האָבן אָנגעטראָפן די ערשטע פעלד־וואַכן און נאָכדעם ווי ח' פישער האָט געזאָגט דעם „לאָזונג" האָט אונדז דער שומר אָנגעוויזן דעם וויטערדיקן וועג און אַזוי ביז מיר זיינען געקומען צו אַ פּלאַץ אין וואַלד, וואו דער גאַנצער הסתדרות השומר איז געווען פאַרזאַמלט און אויסגעשטעלט אין אַ פאָרמאַציע אַרום אַ נייעם געלט, וועלכער איז געווען אויפגעשטעלט אינמיטן. נאָך די אָנגענומענע איבונגען, וועלכע עס האָט דורכגעפירט דער חבר ה. ראָטענשטרייך, האָט זיך ח' פישער געווענדעט מיט אַ גאַנצער אָנשפּראַכע צו די פאַרזאַמלטע און צו מיר, פון וועלכער איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דאָס אַלץ איז צוגעגרייט געוואָרן, בכדי אויף דעם אופן צו פייערן מיין געבורטסטאָג, דער צעלט איז געקויפט געוואָרן און וועט גערופן ווערן אויף מיין נאָמען „אריה" און אהרון־אחרון: צו דער געלעגנהייט האָט מען געמאַכט אַ פאָן און ח' י. יעגנדאָרף האָט געצייכנט דעם מאָטיוו און די מיידלעך האָבן די פאָן אויסגעשטיקט און זי וועט ביי דער געלעגנהייט באַנייט ווערן. דאָס אַלץ איז פאַרגרייט געוואָרן אין דער שטיל, אָבער אין יענעם מאָמענט האָבן אַלעמענס הערצער געקלאַפּט אַזוי הויך און אַזוי אומיסאָנאָ, אַז מיר ווייזט זיך נאָך היינט אויס, אַז איך הער דאָס קלאַפּן אין יענער ווינטערדיקער רו און שטילקייט. אין אָוונט איז ערשט אין אייגענעם לאָקאַל צוגעגרייט געוואָרן אַ גאַנצער יום־טוב, אין וועלכן עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די דרוראָווצעס און פון די אַנדערע געסט זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן דער נאָמען פון דירעקטאָר פון דער העברעאישער שולע: יעקב פראָסט.

די באַוועגונג, פון וועלכער מען האָט אין דער פּוילישער גימנאַזיע נישט געטאָרט וויסן, איז זיך אַלץ מער צעוואַקסן און כאָטש עס האָט זיך געמאַכט, אַז בעת אַן אויס־

פלוג האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט דעם פוילישן סקויט, האָבן אָבער יענע דעם ענין פאַרשוויגן און מיר זיינען אַלץ מיט מער פאַרנעם אָנגעגאַנגען מיט אונדזער אַרבעט. אַזוי האָבן מיר צ. ב. אָרגאַניזירט אין אַ נאָענטן שטעטל, מיטן נאָמען טלוסטע, אַ הערצל־טאָג. דאָרט איז קיין גימנאַזיע נישט געווען און מיר האָבן געקאָנט אויפטרעטן פריי און עפנטלעך. לכבוד כ׳ תמוז האָבן מיר אַלזאָ פאַרגרייט אַ פּראָגראַם, וועלכע האָט געזאָלט פאָרקומען אין יענעם שטעטל אַ גאַנצן טאָג און אויך אין אָוונט. דערצו האָט אויך זייער פיל מיטגעהאָלפן דאָס וואָס איינער פון אונדזערע אַקטיוויסטן ראשי קבוצות, ל. שטעקל, האָט געוואוינט נישט ווייט פון יענעם שטעטל, אַזוי אַרום האָט ער צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער ע״ה צוגעגרייט אַלץ וואָס עס איז נויטיק געווען. פאַרטאָג שוין האָבן זיך מחנות יוגנטלעכע אַרויסגעלאָזט אין אַ מאַרש צופוס קיין טלוסטע. פאַרמיטאָג איז פאָרגעקומען אַ בלומען־טאָג פאַר קק״ל. נאָכמיטאָג איז געווען אַ גאָרטן־יום־טוב מיט פאַרשידענע גימנאַסטישע איבונגען און אין אָוונט האָבן מיר הירבגעפירט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג „די אידן״ פון טשיריקאָוו און נאָך דעם מאַרש און דעם גאַנצן טאָג פון אינטענסיווער אָנגעשטרענגטער טעטיקייט ביז פאַר־טאָג, האָבן מיר זיך דעם נעכסטן טאָג צופרידענע ווידער אַרויסגעלאָזט צופוס אַהיים. נייַן, עס איז נישט אַזוי לייכט איבערצוגעבן יענע שטימונגען, איבערלעבונגען און הויכמוטיקלעך יענע פייערלעכקייט וואָס האָט באַהערשט סיי דאָס גאַנצע שטעטל, סיי אונדז אַלעמען.

די אונטערנעמונג פונעם דערמאָנטן כ׳ תמוז וועט ערשט אַרויסטרעטן אין איר גאַנצן רעליעף ווען איך וועל זיך אומקערן צו אַן עפּיזאָד, וועלכער איז פאָרגעקומען אויך אין 1914, נאָר פריער:

הינטער מיר איז אין קלאַס געזעסן דער זון פון אַ גריכיש־קאַטוילישן, אָדער ווי מען פלעגט עס רופן: אַן אוקראַינישן גלח. ער, דער דאָזיקער אוקראַינער, האָט אָבער נישט געהערט צו קיין שום אוקראַינער נאַציאָנאַלער פאַרבינדונג, ווי די מאַיאָריטעט פון די אוקראַינישע סטודענטן פון גימנאַזיע, נאָר ער איז געווען אַן אַסימילאַנט. פונקט ווי מיר, האָבן אויך די אוקראַינער דאָרט געהאַט אַסימילאַנטן, וועלכע האָבן זיך גע־הנפהט און גרייט געווען זיך אויסצומישן מיט די פּאָליאַקן. אָט דער פאַרשוין, וועלכער האָט, צום אונטערשיד פון אַלע אַנדערע אוקראַינער, **יאָ געהערט צום פוילישן סקויט,** האָט ביי מיר אַרויסגעגנבעט אַ נאָטיץ־ביכעלע, אין וועלכן עס איז נישט בלויז געווען דער גאַנצער רעגיסטער פון השומר און דרור, נאָר אויך אַפילו די איינטיילונג אין די פאַרשידענע פאָרמאַציעס מיט זייערע רעספּעקטיווע אָנפירער און אַז״וו. אין ערשטן מאָמענט האָב איך געמיינט אַז איך האָב עס סתם פאַרלוירן, אָבער באַלד ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די אונטערזוכונג אין גימנאַזיע איבער אונדזער טעטיקייט, האָט עס מיר אויסגעזאָגט אַ פּאָליאַק, אויך אַ סקויט, מיטן נאָמען גזשימאַלאַ, וועלכער איז געזעסן צוזאַמען מיט מיר אין איין באַנק און מיט וועלכן מיר זיינען געווען זייער גוטע חברים. ער איז געווען אַ זון פון אַן אָרימען פויער פון אַ דאָרף און אויך איך בין געווען אַ זון פון אַ אידישן פויער פון אַ דאָרף און אַ סך מאָל איז אונדז אויסגעקומען ביידן צו הונגערן אָדער צו טיילן דעם ביסן. ער האָט פאַר זיך געוואוסט פון דער עקזיסטענץ פון השומר, ער האָט עס פאַרשטאַנען און רעספּעקטירט, כאָטש ער איז געווען אַ פּאָליאַק

און האָט געהערט צום פּוילישן סקויט. פּונקט אָבער ווי ער האָט מיך רעספּעקטירט און ליב געהאַט, ווי איך אים, האָט ער פאַראַכטעט אָט יענעם אַסימילאַנטישן אוקראַאינער און פיינט געהאַט דעם גלחישן זונדל. ווען די מלחמה פון 1914 איז אויסגעבראָכן איז גזשימאַלאַ אַוועק אין קריג מיט די פּוילישע לעגיאָנען און געפאַלן אין קאַמף פאַר פּוילנס פרייהייט.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אונטערזוכונג און דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע באַסינסקי האָט צוערשט גערופן, לויט דעם רעגיסטער פון נאָטיץ-ביכעלע, די יונגסטע פון ערשטן קלאַס גימנאַזיע און צווישן זיי אַ קינד פון אַן אַסימילאַנט ד״ר בראַנדמאַן. אָטעק בראַנדמאַן, האָבן די אוקראַאינישע סטודענטן, ווי א. קאַסיאַן און אַנדערע געהאַלטן מיט אונדז און אויך דער פּוילישער סקויט גזשימאַלאַ איז געווען אויף אונדזער צד און פאַר כעס האָט ער מיר דערציילט דעם סוד, אַז יענער פאַרשוין האָט עס אַרויסגעגנבעט מיין נאָטיץ-ביכל און ווען די אוקראַאינער האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָס גאַנצע איז אַ רעזולטאַט פון אָט דער נבלה פון דעם „פּערעקינשטשיק״ (וואָס וואַרפט זיך אַריבער צום שונא און פאַראַט די אייגענע), האָבן זיי אים דאָפּלט געהאַסט.

דער קליינער אָטעק, ווי די אַנדערע האָבן געלייקנט די עקזיסטענץ פונעם השומר, אָדער ווי דער דירעקטאָר האָט אים אָנגערופן בעת דער אונטערזוכונג „דזשיקי-סקויט״ (ווילדער סקויט), ווען ער האָט זיי אָבער געהייסן נעמען די ביכלעך און גיין אַהיים, האָבן זיי לאַנגזאָם אָנגעהויבן מודה זיין וויינענדיק. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס זיינען געווען צען-יאָריקע קינדער. שפּעטער האָט מען גערופן די ראשי קבוצות, דאַן די ראשי פּלוגות, וועלכע האָבן נאַטירלעך געלייקנט די עקזיסטענץ פון דער באַוועגונג, אָבער וואָס האָט דען גענוצט דאָס אַלץ, ווען דער דירעקטאָר האָט ממילא געהאַט אַלע פאַרצייכענונגען און אַפילו געהאַט דעם פולשטענדיקן רעגיסטער. און צום סוף האָט מען גערופן דעם ראש ההסתדרות. מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז די גאַנצע שפּיל איז פאַרן טיוול און ווען דער דירעקטאָר האָט מיר געשטעלט די פראַגע פאַרוואָס איך האָב אָרגאַניזירט דעם „דזיקי-סקויט״, האָב איך אָט די פאַראַכטנדיקע און באַליידיקנדיקע באַמערקונג אָפּגעוואָרפן און ווען ער האָט מיך אָנגערופן שאָוויניסט, דערפאַר וואָס מיר האָבן געהאַט קורסן פון העברעאיש און האָט זיך אויסגעדריקט, אַז אנשטאָט מיר זאָלן ריידן פּויליש, וועלן מיר „שוואַרגאָטען״ העברעאיש, האָב איך אים געענטפערט, אַז איך ווייס נישט ווער עס איז דער שאָוויניסט, איך צי ער. פאַרשטייט זיך, אַז ווייטער איז עס נישט געגאַנגען. און איידער מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם פּסק-דין, האָט מען דערווייל געהייסן זיצן אין דערהיים: א. א. פישער, י. יעגנדאָרף, ה. ראָטענשטרייך, לוליע שטעקעל און דעם שרייבער פון די שורות. שפּעטער האָט מען סיי די און סיי די אַנדערע אָנפירער פונעם השומר באַשטראָפט מיט אַ קלענערער אָדער גרעסערער צאָל שעהן „קאַרצער״ און אויך די צייטווייליק אויסגעשלאָסענע האָבן זיך צוריק אומגעקערט אין גימנאַזיע. דער איינציקער, וועמען מען האָט באַשטראָפט מיט אויסשליסן פון גימנאַזיע, איז געווען דער ראש ההסתדרות.

ביי דער געלעגנהייט איז נייטיק צו פאַרצייכענען, אַז בעת דער גאַנצער אונטערזוכונג האָט געשפּילט זייער נישט קיין שיינע ראָל איינער פון די פּראָפעסאָרן פון גימנאַזיע, אַ איד, מיטן נאָמען רויכווערג. כאָטש אַליין פון אַ חסידישער פאַמיליע

פון סאַנאָק, אָדער ווי אידן פלעגן עס רופן „סונעק”, איז ער געווען דער טיפ פון דעם קליינעם אַסימילירטן אידן. יענע פון אונדז, וועלכע האָבן אין יענער צייט געוואוינט אין דער אידישער „בורסע” (סטודענטן־היים), אויך איך בתוכם און האָבן געהערט צום השומר, פלעגן מוזן זיך אַרויסגנבענען דורך פענצטער, ווען מען האָט באַדאַרפט גיין אויף אַן אויספלוג אָדער צו אַנדער אונטערנעמונג פון השומר, מיר האָבן זיך דאָס געמוזט היטן אויך פאַרן אידישן פראָפעסאָר, וועלכער איז געווען אַ מין אויפזעער איבער די סטודענטן פון „בורסע”. און בעת דער אונטערזוכונג האָט ער זיך געוואָלט צו־חנפהנען צום דירעקטאָר, אָנטייל גענומען בעת מעשה אויך ביי די אונטערזוכונגען און צוגעשאָטן אַ היבש ביסל פייער. אמתע אידן אָבער, אידן מיט האַרץ און מיט נשמה האָבן אַפילו באַוויזן דעם מוט מודה צו זיין אויף אַ טעות:

דאָ איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז דיזעלבע טאַטעס, וועלכע זיינען אַמאָל געווען ביטערע קעגנער פון דער יוגנט־באַוועגונג און געוויס אויך נישט געהאַט קיין גרויסע סימפּאַטיע צו אירע אָנפירער, זיינען איצט גרייט געווען אַפילו צו דערקלערן אַ שטרייק און נישט לאָזן זייערע קינדער גיין אין גימנאַזיע, אויב מען וועט מיך נישט צוריק אַריינעמען. באַשלאָסן און געטון, האָט אַ דעלעגאַציע באַזוכט דעם דירעקטאָר און פּשוט געשטעלט אַזאַ אולטימאַטום, מיט דער גרייטקייט ווען נויטיק זיך צו ווענדן אַפילו צום שול־ראַט קיין לעמבערג. די מאַיאָריטעט פון די שילער איז געווען אַ אי־דישע און דער ענין האָט געווירקט, מען האָט מיך צוריק אַריינגענומען און באַ־שטראָפט מיט דער גרעסטער שטראָף, מיט 16 שעה „קאַרצער”. אָבער וואָס עס איז מיר און אויך די אַנדערע אויסגעקומען צו ליידן פון אַנטיסעמיטישע שיקאַנעס, דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. און נישט קוקנדיק דעראויף איז די באַוועגונג נישט געבראָכן געוואָרן, מיר האָבן פאַרדאָפּלט אונדזער פאַרזיכטיקייט און פאַרגרעסערט אונדזער טע־טיקייט. מאָנאַטן נאָך אָט דער פּאַסירונג איז פאַרגעקומען דער אויבן דערמאָנטער כ׳ תמוז־טאָג — — — —

דער אויסברוך פון דער מלחמה אין אויגוסט 1914 און די רוסישע אינוואַזיע, רייסט זיך איבער אינעם דורך די רוסן אָקופּירטן טייל, די טעטיקייט. באַלד ווי די מלחמה פאַרענדיקט זיך, אָרגאַניזירט זיך ווידער דער השומר, בעת אָבער דער טורן־און כפאָרט־פאַריין „דרור” האָט נישט באַנייט זיין טעטיקייט. דאָסמאָל זיינען די הויפּט־אָנפירער געווען: עמיל ליבמאַן און צבי שוועבעל (אינגערע חברים, אַרויסגע־וואַקסן פון דער באַוועגונג). מיר איז נאָך אַויסגעקומען, פונקט ווי אַנדערע פון די אָנפירנדיקע חברים מיטצומאַכן, אַלס סאָלדאַט, דאָס לעצטע יאָר פון מלחמה און קו־מענדיק אַהיים איז ביי אונדז געבליבן, אַז דער השומר דאַרף אויך אַריינעמען אַנ־דערע יוגנט און נישט בלויז סטודענטישע. קעגן דעם זיינען אַרויסגעטראָטן די אַנדערע און מיר האָבן אַלזאָ צו יענער צייט אָרגאַניזירט אַ גאַנץ באַזונדערע באַוועגונג פון נישט־שטודירנדיקער יוגנט. די דאָזיקע באַוועגונג האָט מיט איר פאָלקסטימלעכקייט און דערמיט וואָס דער גדוד האָט פונקט ווי יענער טאָקע געהאַט קורסן פאַר העברע־איש, אָבער בעת דאָרט זיינען די שיחות, די שמועסן אין די קבוצות געפירט געוואָרן אויף פּויליש, זיינען זיי דאָ געפירט געוואָרן אין אידיש. אָט דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז דער נייער גדוד זאָל ווייט אַריבערוואַקסן דעם ערשטן. סוף כל סוף אָבער האָבן

יענע איינגעזען, אַז עס איז אַ שאָדן, אַז די יוגנט זאָל צעבּרעקלט ווערן און עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרשטענדיקונג און פאַראייניקונג פון ביידע גדודים אין איין הסתדרות, אונטער דער אָנפירונג פון דעם שרייבער פון די שורות. דאָס אַלץ האָט אָבער שוין נישט לאַנג געדויערט.

די מלחמות צווישן די פּאָליאַקן און די אוקראַינער האָבן מוראדיק באַשווערט די גאַנצע טעטיקייט. נישט קוקנדיק דערויף האָט אָבער די יוגנט געוואַגט, קעגן אַלע פאַרבאָטן, זיך צוזאַמענצוקומען אין פּריוואַטע היימען און דאָרט אָנפירן די טעטיקייט און איז אַזוי אַרום אַריבערגעגאַנגען סיי איבערן קריגס־צושטאַנד און אַפילו איבערן באַלאַגערונגס־צושטאַנד, וועלכער האָט דעמאָלט דאָרט געהערשט.

די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט און אין אַ צייט אַרום האָבן ווייזט אויס טאַקע די אַמאָליקע פּוילישע סטודענטן, וועלכע זיינען היינט געווען אָפיצירן און סתם פירנדיקע באַאַמטע און אַזוי קיין אַנטיסעמיטיזם האָט געווים נישט געפעלט און דווקא אין דער ערשט־באַפרייטער און איפגעשטאַנענער פּוילן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרפאָלגונג אויף די שומרים. די חברים ראָטענשטרייך און פישער האָבן זיך שוין געפונען אין ווין, וואו זיי האָבן אָנגעהויבן שטודירן אויף פאַרשידענע פאַקולטעטן, בעת איך מיט מיין איצטיקער ליבער לעבנס־באַגלייטערן אסתר (דעמאָלטדיקע פרייליין ווינהויב, איינע פון די ראשי פלוגות), האָבן נאָר וואָס געהאַט חתונה געהאַט און האָבן זיך באַמיט אַרויסצונעמען פּעסער, בכדי אויך צו פאָרן קיין ווין שטודירן. אַ גרויס בילד, אויף וועלכן עס זיינען געווען די פאָטאָגראַפיעס פון אַלע שומרים, מיט וועלכן די באַוועגונג האָט אונז באַערט אַלס דרשה־געשאַנק, האָט געדינט דער פּוילישער פּאָליציי צו קאָנען דורכפירן די אַרעסטן. דער סיגנאַל דערצו איז געווען, בעת מיר האָבן זיך געפונען צוגאַסט אויף אַ פעלד־פּאָלוואַרק און מיין שווער איז געגאַנגען אָפנעמען אונדזערע פּעסער און דער פּאָליציי־באַאַמטער האָט די פּאַרטיקע פּעסער אין זיין קעגנוואַרט צעריבן. די זעלבע נאַכט האָט מען אַרומגערינגלט דעם שווערס הויז און אַרויסגענומען פון בעט מיין קליינעם שוואָגער יאָסעלע, פּשוט אַ קינד פון 12 יאָר, אָבער וועלכער האָט געהערט צו דער באַוועגונג, מען האָט פאַרנומען דעם גאַנצן מאַטעריאַל און אַרכיוו און אים אָפּגעפירט אין אַרעסט. דאָרט האָבן זיך שוין געפונען אויך אַנדערע קינדער און אויך עלטערע שומרים. די טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום דער תפיסה האָבן מיט אַנגסטן געוואַרט, אַז מען זאָל זייערע קינדער באַפרייען, אָדער אַז זיי זאָלן זיי קאָנען מינדסטנס זען. די יוגנט האָט זיך געלאָזט הערן, זינגענדיק — התקוה... מאַנכע פון דער קליינוואַרג זיינען געפאַלן אויף המצאות צו מעלדן זיך פרייוויליק אַרויסצוטראָגן די „עמערס", בכדי אַזוי אַרום צו קאָנען זען די מאַמע, וועלכע איז געשטאַנען מיט טרערן אין די אויגן פון יענער זייט פּלויט.

מען האָט אַלעמען פריער אָדער שפּעטער באַפרייט, בלויז ליבמאַן און שוועבעל זיינען דאַן אָפּגעפירט געוואָרן אין די „בריגידקעס", די תפיסה אין לעמבערג, וואו זיי זיינען אונטער די שווערסטע באַדינגונגען אָפּגעזעסן חדשים גאַנצע, ביז עס איז געלונגען זיי פון דאָרט צו באַפרייען.

אין מאָמענט ווען מען האָט צעריסן אונדזערע פּעסער און דאַן איבערגעפאַלן

דאָס הייז, האָט מען אונדז תיכּף פאַרשטענדיקט און מיר ביידע, מיין פרוי און איך,
זיינען מער אַהיים נישט געקומען, נאָר זיך אויסבאַהאַלטן, בכדי שפּעטער מיט פאַלשע
פּאַפּיר־שיינען צו קומען קיין לעמבערג און פון דאָרט מיט פאַלשע פּעסער קיין ווין.
איך האָב דאָ געפּרואווט האַלב כראָניק־מעסיק איבערגעבן איינצלנע מאָמענטן
פון אַ שאַפנס־פרייידיקער יוגנט און פון דער יצירה פון אַ יוגנט־באַוועגונג, וועלכע
האָט זיך דאַן ווייטער אַנטוויקלט און אפשר אַוועק אויף אַנדערע וועגן, ווי עס האָבן
דעמאָלט געחלומט אירע שעפער, אָבער דאָך איז עס געוואָרן אַ ריזיקע חלוצישע באַ־
וועגונג, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט צענדליקער טויזנטער יוגנטלעכע און זיי געגעבן
אַן אָנהאַלט און אינהאַלט און וועלכער עס איז אויסגעקומען און וועט נאָך אויסקו־
מען צו שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָל אינעם אידישן לעבן און אינעם פאַרווירקלעכונגס־
פּראָצעס פונעם ארץ ישראל־אויפבוי.

וואָס איז היינט געבליבן פון יענער יוגנט, וועלכע האָט נישט עולה געווען, וואָס
איז געבליבן פון יענעם וואונדערבאַרן אידישן ישוב, טשאָרטקאָוו? וואו זיינען די
גרינדער פון אָט דער באַוועגונג? פישער געפינט זיך דאָ, די ברידער ראַטענשטריי־
זיינען אין מעקסיקע, יעגנדאָרף איז פון יענער מלחמה צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער,
אַ מרה־שחורהדיקער און שפּעטער געשטאָרבן. פון די ווייטערע אַקטיוויסטן: אברהם
שור איז אין נ. אַמעריקע און ליבמאַן און שוועבעל אין ארץ ישראל, ווי אויך אַ גאַנ־
צע ריי אַנדערע.

ניין, עס ווילט זיך נישט גלויבן, אַז די אַלע וועלכע האָבן דעמאָלט געהערט צו
אָט דער וואונדערבאַרער קעמפערישער יוגנט און זיינען פאַרבליבן אין גאַליציע, אַז
זיי זיינען אינגאַנצן מער נישטאָ, עס קאָן נישט זיין. אומעטום אין יענע שטעטלעך וואו
מען זאָל נישט ווענדן דעם בליק אין דער אידישער געזעלשאַפט, וועט מען אומעטום
טרעפן זייער אַקטיוויטעט, זייער השפּעה, אָבער וואו איז דען יענע אידישע געזעל־
שאַפטלעכקייט, וואו זיינען יענע אַלע אידן? עס וואָלט זיך וועלן מינדסטנס יעדן איי־
נעם פון זיי פאַרצייכענען, דערמאָנען, אַז זייער אָנדענק זאָל כאָטש ערגעץ־וואו בלייבן.
אויב מיין פרוואו צו מאַכן בלויז סקיצישע פאַרצייכענונגען פון יענער צייט און
פון יענער יוגנט וועט דערצו ביישטראָגן, אַז די אַנדערע חברים זאָלן אויך דערצו ביי־
טראָגן אויף אַ בעסערן און אויספירלעכערן אופן, וועט מיין כוונה זיין אַ דערפילטע.



**אַביגדור שפּריצער**

# פון חורבן גאַליציע

## (דריי דערציילונגען)

— א —

### דער גרוב



די לאַנגע גיטל האָט דאָס ערשטע מאָל אין אַ באַטאָג אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אַף דער גאַס.

ס'איז געווען פאַר פּסח. דער פרילינג האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן דורך די כמאַרעס און וואָלקנס איבער גאַנץ גאַליציע, ביז צו גיטלען.

די וועלדער אַרום זיינען געוואָרן דורכגעלויכטן. די פעלדער — באַשטראַלט. די בערג — גאָלדיק-גרין. דער טייך — שפּיגלדיק. און אַ ווינטל האָט זיך אַ טראָג געטאָן אין דעם ליידיקן פאַרקן הינטער דער שטאָט, נישט ווייט פון דער מיל דאָרט, און די לאַנגע גיטל אַ טרייב-געטאָן אַף דער גאַס אַרויס.

דאָס ערשטע מאָל, זינט זי האַלט זיך דאָרט אויף, האָט זי דעמאָלט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון דאָרט אין אַ באַטאָג. זי איז שטיין געבליבן אין דער האַלב-אָפענער וואַנט, צעשפּרייט דאָס מויל אַרויסגעשטעלט די ציין און ס'איז שווער געווען צו דערקענען, צי וויינט זי, צי לאַכט זי.

די לאַנגע גיטל האָט פאַרכאַפּט דעם ליידיקן פאַרקן און לאָזט אַהין קיינעם נישט אַריין. קיין מענטש, קיין הון, קיין קאַץ — קיינעם נישט. שוין עטלעכע חדשים אַזוי, זינט איר לעבן איז הרוב געוואָרן.

אין אַ מיטנדערנאַכט איז עס געווען. די געוואַלדן אירע האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון די געלעגערס אַלע שכנים. אינדערפרי האָט דאָס שטעטל זיך דערוואוסט, אַז די נאַצים האָבן פאַרשלעפּט איר מאַן און איר אינגל. די טאָכטער אירע האָבן זיי פאַר-

שפּאַרט אין שטוב און זי, די לאַנגע גיטל, האָבן זיי דערנאָך אַרויסגעוואָרפן אַף דער גאַס אַרויס.

בעריש סטאָליער, אַ שכן אירער, האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און אינדערפרי אַהין אַריינגעגאַן אַ קוק צו טאָן, וואָס דאָרט טוט זיך, האָט ער דאָרט קיינעם נישט געטראָפן.

בעריש איז קריק אַריינגעקומען צו זיך אין שטוב אַריין ווי אַן אבל, גערעדט עפּעס מיטן ווייב אַפן אויער, דערנאָך אַ צענעם געטאָן די הענט:

— מען טאָר נישט רוען. מען מוז אַ זאַך טאָן, צו ברענגען צו קבר־ישראל.

אַפן דריטן טאָג איז בעריש אַהיימגעקומען צו ווייב און קינדער מיט אַ פּאָר רויטע אויגן, אַז די לאַנגע גיטל האָט מען געפינען אין דעם ליידיקן פּאַרקן, הינטער דער שטאָט, נישט ווייט פון דער מיל דאָרט.

— און די קינדער? און דער מאַן?

ער האָט אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען, בעריש. ווייטער ווייסט ער גאָרנישט.

— וואָסזשע האָסטו גיטלען געלאָזט דאָרט אין פּאַרקן? — האָט דאָס ווייב זיינס אַרויסגעשטעלט אַף אים אַ פּאָר אויגן.

— נישטאָ וועמען צו נעמען.

— ווי הייסט?

— זי דערקענט נישט קיינעם. זי לאָזט צו זיך נישט צו.

— אָבער פאָרט?

די לאַנגע גיטל האָט געהאַט אַרבעט אַף אַ גאַנצן טאָג מיט אַ שייטל האָלץ, וואָס זי האָט געטראָפן אין פּאַרקן, האָט זי גענומען גראָבן אַ גרוב און קיינמאָל נישט פאַרטיק געוואָרן.

פון גאַנצפרי ביז פאַרנאַכט איז זי געווען פאַרנומען מיט איר אַרבעט. באַנאַכט האָט זי זיך אַרויסגעשאַרט פון פּאַרקן. איר ערשטער גאַנג איז געווען אין מיל אַריין.

— לאָזט מיך אַריין! מיין מאַן אַרבעט דאָ, מיין אינגל אויך, כ'בין זיי געקומען רופן עסן וועטשערע. דאָס עסן ווערט קאַלט.

פון דער מיל איז זי געגאַן צו דער שולע, לעבן קלויסטער, אַהיימרופן דאָס מיידל אירס.

בעריש סטאָליער האָט זיך געדרייט פאַרן פּאַרקן און געוואַרט אַף איר. ביז זי איז קריקגעקומען.

— נאַ, גיטל, אַ שטיקל ברויט מיט אַביסל געקעכץ.

— ווער? בעריש?...

— גיטל, קום אַהיים, קום צו מיר. דו וועסט דאָך דאָ, באָליליע, געפרוירן ווערן.

זי האָט אים אַ וויז געטאָן אין פּאַרקן אַריין און אים אַ זאָג געטאָן, אַז דער גרוב איז נאָך נישט פאַרטיק. זי דאַרף נאָך גראָבן און גראָבן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס עסן פון זיין האַנט און אַריין אין פּאַרקן אַריין.

בעריש האָט אַ מאַך געטון מיט די הענט און זיך געלאָזט אַוועקגיין. מער באַ קיינעם האָט זי נישט גענומען, און נישט צוגעלאָזט צו זיך.

אַ גאַנצן טאָג אין פּאַרקן — באַם גראָבן. אַפדערנאַכט — דער שפּאַציר... יעדן טאָג אַזוי, פון האַלבן ווינטער אָן.

אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז באַנאַכט טראָגט זיך אַ געוויין און אַ געקלאַפּ פון דעם פּאַרקן. און וואָס מער מע דערנענטערט זיך אַהין, ווערט דאָס געוויין און דאָס געקלאַג שטילער, שטילער, ביז סע ווערט אינגאַנצן איינגעשטילט.

אַ אידענע איז געקומען און דערציילט, אַז זי האָט באַנאַכט געהערט אין פּאַרקן קלעזמער שפּילן.

נאָך האַלבן טאָג האָט אַ פרילינג־ווינטל צעטריבן די כמאַרעס און וואָלקנס און די זון האָט אויפגעשיינט.

קינדער האָבן זיך גענומען אַרויסשאַרן פון די שטיבער, מיט בלאָע פּענימלעך, מיט נאַסע נעזעלעך.

זיי האָבן זיך גענומען צונויפקלייבן פאַרן פּאַרקן, צו שפּילן זיך מיט שטיינדלעך, מיט בלאָטע, מיט ליים, און אַ צעלאָז געטון די קעלעכלעך אינדערהייך.

די לאַנגע גיטל האָט זיך אַ וווייז געטון אין דער האַלב אָפענער וואַנט פון פּאַרקן.

זי איז שטיין געבליבן און זיך צעוויינט און צעלאַכט און זיך געלאָזט שפּאַנען.

די קינדער האָבן איר געוואַלט נאָכלויפן, נאָר די מאַמעס זיינען צו זיי אַרויס און אָף זיי אָנגעשריגן.

ווען ס'איז נאַכט געוואָרן, האָט אַ פלאַמפייער זיך אויסגעשפּרייט איבערן שטעטל. דאָס פייער האָט געזעצט פון די מיליטערישע תבואה־שפּייכלערס.

די נאַצים האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דער לאַנגער גיטלס אַרבעט. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטון זי זוכן און זי נישט געקענט געפינען.

— ב. —

## מיט געבונדענע הענט

ביי שליאָמע בעל־עגלה אין שטאַל האָט די שטילקייט זיך אַ צעטרעסע געטון. טריט האָבן זיך דערהערט. זעלנערישע טריט. שליאָמע האָט אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, אָנגעשטעלט די אויערן.

זיין ווייב, זיין זון, זיינע טעכטער, זיינע איידעמס, זיינע אייניקלעך — אַלע האָבן שוין זייערס איבערגעקומען.

וואָס זשע האָט ער נאָך דאָ צו טון? — האָט אים אַ וואָרג געטאָן אין האַלדז — אַן אַלטער, געבראָכענער, איבערגעדאַרטער בוים, אָן צווייגן, אָן בלעטער.

ער האָט גענומען שאָקלען דעם קאָפּ אָף ניין. ער וויל נישט צולאָזן צו זיך אַזוינע מחשבות. ער דערמאָנט זיך, ווי ער איז געזעסן אַמאָל אין שילעכל, ווען רעב מענדעלע מנשהס האָט געלערנט מיט די באַלמעלאָכעס אַ פּרק משניות. ער געדענקט נישט גענוי ווי אַזוי רעב מענדעלע מנשהס האָט געזאָגט, נאָר ער איז זיכער, אַז ער האָט געזאָגט, אַז מען טאָר נישט צולאָזן צו זיך אַזוינע מחשבות.

עפּעס דערמאָנט ער זיך יאָ, וואָס רעב מענדעלע מנשהס האָט געזאָגט: „וואָס איז די וועלט? אַ פּאָדערהויז...” מער געדענקט ער נישט.

שליאָמע איז שוין אָפּגעגאַן אין „פּאָדערהויז” מער ווי דריי פערטל פון זיינע יאָרן. געפירט פּאַרשוינען צו דער באַן און פון דער באַן. נישט גענומען בא קיינעם,

נישט געדויבט בא קיינעם. א הוץ אמאל א זשמעניע היי פארן פערדס וועגן — פאר זיינעט וועגן נישט.

— אויב דאס איז א זינד, פאטער אין הימל? — האט שליאמע פארגעסן אינגאנצן וואו ער האלט ערגעץ אין דער וועלט און ער איז פארטראגן געווארן מיט זיינע חכמות, מיט זיינע „שטיקלעך", אף זיין פערד־און־וועגעלע.

אפן פארנטיקן זיץ — ער מיט זיין זון. הינטן, אין וועגעלע, קיינער ניט. זיי זיינען געפארן דעמאלט אן פארשווינען. היוואניוו האט דעמאלט א דרימל געכאפט. דאס גאנ־צע שטעטל האט זיך אפגערעדט נישט צו פארן אינערגעץ. זאל שליאמע פארן צו דער באן אן פארשווינען.

סראל, שליאמעס זון האט געשאלטן מיט דער תוכחה גאנץ היוואניוו, די גאנצע שטאט, גאנץ גאליציע.

— רירן זיך נישט פון די שטובן, פאשען זיך די בייכער.

אינמיטן האט שליאמע דערזען אנפארן א פולע פור היי. א קליין שייגעצל, איז געזעסן העט אויבן, אפן היי, און געהאלטן די לייצעס אין די הענט.

שליאמע האט א זינג־אויף געטון צום זון, ווי דער רבי אין חדר דאס חומש:

— האזינו, פארנעם...

נאך האזינו גייט ברכה...

די טריט, די זעלנערישע טריט פון פריער האבן זיך ווידער דערהערט, זיך דער־גענטערט, צוזאמען מיט א געשריי: „יודע!"

אלץ איז שליאמען נעלם געווארן — דאס פערד־און־וועגעלע, דער זון — און בלאע, גרינע, געלע פאסן האבן, אין דער פינצטערניש, אין שטאל דארט, גענומען אים טאנצן פאר די אויגן.

ער האט א שפאן געטאן צו דער טיר זי אויפצועפענען, האט עמעצער פונדרויסן זי אריים־אויף געטאן:

צוויי דייטשן אין ברוינע מונדירן האבן זיך צעלאכט:

— גיב די הענט, יודע!

זיי זיינען געווען אפגעשיט מיט פריש־געפאלענעם שניי. דער שניי האט אויס־געשפרייט א טאג־ליכט נאך איידער דער טאג איז געקומען.

די פינצטערניש פון דעם פארטאג אין שטאל מיט דער ווייסקייט פון דעם פריש־געפאלענעם שניי האט גענומען שווינדלען פאר שליאמעס אויגן און פארטאפלען, פארמערן אין צענער, הונדערטער, טויזנטער די דייטשן אין ברוינעם מונדיר און זיינע געבונדענע הענט.

— ווען האסטו עס באנאכט מיט דיין פערד און וועגעלע צוגעפירט צום וואלד?

שליאמע האט, אין זיין צעטומלעניש, אפן ארט פארגעסן, אז זיי אליין האבן שוין לאנג צוגענומען זיין פערד־און־וועגעלע און ער האט זיך גענומען פארענטפערן:

— איך... איך האב נישט קיין פערד...

— שווייג, יודע! נו, ווען האסטו אזוי באגלייט צום וואלד?

ער האט נישט געוואוסט, צי זאל ער ריידן צי זאל ער שווייגן.

— וואָס שווייגסטו, יודע?

— איך...

— שוויג, יודע! דו וועסט אײַנשפּאַנען דײַן פערד־און־וועגעלע און פירן דײַנע יודען צו דער אַרבעט. זיי זיינען פויל, זיי ווילן נישט גיין, מוז מען זיי פירן. נו, שנעלער, יודע!

שליאָמע האָט שוין גאָרנישט געזאָגט, וואָס זיי ווילן פון אים. ער האָט נישט קיין פערד־און־וועגעלע און זיי האָבן אים געבונדן די הענט — וואָס זאָל ער טון?

— מאַרש! — האָבן זיי גענומען מיט אים קאָמאַנדעווען — רעכטס! לינקס! „גראַדאַוס"!

זיי האָבן אים צוגעפירט צו אַ פור. דערלעבן איז געשטאַנען אַ פערד און געגעסן זיין אָבריק. זיי האָבן אים געהייסן אײַנשפּאַנען דאָס פערד. ער האָט אַ ווייז געטון אַף די הענט, זיי זאָלן אים אָפּבינדן די שטריק, וועט ער אַלץ טון.

איינער פון זיי האָט אים די שטריק שטאַרקער פאַרצויגן. דער צווייטער האָט אים אַ באַפּעל געטון, ער זאָל זיך אַליין אײַנשפּאַנען.

דערנאָך האָט איינער פון זיי אים אײַנגעשפּאַנט אין וועגעלע און דאָס פערד צוגעבונדן הינטן, סע זאָל נאָכלויפן, ווי אַ לאַשעקל.

זיי זיינען מיט אים צוגעפאָרן צו אַ אידישער שטוב, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פרוי מיט אַ קינד, אַרויפגעטריבן זיי אַפן וועגעלע און ווייטער געפאָרן.

פון אַ צווייטער אידישער שטוב האָבן זיי אַרויסגענומען אַן אַלטן מאַן. פון אַ דריטער שטוב אַ קאַליקע, אָנגעזעצט אַ פולע פור. די אַנדערע — געטריבן נאָך דער פור נאָך.

שליאָמע, מיט די געבונדענע הענט אײַנגעשפּאַנט ווי אַ פערד, האָט געשלעפּט די פור, געשלעפּט, צו אַלעמענס וואונדער, נישט ווי אַ מענטש נאָר ווי אַ פערד, ווי צוויי פערד.

פון שטוב צו שטוב, פון גאַס צו גאַס — אַ גאַנצן טאָג האָט זיך געצויגן דאָס בייז וואונדער.

אַנדערע דייטשן זיינען געקומען טרייבן די אידן, און יענע צוויי זיינען אַוועק. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין איין בייטן, די דייטשן. פאַרנאַכט זיינען ווידער קריקגעקומען די ערשטע צוויי דייטשן פון אינדערפרי.

— יודע, דו לעבסט נאָך! — האָט איינער פון זיי גענומען קלאַפּן שליאָמען אין פּלייצע, ווי מען גלעט אַ גוט פערדל.

— צום וואַלד, יודע! — האָבן זיי אַ קאָמאַנדעווע געטון.

דער וועג האָט זיך געצויגן פון דער שטאָט צו דער ערשטער בריק, דערנאָך צו דער צווייטער בריק. דערנאָך האָט זיך פאַרנומען אַ וועג צום וואַלד־צו.

די וואָס זיינען געווען אַף דער פור זיינען שוין האַלב געפרוירן געווען. די וואָס די דייטשן האָבן געטריבן נאָך דער פור, זיינען שוין געפאַלן פון די פיס.

באַם וואַלד האָבן די דייטשן זיי אַ יאָג אַריין געטאָן אין וואַלד אַריין און זיך גענומען יאָגן נאָך זיי.

דאָס פערד, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען צוגעבונדן הינטן באַם וועגעלע, ווי

א לאשעקל, האט זיך א שטעל געטאן אף די צוויי הינטערשטע פיס און גענומען הירזשען, זיך רייסן פון ארט.

שליאמע האט זיך א שטעל געטון, א שפאר זיך געטון צום דישל, נישט געקענט מער אויסהאלטן. ער האט דערהערט געשרייען, יללות און אינדערמיטן א געשיסעריי

א געלויפעריי האט ער געהערט פון עטלעכע זייטן. א ווילד געלעכטער און געזען האט ער קיינעם נישט, נאר דאס פערד לעבן זיך.

דער ווייסער שניי איז איבערן טאג שווארץ געווארן, צערונען, בלאטיק. די נאכט איז געקומען מיט א ווייסער לבנה און פארצויגן א לייכט פרעסטל איבער דער בלאטע.

שכורע קולות האבן זיך דערטראגן פונדערווייט. צוויי נאצים, האט שליאמע דערזען, דערנענטערן זיך צון אים. דערנאך האט ער זיי דערקענט. די זעלבע צוויי פון אינדערפרי.

זיי זיינען צוגעקומען טויט שכור, געפאלן פון די פיס. זיי האבן זיך ארויפגעזעצט אף דער פור און זיך געהייסן פירן אין שטאט אריין.

שליאמע האט א שלעפ געטון די פור, זיך אפגעשטעלט און ווייטער געשלעפט.

ער האט אינמיטן וועג דערהערט א כראפען, זיי זיינען אנטשלאפן געווארן.

שליאמע האט זיך אויסגעשפאנט. ער האט גענומען רייסן, בייסן די שטריק פון די הענט. מיט די ציין, ביי א ראד, ביי א רייף פון א ראד און זיי איבערגעשניטן.

דאס פערד איז געשטאנען שטיל, ווי סע וואלט נישט געוואלט שטערן, די דייטשן זאלן זיך נישט אויפכאפן חלילה.

פאר שליאמעס אויגן האט א בלאנק געטון דאס שטאלענע הענטל פון א שווערד.

ער איז לייכט און פלינק געווארן, ווי א פעכטער, א צי־ארויס געטון די שווערד, איינס, צוויי — אהין, אהער, איבער די העלדזער זייערע.

די געשרייען, די יללות, וואס האבן פריער נישט אויפגעהערט צו רייסן אים אין אויער, האבן זיך אים אין יענער רגע, אביסל איינגעשטילט. ער האט דערזען די לבנה זיך שפיגלען אין רויטן און א סאפע־אפ געטון.

די ווייסע לבנה האט א גאנצע נאכט זיך געטובלט אין רויטן און געבליבן ווייס.

— ג. —

## אין די בזשוכאוויצער וועלדער

די חשונדיקע סוף־חודש־נאכט האט זיך אין די בזשוכאוויצער וועלדער אראפגעלאזט, ווען א שפאן ווייטער איז נאך ליכטיקער טאג געווען.

דער הימל איז געווען איין ווייק. ס'האט נישט גערעגנט און פון אלץ האט גערונען.

א דורכזיכטיקער נעפל האט א שווינדל געטאן פאר די אויגן, ווי א דינע זיפ.

אין וואלד איז די זיפ פארהאנגען געווארן מיט גראע פלאכטעס. טיפער אביסל, צווישן די געדיכטעביימער, זיינען די גראע פלאכטעס געווארן שווארצע. שטאק־פינצטער.

די פינצטערניש האָט געגליווערט. אומבאַוועגלעך. ווי דיביימער וואָלטן קיין בלעטער נישט געהאַט. די ערד — קיין ווערים, קיין מערעשקעס. און די מענטשן, וואָס זיינען דאָרט געלעגן באַהאַלטן, וואָלטן טויטע געווען.

נישט לאַנג האָט אַזוי אָנגעהאַלטן.

דער גאַנצער הימל איז געווען ווי בליי, ווי אַש, דערנאָך ווי קויל. די פינצטערניש פון וואַלד האָט אַ שפּאַר געטון אַפן פעלד אַרויס, פאַרווישט די גרענעץ צווישן וואַלד און פעלד.

ערשט דערנאָך האָט זיך די פינצטערניש אין וואַלד, ווי אַ באַוועג געטון. עפּעס האָט זיך אַ ריר געטון דאָרט פון באַהעלטעניש אַרויס.

אַ האַנט האָט אַ נעם־אָן געטון אַן אַקסל. דאָס האָט געהייסן, ווי געפרעגט:

— נו?

אַ צווייטע האַנט האָט יענע האַנט פון אַקסל אַראָפּגענומען. דאָס איז געווען, ווי אַן ענטפער:

— וואַרט.

נאָכן וואַלד, פון איין זייט, האָט זיך געצויגן אַ שטיק פאַרלאָזט פעלד. נאָכן פעלד — גריבער, בערגלעך. אַ חרובע שטוב. ווייטער — אַ סימן נאָר פון אַ שטוב, און נאָך אַ חורבה. דערנאָך אַ וועג, וואָס פירט קיין לעמבערג.

אין אַנדערע צייטן האָט דער וועג נישט גערוט קיין מינוט. פון שטעט און שטעט־לעך — בעלז, היוווניוו, ראַווע, זשאָלקעוו, קוליקעוו — האָבן מעל־סוחרים, תבואה־סוחרים, אָקסן־טרייבער געצויגן קיין לעמבערג פירן מסחר, ציען חיונה.

אין יענער נאַכט, אין ניינצן איינונפערציק, האָט דער וועג געפּוסטעוועט, פאַר־לאָזט געווען. אַ חוץ אַ מיליטערישן טראַנספּאָרט אַמאָל, אַ חוץ אַ פּאַטרול וואָס האָט געהיטן די באַן־ליניעס, האָט זיך קיינער דאָרט נישט באַוויזן.

דער דייטש, דער רשע, האָט חרוב געמאַכט דאָס לעבן, האָבן מיטגעטרויערט די שטעגן און וועגן.

יענע השונדיקע סוף־חודש־נאַכט האָט געקלאָגט אַף די צעטרעטענע אידישע לעבנס, פאַרפייניקטע קינדער, געשענדעטע טעכטער, חרובע היימען, חורבן־גאַליציע, חורבן־אייראָפּע, חורבן־וועלט.

דער נעפּל האָט זיך צונויפגעמישט מיט אַ דריבנע רעגנדל. און אַ קעלט איז גע־קראָכן אין די ביינער. און אַ פינצטערניש, ווי אין אויסגעשטאָכענע אויגן.

אַ פייף האָט אַ שנייד־דורך געטון די לופט, און נאָך אַ פייף. אַ צייכן, אַ סיגנאַל פון אַ וואַכפּאָסטן צום צווייטן. אַ פרעג אַזאַ און אַן ענטפער.

דער פייף האָט זיך אויך דערטראָגן אין וואַלד אַריין, טיף־טיף.

אונטער אַ בערגל פון בלעטער, צווייגן, שפּענער, האָט זיך עפּעס אַ ריר געטון.

אַ האַנט האָט זיך פאַרקליבן אַף אַן אַקסל אַרויף, אַ דריק געטון. דאָס איז געווען אַזוי געפרעגט:

— שוין?

אַ צווייטע האַנט האָט יענע האַנט אָנגענומען. דאָס איז געווען דער ענטפער:

— שוין.

אויגן, וואָס זיינען שוין געווען צוגעוואוינט צו זען אין דער פינצטער, האָבן זיך באַגעגנט. צוויי פּאָר אויגן, וואָס קענען זיך פון קינדווייז אָן. געוואוינט אַלע יאָרן אַ טיר באַ אַ טיר. פישעלע „קלים" און סטעפאַנקעלע.

פישעלע איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געבליבן מיט אַ שוועסטערל, צוויי פּיצלעך קינדער, אַליין אַף דער וועלט.

ער — באַ די פיר יאָר, און זי — דריי, זיינען אויפגעצויגן געוואָרן אַף פרעמדע הענט, אין פרעמדע שטובן.

פישעלע האָט קליינערהייט געגנבעט פון די פורן, פון די קוישן, פון די שטעלן, און געקריגן דעם צונאָמען „קלים". דערנאָך האָט סטעפאַנקעלעס פאָטער, אַ שוסטער, אים צוגענומען פּאַר אַ לערנאינגל. און צוועטל, פישעלעס שוועסטערל, איז געוואָרן אַ דינסטמיידל.

מיט דער צייט איז פישעלע געוואָרן אַ שוסטער מיט אַ נאָמען. ער האָט שוין געאַרבעט מיט געזעלן. אויך סטעפאַנקעלע איז איבערגעגאַן פונעם פאָטער צו פישלען. פישעלעס אַ פּאָר שטיוועלעך האָבן אַראָפּגעטאַנצט פון פוס.

צוועטל איז שוין דעמאָלט נישט געווען קיין דינסטמיידל. זי האָט שוין אַליין, מיט פישעלען, געפירט אַ שטוב.

פישעלע האָט נאָר אָפּגעוואַרט, אַז זי זאָל אַ כלה ווערן, וועט ער זיך אַרויסציען קיין לעמבערג און דאָרט אָנהויבן אַרבעטן גרויס. איז געשען דער חורבן.

אינמיטן העלן טאָג זיינען דריי דייטשן אַריין צון אים אין שטוב אַריין. איינער האָט אים אַ שטעל־צו געטון דעם רעוואָלווער צו די שלייפן. די אַנדערע צוויי האָבן זיך ווילד אַ וואָרף געטון אַף צוועטלען. דערנאָך זי פאַרשלעפּט.

פישעלע האָט זיך אַ ריס געטון פונעם אָרט, האָט יענער אַ צי געטון באַם צינגל. אין רעוואָלווער איז גראָד קיין קויל נישט געווען, האָט יענער אים אַ שפּיי געטון אין פּנים און אַוועק.

פישעלע איז צו צום געצייג און אַ באַברעווע געטון מיט די הענט. געזוכט מיט עפּעס אַ סוף צו מאַכן צו זיין לעבן. אַ ציטער איז אים דורך איבערן לייב — ניין, מיט זיין לעבן קען ער נאָך עפּעס טון. אפשר אַ סך.

סטעפאַנקעלע איז אַף דעם אַריינגעקומען. סטעפאַנקעלעס מוטער האָט באַגראָבן אַביסל מעל אונטער דער ערד, זיינען די רצחים אָנגעקומען דערויף און זי דערשאָסן.

— וואָס רעכנסטו צו טון, פישעלע?

פישעלע האָט זיך אַריינגעביסן אין דער אונטערשטער ליפּ ביז בלוט.

— איך וויל עפּעס טון, פישעלע. איך מוז עפּעס טון, כאָלירע, נאָר איך ווייס נישט וויאַזוי.

פישעלע האָט אים אַ נעם־אָן געטון באַ דער האַנט — סע וועט שוין רעכט זיין.

ער האָט אַ צאַפּל געטון אַף יונגע יאָרן זיינע און אַ לעצטן בליק געכאַפּט אַף זיין שטעטל היוונים. ער, און סטעפאַנקעלע נאָך אים.

ס'איז זיי אויסגעקומען צו זיין אינאיינעם און באַזונדער. אין יענער חשונדיקער סוף־חודש־נאַכט האָבן זיי ביידע באַדאַרפט איין שטיקל אַרבעט דורכפירן.

זיי האָבן זיך מיט די בליקן, אין דער געדיכטער פינצטערניש, פאַרשטאַנען ווי־אַזוי און וואָס.

פון אונטער בלעטער, צווייגן, שפענער — אין טיפן וואַלד — איז פישעלע אַפּיר־געקראָכן, ווי אַ חיה, אַף אַלע פיר.

געקראָכן, געלויערט, פון בוים צו בוים, אַ דרייסיק טריט. דערנאָך איז סטעפּאַנ־קעלע, אַפּירגעקראָכן פון אונטער דעם באַרג בלעטער, צווייגן, שפענער.

אַזוי־אַ איינער פונעם אַנדערן אָפּגעטרעטן אַ דרייסיק טריט, זיינען זיי צוגעקו־מען ביז צום אַ ברעג פון וואַלד און זיך דאָרט פאַרהאַלטן.

פון יענעם ברעג האָט זיך געצויגן אַ קליין שטיקל פאַרלאָזט פעלד. דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבן אַ שמאָלער לאַנגער באַרג, ווי אַ פּיראַמידע, אונטן ברייט און אויבן שמאָל.

די נאַכט האָט צוגעדינט.

סטעפּאַנקעלע איז געבליבן אונטן היטן און פישעלע איז אַרויף ביז אָפן שפּיץ און באַלד גענומען קריכן אַף קריק, אַראָפּ, אין וואַלד אַריין.

זיי האָבן זיך געשאַרט, אויף אַלע פיר, פון בוים צו בוים און פּלוצלינג — אַן אויפ־רייס, וואָס האָט דעם וואַלד אויפגעציטערט. אויבן אויפן באַרג, אויפן שמאָלן פּאַס איז אָנגעלאָפן אַ לאַנגע באַן און צעשיט געוואָרן.

אַ געליאַרם אין דער טיפער שטילקייט פון דער נאַכט. אַ געבליאַסק, אַ געפינק־לעריי אין דער געדיכטער פינצטערניש. די ערד האָט זיך אַ וויג געטון.

צוועטל האָט אין קבר אַ פרעג געטון, וואָס ס'איז געשען...

ישראל הויזער

# דער שותק

## (זיין לעבן און טויט)

**דאָס אויסטערלישע לעבן פון דעם נזיר, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון 30 יאָר נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.**



איידער מיר גייען שילדערן די וואונדערבאַרע געשטאַלט פונעם לעגענדאַרן „שותק”, וועלכער האָט פון זיין אָנקומען קיין טשאָרטקאָוו ביז זיין טויט — אַן ערך 30 יאָר — געשוויגן, געפינען מיר פאַר נויטיק, מער ווייניקער, זיך אָפּצושטעלן אויף אָרט און סביבה, שילדערן די גרויסע פּערזענלעכקייט פונעם טשאָרטקאָווער רבי'ן און פונעם רבישן „הויף”, וועלכן דער שותק האָט אויסגעקליבן פאַרן פּאַסנדיקן פּלאַץ דאָרט צו קאָנען אין איינזאַמקייט זיין גרויסע טראַגעדיע פאַרשווייגן...

— 1 —

דער „שותק” איז געקומען קיין טשאָרטקאָוו ווערן אַ „יושב” ביים רבין אין הויף, אַרום סוף פונעם 19-טן יאָרהונדערט. דעמאָלט האָט מען דעם טשאָרטקאָווער רבין גערעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע חסידישע רבים פון דער וועלט. קיין שום רבי האָט נישט פאַרמאָגט אַזאַ גרויסע צאָל חסידים און פון טאָג צו טאָג איז דאָס פאָרעכץ געוואַקסן. דער פּראַכט און גלאַנץ פון די אַמאָל אַזוי באַרימטע „סאַדאַגורער” און „הוסיאַטינער” רבישע „הויפן”, וואָס אויף זייערע טראָנען זיינען שוין געזעסן „אייניקלעך” פונעם „רוזשינער”, איז פון דאָרט פאַרשוואונדן און זיך איבערגעטראָגן קיין טשאָרטקאָוו, ווייל דאָרט איז נאָך געזעסן אין אַ טיפן עלטער דער איינציקער און דירעקטער זון פונעם „רוזשינער”, וואָס אַ חוץ „יחוס אבות”: אַ זון פונעם „רוזשי-

נער", אַן אייניקל פונעם „מלאך" און אַן אוראייניקל פונעם „מעזעריטשער מגיד", דער ערשטער און גרעסטער תלמיד פונעם בעש"ט הקדוש, וואָס אַזאַ „גאָלדענע קייט" איז גענוג צו זיין אַ וועלט־באַרימטער רבי פון טויזנטער חסידים — האָט אויך דער טשאָרטקאָווער רבי אימפּאָנירט זיינע חסידים מיט אייגענער גרויסקייט.

ווי באַוואוסט האָט זיך די „רוזשינער גזע" גערעכנט אַלס אָפּשטאַם פון „מלכות בית דוד" און דערפאַר זיך געפירט „כיד המלך", ווי עס פּאַסט פאַר אמתע מלכים: געוואוינט אין פּרעכטיקע פּאַלאַצן, פירשטלעך געמעבלירטע זאַלן, די פרויען האָבן זיך געקליידט לויט דער לעצטער פּאַריזער מאָדע און זיך געצירט מיט די טייערסטע בריליאַנטן, אַרויסגעפאָרן אין דער שענסטער קאַרעטע, געשפּאַנט מיט די טייערסטע פערד, אויסגעהאַלטן אַ גרויסן שטאַב דינערשאַפט, א. א. וו.

מען קען אָבער נישט זאָגן, אַז דעם חסיד — ובפרט דעם אָרימען — איז דאָס לוקסוסדיקע עולם־הזה־לעבן פון זייער רבישן הויף אַזוי שטאַרק געפעלן; פאַרקערט, די טשאָרטקאָווער חסידים האָבן זייער רבין פאַרהייליקט פאַר זיין נישט וועלן נהנה זיין פון דעם עולם הזה, מיט וועלכן ער איז געווען אַרומגערינגלט; דער חסיד האָט זיך דערמיט באַרימט: זיין רבי עסט קוים „כדי היוני" און שלאָפט גאָר ווייניק, און אויף די עלטערע יאָרן איז באמת געווען פון דעם אַלטן צדיק אַ מסירת נפש צו זיצן גאַנצע „מעת־לעתן" אין „פּראַווע־זאַל", וואו מענטשן־שוויים האָט זיך געגאָסן פון סטעליע און ווענט עמערוויז פונעם גרויסן געדרענג, וואָס די חסידים פלעגן זיך מיט סכנת נפשות שטופּן ביים „פּראַווען", ווייל נישט לייכט איז אָנגעקומען דאָס צוטרעטן צום רבין זיך אָפּצופּראַווען צוליב דער גרויסער צאָל חסידים, וואָס פלעגן קומען „מארבע כנפות הארץ". די וואָס פלעגן זיך נישט קענען שטופּן (אָדער נישט באַצאָלן דעם גבאי) פלעגן זיך אָפּוואַלגערן טעג און וואָכן ביז ס'איז זיי מעגלעך געוואָרן צו קענען זיך „פּראַווען".

קיין שום רבי האָט אויך נישט פאַרמאָגט אַזאַ קוואַליטעט און פאַרשידנפאַרביקן „עולם" חסידים ווי עס פלעגן פאָרן קיין טשאָרטקאָוו. די גרעסטע צאָל — פאַרשטייט זיך — איז באַשטאַנען פון די ברייטע אָרימע פאָלקסמאַסן, קליינהענדלער און בעלי־מלאכות, וואָס די אמונה און בטחון אין צדיקס ברכה האָט זיי געגעבן קראַפט און אויסדויער צו קענען פאָרזעצן דעם שווערן קאַמף מיט זייער געמוטשעטע לעבן. נישט ווייניק איז אויך געווען די צאָל פון די רייכע, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אַפילו מיליאָנערן, וואָס זייער רייכטום האָט זיי נישט געגעבן דאָס וואָס מען רופט „גליק". און זיי האָבן גערעכנט, אפשר וועט זיי דאָס געבן דעם רבינס ברכה. ס'פלעגן קומען גרויסע „גוטע אידן", וועלכע האָבן אַליין פאַרמאָגט אַ „פּאָרעכץ" פון טויזנטער חסידים, צו דערגרייכן מיטן התקרבות צו אַזאַ גרויסן צדיק גרעסערע „השגות" פון „רוח הקודש". געקומען זיינען אויך די גרעסטע אויטאָריטעטן פון דער רבנות־לומדישער וועלט, אַ חוץ דעם איבעריקן „כלי קודש": דיינים, שוחטים, א. א. וו. און ס'האָט אויך נישט געפעלט צום „רומעל" אַ דייטשער יאַהודי; אַן אונגאַרישער „אַסי־מילאַנט", אַן אַמעריקאַנער „אָלרייטניק"; אַ „חכם" פון מצרים און „משולחים" פון ארץ־ישראל און פון דער גאַנצער וועלט און להבדיל אַן „ערל" פלעגט אויך קומען אין אַן עת צרה נאָך אַ ברכה פון הייליקן „ראַבין".

און רעדט מען פונעם אַלטן צדיק ר׳ דוד משהלע זצ״ל, מוז מען זיך אָפּשטעלן און אויך דערציילן פון דעם געוואַלטיק שטאַרקן איינדרוק וואָס ס׳האָט אויף יעדן געמאַכט זיין געטלעך פנים ווי אַ מלאך אלקים. .

אַ קליין קראַנק צובראָכענער גוף, וואָס דאָס ביסל גשמיות און חומריות האָט זיך כמעט אין אים ניט אַרויסגעוויזן, דערפאַר אָבער האָט פאַרבלענדעט און עמאַציאָנירט דער בלאַסער זילבער-גלאַנץ פונעם פנים און באָרד און פאות און פון אַ פּאָר תמימות קינדערשע הימל-בלויע אויגן, וואָס ס׳האָט פון זיי אַרויסגעשיינט גרענ־יצלאָזע גוטסקייט, צדקות, קדושה וטהרה.

אויף די עלטערע יאָרן, אַ מאָגנבּײידנדיקער, איז דער רבי אויפן פאַרזאָג פון די דאָקטוירים געפאָרן קיין מאַריענבאַד, איז ער געווען איינער צווישן די געציילטע וועלט-באַרימטע געסט, וועלכע זיינען געווען די גרעסטע סענסאַציע ביי די טויזנטער קור-געסט, ווי למשל: דער ענגלישער קעניג עדוואַרד דער אַכטער, דער סולטאַן אַבדול האַמיד, קלעמאַנסאָ „דער טיגער״ און דער טשאָרטקאָווער רבי איז אויך גערעכנט געווען צווישן זיי. אַז דער רבי איז געגאַנגען צום „ברונעם״ טרינקען די מינעראַלן, איז דער גאַנצער וועג געווען באַלאַגערט נישט נאָר פון חסידים, נאָר אויך פון טויזנטער נישט-אידישע קור-געסט, וועלכע פלעגן מיט התפעלות און גרעסטן יראת הכבוד באַוואונדערן און זיך באַגייסטערן פאַרן הייליק-געטלעכן פנים פונעם אַלטן צדיק.

אָבער ס׳וואָלט אפשר געווען גענוג איינער דער פאַקט צו אילוסטרירן די גרויסע פערזענלעכקייט פונעם טשאָרטקאָווער רבין, אַז דר. הערצל האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע צום טשאָרטקאָווער רבין, די צוויי באַרימטע ציוניסטישע פערזענלעכקייטן: דעם חסיד און פילאָזאָף אהרן מאַרקוס און דר. זאַלץ, זיי זאָלן באַוועגן דעם רבין ער זאָל צושטיין צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, רעכנענדיק דערמיט צו געווינען די גרויסע צאָל חסידים פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג.

ביי אַזאַ רייכער „טיפּן-גאַלעריע״ פון פאַרשידענע חסידים, וואָס האָבן פאַרפולט דעם רבינס הויף, פאַרשטייט זיך, אַז דער „שותק-טיפּ״ איז אַ לענגערע צייט געבליבן אין הינטערגרונט און מ׳האָט זיך צו אים נישט אומגעקוקט און אים נישט געשענקט, ווי שפּעטער, אַזאַ גרויסע אויפמערקזאַמקייט. ס׳ווייזט אויס, אַז דער שותק האָט אויסגעקליבן דעם טשאָרטקאָווער הויף, ערשטנס: צו פאַרברענגען זיינע „תשובה״-יאָרן אין התקרבות פון אַזאַ גרויסן צדיק; צווייטנס, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ רעש און געטומל ווי עס איז אין אַ הויף ביי אַ גרויסן חסידישן רבין איז פאַר אים דער בעסטער פּלאַץ. זיין נייע ליניע אין לעבן, וועלכע ער האָט זיך אָנגעצייכנט — צו פאַרברענגען זיין רעשט לעבן אַלס אַן איינזאַמער שווייגער — דאָרטן עס צו קענען אויספירן אומגעשטערט.

— 2 —

— ווער איז דער שותק?

— וואָס איז ביי אים אַזעלכעס געשען, וואָס האָט אים געבראַכט צו אַ לעבן פון אַ נזיר?

— פאַרוואָס האָט ער אויף זיך גענומען די „תשובה״ צו זיין אַן אייביקער שווייגער?

האָט וועד געשטעלט די אַלע אויבנדערמאָנטע פראַגן, איז ער געבליבן אָן אַן ענטפער. ערשט שפּעטער, — מער ווי אַ יאָר — ווען זיין אײדעם, וועלכער האָט אים ארומגעזוכט די גאַנצע צייט, איז געוואויר געוואָרן, אַז ביים טשאָרטקאָווער רבין אין הויף איז פאַראַן אַ „שותק" און גערעכנט, אַז ס'קען זיין זיין פאַרשוואונדענער שווער, איז ער געקומען קיין טשאָרטקאָוו און ווירקלעך דערקענט אינעם שותק זיין פאַרשוואונדענעם שווער, פאַרזאמט האָט ער זיך ווייניק, געקומען און באַלד פאַרשוואונדן. אָבער מיט זיין קורצן באַזוך איז אַביסל אויפגעדעקט געוואָרן דער סודות-פולער שלייער, וואָס די „שותק"-לעגענדע איז די גאַנצע צייט געווען אין איר איינגעהילט.

מען איז געוואויר געוואָרן פונעם שוידערלעכן פאַל, וואָס האָט פּאַסירט, אַז אומדירעקט האָבן דורכן שותקס הענט פאַרלוירן דאָס לעבן אויף אַ שרעקלעכן אופן זיין מעוברתע פרוי און זיינע צוויי טעכטער . . .

געשען איז די געשיכטע אַזוי:

דער שותק האָט געהאַנדלט מיט אַלט אייזן, מעש, קופער א.ד.גל. אַלטע מעטאַלן. איינמאָל, ביים סאָרטירן די סחורה, האָט ער מיט אַ פייל צוגעפיילט אַן אַלט פאַרראָסטעטע קויל צו דערקענען פון וואָס פאַר אַ מעטאַל זי איז. די קויל, וועלכע איז געווען אָנגעפולט מיט פולווער, האָט אונטערן דרוק פון דער פייל עקספּלאָדירט און ס'זיינען דער'הרגעט געוואָרן זיין מעוברתע פרוי און צוויי טעכטער, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין שטוב. מיט דעם שותק איז אַ נס געשען, אים האָט עס גאָרניט געשאַדט. נאָך דער קבורה איז דער שותק פאַרשוואונדן, מיטנעמענדיק מיט זיך די 90 רובל נדן, וועלכע זיינען געווען אַוועקגעלייגט פאַר אַ טאָכטער, וואָס אין קורצן האָט ביי איר געדאַרפט זיין די חתונה — די טאָכטער איז ביים אויפרייס נישט געווען אין דערהיים — פונדעסטוועגן, כאָטש דער שותק איז פאַרשוואונדן געוואָרן מיטן נדן, איז דאָך צום באַשטימטן טערמין געווען די חתונה. שפּעטער, אַז דער אייִדעם האָט אָפּגעזוכט דעם שווער און געפאָדערט דעם צוגענומענעם נדן, האָט דער שותק שוין מער ניט פאַרמאָגט אַפילו אַ קאָפּיקע פון דעם נדן. באין ברירה האָט ער זיך געזעגנט מיטן שווער און איסגעדרייט דעם דישעל אויף צוריק אַהיים.

אינטערעסאַנט איז, אַז די בלוטיקע „שותק"-טראַגעדיע, ווי דער אייִדעם האָט זי איבערגעגעבן, אַזוי ווי זי איז געשען, האָט קיינער נישט געוואוסט צו דערציילן. מען האָט גענומען דעם קערן אמת וואָס געפינט זיך אין יעדער לעגענדע און ארום אים געשפּונען אין פאַרשידענע פאַרמען די שותק-לעגענדע.

די צוויי, וועלכע זיינען אַמערסטן פאַרשפּרייט געוואָרן, וועל איך דעם לייענער איבערגעבן:

דער שותק האָט געהאַנדלט מיט פולווער — אַ פאַרבאָטן אַרטיקל — דערפאַר האָט ער אים געהאַלטן באַהאַלטן און באַגראָבן אין אַ טיפן אונטערערדישן קעלער, אַפילו זיין פרוי און קינדער האָבן ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך. איינמאָל האָבן פרוי און טעכטער עפּעס ארומגעזוכט מיט אַ ליכט אין קעלער, דאָרטן וואו דער פולווער איז געווען פאַרשטעקט, ניט וויסענדיג ווי פאָרזיכטיק צו זיין מיט אַ ברענענדיק ליכט. איז דעמאָלט געשען די קאַטאַסטראָפע, דער פולווער האָט זיך אָנגעצונדן און זיין פרוי מיט די טעכטער זיינען דער'הרגעט געוואָרן . . .

אַנדערש האָט זיך דערציילט די צווייטע לעגענדע:

דער שותק איז געווען אַ רייכער קרעמער און צווישן די פאַרשידענע סחורות האָט ער אויך געהאַלטן פּולווער. איינמאָל האָט ער זיך געקריגט מיטן ווייב און זי געשאָלטן, אַז זי זאָל פאַרברענט ווערן און באַלד איז איר אויסגעקומען צו גיין אין קעלער אַריין נאָך סחורה, דאָרט איז איר אומגערן אַרויסגעפאַלן דאָס ברענענדיקע ליכט פון די הענט, פּונקט וואו דער פּולווער איז געלעגן, ס'איז פאָרגעקומען אַן אויפרייס, פון וועלכן זי און צוויי טעכטער זיינען צושמעטערט געוואָרן...

רעכענענדיק, אַז די סבה פונעם אומגליק איז געווען די קללה, איז דער שותק אַוועק קיין טשאָרטקאָוו, אַז דער רבי זאָל איהם אַרויסגעבן אַ „תשובה". ווען דער רבי האָט אים אויסגעהערט, האָט ער אַ געשריי געטון:

— אַז מען האָט אַזאַ צונג דאַרף מען שווייגן!

און פון דעמאָלט אָן איז ער שותק געוואָרן.

הגם די לעגענדע גיט נישט איבער דעם מהות און כאַראַקטער פון דעם שותק, וועלכער איז בכלל נישט געווען קיין דורכשניט־מענטש, נאָר אַ איד אַ „בעל־מדרגה", אַ „בעל־מקובל", אַ גרויסער למדן און אויך אַ שטיק שותק פאַר דעם טראַגישן פאַל, נישט אַזאַ מענטש שילט און נישט אַ רבי שרייט׳ און כעסט זיך אויף אַ „בעל־תשובה" מיט אַ צובראָכן הארץ — — — איז אָבער די לעגענדע אַממערסטן פאַרשפּרייט געווען און דאָס דערקלערט זיך אפשר נאָר דערמיט, ווייל אין איר איז פאַראַן דער „פּתרון" פאַרוואָס דער שותק האָט דוקא דאָס שווייגן זיך אויסגעקליבן פאַר אַ „תשובה".

— 3 —

הינטער אַ טיר — פון איינער פון די איינגעמויערטע ספרים־שאַפעס אין די ווענט פונעם רבינס קלויז — וועלכע האָט אים אינגאַנצן פאַרשטעלט, איז דער שותק געשטאַנען פון פרי באַגינען ביז שפּעט נאָכמיטיק איינגעהילט אין טלית און תפילין מתפלל געווען און אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים, דערנאָך זיך אַרויסגערוקט פון דעם „בודדות־ווינקל" און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש לערנען זיינע טעגלעכע „שיעורים": משנה, גמרא, זהר און אַנדערע מוסר־ספרים און האָט אַזוי פאַרבראַכט דעם טאָג ביז „מנחה" און איז ווידעראַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן הינטער דער טיר. נאָך מעריב, אַז ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן די שטאַרקע עלעקטרישע קלויז־באַלייכטונג און גע־בליבן איז נאָר דער איינציקער לאָמפּ אין מיט קלויז, וועלכער האָט באַלויכטן די גרויסע אויסלאַגע אַלטע און נייע ספרים, וואָס דער מוכר ספרים האָט זיי אויסגע־לייגט אויף עטלעכע לאַנגע בענק, דעמאָלט האָט זיך דער שותק אַרויסגערוקט פון זיין באַהעלטעניש און מיט לאַנגזאַמע טריט — ווי איינער, וואָס שלעפּט זיך שווער אויף שוואַכע קראַנקע פיס — זיך צוגערוקט און אַריינגעפּאַסט׳ צווישן דעם עולם קוקערס, וועלכע האָבן געדיכט אַרום און אַרום, באַלאַגערט די בענק מיט די פאַר־שפּרייטע ספרים.

זיין אויסזען האָט געמאַכט אַ גוטן סימפּאַטישן איינדרוק, אַ מיטל־הויכע וואוקס, עטוואָס געבויגן, מיט איידעלע ערנסטע געזיכט־שטריכן. זיינע געלאָקטע פאות האָבן

זיך אויסגעגלייכט מיט די צוויי שפיצן פון זיין נישט גרויסער שווארצער באָרד, וועלכע איז שוין געווען — אין דער ערשטער צייט, ווען ער איז געקומען קיין טשאָרטקאָוו — היפש באַזילבערט מיט גרויע האָר, און אים געגעבן אַן עלטערן אויסזען ווי ער איז אין אמתן אַלט געווען. זיין הלבשה איז געווען אָרעם — אָבער ריין — בכלל האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַ „כלי קודש": אַ רב אָדער אַ שו"ב.

דער שותק פלעגט זייער זעלטן קויפן אַ ספר. פון די נייע האָט ער זיי כמעט אַלע געהאַט צווישן די קלויז-ספרים און צו אַן אַלט ספר האָט מען נישט געקענט צו־קומען איבער זייערע הויכע פרייזן. דער טשאָרטקאָווער מוכר ספרים איז געווען אַ ספּעציאַליסט, אַ פאַכמאַן אויף אַלטע ספרים. מען האָט געמוזט באַצאָלן פאַר אַ יקר המציאות, פאַר „נישט-בנמצא", פאַר נאָך נישט נייע „איבערגעדרוקט", פאַר די „שנת'ן" ת... ש... א. א. וו. פאַר דפוס „אַמסטערדאַם". אויב דפוס סלאַוויטא, זשי־טאָמיר האָט נישט געהערט צו די „אַנטיקוואַריאַטן", האָט מען דאָך פאַר זיי גע־דאַרפט באַצאָלן אַ דרייפאַכן ווערט, ערשטנס: פאַר דער קדושה פון די מדפיסים. חסידים וויסן די מאַרטירער-געשיכטע פון די צדיקים וקדושים הרב ר' משה שפּירה, והאחים... געהויבענע חסידים האָבן ליב צו לערנען פון סלאַוויטער ספרים, וועלכע האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט מיט זייערע שיינע פעטע שוואַרצע אותיות אויפן דיקן פּאַרמעט-פּאַפּיר און וואָס מער גענוצט, וואָס מער אַ פלעקן-געמיש אויף די בלעטער — פון טרערן, חלב און טאַבאַק — אַלץ גרעסער איז די קדושה און דערפאַר אויך גרעסער דער פרייז.

אויב דער אָרימער שותק האָט אַזעלכע ספרים נישט געקענט מאַכן פאַר זיין אייגנטום, האָט ער אָבער אויסגענוצט די פריווילעגיע וואָס דער מוכר ספרים האָט אים געלאָזן אין זיי אַריינקוקן וויפיל זיין האַרץ האָט געגלוסט. ער פלעגט זייער אָפט אָפּשטייען ביי די בענק ספרים ביז אין די שפּעטע נאַכט-שעה'ן. דער רב, דער למדן אָדער פשוטער בעל-הבית האָבן סוף-כל-סוף צוריקגעלייגט, ווער די שו"ת און חדושי-הלכות, און ווער די פאַרשידענע ספורי מעשיות מצדיקים א. א. ספרים, און זיך מיט געוואָלט אָפּגעריסן פון די בענק מיט ספרים, וועלכע האָבן פאַרמאָגט פאַר זיי אַזאַ שטאַרקע צוציאונגס-קראַפט און זיך געלאָפן „פראַווען", און די „געפראַווע־טע" האָבן זיך געאיילט צום צוג אַהיים צו פאָהרן. געבליבן איז נאָר דער שותק...

און אַמאָל פלעגט זיך אויך נעבן שותק פאַרשפּעטיקן איינער פון די יונגע קלויז־בחורים, וועלכער פלעגט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם פאַהענדיקן אַן אינטערעסאַנטע דערציילונג — וואָס האָבן זיך אויך געפונען צווישן די אויסגעלייגטע ספרים — נאָכן פאַרענדיקן, אַז זיין בליק איז געפאַלן אויף דעם בלייך־פאַרקלערטן פנים פונעם שותק האָט זיך אויפסניי פריש צופלאַקערט זיין ראָמאַנטישע פאַנטאַזיע און דער שותק איז ביי אים אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן געהיימנישפולן „ראָמאַנען-העלד": — ניין! דער שותק איז נישט עפּעס אַזאַ „יושב" ווי די אַנדערע „יושבים", „פליאַסקעדריגעס", וואָס שנאָרן „תיקן", „נדיזניעס", פוילענצער, טויגעניכטסן, וואָס קענען נישט אָדער ווילן נישט זייערע ווייבער מפרנס זיין, לאָזן זיי איבער אויף געהאַקטע צרות און שיכורן דאָ; אָדער אַנזעצערס, וואָס אַנטלויפן פאַר זייערע בעלי-חובות, א. א. וו. —

נײַן; ער מיט זײַנע חברים וואַגן קיינמאָל נישט צו טשעפּען און דערקוטשען דעם שותק מיט וואָרפן האַנטוכער אָדער אַנדערע זאַכן, ווי מען טוט עס מיט די אַנדערע „יושבים”; פאַר אים האָבן זיי דרך־ארץ — אָך, ווען דער שותק זאָל ריידן און אויסזאָגן דעם סוד: ווער זײַנען געווען זײַנע קונים אויפן פּולווער?... דער סוד איז געווען אַזוי גרויס, אַז הייב און קינדער האָבן נישט געוואוסט פון אים, דערפאַר איז געשען דאָס אומגליק — — —

ווער עס זײַנען די געהיימע קונים אויף פּולווער אין רוסלאַנד... דאָס האָט ער געלייענט אין די ראָמאַנען, וועלכע ליגן באַהאַלטן ביים מוכר ספרים אין די זעק — — פון זיי האָט ער געוואוסט אַלע סודות פונעם רוסישן קייזערלעכן הויף און אויך פון די געהיימע אונטערערדישע קעלערס, וואו „ניהיליסטן” קומען זיך צוזאַמען. זיי האָבן עס מיט אַ „פּולווער־באָמבע” דער.הרגעט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן... ווער ווייס וואָס פאַר אַ גראַף (צווישן זיי זײַנען דאָ גראַפן און פירשטן) איז געווען ביים שותק אין קעלער קויפן דעם פּולווער — — —

ווער ווייס ווי לאַנג דער ראָמאַנטישער קלויז־אינגל וואָלט אַזוי געשפּונען זײַנע פאַנטאַזיעס איבער זײַן ליבלינג, דעם שותק־העלד, ווען דער מוכר ספרים כאַפּט זיך נישט אויף פון זײַן דרעמל, פאַרענדיקט דאָס אײַנפּאַקן די ספרים. דעמאָלט ערשט געזעגענען זיך ביידע מיטן שותק, אים ווינטשנדיק אַ „גוטע נאַכט” און פאַרלאָזן די קלויז.

אַז דער שותק איז אַליין געבליבן אין קלויז, האָט ער זיך ערשט דעמאָלט אָנגעדערגעזעצט ביי דער גמרא און פאַרקלונגען די קלויז מיט זײַן לערנען.

און אין די שפּעטע נאַכט־שעה'ן — נאָך חצות — אַז די געפּראַוועטע הסידים פלעגן איילנדיק צו זייערע אכסניות דורכשוועבן פאַרביי דער קלויז, פלעגט זיך דורך די אָפענע פענצטער צו זייערע אויערן דערטראָגן, ווי יענער קלאָגנדיקער, „בת קול מהר חורב” — דער שטילער, טרויעריקער, האַרץ־נאָגנדיקער גמרא־ניגון פונעם שותק. — — —

ווען האָט זיך דער שותק געלייגט און ווען איז ער אויפגעשטאַנען? ווער האָט עס געקענט וויסן? — אַז דער „גוי” איז גאַנץ פרי געקומען אויסקערן די קלויז, האָט ער שוין געטראָפן דעם שותק מיט נאַסע באָרד און פאות פון דער „מקוה” — דער קלויז־שמש, אַ זקן, וואָס איז שוין נישט בכוח געווען פונקטלעך צו דערפילן זײַן דינסט — פרי אויפשליסן און שפּעט פאַרשליסן די קלויז — האָט איבערגעגעבן דעם שותק די שליסל און אים אַזוי געמאַכט פאַר אַ שטיקל בעל־הבית איבער דער קלויז. ער פלעגט זיך אָפּט מיט אים באַדינען, אים איבערלאָזן, ביים אָפענעם שענקל פאַרקויפן י"ש מיט צובייסעכין צו די חסידים.

כאָטש דער שותק פלעגט נישט מער, אַ חוץ מימיק, באַנוצען צו זײַן אויסטעהנהן זיך נאָר די צוויי וואָקאַלן: „אי” און „ע” און אויך זיי נישט מער ווי האַלב ארויסגעברומט, פונדעסטוועגן פלעגט עס נישט שטערן מען זאָל זיך מיט אים קענען דורכריידן און אים גוט פאַרשטיין. ער האָט אויך באַקומען פונעם שמש אַ שאַפע אין פאָליש ער זאָל האָבן וואו צו פאַרשליסן זײַנע זאַכן, וואָס דאָס איז פאַר אים געווען אַ גרויסע באַקוועמלעכקייט.

ווי פאַראַדאָקסאַל ס'זאָל נישט קלינגען, איז דאָס טשאָרטקאָווער רבישע הויף מיטן געטומל פונעם פרייליכן חסידישן לעבן, וואָס האָט דאָרטן שטענדיק געקאָכט און געזאָדן, ווי רוישנדיקע כוואַליעס, געווען פאַרן שותק דאָס, וואָס פאַר אַ מידן וואַנדערענדן נזיר אין אַ ווייסטער מדבר אַ געפונענער אָאַזיס, וואו ער געפינט אַן אָפּרו פון זיין מי־פולן וואַנדער־וועג...

שטיל און רואיק זיינען זיך אַזוי פאַרפלאָסן אנדערהאלבן צענדליק יאָר, אָן אַ שום ווייכטיקער ענדערונג אין שותקס לעבן, ביז ס'האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 1914 די וועלט־מלחמה מיט אירע חורבנות. דעמאָלט איז אויך חרוב געוואָרן דעם טשאָרט־קאָווער רבינס הויף און ס'איז אויך צושטערט געוואָרן דעם שותקס רואיקע נעסט...

ווי אַזוי דער שותק האָט אויף די אַלטע חורבות זיך פריש געבויט זיין נייע נעסט — דאָס וועלן מיר דערציילן אין די ווייטערע קאַפּיטלען.

— 4 —

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַז די רוסישע חיילות האָבן מיט אַ געוואַלטיק שנעלן טעמפּאָ, ווי אַ פייער־לאַווע זיך צעגאָסן איבער מזרח־גאַ־ליציע און מיט פייער און שווערד חרוב־געמאַכט גאַנצע ישובים, איז די שטאָט טשאָרט־קאָוו — וועלכע געפינט זיך אַן ערך 30 קילאָמעטער פון דער רוסישער גרענעץ — געווען איינע פון די גליקלעכע שטעט, וואָס איז גאַנץ געבליבן. חרוב געוואָרן איז נאָר דעם רבינס הויף, וואָס איז איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר — דער רבי מיט זיין פאַמיליע זיינען אַנטלאָפן קיין ווין — דעם רבינס קלויז אָבער איז גאַנץ געבליבן. מער אָבער האָט דער שותק נישט געקענט דאָרט פאַרבלייבן. דער שונא האָט באלד גענעבן צו פילן דער רואיקער אָקופּירטער באַפעלקערונג וואָס ס'הייסט מלחמה...

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס „כאַפּן" צו דער אַרבעט — אַ כאַפּעריי לשם אַ בלוט־צאַפּערישן כאַבאַר און צו קענען שלאָגן אידן...

ווי בלוטדורשטיקע חיות האָבן זיך די סאָלדאַטן געיאָגט נאָך דער צום טויט־דערשראָקענער באַפעלקערונג, אַריינרייסנדיק זיך אין זייערע הייזער, שילן און בתי מדרשים, געריסן די טליתים פון די קעפּ און מיט נאַהייקעס געפּאַסעוועט די, וועלכע האָבן געפּרואווט אַנטלויפן אָדער וועלכע מ'האָט געפונען זיך אויסבאהאלטן.

פאַר דער „כאַפּער"־געפאַר האָט זיך דער שותק געמוזט זוכן צו באהאלטן, גלייך ווי יעדער אַנדערער. דאָס ווינקל הינטער דער טיר האָט אויפגעהערט פאַר אים צו זיין די רואיקע, שטילע און זיכערע נעסט, ווי ביז אַהער. לאַנג זוכן האָט ער נישט באַדאַרפט. מיטן אַנטלויפען פון דער רבישער פאַמיליע, זיינען געבליבן ליידיק די צוויי פליגל־וואוינונגען פון ביידע זייטן קלויז. דער שותק האָט אויסגענוצט דעם שעת הכושר און זיך אריינגעכאַפּט אין איינעם פון זיי. אַזוי ארום איז אונדזער אַרי־מער שותק געוואָרן איינער פון די ערשטע „קריגס־געווינער". אנשטאָט דער ענגער וואוינונג הינטער דער טיר, וואו ער איז געשטאַנען אַן איינגעפּרעסטער, האָט ער פלוצלונג באַקומען צוויי גרויסע פראַכטפולע זאַלן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן.

אהין האָט ער זיך איבערגעטראָגן מיט אַלע זיינע זאַכן, זיך אויך מיטגענומען אַ גרויסן טראַנספּאָרט ספרים פון דער קלויז, וועלכע ער האָט באַדאַרפט צום לער־



די קלויז פון טשאָרטקאָווער רבין. לינקס, אין דער נידעריקער נעבן־געביידע האָט זיך דער „שותק” מלחמה־צייט פאַרבאַריקאַדירט און אויפגעהאַלטן אַ רייע יאָרן.

גען. דערנאָך האָט ער פעסט פאַרבאַריקאַדירט טיר און פענצטער, פאַרקלאַפּט און פאַרשפּאַרט פון אַלע זייטן, ווי אין אמתע פעסטונג, דער שונא זאָל אַזוי לייכט צו אים נישט קענען צוטרעטן...

אַצינד איז נאָר געבליבן אַ פראַגע: — וואו וועט דער שותק נעמען אויף צו לעבן? — ווער וועט אים דערלאַנגען עפּעס צו שטילן זיין הונגער?...

וואָלט ער זיך געפונען צווישן מענטשן, וואָלט עס קיין פראַגע נישט געווען, יעדער וואָלט מיט אים געטיילט זיין ביסן, אים אפשר מער געגעבן וויפיל ער וואָלט פאַרלאַנגט און געפאָדערט. דער שותק איז אין די 15 יאָר, וואָס ער האָט געשוויגן און יומם ולילה געזעסן און געלערנט, דערהויבן געוואָרן אין יעדענס אויגן פאַר אַ איש קדוש.

ס'זיינען אָבער געווען שווערע צייטן און מען האָט נישט געקענט ביים בעסטן ווילן האָבן אין זינען אַ צווייטן. חוץ דער כאַפּער-גיפּער האָבן פליענדע עראָפּלאַנען געוואָרפן באָמבעס און נישט געטראָפן צום ציל... דערפאַר אָבער זיינען די קרבנות געווען מערסטנטייל פון דער היימישער רואיקער באַפעלקערונג...

אָבער די השגחה האָט נישט פאַרלאָזט דעם שותק און אים צוגעשיקט איר גוטן מלאך, וועלכער האָט אויף אים אַכטונג געגעבן און אים באַדינט אין די שווערע מלחמה-צייטן און שוין פון אים נישט אָפּגעטון זיין השגחה אויך נאָך דער מלחמה, ווען דער שותק איז שוין געווען אַ צוזאַמענגעבראָכענער זקן, פון זיין שווער געפּלאָגט לעבן און זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט אין אַ געטרייען מענטשן, וועלכער זאָל אויף אים אַכטונג געבן, און דאָס איז געווען — חיים בידנע!

אַזוי ווי חיים בידנע געהערט צו די וויכטיקסטע פיגורן אין שותקס ביאָגראַפיע, וועלן מיר באַקענען דעם לייענער מיט זיין לעבן און כאַראַקטער.

גיי פרעג דער וועלט אַ קשיא, פאַרוואָס חיים האָט באַקומען דעם צונאָמען „בידנע" (אָרימער)?

פאַרקערט, מיט זיין ברייטפּלייציקן, פעסט-געבויטן קערפּער און פּאָר הענט ווי אייזערנע שטאַבעס, האָט ער גיכער געקענט הייסן „רייכער".

זיינען אפשר שולדיק געווען זיינע אָרימע מלבושים, די אויסגעקרומטע שטיוול מיט די פאָדעשוועס ארויף? אָדער אַ פיזיאָגנאָמישער מעות, ווייל אַ פּנים האָט חיים פאַרמאָגט ווי דער דריטער „בן" פון דער הגדה, כאָטש שכל האָט ער געהאַט נישט ווייניקער פונעם ערשטן...

ביז אין דער חתונה אַריין איז חיים געווען אַ משרת ביי איינעם פון די רבישע הויף-קינדערלעך און זיך אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט, חתונה-געהאַט האָט ער פאַר אַן אָרעם מיידל, אָבער מיט מעלות: שיין, קלוג און געבילדעט, און נישט נאָכגעטון זיינע פאַך-קאָלעגן די אַנדערע משרתימלעך, וועלכע האָבן גענומען אָדער פעטלייביקע דאָרפס-מיידלעך מיט אַ האָפנונג צו ווערן מיט דער צייט אַ קרעטשמער אין דאָרף, אָדער אַ באַלעבאַטיש מיידל — אַ קליינער מום האָט נישט אויסגעמאַכט — אַבי ווערן אַ שותף צום שווערס געשעפט.

חיים האָט נישט געזוכט קיין שמאַלץ-גריבער, ער האָט חתונה געהאַט אָרעם, זיך איינגעשפּאַנט אין פרנסה-וואָגן און אים געשלעפּט מיט אַלע זיינע כוחות, אַ צופרי־דענער.

אַז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז שוין ביי חיימען געווען עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה און ער איז שוין געווען אַ טאַטע פון עטלעכע קליינע קינדער. גראָד דעמאָלט איז זיין שווער געבליבן אַן אלמן און חיים האָט אים מיט אַ שוואָגערל אריינגענומען צו זיך. דאָס עסן האָט ביי חיימען נישט אויסגעמאַכט: — שטעקן נאָך צוויי לעפל אין שיסל אַריין — אָבער די דירה איז געווען שטאַרק ענג, האָט חיים אויך, ווי דער שותק, אויסגענוצט דעם מאָמענט און זיך איבערגעצויגן אין דער צווייטער פליגל-וואוינונג פון דער קלויז און איז געוואָרן דעם שותקס נאָענטסטער שכן...

חיימען איז באַלד איינגעפאַלן, אַז אויב ער וועט זיך נישט געבן די מי עפּעס צו דערלאַנגען זיין נייעם שכן, קען ער דאָרט אין דער „פּעסטונג" אויסגיין פון הונגער... ער האָט גוט געוואוסט, אַז דער שותק וועט נישט אַרויסגיין מאָנען, און אין אַזעלכע צייטן, ווער ווערט איינפאַלן מען זאָל אים עפּעס דערלאַנגען? ווער זשע זאָל אויף דעם שותק השגחה געבן, אויב נישט ער, וועלכער איז דער נאָהענטס-טער שכן?

און דער שותק האָט מיט פרייד אָנגענומען חיימס הילף, וועלכע איז באַשטאַנען נאָר אין עסן, נאָר ער פלעגט אים אויך באַדינען ווי אַ געטרייער משרת און אים אַלעם פאָלגן. דער שותק האָט ערשט אַצינד געקענט זיך רואיק, אַן איינזאַמער, זיצן יומם ולילה און לערנען — — —

און אַז מען וויל איז חיים צופרידן געווען וואָס ער האָט פאַרהאַלפן דעם שותק, ווייל ער האָט זיך געגויטיקט, אַז דעם שותקס זכות זאָל אויף איהם „מגין" זיין...

די מלחמה האָט חרוב געמאַכט די אַלטע פרנסות און געשאַפן נייע. אויך זיינע געוועזענע „מעהל-מסחרים" האָט חיים פאַרביטן אויף מער געפערלעכע.

אַזוי ווי די גרענעץ האָט מער נישט עקזיסטירט, פלעגט חיים דינגען פערד און וואָגן, זיך אַריינוואַרפן אין אים מיט דער אָפּגעריבענער קאַפּאָטע און אויסגעקרומטע שטיוול, וואו ער פלעגט ערגעץ אין זיי באַהאלטן דאָס געלט, אָבער פאַרן פאָרן אריינ-געאַנגען זיך געזעגענען מיטן שותק, אַ שווייגנדיקער פלעגט אים דער שותק דער-לאַנגען די האַנט און אים צושאָקלען מיטן קאָפּ, אַ ברכה, וואָס ס'האָט געהייסן: — פאָר און באַגליק און קום אַהיים אָן אַ מכשול — — — —

פאַרנאַכט איז חיים אַרויסגעפאָרן און איידער ס'האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָבן צוויי מענטשן געהערט אַ וואָגן זיך אָפּשטעלן ביי דער קלויז — דער שותק, וועלכער האָט נאָך דעמאָלט געלערנט, און חיימס ווייב, וועלכע האָט געציטערט אַ גאַנצע נאַכט פאַר שרעק, צי מיט איר חיימען איז חלילה קיין אומגליק נישט געשען, באַ-רויבן איז דעמאָלט געווען „גם זו לטובה", ווייל מען פלעגט דעמאָלט זייער אָפט טרעפן אַזעלכע סוחרים באַרויבט און געקוילעט ווי שאָף...

אַזוי איז חיימען געלונגען, אָן אַ מכשול, צו האַנדלען די גאַנצע צייט פון דער מלחמה, און ער האָט עס גערעכנט אין שותקס זכות.

— 5 —

חוץ חיימען, פון וועלכן ס'וועט אונדז נאָך אויסקומען שפּעטער צו ריידן, האָט דער שותק געהאַט אין טשאַרטקאָוו נאָך עטלעכע פריינט, וועלכע זיינען געשטאַנען

אויף אַ העכערן ניוואָ ווי חיים און ס'איז נישט מעגלעך, שרייבנדיק איבערן שותק אויך זיי נישט צו דערמאָנען, און מיר וועלן עס טון בקיצור, אויף וויפיל עס וועט זיך לאָזן.

שוין דאָס ערשטע יאָר פונעם שותקס קומען קיין טשאָרטקאָוו, האָט ער זיך באַפריינדעט מיטן אַלטן ר' נפתלי קירזשנער, אַ חסיד אַ בעל־מלאכה פון דעם מין, וואָס „בעש"טער" חסידות האָט געשאַפן, אין די יונגע יאָרן, ווען אַרבעט איז געווען לרוב, די מאַטעריעלע לאַגע אַ גוטע און זיין שטוב איז געווען פריי פאַר יעדן אָרימאַן, אַן הכנסת אורחים. אויף דער עלטער, אַז ס'איז אויפגעשטאַנען אַ נייער דור און אויסגעריסן ביי אים די אַרבעט, האָט ער זיין היונה געצויגן פון לייען שטריימלעך פאַר די חסידים, וואָס זיינען געקומען אויף שבת צום רבין און דערפון בדוחק גע־לעבט, פונדעסטוועגן האָט ער זיך פון אַ מצוה־טון נישט אָפגעזאָגט, געגעבן אַ ארחי־פרחי אַ נאַכטלעגער און מיט אים געטיילט זיין אָרימע סעודה. אויף שבת פאַרזאָרגט אָרימע אורחים וואו צו עסן, און אַלעמאָל באַנוצט די רויטע קעשענע־פאַטשיילע צו צונויפנעמען פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן, פאַר אַן אָרימער קראַנקער קימפעטאָרן, א.א.וו. אויך פאַר דעם שותק האָט ר' נפתלי הסיד געזאָרגט, אים דערלאַנגט זייער אָפט אין אַ פלעשל אַביסל „דערקוויקעניש" און אים פאַרזאָרגט מיט שטיהל פאַר זיינע שוואַכע פיס. ער פרעגט אים אויך געבן אַ יאַרמולקע.

נישט ביי יעדן פלעגט דער שותק וועלן נעמען. מען האָט באַדאַרפט זיין דעם שותקס אַ פריינט און דער שותק פלעגט שוין וויסן, אַז די פריינט, ביי וועלכע ער נעמט, האָבן מער פאַרגעניגן פונעם געבן, ווי ער פונעם נעמען. אַ פאַקט: אַ גבירישער יונגערמאַן האָט זיך אַמאָל פאַרן שותק אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט אים געוואָלט מהנה זיין מיט 10 דאָלאַר — ווען דער דאָלאַר איז געווען אַ פאַרמעגן — דער שותק האָט עס אָבער נישט געוואָלט נעמען. דעם פריינט ר' נפתלי האָט ער געהאט אין די ערשטע צען יאָר פון זיין קומען קיין טשאָרטקאָוו.

אַ זייער אינטערעסאַנט קאַפיטל אין שותקס לעבן, בשעת דער רוסישער אָקו־פאַציע אין גאַליציע, איז זיין באַקענען און באַפריינדן זיך מיטן סאָלדאַט אבא לעוו, וועלכער איז מיטן ריימען פון די רוסן פון גאַליציע, אויך פאַרשוואונדן, איבערלאָזנדיק דעם שותק אַ ליכטיקע דערינערונג איבער זיך.

— ווער איז געווען אבא לעוו? ווי קומט ער צום שותק? און מיט וואָס האָט ער פאַרדינט דעם שותקס ליבע?

איידער מיר גייען דערציילן וואָס מיר וויסן איבער דעם אָריגינעלן און אינטע־רעסאַנטן סאָלדאַט אבא לעוו, לאָמיר קודם הערן וואָס עס דערציילט וועגן איהם ש. אַנ—סקי אין זיין „חורבן גאַליציע":

„מיר איז אויסגעקומען נאָנט צו קענען זיך מיט איינעם פון די אידישע סאָל־דאַטן, וועלכער האָט בלב ונפש אָפגעגעבן זיך מיט די אינטערעסן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין גאַליציע. איך האָב זיך באַקענט מיט אים נאָך פאַר דער מלחמה, ווען איך בין אַרומגעפאָרן זאַמלען עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלן, האָב איך אים באַ־געגנט עטלעכע מאָל אין די שטעטלעך פון וואָלינער גובערניע און ער האָט מיר מיטגעהאָלפן אין מיינע זאַמלונגען.

„דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען אַבאַ לעוו, אַ יודע ספר. ער האָט אויך אַ שטיקל שייכות צו דער ליטעראַטור, האָט געדרוקט אייניקע אַרטיקלען אין אידישע צייטונגען. אויף דער מלחמה, פאַרשטייט זיך, איז ער פיל אויסגעשטאַנען, נאָר אים איז געלונגען אַרויסצורופן ביים קאָמאַנדיר פון פאָלק אַ טיפן צוטרוי צו זיך און דער קאָמאַנדיר האָט זיך מיט אים באַנוצט אויף פאַרשידענע שליחותן קיין קיעוו, מאָסקווע, פעטערבורג, ווען מען פלעגט דאַרפען איינקויפן פראָדוקטן פאַרן פאָלק.

„דעם אַבאַ לעוו האָב איך פינף-זעקס מאָל באַגעגנט אין אַלערליי שטעטלעך אין גאַליציע און איך בין געווען איבערראַשט פון זיין מסירת-נפש פאַר דער אידישער באַפעלקערונג. אומעטום האָט ער אָנגעקניפט נאָנטע באַציאונגען מיט די אָרטיקע אידן, האָט געוואוסט וועגן זייערע הצטרכותן, האָט וועגן דעם מיטגעטיילט אין קיעוו, געפאָדערט הילף אין די קאָמיטעטן און אָפט פון דאָס לעצטע אַליין אויסגעהאָלפן די נויטבאַדערפטיקע.

„איינמאָל האָב איך אים געטראָפן ווי ער האָט זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון קיעוו, וואוהין ער איז געפאָרן מיט אַ שליחות פון זיין קאָמאַנדיר. איידער ער איז נאָך געגאַנגען צום קאָמאַנדיר מיט אַ דין-וחשבון, איז ער אַוועק אין שטעטל, וועלכעס האָט זיך געפונען פינף-זעקס וויאָרסט פון זיין לאַגער, אַ מידער פון וועג, ריזיקירנדיק אָפגעשטעלט און אַרעסטירט צו ווערן דורך אַ פאַטרול, איז ער אין האַלבער נאַכט אַוועק אין שטעטל, טראָגנדיק אויף די פלייצעס אַ זאַק פון עטלעכע פוד. אין זאַק האָבן זיך געפונען מעדיקאַמענטן, שפייז-פראָדוקטן און אויך ציצית, מזוזות און סידורים, דאָס אַלעס האָט ער געזאַמלט אין קיעוו און געבראַכט דעם פאַראָרימטן שטעטל אַ מתנה. אין אָנפאַנג פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער זיך געפונען אין רומעניע און אויך דאָרט געפירט די זעלבע הילף-טעטיקייט, איז געפאָרן קיין פעטערבורג מיט אַ באַריכט וועגן די צרות, וועלכע די אידישע באַפעלקערונג איז דאַן אויסגעשטאַנען אין רומעניע" — א.א.וו.

אין טשאָרטקאָוו האָט מען דעם סאָלדאַט אַבאַ לעוו געקענט דורך זיין ארומזוכן און קויפן אַלטע „אַנטיקן" (פאַר דעם עטנאָגראַפישן מוזעאום אין קיעוו). אויף צו באַקומען זיי איז דאָרט פאַר אים געווען אַ גוט פלאַץ. אַ סך אַנטיקן האָט ער נאָך געטראָפן צו קויפן ביי דער אַלמנה פון דעם אויבנדערמאָנטן מוכר ספרים, צווישן די ספרים פון דער איבערגעבליבענער ירושה. אגב איז ער דאָרט געוואָרן אַ גוטער פריינט און צוגעבראַכט אַביסל „רומעל" פון קיעוו און אָדעס און דערפאַר פלעגט מען דאָרט פרעגלען וואַרעניעס פאַר זיין פאָלקאָווניק. ער פלעגט אויך באַקומען ביי די הויף-מקורבים רבישע אַנטיקן: אַ גראַווירט זילבערן טאַבאַק-פושקעלע, אַ הדסל, אַ קמיעה, אַ קוויטל א.ד.גל. אַנטיקן, אַז ס'האָט נאָר געטראָגן דעם חותם פון „אַנטיק", פלעגט שוין אַבאַ לעוו דורכקומען מיטן פרייז.

טיילמאָל פלעגט אָבער אַבאַ באַקומען זיינע אַנטיקן גאַנץ אומזיסט, אַז ס'איז אים אויסגעקומען דורכצוּרייזן אַ חרוב-געוואָרענעם אידישן ישוב, דאַרף מען אַרויסראַטעווען פון אַ שיל, אַ בית המדרש, די רייניקייטן, זיי מיטנעמען, אָבער אַבאַ לאָזט בּישט איבער און וואַרפט אין זאַק: אַ מעשענעם הענג-לייכטער, אַ חנוכה-לעמפּל מיט רייזעלעך און לייבלעך, אַ מנורה מיט „כפתור ופרח", אַ „שויתי" און נאָך אַזעלכע אַנטיקן.

ווער ווייס צי פלעגט זיך ביי אַ אידן נישט אָפּרייסן דאָס האַרץ פאַר יסורים און עגמת־נפש, אַז ער פלעגט באַמערקן אין אַ פינצטערער נאַכט אַ רוסישן סאָלדאַט טראָגן אַ פול־געפּאַקטן זאַק און זיך קלערן, אַז דער „זאַק־רויב" איז אידיש פאַרמעגן... יאָרנלאַנגע אידישע בלוטיקע האָרעוואַניע... און ווער ווייס צי האָט עס נישט גע־קאָסט מענטשן־לעבנס... גערויבט און געמאָרדעט...

אַלס ליבהאָבער פון אַנטיקן האָט אַבאַ אויך אויפגעזוכט אין טשאָרטקאָוו צוויי לעבעדיקע אַנטיקן: די „משיחטע" און דעם „שותק". צו דער „משיחטע" איז ער לייכט צוגעקומען, געקויפט ביי איר די געדרוקטע כתבים, געשריבן אין נוסח פון נחלת־צבי, וואו זי פּראָקלאַמירט זיך אַלס „דבורה הנביאה" (זי האָט געהייסן מלכה־דבורה), וואָס איז געקומען מבשר זיין דער וועלט, אַז משיח קומט... געקויפט ביי איר אַ קאָלעק־ציע „אַנזיכטס־קאַרטן", וואָס זי האָט געלאָזט דרוקן: רבישע טיפּן אין כאַלאַטן מיט שטריימלעך אויף די קעפּ, אונטערגעשריבענע נעמען פון צדיקים, רבנים, מלאכים, נביאים. אָפּגעקויפט ביי איר די כתבים און בילדער, האָט אַבאַ דערנאָך פאַר דער משיחטע נישט מעהר געהאַט קיין אינטערעס.

אַנדערש איז עס אָבער געווען מיטן שותק, אין וועלכן ער האָט זיך ממש פאַר־ליבט און זיך פאַר אים באַגייסטערט ווי אַ חסיד פאַר זיין רבין און ווען ער האָט נאָר באַקומען די מעגלעכקייט, האָט ער אים באַזוכט.

ווי אַזוי ס'איז אים געלונגען דורכצוברעכן די „פּעסטונג" און צוגעלאָזט ווערן צום שותק — דאָרט, וואו קיינער אַ חוץ חיימען האָט עס נישט געקענט — ובפרט אין אַ סאָלדאַטסקען מונדיר? — דאָס האָט זיך קיינער נישט געקענט דערקלערן. מען פלעגט די ערשטע צייט באַמערקן ווי ער פלעגט זיך רייסן ווי אַ פלאַטערנדיקער־שמעטערלינג ביי די פאַרקלאַפּטע פענצטער און שרייען:

— ר' שמואל! עפנט! — ר' שמואל שותק, עפנט!

אויך דער שותק האָט אבאַן שטאַרק ליב געהאַט און פלעגט זיך פרייען מיט זיין קומען. מען דאַרף אָבער נישט חושד זיין דעם שותק, אַז ס'איז ביי אים געווען אַ „אהבה שתלויה בדבר", ווייל האָבן אַ פריינט אַ סאָלדאַט, וועלכן אַ פּאָלקאָווניק פון דער אינטענדאַנטור לאָזט אַלעס דורך זיינע הענט... אַ פלינקער אידישער יונ־גערמאַן, וואָס טויג זיך אויס, נישט נאָר אָנצופילן די קעשענעס פון זיין האַר, נאָר זיינע האָט ער אויך אין זינען... אַזאַ פריינט קומט נישט מיט ליידיקע הענט.

דעם שותק האָט שוין נישט געפעלט דאָס, וואָס איז אַזוי קאָסטבאַר געווען און שווער צו באַקומען: טיי, צוקער, שטיוול א. א. וו. ביי אבאַן איז געווען אַ פרייד, אַז ער האָט מהנה געווען דעם שותק. דער שותק האָט עס געוואוסט און גענומען ביי אים.

מיט דעם גוטן פריינט, אַבאַ לעוו, האָט דער שותק פאַרלוירן ביים אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע און שפּעטער עטלעכע חדשים, אַז די עסטרייכער האָבן צוריק דעראָבערט גאַליציע, האָט דער שותק געמוזט אויך אָפּראַמען זיין באַקוועמע וואוינונג. דאָס איז פאַר אים געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ.

די מלחמה פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט די מגפות, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט געבושעוועט, האָבן געשאַפן אַ גרויסע צאָל יתומים. פאַר די כלל־טוערס איז עס געווען די ערשטע אַרבעט צו שאַפן אַ בית יתומים. מען האָט אומ־

באַדינגט געמוזט ראַטעווען די גרויסע צאָל יתומים און יתומות פון אונטערגאַנג אין זיי דערציען. מאַטעריעלע מיטלען האָט געגעבן אויסלאַנד, אַמעריקע. עס האָט אָבער געפעלט אַ וואוינונג אויף אַ בית יתומים. מען האָט געפונען, אַז דעם שותקס וואוינונג, וואָס גרענעצט זיך מיט דער גרויסער ווייבערשער שיל פאַסט אַמבעסטן. אַז די דעפוטאַציע כלל-טוער זיינען געקומען איבערגעבן דעם שותק זייער באַשלוס, האָבן זיי נישט געקענט דורכברעכן די פעסטונג. מיט שווערער מי האָבן זיי אויפגעהאַקט די טיר און פענצטער און דערנאָך האָבן זיי ווייטער געהאַט צו האַקן די שאַפעס, מיט וועלכע דער שותק האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט. סוף כל סוף האָט מען איינגענומען די „פעסטונג” און דערציילט דעם שותק וועגן דער וויכטיקער זאַך אין וואָס ס'האַנדלט זיך.

דער שותק, פאַרשטייט זיך, האָט געמוזט איבערלאָזן די וואוינונג און זיך אריינקלייבן אין קליינעם סוכהלע, וואָס האָט זיך געפונען נעבן דער וואוינונג.

אַז דער ראש פון דער דעפוטאַציע האָט געמאַכט אַ פאַרוואורף דעם שותק, פאַר וואָס ער האָט זיי נישט לייכט איבערגעגעבן די וואוינונג פאַר אַזאַ הייליקן צוועק, האָט אים דער שותק איראָניש באַמערקט (פאַרשטייט זיך, אויף זיין שותק-לשון, וואָס דער עולם האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען): — פאַרוואָס גייט ער נישט צו זיין פאָטער, אַז ער זאָל איבערגעבן זיין הויז פאַר אַזאַ הייליקער זאַך?...

און מען מוז מודה זיין, אַז ס'איז געווען אַ ביטערע איראָניע, ווייל זיין פאָטער איז געווען איינער פון די רייכסטע אידן און פאַרמאָגט דאָס גרעסטע הויז אין שטאָט.

אין סוכהלע האָט דער שותק לאַנג נישט געוואוינט. ער האָט געזוכט רו, ער האָט זי אָבער דאָרט נישט געקענט האָבן. קליינוואַרג האָט דערצאַרבעט מעשים. פון יענער זייט וועגט האָבן זיך שטענדיק געטראָגן קולות און קוויטשערייען פון די זיך שפּילנדיקע קינדער. דאָס האָט אים דענערווירט און ער האָט זיך פון דאָרט איבערגעצויגן אונטער איינער פון די חורבות פון דעם אַמאָל פּרעכטיקן רבישן הויף.

דאָס איז געווען די אומבאַקוועמסטע וואוינונג פון אַלע, אָבער צופרידן איז ער מיט איר געווען. עס האָט ארום אים געהערשט אַ שטילקייט. און דאָרט, איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט נישט געשטערט ווערן אין זיין רו און מען וועט אים פון דאָרט מער נישט ארויסוואַרפן...

דאָרטן אין דער חורבה האָט ער שוין פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן.

— 6 —

אַ זייער טרויעריק קאַפּיטל אין שותקס לעבן איז דאָס קומען פון זיין איידעם צום צווייטן מאָל — נאָך אַ צייט פון 25 יאָר, זייט ער איז ביי אים געווען דאָס ערשטע מאָל. — אָבער דאָס מאָל איז ער נישט ווי דעמאָלט אַזוי גיך פאַרשוואונדן, נאָר ער איז געזעסן וואָכנלאַנג ביי חיימען און פאַרלאַנגט פון זיין שווער ער זאָל זיך צוהערן צו זיינע טענות און תביעות.

תחילת האָט דער שותק ניט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך זיין איידעם — ווייזט אויס, אַז ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זיין איידעם וועט פאַרלאַנגען פון אים — אָבער זיין איידעם, אַ נודנע אידל, האָט זיך צוגעטשעפּעט ווי אַ נודנע פליג, נישט צום

אָפּטרייבן, האָט שוין געוואוסט ווי ארום זיך אַ עצה געבן, אַז זיין שווער זאָל אים אויסהערן. ער האָט נאָכשפּיאָנידט די צייט, ווען חיים דערלאַנגט אים דאָס עסן און זיך דעמאָלט פאַרשטעקט אין אַ ווינקל נעבן דער חורבה, אַז חיים האָט די טיר געעפנט, איז ער בליץ-שנעל אריינגעפלויגן און שוין ניט אָפּגעטראָטן, צווינגענדיק דעם שותק, אַז ער זאָל אים אויסהערן.

אויף דעם שותקס פראַגע וואָס ער וויל — האָט זיין איידעם אים דערציילט אין וואָס פאַר אַ מאַטעריעלער נויט ער געפינט זיך היינט און דער שותק אַלס פאָטער, איז מחויב אים צו העלפן, הגם ער איז אים שולדיק דעם צוגעזאָגטענעם נדן, די 90 רובל, וועלכע מאַכן היינט אויס אַ קיימא-לן פון 300 נאָרדאַמעריקאַנער דאָלאַר און ער וויל צוריק דעם חוב, די 300 דאָלאַר...

אַז דער שותק האָט אים אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם און אים אויף זיין שותק-לשון געפרעגט: — וואו זאָל איך נעמען געלט? — האָט זיין איידעם אויסגעשריען:
— עפנט די טיר!

אַן אויפגערעגטער, האָט דער שותק — וואָס האָט פאַרשטאַנען זיין איידעמס פאָדערונג — געכאַפּט טינט און פעדער און מיט גרויסע אותיות אויפגעשריבן:
— הרבי אנכי? ! — — —

אומזיסט איז געווען זיין איידעמס דערקלערן אים, אַז ער איז גלייך מיט אַנ-דערע רבים און אויב אַנדערע נעמען פדיונות, מעג ער אויך...

אבער דער שותק האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט איינגיין אויף דעם, צו ווערן אַ רבי און נעמען „קוויטלעך” מיט „פדיונות”...

דער איידעם איז נישט אַזוי שנעל אָפּגעטרעטן; מיט תחנונים האָט ער זיך אָנ-געהויבן בעטן ביים שותק:

— הייליקער שווער-לעבן! עפנט די טיר און לאָזט צו צו זיך! אייער טאָכטער, מיין ווייב און די קינדערלעך ליידן נויט און איר קאָנט אונדז אַלעמען באַגליקן . . . שווער-לעבן, קרויז, האָט רחמנות אויף אייער בלוט און פלייש... ווערט אַ רבי... אידן גארן, זיי ווילן אייך זען, זיי ווילן אייער ברכה... שווער-לעבן, דערבאַרימט אייך, ווערט אַ רבי! עפנט די טיר...

אָבער דער שותק האָט זיך נישט געלאָזן באַווירקן פון זיין איידעם, ער האָט אים כסדר נאָר אָנגעוויזן אויף די אָנגעשריבענע צוויי ווערטער:
— הרבי אנכי?...

ס'האָט זיך זיין איידעם אפילו נישט איינגעגעבן צו פועלן ביי זיין שווער, אַז נאָר אויף צוויי וואָכן זאָל ער עפענען די טיר. טראָץ דעם צער און עגמת נפש, וואָס דער שותק האָט געהאַט פון דעם, וואָס זיינע קינדער ליידן נויט, האָט ער דאָך ביי זיך נישט געקענט פועלן, אַ רבי צו ווערן און ראַטעווען זיין פאַמיליע מיט פדיונות.

ווען דער איידעם האָט זיך איבערצייגט, נאָך עטלעכע חדשים, אַז זיין זיצן און וואַרטן איז אומזיסט; קיין רבי וועט זיין שווער נישט ווערן און 300 דאָלאַר מאָנען ביי אַזעלכן, וועלכער לעבט אליין פון דעם וואָס יענער גיט אים, איז נישט מער ווי אַ שטות און מער זיצן און וואַרטן האָט קיין זינען נישט — ווייב און קינדער שטורעמען מיט בריוו, ער זאָל באַלד קומען אַהיים און אויפהערן צו דערקוטשען

זייער „הייליקן פאטער" — דעמאלט איז ער באשטאנען, אז דעם שותקס פריינט זאלן זאמלען אביסל געלט פאר אים.

דער שותק האט אין דעם פאל געמוזט אפטרעטן פון זיין פרינציפ — נישט בעטן און נישט ביי יעדן נעמען — געבעטן זיינע צוויי פרעסטיזשפולע פריינט, דעם רב פון שטאט און דעם סוחר ר׳ משה לייב אויערבאך (היים בידנע מיט זיין הארע־פאשנע אויסזען האט מען דערצו נישט געקענט פארווענדן), אז זיי זאלן צונויפנע־מען הויפיל ס׳וועט זיך לאזן כדי ער זאל באפרייט ווערן פון זיין איידעם.

דער רב איז פשוט שולדיק געווען דעם שותק א חוב, וועלכן ער האט אים דערמיט באצאלט.

ווי באוואוסט, האט דער שותק קיינעם, חוץ זיינע געציילטע פריינט, צו זיך נישט אריינגעלאזט. א סך שרייבער און קינסטלער האבן נאך אלע זייערע אנשטרענ־גונגען נישט געקענט פועלן צו זען אדער ריידן מיטן שותק. אן אויסנאמע איז געווען אנ—סקי, אדאנק דעם רב, וועלכער האט זיך משתדל געווען פאר אים.

די פארשטייער פונעם גאליציאנער אידענטום: רבנים און כלל־טוער האבן גוט געוואוסט אפגושאצן די גרויסע הילף און מסירת נפש פון זייערע גרויסע רוסישע ברידער, וועלכע האבן בשעת מלחמה מיט אזא ברייטער האנט זיי דערלאנגט הילף אין זייערע חרוב־געווארענע מקומות. אמפאפולערסטן איז געווען אנ—סקי און א רב האט זיך פשוט געפרייט, אז ער קען ממלא זיין אנ—סקים א בקשה.

אז דער שותק איז אבער דערנאך געוואויר געווארן ווי אזוי און וואס אנ—סקי האט וועגן אים געשריבן אין זיין הורבן גאליציע, איז ער זייער אומצופרידן געווען פון דעם רבס השתדלות ביי אים. דער רב האט עס געוואוסט און דערפאר אויך אצינד זיין בקשה דערפילט.

דער צווייטער, וועלכער האט פארהאלפן צו דער זאמלונג, האט נישט ווייניקער פארדינט — שרייבנדיק איבערן שותק — מען זאל זיך אויף אים אפשטעלן און אים דערמאנען ווי די אויבנדערמאנטע פריינט פונעם שותק: ר׳ נפתלי און אבא.

משה לייב אויערבאך, א תושב פון די גרענעץ־שטעטלעך, וואס די רוסישע מאכט האט בשעת מלחמה ארויסגעטריבן פון זיי די אידישע באפעלקערונג, מורא האבנדיק פאר זייער „שפיאנאזש", האט זיך באזעצט מיט זיין פאמיליע אין טשארט־קאוו. פון דער נאטור א שטילער בנעימותדיקער מענטש, א חוץ דעם א געוויסנהאפ־טער ערלעכער סוחר, האט ער באלד געפונען ליבע און אכטונג ביי אלעמען און אויך ביים שותק. ווי אזוי ער איז געווארן דעם שותקס פריינט — איז די זעלבע פראגע ווי ביי אבאן. אין דעם פריינט האט זיך דער שותק באלד אפשר אזוי געגויטיקט ווי אין היימען. אגב, איז ער געווען פאר חיימען א גרויסע שטיצע מיט אויסהעלפן א סך זאכן, וואס חיים איז נישט בכוח געווען פארן שותק צו טון.

למשל: חיים ברענגט אלע טאג דאס עסן, פאלגט אלע גענג, ערב גרויסע ימים טובים — אז דער שותק איז נישט געווען אזוי שוואך, איז עס געווען אלע ערב שבת — גיסט ער אויף אים ארויף צוויי קאנעווהאסער: „שיעור מקוה". סוכות ברענגט ער אלע טאג דעם אתרוג און לולב א. א. וו. אבער אז דער שותק דארף א סוכה, אזא ארבעט קען חיים פאר זיך מאכן ס׳זאל זיין „צלתה מרובה מחמתה", אבער דעם שותק מאכן א סוכה, וועלכע דארף זיין א פעסטונג, א שפארע זאל זיך נישט

געפינען אין איר, ער זאָל זיין אַן „אינו-נראה”, דאָס קען נישט חיים און פאַר אים טוט עם אויערבאַך, קויפט גוטן מאַטעריאַל און אַ טאַטן פאַלגן — ובפרט אַ סוכה מאַכן — באַווייזן אויערבאַכס בנים צו מאַכן אַ סוכה נעבן דעם פענצטער פונעם שותקס חורבה, פון וועלכער דער שותק איז שטאַרק צופרידן און איז שטאַרק דאַנקבאַר זיין פריינט. אויערבאַך גיט אָבער אויך צוביסלעך געלט דעם שותק׳ אויף קליינע הצטרכותן. חיים איז עס נישט בכוח. חיימס מעמד נאָכן קריג איז געוואָרן אַ שלעכטער. ביי דער גרויסער האָרעוואַניע זיינער, האָט חיים אונטער פוילנס ממשלה מער נישט געקענט פאַרדינען צו שפּייזן זיין גרויסע פאַמיליע, אַפילו זיין חכמה — זיין פאַרדינט געלט פון מלחמה-צייט זאָל נישט אָנווערן זיין ווערט — זיך אַ הויז צו קויפן, איז אים אויך דערפון קיין טובה נישט ארויסגעקומען. זיין „בידנע” אויסזען האָט געקענט אָפּנאַרן „רוסישע כוליגאַנעס” זיי זאָלן אים נישט באַרויבן, אָבער נישט קיין פוילישן שטייער-אינספּעקטאָר, אַז חיים איז צו אים ארויפגעלאָפן מיט אַ געוואַלט:

— פרעג די גאַנצע שטאָט צי הייס איך נישט חיים בידנע?...

אָבער דער „בידנע” איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז, זעענדיק דעם חוזק־שמייכל אויף דעם באַאַמטנס ליפּן... ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, חיים האָט געמוזט צאָלן פאַרשידענע שטייערן.

כאָטש חיימען איז נאָך דער מלחמה נישט גוט געגאַנגען, פונדעסטוועגן פלעגט ער דעם שותק דאָס עסן פונקטלעך דערלאַנגען און כאָטש ס׳איז געווען ווייט פון זייער נייער וואוינונג צום שותקס, פלעגט ער אַלעמאָל קומען צו אים געוואויר ווערן און אים באַדינען, אָבער מיט געלט האָט חיים דעם שותק נישט געקענט אַרויסהעלפן. ס׳איז פאַר אים שווער געווען אַפילו דאָס, וואָס דעם שותקס איידעם איז ביי אים איינגעשטאַנען, אָבער חיים האָט געהאַט דרך-ארץ פאַרן שותקס איידעם און זועט אים נישט הייסן גיין, כאָטש ס׳פאַרדריסט אים, ס׳קומט אַ רוסיש-פּויליש נודנעידל און פאַרלאַנגט מען זאָל אים שטעלן פאַר אַ „גבאי” נעבן אַ טיר און חלומט פון „נדיזשניעס” און „פדיונות” און ליגט חדשים-לאַנג אויף יענעמס קאָפּ און אַמאָל פאַלט ער אַריין אין ספּאַזמעס און צעשרייט זיך:

— זיין שווער האָט געריבט נדן פון אַן אָרימער כלה און יתומה — און כאָטש חיים ווייסט, אַז ער מיינט זיין ווייב מיט זיין נדן — פונדעסטוועגן קוקט ער אים אָן ווי אַ משוגענעם און פרעגט אים תמעוואַטע:

— אַ רויבער, טאָ פאַרוואָסזשע ווילסטו אים מאַכן פאַר אַ רבין?!

פאַרלירט זיך דער איידעם און זאָגט:

— ווייל ער איז מבטן ומלידה געהייליקט געוואָרן צו זיין אַ רבי, — און דערציילט חיימען די שיינע לעגענדע איבערן שותקס געבורט, וועלכע מיר געבען דאָ איבער:

דעם שותקס עלטערן, אָרימע פּשוטע דאָרפס-פויערים, שטאַרק באַליבט ביי די אַרומיקע דאָרפס-פויערים, די גויאישע שכנים, פאַר זייער ערלעכקייט, האָבן אַמאָל זיך נישט אויסגערעכנט ווען יום-כיפור פאַלט-אוים און אַרויסגעגאַנגען אין פעלד צו דער אַרבעט. פּלוצלונג זיינען זיי איבערראַשט געוואָרן פון אַ דורכגייער (אליהו?) וועלכער האָט זיי געפרעגט:

— פארוואס ארבעט איר? ווייסט איר דען נישט, אז היינט איז יום כיפור?...

הערנדיק דאס, זיינען זיי אהיים געלאפן און א גאנצן טאג ביז נאך נעילה פאר־בראכט אין הלש׳ן און אין וויינען — — —

אויפדערנאכט געשפאנט פערד און וואגן און ארייגעפארן אין דעם נעבן דארף ליגנדיקן שטעטל, וואו עס האט געוואוינט א גרויסער „גוטער איד", וועלכער האט אפענע אויגן. אויף זייער געוויין און געשריי — וואס זייער ארימער ביטערער גורל צו וואוינען אין דארף צווישן גוים האט זיי געבראכט צו אזא גרויסער עבירה — האט זיי דער גוטער איד געטרייסט און צו זיי אזוי געזאגט:

— השי"ת האט זיך צו אייער געוויין צוגעהערט און איז אייך מוחל אלע עבירות... א סימן: זעט! איר זענט שוין אלטע לייט און ביז איצט קיין קינדער נישט געהאט, אבער פון היינט איבעראיאר וועט ביי אייך געבוירן ווערן א זון א צדיק, וועלכער וועט באלייכטן די וועלט — — — און אין א יאר ארום איז ביי זיי געבוירן געווארן דער שותק, ווי דער גוטער איד האט נביאות געזאגט.

א חוץ דער לעגענדע, איז מען אבער געוואויר געווארן היכטיקע ביאגראפישע נאטיצן, וואס דער איידעם האט דערציילט איבער זיין שווער, איידער ער איז גע־ווארן א שותק און דא גיבן מיר זיי איבער בקיצור:

שמואל זאב פרומקין (דעם שותקס נאמען) איז געבוירן אין יאר 1856 אין דארף סלאווצין, ראדאמער קרייז. זיין מוטער האט אים געבוירן צו 50 יאר. אז ער איז אונטערגעוואקסן און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין עילוישן קאפ, האט אים זיין פא־טער אוועקגעשיקט צום גענשעווער רבין, וואו ער האט געלערנט ביז דער חתונה און פון אים אויך באקומען „סמיכה". אלס רב האט ער חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון א באקאנטן עושר אין לובלינער קרייז און געגעסן קעסט 15 יאר, ביז זיין שווער איז געשטארבן. דאן איז ער געווארן מלמד ביים גערער רבינס מחותן אין ווארשע. צו 40 יאר האט ער זיך ארויסגעצויגן קיין קאנסקיע־וואליע און זיך גענומען האנדלען מיט אלט אייזן, קופער, בליי וכדומה. הערביי פלעגט ער גאנצע נעכט פארברענגען אין לערנען. שוין צו יענער צייט איז ער געווען באקאנט אלס צוריקגעצויגענער און שווייגער, אבער ער האט דאך אביסל גערעדט, ביז ס׳איז געשען דאס אומגליק און ער האט אינגאנצן אויפגעהערט ריידן...

— 7 —

מיט א פארביטערט הארץ האט זיך דעם שותקס איידעם געזעגנט מיט זיין שווער. פון די חלומות וועגן גאלדענע בערג, וואס ער האט דערוואַרט פון זיין שווער האט זיך אויסגעלאזט עטלעכע צענדליק דאלאר און דערמיט איז ער אהיימגעפארן.

קיין מנוחה, ווייזט אויס, איז אבער דעם שותק נישט באשערט געווען. א קורץ שטיקל צייט נאך זיין איידעמס אפפארן, איז פלוצלונג געשטארבן זיין גוטער פריינט מ. ל. אויערבאך, וואס דאס איז פארן שותק, אויף זיין טיפער עלטער, ווען ער האט זיך גענויטיקט אין זיין שטיצע, געווען א גרויסע אבידה. אויף חיימען איז איצט געפאלן די גאנצע לאסט און אליין געמוזט אלעם באזארגן. דער שותק האט שוין די עטלעכע יאר פאר זיין טויט אינגאנצן זיך פאראיינזאמט און קיינעם צו זיך — א חוץ

הימען — נישט צוגעלאָזט. ביז היים האָט אַמאָל געמוזט קלאַפּן און קלאַפּן און אויך פאַר אים האָט זיך די טיר מער נישט געעפנט... — — — — — — —

אַזוי שווער ווי ער האָט געלעבט, אַזוי שווער איז ער געשטאָרבן...

אַז די טיר איז אויפגעבראָכן געוואָרן, האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס שרעקלעכע בילד:

• פאַרגעלט און שרעקלעך אויסגעמאַטערט, איז דער שותק געלעגן אויף דער ערד מיטן קאָפּ צו דער טיר, כמעט אַ גאַנץ נאַקעטער. ווייזט אויס, אַז אין די חבלי גסיסה האָט ער אויף זיך צעריסן דעם קיטל, וואָס ער האָט אָנגעטון. דער טלית איז געלעגן אין דער זייט אָנגעגרייט אים אָנצוטון, אָבער ס'איז אים, ווייזט אויס, שוין נישט מעגלעך געווען זיך אין אים איינצוהילן — — — — — —

איצט איז פריי געוואָרן דער אַריינגאַנג צום שותק אין דער חורבה... און מיט שרעק האָט מען ערשט דערזען ווי ווייט דער שותק האָט זיך פאַרפייניקט אין זיין „תשובה"...

די חורבה אינעווייניק איז געווען שוואַרץ און ברודיק, אָן אַ פּאָדלאָגע, קיין בעט איז נישט געווען, נאָר אַ שאַפע מיט ספרים, אַ טיש, אַ באַנק און ליכט. זיצנ־דיק אויף דער באַנק האָט ער יומם ולילה געלערנט און אַזוי זיצנדיק אויף איר גע־כאַפּט אַ דרעמל — — —

אין דער זייט ביים טיש איז געשטאַנען אַן עמער וואַסער מיט צוויי לעבעדיקע קליינע פישעלעך, ביי דעם וואַסער איז ער יעדעס יאָר געגאַנגען צו „תשליך"... מען האָט אויך געפונען כתבים, אַ לולב, צוויי טליתים, קוויטלעך, עטלעכע מטבעות. פון דעם איז באַשטאַנען די גאַנצע ירושה.

73 יאָר האָט דער שותק געלעבט, פון וועלכע ער האָט גאַנצע 30 יאָר פאַר־בראַכט אין טשאָרטקאָווער רבינס הויף אַלס שוויגער...

טשאָרטקאָוו האָט אַ רעכט צו גרויסן זיך מיט אים, ווייל ער האָט די שטאָט באַרימט געמאַכט אויף דער וועלט, נישט ווייניקער ווי דער רבישער הויף.

אין דער לויה האָט זיך די גאַנצע שטאָט באַטייליקט און דער רב האָט אים וואַרעם און לאַנג מספּיד געווען...

אַזוי האָט זיך געענדיקט די לעבעדיקע „שותק"-לעגענדע — — — זיין טויט אָבער עפנט ערשט דעם וועג צו שאַפן איינע פון די שענסטע פאָלקס-לעגענדעס.

# בערל בראָדער

פֿון נ. בינשטאָק

**ער איז געווען דער ערשטער גאַליציאַנער פֿאָלקס־זינגער. — זײַן לעבן איז געווען באָהעמיש. — ער האָט באַזונגען דעם אונטערדריקטן און באַװױלטן. — זײַנע לידער זײַנען דערשינען אין מערערע אויפֿלאַגעס.**

אײנער פֿון די עלטסטע שעפּער פֿון אידישן ליד, פֿונעם געזונגענעם ליד, איז אָן שום ספק געווען בערל בראָדער.

געבוירן איז בערל בראָדער 1815 אין בראָד, אַלס זון פֿון אַ ציגל־ברענער מיטן פֿאַמיליען נאָמען מרגליות. בערל האָט געלערנט ווי יעדעס אידיש קינד אין חדר, אָבער ער האָט נישט געקענט לערנען לאַנג, ווײַל דער פֿאָטער איז פּלוצים געשטאָרבן און די פֿאַריתומטע פֿאַמיליע האָט געהאַט צו קעמפֿן אויך צו האָבן פּרנסה. בערל האָט געמוזט איבערלאָזן דעם חדר און געוואָרן אַ בערשטל־מאַכער, אַרבעטנדיק בײַ חזיר־האָר, און שוין דאָ, אין די יונגסטע יאָרן, בײַ דער אַרבעט, האָט ער אָנגעהויבן פֿאַרפֿאַסן לידלעך.

מיט דער צײַט איז ער אויסגעוואַקסן אין דער בערשטעריי בראַנזשע, איז געוואָרן אַן אויפֿקױפֿער פֿון חזיר־האָר פֿאַר אַן עקספּאָרט־פֿירמע אין בראָד, וואָס האָט אים געשיקט קײן רוסלאַנד נאָך סחורה. אַרום 1840 האָט ער חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין פּידקאַמין, נישט ווײַט פֿון בראָד. ער האָט ווײַטער געדינט בײַ זײַן פֿירמע, און אין דער פֿרײַער צײַט פֿלעגט ער פֿאַר זיך שאַפֿן לידער.

זײַנע רײַזעס קײן רוסלאַנד זײַנען געווען אָפֿטע, און אונטערוועגס, אײַנשטײענדיק אין אידישע אײַנפֿאָר־הײַזער, פֿלעגט ער בײַ פֿאַרשידענע געלעגנהײטן צווישן בײַוועזנדיקן געמישטן עולם פֿאַרלײענען אָדער פֿאַרזינגען זײַנע לידער, אַזוי אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרן אַרום אים בדחנים און משוררים, אויך צו הערן אין אויפֿכאַפּן אַ נײַ ליד, אַ פֿריש וואָרט פֿון ליב געוואָרענעם גאַסט.

שפּעטער האָט בערל בראָדער אָרגאַניזירט מיטזינגערס, און ס׳איז אַנטשטאַנען אַזוי אַרום אַ גאַנצע טרופּע זינגערס און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרומוואַנדערן פֿון דער טרופּע, אויפֿטרעטנדיק אין שענק־הײַזער. די דאָזיקע ערשטע גרופּע פֿאָלקס־זינגער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס „בראָדער זינגערס".

דאָס באָהעמישע וואַנדער־לעבן, די פֿרײַהײט, האָט שטאַרק פֿאַרשמעקט בערל בראָדער, און ער האָט אַוועקגעוואָרפֿן אינגאַנצן דעם מסחר און זיך אָפּגעגעבן פֿיל־

שטענדיק דער שאַפונג פונעם אידישן ליד און איז אויפגעטראָטן דערמיט אינעם בראָדער איינפאַר־הויז פינקוס, וואו ס'איז געווען אַ מין קאַבאַרעט, דער ערשטער אין גאַליציע. ער איז אַרומגעפאָרן מיט זיינע לידער אויך איבער פאַרשידענע שטעט פון גאַליציע, רוסלאַנד און רומעניע, מיט גרויס דערפאָלג.

פון זיינע לידער האָט ער פאַרשריבן בלויז אַ קליינעם טייל און זיי זיינען אַרום 1860 דערשינען אין אַ זאַמלונג אונטערן טיטל „שירי זמרה", מיט אַן אונטערקעפּל: **„דרייסיג הערליכע בראָדער לידער אין ריין יודיש לשון. יעדעס ליעד בזינגט זייער שיין איין אנדרן מענשין קלאַס, און זאָגט אַקאָראַט דעם קאַראַקטער פון יעדען"**. אַ צווייטע אויפלאַגע פון בלויז 26 לידער איז דערשינען אין לעמבערג 1876. שפּעטער זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן מערערע מאָל בערל בראָדערס לידער.

נישט רעכנענדיק די פאַרפאַסער פון פאַרשידענע פאָלקס־לידער (וועמענס אויטאָרן זיינען אומבאַקאַנט), קען מען זאָגן, אַז בערל בראָדער איז געווען דער ערשטער דיכטער פונעם פאָלקס־ליד, און געווען פאָרלויפער פון וואָלף זבאַרזשער־ערנקראַנץ אין גאַליציע און פון אליקום צונזער אין רוסלאַנד. אין זיינע לידער האָט ער נישט געשאָנקן קיין שום אויפמערקזאַמקייט דעם אידישן קולטור־קאַמף פון דעמאָלט, די משכילים און חסידים, כאָטש בראָד איז געווען דער צענטער פון דער השכלה־באַוועגונג אין זיין צייט. זיין ליד האָט ער אויסשליסלעך אָדער הויפּטזעכלעך געווידמעט דעם טרויעריקן גורל פון די באַוואָלטע און אומגליקלעכע: דעם אָרעמאַן, דעם פאַסטוך, דעם בלינדן, דעם שינדל־שלעגער, בעל־עגלה, וואַנדערער, וואַסער־טרעגער און אַנדערע מענטשעלעך און טיפן פון דער אידישער גאַס, וואָס האָבן געווינלעך אויסצושטיין פון די פאַרמעגלעכערע באַלעבאַטים. ער האָט אויך באַזונגען און באַוויינט די לאַגע פון דעם שמש, חזן, מלמד, שדכן, בעל־דרשן, בעל־פער און אַנדערע. יעדן פון זיי האָט ער געווידמעט אַן אַנדער ליד. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן מיטגעפיל דעם קאָנטראַבאַנדיסט (פּעקלמאַכער), וואָס זיין לעבן איז פול מיט שרעק און סכנות. דער אויסלייג און די שפּראַך איז ווייט פון מאָדערנעם אידיש, אָבער דער אינהאַלט איז אַ טיף אַריינדרינגנדיקער. אין דעם גרויסן יש לידער זיינען פאַראַן אויך איי‍ניקע, וואָס באַהאַנדלען פאַרשידענע מאָטיוון פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער (צייט־פּאָליטיק), פון פאַמיליען־לעבן, געזאַנג דער נאַטור, און אַנדערע.

געשטאָרבן איז בערל בראָדער 1868 און האָט געלאָזט אַלס יורש זיין זון, דעם גאַליציאַנער אידישן שרייבער יצחק מרגליות.

וויליגאלדשטיין

# אידישע אקטיארן אין גאליציע



הערנדיק אז דער גאליציאנער פארבאנד גרייט זיך ארויסצוגעבן א „פנקס גאליציע” כדי צו פאראייביקן דעם אנדענק פון אונדזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער אין די חרוב געווארענע אלטע היימען, פיל איך פאר מיין חוב אלס גאליציאנער אקטיאר, זיך צו באטייליקן אין דעם פנקס גאליציע, מיט מאנכע דאטן און עפיזאדן פון אידישן טעאטער אין גאליציע און דערמיט פאראייביקן אויך דעם אנדענק פון מיינע קאלעגן, וואס ווער ווייסט וויפיל פון זיי עס זיינען אומגעקומען פון די היטלעריסטישע מערדער-הענט.

—::—::—::—

מיט דער האנט אויפן הארצן קאן מען זאגן, אז גאליציאנער אידישע אקטיארן, האבן א סך ביינעטראגן צו דער אנטוויקלונג פון אידישן טעאטער-וועזן.

צווישן די גאליציאנער אידישע אקטיארן, זיינען געווען א סך פראמינענטע קינסטלער, וואס האבן דערהויבן און דערפרייט אידישע הערצער איבער דער גאנצער וועלט, אין אלע לענדער און שטעט, וואו מען האט נאר געשפילט אידיש טעאטער.

איך וויל אבער אונטערשטרייכן, אז איך שרייב נישט קיין געשיכטע, אז איך נעם זיך נישט אונטער דא צו באשרייבן די וויכטיקע אנהייבן און אנטוויקלונגס-שטופעס פון אידישן טעאטער אין גאליציע, נאר בלויז עטלעכע עפיזאדן פון מיין צייט, וועלכע איך געדענק, דאס, הייסט, פון יאר 1917 אנגעהויבן.

## גימפלס טעאטער און די גדליהכבע

איך האב זייער שטארק ליב געהאט אידיש טעאטער און זייענדיק א לעמבערגער, בין איך כמעט יעדן צווייטן טאג געגאנגען אין גימפלס טעאטער, אויף דער יאגעלאנסקא-גאס נומער 11.

גימפלס טעאטער האט זיך געפונען אין א „בודע” אויף א גרויסן הויף, וואו מען האט שטענדיק געקענט זען א צוויי-דריי הויכע קופעס מיסט, וואס מען פלעגט טאג-

טעגלעך ארויסגעוואָרפן פון דעם גרויסן רעסטאָראַן „פּליסער". דער אַריינגאַנג איז טעאַטער איז געווען אַ פּשוטער און אויב מען איז נישט געווען קיין לעמבערגער, איז געווען זייער שווער זיך אָנצושטויסן, אַז אין דעם הויז איז אַ טעאַטער. אַ סך מאָל פלעגן זיך טאַקע אַרומדרייען פּראָווינצלער מיט בערדלעך און פרויען אין שייטלען, קומענדיק קיין לעמבערג, האָבן זיי געוואָלט זיך אַביסל אָפּפרישן און זען אַ טעאַטער־שטיק, האָבן זיי זיך געדרייט נעבן הויז, געקוקט און געזוכט און עס איז זיי נישט איינגעפאַלן, אַז אָט אַ דאָ, אין דעם טיפן הויף זאָל זיך געפינען אַ טעאַטער.

דער צוגאַנג אויפן הויף צו דער טעאַטער־בודע, איז געווען באַרג־אַראָפּ און די הויפּט־פּאַרטיערקע וואָס האָט אָנגעוויזן די פּלעצער, איז געווען אַן אַלטע פרוי וואָס מען האָט זי גערופן — די געדאַליעכע און היי איז געווען צו דעם, ווען זי האָט צוגעפירט צו דער ריי און אָנגעוויזן דעם פּלאַץ, און ער האָט איר נישט געגעבן קיין טרינק־געלט... זי האָט אָנגעהויבן שעלטן מיט אַזעלכע ביטערע קללות, וואָס אפילו אויפן פּלאַץ הינטער דער שיל וואָלט זי זיך נישט באַדאַרפט שעמען מיט זיי...

די געדאַליעכע איז געווען אַ באַקאַנטע פיגור אין לעמבערג.

## לייב קאַליש — אונענטבערליך

אין אַן אָוונט פון יאָר 1917, איך שטיי אויף דער גאַלעריע אין גימפּלס טעאַטער און איך זע ווי דער גאַנצער זאַל איז אויסדעקאָרירט מיט געל־שוואַרצע קייזער־קעניגלעכע פאָנען און איבער דעם אָרקעסטער — בלומען, צווישן וועלכע עס שיינט אַרויס דער עסטרייכישער אָדלער.

שפּילן האָט מען דעמאָלט באַדאַרפט לאַטיינערס פּיעסע „פאַר פיר הונדערט יאָר", אַן אָפּערעטע וואָס האָט שוין געהאַט אַ נאָמען און דעם פרינץ האָט באַדאַרפט שפּילן קאַליש, דער ליבלינג פון לעמבערגער אידישן פּובליקום. קאַלישס פּאַרטנערשע איז געווען די נישט ווייניקער באַליבטע פרימאַדאָנע מאַלווינאַ יאַלעס, איז טאַקע דאָס טעאַטער געווען פול געפּאַקט און מען האָט מיט שפּאַנונג געוואַרט אויפן אויפהויבן פון פאָרהאַנג.

די פאַרשטעלונגען האָבן זיך געוויינלעך אָנגעהויבן 8.45, אָבער דאָסמאָל איז שוין געווען ניין אַזייגער, און מען האָט נאָך אפילו ווי נישט געטראַכט אָנצוהויבן און זעענדיק אַז דער פּאַוויליאָן איז שוין קאָמפּלעט מיט פּובליקום, האָט מען אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די הענט און טופּען מיט די פיס און עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען:

— פאַרוואָס הויבט מען נישט אָן? און כדי צו באַרואיקן דעם עולם, איז דער קאָנטראָלאָר משה וואָנס אַרויס אויף דער בינע פאַרן פאָרהאַנג און דערקלערט, אַז דאָס וואַרט מען אויף הויך־געשטעלטע געסט, אויף דער מיליטערישער קאָמיסיע פון עסטרייכישן גענעראַל־שטאַב.

— ווי קומט אַ מיליטערישע קאָמיסיע פון גענעראַל־שטאַב צו גימפּלס טעאַטער?

— אַזוי האָבן זיך די טעאַטער־געסט אָנגעהויבן פרעגן איינער ביים אַנדערן און מען האָט זיך באַלד דערוואוסט, אַז דער דירעקטאָר גימפּל האָט אָנגעגעבן אַ ביטע אין עסטרייכישן קריגס־מיניסטעריום, אַז דער ערשטער געזאַנגס־שוישפּילער לייב קאַליש, וועלכער דאַרף באַלד איינריקן צום מיליטער־דינסט, איז אומבאַדינגט נויטיק פאַרן אי־

דישן טעאַטער און ער בעט דעריבער זיין באַפרייאונג, כדי נישט צו מוזן פאַרמאַכן דאָס טעאַטער.

און באַלד האָט זיך טאַקע געהערט דער אויסגעשריי פון משה וואַנס: — פלאַץ! פלאַץ מאַכן! — דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפילט אַ מאַרש און אין זאַל האָט אָנגעהויבן אַריינשטראָמען אַ היבשע גרופּע פון הויכע אָפיצירן מיט דעם גענעראַל בעהם הערמאַלי בראש, וועלכער האָט זיך מיט זיין אויסערגעוויינלעכער הויך, אַרויסגעזען פון דער גאַנצער גרופּע.

אַרום פערציק הויכע אָפיצירן זיינען זיי געווען און באַלד האָבן זיי אויסגעפילט די רעזערווירטע לאָזשעס און די מוזיק האָט אויפגעשפילט דעם עסטרייכישן הימן, דער גאַנצער עולם איז אויפגעשטאַנען צוגלייך מיט די מיליטערישע באַהערדן און ווי נאָר דער אָרקעסטער האָט פאַרענדיקט מיטן הימן, האָט ער איינגעלייטעט און דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן.

געשפילט האָט מען דעמאָלט לאַטיינערס אָפּערעטע „פאַר פיר הונדערט יאָר״ און וואָס דעמאָלט האָט זיך אָפּגעטאָן ביי דער פאָרשטעלונג, וועל איך שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

וויסנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט דער עולם כסדר אַקלאַמירט קאַלישן, ביים אָפּענעם פאָרהאַנג, אינמיטן סצענעס און אינמיטן זיינע פיינע געזאַנגען, האָט דער עולם אויסגעיובלט די פרייד און כסדר געררופן: — בים! קאַליש! אונזער קאַליש! בראַוואָ! בים!...

איך גלויב אפילו נישט, צי די אָפיצירן מיט דעם גענעראַל בעהם הערמאַלי בראש האָבן אַ סך פאַרשטאַנען פון דער פאָרשטעלונג, אָבער זיי זיינען אויסגעזעסן ביז צום סוף און ווען דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָט דער עולם אומצייליקע מאָל אַרויסגערופן זייער ליבלינג, קאַלישן, און די אָוואַציעס פאַר קאַלישן האָבן באַגלייט די אָפיצירן ביז זיי זיינען שוין געווען אויף דער גאַס.

עס זיינען בלויז אַריבער עטלעכע טעג, קומט לייב קאַליש אין קאַפע און באַוויזט אַ פּאַפּיר מיט אַ גרויסן עסטרייכישן אָדלער און אין פּאַפּיר זאָגט זיך, אַז לייב קאַליש, דער באַרימטער אידישער שוישפילער און זינגער, ווערט באַטראַכט אַלס „אונענטבערליך״ פיר דאָס אידישע טעאַטער און ער ווערט באַפרייט פון מיליטערדינסט ביז אויף ווייטערעס.

אָט אַזוי האָט אַמאָל געהאַנדלט די עסטרייכישע רעגירונג פון קייזער פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, לטובת אידן און לגבי דעם אידישן טעאַטער!...

## דירעקטאָר גימפּלס טעאַטער-אַקאַדעמיע

דער לעמבערגער אידישער טעאַטער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: — דער גימפּל-טעאַטער, איז געווען די אַקאַדעמיע פאַר אידיש טעאַטער.

פון די אָרימע ברעטלעך פון גימפּל-טעאַטער, זיינען אַרויס די גרעסטע גאַליציאַנער אידישע אַקטיאָרן, ווי לודוויק זאַץ, פּעטער גראַף, קלמן יובילער, אַנשל שאָר, משה שאָר, בערטאַ קאַליש, רעגינאַ צוקערבערג, די באַקאַנטע פרימאַדאָנאַ מאַדאַם

צוויבל, יעקב מעסטל און אַנדערע. די אַלע זיינען אַרויס פון גימפּל־טעאַטער און זיך צעפאָרן איבער פאַרשידענע לענדער פון דער גרויסער וועלט.

אין 1918, ווען די עסטרייכישע מאָנאַרכיע האָט צוזאַמענגעקראַכט און די פאַליאַקן האָבן פאַרנומען לעמבערג, און באַלד, די רעוואָלוציע און די מלחמה צווישן די פּאָליאַקן מיט די אוקראַינער, דעמאָלט האָט גימפּלס טעאַטער נישט געקאָנט אַקטואירן און כמעט אַלע אַקטיאָרן זיינען אַוועק קיין ווין.

אין אָנהויב 1919, ווען די לאַגע האָט זיך נאָר אַביסל נאָרמאַליזירט, איז דער דירעקטאָר גימפּל אַוועק קיין ווין אַנגאַזשירן און אָרגאַניזירן אַ טרופּע אַקטיאָרן, כדי אויפסניי צו דערעפענען זיין אידיש טעאַטער אין לעמבערג.

פון ווין האָט ער דעמאָלט מיטגעבראַכט די גוטמאַנס, סעם שילינג, ראָזאַ פוקס, גרשון ראַהט, באַשע ליבגאָלד מיטן מאַן, ראָזאַ שילינג, סאָפיאַ ראָזנבערג, נאָרבערט און סטעפי גלימער, ווינקלער, ביגלאַייזן, פייסל, לייב קאַליש, אַדאָלף מעלצער, איגנאַץ באָריץ, שלמה שאָר און אַנדערע.

גימפּל האָט זיך דעמאָלט איינגעשאַפט ביי וואַקסמאַנען פון לובלין די פּיעסע „מאַלווינקע וויל אַזוי" און ווייל דאָס איז געווען די ערשטע מאָדערנע אָפּערעטע נאָך דער מלחמה, האָט דער עולם געשטראָמט אין טעאַטער, אויך פון דער פּראָווינץ זיינען דעמאָלט אַ סך אידישע סוחרים געקומען קיין לעמבערג נאָך סחורה, זיינען זיי געקומען אין אידישן טעאַטער און דאָס טעאַטער איז נאַכט נאָך נאַכט געווען פול געפּאַקט.

חדשים לאַנג האָט מען געשפּילט דיזעלבע פּיעסע מיט דער טעמפּעראַמענטפולער ראָזאַ פוקס אין דער הויפּט־ראָל און אַזוי ווי אין דער פּיעסע האָט זיך באַטייליקט אַ קליינער פּערסאָנאַזש און די טרופּע איז געווען אַ גרויסע, האָט מען אָרגאַניזירט די פרייע אַקטיאָרן אַלס טרופּע פאַר דער פּראָווינץ אויף עטלעכע וואָכן.

איז שוין די אָפּגעטיילטע טרופּע געווען אָרגאַניזירט און גרייט אַרויסצופאָרן איבער גאַליציאַנער שטעט און שטעטלעך, נאָר עס האָט געפעלט דער אונטערנעמער, וואָס האָט באַדאַרפט אָרגאַניזירן און צוגרייטן די טעאַטערס און פּראָפּאַגאַנדע אין די שטעט וואָס מען דאַרף באַזוכן, ביז איינער אַ טאָג, יאַגט זיך דער אַלטער טעאַטער־דירעקטאָר, אהרן דרוקער, אַ הויכער פעטסטער איד, אויסגעפּוצט מיט אַ גרויסער טאָפּלטער גאָלדענער קייט, וואָס איז געגאַנגען געקנעפּלט פון ביידע זייטן וועסט און אַלס אָנהענגסל — אַ גרויסן גאָלדענעם מעדאַל.

אויף דער טרופּע אַקטיאָרן, האָט ער געמאַכט אַ גאָר גרויסן איינדרוק, ווייל אין יענע צייטן האָבן אַקטיאָרן נאָר דרך־ארץ געהאַט פאַר אַ דירעקטאָר וואָס טראָגט אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ קייט און אהרן דרוקער האָט אַגב שוין געהאַט אַ נאָמען, ווייל זייט דרייסיק יאָר האָט ער שוין אַקטואירט מיט פאַרשידענע טרופּעס איבער גאַליציאַנער שטעט און שטעטלעך און מען האָט שוין געוואוסט, אַז ער איז אַ זייער אָנשטענדיקער מענטש, נאָר אַ קנאַפּער אויסטויגער אין „טעאַטער־געשעפטן.

געוויאַוועט האָט זיך דער דירעקטאָר דרוקער אין קאַפע ציטי, אויף לעגיאָנאָוו, וואָס האָט פריער געהייסן די קאַרל־לודוויק־שטראַסע. אין דעם קאַפע פלעגן קומען אַלע אַקטיאָרן, מוזיקער, שרייבער, טעאַטער־רעצענזענטן און דאָרטן פלעגן זיך פאַר־

מירן טרופּעס און דאָרט האָט עס געזשומעט ווי אַ בינענשטאָק און אַלע טעאַטער־סודות און הינטער־קוליסן־פּאָליטיקערייען, האָט מען זיך דאָרט געקאָנט דערוויסן.

ווען דער דירעקטאָר דרוקער האָט זיך דאָרט דערוואוסט, אַז אַ טייל פון גימפּעלס טרופּע וויל אַרויספאָרן אויף דער פּראָווינץ, האָט ער באַלד אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען און דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן און מען האָט געמאַכט אַ פיינעם לחיים און דער דירעקטאָר דרוקער איז טאַקע באַלד אַוועקגעפאָרן, כדי צוצוגרייטן טעאַטערס און מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר די גאַסט־פאָרשטעלונגען.

געזאָלט האָט מען אָנהויבן אין סטאַניסלאַוו, נאָר אַזוי ווי דרוקער האָט דאָרט נישט געפונען קיין פריי טעאַטער, איז ער אַוועק קיין בוטשאַטש, האָט געדונגען אַ טעאַטער אויף שבת און טעלעגראַפירט נאָך די אַקטיאָרן.

די טרופּע איז אָנגעקומען פרייטיק. דרוקער האָט די אַקטיאָרן באַלד אַריינגענומען אין דער אכסניה, מען האָט זיך צעשפּרייט און געלאָזן וואוילגיין און אַזוי ווי דרוקער האָט נישט געהאַט קיין געלט, האָט ער דעם באַלעבאָס פון אכסניה צוגעזאָגט צו באַצאָלן באַלד נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג און ער האָט נאָך ביי דעם באַלעבאָס געכאַפּט אַ גמילות־חסד אויף צו באַצאָלן פאַרן טעאַטער־סאַלאָן, דאָס איז געווען אַ גאַנצער הונדערטער, וועלכן דער באַלעבאָס פון אכסניה האָט איינגעבאָרגט מיטן באַדינג, אַז ער אַליין וועט זיצן ביי דער קאַסע פון טעאַטער און וועט זיך אָפּנעמען זיין געלט פון די ערשטע הכנסות.

די טרופּע האָט פאַרבראַכט אַ פיינעם לייטישן שבת, מיט גוטע מאכלים און ענדלעך האָבן זיך שוין באַוויזן שטערן אויפן הימל און דער בעל־אכסניה איז צוזאַמען מיט דרוקערן אַוועק אין דער קאַסע פון טעאַטער.

האָט זיך אָבער געמאַכט אַן אומגליק, וואָס אין בוטשאַטש איז פּונקט אין דעם טאָג געשטאָרבן אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס און דאָס שטעטל האָט שוין נישט געהאַט קיין קאָפּ צו טעאַטער און דער בעל־אכסניה זיצט אין געהאַקטע צרות אין דער טעאַטער־קאַסע און קוקט זיך אויס די אויגן אויף אַ מענטש וואָס זאָל קומען קויפן אַ בילעט און דרוקער זיצט ביי דער זייט און קרעכצט צו און מורמלט, אַז דאָס איז ביי אים נישט קיין נייעס און דרוקערס ווערטער מיט זיינע קרעכצן, פאַלן אויף דעם בעל־אכסניהס געמיט אַזוי ווי שווערער בליי...

בקיצור, נאָך עטלעכע שעה אָפּזיצן אין קאַסע, האָבן זיך געיאָוועט אַ מנין מענטשן, מען האָט פאַר דעם מנין אָפּגעשפּילט די פאָרשטעלונג און אַקטיאָרן האָבן שוין צווישן זיך געמורמלט, אַז צוליב דעם מנין, וועט דער באַלעבאָס פון אכסניה דאַרפן זאָגן קדיש — נאָך זיין געלט...

און באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן די צרה. די אַקטיאָרן האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף הוצאות אָפּצופאָרן אין אַ צווייטן שטעטל און צו באַצאָלן דעם בעל־אכסניה האָבן זיי דאָך אַוודאי נישט געהאַט און דער בעל־אכסניה איז שיִער נישט משוגע געוואָרן פון עגמת־נפש און ער האָט געטענהט, אַז דער דירעקטאָר האָט אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ קייט, זאָל ער אים דאָס איבערלאָזן אַלס משכון, וועט ער נאָך צובאָרגן אויף הוצאות, אַז די טרופּע זאָל קענען פאָרן ווייטער.

דאָס איז טאַקע פאַקטיש געווען דער איינציקער אויסוועג פאַר דער טרופּע, אָבער קיינער פון די אַקטיאָרן האָט נישט געוואַגט צו זאָגן'דעם דירעקטאָר דרוקער, אַז ער

זאל עס טון. — טאקע אזוי, פארוואס זאל ער איינער אליין דארפן ליידן פאר דער גאנצער טרופע? עס איז דאך א חברים־טרופע און זיי זיינען דאך געווען לויט זייער אפמאך גלייכע שותפים, דארפן דאך אלע ליידן גלייך און דא האט קיינער נישט קיין פרוטה ביי דער נשמה...

אבער דער דירעקטאר דרוקער האט זיין טרופע נישט געלאזן לאנג אין דער פארלעגנהייט. מיט אן אויסערגעוויינלעכן זשעסט האט ער זיך אויפגעשטעלט, צושפילעט די קייט פונעם וועסטל, ארויסגעצויגן זי צוזאמען מיט דעם שווערן גאלדענעם זייגער און אויסרופנדיק פאטעטיש צו די אקטיארן: — מיר האבן א גרויסן גאט און ער וועט אונדז נישט פארלאזן!... — האט ער אנגעהויבן פארהאנדלען מיטן באלעבאס, גענומען ביי אים נאך אביסל געלט אויף הוצאות און אים איבערגעגעבן דעם זייגער מיט דער קייט.

דער באלעבאס האט זיך געריבן די הענט פון פרייד, וואס ער האט געראטעוועט זיין געלט און ער האט געהאלפן אפפירן די זאכן צו דער סטאציע און די טרופע אקטיארן זיינען געגאנגען שטיל און טרויעריק און אין הארצן האט יעדער באוואונדערט די גרויסמוטיקייט פון זייער דירעקטאר, וואס האט באוויזן אזא שיינע טאט.

ווען דער צוג איז שוין געפארן, האט דער דירעקטאר ערשט אויסגערעדט צו די אקטיארן דאס ערשטע ווארט:

— איר זעט? אט אזוי פיר איך זיך. איך קאן נישט צוקוקן און צוזען, אז מיינע אקטיארן זאלן זיך געפינען אין א נויט. דאס איז שוין דער פינף און דרייסיקסטער זייגער וועלכן איך פארזעץ צוליב אזעלכע דורכפאלן און איך דאנק גאט, וואס איך בין שוין דעם זייגער פטור געווארן, ווייל איך האב אים שוין נישט געקאנט דערפונצן, ער האט שוין צוביסלעך אנגעהויבן זשאווערן...

און דאס זאגנדיק, האט ער געעפנט א קליין קעסטעלע וואס איז געווען אנגעפילט מיט נאך אזעלכע זייגערס מיט קייטן, ארויסגענומען איינעם, אזא זעלבן וואס ער האט נאר־וואס געהאט אוועקגעגעבן אלס משכן און אנגעטאן אים און פארשפילעט די קייט אויף ביידע זייטן וועסט און ווייטער אנגענומען די שטאלצע השיבותדיקע מינע...

די זייגערס זיינען געווען פון דעם מין, וואס די שנעל־פארקויפער אויף די ירידים, האבן פארקויפט א ריינ׳יש א שטיק, מיט א צוגאב פון נאך עטלעכע זאכן...

אין דער טרופע וואס האט געהאט די איבערלעבעניש מיטן דירעקטאר דרוקער אין בוטשאטש, האבן זיך באטייליקט צילי אוריך, סאמועל אוריך, ראזא שילינג, סעמי אדלער, לינא קאלב, יוסף וויינבערג און בערנארד פרענקל. די טרופע האט אין אנדערע שטעטלעך געמאכט גאנץ גוטע געשעפטן און די אקטיארן האבן אפגעשיקט דעם בעל־אכסניה א טייל פון דעם אויסגעבארגטן געלט און מען האט געזאגט, אז דער בעל־אכסניה האט פון פרייד גומל געבענטשט...

—::—::—::—

נאך אן עפיזאד וויל איך דא דערציילן, פון דער צייט, ווען איך בין געווען דער געשעפטס־פירער פון מיין פרוים טרופע.

איך מוז אָבער דאָ דערמאָנען, אַז דעמאָלט איז זי נאָך נישט געווען מיין פרוי, זי האָט דעמאָלט געהייסן קלאַרא באַריין. זי איז געווען די טאָכטער פון דירעקטאָר אַהרן דרוקער און נאָך איר פאָטערס טויט, האָט זי איבערגעשריבן די קאָנצעסיע אויף איר נאָמען און זי איז אַרומגעפאָרן מיט אַ טרופּע איבער דער פּראָווינץ.

איך האָב זייער ליב געהאַט טעאַטער און איך האָב זיך שוין געהאַט איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צום אידישן טעאַטער און איך בין געוואָרן געשעפטס-פירער פון דער פּראָווינץ-טרופּע און איך האָב באַדאַרפט אַרויספאָרן קיין טאָמאַשאָוו-לובעלסקי צוגרייטן טעאַטער און פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער טרופּע, וועלכע איז דערווייל געזעסן אין לעמבערג.

האָב איך אָבער אין טאָמאַשאָוו נישט געקאָנט באַקומען קיין טעאַטער, בין איך צוריקגעפאָרן קיין לעמבערג. אויפן וועג קיין לעמבערג, האָב איך באַדאַרפט איבערשטייגן אין בעלז און איך האָב אין בעלז באַדאַרפט וואַרטן אויף דעם צוג קיין לעמבערג — גאַנצע פיר שעה.

טראַכט איך, פיר שעה, וואָס וועל איך זיצן אין דעם אָרימען באַנהאָף און וואַרטן? איך בין דאָך עפּעס אין דעם באַרימטן בעלז, דאַרף מען גיין אַ קוק טאָן כאָטש ווי זעט אויס דעם רבינס הויף...

און איך לאָז זיך אין שטעטל אַריין. גיי איך און איך קוק אין אַלע זייטן און איך זע דאָס שטעטל וואָס זעט אויס ווי אַ סך אַנדערע שטעטלעך אין גאַליציע, נאָר דאָ זע איך אויף די פענצטער פון כמעט אַלע הייזקעס, אַרויסגעשטעלטע קליינע שילדלעך מיט דער אויפשריפט — **האָטעל** און אַפילו אין די שמאָלע געסלעך, אַלץ אַזעלכע שילדלעך און איך פאַרשטיי, אַז די אַלע „האָטעלן" זיינען פּשוטע פּריוואַט-שטיבער, וואָס דינען נאָר פאַר די פילע אָנגעפאָרענע בעלזער חסידים אַלס האָטעלן.

איך קום אויף דעם ברייטן מאַרק-פּלאַץ. אויך דאָרט, צווישן די פילע שענקען, טראַפיקן (ציגאַרן און טאַבאַק-געשעפטן) ווינקען אויך פון אַלע זייטן די אויפשריפטן — האָטעל. און איך זע שוין, אַז דאָס גאַנצע שטעטל לעבט אין רבינס זכות...

פון די אַלע שילדלעך האָט זיך מיין בליק אָפּגעשטעלט אויף איינעם, מיט דער אויפשריפט: — „האָטעל פּערל". איך בין אַריין. פאָרנט, אין דער שענק-שטוב, האָב איך באַמערקט אויפן וואַנט אַן אַלטן אַפיש פון אַן אוקראַינישער טרופּע, אַ זייער באַקאַנטע אין גאַליציע, אונטער דער דירעקציע פון **סטאַדניק** און דער אַפיש האָט אָנונסירט יעקב גאָרדינס „כאַסיע די יתומה", וועלכע סטאַדניקס טרופּע האָט דעמאָלט געשפּילט אויף אוקראַיניש אין שטעט און שטעטלעך מיט גרויס דערפאָלג.

דער אַפיש האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט. — ווי קומט עס, וואָס איז בעלז, אין דעם חסידישן בעלז, זאָל גאָר מעגלעך זיין צו שפּילן טעאַטער?... אַז קיין אוקראַאינער וואוינען דאָרט כמעט נישט, קומט דאָך אויס, אַז די טרופּע האָט געשפּילט פאַר אַ אידישן עולם.

די נייגעריקייט לאָזט מיך שוין נישט רוען און איך גיי צו צו דער באַלעבאָסטע, די פרוי פּערל, און איך פרעג זי: — זאָגט מיר איך בעט אייך, ווען סטאַדניק שפּילט דאָ טעאַטער, גייען אידן אין טעאַטער אַריין? און צו מיין גרויסער איבעראַשונג, הער איך איר ענטפער, אַז יעדע נאַכט איז דער טעאַטער געווען פול געפּאַקט פון דער בעלזער אידישער יוגנט.

איז דאָס געווען פאַר מיר אַ גרויסע אַנטפּלעקונג און איך פרעג שוין ווייטער אַ נייגעריקער: — און ווען מען שפּילט דאָ אַזוי אידיש טעאַטער, וואָלט מען אויך געגאַנגען?

אויף אַ מאָמענט איז די פרוי געבליבן ווי דערשראָקן, אָבער שנעל האָט זי זיך באַרואיקט. זי האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן און גאַנץ שטיל מיר אַ זאָג געטאָן: — ווען דער רבי זאָל דערלויבן, וואָלט מען נישט בלויז געגאַנגען אין טעאַטער, נאָר מען וואָלט געלאָפן... און שוין אינגאַנצן אַ באַרואיקטע, עצהט זי מיך, אַז איך זאָל גיין צום רבין, אָדער ריידן מיט איינעם פון די גבאים, אפשר וועט זיך לאָזן עפּעס אויפטאָן.

גיב איך אַ טראַכט, ס'איז מיר גוט, ס'איז מיר וואויל! גיין פרעגן אַ קאַפּיטשקע ביים בעלזער רבין, צי מען מעג שפּילן אידיש טעאַטער אין בעלז, אין זיין רעזידענץ... אָבער באַלד מישט זיך אַריין די טאָכטער פון דער באַלעבאָסטע און זי גיט אַ רוף אויס: —הלוואי שפּילט איר דאָ טעאַטער, בין איך זיכער, אַז דאָס טעאַטער וואָלט געווען פול געפּאַקט! איר דאַרפט קיינעם נישט פרעגן, וויל דאָ איז בעלז, אַז מען פרעגט אַ שאלה, פּאַסקעט מען אַלעמאָל טרפה...

די מוטער האָט געוואָרפן אַ שטרענגן בליק אויף איר טאָכטער און דאָס מיידל איז אַ פאַרשעמטע אַרויס פון שטוב.

דעם מיידלס ווערטער זיינען מיר אַריין אין קאָפּ און איך בין אַרויס פון האָטעל נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויפן שטעטל. אינדרויסן האָב איך געטראָפן דאָס ליבע מיידל, דאָס פריילין פּערל, זי האָט געקוקט צו מיר אַביסל פאַרשעמט און זי האָט זיך אַנטשולדיקט וואָס איר מוטער האָט מיך אפשר נישט איידל באַהאַנדלט, ווייל זיי, די עלטערן, זיינען אַלע אַזוי איינגעגלויבט אין רבין... אָבער שרעקט אייך נישט; די היגע יוגנט איז אַ גאַנץ אַנדערע און אַבי אַ טרופּע וועט וואַגן צו קומען שפּילן טעאַטער, וועט זי מאַכן גוטע געשעפטן.

איך בין שוין נישט צוריקגעגאַנגען צו דער באַן, איך האָב באַשלאָסן צו זיין דער ערשטער וואָס האָט געוואַגט און איך האָב דאָס מיידל געבעטן, זי זאָל מיר אָנווייזן וואו סטאַדניקס אוקראַינישע טרופּע האָט געשפּילט.

דאָס מיידל האָט זיך געררויטלט און געגאַנגען מיט מיר. אויפן וועג האָט זי מיר דערציילט וועגן די קאַמפן וואָס די יוגנט פירט אָן מיטן עלטערן דור, ווי די יוגנט האָט זיך שוין אָרגאַניזירט און פירט אָן אַ וועלטלעכע קולטור־אַרבעט און זי איז געגאַנגען מיט מיר, פילנדיק, אַז זי דערפילט מיט איר גיין אַ גרויסע קולטור־מיסיע.

זי האָט מיך צוגעפירט צום סאַלאָן פון „נאַראָדנאַ טאָרהאָוולאַ", וואָס איז געווען די אוקראַינישע קאָאָפּעראַטיווע און בלויז אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָב איך שוין געהאַט געדונגען דעם סאַלאָן אויף שבת און זונטיק, פאַר גאַנצע פערציק זלאָטעס פאַר ביידע טעג... און באַלד האָב איך טאַקע דאָרט גופא איינגעקויפט פאַר צוואַנציק גראָשן מעל, צעלאָזט אַ פּאַפּקע און אַרויסגענומען פון מיין וואַליזע די אַפישן און פאַר צוואַנציק גראָשן האָב איך באַקומען אַ שייגעצל, וואָס האָט צעקלעפּט די פּלאַקאַטן, וואָס האָבן מיט גרויסע אותיות געמאָלדן דאָס אָנקומען פון מיין טרופּע, וועלכע וועט אויפפירן די באַרימטע טעאַטער־פּיעסע „ציפּקע פייער".

הער קאָן זיך פאַרשטעלן מיין נחת, ווען איך האָב פונוווייטנס צוגעקוקט, ווי יוגנטלעכע, בחורים און מיידלעך שטעלן זיך אַוועק פאַר די פּלאַקאַטן און ווי זיי קאָמענטירן צווישן זיך דעם ענין טעאַטער און מען האָט געזען די פאַרוואונדערונג אויף אַלעמענס פּנימער — ווי אַזוי איז עס מעגלעך? וועט מען טאַקע אין סאַמע־אָדנעם בעלז שפּילן אידיש טעאַטער?...

איך בין באַלד אַוועק אויף דער פּאָסט און טעלעפאָנירט קיין לעמבערג צו דער טרופּע, אַז זי זאָל זיך גרייטן צו קומען קיין בעלז שפּילן טעאַטער. גערעדט האָט מיט מיר דער אַקטיאָר פרענקעל און לויט זיין איבערפרעגן זיך, האָב איך פאַרשטאַנען זיין גרויסע איבעראַשונג.

— וואָס? -- האָט פרענקל געשריגן צו מיר דורכן טעלעפאָן: — קיין בעלז? טאַקע קיין בעלז? הער איר ריכטיק? טאַקע יאָ? ביזט משוגע געוואָרן? נישט נאָר צופּוס, נאָר אויף קוליעס קענען מיר נאָך מוזן אַוועק פון בעלז... מען וועט דאָך אונז שלאָגן!... מיר וועלן נישט פאָרן!

אויפן מאָמענט בין איך געבליבן אַביסל צעטומלט, אָבער באַלד בין איך געקומען צו זיך און איך האָב הויך אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן: — משוגע זייט איר! איך האָב דורך צוויי שעה שוין כמעט אויספאַרקויפט אַלע בילעטן!...

דאָס האָט געווירקט. נאָך צוויי מאָל דורכשמועסן זיך טעלעפאָניש, איז געבליבן, אַז די טרופּע קומט פרייטיק צופאָרן קיין בעלז.

עס איז ערשט געווען מיטוואָך, האָב איך זיך איינקוואַרטירט אין האָטעל פּערל, איך האָב געמאַכט שפּאַצירן איבערן שטעטל, גערעדט מיט יונגעלייט וואָס האָבן זייערע פאות אַרונטערבאַהאַלטן הינטער די אויערן און וואָס מער יוגנטלעכע איך האָב געזען, אַלץ מער בין איך געוואָרן איבערצייגט, אַז מיר וועלן מאַכן געשעפט.

פרייטיק פאַרנאַכט איז די טרופּע אָנגעקומען און איך האָב די חברים איינקוואַרטירט אין מיין האָטעל פּערל. אָנגעקומען זיינען — בערנאַרד פרענקל, יאָזעף ראָזנבערג, בוקע ראָזנבערג, הערמאַן ספּיוואַקאָווסקי, פאַני גייער, ווילי ספּיוואַקאָווסקי, יוסף ווינקלער, מאָטל וויסבראָד, פאַני ראַדזשיווילער, אמסל און פרוי און די טאָ־טאַנטפּולע סוברעטן קלאַראַ ספּיוואַקאָווסקי. ווען איך בין מיט מיין טרופּע געגאַנגען איבערן שטעטל צום האָטעל, איז דאָס גאַנצע שטעטל אַרויס פאַר די הייזער און געקוקט אויף דעם „בייז־וואונדער", ווי אַזוי אידישע אַקטיאָרן האָבן זיך באַקומען קיין בעלז.

די אַקטיאָרן האָבן זיך ערשט דאָ דערוואוסט אַז די בילעטן זיינען נאָך נישט פאַרקויפט און אַ גאַנצן שבת האָט מען אונז רואיק געלאָזט „שלאָפן" אין האָטעל פּערל, אָבער מיר זיינען נישט געשלאָפן, מיר זיינען געזעסן און געטראַכט וואָס דאָ וועט זיין דער סוף און מאַנכע פּעסימיסטישע חברים האָבן פאָרגעזאָגט, אַז דער סוף וועט זיין אַ גאָר מיאוסער...

פונדעסטוועגן, נאָך הבדלה, האָבן מיר זיך געלאָזן אין טעאַטער, מיר זיינען געגאַנגען אין דעם שמאָלן געסל צום סאַלאָן פון „נאַראָדנאַ טאָרהאָוולאַ", די אַקטיאָרן זיינען אַריין אין סאַלאָן און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביי דער טיר מיט בילעטן.

עס גייט אַוועק אַ שעה, נאָך אַ שעה, מען זעט נישט קיין צייכן פון אַ מענטש און

אַקטיאָרן פון מיין טרופע זיינען שוין אַרויסגעקומען צו מיר און מיך אָנגעהויבן שטעכלען און איך האָב געמיינט, אַז עס עקט זיך מיר שוין דאָס לעבן.
איך פיל שוין, אַז פאַר מיר וואָלט בעסער געווען, ווען איך קאָן דאָ עוקר זיין ערגיץ, ווייל עס וועט זיין ביטער...

אָבער צען מינוט נאָך צען, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן עטלעכע יונגטלעכע און באָלד נאָך אַ גרופע און נאָך אַ גרופע און עס האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה, איז דער זאַל געווען פול-געפּאַקט און דער עולם האָט די פאָרשטעלונג אַזוי באַגייס־טערט אַפּלאָדירט, אַז די אַקטיאָרן האָבן גאָר אָנגעקוואָלן און וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן, — מיר האָבן איבער צוויי חדשים געשפּילט אין בעלז און מיר האָבן דאָרט פאַרדינט אַ סך געלט!

פאַרשטייט זיך, אַז שטייענדיק אין בעלז גאַנצע צוויי חדשים, האָבן מיר שוין גע־קענט בעלז און בעלז האָט אונדז געקענט.

מאַכט זיך אַזאַ מעשה, אַז אין איינעם אַ פרימאָרגן, פירט מען דעם בעלזער רבין צום טייך אויף אַביסל לופט צו שעפּן. גייען די גבאים פאָראויס און מאַכן פּלאַץ און עטלעכע מקורבים הייסן אויפן וועג אַריינגיין די ווייבער אין די טויערן און פאַרמאַכן די לאָדנס און דער רבי גייט פּאַמעלעך, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער סוויטע חסידים. איך בין געשטאַנען מיט דעם איבער זיבעציק יאָר אַלטן טויבן ראָזנבערג און פלוצ־לינג פיל איך, אַז ער איז פאַרשוואונדן פון מיין זייט. איך קוק — דער טויבער ראָזנבערג שטויסט זיך צווישן די חסידים און זוכט זיך צו מאַכן אַ וועג צום רבין, אָבער אומזיסט זיין אַרבעט, מען לאָזט אים נישט צו.

וויל זיך נאָך דער אַלטער ראָזנבערג נישט אונטערגעבן, גייט ער נאָך פון הינטן און ווען מען האָט שוין נעבן טייך אַוועקגעשטעלט דעם שטול און דער רבי האָט זיך אַוועקגעזעצט, איז דער אַלטער אַקטיאָר צוגעלאָפן און אַנידערגעקניט פאַרן רבין און מיט אויפגעהויבענע הענט אויסגערופן מיט זיין אייביקן טעאַטראַלן דייטשמעריש:
— אָ, ראַביי! זעגנען זי מיך, ראַביי!...
צווישן די חסידים איז געוואָרן אַ טומלטעכעניש, מען האָט דעם אַלטן געוואָלט צע־רייסן, אָבער אַ לייכטע באַוועגונג פון רבין, האָט אַלעמען באַרויקט און עס איז גע־וואָרן שטיל.

ראָזנבערג האָט געטראָגן אַ לאַנגן שלוסראָק מיט אַ קויטשוק-קראַגן אַזוי ווי די גלחים און דער רבי האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און געפרעגט ביי אים: — וואָס איז דיין טועץ?

אַ גליקלעכער וואָס דער רבי שענקט אים אויפמערקזאַמקייט, האָט ראָזנבערג אויסגערופן פּאַטעטיש: — אַן אַקטיאָר, ראַביי, איין יודישער אַקטיאָר!...

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — קנייטשט דער רבי דעם שטערן און פרעגט ביי די אַרומיקע חסידים, אָבער קיינער ווייס נישט וואָס דאָס איז אַזוינס, ביז אַ יונגערמאַן רופט זיך אָפּ: — אַ קאָמעדיאַנטשיק, זיי מאַכן קונצן...

— אויך אַ פרנסה... — רופט אויס דער רבי און לייגט זיין האַנט אויף דעם גע־

בויגענעם אַלטן אַקטיאָרס קאָפּ און כאַטש ראָזנבערג איז שוין געווען טויב אַ סך יאָרן און האָט אַפילו נישט דערהערט קיין קאַנאָנען־שאָס, האָט עס אויסגעזען ווי ער וואָלט די ברכה פון רבין יאָ געהערט, ווייל באַלד האָט ער געכאַפּט דעם רבינס האַנט און זי געוואָלט קושן, נאָר די חסידים האָבן אים אָפּגעשטופּט און ראָזנבערג איז ענד־לעך צוריקגעקומען צו מיר, זיין פּנים האָט געשטראַלט: — האַבען זי עס אַוך געזען? דער האָכווירדיגער ראַבּיי האָט מיך געזעגנעט!...

ווען מיר זיינען שוין לאַנג געווען אַוועק פון בעלז, מיר זיינען שוין געפאָרן איבער אַ סך אַנדערע שטעט און שטעטלעך און מיר האָבן שוין מיטגעמאַכט געניג קאַלט און וואָרים, און דער אַלטער, טויבער ראָזנבערג האָט שוין נישט איין טאָג אַפילו געליטן הונגער, אָבער ער האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין געלעגנהייט, נישט צו דערמאָנען מיט שטאָלץ און מיט באַגייסטערונג: — וויסען זי, מיין הער, איך וואורדע פאָן דען אַלטען האָכווירדיקען ראַבּיי פאָן בעלז געזעגנעט! זאָ וואר איך לעבע!...

און דעם אַלטן קינסטלערס שוין כמעט אויסגעלאָשענע בליקן האָבן זיך צע־שטראַלט...





אַ שיין בילד פון דער פּרעכטיקער געגנט נעבן ד ע ל אַ ט י ן (מזרח־גאַליציע),
וואו די דעלאַטינער יוגנט האָט אָפט אין די פרייע שבתים שפּאַצירט ביי די ברעגן
פון „פּרוט" און געחלומט וואַכנדיק וועגן שיינע צייטן און אַ פרייער וועלט...

יוסף מאָורער

# אידיש קולטור לעבן אין גאַליציע



ווען מען דערמאָנט זיך באָריסלאַוו, די קוואַל פון שוואַרצן גאָלד, וואָס האָט באַרייכערט מענטשן פון אַלע עקן וועלט אַ הוין באָריסלאַווער גופא (מיטן אויסנאַם פון געציילטע יחידים קאַפּיטאַליסטן), קאָן מען נישט הורכלאַזן דעם פאַקט, אַז די שטאָט וואָס מען האָט גערופן „קליין־אַמעריקע”, האָט געפירט אַ פאַרצווייגט געזעלשאַפטלעך און קולטורעל אידיש לעבן.

די אידישע באַפעלקערונג, פּראָפּאָרציאָנעל גאָר אַ גרויסע, איז באַשטאַנען פון אַרבעטער אין די נאַפט־גרובן. בעל־מלאכות און קליינהענדלער און די אַרבעטער און בעלי־מלאכות האָבן איבעראַל פאַרנומען דעם אויבנאָן.

דער נערוון־צענטער פון געזעלשאַפטלעך־אידישן לעבן אין באָריסלאַוו, איז געווען — „דאָס אידישע הויז”.

„דאָס אידישע הויז” איז געווען אַ היבשע געביידע, וואו עס איז געווען אַ גענוג גרויסער טעאַטער־סאַלאָן און אַ קלוב, וואו לײדיקגייער האָבן געזינדיקט מיט אַריינבאַפן אַ קערטל און אויף דעם אויבערשטן שטאָק זיינען געווען אַ צען גרויסע לאָקאַלן, וואָס האָבן אַריינגענומען אין זיך דעם „סוחרים פאַרבאַנד”, דעם „יד הרוצים” וועלכע האָבן אין שבתים און ימים־טובים דאָרט געהאַט זייער שיל און אַ דריי־פיר לאָקאַלן זיינען געווען פאַרנומען מיט יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

דאָס דאָזיקע „אידישע הויז” איז פון נייערהייט אָן, געווען אונטערגעשפּאַרט פון צוויי זייטן מיט הילצערנע פילאַרן כדי עס זאָל נישט איינפאַלן, ווייל ווי מען פלעגט זאָגן, האָט מען די געביידע שלעכט פּראָיעקטירט און שוואַך פונדאַמענטירט און נאָך ערגער געבויט... אָבער דאָס האָט נישט געשטערט אַז דאָרט זאָל אָנגעפירט ווערן אַ צאַפּלדיק פּילזייטיק אידיש לעבן און אַז פון צווישן די פיר ווענט פון דער „נייער חורבה”, זאָל אַרויס אַ געזונטע, באַוואוסטזיניקע אידישע יוגנט, וואָס איז געווען אַנגעזען אין גאַנצן דראָהאָביטשער קרייז, צו וועלכן באָריסלאַוו האָט אויך געהערט.

די דריי יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן געהויזט אין דעם „אידישן הויז” זיינען געווען: 1) יוגנטלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, 2) דראַמקרייז און 3) „הזמיר” מיט אַ

כאָר פון פופציק זינגער פון ביידע געשלעכטער און אַ סימפאָנישער אָרקעסטער מיט אַ דרייסיק יונגעלייט אונטער דער לייטונג פון דר. בעכער, וועלכער געפינט זיך היינט צו טאָג אין אַרגענטינע.

אין דראַמקרייז און אין „הזמיר" האָט מיין ווייניקייט גענומען אַ גרויסן אָנטייל און פון דאָרט הייבט זיך אייגנטלעך אָן מיין טעאַטער־קאַריערע.

דער דראַמקרייז און „הזמיר" האָבן זיך נישט בלויז פאַרנומען מיט פּראַקטישער אַרבעט, ווי מאַכן פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן; אָ ניין! טאָג־איין און טאָג־אויס, אויסער דער צייט פון פּראָבן, פלעגן אין די אָוונט־שעהן, נאָך דער טעגלעכער אַרבעט, היבשע גרופּעס יונגעלייט און מיידלעך פון פאַרשידענעם עלטער, שטראָמען דורך דער „הערן־גאַס" (אוליצאַ פאַנסקאַ) צו דער ברייטער ליק וואָס האָט געפירט צום „אידישן הויז", וואו מען האָט יעדן אָוונט געקאָנט הערן עפּעס נייעס. היינט אַ קאָנפערענץ וועגן געשיכטע, מאָרגן אַ קאָנפערענץ וועגן טעאַטער, איבערמאָרגן — אויף אַנדערע טעמעס און אַזוי נאַכט־איין און נאַכט־אויס האָט מען דאָרט עפּעס געלערנט.

מיר, די יוגנט, האָבן אויך געהאַט דעם כוח צו אָרגאַניזירן עפנטלעכע קאָנפערענצן, צו וועלכע מיר פלעגן „אַראָפּברענגען" „עמיצן" פון לעמבערג, פון קראָקע, אָדער גאָר אַפילו פון וואַרשע. די מיטלען פאַר אַזעלכע אונטערנעמונגען האָבן מיר געצויגן פון אונדזערע פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן.

מיר זיינען אויך נישט געשטאַנען פונוויטן ווען עס זיינען צו אונז געקומען פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־טרופּעס.

עס דערמאָנט זיך מיר, אַז ווען די „ערשטע ווילנער טרופּע" איז געקומען צו אונדז קיין באָריסלאַוו, זיינען מיר, די יוגנטלעכע געווען די, וואָס האָבן געשאַפן די יום־טובדיקע שטימונג אַרום די „ווילנער". מיר האָבן דעמאָלט אַוועקגעלייגט אונדזער טעגלעכע אַרבעט און מיר האָבן געמאַכט די פּראָפּאַגאַנדע און מיר זיינען געווען די פאַרקויפער פון די בילעטן און מיר זיינען געווען די סטאַטיסטן און טאַקע נאָר אַדאַנק דער גרויסער יום־טובדיקייט וואָס אונדזער יוגנט האָט געשאַפן אַרום דער ווילנער טרופּע, האָט די טרופּע ביי אונדז געקאָנט געבן גאַנצע צען פאָרשטעלונגען נאָכאַנאַנד, וואָס פאַר באָריסלאַוו איז דאָס געווען אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש.

איך דערמאָן זיך אויך די אידיש־העברעאישע שולע, וועלכע איז געווען אין דער געביידע נעבן דעם „אידישן הויז". די שול איז געשאַפן געוואָרן ווען איך בין געוואָרן בר־מצוה און אויף וויפל איך געדענק, האָט זיך עס דעמאָלט אָנגעהויבן דאָס מאָדערנע אידישע לעבן אין באָריסלאַוו.

אין דער דערמאָנטער שול האָבן אינדערפרי און נאָכמיטיק געלערנט קינדער און אין די פאַרנאַכט־שעהן, עלטערע אינגלעך און דערוואַקסענע בחורים.

די עקזיסטענץ פון די שולן, איז אויך געווען צום פאַרדאַנקען נאָר דער באָריסלאַווער יוגנט. מיר האָבן זיך מיט אייפער באַטייליקט אין די אַלע אויפטוען וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרשענערן און פאַרבעסערן און פאַרוועלטלעכן דאָס אידישע לעבן אין באָריסלאַוו און מיר, די יוגנטלעכע, האָבן אַלעמאָל געהאַט די שטיצע פון די ברייטסטע אידישע קרייזן. מיר פלעגן אָפט איינאָרדנען פאָרלעזונגען פון שרייפילער וואָס האָבן זיך צו אונדז געווענדעט וועגן דעם. מיר האָבן איינגעאָרדנט פאָרלעזונ־

גען פאַר יעקב ווייסלין, וועלכער געפינט זיך היינט אין אויסטראַליע און פאַר יוסף קאַמען, וואָס ווער ווייסט וואו ער געפינט זיך — אויך פאַר זיגמונט לעוו, שוישפילער פון „אהל" אין ארץ ישראל און די הכנסות פון די דאָזיקע רעציטאַציע-אָוונטן, זיינען געגאַנגען אויסשליסלעך פאַר די רעציטאַטאָרן.

מיר פלעגן העלפן די שוישפילער פון וואַנדערנדיקע טרופּעס וועלכע האָבן טייל-מאָל גישט געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן און אַזוי, איינזאַפנדיק אין זיך די לופט פון „אידישן הויז" און פון דער אידיש-העברעאישער שולע אונטער דער לייטונג פון שלום געלבער, אונטער וועמענס רעזשי איך האָב שוין געהאַט געשפּילט עטלעכע העברעאישע פאָרשטעלונגען, האָב איך באַשלאָסן זיך צוווידמען צו עפּעס העכערס פון דורכשניטלעכן טאָג-טעגלעכן לעבן און שטרעבן און איך האָב אויסגעקליבן **טעאַטער,** וואָס איז מיר געווען אַמנאָענטסטן, אויס ליבע און איבערגעבנהייט צו דעם וויכטיקן אידישן קולטור-צווייג.

דער אויבנדערמאָנטער זיגמונט לעוו, וועלכער האָט אונדז באַזוכט אין באַגלייטונג פון דעם הי-באַקאַנטן לעאָן נאַרעפּקין, וועלכער איז געווען זיין אַדמיניסטראַטאָר, האָט אין לעמבערג געגרינדעט אַ קונסט-טעאַטער פאַר אַ טורנע איבער פּוילן און דער הויפּט-שטיצער און מעצענאַט פאַר דעם קונסט-טעאַטער אונטער דער לייטונג פון זיגמונט לעוו, איז געווען דער אין לעמבערג באַקאַנטער דר. שפּיגל (מיטהעדאַקטאָר אין „כווילאַ", געשריבן אויך אונטער פּסעוודאָנים „לוסטערסקי"), וועלכער האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקע באַדייטונג פון טעאַטער אַלס קולטור-פאַקטאָר.

אויף דער רעקאָמענדאַציע פון ז. לעוו און ל. נאַרעפּקין, וועלכע האָבן מיך געזען שפּילן אין באָריסלאַווער דראַמקרייז, בין איך אַנגאַזשירט געוואָרן אין דער קונסט-טרופּע און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן מיין גאָלדענע עפּאָכע, די פאַרווירקלעכונג פון מיין שענסטן חלום.

די ערשטע צוויי פּיעסן זיינען געווען „צוויי הונדערט טויזנט" און „שווער צו זיין אַ איד" פון שלום עליכם און מיט שטאָלץ זאָג איך עס היינט, אַז איןביידע פּיעסן האָב איך געשפּילט וויכטיקע ראָלן. אין דער ערשטער פּיעסע — קאַפּלען (וואָס איך האָב שוין זייענדיק אין בוענאָס איירעס געשפּילט אונטער דער רעזשי פון מנחם רובין) און אין דער צווייטער — שנייערסאָנען, אויך געשפּילט אין בוענאָס איירעס אויף אַ ספּעציעלער פאָרשטעלונג וואָס דער אַקטיאָרן-פאַראיין האָט געגעבן אין אַ גרויסן טעאַטער, לטובת די שלום-עליכם-שולן.

אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע פון מיין טורנע מיט דעם „קונסט-טעאַטער" מיט זיגמונט לעוו בראש, איז געווען — מיין באַזוך מיט דער זעלבער טרופּע אין באָריסלאַוו, וואו מיר האָבן געשפּילט אין „אידישן הויז" און מיינע חברים האָבן זיך געגרויסט מיט מיר און מיך מקנא געווען, און נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג, האָט דער אָנפירער פון אונדזער באָריסלאַווער דראַמקרייז, הערמאַן קראָכמאַל, באַגריסט די טרופּע און ספּעציעל מיך און ער האָט פאַרענדיקט מיט פאָלגנדע ווערטער:

— מיר, די אידן פון באָריסלאַוו זיינען שטאָלץ מיט דעם, וואָס אויך מיר, די פאַרוואָרפענע צווישן די נאַפט-גריבער, גיבן עפּעס צושטייער דעם אידישן טעאַטער...
אָט-אָ די ווערטער האָבן מיך נאָך מער פאַרקנופּט און פאַרבונדן מיט דעם אי-

דישן טעאַטער און נישט קוקנדיק דערויף וואָס איך האָב פאַר זיך געהאַט אַ קאַריערע, ווי מיין טאַטע פלעגט זאָגן — אַ „לייטישערע", אַלס פידל־שפּילער, ווייל איך האָב זייער גוט געלערנט און שוין געהאַלטן ווייט און זייער שיין געשפּילט, האָב איך זיך דאָך געווידמעט דעם אידישן טעאַטער, ווייל דאָס איז שוין געוואָרן אַ טייל פון מיר און איך האָב געהאַלטן, אַז די ווערטער פון חבר קראָכמאַל האָבן מיך פאַרפליכטעט צו דער מיסיע וואָס באָריסלאַוו האָט מיר אָנפאַרטרויט, אַז באָריסלאַוו זאָל דורך מיר האָבן זיין צושטייער און זיין חלק אין אידישן טעאַטער־וועזן.

•—::—::—::—

ווען מען דערמאָנט באָריסלאַוו, מוז מען אויך דערמאָנען דאָס באַזונדערע ווינקל, אָדער דעם ספּעציעלן טייל — פון „די שטאַרקע" — וועלכע האָבן געשפּילט אַ וויכטי־קע ראָל אין דעם אידישן לעבן פון באָריסלאַוו.

דאָס איז געווען אַ קליינע גרופּע פון יונגע מענטשן־קינדער פון „טאַטעס און מאַ־מעס", וואָס דאָס מיינט, קינדער פון לייטישע עלטערן.

די הויפּט־אָנפירער פון „די שטאַרקע" זיינען געווען הערש יאַשקעס, אַ דיקער מיט צוויי קיילעכיק־געבויגענע פיס וואָס האָבן שיעור נישט פאַרמירט אַ בייגל... הערש רישעלעס, אַ רויטער מיט אַ געשטיפּלט פּנים, וואָס בלויז אַ קוק אויף אים, האָט אַנ־געוואָרפן אַ שרעק; יאַנקעלע און מענדעלע האֶלקים, צוויי ברידער, דער ערשטער — אַ קראַסאַוויצע, אַ שיינער בחור אין וועמען אַלע גאַסן־פריינט זיינען געווען פאַרליבט, אָבער ער האָט זיי פיינט געהאַט און דער צווייטער אַ יונגאַטשקער, אַ ספּרינט, עס זאָל אונדז נישט זיין צו שאַנד — אַ גנב, אָבער הערט אַ קוריאָז, ער האָט געגנבעט, אָבער נישט ביי קיין אידן...

די וויכטיקע ראָלע וואָס די גרופּע האָט געשפּילט אין דעם אידישן לעבן אין באָ־ריסלאַוו, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס וואו נאָר ערגיץ אַ כוליגאַנישער אָנפאַל אָדער בלויז צוזאַמענלויף וואָס האָט געקענט פירן צו אַן אָנפאַל, איז געווען גענוג בלויז צו דערמאָנען זייער נאָמען, אַז די חברה זאָל אויסגערונען ווערן... אָדער האָט געטראָפן אַז אין אַ אידישן שענק, האָבן זיך עטלעכע שיכורים צעסקאַנדאַלעוועט און נישט גע־וואָלט באַצאָלן פאַר די געטראַנקען, איז געווען גענוג צו זאָגן אַז מען גייט רופן הערש רישעלעס (אגב דער פּאָפּולערסטער פון דער גרופּע), אַז די שיכורים זאָלן ווערן ניכ־טער און באַצאָלן און זיך גיין זייער וועג.

עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז „די שטאַרקע" האָבן אַזוי אויס־געלערנט די כוליגאַנעס, אַז שבת אינדערפרי, ווען אידן זיינען געגאַנגען אין מקוה אַריין אָדער אין שיל אַריין מיט די קאַפּאָטעס און שטריימלעך, האָבן די גויים פאַר זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג, אַראָפּשפּרינגענדיק פון די הויכע הילצערנע טראָטואַרן, וואָס זיינען געווען אין באָריסלאַוו, צוליב די נאַפט־רערן וואָס האָבן זיך געצויגן אונטער זיי.

מען קאָן זאָגן אַז אַדאַנק „די שטאַרקע" זיינען אין יענע „גוטע צייטן", ווען כו־ליגאַנעס האָבן זיך איבער שטעט און שטעטלעך אין פּוילן צעהוליעט, איז אין באָ־ריסלאַוו נישט פאָרגעקומען קיין „עקסצעסן" און איך בין זיכער, אַז אויב „די שטאַרקע"

אין בּאָריסלאַוו לעבן נישט מער, זיינען זיי זיבער אומגעקומען ווי העלדן, קעמפנדיק קעגן די אַריינגעדרונגענע נאַצישע בעסטיעס. און זאָל די דערמאָנונג פון זייערע נעמען פאַרנעמען אין „פנקס גאַליציע„ אַ באַשיידענעם אָרט אַלס אָנדענק נאָך זיי.

און אַלע איבעריקע חברים פון דער גאָלדענער יוגנט־צייט, די אַלע בעלי־מלאכות פון „יד־חרוצים”, וועמען מען פלעגט זען יעדן טאָג אין „אידישן הויז” און די אַלע אידן פון סוחרים־פאַרבאַנד, די גרעסטע טייל באַבאָרדטע און באַפּאותטע ערלעכע אידן און אַפילו זקנים, וואָס פלעגן קומען יעדן אָוונט שפּילן אַ שאך און אויסזינגען דערביי אַזויפיל האַרציקע אידישע נגונים און די אַלע יוגנטלעכע קעמפער און בויער פון אידישן באָריסלאַוו, העלדן און מאַרטירער פון באָריסלאַוו, אייער אידישער אַקטיאָר, אייער „צושטייער” פאַר דעם אידישן טעאַטער־וועזן וועט אייך אייביק געדענקען און ער דאַנקט פאַר דער געלעגנהייט אייך צו קאָנען דערמאָנען אין „פּנקס גאַליציע”, וואָס וועט זיין אַ מאָנומענט פאַר אַלע אידישע גאַליציאַנער העלדן און מאַרטירער און במילא אויך פאַר אייך, פון אונדזער באָריסלאַוו!...



הערמאַן נאַרעפּקין

# בראָדער זינגער,
# גימפּל טעאַטער און „וויסט"



שוין אין מײַנע פּריסטע קינדער־יאָרן, בין איך געקו־מען אין קאָנטאַקט מיט דעם אידישן טעאַטער.

ווען איך בין אַלט געווען זעקס יאָר, האָט זיך צו אונדז אין הויז אַרײַנגעקליבן אַ מאָדנער איד, וואָס גערופן האָט מען אים **פּיטשע גלאַנץ** און געקוקט האָט מען אויף אים אַנדערש ווי אויף אַנדערע מענטשן.

בעת אַנדערע שכנים זײַנען מערסטנס געגאַנגען שטי־לע, מיט געבויגענע קעפּ, איז פּיטשע געגאַנגען גלײַך אין געשטרעקט און אַלע מאָל האָט ער אונטערגעברומט מיט אַ לידל.

דאָס איז געווען פּיטשע גלאַנץ דער בראָדער זינגער, וואָס פון פאַך איז ער געווען אַ מצבה־קריצער און ווײַל דאָס זינגען האָט אים מסתמא נישט געגעבן גענוג אויף פּרנסה, האָט ער זיך באַזעצט אין לעמבערג, כדי צו לעבן פון זײַן פאַך.

כאָטש איינער פון די „בראָדער זינגער", האָט ער זיך געפירט ווי אַ באַלעבאַטי־שער פאַמיליען־מענטש. ער איז געווען אַ פרומער איד און יעדן טאָג פלעגט ער קומען אין זעלבן שילעכל וואו מײַן טאַטע האָט געדאַוונט און יעדן טאָג נאָכן דאַווענען, פלעגט ער זיך אַרײַנכאַפּן אין דערנעבנדיקן שענקל, אָפּטרונקען אַ גוטן "לחיים" און פון דאָרט איז ער גלײַך געגאַנגען אויפן הייליקן אָרט, וואו ער האָט שוין אַ גאַנצן טאָג געאַר־בעט קריצנדיק די „פּה נקברם" אויף די מצבות.

ווען ער איז באַנאַכט אַהיימגעקומען, האָבן שוין אויף אים געוואַרט **שטרודלער, דעספּער, בעשטענדיק** און אַנדערע אידישע אַקטיאָרן און זינגער און עס האָט זיך אָנ־געהויבן אַ שמועס וועגן טעאַטער און ביי אַלעמען האָבן געגליט פײַערלעך אין די אויגן און דערמאָלט האָט פּיטשע גלאַנץ אָנגעהויבן זינגען אַ לידל און אַלע האָבן באַלד מיטגעזונגען די רעפרייַנען און גאַנץ אָפט, נאָך אַזאַ אָפּזינגען אַ לידל, האָט מען זיך אויפגעשטעלט, איינער פון זיי האָט אָנגעוויזן וואו מען זאָל זיך שטעלן און עס האָט

זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַ שמועס (וואָס שפּעטער האָב איך ערשט פאַרשטאַנען אַז דאָס זיינען געווען דיאַלאָגן) און זיי האָבן די ווערטער באַגלייט מיט פאַרשידענע זשעסטן און מימיק — זיי האָבן געמאַכט פּראָבן פון פאַרשידענע סצענקעס.

מיין יונג הערצל האָט אַלעמאָל געציטערט און געפּלאַטערט, ווען איך האָב זיך פון אַ ווינקל אין שטוב צוגעקוקט און צוגעהערט צו די פּראָבן און איך האָב זעלטן ווען דורכגעלאָזן די געלעגנהייט, זיך אַריינצוכאַפּן פון אונדזער שטוב צו פּיטשע גלאַנץ, ווען איך האָב נאָר דערשפּירט אַז דאָרט קומט פאָר אַ פּראָבע.

שפּעטער, ווען איך בין שוין אַלט געוואָרן צען יאָר, איז אונדז אויסגעקומען צו וואוינען אויף דער זעלבער גאַס וואו עס האָט געוואוינט די אַקטריסע **ראָזאַ פוקס.** דעמאָלט איז נאָך איר זונדל לייבעלע געווען אַ קינד, אָבער לייבעלע (היינט דער אַר־טיסט לעאָן פוקס) האָט שוין געהאַט אַ שם אַלס וואונדער־קינד, ער האָט שוין גע־שפּילט טעאַטער און איך בין אים געגאַנגען זען שפּילן און איך האָב זיך מקנא געווען אָן דעם אינגעלע, וואָס שפּילט אַזוי שיין אויף דער בינע.

אין דער זעלבער צייט, בין איך אויך געקומען אין קאָנטאַקט מיט דעם דעמאָלט אין לעמבערג באַרימטן שוישפּילער יוליוש גוטמאַן, וועלכער פלעגט יעדן שבת קומען דאַוונען אין אונדזער שילעכל.

יוליוש גוטמאַן איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער למדן, ער איז געווען אַ ברודער פון דעמאָלסדיקן לעמבערגער קרייז־ראַבינער דר. גוטמאַן און עס איז מיר נישט באַקאַנט די געשיכטע ווי אַזוי פון איין ברודער איז געוואָרן אַ רב און פון צווייטן — אַ אידישער אַקטיאָר. איך געדענק נאָר, אַז די אידן אין אונדזער שילעכל האָבן אים זייער בכבוד געהאַלטן און איך פלעג אַלעמאָל קוקן אויף אים מיט באַוואונדערונג.

אין יענער צייט האָט דער דירעקטאָר גימפּל געקיניגט איבער דעם סטאַבילן אי־דישן טעאַטער אין לעמבערג, אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס דער דירעקטאָר גימפּל האָט אַלעמאָל אַנגאַזשירט אַ גרויסע ערשט־קלאַסיקע טרופּע, איז דאָס טעאַטער, וואָס שייך רעפּערטואַר, געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקן ניוואָ.

צווישן די אַרטיסטן אין גימפּלס טעאַטער, האָבן אַקטואירט אַזעלכע קינסטלער ווי יוליוס גוטמאַן, מאַלווינאַ יאָלעס, סאַלאַ גוטמאַן, לייב קאַליש, ראָזאַ פוקס, ראָזאַ שילינג, א. פוקס, סעם שילינג און אַנדערע באַרימטע אַרטיסטן און די געשעפטן זיי־נען געגאַנגען זייער גוט, אָבער, ווי שוין דערמאָנט, וואָס שייך רעפּערטואַר, האָט דאָס טעאַטער נישט געקאָנט באַפרידיקן די אינטעליגענטערע אידישע יוגנט און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע גימנאַזיסטן, האָבן מיר אָרגאַניזירט א ליבהאָבער־ קרייז און מיר האָבן אַנגאַזשירט יוליוס גוטמאַנען אַלס רעזשיסאָר.

אונזער קרייז האָט זיך שנעל און זייער שיין אַנטוויקלט. דאָס וואָס גוטמאַן האָט נישט געקאָנט אימפּאָנירן קינסטלעריש אויפן דירעקטאָר גימפּל, האָט ער ביי אונדז אין קרייז אימפּאָנירט און אונדזער קרייז וואָס האָט זיך גערופן „הבימה בלוואָוו" האָט באַקומען אַ שם, די אָנפירער פונעם קרייז זיינען געווען **יוסף מעטאַל** און דער רעדאַקטאָר **שלום גאָטליב.**

אין יענער צייט איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין לעמבערג די „ווילנער טרופּע". די הויפּט־אַרטיסטן פון דער ווילנער טרופּע זיינען געווען — מאָרעווסקי, שטיין, קאַ־מען, קאַדיסאָן, בולאָוו, קאָוואַלסקי, אָרלעסקא, בראז, לאָרעס, ווייסליץ און אַנדערע,

מיט מ. מאַזאָ אַלס געשעפֿט־פֿירער.

לויט דעם מצב פֿון סטאַבילן גימפּל־טעאַטער, איז זיך נישט שווער פֿאָרצושטעלן, וואָס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלן דערפֿאָלג עס האָבן געהאַט די וואונדערלעכע אַרטיסטן פֿון דער ווילנער טרופּע.

אונזער קרייז „הבימה בלוואָוו", האָט שוין ביז דעמאָלט געהאַט אויפֿגעפֿירט דריי פּיעסן אין העברעאיש, אָבער אַדאַנק די וואונדערלעכע אויפֿירונגען פֿון די „ווילנער", האָבן מיר באַשלאָסן אויך אָנצוהויבן שפּילן אידישע פּיעסן. איך האָב זייער אַקטיוו מיטגעאַרבעט און אין 1925, האָט מיך מ. מאַזאָ אַנגאַזשירט צו דער ווילנער טרופּע און דעמאָלט האָט מאַזאָ אויך אַנגאַזשירט דוד ליכט, וועלכער אַקטואירט היינט אין בוענאָס איירעס אַלס רעזשיסאָר פֿון „איפֿט".

נאָך עטלעכע פֿאָרשטעלונגען פֿון די „ווילנער" אין לעמבערג, האָט זיך דער מצב פֿון סטאַבילן גימפּל־טעאַטער, נאָך מער פֿאַרערגערט. ערשט די פֿאָרשטעלונגען פֿון די „ווילנער" האָבן באַוויזן ווי פּרימיטיוו עס זיינען די פֿאָרשטעלונגען אין גימפּל־טעאַטער און דער עולם האָט אינגאַנצן אויפֿגעהערט גיין אין סטאַבילן טעאַטער און דער גימפּל־טעאַטער האָט געפּוסטעוועט, בעת פֿאַרשידענע אַנדערע טרופּעס וואָס זיינען געקומען קיין לעמבערג, כאָטש זיי האָבן גאַנץ אָפֿט נישט געהאַט אַזעלכע קינסטלער ווי דער גימפּל־טעאַטער, האָט אַדאַנק די בעסערע פּיעסן געמאַכט זייער גוטע געשעפֿטן.

די ירידה פֿון גימפּל־טעאַטער איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט שוין געמוזט רעדוצירן די פֿאָרשטעלונגען און שפּילן בלויז שבת און זונטיק און אַפֿילו אין די צווייי היופּט־טעג פֿון וואָך, איז גימפּלס טעאַטער געווען כמעט ווי ליידיק.

אַזוי האָט זיך די לאַגע געצויגן אָן ענדערונגען, ביז עס איז געקומען קיין לעמבערג אויף גאַסטראָלן דער „וויקט" (וואַרשעווער אידישער קונסט־טעאַטער), מיט זיגמונט טורקאָוו און אידאַ קאַמינסקי בראש און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לעמבערגער אידישער עולם וויל זען אידיש טעאַטער, ווייל צו יעדער פֿאָרשטעלונג פֿון „וויקט", איז דאָס טעאַטער געווען פֿול־געפּאַקט.

פֿאַר דעם „וויקט" האָט די סטאַבילע לעמבערגער טרופּע געמוזט אָפּטרעטן דאָס טעאַטער און די לעמבערגער אַקטיאָרן האָבן דערפֿאַר באַקומען אַ געוויסן פּראָצענט פֿון די הכנסות און די געשעפֿטן פֿון „וויקט" זיינען געווען אַזעלכע גוטע, אַז די לעמבערגער אַקטיאָרן האָבן — גאָרנישט טוענדיק — געהאַט פֿיינע פֿאַרדינסטן אויף צו קענען מאַכן אַ שיין לעבן.

איז עס דאָך אָבער אַקטיאָרן, ווילט זיך דאָך זיי שפּילן טעאַטער, האָט זיך באַלד אין אַקטיאָרישן קאָפּע ציטי אָנגעהויבן טון ווי מען זאָגט — אויף טיש און אויף בענק און די לעמבערגער אַקטיאָרן האָבן פּראָטעסטירט, ס'טייטש? אַנדערע שפּילן און מיר גייען אַרום ליידיק, מיר שפּילן אויך אַזוי שיין טעאַטער, נאָר עס איז גלאַט געווען אַ קריזיס און איצט, זעט איר דאָך, איז דער קריזיס שוין אַריבער, מען גייט שוין אין טעאַטער און מיר וועלן אַליין אויך קענען מאַכן געשעפֿט...

און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז גימפּל האָט אָפּגעזאָגט דעם „וויקט" און די „וויקט"־טרופּע האָט געמוזט פֿאַרענדיקן די גאַסט־פֿאָרשטעלונגען בעת דערפֿאָלגרייכע געשעפֿטן און די היימישע שוישפּילער האָבן אויסגעפֿירט, זיי האָבן צוריק איבערגענומען דאָס טעאַטער און אָנגעהויבן שפּילן און דער עולם האָט ווידער אויפֿגעהערט קומען

און די היימישע אַרטיסטן האָבן שוין געמוזט באַדויערן די פאַרדינסטן וואָס זיי האָבן געהאַט פון די אָפּגעטיילטע פּראָצענטן וואָס דער „וויקט" האָט זיי אַראָפּגעגעבן פון די הכנסות.

אָט אַזוי איז געווען דאָס אידישע לעמבערג. איידער עס האָט געהאַט געזען די קונסט-ספּעקטאַקלען פון די „ווילנער", האָט עס זיך גענערט מיט די פּרימיטיווע פאָר־שטעלונגען פון גימפּל-טעאַטער. די בעסערע פּיעסן פון די „ווילנער" און פון „וויקט" און אַפילו דער אופן שפּילן, האָט שנעל אויסגעפיינערט דעם איינגעבוירענעם גע־שמאַק פון לעמבערגער אידן און דער שוין אויסראַפינירטער לעמבערגער אידישער טעאַטער-עולם, האָט צוגלייך מיט דער לעמבערגער אידישער אינטעליגענץ, נישט גע־קאָנט זיך מער שפּייזן מיט די פּרימיטיווע טעאַטער-שפּילן וואָס זיינען אין גימפּלס טעאַטער געווען ווי אַ טראַדיציע.

ווען מען וועט אָבער שרייבן די געשיכטע פון אידישן טעאַטער אין לעמבערג, וועט מען בשום אופן נישט קענען פאַרלייקענען דעם וויכטיקן ביי־טראָג וואָס דער גימפּל-טעאַטער האָט געגעבן פאַר דער אַנטוויקלונג און עמאַנציפּירונג פון די ברייטע אידישע מאַסן אין לעמבערג, ווייל דער גימפּל-טעאַטער איז פאָרט געווען דער, וואָס האָט צוגעגרייט דאָס פעלד פאַר דער אויס־ראַפינירונג און אַנטוויקלונג פון די ברייטע אידישע מאַסן, אַלס אויפנעמער און אייפעריקע אַנהענגער פון אַ בעסער אידיש טעאַ־טער-וועזן.



נתן קלינגער

# טשאָרטקאָוו, די קליינע אָבער זייער באַרימטע שטאָט



שווער, זייער שווער, קומט מיר איצט אָן צו שרייבן וועגן מיין טשאָרטקאָוו.

איך מוז זיך שטאַרק אָנשטרענגען צו באַרואיקן און ויפּהאַלטן די גלייכגעוויכט פון מיין געמיט-צושטאַנד, ייל טראַכטנדיק וועגן אַמאָליקן טשאָרטקאָוו וואָס איך זאָב שוין לאַנג צוריק פאַרלאָזן, מוז מען אויך אַ טראַכט זאָן וועגן היינט, און עס כאַפּט אַרום אַ גרויל ביים גע־אַנק, אַז אפשר איז שוין איבערהויפּט קיין טשאָרטקאָוו ער נישט פאַראַן...

איך שאַץ אָבער אָפּ די גרויסע באַדייטונג פון אַזאַ פנקס גאַליציע" אין וועלכן עס דאַרפן פאַראייביקט ווערן י אַלטע היימען אַזוי ווי אַנטיקוואַרע הייליקייטן און דאָס טאַרקט מיך, אַז איך זאָל פּרוּוון רעקאָנסטרואירן אין מיין זכרון מיין קליינע, אָבער אַזוי באַרימטע שטאָט טשאָרטקאָוו.

—::—::—::—

טשאָרטקאָוו איז אַלעמאָל געווען אַ ריין־פּונקט פאַר שרייבער פון אַלע קאַטע־גאָריעס.

גרויסע ביכער האָט מען געקענט אָנשרייבן וועגן טשאָרטקאָוו, אַפילו בלויז וועגן דער רבנישער דינאַסטיע וואָס האָט געשעמט איבער דער גאַנצער וועלט.

עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז די שטאָט טשאָרטקאָוו און די רבנישע דינאַסטיע זיינען געווען איינס און דאָסזעלבע: — ניין! די שטאָט טשאָרטקאָוו האָט זיך געלעבט און געשטרעבט און געפירט מיט אַלע מעלות און חסרונות פון אַנדערע שטעט אין גאַליציע און דער רבישער הויף, מען קאָן זאָגן — דעם רבינס מלוכה, האָט זיך געפירט אויף איר אופן אין סטאַרי טשאָרטקאָוו און מען

קאָן זאָגן, אַז סטאַרי (אַלט) טשאָרטקאָוו האָט געהאַט דעם רבישן לעבנס-שטייגער און ניי-טשאָרטקאָוו האָט זיך געפירט אַ לעבן פאַר זיך און די אויגן פון ניי-טשאָרטקאָווז זיינען דווקא נישט געווען געווענדט צום רבישן הויף, כאָטש אַ סך אידן אין ניי-טשאָרטקאָוו האָבן געלעבט און געצויגן פרנסה אַדאַנק אַלט-טשאָרטקאָוו.

ניי-טשאָרטקאָוו האָט מען גערופן פשוט טשאָרטקאָוו, און אַלט-טשאָרטקאָוו — דעם רבינס הויף.

טשאָרטקאָווער אידן האָבן זיך געטיילט און געצויגן צו אַלע ריכטונגען, אַזוי ווי אידן פון אַנדערע שטעט. געווען אַ פאָרגעשריטענע יוגנט וואָס האָט געשטרעבט צו בילדונג; געווען אָנהויבן פון סאָציאַליסטישע, פועלי-ציוניסטישע און ציוניסטישע שטרעמונגען און געווען חסידים וואָס האָבן די נייע שטרעמונגען באַקעמפט.

אָבער מערקווירדיק, אַז די חסידים פון טשאָרטקאָוו זיינען געווען חסידים פון פאַרשידענע רביים, נאָר נישט פון טשאָרטקאָווער רבין; אָבער וועגן דעם וועלן מיר ריידן שפּעטער.

—::—::—::—

אויף באַרג און טאָל ליגט אויסגעשפּרייט מיין שטאָט טשאָרטקאָוו. די פּאַנאָראַמע פון טשאָרטקאָוו איז איבעריק צו מאָלן, ווייל זי איז ענלעך צו אַ סך אידישע שטעט און שטעטלעך וואָס ליגן אויף און צווישן די בערג אין מזרח-גאַליציע, וואו עס שלענגלען זיך אויך די שטראָמען פון פאַרשידענע טייכן.

אָט זע איך דעם „סערעט" דעם שיינעם טייך און די „בודקעס" צום באָדן זיך, (פון באָד-קאָסטיומען האָט מען דאָרט נישט געוואוסט) און זומער-לעב איז דאָרט ביי די בודקעס (ביידלעך) געווען פול מיט יוגנט און פון דאָרט אויס האָט מען באַטראַכט די שיינע געדיכטע וועלדער פון די אַרומיקע בערג און די בלומען-גערטנער און די אויבסט-סעדער און דאָרט, ביי די ברעגן פון סערעט, האָט די יוגנט געשפּינען די חלומות פון זייערע אידעאַלן פאַר דער צוקונפט.

טשאָרטקאָוו האָט אַ חוץ אידן, אויך געהאַט אַ געמישטע קריסטלעכע באַפעלקערונג פון אוקראַינער (רוטענער) און פּאָליאַקן, וועלכע זיינען קיינמאָל נישט געווען קיין פריינט פון אידן, אַפילו דעמאָלט, ווען זיי אַליין האָבן געקרעכצט אונטערן עסטרייכישן יאָך, אָבער צו קיין עפנטלעכע אַנטיסעמיטישע אַרויסטריטן איז פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה נישט געקומען, ווייל ערשטנס, האָט עס די עסטרייכישע מאַכט נישט דערלאָזט, און צווייטנס האָט טשאָרטקאָוו פאַרמאָגט אַזעלכע אידן, וואָס האָבן זיך געקאָנט גוט פאַרטיידיקן און ווי איז געווען צו די גוים, וואָס האָבן געוואַגט זיך צו טשעפּען מיט אידן.

אַזעלכע „מלחמות" האָבן מיר נאָך אָנגעהויבן פירן אין שולע, ווען שקאָצימלעך האָבן זיך געוואָלט לוסטיק מאַכן איבער אונדז „זשידקעלעך"...

ביי אַזעלכע אינגלשע געשלעגן האָבן די קליינע אַנטיסעמיטלעך באַקומען אַזעלכע אָנגעבראָכענע ביינער, אַז זיי האָבן עס שוין געדענקט ווען זיי זיינען אויסגעוואַקסן.

אָבער נישט אַלעמאָל האָבן די אויפגעוואַקסענע אַנטיסעמיטן געדענקט די אי-



## דער טשאָרטקאָווער רבי

דאָס אַזוי אינטערעסאַנטע פאָטאָגראַפישע בילד, איז דאָס איינציקע בילד וואָס איז איינעם, אַ פאָטאָגראַף־אַמאַטאָר, מיט אויסערגעוויינלעכע קונצן און ממש מיט מסירת נפש קוים געלונגען אַראָפּצוכאַפּן, בעת דער רבי האָט זיך באַוויזן אין באַן־פענצטערל, כדי אָפּצונעמען די קוויטלעך ביי זיינע חסידים, איידער דער צוג איז אָפּגעגאַנגען אויפן וועג קיין ווין.

נישט איינמאָל האָבן זיך פאָטאָגראַפן געקליגט און געוואָלט אַראָפּכאַפּן דעם טשאָרטקאָווער רבינס בילד, אָבער דער רבי האָט אַלעמאָל באַוויזן זיך אויסצוהיטן דערפון, ביז דער אומבאַקאַנטער אַמאַטאָר האָט עס פאָרט באַוויזן און אַזוי איז געבליבן כאָטש אַ פאָטאָ פון דעם באַרימטן רבין וואָס האָט געהאַט אַזויפיל טויזנטער חסידים.

דישע קליפּ פון שולע; איבערהויפּט האָבן זיי דאָס פאַרגעסן, ווען זיי זיינען געווען שיכור און דאָס איז דאָך ביי די גוים געווען אַן אָפטע דערשיינונג און דעריבער האָט זיך געמאַכט, אַז געזונטע טשאָרטקאָווער אידן, האָבן געמוזט די אויפגעוואַקסענע כוליגאַנעס דערמאָנען אַז אידן קענען אויך דערלאַנגען ווען עס איז נויטיק.

אָנגעהויבן אַזעלכע געשלעגן, האָבן זיך געווײנלעך אין דער פּראָפּענאַציע.

וועלכער פון טשאָרטקאָווער לאַנדסלייט וועט נישט געדענקען די פּראָפּענאַציע?

מיין פאָטער ע"ה איז געווען קאַסירער אין אַזאַ פּראָפּענאַציע און ווער האָט אין טשאָרטקאָוו נישט געקענט ר' שלמה איציען?

די פּראָפּענאַציע איז געווען אַ גרויסער סקלאַד (מאַגאַזין) פון בראַנפנס און אָקאָוויטן. די קאָנצעסיעס אויף פּראָפּענאַציעס זיינען געלעגן מערסטנס אין אידישע הענט, אַזעלכע קאָנצעסיעס האָט מען געקויפט ביי דער עסטרייכישער רעגירונג און די פּראָ־

פענאַציע אין טשאָרטקאָוו האָט פאַרקויפט בראָנפנס און אָקאָוויטן פאַר דער גאַנצער געגנט און כדי עס זאָל דאָרט נישט אַריינקומען קיין פרעמדער שנאַפּס, האָט דער פראָפּינאַטאָר געהאַט אייגענע אינספּעקטאָרן וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען און געזוכט און טאָמער האָבן זיי געכאַפּט פרעמדן שנאַפּס, האָבן זיי עס קאָנפיסקירט און נאָך דערצו באַשטראָפט.

און בראָנפן איז אין טשאָרטקאָוו געווען אַ גאַנץ גוטע פּרנסה, ווייל אַלע האָבן געטרונקען. פאַרשטייט זיך, אידן, בלויז אויף שבת געקויפט אַביסעלע אָקאָוויט, האָט שוין געקלעקט אויף אַ גאַנצע וואָך; אָבער גוים האָבן געטרונקען אַ סך, אַ סך און זיי האָבן נישט געקויפט אויף אַהיימצונעמען לכבוד יום־טוב, נאָר זיי האָבן געטרונקען טאַקע אין פראָפּענאַציע, אין דעם גרויסן טרינק־סאַלאָן, דאָרט זיינען זיי געזעסן אָדער געשטאַנען און געטרונקען אַזוי לאַנג, ביז מען האָט באַדאַרפט פאַרמאַכן די פראָפּענאַציע און דעמאָלט האָט זיך זיי ערשט נישט געגלוסט אַהיימצוגיין, ערשט דעמאָלט, שוין שפּעטלעך אין דער נאַכט, האָט זיך אין זיי אויפגעכאַפּט צעפלאַקערט דער חשק צום גלעזל און כמעט יעדע נאַכט האָט מען די שכורים געשלעפּט אויף כּוח מיט'ן ויין פון פראָפּענאַציע.

און איינמאָל, געדענק איך, האָבן זיך פון פראָפּענאַציע אַרויסגעריסן אַ באַנדע שיכורע גוים און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן וואַרפן אויף אידישע פאַרבייגייער און די יזכע האָט זיך צעשפּילט און זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען, אַז מען דאַרף די זשידקעלעך אויסקוילן און צונעמען זייער געלט.

האָבן זיך אָבער טשאָרטקאָווער אידן נישט דערשראָקן, און כאָטש די אידן וואָס זיינען געגאַנגען קעגן די גוים זיינען געווען אַ סך ווייניקער, זיינען אָבער די אידן געווען ניכטער און איינער, אַ לייבעלע, האָט געגעבן אַ געשריי, אַז אידן זאָלן פאַרמאַכן טיר און טויער און מען האָט נאָר באַדאַרפט צו זיין דערביי און צוקוקן זיך ווי מען האָט די כוליגאַנעס „געטיילט געלט"... מען האָט זיי אַזוי איינגעטיילט, אַז זיי זיינען געלעגן צעהרגעטע אין די רינשטאָקן און זיי האָבן דערפילט די קראַפט פון אידישע פויסטן...

און נישט בלויז קעגן שיכורים האָבן די טשאָרטקאָווער אידישע גבורים אַרויסגעוויזן זייער גבורה; ווי נאָר עס האָט זיך געהאַנדלט אין פאַרטיידיקן זיך קעגן אַ פיזישן אָנגריף, זיינען אויסגעוואַקסן די געזונטע פּראָסטאַקישע אידן און זיי האָבן באַלד די כוליגאַנעס מקיים פּסק געווען.

טשאָרטקאָוו האָט פאַרמאָגט אַן עמך (אַמכאָ) מיט אַ סך אמתע העלדן אין הויפּטזאַך, צווישן די אידישע קצבים. אַז ווייי איז געווען צו דעם כוליגאַן, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט.

איך געדענק אַ סצענע: — אַ שבת נאָכמיטיק. פון ערגעץ־וואו האָבן זיך געיאַגעט עטלעכע שיכורע סאָלדאַטן־קאַוואַלעריסטן און זיי האָבן אָנגעהויבן טשעפּן זיך צו די פאַרבייגייענדיקע אידן. האָט מען דאָס באַלד צעוויסן געטאָן אין דער קצבישער שיל און עס האָט נישט געדויערט קיין פינף מינוט, זיינען שוין אָנגעקומען די צוויי גבורים: ישראל־יהודה און לייבל מיט נאָך אַנדערע, אָבער בלויז די צוויי האָבן זיך געוואָרפן קעגן די עטלעכע סאָלדאַטן און די סאָלדאַטן זיינען קוים אַנטלאָפן מיטן



טויזנטער חסידים שטויסן זיך צום באַן־פענצטערל מיט „קוויטלעך" — דער טשאָרטקאָווער רבי פאָרט אַוועק.

לעבן און לייבעלע האָט נאָך אַהיימגעבראַכט „קריגס-רויב" אַ שאַבליע מיט אַ היטל פון די אַנטלאָפענע קאַוואַלעריסטן...

אָט־אָ די צוויי אידישע גבורים וויל איך פאַראייביקן, ווייל אין מיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן, וואו איך בין געקומען און צי איז מיר געווען גוט אָדער שלעכט, אַלע־מאָל האָב איך געחלומט וועגן זיי און איך האָב זיי געזען שלאָגן זיך פאַרן אידישן כבוד.

די צוויי גבורים זיינען געווען צוויי ברידער; ישראל־יהודה האָט חתונה געהאַט מיט מיין שוועסטערס אַ בעסטע חברטע, ביילע פישער און זיין ברודער לייב, וואָס האָט געהאַט דעם כוח און דעם שטאָלין פון אַ לייב, האָט מיט איין פּאַטש דערהרגעט אַ קאָמיסאַר וואָס האָט באַליידיקט אידן און ער איז דערפאַר אָפּגעזעסן אַ יאָר צייט אין תפיסה און איז דערנאָך באַפרייט געוואָרן קאָנדיציאָנעל מיטן אָנזאָג, אַז אויב זיין גאַנץ לעבן טאָר ער נישט הויבן קיין האַנט אויף צו שלאָגן עמיצן...

און האָב איך שוין דערמאָנט די צוויי ברידער־גבורים, וויל איך אויך דערמאָנען זייער יחוס, ווייל עס איז כדאי צו דערמאָנען זייער פאָטער, וועמען מען האָט גערופן **גבריאליקל**.

גבריאליקל איז אין טשאָרטקאָוו געווען אַ שם־דבר.

ער איז געווען אַ איד אַ בן־תורה, אָבער — ער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און דעריבער, האָט ער געדרשנט זיינע תורות פאַר די פּראָסטאַקישע אידן, וואָס האָבן פון זיינע תורות ממש געלעקט די פינגער.

גבריאליקל איז אַרומגעגאַנגען אין טשאָרטקאָוו, אַזוי ווי ער וואָלט געווען דאָס געזעצן פון שטאָט. טאָמער איז עמיין באַגאַנגען אַן עולה, האָט גבריאליקל געשטראָפט און זיינען פאַרגעקומען וואָלן פון גלַבאים, אָדער בעת אויפנעמען אַ רב אָדער דיין, און גבריאליקל האָט געזען פאַלשקייטן, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן גאַס און פאַכנדיק מיט זיין שטעקן, האָט ער געהאַלטן גאַנצע רעדעס און אַז עמיין האָט אים געוואַגט איבערשלאָגן, האָט ער געסטראַשעט, אַז ער וועט אָנשיקן זיינע זין, זיינע „שמעון ולוי" און זיי וועלן פון אייך מאַכן אַ תל־עולם...

איך געדענק, אַז אַ לאַנגע צייט נאָך גבריאליקלס טויט האָט מען נאָך אַלץ גערעדט וועגן זיין צוואה וואָס ער האָט איבערגעלאָזן פאַר זיינע צוויי שטאַרקע זין, און עס איז כדאי זי צו דערמאָנען:

— „הערט מיך אויס, מיינע ליבע שמעון ולוי אחים, דאָס מיין איך אייך, מיינע ליבע זין ישראל־יהודה און לייבל; זייט וויסן, אַז איך גיי שטאַרבן און איר ווייסט דאָך, אַז מיר אידן וואַרטן אַז משיח זאָל קומען; טאָ הערט־זשע, איך גיי אַוועק און וועל מער נישט זיין, אָבער איר בלייבט דאָך, טאָ געדענקט! ביי אונדז אידן זאָגט מען, אַז ווען משיח וועט קומען, וועלן אויסגעבויט ווערן צוויי גרויסע בריקן, אַ פּאַפּירענע און אייזערנע. די אידן וועלן גיין דורך דער פּאַפּירענער בריק און וועלן נישט אַריינפאַלן און די גוים וועלן גיין דורך דער אייזערנער בריק און זיי וועלן יאָ אַריינפאַלן. טאָ געדענקט־זשע קינדער, טאָמער קומט משיח און מען וועט אויסבויען אַזעלכע צוויי בריקן, זאָלט איר, קינדער מיינע, גיין — — — דורך דער אייזערנער בריק..."

אָט אַזוי איז גבריאליקל קצב געווען באַרימט מיט זיין ערלעכקייט און חכמה און ווי איך האָב דערמאָנט, זיינען זיינע צוויי זין געווען גבורים וואָס האָבן פאַרטיידיקט דעם אידישן כבוד ביי יעדער געלעגנהייט.

---

אַ סך שילן און בתי־מדרשים האָט טשאָרטקאָוו פאַרמאַגט. איך האָב זיי אַלע באַזוכט, אָבער איך געדענק נישט זייערע נעמען. אַפילו די ציוניסטן האָבן געהאַט זייער מנין, וואָס איז געווען אויבן, אויפן שטאָק. „בני־ציון" האָבן זיי זיך גערופן און דאָרט האָב איך געזינגען אַלס משורר ביי דעם חזן לייביש וואַסערמאַן. און צוגעגרייט אונדז אין געזאַנג, האָט דער דיריזשאָר זילבערמאַן.

וואָס איך מוז אויך דערמאָנען, זיינען די „שאַפּירעניקעס". עפּעס האָט אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק עקזיסטירט אַ רב **שאַפּירא** וואָס מען האָט אים געלייגט אין חרם אַריין, אָבער ער האָט געלאָזן אַ סך אָנהענגער און חסידים, וועלכע האָבן געהאַט אַן אייגענע קלויז און אַן אייגענעם שוחט און זיי זיינען ביי די איבעריקע אידן פון טשאָרטקאָוו געווען אַזוי פאַרהאַסט, אַז מען האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף אַ טרפהנע זאַך און מען האָט נישט געלאָזן וועגן זיי ריידן אָדער דיסקוטירן און מען האָט זיך נישט געוואָלט מיט זיי משדך זיין...

אַ חוץ די שילן און בתי־מדרשים וואו אידן זיינען זיך צונויפגעקומען, זיינען אויך געווען פאַריינען. אַ היבשע באַוועגונג פון מאָדערנע שטרעבונגען איז געווען אַקטיוו אין טשאָרטקאָוו, אָבער די גרויסע מערהייט פון די מאָדערנע, איז געווען ציוניסטיש.

אַ חוץ ציונים, זיינען אויך געווען פּועלי־ציון און איך געדענק אַפילו, אַז איינמאָל איז געקומען צו פאָרן אַ מענטש וואָס האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף אַ בוידעם, טאַקע ביי מיינס אַ חבר און לויט די ווערטער וועלכע איך געדענק נאָך טיילווייז, גלייב איך אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַ בונדיסט, אָבער איך געדענק נישט, אַז פון דעם רעפעראַט אויפן בוידעם זאָל האָבן עפּעס געוואָרן.

ציוניסטן האָט טשאָרטקאָוו געהאַט אַ סך און וועמען איך געדענק גוט, איז הלל הויזנער (מיינס אַ שטיקל קרוב), דעם לעמבערגער ראַבינער הויזנערס אַ ברודער. זיי זיינען אַלע געווען ציונים און מער נאָך פון זיי, געדענק איך זייער פאָטער, וואָס איז געווען אַ איד אַ געפערלעכער מתנגד און אַ שרעקלעכער שונא פון רבינס הויף.

איך געדענק אים נאָך, דעם אַלטן גרייז־גרויען הויזנער, ווי אַלע האָבן געקוקט אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען און ווי מען האָט נאָך לאַנג דערנאָך דערציילט וועגן אים, אַז בעת עס זיינען פאָרגעקומען די פּאָגראָמען אין קישענעוו און אידן זיינען געקומען צו לויפן אין פּאַנישער שרעק איבער דער גרעניץ און הונדערטער טעלעגראַמעס מיט ידיעות איינע שוידערלעכער פון דער אַנדערער, דעמאָלט איז די טשאָרטקאָווער רביצין אַרויסגעפאָרן אויף איר רייכער קאַרעטע פון הויף, און געפאָרן איבער טשאָרטקאָווער גאַסן.

ווען דער אַלטער הויזנער האָט דערזען ווי עס קומט אָן די אויסגעפּוצטע רביצין אויף איר רייכער קאַרעטע מיט פיר פערד נאַשפּיין, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַזאַ כעס, אַז ער האָט געכאַפּט בלאָטע און געוואָרפן די קאַרעטע און די רביצין און ער האָט נאָכגעשריגן: — וויי, וויי, וויי צו אונדז אידן!... אין דער צייט ווען מען הרגעט דאָרט אין קישענעוו אַזויפיל פון אונדזערע ברידער, לאָזט איר אייך דאָ וואויל־גיין מיט זיידענע קליידער און טייערע צירונג און איר פאָרט אין טייערע קאַרעטעס!... זעק מיט אַש טוט בעסער אָן אויף אייערע קעפּ איר אזוינע און אַזוינע...

און האָב איך שוין דערמאָנט דעם אַלטן הויזנער, דעם דם־שונא פון רבישן הויף, וויל איך שוין אויך דערמאָנען די רבישע רעזידענין גופא.

יאָ, אָבער צו ריידן וועגן טשאָרטקאָווער הויף, איז דאָ צו ריידן און צו ריידן און הײַנט ווער ווייס וואָס און ווי אַזוי צו ריידן וועגן טשאָרטקאָווער הויף, אַז דאָרט איז אַלץ געווען אײַנגעהילט אין סודות און רמזים און די רבנישע דינאַסטיע האָט געשפּינט דעם גאָלדענעם פאָדעם פּונקט ווי עס שפּינען אים קייזער־קעניגלעכע דינאַסטיעס...

אָבער איין זאַך ווייס איך זיכער, דאָס איז, אַז אין טשאָרטקאָוו זײַנען געווען אַ סך חסידים, אָבער גאָר ווינציק פון זיי, אָדער כמעט קיינער פון זיי, איז נישט געווען קיין טשאָרטקאָווער חסיד...

אָט למשל: — מײַן פאָטער איז געווען אַ וויזשניצער חסיד און האָט כל ימיו געדאַוונט אין דער וויזשניצער קלויז, פונדעסטוועגן, ווען איך בין געוואָרן בר־מצוה, האָט מײַן פאָטער מיך געפירט צום רבין „פּראַווען" (אַזוי האָט דאָס געהייסן און אַזאַ מנהג איז עס געווען) און איך בין שוין אַלס קינד זייער נײַגעריק געווען צו קענען דעם אַלטן טשאָרטקאָווער צדיק, וועלכער האָט זיך כמעט קיינמאָל נישט געוויזן אין דער עפנטלעכקייט און ערשט צו בר־מצוה, ווען מײַן טאַטע האָט מיך אַהין געפירט, האָב איך אים געזען צום ערשטן מאָל און איך בין זיך מודה ומתודה, אַז קיין גרויסן רושם האָט דער רבי אויף מיר נישט געמאַכט. כאָטש מען האָט אונדז באַלד אַרײַנגעלאָזן צום רבין, בעת אַנדערע אָנגעפּאַרענע חסידים פון נאָענט און ווייט, האָבן זיך באַדאַרפט וואַלגערן אויף דעם גרויסן הויף וואָכנלאַנג ביז מען האָט זיי צוגעלאָזן צום רבין. אונדז האָט באַלד אַרײַנגעלאָזן דער גבאי הערשל ראַפּאַפּאָרט (וועלכער איז געווען אַ פעטער פון דעם גרויסן הזן יאַנקעלע ראַפּאַפּאָרט אין נאָרד־אַמעריקע)... אָבער, ווי שוין דערמאָנט, דער רבי האָט עפּעס אויף מיר נישט געמאַכט אַזאַ רושם און ווען איך האָב אַ צײַט שפּעטער געפרעגט בײַ מײַן פאָטער, פאַרוואָס אַ גאַנצע וועלט מיט אידן קומען פון נאָענט און ווייט צום רבין און זיי וואַלגערן זיך אויפן הויף חדשים־לאַנג ביז זיי קומען אָן צו אים און די אייגענע, טשאָרטקאָווער אידן, וואָס קענען אים דערגרייכן יעדן טאָג, מײַדן דווקא אים דעם „הויף" און זיי פאָרן דווקא צו אַנדערע רביים?...

אויף דעם האָט מיר דער טאַטע געגעבן אַ גאָר פײַנעם ענטפער:

— קינד מײַנס... אַ צדיק קאָן מען פאַרגלײַכן צו אַ לײַכטער מיט אַ ליכט. קוק זיך צו, זון מײַנער: — ווען מען צינדט אָן דאָס ליכט אינעם לײַכטער, ווערט ווייט אַרום און אַרום דעם לײַכטער ליכטיק און אונטער דעם לײַכטער איז טונקל... און דעריבער איז דער ליכטיקער שײַן פון צדיק נישט אַזוי ליכטיק אין דער זעלבער שטאָט וואו ער וואוינט...

מײַן פאָטער האָט מיר טאַקע דעם ענין זייער פײַן מסביר געווען, אָבער איך בין שוין מיטגעגאַנגען און מיטגעפילט דעם אינגערן דור וואָס איז שוין געווען אַביסל פאַרגעשריטן און מיר האָבן שוין געהאַט אַ גאָר אַנדערן בליק אויפן גאַנצן הויף מיט דער דינאַסטיע און ווען איך האָב זיך אַ סך מאָל צוגעקוקט צו די צענדליקער און אַמאָל הונדערטער אידן וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין דעם גרויסן „שאַלאַש" (אַזאַ מין באַראַק) און געוואַרט אויף דעם גליקלעכן מאָמענט ווען זיי וועלן קענען אָפּגעבן דעם רבין שלום און ווען איך האָב געזען ווי דעם רבינס „אויפזעער" (גבאי) איבער דעם שאַלאַש, האָט געטיילט, בעסער געזאָגט — צוגעוואָרפן אַביסל עסן צו דער מאַסע גלויביקע אין רבין און ווען איך האָב נאָך געזען די אַנדערע גרופּע, די קראַנקע, משו־

געים און חולה־נופלים וואָס זיינען געקומען צום רבין נאָך ברכות און נאָך רפואות, האָט מיך אָרומגענומען אַ טרויעריקער געפיל נאָר צום וויינען און גאַנץ אָפט האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם אַלטן הויזנערס טענה: — ווען אונזערע ברידער וועלן געפייניקט, לאָזט איר אייך דאָ וואוילגיין!...

נאָר אויב מיר, די יונגע, האָבן שוין נישט אַזוי געהאַלטן נישט פון רבין און נישט פון די פאַנאַטישע חסידים זיינע, האָבן מיר אָבער גאַנץ אָפט געזוכט אַ מעגלעכקייט אַריינצובאַקומען זיך אין דעם גרויסן גאָרטן פון רבינס הויף.

דאָס איז שוין געווען איינמאָל אַ גאָרטן! אויסערגעוויינלעכע עקזעמפּליאַרן פון אַריבערגעבראַכטעביימער וואָס זיינען דאָ איבערגעפלאַנצט געוואָרן פאַר דער שיינקייט פאַרן אויג און די שיינע שפּריצנדיקע פאָנטאַנען וואָס האָבן געשפּריצט מיט די וואַסער טראָפּן אין דער הויך, און זיי האָבן אין דער לופט זיך געשפּיגלט קעגן דער זון, אַזוי ווי בריליאַנטן און דיאַמאַנטן.

דאָרט אין דעם גאָרטן האָבן מיר געהאַט די געלעגנהייט גאַנץ אָפט צו וואַרפן אַ פאַרגנבעטן בליק צו די פרויען פון יונגע רבישע זין און די רבישע טעכטערלעך וואָס זיינען געווען אַזוי אויסערגעוויינלעך שיין און מיט אַזעלכע צאַרטע אויסדריקן און

## זיבן אינטערעסאַנטע טיפּן פון גאַליציאַנער אידן

— 1 —



איר זעט אָט אַ דעם גאַליציאַנער איד?
ער שמייכלט וואַרים און ברידערלעך, כאָטש עס איז אים גאָרנישט אַזוי וואויל, אָבער בטחון איז פאַראַן און ער האָפט, אַז מסתמא וועט אים גאָט אויך העלפן...

ער האָט שוין חתונה געמאַכט אַ היבש ביסל בחורים מיט בתולות, נאָר זיינע אייגענע פיר בתולות אין די יאָרן, ליגן אים נאָך ווי פיר שווערע האָרבן אויף זיינע דאַרע פּלייצעס...

און איצט פאַרשטייט איר שוין זיכער, אַז דער איד אָט אַ דאָ, איז אַ שדכן, אַ גוט באַקאַנטער גאַליציאַנער לאַנד־שדכן.

אזוי באצירט מיט שמוק, אז איינמאל זיי זען, האט מען זיי שוין נישט געקענט מער פארגעסן.

דארט, אין רבינ'ס גארטן, האבן מיר אויך געזען און אפילו בגנבה געכאפט א שמועס מיט א רביש זונדל אדער אייניקל; זיי זיינען געגאנגען די פיינע זיידענע קאפאטקעלעך און אין שיינע גלאנציקע לאק-שטיוועלעך און מיר האבן זיך דערוואוסט דעם גרויסן סוד, אז די אלע ביכער וועלכע זיינען פאר טשארטקאווער חסידים געווען טרפה ווי חזיר, זיינען דווקא פאר די „אייניקלעך" געווען כשר און עס איז געווען א נחת צו הערן ווי פיין אזא רביש אייניקל האט (נאכן אומקוקן זיך אין אלע זייטן צי מען זעט נישט און מען הערט נישט) — רעציטירט שילערן און היינען פון אויס-ווייניק...

אט אזוי, האבן מיר, טשארטקאווער יוגנט, אויך אמאל געפינען עמאציע אין רבישן הויף (אין גארטן) אבער ארויסקומענדיק צוריק פון דעם פרעכטיקן גארטן, האבן מיר נאכאמאל געזען דעם גרויסן הילוק פון טשארטקאוו ביז אלט-טשארטקאוו און מיר האבן געזען אז דאס זיינען צוויי באזונדערע וועלטן און מיר, טשארטקאווער זיינען געשטאנען און צוגעקוקט ווי אידן קומען אין מאסן צו פארן צום רבין און האבן זיך געטראכט, וואס ווירקט אויף די מענטשן אז זיי זאלן ווערן אויסגעריסן אין דער פרעמד, אבי צו זיין ביים רבין? האבן מיר געלאזן די חסידים זוכן זייערע גייס-טיקע באפרידיקונגען ביים רבין און מיר יוגנט האבן געלעבט און געשטרעבט צו עפעס נייעס, קולטור, ציוויליזאציע, רעפעראטן, דיסקוסיעס, פארלעזונגען, געזאנגס-אוונטן און אזוי איז זיך די רבנישע דינאסטיע געגאנגען איר וועג און די טשארטקא-ווער אידן — זייער וועג און כאטש אין דער וועלט איז בלויז געווען באריםמט דאס טשארטקאוו פון דער רבנישער דינאסטיע, האט אבער דאס נייע טשארטקאוו אויך געלאזן פון זיך הערן און איין טייל שטאט האט דערגאנצט דעם צווייטן טייל און געשאפן א געוויסע הארמאנישע גאנצקייט.

וואס איז היינט געווארן פון די צוויי טיילן טשארטקאוו? — — — — — — — — —



# וואָלף בער סטראַקע און לעאָן שוואַרץ

## פשעמישל

פון סאַלאָמאָן שטראַמער



פשעמישל, מיין אַלטע היים, היים פון מיין קינדהייט און יוגנט, וואָס איז פון דיר געוואָרן?...

ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן, געדענק איך, ווי די קינדער, מיינע חברימלעך אין מיין עלטער, האָבן מיך מקנא געווען, ווען איך בין אָנגעקומען אויף דער לער אין דער דרוקעריי און פּאַפּיר-געשעפט פון **לעאָן שוואַרץ**.

פאַרוואָס האָבן מיך מיינע חברימלעך אַזוי מקנא גע־ווען? אַזוי גוט איז דאָס דעמאָלט געווען די קינדער וואָס זיינען אָנגעקומען ערגעץ אַלס „אינגל אויף דער לער"? איז עס דען בכלל אין גאַליציע געווען אַזאַ גליק צו גיין לערנען אַ פאַך און איך האָב דאָך געוויינט בעת איך בין דעם ערשטן טאָג געגאַנגען אין דעם גרויסן געשעפט פון לעאָן שוואַרץ, פאַרוואָס האָבן מיך די חברימלעך מיינע מקנא געווען?

זיי האָבן מיך נישט מקנא געווען דערפאַר ווייל איך גיי לערנען אַ פאַך, וואָס איך גיי אַרבעטן, נאָר ווייל איך גיי צו **לעאָן שוואַרץ**.

לעאָן שוואַרץ איז געווען באַרימט אין פשעמישל, צוליב זיין אייגנאַרטיקייט.

אין זיין פּאַפּיר-געשעפט וואָס האָט זיך געפונען אויפן רינג-פּלאַץ עק פראַנציס קאַנער, זיינען די אָנגעשטעלטע רייך געוואָרן פון די גנבות וואָס זיי האָבן דאָרט סיס־טעמאַטיש דורכגעפירט, אָבער וואָס מער די אָנגעשטעלטע האָבן געגנבט, אַלץ רייכער איז לעאָן שוואַרץ געוואָרן...

דאָס איז געווען די סבה, פאַרוואָס מיינע חברימלעך האָבן מיך מקנא געווען. זיי האָבן געוואוסט, אַז אַבי איך גיי אין געשעפט פון לעאָן שוואַרץ, וועל איך שוין מער פאַרדינען ווי אַרבעטן...

ווער איר דאָך פרעגן, אייב גאַנץ פשעמישל האָט געוואוסט, אַז ביי אים גנבעט מען, צי האָט ער אַליין **נישט** געוואוסט?

יאָ, לעאָן שוואַרץ האָט עס אויך געוואוסט און אין דעם איז באַשטאַנען זיין אייגנאַרטיקייט.

לעאָן שוואַרץ האָט געהאַט דריי זין. איינער איז געווען לאַנדעס-געריכטס-ראַט, דער צווייטער, אַ דאָקטאָר מעדיצין און דער דריטער אַ פּאַפּיר-סוחר אין סאַמבאָר און שפּעטערדיקער יורש פון פאָטערס געשעפטן אין פּשעמישל.

ווען אידן, „נישט-פאַרגינער" האָבן געשריבן אַנאָנימע בריוו צו לעאָן שוואַרץ, וואָרנענדיק אים, אַז די אָנגעשטעלטע „פּוצן אים אויס דאָס אויער", אַז מען גנבעט ביי אים אויף וואָס די וועלט שטייט... האָט ער די בריוו צעריסן און נישט אין אכט גענומען. — אַנאָנימע בריוו, האָט ער געזאָגט שרייבן נאָר רשעים און גנבישע בעלי קנאה...

האָבן די נישט-פאַרגינער אָנגעהויבן שרייבן בריוו צום זון, צום לאַנדעס-געריכט-ראַט און ער האָט שוין די בריוו יאָ אין אַכט גענומען און איז געקומען צום פאָטער מיט אַ טענה, אַז מען דאַרף מאַכן אַן אויספאָרשונג, נאָכקוקן, זוכן, ס'טייטש, מען באַרויבט דאָס געשעפט.

האָט לעאָן שוואַרץ געשמייכלט און געזאָגט, אַז ער וועט פון זיין געשעפט נישט לאָזן מאַכן אַן אויספאָרשונגס-אַמט. ווייל ער האַלט, אַז זיינע אָנגעשטעלטע זיינען ערלעכער און אָנשטענדיקער פון אים, זיין זון, דעם לאַנדעס-געריכט-ראַט, וואָס זיין פּראַפעסיע הייסט אים פאַרטיידיקן פאַרברעכער און אַפילו מערדער...

און אַלס באַווייז, אַז זיינען אָנגעשטעלטע אַרבעטן ביי אים געטריי, האָט ער אָנגעוויזן אויפן פאַקט, וואָס ער ווערט כסדר רייכער און יעדעס יאָר גיט אַ בעסערן באַלאַנס...

אָט דאָס איז געווען דער פּשעמישלער פּאַפּיר-סוחר און בוך-דרוקער לעאָן שוואַרץ.

לעאָן שוואַרץ איז געווען אַן אַסימילירטער טעמפּל-איד, אָבער אַ וואַרימער איד און ווען ער האָט מיך אַמאָל געהערט אונטערברומען אַ לידל, האָט ער געזאָגט. אַז איך האָב אַ גאָר פיינע אַלט-שטימע און איך דאַרף גיין צום טעמפּל-קאַנטאָר הער זינגער, ער זאָל מיך אויספּרואוון.

לעאָן שוואַרץ איז נעמלעך געווען דער הויפּט-גבאי (אַזוי ווי דאָ — פּרעזידענט) פון מאָדערנעם טעמפּל און ער האָט אַפילו בעת זיינע בעסטע געשעפטן, נישט פאַרגעסן עפּעס אויפצוטאָן אויף פאַרן טעמפּל.

האָט שוין מיין באַלעבאָס איינמאָל געזאָגט, האָט ער מיך שוין יעדן טאָג איבערגעפרעגט און דערמאָנט, ביז איך האָב געמוזט גיין צו דעם טעמפּל-קאַנטאָר הער זינגער און זיין אויספּרואוון מיין שטים האָט אין פּשעמישל געפונען אַזאַ אָפּקלאַנג, אַז עס זיינען באַלד געקומען עטלעכע באַלעבאַטים פון דער שטאָטישער שיל און זיי האָבן מיין פאָטער פאַרגעוואָרפן, ס'טייטש, איר וועט שיקן אייער זון אין דעם גויאישן טעמפּל זינגען? און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז דער חזן וואָלף-בער סטראָקע האָט מיך אויך אויסגעפּרואווט און ער האָט מיך אָנגענומען אַלס משורר.

—::—::—::—

האָב איך שוין, הייסט עס, ביי מיין דרייצן-יעריקן עלטער געהאַט גאַנצע „צוויי פּרנסות.

איך האָב געהאַט צוויי פּאָסטנס. אַלס אָנגעשטעלטער ביי לעאָן שווארץ, וואָס קינד און קייט האָבן מיך מקנא געווען און אַלס משורר ביים העמאַלט באַרימטן חזן וואָלף-בער סטראָקע, וואָס מען האָט יִיך דערפאַר נישט ווייניקער מקנא געווען. און כאָטש איך האָב זיך טאַקע שנעל איבערצייגט׳ אַז די עלטערע אָנגעשטעלטע אין פּאַפּיר-געשעפט „לייגן נישט דערנעבן"... ווייל זיי האָבן מיך ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געזוכט אונטערצוקויפן און זיי האָבן מיט מיר אייַנגעקנעלט דעם פסוק פון „הערן זען און שווייגן"... און כדי צו געווינען מיין קינדישן געמיט, האָבן זיי מיך פאַרוואָרפן מיט פאַרשידענע מתנות, און נישט איינמאָל בין איך געבליבן ווי פאַרשכורט פון זייער גוטסקייט, פונדעסטוועגן, האָב איך געפילט מער הנאה, בעת איך האָב אונטער דעם היפנאָז פון סטראָקעס שטים-גאָפל פאַרצויגן טענער וואָס האָבן זיך ווי געשמידטער מעטאַל אָנגעשלאָגן אָן די ווענט פון זיין גרויסער שטוב.

אונטער דעם היפנאָז פון דעם באַרימטן חזן, איז געזאַנג געוואָרן מיין איינציקע ליידנשאַפט און כאָטש די עלטערע אָנגעשטעלטע האָבן מיך מיטגענומען אין די שבתים נאָכמיטיק אויף די אויספלוגן צום שלאָסבאַרג און שפּעטער אויך, אין דעם קאַפע „שטיבער", וואו עס זיינען לויטן באַפעל פון פעסטונגס-קאָמענדאַנט גאַלגאָטשי, געווען צוויי אָפּטיילונגען, פאַר ציווילע און פאַר אָפיצירן און זיי האָבן זיך נישט געטאָרמישן, און די הברים האָבן זיך געלאָזן וואוילגיין און ממש געוואָרפן מיט געלט, פונדעסטוועגן האָב איך פיל מער מקנא געווען דעם הזן סטראָקערס זון, היינריך, דעם



אַן אויספלוג און קאָנצערט אפן פשעמישלער שלאָסבארג—פון דעם מוזיק-פאַריין „ י ו ב ל " פון וועלכן דר. לייב לאַנדוי איז געווען איינער פון די גרינדער. ערשטע ריי אינדערמיט זיצן: — אַרטור גאָלדפאַרב, .דר. אייזנער און שפּיגעל.

קייזער-קעניגלעכן זינגער אין דער בודאפעסטער האף-אפערע, וועלכער איז געקומען אויף ראש השנה קיין פשעמישל, און זיך באטייליקט אין כאר און דיריזשירט מיט די משוררים.

אוי, האב איך אים מקנא געווען! היינריך סטראקע, האט דער ערשטער אין מיר דערוועקט דעם חשק און דעם דראנג, צו פארלאזן פשעמישל, צו לאזן זיך אין דער גרויסער ווייטער וועלט און שטודירן מוזיק און אויב מען האלט אזוי פון מיין זינגען, וועט דאך אפשר פון מיר עפעס ווערן!...

און אומגייענדיק א פארחלומטער, מיט דער בענקעניש אין הארצן צו דער גרויסער וועלט, האבן מיך פונדעסטוועגן מיינע עלטערע חברים פון געשעפט געפירט צו קאנצערטן און איינמאל איז אנגעקומען א אידישע טעאטער-טרופע אונטער דער אנפירונג פון משה שאר, העמאלט זיינען אין טרופע געווען שטרענג, שנעק, גלימער, צוויבל און אנדערע און איך בין אזוי פארכאפט געווארן פון דער פארשטעלונג, אז איך האב א סך א סך נעכט דערנאך געחלומט, אז איך בין אן אקטיאר און איך שטיי אויף דער בינע און איך זינג און איך ווער אפלאדירט און איך האב אין שלאף דורכגעפילט דעם גרעסטן תענוג פון אויסגעחלומטע דערפאלגן.

זייענדיק מיט חברים וואס האבן געהאט א סך געלט, האב איך זיך באקענט מיט דעם פשעמישלער טעאטער-פאטריאט **בערנארד**, אדער ווי מען האט אים גערופן: — בערנארד דער לאנגער.

בערנארד דער לאנגער איז געווען א פשוטער צימער-מאלער, אבער בארימט איז ער געווען אין פשעמישל אלס טעאטער-פאטריאט. איז נאר געקומען א קינסטלער, האט באדארפט זיין א פארשטעלונג, א קאנצערט, האט מען שוין געזען בערנארד דעם לאנגן, ווי ער שפאנט איבער די גאסן מיט א פעקל פלאקאטן אונטער איין ארעם און מיט א וויאדרע פאפקע מיט א פענזל אין דער צווייטער האנט און ער האט געקלעפט די פלאקאטן וועגן דעם גרויסן געשעעניש.

אבער אין צייט פון „שטיל-שטאנד”, ווען קיין פארשטעלונגען זיינען נישט געווען און קיין קאנצערטן אויך נישט, האט דער לאנגער בערנארד אויך נישט גערוט; ער האט אנגעהויבן ארגאניזירן א דראמאטישן קרייז און דערפילנדיק, אדער הערקענענדיק מיינע בענקענישן צו טעאטער, האט ער מיך אנגעהויבן אגיטירן און ער האט באלד געזען, אז ער דארף מיך נישט אגיטירן, ווייל איך בין מיט באגייסטערונג צוגעשטאנען צו זיין פלאן און עס איז געווארן א דראמאטישער קרייז.

בערנארד האט מיט אונדז אנגעהויבן איינשטודירן „דודס פידעלע” (דאווידב גייגע), מיר האט ער געגעבן די ראל „אלטערוניי”, אבער עס האט געפעלט א „טייבעלע” און בערנארד איז אריבערגעפארן קיין יאראסלאוו וואו עס האט געוואוינט סאלטשע וויינטרויב און ער האט זי אריבערגעבראכט קיין פשעמישל, און סאלטשעס זינגען האט מיך אזוי דורכגענומען, אז איך האב אין איר זינגען און טעאטער-שפילן געזען די נשמה פון דער וועלט...

אונזער פארשטעלונג האט אין פשעמישל געמאכט אן אויסערגעוויינלעכן פוראר און עס האבן זיך געשאפן לאגערן, די יוגנט האט געהאלטן מיט אונדז און די עלטערע



## אידישע טיפּן פון גאַליציע

ב

די צוויי באַלעבאַטים אין די וואַרימע שבתדיקע פּעלצן (רעכטס) זיינען ארויסגעגאַנגען פון בית־המדרש ווי די בעסטע גוטע פריינט; זיי האָבן נאָר באַדויערט וואָס זיי האָבן נישט קיין אורחים צום טיש.

אָבער אָט האָבן זיי אויפן וועג געטראָפן אַן אָרימען אידן און יעדער פון די צוויי באַלעבאַטים וויל אים מיטנעמען מיט זיך אַלס אורח צום טיש און יעדער פון זיי וויל באַווייזן אַז דער אורח געהער צו אים און די צוויי באַלעבאַטים האַלטן זיך שוין צוליב דעם אורח אין צעווערטלען...

האָבן אונדז געוואָלט באַקעמפן און איך האָב מיט מיין פרומען טאַטן, ר׳ הערש, געהאַט אַ סך צו קעמפן, איך האָב געטענהט, אַז יעדער איד מעג גיין אין טעאַטער אין וויל מיר האָבן דעמאָלט געגרייט די אָפּערעטע „בת ירושלים״, האָב איך אַזוי לאַנג געבעטן אַז דער טאַטע זאָל קומען אין טעאַטער און זיך אַליין איבערציייגן, ביז איך האָב אויסגעפירט.

דער טאַטע איז געגאַנגען אין טעאַטער, פאַרשטייט זיך, אויף דער גאַלעריע, אַז קיינער זאָל אים נישט זען; דער טאַטע איז נישט געווען נייגעריק צו זען טעאַטער, ער האָט נאָר געוואָלט זיך איבערציייגן „מיט די אייגענע אויגן״, וואָס אַזוינס זיין זונדל טוט אין פון וואָס ער איז דאָס אַזוי באַגייסטערט...

נו, איז ער געקומען אין טעאַטער און ווי נאָר עס האָט זיך דערעפנט דער פאַרהאַנג און דער כאָר האָט אָנגעהויבן זינגען און דער טאַטע האָט דערהערט די „פאַרשאַרטע״ פרויען־שטימען, האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגן און אויסגערופן — „שקץ תשקצנו״ און איז אַנטלאָפן פון טעאַטער, אַז „די אויגן זאָלן עס נישט זען און די אויערן זאָלן עס נישט הערן״!...

נאָך דער געשעעניש, האָב איך שוין כסדר געהאַט קאָנפליקטן מיטן טאַטן. מיין פרומער טאַטע האָט נישט געקאָנט טאָלערירן מיינע בענקענישן און שטרעבונגען זיך

אויסצולעבן אלס קינסטלער און אזוי האב איך נאך פארבראכט אביסל צייט אין פשע־מישל, איך האב זיך נאך אין ווארימע זומער־טעג געבאדן און געפליעסקעט זיך אין די וואסערן פון „סון", איך האב נאך געזען די ליכטיקע פיגור פון דעם גרויסן עמכאניק, דעם דר. ליבערמאן; איך האב נאך געזען די הויכע פיגור פון דעם גענעראל גאלגאטשי, וועלכער האט שפאצירט אין די רייכע גאסן און אכטונג געגעבן צי די מיליטארן פירן אוים זיין באפעל, נישט צו גיין אויף די טראטוארן, וועלכע זיינען ברוקירט געווארן נאר פאר ציווילע...

נישט לאנג האט עס אבער שוין געדויערט. פון טאג צו טאג האט זיך מער אויסגערייפט מיין געדאנק וועגן אוועקפארן, ביז איינמאל, אין א פרייטיק־צו־נאכט, האב איך מיר פארפאקט א קליין פעקעלע וועש, איך האב זיך אין געדאנק אפגעזעגנט מיט מיין ארבעטס־פלאץ ביי דער פירמע שווארץ, וואס אלע האבן מיך מקנא געווען צוליב דעם „גאלד־גרובן" אין וועלכן איך בין אריינגעפאלן; איך האב זיך געזעגנט אין געדאנק מיטן חזן וואלף־בער סטראקע און אין געדאנק האב איך בשעת־מעשה געזען זיין בארימטן זון היינריך, וואס געפינט זיך אויף דער גרויסער וועלט אלס קינסטלער און ווארפנדיק א לעצטן בליק אויף מיין טאטנס הויז און געזעגנענדיק זיך מיט די גאסן, די אלטע, היימישע ליבע גאסן פון פשעמישל איבער וועלכע איך בין צום לעצטן מאל געגאנגען, בין איך אוועק צום באן־האף, געקויפט א בילעט קיין ווין און א האלבע שעה שפעטער, האבן שוין די רעדער פון דעם לאנגן שנעל־צוג ריטמיש גערוישט און געקלאפט און פארטויבט דאס קלאפן פון מיין יונג בענקנדיק הערצל...

זייט דעמאלט, האב איך פשעמישל מער נישט געזען. וואס איז געווארן פון מיין פשעמישל?!

---

בן מנחם

# די דרייפוסיאַדע אין לעמבערג

## דער בלבול אויף סטאַניסלאַוו שטייגער און זיין פּראָצעס

צווישן די פילע דערנער, מיט וועלכע דאָס נייע באַפרייטע פּוילן האָט מזכּה געווען אירע אידישע מיט־בירגער זייט 1918, אָנהויבנדיק מיט דעם שוידערלעכן פּאָגראָם אין לעמבערג, איז דער שטעכעדיקסטער דאָרן זיכער געווען — דער בלבול אויף דעם יונגן אידישן באַאַמטן סטאַניסלאַוו שטייגער, אַז ער האָט אַטענטירט קעגן לעבן פון דעמאָלסדיקן פּוילישן פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז דער בלבול איז פון פאָראויס צוגעגרייט געוואָרן, אָבער מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז פינצטערע עלעמענטן, פאַרסמטע מיט אַנטיסעמיטישן גיפט און סתם פאַרברעכערישע טיפּן וועלכע זיינען כּסדר געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די אַנטיסעמיטישע באַהערדן, האָבן ווי געוואָרט אויף אַזאַ גרויסע געלעגנהייט, וועלכע האָט געגעבן פיל גרעסערע שאַנסן ווי די אַלע געלעגנהייטן פאַר אידן־העצעס, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרפעלט אויסצונוצן אויף די מוראדיקסטע אופנים.

מיט דעם פּאָגראָם אין לעמבערג אין נאָוועמבער 1918, האָבן די פּאָליאַקן געפייערט זייער נאַציאָנאַלע באַפרייאונג און שפּעטער האָבן זיי כּסדר געזוכט צו פאַרביטערן דאָס לעבן פון זייערע אידישע מיט־בירגער און עס וואָלט געמוזט פאַרנעמען צופיל פּלאַץ, בלויז אויסצורעכענען אַ קליינעם טייל פון די נגישות, וואָס אידן האָבן געהאַט אויסצוישטיין פון די כּסדרדיקע מאָראַלישע און מאַטעריעלע פּאָגראָמען, וואָס דאָס זעלבסטשטענדיקע פּוילן האָט זיי צוגעטיילט דורך די „פּיטשעפּראַשאַם־באַהערדן” און דורך אונטערגעהעצטע און אונטערגעשטעלטע סובּיעקטן פון המון און אונטערוועלט.

דער בלבול אויף סטאַניסלאַוו שטייגער, אַז ער האָט געוואָרפן אַ באָמבע אויף דעם פּוילישן פּרעזידענט, איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַלע פינצטערע עלעמענטן ווי אַ גרויס געווינס און כאָטש אַלע פאַקטן האָבן ממש געשריגן מיט הויכע קולות, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ געמיינער נידערטרעכטיקער בלבול, האָט מען זיך ביי די אויספאָרשונגען פון דעם געשעעניש, אַזוי באַמיט צו פאַרדרייען און פאַרפּלאָנטערן די פאַקטן, אַז עס האָט שוין וויניק געפעלט, אַז דער אומשולדיקער אידישער בחור זאָל פאַראורטיילט ווערן דורך אַ שטאַנד־געריכט צום טויט.

## דער וויזיט פון פּרעזידענט אין לעמבערג

דעם 5־טן סעפּטעמבער 1924, האָט דער פּוילישער פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי, באַזוכט לעמבערג.

דעם זעלבן טאָג נאָכמיטיק, ווען דער פּרעזידענט איז צוזאַמען מיט זיין סוויטע פאַרבייגעפאָרן איבערן פּלאַץ מאַריאַצקי, האָט עמיץ פון דעם גרויסן המון וואָס האָט זיך געשטויסן כאַפּן אַ קוק אויפן פּרעזידענט, געוואָרפן אַ פּעטאַרדע צום פּרעזידענט; צום גליק, איז די פּעטאַרדע געווען פון שוואַכן אויפרייס־שטאָף, זי האָט אויפגעריסן, אָבער דער פּרעזידענט איז אַרויס אומבאַשעדיקט.

אויפן ערשטן מאָמענט פון דער געשעעניש, איז אויסגעבראָכן אַ פּאַנישע לויפעריי אין אַלע זייטן, מען האָט מורא געהאַט פאַר ווייטערדיקע אויפרייסן און אַזוי ווי עס זיינען באַלד אָנגעלאָפן אַ שיעור פּאָליציי־לייט, איז מען אויך גלאַט אַנטלאָפן כדי נישט אַרעסטירט צו ווערן.

## סטאַניסלאַוו שטייגער

אַ יונגער בחור, אַ זון פון בירגערלעכע עלטערן, אַ היימיש קינד וואָס האָט נישט געמישט זיך קיינמאָל אין קיין פּאָליטיק און וואָס האָט בכלל נישט געקאָנט טשעפּען קיין פליג אויף דער וואַנט, פאַר אים האָט דאָס דער גורל אָנגעצייכנט צו ווערן דער אָביעקט פון פּוילישער שנאה צום אידישן מיט־בירגער.

שטייגער איז געווען אַ וואוילער פאָלגעוודיקער זון פון זיינע טאַטע־מאַמע, ער האָט גוט געלערנט און געענדיקט מיטל־שול און דערנאָך אַ צייט געלערנט אין ווין, וואוינענדיק דאָרט ביי זיינס אַ פעטער און צוריקקומענדיק אַהיים, קיין לעמבערג, האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן אַלס אָנגעשטעלטער אין אַ ביוראָ.

אַלס אָנגעשטעלטער, האָט ער פּונקטלעך דערפילט זיינע פליכטן און זיין פרייע צייט האָט ער פאַרבראַכט מיט לייענען ביכער, גיין הערן לעקציעס וועגן ליטעראַטור און קונסט און באַזוכן דאָס טעאַטער צו בעסערע פאָרשטעלונגען.

שטייגער איז געווען אַ צוריקגעצויגענער, וואוילער און ערלעכער בחור, מיט וועלכן עס בענטשן זיך געוויינלעך אַלע רואיקע צוריקגעצויגענע בירגערלעכע עלטערן.

ווי יעדן טאָג, איז סטאַניסלאַוו שטייגער דעם 5־טן סעפּטעמבער 1924 אויפגעשטאַנען און געגאַנגען פּונקטלעך אין זיין ביוראָ, אָפּגעאַרבעט אַ האַלבן טאָג און אַהיימגעגאַנגען עסן מיטיק, נאָכן מיטיק נאָך אַריינגעקוקט אין אַ בוך און דאַן, פאַר דריי אַזייגער, כדי אָנצוקומען אין צייט, איז ער אַוועק פונדערהיים צוריק אין ביוראָ.

דאַרפנדיק פאַרבייגיין דעם פּלאַץ מאַריאַצקי, האָט אויך דעם יונגן שטייגער אַרומגעכאַפּט די נייגעריקייט צו וואַרפן אַ בליק אויפן פּרעזידענט פון לאַנד, און זעענדיק, אַז עס איז נאָך צייט עטלעכע מינוט איידער ער דאַרף זיין אין ביוראָ, האָט ער זיך אויך אַוועקגעשטעלט קוקן, אָבער איידער וואָסוועז, האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס און עס איז אויסגעבראָכן די בהלה און דער אויפטויט איבערגעשראָקענער שטייגער, האָט זיך שנעל צוריקגעצויגן און אַריינגעלאָפן אין אַ הויז, באַדויערנדיק שוין וואָס ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט קוקן, ווייל ווער ווייס, צי ער וועט נישט פאַרשפּעטיקן מיט זיין פּונקטלעכקייט אין ביוראָ.

## פּאָליציי פירט דורך אַרעסטן

אין דער מהומה וואָס דער אויפרייס האָט אַרויסגערופן, האָט די פּאָליציי, די מונדירטע ווי די ציווילע, באַלד אָנגעהויבן דורכצו־

פֿירן אַרעסטן, עפּעס איינע, אַ היסטערישע פֿרוי האָט געשריגן, אַז זי האָט געזען דעם אַטענטעטער און זי האָט אָנגעוויזן דער פּאָליצײ, אַז „דוכט זיך איר", אַז דאָס איז דער און אָט דוכט זיך איר אַז דאָס איז יענער אין פּונקט דעמאָלט האָט זיך דעם שוין האַלב־באַרואיקטן שטייגער פֿאַרגלוסט אַרויסצוקוקן פֿון טויער און זען צי איז שוין רואיק, צי קאָן ער שוין גיין אין ביוראָ צו זיין אַרבעט.

אין דעם מאָמענט, זיינען נעבן אים געשטאַנען עטלעכע פּאָליציסטן און געהיימאַגענטן און די היסטערישע פֿרוי האָט אויסגערופֿן, אַז עס דוכט זיך איר, אַז דאָס איז דער וואָס האָט געוואָרפֿן די באָמבע...

סטאַניסלאַוו שטייגער איז געבליבן שטיין ווי פֿאַרשטאַרט; זיין דערשרעק איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט ווי פֿאַרלוירן דאָס לשון און זיינע ליפּן האָבן קוים אַרויסגעמורמלט די ווערטער: — וואָס וויל מען פֿון מיר? איך בין אומשולדיק...

ערשט פֿילנדיק, אַז די פּאָליציי שלעפּט אים מיט זיך, און זעענדיק ווי די היסטערישע פֿרוי ווייזט כסדר אָן אויף אים און זאָגט, אַז איר דוכט זיך אַז דאָס איז ער, האָט ער מיט פֿאַרצווייפֿלטע קולות גענומען אויסשרייען זיין אומשולד, אָבער די פּאָליציי האָט זיך געטאָן אירס, זי האָט אים אַרעסטירט.

אין דעם טאָג, זיינען די לעמבערגער תּפֿיסות געווען אָנגעפֿילט מיט פֿאַרדעכטיקע אַלס דורכפֿירער אָדער מיטבאַטייליקטע אין אַטענטאַט קעגן פּרעזידענט און אַזוי ווי ביי דער האַנט האָט מען קיינעם נישט געכאַפּט און קיין דירעקטער עדות קעגן וועמען איז נישט געווען, האָט מען געמוזט וואַרטן אויף אַן אויספֿאָרשונג, כּדי פֿעסטצושטעלן, צי האָט זיך טאַקע איינגעגעבן צו אַרעסטירן דעם אמת שולדיקן.

## פּאַסטערנאַק - טשעבריאַקאָוואַ

אַזוי ווי בעת דעם בלבול קעגן מענדל בייליס אין קיעוו, וואו עס איז אויסגעוואַקסן די מאַדאַם טשעבריאַקאָוואַ אַלס הויפּט־באַשולדיקערן קעגן בייליסן, אַזוי איז דאָ, בעת דעם געשעעניש אין לעמבערג, אויסגעוואַקסן אַן אַלטע פֿריילין, אַ געוויסע פּאַסטערנאַק, אַ טענצערן, וועלכע איז געוואָרן די הויפּט־באַשולדיקערן קעגן שטייגערן.

די פֿריילין פּאַסטערנאַקוונאַ, איז טאַקע געווען די זעלבע היסטערישע פֿרוי וואָס האָט באַלד נאָכן אַטענטאַט אָנגעוויזן אויף עטלעכע פֿאַרהאַלטענע אַז — „דוכט זיך אַז דאָס איז דער" און אַזוי האָט זי אָנגעוויזן אויך אויף שטייגערן, נאָר באַלד אויפֿצומאָרגנס, לייענענדיק די ערשטע העצע־אַרטיקלען אין די אַנטיסעמיטישע צייטונגען און דערוויסנדיק זיך, אַז שטייגער איז אַ איד, האָט זי שוין נישט געזאָגט, אַז איר „דוכט זיך", נאָר אַז זי דערקענט אויף זיכער שטייגערן אַלס דעם, וואָס האָט געוואָרפֿן די באָמבע און אַז זי אַליין האָט געזען ווי ער האָט אויפֿגעהויבן די האַנט מיט אַ פּעקל און אַ באַוויז, זי דערקען אים, ווייל ער האָט געטראָגן דעם זעלבן רעגנמאַנטל...

## די אַנטיסעמיטישע פּרעסע

דעם באָדן אויף צו קענען בויען אויף אים די באַשולדיקונג קעגן דעם אומשולדיקן שטייגער, האָט געשאַפֿן די אַנטיסעמיטישע פּרעסע.

עס האָט די פּיפּיקע פּוילישע אַנטיסעמיטישע זשורנאַליסטן נישט געפֿעלט קיין ביטערע אַרגומענטאַציעס, צוליב וועלכע צילן שטייגער האָט געוואָלט דערהרגענען דעם פּרעזידענט און בעת די אַנטיסעמיטישע נאַסן־צייטונגען האָבן פֿאַרסמט די עפֿנטלעכע מיינונג פֿון גאַס, האָבן די אַנטיסעמיטישע

פּאָליציי־לייט געפּראַוועט זייערע אויספאָרשונגען לויט דעם קורס פון די אַנטיסעמיטישע באַהערדן און אין איינקלאַנג מיט די אידנפרעסערישע אַרגומענטאַציעס פון די גאַסן־בלעטלעך און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, זיינען אַלע אַרעסטירטע אונטערן פאַרדאַכט — באַפרייט געוואָרן, אויסער איין סטאַניסלאַוו שטייגער, אויף וועלכן עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער בלבול, אַז ער האָט אַטענטירט קעגן לעבן פון פּרעזידענט.

## ווי אין „פאַרכשופטן ראָד"

די פאַמיליע פון סטאַניסלאַוו שטייגער האָט נישט גערוט. זי איז געלאָפן „איינרייסן וועלטן", זי האָט געבראַכט עדות וועגן דעם גוטן אויפפירן זיך פון דעם וואוילן, שטילן און צוריקגעצויגענעם בחור, וועלכער איז נישט נאָר געווען ווייט פון טראַכטן וועגן אַ פּאָליטישן מאָרד, נאָר ער איז געווען ווייט פון יעדן מין פּאָליטיק און ער האָט נישט אַקטואירט אין קיין שום פּאַרטיי און ווי איז מעגלעך, אַז מען זאָל אַזאַ אומשולדיקן יונגן מענטש האַלטן אַרעסטירט?...

און דער אַרעסטירטער גופא?

ווי אין רידלס באַרימטער פּיעסע „זאַטשאַראָוואַנע קאָלאָ" (דאָס פאַרכשופטע ראָד) ווייס נישט דער באַשולדיקטער הויפּטהעלד ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיקן, נאָר ער שרייט כסדר בלויז די דריי ווערטער: —— איך בין אומשולדיק, אַזוי האָט אויך סטאַניסלאַוו שטייגער נישט געהאַט קיין אַנדערע ווערטער און כאָטש מען האָט שטייגערן נישט געכאַפּט, ווי דעם העלד אין רידלס פּיעסע, מיט אַ פאַרבלוטיקטער האַק אין דער האַנט, פונדעסטוועגן האָט מען זיך דאָ אויך נישט צוגעהערט צו זיין כסדרדיקן איבערחזרן אַז ער איז אומשולדיק, די פּאָליציי האָט געבויט אויף די כסדרדיקע צוגעגעבענע דערקלערונגען פון דער היסטעריטשקע, די פּאַסטערנאַק, און געמוטיקט פון די אַנטיסעמיטישע באַהערדן און פּרעסע־לייט, האָט זי געבויט אַן „אַרגומענטירטע" באַשולדיקונג קעגן דעם אומשולדיק־אַרעסטירטן.

## אַן אַנטיסעמיטישע צייטונג וואָס האַלט זיך נייטראַל

די אויספאָרשונג פון און אַרום דעם באַשולדיקטן שטייגער האָט זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אָדער בעסער געזאָגט — האָט מען אַזוי פאַרפּלאָנטערט, און די אַטמאָספערע איז שוין אַזוי צוגעגרייט געוואָרן, אַז טראָצדעם וואָס אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָבן געשריגן קעגן דער באַשולדיקונג, האָט מען זיך גענומען גרייטן צו משפּטן שטייגערן דורך אַ שטאַנד־געריכט און די לאַגע האָט שוין אויסגעזען אַזוי פינצטער, אַז מען האָט זיך שוין אָנגעהויבן מייאש זיין צו קענען ראַטעווען דאָס לעבן פון דעם יונגן אומשולדיקן מענטש.

אָבער דאָ איז געשען אַ וואונדערלעכע זאַך:

די זעלבע בירגערלעך־קאָנסערוואַטיווע אַנטיסעמיטישע צייטונג „סלאָוואָ פּאָלסקיע", וועלכע האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט אַרויסצואווייזן איר אַנטיסעמיטישע טענדענץ, האָט פּונקט אַזוי ווי די קיעווער אַנטיסעמיטישע צייטונג „קיעוולאַנין" בעת דעם ביילים פּראָצעס, אָנגעהויבן האַנדלען אָביעקטיוו און אויפריכטיק און זי האָט מיט ערלעכער אויפריכטיקייט און געוויסנהאַפט אָנגעהויבן קריטיקירן די מעטאָדן וואָס די פּאָליציי האָט באַנוצט פאַר דער אויספאָרשונג פון שטייגערן און אויב דאָס שטאַנד־געריכט האָט איבערגעוויזן דעם גאַנצן פּראָצעס צום ציווילן געריכט פון געשוואוירענע ריכטער, איז עס אפשר געווען נאָר אַ דאַנק דער געוויסנהאַפטער שטעלונג

וואָס די אַנטיסעמיטישע „סלאָוואָ פּאָלסקיע" האָט אין דעם פאַל אָנגענומען.

דאָס איבערווייזן פון פּראָצעס מצד דעם שטאַנד־געריכט צום ציווילן געריכט, האָט פאַרלייכטערט די געמיטער פון די לעמבערגער אידן און פון די אידן פון גאַנץ גאַליציע און אַוודאי אויך די געמיטער פון אַלע אידן איבער דער גאָרער וועלט, וועלכע האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז די באַשולדיקונג קעגן שטייגערן, איז נישט מער ווי אַ נייע אויפלאַגע פון דרייפוס פּראָצעס און פון פּראָצעס קעגן מענדל ביילים, און מען האָט שוין אָנגעהויבן האָפן, אַז דער אמת וועט, ווי נאָך אַלע אַנדערע בלבולים, אַרויסשווימען ווי בוימל אויפן וואַסער.

דאָס איבערווייזן פון פּראָצעס צום ציווילן געריכט, האָט אָבער אויך זייער שטאַרק געטראָפן די אַנטיסעמיטן און זייערע פינצטערע מיטהעלפער און זיי האָבן ערשט אויפסניי אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ גיפטיקע העצע־קאַמפּאַניע קעגן אידן בכלל און קעגן שטייגערן בפרט און מאַנכע כיטרע כוליגאַנישע זשורנאַליסטן האָבן גאָר געשריבן, אַז קעגן אידן האָבן זיי גאָרנישט, נאָר זיי קעמפן פאַר זייער איבערצייגונג, אַז שטייגער איז דער איינציק שולדיקער אין דעם נישט איינגעגעבענעם אַטענטאַט אויפן מלוכה־פּרעזידענט...

## עדות קעגן דער באַשולדיקונג

די פּויזע ביז צום נייעם פּראָצעס, איז אויסגענוצט געוואָרן פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן, אויף אַ גיפטיקן העצע־קאַמפּיין און די פּאָליציי האָט אויפסניי פאַרשטאַרקט אירע „אויספאָרשונגען" און אויף צו שאַפן נייע באַווייזן פאַר שטייגערס שולד, אָבער די פּויזע־צייט האָט אויך דערמעגלעכט, אַז עס זאָלן זיך יאַווען נייע עדות קעגן דער באַשולדיקונג.

אַזוי האָט זיך פּלוצלינג געמאָלדן וויקטאָריאַ לאָעדל, די פרוי פון אַן עסטרייכישן הערכערן אָפיציר, וועלכע האָט פון איר באַלקאָן אויפן פּלאַץ מאַריאַצקי, געזען ווי אַ מאַן אין אַ העלן מאַנטל, האָט פון צווייטן שטאָק פון קאַפע „דע לאַ פּע" אַראָפּגעוואָרפן דעם פּאַקעט וואָס האָט אויפגעריסן און ווען מען האָט זי געפרעגט פאַרוואָס זי האָט וועגן דעם פריער נישט מיטגעטיילט, נאָך פאַרן פּראָצעס פון שטאַנד־געריכט, האָט זי אויפגעוויזן, אַז זי איז געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין ווין און ערשט ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון די צייטונגען איינצלהייטן פון פּראָצעס, האָט איר דאָס געוויסן דיקטירט, אַז זי זאָל זיך מעלדן אַלס עדות.

עס האָבן זיך אויך געיאַוועט אַנדערע עדות, וואָס ערשט שפּעטער, ווען מען האָט שוין גערעדט דערפון, האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי האָבן טאַקע אויך געזען פליען דעם פּאַקעט פון צווייטן שטאָק פון קאַפע „דע לאַ פּע".

## מען ווייסט שוין ווער עס איז דער אַטענטאַטאָר

ענדלעך האָט זיך אָנהויב אָקטאָבער 1925 אָנגעהויבן דער פּראָצעס, פאַר דעם ציווילן געשוואוירענעם געריכט אין לעמבערג.

דער געריכט־זאַל איז יעדן טאָג געווען פול געפּאַקט און יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע סענסאַציעס פאַר דעם נייגעריקן און פאַראינטערעסירטן עולם.

די פּלעצער פון די פאַרטיידיקער האָבן פאַרנומען אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי דר. לייב לאַנדוי, ד"ר. רינגל, דער אוקראַאינישער דר. גרעק און דער באַרימטער אידישער אַסימילאַנט דר. לעווענשטיין.

די לופט אין געריכטזאַל איז געווען אָנגעפילט מיט גיפטיקן אידן־האַס און ווען עס האָבן זיך בעתן לייענען פון באַשולדיקונגס־

אקט דערהערט געוויינען פון מאַנכע פּלעצער, האָבן זיך פון אַנדערע פּלעצער געהערט גיפטיקע אויסרופן פון נצחון.

אָבער ווי אַ באָמבע וואָלט פּלוצלינג געפּלאַצט, אַזוי שטאַרק האָט געווירקט די ידיעה, אַז מען איז געקומען אויף די שפּורן פון דעם אמתן שולדיקן אין דעם אַטענטאַט.

פאַרשנדיק, האָט זיך די פאַרטיידיקונג דערוואוסט, אַז מיט אַ יאָר צוריק, דעם 3־טן אָקטאָבער 1924, אַ קנאַפּן חודש נאָכן אַטענטאַט, האָט מען אין דעם דייטשישן גרעניץ־שטעטל בויטען, פאַרהאַלטן אַן אוקראַאינישן סטודענט מיט נאָמען אָ ל ש אַ נ ס ק י טעאָפיל, וועלכער האָט געשוואַרצט די גרעניץ.

אין קאָמיסאַריאַט, האָט זיך אָלשאַנסקי מודה געווען, אַז ער איז אַנטלאָפן פון לעמבערג, וואו ער האָט דורכגעפירט דעם אַטענטאַט קעגן פּוילישן פּרעזידענט.

שפּעטער האָט אָלשאַנסקי שריפטלעך באַשטעטיקט דאָס וואָס ער האָט געזאָגט און זיין שריפטלעכע באַשטעטיקונג לויטעט:

„איך בין געלאָפן פון פּוילן, ווייל איך האָב דעם 5־טן סעפּטעמבער אויפן מאַריאַצקי־פּלאַץ אין לעמבערג, געוואָרפן די באָמבע אויפן וואָגן פון פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט וואָיטשעכאָווסקי, לויטן אויפטראָג פון דער אויקראַאינישער ווישקאָווער אָרגאַניזאַציע”

## דאָס געריכט נעמט ניט אין אַכט אָלשאַנסקיס דערקלערונג

עס איז פאַר די אויגן פון אַלע ערלעכע און רעכט־ליבנדיקע מענטשן וואָס זיינען געזעסן אין געריכטס־זאַל בעת דעם פּראָצעס, געווען גענוג פיינלעך צוצוקוקן, ווי אַזוי דער טריבונאַל פון געריכט באַציט זיך צו יעדער אַפילו ווינציקסטער זאַך, וואָס האָט אַ שייכות צו דער פאַרטיידיקונג.

דער געריכטס־פּאָרזיצער האָט נישט נאָר איראָניזירט מאַנכע עדות פון דער פאַרטיידיקונג און געגעבן טענדענציעזע אינטערפּרעטאַציעס פאַר די פּראָטאָקאָליסטן, נאָר ער האָט פּשוט אַ סך וויכטיקע איינצלהייטן אַנולירט, אַלס נישט וויכטיק פאַרן פּראָצעס.

אַפילו אַזאַ מין אומשטאַנד ווי די שריפטלעכע דערקלערונגען פון די בויטענער פּאָליציי, וועגן אָלשאַנסקין, האָט דער פּאָרזיצער כמעט ווי נישט גענומען אין אַכט, זאָגנדיק בלויז, אַז מען זאָל אים ברענגען אָלשאַנסקין, וועט ער אים זיין גרייט אויסצוהערן...

און דאָ איז דאָך אָלשאַנסקי געווען דער גאַנצער שליסל צו דעם פּראָצעס קעגן דעם אומשולדיקן שטייגער, וועלכער האָט שוין אומזיסט געשמאַכט איבער אַ יאָר צייט אין תפיסה, אָבער ווי אַזוי קאָן מען רופן אָלשאַנסקין אַלס עדות, אַז ער וואָלט זיך דאָך דערמיט אַליין געזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק אַלס אַטענטאַטאָר.

האָט די פאַרטיידיקונג טאַקע געפאָדערט, אַז דאָס געריכט זאָל בעטן ביי דער דייטשער רעגירונג, אַז מען זאָל אָפּזוכן דעם אָלשאַנסקי, אָבער מען האָט נישט געקאָנט פיל דערוואַרטן פון דער פאָדערונג און מען האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז דער אָלשאַנסקי וועט זיך אין דייטשלאַנד זוכן אויסצובאַהאַלטן, ווייל אים אַרט עס נישט, אַז דאָס פּוילישע געריכט זאָל זיך פּלאָנטערן אין אַ פאַלשן פּראָצעס, ווען אַפילו עס שטייט אין קאָן אַ מענטשן־לעבן...

## צוויי משומדים וואָס העלפן מישן דעם אַנטיסעמיטישן גיפט

ווי אין אַלע שווערע און טרויעריקע צייטן, אַזוי האָבן זיך אויך אין לעמבערג בעתן שטייגער־פּראָצעס, אַרויסגעהויבן צוויי משומדים, וואָס זיינען געווען מער פאַרביסן און גיפטיק, אַפילו פון די ערגסטע עכט קריסטלעכע אַנטיסעמיטן.

דאָס זיינען געווען: — יעזשי אָר (אָרנ־שטיין) רעפּערענט פאַר אידישע ענינים און שעף פון פּרעס־ביוראָ ביים אינערן מיניס־טעריום און פּייוול טומים, אָדער ווי ער האָט זיך נאָכן שמד גערופן — פעליקס.

יעזשי אָר, האָט דעם גאַנג פון פּראָצעס אינטערפּרעטירט אויף אַזאַ אופן, אַז אין דער רעגירונג האָט זיך געמוזט שאַפן די מיי־נונג, אַז שטייגער איז טאַקע דער אמת־שול־דיקער אין דעם אַטענטאַט, נאָר די אידעלעך זוכן אים מיט אַלע מיטלען אַרויסצודרייען פון דער פאַרדינטער שטראָף...

פּייוול (פעליקס) טומים, איז געווען אַ געוועזענער ישיבה־בחור, וואָס די ישיבה האָט אים אַרויסגעוואָרפן פאַר זיין שלעכ־טער אויפפירונג און ער איז געוואָרן אַ שיכור, שפּעטער האָט ער זיך געשמדט און האָט אָנגענומען אַ פּאָסטן אַלס פאַרוואַלטער אין אַ קירכע און גאָר פּלוצלינג האָט ער אין זיך געזען פעאיקייטן אַלס זשורנאַליסט און ער איז געוואָרן רעדאַקטאָר אין דעם גיפטיק־אַנטיסעמיטישן גאַסן־בלאַט — „גאַזעטאַ צאַרזשעננאַ".

יעדן טאָג איז פעליקס טומים אַרויסגע־קומען מיט נייע „אויפדעקונגען" און רעוועלאַציעס וועגן אידישע קאָנספּיראַציעס און ער האָט געוואָרנט די ריכטער, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן באַאיינפלוסן פון די זשיד־קעלעך, נאָר פאַרמשפּטן דעם אידישן פאַר־ברעכער וואָס האָט געוואָלט דורכפירן אַ גע־פּלאַנטן מאָרד קעגן העכסטן קאָפּ פון דער יונגער פּוילישער מלוכה...

## מען קעמפט קעגן דער דרייפוסיאַדע

מען דאַרף אָבער מודה זיין, אַז נישט ביים גאַנצן פּוילישן פאָלק, איז דער געוויסן אָפּ־געטעמפּט געוואָרן.

ווי אַמאָל עמיל זאָלאַ איז אַרויס מיט זיין „איך באַשולדיק", אַזוי זיינען ביים פּאַל שטייגער אויך אַ גאַנצע ריי ליבעראַלע און סאָציאַליסטישע צייטונגען אַרויס מיט שאַר־פע באַשולדיקונגען קעגן די באַשולדיקער.

דער אָרגאַן פון „פּ. פּ. ס." „דזשעננניק לודאָווי", איז עטלעכע מאָל קאָנפיסקירט געוואָרן, פאַר זיינע מוטיקע אַרויסטריטן און באַשולדיקונגען קעגן די פּאָליציי־לייט, וועל־כע האָבן אויף אומלעגאַלע אופנים געפירט די אויספאָרשונגען.

דער „דזשעננניק לודאָווי" האָט פאַרעפנט־לעכט באַשולדיקונגען מיט פאַקטישע באַ־ווייזן, אַז דער קאָמיסאַר קיידאַן האָט געפּאַטשט שטייגערן בעת ער האָט אים גע־האַלטן אויפן פאַרהער און אַ צווייטער, לוקאַמסקי, האָט שטייגערן געפּיי־ניקט און געשריגן צו אים — „סטול פּיסק, מי זשידזשע באָלשעוויקו!..."

פאַר אַן אַרטיקל אין „דזשעננניק לודאָווי" אונטערן טיטל "קיידאַנישטשיזנאַ", איז די צייטונג קאָנפיסקירט געוואָרן און דער רע־דאַקטאָר, צוגעצויגן געוואָרן צו פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר פאַרלעצן די מאַכט.

אויך די אַדוואָקאַטן פון דער פאַרטיידי־קונג זיינען אָפט פון גערעכטס־פּרעזיצנדן אָפּגעשטעלט געוואָרן ביי יעדן שאַרפערן וואָרט מיט דעם פאָרוואורף, אַז זיי באַליי־דיקן די מאַכט.

די ליבעראַלע פּרעסע אין פּוילן, ווי אין דער גאַנצער וועלט, האָבן דעם שטייגער־פּראָצעס פּשוט אָנגערופן ביים ריכטיקן נאָ־מען: — די דרייפוסיאַדע אין לעמבערג; אָבער די דאָזיקע ליבע־ראַלע צייטונגען זיינען נישט צוגעלאָזן גע־וואָרן צום געריכט, וואו די שוואור־מענער (געשוואוירענע ריכטער) זיינען לויטן רעג־לאַמענט געווען אומקאָמוניקירבאַר. דאַקעגן האָט דער גערעכטס־טריבונאַל זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, ווען די אַלע העצע־בלעטער און אַמערסטנס, די גיפטיקע „גאַזעטאַ צאַ־רזשעננאַ" פון דעם משומד פעליקס טומים,

האָבן זיך אַריינבאַקומען צו די געשוואוירענע ריכטער, כדי זיי צו באַווירקן קעגן שטייגערן.

## אַ קאַרעטע, אָדער אויטאָמאָביל?

דער וויכטיקסטער עדות מצד דער באַשולדיקונג, איז נאָך אַלץ געווען דיזעלבע היסטערישע טענצערין, די אַלטע סאָלטעראָנאַ פ א ס ט ע ר נ אַ ק ו א ו נ אַ.

נישט האָבנדיק דערגרייכט קיין קאַריערע אַלס טאַנץ־קינסטלערין, האָט עס איר זייער שטאַרק אימפּאָנירט, וואָס אַלע צייטונגען דרוקן יעדן טאָג איר בילד אין פאַרשידענסטע פּאָזעס און עס איז איר געפעלן צו שפּילן די הויפּט־ראָל פון אַזאַ קאָמפּליצירטער דראַמע.

ווען פריער די אויספאָרשער, דערנאָך דער טריבונאַל האָבן איר געשטעלט פראַגן, האָט זי זיך געפילט אינדערהיים. זי האָט גוט געזען, אַז אַלץ וואָס זי זאָגט, ווערט אָנגענומען מיט צופרידנקייט און יעדעס מאָל, האָט איר די פאַנטאַזיע אונטערגעזאָגט נייע אייגנצלהייטן ווי אַזוי שטייגער האָט דורכגעפירט דעם אַטענטאַט.

נישט אַזוי לייכט איז איר אָבער געווען, ווען די אַדוואָקאַטן פון דער פאַרטיידיקונג האָבן איר גענומען שטעלן פראַגן. ביי יעדער פראַגע פון איינעם פון די פאַרטיידיקער, האָט זי פאַר זיך געזען אַן אָפּגרונט אין וועלכן זי וועט זיכער אַריינפאַלן, אויב מען וועט איר נישט אַרויסהעלפן און די באַשולדיקער האָבן איר טאַקע גאַנץ אָפט אַרויסגעהאָלפן דורך אָפּשטעלן די פראַגן, אַלס „נישט אַם פּלאַץ"...

דאָס האָט דער אַלטער מויד נאָך מער געמוטיקט און זי האָט כסדר צוגעשפּיצט אירע וויזיעס, וואָס זיינען געוואָרן די הויפּט־באַזע פון דער גאַנצער באַשולדיקונג.

גאָר שלעכט האָט זי זיך געפילט, ווען ד"ר. לייב לאַנדאַו האָט איר גענומען שטעלן פראַגן. וויסנדיק אָבער, אַז דער טריבונאַל „איז אירער", האָט זי אָנשטאָט צו ענטפערן אויף די פראַגן, באַליידיקט דעם פאַרטיידיקער מיט היסטערישע אויסרופן קעגן דעם זשיד וואָס וויל זי צעמישן, און אויך דאָס, איז פון טריבונאַל טאָלערירט געוואָרן.

אָבער איינמאָל, האָט פּאָרט געפּלאַצט דער שקר פון אירע פאַלשע דערקלערונגען און דאָס, אַ דאַנק אַ בלומרשט נאַאיווע פראַגע פון דר. לאַנדאַו.

לאַנדאַו: — איך וויל פרעגן אַ קליינע פראַגע, צי די עדותטע, פריילין פאַסטערנאַק קאָן מיר זאָגן, צי זי האָט געזען ווי דער הער פרעזידענט איז פאַרבייגעפאָרן אויפן מאַריאַצקי פּלאַץ?

פאַסטערנאַקוואונאַ: אַוודאי האָב איך געזען! ווען נישט, ווי אַזוי וואָלט איך געקאָנט זען ווי שטייגער האָט געוואָרפן צו אים די באָמבע?

און מיט איר היסטערישער געוואוינהייט, האָט זי אייליק צוגעגעבן:

מענטשן האָבן זיך געשטויסן כדי זיי זאָלן זען דאָס ליכטיקע פּנים פון אונדזער פרעזידענט און ווען דעם פרעזידענטס אויטאָ איז פאַרבייגעפאָרן, האָט שטייגער אויפגעהויבן די האַנט מיט אַ פּאַקעט און עס אַ וואָרף געטאָן צום אויטאָ פון פרעזידענט...

דער אַדוואָקאַט איז געבליבן רואיק. מיט אַ געשעפטסמעסיקן טאָן, האָט ער געפרעגט די פּראָטאָקאָליסטן צי זיי האָבן פּראָטאָקאָלירט די ווערטער פון עדות און ווען זיי האָבן געענטפערט אַז יאָ, האָט ער געבעטן, זיי זאָלן איבערלייענען דעם פּראָטאָקאָל פון אירע רייד און ווען לאַנדוי האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער פאַסטערנאַקס ווערטער זיינען ריכטיק פּראָטאָקאָלירט, האָט ער געבעטן אויפמישן אַן אַנדער פּראָטאָקאָל, פון חדשים צוריק, פון וועלכן די פּראָטאָקאָליסטן האָבן אַרויסגעלייענט בפירוש, אַז דע־

פרעזידענט איז געפאָרן נישט אין קיין אויטאָ, נאָר אין אַ קאַרעטע...

דאָס איז געווען אַ דעטאַל, וואָס האָט געמאַכט דעם גרויסן רושם אויף אַלע וואָס זיינען געווען אין געריכט און כדי אַ סוף צו מאַכן צו דער פיינלעכער שטימונג צווישן די באַשולדיקער, האָט דער געריכטס־פּאָרזיצנדער אויסגענוצט דעם שטורם פון אָוואַציעס וואָס איז אויסגעבראָכן אין זאַל און ער האָט געשלאָסן די זיצונג.

## דאָס „לעצטע וואָרט" פון שטייגערן

צו אַ קולמינאַציע־פּונקט פון געשפּאַנטן אינטערעס, איז עס געקומען דעם 48־טן טאָג פון דעם פּאַרצויגענעם פּראָצעס, ווען דער אָנגעקלאָגטער שטייגער האָט באַדאַרפט באַקומען זיין „לעצט וואָרט" און ווען דער באַרימטער אַדוואָקאַט דר. לעווענשטיין האָט באַדאַרפט האַלטן זיין פּאַרטיידיקונגס־רעדע.

דאָס איז געווען דעם 16־טן דעצעמבער 1925.

שוין גאַנץ פרי האָבן זיך טויזנטער מענטשן, אידן און קריסטן, צונויפגעזאַמלט פאַר דער געריכטס־געביידע אויף באַטאָרעגאַס, מיט דער האָפנונג זיך צו קענען אַריינבאַקומען אין געריכט־זאַל.

האַלב צען אַזייגער, איז שוין דער געריכטס־זאַל געווען אַזוי פול געפּאַקט, אַז אַפילו די יעניקע וואָס האָבן געהאַט ספּעציעלע איינלאַדונגס־קאַרטן, נאָר זיי זיינען געקומען צו שפּעט, האָבן זיי שוין נישט געקענט אַריינקומען.

9.45 אַזייגער, האָט דער געריכטס־פּאָרזיצנדער דערעפנט די פאָרזעצונג פון משפּט און נאָך עטלעכע פאָרמאַליטעטן, האָט ער געפרעגט ביי אָנגעקלאָגטן, צי ער וויל געניסן פון זיין רעכט צו באַקומען אַ „לעצט וואָרט".

שטייגער האָט זיך אויפגעשטעלט און געענטפערט אַז יאָ, ער וויל זיך באַנוצן מיט דעם רעכט, נאָכאַמאָל אויסצורופן הויך אויפן קול, אַז ער איז אומשולדיק און ער האָט באַלד אָנגעהויבן:

„הויכע, געערטע הערן געשוואוירענע ריכטער!

איך האָב זיך באַנוצט מיט מיין רעכט און געבעטן נאָכאַמאָל אַ וואָרט, איידער איר, חשובע הערן געשוואוירענע ריכטער, גייט האָבן די באַראַטונג כדי צו דעצידירן וועגן מיין גורל.

לאַנגע טעג און נעכט, אַ סך חדשים האָב איך מיט אומגעדולד און האָפענונג געוואַרט אויפן איצטיקן אַנטשיידנדיקן מאָמענט. אין אייערע הענט ליגט מיין גורל; אין אייך איז געווענדעט צי וועל איך זיך צוריק אומקערן צו מיין פאַמיליע און צו די ליידן און פריידן פון מיין נעכטן, אָדער איך וועל זיך דאַרפן אונטערוואַרפן אַ שטראָף פאַר עמיצנס זינד צו וועלכער איך האָב נישט געהאַט די קלענסטע שייכות.

איך בין נישט פעאיק צו אַזאַ טאַט, וועלכן דער באַשולדיקונגס־אַקט וואַרפט מיר פאָר! איך פאַרדאַם און פאַראורטייל יעדן מאָרד און יעדע מין בלוט־פאַרגיסונג! איך לעב איבער די טראַגעדיע פון אַ מוראדיק שוידערלעכן טעות!...

מען האָט מיך געהאַט צוגעשטעלט צו אַ קריגס־געריכט, וואו מיין לעבן איז געהאַנגען אויף אַ האָר. היינט פיל איך אַ טיפן גלויבן, אַז גאָט וועט מיך נישט פאַרלאָזן און אַז איר, וואָס אַלע בירגער האָבן צו אייך אַזאַ אומבאַשרענקטן אויפריכטיקן צוטרוי, אַז איר, הערן געשוואוירענע ריכטער, וועט אַרויסטראָגן אַ גערעכטן אורטייל.

איך האָב זיך נישט געוואָרפן אויפן הער פרעזידענט פון אונדזער מלוכה אוי

איך האָב נישט געהאַט קיין שום אורזאַך גיין אויף אַ זיכערן טויט און נאָך דערצו פאַראורזאַכן מיין פאַמיליע אַזוי פיל חרפה און פּיין. הערן געשוואוירענע ריכטער! איך בין אומשולדיק! איך זאָג עס מיט מיין פולן באַוואוסטזיין און מיט מיין גאַנצער ערלעכקייט: — איך בין אומשולדיק!..."

## די פאַרטיידיקונגס־רעדע פון דר. לעווענשטיין

באַלד נאָך די פאַרטיידיקונגס־ווערטער פון אָנגעקלאָגטן, באַקומט דאָס וואָרט דער דר. לעווענשטיין:

„הויכער טריבונאַל און חשובע הערן געשוואוירענע! אידעאַלע אַמביציעס און דער הייסער וואונטש זיך צו דערגרונטעווען צום אמת און צו דער גערעכטיקייט, פירט צו פאַרטיידיקונג אין פאַלן פון אויסערגעוויינלעכע משפטים; די פאַרטיידיקונג פון גערעכטיקייט, הייסט פאַרטיידיקן און אָפּהיטן די העכסטע מענטשלעכע ווערטן, זיין כבוד, זיין אָנזען און זיין שטאַנד און טאָן אַזאַ אַרבעט, איז ווערט די מי און אָנשטרענגונג.

נישט צוליב איבערפלוס פון צייט און נישט צוליב פּאָליטישע אַמביציעס, נאָר פון טיפן פליכט־באַוואוסטזיין אַלס בירגער, האָב איך אונטערגענומען די פאַרטיידיקונג פון אָנגעקלאָגטן, ווייל אַלס אַדוואָקאַט און קענער פון רעכט, זע איך, אַז די גאַנצע באַשולדיקונג האָט נישט קיין פעסטע באַזע אונטער זיך און אַלס בירגער זע איך, אַז דער גאַנצער משפט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין אָפּערע וואָס האָט אויפגעברויזט די געזעלשאַפט און וואָס די ווירקונגען פון דעם אויפברויז, האָבן זיך אַריינבאַקומען ביז אַהער אין די זאַלאָנען פון משפט. איך וועל זיך אָבער דאָ באַמיען צו נישט צו מאַכן די דרויסנדיקע שטימונגען, איך וועל זיך באַמיען דעם גאַנצן משפט צו באַטראַכטן און אַנאַליזירן פון רעכטלעכן שטאַנדפּונקט.

אַ געשעעניש איז נישט קיין צופאַל. צוערשט ווערט געבוירן דער געדאַנק, דערנאָך קומט די איבערלייגונג און דער ווילן פון וועלכן עס ווערט ערשט געבוירן די טאַט. אָן געהעריקער צוגרייטונג, קאָן נישט זיין קיין פאַרברעכערישער פּלאַן. אָדער אפשר זאָל איך זיך גאָר לאָזן אויף דעם וועג פון די פּאָליציייאישע קאָנצעפּציעס פון די קרימינאַל אָדער פּאָליטישע פּאָליציי און גיין אויף זייער „אויסגעטראָטענעם וועג" ווי דער הער פּראָקוראָר האָט דאָ אַזוי שיין געזאָגט? ניין, איך האַלט אַז כדי זיך דערגרונטעווען צום אמת, דאַרף מען גיין אויף אַלע וועגן און אַנאַליזירן אַלע קאָנצעפּציעס, כדי צו אונטערזוכן די מעגלעכקייטן, די פיזישע ווי פּסיכאָלאָגישע פאַר אַזאַ טאַט. דער הער פּראָקוראָר איז געגאַנגען אויף אַ בעסערן וועג. ער האָט זיך פאַרופן נישט אויף קיין פעסטגעשטעלטע פאַקטן, נאָר אויף די דערקלערונגען פון עדות און אַ דאַנק זיין איבערחזרן די דערקלערונגען פון די עדות, האָבן מיר זיך געקענט שאַפן די נויטיקע איינדרוקן און באַגריפן וועגן זייער ווערט."

## דר. לעווענשטיין אַנאַליזירט דערקלערונגען פון עדות

און דער באַרימטער אַדוואָקאַט דר. לעווענשטיין אַנאַליזירט און צעגלידערט די דערקלערונגען פון די עדות פון דער באַשולדיקונג און ער באַווייזט בולט זייערע סתירות, וועלכע מאַכן אַז די גאַנצע באַשולדיקונג, זאָל זיך צוזאַמענפאַלן ווי אַ

שטיבל אויפגעשטעלט פון קאָרטן. דאָקעגן זיינען די דערקלערונגען פון גרעסטן טייל עדות פון דער פאַרטיידיקונג, אַזוי סאָליד און אַזוי פּשוט, אַז זיי דינען אַלס פולע פאַקטישע באַווייזן פאַר דער אומשולד פון אָנגעקלאָגטן.

דר. לעווענשטיין רעדט דאַן וועגן דעם חילוק אין די אויספאָרשונגס־מעטאָדן פון דער קרימינאַל־פּאָליציי און פון דער פּאָליטישער פּאָליציי און ער ווייזט אויף, אַז די פּאָליטישע פּאָליציי האָט זיך אין דעם פּרט דערגרונטעוועט טיפער צום אמת, אַ באַווייז, אַז דער „סאָנד דאָראַזשני” האָט דעם אָנגעקלאָגטן נישט געוואָלט משפּטן.

און אַדוואָקאַט לעווענשטיין זעצט פאָר זיין פאַרטיידיקונגס־רעדע:

## האָט שטייגער געקאָנט דורכפירן אַן אַטענטאַט?

„צי קאָן אַ מענטש וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג דערליידיקט נאָרמאַל זיין פונקציע אַלס באַאַמטער און אויף באַנאַכט האָט ער זיך באַשטעלט מיט זיין כלה צו גיין מיט איר אין טעאַטער און נאָכן מיטיק האָט ער זיך לויט דער געוואוינהייט פון יעדן טאָג צוגעלייגט אָפּרוען, צי איז מעגלעך, אַז ער האָט זיך נאָך דער „סיעסטאַ” געלאָזן אויפן וועג צו זיין בּיוראָ און אויפן וועג דערוויילט געוואָלט דורכפירן אַזאַ אַטענטאַט וואָס האָט געקענט קאָסטן דאָס לעבן פון הער פּרעזידענט און פון אַנדערע מענטשן?

די טענה פון דער באַשולדיקונג, פאַר וואָס שטייגער, וועלכער איז געשטאַנען נעבן דער פּאַסטערנאַק, האָט נישט געזען דעם אַטענטאַטער און נישט געזען די באַוועגונג פון זיין האַנט, איז נישט אויסגעהאַלטן, ווייל שטייגער האָט געקאָנט קוקן נישט אין דער זייט און זיין אַנטלויפן באַלד ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די מהומה, איז אויך געווען גאַנץ נאַטירלעך, ווייל ער האָט מורא געהאַט און קעגן שרעקעדיקייט איז נישטאָ קיין לייכטע עצה.”

דר. לעווענשטיין האַלט דאַן אַ גלענצנדן רעפעראַט געבויט אויף די וויסנשאַפטלעכע פעסטשטעלונגען פון די פּראָפעסאָרן מאַקאַראָוויטש, גראָס, פּאָרעל און אַנדערע, כדי צו באַווייזן וואָס פאַר אַ ראָל עס שפּילן פאַרשידענע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן בעת אַן אויספאָרשונג, און ער אַנאַליזירט די מאָטיוון וואָס האָבן געקאָנט באַוועגן צום אַטענטאַט און אויף אַ וואונדערלעכן אופן באַווייזט ער אַזוי ווי איינס און איינס איז צוויי, אַז שטייגער האָט נישט געקאָנט זיין דער אַטענטאַטער, אַז עס וואָלט געווען דער גרעסטער אַבסורד צו גלויבן אויף דעם שטייגן און באַשיידענעם שרעקעדיקן יונגערמאַן, וואָס איז געווען אַזוי אומפּאַרטייאיש און אַזוי באַשיידן און ערלעך דערפילט זיינע פליכטן אַלס קינד פון אַ ערלעכער קליינבירגערלעכער היים און אַלס ערלעכער באַאַמטער, אַז אַזאַ איינער קאָן פּלוצלינג ווערן אַ טעראָריסט און אַטענטירן קעגן לעבן פון העכסטן מלוכה־שעף.

דר. לעווענשטיין האָט געמאַכט אַן עקסקורסיע אין דעם כאַאָטישן לאַבירינט פון אַלע דערקלערונגען פון די עדות און ער האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף די באַקומענע דערקלערונגען פון דעם ווירקלעכן אַטענטאַטער אָלשאַנסקי, אויפווייזנדיק, אַז זיינע ווערטער זיינען צום גלויבן, ווייל זיינע מעשים, זיינע געהיימע באַראַטונגען וואָס ער האָט דורכגעפירט עטלעכע טעג פאַרן אַטענטאַט און דערנאָך זיין אָפּשליסן זיך פון אַלץ און אַלעמען, אַזוי ווי אַ מענטש וואָס פילט זיך ווי אַ פאַראורטיילטער צום טויט, באַווייזן אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת.

דר. לעווענשטיין דערמאָנט רידלס טעאַטער־שטיק „זאַטשאַראָוואַנע קאָלאָ" (דאָס פֿאַרכשופֿטע ראָד) אין וועלכן עס ווערט געשילדערט אַ מאָרד און ווי אַזוי מען פֿאַרדעכטיקט אַן אומשולדיקן וועלכער קאָן גאָרנישט מער זאָגן, ווי „הערן ריכטער, איך בין אומשולדיק!..." און שרייענדיק זיין גרויסן אמת וועגן זיין אומשולד, גייט ער אַלס פֿאַראורטיילטער צום טויט.

— „פֿון גאַנצן האַרצן וויל איך, אַז איר, חשובע הערן געשוואוירענע, זאָלט אַזאַ פֿאַטאַלן טעות נישט איבערחזרן, נאָר משפּטן לויט אייער איינזען פֿון ערלעכקייט און גערעכטיקייט".

די רעדע האָט געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן רושם, אַלע פֿאַרטיידיקער האָבן באַגריסט דעם באַרימטן אַדוואָקאַט און דער פֿאַרזאַמלטער עולם האָט דעם דר. לעווענשטיין אָוואַציאָנירט.

## אין דערוואַרטונג אויפֿן אורטייל

די נאַכט פֿון 16־טן אויפֿן 17־טן דעצעמבער 1925, איז אין לעמבערג געווען אַ וואַכנאַכט. אידן האָבן געציטערט פֿאַר דעם לעבן פֿון דעם אומשולדיקן קרבן פֿון אַנטיסעמיטישן גיפֿט און פֿאַר די פֿאָלגן וואָס קענען קומען נאָך אַ טעותדיקן אורטייל און אַנטיסעמיטן האָבן געקריצט מיט די ציינער נאָך די גלענצנדע רעדעס פֿון די פֿאַרטיידיקער, אָבער זיי האָבן נאָך געהאָפֿט, אַז זייער אַנטיסעמיטישער גיפֿט וועט פֿונדעסטוועגן באַווירקן די ריכטער און זיי וועלן שטייגערן פֿאַראורטיילן, אָבער זייער דערוואַרטונג איז נישט דערפֿילט געוואָרן.

דער 17־טן דעצעמבער 1925 האָט אין לעמבערגער געריכט געזיגט די גערעכטיקייט איבער אַלע פֿינצטערע כוחות, די 12 געשוואוירענע ריכטער האָבן אַרויסגעטראָגן זייער אורטייל, אַז

— די באַשולדיקונגען קעגן דעם אָנגעקלאָגטן סטאַניסלאַוו שטייגער זיינען נישט באַוויזן געוואָרן און דער אָנגעקלאָגטער ווערט פֿרייגעשפּראָכן!

ווי די בלבולים אויף דרייפֿוסן אין פֿאַריז, אויף בייליסן אין קיעוו, האָט אויך די גערעכטיקייט געזיגט און צונישט געמאַכט דעם בלבול אויף שטייגערן אין לעמבערג.



# אידישער סטודענטן-קלוב אין סטרי

## פון מיגעל אדלערשטיין



קיין סך איינצלהייטן וועגן מיין געבורטשטאָט סטרי, קען איך זיך נישט דערמאָנען.

איך בין דאָך קוים 17 יאָר אַלט געווען, ווען איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן קלויבן צו פאַרלאָזן מיין געבורטשטאָט און איך האָב דאָך שוין דעמאָלט געטראָגן אויף זיך דעם גרויסן עול, צו פאַרזאָרגן מיין היים, מיין מוטער און מיינע דריי קליינע ברידערלעך מיט ברויט, טאָ וואָס האָב איך געקאָנט זען אין סטרי און וואָס פאַרא פריידן האָב איך געקאָנט געניסן?...

פונדעסטוועגן, זע איך זי נאָך אין געדאַנק, מיין שטאָט סטרי; און זע נאָך די קוואַדראַטנע הייזער-בלאָקן אויף די סטריער גאַסן און געסלעך, וואו איך האָב באַדאַרפט אַרומ-זוכן און אַרומשמייען מיט מוסטערן פון פאַרשידענע אַר-טיקלען, כדי צו געפינען אַ קונה און כאַפּן אַ פאַרדינסטל איך זע זיך אין סטרי און איך זע דאָרט די סוחרים און אַגענטן פון לעמבערג און ווידער ציטערט אין מיין האַרץ דער געפיל פון מיין דעמאָלדיקער בענקשאַפט צו פאָרן קיין לעמבערג, וואָס איז בלויז צוויי שעה רייזע פון סטרי.

—::—::—::—

פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט מיין פאָטער, הערמאַן אדלערשטיין, גע-האַט אַ גוט-גייענדיק הורט-געשעפט, און ער האָט געהאַט האַנדלס-באַציאונגען מיט די וויכטיקסטע פאַבריקן פון גאַלאַנטעריע און אַנדערע אַרטיקלען אין בעהמען, מערן און דייטשלאַנד.

איך בין דעמאָלט אַ קליין קינד געווען און איך געדענק גאָרנישט פון יענע גוטע ציימן. איך געדענק אַפילו נישט קיין סך פון די שווערע טעג און וואָכן וואָס מיר האָבן געהאַט איבערצולעבן אין די מלחמה-יאָרן פון 1914-18.

איך געדענק אָבער גוט, ווי דער טאַטע האָט זיך נאָך דער מלחמה כסדר געקלאָגט, אַז די מלחמה האָט געבראַכט אומגליק אויף דער וועלט, אַז מען קאָן נישט באַציען קיין סחורה פון די באַקאַנטע פאַבריקן, ווייל היינט איז עס אויסלאַנד און מען מוז

פאַר אימפּאָרט צאָלן גרויסע צאָל־אָפּצאָלן און אויסערדעם — גרויסע שטייערן אַלס אימפּאָרטער און עס שטיקט, עס שטיקט און מען קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן...

און וואָס ווייטער איז געוואָרן ערגער און ערגער. דער טאַטע פלעגט אַהיימקומען און דערציילן וועגן באַקאַנטע וואָס זיינען אַוועק קיין אַמעריקע און קיין דייטשלאַנד און קיין פראַנקרייך. דער פּאָרט אַוועק, יענער פּאָרט אַוועק און לאָזן עס אַזוי ווי עס איז, וועט עס לאַנג נישט אָנהאַלטן און עס וועט אויסקומען צו ליידן נויט און — וואָס פאַר אַ תכלית וועט עס זיין פאַר די קינדער?...

וועגן תכלית פאַר די קינדער האָט דער טאַטע זייער אָפט גערעדט און ווען עס זיינען כסדר אָנגעקומען נייע אויפאָדערונגען איינצוצאָלן שטייערן „דאָכאָדאָווי", „אַבראָטאָווי" און קאָפּ־שטייער, שטוב־שטייער, שטייער פאַר דער שילד, פענצטער־שטייער און די מאַרקן האָבן אָנגעהויבן פאַרלירן דעם ווערט, דעמאָלט האָט דער טאַטע געמאַכט אַן אָנשטרענגונג, און נאָכדעם ווי ער האָט מיר געגעבן געוויסע אָנווייזונגען ווי אַזוי ווייטער אָנצוגיין מיטן געשעפט, האָט ער מיך געטרייסט, אַז נישט לאַנג, און ער וועט מיך, ער וועט אונדז אַלעמען אַריבערנעמען קיין אַמעריקע, וואו עס דערוואַרט אונדז אַ בעסערע צוקונפט ווי דאָ, אין סטרי, וואו די שטייערן פרעסן אויף דעם סוחר און דער סוחר פרעסט אַ קרענק...

און אַזוי איז מיין פאָטער צוזאַמען מיט מיין איינציקער שוועסטער, קלאַראַ, אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע, איבערלאָזנדיק מיך, אַלס שפּייזער פון דער שטוב.

—::—::—::—

פונדעסטוועגן שווימען אויף אין מיין זכרון בילדער פון מיין קינדהייט, פון דער צייט ווען איך בין געגאַנגען אין חדר און איך זע אין געדאַנק אַ סך פון מיינע חברימלעך, איך זע רייכע אינגעלעך וואָס דינסטן ברענגען זיי צו פירן אין חדר און זיי האָבן מיט זיך אַזויפיל נאַשוואַרג און איך זע אויך די אָרימע קינדערלעך, וואָס דער באַהעלפער מוז זיי שלעפּן אויף כוח אין חדר אַריין...

אָבער שנעל פאַרשווינדן די בילדער און עס טויכן אויף אַנדערע; אָט זע איך זיך שוין אַלס דערוואַקסן אינגל; מיין שוועסטער קלאַראַ גייט שוין אין פאַריינען און זי לערנט זיך דעקלאַמירן און זי טרעט אויף אויף ליטעראַרישע אָוונטן אין דעם סטודענטן־פאַריין אויף דער באַטאָרעגאָ־גאַס... איך געדענק נישט גענוי צי האָט די אינסטיטוציע געהייסן סטודענטן־פאַריין, אָדער סטודענטן־קלוב, דעם נאָמען געדענק איך נישט גענוי, איך געדענק אָבער דעם אינעווייניקסטן אויסזען און די גרויסע הנאה, די גרויסע גייסטיקע פאַרגעניגנס וואָס איך האָב דאָרט דורכגעפילט.

סטרי האָט געמוזט האָבן אַ היבשע שטודירנדיקע אידישע יוגנט, ווייל דער סטודענטן־קלוב איז אַלעמאָל געווען פול־געפּאַקט און איך האָב זיך געפילט אַזוי גערויסט, ווען דער גרויסער עולם האָט אַזוי שטורמיש אַפּלאָדירט ווען מיין שוועסטער האָט געענדיקט אַ רעציטאַציע און איך האָב געשוועבט ווי אין אַנדערע, העכערע וועלטן, ווען איך האָב זיך צוגעקוקט צום טעאַטער־שפּילן פון דעם דראַמאַטישן קרייז, אין וועלכן מיין שוועסטער האָט זיך באַטייליקט.

דאָס זיינען פּאַקטיש געווען די איינציקע גליקלעכע מינוטן וואָס איך האָב דורכגעפילט אין מיין געבורט־שטאָט און זיי זיינען געבליבן איינגעשלאָסן אין מיין האַרץ זוי הייליקע הייליקייטן.

נאָכדעם ווי מיין טאַטע מיט קלאַראַן זיינען אַוועקגעפאָרן, איז מיר געוואָרן אַ סך ערגער, ווייל איך האָב באַדאַרפט פאַרזאָרגן די שטוב מיט פּרנסה, האָט דער גרויסער עול וואָס איז אויף מיר געלעגן, אָפּגעטויט אין מיר יעדן פאַרלאַנג צו גיין ערגעץ פאַרברענגען און עס איז שוין פאַר מיר געווען אַ גרויסע אויסלייזעניש, ווען עס איז אָנגעקומען פון טאַטן די ידיעה, אַז איך מעג זיך אָנהויבן גרייטן אין וועג אַריין...

און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ נייע צרה.

די זעלבע פּאָליאַקן וואָס האָבן יעדן טאָג געשריגן — „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני״ און מען האָט די אידישע פּרנסות געשלאָגן מיט אַזעלכע שטייערן, אַז מען זאָל נישט קענען עקזיסטירן, די זעלבע פּאָליאַקן האָבן זיך דערמאָנט, אַז איך וועל באַלד דאַרפן דינען ביים מיליטער און מען האָט מיר שוין אָנגעהויבן מאַכן שוועריקייטן ביים אַרויסבאַקומען אַ פּאַס און אַ רייזע־דערלויבעניש קיין אויסלאַנד און עס האָט געקאָסט אַ סך פּראָטעקציעס ביז איך האָב באַקומען אַלע נויטיקע פּאַפּירן און איך — — — הלמאי זאָל איך עס לייקענען? — ווי שלעכט עס איז מיר געווען אין סטרי, האָב איך האַרציק געוויינט, ווען איך האָב זיך אָפּגעזעגנט און איך האָב דורך פאַרטרערטע אויגן געזען ווי די באַן דערווייטערט מיך אַלץ ווייטער און ווייטער פון דער שטאָט, וואַ אַלץ איז מיר געווען אַזוי גאָנט, אַזוי היימיש און ליב...



# זאבלאטאוו, „הערצעגאווינא" און קאלאשקעוויטש

פון **שבתי אינגער**



געבוירן בין איך אין דעם שטעטל זאבלאטאוו, פאוויאט סניאטין און אין דעם שטעטל האב איך צוגעבראכט מיינע קינדער- און יוגנט-יארן אין הויז ביי מיינע עלטערן הערש און איטע אינגער.

פון קינדווייז אן, האב איך אין אונדזער שטוב נישט געהערט ריידן וועגן עפעס אנדערש ווי וועגן פעלדער און וועלדער, וועגן גערטנער און פאשע-פעלדער און פרוכט-ביימער.

מיין טאטע איז נעמלעך געווען א פאכטער פון פריצישע פעלדער און אליין האט ער אויך געהאט עטלעכע יאכט-פעלדער זיין אייגנס און די אלע אידן, וואס זיינען צו אונדז געקומען און צו וועמען מיין טאטע איז געקומען און אפטמאל מיך מיטגענומען, האבן נישט גערעדט וועגן עפעס אנדערש ווי וועגן ערד, פעלד, תבואות, פרוכט-ביימער און פאלווארק.

פון קינדווייז אן, האב איך געלעבט מיטן באוואוסטזיין, אז אידן ווייסן נישט פון קיין אנדערע ארבעטן, ווי פעלד, ארענדע פון גערטנער און פעלדער א. א. וו. און ווי נאר איך האב זיך אנגעהויבן פילן זעלבסטשטענדיק, האב איך אנגעהויבן דורכפירן אונטערנעמונגען אויף אייגענער האנט און אזוי האט זיך געמאכט, ביז דער פריץ מיעטשיסלאוו אגאפסאוויטש, האט מיך צוגענומען אלס „זאזשאנצא" (פארוואלטער) פון זיינע גיטער, און איך האב זיך אריבערגעקליבן אין דעם הויף „הערצעגאווינא", נישט ווייט פון מיין געבורט-שטעטל.

הארט נעבן פריצישן הויף „הערצעגאווינא", אדער בעסער געזאגט, כמעט ווי אויף דער פריצישער טעריטאריע, איז געלעגן דאס שטעטעלע קאלאשקעוויטש (קילאטשקאווסצע), אין וועלכן עס האבן געלעבט א צוואנציק אידישע פאמיליעס.

ווי אלט דאס שטעטעלע איז געווען און ווי אזוי עס קומט, אז דאס שטעטעלע זאל זיין ווי ארומגערינגלט פון דער פריצישער ערד, דאס ווייס איך נישט, איך ווייס נאר, אז די צוואנציק אידישע פאמיליעס אין קאלאשקעוויטש האבן זיך געלעבט גאנץ גוט און זיי האבן געהאט אין שטעטל אי א שיל און אי א קלויז, וועלכע זיי האבן אויסגעהאלטן ביז העט, נאך דער מלחמה פון 1914-1918.

דער פריץ מיעטשיסלאוו אגאפסאוויטש איז געווען זייער ליבעראל און ער איז

מיט זיינע מעלות געווען געראָטן אין זיין פאָטער, דעם אַלטן פריין, און פונקט ווי זיין פאָטער, וועלכער האָט ליב־געהאַט זיך אַרומצודרינגלען מיט אידישע יועצים (אויך מיין פאָטער איז געווען זיינס אַ נאָנטער מענטש), אַזוי האָט אויך דער זון געהאַט אידישע ראַטגעבער און ער האָט געהאַנדלט און פאַרפּאַכטעט שטיקער פעלדער צו הונדערט יאָכט, נאָר צו אידן.

געווען דאָרט אין דער געגנט אויך אידישע פּריצים מיט אייגענע גיטער, אָבער אידישע פּאַכטער האָבן גאַנץ גערן געמאַכט געשעפטן מיט דעם ליבעראַלן אידנפריינטלעכן פּאַן מיעטעיסלאַוו.

נאָר ווען דער פריין האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּריצה פון יענער געגנט, וואָס האָט געשטאַמט פון די „טימבעס" 1) האָט זיך אַלין אָנגעהויבן ענדערן צום שלעכטן און אידן, וואָס האָבן זייט הונדערטער יאָרן געטראָטן פעסט און זיכער אויף דאָרטיקער ערד, האָבן פלוצלינג אָנגעהויבן פאַרלירן דעם באָדן אונטער די פיס.

די פּריצה, (איך קאָן זיך לײדער נישט דערמאָנען איר נאָמען), אַ פּאָליאַטשקע פון ענדעקישן הדר, האָט פאַמעלעך פאַרגיפטעט דעם פּאַן מיעטשיסלאַווס גוטן געמיט; ער האָט אויף איר פאָדערונג איינגעפירט עטלעכע רעאַקציאָנערע רעגלאַמענטן פון אַמאָליקע צייטן, די רעגלאַמענטן זיינען געווען מער קעגן די פּויערים און אַרבעטער פון פריין, ווי קעגן אידן, אָבער זי האָט אויך נישט פאַרגעסן אָנצוטאָן אירע אידן די גרעסטע צרות.

פאַר זיין חתונה מיט דער גיפטיקער פּריצישער פרוי, האָט ער פּאַן מיעטשיסלאַוו אָפּגעגעבן אַ שטיק פעלד פאַר הלוצים, וואָס האָבן זיך געלערנט ערד־אַרבעט און דאָס איז געווען דער ערשטער אויפטו פון דער פּריצה, וואָס מען האָט די הלוצים אַראָפּגעטריבן פון זייער צוגרייטונגס־פּלאַץ.

באַלד דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות און פאַראָרדענונגען קעגן די אידישע פּאַכטער: מען האָט שוין נישט געטאָרט רופן אַזוי געוויינלעך „פּאַן מיעטשיסלאַוו", נאָר „יאַסני וועלמאָזשני פּאַן" און ווי נאָר אַ אידישער פּאַכטער האָט פאַרענדיקט מיט זיין קאָנטראַקט, וואָס מען שוין מיט אים דעם קאָנטראַקט נישט געוואָלט באַנייען און אַזוי זיינען די אידן אויף פּאַן מיעטשיסלאַווס פעלדער געוואָרן ווייניקער, ביז עס האָט אויך אָנגערוקט מיין רייע.

אייגנטלעך, האָט אַפילו דער היינט שוין יאַסני וועלמאָזשני פּאַן נישט געוואָלט און אַפילו נישט געטראַכט מיך אָפּצוזאָגן פון מיין פּאָסטן, ווייל ער האָט מיך צו נויטיק באַדאַרפט; אָבער מיטן דערווייטערן די אידישע פּאַכטער און די אידישע מעקלערס, האָבן זיי געשעפטן פון דעם פּאַנס גיטער אָנגעהויבן גיין ערגער און ערגער און ווען די גיפטיקע פּריצה האָט שוין נישט געהאַט אַזויפיל אידן איבער וועמען זיך צו איזדיעקעווען, האָט זי זיך גענומען צו די פּויערים און זי האָט איבעראַל אָנגעצונדן אַ האַס צו זיך און צום גאַנצן הויף און דאָס אַלעס אַרום, נאָך דערצו מיט שיקאַנעס פון דער פּריצה אויף מיין חשבון, האָבן מיך באַוואויגן צו שטעלן פעסטע פאָדערונגען: — — ענטוועדער־אָדער! אָדער מען לאָזט מיך ווירטשאַפטן אַזוי ווי פריער, ווי איך פאַרשטיי, אָדער איך קאָן מער נישט פאַרבלייבן.

1) פון די שפּעטסטע געצנדינער, וועלכע מען האָט גערופן „טימבעס".

אין איר פאַרביסענעם אידנהאַס, האָט זי בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז א ייד מאָן, דער פריץ מיעטשיסלאַוו אַגאַפּסאָוויטש, זאָל נאָכגעבן פאָדערונגען פון אַ ייד.

אָבער זייער ביטער איז געווען דער סוף פון דעם פאַן מיעטשיסלאַוו.

דער אונטערגאַנג פון זיינע גיטער איז צוגעגאַנגען שנעלער ווי מען האָט עס זיך געקאָנט פאָרשטעלן. זיין פריצה האָט זיך געפירט גרויס אויף זיין חשבון און זי האָט געצויגן אויף זיך דעם האַס פון אַלעמען און אַלס באַווייז פון איר גיפטיקייט קאָן דינען דער פאַקט, אַז זי האָט פאַרזייעט די ערד ארום און אַרום דעם קלויסטער, כדי די פּויערים זאָלן נישט קאָנען גיין גלייך אין קלויסטער, נאָר שפּרינגען איבער די בייטן און דער סוף איז געווען, אַז די פּויערים און פּויערטעס האָבן געטשאַטשקע וועט און איינמאָל ווען די פריצה איז געפאָרן אין איר קאָלעס, זיינען הונדערטער פּויערים אָנגעפאַלן אויף איר און זי באַוואָרפן מיט שטיינער און מען האָט זי קוים אַ פאַרוואונדעטע ארויסגעראַטעוועט פון דעם אויפגעברויזטן המון.

מיט די „נייע אָרדענונגען", וואָס די הינטישע פריצה האָט איינגעפירט, האָט זי רואינירט די איינוואוינער פון גאַנצן געגנט און אַלע האָבן זי פאַרשאָלטן.

עס האָבן אויך שטאַרק געליטן די אידען פון קאָלאשקעוויטש, ווייל די פאַראָרימטע פּויערים האָבן אויפגעהערט קויפן און אַלץ אַרום איז געגאַנגען באַרג אַראָפּ און די קאָלאשקעוויטשער אידן האָבן שוין נישט געקענט אויסהאַלטן אי די שיל און אי די קלויז, דערצו האָט מען ביידע באַדאַרפט פאַריכטן, האָבן די קאָלאשקעוויטשער אידן אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע צום קאָסאָווער רבין נאָך אַן עצה, וועלכן פון די הייליקע פלעצער מען זאָל ליקווידירן און דער קאָסאָווער רבי האָט געהייסען לאָזן די שיל, ווייל זי איז געווען וויניקער באַשעדיקט און אַזוי איז קאָלאשקעוויטש געבליבן בלויז מיט אַ שיל און די קלויז איז געבליבן אַ חורבה.

פאַרלאָזנדיק מיין פּאָסטן אַלס פאַרוואַלטער אין פּאַן מיעטשיסלאַווס גוט „הערצעגאָווינא", האָב איך געקענט האָבן אַ סך אַנדערע פּאָסטנס סיי ביי אידישע ווי ביי גויאישע פּריצים, אָבער די צייט איז שוין געווען אַן אַנדערע, די אַנטיסעמיטישע ווינטן, וואָס די אָפיציעלע פּוילישע באַהערדן האָבן אָנגעשיקט אויף אידן, האָבן אויך דערגרייכט צו די ווייטסטע פעלדער פון די אידישע און פּוילישע גוטבאַזיצער אין גאַליציע, און אויך די פּויערים, וועלכע האָבן אַלע יאָרן אַזוי גוט געלעבט מיט אידן, האָבן אָנגעהויבן פאַרגיפטעט ווערן מיטן אַנטיסעמיטישן סם, וואָס ספּעציעלע אַגיטאַטאָרן האָבן געבראַכט און מען האָט שוין אָנגעהויבן איינזען, אַז דאָ איז מען נישט זיכער מיט דער פּרנסה און אַפילו נישט מיטן לעבן און ווער עס האָט נאָר געהאַט מעגלעכקייטן, דער האָט זיך פּאַמעלעך געקליבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און זוכן ערגיץ אין דער ווייטער וועלט אַ נייע היים.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך איך בין געווען צווישן די; איך האָב זיך געגרייט צום וועג אַליין נישט ווייסנדיק וואוהין, אָבער שנעל איז געבליבן, אַז קיין אַרגענטינע, וואו מען האָט געזאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן גרויסע אידישע קאָלאָניעס און וואו זאָל פאָרן אַ ייד פון פעלד, אויב נישט אויף אידישע פעלדער?...

אָבער איידער איך בין אַרויסגעפאָרן, האָב איך נאָך דערלעבט די סאַטיספאַקציע צו זען, ווי דער פּאַן מיעטשיסלאַוו איז געקומען אַ געבראָכענער צו מיין פאָטער און איך האָב געהערט ווי ער האָט זיך באַקלאָגט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

— הערשקאַ, עס איז שלעכט, ווען אַ שלאַנג באַפּט זיך אַריין צו עמיצן אין בוזעם. איך בין געווען גוט, האָב איך אַלעמען ליב געהאַט און אַלע האָבן מיך ליב געהאַט. איך בין געווען פאַן מיעטשיסלאַוו און איך בין געווען גליקלעך, און היינט בין איך „יאַסני וויעלמאָזשני"... און" — — — ער האָט זיך צעוויינט.

איך בין אַוועק אין יאָר 1927 קיין אַרגענטינע און אַ יאָר שפּעטער האָב איך שוין געהאַט די ידיעה, אַז דער פאַן מיעטשיסלאַוו איז געשטאָרבן אין גרויס נויט, מען האָט כסדר געשניטן שטיקער פון זיינע פעלדער און פאַרקויפט אויף ליציטאַציעס, ביז מען האָט אויך זיין „הערצעגאָווינאַ" פאַרצעלירט און פאַרקויפט און דער „יאַסני וויעלמאָזשני" האָט געמוזט גיין זוכן אַ פּאָסטן און ווערן אַ עקאָנאָם ביי יענעמס אַ גוט...

די ענדערונג האָט אויף דעם, אין תוך גענומען, ליבעראַלן פּריץ אַזוי שווער געווירקט, אַז ער האָט זיך לאַנג נישט געמוטשעט, ביז ער האָט פאַרלאָזן די פעלדער אויף וועלכע עס האָט שוין געהערשט דער אַנטיסעמיטישער גיפט און ער איז אַוועק צו זיין ליבעראַלן פּריצישן פאָטער אויף יענער וועלט...



**אברהם אפטאוויצער**

# עפּעס וועגן טאַרנאָפּאָל



אין יאָר 1773, איז ביי דעם רייכן טאַרנאָפּאָלער סוחר ר׳ טאָדרעס פּערל, געבוירן געוואָרן אַ זון, וואָס מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן יוסף.

ר׳ טאָדרעס האָט דאָס קינד זייער ליב געהאַט און ער האָט עס פרי אָנגעהויבן לערנען, ווייל דאָס קינד האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע אויפנאַמס-פעאיקייטן און שוין גאַנץ פרי, האָבן מבינים פאָרויסגעזאָגט, אַז פון דעם קינד וועט אַרויסוואַקסן אַ גרויסער געלערנטער און באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן נישט געמאַכט קיין טעות.

יוסף פּערל, האָט אין קענטעניש שנעל איבערגעשטיגן אַלע זיינע חברים און שוין אַלס אינגל, איז אין טאַרנאָפּאָל מער נישט געווען קיין לערער פאַר אים און זיין פאָטער האָט אים געשיקט אין גרעסערע שטעט זיך צו פּערפעקציאָנירן.

אַלס פרומער איד, האָט ר׳ טאָדרעס יוספן געגעבן אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג, אָבער ווען יוסף איז געקומען אין גרעסערע שטעט, האָבן די רעדער פון דער השכלה באַוועגונג אויך אים אַריינגעצויגן און שוין אַלס יונג בחורל, האָט ער זיך מיטן גאַנצן ברען און מיט זיין גאַנצן וויסנס-אייפער אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג און צוריקקומענדיק פון עסטרייך קיין טאַרנאָפּאָל, האָט זיך יוסף פּערל באַלד באַקענט מיט **מענדל לעפין**, דעם פאָטער פון דער מזרח-גאַליצישער השכלה-באַוועגונג און ביידע אידישע פּערזענלעכקייטן זיינען גיך באַפריינדעט געוואָרן און נאָך אַ רייע שמועסן און דיסקוסיעס וועגן די צילן און אויפגאַבן פון זייערע שטרעבונגען, איז אַרויסגעשוואומען דער געדאַנק וועגן שאַפן אַ אידישע שולע אין טאַרנאָפּאָל, אַ שולע, אין וועלכער די קינדער פון די אָרימע אידישע פאָלקס-מאַסן זאָלן געפינען אַ מעגלעכקייט צו לערנען און זיך דערציען.

און אַזוי איז אין יאָר 1809, טאַקע אין הויז פון יוסף פּערל, געשאַפן געוואָרן די ערשטע אידישע שולע אין גאַליציע — מיט זעכצן תלמידים.

אין 1820, האָט יוסף פּערל — נאָך אַ לענגערער באַמיאונג, באַקומען פון עסטרייכישן קייזער די אָפיציעלע אנערקענונג אַלס **„איזראַעליטישע שולע"** און שפּעטער זיינען נאָך אַזעלכע שולן געשאַפן געוואָרן אין לעמבערג, אין בראָד און אַפילו אויך

אין אָדעס, וואו **בצלאל שטערן**, איינער פון די טאַרנאָפּאָלער ערשטע זיבעצן תלמידים אין דער פּערל־שולע, איז געווען דירעקטאָר.

אין 1830 זיינען אין אַלע „איזראַעליטישע שולן" אין גאַליציע, געווען 408 תלמידים און פון זיי — 128 אין דער טאַרנאָפּאָלער פּערל־שול.

שפּעטער, האָט יוסף פּערל פאַר זיין אייגן געלט, געלאָזן אויפבויען אַ פּרעכ־טיקן בנין פאַר זיין שול און דער בנין, מיט צוויי אַריינגאַנגס־טויערן אויף צוויי פּרינציפּאַלע גאַסן, אויף דער סאָביעסקי־גאַס און אויף דער פּערל־גאַס (וואָס האָט זיך טאַקע גערופן אויפן נאָמען פון יוסף פּערל) — איז געווען דער שענסטער אין טאַרנאָפּאָל.

אין דער גרויסער שול־געביידע האָט פּערל אויך איינגעאָרדנט אַ גרויסע יודאַ־איסטישע ביבליאָטעק און אויך דעם טעמפּל, וואו עס האָבן געדאַוונט די רייכע אַסימילירטע אידן.

די אָפיציעלע שפּראַך אין דער שול, איז געווען דייטש, און שפּעטער איז פּויליש געוואָרן די אָפיציעלע שפּראַך, אָבער די תלמידים, די קינדער פון די טאַרנאָפּאָלער אידישע פאָלקס־מאַסן, האָבן צווישן זיך דווקא גערעדט אידיש און גאַנץ אָפט האָבן די לערער פון די ערשטע קלאַסן געמוזט ריידן צו די קינדער אין אידיש, ווייל קיין אַנדער שפּראַך האָבן די קינדער נישט פאַרשטאַנען, און די קינדער האָבן געהאַט געוויסע שוועריקייטן ביים אריבערגיין אין די העכערע קלאַסן, זיי האָבן געמוזט אָפּגעבן אַ ספּעציעלע פּריפונג (עקזאַמען) אין דער פּוילישער שפּראַך.

דרייסיק יאָר איז פּערל געווען דירעקטאָר פון זיין שול און שפּעטער זיינען געווען דירעקטאָרן — ליבליך און גאָטפריד. יאָרנלאַנג זיינען געווען לערער אין דער פּערל־שול — קאָרנגרין, גלאַזמאַן, גאַליגער, גינסבורג, וועקסלער, מאַסוטע און אַנדערע.

וועגן דעם לעבן און שאַפן פון יוסף פּערל, איז אַ סך געשריבן געוואָרן און טאַר־נאָפּאָל האָט זיך אַלעמאָל געגרויסט מיט זיין נאָמען.

אַחוץ אויף דעם השכלה־געביט, האָט זיך טאַרנאָפּאָל אויך באַמיט צו אנטוויק־לען אויף אַנדערע געביטן פון לעבן און שאַפן און אַזוי איז אין 1812 אין טאַרנאָפּאָל געגרינדעט געוואָרן די ערשטע אידישע דרוקעריי אויפן נאָמען „נחמן פינעלעס".

די דרוקעריי האָט צווישן די פאַרשידענע ספרים, וואָס זיינען דאָרט געדרוקט געוואָרן, אויך געדרוקט די משלי־איבערזעצונג פון מענדל לעפין און דאָס ספר „ראש אמונה" פון אברבנאל.

---

נאָכן אָנגעבן די אויבנאויפיקע היסטאָרישן דאַטן וועגן די אָנהויבן פון אַ באַ־וואוסטזיניקער קולטור־אַרבעט אין טאַרנאָפּאָל, וואָס האָט געהאַט אַן אנטשיידנדיקע ווירקונג לטובת דער עמאַנציפּאַציע פון אידישן לעבן, וויל איך נאָך אָנגעבן אַ פּאָר אויבנאויפיקע דאַטעס וועגן אידישן לעבן אין טאַרנאָפּאָל אין מיין צייט, איידער איך האָב פאַרלאָזט מיין געבורטשטאָט.

אין 1921 האָט טאַרנאָפּאָל פאַרמאָגט אַ פערציק טויזנט איינוואוינער; פון זיי 25 טויזנט אידן.

טארנאָפּאָל האָט זיך גערעכנט אַלס איינע פון די אידישע קולטור־שטעט אין גאליציע. אין טאַרנאָפּאָל האָט פּולסירט אַ פּולבלוטיק אידיש לעבן אויף אַלע געביטן און עס זיינען געקומען צום אויסדרוק אַלע דריי גרופּירונגען, ווי רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און וועלטלעכע, וואָס אויסער די אָפטע צוזאַמענשטויסן פון איין גרופּע מיט דער אַנדערער, האָט יעדע גרופּע פאַר זיך געלעבט און געשטרעבט און זיך אַנטוויקלט אין די ראַמען פון די פאָרגענומענע צילן און אויפגאַבן.

די פּרוכטבאַרע טעטיקייט פון אַ יוסף פּערל מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, איז נישט נאָר נישט פאַרגעסן געוואָרן, נאָר עס האָבן זיך אַרום זיין שיינער אַרבעט געוועבט לעגענדעס און אַזוי האָט די צייט אויך געוועבט לעגענדעס וועגן די אַלע, וועלכע האָבן זיך צוליב פרומקייט און פאַנאַטיזם געפּרואווט קעגנשטעלן דער ווירקונג פון דער השכלה און אַזוי האָט יעדע שיל און יעדער בית־המדרשל געהאַט אייגענע לעגענדעס און ווירקלעכקייטן און ווען עס האָט אַמאָל אָנגעהויבן אָפּקילן דער געפיל פאַר טעטיקייט, האָט מען דעם געפיל געזוכט אָנצוואַרימען מיט דעם הייסן פייער פון די לעגענדאַריש־געוואָרענע פּיאָנערן, טאַטעס און זיידעס.

געווען אין טאַרנאָפּאָל אַ שיינע שיל און געווען קלויזן, און הוץ זיי, זיינען געווען בתי־מדרשים און שטיבלעך, וואָס האָבן זיך גערופן לויט די נעמען פון די רבישע שטעטלעך, ווי טשאָרטקאָווער, אָזאַנער, הוסיאַטינער, א. א. וו. אָדער לויט די פאַכן



**די אַלטע שיל אין טאַרנאָפּאָל:** — די שיל איז געבויט ווי אַ פעסטונג און אונטער איר פונדאַמענט, ציען זיך לאַנגע טונעלן אין פאַרשידענע זייטן און די שיל איז פאַרוועבט אין אַ סך לעגענדעס וועגן אַמאָליקע מלחמות, ווי אַזוי אידן האָבן זיך געראַטעוועט דורך די טיפע טונעלן.

צו וועלכע עס האָבן באַלאַנגט די מתפללים, ווי דאָס „בעקערישע בית-המדרש", דאָס „קצבישע בית-המדרש", און אזוי ווייטער...

טאַרנאָפּאָל האָט אויך פאַרמאָגט אַ געזונטע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אין דער געגנט. געווען פּאַרטייען, וואָס האָבן גע־קעמפט צווישן זיך און יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט איר ווירקונגס-קרייז, און כדי אויסצוברייטערן דעם ווירקונגס-קרייז, זיינען ביי דער זייט פון די פּאַרטייען, גע־שאַפן געוואָרן ספּאָרט-סעקציעס און דראַמקרייזן, וועלכע האָבן אַנגעפירט אַ לעב־האַפטע טעטיקייט.

אויך די פרומע אידן אין טאַרנאָפּאָל זיינען נישט געבליבן אומאַקטיוו; נאָכדעם ווי אַ סך שטעט און שטעטלעך האָבן נאָכגעטון דעם ביישפּיל פון קראָקע, וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע „בית יעקב שול" פאַר אידישע טעכטער, כדי אזוי אַרום אויפצוהאַלטן די פרומקייט ביי אידישע טעכטער, האָט אויך טאַרנאָפּאָל אין יאָר 1928 געגרינדעט אַזאַ „בית יעקב" שול און אַ סך פרומע באַלעבאַטים האָבן דאָרט באַלד פאַרשריבן זייערע טעכטער.

עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען דאָס אידישע שפּיטאָל אין טאַרנאָפּאָל, וואָס האָט פאַרנומען אַ שטאָקיקע געביידע מיט אַ גרויסן גאָרטן אויף דער אָסטראָגסקי־גאַס. אין דער געביידע האָט זיך אויך געפונען דער מושב זקנים און אַ שילעכל.

אַלע טאַרנאָפּאָלער געדענקען זיכער דעם אַלטן און פּאָפּולערן „שעף" פון די קראַנקן-וועכטער אין אידישן שפּיטאָל — וואָלקע ליינער, וועלכער איז אין פאַרלויף פון גאַנצע פופציק יאָר געווען דער רופא פון די טאַרנאָפּאָלער אָרימע אידן.

וואָלקע ליינער איז געווען באַליבט אין די אָרימע אידישע היימען און מען האָט אים געוואונטשן דאָס אייביקע לעבן. אַלעמאָל, בייטאָג, ביינאַכט, אין די גרעסטע קעלטן, אויף רעגן-וועטערן און אין שטורעמס פון דונער און בליץ, האָט מען אים געטראָפן שפּאַנען מיט זיין קליין רענצעלע איבער די אָרימע טאַרנאָפּאָלער גאַסן, דאָס איז ער געגאַנגען צו אַן אָרימען קראַנקן. ער האָט קיינמאָל נישט געמאָנט קיין געלט און האָט מען אים דערלאַנגט אַ מטבע, האָט ער זי אַריינגעוואָרפן אין קע־שענע און אַפילו נישט געקוקט צי זי איז אַ זילבערנע, צי אַ קופּערנע... און האָט מען אים גאָרנישט געגעבן, נאָר אַ ברכה, האָט ער אַלצאיינס געדאַנקט און דער־מאָנט, אַז טאָמער וועט מען עפּעס באַמערקן אַן ערגערונג פון חולה, זאָל מען אים באַלד ווידער רופן...

נישט זעלטן האָט אויך געטראָפן, אַז ווען דער וואונדערלעכער וואָלקע ליינער איז אַוועק פון אַ שטוב, וואו מען האָט אים גאָרנישט דערלאַנגט פאַר זיין וויזיט, האָט ער זיך עפּעס דערמאָנט און איז צוריק אַריין אין דער אָרימער שטוב און גע־פרעגט צי מען האָט געלט אויף דער מעדיצין און מערסטנס האָט ער שוין אין אַזאַ שטוב נאָך איבערגעלאָזט געלט, מען זאָל האָבן אויף דער מעדיצין...

---

אַ חוץ דער תלמודיסטישער פּערל-ביבליאָטעק, זיינען אין טאַרנאָפּאָל אויך גע־ווען ביבליאָטעקן ביים אידיש-סאָציאַליסטישן פאַריין אין פּאַסאַזש-אַדלער און אין פאַריין פון אידישע אָנגעשטעלטע אויף דער פּערל-גאַס; אין פּועלי-ציון פאַריין אויף דער רוסקאַ-גאַס און אין „גדעון", אויף דאָלנאַ.

טאַרנאָפּאָלער אידן זיינען אויך געווען גרויסע ליבהאָבער פון אידיש טעאַטער. עס זיינען געווען סעזאָנען, ווען דריי טרופּעס זיינען געקומען שפּילן איינע נאָך דער אַנדערער און אַלע טרופּעס האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן.

די דראַמקרייזן אין טאַרנאָפּאָל האָבן אָנגעפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט, דער גרעסטער דראַמקרייז איז געווען אויפן נאָמען פון יעקב גאָרדין, וועלכער האָט געשפּילט גאָר פיין אידיש טעאַטער אין טאַרנאָפּאָל און אין די נאָנטע שטעט און שטעטלעך.

אין גאָרדין־קרייז האָבן זיך באַטייליקט פּאַסמאַנעק, העניק, ברידער סטאַראָסאָליער, קאַהאַנע, לופּטיק און אַנדערע.

דער צווייטער דראַמקרייז איז געווען „האַרמאָניאַ״, וועמענס מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון אויסגעשלאָסענע סטודענטינס אָדער סטודענטן, וועלכע האָבן זיך אַליין אויסגעשלאָסן פון די גימנאַזיעס, צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געהערשט אין זיי.

אָנפירער פון „האַרמאָניאַ״ איז געווען דער אַרטיסט שעהנבערג און באַטייליקט האָבן זיך די געוועזענע סטודענטן: צוויילינג, גליקסמאַן, דיאַמאַנט, פוקס, פרידמאַן, דאָנער, אָפּטאָוויצער (שעכטער) און אַנדערע.

עס האָט געטראָפן, אַז דריי דראַמקרייזן האָבן געשפּילט אידיש טעאַטער אין די זאַלן פון „מיעשטשאַנסקי בראַטסטווא״, „פּאָדאָלע״ און „גוויאַזדא״ און אַלע דריי זאַלן זיינען געווען פול מיט באַזוכער.

אידישע ספּאָרט־קלובן זיינען אין טאַרנאָפּאָל געווען: „יהודה״, „הוראַגאַן״ און „אידישער אַרבעטער־קלוב״.



אַ גרופּע שילערינס פון דער טאַרנאָפּאָלער פערל־שול: — אינדערמיט, דער דירעקטאָר גאָטפריד; רעכטס און לינקס נעבן אים — די לערערינס שיצער און קיטיי. דאָס בילד איז פון 1920.

ווער פון אונדזוערע טאַרנאָפּאָלער געדענקט דאָס נישט דעם טאַרנאָפּאָלער באַד-פּלאַץ ביים „סערעט": **„פּעטשאַפּטשאַכע"** ? אַ וואַרימקייט נעמט ארום ביים דער-מאָנען זיך אָן דעם תענוג, וואָס מען האָט געפילט, ווען מען פלעגט זיך אין די אָוונטן אַזועקלאָזן מיט אַ שיפל איבערן „סערעט" און מען פלעגט אין כאָר אויסזינגען פאַלקס-לידער און מען פלעגט הלומען פון אַ פריי לעבן אין ווייטע לענדער...

און ווי שיין זיינען געווען די באַליבטע שפּאַציר-פלעצער אין טאַרנאָפּאָל! — דער נייער גאָרטן, „פּעטריקאָוו", „זאַגראַ-בעלאַ" און אַנדערע פלעצער, וואו די אי-דישע יוגנט האָט שפּאַצירט און הנאה געהאַט פון גאָטס שיינער נאַטור!

אין 1939 איז נאָך געווען אַ שיינע אידישע יוגנט אין טאַרנאָפּאָל און קוים אַ קליינער טייל פון זיי האָט באַוויזען זיך צו ראַטעווען, אַנטלויפנדיק קיין ראַטנפאַר-באַנד. און די אַנדערע? וואָס איז געשען מיט די יונגע און עלטערע אידן פון טאַר-נאָפּאָל? — — — — —



# היוניוו

## (צווישן בעלז און ראַוואַרוסקאַ)

פון **חיים-אָרטנער**



היוניוו, איז זיך געווען אַ שטעטעלע צווישן בעלז און ראַוואַרוסקאַ און דאָס שטעטעלע האָט זיך געלעבט און געשטרעבט פונקט ווי הונדערטער אַנדערע גאַליצישע שטעטלעך.

אָבער אויב דאָס שטעטעלע אין אַלגעמיין האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט קעגן אַנדערע שטעטלעך, האָבן אָבער די אידן פון היוניוו פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ ספּעציעלע אייגנאַרטיקייט.

געווען אין היוניוו חסידים, זיינען זיי געווען שטרענגערע פרומאַקעס אַפילו פון זייערע רביים און ווען די יוגנט האָט אָנגעהויבן גיין אויף אייגענע דרכים לינקס און רעכטס, זיינען די לינקע געווען פאַנאַטישערע סאָציאַליסטן פון קאַרל מאַרקסן און די יוגנטלעכע ציוניסטן — ציוניסטישער אַפילו פון דר. הערצל.

איידער די יוגנט האָט אָנגעהויבן גיין אויף אייגענע דרכים, האָבן זיך די חסידים געקריגט צווישן זיך און יעדער האָט געקעמפט פאַרן כבוד פון זיין רבין-זאָל-לעבן, און דעם שמאַרקסטן טייל האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די בעלזער חסידים.

און נאָך מיט אַ זאַך האָבן זיך היוניווער אידן אויסגעצייכנט, דאָס איז געווען מיטן אָנרופן מענטשן בלויז ביי די פאָרנעמען, מיט דעם נאָמען פון פאָטער אַלס צונאָב, כאָטש אין אַ סך אַנדערע שטעטלעך האָט מען אויך נישט שטאַרק געהאַלטן פון די צוגעקלעפּטע „דייטשע נעמען”, אָבער ווייט נישט אין אַזאַ מאָס ווי אין היוונעוו.

דער ווייסער ישראל, חיים יאַנקלס, זלמן יאַנקלס, משה אייזיקס, הערש-לייבעלע מרדכי-יעקבס, פייוועלע לעמעלעס, פייוויש דעם שוחטס, אַהרן חיימס און האָט מען שוין איינעם גערופן אויך מיט אַ צווייטן נאָמען, איז עס נישט געווען זיין פאַמיליען-נאָמען, נאָר דער נאָמען פון שטעטל, פון וואַנען ער שטאַמט, ווי זלמן זאַסטאַווער, שיע ליביטשער, אָדער לייזער וויניצער.

און האָב איך שוין אויסגערעכנט די נעמען, ווייל איך שוין דערמאָנען אַביסל זכרונות פון מיין יוגנט אין דער אַלטער היים, אין מיין שטעטעלע היזוניוז.

מיין פאָטער, ר׳ פנחס יאַנקעלעס, האָט אויף דער עלטער אָפּגעטיילט אַ גרויסן הדר פון זיין הויז, פאַר אַ בעלזער שטיבל.

האָב איך פון מיין קינדהייט אָן, געזען די התנהגות פון די בעלזער חסידים וואָס האָבן געדאַוונט אין מיין פאָטערס שטיבל און איך האָב געזען, ווי די זעלבע בעלזער חסידים, וואָס זיינען אַזוי „העלדיש", ווען זיי דאַרפן באַקעמפן הסידים פון אַן אַנדער רבין; אָדער דיזעלבע חסידים, וואָס האָבן אַזוי „איינגעלייגט וועלטן", אַז מען זאָל בעת וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט דווקא אויסוויילן דעם אַנטיסעמיטישן קאַנדידאַט, לויטן וואונטש פון זייער רבין, דיזעלבע חסידים האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם קלענסטן שייגעצל, וואָס האָט זיך געטשעפּעט צו זיי אָדער זיי באַוואָרפן מיט שטיינער. זיי האָבן געבויגן דעם קאָפּ און גענומען פאַר ליב, ווייל מיר זיינען דאָך עפּעס אין גלות...

איך דערמאָן זיך אַ סצענע בעת אַ ספּעציעל-געפּראַוועטע מלוה-מלכה אין אונדזער שטיבל, דעמאָלט האָט זיך שוין די יוגנט אָנגעהויבן רעוואָלטירן קעגן זייערע פאַנאַטישע עלטערן און עס האָט זיך בעת דער ספּעציעלער מלוה-מלכה בולט אַרויסגעוויזן דער הילוק פון די חסידים און זייערע קינדער.

ר׳ יוסף-הערשס זונדל, פייוול, איז געוואָרן אַ בר-מצוה, האָט ר׳ יוסף-הערש צוגעזאָגט אַ מלוה-מלכה-סעודה פאַרן עולם און ער האָט טאַקע געגרייט די אמתע סעודה, געקוילעט גענדז און עופות און געגרייט אַ מלוה-מלכה, כיד המלך.

נאָכן אָפּדאַווענען מעריב, איז דער עולם שנעל אַהיימגעלאָפן מאַכן הבדלה, אין שטיבל זיינען בלויז געבליבן דער בייזער מלמד לייזער ווייניצער, וועלכער האָט געלערנט מיט די קלויז-בחורים יורה-דעה און חושן-משפט און ער האָט געקאַטעוועט זיינע שוין דערוואַקסענע תלמידים און ר׳ פנחס יאַנקעלעס, דער בעל-מקובל, וואָס איז געזעסן און געלערנט דעם „זוהר".

די צוויי, זיינען געזוען די שטענדיקע תושבים אין מיין טאַטנס בעלזער שטיבל. דער בייזער מלמד ר׳ לייזער ווייניצער, האָט זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, פאַרבריט אַ טעפּעלע קאַווע, וואָס לויט ווי ער אַליין האָט געזאָגט, איז ער זיכער, אַז אַפילו דער מלכות טרינקט נישט אַזאַ פיין טעפּעלע קאַווע ווי ער אַליין פאַרבריטעס... און באַלד האָט אָנגעהויבן קומען עולם, מען האָט געגרייט די טישן, געבראַכט די מאכלים און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלוה-מלכה.

געפירט האָט זיך געוויינלעך, אַז ביי חסידישע שמחות, האָט מען פאַרקויפט דאָס בענטשן, נישט פאַר קיין געלט, נאָר פאַר משקה. ווער עס האָט געגעבן מער משקה, דעם האָט מען געגעבן דעם כבוד צו בענטשן.

אָבער דאָס מאָל, ווייל ר׳ יוסף הערשס האָט אַליין געשטעלט משקה איבערגענוג, האָט מען באַשלאָסן, אַז מיט דעם בענטשן וועט מען מכבד זיין (אלם פּרעמיע) דעם, וואָס וועט אַמבעסטן און אַמשענסטן זינגען די זמירות.

נו-נו, האָט זיך עס אַביסל אָפּגעטון! יונגעלייט, קעסט-אײדעמלעך, האָבן זיך געפּלייסט און געזונגען די נייעסטע ניגונים פון בעלזער רבינס הויף און עס האָט געהערשט חדוה און רינה און אַלעמענס פּנימער האָבן געלויכטן.

האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז צוויי שקצים זיינען געגאַנגען אין גאַס פאַרביי אונדזער הויז און זיי האָבן דערהערט דאָס געזאַנג פון די זשידקעס, האָט עס זיי געשטאָכן אין די אויערן און זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרשטערן די אידישע שמחה און האָבן אַריינגעוואָרפן דורך די פענצטער עטלעכע שטיינער, אויסשלאָגנדיק די שויבן.

עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע, אָבער קיינער פון די חסידים האָט נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אַ קוק־געבן ווער עס האָט די שטיינער געוואָרפן, נאָר מיין ברודער יחיאל און זיין חבר אברהם לייבישנס, וועלכער איז געזעסן ביי מיין ברודער אין אַ הינטערשטן חדר, דערהערנדיק דאָס האַקן פון שויבן אין שטיבל, זיינען זיי באַלד אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס און אָנגעיאָגט די צוויי שקצים און זיי גוט אָנגעבראָכן די ביינער.

ווען מיין ברודער מיט אברהם לייבישנס זיינען צוריקגעקומען, זיינען זיך די חסידים ווייטער געזעסן אַרום טיש, געזופט מעד און ווייטער געזונגען די זמירות, נאָר אַביסל שטילער, כדי עס זאָל „נישט רייצן די געמיטער פון דעם עם הדומה לחמור"...

אָט אַזוי האָט זיך די עלטערנס חסידישע קעמפערישקייט איבערגעטראָגן צו די קינדער, אַז זיי זאָלן קאָנען ווערן באַוואוסטזיניקע קעמפער פאַר דעם אידישן און מענטשלעכן כבוד און די עלטערן האָבן זיך געוואונדערט פון וואַנען עס נעמט זיך צו די יונגע אַזאַ כוח, נישט צו וועלן פילן דעם עול פון גלות...

גאָר שטאַרק האָט זיך צעפלאַקערט דער קאַמף פון די חסידים קעגן דער יוגנט, נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט ווי עלעקטריזירט די יונגע געמיטער.

די יוגנט האָט איינגעלאַדן אַ ציוניסטישן רעדנער פון לעמבערג און דער ווייסער ישראל האָט „איינגעלייגט וועלטן", אַז מען זאָל נישט דערלויבן די שיל פאַר אַזאַ מין אסיפה און ווען דאָס האָט אים נישט געהאָלפן, קיין אַנדער פלאַץ פאַר אַזאַ קולטור־אַקט איז נישט געווען און די יוגנט האָט די דערלויבעניש יאָ באַקומען, האָט ווידער דער ווייסער ישראל מרעיש־עולם געווען, אַז מען זאָל דעם לעמבערגער רעדנער, דעם פושעי־ישראל, לייגן אין חרם אַריין און אויך אויסרופן אַ חרם קעגן די אַלע, וואָס וועלן אים גיין הערן...

אָבער ווען אויך דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, עלטערן האָבן איינגעזען, אַז די יוגנט איז שוין צופיל פאַרכאַפּט פון דער „סטרא־אחרי" און אויב מען וועט זיי נישט דערלויבן גיין הערן דעם אידישן רעדנער, קאָן קומען צו „ווייסעך־וואָס", דאָ האָט שוין דער הייסער בעלזער חסיד, דער ווייסער ישראל, באַשלאָסן צו גיין אויף „קידוש השם" און ער, איינער אַליין, האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער שיל און געוואָלט שטערן דעם אַריינגאַנג.

נו, האָבן אים די צוויי יוגנטלעכע שיעלע און אברהמטשע בינשטאָק אָנגעבראָכן די ביינער און דער אַקט איז פאָרגעקומען.

עס קאָן זיין, אַז די מלחמה צווישן יונג און אַלט, וואָלט זיך נאָך אין היוועניוז לאַנג געווען פאַרצויגן און ווער ווייסט, צי וואָלט עס נישט געקומען אַפילו ביז בלוט־פאַרגיסונג, ווען נישט דער יונגער, אינטעליגענטער **אביגדור שפּריצער**, (דער באַוואוסטער דראַמאַטורג און שריפטשטעלער, וואָס געפינט זיך היינט אין ב. איירעס),



## אידישע טיפּן פון גאַליציע

— 3 —

ער איז אַ „יושב" אין רבינס הויף.
צוויי מאָל אין יאָר פאָרט ער בלויז אַהיים צו ווייב און קינדער; איינמאָל אויף פּסח, כדי צו זיין אַ „מלך" אין זיין אייגענער „מלוכה", און דאָס צווייטע מאָל — צום ברית פון זיין ניי־געבוירן קינד.

אַזוי זיצט ער אַ גאַנץ יאָר אין רבינס הויף און ער גלויבט באמונה־שלימה, אַז אין דעם זכות פאַרדינט זיין ווייב אויף פּרנסה, כדי צו קענען דערנערן און דערציען די קינדערלעך לתורה, לחופּה ולמעשים טובים...

וועלכער האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו באַרואיקן פון איין זייט די פאַנאַטישע עלטערן און פון דער אַנדערער אויך צוימען די טעמפּעראַמענטן פון דער יוגנט

אַביגדור שפּריצער איז אין היוואניוו געווען אַן אויטאָריטעט נישט נאָר אַלס העברעאישער לערער און קולטור־טוער ביי דער יוגנט, נאָר אויך אַלס מיוחסדיק קינד פון אַנגעזעענע פרום־חסידישע עלטערן, און מיט זיין רואיקער באַזאָכטקייט, ביים עלטערן פרום־פאַנאַטישן דור.

אַפילו די בעלזער חסידים האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און כאָטש זיי זיינען נישט מסכים געווען מיט זיינע אויספירן, אַז די יוגנט וועט אויסוואַקסן און זיין וואוילע און גוטע אידן, כאָטש זיי גייען נאָך מיט דער נייער צייט... האָבן זיי פאָרט געפילט, אַז עפּעס ווייס ער פאָרט וואָס ער רעדט, נאָר ווייס־איך־וואָס... אַז אַך און וויי!...

אַביגדור שפּריצער איז געווען זייער באַליבט ביי די יונגטלעכע, כאָטש ער האָט זיי געזאָגט צו צוימען און פאָדערן, אַז זיי זאָלן זיין טאָלעראַנט צו דער פרומקייט פון זייערע עלטערן און נישט אַרויסווייזן זיי קיין צו־להכעיסן, ווייל דאָס קאָן זייער פיל שטערן אין דער קולטור און אייזער פירן כסדרדיקע קאַמפן, איז בעסער צו לערנען, לערנען און לערנען.

און אַרום שפּריצערן האָט זיך באַלד געשאַפן אַ קרייז און עס איז אָנגעפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע אידישע קולטור־אַרבעט און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ

העברעאישע שול און אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט ער געהאָלפן שאַפן אַזעלכע שולן און מיט די פעאיקערע שילער האָט זיך שפּריצער אַליין אָפּגעגעבן און האָט ער ביי וועלכן פון זיינע תלמידים געזען פעאיקייטן צום שרייבן, האָט ער זיי צוגעגעבן מוט און אויסגעוואַרימט זייער דראַנג צום שאַפן און אַזוי האָט ער דערצויגן די צוויי, שפּעטער זייער באַוואוסטע אידישע שרייבער **יעקב שודריך** (שפּע־טער אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד) און **יצחק בערגער**.

חסידים האָבן זיך ערשט שפּעטער געכאַפּט, אַז זיי האָבן דעם אביגדורלען צו־פיל געשוינט, זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז אַ שטיל לעמעלע און זיי האָבן זיך צו־געהערט צו זיינע באַרואיקנדיקע ריידעלעך און זיי האָבן שוין אָנגעהויבן אים אָפּן באַשולדיקן, אַז ער איז דער הויפּט־שולדיקער אין פאָרשריט פון דער היוונעווער אידישער יוגנט, אַז ער איז אַ „חוטא ומחטא את הרבים", אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט, די יוגנט האָט זיך שוין געהאַט אויסגעקעמפט אַ פעסטע קולטור־פּאָזיציע, היוונעוו האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם דראַמקרייז, מיט וועלכן שפּריצער האָט אָנ־געפירט און סיי די שולן, סיי די רעפעראַטן, וואָס זיינען אָפּט פאָרגעקומען און די פאָרשטעלונגען פון דראַמקרייז, האָבן צוגעצויגן וואָס ווייטער אַ גרעסערן עולם, טראָצדעם, וואָס די חסידים האָבן כסדר געדראָט מיט „לייגן אין חרם אַריין", און איינמאָל אַפילו אויסגערופן אַ חרם אויף דער פאָרשטעלונג פון גאָלדפאַדנס „צוויי קוני־לעמלס", אָבער עס האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן דער סאַלאָן איז געווען פול געפּאַקט מיט אַ באַגייסטערטן עולם.

אָט אַזוי איז געווען היוונעוו בעת איך האָב עס פאַרלאָזן.

איז כאָטש געבליבן אַ זכר פון מיין שטעטעלע?



# א קדיש נאך מיין שטעטעלע

פון יעקב בירנבוים



סקאלאט, מיין שטעטעלע!

איך זע דיך נאך ווי לעבעדיק נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה און איך זע די קליינע צאל שטעטלשע גבירים און די געציילטע מיטלשטאנד-אידן און די גרויסע צאל קבצנים דיינע, וואס האבן געפירט דעם שווערן קאמף פאר זייערע עקזיסטענצן.

סקאלאט, מיין שטעטעלע, וואס דו ביסט אזוי ענלעך צו א סך אזעלכע שטעטלעך אין גאליציע; איך זע די געציילטע בעלי-מלאכות און די גרויסע צאל מעקלערס און אויפקויפערס פון פארשידענע פראדוקטן אין די דערפער ארום, און איך זע ווי אלע אידן דיינע, ווארטן אויף דעם וואכן-יאריד, וואס לעבט-אויף דאס שטעטל און די שטעטלשע אידן מיט האפענונגען אויף א פארדינסטל.

איך זע נאך אין געדאנק דיין מארק אין דער שעה פון גרעסטן זשום און הו-הא; איך זע די וועגענער מיט די אנגעפארענע פויערים און די בוידן און געשטעלן מיט פארשידענע סחורות, פון א פידעלע שוועבעלעך ביז א טאנ-דעט-אנצוג; איך הער נאך די פארשידענע אויסרופן פון קינדערשע, פרויען און באסאווע מענער-שטימען, וואס רופן אוים די מעלות פון זייערע ארטיקלען און איך הער נאך דעם קליינעם משהלעס קאמישע אויסרופן: — „ניכטא ניע מאיו טילקא טאי בידני מאשקע מאיו”... (ד. ה. קיינער האט נישט, נאר בלויז דער ארימער משהלע האט...) און דעם צווייטנס באסאווע אויסרוף, וואס פארהילכט משהלעס קוויטשענדיק שטימעלע: — „טשויעס, פאמאצאי מענע כאטש זאדורנא”... — ד. ה. מען זאל אים כאטש אנטאפן אומזיסט.

אוי, די קאמישע עפיזאדן, וואס האבן זיך אפגעשפילט יעדע וואך אויפן סקא-לאטער יאריד! געווען דארט א „שנעל-פארקויפער”, וואס האט זיינע ארטיקלען פשוט פארטיילט אומזיסט, און דאך האט ער געמאכט גוטע געשעפטן, ווייל דער „ביליק”-באצאלטער ארטיקל, האט שוין באצאלט אויך פאר די ניין אומזיסט-פאר-טיילטע . . .

אבער, איז נאר אוועק די שווערע וואך מיט די דאגות פרנסה, האט מען שבת שוין נישט געקאנט דערקענען דעם סאציאלן אונטערשיד פון איינעם צום אנדערן.

די געשעפטן פאַרמאַכט, די שילן און די קלויזן פול געפּאַקט, זיינען אידן געווען באַהערשט פון דער נשמה־יתירה. אין סקאַלאַטער אידישע היימען שפּילן זיך אָפּ אידיליעם און ווער שמועסט שבת פאַרנאַכט, ווען די יוגנט לאָזט זיך אַרויס אויפן שפּאַציר אויסער דעם שטעטל, די פרייד און די יוגנטלעכע געלעכטערס, וואָס קלינגען אָפּ ווי טויזנטער גילדענע גלעקלעך וואָלטן זיך צעקלונגען.

איך זע נאָך די צעטיילונג און דעם קאַמף צווישן די עלטערן און דער יוגנט די עלטערן זיינען קעגנער פון ציוניזם און די קולטוס־געמיינדע איז זייער פעסטונג און די יוגנט איז דווקא ציוניסטיש און זי זאַמלט פאַר ציוניסטישע פאָנדן און זי שאַפט אַ העברעאישע שולע, וואו קליין און גרויס לערנט מיט התמדה און מען הערט שוין בעת די שבתדיקע שפּאַצירן ריידן העברעאיש און ליכטיק און דערהויבנדיק זיינען געווען די ימים־טובים, וואָס סקאַלאַטער יוגנט האָט דורכגעפירט

איך זע אויך די ליכטיקע ימים־טובים, וואָס די סקאַלאַטער חסידים האָבן גע האַט; ווי דערהויבנדיק זיינען געווען די טעג, ווען דער הוסיאַטינער רבי, וועלכער האָט שוין געוואוינט אין ווין, איז געקומען אויף שבועות קיין סקאַלאַט צו זיינע חסידים!

די חסידים פלעגן זיך פאַרשטעלן פאַר קאָזאַקן און אַקעגנפאָרן רייטנדיק מקבל פּנים זיין דעם צדיק און דערנאָך האָבן זיי אים באַוואַכט ווי אַ לייב־גוואַרדיע און געריטן פאַר אים און הינטער אים, ביז מען איז צוגעקומען צום הויז פון ר׳ יאָסעלע מילגראָם, דעם הוסיאַטינערם חסיד וועלכער האָט ספּעציעל אויפגעבויט אַ גרויסן שאַלאַש, אַז דער רבי זאָל האָבן וואו צו פּראַווען די טישן.

און וויפיל חסידים עס זיינען אויף דעם שבועות אָנגעקומען קיין סקאַלאַט! פון נאָנט און פון ווייט זיינען געקומען אַרימע, מיטעלע און רייכע חסידים און זיי האָבן אָנגעפילט אַלע שטיבער, און ווען דער רבי האָט געפּראַוועט דעם טיש, איז דער שאַלאַש געווען אָנגעפולט מיט טויזנטער באַגייסטערטע חסידים, וואָס האָבן דאָרט דורכגעלעבט און דורכגעפילט די גייסטיקסטע דערהויבונג.

פאַרשטייט זיך, אַז ביי די חסידים, האָט עס אַרויסגערופן אַן אויפברויז, ווען אונדזער יוגנט האָט זיך גענומען גרייטן אויפצופירן גאָלדפאַדנס „קוני־לעמלס”. זיי האָבן עס דווקא געוואָלט שטערן, אָבער דער ליבהאָבער־קרייז האָט געהאַט די שטיצע פון דער גאַנצער סקאַלאַטער יוגנט און דער אָנפירער פון קרייז, יהודה קאַץ, האָט אויפגעפירט נישט בלויז די „קוני־לעמלס” נאָר אויך „די באבע יאכנע” און אַפילו דעם „דיבוק” פון אַנ—סקי, און הלמאַי זאָל איך לייקענען? איך האָב דערנאָך געזען פאַרשידענע אויפירונגען פון „דיבוק”, נאָר די ערשטע, די אויפירונג פון סקאַלאַטער ליבהאָבער־קרייז, האָט אויף מיר געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק.

אונדזער סקאַלאַט האָט אויך געהאַט צוויי רבנים, איז איינער, ווי דער שטייגער איז, געווען אַ חסיד און דער צווייטער אַ מתנגד, און עס איז זיך געווען וועגן וואָס צו קריגן. און ווייל דער חסידישער רב האָט געקעמפט קעגן דער יוגנט, האָט דער מתנגדישער זיך דווקא גוט פאַרהאַלטן און אַפילו גאַנץ אָפט דיסקוטירט מיט דער יוגנט ווי אַן אייגענער מיט אייגענע — הגם, ער האָט גערעדט וועגן פרומקייט און וועגן לערנען גאָטס תורה.

פונדעסטוועגן, כאָטש צוויי רבנים, האָט מען זיך מיט יעדער שווערער דין־תורה געווענדעט נישט צו זיי, נאָר צו יאָסעלען דעם שוחט, וואָס איז געווען אַ זייער קלו־גער איד און ער איז אַלס אנטייל־נעמער אין בית־דין, געווען דער בעסטער בורר

באַליבט אין סקאַלאַט איז געווען ר׳ מאָטיע פערלמוטער. ער איז געווען אַ גרוי־סער תלמיד חכם און נאָך אַ גרעסערער וויצלער און מען האָט דערציילט וועגן אים, אַז בשעת די אוקראַינער האָבן רעגירט אין סקאַלאַט און מען האָט נישט געקאָנט אין ערגיץ פאָרן אָן אַ „פּאַסיר־שיין", לאָזט זיך מאָטיע פאָרן אין אַ צווייט שטעטל און ווען דער גרענעץ־סאָלדאַט פאַרהאַלט אים און פרעגט אים אויפן פּאַסיר־שיין זאָגט אים ר׳ מאָטיע: צו וואָס דאַרפסטו מיין פּאַסיר־שיין, אַז דו האָסט דאָ מיך אַליין ? . . .

האָט זיך דער סאָלדאַט צעלאַכט און אים דורכגעלאָזן אָן דער „פּשעפּוסטקע"...

אַ גאָר מאָדנער טיפּ איד איז אויך געווען ר׳ אליהו יאָווער; ער איז געווען אַ מוהל־מומחה און ביז ער איז געוואָרן אַ זקן אַ בן שמונים, האָט ער נאָך אַליין אין דער גאַנצער געגנט געשמט אַלס בעסטער מוהל. ער איז געווען אַ מוהל נישט הלילה צוליב פּרנסה, נאָר לשם מצוה און אויף אָרימע בריתן, האָט ער נאָך צומאָל איבער־געלאָזן אויף אַ מתנה פאַר דער קימפּעטאָרן

און ווידער דער הוסיאַטינער רבי

פונקט ווי די יוגנט האָט אויפגעלעבט אין דער צייט פון אַ נייעד קאָנפערענץ, בעת אַן עקזאַמען אין דער העברעאישער שול אָדער ווען מען האָט זיך געגרייט צו אַ פאָרשטעלונג פון ליבהאָבער־קרייז, אַזוי האָבן זיך די עלטערע אָנגעהויבן גרייטן און קהלן זיך, ווען דער רבי האָט ווידער באַדאַרפט קומען צו־גאַסט אין שטעטל

דער רייכער גוטבאַזיצער און בן־תורה ר׳ דודל האגער, האָט אַנטקעגנגעשיקט צו דער באַן־סטאַציע זיין פייעטאָן געשפּאַנט מיט שיינע ווייסע פערד, און ווי שוין רערמאָנט, חסידים האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר קאָזאַקן און דאָס איז באמת געווען אַן אימפּאָזאַנטער ספּעקטאַקל, סיי פאַר די חסידים ווי פאַר דער פאָרגעשריטענער יוגנט

פון דער גאַנצער געגנט ארום זיינען דעמאָלט געקומען חסידים קיין סקאַלאַט און נישט יעדער האָט זיך אַזוי לייכט געקאָנט צובאַקומען אָפּצונעמען שלום ביים רבין. די לייב־גוואַרדיע האָט אַכטונג געגעבן, אַז צוערשט זאָלן אָנקומען צום רבין די מקורבים, דערנאָך די גבירים און דערנאָך באַלעבאַטים און ערשט צולעצט, ווען עס איז נאָך געבליבן געננג צייט האָבן אויך די קבצנים געהאַט די זכיה זיך צו פּראַווען ביים רבין.

די סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין שאַלאַש און ארום דעם שאַלאַש, ווער עס האָט זיי איינמאָל געזען, דער וועט זיי מער קיינמאָל נישט פאַרגעסן !

ווען דער רבי האָט זיך באַוויזן ביים אָפענעם פענצטער, אָדער אין גאַס, האָט דער באַגייסטערטער עולם פון ארום, אָנגעהויבן טאַנצן און זינגען מיט אַזאַ התלהבות, ממש ביז מען איז געפאַלן פון די פיס פון מידקייט.

מיט 22 יאָר צוריק, פאַר מיין אַוועקפאָרן קיין ארגענטינע, בין איך, אין באַ־גלייטונג פון י. מילגרוים, אַוועק צום רבין זיך געזעגענען און ער האָט מיר געוואונטשן אַ וואַרימען צאתכם לשלום און דערנאָך, צום אָפּפאָרן, האָט אונדז, מיך און מיין פרוי

באַגלייט די פאַמיליע און נאָך היינט זע איך זייערע טרערן און הער זייער געוויין, אַזוי ווי די הערצער וואָלטן זיי גלעזאָגט, אַז זיי וועלן אונדז שוין מער נישט זען.

אין 1939 האָט זיך פאַרצויגן אַ פינצטערער פאָרהאַנג איבער מיין שטעטעלע סקאַלאַט און ערשט אין 1942 האָב איך באַקומען אַ ידיעה פון מיינע ברידערס קינדער אַז זיי האָבן מיט נסים זיך באַוויזן צו ראַטעווען קיין רוסלאַנד און אין דעם בריף שילדערן זיי אויך, ווי צווי טאָג אין הודש ניסן פון 1942 האָבן די נאַצי-מערדער אויפגעלייזט די געטאָ און אַרויסגעטריבן אַלע אידן אין דעם וואַלד, וואו די יוגנט האָט זיך אַמאָל אַזוי גליקלעך געשפילט און דאָרט האָבן זיי אַלע אידן אויסגעמאָרדעט און אַ סך פון זיי אַפילו באַגראָבן אין דעם גרויסן מאַסן-קבר — לעבעדיקערהייט...

חבל על דאבדין ולא משתכחין     יתגדל ויתקדש שמיה רבא!...



# מיין פּראָצעס מיט דער פירשטן לובאָמירסקי

פון שמואל זאַנוויל בריק



איך גלויב, אַז עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, וועגן דעם פּראָצעס, וואָס איך האָב געפירט קעגן דער פירשטין לובאָמירסקי, ווייל דער פּראָצעס האָט אָנגערירט נישט בלויז מיין פּערזאָן, אָדער מיין פאַמיליע, נאָר דער אורטייל האָט געטראָפן אַ סך, אַ סך אַזעלכע ווי איך, וואָס מיר האָבן ליב געהאַט די ערד און וואָס מיר האָבן געפלעגט די מאַמע ערד, נאָר די לאַגע האָט אונדז צוגע־פירט דערצו, אַז מיר האָבן די מאַמע ערד געמוזט פאַרלאָזן.

אָבער איידער איך טרעט צו דערציילן וועגן מיין פּראָצעס, וויל איך קודם שילדערן אונדזער אָרט לעבן אייך די שיינע פעלדער און גערטנער, אין דער שיים פון דער נאַטור.

געבוירן בין איך אין דעם גרויסן און רייכן דאָרף **ראָסאָכי**, ביי סטאַרי סאַמבאָר.

מיין פאָטער הערש בריק, איז געווען גוטבאַזיצער אין ראָסאָכי, געהאַט אַ גרויסן פאָלוואַרק, אַ היפשע פאַמיליע און אַ גרויסע דינערשאַפט, וועלכע האָט זייער בכבוד געהאַלטן מיין טאַטן, דעם אידישן פּריץ.

ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, געדענק איך, ווי עס זיינען געקומען איסלענדער, מען האָט געזאָגט, אַז דאָס זיינען ענגלענדער און פראַנצויזן, זיי זיינען געקומען מיט אַזעלכע מאַשינען און מיט זייגערס אויף אונדזערע פעלדער; זיי האָבן געגראָבן און געמאָסטן און איך האָב געהערט ווי מען רעדט וועגן נאַפט.

די איסלענדער האָבן געזוכט און געגראָבן, אָבער זיי זיינען פּלוצלונג אַוועק און מען האָט אינדערהיים אויפגעהערטריידן וועגן נאַפט, ביז איינמאָל, ווען אונדזערע פּויערים האָבן געוואָלט גראָבן אַ ברונעם, זיינען זיי געקומען צו לויפן באַגאַסענע מיט עפּעס אַזאַ געדיכטער שווער געריכיקער בלאָטע און מען האָט אין יענעם טאָג נישט געהערט וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר וועגן נאַפט און נאַפט און באַלד זיינען ווידער געקומען אַ סך מענטשן און איסלענדער, מען האָט ווידער געמאָסטן און געגראָבן און דעמאָלט האָט מען שוין אָפּגעטיילט אַ גרויס שטיק פּלאַץ פון אונדזער גוט, דאָרט האָט מען ארומגעצוימט אַ מויער, מען האָט אריינגעפירט מאַשינען און מען האָט געזאָגט, אַז די איסלענדער, וואָס האָבן געקויפט דאָס נאַפט־גרוב, ווערן נתעשיר, זיי שעפּן דאָרט גאָלד פון טיפע קוואַלן...

איך געדענק אויך, אַז ווען עס זיינען געקומען אידן פון גרויסע שטעט, מערסטנס זיינען דאָס געווען אַזעלכע שוואַכע, געבויגענע אידעלעך מיט ברייטע סאַמעט־קאַפּע לושן אויף די קעפּ, זיי זיינען געקומען זאַמלען געלט און מיין טאַטע האָט זיי אויפגענומען אין הויז מיט גרויס כבוד, ער האָט זיי אויסגעפרעגט וועגן דער גרויסער וועלט און ער האָט אַ סך מאָל אָנגעוויזן אויף מיר און זיך געקלאָגט, וואָס דאָס וואַקסט אַזוי פריי, אַזוי ווילד און דאָס ווייס גאָרנישט פון אידישקייט, פון לערנען און אַ סך מאָל האָט ער פאַרהאַלטן אַזאַ שוואַכינקע אידעלע ער זאָל מיט מיר לערנען, האָט דאָס אידעלע מיך געלערנט דאַווענען און איך האָב אים געוויזן ווי אַזוי מען אַקערט און מען זייעט און ווי אַזוי עס וואַקסט און ביי דעם שוואַכינקן אידל האָבן זיך די אויגן געצונדן פון נייגעריקייט און ער האָט געקוקט און געשעפּט נחת און ער האָט מיך געגלעט און געזאָגט, אַז דאָ איז אַלץ אַזוי שיין, מען זעט דאָ אַזוי שטאַרק די גבירות הבורא, אַז עס ווילט זיך טאַנצן פון פרייד...

און דער איד האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן אונטערשפּרינגען און זאָגן „קדוש קדוש! קדוש!"...

איינמאָל האָט מיין טאַטע אַזאַ איד פאַרהאַלטן אַ לענגערע צייט, דערנאָך איז ער מיט אים צוזאַמען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין און ער איז צוריקגעקומען מיט אַ יונגן ישיבה־בחור, אַזאַ אויסגעבלייכטן, מיט לאַנגע דינע געקרייזלטע שוואַרצע פּאהלעך און דער טאַטע איז געווען זייער פריילעך און ער האָט געזאָגט צו מיין שוועסטער: — „מזל־טוב! איך האָב דיר געבראַכט אַ בחורל אַ צאַצקע, דעם בעסטן אין דער ישיבה! זאָל דיר זיין מיט גרויס מזל!"...

און זייט דעמאָלט האָט זיך ביי אונז אויפן ישוב אָנגעהויבן אַ גאַנץ אַנדער לעבן

דער אויסגעאיידלטער בחור איז געווען שמאי עגערט, פון מאָשטשיסק, אַ קינד פון יחוס, און שנעל האָט מען געפּראַוועט די חתונה, און שמאי איז געוואָרן מיין שוואָגער.

איך האָב זיך זייער געפריינט מיט אים. ער האָט מיך געלערנט אידישקייט און איך האָב אים געוויזן אונדזערע פעלדער, אונדזער פאָלוואַרק און ער האָט ליב געהאַט צו שטיין ווי לאַנג, איינגעהילט אין דער געדיכטער מאַסקע נעבן די בינענשטאָקן און באַטראַכטן די וואַקסענע נעסטן, וואו די שטעכעדיקע בינען גיבן מיט אַזוי פיל שפע זייער זיסן האָניק...

ווייזט אויס אַז מיין שוואָגער האָט געהאַט אַ פיל בעסערן קאָפּ פון מיר, ווייל ער האָט אַ סך שנעלער אויסגעלערנט און פאַרשטאַנען די זאַכן פון אונדזער פעלד און פאָלוואַרק, ווי איך אין די קליינע אותיות, אָבער ער האָט עס מיר נישט פאַרגעוואָרפן, פאַרקערט; ער האָט מיר גאַנץ אָפט אַ זאָג געטון שטילערהייט, אַז ער האַלט פון מיר מער ווי פון די שטאָטישע געפּאַטשקעטע זינדלעך, וואָס וואַקסן ווי די פאַרצעלייענע ליאַלקעס, וואָס אַ ליאַדע קלאַפּ צעברעכט זיי; אָבער אין מיר, זעט ער, אַ געזונטן אידן און ער וויל נאָר, איך זאָל אויך זיין אַ גוטער און געטרייער איד...

איך בין אַלט געווען 25 יאָר, ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַן אַנדער אידישן פּריץ אין דעם דאָרף גדישעצע, נישט ווייט פון פּשעמישל.

דאָרט האָב איך געקויפט צען יאָכט פעלד, געלאָזט באַאַרבעטן, און גלייכצייטיק

האָב איך געהאַנדלט מיט גיטער, געקויפט אַ גרויס גוט, פאַרצעקירט עס אין קלענערע חלקים און פאַרקויפט און אַזוי האָב איך געמאַכט זייער גוטע געשעפטן, אָבער ליב האָב איך געהאט מיין שטיקל נחלה, די צען העקטאַר, וואָס איך האָב באַאַרבעט דורך אייגענע מענטשן, און איך האָב געפילט, אַז איך זעץ פאָר מיט דעם וועלכן לעבן וואָס מיין פאָטער האָט געפירט.

איך האָב שוין אַפילו געהאט גענוג געלט אויף צו קויפן אַ גרויס גוט און ווערן אַן אמתער פריץ, אָבער עס האָבן שוין אָנגעהויבן ווייען נייע ווינטן, מען האָט שוין אָנגעהויבן האָבן גרויסע אויגן אויף דעם אידישן ערד־אייגנטימער און עס איז געווען בעסער צו קויפן און פאַרקויפן, איידער אַליין בלייבן באַלעבאָס איבער גרעסער שטחים ערד.

האָב איך געפלעגט מיין היים, מיינע צען מאָרגעס פעלד און געהאַנדלט אין פאַרצעלירטע פריצישע הויפן, ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן און איך האָב געמוזט פאַרלאָזן היים, פאַמיליע, פעלד און גיין פאַרטיידיקן קייזער און פאַטערלאַנד

וואָס איך האָב מיטגעמאַכט אַלס סאָלדאַט, איז אַ זאַך פאַר זיך. איך בין געווען איינער פון פילע טויזנטער אידישע סאָלדאַטן אין דער עסטרייכישער אַרמיי און אַבי איך האָב, גאָט צו דאַנקען, איבערגעליטן און איבערגעלעבט די שווערע מלחמה־יאָרן דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

נאָך דער מלחמה, ווען איך בין צוריקגעקומען פון שלאַכטפעלד אויף מיין רואיק שטיקל פעלד, אויף וועלכן עס איז געזעסן מיין פרוי מיט מיינע עטלעכע קינדער, האָב איך ווידער אָנגעהויבן ווי אַמאָל, איך האָב געזוכט וואו מען קאָן קויפן, גע־טראַכט וועגן נייע פאַרצעלירונגען און איך בין געווען זיכער, אַז אַזוי וועל איך שוין אָנגיין מיט מיין לעבנסשטייגער אויף אַלע צייטן.

האָט זיך אָבער נאָך דער מלחמה אָנגעהויבן אַ גאַנץ נייער מין לעבנס־שטייגער. פוילן איז באַפרייט געוואָרן און יעדער פויער האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ער איז דער אמתער באַלעבאָס פון דער ערד, וואָס דער איד האָט פאַרקאַפט, און אויב דער פויער האָט נישט געוואָלט אַזוי טראַכטן, האָבן אַגיטאַטאָרן אים דאָס אַריינגעשריען אין אויער און דאָס לעבן האָט פאַר מיר אָנגעהויבן גיין שווערער אָבער איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן

איך האָב געוואוסט, אַז איך בין אַ פעלד־מענטש, אַז איך האָב מיינע ירושה־רעכט זיך אָפצוגעבן מיט פעלד, גוט און פאָלוואַרק אַרבייט און אויך האָב איך גע־וואוסט, אַז מיט מיין פאַרצעלירן גרעסערע גיטער, טו איך אויף אַ גוטע זאַך פאַר די פויערים וועלכע קענען אַזוי אַרום ווערן באַלעבאַטים פון קלענערע נחלות, אַנ שטאָט בלייבן אויף אייביק שקלאַפן אויף יענעמס פעלדער...

האָבן אַנטיסעמיטן געבילן זייערס, און איך האָב מיר געטון מיינס.

האָט זיך געמאַכט איינמאָל, אַז איך האָב זיך דערוואוסט, אַז די פירשטין לובאָ־מירסקי איז געקומען אויף אַ וויזיט אין איר גרויסן פאַלאַץ אין מיזשענעצ און דאָרט האָב איך באַוויזן אָפצושליסן מיט דער פירשטין אַ גרוס געשעפט, אָפקויפנדיק ביי איר אַ גרויסן שטח ערד פון הונדערט העקטאַר

אַזוי ווי די געשעפטן מיט ערד און גיטער־קויף האָט זיך צוליבן וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם אָנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן האָב איך זיך שוין געוואָלט

צוריקציִען פון דעם האַנדל, איך האָב נאָר געוואָלט פאַרגרעסערן מיין נחלה און באַארבעטן מיינע פעלדער אויפן גרעסערן שטייגער און צוליב דעם האָב איך געקויפט ביי דער פירשטין לובאָמירסקי דאָס שטיק פעלד פון הונדערט העקטאַר.

אָבער דער קויף איז געוואָרן גרויס אין די אויגן פון די אַנטיסעמיטן און זיי האָבן אָנגעהויבן גראָבן און אינטריגירן, ביז זיי האָבן אויסגעפירט, אַז מען זאָל ביי מיר אָפּנעמען די רעכטן אויף דעם געקויפטן פעלד.

איך האָב שוין דאָס געקויפטע פעלד געהאַט פאַראַקערט און פאַרזייעט און די רציחה איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט מיך פשוט אָן אַ שום רעכטלעכן מאָטיוו, אַראָפּגעטריבן פון מיין פעלד, מיט דער עצה, אַז אויב איך וויל פעלדער, זאָל איך פאָרן קיין פאַלעסטינע . . .

איך האָב געהאַט די שריפטלעכע דאָקומענטן, מיין קויף־ און באַצאָל־שיין אונטערגעשריבן פון דער פירשטין און ווייל עס האָט געהייסן, אַז דאָס פעלד גייט צוריק אלס אייגנטום פון דער פירשטין, האָב איך די פירשטין אָנגעקלאָגט אין געריכט.

דער פראָצעס איז פאָרגעקומען אין פשעמישל.

איך האָב געהאַט אַדוואָקאַטן און די פירשטין האָט געשטעלט אירע אַדוואָקאַטן, אָבער מיינע דאָקומענטן זיינען געווען אַזוי קלאָר און אַזוי ערלעך, אַז די ריכטער האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג, ווי צוזפּסקענען לטובת מיר, אַז די פעלדער האָב איך געקויפט און באַצאָלט און זיי געהערן מיר און קיינער האָט נישט קיין רעכט מיר צו שטערן אין באַאַרבעטן און עקספּלאָטירן די פעלדער.

מיט דעם געריכט־אורטייל אין קעשענע, בין איך צוריק אַרויס אויף מיינע געקויפטע פעלדער אָבער דאָ זיינען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט וואַכן, מען האָט מיך נישט אַרויפגעלאָזן, מאָטיווירנדיק, אַז איך מוז האָבן אַ ספּעציעלע באַשטעטיקונג פון אַ „פּרעדאָוואַלסקי קאָמיטעט".

דאָס איז געווען אַ נייַ שטיקל אַרבעט, אַ קאָמיטעט, וואָס דאַרף באַשטעטיקן יעדעס שטיקל ערד, וואָס זאָל אַריבערגיין פון קריסטלעכן באַזיץ אין אידישן און וואָס האָב איך דאָ אַ סך צו דערמאָנען? וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט, וויפל איך האָב נישט אויפגעוויזן מיינע ערלעכע כוונות, מיין פאַרגאַנגנהייט אַלס מענטש פון ישוב, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן; איך האָב, נישט נאָר נישט געטאָרט באַטרעטן די געקויפטע פעלדער, נאָר איך האָב אַפילו נישט געקאָנט אָפּמאָנען אויף צוריק די באַצאָלטע שווערע טויזנטער, וואָס איך האָב געגעבן דער פירשטין לובאָמירסקי, ווייל די פירשטין האָט געטענהט, אַז איך קאָן פאַרנעמען די געקויפטע פעלדער און אַזוי האָב איך געמוזט פאַרפירן אַ פראָצעס מיט דעם קאָמיטעט, האָט זיך דער פראָצעס פאַרצויגן ביז צום קראַך פון דער וואַלוטע און דעמאָלט האָט מען מיר אָפּגעצאָלט מיט ווערטלאָזע פּאַפּירלעך פאַר די געקויפטע הונדערט העקטאַר ערד וואָס איך האָב פאַר די פּאַפּירלעך קוים געקענט קויפן אַ ברויט...

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין פראָצעס מיט דער פירשטין אויף אַן אַבסאָלוט גערעכטן אופן, אָבער די באַפרייטע פּאָליאַקן האָבן אויסגעזוכט פאַרשידענע צוגאָב־געזעצן און אַזוי זיינען זיי געוואָרן די שטאַרקע און עס האָט מיר נישט געהאָלפן מיין ראַנגלען זיך, מיין וועלן בלייבן אַ אידישער ישובניק אויף פוילישער ערד, עס האָט אָנגעהויבן אויספעלן אָטעם, האָב איך געלאָזן מיין פרוי און מיינע קינדער אויף אונדזער צען־העקטאַרנדיק שטיקל פעלד און איך בין אַוועק אין ווייטע לענדער, זוכן אַ צוקונפט פאַר אונדזערע קינדער, אַלס אידן און אַלס פרייע מענטשן.

# מים געפלאנצט געווער ביים רבין מיט א קוויטל

פון מענדל גאטליב



געבוירן געוואָרן בין איך אין פראשובקא, א דאָרף נישט ווייט פון באכניע, אבער איך בין נאך געווען א קליין קינד, ווען מיינע עלטערן האָבן זיך אריבערגעקליבן קיין באכניע, וואו איך האָב פארבראכט מיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן און איך באטראכט באכניע ווי מיין געבורט־שטאָט.

באכניע איז געווען א שיין שטעטל און כאָטש עס האָט זיך געפונען קוים איין שעה רייזע מיט דער באן פון קראָקע, פונדעסטוועגן האָט עס נישט געזוכט זיך צו פוצן מיט קראָקעווער פעדערן, דאָס הייסט, נאָכצומאכן אלעס ווי אין קראָקע, נאָר האָט געפירט אן אייגנארטיק אידיש לעבן לויטן פרימיטיוון שטייגער פון די מערסטנס שטעטלעך אין מערב־גאליציע.

אפילו די אָפטע באזוכן פון קראָקעווער פרומע אידן פון דער „אגודה”, וואָס זיינען געקומען שטארקן די פרומקייט און די באזוכן פון קראָקעווער קולטור־טוער, וואָס האָבן פאראנשטאלטעט קולטור־אקטן און באמיט זיך צו קעגנווירקן די „אגודהניקעס”, דאָס אלין האָט נישט געהאָלפן. באכניע איז געבליבן ווי געווען, געטיילט אין צוויי שיכטן, פארגעשריטענע און פרומע און אין באכניע האָט מען נישט געוואוסט פון קיין קלאסן, ווי ארבעטער און באלעבאָס, נאָר „פאָר־געשריטענע” און „גאָטס פארזאָרגער”.

מיינע עלטערן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א געמיש פון ביידע מינים; דער טאטע איז נישט געווען קיין חסיד, אָבער זייער פרום און ער האָט געזאָגט, אז וואָס צו גאָט איז צו גאָט, און וואָס צו לייט, דארף זיין צו לייט.

האָט ער מיך טאקע געשיקט אין די פארמיטיקס אין די רעגירונגס־שולן, וואָס זיינען געשטיצט געוואָרן פון באראָן הירשס פאָנדן און אין די נאָכמיטיקס, בין איך געגאנגען אין חדר צו ר' אהרן דעם מלמד.

אוודאי זיינען מיר אלס קינד, די שולן בעסער געפעלן ווי דאָס חדר; אין דער שול זיינען מיר געזעסן אין א ליכטיקער גרויסער שטוב מיט דריי פענצטער, דורך

וועלכע עס האָבן זיך אריינגעריסן שטראָמען ליכט; און אין חדר איז געווען ענג און דושנע, כאָטש די שטוב איז געווען גענוג גרויס, ווייל אין דער שטוב האָט די רביצין אַ סך מאָל געמוזט אַוועקשטעלן אַ באַליע אויף צו וואַשן וועש און די שטוב האָט זיך אַלעמאָל געטיילט אין צוויי טיילן, וואָס איין טייל איז געווען די פּריוואַטע „רעזידענץ" פון דער רביצין און דער צווייטער טייל איז געווען דעם רבינס „קעניגרייך" וואו ער האָט „געוועלטיקט" איבער זיינע פּופּצן תּלמידימלעך.

און האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיין רבין ר' אהרעלע, מוז איך שוין דערמאָנען אים מיט ליב, ווייל ער איז געווען אַ גוטמוטיקער איד מיט אַ פּנים, וואָס האָט אַלע מאָל אַזוי ליב געשמייכלט און זיינע בליקן זיינען געווען אַזעלכע האַרציקע אַז מיר, די קינדער, האָבן אים ליב געהאַט און איך האָב אַליין, איך האָב ליבער געהאַט דעם ראש־חודש־נאָכמיטיק, ווען אונדזער מלמד ר' אהרעלע האָט אונדז געפירט אויפן שפּאַציר, ווי די יום־טוב־טעג, ווען מען האָט אונדז פון רעגירונגס־שול געפיהרט אויף „וויטשעטשקעס".

אויף ווייטע שפּאַצירן האָט אונדז ר' אהרעלע נישט געפירט; ווייט אויסער דער שטאָט, זיינען געווען שקצים, וואָס האָבן געטשעפּעט אידישע אינגלעך און נאָך מער האָבן זיי זיך געטשעפּעט צום רבין; זיינען מיר געגאַנגען נענטער, וואו עס זיינען געווען שטיקלעך גרינע פעלדער דאָרט האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אויפן גרינעם גראָז און דער רבי האָט מיט אונדז איבערגעזונגען די אַלע שטעלן פון חומש רות און שיר השירים וואָס מען לערנט געוויינלעך מיט אַ ניגון.

אָבער פון די „וויטשעטשקעס", וואָס מיר האָבן געמאַכט אין שולע, געדענק איך אַזוי ווי היינט, אַז מיר האָבן זיך אַמאָל אַראָפּגעלאָזן אין דעם זאַלץ־גרובן, וואָס האָבן זיך געצויגן מיט טונעלן און שיכטן פון באָכניע ביז וויעליטשקע און איך געדענק ווי אַ „פּזשעוואָדניק" האָט אונדז געפירט איבער געדרייטע טונעלן און מיר, קינדער, האָבן זיך אָנגעהאַלטן איינער אָן אַנדערן, ווייל מען האָט אונדז געוואָרנט, אַז אויב מען פאַרלירט זיך נאָר אויף איין מינוט פון די אַנדערע, דאַן העלפט שוין נישט קיין שרייען און קיין רופן, מען פאַרפּלאָנטערט זיך אין די פאַרשידענע געדרייטע דורכגענג און טונעלן און מען האָט שוין דאָרטן געפונען נישט איין טויטן, וואָס האָט זיך פאַרלוירן און ער האָט אַזוי לאַנג געבלאָנדזשעט אין די זאַלץ־גרובנס, ביז ער איז אייסגעגאַנגען פון הונגער און דורשט.

דער „פּזשעוואָדניק" איז געגאַנגען פאָראויס און געהוידעט מיט דעם קליינעם לאָמטערן, דער לערער מיט נאָך אַנדערע צוויי לערער זיינען געגאַנגען נאָך אים און נאָך אַנדערע צוויי לערער זיינען געגאַנגען צולעצט, הינטער דער גאַנצער לאַנגער ריי פון קינדער פון עטלעכע קלאַסן.

יעדע עטלעכע מינוט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און אַ לערער האָט געגעבן אַ לעקציע וועגן דעם פּלאַץ, וואו מען געפינט זיך, נאָר איך האָב אַפילו נישט געהערט וואָס דער לערער זאָגט, איך האָב נאָר געטראַכט וועגן די מעשהלעך וואָס איך האָב געהערט, אַז אין די זאַלץ־גרובנס זיינען פאַראַן פערד, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אָן אויגן, ווייל זיי אַרבעטן הונדערטער יאָרן אין די גרובנס און זיי זעען קיינמאָל נישט קיין שטראַל פון ליכט, זיינען ביי זיי די אויגן אַטראָפירט געוואָרן און אַזוי ווי אויגן זיינען אין די גרובנס אָן איבעריקע זאַך ווערן די פערד געבוירן אָן אויגן...

האָב איך נישט געהערט די לעקציעס, נאָר געקוקט און געזוכט פון אַלע זייטן, אפשר וועל איך זען אַזאַ פערד, איך האָב אויך געקוקט אין אַ וואַסערל, ביי וועלכן מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָפנדיק דאָרט צו געפינען אַ פישל אָן אויגן, אָבער איך האָב אַזוינס נישט געפונען און איך האָב דערפון געהאט פאַרדרוס, ווייל אַ חבר מיינער האָט געזאָגט, אַז ער האָט יאָ געזען...

שנעל האָבן זיך געענדיקט די קינדער־ און יוגנט־יאָרן.

מיין פאָטער, וואָס איז אונטער עסטרייכס ממשלה געווען אַ קייזער קעניגלעכער מיליטער־ליפעראַנט פון געטריידע, האָט נאָך פוילנס באַפרייאונג פאַמעלעך פאַר־לוירן איין ליפערונג נאָך דער צווייטער און מיין פאָטער האָט זיך דערפון זייער גע־ערגערט און עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז טראָצדעם וואָס מען האָט ביים טאַטן צוגענומען און צעשטערט זיין פרנסה אַלס ליפעראַנט פאַרן מיליטער, האָט מען אָבער נישט פאַרגעסן צוצונעמען מיך, זיין זון, אין אַכצן־יעריקן עלטער, איך זאָל גיין פאַר טיידיקן דאָס פוילישע פאָטערלאַנד קעגן די באָלשעוויקעס.

מען האָט מיך גענומען צוערשט צום 6־טן אַרטילעריע־פּולק, וואָס איז געשטאַ־נען אין קראָקע, אָבער באַלד, נאָך איידער איך האָב צייט געהאט זיך צו באַקענען מיט דער שיינער שטאָט, האָט מען מיך טראַנספערירט צום 6־טן אינפאַנטעריע־רעגימענט, וואָס איז געשטאַנען אין טאַרנאָוו.

איך בין דעמאָלט ערשט געווען אַכצן יאָר אַלט, אָבער מען האָט זיך מיט מיר לאַנג נישט געצערעמאָניעט, מען האָט מיך שנעל געגרייט אַלס קאַנאָנען־פוטער, אויף אָפּצושיקן מיך אויפן פראָנט.

דערווייל איז מיין פאָטער קראַנק געוואָרן פון ערגערניש, ער האָט נאָר געטהנהט פאַרוואָס מען האָט אויפגעהערט אָננעמען זיינע ליפערונגען פון געטריידע, נאָר זיין פלייש און בלוט, זיין ליבן זון, נעמען זיי דווקא יאָ... אָבער טענה היינט, טענה מאָרגן, דער טאַטע האָט זיך גענומען צום האַרצן און קוים דריי טעג, איידער מיין קאָמפּאַניע האָט באַדאַרפט אָפּגיין אויפן פראָנט, האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַפישע מיטיילונג, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן.

וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. מיין קאָ מענדאַנט האָט דווקא מיך אויפגענומען צום ראַפּאָרט, און מיר באַלד באַוויליקט איין טאָג אורלויב, איך זאָל אַריינפאָרן קיין באָכניע און זיין ביים טאַטנס לויה.

מיין אורלויב האָב איך פון איין טאָג פאַרלענגערט אויף גאַנצע דריי טעג, איך האָב מיין פאַרטרויערטע מאַמע נישט געקאָנט אַזוי איבערלאָזן, נאָך דערצו, ווען זי האָט געוואוסט, אַז איך דאַרף שוין אַרויספאָרן אויפן פראָנט. בין איך דריי טעג אָפּגעזעסן שבעה אינדערהיים, אָבער אויפן דריטן טאָג איז צו אונדז אריינגעקומען דער זשאַנדאַרם־אָפיציר, וואָס האָט אַ סך יאָרן געוואוינט מיט אונדז אין שכנות און ער האָט געוויזן אַ טעלעגראַמע פון מיין קאָמאַנדאַנטור, אין וועלכער מען פאָדערט מיך צו כאַפּן, ווייל איך בין נישט צוריקגעקומען.

דער זשאַנדאַרם־אָפיציר האָט געשמייכלט און זיך גוטברודעריש געזעגנט מיט מיר און מיך געהייסן פאָרן אַליין, ווייל אויב ער וועט מיך שיקן „פאָד וואַכאָן" וועט זיין ערגער, ווייל עס וועט הייסן אַז איך האָב געוואָלט דעזערטירן.

בין איך טאַקע אַליין צוריקגעפאָרן צו מיין קאָמפּאַניע, זיך צוגעשטעלט און אַזוי ווי די קאָמפּאַניע האָט שוין אויף צומאָרגנס באַדאַרפט אָפּפאָרן, האָט מען מיך אַפילו נישט צוגעשטעלט צום ראַפּאָרט, מען האָט פאַרווישט מיין דיסציפּלין-ברוך מיט מיין זעלבסט-פאַרלענגערטן אורלויב...

אַ היפּש ביסל יאָרן זיינען שוין זייט דאַן אַוועק און איך וויל זיך דאָ מודה זיין, אַז ווען איך בין צוריקגעקומען אין מיין קאָמפּאַניע, בין איך געווען אַ היפּש ביסל פאַרביטערט. איך האָב גוט געוואוסט, אַז מיין פאָטער איז געשטאָרבן צוליב די אַנטיסעמיטישע האַנדלונגען פון די מיליטערישע קאָמאַנדעס, וואָס האָבן אים באַרויבט פון זיין פרנסה און עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיך אַפילו געהעצט און געטענהט, — פאַר ווען גייסטו דאָ איינשטעלן דיין לעבן? פאַר ווען גייסטו דאָ קעמפן? צי מיינסטו, אַז דערפאַר וואָס דו וועסט דיין בלוט פאַרגיסן ערגיץ אויף אַ פראָנט קעגן אַ כלומרשטן שונא, מיינסטו, אַז די רשעים וועלן בעסער ווערן?...

די צוריידענישן האָבן געווירקט און איך האָב שוין אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי איך וואָלט זיך געקאָנט אַרויסדרייען און איך האָב נאָך באַוויזן זיך צו פאַרשטענדיקן מיט מיין מאַמע, די מאַמע האָט געוויינט און האָט מיר געזאָגט, אַז כאָטש דער טאַטע איז נישט געפאָרן צו קיין רביים, פונדעסטוועגן מיינט זי, אַז איך וואָלט געמעגט זיך אַרויפכאַפּן צום פּאָקשעוויצער רבין, וועלכער געפינט זיך אין טאַרנאָוו און ווי ער וועט הייסן, אַזוי זאָל איך טון.

און עס איז געווען צומאָרגנס אינדערפרי, עטלעכע שעה בלויז פאַרן אָפּפאָרן פון אונדזער באַטאַליאָן צום פראָנט, ווען מיר זיינען צוריקגעגאַנגען פון עקזיצירפּלאַץ, מיר זיינען געגאַנגען „פּאַראַד-מאַרש" מיט געפלאַנצטע געווער, אַזוי ווי מיר וואָלטן שוין צוריקגעקומען אַלס זיגער פון פראָנט און גייענדיק אַזוי איבער גאַסן און געסלעך, האָב איך באַוויזן זיך אַרויסצודרייען פון דער רייע און איך האָב זיך אַריינגעגנבעט אין אַ הויז.

ווען מיין קאָמפּאַניע איז שוין געהאַט אַריין אין אַ צווייטער גאַס, בין איך אַרויס פון הויז און אַזוי, אין פעלד-מונדיר און מיטן געפלאַנצטן געווער, האָב איך זיך געשלייכט דורך עטלעכע געסלעך, ביז איך בין אָנגעקומען אין הויז פון פּאָקשעוויצער רבין.

ווי עס וואָלט ערשט נעכטן פּאַסירט, אַזוי געדענק איך די ווירקונג, וואָס מיין פּלוצלינגער אַריינקומען אין רבינס שטוב האָט אַרויסגערופן. און ביז היינט וואונדערט מיך, ווי שנעל די מענטשן אין רבינס שטוב און דער רבי אַליין, האָבן זיך באַרואיקט.

דער רבי האָט געקוקט אויף מיר מיט זאַנפטע, אָבער ערנסטע בליקן. ער האָט אַ רייב-געטון זיין הויכן שטערן און דערנאָך האָט ער ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין קאָפּ און האָט געזאָגט:

— קינד מיינס... צו קליין איז דער מענטש, אַז ער זאָל וויסן וואו עס דראָט אַ גרעסערע געפאַר פאַר זיין לעבן... עס מאַכט זיך, אַז מיטן אויסבאַהאַלטן זיך פאַלט מען גיכער אַ קרבן ווי אויפן פראָנט, ווען גאָט וויל באַשיצן...

דער רבי איז שטיל געוואָרן און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער מיינט, אַז איך דאַרף גיין אויפן פראָנט. איך האָב אָבער געוואָלט הערן פון אים נאָך דייטלעכער און זעענדיק, אַז איך קוק נאָך אויף אים מיט פרעגנדיקע בליקן, האָט דער רבי ווייטער געזאָגט:

— גיי, מיין קינד, און האָב בטחון צו גאָט ברוך־הוא, און איך בין דיר מבטיח, אַז עס וועט דיר נישט געקרומט ווערן קיין האָר, און דו וועסט צוריקקומען געזונט און פריש.

און דער רבי איז אַריין אין צווייטן הדר.

מיט אַ דערלייכטערטן געמיט בין איך דעמאָלט אַוועק אויפן פראָנט. איך האָב אַ סך מיטגעמאַכט און טראַכטנדיק היינט וועגן רבינס ברכה, מוז איך באַווייזן די אַלע פון באָכניע און טאַרנאָוו, די אַלע אידען און רבנים פון גאַנץ גאַליציע, וועלכע זיינען שוין היינט צום גרויסן רוב נישט צווישן די לעבעדיקע; און איך, וואָס בין געווען ביים פּאָקשעוויצער רבין מיט געפלאַנצט געוואָר צו גיין אין מלחמה, בין פון מלחמה צוריקגעקומען און איך האָב אויסגעוואַנדערט און געבויט אַ נייע היים אין דער ווייטער פרייער אַרגענטינע און מיר איז גאָרנישט געשען, אַזוי ווי דער פּאָקשעוויצער רבי האָט מיר פאַרזיכערט...



## אידישע טיפּן פון גאַליציע

— 4 —

פיר וואוילע יונגען פון אַ קליין גאַליציש שטעטל. דאָס אָרימע שטעטל וואָלט אויסגעגאַנגען פון אומעט, ווען נישט די פיר וואוילע יונגען, וואָס הייטערן אויף דאָס שטעטל מיט זייערע „שטיקלעך".

און ווי איך קוקט זיי אָן, זיינען זיי אויך אַקטיאָרן און ווער עס האָט געזען אין אַ פּורים ווי זיי שפּילן אָפּ אַ „נס פּורים" מיט אַ מרדכי ואסתר און אַ „מכירת יוסף", דער קאָן שוין זייער פאַרשטעלונג קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אַ גאַנץ יאָר האָרעוועט יעדער פון זיי פאַר זיך. נאָר אויף פּורים, שליסן זיי צווישן זיך אָן אָפּמאַך אַלס „פּורים־געזעלשאַפט" מיט באַשרענקטער האַפטונג...



א שיין בילד פון רינג (מארק־פּלאַץ) אין מאָנאסטעזשיסקא נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

# דער צדיק פון יעזשערנא

פון גבריאל הערמאַן גרין



וואָס זיינען יאָרן? יאָרן זיינען אַזוי ווי כוואַליעס. דער מענטש באַמיט זיך כסדר צו גיין שטראָם־אַרויף און די יאָרן לויפן מיטן שטראָם־אַראָפּ, און זיי פאַרשווינדן אַלץ ווייטער און טיפער אין דער פאַרגאַנגנהייט.

אַזוי זיינען שוין אַ סך, אַ סך יאָרן פאַרשוואונדן, איך האָב שוין אויסגעוואָגלט און אויסגעוואַנדערט אַ סך, אַ סך לענדער און עס זיינען שוין אַ סך יאָרן פאַרגאַנגען, זייט איך האָב דאָ, אויף די ברעגן פון לאַ־פּלאַטאַ־טייך, אויפגעשלאָגן מיין געצעלט, פונדעסטוועגן געדענק איך נאָך מיין שטעטעלע יעזשערנא, אָדער ווי אידן האָבן עס גערופן: אַזשערנע, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און זיך אויפגעהאלטן ביז מיין צענטן לעבנס־יאָר.

פון אַלע הונדערטער און אפשר טויזנטער שטעט און שטעטלעך, איבער וועלכע איך האָב פון מיין יונגסטער יוגנט אָנגעהויבן וואַנדערן, טיילט זיך אויס מיין געבורט־שטעטעלע יעזשערנא און ווען איך דערמאָן מיך דערין, זע איך עס אין מיין געדאַנק, איך זע די קרומע הילצערנע שטיבלעך, די צעבראָכענע ברונעמער וואָס האָבן גאַנץ אָפט פאַרשלונגען קרבנות און איך זע נאָך די קלויסטער־שפּיצן וואָס שטרעקן זיך פונוייטן ווי זיי וואָלטן גערופן: — קומט, גייט אַרויס פון שטעטל, קוקט אָן אַ וועלט, אויב איר וועט וועלן צוריקקומען, וועט איר נישט בלאָנדזשען, מיר וועלן אייך ווייזן דעם וועג!...

אַ קינד בין איך געווען, אַן אָרים פאַרלאָזן קינד, אַ יתום, האָב איך זיך געדרייט אין שטעטל, געגישטערט איבעראַל און איך האָב אַלץ געזען און אַמערסטנס האָב איך געזען דאָס ביסל אָרימקייט צו וועלכן איך האָב געהאַט מער צוטריט.

אין יעזשערנאַ זיינען געווען אַ היבש ביסל אידישע געוועלבער און לעבעדיק איז אָנגעגאַנגען דער אידישער האַנדל אויף די ירידים וואָס האָבן זיך דאָרט געשטעלט, אָבער קיינער האָט נישט געזאָגט אַז די יעזשערנער אידן לעבן פון האַנדל, ווייל זייט איך בין געקומען צו מיין קינדישן שכל, האָב איך נאָר געהערט, אַז די יעזשערנער אידן לעבן אין זכות פון יעזשערנער צדיק, **ר׳ שלמהלע כראַפּ.**

ר' שלמהלע האָט דווקא נישט געשטאַמט פון קיין רבנים, ער איז געווען אַ זון פון אַ קרעטשמער, אָבער ער איז געווען אַן עלוי און אַ מתמיד און זיין לומדות האָט שנעל באַקומען אַ שם איבער דער גאַנצער געגנט און איינמאָל, ווען אין יעזשערנאַ האָט אויסגעבראָכן אַ שרפה און אַ שטיבל נאָך אַשטיבל איז אַוועק מיטן רויך, און דער ווינט האָט אַלץ געיאָגט דאָס פייער צו דעם אידישן געסל און צו דער קלויז, דעמאָלט (אַזוי האָב איך געהערט דערציילן) האָט זיך שלמהלע אַוועקגעשטעלט מתפלל זיין צו גאָט און אַ וואונדערלעכע זאַך, כאָטש דער ווינט האָט ווייטער געטריבן צו דער זייט וואו שלמהלע האָט זיך געפונען, פונדעסטוועגן האָט מען געזען באַשיינפּערלעך, אַז דאָס פייער קעמפט מיטן ווינט און לאָזט זיך נישט טרייבן ווייטער, נאָר גייט אויף צוריק...

געווען אַפילו מענטשן וואָס האָבן דערציילט, אַז זיי אַליין האָבן געזען, ווי עפּעס אַן אומזעבאַרע האַנט וואָלט צוריקגעטריבן דאָס פייער קעגן ווינט און אַלע זיינען געווען זיכער, אַז דאָס האָבן די תפילות פון דעם יונגן צדיק ר' שלמהלע געקעמפט מיטן ווינט און אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט די גאַנצע אידישע געגנט יעזשערנאַ פון דער געפערלעכער שרפה.

און זייט דעמאָלט איז ר' שלמהלעס נאָמען געוואָרן געגרויסט און באַרימט און אידן פון אונגאַרן, בעסאַראַביע און רומעניע זיינען געקומען צו אים מיט קוויטלעך און עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז נישט בלויז אין לערנען איז ר' שלמהלע געווען גרויס, נאָר אויך אין וועלטלעכע ענינים, ווייל ר' שלמהלע איז באַלד באַרימט געוואָרן אַלס גרויסער חכם, וואָס גיט די בעסטע עצות צו די אַלע וואָס ווענדן זיך צו אים און אַזוי האָט יעזשערנאַ געוואוקסט, אַז דאָס שטעטל וואָלט שוין פון לאַנג געווען פאַרטיליקט פון דער שרפה, נאָר אַדאַנק ר' שלמהלען איז עס געבליבן לעבן און די אידן האָבן פרנסה פון די חסידים וואָס קומען צו שלמהלען מיט קוויטלעך און פדיונות.

ווי אַזוי מיין יעזשערנאַ האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט, דאָס ווייס איך נישט, ווייל שוין ווייט אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט זייט איך בין אַוועק פון דאָרט, אָבער איינס ווייס איך, דאָס איז, אַז אַן אור־אייניקל פון יעזשערנער צדיק ר' שלמהלע, איז היינט פרעזידענט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע, דאָס איז דער פרעזידענט שלמה קוועלער, וואָס הייסט טאַקע נאָך זיין גרויסן זיידן ר' שלמהלע.



# בעלזעץ און ראַוואַרוסקאַ

פון **נפתלי דאנער**



איך גיי דאָ ריידן וועגן בעלזעץ און ראַוואַרוסקאַ, בעת געבוירן בין איך גאָר אין זשולקעוו.

אָבער אַזוי איז שוין דאָס אידישע מזל, עס וואַנדערט און דער איד דאַרף עס נאָכיאָגן, פון געבוירן אָן...

איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען מיינע עלטערן, בעסער געזאָגט, מיין מאַמע מיט מיין שטיף־טאַטן זיינען אַוועק פון זשולקעוו קיין בעלזעץ און אין בעלזעץ האָב איך פאַרבראַכט מיינע פרייע קינדער־יאָרן.

געדענק איך פון בעלזעץ גאָר ווינציק. איך געדענק נאָר, אַז אידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט בערד און פאות, האָבן זיך אין בעלזעץ געפילט ווי אין ארץ ישראל, ווייל איינמאָל האָב איך געהערט ווי אידן האָבן צווישן זיך גערעדט און איינער האָט געוואָרפן מיט די הענט און געטענהט: — זיי דאַרפן דאָרט עפּעס אַ פּאַלעסטינע, די ציוניסטן, זאָלן זיי לויפן; אָבער מיר, וואָס מיר בענקען נאָך ארץ ישראל, מירן צוּוואַרטן ביז גאָט וועט זיך מרחם זיין און איבעראַל וועט זיין ארץ ישראל און מיר וועלן דאָ, אין בעלזעץ, אויך האָבן ארץ ישראל...

און נאָך געדענק איך פון בעלזעץ, אַז בעלזעץ איז געווען גאַליציען אונטער עסטרייך און נעבן שטעטל איז געווען די גרעניץ צו פּאָניען.

ראש־חודש נאָכמיטיק, ווען מיר זיינען געווען פריי פון חדר, זיינען מיר, קינדער, געגאַנגען שפּאַצירן, זיינען מיר אַריבער אויף דער „צווייטער זייט", האָבן די אידישע קינדער פון יענער זייט אונדז נאָכגערופן די צונעמעניש: — „קירע מאָק" און מיר האָבן זיי דערפאַר אָפּגעענטפערט מיט אַ „פּאָניע חזיר" און „פּאָניע גנב"...

פונדעסטוועגן, האָבן זיך די קינדער פון ביידע זייטן גרעניץ זייער גוט געשפּילט צוזאַמען און מען האָט נאָר געהאַלטן, אַז די גרעניץ איז פאַרן קירישן קייסער און פאַרן רוסישן צאַר, זיי מוזן דאָך וויסן ביז ווי ווייט יעדער פון זיי איז באַלעבאָס, אָבער די מענטשן פון ביידע זייטן גרעניץ האָבן געהאַנדלט צווישן זיך אַזוי ווי אייגענע מענטשן.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז 1914, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

אזוי ווי דורך אַ כשוף, איז בעלזעץ אין איין מינוט איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן און מען האָט גאָרנישט געקענט פאַרשטיין, פונוואַנען ביידע צדדים האָבן שוין אַזוי שנעל באַוויזן צו האָבן אַזויפיל געווער מיט פולווער, ווייל אין זעלבן טאָג ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז שוין בעלזעץ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין פייערדיקן פלאַנטער און. די ציווילע באַפעלקערונג האָט זיך פון דעם פייער קוים אַרויסגעפּלאָנטערט מיטן נאַקעטן ביסל לעבן, אַנטלויפנדיק ווער צופוס און ווער מיט פורן אין ווייטערע מקומות און אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען פון בעלזעץ קיין ראַוואַרוסקאַ.

איך בין שוין געווען עלף יאָר אַלט און איך האָב שוין געוואוסט וואָס איך זע און וואָס איך הער און איך האָב שוין באַגריפן, אַז די לאַגע אין מלחמה־צייט איז אַ טרויעריקע פאַר אַלעמען.

אָבער אין דער טרויעריקער לאַגע, האָט מען געלערנט, געהאַנדלט און געאַרבעט און אַפילו זיך געשאַמפּערט וועגן פּאָליטיק, וועגן חסידות און וועגן די „שמאַדניקעס" וואָס ווילן ענדערן דעם לעבנס־סדר אויף דער גאַנצער וועלט...

אַ סך אידן, חסידים, הערנדיק אַז זייער רבי (דער בעלזער), האָט געפליכטעט, האָבן זיי אויך איבערגעלאָזן זייער האָב און גוטס און אַוועק פון ראַוואַרוסקאַ לייזן גלות צוזאַמען מיטן רבין און אַזוי האָט מען געלעבט, געאַרבעט, געמסחרט און געשאַמפּערט זיך און געליטן, ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט, פּוילן איז באַפרייט געוואָרן און די אידישע יוגנט האָט אויך געזוכט באַפרייאונג פון אונטער דער חסידישער תקיפות און דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן אין אייגענעם אידישן לאַגער און עס איז גאָר נישט צו פאַרשטיין, פונוואַנען עס האָבן זיך ווי איבערנאַכט גענומען אַזויפיל פּאַרטייען אין ראַוואַרוסקאַ און יעדע פּאַרטיי האָט געזוכט צוצוציען די אידישע מאַסן און די אידישע יוגנט און געווינען די אויבערהאַנט איבער דער שטאָט.

די שטאַרקסטע פּאַרטיי איז אָבער אַלץ געבליבן די אומפּאַרטייאישע בעלזער־חסידישע באַפעלקערונג. די בעלזער חסידים זיינען אויף אַזוי ווייט געווען קעגן פּאַרטייען, אַז זיי זיינען געווען קעגנער אַפילו פון די חסידישע „שלומי־אמונה־ישראל" אין די „אגודה". בעלזער חסידים האָבן געטענה'ט אַז ס'איז דאָ איין גאָט און איין מלכות און דער רבי זאָל לעבן און ווער עס טראַכט אַנדערש, דער איז אַן אַפּיקורס און מען דאַרף אים שלאָגן מאַלקעס...

און זיי האָבן טאַקע געשלאָגן אויך!

איך געדענק, איך בין שוין געווען אַ מיטגליד אין „התאחדות", ווען איינמאָל, בעת אַ פאַרלעזונג, זיינען אָנגעקומען בעלזער חסידים און זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין זאַל און עס איז געקומען צו אַ גרויס געשלעג און די חסידים זיינען אַרויס די זיגער, ווייל די פּאָליציי איז געווען אויף זייער זייט און זיי מיטגעהאָלפן און מען האָט אונדז פונאַנדערגעטריבן.

די קאַמפן האָבן זיך כסדר געשטאַרקט און הויפּטזאַך זיינען די חסידים געווען קעגן די ציוניסטן און ווען עס איז געקומען פאַר כ'תמוז, די יאָרצייט פון דר. הערצל, האָבן זיך ביידע צדדים געגרייט צו אַנטשיידענע שלאַכטן און עס איז טאַקע געקומען צו גרויסע געשלעגן, בעת די בעלזער חסידים האָבן געוואָלט שטערן דורכפירן דעם יאָרצייט־אַקט.

# אידישע טיפּן פון גאַליציע

— 5 —



דאָס איז אַ באַקאַנטער אידישער דאָרף־גייער אין גאַליציע.

שוין אַריבער פערציק יאָר ווי ער וואַנדערט מיט זעקל און פּעקל, זוכנדיק פּרנסה ביי די גוטע אָרימע פּויערים וואָס האָבן רחמנות אויף אים, כאָטש זיי זיינען פּונקט אַזוי אָרים ווי ער...

דער אָרימער אידישער דאָרף־גייער גייט אַרוים זונטיק אינדערפרי פון זיין היים און קומט צוריק מיט „כל טוב" — לכבוד שבת...

אָט זיצט ער און רוט זיך אָפּ אויף זיין וויטן וואַנדער־וועג, אָבער לאַנג זיצט ער נישט, ווייל — „מיר היינט, מיר מאָרגן, מען דאַרף גיין ווייטער, אפשר וועט גאָט פאָרט העלפן און איך וועל פאַרדינען אויף שבת!..."

---

שפּעטער האָבן זיך די געשלעגן אויסגעברייטערט אויך אויף אַנדערע געלעגנהייטן.

די אַנדערע געלעגנהייטן זיינען געווען די וואַל־אַקטן און פאַרזאַמלונגען.

די בעלזער חסידים זיינען אַלעמאָל געגאַנגען מיט דער רעגירונגס־פּאַרטיי און זיי האָבן אַלעמאָל געשטיצט די קעגנער פון די ציוניסטישע קאַנדידאַטן, ווען אַפילו אַזאַ קעגנער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט.

און דעמאָלט זיינען די קאַמפן אָנגעגאַנגען מיט אַ סך פאַרביטערונג.

איך דערמאָן זיך דעם דר. מאַנדל, ווי איינמאָל, בעת ער האָט געהאַלטן אַ רעדע און אויפגעוויזן די וויכטיקייט פאַר די אידישע וויילער־מאַסן, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר אייגענע פאָרשטייער און פּלוצלינג איז אים געפלויגן עפּעס אין קאָפּ, דאָס איז געווען דער סיגנאַל און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג, פון אַלע זייטן האָבן זיך באַוויזן די יונגע בעלזער חסידים און די פּאָליציי האָט זיך געמוזט גוט אָנשטרענגען, איינצושטעלן צוריק די אָרדענונג.

אָבער דר. מאַנדל האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. ער איז געווען אַ הויכער מאַן מיט אַ הדרת־פּנים, געווען אַ פיינער רעדנער און אַ הומאָר־פולער פּאָלעמיקער, האָט מען אים זייער ליב געהאַט צו הערן און ער איז געווען די געפערלעכסטע וואָפן קעגן די פאַרביסענע בעלזער חסידים.

דר. מאַנדל איז געווען נישט בלויז אַ ציוניסט, נאָר אַן אַלגעמיין־אידישער קולטור־טוער און ער האָט פאַרשטאַנען אַז אידיש טעאַטער איז אַ וויכטיקע טריבונע דורך

וועלכער מען קאָן געווינען מאַסן און ער האָט געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז און אַליין אָנגעפירט און מיטגעשפילט און אויפגעפירט אַזעלכע פּיעסן ווי גאָרדינס „דער ווילדער מענטש" און דערנאָך אַנסקיס „דער דיבוק" און פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזעלכע געניי, האָט ער נאָך מער געצויגן אויף זיך דעם כעס פון די חסידים, אָבער וואָס ווייטער האָט דר. מאַנדל געהאַט מער אָנהענגער, ביז די חסידים האָבן שוין נישט געוואַגט צו גיין קעגן אים מיט כוח.

די פירונג פון די גראַבסקים מיט די סטראָנסקים וועלכע זיינען אַלעמאָל גע־שטיצט געוואָרן פון די בעלזער חסידים, האָבן געהאָלפן דעם דר. מאַנדל און זיינע גלייכן אויפקלערן די אידישע מאַסן און עס איז דערנאָך געקומען אַזוי ווייט, אַז נעכ־טיקע בעלזער חסידים, האָבן היינט געשטימט פאַר דר. מאַנדל אַז ער זאָל ווערן ראַט־מאַן אין קהילה און ווען איך בין שוין געהאַט אַוועק פון ראַוואַרוסקאַ, האָב איך באַ־קומען אַ ידיעה, אַז דר. מאַנדל איז געוואָרן קולטוס־פּרעזידענט, און די קהילה־פאַרטונג פון די בעלזער חסידים אין ראַוואַרוסקאַ, איז ענדלעך דעמאָקראַטיזירט געוואָרן.



# די אידישע „גראַלניקעס" אין גאַליציע

## (ספּירט-ברענעריי איז געווען אַ וויכטיקער פּרנסה-צווייג פאַר אידן אין גאַליציע)

פון **רפאל דיסטענפעלד**



אַלס אַמאָליקער „גאָזשעלניק", אַלס פאַכמאַן אין ספּירט-ברענעריי, גלויב איך, אַז עס קאָן זיין אינטערע־סאַנט צו דערמאָנען, ווי אַזוי עס האָבן אַמאָל געלעבט די אידישע גראַלניקעס אין גאַליציע און וואָס פאַר אַ וויכטי־קער צווייג פון אידישער פּרנסה די ספּירט-ברענערייען זיי־נען געווען.

לויט די עסטרייכישע געזעצן פאַר גאַליציע, האָט יעדער גאַליציאַנער לאַנדווירט, (ערד-אייגנטימער) געהאַט אַ רעכט צו פּראָדוצירן אַלקאָהאָל, אין אַזאַ סכום, לויט דער גרויס פון ערד-אייגנטום, אָבער די ספּירט-פּראָדוקציע פון איין פּריץ, האָט נישט געטאָרט איבערשטייגן די זעכצן וואַגאָן אַלקאָהאָל יערלעכע פּראָדוקציע.

### צוויי שולן פאַר אַגראָנאָמען און ספּירט-ברענער

די אַלקאָהאָל-פּראָדוקציע האָט געוויינלעך אַריינגעבראַכט פיינע פאַרדינסטן אין יעדער קלענערער אָדער גרעסערער ערד-באַזיצער, האָט געזוכט צו קאָנען פּראָדוצירן דעם גאַנצן סכום וואָס ער מעג לויטן געזעץ, און אויב פּראָדוצירן אַלקאָהאָל האָט מען געמוזט אַכטונג געבן אויף דער קוואַליטעט, אויף דעם געשמאַק פון דעם געברענטן אַלקאָהאָל און דאָ האָט שוין דער ספּירט-ברענער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל, ווייל לויט זיין פאַכקענטעניש, אַזוי האָט אויסגעקומען זיין אויסגעאַרבעטער פּראָדוקט.

האָבן אידישע פּריצים געזוכט גוטע ספּירט-ברענער און אַפילו אַנטיסעמיטישע פּריצים האָבן געמוזט אָנקומען צו אידישע ספּירט-ברענער, אויב זיי האָבן געוואָלט האָבן גרויסע פּראָדוקציע פון גוטער קוואַליטעט.

און אַז ספּירט-ברענעריי איז געוואָרן אַ פּרנסה, האָבן אידישע בחורים אָנגעהויבן לערנען דאָס פאַך און כאָטש פרומע אידישע בחורים, אַפגעהיטענע לערן-בחורים,

האָבן זיי תופס געווען דעם ענין בעסער ווי אַנדערע און די צוויי שולן פאַר ספּירט־ברענעריי און אַגראָנאָמיע, האָבן יעדעס יאָר געליפערט אַ היפּשע צאָל נייע אידישע גראַלניקעס.

די צוויי שולן פאַר ספּירט־ברענעריי און אַגראָנאָמיע, האָבן זיך געפונען, איינע, אַ רעגירונגס־שול אין דובלאַנא, ביי לעמבערג, און די צווייטע איז געווען אַ פונדאַציע פון דער „איקאַ" אין סלאָבודקא לעשנאָ, ביי קאָלאָמיי.

דער דירעקטאָר פון דער רעגירונגס־שול אין דובלאַנא, איז געווען פּראָפעסאָר טאַדעאוש כשאָנזש, אַ ליבעראַל, וואָס האָט פונדעסטוועגן פאַרגעוואָרפן, פאַרוואָס די קריסטלעכע פּאָליאַקן שיקן נישט די קינדער אין זיין שול, אָבער ווען עס איז געקומען צו עקזאַמענעס און ער האָט באַדאַרפט פאַרטיילן דיפּלאָמען, זיינען ביי אים פון צוויי הונדערט אידישע שילער, בלויז אַכצן דורכגעפאַלן, דאָס הייסט ניין פּראָצענט און פון 22 קריסטלעכע שילער זיינען בלויז אַכט דיפּלאָמירט געוואָרן, דאָס הייסט, אַז די גרעסערע העלפט פון די קריסטלעכע שילער האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין גוטן ווילן פאַר די שטודיעס.

מען האָט אַפילו דעמאָלט אָנגעוויזן אויף די סבות; מען האָט אָנגעוויזן, אַז אַ קריסט, אַבי ער קען דורכמאַכן אַ שטיקל שול, קען ער ווערן אַ זשאַנדאַר, אַ פינאַנץ־פּאָליציאַנט, אַ באַן־באַאַמטער און בכלל שטייען פאַר אים פריי אַלע רעגירונגס־אַמטן; און כאָטש מען האָט נישט געקאָנט זאָגן, אַז די אַלע אַמטן זיינען פאַר אידן פאַרבאָטן, האָבן אָבער די אידן אַליין נישט באַמיט זיך פאַר די אַמטן, ווייל ס'האָט ביי די אַמטן באַדאַרפט ליידן זייער אידישקייט און גיין אויף אַן אָפיציעלן רעגירונגס־פּאָסטן, האָט שוין געהייסן חילול־שבת און דאָס איז נישט געווען קיין ענין פאַרן גאַליציאַנער פרומען און גאָטספאַרכטיקן אידן.

## טאַדעאוש כשאָנזש און דר. אברהם לאַנדוי

האָבן מיר שוין דערמאָנט די רעגירונגס־שול אין דובלאַנא, מיט דעם דירעקטאָר, פּראָפ. טאַדעאוש כשאָנזש, ווילן מיר בלויז צוגעבן, אַז דערזעלבער ערלעכער און ליבעראַלער פּראָפעסאָר, וואָס האָט אַזוי ערלעך אָפּגעשאַצט די פעאיקייטן פון זיינע אידישע און פוילישע שילער, האָט באַלד נאָך דער מלחמה, ווען פוילן איז באַפרייט געוואָרן, צוגעהאָלפן שליסן די טויערן פון זיין שול — פאַר אידישע שילער...

די „איקאַ"־שול פאַר ספּירט־ברענעריי און אַגראָנאָמיע אין סלאָבודקא לעשנאָ, איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם דעמאָלט באַרימטן דר. אברהם לאַנדוי.

עס קען זיין, אַז דר. לאַנדוי האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן אַלס אָנפירער פון דער „איקאַ"־שול מער אויס אידעאַליזם, ווי צוליב דעם פּאָסטן; דר. לאַנדוי איז אַליין געווען זייער רייך, ער איז געווען אַן איידעם פון דעם באַרימטן סטאַניסלאַוואַווער גוט־באַזיצער האַלפּערן און ער אַליין האָט אויך בשותפות מיט זיין שוואָגער געהאַט אַ גרויס גוט אין סטאַניסלאַוואָו און ער האָט, ווייזט אויס, מער אויס ריינעם אידעאַליזם זיך אָפּגעגעבן מיט אויסבילדן אידישע יונגעלייט אַלס אַגראָנאָמען.

אַלס אָנפירער פון דער ברענעריי־שול, איז געווען אַ געוויסער יאַנקל אריע; דער אַריע איז געווען נישט נאָר דער גרויסער מייסטער און פּעדאַגאָג פאַר גראַלניע־אַר־

בעט, נאָר ער איז אויך געווען אַ איד אַ תּלמיד־חכם און יעדע פרייע מינוט האָט ער שוין פאַרבראַכט ביי אַן אָפענער גמרא, אָדער גאָר יורה־דעה אָדער חושן־משפט.

און נישט זעלטן, האָט מעןביידן, אי דר. אַברהם לאַנדוי און אי יאַנקל אַריע, געטראָפן צוזאַמען ווי זיי זענען זיך מפלפל אין אַ שווערן תוספות און זיי שפּאַרן זיך מיט דעם זעלבן ברען און באַגייסטערונג, ווי ביי אַ דיסקוסיע וועגן אַגראָנאָמיע אָדער ספּירט־ברענעריי . . .

דר. אברהם לאַנדוי איז פאַר די שילער פון זיין שול געווען נישט בלויז דער פּראָפעסאָר פון אַגראָנאָמיע, נאָר אויך זייער גייסטיקער דערציער און לערער און זייער שליח־ציבור.

יאָ, שליח־ציבור אויך.

ווען עס איז געקומען אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, איז שנעל איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שיל און דר. לאַנדוי אַליין האָט געדאַווענט פאַרן עמוד און ער אַליין איז געווען בעל־קורא און ער האָט מיט זיין ריינער און ערלעכער אויפירונג געוויזן דעם שענסטן מוסטער ווי אַזוי צו זיין אַ מענטש צו גאָט און פאַר לייט.

די פּריצים, וואָס האָבן געזוכט „גאָזשעלניקעס”, האָבן אַלעמאָל באַפאָרצוגט אַ געענדיקטן שילער פון דר. לאַנדויס שול, ווי פון דער רעגירונגס־שול און אַ שילער, וואָס האָט באַקומען דעם דיפּלאָם פון דר. לאַנדוי, האָט שוין געהאַט זיין קאַריערע.

פון דער צייט, וואָס איך דערמאָן, האָבן אין דער רעגירונגס־שול אין דובלאַנאַ געלערנט אַ צוויי הונדערט שילער און אין דער איקאַ־שול אַרום זיבעציק. פון די 200 שילער זיינען אַ 150 געווען אידן און די זיבעציק פון איקאַ־שול, בלויז אידן.

כדי צו אילוסטרירן דעם וויכטיקן פלאַץ, וואָס אידן האָבן פאַרנומען אין דער פּראָפעסיע פון ספּירט־ברענעריי אין גאַליציע, וועט זיין גענוג צו דערמאָנען, אַז די גראַלניקעס אין גאַליציע, האָבן געהאַט אַן אייגענעם פאַריין, דער פאַריין איז געווען רייך און גרויס און אַפילו אַליין אויסגעהאַלטן אַן אייגענעם אָרגאַן מיטן נאָמען „גאַזשעלניק”.

אין דעם פאַריין זיינען געווען אַנגעשלאָסן אַלע גראַלניקעס, אידישע ווי גויאישע און פון די טויזנט מיטגלידער, וואָס דער פאַריין האָט געציילט, זיינען בלויז 72 געווען קריסטן און די אַנדערע, אַריבער ניין הונדערט מיטגלידער, בלויז אידן.

## אַ ווערטל פון שטאַטהאַלטער באַדיניע

נישט איינמאָל זיינען די גרויסע צאָל אידישע גראַלניקעס געוואָרן נאָך גרעסער אין די אויגן פון די גויאישע שכנים און מען האָט אָנגעהויבן דיסקוטירן, פאַרוואָס די גוים לאָזן אַזוי אַזאַ גוט פאַך כמעט אינגאַנצן אין אידישע הענט.

אָבער דער אמת איז געווען, אַז דווקא די גוים, די גויאישע פּריצים, צומאָל אַפילו גאַנץ גוטע אַנטיסעמיטן, האָבן געזוכט נאָר אידישע גראַלניקעס און עס איז אַרומגעגאַנגען אַ שיינער וויץ פון גראַף סטאַניסלאַוו באַדיניע, דער עסטרייכישער שטאַטהאַלטער איבער גאַליציע, וועלכער האָט געהאַט אַ סך גיטער און אַריבער פופציק ספּירט־ברענערייען און ער האָט צו אַלע זיינע גאָזשעלניעס, געזוכט נאָר אידישע גראַלניקעס.

דער ווייץ פון אים איז געווען, אז מען האט אים געפרעגט פארוואס ער נעמט נישט צו קיין קריסטלעכן ברענער פאר זיינע געזשעלניעס, האט ער געענטפערט, אז פון דערפארונג און פראקטיק ווייס ער עס, אז וואס־וואס, נאר א מאגאזין מיט בראנפן טאר מען א גוי נישט אנטרויען...

## אידישע פריצים און אידישע פאכטער

איך נעם זיך נישט אונטער צו שילדערן די אידישע פריצים און פאכטער אין גאליציע, אבער צוויי אידישע פריצים און איין רייכן אידישן פאכטער, מיט וועלכע איך בין געווען אין פערזענלעכן קאנטאקט, וויל איך יא דערמאנען.

די צוויי אידישע פריצים זיינען געווען שמעלקע הארוויץ און דר. עמיל פארנעס. שמעלקע הארוויץ און דר. פארנעס זיינען געווען פון גרעסטן אידישן יחוס אין גאליציע.

זיי האבן געשטאמט פון דור־דורות רבנים און ראשי־הקהל, וועלכע האבן איבע־ ראל, וואו זיי האבן געלעבט, פארנומען דעם אויבנאן אין אידישן לעבן און כאטש ר שמעלקעס עלטערן האבן נאך דערגרייכט ביי דער עסטרייכישער רעגירונג דעם אדל־ טיטל „פאן", פונדעסטוועגן האט נאך ר' שמעלקע אליין געהאט אן עכט אידישע און פרומע דערציאונג און ערשט שפעט נאך דער חתונה מיט א טאכטער פון דער רייכער פאמיליע פארנעס, האט ער אנגעהויבן לערנען וועלטלעכע לימודים און ער איז גע־ ווארן פארגעשריטן און אסימילירט, אזוי ווי עס איז שוין פון אביסל פריער געווען די פאמיליע פארנעס.

די אידישע פריצים הארוויץ און פארנעס, זיינען מערסטנס געווען אין סטא־ ניסלאווא, אין לעמבערג און אין ווין און אפילו אין אויסלאנד, אין די בעדער, פונקט אזוי ווי די מערסטע פון די רייכע פוילישע פריצים האבן געטון, אבער די אידישע פריצים האבן זיך אויסגעצייכנט מיט פונקטלעכקייט אין דער אנפירונג פון זייערע גיטער און אן אנגעשטעלטער ביי הארוויץ און פארנעס, האט געוואוסט, אז אבי ער וועט ארבעטן ערלעך, האט ער א לעבנסלענגלעכן פאסטן.

מען האט אפילו דעמאלט געהערט קלאנגען, אז די אידישע פריצים הארוויץ און פארנעס באהאנדלען שלעכט די פויערים, אבער מיר, אלס אנגעשטעלטן ביי די פער־ זענלעכקייטן, איז דאס נישט באקאנט.

איך ווייס, אז איך האב געהאט א פאסטן אלס גראלניק ביי הארוויץ־און־פאר־ נעס, האט מען מיר געצאלט זעקס הונדערט רייניש (1200 קראנען) יערלעך, א חוץ פרעמיעס פאר יעדן וואגאן פראדוצירטן אלקאהאל און 24 מעטער געדהאשענע (האר־ טע) תבואה, ווייץ אדער קארן, פארשטייט זיך, אז מיט א דירה און איינארדענונג אלס צוגאב.

און יעדער גוטער ספירט־ברענער האט אזוי פארדינט אין באטראכטנדיק, אז אזא פארדינסט אין דעמאלטיקער צייט, ווען אן עסטרייכישע קראנע איז געווען א טייערע מטבע, האט פארזיכערט א גוטע עקזיסטענץ, איז שוין במילא נישט קיין וואונדער, פארוואס אידן האבן געשטרעבט אויסצולערנען די פראפעסיע, נאך דערצו, וואס מען האט געקאנט ביי דער פראפעסיע בלייבן אן אפגעהיטענער פרומער איד.

# דער רייכער פאַכטער ר׳ וועלוועלע וואַקס

האָב איך שוין גערעדט וועגן די אידישע פּריצים, וויל איך אויך דערמאָנען דעם רייכן אידישן פּאַכטער ר׳ וועלוועלע וואַקס פון סעליץ׳ נעבן קאַמינקא.

איך דערמאָן דעמדאָזיקן וואונדערלעכן פרומען מענטש, ווייל ער האָט געהאלטן אין אַרענדע אַ סך פּריצישע הויפן און פאָלווארקעס און ער האָט געגעבן פרנסה אַ סך אידישע גראַלניקעס.

ר׳ וועלוועלע סעלצער, איז געווען אַ פייערדיקער בעלזער חסיד און דאָס האָט אים פונדעסטוועגן נישט געשטערט, צו קענען זיין דער בעסטער און אָנגעזעענסטער עקאָנאָם אין גאַליציע.

ר׳ וועלוועלע איז געווען זייער רייך און מען האָט זיך געוואונדערט פאַרוואָס ער קויפט אַליין נישט אָפּ עטלעכע גיטער, אָבער דערנאָך האָט מען געהערט, אַז וועלוועלע האָט נישט געוואָלט זיין דער באַלעבאָס פון גיטער, ווייל די אַלע גוטבאַזיצער האָבן געמוזט געבן באַשטייערונגען אויף קלויסטערס, וואָס מען האָט געהאלטן אין בויען און אַלס פרומער איד האָט ער עס נישט געוואָלט טון.

ר׳ וועלוועלע האָט אָנגעפירט מיט אַ סך גיטער, וואָס ער האָט אַרענדירט. ער האָט געצאָלט די העכסטע פרייזן פאַר אַרענדע און ער האָט באַוויזן אַרויסצוציען די גרעסטע פאַרדינסטן פון די אַרענדירטע גיטער און פאָלווארקעס.

עס איז דעמאָלט יעדן באקאנט געווען, ווי אַזוי ר׳ וועלוועלע וואַקס האָט אַרענדירט די צוויי גרעסטע גיטער פון גראַף פאָטאָצקי, וועלכע האָבן עטליכע יאָר דורכאַנאַנד געהאט דעפיציטן, און ווי אַזוי ר׳ וועלוועלע האָט ביי זיי פאַרדינט אַ גרויס פאַרמעגן.

דער גראַף פאָטאָצקי איז אַ גאַנץ יאָר געזעסן אָדער אין ווין אָדער אין אויסלאַנד און ער האָט אין זיינע גיטער געהאט גוטע עקאָנאָמען און אַגראָנאָמען און אויפזעער און די צוויי וויכטיקסטע פון זיינע גיטער, האָבן אים יאָר־איין יאָר־אויס אריינגעבראַכט היפשע פאַרדינסטן.

פּלוצלונג האָט עס מיט די גיטער אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ.

ווי דער סדר איז געווען, האָט זיך דער הויפּט־עקאָנאָם איינמאָל אין יאָר אָפּגערעכנט מיטן גראַף פאָטאָצקי, ער האָט געוויזן חשבונות פון הוצאות און הכנסות און אַרויסגעצאָלט דעם גראַף די פאַרדינסטן. אָבער דאָ האָבן די חשבונות אָנגעהויבן וויזן דעפיציטן און וואָס אַ יאָר גרעסערע דעפיציטן, ביז דער גראַף האָט באַשלאָסן צו פאַרפאַכטן זיינע גיטער און פּטור אַן עסק.

האָט דער גראַף געמאָלדן אין די צייטונגען, אַז ער זוכט צו פאַרפאַכטן זיינע גיטער, האָבן זיך געמאָלדן פאַרשידענע פאַראינטערעסירטע און צווישן זיי — אַ סך פון די ביז־איצטיקע אָנגעשטעלטע ביים גראַף, און דאָס האָט דעם גראַף געוואונדערט, ווייל וויבאלד זיי אַליין מאַכן אַזעלכע דעפיציטן, ווי אַזוי קאָן זיך זיי לוינען צו אַרענדירן דיזעלבע גיטער?

האָט דער גראַף פאָטאָצקי געשטעלט אַ זייער הויכן פרייז פאַר אַרענדע און עס איז נישט געווען קיין בעלן פאַר אַזאַ טייערן פרייז, ביז עס האָט זיך געיאָוועט ר׳ וועלוועלע וואַקס. ר׳ וועלוועלע האָט זיך באַקענט מיט די מעגלעכקייטן פון די גיטער,

און ער האָט באַלד פעסטגעשטעלט די סבות פון די גרויסע דעפיציטן און ער האָט אָנגענומען דעם אַרענדע־פּרייז, און געוואָלט שליסן דעם קאָנטראַקט.

דעם גראַף פּאָטאָצקי איז אָבער נישט אינגאַנצן נוחא געווען צו שליסן אַזאַ געשעפט דווקא מיט אַ אידן, האָט ער געשטעלט אַ פאָדערונג, אַז ער מוז האָבן אַ קוויטונג פון הונדערט טויזנט קראָנען, אָבער דאָס האָט דעם בעלזער חסיד גאָרנישט אָפּגעשראָקן, ער האָט געזאָגט, אַז ביז 24 שעה, שטעלט ער אים צו די הונדערט טויזנט קראָנען.

און ר׳ וועלוועלע האָט אַרענדירט די צוויי גיטער ביים גראַף פּאָטאָצקי און ער האָט צונויפגערופן אַלע אָנגעשטעלטע, פון די גרעסטע ביז די קלענסטע און זיי געזאָגט, אַז אויב זיי ווילן ערלעך אַרבעטן, קאָנען זיי בלייבן, נאָר אויב זיי טראַכטן ווייטער אַזוי צו פירן זיך ווי פריער, איז בעסער זיי זאָלן מיט אים דורכקומען און מיט גוטן פאַרלאָזן די פּלעצער.

אַזוי האָט ער געטוישט אַ היפּש ביסל פון די אָנגעשטעלטע, עס זיינען אַריינגעקומען עטלעכע אידן אין דער אַדמיניסטראַציע און אין די גראַלניעס און די גיטער האָבן ר׳ וועלוועלען געגעבן אַזוי פיל שפע, אַז ער האָט אַליין דערלייגט דעם גראַף פּאָטאָצקי נאָך 25 פּראָצענט אויף דעם אַרענדע־אָפּצאָל.

און דאָס וואונדערלעכסטע דערביי איז געווען, וואָס ר׳ וועלוועלע איז געווען באַרימט מיט זיין גוטהאַרציקייט און מיט זיין יושר און מיט דעם, וואָס ער איז געווען דער איינציקער, קעגן וועמען קיין שום אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטער האָט גאָרנישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן.

אַנדערע עקאָנאָמען האָבן עקספּלאָטירט און געפּייניקט די אָנגעשטעלטע אויף שוידערלעכע אופנים און ר׳ וועלוועלע איז מיט אַלע אַרבעטער געווען גוט, געצאָלט די בעסטע שכירות און דווקא ער האָט געמאַכט די בעסטע געשעפטן, ווייל די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זיינען ממש גרייט געווען צו שפּרינגען פאַר אים אין פייער און אין וואַסער.

און דער אידישער פאַכטער ר׳ וועלוועלע וואַקס, דער בעלזער חסיד, איז נישט נאָר געווען באַקאַנט צווישן אידישע און חסידישע קרייזן, נאָר זיין נאָמען אַלס בעסטער עקאָנאָם אין גאַליציע איז געווען באַרימט אַפילו אין עסטרייך און אַ סך אַגראָנאָמען מיט הויכע טיטלען, זיינען פון עסטרייך געקומען אויף ר׳ וועלוועלעס גיטער שטודירן די אופנים פון זיין אַרבעט און אידישע הײמען האָבן זיך געבענטשט מיט ר׳ וועלוועלען און זיך געגרויסט מיט אים, ווי מיט אַ גרויסן און גוטן איד און מענטש ! . . .



# אידישע פערזענלעכקייטן פון סטרי

פון זלמן האָכבערגער



סטרי איז געווען אַ שטאָט מיט אַ היפּשן אָנזען אין גאַליציע.

סטרי האָט אונטער עסטרייך געהאלטן פון אייגענעם יוחס. אַ סטריער איד, ווען ער איז געקומען קיין ווין, האָט ער קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז ער איז פון לעמבערג, אָדער סטאַניסלאַוואָו, ווייל זיין פון סטרי איז פאַר אים געווען גענוג יוחס.

און סטרי האָט געהאט גענוג אורזאַכן צוליב וועלכע עס איז געווען זיך מיט וואָס צו גרויסן; דאָס אידישע סטרי איז געווען פעסט איינגעפונדעוועט עקאָנאָמיש און קולטורעל; פון דער אלגעמיינער באַפעלקערונג פון 36 טויזנט, האָבן אידן געציילט די העלפט און די אַנדערע אַכצן טויזנט זיינען פון אַ גרויסער מאַיאָריטעט אוקראַינער און אַ מינאָריטעט פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אָבער פאַרנומען וויכטיקע מלוכה־פּאָסטנס.

אידן האָבן געפירט גרויסע געשעפטן, אימפּאָרטירט און נאָך מער עקספּאָרטירט פון און קיין אויסלאַנד און עס זיינען געווען אידישע אינדוסטריאַלן, וואָס האָבן געגעבן אַרבעט צו הונדערטער אידישע אַרבעטער און אַזוי ווי די באַלעבאַטים האָבן זיך געטיילט אין פאַרשידענע ריכטונגען, האָבן זיך אויך די אָנגעשטעלטע און אַרבעטער געהאט פאַרשידענע פּאַרטייען און ווען אַ לעמבערגער רייזנדער איז געקומען קיין סטרי און זיך אַביסל צוגעקוקט צו די קאַמפן צווישן די ריכטונגען סיי פון די באלעבאַטים ווי פון די אַרבעטער, האָט ער געמוזט געבן אַ שמייכל און זאָגן — קליין לעמבערג...

סטריער אידן האָבן זיך אַפילו געגרויסט, אַז פּראָפּאָרציאָנעל, לויט דער גרויס און לויט דער צאָל אידן, האָט סטרי פאַרמאָגט מער פּערזענלעכקייטן ווי אַנדערע שטעט אין גאַליציע; סטרי האָט געהאט אַ אידישן בירגערמייסטער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט לגבי אַנדערע אידישע בירגערמייסטערס אין גאַליציע דערמיט, וואָס דער בירגערמייסטער פון סטרי, דר. פאַלק, האָט זיך נישט געפּוצט אין די „סטאַראַזאַקאָני"־פעדערן פון דער „וויזנאַניאַ־מאָיזעשאָוואַ" אַסימילאַציע, נאָר איז געווען אַ נאַציאָנאַלער איד.

אַ גרויסע פּערזענלעכקייט איז אויך געווען דער אַדוואָקאַט דר. פיליפּ פּרוכטמאַן. גאַנצע 36 יאָר איז ער געווען אָפּגעאָרדנטער (דעפּוטאַט) צום לאַנדטאַג אין לעמבערג, (סיים קראַיאָווי) און זיכער זיינען זיינע לייסטונגען געווען גרויסע, אויב ער האָט באַקומען אַ ספּעציעלע אויסצייכענונג און אַ מעדאַל פון דער עסטרייכישער רעגירונג אין ווין און אַז די שטאָט סטרי האָט באַשלאָסן אָנצורופן איינע פון די אָנגעזעענע גאַסן אויף זיין נאָמען, אוליצאַ דר. פיליפּאַ פּרוכטמאַנאַ, און דער נאָמען איז געבליבן אַפילו נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן, ווען מען האָט אין אַ סך שטעט אַראָפּגענומען די אידישע נעמען פון די גאַסן.

דר. פיליפּ פּרוכטמאַן איז געווען אַסימילאַנט און זיינע קינדער זיינען דערצויגן געוואָרן מער אַלס פּאָליאַקן ווי אַלס אידן, פונדעסטוועגן, נאָך פּוילנס באַפרייאונג, ווען די פּוילישע אָפיציעלע רעגירונגס-קרייזן האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן די ערשטע סימנים פון אַנטיסעמיטיזם, דעמאָלט האָט זיך איין זון פון דר. פּרוכטמאַן, הענריק, אַרומגעקוקט און געמאַכט אַ רעוויזיע איבער דער ריכטונג פון זיין פאַמיליע און ער האָט זיך אין אַ שיינעם טאָג געשטעלט אין די רייען פון די נאַציאָנאַל-געשטימטע אידן.

אַ גאָר גרויסע און ליכטיקע פּערזענלעכקייט פון סטרי, איז געווען דער וועלט-באַרימטער פּראָפעסאָר דר. צבי דיזנדרוק.

פּראָפעסאָר דר. דיזנדרוק האָט געשטאַמט פון אַ פאַרמעגלעכער פרום-חסידישער היים. זיין פאָטער, יהודה לייב דיזנדרוק, איז געווען אַ טשאָרטקאָווער חסיד און, פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיין זונדל הערש-וואָלף (אָדער צבי, ווי ער האָט זיך שפּעטער גערופן), געלאָזט לערנען אין קלויז און הערש-וואָלף איז דווקא געווען אַ גרויסער עלוי און מתמיד, אָבער ווער האָט דאָס געקאַנט וויסן, אַז הערש-וואָלף נוצט אויס די גרויסע ווינטער-נעכט ,וואָס ער איז אויף אין בית-המדרש, נישט אויף לערנען גאָטס תורה, נאָר ספרים-הצונים, רחמנא-לצלן? ערשט שפּעטער, שוין צו-שפּעט, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אונטער די גמרא׳ס האָט הערש-וואָלף געהאַט ביכלעך און ער האָט גאַנצע נעכט שטודירט אין זיי און צו-שפּעט האָט מען זיך דערוואוסט. אַז הערש-וואָלף נעמט שוין לאַנג לעקציעס ביי דעם פּריוואַט-לערער נחום דיקעס, מען האָט זיך דאָס אַלץ ערשט דערוואוסט, ווען ער איז אין אַ געוויסן פאַרטאָג עוקר געווען פון דער היים, איבערלאָזנדיק אַ בריוול מיט אַ פּאָר ווערטער: — זייט מוחל, ליבע טאַטע-מאַמע, איך דורשט נאָך וויסן און איך פאָר זוכן אַ קוואַל צו שטילן מיין דורשט...

די עלטערן האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער איז געפאָרן קיין ווין שטודירן. דער פאָטער, ר׳ יהודה-לייב, האָט אים נישט מוחל געווען. ער איז געזעסן שבעה נאָך זיין קאַליע-געוואָרענעם זון און אַפילו יאָרן שפּעטער, ווען דער זון איז ווידער געווען אין סטרי, שוין אַלס פּראָפעסאָר, האָט דער פאָטער אים נישט מוחל געווען און אים נישט געוואָלט זען.

דער יונגער הערש-וואָלף, וועלכער האָט אויפן וועג קיין ווין ערשט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די חסידישע קאַפּאָטקע מיטן סאַמעט-קאַפּעליוש, האָט געהאַט אַזאַ שאַרפן קאָפּ, אַז נאָך בלויז צוויי יאָר שטודירן אין ווין, האָט ער שוין באַקומען דעם דאָקטאָר-טיטל.

דער פאָטער האָט אים טאַקע נישט מוחל געווען, ווייל שטודירן און ווערן דאָק-

טער, האָט ביים פּאָטער געהייסן גלייך ווי שמד; אָבער הערש־לייב איז געבליבן אַ איד און אַ הייסער איד; זייענדיק אין סטרי שוין אַלס דאָקטאָר אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען די שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, האָט דער יונגער דאָקטאָר דיזנדרוק שוין געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אידישער קולטור־באַוועגונג און ווען י. ל. פּרץ, א. רייזין, ה. ד. נאָמבערג און ש. אַש זיינען אויפן צוריקוועג פון טשערנאָוויץ געווען אין סטרי, האָט מען אין סטרי איינגעאָרדנט אַ גרויסן קולטור־אַקט און דר. הערש־וואָלף דיזנדרוק האָט די באַרימטע אידישע שרייבער באַגריסט מיט אַ שיינער רעדע אין העברעאיש און פּרץ האָט וועגן אים געזאָגט, אַז ער וואַקסט אַ גדול בישראל.

יאָרן שפּעטער האָב איך געהערט, אַז פּראָפ. דר. דיזנדרוק אַקטואירט אין העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים און, ווייזט אויס, אַז דיזעלבע אומרו פון דעם אַמאָליקן סטריער בחור הערש־וואָלף, האָבן דעם שפּעטערדיקן פּראָפעסאָר דיזנדרוק געטריבן אויף וואַנדער־וועגן איבער פאַרשידענע לענדער און לויט ווי אונדזער לאַנדסמאַן מלך ראַוויטש שרייבט אין זיינע שילדערונגען פון באַגעגענישן, איז פּראָפ. דר. ה. וו. דיזנדרוק געשטאָרבן אין יאָר 1941 אין סינסינעטי...

אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט איז אויך געווען דר. מ. בינענשטאָק. ער איז געווען גימנאַזיאַל־פּראָפעסאָר פון דייטש און ער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין ווערק אויף דער טעמע: „אידישע עלעמענטן אין היינריך היינעס ווערק”.

אָבער נאָך מער ווי צוליב זיינע קענטענישן אין דער דייטשער ליטעראַטור, איז דר. בינענשטאָק באַרימט געווען צוליב זיין אויסערלעכן אויסזען.

דר. בינענשטאָק איז געווען אַ קריפּל. די צוויי הויקערס פון פאָרנט און פון הינטן, האָבן אים ווי אַראָפּגעשטופּט צו דער ערד, אַז מען זאָל אים נישט ארויסזען און כאָטש אַזאַ אויסערלעך אויסזען רופט מערסטנס אַרויס חוזק צווישן קינדער, האָבן אָבער גרויס און קליין אַרויסגעוויזן גרויס דרך ארץ פאַר דעם גייסטרייכן דענקער און פאַרשער, באַדויערנדיק בלויז זיין אויסערלעכע פעלערהאַפטיקייט.

דר. בינענשטאָק איז געווען אַזוי פּאָפּולער, אַז ער איז נאָך פוילנס באַפרייאונג, אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סענאַטאָר אין פוילישן סענאַט.

נאָך אַ פּערזענלעכקייט האָט סטרי פאַרמאָגט, אָבער דאָס איז שוין געווען אַ פּערזענלעכקייט :אויף דער לינקער זייט”... דאָס איז געווען דער משומד דר. שטאַלבערגער.

דר. שטאַלבערגער איז געווען אַ זון פון אַסימילירטע פאַרמעגלעכע עלטערן און ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ קריסטלעכער דייטשקע, און זיך געשמדט, כדי צו קאָנען חתונה האָבן מיט איר.

סטריער אידן האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן גאָרנישט פאַרלוירן מיט זיין שמד, ווייל נאָך אַלס איד איז ער שוין געווען אַן אַנטיסעמיט.

ער איז געווען דער „לעקאַזש מיעסקי”, דער „פיזיק” און ער האָט געמאַכט שווערקייטן ביים אונטערשרייבן טויט־פאַלן און ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אידן איילן זיך מיט אַ לויה, כדי אָפּצוהיטן כבוד־המת, האָט ער דווקא אויפגעהאַלטן און געפאָדערט אויסערגעוויינלעכע פאָרמאַליטעטן.

אבער געענדיקט האָט דער משומד דר. שטאַלבערגער גאָר מיאוס, אַלס פּשוטער משוגענער.

די געשעעניש, וואָס איז זיך מיט אים פּאַרלאָפן, קלינגט פּשוט ווי אַ לעגענדע. אָבער איך געדענק זי און ווייס, אַז אַזוי איז עס געווען.

אין סטרי איז געווען אַ בייגל־בעקער, אַ געוויסער חיים־יאַנקל קליינער.

אויך חיים־יאַנקל קליינער איז געווען אַ באַרימטקייט אין סטרי, נישט נאָר ווייל ער האָט געבאַקן נישט קיין פּראָסטע בייגל, נאָר פּייפּערבייגל אָדער „פּרעצלס", ווי מען האָט זיי גערופן אין דייטש, נאָר אויך, ווייל ער האָט געקאָנט „אריינגיסן אַ כוסה". אַז עס איז פאָרגעקומען אַ געלויף אויף אַ אידישער גאַס אין סטרי און מען האָט געזאָגט, אַז עמיץ איז געפאַלן אינמיטן גאַס, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס איז אוודאי חיים־יאַנקל קליינער דער בייגל־בעקער, אָדער דער „פּרעצלאַזש", ווי מען האָט אים גערופן אין פּויליש.

און איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז חיים־יאַנקל האָט שוין גאָר אינגאַנצן פאַר־געסן וואָג און מאָס און ער האָט זיך אַזוי אָנגעשיכורט, אַז מען האָט אים אַרעסטירט און אַ שעה שפּעטער, ווען מען האָט אים אַרויסגערופן פון דער „צעלע" אויף פּראָטאָ־קאָל, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ער ליגט טויט.

דאָס איז געווען אַ פּריוואַטיק אינדערפרי. פאַרשטייט זיך, אַז אידן האָבן זיך גע־איילט צו טון זיין הערכט, אָבער דר. שטאַלבערגער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אונטערשרייבן די באַשטעטיקונג, ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל פאַלמעסן דעם געשטאָרבענעם, כדי פעסטצושטעלן די סבה פון זיין טויט און אַזוי זיינען אַוועק עט־לעכע טעג ביז מען האָט געקאָנט דורכפירן די לויה.

דאָס פאָדערן צו פאַלמעסן אַ אידישן מת און דאָס אויפהאַלטן די לויה האָט אוי די פרומע אידן זייער שטאַרק געווירקט און מען האָט דעמאָלט פאַרשאָלטן דאָס גע־ביין פון דר. שטאַלבערגער דעם משומד און מען ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער משומד איז משוגע געוואָרן.

נאָך אויסטערלישער איז געווען דער קלאַנג, אַז דעם משומדס משוגעת באַשטייט אין דעם, וואָס ער שרעקט זיך פאַר דער נקמה פון דעם „פּרעצלאַזש" און עס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן אַליין געהערט, ווי דר. שטאַלבערגער האָט בעת אַן אַטאַקע געשריען מיט באַנומענע קולות: — „זאַביעזשטשע טעגאָ פּרעצלאַזשאַ!" (נעמט־צו דעם בייגל־בעקער!) און אין געשטייגערטן שרעק פאַר דער נקמה פון דעם אידישן בייגל־בעקער, האָט דער משומד אויסגעהויכט זיין געשמדטע נשמה...

עס זיינען געווען נאָך פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין אידישן לעבן פון סטרי, אָבער די וויכטיקסטע ראָלן אין אידישן לעבן האָבן אין סטרי דווקא געשפּילט נישט יחידים, נאָר אינסטיטוציעס.

די אידישע יוגנט אין סטרי האָט נישט געוואָלט גיין אין די וועגן פון זייערע אַסימילאַטאָרישע און פאַנאַטישע עלטערן און זיי האָבן זיך אין געשאַפענע פאַריינען געשמידט זייער צוקונפט אַלס מאָדערנע מענטשן און אידן.

סטרי האָט פאַרמאָגט פאַריינען פון פאַרשידענע ריכטונגען און אויך דראַמקרייזן וועלכע האָבן געהאַט אַ גוטן שם נישט נאָר פאַר אויפירן פיעסן פון בעסערן מין, נאָר אויך פאַר שטיצן אידישע אַקטיאָרן, וועלכע זיינען געקומען אויף גאַסטשפּילן קיין סטרי.

ווי אין אַלע גאַליצישע שטעט און שטעטלעך, איז אויך אין סטרי פאַרגעקומען אַ קאַמף צווישן אַלט און יונג און עלטערן און קינדער, אָבער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פוילן איז באַפרייט געוואָרן און דער אַנטיסעמיטיזם האָט וואָס ווייטער שאַרפער געלאָזן פילן זיינע נעגל, דעמאָלט האָבן די טאַטעס פאַמעלעך אוויפגעגעבן די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן און די יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן פרייער אַנטוויקלען אין נאַציאָנאַלן ווי אין פרייהייטלעכן גייסט.



# ראָזוואַדאָוו מיין שטעטעלע

פון **אַדעלאַ האַנפלינג דע צוקער**



כאָטש איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווען מיין טאַטע האָט פאַרלאָזט זיינע „קעסט" ביי באָבע-זיידע אין ראָזוואַדאָוו און איז מיט אונדז געפאָרן קיין קראָקע, וואו ער האָט געזאָלט ווערן דיין, האַלט איך ראָזוואַדאָוו פאַר מיין שטעטל, ווייל דאָרט בין איך געבוירן און אַהין בין איך פון קראָקע יעדעס יאָר געפאָרן פאַרברענגען די זומער-חדשים ביי באָבע-זיידע אויף פרישע לופט און אַלע זכרונות פון מיינע איבערלעבענישן אין ראָזוואַדאָוו, זיינען מיר איינגעבאַקן אין האַרצן מיט ליבע.

מיין זיידע, ר' שמחה פלוים, איז אַ שטיקל צייט געווען ראש-הקהל אין ראָזוואַדאָוו און דאָס גאַנצע אידישע לעבן מיט אַלע געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אָדער קאָמענטירט געוואָרן ביים זיידן אין שטוב.

הגם עלעגאַנט געקליידעט, אָבער חסידישע קליידער, מיט באָרד און פאות, איז מיין זיידע פונדעסטוועגן געווען אַ „קרוב-למלכות"; ער איז געווען אַ „צעסאַרסקיע קרולעווסקי דאָסטאַווצאַ שוטרו דאַ דרוג קראַיאָוויך" (קייזער קעניגלעכער ליפעראַנט פון שוטער-שטיינער פאַרן בוי פון לאַנדעס-שאָסייען) און ער איז געווען דער אייגנטימער פון אַזעלכע שטיין-גרובנס אין סטאַנאָוו; און אין כוזשעוויץ און אומגעגנט, ער האָט געהאַלטן הונדערטער אַרבעטער און אויפזעער און פאַרמאָגט אייגענע טראַנספּאָרט-מיטל פאַר שוטער, וועלכן ער האָט געליפערט אַפילו פאַרן עסטרייכישן וועגן-בוי און מיין פרומער זיידע איז געווען אַזוי אָנגעזען אין די אָפיציעלע קרייזן, אַז אַפילו דער דעמאָלט באַקאַנטער אַנטיסעמיטישער אינזשעניער סטראָנסקי, האָט זיך געמוזט באַציען צום זיידן מיט גרעסטן רעספּעקט און דער גראַף לובאָמירסקי איז געקומען אַלס גאַסט צו די פאַמיליאַרע שמחות אין מיין זיידנס הויז, פונקט ווי מיין זיידע איז אויפגענומען געוואָרן אַלס חשובער גאַסט אויף די פאַמיליאַרע שמחות אין גראַף לובאָמירסקיס פּאַלאַץ.

## די דריי קדושים פון ראָזוואַדאָוו

איך געדענק, אַזוי ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן, ווי איך בין אין די שבת-פאַרנאַכטן געזעסן אויף דער באָבעס שויס אין דער שטוב נעבן דער סאַלע, וואו דער

זיידע מיט זיינע פינף זין און עטלעכע אָנגעזעענע באַלעבאַטים און אַ צענדליק אורחים, האָבן געפּראַוועט שלוש-סעודות.

איך בין געזעסן אויף דער באָבעס שויס און מיט שרעק געקוקט אויף די טונקעלע שאָטנס וואָס שפּרייטן זיך כסדר מער אויף די ווענט און איך האָב זיך צוגעהערט צו די זמירות-געזאַנגען, וואָס האָבן זיך אַזוי ציטעריק אַריינגעגנבעט צו אונדז פון דער סאַלע און ווען עס איז שוין געווען גוט פינצטער, האָב איך זיך פעסטער צוגעטוליעט צו מיין באָבען און בעת דער זיידע אין סאַלע האָט אָנגעהויבן זיך מפלפל זיין מיט די אידן אין לערנען, האָט די באָבע דערווייל אָנגעהויבן דערציילן מעשות פון אַמאָל און נישט איינמאָל איז אינמיטן דערציילן אַראָפּגעפאַלן אַ טרער פון אירע אויגן גלייך אויף מיין פּנים אַרויף.

— דאָס תורה-לערנען בעת די שלוש-סעודות, ציט זיך שוין אַזוי אין אונדזער משפּחה פון לאַנגע צייטן, ביז צו דיין זיידנס עלטער-זיידנס טאַטן, ר' פּנחס „הפלאה".

אַ סך פינצטערע צייטן האָבן אידן שוין איבערגעלעבט זייט דעמאָלט, אָבער ליב-טיקייט פון דער הייליקער תורה און דערהויבנקייט פון טיפן גלויבן אין גאָט ברוך-הוא, האָט געהויזט אין אידישע שטיבער אין די שבתים און ימים-טובים.

און די באָבע האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן איר גרויסן יחוס ביז צום „חוזה פון לובלין" און ווי אַזוי איר פאָטער, מיין עלטער-זיידע האָט זיך געפרייט, וואָס ער האָט פאַר איר באַקומען שמחהלען, וואָס שטאַמט פון גרויסן בעל „הפלאה", וועמענס איי-ניקל האָט זיך מקריב געווען על קידוש-השם...

מיינע פינף מומעס, די ווייבער פון מיינע פינף פעטערס וואָס זיינען געזעסן אין דער סאַלע מיטן זיידן, האָבן באַלד אָנגעהויבן בעטן, אַז די באָבע זאָל דערציילן און איך האָב זיך נאָך שטאַרקער צוגעדריקט צו דער באָבעס ברוסט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט:

— דער „הפלאה" זכרונו לברכה, האָט שוין לאַנג גערוט אין גן-עדן, ווען די פּרי-צים האָבן זיך געלאָזט אָנריידן פון די יעזואיטן ימח-שמם, אַז די אידן דאַרפן האָבן בלוט פון קריסטלעכע קינדער צו די מצות.

פּונקט דעמאָלט, איז פאַרשוואונדן געוואָרן אַ קריסטלעכע מאַמע צוזאַמען מיט איר קינד און די פּריצים מיט זייערע לייב-אייגענע זיינען איבערגעפאַלן די אידישע היימען און מען האָט אַרויסגעריסן אַלע טאַטעס און מאַמעס פון זייערע היימען און זיי אַלעמען פאַרשפּאַרט אין תפיסה און אויף די אידישע קינדער, האָבן די יעזואיטן כלומרשט רחמנות געהאַט און זיי דערווייל געגעבן עסן, מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך לאָזן אָפּשמדן.

אָבער אונדזערע אידישע קינדער האָבן שוין געוואוסט די אַלע מעשות וועגן אונ-דזערע קדושים וואָס האָבן פון זיך געלאָזן רייסן פּאַסן און זיי זיינען נישט אָפּגעטראָטן פון אידישן גאָט, האָבן זיי נישט געוואָלט אָנעמען דאָס עסן פון די יעזואיטן ימח-שמם, האָבן זיי בעסער געוואָלט אויסגיין פון הונגער, אַבי נישט עסן קיין טרפות...

זיינען טאַקע אַ סך אידישע קינדער קראַנק געוואָרן און אַ סך זיינען אויסגעגאַנ-גען פון הונגער, האָט זיך דאָס געוויין פון אידישע קינדער געטראָגן צו די הימלען און דורכגעשלאָגן די שערי-רחמים און דעמאָלט איז קראַנק געוואָרן דעם גראַף לובאָ-מירסקיס איינציקע קינד און דער גראַף האָט געזען אין חלום אַן אַלטן אידן און דער

איד האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט נישט רחמנות האָבן אויף די הונגעריקע אידישע קינדער און זיי צוריקגעבן זייערע אומשולדיקע טאַטעס, וועט גאָט נישט האָבן קיין רחמנות אויף זיין איינציק קינד...

צומאָרגנס נאָך דעם חלום, האָט זיך דער גראַף אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דעם משפט קעגן די אַרעסטירטע אידן און באַטש ער האָט זיך שנעל דערוואוסט, אַז די גויע מיט איר ממזר איז צוזאַמען מיט אַ יעזואיטישן גלח אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע און דער גלח האַלט זיי דאָרט פאַרשפאַרט אין אַ קלויסטער און דער גראַף לובאָמירסקי האָט באַלד געוואָלט באַפרייען אַלע אידן, האָבן דאָס אָבער די יעזואיטן מיט די אַנדערע פריצים בשום אופן נישט דערלאָזן, זיי האָבן נישט דערלאָזן אַז עס זאָל אויפגעדעקט ווערן דער אמת, ווייל די פריצים וואָלטן דערפון געהאַט צו ליידן, האָבן זיי זיך געאייניקט, אַז מען קאָן באַפרייען אַלע אידן מיט זייערע ווייבער, אויב די שטאָט וועט אַרויסגעבן די שענסטע דריי באַלעבאַטים, מען זאָל איבער זיי אויספירן דעם פסק-דין פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון מוטער און קינד...

האָט עס טאַקע נישט לאַנג געדויערט, דער צער פון די הונגעריקע אידישע קינדער איז געווען זייער גרויס, האָבן זיך דער רב און דער ראש-הקהל באַלד צומאָרגנס אַליין געמאָלדן און צו זיי איז באַלד צוגעשטאַנען אַלס דריטער — ר׳ שמחה דער גביר, מיין שמחהלעס גרויסער זיידע, דעם „הפלאה"ס אייניקל און די פריצים האָבן אַרויסגעטראָגן אַן אורטייל, אַז מען זאָל די דריי „שולדיקע" אַריינשפאַרן אין דריי פעסער און זיי גוט פאַרשפונטעווען און מען זאָל די פעסער קאַטשען זיבן מאָל אַרומנאַונאַרום דער שטאָט און דערביי זאָלן אַלע אידן, גרויס און קליין שטיין אין דרויסן און זען ווי אַזוי מען פירט אויס דעם אורטייל קעגן די „קריסטן-מערדער"...

דער גראַף לובאָמירסקי האָט דעמאָלט גאָרנישט מער געקאָנט אויפטאָן און די שונאי-ישראל האָבן דעם פינצטערן אורטייל אויסגעפירט.

אינמיטן מאַרק האָט מען די דריי קדושים אַריינגעשטופּט אין פעסער, די תלינים האָבן צוערשט אויסגעבויערט לעכלעך אין די פעסער, כדי די קדושים זאָלן אויסהאַלטן לענגער און דערנאָך האָבן זיי די פעסער פעסט פאַרמאַכט און גוט אַרומגערייפט און אַ כאַפּטע פויערים, לייב-אייגענע, האָבן באַקומען דעם באַפעל צו קאָלערן די פעסער אַרום דער שטאָט און גרויס איז געווען די יללה פון דער גאַנצער שטאָט וואו נאָר די פעסער האָבן זיך פאַרביי געקאָלערט און מען האָט אַזוי לאַנג געהערט פון די פעסער אַרויסשרייען: — שמע ישראל ד׳ אלוקינו ד׳ א-ח-ד!... ביז די קדושים האָבן מיטן לאַנג-אויסגעצויגענעם „אחד" אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות...

## מעשות וועגן שדים און לצים אין ראָזוואַדאָוו

נישט נאָר מעשות פון אַלטן אַמאָל, האָב איך געהערט פון מיין באָבען בעת די שלוש-סעודותן אין מיין זיידנס הויז; די מעשות וועגן די שדים און לצים האָבן זיך, לויט ווי מיין באָבע האָט דערציילט, נאָך אָפּגעשפּילט אין די לעצטע יאָרן, ווען גוטע אידן האָבן ערשט באַוויזן צו באַשווערן די נישט-גוטע אַז זיי זאָלן זיך דערווייטערן צו אַלע מדבריות און נישט קומען צווישן קיין מענטשן.

ווען די באָבע האָט אָנגעהויבן דערציילן וויפל דער זיידע אַליין האָט אַלס יונגערמאַן באַלד נאָך דער חתונה געהאַט אויסצושטיין פון „די דאַזיקע”, ווי זיי האָבן זיך פלוצלינג באַוויזן אין פאַרשידענע געשטאַלטן, ווען ער איז אַליין אַרויסגעגאַנגען אַ באַנאַכט און ווי „די דאָזיקע” האָבן זיך אין מחנות באַוויזן בא דער „ערשטער בריק”, וואו זיי האָבן געהאַט זייער פאַרכשופטע היים. — ווען די באבע האָט אָנגעהויבן דערציילן די מעשות, האָב איך אָנגעהויבן ציטערן פון שרעק און געבעטן אַז עס זאָלן זיך באַווייזן שטערן אויפן הימל, מען זאָל קענען זאָגן דעם „גאָט פון אברהם” און אָנצינדן ליכט, אָבער גלייכצייטיק האָב איך געברענט פון נייגעריקייט צו הערן וואָס מער פון די שרעקלעכע מעשות...

— פון ראָזוואַדאָוו קיין סטאַנאָוו צו די שטיין-גרובנס, איז נישט געווען ווייט, אָבער די נסיעה איז געווען אַ זייער געפערלעכע, צוליב די „נישט-גוטע” וואָס האָבן געהוירט אויף די וועגן.

גוט איז געווען, וואָס דער זיידע האָט אַלעמאָל פאַרן אַרויספאָרן איבערגעקוקט די מזוזות און נאָכגעקוקט צי די ציצית פון זיין טלית-קטן זיינען חלילה נישט פסול: ווען נישט דאָס, ווער ווייסט וואָס זיי וואָלטן אים געטאָן?... אַזוי אָבער, האָבן זיי באַוויזן בלויז אָפּצוטאָן פאַרשידענע רשעותן, אָבער צו אים אַליין האָבן זיי נישט געהאט קיין שליטה . . .

די שדים זיינען געווען אַ סך ערגער פון די לצים. די שדים האָבן אָנגעמאַכט גרויסע שאָדנס. זיי האָבן אינמיטן פאָרן געקאָנט אַרויסנעמען די רעדער פון דער בריטשקע און זיי צעוואַרפן איבער פיר ווייטע שבעט פון אַלע פיר זייטן און שמחהלע (מיין זיידע) איז קוים מיטן לעבן אָנגעקומען מיט בלויזן געזעס פון קאָלעס קיין סטאַנאָוו...

די לצים האָבן בלויז אָנגעאַרבעט שקאָצעוואַטע שטיק. איינמאָל האָבן זיי אינמיטן פאָרן אויסגעשפּאַנט די פערד פון דער קאַרעטע און זיי איינגעשפּאַנט צוריק, מיט די קעפּ צו דער קאַרעטע...

די שדים זיינען אָבער אַ סך פריער פאַרטריבן געוואָרן פון די אידישע ישובים, געווען גרויסע צדיקים וואָס האָבן זיך מיט זיי ספּראַוועט און מיט פאַרשידענע שמות זיי פאַרטריבן; נאָר די לצים האָבן נאָך געוווילדעוועט אַ לאַנגע צייט און איך אַליין האָב נאָך געזען אַזאַ לץ, ווי ער האָט זיך פלוצלינג אָוועקגעשטעלט ביי מיין פענצטער אין מיטן דער נאַכט און ער האָט אַריינגעלאַכט צו מיר און געוואונקען און געזאָגט: — קאָם הערֿאוס, שיין מיידליין... קאָם הערֿאוס... און זעענדיק אַז איך פאַל אין הלשות פון שרעק, האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ געלעכטער — כאַ-כאַ-כאַ! און ער איז פאַרשוואונדן...

ערשט דער רבי ר' מענדעלע און אַנדערע גדולי-הדור האָבן באַוויזן זיי צו פאַרטרייבן און מען זעט זיי נישט מער...

## פּורים - שפּילן ביים זיידן אין הויז

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען אַ סך פּוילישע און רוסישע אידן זיינען אַנטלאָפן פון זייערע היימען צוליב דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה, דעמאָלט איז קראָקע געווען פול מיט אַזעלכע היימלאָזע אידן און עס האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע

קראַנקהייטן, דעמאָלט האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין מיין זיידנס הויז אין ראַזוואַדאָוו און איך האָב מיטגעמאַכט אַ פּורים אין מיין זיידנס הויז.

אויך אין קראָקע האָב איך פּורים געזען „פאַרשטעלטע" וואָס זיינען געגאַנגען פון איין אידישער שטוב צו דער אַנדערער, אָבער אין קראָקע זיינען זיי געגאַנגען צו צוויי און העכסטנס צו דריי און זיי האָבן בלויז געזונגען לידער; אַנדערש איז עס געווען אין ראַזוואַדאָוו:

אַ גאַנצע כאָפּטע איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן מיטאַמאָל. מענער און ווייבער, אָבער באַלד האָט מען געזען, אַז די ווייבער זיינען אויך מענער, נאָר אָנגעטאָן אין ווייבער־שע קליידער...

אַזוי ווי זיי זיינען נאָר אַריינגעקומען, האָבן זיי פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אַנט־קעגן איין זייט טיש און איינער פון זיי האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף אַ פידל און אַן אַלטער איד מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, האָט אָנגעהויבן זינגען מיט אַ קינדיש שטי־מעלע: — „לא אמות כי אחיה, ואספר מעשה יה"... און באַלד האָט ער דאָס זעלבע אי־בערגעזונגען אויף אידיש און דערנאָך אויך אויף פּויליש:

איך וויל נישט שטאַרבן, נאָר לעבן, איך זאָל קענען גאָט לויבן...
ניעכצע אומזשיטש, טילקאָ זשיטש, פּאַנאַ באָגאַ פּאָכוואַליטש!...

איך בין געשטאַנען און מיט פאַרכאַפּטן אָטעם געקוקט ווי דער שפּילער כשופּט אַרויס מיט זיינע ציטערדיקע פינגער אַזעלכע האַרציקע טענער פון זיין פידעלע און איך האָב געקוקט אויף דעם קינד מיט דער גרויער באָרד וואָס האָט אַזוי שיין געזונ־גען און פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ רוף:

מאַכט אַ וואַרע, מאַכט אַ וואַרע,
אָט קומט יוסף הצדיק און דער קעניג פּרעה
און אָט קומט דער פעטער מרדכי מיט דער מלכה אסתר,
גרין ווי אַ גראָז, די שענסטע פון אַלע שוועסטער...
און אָט פירט אברהם יצחקלען צו דער עקידה,
און אָט וואַקלט זיך נח, אונדזער שכורער זיידע...

— און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פּורים־שפּיל וואָס האָט געדויערט ביז שפּעט אין דער נאַכט און כסדר האָט דער „אויסרופער" וואָס איז געשטאַנען מיט אַ גאָלדע־נעם שטעקן, אַרויסגערוקט נייע פּערסאָנאַזשן פון דער אידישער געשיכטע, ביז עס איז געקומען צו המנען און ער האָט געכאַפּט די אמתע מפּלה...

## אַ שטעטל ווי אַ קאַרוזעלע

ביי זיידע־באָבע אין הויז, האָב איך אַ גאַנצע וואָך געזען אַ לעבעדיקע באַוועגונג פון סוחרים, גוים און אידן און משולחים, ארץ ישראל־אידן און „אורחי־פּורחי" וואָס אַלע זיינען כמעט געווען אַזעלכע מענטשן און אין דער זעלבער קליידונג ווי אין קראָקע און אין די שבת־טעג האָב איך פון מיין באָבען געהערט אַזויפיל מעשות, אָבער די מעשות זיינען געווען פון אַמאָל און אַזעלכע טרויעריקע מעשות.

דערפאַר האָב איך אָבער אין די שבתים־נאָכמיטיק געהאַט גרויס־ הנאה, ווען חברטעס האָבן מיר געוויזן מיין געבורט־שטעטעלע פון אַלע זייטן און געפירט מיך

אפילו שפּאַצירן ביז צו די וועלדלעך הינטערן שטעטל, וואו מען האָט שוין נישט געטאָרט גיין, ווייל עס איז געווען אויסערן „תחום־שבת"...

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ראַזוואַדאָוו, האָבן זיך די קינדער פון מיין געבורטשטעטל וואָס זיינען געווען אין מיינע יאָרן און אַפילו אַ סך עלטערע פון מיר — געהאַלטן פאַר אַ כבוד זיך מיט מיר צו חברן און זיי האָבן מיך מיט גרויס נייגעריקייט אויסגעפרעגט וועגן קראָקע, און איך האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר ווייזן און דערציילן אַלעס וועגן ראַזוואַדאָוו.

און זיי האָבן מיר געוויזן און דערציילט.

זיי האָבן מיך געפירט אַרום דער שטאָט און געוויזן מיר, אַז ראַוואַדאָוו איז פּונקט אַזוי קיילעכיק ווי אַ קאַרוזעלע און אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך שוין געזען גאַנץ ראַזוואַדאָוו ווי אַ דרייענדיקע קאַרוזעלע, נאָר אַנשטאָט פערדלעך אויף דער קאַרוזעלע, זע איך פעסער וואָס קאַטשען זיך אַרומאַרום דער שטאָט און פון די פעסער הערט זיך אַרויסשרייען דער „שמע ישראל" פון די קדושים...

מיינע חברטעס האָבן מיר אויך סודות־פול אָנגעוויזן אויף אַ ווייס געקאַלכטער שטוב און געזאָגט אויפן אויער, אַז דאָ האַלטן זיך אויף די אַפּיקורסים פון שטעטל...

די נייגעריקייט האָט מיך באַוואויגן איך זאָל דווקא עטלעכע מאָל פאַרבייגיין פאַר דעם געווייסטן הויז און איך האָב געהערט ווי מען זינגט דאָרט אַנשטאָט זמירות — אידישע לידער און שפּעטער האָב איך שוין געוואוסט, אַז די גרויס־שטאָטישע קליפּה האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט אויך קיין ראַזוואַדאָוו, עס זיינען שוין פאַראַן ציניסטן און ציציליסטן און איין גאָט ווייס וואָס דערפון וועט ווערן...

בעת די שפּאַצירן מיט מיינע חברטעס, האָב איך זיך אויך באַגעגנט מיט זרח דעם שטאָט־משוגענעם.

ווען ער האָט זיך באַוויזן, זיינען זיך אַלע מיינע חברטעס צעלאָפן און איינע האָט מיך מיטגעשלעפּט און דערנאָך געזאָגט, אַז איך וואָלט געמעגט גומל־בענטשן, ווייל זרח זוכט אַזעלכע קינדער וואָס קענען אים נאָך נישט, ער וואָלט מיך געוועזן געכאַפּט און זיכער וואָלט ער מיר אויסגעריסן אַ פוס, ווייל דאָס איז זיין משוגעת; ער כאַפּט אַ קינד און וויל אַרויסרייסן אַ פיסל זאָגנדיק דערביי: — איצט איז שוין גוט! איצט וועל איך שוין האָבן אַ פיסל צו פאַרוקן אין טשאָלנט אַריין...

## מאָשקע ראָטנבערגס פאַרשאָלטענע הויז

באַרואיקט נאָך דער איבערגעלעבטער שרעק, ווען זרח דער משוגענער האָט זיך געיאָגט נאָך מיר, האָב איך אָנגעהויבן אויספרעגן מיינע חברטעס ווער ער איז און ווי אַזוי ער איז משוגע געוואָרן און די חברטעס האָבן מיך אויפן צווייטן שבת געפירט אַפן סאַמע רינג־פּלאַץ און געוויזן מיר אַ גרויס הויז צום פראָנט פון שטעטל.

דאָס איז געווען אַ גרויסע שטאָקיקע שיינע געביידע, וואָס די פענצטער אינדערהויך זיינען געווען פאַרהאָנגען מיט שיינע פאָרהאַנגען און אונטן איז געווען אַ גרויס אַפּטייק־געשעפט.

די חברטעס האָבן מיר דערציילט, אַז דער געשמדטער אַפּטייקער און די עטלעכע גויאישע שכנים, וואוינען אין דעם פאַרשאָלטענעם הויז קוים עטלעכע יאָר און פריער

איז דאָס הויז געשטאַנען פּוסט און קינדער האָבן מורא געהאַט דאָ פאַרבייצוגיין אַפילו באַטאָג.

די חברטעס האָבן מיר דערציילט, אַז דאָס הויז רופט מען נאָך עד־היום — מאָשקע ראָטנבערגס פאַרשאָלטענע הויז.

ווער איז געווען מאָשקע ראָטנבערג?

מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז מאָשקע ראָטנבערג געווען דער רייכסטער איד אין ראָזוואַדאָוו און צוליב זיינע באַקאַנטשאַפטן מיט פּריצים, האָט ער מיט כוח פאַרנומען דאָס אַמט אַלס ראש־הקהל און ער האָט געשאַלטעט און געוואַלטעט ווי ער האָט געוואָלט.

מאָשקע האָט אַפילו געטיילט אַ סך צדקה, נאָר ער איז געווען אַ גרויסער עקשן און נאָך אַ גרעסערער תקיף, איז אים איינגעפאַלן, אַז די שיל איז צו אַלט און מען דאַרף בויען אַ נייע, אַ מאָדערנע שיל, ווי ער האָט געזען אין פּשעמישל.

האָבן די אידן געטענהט, אַז די שיל איז אַ היילִיקע, זי איז שוין אַזוי אַלט און אויב ער וויל, זאָל ער בויען אַ נייע, נאָר די אַלטע זאָל ער נישט צעוואַרפן; האָט אָבער מאָשקע נישט געוואָלט הערן קיינעמס עצות, האָט ער געלאָזן צעוואַרפן די אַלטע שטיינערנע שיל, די גרויסע שטיינער פון דער אַלטער שיל האָט ער גענומען פאַר זיך, צום בויען אַ ניי הויז אויפן רינג־פּלאַץ און די שיל האָט ער אויף שנעל אויסגעבויט פון ציגל.

דערציילן די קינדער פון ראָזוואַדאָוו, אַז אַרבעטער האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געקענט רירן די שיל־שטיינער פון אָרט, אָבער מאָשקע ראָטנבערג איז געווען אַן איינגעשפּאַרטער און ער האָט געבראַכט אַזעלכע מאַשינען וואָס האָבן די שטיינער אויפגעהויבן פון די פּלעצער און מען האָט זיי איבערגעפירט צו דעם פּלאַץ אויפן רינג, וואו ער האָט געוואָלט בויען פאַר זיך דאָס נייע הויז.

נישט אַזוי שנעל און נישט אַזוי לייכט האָבן זיך די שטיינער געלאָזט איינבויען אין די ווענט פון מאָשקעס הויז; עס האָט געדויערט עטלעכע יאָר און מענטשן וואָס זיינען אין די אָוונטן פאַרבייגעגאַנגען אויפן רינג, האָבן געהערט ווי די שיל־שטיינער קרעכצן אַרויס פון די ווענט און מען האָט שוין געוואוסט, אַז קיין גוטס וועט דערפון נישט אַרויסקומען; אָבער מאָשקע האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן, ער האָט געבויט און געבויט, ביז דאָס הויז איז געווען פאַרטיק און ער האָט זיך דערין אַריינגעקליבן מיט זיין גאַנצן בני־בית, זיין ווייב, דריי טעכטער מיט די דריי איידעמס אויף קעסט און צוויי יונגע זין.

שוין די ערשטע נאַכט, האָט גיטל, מאָשקעס ווייב, אויפגעוועקט די קינדער און זיי מיט שרעק אין די אויגן געוויזן אויף די ווענט און געפרעגט צי זיי הערן נישט וויינען...

די קינדער האָבן צוגעלייגט די אויערן צו דער וואַנט, זיי האָבן גאָרנישט גע־הערט. גיטל האָט אָבער פאַרזיכערט, אַז זי הערט ווי עפּעס וויינט אין די ווענט, אַזוי ווי אַ קינד וואָלט דאָרט געווען איינגעמויערט און עס וויינט...

מאָשקע האָט זיך אויסגעלאַכט דערפון, אָבער אין שטעטל האָט מען שוין זייער פיל גערעדט וועגן דעם געוויין וואָס רייסט זיך אַרויס פון די שיל־שטיינער וואָס זיינען איינגעמויערט אין מאָשקעס רייכן הויז און מען האָט געזען ווי גיטל מאָשקעס גייט

ממש איין פון טאָג צו טאָג, ביז אין אַ שיינעם פרימאָרגן, האָט מען געהערט אַז גיטל איז נישט זיין זאָל עס, משוגע געוואָרן...

מאָשקע איז אָבער אַליין געווען איינגעשפּאַרט, ער האָט גיטלען אַוועקגעשיקט צו דאָקטוירים קיין קראָקע און ער איז געבליבן זיצן אין דעם גרויסן שיינעם הויז, גלייך ווי גאָרנישט וואָלט געשען.

זיינען קוים פאַרביי עטלעכע וואָכן, און מאַלי, דאָס יונגסטע טעכטערל וואָס האָט ערשט מיט אַ יאָר צוריק התונה געהאַט, האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן „ריידן פון וועג", זאָגנדיק, אַז זי האָט געזען אַ גרויסן שוואַרצן הונט אויפן פענצטער פון איר סאַלע... און ער באַווייזט זיך פאַר איר יעדע נאַכט.

אַ קורצע צייט שפּעטער, איז אויך דבורהלע, די מיטעלע טאָכטער אַראָפּ פון זינען און עס האָט נישט געדויערט קיין גאַנץ יאָר, זיינען אַלע קינדער אַ הוץ איין איידעם וואָס איז באַצייטנס אַנטלאָפן — אַראָפּ פון זינען.

די גרעסטע צרה איז געווען מיט דעם יונגסטן זונדל, זרח מאָשקעס.

ער איז קוים אַלט געווען זעקס יאָר און מען האָט נישט אַזוי שנעל געקענט דער־קענען אַז ער איז געווען, אָבער איינמאָל איז ער געקומען אין חדר מיט אַ מעסער און ער האָט געוואָלט ביים מלמדס קינד אין וויגל, אָפּשניידן אַ פיסל, כדי עס צו פאַרזוקן אין טשאָלנט אַריין...

מיט נסים האָט מען דעמאָלט דאָס קינד אָפּגעראַטעוועט פון זרחלס הענט און אַזוי איז זרחל געבליבן ביז צום היינטיקן טאָג, ער איז שוין אפשר אַכציק יאָר אַלט, און ער לויפט נאָך אַלץ נאָך קינדער און וויל זיי אַרויסדרייען אַ פיסל צום פאַרזוקן אין טשאָלנט אַריין...

ווען איך בין, נאָך די מעשות וואָס די חברטעס האָבן מיר דערציילט, אַהיימגע־קומען, האָב איך ערשט די באָבען געבעטן זי זאָל מיר דערציילן וועגן מאָשקעס פאַר־שאָלטענע הויז און איך האָב געזען, אַז די חברטעס האָבן מיר דערציילט דעם אמת.

ווען אַלע אין הויז זיינען שוין געווען משוגע, האָט מאָשקע נאָך אַליין נישט גע־וואָלט נאָכגעבן, ער זאָל זיך אַרויסציען פון דאָרט, ערשט ווען אַלע מענטשן האָבן אָנ־געהויבן וויכן פון דעם הויז, ווען קיינער האָט נישט געוואָלט אַריינטראָגן אין דעם הויז קיין שפּייז, האָט שוין מאָשקע געמוזט נאָכגעבן און ער האָט זיך אַרויסגעקליבן פון דאָרט, אָבער נישט דעם ווייב און נישט די קינדער איז שוין בעסער געוואָרן דערפון.

מאָשקע האָט נאָך נישט געוואָלט נאָכגעבן. ער האָט די שטיבן פאַרדונגען פאַר אַ גאָר ביליקן פּרייז צו יונגע פאַרפעלקער וואָס זיינען געקומען פון אַנדערע שטעט־לעך, טראַכטנדיק, אַז ער וועט באַווייזן, אַז מיט די שטיינער איז גאָרנישט דערמער, נאָר זיין ווייב איז שולדיק געווען אין דעם גאַנצן אומגליק.

אָבער נאָך אַ קורצער צייט, האָבן אויך די נייע שכנים אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימנים פון משוגעת און גאַנץ ראַזוואַדאָוו האָט זיי אָנגעהויבן וואָרענען און זיי זיינען אַרויס פון דעם הויז איבערלאָזנדיק דאָרט זייערע מעבל מיטן גאַנצן ביסל באַלעבאַ־טישקייט, אַבי ראַטעווען דאָס חיות.

און אַזוי איז דאָס הויז געבליבן שטיין אַ סך יאָרן ווי אַ פאַרשאָלטענע חורבה, און ערשט נאָך צוואַנציק יאָר, האָט מאָשקע געוואָלט איבערבויען, און אַרויסנעמען

פון דארט די שיל־שטיינער, נאר ווען מען האט אנגעהויבן צעוואַרפן דעם קוימען, האט מען פלוצלינג דערזען אין קוימען א שוואַרצן הונט.

די אַרבעטער האָבן זיך איבערגעצלמט און נישט געוואָלט ווייטער אַרבעטן; זיי האבן בלויז אויף שנעל צוריק פאַרמויערט דעם קוימען לאזנדיק דאָרט דעם הונט און דאָס הויז איז געבליבן שטיין ווי געוועזן.

ערשט נאך א סך יאָרן, ווען די גאַנצע משפחה פון מאַשקע ראַטנבערג דעם תקי־פישן ראש־הקהל איז שוין געווען אויסגעשטאָרבן, נאר בלויז זרחל איז נאָך אַרום־געלאָפן משוגענערווייז, האָט דער מאַגיסטראַט פאַרקויפט דאָס הויז אויף א ליציטאַציע פאר די שטייערן און דער געשמדטער אַפטייקער האָט עס אָפגעקויפט און ער מיט נאָך עטלעכע גויאישע שכנים האָבן זיך אריינגעקליבן דערין.

דערווייל איז נאָך דעם אַפטייקער אָדער די אַנדערע שכנים גאָרנישט געשען, אָבער זיכער וועט עס זיי אויך נישט אָנגיין גלאַטיק, ווייל אידן היטן זיך נאָך עד־היום פאַרבייצוגיין נאָנט פון דער פאַרשאָלטענער געביידע, פון וועלכע מען הערט נאָך היינט דאָס קרעכצן פון די אַלטע שיל־שטיינער, וועלכע מאַשקע האָט אריינגעבויט אין די ווענט...



קלמן האָפמאַן

# קאָלאָמיי נאָך 1918



ווען איך גיב אַמאָל, אין אַ פאַרבענקטער שעה, אַ שוועב מיט מיינע געדאַנקען צו מיין געבורטשטאָט קאָלאָמיי, זע איך דאָס ערשטע — די קאָלאָמייער אידישע יוגנט.

איך בין דאָך נאָך געווען כמעט אַ יוגנטלעכער, קוים אַכצן יאָר אַלט, ווען איך האָב פאַרלאָזן מיינע יוגנטלעכע חברים און בין אַוועק קיין אַרגענטינע און דער פאַקט, וואָס מיין פאָטער, נתן האָפמאַן, איז געווען אַ העברעאישער לערער און כמעט די גאַנצע אידישע יוגנט פון קאָלאָמיי האָט ביי אים געלערנט — דער פאַקט קאָן דאָך זיכער באַשטעטיקן, אַז איך בין מיט דער יוגנט געווען געקנופּט און געבונדן.

די קאָלאָמייער אידישע יוגנט האָט דעמאָלט זייער פלייסיק געלערנט העברעאיש און טיילווייז אויך ענגליש, גרייטנדיק זיך צו קאָנען פאָרן קיין פאַלעסטינע, ווייל באלד, ווי נאָר עס האָט זיך פאָרמירט די רעגירונג פון באַפרייטן פוילן, האָט די אידישע יוגנט אָנגעהויבן פילן, אַז מען דאַרף זיך גרייטן צום אויסוואַנדערן.

די קאָלאָמייער אידישע יוגנט איז געווען אַ לעבעדיקע, אַ באַוועגלעכע און האָט מען שוין געפילט, אַז מ'וועט דאַרפן וואַנדערן, האָט מען זיך אָנגעהויבן צוגרייטן, סיי גייסטיק ווי פיזיש, צום קאַמף פון לעבן; מען האָט געוואוסט, אַז פאָרנדיק אלס חלוצים קיין ארץ־ישראל, וועט מען דאָרט דאַרפן באַווייזן, אַז מען איז שטאַרק און שטאָלץ, מיט אויסגעגלייכטע רוקנס און באַוואוסטזיניק אין די צילן און אויפגאַבן און לערנענדיק זיך ווי אַזוי צו קאָנען זיין שטאָלצע באַוואוסטזיניקע געזונטע אידן, האָט די קאָלאָמייער אידישע יוגנט שוין אין קאָלאָמיי גופא, באַקומען די געלעגנהייט צו באַווייזן, אַז זי ווייסט ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן איר כבוד.

דאָס איז געווען אין די יאָרן 1919 - 1920.

אַ סך אידישע אינגלעך האָבן זיך אַרויסגעלאָזן הינטער דער שטאָט, אויף די שיינע פרייע פעלדער, נישט ווייט פון אידישן בית־עולם און דאָרט האָט מען זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשידענע שפּילן און ספּאָרט־פאַרוויילונגען.

דאָס איז די פוילישע שקצים נישט געפעלן און איינמאָל האָבן זיי אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל אויף די אידישע אינגלעך און עטלעכע פון אונדזערע יוגנטלעכע זיינען

דעמאָלט אַהיימגעקומען מיט צעבלוטיקטע קעפּ פון די שטיינער, וואָס די שקצים האָבן אויף זיי געוואָרפן פון נאָנטער דיסטאַנץ.

טאַטעס און מאַמעס האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן שרייען אויף די קינדער, אַז זיי זאָלן נישט גיין אויף די פעלדער, זיי אַליין זאָלן נישט לויפן דעם טייוול אין די אויגן אריין, אָבער די קאָלאָמייער אידישע יוגנט האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן און דווקא האָבן זיי זיך געוואָלט שפּילן און אָנגיין מיט זייערע ספּאָרט־איבונגען אין זעענדיק, אַז די שקצים ווילן עס נישט דערלאָזן, האָבן זיך אויך אונדזערע אינגלינג באַוואָפנט מיט פולע קעשענעס מיט שטיינער און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה וואָס האָט זיך איבערגעחזרט וואָך־איין, וואָך־אויס, און וואָס אַ וואָך, איז עס געוואָרן ערגער, ווייל די פּוילישע יוגנט איז כסדר געקומען בעסער באַוואָפנט, מיט מעשענע באָקסערס און אַפילו מעסערס און די אידישע יוגנט האָט יעדע וואָך געהאַט מער פאַרוואונדעטע, אָבער אונטערגעבן האָט זיך די יוגנט בשום אופן נישט געוואָלט און וואָס געפערלעכער ס'איז געוואָרן דער קאַמף, אַלץ מוטיקער האָט זיך די אידישע יוגנט געגרייט צו אים.

און איינמאָל, עס איז שוין געווען נאָכדעם, ווי די פּוילישע שקצים האָבן זיך געהאַט באַנוצט מיט רעוואָלווערן און עטלעכע אידישע אינגלעך זיינען געהאַט פאַרוואונדעט געוואָרן און די אידישע יוגנט האָט שוין געוואוסט, אַז די שקצים ווערן געשטיצט „פון אויבן" און זיי קומען מיט פענער פון „סאָקאָל" און אַז זיי ווילן טאַקע דווקא זיין די זיגער און פאַרבאָטן דער אידישער יוגנט צו באַווייזן זיך אויף אַ פריי פעלד, נו, האָט זיך די אידישע יוגנט אויך אָרגאַניזירט און געגרייט צום גרויסן און אנטשיידנדיקן קאַמף, און קעגן די עלטערנס ווילן, האָט זיך כמעט די גאַנצע אידישע יוגנט פאַרייניגט און אויסגעוויילט אָנפירער. די אָנפירער האָבן געהאַט אַ באַראַטונג ווי אַזוי אָנצופירן דעם קאַמף און זיי האָבן צוגעטראַכט אַ סטראַטעגישן פּלאַן, איינטיילנדיק די יוגנטלעכע אין דריי קאָמפּאַניעס און אַזוי האָט זיך די אידישע יוגנט געלאָזן דורך דריי ריכטונגען, צו די פרייע גרינע פעלדער הינטער דער שטאָט, נעבן אידישן בית־עולם; אויף די פעלדער, וואו דער קאַמף איז שוין אָנגעפירט געוואָרן כמעט אַ יאָר צייט.

איין קאָמפּאַניע, די מיטלסטע, איז געגאַנגען דירעקט, גלייך, אַזוי ווי אַלעמאָל, פּנים־אל־פּנים קעגן די פּוילישע יונגע כוליגאַנעס און ווי אַלעמאָל, האָבן זיך די כוליגאַנעס אַ וואַרף־געטאָן קעגן די אָנקומענדיקע אידישע אינגלעך און דער אָנפירער פון די פּוילישע שקצים איז געשטאַנען שטאָלץ נעבן דער פלאַטערנדיקער פאָן פון די „סאָקאָלן", זיכער זייענדיק, אַז די אידן וועלן דאָ באַלד מוזן אַנטלויפן צעשלאָגענע אַזוי ווי אַלעמאָל.

אָבער דאָ איז געשען גאָר אַ נייע זאַך:

אַ חוץ די שוין צעשלאָגענע זשידקעלעך פון קעגנאיבער, האָבן זיך אָנגעהויבן יאַווען אַנדערע זשידקעלעך פון אַלע זייטן. זיי זיינען אָנגעלאָפן פון רעכטס און פון לינקס און פון הינטן און זיי זיינען אָנגעקומען מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ שטורעם, אַז די שקצים האָבן נישט געוואוסט אויף וועלכער זייט זיי זאָלן זיך פריער וואַרפן און עס האָט נישט געדויערט קיין פופצן מינוט, האָבן די כוליגאַנעס געמוזט אַנטלויפן צעשלאַגענע, צעהרגעטע און צעממיתטע און נישט נאָר וואָס זיי האָבן איבער־

געלאָזן זייערע פענער, נאָר אויך עטלעכע פאַרוואונדעטע און די אידישע יוגנט האָט אויפן אָרט זיך נוקם געווען אָן די פּוילישע כוליגאַנעס, צעברעכנדיק די שטעקנס פון די פענער און צונויפגעוואָרפן אַלע פענער אויף אַ קופּע און אונטערגעצונדן.

ווען פּאָליציי איז אָנגעקומען אויפן פּלאַץ, איז שוין קיינער פון די אידישע יוגנטלעכע נישט געווען און די חרפּה וואָס די פּוילישע שקצים האָבן געליטן האָט זיי געמאַכט שווייגנדיק און זיי האָבן זיך מער אויף די פעלדער נישט באַוויזן און די אידישע יוגנט איז מער נישט געשטערט געוואָרן.

עס איז נאָך כדאַי צו דערמאָנען, אַז דער אָנפירער פון די פּוילישע כוליגאַנעס איז געווען דער זונדל פון קאָלאָמייער בירגערמייסטער, דער יונגער כוליגאַן **גאנטשער,** וועלכער האָט זיך נאָך דעם גרויסן דורכפאַל און נאָכן פאַרלירן זיין סאָקאָלן־פאָן, אַזוי גענומען צום האַרצן, אַז עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ און געפאַלן טויט. די פאַמיליאַנטן האָבן זיך געשעמט אויסצוזאָגן, אַז גאַנטשער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, האָבן זיי געזאָגט, אַז ער האָט זיך געשפּילט מיטן רעוואָלווער, וועלכער האָט פּלוצלינג אויסגעשאָסן, אָבער ווי די זאַך איז נישט געווען, די יונגע כוליגאַנעס האָבן פאַרלוירן זייער אָנפירער און די אידישע יוגנט אין קאָלאָמיי האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, און ווייטער דורכגעפירט די ספּאָרט־פאַרוויילונגען אויף דער פרייער לופט און פון די אידישע אינגלעך, וואָס האָבן געקעמפט קעגן גאנטשערן און זיינע באַנדעס, זיינען אַרויסגעוואַקסן די צוויי גרויסע ספּאָרט־קלובן „זש. ט. ג. דרור" און „יוטשענקא" און די צוויי קלובן פלעגן זיך פאַרמעסטן מיט די גרעסטע קלובן פון דער קריסטלעכער גאַס און די אידישע קלובן פלעגן מערסטנס אַרויס די זיגער, און נישט זעלטן איז עס צוליב דער „אידישער הוצפּה" צו זיין די שטאַרקערע, געקומען צו געשלעגן, און איינמאָל, בעת אַ קאַמף פון „יוטשענקאָ" מיטן „סאָקאָל", איז עס געקומען צו אַזאַ געשלעג און בלוט־פאַרגיסונג, אַז די אידישע קלובען האָבן זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו שפּילן מיטן „סאָקאָל" און די צענטראַלע פון די ספּאָרט־קלובן האָט באַשטעטיקט דעם באָיקאָט אויפן „סאָקאָל", אויסשליסנדיק די שלעגערישע סאָקאָלן פון דער ספּאָרט־צענטראַלע אויף זעקס חדשים צייט.

איך מוז דאָ אויך דערמאָנען, אַז פון די זעלבע אידישע אינגלעך, וואָס האָבן געקעמפט מיט די גויאישע שקצים אויף די פעלדער נעבן אידישן בית־עולם, זיינען דערנאָך אַרויסגעוואַקסן אַ חוץ די ספּאָרט־קלובן, אויך די צוויי אָנגעזעענע אידישע קולטור־אנשטאַלטן, ווי „הלוי" און „אסתר רחל קאַמינסקי".

ביידע אינסטיטוציעס האָבן אָנגעפירט מיט אַ גרויסער אידישער קולטור־אַרבעט, די „הלוי" איז געווען אָנגעזען אַלס געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע און „אסתר רחל קאַמינסקי" איז געווען מער פּאָפּולער מיט אַרבעטער אַלס מיטגלידער.

די „הלוי", פּונקט ווי „אסתר רחל קאַמינסקי", האָבן געהאַט פיינע דראַמקרייזן, מיט וועלכע זיי האָבן אויפגעפירט שלום עליכמען, פּרצן, אַנ—סקין און הירשביינען און זיי פלעגן אויך דינען אַלס צענטראַלע אַדרעסן פאַר קינסטלער און רעפערענטן, וואָס פלעגן אין די אינסטיטוציעס אויפגענומען ווערן מיט וואַרימקייט און אָפענע אָרעמס.

די ביבליאָטעקן האָבן אָנגעפירט אַ גרויסע אַרבעט, רעגיסטרירנדיק די קלאַסן ביכער. וואָס ווערן אויסגעבאָרגט, וויפיל בעלעטריסטיק און וויפיל וויסנשאַפטלעכע און דער דורשט צום וויסן איז ביי דער קאָלאָמייער יוגנט געווען אַזוי גרויס, אַז די

אַפּיציעלע ביבליאָטעקן זיינען געווען צו־ווייניק אויף צו באַפרידיקן די באַדערפעענישן פון די לייענער און עס האָבן זיך געשאַפן פריוואַטע ביבליאָטעקלעך, וואָס האָבן גענומען אויסבאָרג־געלט פאַר די ביכער און זיי האָבן געמאַכט גאַנץ גוטע געשעפטן.

איך האָב דעמאָלט אַקטואירט אַלס ביבליאָטעקאַר אין דער „י. ל. פּרץ ביבליאָטעק", ביי די לינקע פּועלי־ציון, און איך דערמאָן זיך, אַז מיר זיינען געווען פיר ביבליאָטעקאַרן און מיר האָבן אַמטירט דריי מאָל אין וואָך, אָבער די צאָל לייענער איז געווען אַזאַ גרויסע, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט נאָכקומען אַלע פאָדערונגען, עס האָבן געדויערט די קלאַסיפיקאַציעס און די פאַרצייכעניש און כדי די אָרדענונג זאָל ווייטער אָנהאַלטן, האָט מען צוגעצויגן נאָך עטלעכע חברים און פאַרגרעסערט די צאָל ביבליאָטעקאַרן.

די צוויי גימנאַזיעס, וואָס קאָלאָמיי האָט פאַרמאָגט, איז איינע געווען אַ פּוילישע און די אַנדערע — אַן אוקראַינישע. אין דער פּוילישער גימנאַזיע האָבן זיך די אידישע סטודענטן געמוזט שלאָגן פאַר זייערע רעכט, אַזוי ווי אַמאָל אויפן פעלד נעבן בית־עולם, דערפאַר איז די אוקראַינישע גימנאַזיע געווען איבערפולט מיט אידישע סטודענטן, וואָס פלעגן זיך אויסצייכענען אַלס די בעסטע שילער, אָבער די אויסזיכטן פאַר דער צוקונפט אין קאָלאָמיי איז פאַר די שטודירנדיקע בחורים כסדר געוואָרן ערגער און ערגער און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז אַ ביסל סטודענטן זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל אַלס חלוצים, און אַנדערע — ווער עס האָט נאָר געהאַט עמיצן אין דער פרעמד, אין אַמעריקע, אין אַרגענטינע, אַבי אין אויסלאַנד, האָט מען געבעטן הילף און מען האָט אַלץ אָנגעווענדעט, צו קאָנען וואָס שנעלער אויסוואַנדערן און אַזוי זיינען די ליידן פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן געוואָרן די „רפואה פאַר דער מכה".

פאַר די אַלע, וועלכע האָבן באַוויזן זיך אַרויסצוראַטעווען פון קאָלאָמיי, לאָזנדיק זיך איבער ווייטע ימען...



# דער וויזשניצער רבי און דער עסטרייכישער טראַנספאָלגער

פון **מאַקס הילזענראַט**



מיין פאַמיליען-נאָמען, הילזענראַט, שטאַמט פון מיין מאַמעס צד, ווייל פונקט ווי אַ סך אַנדערע טויזנטער אידישע פאַמיליעס אין גאַליציע, האָט מיין פאָטער, ר׳ לוזער מעסטער, געהאַלטן פאַר געגוג, וואָס ער האָט מקדש געווען מיין מאַמען אונטער אַ חופה כדת משה וישראל און ווער דאַרף דאָרט די „כאַסלערעס" מיט אַ „שלוב", מיט פאַרשרייבעכצן און ווייס איך וואָס, אַז פאַר אידן איז גענוג דער אידישער דין און די הייליקע אידישע תורה...

האָבן מיר, ר׳ לוזערס קינדער, טאַקע ביי די אידן געהייסן **מעסטער**, אָבער אין די שולן און אין די אָפיציעלע פאַפירן, האָבן מיר זיך געמוזט שרייבן הילזנראַט.

די געשיכטע וועגן מיין נאָמען האָב איך דערמאָנט גלאַט אַזוי, ווייל אַ סך גאַליציאַנער אידן האָבן זיך אַזוי געפירט און עס איז כדאַי ביי אַ געלעגנהייט דאָס צו דערמאָנען, פונקט ווי עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז קאָלאָמיי איז אייגנטלעך געווען אַ שטאָט ווי אַ סך אידישע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע, די חדרים זיינען געווען די זעלבע, די מלמדים די זעלבע און באַהעלפערס אויך די זעלבע און אפילו די אידישע קינדערלעך פון קאָלאָמיי האָבן פונקט אַזוי נישט געוואָלט גיין אין חדר ווי איבעראַל און די באַהעלפערס האָבן גאַנץ אָפט געמוזט כאַפּן אַזאַ איינגעשפאַרט קינד אויף די פּלייצעס און טאַסקען עס אויף כוח אין חדר אַריין, וואו מען האָט עס אויף כוח געקאָרמעט מיט תורה.

דאָס אייגנאַרטיקע, וואָס קאָלאָמיי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, איז געווען די פאַבריקאַציע פון טליתים, וואָס האָט געהאַט אַ שם איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער וועגן דעם קאָן איך גאַנץ ווייניק זאָגן, ווייל נישט מיר האָבן געהאַט אַזאַ פאַבריק און נישט עמיץ פון אונדז האָט געאַרבעט אין אַזאַ פאַבריק און צו-יונג בין איך געווען, ווען איך האָב פאַרלאָזן קאָלאָמיי און איך האָב זיך דעמאָלט נאָר אינטערעסירט מיט מיין פאַך, קירזשנעריי, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביי דעם רייכן ר׳ שעפסל זאַק, און ווען ער איז מלחמה-צייט אַנטלאָפן קיין ווין, בין איך אַ פּאָר חדשים שפּעטער, נאָכדעם ווי די עסטרייכער האָבן די רוסן צוריק אַרויסגעשטויסן פון קאָלאָמיי — אַהינגעפאָרן צו ר׳ שעפסל זאַק קיין ווין און דאָרט ווייטער ביי אים געאַרבעט

אָבער די צוויי גרויסע ימים־טובים, וואָס איך געדענק פון מיין קינדהייט און יוגנט אין קאָלאָמיי, וועל איך שוין קיינמאָל, ווי לאַנג איך וועל לעבן, נישט פאַרגעסן. די צוויי ימים־טובים מיין איך נישט פון די געוויינלעכע אידישע ימים־טובים, וואָס מיר האָבן עטלעכע אין יאָר, נאָר צוויי ספּעציעלע, אויסערגעוויינלעכע ימים־טובים, צו וועלכע די גאַנצע באַפעלקערונג גרייט זיך פּיבערהאַפט און לאַנג און נאָך וועלכע עס האַלט־אָן דער „טשאַד" אַ לאַנגע צייט.

די צוויי ימים־טובים זיינען געווען — צוויי גרויסע קעניגלעכע וויזיטן אין קאָלאָמיי: איין וויזיט איז געווען פון עסטרייכישן קרוינפּרינץ קאַרל און דער צווייטער — פון **ווישניצער** רבין, וועלכער איז אויך אויפגענומען געוואָרן מיט קעניגלעכער פּראַכט.

דעם וויזיט פון ווזשניצער רבין אין קאָלאָמיי געדענק איך — כאָטש ווי פון אַ חלום, אָבער גענוג דייטלעך און איך זע נאָך אַפילו אין געדאַנק דאָס גאַנצע בילד ווי אַזוי גאַנץ קאָלאָמיי איז אנטקעגנגעגאַנגען דעם רבין.

שוין מיט וואָכן פריער, האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם גרויסן וויזיט און איך האָב געהערט דערמאָנען וועגן דער גרויסקייט פון ווזשניצער צדיק, וועלכער פירט זיך ווי אַן אמתער שררה, אַז ער וואוינט אין אַ רייכן פּאַלאַץ און ער פאָרט אַרויס שפּאַצירן אין אַ קאָלעס מיט זעקס פערד געשפּאַנט אין זילבער און גאָלד און אַז דער רבי אליין קליידט זיך אין בגדי־מלכות און אַז וואויל איז צו דעם מענטש, וואָס האָט די זכיה אַ קוק־צו־טון אויף זיין ליכטיקן פּנים.

פאַרשטייט זיך, אַז יונגוואַרג האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם גרויסן טאָג און ווייל אויף דעם טאָג האָט די שטאָט כמעט אָפּגעשטעלט איר גאַנצע אַקטיוויטעט און די חדרים זיינען געווען פאַרמאַכט און יונג און אַלט האָט זיך געלאָזט אין מאַרש אויסער דער שטאָט, האָט די שטאָט באַקומען אַן אויסזען פון אַן אמתן אידישן יום־טוב, ווען די קלייטן זיינען פאַרמאַכט.

אַ חוץ די גרויסע מענטשן־מאַסע, וואָס האָט זיך געלאָזן אין מאַרש אַנטקעגן דעם רבין, האָט די קהילה אויסגעשטאַט אַ גרויסע דעלעגאַציע פון די „פּני", דער רב, דין, און אויבערשטע פון שטויסל און מיט גאָלד־באַצירטע ספרי־תורות אין די אָרעמס און אונטער זילבער און גאָלד באַשמוקטע זיידענע חופּות זיינען די געקליבענע דעלעגאַציעס אַנטקעגנגעגאַנגען דעם רבין ביז צו די טויערן פון שטאָט.

מיין טאַטע איז נישט געווען קיין גרויסער חסיד, אָבער ער איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם און ער איז געגאַנגען אַנטקעגן און איך האָב זיך אָן אים אָנגעהאַלטן און זיך געשטויסן און געצויטערט און געדרענגט און געפּלאַטערט פון דערוואַרטונג, אַז איך זאָל שוין קאָנען זען די הייליגע צורה פון גרויסן צדיק, וואָס פירט זיך ווי אַן אמתער קעניג.

ענדלעך איז געקומען דער גרויסער מאָמענט, אַ געמורמל און אַ געשריי האָט זיך דערטראָגן — ער פאָרט! און צוזאַמען מיט דעם געמורמל האָט אָנגעיאָגט אַן ענגשאַפט און אַ שטויסעניש און אַזאַ געדרענג, אַז דער טאַטע האָט מיך געמוזט גוט באַשיצן, אַז מען זאָל מיך נישט צעקוועטשן אָדער גאָר צעטרעטן און דער סוף איז געווען, אַז איך האָב אין דעם געדרענג בלויז געזען ווי עטלעכע פערד אין ווייסע

געשפּאַנען האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם גרויסן עולם און אַ קאָלעס איז פאַרביי־געשוועבט און אין קאָלעס זיינען געזעסן עטלעכע שיינע אידן מיט נייע שטריימלען און איך האָב אַפילו נישט געוואוסט וועלכער פון זיי איז דער רבי...

ערשט צומאָרגנס, האָב איך געהערט, אַז בעת מיר האָבן געוואַרט אויפן רבין ביי די טויערן פון שטאָט, האָט מען זיך אין שטאָט גופא, געגרייט אויף אַ גאָר באַזונדערן אופן, דורך אויסשפּרייטן דיוואַנעס אויף די גאַסן, וואו דער רבי האָט באַדאַרפט דורכפאָרן און אין אַלע פענצטער זיינען געשטאַנען אָנגעצונדענע מנורות און דאָס הערנדיק, האָב איך באַדויערט, וואָס איך בין נישט געבליבן אין שטאָט, ווייל אין דעם געדרענג אויפן וועג, האָב איך גאָרנישט געזען.

ווי לאַנג דער רבי איז געווען אין קאָלאָמיי געדענק איך נישט, אָבער איך געדענק, אַז מען האָט געשמועסט, אַז דער רבי האָט אַרויסגעפירט פון קאָלאָמיי אַ קעניגלעך פאַרמעגן. מען האָט געזאָגט, אַז די זעקס גרויסע קאַסטנס, וואָס דער רבי האָט אַרויסגעפירט פון קאָלאָמיי אויף ספּעציעל געדונגענע וועגענער, זיינען געווען אָנגעפּולט מיט זילבערנע רייניש, פינפטער קראָנען און גילדענע צענער און צוואַנציקער קראָנען, וואָס דער רבי האָט באַקומען אַלס פּדיונים באַגלייט מיט „קוויטלעך".

לאַנג, חדשים און דוכט זיך אַפילו יאָרן, האָט קאָלאָמיי גערעדט וועגן דעם וויזשניצער רבינס וויזיט און מען האָט זיך געגרויסט דערמיט, וואָס אַפילו גוים, זיינען אַנטקעגנגעגאַנגען דעם רבין און געטראָגן אים פּדיונים און, מיר דוכט זיך, אַז מען האָט אַזוי לאַנג גערעדט וועגן דעם גרויסן וויזיט, ביז מען האָט זיך באַדאַרפט אָנהויבן גרייטן צו אַ נייעם וויזיט און ערשט דער צווייטער וויזיט, האָט געמאַכט פאַרגעסן דעם ערשטן.

דער צווייטער וויזיט איז געווען פון עסטרייכישן טראָנפאָלגער קאַרל, וועלכער האָט באַדאַרפט קומען אַלס קאָמענדאַנט מיט זיין אולאַנער רעגימענט, אויף מאַנעווערס אַרום קאָלאָמיי.

איך בין שוין געווען עלטער און איך וואָלט שוין אפשר נישט געדענקט אָן דעם וויזיט פון רבין, גאָר די צוגרייטונגען צום צווייטן וויזיט, האָט מיך דערמאָנט אָן ערשטן, ווייל פונקט אַזוי האָבן זיך די קאָלאָמייער אידן געגרייט צו באַגריסן און אויפצונעמען דעם עסטרייכישן קרוינפּרינץ קאַרל, ווי זיי האָבן זיך אַמאָל געגרייט אויפצונעמען דעם וויזשניצער צדיק.

אָבער דאָס מאָל, האָב איך שוין געזען די זיידענע מיט זילבער און גאָלד באַשמיקטע חופּה, אינטער וועלכער עס זיינען געגאַנגען די „פּני" פון קאָלאָמיי מיט באַצירטע ספרי תורות אין די הענט און ווידער זיינען די געשעפטן געווען פאַרמאַכט און ווידער האָט מען זיך געלאָזן צו די טויערן פון שטאָט, אָבער דאָסמאָל זיינען צוערשט אָנגעקומען די אולאַנער, אַ קאָמפּאַניע נאָך אַ קאָמפּאַניע, און עס האָט אויסגעזען, אַז עס וועט גאָר נישט נעמען קיין סוף צו די רייטנדיקע סאָלדאַטן, ביז עס האָט זיך ענדלעך באַוויזן דער קאָמענדאַנט, דער טראָנפאָלגער אויף זיין ווייסן קעניגלעך־באַפּוצטן פערד און ווידער אַזאַ געדרענג, פונקט ווי דעמאָלט, בעת דעם אָנפאָרן פון וויזשניצער צדיקס קאָלעס.

מער האָב איך וועגן קאָלאָמיי נישט וואָס צו דערציילן. יאָ, איך דערמאָן זיך נאָך; בלויז עטלעכע וואָכן שפּעטער, נאָכן אָנקומען פון קרוינפּרינץ קאַרל, האָבן זיך אויף אַ סך שילדן פון אידישע געשעפטן באַוויזן: „קייזער-קעניגלעכער האָף-ליפעראַנט"...

און ווייל עכּיץ פון קאַרלס דינערשאַפט האָט געקויפט אַ בעטל ביי איינעם, אַ בעטלמאַכער, קיווע קאלב, אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, האָט זיך קיווע קאַלב באַנוצט מיט זיין רעכט און נאָכדעם ווי ער האָט שוין אָפּגעוויסט דעם פּראָנט פון זיין געשעפטל, האָט ער אַרויסגעשטעלט אַ שילד: קיווע קאלב, ערשטקלאַסיקער קייזער אונד קעניגלעכער בעטלמאַכער אונד האָף-ליפעראַנט!...



# מיט אַ קויל אין קאָפּ פאַר אַריינמישן זיך

פון חיים (קאַרלאָס) ווינטער



געבוירן בין איך אין לעמבערג און איך געדענק ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען, די זאַמאַרסטינאָווע-גאַס וואו מיר האָבן געוואוינט נישט ווייט פון טעמפּל און וואו איך האָב זיך געשפּילט צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער אין מיין עלטער.

איך געדענק אויך נאָך אונדזער רעסטאָראַן, וועלכן מען האָט אין לעמבערג גערופן — רעסטאָראַן „ראוש" און איך געדענק נאָך די „בראָדער זינגער" וואָס האָבן געגעבן קאָנצערטן ביי אונדז אין רעסטאָראַן און ווי זיי זיינען נאָך יעדן קאָנצערט אַרומגעגאַנגען מיט אַ טעלער און צונויפגענומען טרינק-געלטער ביי די געסט.

אין אונדזער רעסטאָראַן זיינען אַ חוץ די געסט וואָס זיינען געקומען הערן די „בראָדער זינגער", אויך געקומען די אַרטיסטן לייב קאַליש, לינאַ קארליק, רוזשע פוקס און אַנדערע אידישע אַקטיאָרן פון גימפּלס טעאַטער און איך געדענק נאָך די נייגעריקייט און באַוואונדערונג וואָס האָט אָנגעפילט מיין יונג הערצל, בעת איך האָב געקוקט אויף די קינסטלער און דוכט זיך מיר, אַז ביז אויף היינטיקן טאָג איז אין מיין האַרץ געבליבן איינגעשלאָסן ווי אַ הייליקייט די אַמאָליקע נייגעריקייט און באַוואונדערונג צו אידישע אַקטיאָרן, ווען איך געפין זיך אין זייער נאָנטקייט.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט אונזער רואיק און שיין לעבן. איך בין נאָך געווען אַ קינד ווען די ערשטע גרויסע וועלט-מלחמה איז אויסגעבראָכן און מיין טאַטע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן רוסישן פראָנט פאַרטיידיקן זיין עסטרייכיש פאָטערלאַנד און קוים עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן מיר באַקומען די טרויעריקע ידיעה אַז דער טאַטע וועלכער איז קוים 28 יאָר אַלט געווען, איז בעת אַ שטורם-אַטאַקע קעגן שונא, געפאַלן ווי אַ העלד...

אַלס אַלמנה מיט דריי ברעקלעך קינדער (איך האָב צוויי יונגערע שוועסטערלעך), האָט די מאַמע נישט געקאָנט אָנפירן מיט אונזער גוט-איינגעפירטן רעסטאָראַן און צוזעענדיק איר מוטשעניש, האָט אַ געוויסער דר. ווייסבערג מיך אַדאָפּטירט און מיך

מיטגענומען מיט זיך קיין ווין, דאָרט האָט ער מיך אויסגעהאַלטן, מיך געלערנט און מיך געשיקט אין אַ קאָנסערוואַטאָריע לערנען שפּילן וויאָלין, נאָר ווען עסטרייך איז צעטיילט געוואָרן, האָט דער דר. ווייסבערג מיך צוריקגעבראַכט קיין לעמבערג און עטלעכע טעג שפּעטער, ווען איך האָב געהערט ווי שלעכט עס גייט מיין אָרימער מאַמען מיט די שוועסטערלעך מיינע, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס הויז פון דר. ווייסבערג און גיין אַהיים צו מיין פאַמיליע.

און גראָד בין איך אָנגעקומען אַהיים צו מיין מאַמען אין אַזאַ מאָמענט, וואָס די דעראינערונג אָן דעם טראַגישן בילד וואָס איך האָב דערזען בעת מיין אַריינקומען אין שטוב, מאַכט גליווערן אין מיר מיינע בלוטן.

דעם רעסטאָראַן האָט די מאַמע שוין לאַנג געהאַט אויפגעגעבן, און כדי צו קענען דערנערן אירע צוויי קינדערלעך, האָט זי גענומען אַ פענסיאָן פאַר צוגערייזטע אידישע סטודענטן פון די פּראָווינץ־שטעט.

ווען פּוילן איז באַפרייט געוואָרן און די פּוילישע לעגיאָנערן האָבן דעראָבערט לעמבערג, האָבן זיי זיך באַלד אָנגעהויבן אומפּאַנירן מיט זייער טרויעריקער באַצי־אונג צו אידן און ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטוב צו מיין מאַמען, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ פולע שטוב מיט פּוילישע סאָלדאַטן, זיי זיינען געשטאַנען אַרום און אַרום און אינדערמיט — מיין מאַמע, מיין פעטער, דער לעמבערגער סוחר מאַקס דרוק, און אַ פּוילישער אָפיציר. אין אַ ווינקל פון שטוב זיינען אין איין טויט־שרעק געשטאַנען צונעטוליעט איינע צו דער אַנדערער — מיינע צוויי שוועסטערלעך.

דער אָפיציר איז געשטאַנען מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און געפאָדערט, אַז די מאַמע זאָל קאָכן און געבן פענסיאָן פאַר צוואַנציק פּוילישע סאָלדאַטן.

די מאַמע איז געשטאַנען און געוויינט און געבעטן זיך: —„פּאַניע פּאָרוטשניק, יאַ יעסטעם ביעדנאַ וודאָווא“... איך בין אַן אָרימע אַלמנה, מיין מאַן איז געפאַלן אויפן פראָנט, פונוואַנען זאָל איך נעמען געלט צו קויפן עסן פאַר צוואַנציק סאָלדאַטן?...

אָבער דער אָפיציר איז געשטאַנען דראָענדיק און ווייטער געפאָדערט דאָס זייניקע.

דער אָפיציר איז געווען אַ לעמבערגער סטודענט און דער פעטער האָט גוט געקענט זיין פאַמיליע, האָט זיך דער פעטער איינגעשטעלט און געפרואווט רייזן צום געוויסן פון דעם אָפיציר, אַז ער דאַרף נישט זיין אַזוי האַרט, — איך קאָן דאָך דיין וויעל־מאָזשנע פאַמיליע... האָב רחמנות...

דעם פעטערס ווערטער האָבן אָבער געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג, דער אָפיציר איז אַריין אין אַזאַ רציחה, אַז ער האָט אָנגעצילט דעם רעוואָלווער און אויסרופנדיק: — וואָס? אַ זשיד וועט מיך לערנען וואָס איך האָב צו טאָן? — האָט ער אויסגעשאָסן און דער פעטער מיינער איז מיט דער געטראָפענער קויל אין קאָפּ געפאַלן טויט אויפן אָרט.

דאָס אַלץ האָט געדויערט נישט מער ווי אַ פינף מינוט, די ערשטע פינף מינוט וואָס איך האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל פון מיין מאַמעס שטוב...

וואָס ווייטער איז געווען, געדענק איך נישט, איך בין געפאַלן אין דער מאַמעס אָרעמס אוןביידע זיינען מיר געווען אין חלשות, אָבער איך געדענק, אַז די מאַמע האָט דערנאָך געמוזט קאָכן און געבן פענסיאָן פאַר צוואַנציק פוילישע סאָלדאַטן...

די צייט איז געגאַנגען ווייטער. אין שטוב איז געווען נויט און איך האָב געמוזט גיין לערנען עפּעס אַ פאַך, האָט מען מיך געגעבן אויף דער לער צו אַ דענטיסט, איך האָב שנעל דערלערנט די אַרבעט און אָנגעהויבן פאַרדינען און העלפן אויסהאַלטן די היים, ביז איך האָב אין 1927 באַקומען אַ שיפסקאַרטע פון מיין פעטער אין אַרגענטינע און בין געקומען אַהער.

שוין אַריבער מער ווי 25 יאָר זייט דעם שוידערלעכן געשעעניש אין מיין מאַמעס שטוב און ביז היינט שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס טראַגישע בילד, ווי דער פעטער שטייט אַ געבויגענער קעגן דעם אָפיציר פון באַפרייטן פוילן און בעט ביי אים רחמנות אויף מיין מאַמען וואָס האָט פאַרלוירן איר מאַן אויפן פראָנט און ווי דער אָפיציר שיסט אויף אים און דער פעטער פאַלט טויט נישט באַוויזנדיק אַפילו קיין קרעכץ צו טאָן . . .

## אין לעמבערג 1930



די „פוס־באָל"־מאַנשאַפט פון אידישן אַרבעטער־קלוב „מעטאַל" צוזאַמען מיט עטלעכע אָנפירער פון „מעטאַל" אויפן ספּאָרט־פּלאַץ נאָך אַ דורכגעפירטן „מאַטש".

# צוליב אַ גלעזל ביר האָט מען געוואָלט אַסורן זיין שחיטה

פון **שמעון טויבנפעלד**



דריי און דרייסיק יאָר זיינען שוין אַזוי פאַמעלעך און שנעל פאַרלאָפן, זייט איך האָב פאַרלאָזן מיין געבורטשטעטל פּרוכניק און דאָך, זע איך עס פאַר מיינע אויגן צו יעדער צייט, ווען איך מיש אויף דאָס בלעטל פון מיין יוגנט אין מיין זכרון.

פּרוכניק איז געווען אַ קליין שטעטל נישט ווייט פון יאַראָסלאַוו. פּרוכניק איז געווען אַזוי קליין און אָן באַדייטונג, אַז עס האָט אַפילו נישט געהאַט קיין באַן־סטאַציע און אַלץ וואָס מיר האָבן געהאַט אין פּרוכניק, האָט מען אַריינגעבראַכט מיט פורן, אָדער ווי מען האָט עס גערופן — מיט „געלעגנהייטן".

פונדעסטוועגן, אויף וויפל איך געדענק פון מיינע קינדער־יאָרן, האָט אין דעם קליינעם שטעטעלע געשוויבלט און געגריבלט מיט אידיש לעבן לויטן אַלטן שטייגער און כאָטש אָן אַ באַן, האָט זיך די יוגנט אַריינגעבראַכט מיט פורן אויך דעם נייעם לעבנס־שטייגער און ווי קליין פּרוכניק איז געווען, און ווי אומבאַדייטנדיק פאַר די סטראַטעגן פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אימפּעריע, האָבן די פּרוכניקער אידן פונדעסטוועגן געפירט מלחמה אויפן גרויסן שטייגער, פאַרשטייט זיך, אַז אָן בלוט־פאַרגיסונג, אָבער מיט אידישן ברען און מיט טעמפּעראַמענט פון פאַנאַטיש־גלויביקע אַז זיי קעמפן פאַרן אמת.

מיין פאָטער, ר׳ מלך טויבנפעלד, אַ סוחר מיט אָנזען, איז געווען פרום, אָבער שוין מער־ווייניק וועלטלעך, האָט מיך געלאָזן לערנען תורה, אָבער איך האָב אויך צוביסלעך געלערנט וועלטלעכע לימודים, אַדאַנק וועלכע איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דאָס קליינע שטעטעלע פּרוכניק, האָט פונדעסטוועגן אַרויסגעגעבן עטלעכע גרויסע

לייט, ווי למשל ראַטמאַן, וועלכער איז אַוועק מכלומרשט אין דער פּרעסבורגער ישיבה און איז צוריקגעקומען אַן אויסגעשטודירטער רעכטס־אַנוואַלט (אַדוואָקאַט); אַ צווייטער איז געווען פעלדמאַן, וואָס איז אַוועק פון פּרוכניק און דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ער שטודירט און ענדלעך איז ער געוואָרן אַ נאָטאַר אַזש אין דער שווייץ און ער איז אויך געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע עסקנים אין דער שווייץ און ער איז געווען דער פּאַרזיצער פון לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל.

נאָר וואָס איך געדענק אַמשטאַרקסטן און אַמבעסטן פון מיין יוגנט אין פּרוכניק, זיינען די מחלוקתן צווישן ר' חיים לאַנדאַו קעגן מורה־הוראה און פון אַ האַלב שטעטל קעגן ר' ליפּע שוחט.

ר' חיים לאַנדאַו איז געווען אַ כבודיקער און פאַרמעגלעכער שניט־סוחר, און דערצו, אַ גאַר גרויסער תלמיד־חכם און ער האָט אַפילו אַרויסגעגעבן אַ וויכטיקן ספר.

אין וואָס דער קאַמף זיינער קעגן מורה־הוראה איז באַשטאַנען, ווייס איך נישט; איך קאָן זיך עס מער נישט דערמאָנען; אָבער דער קאַמף האָט אָנגעהאַלטן לאַנג און איז געווען געווען גענוג פאַרביסן און לויט ווי איך בין זיך היינט משער, איז די סיבה פון דעם קאַמף אַוודאי געווען דער פאַקט, וואָס ר' חיים האָט געקענט בעסער לערנען פון מורא־הוראה און עס קאָן זיין, אַז דער גאַנצער קאַמף זייערער איז באַשטאַנען פון שפּאַרן זיך אין לערנען, פון תלמודישע דיסקוסיעס און פּלפּולים, אין וועלכע ר' חיים האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס גוטער קעמפער און דאָס האָט געהייסן די „גרויסע מלחמה" וואָס האָט אין פּרוכניק אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט...

נאָר די צווייטע מלחמה, די מלחמה וואָס אַ האַלב שטעטל האָט געפירט קעגן ר' ליפּע שוחט, די מלחמה געדענק איך שוין גוט און איך ווייס אויך די סיבה וואָס האָט די מלחמה אַרויסגערופן.

די סיבה איז געווען — אַ גלעזל ביר.

עס האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז ר' ליפּע שוחט האָט ערגיץ־וואו געטרונקען אַ גלעזל ביר און באַלד דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן מורמלען אין שטעטל, אַז ר' ליפּע שוחט האָט ליב אַ גלעזל ביר.

האָבן אידן געפּרואווט אָפּפרעגן: — איז וואָס, אַז אַ איד האָט ליב אַ גלעזל ביר?

האָבן אַנדערע אידן געענטפערט: — ווען אַ איד האָט ליב אַ גלעזל ביר, איז גאָרנישט; אָבער אַ איד, אַ שוחט, און אַזאַ תלמיד־חכם ווי ר' ליפּע, דאַרף נישט זיין קיין ביר־טרינקער.

בקיצור, פון דעם געמורמל איז געוואָרן אַ גערייידעריי און פון דער גערייידעריי איז געוואָרן אַ מחלוקה און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אַ האַלב שטעטל אידן האָבן געפאָדערט אַז מען זאָל אסורן ר' ליפּעס שחיטה און זיי האָבן טאַקע באַלד געבראַכט פון ערגיץ אַן אַנדער שוחט.

איז אָבער ר' ליפּע שוחט נישט געווען פון די וואָס מען קאָן זיך מיט זיי אַזוי לייכט וואַרפן; ר' ליפּע איז טאַקע געווען אַ קליין־געוואַקסן אידל, נאָך דערצו מיט אַ גאַר גרויסן הויקער אויף דער פּלייצע, וואָס האָט אים נאָך קלענער געמאַכט, אָבער דערפאַר איז ער געווען אַ גרויסער לערנער, אַ חריף, און ער האָט געקאָנט ריידן אַ וואָרט,

האָט ער זיך פאַרטיידיקט און ער האָט געטענהט, אַז ערשטנס, האָט ער גאָרנישט געטרינקען אַזויפיל ביר, אַז עס זאָל זיין כדאי צו ריידן דערפון; און צווייטנס, ווייס ער נישט אין וועלכן ספר „פראלניק" זיינע שונאים האָבן דאָס געלערנט, אַז אַ איד טאָר נישט ליב האָבן קיין ביר?...

פון אַזעלכע רייד, האָבן ר' ליפּעס קעגנער פאַרשטאַנען, אַז ר' ליפּע וויל די פּרוכניקער אידן מאַכן פאַר ביר-טרינקער און עס האָבן זיך שוין געפינען אַזעלכע געשליפענע צינגלעך, וואָס האָבן אויפגעוויזן באַשיינפּערלעך, אַז אידן, אויב זיי טרינקען שוין, טרינקען זיי אַ גלעזעלע אָקיוויט און אויף אַ שמחה, טרינקט מען אויך אַ גלעזעלע מעד, אָבער ביר, דאָס ווייס מען שוין מקדמונים, אַז דאָס איז נישט קיין אידישע משקה און עס איז שוין אַזאַ מנהג ביי אידן נישט צו טרינקען קיין ביר און אַ מנהג איז שטאַרקער פון אַ דין...

און עס קאָן זיין, אַז די קעגנער פון ר' ליפּע שוחט וואָלטן אויסגעפירט, אַז מען זאָל דעם שוחט דעם ביר-טרינקער פאַרטרייבן פון פּרוכניק, ווען דער נייער שוחט זאָל געווען זיין אַביסעלע ווייניקער ערלעך.

ר' ליפּע שוחט איז טאַקע געווען אַ קליינטשיק אידעלע און אַז ער איז געגאַנגען קוילען אַ בהמה, האָט מען געמוזט שטיין דערביי און אַכטונג געבן, אַז די בהמה זאָל דאָס שוחטל נישט אומוואַרפן מיט אַ בלאָז... אָבער אַ גוטער שוחט איז ער געווען און אַ געניטע האַנט האָט ער געהאַט און די בהמות זיינען פון אונטער זיין חלף אַרויס כשר, בעת דער נייער שוחט האָט געבראַכט אַ סך שאָדן פאַר די קצבים און וואָס נאָך מער, דער נייער שוחט איז טאַקע געווען ממש אַ ריז קעגן ר' ליפּען, און אויפבלאָזן אַ לונג פון אַ געקוילעטער בהמה, האָט ער טאַקע געקענט בעסער פון ר' ליפּען, אָבער זוכן די סרחות און פּסקענען די שאלה צי די בהמה איז געשאָכטן אויף כשר, דאָס האָט דער נייער שוחט נישט געקענט און ער אַליין האָט געפרעגט ביים אַלטן שוחט, ביי ר' ליפּען און נאָר דאָס האָט ר' ליפּען געראַטעוועט.

ר' ליפּעס פריינט האָבן אויפגעוויזן, אַז בעסער איז אַ שוחט וואָס טרינקט אַ גלעזל ביר נאָר ער קאָן קוילען אויף כשר און פּסקענען אַ שאלה, איידער אַ שוחט אַ תם, וואָס דאַרף מיט יעדער סרחה אָנקומען צום ביר-טרינקער פרעגן אַ שאלה...

און ווען איך בין אין 1912 אַוועק פון מיין געבורט-שטעטל קיין פּראַג, האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן דער קאַמף פון ר' ליפּעס קעגנער מיט זיינע אָנהענגער און נאָך אַלץ האָט מען דיסקוטירט, צי מעג אַ שוחט טרינקען אַ גלעזל ביר, ביז די ערשטע וועלט-מלחמה איז אויסגעבראָכן און פּרוכניקער אידן זיינען באַלאַסטעט געוואָרן מיט אַנדערע זאָרגן, מיט זאָרגן, ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לעבן...

און ווען איך גיב היינט, אין פאַרבענקטע מינוטן, אַ מיש אויף אין מיין זכרון אַ בלעטל פון מיין יוגנט און איך זע מיין געבורט-שטעטל פּרוכניק אַזוי ווי איך האָב עס געלאָזן אין 1912, פרעג איך זיך מיט וויטיק און בענקשאַפט: — עקזיסטירט נאָך מיין שטעטעלע? לעבט נאָך דאָרט כאָטש איין אידישע משפחה? אָדער האָט דער בלוטיקער און פייערדיגער היטלער-מבול גאַנץ פּרוכניק אַראָפּגעשווענקט פון ערד-פּלאַך?...

# ווי ארבעטער האָבן זיך נוקם געווען אַן דריי הוזאַרן, אין יאָר 1902 אין לעמבערג

פון אַרנאָלד טוש

דעם 2-טן יולי 1902, איז אויפן פּלאַץ שטשעליעצקי אין לעמבערג, פאַרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון די בוי־אַרבעטער, וועלכע זיינען דעמאָלט געהאַט אַרויס אין שטרייק.



דעמאָלט איז נאָך אַ שטרייק נישט געווען אַזאַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג; דעמאָלט איז נאָך אַ שטרייק באַטראַכט געוואָרן ווי אַ שטיק מרידה קעגן דער הערשנדער אָרדענונג און דער שטרייק פון די בוי־אַרבעטער וואָס האָט דעמאָלט אין לעמבערג אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, האָט טאַקע אינגאַנצן געענדערט דעם אויסזען פון דער שטאָט.

אויף דער פאַרזאַמלונג האָבן די דעלעגאַטן באַדאַרפט ברענגען אַ באַריכט פון די פאַרהאַנדלונגען וואָס זיי האָבן דורכגעפירט אין ראָט־הויז מיט פאָרשטייער פון די אַרבעטס־געבער און פון דער רעגירונג.

פון צען אַזייגער אינדערפרי האָבן צום פּלאַץ שטשעליעצקי צוגעשטראָמט מאַסן אַרבעטער פון אַלע זייטן און פּלוצלינג האָבן די אַרבעטער געמוזט אָפּטרעטן זייער פּלאַץ פון מיטן וועג, פאַר דעם לאַנגן צוג פון 80־טן אינפאַנטעריע־רעגימענט, וואָס האָט אין טאָפּל־רייען אָנגערוקט און אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן, ווען עס האָט אויסגעבראָכן אַ געפערלעכער אינצידענט וואָס האָט דערפירט צו אַ קאַמף צווישן אַרבעטער און מיליטער און האָט פאַראורזאַכט פאַרוואונדעטע פון ביידע צדדים.

אַ קאַפּראַל פון דערמאָנטן רעגימענט האָט אַ שטויס געטאָן אַן אַרבעטער־פרוי און די פרוי איז אומגעפאַלן, האָבן דאָס די פאַרזאַמלטע אַרבעטער באַטראַכט פאַר אַ

מיאוסע פּראָוואָקאַציע מצד דעם קאַפּראַל און עס איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג צו־וועלכן עס האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן אַ סך אַרבעטער און אַ סך סאָלדאַטן.

די פּאָליציי האָט אַפילו געגוג שנעל אינטערוועניִרט און געזוכט צוריקצושטעלן די אָרדענונג, אָבער די געמיטער פון די פאַרזאַמלטע אַרבעטער זיינען געווען אַזוי אויפגעברויזט צוליב דער צעשטערטער פאַרזאַמלונג, אַז מען האָט פאַרלוירן יעדן קאָנ־טראָל איבער זיך און עס זיינען מאָמענטאַן אויסגעוואַקסן באַריקאַדן, פון הינטער וועל־כע, מען האָט געשליידערט שטיינער אויף די פּאָליציאַנטן און אויפן מיליטער.

די אַלע געשטעלן און בוידן, אויף וועלכע מען האָט אויפן פּלאַץ שטשעלעצקי פאַרקויפט ברויט און אַנדערע אַרטיקלען, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הויפנס באַ־ריקאַדן און כדי אַ סוף צו מאַכן צו דעם „רעוואָלט", האָט מען אַרויסגערופן דאָס לעמ־בערגער 30־טע רעגימענט, אָבער אין 30־טן רעגימענט האָבן געדינט לעמבערגער קינ־דער און טאַקע אַ סך קינדער פון אַזעלכע טאַטעס, וואָס זיינען איצט געשטאַנען הינ־טער די באַריקאַדן און דער ערשטער באַטאַליאָן פון 30־טן רעגימענט האָט זיך אָפּגע־זאָגט צו וואַרפן און שטורמען די באַריקאַדן. (דאָס 30־טע רעגימענט איז דערפאַר דער־נאָך באַשטראָפט געוואָרן דערמיט, וואָס מען האָט דאָס גאַנצע רעגימענט אַוועקגע־שיקט קיין באָסניע...)

מיט דעם אָפּזאָגן זיך פון 30־טן רעגימענט אויסצופאָלגן דעם באַפעל פון זייערע פאָרגעזעצטע, איז די לאַגע געוואָרן זייער ערנסט און מען האָט שוין אַרויסגערופן אַ הוזאַרן־רעגימענט (אַן אונגאַרישער קאַוואַלעריע־רעגימענט) און זיי זיינען ווי די רוחות אָנגעלאָפן רייטנדיק און גלייך געשפּרונגען אויף די באַריקאַדן.

די אויפגעברויזטע אַרבעטער־מאַסן האָבן אָבער נישט געוואָלט אָפּטרעטן; זיי האָבן די אָנגעלאָפענע הוזאַרן אויפגענומען מיט שטיינער און דראָנגען און די הוזאַרן האָבן פּלוצלינג, אָן אַ באַפעל, גענומען שיסן אויף די דעמאָנסטרירנדע מאַסן.

די הוזאַרן האָבן אַרויסגעוויזן זייער גאַנצע גרויזאַמקייט, שיסנדיק אַפילו אין די פענצטער פון הייזער, פונוואַנען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען האָט אַרויסגע־וואָרפן אויף זיי שטיינער.

אָבער דאָס פאַרגאָסענע בלוט האָט נאָך מער צערייצט די געמיטער און די אַר־בעטער האָבן אַפילו נישט געטראַכט זיך אונטערצוגעבן, ביז דער דעמאָלטדיקער עסט־רייכישער פּאָליציי־דירעקטאָר פון לעמבערג דר. ריינלענדער, האָט אָנגעהויבן פאַר־האַנדלען און נאָך אַ קאַמף וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג, האָט דער פּאָליציי־דירעקטאָר געמוזט באַפעלן מען זאָל צוריקציִען דאָס מיליטער פון פּלאַץ און ערשט ווען דאָס איז געשען אין פולער מאָס, האָבן זיך די מאַסן באַרואיקט און מען האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין דעם טאָג זיינען אונטער די שאַבליעס פון די הוזאַרן און פון זייערע קוילן, געפאַלן טויט פינף פערזאָן און אַ סך פאַרוואונדעטע.

פון די פינף דערהרגעטע, זיינען צוויי געווען אידן. איינער, אַנשל איגעל, איז גע־פאַלן נעבן טעמפּל און דער צווייטער ליכט (איך געדענק נישט זיין ערשטן נאָמען) איז געפאַלן אויף דער שקאַרפּאָווע־גאַס.

די טרויעריקע געשעעניש אויפן פּלאַץ שטשעלעצקי האָט געווירקט, אַז בלויז צוויי טעג שפּעטער האָט זיך פאַרענדיקט דער שטרייק מיט אַן אויסגלייך לטובת די אַר־




דאָס בילד שטעלט פאָר דעם צוזאַמענפאָר פון די „י. ס. ד. פ.״
לעמבערג אין יאָר 1918, נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן, כדי
די דעלעגאַטן זעט מען אויפן בילד: — ב. מיכאַלעוויטש, פון
בראָס, פון קראָקע; עמאַנועל שערער, די

(איד. סאָצ. פּאַרטיי אין גאַליציע), וואָס איז פאָרגעקומען אין
דורכצופירן די פאַראייניקונג מיטן „בונד״ פון פוילן. — צווישן
וואַרשע; לייב לאַנדוי, פון פשעמישל; פסח דאַמביצער און דר.
ברידער געזונט און אַרנאָלד טוש פון לעמבערג, א. א.

בעטער, נאָר מען איז נאָך אין דעם טאָג נישט צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, ווייל אין דעם טאָג איז פאַרגעקומען די לויה פון די קרבנות פון 2־טן יוני און אין דער לויה האָבן זיך באַטייליקט אַריבער צוואַנציק טויזנט אַרבעטער.

:: :: ::

די אַרבעטערשאַפט, די אידישע ווי נישט־אידישע, אין לעמבערג איז שוין דעמאָלט געווען היבשלעך באַווירקט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פאַריינען אין עסטרייך און דייטשלאַנד. די אידישע אַרבעטער האָבן שוין געהאַט פון די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט ביז 1902 — דורכגעמאַכט אַ רייע גלגולים און זיי זיינען שוין געווען אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט די קריסטלעכע אַרבעטער און באַזונדער; זיי האָבן שוין געהאַט אַ שיינע אָרגאַניזאַציע „יד חזקה", נאָר די אָרגאַניזאַציע האָט גע־לייסטעט בלויז פּראָפעסיאָנעל, שטרעבנדיק אַז מען זאָל פאַרקלענערן די פערצן און צוועלף־שעהדיקע אַרבעטס־טעג און אַז. וו., אָבער עס זיינען געווען מאַנכע אַרבעטער טוער, וואָס האָבן געוואָלט אויך איינפירן אַ פּראָגראַם פאַר קולטור־אַרבעט, צווישן די דעמאָלטדיקע און שפּעטערדיקע קולטור־טוער צווישן די אידישע אַרבעטער־מאַסן אין לעמבערג, איז אויך געווען דער וועטעראַן **אייזיק בלינד**, (דער פאָטער פון די באַוואוס־טע אַקטריסעס קלאַראַ שטראַמער, עלזאַ ראַבינאָוויטש און חנה פעלדבוים, וועלכע זיי־נען היינט אַלע אין בוענאָס איירעס) און שפּעטער־צו, ווען זיינע טאַלאַנטירטע טעכ־טער זיינען אַביסל אונטערגעוואַקסן, זיינען זיי אויפגעטראָטן אויף די קולטור־אַקטן וואָס זייער אַנגעזעענער פאָטער האָט אָרגאַניזירט פאַר די אידישע אַרבעטער און זייער אידיש וואָרט און אידיש לידל, איז פון טויזנטער אַרבעטער איבערגעחזרט געוואָרן און איבערגעזונגען געוואָרן אין די אַרבעטער־היימען און אין די וואַרשטאַטן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אָרגאַניזירטע און מער־ווייניק באַוואוסטזיניקע אַרבע־טערשאַפט, האָט נישט געקאָנט אַזוי שנעל פאַרגעסן די געשעעניש פון 2־טן יוני פון 1902 און שוין היבשע יאָרן שפּעטער, האָט מען אין אַלע אַרבעטער־אינסטיטוציעס געפּראַוועט די יאָרצייטן נאָך די פינף געפאַלענע און טאָקע יאָרן שפּעטער, האָבן זיך אייזיק בלינד און זיינע קינדער באַטייליקט אויף אַזעלכע אַקטן; אייזיק בלינד האָט גע־רעדט און דערציילט זיינע איבערלעבענישן פון יענעם שוידערלעכן טאָג און זיינע קינדער האָבן רעציטירט און געזונגען פאַסיקע לידער פאַר אַזאַ אַקט.

און יעדעס מאָל, ווען מען האָט געפּראַוועט אַזאַ יאָרצייט, האָט מען אויך געמוזט דערמאָנען דעם עפּילאָג פון דער געשעעניש פון 2־טן יוני, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זעלבן יאָר, מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווען מען האָט נקמה גענומען אָן דריי הוזאַרן פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון 2־טן יוני.

געווען איז דאָס אין אַ פאַרטאָג פאַר ראש־השנה, ווען אידן זיינען געגאַנגען צו סליחות.

איך בין דעמאָלט אויפגעשטאַנען פרי און געלאָפן צו סליחות אין טעמפּל, און דערווייל אָפּגעטרעטן אין יאָסעלע האַנטס גאָרטן, וואו עס האָבן דעמאָלט געשפּילט די „בראָדער זינגער" מיט פעפי ליטמאַן און מיט שטרודלערן, נאָר קומענדיק אַהין, האָב איך געזען אַ גרויס געלויף און מען האָט זיך באַלד דערוואוסט, אַז דריי שיכורע




צום 25־יעריקן יובילײ־יום־טוב פון מענער און דאמען־שנײדער פאַרײן אין לעמבערג.
דער אויסשוס (פאַרוואַלטונג) פון 1926.

הוזארן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון נאָנטן באַרג און זיי וואַרפן זיך אויף יעדן איד וואָס זיי טרעפן גיין צו סליחות.

די ידיעה האָט זיך בליץ-שנעל פאַרשפּרייט און מען האָט זיך שנעל דערמאָנט וואָס די ווילדע הוזארן האָבן אָפּגעטאָן מיט אַ פיר חדשים צוריק און מען האָט שטיין געלאָזן די בראָדער זינגער מיט פעפּי ליטמאַן וועלכע מען האָט אַזוי ליב געהאַט און מען איז אַרויס אין גאַס; עס זיינען אויך אַרויס אין גאַס די קאַטליאַרעס, די ברידער קעסלער, געזונטע יונגען מיט אייזערנע שטאַנגען און מען האָט זיך אַ נעם געטאָן צו די דריי הוזארן און מען האָט זיי אַזוי צעממיתט, אַז מען האָט זיין אין אַ שווערן צו-שטאַנד אָפּגעפירט אין גאַרניזאָן-שפּיטאָל פון לעמבערג.

די פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז געווען אַ נקמה-אַקט פון די אַרבעטער קעגן די הוזארן, פאַר זייער האַנדלונג דעם 2-טן יוני; האָט מען געמאַכט אויספאָר-שונגען, מען האָט געזוכט די „אַטענטעטער" קעגן די הוזארן, אָבער מען האָט זיי נישט געפונען.

אידן אין לעמבערג האָבן אָבער מורא געהאַט, אַז די הוזארן וועלן נישט פאַר-שוויגן די נקמה קעגן זייערע חברים און עטלעכע דעפּוטאַטן פון לעמבערג האָבן גע-פועלט אין ווין, אַז מען זאָל דעם אונגאַרישן הוזארן-רעגימענט צוריקציען פון לעמ-בערג כדי צו זיכערן רו און אָרדענונג און ווען די הוזארן זיינען אַוועק, האָבן עס די אַרבעטער געהאַלטן פאַר אַ יום-טוב און מען האָט זיך געפרייט מיט די ברידער קעס-לער, וואָס האָבן זיך נוקם געווען אָן די הוזארן פאַר דעם פאַרגאָסענעם אַרבעטער-בלוט.



# אידן אלס געסט אויף דער חתונה פון פירסט סאפיעהא

פון **חנה טיסער**

צווישן לעמבערג און לובלין, אויף דעם באן-וועג וואס האט געפירט קיין ווארשע, איז זיך געלעגן דאס שיינע שטעטל ראווארוסקא, וועמענס באפעלקערונג עס איז באשטאנען פון 70 פראצענט אידן.



באלעבאס איבער ראווארוסקא און איבער די פעלדער און וועלדער און גיטער וואס ארום דעם שטעטל, איז געווען דער פירסט סאפיעהא, א ברודער פון דעם בישאף סאפיעהא.

נישט ווייט פון ראווא, אויפן וועג קיין פאטאליטש, האט דער גראף ראמאן פאטאצקי געהאט א גרויסן קוילן-גרובן און ער איז געשטאנען אין געשעפטלעכע באציאונגען מיט אידן פון ראווא, קויפנדיק ביי זיי די „גרובן-העלצער" און „אשווארעס" (שווארטן) פאר די רישטאוואניעס אין די קוילן-מינעס און דער גראף האט אויך איבערגעגעבן די עקספעדיציעס פון די קוילן צו אידישע עקספעדיטארן.

אבער דער פירסט סאפיעהא האט נישט בלויז געהאנדלט מיט אידן, נאר ער איז אויך מיט זיי געווען אין פריינטלעכע באציאונגען.

מיין פאטער, הערש בערגער, מיט ר' יוסף מערץ, און אנדערע אידישע סוחרים, זיינען מיטן פירסט געווען אזוי באפריינדעט, אז ווען ער האט חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון פשעמישלער קארפס-קאמענדאנט, האט ער די אידישע סוחרים איינגעלאדן אויף דער התונה און כדי זיי זאלן קענען עסן פונקט אזוי ווי אלע געסט, האט ער געדונגען א אידישע קעכין, און א סארווער און געפראוועט אין דעם גרויסן סאלאן פון זיין פרעכטיקן פאלאץ א באזונדערן טיש מיט כשרע מאכלים פאר די אידישע געסט.

מיין פאטער און ר' יוסף מערץ זיינען געווען די נאנטסטע אידישע פריינט פון פירסט. זיי האבן ב..ואכט די ליפערונגען פון די ביימער פון פירסטס וועלדער אין

זיינע טאַרטאַקעס אַריין און דערנאָך האָבן זיי אָפּגעקויפט די ברעטער, וועלכע זיי האָבן עקספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד, מערסטנס קיין ברעסלאַו.

אַנדערע רייכע אידן האָבן געפּאַכטעט זיינע גיטער און מילן, די אָנגעזעענסטע פון די פּאַכטער זיינען געווען ברוך וואַסערמאַן און שיע גאָלדען און אַ חוץ די אידן וואָס זיינען געשטאַנען אין דירעקטער געשעפטלעכער פאַרבינדונג מיטן פירסט, האָבן אַרום די אונטערנעמונגען געהאַט פּרנסה אַ סך אַנדערע אידן.

דאָס געזעלשאַפטלעכע אידישע לעבן אין ראַוואַרוסקאַ, איז איינגעשטאַנען אין די הענט פון די חסידים, וועלכע זיינען געווען די מאַיאָריטעט פון דער אידישער באַפעלקערונג און אַזוי ווי די מערסטע פון זיי זיינען געווען בעלזער חסידים, האָט טאַקע דעם בעלזער רבינס איידעם **טווערסקי** פאַרנומען דעם אַמט אַלס רב און אויסערדעם, האָט אַ ברודער פון בעלזער רבין געפּראַוועט רבנות אין ראַוואַרוסקאַ.

פונדעסטוועגן, כאָטש די חסידים האָבן זייער שאַרף באַקעמפט יעדן פרייען געדאַנק און זיי האָבן אַכטונג געגעבן, אַז די יוגנט זאָל גיין אין זייערע וועגן, האָט זיך די יוגנט אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט וועלטלעכקייט און אַט זיינען שוין געווען ציוניסטן און סאָציאַליסטן און אַט האָט מען זיך שוין אָרגאַניזירט אין קרייזלעך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ אידישע קולטור-אַרבעט, מען האָט געמאַכט פאָרווייליונגען פאַר וואוילטעטיקע צוועקן און עס זיינען שוין פאָרגעקומען מוזיקאַליש-וואָקאַלישע אָוונטן אויף וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט באַלעבאַטישע קינדער און די חסידים האָבן געבערענט פון כעס אויף דעם ציוניסט אַדוואָקאַט יוסף מאַנדל, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון דער אידישער קולטור-טעטיקייט.

ראַוואַרוסקאַ האָט געהאַט אַ אידיש יתומים-הויז און אַנדערע וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן און ווי אַ זעענסווירדיקייט אין ראַוואַרוסקאַ, איז געווען דער אַלטער בית-עולם, וואָס איז געשטאַנען שוין אַ פאַרמאַכטער, מיט אַ מויער אַרומגעצוימט, פונקט אינמיטן דער שטאָט, ממש נעבן דער באַצירקס-הויפּטמאַנשאַפט, שטייער-אַמט און אַנדערע רעגירונגס-אינסטיטוציעס.

דער נייער אידישער בית-עולם איז שוין געווען אויסער דער שטאָט.

די שפּאַציר-פּלעצער פאַר דער אידישער ווי פאַר דער נישט-אידישער יוגנט, איז געווען די לעמבערגער גאַס (אין עסטרייכס צייטן), וואָס האָבן זיך געצויגן ווייט אויס דער שטאָט, וואו עס האָבן זיך געפונען די קאַסערנס (קאַזאַרמעס) מיט עסטרייכישע און טשעכישע רעגימענטן און נאָך מער, שפּעטער, אין באַפרייטן פּוילן, ווען מען האָט פאַרביטן דעם נאָמען פון לעמבערגער-גאַס אויף אוליצאַ **גרונוואַלדזקאַ**, און ווען מען האָט אין די פריערדיקע עסטרייכישע קאַזאַרמעס איינגעאָרדנט אַ פּוילישע אָפיצירן-שול.

דער צווייטער און ווייטערער שפּאַציר-פּלאַץ, וואוהין די אָרגאַניזירטע און באַוואוסטזיניקע יוגנט האָט אָפט געמאַכט אויספלוגן, איז געווען **וואָלקאָוויצע**, וואו אַ גרויסער וואַלד האָט זיך אויפגעהויבן און געצויגן ווייט איבער דעם הויכן באַרג און האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע.

אונטער עסטרייכס הערשאַפט, כאָטש עס איז נאָך נישט געווען אַזאַ מאָדערניזירטע יוגנט, האָט די יוגנט פונדעסטוועגן אויך געמאַכט שפּאַצירן סיי אויף דער לעמבערגער-גאַס און סיי ביז אין וואָלקאָוויצער וואַלד אַריין; אָבער דעמאָלט, האָט זיך די



## אידישע טיפן פון גאַליציע

— ט —

אַ גאַנצע וואָך די דאגות פרנסה, דאַרף מען האַוועז, דאַרף מען שמאַיעז און עס איז נישטאָ קיין צייט דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן; קומט אָבער דער הייליקער שבת, ווען הויז דער וואָכעדיקער נשמה האָט מען אויך אַ נשמה יתירה, דעמאָלט זעצן זיך די דריי באַשטריימלטע אידן אַוועק אין אזא שבת פארנאכיז און זיי דערציילן זיך מעשות און מופתים פון „אים זאל לעבן" און זייערע פנימער שניראלן פון דערהויבענער פרייד.

— „אַקעגן דעם וואָס איר זאָגט, מופתים: מופתים און מופתים זיינען נישט גלייך... איך וועל אייך דערציילן אַ מופת..."

קריסטלעכע יוגנט באַצויגן לאַיאַל צו די אידישע פאַרבייגייער. אַנדערש איז עס אָבער שוין געווען ביי פוילן; כאָטש די שפּאַצירנדע יוגנט איז שוין געווען מער-ווייניק אייראָפּעאיש געקליידעט, פונדעסטוועגן האָט מען ביי קיין איין שפּאַציר נישט אויסגעמיטן צו הערן די נאָכרופן פון די קריסטלעכע אינגלעך: — „זשידזשע פּאַרכו" אָדער זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני", און עס זיינען פאָרגעקומען אָפטע צוזאַמענשטויסן צווישן אידישע און קריסטלעכע יוגנטלעכע.

אונזער הויז איז געשטאַנען אויף דער לעמבערגער-גאַס (אָדער גרונוואַלדזקאַ) נ' 913, וואָס איז געווען נאָנט צום צענטר שטאָט און סוחרים, פריינט און באַקאַנטע זיינען געווען ביי אונדז אָפטע געסט און ווען מען האָט אין די לעצטע יאָרן קאָמענטירט אַ נייעם צוזאַמענשטויס פון קריסטלעכע און אידישע יוגנט, האָט מען מיט בענקשאַפט דערמאָנט די צייטן, ווען אידן זיינען געווען אַזוי אָנגעזען ביי די באַהערדן און וועגן דער גרויסער פריינטשאַפט פון פירסט סאפיעהא צו אידן און מען האָט קיינמאָל דורכגעלאָזן צו דערמאָנען דעם פירסטס חתונה, אויף וועלכער עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן די אידישע פריינט זיינע און ווי אַזוי מען האָט פאַר זיי געגרייט אַ באַזונדערן טיש מיט כשרע מאכלים און ווי די אידיש-חסידישע געסט האָבן זיך אויסגעפוצט צו דער חתונה אין זייערע שענסטע שבתדיקע זיידענע מלבושים און אפשר צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן, אָנגעטאָן ווייסע הענטשקעס אויף די הענט און ווי אַזוי די אידיש-חסידישע געסט זיינען אין פּאַלאַץ אויפגענומען געוואָרן מיט דעם גרעסטן כבוד...

— „עס זיינען אַוועק יענע צייטן, און זיי וועלן שוין מער נישט קומען" — האָבן זיך אידן געקלאָגט; די יוגנט און אפילו שוין חתונה-געהאַטע פּאָרלעך, האָבן זיך פּאַ-

מעלעך געגרייט צום אויסוואַנדערן און די עלטערע, איבערהויפּט די חסידים, האָבן געטענהט, אַז דאָס איז אַלץ גאָטס שטראָף, ווייל די יוגנט האָט זיך געלאָזן אויף אַנדערע וועגן און זיי ווילן דווקא אַליין ברענגען משיחן...

אין יאָר 1931 האָב איך פאַרלאָזן מיין היים, איבערגעלאָזן אין ראַוואַרוסקאַ מיינע צוויי ברידער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס און מיין הויז אויף גרונוואַלדזקאַ 913 און אַלע יאָר האָב איך באַקומען דאָ אַהער צוגעשיקט דאָס דירה־געלט פון מיין הויז און יעדן חודש, ווען איך האָב באַקומען דאָס דירה־געלט, האָב איך אַף געדאַנק געזען מיין הויז, די אַלע שטיבער און מיין שטוב, וואו איך האָב געלעבט און געשטרעבט און אַזאַ בענקשאַפט האָט מיך אַרומגעכאַפּט, כאָטש איינמאָל ווידער צו זיין דאָרט וואו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, אָבער אָט איז אָנגעקומען דער פינצטערער 1939, איך האָב נאָך אַ חודש נאָכן אויסברוך פון דעם גרויסן אומגליק באַקומען צום לעצטן מאָל דאָס דירה־געלט, ווייזט אויס, אַז מען האָט עס געהאַט אַרויסגעשיקט נאָך פאַר דער אינוואַזיע, נישט הלומענדיק, אַז דער אומגליק איז אַזוי נאָענט און זיית דעמלט, האָב איך מער פון מיין היים קיין לעבנס־צייכן נישט באַקומען.

און אין פאַרבענקטע און פאַרטרויערטע שעהן, טראַכט איך מיט הארץ־ווייטיק: — שטייט נאָך דאָרט מיין הויז אויף גרונוואַלדזקאַ 913? לעבט נאָך דאָרט עמיצער פון מיינע צוויי ברידער און די שוועסטער מיינע מיט זייערע פאַמיליעס?...



# סלאבאדא און קאלאמיי

פון אברהם לאַקס

## אַ פּאָגראָם אין סלאָבאָדאַ



אַז דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע האָט באַשלאָסן צו פייערן דעם צוואַנציקסטן אַניווערסאַר זייט דער גרינדונג, דורך אַרויסגעבן אַ פּנקס גאַליציע און ווען דער פאַרבאַנד האָט באַלד דערנאָך אויפגעפאָדערט זיינע מיטגלידער, אַז זיי זאָלן באַשרייבן שילדערונגען פון זייערע אַלטע היימען, האָב איך ווי דורך אַ כשוף ווידער דערזען מיין אַלטע היימאַט פון מיין קינדהייט. מיין היימלאַנד גאַליציע, וואָס איז אייגנטלעך קיינמאָל קיין היים נישט געווען, נאָר אַ שיינער חלום און איך וויל זיך באַמיען אַרויסצונעמען שטיקער פון דעם שיינעם חלום און זיי באַשרייבן פאַרן פּנקס גאַליציע, צום אָנדענק פאַר די קומענדיקע דורות וועגן דעם שיינעם חלום פון זייערע זיידעס אין אַמאָליקן גאַליציע.

און נאָכאַמאָל מוז איך דערמאָנען די צוויי שיינע ווערטער: — „אייגענע היים"! ווי שיין די ווערטער קלינגען; אָבער מיר אידן זיינען נאָך אַלץ דאָס נאָמאַדן־פאָלק, אַ סך יאָרהונדערטער פון פאַרפאָלגונגען האָבן אונדז געצוואונגען צו וואַנדערן און מיר וואַנדערן און אַזוי ווייס איך, אַז מיינע עלטערן האָבן נאָך מיין געבוירן ווערן ביז איך בין אַלט געוואָרן צען יאָר — פיר מאָל געוואַנדערט פון איין אָרטשאַפט אויף אַ צווייטער און אַזוי זאָג איך מיט זיכערקייט צו זאָגן, אַז אפשר קוים אַ צען פּראָצענט פון די גאַליציאַנער אידן (אין די קליינע אָרטשאַפטן) האָבן געהאַט די זכיה געבוירן צו ווערן און צו שטאַרבן אין דיזעלבע שטעטלעך.

ווער פון די אידן עס האָט נאָר געהאַט אַביסל מוט און שטאַרקערן דראַנג צום לעבן, דער האָט געזוכט מעגלעכקייטן אויסצוּוואַנדערן און זיי האָבן אַזוי לאַנג געוואַנדערט, ביז זיי האָבן באַוויזן זיך איינצואָרדנען און פאַרבעסערן זייער לאַגע.

אָבער נישט אַזוי לייכט האָבן זיך אידן גענומען צום וואַנדערן; אַלעמאָל האָט געמוזט זיין אַ סיבה וואָס האָט געגעבן געלעגנהייט צום אויסוואַנדערן און דאָ וויל איך טאַקע דערמאָנען און שילדערן צוויי סיבות פאַר אויסוואַנדערונגען, וואָס ביידע זיינען

אזעלכע ספּעציפישע סיבות, וואָס זיינען ווערט פאַראייביקט צו ווערן צום אָנדענק אין אַ פּנקס.

און כאָטש די צוויי סיבות זיינען גאַנץ פאַרשידן אין זייער אינהאַלט, פונדעסט־וועגן וויל איך זיי דערמאָנען צוזאַמען, עס קאָן זיין, אַז טאַקע צוליב דער פאַרשידנ־אַרטיקייט פון זייער כאַראַקטער.

די ערשטע סיבה איז געווען אַ פּאָגראָם אין דעם שטעטעלע **סלאָבאָדאַ**־רונגורסקאַ, נישט ווייט פון קאָלאָמיי און די צווייטע — אַ שטרייק אין די טליתים־פאַבריקן אין קאָלאָמיי.

און אַזוי ווי די ערשטע סיבה איז מיר פּערזענליך נעענטער, ווייל איך בין פון איר נאָך אַלס קינד געטראָפן געוואָרן, וויל איך זי דערמאָנען פריער.

1.

## נאָך אַ באַזוך פון קרוין־פּרינץ רודאָלף, ברעכט אויס אַ פּאָגראָם אין אונדזער שטעטל

כדי דער טיטל פון מיין שילדערונג זאָל נישט שלעכט אויסגעטייטשט ווערן, וויל איך אין פאָראויס אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דער קרוין־פּרינץ רודאָלף איז אַבסאָלוט גאָרנישט שולדיק געווען אין דער געשעעניש, כאָטש, זי האָט זיך אָפּגעשפּילט באַלד נאָך דעם ווי דער קרוין־פּרינץ האָט געהאַט אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין סלאָבאָדאַ און ער איז אַוועק.

ביז 1880, האָט דאָס קליינטשיקע שטעטעלע סלאָבאָדאַ אפילו נישט עקזיסטירט אויף דער עסטרייכיש־אונגאַרישער לאַנדעס־מאַפּע. אָבער אין אָנהייב פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט מען אין סלאָבאָדאַ־רונגורסקאַ געפונען נאַפט און דאָס שטעטעלע איז פּלוצלינג איבער נאַכט געוואָרן באַרימט און מענטשן זיינען פון אַלע זייטן געקומען צופאָרן און באַלד האָבן זיך אויך געוויזן אַמעריקאַנער קאַפּי־טאַליסטן, זיי האָבן אָפּגעקויפט די „נאַפט־גריבער" און זיי האָבן געפאָדערט אַרבעטער און באַלד זיינען אין סלאָבאָדאַ אַ סך אידישע און נישט־אידישע אַרבעטער געווען פאַרנומען מיט שעפּן די נאַפט־אוצרות פון די איינגעאָרדנטע ברונעמער.

אין סלאָבאָדאַ האָבן ביז דעמאָלט געוואוינט אפשר אַ מנין אידן בלויז און דער גרעסטער טייל פון די אָנגעפאָרענע אַרבעטער, האָבן זיך אויף שבת אַוועקגעלאָזן קיין קיפּיצשיניעץ אָדער קאָלאָמיי, כדי צו פאַרברענגען אויף אַ בעסערן אופן דעם איינ־ציקן רו־טאָג אין דער וואָך.

די נאַפט־גריבער וואָס מען האָט געפונען אין סלאָבאָדאַ, זיינען געווען אַ גרויסע בענסאַציע אין עסטרייך; נייע נאַפט־גרובנס, האָבן געהאַט אַ ריזן־באַדייטונג פאַר דער עסטרייכישער אינדוסטריע און דער אינטערעס פאַר די נאַפט־גרובנס איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער עסטרייכישער קרוין - פּרינץ רודאָלף, דער איינציקער זון פון קייזער פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן, האָט באַשלאָסן צו קומען קיין סלאָבאָדאַ און באַזוכן און זיך באַקענען מיט דער אַרבעט ביי און אַרום די נאַפט־גרובנס.

ווי שוין דערמאָנט, האָבן ביי די נאַפט־גרובנס געאַרבעט סיי אידן, ווי פּאָליאַקן און רוטענער און די אַרבעטער האָבן צווישן זיך זייער גוט געלעבט און אין סלאָבאָדאַ

האָבן די עטלעכע אידישע פאַמיליעס אויך זייער גוט געלעבט מיט זייערע פוילישע און רוטעניש שכנים און הערנדיק די סענסאַציאָנעלע נייעס אַז דער קרוין־פּרינץ רודאָלף וועט באַזוכן סלאָבאָדאַ, האָבן זיך אַלע איינוואוינער פון דער קליינער אָרטשאַפט גע־נומען גרייטן, מען האָט געקאַלכט די שטיבער, געריינִיקט דעם מאַרק־פּלאַץ און געזוכט צו באַשיינען דאָס שטעטל מיט וואָס נאָר מעגלעך.

עטלעכע טעג אייִדער דער גרויסער גאַסט איז געקומען, האָט דער בירגערמייס־טער (דער „שופט" אָדער „וואָיט") גערופן צו זיך פאָרשטייער פון דער באַפעלקערונג און זיי געהייסן אָרגאַניזירן אויפנאַמס־דעלעגאַציעס און ער האָט אָנגעזאָגט, אַז די דעלעגאַציעס וועלן מוזן טראָגן די שענסטע קליידער און ווייסע הענטשקעס.

סלאָבאָדאַ האָט זיך געפונען אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג.

דאָס פּראָגראַם פאַר דער קייזערלעכער אויפנאַמע איז געווען, אַז די פּאָליאַקן וועלן זיין די ערשטע, די פוילישע דעלעגאַציע מיט אַ גלח בראש, דערנאָך די רוטענישע און צום לעצט די אידישע דעלעגאַציע.

די וואָס זיינען געווען באַשטימט אין דער אידישער דעלעגאַציע, זיינען אַ טאָג פאַר דער אויפנאַמע געפאָרן קיין קאָלאָמיי אין שוויץ־באָד און דאָרט זיך אויך טובל געווען און מיט ציטערניש געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן יום־הדין.

ווי עס וואָלט היינט געווען, אַזוי געדענק איך ווי מיין טאַטע איז געשטאַנען צווישן דער דעלעגאַציע מיטן ספר־תורה אין האַנט.

די אידישע דעלעגאַציע איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער, די לאַנגע נייע זיידענע יופּעצעס (בעקעשעס), די שיינע סויבל־שטריימלען, די ברייטע זייִדענע גאַרטלען און די הויכע נייע שטיוול, אַלץ האָט געגלאַנצט קעגן דער זון. אַלע אין ווייסע הענטשקעס און מיט ווייסע טאַשנטיכער, אָנשטאָט די קאָלירטע פאַטשיי־לעס און אַפילו מיט שוואַרצע קראַוואַטן, וואָס די אידן האָבן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן אָנגעטאָן, לכבוד דעם גרויסן גאַסט ירום הודו.

און פון דעם אַלעם, האָט אַמשטאַרקסטן געגלאַנצט קעגן דער זון — די ספר־תורה וואָס מיין טאַטע האָט געהאַלטן פעסט ארומגענומען און צוגעדריקט צו זיין פלאַכנדיק האַרץ.

דאָס פּורפּור־רויטע מיט זילבער און גאָלד אויסגעשטיקטע מענטעלע, די גאָלדענע קרוין וואָס אונדזער שטעטל האָט זיך אויסגעבאָרגט ביי קאָלאָמייער אידן ספּעציעל פאַר דעם גרויסן טאָג, די גאָלדענע קרוין וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל קליינע גלעקע־לעך אַרום, דאָס אַלץ האָט זיך געשפּיגלט אין דער זון און געטוישט זיך מיט אירע שטראַלן.

ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן, זע איך נאָך פאַר מיינע אויגן, ווי די פוילישע און רוטענישע דעלעגאַציעס שטייען מיט זייערע צלמים און מיט די גייסטלעכע בראש, זיי שטייען נאָנט צום פּלאַץ וואו דער גרויסער גאַסט וועט זיך אָפּשטעלן און אונדזער דעלעגאַציע, מיט דער ספר־תורה צוגעדריקט צום האַרצן, שטייט אָפּגערוקט ווייטלעך, ווי מורא האָבנדיק אַז אונדזער הייליקייט זאָל נישט טמא ווערן פון די אָפּגעטער און די אידישע דעלעגאַטן ציטערן פון הייליקער דערוואַרטונג, צו זען זייער באַליבטן קייזערס זון דעם קרוין־פּרינץ און ענדלעך פּאַסירט עס, די באַן קומט און עפּעס איז גע־שען, אַז דער וואַגאָן מיטן קרוין־פּרינץ האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָנט צום פּלאַץ וואו

די אידישע דעלעגאַציע איז געשטאַנען, עס איז געוואָרן אַ געלויפעניש, די נאָטאַבלען, דער בירגערמייסטער און אָפיצירן פון דער באַצירקס־הויפטמאַנשאַפט זיינען צוגע־לאָפן, באַגריסט דעם קרוין־פּרינץ וואָס איז געקומען געקליידט אין ציוויל־קליידער און ציטערנדיק אינגאַנצן פון שרעק, וואָס ער שטייט אַזוי נאָנט פון זיין מאַיעסטעט, האָט מיין טאַטע באַוועגט מיטן ספר־תורה און די גלעקלעך פון דער גילדענער קרוין, האָבן זיך אַזוי אנגענעם און רופנדיק צעקלונגען און עס איז געשען, אַז דער קרוין־פּרינץ איז צוגעקומען צו דער אידישער דעלעגאַציע, וועלכע האָט אים אַקעגנגעשטרעקט אַ טעצל מיט ברויט און זאַלץ און די ספר־תורה.

אויף וויפל אונדזער דעלעגאַציע האָט זיך געפילט אנטוישט, ווייל מיר האָבן זיך געריכט, אַז דער קרוין־פּרינץ וועט דאָ קומען אין זיין קעניגלעכער פּראַכט מיט קרוין און סצעפּטער און פּלוצלינג זעט מען אים גאָר ווי אַ פּראָסטן בשר־ודם — פונדעסט־וועגן האָט זיך די דעלעגאַציע נישט פאַרלוירן, איך האָב געהערט ווי זיי האָבן געמאַכט די ברכה צו גאָט לכבוד זיין געזאַלבטן מאַיעסטעט און איך האָב געזען ווי דער קרוין־פּרינץ האָט אַרויסגענומען די ספר־תורה פון מיין טאַטנס האַנט, זי אַ קוש־געטאָן און צוריקגעגעבן און דאַן האָט ער יעדן פון דער דעלעגאַציע דערלאַנגט די האַנט און אים געפרעגט דעם נאָמען און ווי עס גייט אים און צו אַלעמען האָט ער גערעדט מיט אַ שמייכל און דערוויל האָט שוין געגליט די קנאה אין די הערצער פון די פּוילישע און רוטענישע דעלעגאַציעס, פאַרוואָס דער קרוין־פּרינץ האָט זיך צוערשט באַגריסט מיט דער אידישער דעלעגאַציע.

דער קרוין־פּרינץ איז דערנאָך צוגעגאַנגען צו די אַנדערע דעלעגאַציעס, באַגריסט זיך מיט די גלחים, אָבער עס איז שוין געווען עפּעס ווי צוגעגעבענע איבעריקע זאַכן און די שטימונג איז געווען אַ דערשלאָגענע און ווי יעדע דעלעגאַציע וואָלט געפילט, אַז עפּעס איז דאָ געשען וואָס האָט נישט באַדאַרפט געשען, ווייל ווי נאָר דער קרוין־פּרינץ מיט זיינע באַגלייטער זיינען אַוועק פון פּלאַץ, האָבן זיך די דעלעגאַציעס איילנדיק גענומען גיין יעדער אין זיין זייט, אונדזער אידישע דעלעגאַציע איז געגאַנגען שנעל ווי איילנדיק זיך וואָס פריער צו דערווייטערן פון דעם פּלאַץ און די גלחים מיט האַלב־אָנגעבויגענע צלמים האָבן זיך געלאָזן פּראָצעסיע־אַרטיק צום קלויסטער און צערקווע.

מער ווי צוויי שעה האָט דער קרוין־פּרינץ פאַרבראַכט ביי די גרובנס און באַ־טראַכט ווי אַזוי די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן האָבן אַוועקגעשטעלט אַזעלכע מאַשי־נען וואָס שעפּן אַרויס פון פיר און פינף הונדערט מעטערדיקע טיפענישן פּעטראָלעאום און נאָך צוויי שעה, איז דער קרוין־פּרינץ צוזאַמען מיט זיין סוויטע ווידער אַוועק פון סלאָבאָדאַ און ער האָט זיכער אַפילו נישט געטראַכט, אַז זיין צופעליק באַגריסן די אידישע דעלעגאַציע פאַר די אַנדערע, וועט ברענגען אַזעלכע ביטערע פאָלגן.

שוין באַלד, ווי נאָר די דעלעגאַציעס זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָבן מיר קינדער די ערשטע דערשפּירט די שנאה און קנאה וואָס די געשעעניש האָט פאַר־אורזאַכט.

די אידישע און קריסטלעכע קינדער אין סלאָבאָדאַ האָבן זיך ביז דעם טאָג גע־פּלעגט שפּילן צוזאַמען, אָבער איצט, אַהיימגייענדיק פון דער קייזער־באַגעגעניש, האָבן זיך די קריסטלעכע קינדער געהאַלטן פיינטלעך צו אונדז און אונדז שוין צוגע־שריגן „זשידזשע פּאַרכו".

## אידישע טיפּן אין גאַליציע

— 7 —



ווי איר קוקט זיי אָן, די דריי אַלטע אידן, זיינען זיי גרויסע פּעלן־סוחרים; זיי קויפן נעמלעך אויף די פעלן פון „קיניג־לעך" (קרוליקעס) אין די אָרומיקע דערפער און הלואי וואָלט נאָר אַזוי געווען פּרנסה...

אָט האָבען זיי זיך דאָ געטראָפן אויף אַ „פּ׳ דרכים", וואו די וועגן טיילן זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען און זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ ווייכע אָפּרוען און „זיך אָראָפּריידן פון הארצן" איינער פאַרן אַנדערן און, זעט נאָר דעם אידן לינקס, ער האָט טעכטער חתונה צו מאַכן און דער גאַנצער צער ליגט אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים...

די גלחים האָבן זייערע דעלעגאַציעס געפירט אין קלויסטער און צערקווע און זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן זייער פינצטערע אַגיטאַציע, פאַרזיכערנדיק, אַז די אידן האָבן דעם קרוין־פּרינץ פאַרכשופט און ער האָט קיינעם נישט געזען נאָר זיי און מען דאַרף זיך דעריבער אָן זיי נוקם זיין און עס איז ממש נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי די אַנטי־סעמיטן האָבן באַוויזן אַזוי שנעל צו פאַרגיפטן די פּאָליאַקן און די רוטענער פון דער גאַנצער געגנט, אַז בלויז עטלעכע טעג נאָכדעם ווי דער קייזערלעכער גאַסט האָט פאַרלאָזן סלאָבאָדאַ, זיינען זיך אָנגעלאָפן גוים פון אַלע זייטן און עס איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין פולן זינען פון וואָרט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אָנגעהאַלטן די פוריעזע רציחה פון די גוישע מאַסן, זיי האָבן אַ סך אידן פאַרוואונדעט, די גערעסטעוועטע אידן האָבן זיך געלאָזן לויפן אין די וועלדער ראַטעווען זייערע נאַקעטע לעבנס און די צעווילדעוועטע פּאָגראָמשטשיקעס האָבן גערויבט און געפּלינדערט דאָס האָב און גוטס פון אידישע הייזער און וואָס זיי האָבן נישט געקענט מיטנעמען, האָבן זיי געוואָרפן אין דער גאַס אָדער אונטערגעצונדן.

ערשט אינדערפרי זיינען אָנגעקומען זשאַנדאַרן און אָנגעהויבן איינשטעלן צוריק די רו און אָרדענונג, דעמאָלט זיינען די אידן פאַמעלעך און מיט אומצוטרוי צוריק־געקומען פון די וועלדער און דעמאָלט האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז קלוגמאַן, אַן אָנגעזעענער פאַמיליע־מאַן אין סלאָבאָדאַ, איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ פּאָגראָמשטשיק, וואָס האָט אים דערלאַנגט מיט אַ פלאַש איבערן קאָפּ, און עס זיינען נאָך געווען עטלעכע פאַרוואונדעטע אידן.

קלוגמאַן (איך קאָן זיך ליידער נישט דערמאָנען זיין פאָרנאָמען) האָט איבערגעלאָזן אַן אלמנה מיט עטלעכע יתומים און לויט איך ווייס, האָבן זיי באַקומען אַ לעבנס־לענגלעכע פּענסיע אַלס שאָדן־ערזאַץ פאַר זייער ברויט־געבער.

איך געדענק אויך, ווי אידן האָבן געליובט אַ קריסטלעכע פרוי, וועלכע איז פאַרוואונדעט געוואָרן בעת זי האָט זיך איינגעשטעלט און געוואָלט ראַטעווען אַ אידישע פרוי פון די פּאָגראָמשטשיקעס. די פרוי איז געווען אַ געבילדעטע, זי האָט דערנאָך אַליין עדות געזאָגט בעתן פּראָצעס קעגן איר אייגענעם מאַן, וועלכן מען האָט געפונען אַ שיכורן מיט פאַרבלוטיקטע הענט.

די זשאַנדאַרן האָבן דורכגעפירט אַ סך אַרעסטן, זיי זיינען צוזאַמען מיט די אידן געגאַנגען אָפּזוכן די צוגערויבטע זאַכן, אָבער כאָטש די אידן האָבן זיך געפילט גענוג זיכער און באַשיצט פון דער רעגירונג פון זיין מאַיעסטעט קייזער פראַנץ יאָזעף דער ערשטער, האָבן זיי שוין איינגעזען, אַז אין סלאָבאָדאַ וועט זיין אַן אייביקע געפאַר פאַר אידן צו לעבן צוזאַמען מיט די, וועלכע האָבן געוואַגט צו ווערן פּאָגראָמשטשיקעס און דעמאָלט האָבן די געציילטע אידן פון סלאָבאָדאַ אויסגעוואַנדערט.

דעמאָלט איז עס אויך געווען, ווען מיינע עלטערן זיינען מיט נאָך פּאַמיליעס (צווישן זיי, לויט איך געדענק, די פּאַמיליעס סאַלפּעטער און קאַזוועז) אויסגעוואַנדערט קיין קאָלאָמיי, שפּעטער זיינען מיר פון קאָלאָמיי אויסגעוואַנדערט קיין באָריסלאַוו (סכאַדניצאַ) און נאָך שפּעטער האָט מיך דער אידישער גורל געפירט קיין ווין, וואו איך האָב מיט מיין פּאַמיליע געלעבט רואיק און געמיטלעך לויטן ווינער שטייגער, איך האָב דערפילט מיט באַוואוסטזיניקער געטריישאַפט מיינע בירגער-פליכטן בעת מלחמה, גרייט זייענדיק אָפּצוגעבן האַרץ און האַנט פאַר פאָטערלאַנד, ביז... ביז,... עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע היטלעריאַדע-טראַגעדיע...

און היינט, האָבנדיק אויפגעבויט מיין ניי געצעלט ביי די ברעגן פון פלאַטאַ, קוק איך צוריק צו מיין יוגנט און איך גלויב, אַז אַזעלכע זכרונות, קענען האָבן די ווערט, פאַרצייכנט צו ווערן אין אַ פּנקס גאַליציע.

2

## דער שטרייק פון די פרומע טליתים-וועבער אין קאָלאָמיי

די צווייטע סבה פאַר אַן אויסוואַנדערונג פון אידן אין גרעסערע צאָלן, איז געווען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט — אַ שטרייק אין די טליתים-פאַבריקן אין קאָלאָמיי.

אָבער, כדי צו באַשרייבן דעם שטרייק פון די פרומע טליתים-וועבער אין קאָלאָמיי, מוז איך צוערשט, כאָטש מער-ווייניק, שילדערן דעם גייסטיקן און עקאָנאָמישן מצב פון די אידן אין קאָלאָמיי, אין יענער צייט, אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט.

קאָלאָמיי איז געווען אַ אידישע שטאָט מיט אַ גרויסן אַגראַרישן הינטערלאַנד פון פּוילישע און רוטענישע קליין-גרונט-באַזיצער און אויך פון אַ היפּשער צאָל אידישע קליין-גרונט און רייכע גוט-באַזיצער.

אַדאַנק דעם גרויסן אידישן פליים און ארבעטזאַמקייט האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל און די קליינע און גרויסע גרונט-באַזיצער און פּויערים, האָבן געקאָנט זייערע פּראָדוקטן גוט פאַרקויפן.

די פליייסיקייט פון די אידישע סוחרים, האָט שנעל געמאַכט פון קאָלאָמיי אַ באַדייטנדיקע שטאָט פון עקספּאָרט און יעדן טאָג זיינען געלאָפן גאַנצע באַנען מיט פראַכט-וואַגאָנען פול געפּאַקט מיט אַלערליי פּראָדוקטן פאַר עסטרייך, דייטשלאַנד,

און ווייטערע לענדער און פּאָסאָליעס, קליינע און גרויסע, זיינען אין גרויסע קוואַנטומס געגאַנגען ביז ברעמען און האַמבורג, כדי פון דאָרט ווייטער אָפּצושווימען מיט שיפן צו אַמעריקאַנער לענדער.

איינמאָל אין וואָך, איז אויך פון קאָלאָמיי אָפּגעגאַנגען אַ גרויסער לאַסט-צוג מיט אָקסן און קעלבער, דעם צוג האָט מען גערופן „די אָקסן-פּאָסט", און מיט דער „אָקסן-פּאָסט" זיינען אַ סך יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויסרייסן אויף דער גרויסער וועלט, נאָר זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף רייזע-הוצאות — מיטגעפאָרן פון קאָלאָמיי, האָבנדיק די אויפגאַבע עטלעכע מאָל אין טאָג צו געבן וואַסער פאַר די איינוואַגאָנירטע אָקסן און קעלבער, וואָס זיינען געגאַנגען מערסטנס ביז ווין און אַזוי האָבן אַ סך אַרבעטזאַמע און אַמביציעזע אידישע בחורים, וואָס זיינען אַוועק פון דער אַלטער פרומער היים אין גאַליציע מיט דער אָקסן-פּאָסט, אַרויפגעאַרבעט זיך אין דער גרויסער וועלט, ווערנדיק גרויסע סוחרים, פאַבריקאַנטן און אַפילו גרויסע וויסנשאַפטסלייט מיט וועלט-נעמען.

קאָלאָמיי האָט אויך געהאַט זייער גוטע אַרבעטער און האַנטווערקער און עס זיינען געווען באַרימטע די קאָלאָמייער שניידער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קאָנפעקציאָנירונג פון גלחישע קאַפּאָטן, אויך שוסטער, וועבער, שלאָסער און בכלל אַלערליי פּראָפעסיעס, וואָס דאַרפן זיין אין אַ גרויסער שטאָט, האָט קאָלאָמיי פאַרמאָגט און מען קאָן זאָגן מיט פולער זיכערקייט, אַז אַלע פּראָפעסיעס זיינען געווען כמעט פולע הונדערט פּראָצענט אין אידישע הענט.

אָבער אַ חוץ די אַלע פּראָפעסיעס, קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס קאָלאָמיי האָט פאַרמאָגט, צוגלייך מיט אַ סך אַנדערע שטעט אין דער גרויסער עסטרייכישער אימפּעריע, האָט זיך קאָלאָמיי נאָך אויסגעצייכנט מיט אַ ספּעציעלער און ספּעציפישער אינדוסטריע, דאָס זיינען געווען די טליתים-וועבעריי-פאַבריקן.

אין דער צייט האָט שוין די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי געהאַט געשלאָגן טיפע וואָרצלען פאַר דעם אויפוואַכנדיקן באַוואוסטזיין פון אַרבעטער, אָבער דער דאָזיקער באַוואוסטזיין האָט שוין געקאַנט אַריינדרינגען אין אַלע פאַכן, אויסער צו די פרומע טליתים-וועבער, וועלכע זיינען געווען גאָטספאַרכטיק, אונטערטעניק צום קאַיזער (וואָס דאָס מיינט צו יעדן באַאַמטן, וואָס האָט געטראָגן דעם קאַיזערס מונדיר), צום רבין און צום באַלעבאָס, וואָס גאָט האָט זיי אַלע געגעבן די וועלט אין זייערע הענט, אַז זיי זאָלן מיט איר אָנפירן...

און נישט נאָר די אַרבעטער אין די טליתים-פאַבריקן זיינען געווען פרומע. נאָר אויך די פאַבריקאַנטן. פאַר די פאַבריקאַנטן האָט די פרומקייט ספּעציעל געלוינט, ווייל אָט זיינען די טליתים פון ר' שאַמשעלע (שמשון) העלער, געווען אַ סך טייערער פון די טליתים פון ר' יונה זאגער, נאָר דערפאַר, ווייל ר' שאַמשעלע איז געווען אַ גרעסערער חסיד, מער געזעסן ביים רבין און ער איז טאַקע אויך געווען אַביסל בעסער צו די אַרבעטער, האָבן פרומע אידן דערפאַר בעסער געוואָלט קויפן זייער רעליגיעזן מאַנטל פון ר' שאַמשעלעס אויסאַרבעטונג, און, פאַרשטייט זיך, אַז לויט דער נאָכפראַגע, אַזעלכע פרייזן.

אַ חוץ די גרויסע פאַבריקאַנטן, ר' שמשון העלער, יונה זאגער און אשר ווינד-

שוועער, זיינען אין קאַלאָמיי נאָך געווען אַ סך קלענערע פאַבריקאַנטלעך און ווער עס האָט נאָר געהאַט מיט וואָס, מיט מער אָדער מיט ווייניקער, האָט געקאָנט אויסנוצן די פרומע און גאָטספאָרכטיקע אָרימע אידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגענומען די אויגן וועבנדיק די פעדים אויף טליתים ביז וויט אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אַריין.

די אַרבעטער פון די טליתים־פאַבריקן, זיינען אָפט געפאָרן צו דעם זעלבן רבין וואָס זייערע באַלעבאַטים, און דער רבי האָט זיי אַנגעווינטשן, אַז זייערע בקשות זאָלן דערפילט ווערן, אָבער אַזוי ווי די באַלעבאַטים האָבן געהאַט גרויסצוגיקע בקשות, זיינען זיי מקוים געוואָרן און די באַלעבאַטים זיינען כסדר געוואָרן רייכער און רייכער, און די אָרימע אַרבעטער האָבן פשוט נישט געהאַט די העזה צו בעטן עפּעס וויכטיקס און זיי זיינען טאַקע געבליבן די אייביקע אויסגענוצטע, פאַרמאַרעטע און פאַרפינצ־טערטע שקלאַפן.

דעמאָלט האָט נאָך קיין געזעץ נישט פאַרגעשריבן ווי לאַנג אַן אַרבעטער מעג אַרבעטן טעגלעך, אָבער ביי אַלע פאַכן האָט מען שוין מער נישט געאַרבעט ווי העכסטנס צוועלף שעה. בלויז די טליתים־וועבער האָבן געאַרבעט פערצן און אַפילו זעכצן שעה טעגלעך און פאַר פרייטיק־צו־נאַכט, וואָס מען האָט געמוזט פריער פאַר־מאַכן די פאַבריק, האָבן די אַרבעטער געמוזט אָפּאַרבעטן שבת־צו־נאַכט און עס איז בכלל נישט געווען קיין שיעור פאַר דער אַרבעט, ווייל ביז דער באַלעבאָס האָט נישט געזאָגט, אַז מען מעג שוין גיין אַהיים, האָט קיינער נישט געוואַגט אַוועקצולייגן די אַרבעט.

און פון די זעכצן־שעהדיקע אַרבעטס־טעג, האָבן די אידן מיט זייערע פאַמיליעס געהונגערט. מאָנטיק און דאָנערשטיק האָבן די אידן געפאַסט; די אַנדערע וואָכן־טעג האָבן זיי כמעט נישט געהאַט קיין צייט אָפּצועסן און קיין שטיקל פלייש איז קיינמאָל אין די וואָכן־טעג נישט געקומען אין קיין טליתים־אַרבעטערס שטוב און בלויז אויף שבת — האָבן ערשט די פרומע טליתים־אַרבעטער נישט געהאַט וואָס צושטעלן אין טשאָלנט אַריין...

ווען אַזאַ פרומער איד, וואָס איז געוויינלעך געווען אַ פאַמיליען־מענטש מיט עטלעכע קינדערלעך, האָט געוואָגט אַ קרעכץ־צו־טון אין באַלעבאָס קעגנוואַרט, האָט דער באַלעבאָס אים געמוסרט מיט פאַרגלאָצטע אויגן, אַז מען טאָר נישט מהרהר זיין, מען דאַרף גאָט דאַנקען פאַר דעם וואָס מען האָט, ווייל מיט אַזעלכע קרעכצן קאָן מען פאַרלירן די אַרבעט און עס קאָן זיין נאָך ערגער...

האָבן טאַקע די אידישע טליתים־וועבער געליטן הונגער און נויט און זיי האָבן נישט געוואַגט קיין קרעכץ־צו־טון אויף זייער שווערער לאַגע.

די כלומרשט פרומע באַלעבאַטים האָבן אויף אַ גרויזאַמען אופן אויסגענוצט די אמתע גאָטספאָרכטיקע און שקלאַפישע הכנעה פון זייערע פרומע אַרבעטער. נאָר די קינדער פון די פרומע אַרבעטער האָבן שוין דערזען די רעזולטאַטן פון פאָדערונגען, וואָס אַנדערע אַרבעטער האָבן געשטעלט צו זייערע באַלעבאַטים; די קינדער פון די פאַרמאַרעטע טליתים־וועבער האָבן שוין געוואוסט וועגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פאַרטיי און וועגן פאָדערונגען עס זאָלן איינגעפירט ווערן אַרבעטס־געזעצן און נאָך אַזעלכע נייעסן. די קינדער האָבן שוין אָנגעהויבן בונטעווען און אָנרעגן די טאַטעס, אַז זיי זאָלן וואַגן צו בעטן הוספות אויפן לוין און קלענערע אַרבעטס־טעג און

כּאָטש די פרומע טאַטעס האָבן דאָס באַטראַכט פאַר קינדערשע עזותקייטן, אָדער חלילה נאָך ערגערס, אַ בונט קעגן גאָט און קעגן קאַיזער און קעגן באַלעבאָס און זיי האָבן זיך נישט געוואָלט צוהערן צו די קינדערס רייד, פונדעסטוועגן האָבן די רייד פּאַמעלעך געווירקט און עס האָבן זיך שוין געפונען מאַנכע טליתים-וועבער, וועלכע האָבן געוואַגט אַ הויכן קרעכץ-צו-טון און אַבי איינער האָט עס געוואַגט, האָבן שוין אַנדערע שטאַרקער געפילט זייער שמאַך און אויך זיי האָבן גענומען קרעכצן און ווען די באַלעבאַטים האָבן פּלוצלינג דערהערט ווי זייערע אַרבעטער וואַגן צו קרעכצן, האָבן זיי דערפילט, אַז עפּעס רוקט זיך דאָ אָן אויף זיי און זיי האָבן באַלד גענומען מיט תקיפות דערשטיקן דעם קלענסטן קרעכץ.

און דעמאָלט איז עס געשען.

עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס איך ווייס נישט די גענויע נעמען פון די ערשטע, וועלכע האָבן געוואַגט קרעכצן און דערנאָך ריידן און דערנאָך שרייען און אַגיטירן און רופע די אַלע פרומע אַרבעטער צום רעוואָלט קעגן זייערע ברויט-געבער, ווייל מען האָט זיי דעמאָלט נישט גערופן ביי זייערע פאַמיליען-נעמען; איך געדענק נאָר, אַז די „שפּיץ-נעמען" (צונעמען) פון עטלעכע פון די פרומע אַגיטאַטאָרן זיינען געווען: הערש לייב „דאָניאַק"; אייזשע „קאָפּ"; שמואל „טובעס"; איציע „לייזל"; זיידע „קאַטעניאַזש"; חיים „דריסק"; אברהמטשעלע „פונטשער" א. א. וו. — דאָס זיינען געווען די הויפּט-אָנרעגער צום בונט קעגן די באַלעבאַטים און קעגן בונט. איציע „לייזל" האָט געקרייזלט די פאה און עפּעס דאָרט געזוכט און אַרויסגעדרונגען פון איר, אַז מען טאָר נישט גיין קעגן די באַלעבאַטים און אַז די באַלעבאַטים אַליין ווייסן בעסער וואָס צו טון...

און געשען איז עס, נאָך אַ שמחה, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אַ טלית-וועבער אין שטוב און אַ גאָר גרויסער עולם טליתים-וועבער איז געווען אָנוועזנד און מען האָט געהאַט גענומען צו-ביסלעך פון ביר, וויין און מעד, און דעמאָלט האָט מען פּלוצלינג דערשפּירט די גאַנצע שמאַך פון זייער שווערער אַרבעט און זייער הונגער און נויט און פּלוצלינג האָט איינער אויסגערופן: — אַלע ווי איינער אין דער גרויסער קלויז!

און, ווי געטריבן פון אַן אומבאַגרייפלעכער מאַכט, האָבן אַלע פרומע אידן שטיין געלאָזן די האַלב-אויסגעליידיקטע גלעזער און זיינען אַוועק אין דער גרויסער קלויז און מען ווייסט נישט ווי אַזוי די אַנדערע טליתים-וועבער אין שטאָט האָבן זיך דערוואוסט, נאָר באַלד זיינען פון אַלע זייטן געפלאָסן אידן אין אָפּגעטראָגענע שבתדיקע מלבושים צו דער גרויסער קלויז, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שטורמישע פאַרזאַמלונג.

אידישע אַרבעטער, וואָס דער שקלאַפישער יאָך פון יאָרן איז געווען אויסגעגאָסן אויף זייערע פאַרצערטע פּנימער, האָבן זיך פּלוצלינג אויסגעלייטערט און אויסגעגלייכט זייערע רוקנס, אין שול האָט מען געהערט טענות און די טענות זיינען געווען אַזוי פיל און אַזעלכע גערעכטע און די פרומע אַרבעטער, וואָס האָבן געשוויגן, האָבן געטראַכט ווי אַזוי מען האָט די אַלע טענות געקאָנט פאַרשווייגן אַזוי לאַנג און נאָכדעם ווי מען האָט זיך גוט אַראָפּגערעדט פון הארצן, האָט מען אָנגענומען אַ גאַנצע רייע „תקנות", אָדער פאָדערונגען און אויסבעסערונגען, וואָס מען וועט דאַרפן

צושטעלן צו די באַלעבאַטים און אָדער זיי וועלן נאָכגעבן, אָדער מען וועט אָפּשטעלן די אַרבעט.

געווען אויך אַזעלכע אידן ווי איציע לייזל, וואָס האָבן געשטעלט די קלאָץ קשיא, אַז אויב מען וועט אָפּשטעלן די אַרבעט, פון וואַנען וועט מען לעבן? ... אָבער מען האָט זיי פאַרשריען און אַפילו פרומע אידן האָבן אָנגעוויזן, אַז ווייל די פאָדערונגען זיינען גערעכטע, וועט אונדז גאָט דערפאַר נישט פאַרלאָזן און די אידן האָבן געשוואוירן ביי אַן אָפענער ספר־תורה, אַז זיי וועלן זיין סאָלידאַריש, אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע! . . .

אויף דער פאַרזאַמלונג פון די פרומע טליתים־וועבער אין שול, האָבן זיך אויך באַטייליקט אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן און עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דעלעגאַטן, וועלכע זאָלן גיין ריידן מיט די באַלעבאַטים אין נאָמען פון די טליתים־וועבער, נאָר עס איז נישט געקומען דערצו, ווייל די טליתים־פאַבריקאַנטן האָבן אַפילו נישט געוואָלט אויפנעמען די דעלעגאַטן און נישט נאָר דאָס, נאָר פאַר דער חוצפה צו האָבן גערעדט קעגן די באַלעבאַטים, האָבן די פאַבריקאַנטן געזוכט צו פּראָפּיטירן און אויסנוצן די געלעגנהייט צום אָפּזאָגן די יעניקע אַרבעטער, וועלכע זיינען שוין אַלט און שוואַך, אָדער זיינען שוין האַלב בלינד געוואָרן פון דער אַרבעט ביי טונקעלן ליכט און פון מאַנגל אין דערנערונג.

דאָס נישט צולאָזן צוריק אַ היפּשע צאָל אַלטע און שוואַכערע אַרבעטער, האָט נאָך שטאַרקער געווירקט ווי די ביז איצטיקע עקספּלאָטאַציע און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפיציעלער שטרייק פון אַלע אַרבעטער פון דער טליתים־בראַנזשע.

די גאַנצע שטאָט און אַפילו באַלעבאַטים פון אַנדערע אינדוסטריעס און אונטערנעמונגען, זיינען געווען אויפגעבראַזט קעגן די רייכע און כלומרשט פרומע חסידישע טליתים־פאַבריקאַנטן און נאָך מער און שטאַרקער און אָנגרייפערישער איז געוואָרן דער אויפברויז, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז יונה זאַגער האָט אַריבערגעבראַכט פון דער רוסישער זייט אידישע וועבער, וועלכע זאָלן אַרבעטן אין זיין פאַבריק אַלס שטרייק־ברעכער.

די שטרייקנדיקע טליתים־אַרבעטער גופא זיינען געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז די באַלעבאַטים וואָלטן סוף כל סוף אַלץ געקאָנט אויספירן ביי זיי; אָבער אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן, באַוואוסטזיניקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן געבילדעט דעם שטרייק־קאָמיטעט, האָבן שוין אַכטונג־געגעבן און זיי האָבן באַלד געשיקט אַ דעלעגאַציע צו די רוסיש־אידישע וועבער, פאָרלייגנדיק זיי צוריקצוגעבן אויף הוצאות אהיימצופאָרן פון וואַנען זיי זיינען געקומען און וואָרנענדיק זיי קעגן שטרייק־ברעכעריי, וואָס קאָן זיי צו־טייער קאָסטן.

אַזוי ווי דאָס זיינען אויך געווען פרומע אידן און גלויביקע, אַז די באַלעבאַטים זיינען גערעכט; אַז די שטרייקער זיינען אַ באַנדע בוגדים, וואָס זיינען קעגן גאָט און קעגן די לאַנדעסגעזעצן און זיי האָבן זיך נישט געוואָלט צוהערן צו די רייד פון די דעלעגאַטן, ביז עס איז געקומען, אַז אַ גרעסערע גרופּע אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן האָבן אָרגאַניזירט אַ „באָיואָווקע" און מען איז ביינאַכט איבערגעפאַלן יונה זאַגערס הויז. די דינערשאַפט, וואָס האָט זיך געשטעלט דאַקעגן, האָט מען גוט צעממיתט און דעם גאַנצן צאָרן האָבן די קעמפער אויסגעלאָזן צו די פרומע רוסישע שטרייק־

ברעכער, ווען זיי האָבן גוט אָנגעבראָכן די ביינער און מען האָט זיי שוין אַזוי אָנגעלערנט, אַז זיי זיינען קוים מיטן לעבן זיך צעלאָפן פון זאגערס הויז און פאַרטאָג, מיט די ערשטע געלעגנהייטן, זיינען זיי אַנטלאָפן פון קאָלאָמיי, זיכער צוריק אויף דער רוסישער זייט, פון וואַנען יונה זאגער האָט זיי אריבערגעבראַכט.

פון אַלע פאַבריקאַנטן, איז יונה זאגער געווען דער ערגסטער, וואָס האָט אויף זיך געצויגן דעם גרעסטן האַס. פאַקטיש, אין ענין פון נאָכגעבן, זיינען די אַנדערע פאַבריקאַנטן נישט געווען בעסער פון אים, אָבער ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט נעמען נקמה אָן די אַרבעטער און ער האָט זיי פאַר זייער איבערפאַל אויף זיין הויז גערודפט פּאָליציייאיש און עס איז נישט דורך קיין טאָג, אַז עס זאָלן נישט פאָרקו־מען עטלעכע אַרעסטן אין שייכות מיטן שטרייק און אין שייכות מיט דעם נאַכט־איבערפאַל אויף זאגערס הויז.

און שוין דעמאָלט האָט עס זיך אָנגעהויבן, וואָס די „אָקסן־פּאָסט” האָט כסדר באַקומען מער „פּאַסאַזשירן”. יונגע בחורים, קינדער פון די שטרייקנדיקע טליתים־וועבער, וועלכע האָבן אַקטיוו מיטגעווירקט צו געווינען דעם שטרייק, האָבן אויס מורא פאַר פּאָליציייאישער פאַרפאָלגונג, געזוכט וואָס שנעלער אויסצואוואַנדערן און נישט האָבנדיק קיין געלט־מיטלען, איז די „אָקסן־פּאָסט” געווען זייער דערלייזער.

אויך אַנדערע אַרבעטער, וואָס האָבן אינטערווענירט און געהאָלפן צום „בונט”, זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן פון פּאָליציי און אַדאַנק אַ אידישן פּאָליצמאַן, וועלכער האָט באַצייטנס געוואָרנט די, וואָס זיינען געווען אויף דער ליסטע צום אַרעסטירן, זיינען אַ סך באַצייטנס אַנטלאָפן קיין עסטרייך און דייטשלאַנד און דערמיט אויס־געמיטן אַרעסטירט צו ווערן.

דער אידישער פּאָליציאַנט האָט געהייסן נחמן „בוזשאק”. ער איז געווען אַ קיי־לעכדיקער נידעריקער פאַרשוין מיט קרומע פיס און ער איז געווען אַ שם דבר אין קאָלאָמיי. ער איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אין אַלע ווינקלען פון קאָ־לאָמיי און ער האָט נישט פאַרפעלט קיין שבת צו קומען אין דער שיל דאַווענען און אָט־אָ־דער „בוזשאַק” האָט עס געוואָרנט, אַז מען וועט אַרעסטירן און מען האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן.

נאָך יאָרן, האָט מען אַפילו געשמועסט, אַז ער האָט גלאַט אַזוי פאַרשפּרייט די ידיעות, כדי זיך צו מאַכן וויכטיק, אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, קיינער פון די אויס־געוואַנדערטע פון קאָלאָמיי, האָט נישט פּראָטעסטירט אָדער פאַרגעוואָרפן דעם אי־דישן פּאָליציאַנט, צוליב וועמענס ידיעות מען האָט פאַרלאָזן די היים.

דער שטרייק פון די טליתים־וועבער האָט אָנגעהאַלטן וואָכן און חדשים און מען האָט נישט געזען די קלענסטע אויסזיכט, אַז די באַלעבאַטים זאָלן אַפילו טראַכטן פון נאָכגעבן.

די פרומע טליתים־וועבער וואָלטן אפשר נישט אויסגעהאַלטן אַזאַ לאַנגן שטרייק אָבער עס איז געווען אַ שטרייק־קאָמיטעט און די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי האָט געשטיצט דעם גערעכטן שטרייק און עס זיינען געזאַמלט געוואָרן געלטער פאַר דעם שטרייק־פאָנד נישט בלויז פון אַנדערע פאַבן אין קאָלאָמיי, נאָר אין אַ סך אַנ־דערע שטעט און פון עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע זיינען געקומען אָנשליסונגען און סאָלידאַריטעט־אויסדרוקן באַגלייט מיט גרעסערע סומעס פאַרן שטרייק־פאָנד,

און די טליתים-וועבער האָבן באַקומען אַזעלכע שטיצעס פון שטרייק-פאָנד, וואָס האָט צומאָל באַטראָפן מער ווי זיי האָבן פריער פאַרדינט ביי דער אַרבעט און אַזוי האָט דער שטרייק אָנגעהאַלטן און די באַלעבאַטים, און יונה זאַגער דער ערשטער, האָבן גזוועקגעשיקט מאַטעריאַלן אין די בעמישע וועבעריי-פאַבריקן מען זאָל זיי דאָרט אויסוועבן די טליתים, נאָר עס זיינען שוין נישט אַרויסגעקומען די טליתים פון אַמאָל און די שלעכטקייט פון די באַלעבאַטים, וואָס האָט נישט דערלאָזט אַז זיי זאָלן נאָכגעבן די אַרבעטער האָט געמאַכט, אַז אַ גאַנצע ספּעציפישע און גוט-לוינ־בּאַרע אינדוסטריע, וואָס האָט געהאַט אַ וועלט-נאָמען, זאָל פּאַמעלעך אונטערגיין.

עס איז געווען איין מיטל, וואָס וואָלט געווען געקאָנט אַ סוף מאַכן צום שטרייק און דערמיט ראַטעווען די טליתים-אינדוסטריע. דאָס איז געווען דער רבי, צו וועמען עס זיינען געפאָרן מיט „קוויטלעך" סיי די באַלעבאַטים ווי די אַרבעטער, אָבער די רבנים, נישט וועלנדיק ריזיקירן מיט זייערע אייגענע אינטערעסן, האָבן בשום אופן נישט געוואָלט אינטערווענירן און זיי האָבן זיך געהאַלטן הונדערט פּראָצענט נייטראַל.

ווי לאַנג עס האָט אָנגעהאַלטן דער שטרייק, געדענק איך נישט, אָבער איך ווייס, אַז גענוג לאַנג, ביז אַ היפּשער טייל פון די אַרבעטער האָבן פון די שטרייק-שטיצעס אָפּגעשפּאָרט אויף צו קויפן אַ האַנט-וועבעריי-שטול און זיי האָבן גענומען אַרבעטן פאַר זיך און אַנדערע, שוין אַלטע און שוואַכע, זיינען געבליבן אויף קהלשע זאָרג און די גרויסע מערהייט איז אַוועק, און כאָטש די פאַבריקאַנטן האָבן דערנאָך געקויפט אַלטע מעכאַנישע וועבשטולן און פּראָדוצירט מיט גויאישע אַרבעטער אידישע טליתים, האָבן שוין אידן קרום געקוקט אויף אַזעלכע טליתים פון מעכאַנישע וועבערייען און זיי האָבן בעסער געצאָלט טאָפּלט פאַר אַ טלית פון אַ פרומען האַנט-וועבער. גע־וועבט, און דער שטרייק, וואָס האָט אייגנטלעך נישט געהאַט קיין סוף, ווייל ער איז נישט דורכגעפאַלן און נישט די אַרבעטער האָבן געזיגט, האָט דערפירט צו אַ היפּשער אידישער אויסוואַנדערונג און אומגעבראַכט די טליתים-אינדוסטריע, וואָס האָט געמאַכט, אַז די שטאָט קאָלאָמיי זאָל שמען איבער דער גאַנצער וועלט.



# זיבן כאַראַקטעריסטישע קונסט-בילדער (גראָטעסקען) פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע

(פון וויגל ביז צום „מצוה-טענצל")

— 1 —

## אַ „קרישמע" לייענען אין דער וואך-נאַכט



קומט דער בעלפער מיט די קינדער
— אַ טשיקאַוואָסט, זעט כאָטש, זעט; —
קריאת־שמע לייענען אין דער וואך־נאכט
ביי דער קימפּעטאָרינס בעט.
אויף די ווענט, די „שיר המעלות"
שיצן ס'ניי־געבוירן קינד,
דאָך, „נישט־גוטע" טשאַטעווען מיט
בייז אַרום דעם הויז אצינד...
דאַרף מען זען די וואך פאַרשטאַרקן,
(מיינט נישט, אַז דאָס איז אַ שטות)
טרייבט דער בעלפער די „נישט־גוטע"
אין די פרומע קינדערס זכות...
לייענען קינדער איצט די קריאת־שמע
אויפן קינדיש הויכן קול
וואָס צעטרייבט אין שרעק דאָס בייזע,
איבער וויסטע בערג און טאָל...

# א מצבה אויף דער קהלה סטאַניסלאַוו און אַרומיקע שטעט און שטעטלעך

פון אסתר לאָקער-שוסהיים

ווען איך וועל שרייבן וועגן דער שטאָט סטאַניסלאַוו, פיל איך, אַז איך וועל נישט יוצא זיין מיין חוב, ווען איך וועל נישט דערמאָנען אויך די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך פון דרום-גאַליציע. וואָרום סטאַניסלאַוו, די דריט-גרעסטע אידישע קהילה אין גאַליציע, נאָך לעמבערג און קראָקע, איז גלייכצייטיק געווען איינע פון די אינגסטע, און אפשר טאַקע די אינגסטע אין גאַליציע. זי איז אויך געווען אינגער פון אירע אַרומיקע קלענערע קהילות. נאָך אין דער צייט פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה פלעגן עלטערע סטאַניסלאַווער אידן דערציילן, אַז זיי געדענקען נאָך ען מ׳פלעג שרייבן „סטאַניסלאַוו הסמוך לטיסמעניץ”. דאָס הייסט אַז די קליינינקע טיסמעניצער קהילה איז געווען עלטער פון דער גרויסער סטאַניסלאַווער. און זי איז טאַקע געווען אַ סך עלטער און איר שיל איז אויך געווען עלטער און גרעסער.

און נישט בלויז טיסמעניץ איז געווען עלטער ווי סטאַניסלאַוו, נאָר אויך די אַלטע שטאָט ביים דניעסטער, האַליטש, פון וועלכער עס האָט זיך גענומען דער נאָמען גאַליציע (האַליטש = האַליטשינאַ, דערפון דאָס דייטשע גאַליציען און דאָס פוילישע גאַליציאַ). האַליטש איז נישט בלויז אַן אַלטע קהילה, נאָר זי איז אויך די איינציקע שטאָט אין גאַליציע וואו ס׳איז געבליבן אַ קליינער קאַראַימישער ישוב (אין די לעצטע יאָרן האָט מען גערעכנט אין האַליטש און אין אַ שכנהשן דאָרף צוזאַמען אַרום אַכציק קאַראַימער).

סטאַניסלאַוו אַלס די אינגסטע קהילה, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1662 פון אידן פון די אַרומיקע שטעטלעך, און ביז אין די לעצטע יאָרן איז די סטאַניסלאַווער קהילה באַשטאַנען פון אידן, וועלכע זיינען געווען אינעם ערשטן אָדער צווייטן אָדער דריטן דור אָפּשטאַמיקע פון טיסמעניץ, האַליטש, באָהאָראַדטשאַן, ליסיץ, סאָלאָטווינע, נאַדוואָרנע, אָטיני, קאָסאָוו, קיטוב (קוטי), זאַבלאָטאָוו, טלומאַטש, דעלאַטין, סניאַטין, קאַלוש, א. אז. וו. די אַלע שטעט און שטעטלעך אין דרום-גאַליציע וועלכע האָבן צוזאַמען מיט סטאַניסלאַוו געבילדעט דעם זעלבן טיפּ אידן, האָבן צוזאַמען מיט סטאַניסלאַוו געליטן די גרויזאַמע רציחות פון די דייטשן און פון זייערע

רוטעניִשע הענקערס־קנעכט און זיי זיינען צוזאמען מיט דער סטאַניסלאַווער קהילה אונטערגעגאַנגען.

אַזוי, אַז ווילנדיק אַוועקשטעלן כאָטש אַ קליינע מצבה צום זכרון פון דער אונ־טערגעגאַנגענער קהילה סטאַניסלאַוו, קאָן מען נישט פאַרשווייגן אויך די אַרומיקע קהילות פון דרום־גאַליציע. סטאַניסלאַוו און בכלל אַלע שטעט און שטעטלעך אין דרום־גאַליציע האָבן געליטן פון די דייטשע רוצחים און פון זייערע אוקראַיִנישע העלפער מער ווי וועלכע נישט איז געגנט אין פוילן. אין דרום־גאַליציע זיינען קיין אידן כמעט נישט געבליבן. און טאָמער האָבן זיך דאָרט געראַטעוועט עטלעכע, אָדער עטלעכע הונדערט אידן, האָבן מיר וועגן זיי נישט קיין שום ידיעה. דאָס דאָזיקע לאַנד, וועלכעס געהערט איצט צו רוסלאַנד, איז הערמעטיש פאַרשלאָסן פאַר דער איבעריקער וועלט.

### איינציקע דאַטעס וועגן דער אויסראָטונגס־אַקציע אין דרום־גאַליציע

צום ערגסטן און בעסטיאַלישסטן האָבן די דייטשן זיך אויפגעפירט אין סטאַניס־לאַוו. זיי האָבן דאָרט אָנגעווענדט קעגן די אידן אַלע פייניקונגס־און מאָרד־מעטאָדן. זיי האָבן געברענט, און געהאַנגען און געשאָסן און אפילו ווילדע הינט האָבן זיי אָנ־געררייצט אויף די אידן. אין סטאַניסלאַוו — זאָגט זיך אין אַ באַריכט פונעם געוועזענער ביוראָ פונעם אידישן וועלט־קאָנגרעס — זיינען חוץ די אָרגאַניזירטע און קאָאָרדי־נירטע מאָרד־„אונטערנעמונגען", אויך פאָרגעקומען „אומאָפּהענגיקע" שחיטות. צווי־שן די דאָזיקע לעצטע ווערט פאַרצייכנט אַ פּאָגראָם וואָס איז אינסצעניזירט געוואָרן דורך דעם געשטאַפּאָ־פיר קריגל, וועלכער האָט אין איין טאָג אין זומער 1942 אַרויס־געטריבן 2.000 אידן אויף דעם בית עולם און זיי דאָרט אומגעבראַכט. לויט אַן אַנ־דערער מעלדונג איז שוין אין אָקטאָבער 1942 נישט געווען קיין אידן אין סטאַניסלאַוו.

לויט אַן אַנדערער מעלדונג (ביולעטין פונעם קאָמיטעט פאַר די אידן אין דער אָקופּירטער אייראָפּע ביי דער אידישער אַגענץ) האָבן די דייטשן אין דער צווייטער העלפט פון מאַנאַט אַפּריל 1943 פולשטענדיק ליקווידירט די אידישע געטאָ אין סטאַ־ניסלאַוו. מיט די אַרומיקע געמיינדעס האָט סטאַניסלאַוו געהאַט אַ אידישע באַפעלקע־רונג פון קרוב צו 30.000 נפשות.

אויך אין קאָלאָמיי, דער צווייט־גרעסטער שטאָט פון דרום־גאַליציע, איז פון דער אידישער באַפעלקערונג פון אַרום 22.000 נפשות, נישט געבליבן קיין איין לעבעדיקער נפש — חוץ עטלעכע וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט קיין ארץ ישראל. צי עס האָבן זיך אפשר שפּעטער צונויפגעקליבן עטלעכע אידן אין קאָלאָמיי — האָבן מיר נישט קיין שום ידיעה.

אָט איז אַ קורצער באַריכט פון קאָלאָמיי: די געטאָ איז דאָרט באַשטאַנען פון דריי קוואַרטאַלן. דעם ערשטן טאָג איז דורכגעפירט געוואָרן די „אַקציע" (אַזוי האָט מען גערופן דאָס אויסראָטן אידן) אינעם ערשטן קוואַרטאַל: מען האָט צוזאַמענגעטריבן אַלע אידן און מען האָט זיי אויסגעשאָסן. זיינען אַ טייל אידן אַנטלאָפן און זיך באַ־האַלטן אין די אַנדערע צוויי קוואַרטאַלן. האָט די געשטאַפּאָ אונטערגעצינדן די אי־דישע הייזער. די וואָס זיינען אַרויסגעלאָפן פון די ברענענדע הייזער האָבן די רוצ־חים צוריק אַריינגעוואָרפן. זיי האָבן אויך אַריינגעוואָרפן לעבעדיקע קינדער אין

פייער, און געצוואונגען די מאַמעס, זיי זאָלן צוקוקן ווי זייערע קינדער ווערן פאַר־ברענט. אַ טייל פון די קאָלאָמייער אידן איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בעלז וואו מען האָט זיי דערמאָרדעט מיט עלעקטרישן שטראָם.

אין קיטעוו אַ קהילה פון אַרום 2.500 אידן האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן אַלע הייזער אין וועלכע די אידן האָבן זיך באַהאַלטן. אַרום 800 ביז 900 פּערזאָנען זיינען אַזוי געוואָרן פאַרברענט אָדער דערשטיקט. אַ טייל האָבן די דייטשן דערשאָסן אויפן אָרט און 500־600 זיינען געשלעפּט געוואָרן קיין קאָלאָמיי, וואו מען האָט זיי דערשאָסן.

אויך די אידן פון יאַבלאָנאָוו (1.800 נפשות) און פון פּיסטין (אַרום 500 נפשות) זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן אין זייערע שטעטלעך און אַ טייל האָט מען געשלעפּט קיין קאָלאָמיי וואו מען האָט זיי אויסגעמאָרדעט.

אין קאָסאָוו האָבן די 3.700 אידן געבילדעט 60 פּראָצענט פון דער שטאָט־באַפעל־קערונג. די אידן האָבן דאָרט געשאַפן אַ טעפּיך־אינדוסטריע, וועלכע האָט געגעבן אַר־בעט און פאַרדינסט דער גאַנצער באַפעלקערונג. די באַציאונגען צווישן דער אידישער און דער קריסטלעכער באַפעלקערונג זיינען דאָרט געווען גוטע. אָבער אין דער צרה האָט דאָס גאָרנישט געהאָלפן. די דייטשן האָבן דאָ דורכגעפירט עטלעכע „אַקציעס", ביי וועלכע זיי האָבן אויסגעהרגעט צו עטלעכע הונדערט אידן און צום סוף האָבן זיי די איבעריקע געשלעפּט קיין קאָלאָמיי, כדי זיי דאָרט צו דערשיסן.

אַזוי זיינען אין פאַרשידענע „אַקציעס" אויסגעהרגעט געוואָרן די אידן פון זאַבלאָ־טאָוו (2.500 נפשות), זשאַביע (600). אין דעלאַטין זיינען פון 2.200 אידן 1.950 אין איין טאָג, דעם 16טן אָקטאָבער 1941, דערשאָסן געוואָרן, די איבעריקע אַוועקגעפירט קיין קאָלאָמיי. אין די דאָטשע־שטעטלעך אין די קאַרפּאַטן, יאַרעמטשע, טאַטאַראָוו, מי־קוליטשין, וואָראָכטאַ איז קיין איין איד נישט געבליבן.

דאָ איז כדאי צו דערמאָנען דעם הייליקן העראָאיזם פון אַ 19 יעריקער מיידל, פייגע שפּיגל פון זשאַביע. אין דער נאַכט פון דער שחיטה האָט זי פאַרזאַמלט אַלע מענער און פרויען זיי זאָלן זיך געזעגענען פאַרן טויט. זי האָט זיי צוגעגעבן מוט, זיך נישט צו פאַרלירן פאַר די רוצחים. דערנאָך האָט זי צוגעפירט די פרויען צום מאַסן־קבר און האָט אָרויפגעלייגט אַ וויים טיכל יעדער איינער אויפן קאָפּ אַנשטאָט תכרי־כים. דאַן איז זי די ערשטע אַראָפּגעשפּרונגען אין קבר.

די אָרטיקע אוקראַינער האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן אין די מערדערישע „אַקציעס". אויך אַזעלכע וואָס האָבן געהאָט ביי זיך פאַרבאַהאַלטן אידישע קינדער, האָבן דערנאָך איבערגעגעבן די קינדער צו די דייטשן. אָבער עס זיינען אויך געווען אַ קליינע צאָל אוקראַאינער, וועלכע האָבן געהאָלפן די אידן און אייניקע אַפילו וועלכע האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר אידן. אַזוי ווערט דערמאָנט דער גלח פון זשאַביע, וועלכער האָט באַהאַלטן ביי זיך 8 אידן און וועלכער האָט אויך געפּרעדיקט די פּויערים, זיי זאָלן העלפן ראַטעווען אידן.

דאָס זיינען נאָר אייניקע דאַטן וועגן דער אויסראָטונג פון די דרום־גאַליצישע אידן, און נאָר אייניקע שטעט האָב איך דאָ דערמאָנט. אָבער די שחיטה איז אין אַלע שטעט דורכגעפירט געוואָרן לויט דעם זעלבן פּלאַן. די שחיטה איז דאָרט געווען מו־ראַדיקער ווי אומעטום און ביז היינט הערן מיר נישט, צי עס געפינט זיך דאָרט ערגעץ אין דער גאַנצער געגנט אַ אידישער נפש. אַ אידישע באַפעלקערונג פון אַרום 200.000

נפשות איז אַזוי אַרום פּולשטענדיק אויסגעראָטן געוואָרן. פון צענדליקער קהילות מיט אַ בליענדיק און קאָכענדיק אידיש לעבן איז קיין זכר נישט געבליבן.

## דער דרום-גאַליציישער טיפּ אידן

און איצט וועל איך פּרואוון כאַראַקטעריזירן דעם טיפּ אידן, דאָס שטיק קאָלעקטיווע אידישע לעבן וואָס דער שונא האָט פאַרניכטעט.

דער טיפּ אידן אין דרום-גאַליציע מיט דער הויפּטשטאָט סטאַניסלאַוו בראש, האָט זיך אונטערשיידט נישט בלויז פונעם מערב-גאַליצישן נאָר אין געוויסע שטריכן אויך פונעם מזרח-גאַליצישן טיפּ. אין דער דאָזיקער געגנט, וועלכע האָט, נאָך דער פאַראייניקונג מיט פּוילן, געבילדעט די סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדסטווע, האָט געלעבט אַ טיפּ אידן וואָס איז געווען אידיש נאַציאָנאַל-ציוניסטיש און פאָלקסטימלעך פּראָגרעסיוו אין בעסטן באַטייט פון דעם דאָזיקן וואָרט. אין דרום-גאַליציע, באַזונדערס אין סטאַניסלאַוו און אומגעבונג, האָבן אידן געטראָגן וויניקער פּאות און וויניקער בערד און וויניקער שטריימלען און קאַפּאָטעס ווי אין די געגנטן פון מזרח און מערב-גאַליציע. און אויך פרויען האָבן געטראָגן וויניקער פּאַרוקעס (שייטלען) ווי אין די אַנדערע טיילן פון גאַליציע. אין סטאַניסלאַוו, למשל, איז, דוכט מיר, נישט געווען קיין יונגע פרוי מיט אַ פּאַרוק. אַפילו טעכטער פון אידן חסידים און פון סתם פרומע אידן האָט מען נישט אָפּגעשאָרן די האָר צו דער חתונה. און אַפילו פרויען פון חסידים, וועמעס מענער פלעגן פאָרן אויף ימים-טובים צום רבין, האָבן געטראָגן זייערע אייגענע האָר און נישט קיין שייטלען.

אַזאַ איז געווען די סטאַניסלאַווער אידישקייט: מאָדערן פאָלקסטימלעך נאַציאָנאַל אָדער אויך רעליגיעז, אָבער כמעט אָן שטריימלען און וויניק לאַנגע קאַפּאָטעס. דער יונגער דור אָבער איז געווען אויסערלעך אינגאַנצן אייראָפּעאיש און אויך אויך אינעם גייסט. אַזעלכע אידישע יונגעלייט ווי אין קרוין-פּוילן, למשל, מיט די קליינע אידישע קאַשקעטלעך מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס זיינען ביי אונדז כמעט נישט געווען בנמצא. אין דער סטאַניסלאַווער ישיבה זיינען דוכט מיר נישט געווען קיין סטאַניסלאַווער קינדער, אָדער גאָר אַ גאַנץ קליינער פּראָצענט. דער רוב תלמידים איז געווען פון די אַנדערע געגנטן פון גאַליציע, פון קרוין-פּוילן און פון קאַרפּאַטן-רוסלאַנד.

אין דער אידיש פאָלקסטימלעכער דרום-גאַליציע האָט דער ציוניזם און פּועלי-ציוניזם געפונען די גרעסטע פאַרשפּרייטונג, און ער האָט דאָ נישט געהאַט קיין אָפּאָזיציע מצד חסידישע אָדער אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן. דערפאַר טאַקע האָט דער ציוניזם, אין די אַלטע עסטרייכישע ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע, געבילדעט אין סטאַניסלאַוו אַ באַזונדערן דרום-גאַליצישן דיסטריקטס-קאָמיטעט נעבן די דיסטריקטס-קאָמיטעטן פון לעמבערג און קראָקע.

צוזאַמען מיטן ציוניזם איז אין דרום-גאַליציע, און באַזונדערס אין סטאַניסלאַוו, געווען פאַרשפּרייט דער מאָדערנער אידישער קולטור-געדאַנק, די אידישע יוגנט האָט געהאַט אַן אינטערעס פאַר דער אידישער ליטעראַטור און אונדזערע ביידע נאַציאָנאַלע שפּראַכן און אויך פאַר אידיש טעאַטער. אגב וויל איך דאָ דערמאָנען, אַז סטאַניסלאַוו איז געווען די ערשטע שטאָט, וואו ס'איז געשפּילט געוואָרן אַן אָפּערע, „אַאידאַ" אויף

אידיש און די פאָרשטעלונג איז געשטאַנען אויף אַ גענוג הויכן קולטורעלן ניוואָ. און דאָ וויל איך אויך דערמאָנען אַז אין סטאַניסלאַוו זיינען געווען צוויי אידישע דראַמאַטישע פאַראיינען, אַ גאָרדין פאַראיין און גאָלדפאַדען פאַראיין. דער גאָלדפאַדען פאַראיין איז געווען דער שטאַרקערער, ער האָט אַרומגענומען אַ גרויסן טייל פון דער געבילדעטער אידישער יוגנט אויך פון די פויליש־שפּרעכנדע, וועלכע האָבן דורך דעם דאָזיקן פאַריין זיך דערנענטערט צום אידישן קולטור־שאַפן. טאַקע דער גאָלדפאַדען פאַראיין איז דאָס געווען דער וועלכער האָט צוגעגרייט און דורכגעפירט די אידישע אויפפירונג פון דער אָפּערע „אַאידאַ".

אין סטאַניסלאַוו האָבן די אידן געבילדעט די אַבסאָלוטע מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג אַקעגן פאָליאַקן און רוטענער. דער בירגערמייסטער פון שטאָט איז לאַנגע יאָרן געווען דער איד דר. נימהין, אַ פּוילישער אַסימילאַנט, וועלכער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער פאַרשענערונג פון דער שטאָט. פונדעסטוועגן, ווען די פאָליאַקן האָבן איבערגענומען די הערשאַפט איבער דער שטאָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דער קורצער הערשאַפט פון דער מערב־אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק, האָבן זיי דעם דר. נימהין אַרויסגעוואָרפן. די אידישע קהילה האָט געמוזט שיקן טרעגערס, זיי זאָלן אַרויסטראָגן די מעבל פון נומהינס וואוינונג אינעם שטאָשקן טרעגערס, זיי זאָלן אַרויסטראָגן די מעבל פון ניהמינס וואוינונג אינעם שטאָגאַס.

אין דער זעלבער צייט ווען דר. נימהין איז געווען דער בירגערמייסטער פון סטאַניסלאַוו איז אין דעם סטאַניסלאַווער פאָרשטעטל קניהינין, אַ האַלב־שטאָטישער און האַלב־דאָרפישער ישוב, געווען דער בירגערמייסטער, אָדער „וואָיט", אויך אַ איד, ר' משה לייזער קאַהן, אַ איד מיט באָרד און פאות און אַ לאַנגער קאַפּאָטע. דער דאָזיקער איד האָט פאַרוואַלטעט די געמיינדע אין פולער האַרמאָניע מיט דער פוילישער און רוטענישער באַפעלקערונג וואָס האָט דאָרט געוואוינט.

אין קניהינין איז אויך געווען אַ דייטשע קאָלאָניע מיט באַזונדערע רעליגיעזע סאָציאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס. דער פּאַסטאָר פון דער געמיינדע, צעקלער, איז געווען אַן איבערגעגעבענער פריינט פון די אידן און פון ציוניזם. בכלל האָבן די דייטשע קאָלאָניסטן און זייערע אָנפירער און לערער געלעבט אין האַרמאָניע מיט די אידן. ווי אַזוי די דאָזיקע דייטשן האָבן זיך אויפגעפירט בשעת די דייטשע רציחות אין סטאַניסלאַוו איז נישט באַקאַנט.

דאָ וויל איך נאָך דערמאָנען אַן אייגנאַרטיקן טיפּ, וועלכער האָט אַקטואירט אין דער דייטשער עוואַנגעלישער קירכע: דאָס איז געווען אַ איד מיטן נאָמען פּאָלאַק, אַ גרויסער למדן וועלכער האָט געפּרעדיקט קריסטנטום. פּאָלאַק איז געווען דער טיפּ פון אַ אידישן קריסט, ד. ה. נישט קיין משומד צוליב אַסימילאַציע נאָר ער האָט פשוט געגלויבט אין קריסטנטום און דערביי אָפּגעהיט אויך אַ טייל אידישע מנהגים. צווישן די סטאַניסלאַווער אידן האָט מען פּאָלאַקן געהאַלטן פאַר אַן ערלעכן מענטשן, נישט פאַר קיין מיסיאָנערישן שווינדלער.

דרום־גאַליציע האָט נישט געהאַט קיין גרויס־אינדוסטריע — סיידן אַז מען זאָל אַריינרעכענען אין דער אינדוסטריע מילן, טאַרטאַקן, גאָראַלניעס, שפּיריטוס און נאַפטדעסטעלערייען, וכדומה. אין דער געגנט פון נאַדוואָרנע און פון סאָלאַטווינע זיינען

פאַראַן נאַפט-קוואַלן. די עקספּלואַטאַציע פון די דאָזיקע מינעס האָט זיך געפונען אין די הענט פון אויסלענדער. אידן האָבן געהאַט אַן אָנטייל אין דעם דאָזיקן געשעפט אַלס סוחרים, מעקלערס, וכדומה. דאָס האָלץ-געשעפט און די עקספּלואַטאַציע פון וועלדער איז געווען כמעט אינגאַנצן אין אידישע הענט. אידן זיינען געווען די גרויסע הענדלער, ליפעראַנטן, מעקלערס, אָדער מען האָט זיך סתם „געדרייט" אַרום דעם געשעפט.

אַ חוץ דעם האָלץ-מסחר וועלכער האָט זיך געשטיצט דאָס רוב אויף לאָקאַלער פּראָדוקציע (און דאָס „לאָקאַלע" דאַרף דאָ פאַרשטאַנען ווערן אין אַ ברייטערן זין פון דעם וואָרט) איז סטאַניסלאַוו געווען אַ גרויסער האַנדלס-פּלאַץ אויפן געביט פון מאַנופאַקטור, אייזן און לעדער-האַנדל. אין לעדער איז סטאַניסלאַוו געווען איינער פון די וויכטיקסטע פּלעצער אין עסטרייך-אונגאַרן, שטיצנדיק זיך דערביי אין אַ היבשער מאָס אויף דער אייגענער פּראָדוקציע. אין אייזן און מאַנופאַקטור האָט סטאַניסלאַוו פאַרקויפט די פּראָדוקציע פון מערב-עסטרייכישע און בעמישע פאַבריקן. אין מאַנופאַקטור האָט זיך סטאַניסלאַוו גערעכנט פאַרן צווייט-גרעסטן האַנדלס-פּלאַץ נאָך קראַקע. אַלזאָ, כאָטש נישט האָבנדיק קיין אייגענע אינדוסטריע, האָבן דאָך סטאַניסלאַווער מאַנופאַקטור-הייזער געהאַט זייערע קונים ביז אין די ווייטע קאַנטן פון דער עסטרייכיש-אונגאַרישע מאָנאַרכיע, ביז אַפילו קיין באָסניע. דער גרויסער קאָנסום האָט מעגלעך געמאַכט די סטאַניסלאַווער סוחרים צו קאָנקורירן אַפילו מיט די ווינער און בעמיש-מערישע הייזער.

שטאַרק אַנטוויקלט איז געווען מלאכה ביי די דרום-גאַליצישע אידן. אין סטאַניסלאַוו האָבן די אידישע באַלמעלאָכעס געהאַט די מאַיאָריטעט אין די צעכן פון שניידער-פאַך, פון האָלץ-פאַך און אין די פאַכן פון מעטאַל-אַרבעט. אינעם בוי-פאַך האָבן אידישע באַלמעלאָכעס געבילדעט די איבערוועגנדיקע מאַיאָריטעט. דערפון איז שוין ממילא געדרונגען, אַז ס'איז אויך געווען אַ גענוג אָנזעעוודיקע אידישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע איז קודם געווען אָרגאַניזירט ביי דער פּ. פּ. ס., שפּעטער אין דער אידיש-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די אידישע טלית-וועבער אין קאָלאָמיי זיינען געווען די ערשטע אידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין דער פּוילישער סאָצאַליסטישער פּאַרטיי. און דאָס זיינען גראָד געווען פרומע אידן לויטן אַלטן שטייגער.

אויפן רעליגיעזן געביט האָט אין סטאַניסלאַוו און אין דרום-גאַליציע בכלל געהערשט דער נוסח פון אַ פאָלקסטימלעכער אידישקייט געמישט טיילווייז מיט חסידיזם. קיין מתנגדים, אַ שטייגער ווי אין בוטשאַטש, זיינען דאָ כמעט נישט געווען. אין קיין שום שיל האָט מען נישט געדאַוונט לויטן מתנגדישן נוסח. אָבער אויך דער חסידיזם האָט נישט געהאַט אין דרום-גאַליציע יענע אויסערע פאָרם ווי ער האָט געהאַט אין קרוין-פּוילן, אין מערב און מיטל-גאַליציע אָדער אין די צפון-געגנטן פון מזרח-גאַליציע. ווי איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן, זיינען אין אונדזער געגנט געווען ווייניק באָרד און פאות און אויך דער חסידיזם ביי אונז האָט זיך נישט כאַראַקטעריזירט דורך לאַנגע באָרד און פאות אָדער דורך אַן אָפגעלאָזנקייט אין דער קליידונג. אונדזער חסידיזם איז באַשטאַנען דער עיקר אין דעם וואָס דער פּשוטער פאָלקס-איד, פלעג אין אַ זיי״ט פון נויט זיך גיין אויסריידן דאָס האַרץ פאַר זיין רבין, אָדער ער איז אין וויכטיקע

פאמיליארע אָדער געשעפטלעכע ענינים געגאַנגען שואל עצה־זיין צום רבין. די אַל־געמיינע באַציאונג צום רבין איז געווען נישט ווי צו אַ בעל־מופת, נאָר ווי צו אַ גוטן קלוגן מענטשן. און פּאַקטיש האָבן אַ טייל פון די רביים צומאָל געגעבן אַ קליגערע עצה, ווי דער אַדוואָקאַט. געווען אידן וועלכע האָבן געהאַט „זייער" רבין, און געווען אַנדערע, וועלכע פלעגן נישט איבערקלייבן — דאָס זיינען געווען די ווייניקער אינ־טעליגענטע.

די רביים וועלכן האָבן געהאַט די מערסטע חסידים אין סטאַניסלאַוו זיינען געווען דער אָטיניער, דער באָיאַנער און דער סטאָראָזשינעצער. קלויזן זיינען געווען אַן אָטי־ניער, אַ טשאָרטקאָווער און אַ הוסיאַטינער. דער אָטיניער האָט זיך נאָך דער ערשטער מלחמה באַזעצט אין סטאַניסלאַוו און צו זיין טיש און אין זיין קלויז פלעגן קומען גרויסע מאַסן חסידים — באַזונדערס אין ימים־טובים.

חוץ די „גרויסע" אויסגערופענע רביים, זיינען אויך געווען קליינע רבילעך, אַזוי צו זאָגן פאַר ווייבער און פאַרן פּראָסטן פאָלק. די דאָזיקע קליינע רבילעך פלעגן נעמען אַ קלענערן פדיון און זיי האָבן אויך געגעבן אַ ברכה.

כדי צו פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל וועגן רעליגיע־ענינים און וועגן רעליגיעזע שטרי־מונגען וויל איך נאָך דערמאָנען אַז סטאַניסלאַוו האָט אויך געהאַט אַ „פּראָגרעס־לעכן" טעמפּל, וועמעס ראַבינער ס'איז געווען דר. מרדכי ברוידאָ, אַ זון פונעם לעמ־בערגער רב ר' לייבעלע ברוידאָ ז"ל. דר. ברוידאָ איז שפּעטער געווען ראַבינער אין לאָדז.

דאָ וויל איך נאָך קורץ דערמאָנען די ראָלע פון סטאַניסלאַווער אידן אין דעם קורצן פּעריאָד פון דער מערב־אוקראַינער פאָלקס־רעפּובליק, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין סטאַניסלאַוו איז דאַן געווען ד ירעגירונג און די ראַדאַ פון דער דאָזיקער פאָלקס־רעפּובליק און סטאַניסלאַווער אידן האָבן דאַן געגרינדעט און אָנגעפירט דעם מזרח־גאַליציאַנער אידישן נאַציאָנאַל־ראַט, וועלכער האָט פּראָקלאַמירט די אידישע ניי־טראַליטעט אין דער פּויליש־אוקראַינישער מלחמה. דער דאָזיקער אידישער נאַציאָנאַל־ראַט און ווי אַזוי די אידן אין סטאַניסלאַוו האָבן אָנגעפירט מיט דער אידישער אויטאָ־נאָמיע איז אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל פון דער מאָדערנער אידישער געשיכטע.

### אַ ביסל געשיכטע פון דער אידישער סטאַניסלאַוו

סטאַניסלאַוו, די דריט־גרעסטע קהילה אין גאַליציע איז, ווי שוין דערמאָנט, גע־זוען איינע פון אירע יונגסטע קהילות. אויפן סמך פון אַ פּריווילעגיע פון סעפּטעמבער 1662 פונעם העליטשער סטאַראָסטע יענדזשעי פּאָטאָצקי האָבן אידן באַקומען „אויף אייביקער צייט" דאָס רעכט צו וואוינען אין סטאַניסלאַוו, זיך צו פאַרנעמען מיט מסחר אָן וועלכע נישט איז באַשרענקונגען און אויך דאָס רעכט איינצואָרדנען זייערע רע־ליגיעזע און קהלשע אַנשטאַלטן. און פאַרשטייט זיך, אַז די אידן פון די אַרומיקע על־טערע קהילות, באַזעצנדיק זיך אין סטאַניסלאַוו האָבן דאָס ערשטע זיך אויסגעבויט אַ שיל — אַ הילצערנע לויט די געוואוינהייטן און באַדינגונגען פון יענער צייט. אָבער ווען די פאַרגרעסערטע קהילה וויל אין יאָר 1745 זיך אויפבויען אַ נייע שיל, אַ גע־מויערטע, מוזן די אידן אָנקומען נאָך אַ דערלויבעניש צום לעמבערגער ערצבישאָף. די

קירכלעכע מאכט האט געהאט ספּעציעלע פאַרשריפטן וועגן דעם בוי פון אידישע שילן, אַז זיי זאָלן זיך נישט אונטערשיידן פון געוויינלעכע אידישע הייזער, זיי טאָרן זיך נישט גרעסערן צו נאָענט צו אַ קלויסטער און זיי טאָרן זיך נישט אויפהויבן צופיל אין דער הויך. נאָר יעדנפאַלס, ווען דער העליטשער אַרענדאַר לייב ניסאַנאָוויטש קומט אין יוני 1745 אַלס פאָרשטייער פון די סטאַניסלאַווער אידן צום לעמבערגער ערצבישאָף בעטן אַ דערלויבעניש אויף צו בויען אַ נייע שיל, גיט דער בישאָף אַרויס די דאָזיקע פּריווילעגיע, דערמאָנענדיק נאָר די קירכלעכע פאָרשריפטן וועגן שילן, אַז די נייע שיל זאָל זיך נישט צופיל אַרויסווייזן נישט מיט קיין אַרכיטעקטאָנישער שיינקייט און זי זאָל נישט זיין העכער ווי די פריערדיקע אַלטע הילצערנע שיל.

אָבער די סטאַניסלאַווער אידן האָבן די פּריווילעגיע נישט אויסגענוצט. קענטיק אַז עס זיינען אויף זיי אָנגעקומען אַנדערע דאגות. זיי האָבן געמוזט פירן קאַמפן מיט די פוילישע און אַרמענישע מיעשטשאַנעס וועגן זייערע האַנדלס־רעכט — נישט קוקנדיק אויף דער פּריווילעגיע וואָס זיי האָבן באַקומען „אויף אייביקע צייטן” פון דעם גרינדער פון דער שטאָט, גראַף פּאָטאָצקי, צו מעגן פירן מסחר „אָן באַשרענקונגען”. דער קאַמף פון די אידן מיט די מיעשטשאַנעס פאַר זייערע האַנדלס־רעכט נעמט אָן וואָס אַמאָל שאַרפערע פאָרמען, אַזוי אַז ס'איז די אידן נישט צום האַרצן צו פאַרנעמען זיך מיט בוי־פּלענער.

אָבער קענטיק אַז די אידן האָבן דעם קאַמף געוואונען. די קריסטלעכע מיעשטשאַנעס מוזן אָנערקענען דעם פאַקט פון די אידישע רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט מסחר, אומגעשטערט. און ווען די לאַגע בעסערט זיך, הויבט מען ווידער אָן צו טראַכטן וועגן בויען די שיל. די יאָרן לויפן דערווייל און מיר האַלטן שוין ביי 1761. אויפן בישאָף־שטול אין לעמבערג זיצט שוין אַן אַנדערער ערצבישאָף, וואַצלאַוו שיעראַקאָווסקי, וועלכער האָט שוין פריער אָנגעטאָן גענוג צרות די אידן אין קאַמיעניעץ און פּשעמישל. אין יוני 1761 קומט צו דעם דאָזיקן ערצבישאָף שיעראַקאָווסקי קיין לעמבערג אַ דעלעגאַציע פון סטאַניסלאַווער קהל בעטן אַ דערלויבעניש צו בויען די שיל, אין וועלכער די אידן נויטיקן זיך שוין זייט 20 יאָר. די דעלעגאַציע באַשטייט פון דוב בן אַברהם, חיים בן יעקב און ישראל בן אהרן (אָדער ווי מען רופט זיי אין די אַקטן אויף פּויליש: בערעק אַבראַהאַמאָוויטש, חיים יאַנקיעלעוויטש און ישראל אַראָנאָוויטש). דער ערצבישאָף האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן, ווייל פריער האָט שוין ביי אים אינטערווענירט אין דער זעלבער זאַך דער גענעראַל עאוסטאַכי פּאָטאָצקי. דער ערצבישאָף שיעראַקאָווסקי באַשטעטיקט אַלזאָ די פּריווילעגיע פונעם ערצבישאָף זאַוויזשיצקי פון יאָר 1745, און דערצו גיט ער־צו די פאָלגנדע באַדינגונגען, וועלכע אילוסטרירן פאַר אונדז דעם דעמאָלסטיקן רעכטלעכן מצב פון די אידן אין יענער פּוילישער פּראָווינץ:

1) די סטאַניסלאַווער אידן זאָלן זיך נישט דערוועגן, ווען די שיל וועט פאַרברענט ווערן אָדער איינפאַלן, אויפצושטעלן אַ נייע שיל אָדער די באַשעדיקטע אויסצובעסערן אָן אַ באַוויליקונג פון אונדז (ד. ה. פונעם בישאָף) אָדער פון אונדזערע נאָכפאָלגער — אונטער דער דראָונג, זיי די שיל בכלל צו פאַרניכטן.

2) צום אַנצינדן ליכט אין שיל אין יום־כיפור טאָרן זיי (די אידן) קיין קריסט

נישט דינגען. אויך צום פריוואט־דינסט זאָלן זיי זיך נישט דערוועגן צו האַלטן קריסט־לעכע מענטשן.

3) פון שבת אויף זונטיק און אויף קיין שום קריסטלעכער חגא זאָלן די אידישע בעקער זיך נישט דערוועגן צו באַקן ברויט פאַרן מאַרק, צי אַפילו פאַרן אייגענעם געברויך. די איבעריקע אידן פון שטאָט וואָס פאַרנעמען זיך מיט מסחר זאָלן נישט טאָרן אַרויסשטעלן זייער סחורה אויף די פאַרקויפס־טישן אַ גאַנצן טאָג (פון זונטיק אָדער חגא).

4) בשעת אַ פּראָצעסיע און בשעת דער גלח גייט אָדער פאָרט מיטן צלם אין האַנט צו אַ גוסס, זאָלן זיי (די אידן) אַריינגיין אין זייערע הייזער און די פענצטער פאַרמאַכן.

5) די הוטשנע התונות מיט מוזיק און רעש, צו וועלכע זיי זיינען צוגעוואוינט, זאָלן אָפּגעהאַלטן ווערן באַשיידן, שטיל, אָן מוזיק, נאָר אויף אַזאַ אופן וואָס איז פון דער קירכע נישט פאַרבאָטן.

6) זיי זאָלן נישט פאַרבעטן אויף זייערע חתונות קיין קריסטן, ווייל אַזעלכע קריסטן וואָס עסן, טרינקען און פאַרווײלן זיך מיט אידן, פאַלן אַריין אין חרם לויטן קירכלעכן געזעץ, און די אידן ווערן פאַרקלאָגט און באַשטראָפט פון אונדזער גע־ריכט. דעריבער דאַרפן די אידן צו־וויסן טון דעם אַרטיקן גלח די נעמען פון אַלע קריסטן וואָס קומען אויף אידישע התונות, כדי מען זאָל זיי קאָנען באַשטראָפן אין קירכע צו זיצן אויף דער ערד אָדער צו שטיין מיט ברענענדיקע ליכט אין האַנט בשעת אַ גאָטעסדינסט, אָדער מיט געלט־שטראָף לטובת דער קירכע.

7) די אידן זאָלן זיך נישט דערוועגן אויף קיין קריסט אַ קרום וואָרט אַרויסצו־זאָגן, אים שלאָגן אָדער זיך אויף אים אָפּצורייסן.

8) אַלע פּרוכט־ביימער אויף זייער בית עולם זאָלן זיי אויסשניידן, כדי אַ קריסט זאָל נישט באַקומען קיין חשק צו ווערן ביי זיי אַ וועכטער.

9) זיי זאָלן אויף להבא די גרעניצן פון זייער בית עולם נישט אויסברייטערן.

10) זייערע לוויהס זאָלן פאָרקומען פאַר זון־אויפגאַנג אָדער נאָך זון־אונטערגאַנג.

אַזאַ איז געווען די רעכטלעכע לאַגע פון די אידן. אָבער באַלד איז געקומען די צעטיילונג פון פּוילן און אונטער דער הערשאַפט פון עסטרייכישן אַבסאָלוטיזם איז די לאַגע פון די אידן נאָך ערגער געוואָרן.

דאָס זאָל אָבער נישט הייסן, אַז אונטער דער פּוילישער הערשאַפט איז די אידן געווען גוט — ווי מען הערט אָפט באַהויפּטן פון פּוילישער זייט. וואָרים כאָטש דער גרינדער פון סטאַניסלאַוו, פּאָטאָצקי, האָט אין זיין פּריווילעגיע צוגעזאָגט די אידן פולשטענדיק גלייכע רעכט און פרייהייט, און דער עיקר אומבאַשרענקטע רעכט צו האַנדלען מיט אַלע מינים סחורות און צו פּראַקטיצירן אַלע מלאכות, זיינען דאָך די דאָזיקע פּריווילעגיעס אין דערפּראַקטיק באַלד בטול געוואָרן. אין פּאָטאָצקיס פּרי־ווילעגיע ווערט אויסגערעכנט למשל, אַז די אידן וועלן באַקומען פּלעצער אויף צו בויען זייערע הייזער, פאַר זייער באַקוועמלעכקייט און אין די הייזער זאָלן זיין מעגן האָבן אַפּטייקן קראָמען, וואו זיי זאָלן מעגן קויפן און פאַרקויפן און אויסאַרבעטן פאַר־

שידענערליי סחורות. אין דער פריווילעגיע זאָגט זיך בפירוש: „די דאָזיקע אידישע קהילה (פויליש: „טענזשע זבאָר זשידאָווסקי”), אַלס גלייכע מיט דער גאַנצער שטאָט אין אַלע רעכט און פריהייטן... וועלן אויך האָבן גלייכהייט מיט די קריסטן”.

אָבער נישט קוקנדיק אויף דער דאָזיקער פריווילעגיע, זיינען דערנאָך געקומען קאָנפליקטן קודם מיט די פוילישע און דערנאָך מיט די אַרמענישע מיעשטשאַנעס וועגן דעם אידישן האַנדלס־רעכט און מען האָט פאַרבאָטן די אידן צו האַנדלען מיט אַ גאַנצער ריי סחורות דירעקט פאַר די קונים. מען האָט אויך אויף די אידן אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן, און ווען די אַרמענער האָבן נישט קיין געלט אויסצוענדיקן דעם בוי פון זייער קירכע, לייגט אַ שפּעטערדיקער פּאָטאָצקי, דער גרויס־העטמאַן פון דער קרוין, יוזעף פּאָטאָצקי, אַרויף אויף די אידן אַ שטייער פון טויזנט פוילישע גילדן אַ יאָר פאַרן בוי־פאָנד פון דער קירכע. דאָס איז געווען אין יאָר 1748. פערצן יאָר האָבן די סטאַניסלאַווער אידן געמוזט צאָלן צו טויזט גילדן און צוויי האַלב־יערלעכע ראַטעס צו 500 גילדן, צום אַרמענישן פּראָבאָשטש אין סטאַניסלאַוו. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג פונעם פריץ צו די אידן, איז די פאָרם אין וועלכער דער העטמאַן גיט אַרויס זיין באַפעל, אַז די אידן זאָלן ביישטייערן צום בוי פון דער קירכע. אין דעם באַפעל רעדט דער העטמאַן וועגן דער אידישער קהילה, ווי וועגן זיין זאַך. „מיין אידישער קהל... וועט דאַרפן צאָלן אַזוי לאַנג ביז די קירכע וועט נישט פולשטענדיק פאַרענדיקט ווערן” — זאָגט העטמאַן פּאָטאָצקי אין זיין באַפעל.

דאָס זיינען געווען די גליקן אין אַ שטאָט, אין וועלכער מען האָט די אידן ספּעציעל איינגעלאַדן, זיי זאָלן זי קומען אויסבויען און אַרבעטן פאַר איר עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג דורך דער אַנטוויקלונג פון האַנדל און מלאכה. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט די אידן באַשרענקט אין זייערע האַנדלס־רעכט, מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט שווערערע שטייערן ווי אויף די קריסטלעכע מיעשטשאַנעס און צו אַלדעם גוטן האָט מען זיי געצוואונגען צו צאָלן דורך 14 יאָר אַ ספּעציעלע שטייער אויף צו בויען אַ קירכע. די איינציקע פאַרענטפערונג דערביי איז נאָר, וואָס אין אַנדערע לענדער איז אין יענע צייטן די לאַגע פון די אידן געווען אַ נאָך ערגערע. אין סטאַניסלאַוו ווי אין די אַנדערע שטעט אין דרום־גאַליציע האָבן אידן געמעגט וואוינען אומעטום, עס זיינען נישט געווען קיין געטאָס און קיינע גירושים.

דערביי איז כדאי צו געדענקען, אַז סטאַניסלאַוו איז געגרינדעט געוואָרן אַלס שטאָט אַרום 20 יאָר נאָך כמעלניצקים שחיטות, וועלכע האָבן אַזוי צעטרייסלט די אידישע קהילות אין פוילן, באַזונדערס אין רייסן.

די אידן האָבן באַלד ביי דער גרינדונג פון דער שטאָט, זיך דאָרט באַזעצט אין אַ גרעסערער צאָל. אין יאָר 1732, אַ 70 יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער שטאָט. באַטרעפט שוין די אידישע באַפעלקערונג דאָרט 1.740 נפשות אויף דער גאַנצער צאָל פון 3.321 נפשות. אין יאָר 1792 זיינען פון 5.448 איינוואוינער, 2.412 אידן. דאָס הייסט, אַז די אידן האָבן שוין דעמאָלט געבילדעט אַ רעלאַטיווע מאַיאָריטעט אין סטאַניסלאַוו, וואָרים די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון פּאָליאַקן, אַרמענער און רוטענער.

אָבער לויט איר קאָמערציעלער און קולטורעלער באַדייטונג האָט די נייע קהילה נאָך לאַנג נישט דערגרייכט צו דער מדרגה פון דער נאָענטער טיסמעניץ, וועלכע זי

האָט ערשט שפּעטער אַריבערגעיאָגט, אַזוי אַז טיסמעניץ איז געפֿאַלן צו דער מדרגה פון אַ קליין שטעטעלע. נאָך אין 18־טן יאָרהונדערט איז טיסמעניץ געווען אַ גרויסע קהילה, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט איר האַנדל און מיט אירע לומדים און געביל־דעטע מענטשן*), דער באַוואוסטער בער באָלעכאָווער, וועלכער האָט אין יאָר 1743 זיך באַזעצט אין טיסמעניץ, דערציילט אין זיינע זכרונות אַז „אין דער אידישער וועלט זיינען די טיסמעניצער סוחרים געווען מער מפורסם ווי די בראָדער סוחרים". און וועגן דעם קולטורעלן מצב פון די טיסמעניצער אידן לייענט מען ביי באָלעכאָווערן, אַז עס האָבן זיך דאָרט אין יענער צייט געפונען אַ סך געבילדעטע מענטשן. „איבערהויפּט — שרייבט בער — זיינען דאָרט געווען אַ סך אויסגעצייכנטע שרייבער אויף לשון קודש, דער גרעסטער צווישן זיי איז געווען אַ יונגערמאַן ר' יוסף דער זון פון קצין ר' יעקב קאַפּל ע"ה". ס'איז אויך אינטערעסאַנט, אַז דער באָלעכאָווער, וועלכער האָט אַזוי פיל אַרומגערייזט און וועלכער דערמאָנט אין זיינע זכרונות אַזוי פיל שטעט, דער־מאָנט נישט אַפילו איין מאָל די שטאָט סטאַניסלאַוו.

*) דאָ איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער באַוואוסטער געלערנטער און פּובליציסט דר. שמעון בערנפעלד איז געווען אַ יליד טיסמעניץ.



אייזיק ליבערמאַן

# בעלז

## (די שטאָט פון שטענדיקן געראַנגל צווישן קדושה און טומאה)



מיין געבורט-שטעטעלע, בעלז! אויך דו, ביסט געפאַלן אַ קרבן אויפן מזבח פון דער באַרבאַריש-משוגענער צייט; אויך דו, נויטיקסט זיך אין אַ שטיקל מצבה אויף דיין פרישן חורבן...

——:—:——

דאָס מזרח-גאַליצישע שטעטל בעלז — הגם נישט גרויס אין שטח — איז שטאַרק פּאָפּולער געווען אין דער אידיש-חסידישער וועלט צוליב דעם בעלזער רבינס הויף, די בעלזער רבישע דינאַסטיע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט ר' שלמהקע רוקח זצ"ל און איז איבערגעגאַנגען בירושה פון טאַטע צו זון, פון דור צו דור.

דער היינטיקער בעלזער רבי, ר' אהרן רוקח שליט"א האָט איבערגעלעבט די ביטערסטע גרוילטאַטן פון דער איצטיקער עפּאָכע, זיך ראַטעווענדיק נאָר בדרך נס דורך פאַרשידענע אומוועגן קיין ארץ-ישראל.

די בעלזער רבישע דינאַסטיע האָט געשאַפן אַ ספּעציפיש-בעלזער כּניאָקישן חסידיזם, אַן אייגנאַרטיקע — אַזוי צו זאָגן, מיטן אויסערלעכן און אינערלעכן פּרצוף — בעלזער „קדושה", וועלכע האָט באַדאַרפט ביישטיין דעם שטאַרקסטן שטראָם פון דער נייער צייט...

אין וואָס אייגנטלעך איז געליגן דער כוח פון בעלזער חסידות? אויף דעם קאָן מען געבן צוויי תשובות:

א) דער נישט-אָפּגעגאַרטער תוך; דער בעלזער בית-המדרש איז די גאַנצע פיר-און-צוואַנציק שעה פון מעת לעת געווען אָפן און אָנגעפּולט מיט אידן, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן מקדיש געווען לתורה ולמעשים טובים, אפילו נישט מסיח דעת זייענדיק אויף איין מינוט לדברי חול; טאָמער האָט איינער שוין יאָ עטוואָס געכאַפּט אַ דרעמל אין זיין היים, נאָך נישט דערשלאָפענע טעג און נעכט עוסק זייענדיק בש"ס און פוסקים שבבית המדרש, האָט שוין נחמן שמש מיט זיין אָנגעצונדענעם לאַמטערן אין איין

האַנט און דעם גראָבן שטעקן אין דער צווייטער, געזאָרגט דערפאַר, אַז דער ביטול־תורה זאָל לאַנג נישט אָנהאַלטן, אויסשרייענדיק מיט זיין וויינענדיקן ניגון: קומו נא, עמדו נא — שטייט־אויף לעבודת הבורא... אַי, פרנסה? איז דער תירוץ אָן גריב־לעניש און הקירות: ס'איז געווען! יאָ־געהאַנדלט, נישט־געהאַנדלט, יאָ פאַרדינט, נישט פאַרדינט — מ'האָט געלעבט...

ב) דער בעלזער רבי איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה פון עטלעכע הונדערט „יושבים", ווי אַ גענעראַל מיט זיין דערפאַרענער אַרמיי, אַ חוץ דעם איז אויך געווען אַ באַזונדער שטאַב מיט „מיניסטאָרן", יעדער מיט זיין באַזונדער פונקציע: אַהרן שיע, גבאי און סעקרעטאַר; ר' אנטשיל העמערלינג, „אויסערן־מי־ניסטער"; דוד קיילע מעכעלעס, פינאַנץ־ און קולטור־מיניסטער א. א. וו.

אויף אַזאַ אופן, ווען אויף אַ יום־טוב זיינען געקומען צום בעלזער עטלעכע טויזנט אידן פון דער פרעמד, איז אַלעס צוגעגאַנגען מער־ווייניקער כשורה, מיט אויסער־לעכן גלאַנץ, אויף וויפיל דאָס קאָן געמאָלט זיין ביי בעלזער כניאָקעס־חסידים... מען האָט גוט אַכטונג־געגעבן, אַז יעדער שטיקל „השוב" זאָל באַקומען „שיריים" און עס זאָל באַקע אויפגעגעסן ווערן אויפן אָרט. כ'געדענק נאָך גאַנץ גוט, ווען די מחנה האָט מיך געפּאַקט אַוועקוואַרפנדיק די שיריים אין אַ ווינקל פון דער „גרויסער שטוב" (אַזוי האָט זיך גערופן דער זאַל, וואו דער בעלזער האָט געפירט דעם טיש), ווייל כ'האָב זיך פשוט געמיאוסט דאָס צו עסן, דורכגייענדיג דורך אַזוי פיל פאַר־שוויצטע הענט ביז ס'האָט דערגרייכט צו מיר, האָבן זיי מיך געוואָלט שיעור נישט קורע כדג זיין, נאָר דורך אַ נס (ווייל איך בין געשטאַנען ביי דער טיר, פריי צו מאַכן אַ ויברה...) בין איך ניצול געוואָרן.

און — ווען דער ציוניסטישער געדאַנק, אין ברען פון זיין היסטאָרישער אַנט־וויקלונג, האָט אָנגעהויבן שלאָגן שטאַרקע וואָרצלען, האָט זיך דער זעלבער אָנגע־שלאָגן אין מזרח־גאַליציע בכלל און אין שטעטל בעלז בפרט, אויף גרויסע שוועריג־קייטן, ווייל דער ספּעציפיש בעלזער כניאָקישער הותם איז געלעגן אויף אַלעם — לרבות אַפילו דעם קוצו של יוד — און דער מהולל פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. הערצל ז"ל איז ביי זיי געקרוינט געוואָרן נישט אַנדערש ווי מיט'ן נאָמען: הערצאַלי משומד (אַ ביטערע איראָניע!).

אָבער דאָך האָט דער צייט־שטראָם איך דורכגעשלאָגן די בעלזער חסידישע פעס־טונג. פון יענער תקופה אָן איז במעט אין יעדער בעלזער הויז, אַזוי צו זאָגן, אַנטשטאַ־נען אַ מין שלאַכטפעלד צווישן „יצר טוב" און „יצר הרע", אָדער ווי די כניאָקעס האָבן דאָס גערופן: צווישן „קדושה" און „טומאה" — צווישן בעלזער ספּעציפישן חסידות און ציוניזם.

ווען מ'ווייסט וואָס ס'האָט געהייסן ביי די בעלזער כניאָקעס ציוניזם, אַז דאָס לעצטע האָט ביי זיי געהייסן: אַרויסגיין פון דעם אידישן תחום און אַריינטרעטן אין אַ פרעמדער וועלט; נאָך מער: אין אַ מין הפקר־וועלט, דעמאָלט קאָן מען שוין אויך פאַרשטיין דעם שטענדיקן געראַנגל צווישן טאַטע און זון אין דער גאַנצער שטאָט, ווייל פּאַקטיש איז געווען בבחינת „אין בית אשר אין שם מת", אין יעדן הויז איז לכל הפחות געווען איינער פון דער פאַמיליע, וואָס איז געוואָרן אָנגעשטעקט מיט דער „ציוניסטישער צרעת".

פיל עלטערן זיינען געזעסן שבעה נאָך זייערע קינדער, וואָס זיינען געוואָרן „ציוניסטן”. אין איין פאַל איז מען נאָך איינעם און דעמזעלבן געזעסן שבעה עטלעכע מאָל: דאָס איז געווען שלמה וואָלף רחל ריזשעס, וועלכער איז פון אַ „יושב” געוואָרן אַ ציוניסט, דערנאָך אויפגעשטאַנען תחית המתים, ווערנדיק אַ בעל-תשובה, אַזוי עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד . . .

עס איז אויסגעוואַקסן אַ שטענדיקע מחלוקה צווישן ציוניזם און חסידיזם, אָדער לויט דעם בעלזער כניאָקישן לשון, צווישן „קדושה” און „טומאה”, און אָפטמאָל האָט די „טומאה” געהאַט די אויבערהאַנט, אַריינדרינגנדיק אַפילו אין היכל פון קדשי-קדשים, אין בעלזער רבינס הויף אַליין, וואו דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס-אידעאַל

## גראָטעסקע קונסט-בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע

— 2 —



נישט געקוקט צי היינט איז וואַרים,
אָדער רעגנדיק און קאַלט,
שלעפּט דער בעלפער אויף די פּלייצעס
ס'קינד אין חדר מיט געוואַלד...

קינדער דאַרפן לערנען תורה,
יעדן טאָג און יעדע שעה,
לערנט קינדערלעך מיט חשק,
זאָגט-זשעט, קמץ אלף — אָ!...

האָט ביי דער יוגנט אָנגעשלאָגן טיפע וואָרצלען, אַז פיל חסידים האָבן שוין לעצטנס צווישן זיך געשושקעט: קומט מען צום בעלזער רבין, זאָל מען אַריינגיין מיט אַ קוויטל דורכן וועג, וואָס פירט גלייך צו זיין שטיבל און נישט קוקן אין די זייטן, ווייל מ׳קאָן חלילה נכשל ווערן...

„בעלזער כניאָקעס״! געגנער פון אַליין גיין קיין ציון, אָבער דאָך טייערע אידן! דורכגעדרונגענע מיטן משיח־אידעאַל... וואו זאָל איך היינט אייך זוכן?!...

יאָ, בעלז — די שטאָט פון גרעאַנגל צווישן „קדושה״ און „טומאה״, און ווי אַ ביטערע איראָניע פון גורל, האָט זיך דער בעלזער רבי, דער באַליבטער ר׳ אהרן רוקח שליט״א, געראַטעוועט קיין ציון, וואָס די הענט (געבענטשט זאָלן זיי זיין!) פון אַזעלכע „טמאים״ האָבן אויפגעבויט!...



# מײַנע יוגנט יאָרן אין בוטשאַטש

פון **יהודה מאָזנער**



איך זוך צווישן מײַנע אַלטע בריוו און פּאַטאָס, איך נישטער צווישן פּאַפּירן וואָס דערמאָנען מיך אַזוי פיל אָן מײַנע פאַרגאַנגענע יאָרן און טעג, אָבער איך געפין גאָר־נישט פון מײַן יוגנט־צײַט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט און איבערגע'חלומט אין מײַן היים און געבוירן־שטאָט — בוטשאַטש.

די צײַט פון וואָגלעגישן איבער לענדער, האָט צעריבן די פאַקטישע דאָקומענטאַציעס, נאָר אין מײַן זכרון זײַנען געבליבן אײַנגעקריצט די בילדער פון מײַן בוטשאַטש און מיט הייליקן ציטער גריבל איך זיך אין זיי און עס פאַר־שווינדט צײַט און דיסטאַנץ, איך בין ווידער אין בו־טשאַטש.

בוטשאַטש, אָדער ווי מען האָט די שטאָט גערופן אויף מאַמע־לשון — ביטשוטש — געפינט זיך צווישן טשאָרט־קאָוו און סטאַניסלאַוואָוו.

אין דער נידער פליסט דער סטריפּא־טײַך, נעבן טײַך, אין טאָל, געפינט זיך דער „רינג־פּלאַץ" און די הײַזער ציען זיך פון בײדע זײַטן ברעג אויף ארויף, צו די בערג, וואָס רינגלען אַרום די שטאָט.

אַ דרײַ־שטאָקיק הויז נעבן רינג־פּלאַץ, גלײַכט זיך אויס מיט דער הויך פון אַ נידעריקער כאַטע, וואָס שטייט בלויז מיט איין גאַס ווײַטער, וואָס געפינט זיך שוין אויפן באַרג.

יאָר נאָך יאָר הויבט זיך די שטאָט דורך ניי־געבויטע הײַזער העכער אויף די בערג, אָבער די שטאָט קומט נאָך אַלץ ווײַט נישט צו צום אַלטן שלאָס אויפן באַרג־שפּיץ, וועלכען מען רופט: — דער פוסטער שלאָס.

אוי, וויפיל שיינע און וויפיל טרויעריקע מעשות מען האָט זיך אַנגעהערט וועגן דעם פוסטן שלאָס!

אין די טיפע און ווײַטע טונעלן הינטערן שלאָס, האָט זיך אַמאָל דער קעניג סאָביעסקי באַהאַלטן מיט זײַנע סאָלדאַטן פאַר דעם איבערפאַל פון די טאַטערן און

ווען די טאַטערן זיינען אַריבער דעם באַרג, איז אויף זיי קעניג סאָביעסקי מיט זיינע סאָלדאַטן אָנגעפאַלן פון הינטן און אַלע טאַטערן פאַרטיליקט...

צו דעם פוסטן שלאָס האָבן זיך יעדן שבת געצויגן יונגע פאָרלעך אויף שפּאַציר, דאָרט זיינען אַלע ליבעס-חלומות אויסגע'חלומט געוואָרן און נישט איין פאָרל האָט דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין געהערט ווי פון דער טיפעניש פון די טונעלן, האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געוויין, דאָס האָט דאָס יונגע „פאַרלוירענע פאָרל" אַרויסגעוויינט פון זייער פינצטערן לעבעדיקן קבר אין די טונעלן, וואוהין זיי זיינען אַנטלאָפן פון זייערע בייזע טאַטע-מאַמע און זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין די טיפע קאָרידאָרן און מער נישט געפונען דעם וועג צוריק...

אין ביטשוטש האָבן געלעבט אין עושר און אין כבוד גרויסע לומדי-תורה, וואָס זיינען אויך געווען באַהאוונט אין וועלטלעכע ענינים און שוין אין 1880, האָט ביטשוטש פאַרמאָגט אַ פוילישע גימנאַזיע און איך געדענק, אַז אין יאָר 1906, זיינען די פינף הויפּט פּראָפעסאָרן פון דער גימנאַזיע געווען אידן. דאָס זיינען געווען די פּראָפעסאָרן פאלעק, ראָזען, ליליען, קאַליש און מערינגעל.

פון דער גימנאַזיע איז אַרויסגעקומען דער באַוואוסטער ציוניסטישער פירער צבי העלער.

ביטשוטש איז געווען אַ אידישע שטאָט. געווען דוכט זיך בלויז איין קריסטלעך געשעפט און אַביסל גוים, וואָס האָבן געדינט ביי אידן, און זיי האָבן ליב געהאט זייערע אידישע באלעבאטים.

געווען דאָרט אַ רייכער איד, ר' מרדכילע שפּילבערג, אַ גרויסער תלמיד-חכם, האָט ער אין דער גרויסער קלויז נעבן שיל, געלערנט אַ שיעור מיט אָרימע בחורים און בוטשאַטש האָט זיך געגרויסט מיט דער נישט-אָפיציעלער ישיבה, וואו ר' מרדכלע האָט געלערנט תורה לשמה.

ביטשוטש האָט שוין געוואוסט פון אַן ארבעטער-באַוועגונג, נאָך איידער זי האָט זיך אָפיציאַליזירט אין אַנדערע גרויסע שטעט אין גאַליציע.

די אידישע באַפעלקערונג אין ביטשוטש איז באַשטאַנען פון סוחרים, האַנטווער-קער און במלא פון אָנגעשטעלטע און געזעלן.

די סוחרים האָבן געפירט גרויסע עקספּאָרט-געשעפטן און אויך די האַנטווערקער האָבן געהאט גרויסע ווארשטאַטן מיט אַ סך אַרבעטער און אין ביטשוטש האָבן די באלעבאטים געמוזט פריילאָזן זייערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אַכט אַזייגער אָוונט, נאָך מיט עטלעכע יאָר פריער, איידער עס איז אַרויס דער אָפיציעלער געזעץ וועגן דער „אַכט-אור-שפּערע".

דער אָנפירער פון די אַרבעטער איז דעמאָלט געווען דער אין בוטשאַטש גע-בוירענער אַדוואָקאַט דר. אַנשל מאָזלער און ער האָט דורכגעפירט אַ רעגלאַמענט, אַז אַן אַרבעטער טאָר נישט וואוינען און באַקעסטיקן זיך ביי זיין אַרבעט-געבער, ווייל דאָס דערפירט צוריק צו דער עקספּלאָטאַציע פון אַמאָל, ווען אָנגעשטעלטע זיינען געווען לייב-אייגענע...

ביז צום אויסברוך פון דער פאָריקער מלחמה, זיינען אין ביטשוטש געווען טעטיק עטלעכע גרויסע אידישע באַנק-הייזער, ווי באַנקהויז פון ברידער קאָרנבליט, באַנק-הויז ביק, קרעדיט-באַנק פון פישל האָראָוויץ און באַנק-הויז פון מענדל פיאָל.

ר׳ מענדל פיאַל איז געווען אַן אָנגעזעענער תושב אין ביטשוטש. אַ חוץ זיין באַנק־געשעפט, וואָס האָט געהאַט גרויסן אָנזען און אַ זייער גוטן נאָמען, האָט ר׳ מענדל פיאַל נאָך געפירט גרויסע מסחרים מיט די מזרח־לענדער און צוליב אַ גרויסן שאָדן ביי זיין מסחר, האָט ר׳ מענדל געמוזט באַנקראָטירן און אויך זיין באַנק־הויז האָט געקראַכט.

די געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פּאַניק צווישן די אַלטע מיידלעך, כּלות און אלמנות, וואָס האָבן זייערע אָפּגעשפּאָרטע נדנים געהאַלטן ביי ר׳ מענדלען אין באַנק, אָבער באַלד האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז זייער שרעק איז געווען אומזיסט, ווייל ר׳ מענדל האָט זיי אַלעמען אויסגעצאָלט זייערע אָפּשפּאָרונגען ביז איין פּרוטה, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ בלוטיקן אָרימאַן.

ר׳ מענדלס קרעדיטאָרן פון ווין, פּראַג און ברין, האָבן פונדעסטוועגן אַנערקענט ר׳ מענדלס ערלעכקייט און פון רחמנות צו דעם געפאַלענעם ערנמאַן, האָבן זיי אים נאָך געשטיצט ער זאָל זיך קאָנען עפענען אַ קליין שפּייז־געוועלבל, פון וועלכן ר׳ מענדל האָט געצויגן אַ קאַרג און אָרים שטיקל ברויט ביז צו זיין פּטירה.

לעבנדיק אין עושר און אין כּבוד, האָבן די באַלעבאַטים פון ביטשוטש אויך געדענקט אָן די אָרימע פאַמיליעס פון זייערע געזעלן און אָנגעשטעלטע און שוין אין אָנהויב פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, האָט ביטשוטש פאַרמאָגט אַ אידישן שפּיטאָל און אַ מושב זקנים.

בוטשאַטש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ערלעכן האַנדל און די סוחרים און די האַנטווערקער זיינען קיינמאָל נישט געקומען אין קאָנפליקט מיט דעם אידישן פּאָליציי־מייסטער, פאַן בראָדטפעלד.

דער פאַן בראָדטפעלד איז געווען אַ פאַרגעשריטענער איד, אָבער מיט אַ אידיש האַרץ, ער האָט זיינע קינדער געלערנט אידיש און דאַוונען און מען האָט וועגן אים געזאָגט, אַז עס איז אַ נס וואָס מען פירט דאָ רעעלע געשעפטן, ווייל ווען נישט, וואָלט מען זיך ביי דעם אידישן פּאָליציי־פּרעפעקט נישט געקאָנט אויסקויפן מיט קיין שום כּאַבאַו . . .

ביטשוטש האָט אויך פאַרמאָגט אַ אידישן פּאָליציאַנט, מען האָט אים גערופן „שמעון דער פּאָליציאַנט".

דער שמעון איז געווען אַ בכבודער מענטש, ער האָט זיינע קינדער געלאָזט שטודירן און ער האָט נאָר אָנגעהאַלטן דעם פּאָליציי־פּאָסטן אַלס אויסהילף צו זיין פּרנסה פון קירזשנעריי. ווינטער האָט ער געאַרבעט ביי קירזשנעריי און זומער, ווען קיין אַרבעט איז נישט געווען, האָט ער זיך אָנגעטון דעם פּאָליציי־סקע מונדיר און אָפּגעהיט רו און אָרדענונג אויף די ירידים . . .

אויך דער בירגערמייסטער אין ביטשוטש איז געווען אַ איד.

בעריש שטערן, האָט געהייסן דער בירגערמייסטער. ער האָט געשטאַמט פון אַריסטאָקראַטיש־אידישן יחוס. אַליין איז ער בחור׳ווייז געווען אַ גרויסער מתמיד און עלוי, ער האָט בחור׳ווייז געטראָגן אַ סוּיבעלנעם קאָלפּאַק, אָבער שפּעטער האָט ער זיך אַריינגעלאָזן אין שטודירן, געוואָרן אַ משכּיל, דערנאָך אַן אפּיקורס און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז ער האָט ליב געהאַט דווקא אום שבת אַרויסצופאָרן אין זיין קאָלעס, פאַרבייפאָרן די שילן פונקט ווען מען גייט פון דאַוונען, און זאָלן אידן

זען ווי בערישל שטערן זיצט אין זיין קאַלעס מעשה־פריץ און רויכערט אַ ציגאַר אום שבת...

אידן האָבן דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש, אָבער זיי האָבן געהאָפט, אַז סוף כל סוף וועט בערישל חרטה האָבען אויף זיינע מעשים. אָבער ער האָט זיך נישט געענדערט צום בעסערן און ווען ער איז געוואָרן בירגערמייסטער פון שטאָט, האָט מען אלצאיינס געמוזט האָבן דרך־ארץ פאַר אים און אגב האָט ער זייער גוט גע־פירט די שטאָט און ער האָט אידן אַ סך טובות געטון און צו אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט די אידן אין בוטשאַטש איז ער ערשט געקומען, ווען עס זיינען געקומען די וואַלן צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט.

אַלס קאַנדידאַט צום ערשטן עסטרייכישן פּאַרלאַמענט אין יאָר 1908, האָבן די אידן אין בוטשאַטש אויסגעקליבן דעם דר. מתתיהו בירנבוים און דער בירגערמייס־טער בעריש שטערן איז געווען קעגן אים. דערנאָך האָט דער אידישער בירגערמייס־טער זיך דערנענטערט צו די פּוילישע פּאָליטיקער און טראָצדעם וואָס די אידן אין בוטשאַטש האָבן זיך געפילט אַ סך נענטער צו די אוקראַינער, האָט בעריש שטערן געווירקט און געקעמפט פאַר אַ פּוילישן זיג ביי די קומענדיקע וואַלן און ער האָט עס געבראַכט אַזוי ווייט, אַז די פּאָליאַקן האָבן אים ארויסגעשטעלט אַלס זייער קאַנ־דידאַט און אין 1911 איז בעריש שטערן אויסגעוויילט געוואָרן אַלס אָפּגעאָרדנטער צום עסטרייכישן פּאַרלאַמענט און כאָטש מיט אַ סך אידישע שטימען, איז ער אויסגע־וויילט געוואָרן אַלס פּאָליאַק און דאָס האָט שוין צום איבעריקן געשעדיקט זיין פּרעס־טיזש צווישן די אידן אין בוטשאַטש.



# היים, מיין אלטע היים

פון בוסאַנאַ מאַטאַס

„נייע וועלט", די אַלטע גאַס פון מיין קאָלאָמיי.

„נייע וועלט", אַלטע גאַס פון מיינע קינדער־יאָרן! ווי ווייט און ווי נאָנט זיינען מיינע דערינערונגען פאַר מיר; וויפיל איבערלעבונגען פון מיין קינדהייט, גליען נאָך אין מיין זכרון!...

נייע וועלט, די אידישע גאַס אין קאָלאָמיי, וואו אַלץ איז געווען אידיש און וואו עס האָט זיך זעלטען ווען געהערט אַן אַנדער שפּראַך, אויסער אונדזער מאַמע־לשון.

הייליק און טייער איז פאַר דער קאָלאָמייער אידישער יוגנט געווען דער שבתדי־קער טאָג.

איך בין בלויז צען יאָר אַלט געווען, ווען מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזער אַלטע היים און וואָס מער עס פאַרגייט אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און וואָס מער איך זע און לעב מיט דאָס היגע לעבן, אַלץ מער דערמאָנט זיך מיר און עס פרישט זיך אָפּ אין מיין זכרון, אונדזער אַלט־היימישער שבת.

וואָס פאַר אַ הייליקער ציטער האָט געריזלט אין מיינע יונגע, קינדישע בלוטן, בעת איך האָב אין אַ שבת נאָכמיטיק שפּאַצירט מיט מיינע חברטעס, קינדער אין מיין עלטער, לענג־אויס דעם שיינעם גרינעם פעלד „זארינעק", וואָס האָט געפירט גלייך צום טייך „פרוט". עס האָט אויסגעזען ווי גאָט אַליין וואָלט די געגנט ספּעציעל לכבוד שבת באַקליידט מיט אַזאַ שיינע פּאַנאָראַמע, און אויסגעשפּרייט איבער איר אַזוי פיל חן.

ווי וואונדערלעך שיין איז דאָרט געווען פאַרנאַכט, בין השמשות, ווען די זון האָט געהאַלטן אין פאַרגיין! יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די ברעגן פון פרוט און מען האָט געזונגען לידער און ווי גאָלדענע גלעקלעך האָבן אָפּגעקלונגען די קינ־דישע פריידיקע געלעכטערס.

אויך דער קאָלאָריט פון דעם פאַרשידנפאַרביקן וואָכן־לעבן אין קאָלאָמיי, האָט אין מיין זכרון איבערגעלאָזן טיפע שפּורן.

נאָך היינט זע איך אָפּט דעם יריד אין קאָלאָמיי, וואו עס ווערן צונויפגעמישט אין איין זידנדיקן שמעלץ־טאָפּ פאַרשידענע מענטשן, פון פאַרשידענע גלויבנס.

אָט זע איך די אידן, ווי זיי דרייען זיך ארום די וועגענער און ווי זיי שטעלן אויס די בוידן און פּאַקן־אויס זייערע סחורות און ווי עס קומען אָן אוקראַינער מיט די

זוייסע העמדער איבער די הויזן און די „הוצאלעס", מיט זייערע כאראקטעריסטישע לעדערנע יאקעס און מיט זייערע נאך מער כאראקטעריסטישע פייפעלעך, אויף וועלכע זיי האבן אויסגעפיפן אזעלכע שיינע ציטערדיקע מאטיוון...

אבער פון די אלע צונויפגעמישטע טיפן אויפן יריד, האט זיך פארט אויסגע־צייכנט דער אלט־אידישער טיפ, אין קאפאטע מיט בארד און פאות.

אנדערש איז זייער קליידונג, אנדערש איז זייער פירונג, ביי זיי ענדיקט זיך נישט דער יריד מיט שיכרות און מיט געשלעגן, נאר אין קלויז מיט א מנחה און א בלאט משניות און מיט מעשות וועגן מופתים פון רבין...

וואס פאר א וויטיק עס קלעמט דאס הארץ, ווען מען גיט א טראכט וואס פון מיין אלטער היים איז געווארן! קאלאמיי, וואס האט געלעבט און געאטעמט מיט אידישער שפראך, אידישן גייסט, ווי זעט היינט אוים מיין קאלאמיי? א טייך בלוט האט אפגעשווענקט אלעס, וואס איז געווען אידיש און אן דעם אידישן לעבן, וואס איז שוין געבליבן פון מיין קאלאמיי?...

און די איינציקע האפענונג, אין וועלכער איך זוך צו געפינען א טרייסט. איז די האפענונג, אז דאס פארגאסענע אידישע בלוט וועט נישט זיין אומזיסט, אז פון דעם פארגאסענעם בלוט וועט ארויסשפראצן א נייע אידיש לעבן, אין א פריי לאנד און אין א באפרייטער פרייער און שיינער וועלט, אין וועלכער עס וועלן מער נישט קאנען אויפשטיין אזעלכע מאסן־מערדער, וואס האבן זיך פארמאסטן זי אומצו־ברענגען!...



# מעשות פון בראָד

פון **יעקב מאַרגוליעס**

פון רעדאַקציע:

יעקב מאַרגוליעס געפינט זיך שוין זייט יאָרן צוזאַמען מיט זיינע קינדער אין בוענאָס איירעס, אָבער ער האָט קאָנסערווירט אין זיך די גאַנצע פרומקייט פון זיין אַלטער היים־שטאָט בראָד, און מיט באַגייסטערונג האָט ער אונדז אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן דערציילט נסים און מעשהלעך פון אידישן לעבנס־שטייגער אין בראָד; מעשהלעך, וואָס כאַראַקטעריזירן און זיי זיינען אידענטיש מיט דעם אידישן לעבנס־שטייגער אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פון גאַליציע, און מיר גיבן דאָ ווייטער איבער עטלעכע פון די מעשהלעך אַזוי ווי אונדזער אָרטאָדאָקסישער לאַנדסמאַן האָט זיי דערציילט פאַרן „פנקס גאַליציע". — (די רעד.)

— א —

## דער בראָדער מגיד ר׳ שלמה קליגער

עס וועט שוין זיין אַ הונדערט יאָר און אפשר נאָך מער, זייט עס האָט אין בראָד געלעבט און אָנגעפירט מיט דעם אידישן לעבן דער מגיד ר׳ שלמה קליגער ז״ל.

די פרומקייט און צדקות פון ר׳ שלמה מגיד, איז געווען אין לשער און פונקט אַזוי פרום ווי ער איז געווען, אַזוי שטרענג האָט ער געפאָדערט די פרומקייט אויך פון אַנדערע און ער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז די אידן אין בראָד, זאָלן חלילה נישט עובר זיין אויף אַ חוט־השער פון דעם, וואָס די תורה האָט אונדז געהייסן און וואָס די הייליקע ספרים האָבן אונדז שפּעטער פאָרגעשריבן.

ווען עס האָבן פון דייטשלאַנד אָנגעהויבן בלאָזן השכלה־ווינטן, האָט ר׳ שלמה אַכטונג געגעבן, אַז קיין שטויבעלע פון דער השכלה זאָל זיך חלילה נישט אַריינבאַקומען קיין בראָד און אַפילו טעכנישע פאָרשריטן פון דער מערב־ציוויליזאַציע, האָט ער געהאלטן פאַר טריף פאַרן אידישן לעבן, האַלטנדיק, אַז מען דאַרף אָפּהיטן דעם „צאי לך בעקבי הצאן" און גיין אויף די דרכים וואָס אונדזערע אבות־אבותינו האָבן אויסגעטרעטן.

און שטרענג איז געווען ר׳ שלמה. אַ שטרענגן קוק געהאט און כאָטש ער האָט מיט אַ זיסן קול, וואָס האָט געקלונגען ווי מוזיק געלערנט מיט די בראָדער אידן

תורה און געזאָגט זיינע דרשות, איז אָבער זיין קול געוואָרן שטרענג און באַפעלע־ריש, ווען ער האָט באַדאַרפט פאַרהיטן פון אַריבערטרעטן אַ גדר, וואָס די הייליקע ספרים האָבן אָנגעצייכנט.

ווען די אידן פון דייטשלאַנד האָבן דערפונדן אַ מאַשין וואָס וועלגערט מצות און זיי האָבן געוואָלט די מאַשין פאַרשפרייטן איבער גאַליצישע שטעט, דעמאָלט האָט ר' שלמה אַ געשריי געמאַן — ניין! אין בראָד נישט! — האָט שוין קיין זאַך נישט געהאָלפן, האָבן לעמבערגער און קראָקעווער אידן געמעגט עסן די מאַשין־מצות און רבנים האָבן געמעגט כשרן די מאַשין־מצות, אָבער אין בראָד האָט מען ווייטער, ווי אַלעמאָל, געוועלגערט די מצות מיט אייגענע אָפגעהיטענע אידישע הענט, אַזוי ווי אונדזערע אבות־אבותינו האָבן זיך געפירט און נישט נאָר ר' שלמהס קענגנער פון מיט הונדערט יאָר צוריק האָבן גאָרנישט אויסגעפירט, נאָר אַפילו מיט הונדערט יאָר שפּעטער, אין מיין צייט שוין, ביז מיין פאַרלאָזן בראָד, האָט נאָך אַלץ אָפגעקלונגען ר' שלמהס ניין, און מען האָט נאָך אַלץ די מצות געוועלגערט אויפן אַלטמאָדישן אופן.

נאָך אַ נייעס האָבן די אַמאָליקע עטלעכע משכילים אין בראָד געוואָלט איינ־פירן זיי האָבן געוואָלט דורכפירן די לויות אויף אַ מאָדערנעם אופן, נישט מען זאָל טראָגן די מטה מיטן מת, נאָר מען זאָל אים פירן אויף אַ לייכן־וואָגן, אַ „קאַטשעפּון" און אַזוי ווי די משכילים האָבן געוואוסט, אַז דאָס וועט ר' שלמה נישט דערלאָזן, האָבן זיי געפּועלט ביי די עסטרייכישע רעגירונגס־באַהערדן, אַז עס זאָל קומען דער באַפעל פון „אויבן" און פלוצלינג באַקומט די בראָדער קהילה־קדושה אַ רעגירונגס־באַפעל, אַז פון היינט אָן מוז מען די מתים צום בית־עולם פירן אויף אַ וואָגן, וועלכן מען האָט גלייכצייטיק צוגעשטעלט.

זיינען די ראשי־הקהילה געקומען צו ר' שלמהן און דערציילט וועגן דער טרויע־ריקער נייעס און ר' שלמה האָט דערויף געענטפערט: — מילא, וועלן אידן נישט שטאַרבן...

און עס זיינען טאַקע אַריבער מער ווי פיר וואָכן און קיין שום איד איז אין בראָד נישט געשטאָרבן און די „קאַטשעפּון" איז געשטאַנען ווי אַן איבעריקע זאַך און די פערד האָבן זיך אומזיסט געפּאַשעט...

האָט זיך אָבער בראָד, ווייזט אויס, מיט עפּעס פאַרזינדיקט און נאָך זעקס וואָכן איז פּאַרט איין איד געשטאָרבן, האָט דער רבי ר' שלמה גערופן צו זיך דעם זון פון נפטר און אים שטרענג אָנגעזאָגט: — זע, דו זאָלסט מיט דיין טאַטנס גוף נישט באַנייען דעם וואָגן! זאָגט דער זון: — איך האָב דאָך מורא, מען מוז דאָך אויס־פירן דאָס געזעץ! זאָגט אים דער רבי: — דאָס איז נישט אידיש און איך פאַר־זיכער דיר, אַז דו וועסט מיך פאָלגן, וועסטו דערפאַר אַליין האָבן עולם־הבא...

און ר' שלמה האָט אים אָנגעשריבן אַ פאַרזיכערונג אויף עולם־הבא און גע־חתמעט און אָנגעזאָגט, אַז ווען ער וועט אַמאָל שטאַרבן, זאָל מען אים דאָס קוויטל אַריינגעבן אין קבר און ער וועט גלייך אַריין אין גן־עדן...

דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער, און האַבנדיק דאָס עולם־הבא־קוויטל אין האַנט, איז ער אַהיימגעלאָפן און זיך געשטעלט ביי דער טיר מיט אַ האַק אין דער האַנט און ווען דער וואָגן איז געקומען דורכפירן די לויה, האָט דער זון געסטראַשעט, אַז

ער וועט מיט דער האַק ממיתן יעדן איינעם, וואָס וועט וואַגן אַריינצוקומען נעמען דעם פאָטערס קערפּער.

און קיינער האָט טאַקע נישט געוואַגט און די לויה איז דורכגעפירט געוואָרן אויפן אַלטן אידישן שטייגער.

## אַ פּראָצעס וועגן די לויות

צומאָרגנס נאָך דער לויה, האָט ר׳ שלמה גלאָזט רופן צו זיך די שטאַרקע פון שטאָט, די טרעגער־יונגען און קצבים־יונגען און ער האָט זיי געהייסן, זיי זאָלן גיין צוברעכן דעם „קאָטשעפּון״ (לייכן־וואָגן).

זיינען די יונגען אַוועק און זיך אויף כּח אַריינגעריסן אין הויף פון שפּיטאָל, וואו דער וואָגן איז געשטאַנען. עס איז געקומען צו אַ גרויס געשלעג, ממש צו בלוט־פאַרגיסונג, עס האָט געמוזט אָנקומען פּאָליציי און מען האָט אויך געמוזט אַרויס־רופן מיליטער פון זלאָטשאָוו, אָבער דאָס מיליטער איז שוין געקומען צו־שפּעט, ווייל די יונגען האָבן שוין געהאַט באַוויזן צו צוברעכן דעם וואָגן אויף פּיץ־פּיצלעך און דאָס מיליטער האָט נאָך געהאַט גענוג אַרבעט צו באַהערשן די לאַגע און צוריק־שטעלן די אָרדענונג.

די געשעעניש איז שוין באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אָפענער רעוואָלט קעגן דער מלוכה און דער ענין איז אָנגעקומען ביז צום קאַיזער קיין ווין, און די מלוכה האָט באַלד אַריינגעשיקט קיין בראָד אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, אָבער מען ווייסט נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, די פּאָליציי־פּראָטאָקאָלן וועגן דעם גאַנצן ענין זיינען ער־גיץ־וואו פאַרשוואונדן און די קאָמיסיע האָט נישט געקאַנט דערגיין קיין טאָלק וואָס אַזוינס עס איז פאָרגעקומען.

די ווינער באַהערדן האָבן אָבער נישט געלאָזט פאַרטושן דעם ענין, און דעם קאַיזערס פעטער, פירשט מעצענסדאָרף, איז געקומען פון ווין קיין בראָד, כּדי אַליין אויסצופאָרשן די גאַנצע זאַך און דעמאָלט האָט זיך פּלוצלינג געיאַוועט אַ יונג, וואָס האָט געוואָלט עדות־זאָגן וועגן דער גאַנצער געשעעניש און ער האָט מיט עזות זיך געשטעלט קעגן ר׳ שלמהן.

און דעמאָלט איז עס געשען פאַר די אויגן פון גאַנץ קהל: — ר׳ שלמה האָט בלויז אויף דעם יונג איין קוק געגעבן, איין קוק מיט זיין שאַרפן בליק און מען האָט געזען באַשיינפּערלעך ווי דעם יונגס פּנים ענדערט זיך און ווי דער עזותדיקער פינקל־דיקער בליק זיינער ווערט ווי אויסגעלאָשן און פאַר דער עדה איז געבליבן שטיין אַ יונג אַ גולם, וואָס האָט בלויז נאַרישעוואַטע געשמייכלט און נישט געקאַנט מער אַ וואָרט אַרויסריידן...

דער פירשט מעצענסדאָרף האָט דערווייל איינגעאָרדנט אַ טריבונאַל, אָבער איי־דער דער פירשט האָט די קהילה גערופן צום משפּט, האָט ר׳ שלמה געהייסן מען זאָל אין זיין נאָמען רופן דעם פירשט אין שול אַריין אויף דריי אַזייגער.

און וואונדער איבער וואונדער; דער פירשט מיט זיין סוויטע זיינען געקומען אין דער פּונקטלעכער צייט און מען האָט אים אַרויפגעפירט אויף דעם הויכן באַלעמער, די גרויסע בראָדער שול איז געווען פול געפּאַקט און דער גרויסער עולם איז

געשטאַנען און געציטערט אין אָנבליק פון קאַיזערס לייבלעכן פעטער און, וואונדער איבער וואונדער! ווען ר׳ שלמה איז אַרויפגעקומען אויפן באַלעמער, האָט זיך דער פירשט געגרוסט צו אים מיט אַ וואַרימען שמייכל און ער האָט צו אים געזאָגט אויף אַ הויכן קול:

— איר זייט דאָ דער איטאָריטעט אין די רעליגיעזע ענינים און איך וויל איר זאָלט מיר דערקלערן אויפריכטיק פאַרוואָס איר ווילט נישט, אַז מען זאָל זיך ביי אייך באַנוצן מיט אַ לייכן־צוג, צי איז פאַראַן דערויף אַ ספּעציעלער ריטועלער פאַרבאָט.

און ר׳ שלמה האָט נישט לאַנג געטראַכט און געענטפערט:

— זיין מאַיעסטעט וועט פאַרציייען; ביי אידן איז וויכטיק נישט בלויז דער בפירושער דין, נאָר אַ מנהג איז פּונקט אַזוי וויכטיק און אויב זיין מאַיעסטעט איז באַקאַנט אין די הייליקע שריפטן פון דער ביבל, ווייסט ער זיכער, אַז יוסף הצדיק, איז געווען אין מצרים אַ רייכער מאַן און ער וואָלט געוועזן געקאַנט קויפן אַפילו אַ גאָלדענעם וואָגן, אויף אַריבערצופירן זיין פאָטערס, יעקב אבינוס, ביינער קיין ארץ ישראל, פונדעסטוועגן שטייט בפירוש, אַז יעקב אבינו האָט פאַרלאַנגט, אַז די קינדער זאָלן זיינע ביינער אריבערטראָגן אין צוגעזאָגטן לאַנד... און מיר זיינען דאָך יעקבס קינדער, דאַרפן מיר זיך פירן אַזוי ווי ער האָט זיך געפירט...

און אַזוי איז עס געשען, אַז דעם קאַיזערס פעטער, פירשט מעצענסדאָרף, האָט בטל געמאַכט דעם גאַנצן פּראָצעס און אידישע מתים האָט מען נישט איבערגעענטפערט צו פערד, אַז זיי זאָלן אריבערפירן די ביינער צו דער אייביקער רו, נאָר מען האָט אין בראָד אַלע ווייטערדיקע יאָרן צוגעטיילט כבוד־המת און נושאי־המיטה האָבן אונטערגעשטעלט זייערע אַקסל און געטראָגן די רעשטן פון פאַרשטאָרבענע אידן אויפן וועג צום עולם האמת...

— ב —

## דער כח פון גלויבן

אַקעגן דעם וואָס איר זאָגט — דער כח פון גלויבן! אַמאָל האָט מען געגלויבט און פון דעם גלויבן איז חלילה קיין שלעכטס נישט אַרויסגעקומען.

אַלס ראיה קאַנט איר נעמען מיין אייגענע מאַמע ע״ה. געווען אַ כשרע גאָטס־פאַרכטיקע אידענע. צו 37 יאָר איז זי געבעך געבליבן אַן אלמנה מיט זיבן קליינע קינדער.

האָט די מאַמע געהאַט רייכע שוואָגערס, האָבן זיי צו איר געזאָגט: — ביילע־חיה, צעטייל דיינע קינדערלעך צווישן אונדז, וועלן מיר זיי אַריינגעמען און דערציען און עס וועט זיי ביי אונדז גאָרנישט פעלן.

האָט זיך די מאַמע צעוויינט און געזאָגט, אַז אויב גאָט האָט זי געשטראָפט און צוגענומען ביי איר דעם מאַן, וועט ער דאָך אויף איר רחמנות האָבן, אַז זי זאָל קאָנען שפּייזן אירע יתומימלעך, וויל זי זיי נישט אוועקגעבן ווי עפּעס איבעריקע חפצים אין אַ שטוב און זי וויל האָרעווען און זיי מפרנס זיין.

און אַזוי האָט זי טאַקע געטון. שווער און ביטער האָט זי געהאָרעוועט און זי האָט אונדז מיט אירע אייגענע כחות דערצויגן און ווען זי איז שוין געווען 64 יאָר אַלט, איז זי פּלוצלינג פאַרשלאַפט געוואָרן און די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז זי איז אויס. עטלעכע וואָכן איז זי אַזוי קראַנק געווען און יעדן טאָג האָט מען גע־מיינט. אַז שוין, שוין, אָבער די מאַמע האָט אונדז געטרייסט, אַז גאָט וועט איר העלפן.

און איינמאָל, די מאַמע איז שוין געהאט געליגן אַ גאַנצן מעת-לעת ווי טויט און דער דאָקטער האָט אונדז געזאָגט, אַז ער גלויבט נישט זי זאָל דערציִען ביז

---

## גראָטעסקע קונסט-בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע

— 3 —



אָט איז שלמהלע שוין גרעסער,
שעפּט דער טאַטע נחת היינט;
און די מאַמע — איבערגליקלעך,
דוכט זיך, אַז פון פרייד זי וויינט...
חומש־סעודה ווערט געפּראַוועט,
שלמהלע אַ דרשה האַלט,
כיבוד שטייט שוין צוגעגרייט און
קינדערלעך, באַלד טײַלט מען, באַלד...
ראָזשינקעס מיט מאַנדעלעך...
עס הויבט פון פרייד זיך דאָס געמיט:
— אַך, גאָטעניו, ווי וואויל און גוט עס
איז צו זיין אַ פרומער איד!...

אינדערפרי, דעמאָלט זיינען מיר, קינדער, געשטאַנען ארום איר בעט און יעדע רגע געמיינט, אַז אָט־אָט און זי האַלט ביי יציאת־נשמה, און פּלוצלינג זעען מיר ווי אַ שמייכל קרייזלט זיך אויף איר כמעט שוין טויטן פּנים און איר רעכטע האַנט, וואָס איז פריער געלעגן ווי טויט, נעמט עפּעס זוכן און מיר האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און געפרעגט: — מאַמעניו, ווילסט עפּעס? — און די כמעט שוין טויטע מאַמע האָט זיך פּלוצלינג אויפגעזעצט און אויסגערופן: — גיט מיר אַביסל וואַסער פון קוליטים ברונעם!...

עס איז געווען אַ פּראַסטיקע ווינטער־נאַכט און קוליטים ברונעם האָט זיך געפונען אין אַ דאָרף אַ היפּשן וועג אויסער בראָד, ווי גייט מען עס אין אַזאַ פּראָסטיקער נאַכט אָפּשעפּן וואַסער פון קוליטים ברונעם?

האָבן מיר צוגעטראַכט, אַז אַלצאיינס איז דאָך נישטאָ וואָס צו פאַרלירן, האָט מען אַריינגעבראַכט אַ שעפּ וואַסער פון אַן אַנדער ברונעם, אָבער ווי נאָר מען האָט עס דער מאַמען דערלאַנגט צום מויל, האָט זי די שעפּ אָפּגעשטופּט און נאָכאַמאָל אויסגערופן: — איך וויל וואַסער פון קוליטים ברונעם!...

זיינען מיר ציטערדיקע געבליבן שטיין אַרום בעט און מען האָט שוין געמוזט איבערוואַרטן די לאַנגע ווינטער־נאַכט און פרי פאַרטאָג איז איינער פון אונדז געפאָרן רייטנדיק אין דאָרף צו קוליטים ברונעם און אָט איז ער צוריקגעקומען מיט אַ קרוג וואַסער.

די מאַמע איז די גאַנצע צייט געלעגן ווי טויט און מיר האָבן מורא געהאַט, אַז מיר האָבן געבראַכט דאָס וואַסער צו־שפּעט; אָבער ווי נאָר מיר האָבן איר צוגעטראָגן די שעפּ וואַסער צום מויל, האָט זי אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און זשעדנע אַראָפּגעטרונקען אפשר אַ האַלבע שעפּ וואַסער און, גלויבט עס, אָדער גלויבט עס נישט, מיר זיינען געשטאַנען דערביי און צוגעקוקט ווי איר פּנים באַקומט פּאַמעלעך צוריק די לעבעדיקע פאַרב און, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — בלויז איין וואָך שפּעטער, איז זי ארומגעגאַנגען געזונט ווי אַלעמאָל און ביי אירע 64 יאָר, האָט זי זיך צוריקגענומען צו אירע געוויינלעכע אַרבעטן און ווייסט איר ווי לאַנג זי האָט נאָך דערנאָך געלעבט? — גאַנצע דרייסיק יאָר!!...

מיין כשרע מאַמע האָט אויסגעהויכט איר לעבנס־אָטעם, ווען זי איז שוין געווען פיר־און־ניינציק יאָר אַלט!...

— ג —

## טאַטעס און קינדער

בראָד האָט פאַרמאָגט גרויסע ערלעכע און פרומע אידישע טאַטעס, אָבער די זין זיינען נישט געגאַנגען אין זייערע וועגן און וואָס איז געוואָרן דערפון?...

נעמט אַזאַ אידן ווי אונדזער ר' וועלוועלע וואַקס; ער איז געווען אַ רייכער גוטבאַזיצער און געהאַט זיינע גיטער נישט ווייט פון בראָד און געלעבט האָט ער אין עושר און אין כבוד ביז פינף און אַכציק יאָר, אָבער ווייסט איר כאָטש ווי אַזוי ער האָט געלעבט? הערט, איר מעגט עס וויסן:

ר׳ וועלוועלע וואַקס האָט זיך אין זיין היים נוהג געווען, אַז ווען עס איז צו אים געקומען אַ איד, אַן אָרימאַן, האָט ער נישט אַוועקגעלאָזן, נאָר אים קודם געהאַלטן אַ גאַנצן חודש און אים געגעבן גוט צו עסן און צו טרינקען און אַ גוט געלעגער און עסן האָבן די אָרימעלייט געמוזט צוזאַמען מיט אים, ביי זיין טיש, פון דעם שענסטן און בעסטען, וואָס מען האָט אים אַליין געגעבן און נאָכן חודש, האָט ר׳ וועלוועלע געהייסן שפּאַנען איינע פון זיינע פורן, אַרויפגעזעצט דעם איינעם אָדער עטלעכע אָרימעלייט און זיי מיטגעגעבן אויף דער פור אַרויף שפּייז-אַרטיקלען פון כל-טוב און ביים געזעגענען זיך מיט די אורחים, האָט ער יעדן פון זיי ערשט געגעבן די אמתע געלט-נדבה.

איינמאָל, האָט זיך אַ פרעמדער איד געדונגען מיט ר׳ וועלוועלען, ס׳טייטש, האָט ער געטהנהט, צוליב אַזאַ קליינער נדבה האָב איך דאָ באַדאַרפט זיצן גאַנצע פיר וואָכן און עסן ביי אייער טיש ?...

איז ר׳ וועלוועלע חלילה נישט ברוגז געוואָרן אויף דעם אידן, נאָר געפרעגט ביי אים: — וויפיל דען דאַרפט איר האָבן? אדרבא, זאָגט, איך וועל דאָך אייך הלילה נישט קיין עולה טון...

זאָגט דער אָרימאַן: — וויבאַלד איר האָט מיך דאָ געהאַלטן גאַנצע פיר וואָכן, דאַרפט איר מיר געבן די שליסל פון אייער קאַסע און זאָגן: — נעמט אייך אַליין, וויפיל איר האָט נויטיק.

נו, וואָס מיינט איר? איר מיינט דאָך אוודאי, אַז ר׳ וועלוועלע האָט גענומען דעם חוצפהניק און אַרויסגעוואָרפן? טאָ זאָג איך אייך, איהר האָט אַ טעות! — ר׳ וועלוועלע האָט אַ קוק געטון אויף דעם אידן, נישט געזאָגט קיין וואָרט, אַרויס־גענומען פון קעשענע די שליסל פון קאַסע און זיי דערלאַנגט דעם אידן...

דער איד האָט גענומען די שליסל, אַריין אין דער צווייטער שטוב, וואו די קאַסע איז געשטאַנען און ר׳ וועלוועלע האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן ביז ער וועט צוריקקומען.

געוואוסט האָט יעדער, אַז אין ר׳ וועלוועלע וואַקס קאַסע, ליגט אַלעמאָל, ווינ־ציקסטנס אַ מאה אלף רייניש אין גילדענע און זילבערנע מטבעות און די אַלע, וואָס זיינען גראַד געווען אין שטוב, זיינען געזעסן אין איין ציטערניש, ווער ווייסט וויפיל דער קבצניוק וועט זיך דאָרט ארויסנעמען פון קאַסע, אָבער ר׳ וועלוועלע איז געזעסן ווי קיינמאָל גאָרנישט און ווען דער איד איז צוריק אַריינגעקומען און צוריקגעגעבן די שליסל, האָט ר׳ וועלוועלע אים אַפילו נישט געפרעגט וויפיל ער האָט אַרויסגע־נומען, נאָר געזעגנט זיך מיט אים מיט אַ ברכה און דער איד איז אַוועקגעפאָרן.

אַ צייט לאַנג האָבן די אידן, וואָס האָבן צוגעזען די מעשה, ממש נישט געקאַנט תופס זיין אַזאַ מין התנהגות, אָבער ווען ר׳ וועלוועלע האָט דערנאָך אָנגעהויבן טיילן נאָך מער צדקה, האָט מען אָנגעהויבן ריידן, אַז נישט אַנדערש, נאָר דער חוצפהדי־קער איד איז גאָר געווען אליהו הנביא און דאָס האָט ער נאָר ר׳ וועלוועלען געבראַכט צו דעם גרויסען נסיון און ווייל ר׳ וועלוועלע איז דעם נסיון בייגעשטאַנען, האָט אליהו הנביא נישט אַרויסגענומען, נאָר אַריינגעלייגט אין ר׳ וועלוועלעס קאַסע אַ גרויסן אוצר און ר׳ וועלוועלע איז נאָך רייכער געוואָרן...

אַזוי האָט ר׳ וועלוועלע געלעבט און געפירט זיך ביז אין זיין טיפער עלטער, ווען ער האָט זיך אַריבערגעקליבן וואוינען אין בראָד. ר׳ וועלוועלע האָט געהאט דריי זין, אָבער די זין זיינען נישט געגאַנגען אין די וועגן פון זייער גרויסן טאַטן און וואָס? ר׳ וועלוועלע האָט דערלעבט ביז 85 יאָר און נאָך זיין טויט האָבן זיינע זין געפירט אַן אַנדער מין לעבן, זיי וואָלטן שוין נישט געגעבן די שליסל פון דער קאַסע, נאָר זיי האָבן שוין קיין נדבה אויך נישט געגעבן, נו, איז וואָס, מיינט איר אפשר, אַז זיי זיינען דערפון רייכער געוואָרן? חלילה! עס הויבט זיך נישט אָן! זיי האָבן פּאַמעלעך געמוזט פאַרקויפן איין גוט נאָכן אַנדערן און אויס אידישקייט און אויס פאַרמעגן! . . .

— ד —

## דער באַנקיר בלאָך אין בראָד

ווער האָט נישט געקענט דעם אייגנטימער פון ערשטן בראָדער באַנק און קאַנטור?

די באַנק האָט געגרינדעט בלאָכס שווער, י. ה. טשאַטשקעס און אַזוי ווי בלאָך, דעם פּראַגער רבס זון איז געוואָרן זיין איידעם, האָט ער אים איבערגעגעבן די פירונג פון באַנק און אונטער דער ממשלה פון פּראַגער רבס זון, איז די באַנק ערשט גע־וואקסן און געוואַקסן און בארימט געוואָרן איבער דער גאַנצער געגנט.

און ווי האָט זיך געפירט דער אַלטער באַנקיר בלאָך? הערט, עס איז כדאַי צו הערן: ביי באַלעבאַטים, וואָס האָבן געוואָלט קרעדיטן, האָט ער געפאָרשט און הוקר־ודורש געווען אויף וויפיל מען מעג יענעם געטרויען, נאָר פאַר אָרימע קרע־מערס, האָט ער אָן שום טענות ומענות ארויסגעגעבן הלוואות און מערסטנס אפילו אָן „איסקע" (פּראָצענט).

אַזוי האָט זיך געפירט דער אַלטער בלאָך און אַזוי איז ער געוואָרן רייכער און רייכער און מענטשן האָבן אים געבענטשט און ער האָט זוכה געווען צו אַ לאַנג לעבן און ווען ער איז נפטר געוואָרן, האָט גאַנץ בראָד באַוויינט זיין טויט.

און וואָס איז געוואָרן פון דעם גרויסן באַנק נאָך זיין טויט?

זיינע זין האָבן געמאַכט געשעפטן נאָר מיט „זיכערע" פירמעס און זיי האָבן געציטערט פאַרן גראָשן און פונדעסטוועגן זיינען די געשעפטן געפאַלן און געפאַלן און עס איז פון זיי אַוועק אי דער עושר, אי דער כבוד, און וואָס?...

אָט אַזוי איז גוט געווען אין בראָד, ווען מען האָט געגלויבט, ווען מען איז גע־גאַנגען אויפן וועג פון יושר און רחמנות און הלוואי וואָלטן די קינדער געווען גע־גאַנגען אויף דיזעלבע וועגן, וואָלט די וועלט היינט אַנדערש אויסגעזען! . . .



# אַן אומגליקלעכער פּאָרפּאַל בעת כל נדרי

פון **יעקב מייזעלעס**

כאָטש איך בין דעמאָלט קוים זעקס יאָר אַלט געווען, אָבער אַזעלכע געשעענישן פאַרגעסן זיך נישט און איך געדענק עס, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען.

דאָס איז געווען אום ערב יום־כיפור, בעת כל־נדרי פון יאָר 1913, איין יאָר פאַר דער ערשטער גרויסער וועלט־מלחמה.

קיין שיל איז ביי אונדז אין כאָליוב נישט געווען, נאָר אַ בית־המדרש. אויבן פאַר ווייבער און אונטן, צוגעבויט ביי דער זייט אַ קליין בית־המדרשל, אַ מין חדר־שני, פאַר די פּראָסטאַקעס, אָדער פאַרן פאָלק, אַזוי צו זאָגן...

צו דער ווייבער־שיל האָבן אַרויפגעפירט צוויי מינים טרעפּ. איינערליי טרעפּ, גענוג ברייטע, זיינען געווען פון פראָנט־אַריינגאַנג, וואו דאָס טויער האָט זיך פאַרמאַכט פון אינעווייניק און די צווייטע טרעפּ האָבן געפירט פון חדר־שני, אָדער פון קליינעם בית־המדרשל. דאָס זיינען געווען שמאָלע טרעפּלעך געדרייטע און אנגב, כדי די מענער פון פּראָסטן בית־המדרשל זאָלן נישט נכשל ווערן מיט קוקן אויף אַן אשה און נאָך דערצו אין דער צייט פון ימים נוראים, האָט מען די טיר פון חדר־שני צו דער ווייבער־שיל אינגאַנצן פאַרהאַקט און פאַרשלאָגן מיט פירצאָליקע טשוועקעס און די מאָראַל פון די פּראָסטע חדר־שני־אידן איז געווען געזיכערט.

ווי עס ווייזט אויס, האָט דעמאָלט געמוזט זיין אַ שלעכט יאָר פאַר די גבאים פון בית־המדרש, ווייל אַפילו דאָס קליינע לעמפּל אויף די טרעפּ פון דער ווייבער־שיל צום פראָנט אַרויסגאַנג, האָט נישט געסטייעט קיין נאַפט דערפאַר און אויף די טרעפּ האָט געהערשט אַ חושך־מצרים.

אָבער דאַוונען, דאַוונט מען. גאָט בעטן, בעט מען.

איך בין געשטאַנען מיט מיין טאַטן נעבן עמוד פון קליינעם בית־המדרשל, מען האָט שוין געהאַט אָפּגעזונגען כל־נדרי, מען האַלט שוין ביי „ברכו" און פּלוצלינג — מען הערט אַ געלויף, אַ געשריי, אַ געקלאַפּעריי אין דער טיר, וואָס איז — ווי שוין דערמאָנט — געווען פאַרקלאַפּט מיט די פירצאָליקע טשוועקעס.

וואָס איז אַזוינס געשען? — קיינער ווייס נישט.

איינער שרייט — עס ברענט! אַ צווייטער — עמיץ חלשט דאָרט אויבן ביי די ווייבער, אַנדערע הויבן אָן לויפן און ווייסן אַליין נישט וואוהין און די פּאַניק האָט זיך פאַרשטאַרקט און אָנגעהאַלטן קוים אַ צען מינוט צייט און ערשט שפּעטער, נאָכן טרויעריקן סך־הכל, האָט מען זיך דערוואוסט געננוי וואָס אַזוינס עס איז פאָרגעקומען און ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען.

די מעשה איז געווען אַזוי:

אין שטעטל האָט געוואוינט איינער, וואָס מען האָט אים גערופן שיע ליגנער. און ווי דער שטייגער איז געווען אין קליינעם שטעטל, האָט מען יעדן ערב שבת אָדער ערב יום־טוב געבאַקן חלות און נאָכן אַרויסנעמען די חלות, האָט מען פאַרוקט אַ טשאָלנט.

אָבער ווען מען האָט נישט פאַרוקט קיין טשאָלנט, איז דאָך געווען אַ שאָד דאָס ביסעלע היץ פון אויוון, האָט מען אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַריינגעשיבט אַביסל פייכט האָלץ, עס זאָל זיך טרוקענען.

אַזוי האָט אויך געטון שיעס ווייב. אָפּגעפּאַרעט זיך מיט די ערב יום־כיפּורדיקע צוגרייטונגען צום יום־הדין, האָט זי אָנגעשטופּט אַן אויוון האָלץ און איז אַוועק אין שיל צו כל־נדרי.

דער אויוון איז אָבער נאָך געווען צו־הייס און דאָס האָלץ האָט זיך אָנגעצונדן און אָנגעהויבן ברענען, האָט זיך שיעס טעכטערל, אַ קליין מיידעלע, דערשראָקן און איז געלאָפן אין ווייבער־שיל צו דער מאַמען און אויסגעשריען, אַז דאָס האָלץ האָט זיך אָנגעכאַפּט און עס ברענט.

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. געהערט עס ברענט, האָט מען זיך דערשראָקן און געפרעגט וואו ברענט? האָט מען געענטפערט, אַז ביי שיעלע ליגנער ברענט; האָט מען אָבער שלעכט פאַרשטאַנען, מען האָט געמיינט, אַז אין שיל ברענט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף פון די ווייבער צו די אַרויסגענג.

אויף די טרעפּ צום פּראָנט, איז געווען פינצטער, איז מען געפאַלן איינער אויפן צווייטן און צום סוף, אנשטאָט צו עפענען ברייטער דאָס טויער, האָט עס זיך צוגע־קלאַפּט און עפענען אויף צוריק האָט מען שוין נישט געקאָנט, האָט מען אָנגעהויבן טרעטן איינער אויפן אַנדערן.

ווידער די הינטער־טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צום קליינעם בית־המדרשל, האָבן דאָך די ווייבער נישט געוואוסט, אַז די טיר איז פאַרשלאָגן מיט טשוועקעס, האָבן זיך אַ סך ווייבער אַראָפּגעלאָזן דורך די שמאָלע טרעפּלעך און דער סוף איז געווען, אַז ווען מען האָט אויפגעבראָכן דאָס פאַרשלאָגענע טירל, איז מיין מאַמע אַ פאַל אַריינגעגעבן אין בית־המדרשל אַ פאַרחלשטע.

שפּעטער האָט זי דערציילט, אַז זי איז געבליבן שטיין פּונקט אין דער ראָם פון טירל און מען האָט זיך אַזוי געדרענגט הינטער איר, אַז זי האָט אפילו נישט געקאָנט אומפאַלן און דאָס איז געווען איר גליק, וואָס האָט זי אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

דער רעזולטאַט פון דער דעמאָלטיקער פּאַניק בעת כל־נדרי אין כאָליוב. איז געווען 14 טויטע פרויען, צווישן זיי אויך די גויע, וואָס האָט געהיט די ברענענדיקע יום־כיפּור־ליכט, און אַ היפּשע צאָל פאַרוואונדעטע.

און אָט אַזוי, איז מיין קליין געבורט־שטעטעלע, וואָס איז אַפילו נישט אויף יעדער מאַפּע פאַרצייכנט, פּלוצלינג איבערנאַכט באַקאַנט געוואָרן איבער דער גאַרער וועלט און אין אָנבליק פון היינטיקן גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער גאַליציע, זע איך אין זכרון יענעם שוידערלעכן אומגליק פון דער כל־נדרי־נאַכט פון 1913, וואָס איז געווען ווי אַ בייזער אָנזאָג אויף נאָך ערגערס...

# א שטעטל וואס האט פרנסה פון א יארצייט נאך א צדיק

פון **אברהם פיש**



איך בין אפילו אוועק פון מיין געבורט-שטעטל נייסאנדעץ אין מיין פריער יוגנט, דאך, צוויי וויכטיקע געשעענישן, וואס האבן זיך אין מיין פריסטער יוגנט מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון, וועל איך שוין קיינמאל נישט פארגעסן.

די ערשטע געשעעניש איז געווען — א פאגראם.

איך בין נאך דעמאלט געווען א חדר-אינגל, ווען מען האט אונדז, קינדער, פלוצלינג אין א פרייטיק אינדערפרי באפרייט פון חדר, נאר מען האט אונדז נישט געלאזן גיין אהיים, ביז א טאטע אדער א מאמע איז געקומען אהיימנעמען דאס קינד.

פון גאס האט מען געהערט געוואלטן, געשרייען און געוויינען, שויבן-ברעכעריי און דאס ברעכן פון געהילץ ווען מיין טאטע האט מיך אפגעפירט פון חדר אהיים, האט ער מיך געפירט איבער אונטערגעסלעך, אבער אויך אין די אונטערגעסלעך איז אלעס געווען ווי אויסגעשטארבן, מען האט נאר געזען ווי יעדע ווײלע באווייזט זיך א איד, א מאן אדער פרוי, קוקט זיך דערשראקן אום און לויפט אוועק...

מיר האבן געוואוינט נאנט פון מארק און וואס נענטער מיר זיינען געקומען צום מארק, אלץ שטארקער האבן זיך געהערט די קולות און די געוויינען.

מיר האבן שוין געזען ווי גוים און גויעס לויפן מיט פולע פעק און פולע זעק אויף די פלייצעס און איך האב געהערט ווי דער טאטע האט אונדז א זאג-געטון: — שוין אנגערויבט אידיש האב און גוטס...

ערשט אין שטוב, הינטער דעם פעסט פארבאריקאדירטן טויער און פארלייגטע לאדנס, האב איך געהערט ווי מען האט זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם פאגראם, וואס האט זיך פארטאג, צוזאמען מיט דעם יריד אנגעהויבן.

מען האט עפעס ערגיץ געפונען א דערהרגעטן גוי און עס האט זיך אנגעהויבן אן אגיטאציע, אז אידן האבן אים דערהרגעט און אז מען דארף נקמה נעמען אן די

אידן און די פּויערים, וואָס זיינען געקומען אויפן פּרייטיקדיקן יריד, האָבן צענומען די אידישע קראָמען און די אידן וואָס האָבן זיך געוועהרט, האָט מען געשלאָגן מכות רצח און עס זיינען געווען אַ היפּשע צאָל פאַרוואונדעטע און די עטלעכע פּאָליציסטן אין שטעטל האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די פּאָגראָמשטשיקעס, און די רויבערייען האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן ביז אויפצומאָרגנס, שבת אינדערפרי, ווען עס איז אָנגעקומען מיליטער פון קראָקע און מען האָט אַ סך פון די פּאָגראָמשטשיקעס און רויבער אַרעסטירט און די איבעריקע — צעטריבן און זונטיק זיינען מיר שוין ווידער געגאַנגען אין חדר און אין חדר האָבן מיר זיך איבערגערעדט און איבערדערציילט די איבערלעבענישן פון דעם שוידערלעכן שבת, וואָס מען האָט נישט געקאָנט גיין אין בית־המדרש אַריין דאַווענען, נאָר געמוזט דאַווענען ביחידות יעדער אין זיין היים...

די צווייטע געשעעניש וואָס איך געדענק פון מיין געבורט־שטעטל, איז אַ געשעעניש, וואָס האָט זיך יעדעס יאָר איבערגעחזרט, דאָס איז דער יאָרצייט נאָך ר' היימל סאַנדזער ז"ל.

די צוגרייטונגען צום רבינס יאָרצייט, האָבן זיך יעדעס יאָר אָנגעהויבן נאָך היפּשלעך פאַר פּסח. מען האָט צונויפגערוקט די מעבל אין די שטיבער, מען האָט אַרויסגעשטעלט אַ סך אומנויטיקעס און מען האָט געזוכט צו האָבן מער פּלאַץ, כדי צו קאָנען אויפנעמען וואָס מער חסידים, אָדער ווי מען האָט זיי אין נייסאַנדעץ גערופן — יאָרצייט־געסט.

דער יאָרצייט, דוכט זיך, איז אויסגעפאַלן אַ טאָג אָדער צוויי נאָך איסרו־חג־פּסח, אָבער שוין אום חול־המועד, האָבן אָנגעהויבן קומען אידן, כלי־קודש, באַשטריימלטע און אין „סאַמעט און זייד", דאָס זיינען געווען די „סופרים", די קוויטל־שרייבער, וואָס האָבן זיך געפּאָדערט, כדי צו באַקומען אכסניהס און פאַרכאַפּן סטראַטעגישע פּלעצער אויפן בית־עולם און אַוועקשטעלן זייערע טישלעך, אויף וועלכע זיי וועלן דאַרפן שרייבן די „קוויטלעך" פאַרן עולם.

און כאָטש נייסאַנדעץ האָט געהאַט אַ היפּש ביסל גענוג רייכע באַלעבאַטים. אָנגעזעענע סוחרים (מיר אַליין האָבן אָנגעהערט צו די רייכערע, מיר זיינען געווען אייער־עקספּאָרטערן און געהאַנדלט מיט עסטרייך און דייטשלאַנד), פונדעסטוועגן האָט עס אויסגעזען, אַז גאַנץ נייסאַנדעץ לעבט נאָר פון דעם, וואָס דער יאָרצייט־יריד ברענגט יעדעס יאָר אַריין פאַרן שטעטל.

די צווייטע טעג פּסח, זיינען שוין אַלע אָפיציעלע אכסניות געווען פאַרנומען און טאַקע ממש פול געפּאַקט, אָבער באַלד, צומאָרגנס נאָך יום־טוב, שוין פון גאַנץ פרי אָנגעהויבן, האָבן זיך איבער אַלע באַן־ליניעס, וואָס האָבן געפירט קיין נייסאַנדעץ, געשלענגלט לאַנגע צוגן מיט צענדליקער וואַגאָנען, אָנגעפולטע מיט חסידים פון ארבע פינות הארץ און יעדע האַלבע שעה איז אָנגעקומען אַ נייער „עקסטרע"־צוג קיין נייסאַנדעץ.

עס מוז דאָ דערמאָנט ווערן, אַז די עסטרייכישע רעגירונג האָט אַלעמאָל שטאַרק פּראָטעזשירט די רבישע הויפן און דאָס עסטרייכישע אייזנבאַן־מיניסטעריום האָט יעדעס יאָר פאַראָרדנט אַ היפּשע צאָל עקסטרע־צוגן צום „פּילגרים"־פעסט אין נייסאַנדעץ..

די חסידים, וואָס זיינען געקומען מתפלל זיין ביים קבר פון גרויסן צדיק ר׳ היימל סאַנדזער (האַלבערשטאַם), זיינען געווען פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע. מען האָט אָבער צווישן זיי אויך געזען חסידים שוין „פאַרגעשריטענע״, אין אייראָפּעאישע קורצע קליידער, און מען האָט אַפילו געזען מאַנכע גלאַטראַזירטע זאַט-געגעסענע אַמעריקאַנער חסידים, וואָס מען האָט וועגן זיי דערציילט אַזוי פיל לעגענדעס, ווי אַזוי זיי זיינען געוואָרן אַזעלכע פאַרברענטע חסידים פון ר׳ חיימל סאַנדזער.

שוין ביינאַכט, ערב-יאָרצייט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קוויטל-שרייבעריי און די „סופרים״ זיינען געוואָרן טעטיק. יעדער חסיד, וואָס האָט זיך געגרייט צו גיין צום קבר פון הייליקן צדיק, האָט זיך פאַרגרייט אַ קוויטל, וועלכעס ער האָט אַריינגעוואָרפן אין אוהל, אין דער צוים פון דער מצבה, כדי עס זאָל דערמאָנען דעם צדיק נאָכדעם ווי דער חסיד וועט שוין נישט זיין, ער זאָל זיך מיען פאַר אים און פאַר זיין בני-בית...

איך דערמאָן זיך, ווי מאַנכע אינגלעך האָבן זיך אַריינגעגנבעט פאַרנאַכט אויפן בית-עולם און אָנגעפילט זייערע קעשענעס מיט די אָנגעוואָרפענע קוויטלעך און צו־מאָרגנס האָבן מיר אין חדר געלייענט וואָס אין די קוויטלעך שטייט געשריבן.

מיר האָבן דערפון געהאַט אַ סך שפּאַס. ערשטנס, זיינען אַ סך קוויטלעך געווען געשריבן מיט אַזויפיל גרייזן, אַז מיר האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער און צוויי־טנס, האָבן מיר אויך געפונען קוויטלעך מיט פיקאַנטן אינהאַלט וועגן קינדערלאָזיקייט, וועגן כלות און חתנים, וועגן עגונות, וואָס בעטן, אַז דער צדיק זאָל זיך מיען. אַז דעם מאַנס הארץ זאָל זיך איבערקערן צום גוטן...

און כאָטש די קוויטלעך האָבן אונדז אַלעמען זייער גוט פאַרווילט אין חדר, האָבן מיר פונדעסטוועגן געהאַט גרויס דרך־ארץ און גרויס יראת-הכבוד סיי צום גאַנצען יום-טוב פון רבינס יאָרצייט און סיי טאַקע צום אָנדענק פון הייליקן רבין זכר צדיק לברכה, וועגן וועלכן מיר האָבן זיך אָנגעהערט אַזוי פיל וואונדערלעכע מעשות.

און יעדעס יאָר האָט מען די מעשות איבערדערציילט און נייע מעשות זיינען צוגעקומען. און אין אַלע אידישע הייזער האָט מען געהערט די מעשות; אַלע אידישע הייזער זיינען געווען פול געפּאַקט און חסידים זיינען געלעגן כמעט צו אַכט אין איין בעט און אויף די פּאָלן און איבעראַל וואו עס איז נאָר געווען אַ מעגלעכקייט דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן און אַזוי ווי שלאָפן האָט מען אַזוי נישט געקענט, האָט מען זיך דערציילט מעשות און נסים פון הייליקן צדיק ז״ל.

דער סאַנדזער צדיק האָט געהייסן ר׳ חיים האַלבערשטאַם, אָבער גערופן האָט מען אים ר׳ היימל סאַנדזער.

וועלנדיק מאַכן אַ פּירוש אויף דער מסכת „בבא מציאה״, האָט ער די מסכת געלערנט גאַנצע 25 יאָר. ער איז בטבע געווען אַ קפדן און אַבי עס האָט אים עפּעס פאַרדראָסן, האָט ער געפּאַטשט, און די אַלע וואָס האָבן פון אים באַקומען פּעטש, האָבן זיך עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער זכיה און אַ סך חסידים האָבן געשוואוירן, אַז זינט זיי האָבן באַקומען דעם פּאַטש פון רבין ז״ל, האָט זיי אָנגעהויבן גיין בעסער און בעסער און זיי זיינען געהאָלפן געוואָרן נאָר אַדאַנק דעם הייליקן צדיקס פּאַטש.

מען האָט דערציילט, אַז ווען ר׳ חײמל איז געפאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, זיינען אים אַנטקעגנגעפאָרן און אנטקעגנגעקומען צופוס אַ סך חסידים פון אַלע זייטן און צווישן זיי, קרומע און לאָמע, שטומע און בלינדע און אַבי ער האָט אויף עמיצן פון די אומגליקלעכע געהויבן אַ האַנט, איז יענער שוין געהאָלפן געוואָרן.

איין חסיד דערציילט, אַז ער אַליין האָט פלוצלינג אָנגעהויבן לאָמען אויף איין פוס. ער איז געווען אין קראָקע ביי די גרעסטע דאָקטוירים און זיי האָבן אים נישט געקאָנט העלפן און עס איז אים כסדר געוואָרן ערגער און ערגער.

ביז איינמאָל איז ר׳ חײמל אָנגעקומען אין זיין שטעטל און ער איז אַנטקעגנגעגאַנגען דעם רבינס פור און זייענדיק שוין נאָנט, האָט דער רבי פלוצלינג אַליין איבערגענומען די לייצעס און די בייטש און ער האָט אָנגעהויבן טרייבן די פערד גלייך אויף די אונטערקומענדיקע חסידים, וועלכע האָבן זיך שנעל אויסגעשפּרייט אין אַ וואַרע פון ביידע זייטן, נאָר איך, האָב נישט געקאָנט מיט מיין לאָמען פוס אַזוי שנעל זיך אָפּרוקן.

האָט דער רבי פלוצלינג אויסגעשריען מיין נאָמען (איך שווער אייך, אַז איך ווייס נישט פון וואַנען ער האָט געוואוסט מיין נאָמען) — זאַנוול שייגאַץ, פאַרוואָס שטעלסטו דיך נישט אָן אַ זייט?! און ער האָט איבער מיר אַ פאָך־געטון מיט דער בייטש און איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך האָב אָנגעהויבן לויפן מיטן גאַנצן כח און איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן אַז איך בין אַ קאַליקע און איך בין אַזוי אָפּגעלאָפן ביז אַהיים אין מיין שטוב אַריין, ערשט אין דער היים האָב איך זיך צעווײנט פון שרעק און פרייד — איך בין געווען געזונט אויף ביידע פיס גלייך ווי אַלע מענטשן...

דער חסיד דערציילט און זיינע אויגן לייכטן־אויף מיט הייליקער פרייד און אַ טרער באַווייזט זיך אים אין די אויגן, אַ פריידנס־טרער, וואָס ער האָט געהאַט די זכיה, אַז דער רבי זאָל אויף אים הויבן די בייטש און אים אַזוי אַרום געזונט־מאַכן...

ווען איך בין אין 1904 אַוועק פון מיין געבורט־שטעטל אין דער גרויסער וועלט אַריין, האָב איך מיטגענומען אין געדאַנק און אין געפיל אַ פיעטעט צו דעם אַלעם, וואָס איך האָב געהערט און געזען אין מיינע קינדער־יאָרן און ווען איך האָב יאָרן שפּעטער באַקומען בריוו פון נייסאַנדעץ קיין בערלין און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אין נייסאַנדעץ זיינען שוין פאַראַן פאַריינען און אפּיקורסים און עס איז שוין אַ פאַרגעשריטן שטעטל, כאָטש עס קומען נאָך אַלץ טויזנטער חסידים צום יאָרצייט נאָך ר׳ חײמל סאַנדזער, האָט עס מיר עפּעס ווײ געטון. איך האָב געוואָלט, אַז אויף מיין געבורט־שטעטל זאָל אַזוי אייביק שוועבן די הייליקייט פון ערלעכן גלויבן אין דעם כח פון צדיק, וואָס קאָן אַפילו נאָכן טויט זיך מיען פאַרן וואוילזיין פון זיינע חסידים, וואָס לעבן צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט...



# אַ פּראָקוראָר אַ משומד פאַראורטיילט אַן אומשולדיקן אידן צום טויט

**קאַיזער פראַנץ יאָזעף באַגנאַדיקט אים און נאָך זיבן יאָר תפיסה ווערט באַוויזן זיין אומשולד און ער ווערט באַפרייט**

פון **יעקב פעלדער**



איך אַליין, בין פון אושטשיקי דאָלני, ביי ליסקאָ, אָבער איך וויל דערציילן וועגן אַ פּראָצעס, וואָס מיין טאַטע האָט געפירט אין סאַנאָק, דערנאָך אין לעמבערג און ערשט זיבן יאָר שפּעטער — אין פּשעמישל.

מיין טאַטע איז געווען רייך און ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ראַטעווען אַ אידן, האָט ער קיינמאָל נישט געזשאַלעוועט זיין געלט און נאָך דערצו, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אייגענעם, אַ קרוב, דעם טאַטנס אַ פּלימעניק, אַ וואוילער יונגערמאַן מיט גוטע מידות צו גאָט און צו לייט, וואָס רשעים האָבן דורך אַ פאַלשן בלבול געבראַכט דאָס אומגליק אויף זיין קאָפּ און מיין פאָטער האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז ער זאָל דעם אומשולדיקן ראַטעווען.

איך בין דעמאָלט געווען נאָך אַ קינד; דאָס איז געווען אין יאָר 1906 און ווען איך טראַכט היינט וועגן דער געשעעניש, זע איך, אַז דאָ האָט זיך נישט געהאַנדלט בלויז וועגן אַ בלבול אויף איין מענטש, נאָר מען האָט פּשוט געוואָלט מאַכן אַן עלילת־דם־בלבול, כדי צו ברענגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן אידישן פאָלק.

לייזער שנעסל, איז געווען דער נאָמען פון מיין קוזין, דעם טראַגישן העלד, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם טויט־אורטייל, די זיבן יאָר תפיסה, און זיין גרעסטן באַשולדיקער, דעם גלח, וועלכער האָט זיך דערנאָך מודה געווען און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

לייזער שנעסעל האָט איבערגעלעבט די אַלע צרות און ער האָט נאָך דערנאָך, באַלד נאָך זיין באַפרייאונג, געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי און זיך אויסגעצייכנט אויפן פראָנט...

לייזער שנעסעל איז געווען אַ בחור אַ לערנער, וואָס איז אויך געווען באַקאַנט מיט וועלטלעכע לימודים און באַלד נאָך זיין התונה, האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן ביי דעם אידישן גוט-באַזיצער שלמה גרומער, דער אידישער פּריץ און אייגנטימער פון גרויסן ראַקאָווער גוט.

צוועלף יאָר האָט לייזער געהאַט דעם פּאָסטן אַלס „רזשאָנצע" (אַדמיניסטראַטאָר) פון שלמה גרומערס גיטער, די אידישע באַלעבאַטים זיינען פון אים געווען זייער צופרידן און די גרויסע דינערשאַפט, וואָס האָט געאַרבעט אין די גיטער, האָבן אויך נישט געהאַט קיין שום טענות קעגן דעם אידישן רזשאָנצע.

האָט אָבער פּאַסירט אין דעם גוט אַ זאַך, וואָס די אמתע שולדיקע פון דער געשעעניש, האָבן געזוכט אַ קרבן, וואָס זאָל אָפּקומען פאַר זיי, האָבן זיי שוין, מיט דער מיטהילף פון אַ פּראָקוראָר אַ משומד, וואָס האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן אידן, געוואָלט מאַכן אַ בלבול אויף אַלע אידן און דער גורל איז אויסגעפאַלן, אַז דער ערלעכער און אומשולדיקער לייזער שנעסעל זאָל זיין דער הויפּט-קרבן.

די געשעעניש אין דעם פּריץ-הויף איז געווען, וואָס אַ שיקסע, אַ דינסט, האָט געהאַט אַ ממזר און זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט אויסזאָגן ווער עס איז דער פּאָטער דערפון.

אָבער בלויז עטלעכע וואָכן שפּעטער, האָט מען דאָס קינד געפונען טויט; מיט פאַרברענטע ליפּעלעך און די פּאָליציי האָט פעסטגעשטעלט, אַז מען האָט דאָס קינד פאַר׳סמט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג, מען האָט די שיקסע אַרעסטירט און אין סאַנאָק, פאַרן אויספאָרשונגס-ריכטער, האָט זי זיך „מודה" געווען, אַז זי איז נישט שולדיק, נאָר דער אומגעזעצלעכער פאָטער פון קינד, דער זשיד לייזער, ער האָט דאָס קינד פאַרגיפטעט מיט אַ געטראַנק און ער האָט זי געוואָרנט, אַז זי זאָל קיינעם נישט אויסזאָגן, ווען נישט, ווער ער זי דערהרגענען.

שוין אין דער ערשטער אויספאָרשונג, האָט זיך געמישט דער סאַנאָקער פּראָקוראָר, אַ משומד, וואָס האָט געזוכט אויסצונוצן יעדע געלעגנהייט אויף צו קאָנען טון שלעכטס פאַר אידען און דער פּראָקוראָר האָט געזוכט צו פאַרקאָכן פון דער געשעעניש אַן עלילת-דם און ער האָט שוין געזוכט דעם געזעצלעכן וועג ווי אַזוי צו קאָנען אַרעסטירן דעם אידישן פּריץ שלמה גרומער מיט זיין גאַנצער משפחה, אָבער דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, עס איז באַלד געקומען אַ וואונק פון ווין, אַז ביי פראַנץ יאָזעפן גייען נישט אָן אַזעלכע זאַכן, דערצו אויב דאָס קינד איז פאַר׳סמט און דער באַשולדיקטער איז אַן אומגעזעצלעכער פאָטער, קאָן דאָך נישט זיין קיין פראַגע וועגן ריטועלע סבות...

בקיצור, דער אַלגעמיינער בלבול איז באַלד אַוועקגענומען געוואָרן און געבליבן איז בלויז די קלאָרע און פּאָזיטיווע באַשולדיקונג, אַז לייזער שנעסעל, וועלנדיק פּטור ווערן פון דער אומבאַקוועמער געפאַר פון האָבן אַן אומגעזעצלעך קינד, האָט ער אויסגעפלאַנט דעם אופן ווי אַזוי עס אָפּצורוימען און די שיקסע, די מאַמע פון קינד, האָט אַליין געזען ווי ער האָט דעם קינד אַריינגעגאָסן אין מויל אַ פליסיקייט פון אַ פלעשעלע, זי האָט געוואָלט שרייען, אָבער ער האָט אויף איר ייזווירקט מיט זיין קראַפט. און זי האָט געשוויגן, ביז מען האָט זי גענומען אויספאָרשן.

אַ צווייט מאָל, נאָכדעם ווי דער פּראָקוראָר האָט מיט איר געהאַט אַ שמועס, האָט די שיקסע געטענהט, אַז לייזער האָט צוערשט געוואָלט ביי איר צוגנבענען דאָס קינד, אָבער ווען דאָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, האָט ער עס פאַר׳סמט...

עס האָט נישט געהאָלפן קיין וויינען און שרייען פון לייזערן: — איך בין אומשולדיק! איך הויב נישט אָן צו וויסן פון גאָרנישט! איך האָב אַ ווייב און איך ליב מיין ווייב און איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיט קיין אַנדערער און זאָל מיך גאָט אָפּהיטן פון האָבן אַ ממזר גאָר!...

די אַלע טענות האָבן גאָרנישט געהאָלפן. די וואַרשיינלעכקייטן זיינען געווען קעגן אים און די שיקסע האָט קלאָר עדות געזאָגט קעגן אים און דער פּראָקוראָר דער משומד־אַנטיסעמיט, האָט נאָך אַזוי איבערצייגט די פויערישע ריכטער, די געשוואָרענע, אַז עס האָבן נישט געהאָלפן די שווערע טויזנטער, וואָס מיין טאַטע, נחום פעלדער, האָט זיך דעמאָלט געלאָזט קאָסטן אויף די גרויסע אַדוואָקאַטן, מען האָט לייזערן פאַראורטיילט צום טויט.

דער טויט־אורטייל אויף אַ פרומען אידישן יונגערמאַן, האָט דעמאָלט צעטרייסלט די גאַנצע אידישע עפנטלעכע מיינונג, עס זיינען געקומען אידישע דעלעגאַציעס פון לעמבערג, פון קראָקע און מען האָט געפּאָרשט און מען איז אַוועק מיט דער איבערצייגונג, אַז דער טויט־אורטייל איז אַ זיכערער טראַגישער טעות פון דער יוסטיץ.

מיין פאָטער האָט ווייטער נישט גערוט, די אַדוואָקאַטן דר. רייך און דר. בענדל פון סאַנאָק, האָבן אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע קיין לעמבערג. דאָרט איז צו דער פאַרטיידיקונג אויך אָנגאַזשירט געוואָרן דער באַרימטער קריסטלעכער אַדוואָקאַט — דר. גרעק, אָבער די אַפּעלאַציע האָט נישט געהאָלפן, דאָס לעמבערגער העכערע געריכט האָט באַשטעטיקט דעם טויט־אורטייל.

די אויספירונג פונעם טויט־אורטייל איז באַשטימט געוואָרן אויף אַ גאַנץ נאָענטן טערמין, כדי, ווי עס האָט דעמאָלט גאַנץ אָפט געטראָפן, אויב מען וועט בעטן אַ באַגנאַדיקונג, זאָל די באַגנאַדיקונג אָנקומען צו־שפּעט...

האָט מיין פאָטער זיך אָנגעכאַפּט אָן דער לעצטער שטרוי, — בעטן ביים קייזער אַ באַגנאַדיקונג און ער אַליין, צוזאַמען מיט דר. גרעק פון לעמבערג, האָבן טעלעגראַפיש אַרויסגעשיקט די בקשה צום קייזער און באַלד זיינען זיי אַליין געפאָרן קיין ווין, כדי צוצויאָגן דעם ענין. דער טערמין איז געווען קורץ און מען האָט געמוזט צואיילן און עס איז טאַקע געווען דעם זעלבן פרימאָרגן, ווען מען האָט שוין באַדאַרפט אויספירן דעם טויט־אורטייל איבער דעם אומשולדיקן, ווען מיין טאַטע מיטן דר. גרעק זיינען אָנגעקומען פון ווין און גלייך אין געריכט אַריין, מיט דער שריפטלעכער באַגנאַדיקונג פון קייזער פראַנץ יאָזעף אין האַנט.

אַזוי אַרום האָט מען קודם אָפּגעראַטעוועט לייזערס לעבן, אָבער ער איז אַלין געבליבן דער אומשולדיק - באַשולדיקטער און פאַראורטיילטער, אויף לעבענסלענגלעכער תפיסה.

---

עס איז געווען ענדע 1912, נאָכדעם ווי לייזער [illegible]בעסעל איז שוין געהאַט אָפּגעזעסן אין תפיסה אַריבער זעקס יאָר, ווען דער ענין האָט פלוצלינג אָנגענומען אַ נייע ווענדונג.

לייזער איז געזעסן אין דער סטאַניסלאַוואָווער תפיסה, וואָס איז דעמאָלט געווען באַרימט מיט איהרע טיפע קעלערן, וואו די אַרעסטאַנטן זיינען געזעסן און געאַרבעט ביי פאַרשידענע פאַכן.

לייזער איז געזעסן אין קעלער צוויימן שטאָק טיף, ער האָט אין תפיסה אויסגע־לערנט איינבינדעריי און צוליב זיין אַרבעטזאַמקייט און גוטער אויפירונג, איז ער שוין געוואָרן אויפזעער און אָנפירער פון דער איינבינדעריי־אָפּטיילונג אין תפיסה.

ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפירט, האָבן די באַהערדן גאַנץ אָפט אַריינגעזעצט אין תפיסה געהיים־אַגענטן אַלס כלומרשטע אַרעסטאַנטן, כדי זיי זאָלן זען ווי אַזוי די אַרעסטאַנטן פירן זיך אויף און אַזאַ געהיים־אַגענט איז עס געווען, וואָס האָט דעם ענין לייזער שנעסעל ווידער געמאַכט אַקטועל און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן אַ רייע נייע פּראָצעסן, ביז לייזערס אומשולד איז אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער און ער איז אינגאַנצן באַפרייט געוואָרן און אַפילו באַקומען אנטשעדיקונג פון דער רעגירונג פאַר זיינע אומזיסטע ליידן.

אין ראַקאָווער גוט פון שלמה גרומער, האָט זיך אַלץ געפירט ווי אַמאָל, מען האָט שוין דאָרט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דעם אומגליקלעכן רזשאָנצע לייזער.

די שיקסע, האָט נאָך דעם פּראָצעס און אורטייל אָנגענומען אין סאַנאָק אַ פּאָסטן אַלס דינסט און לייזער וואָלט שוין אַזוי געקאָנט אויסזיצן זיין גאַנצן לעבנסלענגלעכן טערמין אין תפיסה, ווען נישט אַזאַ געהיים־אַגענט, וואָס האָט פּלוצלינג זיך אָנגע־הויבן אינטערעסירן מיט לייזערס ענין, ביז ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם גאַנצן אמת.

איך געדענק לײדער נישט ווי דער געהיים־אַגענט האָט געהייסן; איך געדענק אָבער, ווי מען האָט דעמאָלט גערעדט וועגן אים ווי וועגן דעם גרעסטן צדיק פון די חסידי אומות העולם, ווייל ער האָט זיך גענומען ראַטעווען אַ אידישן אומשולדיקן קרבן. דער געהיים־אַגענט האָט געזען לייזערן אין תפיסה, זיין אַרבעטזאַמקייט, זיין הויכע מאָראַלישע אויפירונג, זיין מוסטערהאַפטע לעבנסאַרט לגבי די אַנדערע אַרעס־טאַנטן, דאָס אַלץ האָט אַזוי געווירקט אויף דעם אַגענט, אַז ער האָט אים גענומען אויספרעגן און לייזער האָט נאָר געענטפערט, אַז ער איז אומשולדיק אין דעם גאַנצן בלבול און אַז מסתמא דאַרף ער אָפּקומען פאַר עפּעס אַ זינד קעגן גאָט ברוך־הוא..

די פולע איבערצייגונג אין לייזערס אומשולד, האָבן דעם אַגענט געטריבן צו באַ־זוכן דאָס ראַקאָווער גוט, ער האָט דאָרט אָנגעהויבן פאָרשן, ער האָט זיך אַפילו פאַר־שטעלט און אָנגעקומען אין גוט אַלס אַרבעטער און אַזוי האָט ער זיך דערוואוסט, אַז צוויי גוים זיינען עפּעס פאַרמישט אין דעם ענין און דאָרט האָט ער זיך אויך דער־וואוסט, אַז די שיקסע דינט היינט אין סאַנאָק, און אַז זי קומט דאָ איינמאָל אין חודש צו איר אַלטער מאַמע אין גוט.

דער אַגענט האָט געוואַרט, ער האָט געאַרבעט אַלס געוויינלעכער אַרבעטער, און ווען די שיקסע איז געקומען, האָט ער זיך מיט איר באַקענט און אַפילו זיך „פאַרליבט" אין איר און ער איז שוין צוזאַמען מיט איר צוריקגעפאָרן קיין סאַנאָק.

דערנאָך, ווען ער איז שוין מיט איר געווען אַזוי גוט, באַלד אויף „כאַסלערל" האָבן, האָט ער איר פאַרגעוואָרפן, אַז זי האָט אַמאָל געהאַט אַ ממזר מיט אַ אידן...

— מיט אַ אידן? — האָט זיך די שיקסע אָנגעצונדן: — ווער וואַגט דאָס צו

זאָגן? און אַזוי פּאַמעלעך, האָט דער אַגענט זיך דערוואוסט, אַז דער פּאָטער פון דעם ממזר איז גאָר געווען דער גלח, וועלכער האָט געוואוינט אין אידישן גוט און אַזוי פּאַמעלעך, האָט ער זיך דערוואוסט וועגן גאַנצן קאָמפּלאָט, וואָס דער גלח מיט די צוויי גוים האָבן צוזאַמען מיט דער שיקסע אויסגעאַרבעט און כדי צו האָבן עדות, האָט דער אַגענט אָפּגעלייגט די חתונה אויף אַ צייט שפּעטער און ער איז ווידער געקומען מיט טעלעכע פאַרשטעלטע געהיים־אַגענטן און מען האָט געפּראַוועט אַ

# גראָטעסקע קונסט-בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע



אונטערפירערס פירן שלמהן
צו דער חופּה־מזל־טוב!
„סמיכה" האָט ער שוין באַקומען,
באַלד וועט ער שוין זיין אַ רב.
אויפגעשפּילט, זאָל זיין, קאַפּעליע!
מאַכט נאָר פּלאַץ, דער חתן גייט!
אָנגעפילט זיינען די הערצער
פון מחותנים פול מיט פרייד!

„שמונה־עשרה" שוין געוואָרן,
איז דאָך צו דער חופּה צייט;
אָט, אַ מתמיד אויסגעוואַקסן,
זעט כאָטש, זעט, צו גאָט און לייט!...

שמחה, די צוויי גוים זיינען געווען און דער גלח און די שיקסע האָבן געלאַכט און ווידער געזאָגט דאָס זעלבע, ווי אַזוי זיי האָבן די שולד געוואָרפן אויף דעם זשיד און ווי גוט דאָס איז, אַז אַ זשיד זאָל. אַמאָל ליידן פאַר זיינע אַמאָליקע פאַרברעכנס קעגן קריסטוסן...

. ווען די. פאַרשטעלטע פויערים האָבן זיך פלוצלינג געגעבן צו דערקענען, האָט ס'גמאַכט אַ שטאַרקן עפעקט, אַז עס האָט ביי אַלעמען אָפּגענומען דאָס לשון, זיי האָבן זיך געלאָזן שליסן אין קייטן און מען האָט זיי אָפּגעפירט אין תפיסה.

פון חרפה און פון מורא פאַרן פּראָצעס, האָט זיך דער גלח אין תפיסה אויפגעהאנגען, דעמאָלט האָבן שוין די צוויי גוים דערציילט ווי אַזוי דער פּראָקוראָר האָט געלערנט וואָס די שיקסע זאָל טענהן און וואָס זיי זאָלן עדות־זאָגן און אַזוי איז אויפגעדעקט געוואָרן דער גאַנצער שקר פון דעם בלבול.

אין סאַנאָק און אין לעמבערג, האָט מען שוין דעם פּראָצעס נישט געקאָנט פירן, ווייל דאָרט האָט מען דאָך שוין געאורטיילט וועגן דעם און אויב איינער איז שוין פאַראורטיילט פאַר אַ מאָרד, קאָן מען דאָך אַ צווייטן פאַר דעם זעלבן מאָרד נישט משפּטן; האָט מען דעם פּראָצעס אריבערגעפירט אין פּשעמישלער געריכט, דאָרט האָט מען ערשט די אמתע מערדערן מיט אירע מיטהעלפער פאַראורטיילט און דערנאָך — האָט מען לייזערן נישט נאָר באַפרייט פון תפיסה, נאָר מען האָט אים צוגעפּסקנט קנאַפּע דרייסיק טויזנט קראָנען אַלס שאָדענערזאַץ פאַר זיינע ליידן און פאַר זיין געליטענעם כבוד.

קנאַפּע זיבן יאָר איז לייזער שנעסעל געזעסן אין תפיסה, און די גאַנצע זיבן יאָר איז זיין ווייב, מירל, נישט אָפּגעטראָטן פון רימענעווער רבינס הויז, דאָרט האָט זי געוואַרט און געהאָפט, אַז דער אמת וועט אַרויסקומען ווי בוימל אויפן וואַסער און ווען דער רבי האָט איר איינמאָל אָנגעזאָגט די בשורה, אַז גאָט האָט זיך שוין צוגעהערט צו אירע תפילות און אַז באַלד וועט זי אויפגעריכט ווערן מיט אַ גוטער בשורה, איז די אָרימע פרוי נעבעך געפאַלן אין חלשות פאַר פרייד.

צוויי וואָכן שפּעטער האָט זי שוין ווידער געוואוינט צוזאַמען מיט איר ערלעכן און געטרייען מאַן לייזער שנעסעל, אָבער נישט לאַנג האָט זי זיך געקאָנט מיט אים פרייען, ווייל באַלד איז אויסגעבראָכן די גרויסע וועלט־מלחמה, און דער אומשולדיקצום־טויט־פאַראורטיילטער, איז געגאַנגען פאַרטיידיקן קאַיזער און פאַטערלאַנד...



ב. צאַרנבערג

# הוסיאַטין

**(אַ בילד פון מיין שטעטל ביז צום ערשטן וועלט־קריג)**



אַ שטעטל, וואָס האָט אַמאָל פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אינעם אידישן לעבן.

אַלס גרענעץ־שטאָט, איז זי געווען ווייט באַקאַנט. וויפיל הונדערטער און אפשר טאַקע טויזנטער אידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן פאַרלאָזט פאָניעס מדינה, האָבן דאָס ערשטע מאָל, ביי אונדז דערפילט אַ פריי לעבן!

אינעם יאָר 1904, אויפשטייענדיק אַמאָל אין אַן אינדערפרי, האָב איך געטראָפן פרעמדע מענטשן ביי אונדז אין שטוב, און פרעגנדיק ווער זיי זיינען, האָט מען מיר געענטפערט, אַז דאָס זיינען פעטערס און מומעס פון רוסלאַנד. קומענדיק אין חדר, האָב איך זיך באַרימט פאַר די אַנדערע קינדער, אַז צו אונדז איז געקומען פאַמיליע פון רוסלאַנד, האָבן אַלע קינדער געהאט דאָס זעלבע צו דערציילן.

דאָס שטעטל איז צו יענער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין פאַמיליע; אידן האָבן פאַרלאָזט זייערע דאגות פרנסה און יעדער אויף זיין שטייגער, האָט געזוכט מיט וואָס בעסער צו העלפן די אָנגעלאָפענע פון יענער זייט, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון דער מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן.

עס זיינען געווים פאַראַן דאָ אין אַרגענטינע, און אוודאי נאָך מער אין נאָרדאַמעריקע פון די דאַזיקע פליטים, אַ טייל פון זיי זיינען אַ סך יאָרן־נאָך זייער אויסוואַנדערן געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן שטעטל אויס דאַנקבארקייט. אייניקע פון זיי זיינען געבליבן תושבים, וועלכע זיינען געווען באקאנט אונטער נאָמען „יאַפּאָנטשיקעס", און אויך שפּעטער און אַלע יאָרן, איז אונדזער שטעטל געווען אַ פענצטער פאַר אַלע, וועלכע האָבן געזוכט צו קומען אין דער פרייער וועלט אַריין.

מיט דער צייט האָט זיך ביי אונדז אנטוויקלט אַ פּראָפעסיע פון גרענעץ־שוואַרצער, וועלכע, נאָך זייער פּראָפעסיע נאָך, האָבן געדאַרפט זיין „גזלנים", זיינען דאָס אָבער געווען האַרציקע אידן, וועלכע האָבן אַפטמאָל נאָך צוגעלייגט אַ וועטשערע און

אַ וואָרעם נאָכטלעגער פאַר די אַנטלאָפענע. צוליב דעמזעלבן צוועק איז ביי אונדז געווען אַ שיפס-אַגענטור פון גאָר וויכטיקן פּאַרנעס, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון די ברידער קאַפּעלער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַלע וויכטיקע שיפס-געזעלשאַפטן, און אַדאַנק זייער ערנסטקייט און גוטער אָרגאַניזאַציע זיינען זיי געווען ווייט באַקאַנט און געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אינעם דורכוואַנדערער-לעבן פון אַ סך אידן.

אונדזער שטעטל איז אויך געווען ווייט באַקאַנט צוליב זיין פאַרמיטלונג אינעם עקספּאָרט פון רוסלאַנד און די מערב-מלוכות. עס פלעגן טאָג-טעגלעך דורכגיין הונדערטער וועגן תבואה און בוראַקעס, וועלכע זיינען ביי אונדז אויפגעלאָדן געוואָרן אויף די באַנען און געגאַנגען אין דער גאַנצער וועלט אַריין. אַרום דעם מסחר זיינען געווען באַשעפטיקט צענדליקער אידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן דערפון אַ שיין לעבן געמאַכט.

## אייער - בראַנזשע

אַ גאָר וויכטיק אָרט האָט ביי אונדז פאַרנומען די אייער-בראַנזשע. זי האָט ממש איינגעשלונגען די גאַנצע יוגנט פון שטעטל, עס איז פשוט נישט געווען צו קריגן קיין יוגנטלעכן פון שטעטל, וועלכער זאָל זיך געוואָלט לערנען אַן אַנדער פּראָפעסיע, מחמת אַ לערן-אינגל פון דעם פאַך האָט בעסער פאַרדינט ווי יעטוועדער אַנדער אַרבעטער און אַנדערע פאַכן. צענדליקער סקלאַדעס מיט הונדערטער מענטשן זיינען געווען פאַרנומען ביי דער זעלבער. הונדערטער וועגן אייער פלעגן אַריינקומען יעדן טאָג פון יענער זייט, וועלכע זיינען סאָרטירט און איבערגעפּאַקט און צעשיקט געוואָרן איבער אַלע וועלט-טיילן. פאַכלייט פון דער בראַנזשע פון אונדזער שטעטל זיינען אומעטום גערן אויפגענומען געוואָרן, זייענדיק באַקאַנט אַלס ספּעציאַליסטן.

## דעם רבינס הויף

אַן אייניקל פון בארימטן רוזשענער צדיק, האָט ר' ישראלעניו דער הוסיאַטינער רבי, צוזאַמען מיטן טשאָרטקאָווער און קאָפּיטשינצער רבי'ים, פאַרנומען איינעם פון די חשובסטע ערטער אין דער חסידישער וועלט. זיין נאָמען איז געווען ווייט באַקאַנט, אַפילו ביי די אומות העולם, מענטשן, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָנט צום הויף, פלעגן דערציילן, אַז דאָס קומען פון פאַרשידענע פּריצים, פּאָליטיקער און סתם קריסטן, איז געווען אַ טאָג-טעגלעכע דערשיינונג.

זיינע נאָנטע באַציאונגען מיטן גראַף אַדאַם גאָלוכאָווסקי, וועלכער איז געווען איינער פון די איינפלוסרייכסטע מענער אין לאַנד, האָבן אָפטמאָל געהאָלפן אַ סך אידן, עס האָט אָבער שפּעטער קיין גוטס נישט געבראַכט. אויסנוצנדיק דעם רבינס איינפלוס, האָט ער אין יאָר 1910 אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור צום רייכס-ראַט קעגן דעם באַרימטן ציוניסטישן פירער דר. לעאָן רייך, וועלכער האָט געהאַט די שטיצע פון די אידן און אוקראַינער, וועלכע האָבן צוזאַמען אויסגעמאַכט אין אונדזער באַצירק קאַרגע 90 פּראָצענט, און טראָץ דעם, פאַרלוירן, אַדאַנק די מאַכינאַציעס פון

די פאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאַט דעם באַצירק־אַפּאַראַט אין זייערע הענט און צוזאַמען מיט די מאַשקעס, וועלכע האָבן ממש טעראָריזירט די אידישע באַפעלקערונג. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט דער זעלבער גראַף רעזיגנירט לטובת זיין שטעלפאַרטרעטער יאַן גאַדעק, וועלכער איז ביז דאַן געווען דער הויפּט שטייערן־אינספּעקטאָר און געווען באַקאַנט אַלס איינער פון די גרעסטע אַנטיסעמיטן פון יענער געגנט, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אַנטריסטונג ביי דער אידישער באַפעלקערונג און האָט אויף אַ קורצער צייט אָפּגעקילט די אַכטונג צום רבין. דעם דאָזיקן שריט האָט דער רבי שפּעטער עפנטלעך באַדויערט.

פאַרנעמענדיק אין סאַמע צענטער פון שטאָט אַ בלאָק, מסתמא פון אַזעלכע צוויי הונדערט מעטער די ברייט, און כמעט אַזוי פיל די טיף, האָט דאָס רבישע הויף פון דרויסן אויסגעזען ווי אַן אימפּעריע פאַר זיך. אַריינקומענדיק אינעווייניק האָט מען נישט געוואוסט אויף וואָס פריער צו קוקן. צום אַלעם ערשטן דער סטיל און רחבות פון די הייזער אין דרויסן, די גערטנער מיט זייערע אַלייען און ספּעציעל דער ווינטער־גאָרטן, וועלכער איז געווען אַ שם דבר. אַריינקומענדיק אין קלויז איז מען פאַרגאַפּט געוואָרן פון דער שיינקייט און רייכקייט. מען האָט געמיינט, אַז מען איז גאָר פּלוצים פאַרוואָרפן אין אַ פּאַלאַץ פון פּרינצן. דער „שאַלאַש" (אַזוי האָט מען גערופן דעם סאַלאָן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ רוימישער צירק, צוליב די טרעפּ אַרום אין סאַלאָן), וואו דער רבי פלעגט פּראַווען שלוש סעודות די שבתים און ימים־טובים, דאָס איז געווען אַ ריזן־סאַלאָן, וואו עס פלעגן ביישיין אַזעלכע סעודות אין די ימים־טובים טויזנטער חסידים מארבע פינות העולם. ערב ימים נוראים איז דאָס שטעטל וועלכעס האָט אין נאָרמאַלע צייטן געציילט אַזעלכע צוועלף הונדערט אידישע משפחות — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צען־טויזנטיקער שטאָט; אַלע הייזער אָן אויסנאַם זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין האָטעלן. פאַרשטייט זיך, רייכע חסידים זיינען איינגעשטאַנען אין די פּאָר גוטע האָטעלן פון שטאָט, מעסיקע האָבן זיך באַזעצט אין פּריוואַטע הייזער, און אַ סך הונדערטער, וועלכע זיינען מערסטנס געקומען צופוס צענדליקער מיילן, האָבן זיך באַנוגנט ביים רבין אין הויף אין אַלע ווינקעלעך.

ביישיין אַ שבת תשובה צו שלוש סעודות ביים רבין, אָדער אַ שמחת תורה צו די הקפות אין קלויז, איז געווען אַזאַ גייסטיקער פאַרגעניגן, וואָס לאָזט זיך נישט אויסבייטן מיט קיין שום אַנדערע פאַרגעניגנס.

אַ סך פון אונדזערע בעסטע וואָרט־קינסטלער, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע פאָרמען געמאָלן און פאַראייביקט דאָס שיינקייט און דערהויבנקייט פון חסידיזם, איז מאָגער און בלאַס קעגן דעם, וואָס מיר, וואָס האָבען דערינען געלעבט, האָבן גענאָסן און געפילט.

עס איז געבליבן אַ בלויז אינעם אידישן לעבן, וואָס קיין שום אַנדערע באַוועגונג האָט נאָך ביז היינט נישט אויסגעפולט.

## די שיל

אַ שיל האָט הוסיאַטין געהאַט איינע פון די זעלטנסטע, מען פלעגט זאָגן, אַז זי איז אַלט אַ פּאָר הונדערט יאָר. איר אַרכיטעקטור איז געווען אַ זעלטנקייט, אַ פאַר־

נעם פון אַ פּאָר צענדליק מעטער קוואַדראַט, האָט זי נישט געהאַט קיין זאַל אין מיטן, וואָס זאָל זי אויסהאַלטן. דער דאַך קייל̈עכדיק, ווענט פון שטיין, צוויי מעטער די גרעב, האָט זי געהאַט די מאַסיווקייט פון אַ פעסטונג. הויך, צוויי מייל, ווייט פון שטאָט, האָט מען זי אָנגעזען.

לויט אַ צוואה, האָט מען זי אינעווייניק נישט געטאָרט מאָלן און נישט ווייסן, בלויז וואַשן, האָט זי אינעווייניק מער אויסגעזען ווי אַ טורמע, דערפאַר איז זי אין דרויסן געווען אַ זעלטנקייט. מען פלעגט זי אַלע מאָל איבערפוצן און רעסטאַווירן.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן ערשטן וועלט-קריג, איז געשטאָרבן אַ רייכער אַסימילירטער איד, אַ געוויסער רעגענשטרייף, וועלכער האָט געלאָזט אַ גרויסע סומע געלט פאַר דעם צוועק. מען האָט אַראָפּגעבראַכט גרויסע קינסטלער פון וועלט-פאַרנעם אויף זי צו באַפּוצן. זי האָט צוגעצויגן אַ סך טוריסטן, וועלכע פלעגן קומען נעמען בילדער פון איר. יעדער בן-העיר, וואו ער איז נישט געקומען, האָט זיך מיט איר באַרימט.

## געזעלשאַפטלעך

די לעצטע פאַר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט זיך ביי אונדז אין שטאָדט אָנגעהויבן אויסשיילן אין אַ געוויסן טייל אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. אַלע יאָרן פריער, איז די אָנפירערשאַפט פון שטאָדט געווען אין די הענט פון איין פאַמיליע, אמת, אַ פאַרצווייגטע מיוחסדיקע פאַמיליע פון אַ פאָר מענטשן. דאָס זיינען געווען ר' שמעון פאָהאָרילעס, מענדל געלבאַנד, משה פאָהאָרילעס, א. א., איז איינער געווען בירגערמייסטער, איז דער צווייטער געווען קולטוס-פאָרשטייער, אָדער פאַרקערט. דאָס איז געווען אַן אַלטע אידישע דינאַסטיע, וועלכע האָט אָנגעפירט דאָס שטעטל, לויטן מאָדעל פון מענדעלעס בעלי-טאַקסעס.

נייע ווינטן זיינען אויך צו אונדז דערגאַנגען. עס זיינען אויפגעשטאַנען נייע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אַנדערן קוק אויפן לעבן. אַ ביטערן קאַמף האָבן זיי געפירט קעגן אָט די נייע מענטשן, וועמען זיי האָבן באַצייכנט אַלס אַסימילאַנטן, וועלכע זיינען אין דער אמתן געווען זייער וואוילע אידן, נאָר אַ פּאָר קליינע חסרונות האָבן זיי געהאַט. ערשטנס, זיינען דאָס געווען ציוניסטן; און צווייטנס, האָבן זיי עפּעס געערעדט פון ציוויליזאַציע, מען האָט געגרינדעט, צוזאַמען מיט די אוקראַינער אַ גימנאַזיע, מען האָט געעפנט אַ שיינע ביבליאָטעק און נאָך אייניקע אַזעלכע שלעכטע זאַכן...

און ווען ס'איז ענדלעך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער איינער פון דער דאָזיקער חברה, דער אַפּטייקער ה' אַדאָלף לאַנדעס, האָט ער געמאַכט אַ שטיק רעוואָלוציע אין שטאָט. ערשטנס, האָט ער צוגעלאָזט ראַטמענער פון אַלע שיכטן, און טאַקע באַלד זיך גענומען איבערבויען דאָס שטעטל; מען האָט באַלד אָנגעהויבן בויען שטראָסן און בראַטוואַרן פון איין עק ביזן צווייטן, אין דער ברייט און אין דער לענג; אַלע גאַסן האָבן געקראָגן נעמען. דאָס שטעטל האָט אין צוויי יאָר אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם אויבנדערמאָנטן, כמעט אויפגעלעבט.

נאָך אים האָט פאַרנומען דעמזעלבן אַמט דער ה׳ פיליפּ קאָוואַלעק, אַ זעלטענע פערזענלעכקייט, אַ מענטש פון גרויס קולטור און וויסן, איינער וואָס איז געקומען צום שטאַנד פון ערשטן בירגער פון שטאָט, נישט דורך ירושה, אָדער דורך אַנדערע אומוועגן, נאָר דורך אייגענער פערזענלעכקייט. אין די פּאָר יאָר, וואָס דער מענטש איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון שטעטל, האָט דאָס זעלבע דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע פון אַ מאָדערנער שטאָט. מען האָט איינגעפירט טעלעפאָן, מען האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן בויען די צענטראַלע פאַר באַלייכטונג און וואַסער־לייטונג און נאָך אַזעלכע און ענלעכע מאָדערניזאַציעס.

ער אַליין, אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט שוין געהאַט פריער אַ בוכהאַנדלונג און דרוקעריי פון פריער, ווי אויך אַ קאָנפעטי־פאַבריק, האָט ער געגרינדעט אַ פעדערן־פאַבריק, די איינציקע אין גאַנץ גאַליציע, מיט אַן אַקציען־געזעלשאַפט, מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַ מיליאָן קראָנען. די צענטראַלע איז געווען אין לעמבערג און ער איז געווען דער הויפּטדירעקטאָר. ער איז געווען גלייכצייטיק דירעקטאָר פון דער באַראָן הירש באַנק, הויפּט־אָנפירער פון טאַרנאָפּאָלער באַנק, פיליאַלע ביי אונדז אין שטאָט, און לעצטנס איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער פּאָוויאַטאָווער באַנק. נישט איך בין אומשטאַנד צו מאָלן דאָס געשטאַלט פון אָט דער מערקווירדיקער פערזענלעכקייט. ער איז געווען אַן אמתער פאָטער פון שטעטל, צו טון אַ טובה אַ אידן, האָבן פאַר אים נישט עקזיסטירט קיין שוועריקייטן.

ער האָט אויך שפּעטער געעפנט אַ שטענדיקן קינאָ און צוזאַמען מיט אַנדערע ליבהאָבער פון אידישן וואָרט, געווען דער איניציאַטאָר פון אַראָפּברענגען אַלעמאָל פאַרשידענע טרופּעס פון אידישן טעאַטער, וואו זיי פלעגן שפּילן וואָכנלאַנג ביי געפּאַקטע סאַלאָנען.

אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט דאָס, וואָס די אידן פון יענער זייט גרענעץ, דאָס הייסט פון רוסישן הוסיאַטין, פלעגן מאַסנווייז קומען צו אונדז אין טעאַטער און אין קינאָ. די קינדער פון די דאָרטיקע פאַרמעגלעכע אידן פלעגט צו אונדז אויך קומען אין די שולן און אין דער גימנאַזיע.

ס׳איז כדאַי צו פאַרצייכענען, אַז אויף אומצוקערן זיך קיין רוסלאַנד, נאָך האַלבער נאַכט, ווען עס ענדיקט זיך געוויינלעך די פאָרשטעלונג, איז פאַר די גרענעץ־וועכטער געווען געווען גענוג, אַז מען האָט אים געוויזן אַ בילעט פון טעאַטער, אַז זיי זאָלן דורכלאָזן. (די גרענעץ פלעגט צען אַזייגער זיין געשלאָסן).

## פאַרלאַגס · וועזן

זייער ווייניק מענטשן ווייסן, אַז ביי אונדז אין שטאָט האָט זיך געפונען איינער פון די גרעסטע אוצרות פון אידישן וויסן, דאָס אייגנטום פון די ה״ה שוואַגער און פרענקל, און פערזענלעך אָנגעפירט פון מורא הוראה ר׳ דוד פרענקעל, אַ איד אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ מענטש פון העכסטער אוניווערסאַלער בילדונג, אַ גרויסער שפּראַכן־קענער, איז ער פון דער פריסטער יוגנט אָן ארומגעפאָרן איבער דער וועלט, און געזאַמלט אידישע אוצרות, אַלטע כתבים, און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט אי־

דישער פאַרגאַנגנהייט און וויסן. און געשאַפן אַ פּרעכטיקע ביבליאָטעק, אפשר די איינציקע אויף דער גאָרער וועלט פון דעם מין. אַ טייל פון די ספרים זיינען ביי אונדז איבערגעדרוקט געוואָרן, דער גרעסטער טייל פון זיי אָבער זיינען געווען יקר המציאותן, איינציקע עקזעמפּליאַרן, הונדערטער יאָרן אַלט. אויך פאַרשידענע נייע ספרים זיינען ביי אונדז געדרוקט געוואָרן.

## ביילּיסעס פּראָצעס

ענדע יאָר 1913 אָדער אָנפאַנג 1914, קומט אַריין דער וויצע-באַצירקס-הויפּטמאַן אין דער בוכהאַנדלונג פון ה׳ קאַוואַלעק, וואו ס׳איז געווען דער צוזאַמענקונפט פון דער אינטעליגענץ פון שטעטל, און אַזוי ווי צו יענער צייט האָט מען ביי אונדז גע־שפּילט אַ פילם פון מענדל ביילּיסעס פּראָצעס, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנ־צע וועלט, האָט מען דאָרט דעם ענין קאָמענטירט. רופט זיך אָן דער זעלבער, איך געדענק נישט זיין נאָמען, ימח שמו, אַז דער גאַנצער פּראָצעס איז אַ פאַרס; אייערע אידעלעך קאָנען אפילו דעם צאַר אָפּקויפן... און ווען מען האָט אים אויפגעפאָדערט אַ דערקלערונג וועגן דעם, האָט ער דערקלערט, אַז ער גלויבט אַלע הונדערט פּראָ־צענט ,אַז אידן איבער דער גאַנצער וועלט באַגייען מאָרדן צוליב ריטועלע צוועקן און ווען מען האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז דאָס איז אַ דירעקטער בלבול אויפן גאַנצע אידנטום, און מען וועט אים רופן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָט ער געענט־פערט, אַז ער איז גרייט דערצו.

דעם זעלבן טאָג איז, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ה׳ קאַוואַלעק, געמאַכט געוואָרן אַ פאָלקס-פאַרזאַמלונג און מען האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס, וועלכער איז שוין געהאַט דורכגעגאַנגען דאָס שטעטלשע געריכט, ווי אויך דאָס טשאָרטקאָווער קרייז־געריכט, און עס האָט געזאָלט אַוועקגיין צום לעמבערגער לאַנדעס-געריכט, און ווען דער קריג קומט נישט אַריין אין מיטן, האָבן די אָנפירער פון דעם דאָזיקן פּראָצעס געוואָלט אַריבערברענגען צום העכסטן נאַציאָנאַלן עסטרייכישן געריכט. די בעסטע לאַנדעס-אַדוואָקאַטן האָט מען געוואָלט אָנשטעלן דערצו. די זעלביקע אָנפירער האָבן דערביי אין זינען געהאַט אויסצוראָטן די אַלע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן פאַרנומען די וויכטיקסטע אַמטן אין יענער צייט.

דערזעלבער אַנטיסעמיט האָט, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, פאַר׳מסורט דעם ה׳ קאַוואַלעק אַלס מאַסקאַלאָפיל און ער איז צוזאַמען מיט פיל אַנדערע, וועלכע זיינען שולדיקע אָדער אומשולדיקע אַרעסטירט געוואָרן פון דער מיליטערישער מאַכט און שפּעטער איבערגעשיקט געוואָרן קיין קאַלאַמיי, וואו ס׳האָט צו יענער צייט פונק־ציאָנירט אַ קריגס-געריכט, גע׳משפט און באַפרייט געוואָרן.

ווען די רוסן זיינען אַריין צו אונדז אין שטאָט, איז ער נאָך מיט אַנדערע אַזעלכע כוליגאַנעס געווען דער אָנפירער אין ראַבירן און ברענען אידיש האָב-און-גוטס.

## אונדזער שטאָט, די אַמעריסטנס געליטענע

ווען דער וועלט-קריג האָט אויסגעבראָכן, האָבן מענטשן פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען אויפן ערשטן פייער. מען האָט זיך נישט אָפּגענאַרט. די רייכערע מענטשן זיינען זיך באַלד צעפאָרן, די אַנדערע האָבן געזוכט וואו צו באַהאַלטן זייער האָב-און-גוטס. מען האָט געטראָגן אין די קעלערן, מען האָט פאַרמויערט אַלץ וואָס מען האָט געקאַנט.

דעם ערשטן זונטיק נאָכן קריג-אויסברוך, אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, ווען דאָס שטעטל איז אָנגעגאַנגען מיטן געוויינלעכן טאָג-טעגלעכן לעבן, איז אויסגעבראָכן

---

## גראָטעסקע קונסט-בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע

— 5 —



טיף פאַרשלייערט שטייט די כלה,
שלמה זאָגט דעם „הרי־את";
און דער רב, וואָס איז „מסדר",
לייענט די „כתיבה" הויך און גלאַט.

אויפגעשפּילט זאָל זיין, כלי־זמרים!
זעט, די פרייד איז אָן אַ מאָס!
מזל־טוב! דער חתן האָט
צעטראָטן מיטן פוס דאָס גלאָז!...

אַ שיסעריי צווישן די גרענעץ-וועכטער, דורך וועלכן מיר האָבן באלד געהאט דעם ערשטן קרבן פון שטאָט: ס'איז געפאַלן פון אַ האַרץ-שלאַג ר' מיכל האָראָוויץ.

די גאַנצע שטאָט איז זיך צעלאָפן, וואו נאָר איינער האָט געקאנט; די גרעסטע טייל פון די איינוואוינער האָבן זיך מער קיינמאָל נישט אומגעקערט. און די אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אומגעקערט, האָבן געטראָפן די שטאָט פאַר־ברענט, אויסראַבירט. ס'איז פון איינע פון די שענסטע אידישע שטעטלעך אין גאַליציע געבליבן אַש און פּאָרך.

אייניקע אידישע פאַמיליעס האָבן זיך איינגעאָרדנט אין די פּאָר קריסטלעכע געסלעך, וועלכע זיינען פאַרבליבן גאַנץ. לאַנג אָבער האָט מען זיי נישט געלאָזט דאָרטן זיין. נאָך אַ פּאָר חדשים איז געקומען אַ באַפעל פון דער רוסישער מאַכט, אַז אידן טאָרן נישט וואוינען דריי מייל פון דער גרענעץ, מען האָט אונדז פאַרטריבן. אַ טייל פון אונדז האָט מען חדשימווייז געטריבן צופוס קיין סיביר, וועלכע מען האָט שפּע־טער אומגעקערט צעבראָכענע, רואינירטע און וועלכע זיינען שוין קיינמאָל נישט געקומען צו זיך.



# קאַזלאָוו און ווינטערבערג

פון **בערטאַ דע קאַמינקער**



איך האָב אין יענע יאָרן קיין טאָג־בוך נישט געשריבן און ווען איך וואָלט יאָ געווען געשריבן אַ טאָג־בוך, וואָלט עס זיכער אויף די פילע וואַנדער־וועגן, וואָס מיר האָבן געמוזט דורכמאַכן, פאַרלוירן געגאַנגען, פונקט ווי עס זיינען פאַרלוירן געגאַנגען פון מיין זכרון אַ סך איינצלהייטן פון מיינע און מיין פאַמיליעס איבערלעבענישן אין דער אַלטער היים, אויף יענער זייט ים.

פון מיין יוגנט, אין הויז ביי מיינע פאַרמעגלעכע על־טערן, געדענק איך נאָר גוטס און שיינס. אויך, שוין אַלס חתונה־געהאַטע, האָב איך מיט גליק און פרייד דערפילט די פליכטן פון אַ פרוי צו מיין אָנגעזעענעם הויך־געבילדעטן מאַן און פון אַ מאַמע צו אונדזערע קינדער. אָבער אָט איז געקומען דאָס יאָר 1914 און אַ פינצטערע כמאַרע האָט פאַרטונקלט אונדזער גליק און אונדזערע לעבנס האָבן אַ לאַנגע צייט געפלאַטערט צווישן קאַזלאָוו און דעם קאַלטן טשעכישן שטעטעלע ווינ־טערבערג.

און איצט, ווען איך האָב שוין אויפגעוועקט אין מיין זכרון קאַזלאָוו און ווינטער־בערג, לאָמיך פרואוון דערמאָנען די זאַכן מיט אַ סדר:

געבוירן און דערצויגן ביי רייכע עלטערן, האָט מיר אין דער יוגנט גאָרנישט געפעלט און גאַנץ יונג האָט מיין פאָטער ר׳ איטשע באַרשאַק, מיך פאַרלאָבט מיט דעם באַליבטן און באַרימטן געלערנטן בחור אברהם־חיים, ר׳ פראַים־נחום דעם שוחטס געראָטענעם זון.

אודאי האָב איך געהאַט נחת, ווען מען האָט מיר דערציילט ווי אַזוי מיין חתן האָט צו די זעכצן יאָר שוין געהאַט סמיכה אויף רבנות און חוץ דעם, ווי געבילדעט ער איז און ווי אַזוי ער לערנט אַנדערע שפּראַכן און נאָך גליקלעכער בין איך געווען, ווען אברהם־חיים קאַמינקער איז געוואָרן מיין מאַן, און אונדזער היים איז געוואָרן אַ היים פאַר תורה און חכמה.

פרנסה איז געווען בכבוד; מיין מאַן האָט געגרינדעט אַ באַנק, „זוויאַנזעק קרע־דיטאָווי", פון וועלכער ער איז געווען דער אייגנטימער און דירעקטאָר. אונדזער הויז

איז געשטאַנען אין סאַמע צענטער, פונקט אַנטקעגן דעם תבואה-מאַרק, דאָס דריטע הויז פון קאָזלאָווער קהילה-ראָטמאַן ר׳ בעני קוועלערס הויז.

די בעסטע און אינטעליגענטסטע יונגעלייט זיינען געקומען צו אונדז אין הויז. דער נאָנטסטער חבר און פריינט פון מיין מאַן איז געווען דער זון פון קאָזלאָווער רב, הרב האָראָוויץ, וועלכן מען האָט אויפגענומען פאַר רב אין סטאַניסלאַוו און דער זון איז געבליבן אין קאָזלאָוו.

גאָט האָט געבענטשט אונדזער היים מיט פרנסה און כבוד און גוטע און שיינע קינדערלעך, וואָס האָבן באַלויכטן די היים.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס גליק. שווערע צייטן זיינען אָנגעקומען. אַ גרויזאַמע מלחמה איז אויסגעבראָכן, קינדער פון זייערע טאַטע-מאַמעס און מענער פון זייערע פרויען האָט מען צוגענומען צום מיליטער, פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד און דער שונא האָט זיך דערנענטערט צו אונדזער געגנט און מיר האָבן געהערט גאָר שלעכטע גרוסן וועגן שונא, און מיר האָבן זיך געלאָזן לויפן און ווער איז דען אומשטאַנד צו באַשרייבן, ווי אַזוי איך, אַ געפּיעשטשעטע קינד פון רייכע טאַטע-מאַמע, האָב געפילט, ווען איך האָב זיך אַ הונגעריקע געשלעפּט צופוס און מיט פורן און מיט דער באַן, אַנטלויפנדיק פאַרן אָנקומענדיקן שונא, האָבנדיק מיט זיך מיינע פינף זיסע קינדערלעך, וואָס איינס איז געווען קלענער פון אַנדערן...

די גרויל וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך געדענק אַפילו נישט ווי לאַנג דאָס האָט אַזוי געדויערט, און איך ווייס נישט ווי אַזוי מיר זיינען געפאָרן און ווי אַזוי מיר זיינען דערפאָרן, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין דעם קליינעם בעהמישן שטעטל אָדער דערפל — ווינטערבערג.

ערשט אין ווינטערבערג האָבן מיר זיך ארומגעקוקט, ווער פון אונדז אַנטלאָפענע פון קאָזלאָוו, עס האָט דערלעבט אָנצוקומען אַהין גאַנץ און, דאַנקען גאָט, מיינע קינדערלעך זיינען בלויז געווען אָפּגעצערט, אָבער געזונט. אויך מיין שווער, ר׳ פראַים-נחום איז געווען מיט אונדז, אויך זיין טאָכטער מיט צוויי קינדער (איר מאַן האָט שוין געקעמפט אויפן פראָנט) און עס זיינען געווען נאָך קאָזלאָווער און ווען מיר האָבן שוין צונויפגעשלאָגן אַ מנין אויף צו דאַוונען, האָט מען זיך געטראָפן צוזאַמען און עס האָט זיך צומאָל אויסגעדוכט, אַז מיר זיינען אין קאָזלאָוו, נאָר עפּעס אַ מין קאָש-מאַר פאַרשטעלט אונדז די אויגן און עס דוכט זיך אונדז אויס, אַז מיר געפינען זיך ערגיץ אַנדערש...

איך בין שוין געווען אַ מאַמע פון זעקס קינדערלעך, דאָס יונגסטע האָב איך נאָך געהאַט ביי דער ברוסט און עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, וואָס איך האָב דאָרט אין דער פרעמד איבערגעלעבט. אָבער, איך בין נישט געווען די איינציקע, וואָס האָט געליטן. קיינעם פון די פליכטלינגע איז עס נישט געגאַנגען בעסער. מיר האָבן געלעבט פון בעטל-ברויט, פון די קליינע פליכטלינג-פּענסיעס, וואָס די רעגירונג האָט אונדז געגעבן און דאָס האָט געקאָנט קלעקן העכסטנס בלויז אויף טרוקן ברויט...

אָבער מיר האָבן זיך געשטאַרקט. מיר האָבן געליטן, נאָר די האָפענונג, אַז די מלחמה וועט זיך פאָרט ענדיקן און מיר וועלן ווידער זיין אין אונדזערע היימען אין

דעם קליינעם, אָבער ציכטיקן שטעטל קאָזלאָוו, אַט־אָ־די האָפענונגען האָבן אונדז געגעבן מוט און מיר האָבן איבערגעלעבט די אַלע ליידן, און אַבי מען איז געווען געזונט, איז שוין געווען גוט.

מיין מאַן איז געהאַט באַפרייט געוואָרן פון מיליטער אַלס ראַבינער, און עס איז געווען בעסער זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן, האָט ער טאַקע נישט געקאָנט זיין אַקטיוו, איז ער געזעסן און געלערנט און אויך געמוזט וואַרטן אויף גאָטס הילף, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מיר וועלן ווידער זיין מענטשן מיט מענטשן צוגלייך, ווי אין די פריערדיקע גליקלעכע צייטן.

נאָר די גליקלעכע צייטן זיינען מער נישט צוריקגעקומען.

אונדזער היים, האָבן מיר אין קאָזלאָוו געטראָפן אַ פאַרברענטע און אַ חרובֿע און עס האָט געקאָסט אַ סך מי, ביז מיין מאַן, האָט אַדאַנק זיינע גרויסע באַקאַנטשאַפטן און קרעדיטן, געקאָנט עפענען אויפן רינג־פּלאַץ נומער 5 אַ גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט אין הורט און עס קאָן זיין, אַז מיר וואָלטן אַזוי פּאַמעלעך צוריק אויפגעבויט אונדזער חרובֿ־געוואָרענע היים, ווען די רעגירונג פון באַפרייטן פּוילן וואָלט נישט געווען כּסדר שטאַרקער פאַרציען דעם שטריק פון גרעסערע שטייערן אַרום אונדזער האַלדז.

דאָס געשעפט איז געגאַנגען גאַנץ גוט, נאָר די שטייערן האָבן אַלץ אויפגעגעסן און ווי ליב מיר האָבן געהאַט אונדזער געבורטס־שטעטל און אונדזער היים, וואָס מיר האָבן זיך מיט אַזוי פיל מי דערוואָרבן, האָבן מיר דאָך געמוזט אנערקענען, אַז קיין צוקונפט דערוואַרט אונדז נישט אין קאָזלאָוו און אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט מיט איין זונדל, איך האָב אַ סך טרערן פאַרגאָסן, נאָר אויב פאָרן, האָט ער געמוזט שוין פאָרן, ווייל ער איז באַלד געוואָרן זיבעצן יאָר און ער וואָלט שוין געוואָרן מיליטערפליכטיק, וואָלט ער נישט געקאָנט מער ארויספאָרן און געפילט האָבן מיר, אַז די שטייערן דערוואַרגן אונדז און מיר האָבן געמוזט זוכן אַ נייעם פּלאַץ, וואוהין צו „פליכטן"...

אונדזער זונדל האָט אָנגעשפּאַרט קיין אַרגענטינע און נאָך דריי יאָר, אין 1926, האָבן מיר אַלע, דאָס גאַנצע הויזגעזינט, פאַרלאָזן די אַלטע היים און געקומען צו אונדזער עלטסטן קינד קיין בוענאָס־איירעס...

---

דאָ, אין בוענאָס איירעס, האָט די זון פאַר מיר ווידער אָנגעהויבן שיינען. קינדער — שוין מער־ווייניק דערוואַקסענע; מיין מאַן — אָנגעזען און געאַכטעט; פּרנסה — נישט צו פאַרזינדיקן; מיר האָבן זיך געהאלטן אין אנטוויקלען עקאָנאָמיש און איינלעבן זיך אין דער סבֿיבֿה אויך גייסטיק, איז אָבער געקומען אויף מיר אַ גרויסער אומגליק — מיין מאַן איז מיר אָפּגעשטאָרבן.

איך וואָלט דעם מוראדיקן קלאַפּ פון גורל זיכער נישט געווען איבערגעטראָגן; איך וואָלט דעם קלאַפּ נישט געווען אויסגעהאלטן און איך וואָלט זיכער געווען נאָכגעשטאָרבן נאָך מיין גאָטסעליקן מאַן, ווען נישט די אויסערגעוויינלעכע געטריישאַפט און ליבע פון מיינע טייערע קינדער.

זיי, די קינדער מיינע, פאַר וועלכע איך האָב אַמאָל אַזוי פיל געליטן אין ווינטערבערג, זיי, די קינדער מיינע, אין קאָזלאָוו געבוירענע, נאָר אין אַרגענטינע רייף־געוואָרענע, זיי האָבן מיך דערהאַלטן ביים לעבן און זייער געטריישאַפט צו מיר און איינער צום אַנדערן, זייער הויך־האַלטן די מצוה פון כבוד אם, האָט פאַר מיר געמאַכט, אַז די נייע היים, וואָס איז מיר די ערשטע צייט געווען אַזוי ווייט און פרעמד, איז מיר געוואָרן נאָנט און ליב און איך זאָג נישט ווי אַנדערע, אַז דאָ איז מיין צווייטע היים, נאָר מיינע קינדער האָבן מיר דאָ געשאַפן מיין ערשטע, גליקלעכע היים...



ענריקע קאַמערמאַן

# מיין שטעטל סאַמבאָר



אַ שטיקל צייט, האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך זיך אונטערנעמען באַשרייבן מיין אַלט, ליב, היימשטעטעלע סאַמבאָר, צי נישט. נאָר ווען איך האָב זיך ארומגעזען, אַז סאַמבאָר האָט דאָ כמעט נישט קיין אַנדערן פאָרשטייער, האָב איך געפילט, אַז אויף מיר ליגט דער חוב, אַז דער אָנדענק פון סאַמבאָר זאָל אויך אריינקומען אין „פנקס גאַליציע" און דער אַרגומענט האָט מיך באַוואויגן צו שרייבן.

כדי נישט צו פאַרנעמען צופיל פלאַץ מיט מיין פאָרוואָרט, מ'רעט איך גלייך צו צום עיקר:

**געאָגראַפיש:** ליגט סאַמבאָר אין סאַמע צענטער פון מזרח-גאַליציע, פיר שעה באַן-רייזע פון לעמבערג, כמעט אָנגעשפאַרט אָן די קאַרפאַטן-בערג, וואו דער קרישטאַל-שיינער „דניעסטער" שווענקט זיינע ברעגן און גיט דעם שטעטעלע דעם אויסזן פון אַ האַלב-אינדזל.

**טאָפּאָגראַפיש:** איז די שטאָט צונויפגעשטעלט פון צוויי טיילן: דער צענטער און די „בלייך". דער צענטער שטייט אויפן הויכן טייל און די „בלייך" ליגט אין נידעריקן טייל, צום וואַסער-צו, אַזוי ווי עס פאַסט זיך פאַר דעם אָרימערן טייל... דער נידעריקער טייל פון סאַמבאָר, די „בלייך", איז ענלעך צום אַראַבישן פערטל אין ירושלים.

איך וויל דאָ אויך באַמערקן, פאַרוואָס מען האָט דעם נידעריקן טייל פון סאַמבאָר גערופן „בלייך". דאָס וואָרט „בלייך" איז אַ דייטש וואָרט, וואָס מיינט — קלאָר. און דער נאָמען בלייך איז פאַר דעם טייל סאַמבאָר נאָך געבליבן פון דער צייט פון אַכצנטן יאָרהונדערט, ווען די פרייסן האָבן געהאַט פאַרנומען מזרח-גאַליציע און זיי האָבן אין דעם נידעריקן טייל פון שטעטל געשאַפן אַ געטאָ פאַר די אידן און די אידן אין געטאָ האָבן זיך פאַרנומען מיט בלייכן לייוונט, די איינציקע אַרבעט, וואָס די פרייסן האָבן דעמאָלט דערלויבט פאַר די אידן אין געטאָ.

**קאָמערציעל:** אַ סך קליינע געוועלבלעך. די סחורות זיינען געקויפט געוואָרן אויף קרעדיט, אויף וועקסלען, ווייל קיין אייגענע קאַפּיטאַלן האָט קיינער נישט געהאַט. יעדער סוחר האָט פאַרמאָגט דאָס, וואָס ער איז שולדיק געווען און טאָמער האָט מען

געזאָגט איף איינעם, אַז ער איז אַ גביר, האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז ער איז מער שולדיק; און אויב איינער האָט שוין געפירט גאָר גרויסע געשעפטן, האָט מען שוין געוואוסט, אַז ער איז זיבער שולדיק צוויי מאָל אַזוי פיל וויפיל ער פאַרמאָגט...

אַזוי איז עס געווען און עס האָט גאָרנישט אויסגעמאַכט. מען האָט געפירט גע־שעפטן און גע׳מסחרט אין סאַמבאָר.

**עקאָנאָמיש:** האָט זיך בכלל געלעבט נישקשה. דער רייכערער האָט געלעבט פון אָרימען און דער אָרימער — פון דער אַרבעט. געגעסן האָבן אַלע; איינער ברויט און אַן אַנדערער — געבראָטענע הינדלעך. בעסער געזאָגט: איינער האָט געגעסן איינמאָל אין טאָג און דער צווייטער פיר מאָל; פונקט ווי מיטן דאַווענען: איינער האָט אַ סך געדאַוונט און דער צווייטער — אַ סך געגעסן; בקיצור, די אידן, וואָס האָבן געגעסן פיר מאָל אין טאָג האָבן גע׳דאַוונט איינמאָל און די, וואָס האָבן פיר מאָל גע־דאַוונט, האָבן געגעסן איינמאָל.

פונדעסטוועגן, קיין ליגע קעגן טובערקולאָז האָט סאַמבאָר נישט פאַרמאָגט, ווייל מען האָט דאָרט אַזאַ ליגע קיינמאָל נישט באַדאַרפט. די מענטשן זיינען געווען געזונט.

**ווירטשאַפטלעך:** איז סאַמבאָר געווען אַ באַצירק־שטאָט, דאָס הייסט, אַ קרייז־שטאָט מיט אַן אייגן געריכט, אַן אייגענע תפיסה און אַן אייגענעם שטייער־אַמט און אַ סך אַנדערע רעגירונגס־אינסטיטוציעס, וואָס האָבן קאָנטראָלירט דאָס ווירטשאַפט־לעכע לעבן פון גאַנצן באַצירק.

די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון אַ צוואַנציק טויזנט פערזאָן, זעכצן טויזנט אידן און פיר טויזנט גוים, פון וועלכע צוויי טויזנט האָבן געהאַט רעגירונגס־פּאָסטנס און די אַנדערע צוויי טויזנט האָבן גע׳האָרט אַז — די ערשטע צוויי טויזנט זאָלן שטאַרבן, כדי ז י י זאָלן קאָנען באַקומען די פריי־געוואָרענע פּאָסטנס...

**פּאָליטיש:** אין פראַנץ יאָזעפס צייטן, האָט פּאָליטיק נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג אין סאַמבאָר. קיין ארבעטער־באַוועגונג האָט נישט עקזיסטירט, ווייל דאָרט האָבן די מענטשן נישט געאַרבעט, נאָר געהאָרעוועט. „ציוניזם" האָט מען עפּעס יאָ געהערט, אָבער עס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין גאַנבאַרער אַרטיקל. די איינציקע זאַך פון „ציון", וואָס איז אין די צייטן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגעגאַנגען אין די קליינע גאַליציאַנער שטעטלעך, איז געווען — ר' מאיר־בעל־נס־פּושקע...

די איינציקע זאַך, וואָס האָט אַמאָל יאָ אויפגעטרייסלט די אידישע באַפעלקע־רונג, זיינען געווען די וואַלן צום עסטרייכישן סענאַט און שפּעטער — פּאַרלאַמענט אין ווין.

געוויינלעך, איז דער קאַנדידאַט געווען אַ גראַף און מערסנטיילס, אַ גראַף פּאָ־טאָצקי, און ווען מען האָט אַמאָל אויסגעשטעלט אַ צווייטן גראַף אַלס קעגן־קאַנדי־דאַט, איז דער קליגערער קאַנדידאַט אַוועק אין הויף צו אַ רבין, און די חסידים האָבן דערנאָך געשטימט פאַר דעם קאַנדידאַט, וואָס דער רבי האָט געהייסן. און טאָמער איז איינער נישט געווען קיין חסיד, האָט מען אים געגעבן אַ פינפערל, האָט ער שוין געשטימט פאַר וועמען מען האָט אים געהייסן און ווען איינער איז שוין געווען גאָר אַ גרויסער שייגאָין און ער האָט נישט געוואָלט אַזוי לייכט פאָלגן וואָס דער

רבי הייסט, נו, האָט מען אַזאַ איינעם געגעבן אַ גאַנץ צענערל און ער האָט שוין געפּאָלגט דעם רבין...

אָט אַזוי האָט מען אין סאַמבאָר, אין די צייטן פון קייזער פראַנץ יאָזעף, גע־לעבט פּאָליטיש, אין „מאָדערנעם" וועלטלעכן זין...

## לאָקאַלע פּאָליטיק

זעט איר, אויפן געביט פון לאָקאַלער פּאָליטיק, האָט זיך אונדזער שטאָט גאָר באַזונדערס אויסגעצייכנט. אין לאָקאַל־פּאָליטישער רייפקייט, האָבן זיך די סאַמבאָ־רער חסידים גאָרנישט געהאט צו שעמען קעגן אַנדערע שטעט, פאַרקערט, די סאַמ־באָרער חסידים זיינען דווקא געווען גאָר שאַרפע פּאָליטיקער, ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט אין ווילן אַ גבאי אין אַ שיל, אָדער אַ רב פאַרן שטעטל, דעמאָלט איז אַלץ געגאַנגען כּאָדאָרעם, און ווען רייד פון די אַגיטאַטאָרס האָבן נישט געהאָלפן, האָט מען נישט געזשאַלעוועט מיט דערלאַנגען פּעטש און אַנדערע שלאַגנדיקע אַרגומענטן און וועלכער צד עס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מער שלאַגנדיקע אַרגומענטן, דער צד האָט געוואונען די וואַלן.

## חסידיזם און פאַנאַטיזם

ווען מען באַרירט היינט די פראַגע פון חסידיזם און פאַנאַטיזם, ווערט באַלד פון זיך אַליין געבוירן אַ צווייטע פראַגע, נעמלעך, — ווען מענטשן האָבן זיך פאַרנומען מיט דאַוונען צוויי מאָל אין טאָג; לייגן צוויי פּאָר תפילין; זאָגן תהילים; לערנען משניות; בענטשן אתרוג; קלאַפּן הושענאָס; ציילן ספירה; פּראַוען „ל"ג בעומר"; שיקן „משלוח־מנות"; בענטשן חנוכה־ליכט; מחדש זיין די לבנה; אַכטונג־געבן אויף דער כשר'קייט פון די ציצית אין טלית־קטן; מאַכן הבדלה און נאָך אָפּהיטן אַזעלכע קנאַפּע זעקס הונדערט אַנדערע מצוות, ווען און ווי אַזוי האָבן נאָך די מענטשן צייט געהאט צו טראַכטן וועגן פּרנסה? און ווען האָבן זיי בכלל געהאט צייט צוטראַכטן וואו נעמט מען אויף שבת?

איך טראַכט אַמאָל, ווען דאָ ביי אונדז אין דער נייער היים, ווען עמיץ זאָל וועלן אָפּהיטן כאָטש אַ טייל פון די אַלע זאַכן, ווי אַזוי וואָלט ער זיך עפּעס אַן עצה געגעבן און פון וואַנען וואָלט ער גענומען אויף שבת?

און ווען מען רעדט שוין וועגן שבת, מוז מען דערמאָנען אַ שבת אָדער אַ יום־טוב אין אַ גאַליציאַנער שטעטל, וואָס איז ממש געווען צום באַוואונדערן און אין דעם זין, האָט שוין אַפילו דער גרעסטער אידישער גביר אין אַמעריקע נישט קיין מעגלעכקייט נאָכצומאַכן דעם גאַליציאַנער פרומען אידן, נישט מיט יענעמס אָפּזינגען אַ שלום־עליכם, נישט מיט אַזאַ „אשת־חיל" און נישט קידוש־מאַכן און זמירות זינגען, נאָר אַפילו מיט די מאכלים אויך נישט... אין סאַמבאָר האָבן דאָך די אידן אין די שבתים און ימים־טובים גערעדט מיט גאָט אַליין! די מאכלים זיינען דאָך געווען ביים אידן אין שטוב און כ'איז נאָר געווען אַ שאָד, וואָס מ'האָט אין סאַמבאָר שבת נישט געטאָרט

ריידן וועגן געלט, ווייל אַנדערש וואָלטן סאַמבאָרער אידן געהאַט די בעסטע געלעגנ־הייט צו בעטן ביי די מלאכים אַ פּאָר רענדלעך אויף אַ וועקסל...

אָבער סאַמבאָרער אידן האָבן שבת נישט באַדאַרפט טראַכטן וועגן געלט, סאַמ־באָרער אידן האָבן געהאַט בטחון און גאָט וויים אַליין וועמען און וויפיל ער דאַרף געבן און ער גיט טאַקע, און אויב ער גיט איינעם צופיל און דעם צווייטן גאָרנישט, ווייס ער דאָך אוודאי וואָס ער טוט און קיין קשיות וועלן דאָ נישט העלפן, דאַרף מען זען און זיין נאָך פרומער און גאָט וועט שוין אוודאי העלפן...

## קולטור און גייסט

זעט איר, אויף די געביטן פון קולטור און גייסטיקייט, איז סאַמבאָר געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע שטעט. דאָרט האָט זיך געפונען כמעט די גרעסטע אינ־טעליגענץ, ווייל די שטאָט האָט פאַרמאָגט גאַנצע דריי גימנאַזיע־שולן, צוויי לערער־סעמינאַרן און די בעסטע האַנדלס־שולע פון גאַנץ גאַליציע. דאָרט פלעגן זיך פאַר־זאַמלען שילער פון אַלע שטעטלעך פון אַרום, אויף דורכצומאַכן די מיטלשולע און, פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ שפע פון סטודענטן, האָט אוודאי נישט אויסגעפעלט קיין קולטור און בילדונג און אויב איר וועט אַמאָל טרעפן עמיצן, וואָס קאָן זיך אונטער־שרייבן מיט לאַטייניש בוכשטאַבן, זאָלט איר וויסן, אַז ער האָט אוודאי שטודירט אין סאַמבאָר...

## כאַראַקטעריסטיק

און איצט, אַ קליינע כאַראַקטעריסטיק פון די סאָציאַלע קלאַסן אין אונדזער שטעטעלע סאַמבאָר.

די באַפעלקערונג אין שטאָט האָט זיך געטיילט אין פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן: חסידים, פאַנאַטיקער, אויפגעקלערטע, מאָדערנע און אַסימילאַנטן. אָבער אין רעלי־גיעזן זין, זיינען אַלע געווען פרום־גלויביקע און יעדער האָט געהאַלטן פון אַ רבין און רבנים האָבן ביי אונדז נישט געפעלט. אין דעם זין פון רבנים, איז סאַמבאָר געווען איינע פון די באַקאַנטסטע שטעט, ווייל פון דעם סאַמבאָרער הויף, האָט געשטאַמט די הויפּט־דינאַסטיע פון ר׳ אהרעלעס פאַמיליע, דאָס הייסט פון דעם סאַמבאָרער צדיק ר׳ אהרעלע, וואָס אַלע אַנדערע רבנים שטאַמען פון דעם הויף.

ביי אונדז אין סאַמבאָר זיינען געווען אַזוי פיל רבנים, אַז עס האָט ממש נישט געקלעקט קיין אידן, אַז מען זאָל קאָנען מאַכן אַ מנין ביי יעדן רבין באַזונדער... און אַדאַנק דעם אויבערשטנס הילף, וואָס יעדער רבי האָט געהאַט ביי זיך עטלעכע איי־דעמס אויף קעסט, האָט מען שוין געהאַט אַ מנין און מען האָט געקאָנט פּראַווען אַ טיש ווי עס באַדאַרף צו זיין.

וועט איר דאָך אפשר וועלן פרעגן, פון וואַנען האָבן אַזוי פיל רבנים אין אַזאַ קליין שטעטל גענומען אויף צו לעבן? נו, אויף דעם זיינען דאָך פאַראַן חסידים. און טאָמער וועט איר וועלן פרעגן, פון וואַנען האָבן חסידים גענומען געלט, וויבאַלד זיי

האָבן נישט געאַרבעט? זאָג איך אייך, אַז פאַר דעם האָט שוין אויך גאָט געזאָרגט און ער האָט באַצייטנס באַשאַפן ווייבער און די ווייבער פלעגן שוין אין סאַמבאַר אַרבעטן, פירן געשעפטן, האַנדלען אין מאַרק און געבן פרנסה...

איך געדענק, אַז אַפילו אין די גרעסטע פרעסט, פלעגן די אידענעס נישט פעלן מיט זייערע שטעלעכלעך און בוידן אין מאַרק, ווייל מען האָט דאָך געמוזט זוכן פרנסה! נו, און אַז עס איז קאַלט, איז וואָס? — מאַכט מען „קאַלעפאַקסיאָן” אויף אַ פרימיטיוון שטייגער, מען נעמט אַ טאָפּ און מען שיט אָן אין אים קוילן און מען צעבלאָזט דאָס און מען שטעלט דאָס אַוועק נעבן די פיס און דערנאָך זעצט מען זיך אַזוי אַוועק, אַז דאָס קלייד פאַרדעקט דעם טאָפּ און אָט איז שוין דאָ קאַלעפאַקסיאָן... און עס וואָלט נישט געשאַדט, ווען וויסנשאַפטסלייט זאָלן אויספאָרשן, צי די אַלע היינטיקע אידישע היץ־קעפּ, שטאַמען נישט אַמאָל אַלס רעזולטאַט פון יענע פרימיטיווע קאַלעפאַקסיאָנען...

אָבער נישט דאָס בין איך אויסן; איך וויל דאָ נאָר דערמאָנען, אַז די ווייבער האָבן געגעבן פרנסה אי פאַר די מענער און קינדער און אי פאַר די רבנים, אמת, מ׳ער

---

## גראָטעסקע קונסט־בילדער פון אידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציע

— 6 —



די מענער אויף איין זייט
און פרויען אויף צווייטער,
די כלי־זמר, זיי שטייען
אינמיטן;
דער בדחן וואָס שטייט
אינדערהויך אויפן בענקל,
הויבט אָן זיינע גראַמען
צו שיטן.

די כלה וואַרפט בליקן
אהין צו די מענער,
זי זוכט, וואו עס זיצט איר
באַשערטער;
דער בדחן מאַכט פריילעך
מיט גראַמען און וויצן
אַז ס׳הויבט ממש אויף פון
פון די ערטער...

פאַר די רבנים ווי פאַרן מאַן מיט די קינדער און דעריבער האָבן טאַקע די רבנישע קינדער געלעבט דעם בעסטן גוטן טאָג.

## מאָדערניזם

פונדעסטוועגן, ערנסט גענומען, האָט סאַמבאָר אָנגעהויבן זיך אויסצייכענען מיט אַ שיינער, מאָדערנער אידישער יוגנט, וואָס האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן רעוואָלוציאָניזירן דאָס אידישן לעבן מיט נייע אידעאַלן און שטרעבונגען, וואָס זיינען מיט גאָרנישט געווען צוריקגעשטאַנען קעגן אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע.

געווען אויך אַ גרופּע אַסימילאַטאָרן, אָבער זיי זיינען געווען אַ קליין הייפעלע. אָן אַ שום ווירקונג און אָן שום איינפלוס אויפן אידישן לעבן און נאָך דערצו, האָבן זיי זיך אויפגעפירט אַזוי, אַז די אידישע געזעלשאַפט אין סאַמבאָר בכלל, האָט געווייכט פון זיי און די אַסימילאַנטן זיינען געווען ווי אויסגעשלאָסן פון סאַמבאָרער כלל־ישראל. שטעלט אייך פאָר, אַזאַ נבלה, די סאַמבאָרער אַסימילאַנטן האָבן נישט געפאַסט קיין תעניתים, זיי האָבן געגעסן אָן אַ ברכה, מען האָט זיי נישט געזען קיינמאָל דאַוונען און מען האָט אַפילו דערציילט פון עדי־ראיה, אַז זיי האָבן אַליין געזען מיט די אייגענע אויגן, אַז די אַסימילאַנטן רויכערן אום שבת?... נו? האָט נאָך עמיץ אין סאַמבאָר געקאָנט מיט אַזעלכע האָבן אַ שייכות?

אָט אַזוי איז געווען מיין שטעטעלע סאַמבאָר מיט אַ דרייסיק־פערציק יאָר צוריק, ווייל איך געדענק די זאַכן פון די יאָרן 1900 ביז 1915, און דערנאָך, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך געהאַט ידיעות, אַז אַלץ האָט זיך געענדערט אין סאַמבאָר, אַז די יוגנט האָט זיך געגרייט צו אַ ניי לעבן, אַ טייל האָט מיר נאָכגעטון און זיך אוועקגעלאָזן איבער ווייטע ימען, קיין ארץ־ישראל אָדער קיין אַמעריקע און אַ טייל האָט געקעמפט פאַר ליכטיקע אידעאַלן אויפן פּלאַץ און וואָס איז פון די אַלע געוואָרן בעת די זעקס שוידערלעכע קאַטאַסטראָפאַלע יאָרן?...



# קיטעוו, אן איינגעפּאַסטער מאָזאַאיק אין די קאַרפּאַטן

פון **משה קאַסנער**



עס נעמט מיך אַרום אַזאַ וואַרימער געפיל פון דאַנק־באַרקייט צו די איניציאַטאָרן אויף אַרויסצוגעבן דעם „פּנקס גאַליציע”, ווייל נאָר אַדאַנק דעם, האָב איך די געלעגנהייט צוריקצוקוקן צו מיין קינדהייט, צו מיין יוגנט און צו מיין געבורטשטעטל, פון וועלכן איך בין שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג און אַזוי ווייט אַוועק.

שטעלט אייך פאָר; בלויז מיינע נעמען, וואָס זיינען אויף מיינע וואַנדערונגען געוואָרן ווי יתרום נעמען, באַווייזן ווי לאַנג און ווי ווייט איך בין שוין פון מיין געבורטשטעטל. אין דער היים האָב איך געהייסן — משה, שפּעטער האָט מען מיך גערופן — מאָיזשעש; אין עסטרייך, וואו איך בין געקומען אַלס זעכצן־יעריקער בחורל, האָט מען מיך גערופן מאָזעס; שפּעטער, אין בערלין — מאָריץ; אין ענגלאַנד — מאָריס, און היינט היים איך מאָוריסיאָ. פאַרשטייט זיך, אַז דער טרעגער פון אַזוי פיל נעמען, איז אויסגעוועזן אַ וועלט און געזען אַ סך לענדער און שטעט, און דאָך — וואָס פאַראַ וואַרימער געפיל נעמט מיך אַרום, ווען איך דערמאָן זיך אין מיין קליינעם, אָבער שיינעם ציכטיקן שטעטעלע, מיין יחוסדיק שטעטעלע — קיטעוו, אָדער ווי אידן פון דער געגנט און נאָך מער די בעל־שעמסקע אייניקלעך האָבן עס גערופן — „כי טוב”, ווייל פון דאָרט האָט דער בעל־שם אויסגעקליבן זיין באַשערטע לעבנסבאַ־גלייטערן, ר׳ גרשון קיטעווערס שוועסטער...

## ווי אַזוי איך געדענק מיין קיטעוו

קיטעוו איז געלעגן צופוסנס פון די קאַרפּאַטן און דאָס שטעטעלע האָט אויסגע־זען אַזוי ווי אַן אריינגעבויטער מאָזאַאיק אין די בערג.

אין קיטעוו האָבן געלעבט אַ דריי טויזנט אידישע נפשות און כמעט אַלע האָבן גוט געלעבט, אַדאַנק דעם האָלץ־האַנדל און פּי־צוכט.

אַלס אינגל האָב איך געפלעגט אַ סך פרייע שעהן פאַרברענגען ביים ברעג פון טייך „טשערעמאָש”, און צוקוקן זיך, ווי עס קייקלען זיך אַראָפּ פון די אַרומיקע בערג די אויסגעהאַקטע ביימער און זיי קייקלען זיך אין טשערעמאָש אַריין און דער שטראָם כאַפּט זיי אויף און וויל זיי פאַרשלעפּן, אָבער אַרבעטער שטייען גרייט און זיי בינדן

די בוים-סלופעס איינס צום אַנדערן און עס הערט פון זיי „ספּלאַווועס" (טראַטוועס) און די טראַטוועס שווימען־אָפּ מיטן שטראָם איבער רומעניע קיין רוסלאַנד צו דעם שוואַרצן ים...

דער גאַנצער האָלץ-האַנדל פון קיטעוו און אומגעגנט, איז געלעגן אין אידישע הענט. אידן האָבן געקויפט און געפּאַכטעט גאַנצע שטיקער וועלדער, מיט וועלכע די אַרומיקע קאַרפּאַטן-בערג זיינען געווען אַזוי רייך באַצירט און אַרום דער האָלץ־בראַנזשע האָבן געאַרבעט פאַרשידן-גראַדיקע אַנגעשטעלטע, כמעט אין די גאַנצע הונדערט פּראָצענט אידן. אַזוי איז די האָלץ-בראַנזשע געווען אַ וויכטיקע צייל פון עקאָנאָמישן לעבן פון די קיטעווער אידן.

די צווייטע וויכטיקע צייל פון עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד פון קיטעווער אידן, איז געווען די פּי-צוכט.

אַ חוץ די געדיכטע וועלדער, האָבן די קאַרפּאַטן-בערג אַרום קיטעוו פּאַרמאַגט אויך אַ סך שטרעקעס באַצירטע פעלדער מיט גרינע פעטע פּאַשע און אידן האָבן געקויפט אָדער אַרענדירט די פּאַשע-פעלדער, אַרויפגעלאָזן אַהין מאַגערע קי און אָקסן, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט אין אַנדערע געגנטן און די קי און אָקסן האָבן שנעל אויף זיך גענומען און פעט געוואָרן און די פּי-סוחרים האָבן איינגעאָרדנט צוויי ירידים דורכן יאָר, די ירידים זיינען פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרן אין עסטרייך און בעהמען און עס זיינען געקומען אָקסן-סוחרים פון עסטרייך און בעהמען און אַרום די אָקסן-סוחרים האָבן געהאַט באַשעפטיקונג אָקסן-טרייבער, מעקלער און סתם אַרבעטער און די אַלע זיינען פּונקט אַזוי ווי די צוכטער און פאַרקויפער פון די בהמות — געווען אידן.

און אַזוי האָט מען זיך געוועדטלט אין קיטעוו, אַז — וואָס מער מאַגערע בהמות מען שיקט אַרויף אויף די אַרומיקע בערג און וואָס מער פעטע בוימער מען וואַרפט אַראָפּ פון די אַרומיקע בערג, אַלץ מער שפע און פרנסה איז פאַראַן פאַר אידן אין קיטעוו...

## דער גייסטיקער פאַרמעגן פון קיטעוו

האָב איך שוין דערמאָנט דעם עקאָנאָמיש - מאַטעריעלן וואוילשטאַנד פון מיין שטעטל, וויל איך שוין אויך דערמאָנען דאָס גייסטיקע, וואָס האָט זיך זיכער נישט געהאַט וואָס צו שעמען קעגן אַנדערע גאַליציש-אידישע שטעט און שטעטלעך.

קודם, דער יחוס אַליין, דער פאַקט, אַז דער בעל-שם-טוב האָט געפּראַוועט זיינע התבודדות אויף די בערג אַרום קיטעוו און אַז אַ ווייב האָט ער גענומען פון קיטעוו. אָזאַ יחוס אַליין, מוז האָבן אַ געוויסע גייסטיקע ווירקונג אויף נאָכקומענדיקע דורות.

געדענק איך דאָך נאָך אַליין, ווי קיטעווער אידן און נישט נאָר קיטעווער גופא, נאָר אידן פון דער נאָענטער און אפילו ווייטער געגנט, זיינען געקומען צו דער „קערניצע", וואָס ליגט צווישן קיטעוו און קאָסעוו זיך טובל זיין, ווייל דאָרט האָט זיך ר׳ ישראל בעל-שם-טוב געטובלט.

נישט ווייט פון דער „קערניצע" האָט זיך אויפגעהאַלטן אַן אויפזעער, וואָס האָט געצויגן היפשע הכנסות, פאַר די דערלויבענישן צו האָבן די זכיה זיך צו טובלען אין

זעלבן וואַסער, וואו דער בעל־שם האָט זיך אַמאָל געטובלט.

די גייסטיקע ווירקונג נאָך פון אַלטע צייטן, האָט זיך אויך געפילט אין די חדרים וואו איך האָב געלערנט.

ווען איך האָב געלערנט ביי ר׳ מאיר מלמד, האָב איך געהערט ווי די קינדער האָבן באַדויערט, פאַרוואָס ר׳ מאיר האלט נישט קיין באהעלפער, אַזאַ ווי דער בעל־שם איז געווען; און אינגלעך האָבן געפלעגט דערציילן די געהערטע מעשות וועגן בעל־שם, ווען ער איז נאָך געווען אַן אָרים אומבאַקאַנט באַהעלפערל, ווי ליב ער האָט געהאַט די קינדער און וואָס מער מען האָט געהערט וועגן דעם גוטן באַהעלפערל פון אַמאָל, אַלץ מער פיינט האָט מען באַקומען דעם ר׳ מאיר מלמד פון היינט, וועלכער שלאָגט די קינדער מיט אַ גראָב שטיק האָלץ אַזוי ווי פּשוטער רוצח...

דער מלמד ר׳ מאיר, איז געווען אַ הויכער דאַרער איד מיט אַ פייערדיק־רויטער באָרד מיט שטרענגע בליקן, וואָס האָבן ווי אַרויסגעשפּיזט פון אונטער געדיכטע רויטע ברעמען און ווען איך האָב דערנאָך אין מיינע יונגע יאָרן געחלומט וועגן וואַלד־גזלנים, האָב איך אין יעדן וואַלד־גזלן דערקענט אַ שטיק פון מיין מלמד ר׳ מאיר...

אָבער אויב איך האָב נישט געהאַט קיין באהעלפער אַזאַ ווי עס איז געווען דער בעל־שם, האָב איך דערנאָך אין דעם גמרא־מלמד ר׳ מעכעלע געזען אַ גרויסן צדיק.

ר׳ מעכעלע איז געווען די גוטסקייט אַליין און מיר, די תלמידים, זיינען גרייט געווען צו שפּרינגען פאַר אים אין פייער און אין וואַסער. ר׳ מעכעלע האָט אונדז געלערנט נישט בלויז דעם טייטש פון דער גמרא, נאָר פאַרשטיין און פילן דעם טיפן תוך פון לערנען און לאָמיך נאָך אַזוי פיל יאָר אויסזאָגן דעם סוד — ר׳ מעכעלע האָט מיט אונדז געלערנט דיקדיק, ער האָט געקוקט דורכן פענצטערל צי עס גייט נישט עמיץ צו־נאַסט און ער האָט אַרויסגענומען אַ „ביאור" און ער האָט מיט אונדז אַ קנעל־געטון אַ שטיקל „מורה נבוכים" און איך האָב געזען ווי ער האָט בגנבה אַ לייען־געטון די „הצפירה" און דעם „המגיד" און, פאַרשטייט זיך, אַז אַזוי לאַנג גייט דאָס קריגעלע אויפן וואַסער ביז עס פאַלט אריין, אַזוי איז אויך ר׳ מעכעלע אריינגעפאַלן, מען האָט זיך דערוואוסט זיינע מאָדערנע געננג און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סומאַטאָכע, אַ טייל האָבן געשריען, אַז ער וועט אויסשמדן די קינדער און אַנדערע אידן האָבן אים פאַרטיידיקט און ר׳ מעכעלע האָט אַלץ אָנגענומען פאַר ליב, ער האָט זיך ווייטער פילאָזאָפירט און געלערנט חקירה־ספרים און געזוכט צו פאַרייניקן תורה מיט חכמה און דעת און זאָל זיין מיט איין „באַראַבולע" (קאַרטאָפלע) וויניקער, אַבי מען פאַרשטייט דעם „ומותר האדם מן הבהמה"...

## אַ זיבן־יעריקע מלחמה צוליב אַ רב

עס איז נישט קיין נייעס, אַז אידישע שטעטלעך בכלל און אין גאַליציע בפרט, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט מחלוקת צוליב אַ רב, אַ שוחט אָדער אַ חזן און אויב נישט וועגן די דאָזיקע, האָט מען גוזר טענות געווען, עס זאָל קומען עפּעס אַן אַנדער סבה, ווייל אָן אַ מחלוקת האָט מען אין די קליינע שטעטלעך ממש געקאָנט אויסגיין פון לאַנגווייליקייט...

און ווער שמועסט אַזאַ שטעטל, וואו אידן האָבן געהאַט פּרנסה בריוח, האָט מען אוודאי געזוכט געלעגנהייטן ווי אַזוי זיך צו קאָנען אויסלאָדענען די „לטובת הכלל געפילן״ און אַ מחלוקהלע איז געווען די בעסטע געלעגנהייט.

און די קיטעווער אידען איז עס דאָך זייער גוט געגאַנגען און עס איז שוין געווען אַביסל צו־גוט, האָט גאָט געהאָלפן, אַז דער אַלטער רב און דער אַלטער דין, ביידע זיינען ר״ל נפטר געוואָרן אין אַ קורצער צייט און ביידע האָבן איבערגעלאָזן זין, דער רב האָט איבערגעלאָזט זיין זון ר׳ חיימל געלערנטער און דער דין האָט אי־בערגעלאָזט אַלס יורש ר׳ יעקבן, אָדער יאַנקל שור.

האָבן זיך אַ טייל קיטעווער תושבים גענומען אַגיטירן, אַז כאָטש דער רב האָט איבערגעלאָזן אַ זון, פונדעסטוועגן, דאַרף מען דעם דינס זון, יאַנקעלען, איבערגעבן ראָס רבנות און זאָל חיימל געלערנטער זיין דין אויף יאַנקלס פּאַטערס פּלאַץ.

האָבן אַנדערע אידען געטענהט: — ס׳טייטש? וואו ליגט דאָ דער שכל? פאַר־וואָס עפּעס איבערקערן דעם סדר־עולם? פאַרוואָס עפּעס דעם רבס זון מאַכן פאַר דין און דעם דינס זון פאַר אַ רב? מאי קא משמע לן?

טענהן די אָנהענגער פון יאַנקל שור, אַז —אַזוי איז עס און סתם מקשן — עם הארץ...

ווערט שוין אַ שטיקל גערודער. — ס׳טייטש, ווער איז אַן עם־הארץ? און אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, מאַכט זיך דערפון אַ קוואָרט; און אין די אַלע 25 בתי־מדרשים פון קיטעוו און אַפילו אין דער גרויסער שיל, טוט זיך שוין אויף טיש און אויף בענק און מען פאַרגעסט שוין, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן צוויי פּאָסטנס, וועגן ירושה־פּאָס־טנס פון רב און דין, נאָר מען רעדט שוין בלויז וועגן רב און קיטעוו איז געטיילט אין צוויי לאַגערן און איין לאַגער האַלט, אַז נאָר יאַנקל שור איז ווערט צו [illegible] רב אין דער קיטעווער קהילה און דער צווייטער לאַגער באַווייזט ממש שוואַרץ אויף ווייס אַז נישט נאָר וואָס דער רב האָט איבערגעלאָזן אַ ממלא־מקום, נאָר ר׳ חיימל געלערנטער פּאַסט אַ סך בעסער אַלס רב צוליב זיין גרויס[illegible] און פרומקייט און נאָך אַנדערע פּערזענלעכע מעלות טובות

די מלחמה, אָדער ווי די חסידים האָבן אָנגערופן: עס קאַמף פאַר זייער רב — די „מלחמות־מצוה״ האָט זיך געצויגן גאַנצע זיבן יאָר און זי האָט זיך פון צייט צו צייט אַזוי שטאַרק צעפלאַקערט, אַז קיטעוו האָט זיך געטיילט אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן, וואָס איין לאַגער האָט זיך מער נישט געוואָלט משדך זיין מיטן צווייטן און די שחיטה פון אַ שוחט פון איין לאַגער איז געאסרט געוואָרן פון די אידן, וואָס האָבן געהערט צום צווייטן לאַגער און איינמאָל איז עס אַפילו געקומען צו אַן אמתן פי־זישן קאַמף, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט בלוט־פאַרגיסונג און פאַרוואונדעטע. און דעמאָלט האָט פּאָליציי אינטערוועגירט און עס זיינען געווען אַרעסטירטע און עס האָט זיך געצויגן אַ פּראָצעס און אַ היפּש ביסל קיטעווער היציקע אידן זיינען פאַר־אורטיילט געוואָרן צו קורצע און לענגערע טערמינען (ביז זעקס חדשים) תפיסה און ערשט דעמאָלט האָבן זיך קיטעווער אידן געכאַפּט, אַז זיי זיינען פאַרקראָכן צו־ווייט מיט זייער מחלוקה און מען האָט געשלאָסן אַ שלום, באַשטימענדיק, אַז ביידע רבנישע זין, סיי ר׳ חיימל געלערנטער און סיי ר׳ יאַנקל שור, זאָלן פאַרנעמען די כסא־הרבנות.

פארשטייט זיך, מיט א פענסיע בלויז פאר איינעם, וואס דארף געטיילט ווערן פאר ביידע, און אזוי איז איינגעשטעלט געוואָרן א שלום אויפן חשבון פון די צוויי רבנים, וואס האָבן באדאַרפט לעבן פון האַלבע פענסיעס...

## חסידים און מתנגדים אין קיטעוו

די מלחמה וועגן רב האָט בלויז געדויערט זיבן יאָר, אָבער די קעגנערשאַפטן צווישן די חסידים און מתנגדים האָט זיך געצויגן, דוכט זיך, פון אייביקע צייטן, טאָקע פון בעל־שם־טובס צייט, ווען ר׳ גרשון קיטעווער האָט אַרויסגעוויזן זיין גרויסע קעגנערשאַפט צום שאָפער פון חסידיזם.

געווען אין קיטעוו חסידים פון אַלערליי רביים, געווען וויזשניצער, סאַדיגערער, באיאַנער, קאָסעווער, הוסיאַטינער און בעלזער חסידים; די אַלע חסידים האָבן זיך אויך גאַנץ פיין געקריגט צווישן זיך, זיי האָבן זיך געטיילט אין גרופּעס און געהאַט זייערע פינפאַונצוואַנציק בתי־מדרשים און שטיבלעך, אָבער ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט צו באַקעמפן די מתנגדים, דעמאָלט האָבן זיך אַלע חסידים פאַראייניקט צו דעם הייליקן קאַמף.

די מתנגדים האָבן זיך געוויינלעך גרופּירט און געפּלעגט זייער אידישקייט אין דער גרויסער שיל, וועלכע מיין זיידע ר׳ שלום קאַסנער האָט אויפגעבויט.

## מיינע באַזוכן אין קיטעוו

ווי לאַנג עס האָבן נאָך מיין אָפּפאָרן פון קיטעוו אָנגעהאַלטן די קעגנערשאַפטן צווישן חסידים און מתנגדים, דאָס ווייס איך נישט, איך ווייס נאָר, אַז בעת מיינע שפּעטערדיקע באַזוכן קיין קיטעוו, האָב איך כסדר געטראָפן א לאָיאַלערע באַציאונג פון איין צד צום אַנדערן.

אַוועק בין איך פון קיטעוו אין 1902, איך בין, ווי שוין דערמאָנט, אויסגעוואַנדערט אין א וועלט, אָבער כסדר האָט מיך געצויגן אַהיים, אין מיין געבורט־שטעטעלע צופוסנס פון די „קליינע אַלפּן", ווי מען האָט אין בערלין אָנגערופן די קאַרפּאַטן־בערג און יעדעס מאָל, ווען איך בין געווען אין קיטעוו, האָב איך זיך אָנגענומען מיט נייעם מוט און מיט די ברכות פון מיינע עלטערן האָב איך זיך געלאָזן צוריק קיין בערלין.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך שוין געטראָפן אַן אַנדער קיטעוו, א האַלב־פאַראָרימטע, די גרויסע שטייערן און די שווערע לעבנס־באַדינגונגען האָבן א סוף געמאַכט צו די ספּעציפישע אידישע מחלוקתן, די שיל, וואָס מיין זיידע האָט אויפגעבויט, האָט אויסגעזען זייער אָרים און פאַרלאָזן אויסערלעך, כאָטש אינערלעך איז זי נאָך געווען זייער שיין און רייך אויסגעשטאַט און יעדע עטלעכע יאָר שפּע־טער, האָב איך געטראָפן קיטעוו מער טרויעריק, א סך פון די האָלץ־סוחרים זיינען אונטערגעגאַנגען צוליב די גרויסע שטייערן און מען האָט מער נישט געזען פאָלן די ארומגעשניצטע בוימער פון די בערג אין טשערמאָש אריין, און די אָקסן־סוחרים זיינען אויך מער נישט געווען, ווייל די עקספּאָרטן קיין עסטרייך און בעהמען האָבן אויפגעהערט און אין יאָר 1931, ווען מיין מוטער ע״ה איז געשטאָרבן, האָב איך

דערפילט איהר לעצטן וואונטש און איבערגעלאָזן פאַר דער קיטעווער קהילה 1.500 דאָלאַר, אויף אויסצוצאָלן און אויסצופוצן די שיל, אַז זי זאָל האָבן אויך אַן אויסער־לעכן גלאַנץ.

איך האָב דערנאָך באַקומען ידיעות, אַז די שיל איז אויסגעפוצט געוואָרן, און היינט, האָבנדיק זיך געראַטעוועט פון אומקום, נעמט מיך ארום אַזאַ וואַרימער גע־פיל פון דאַנקבאַרקייט צו די איניציאַטאָרן אויף אַרויסצוגעבן דעם „פנקס גאַליציע", וואָס גיט מיר די געלעגנהייט צו דערמאָנען און פאַראייביקן דעם אָנדענק פון מיין שטעטל קיטעוו און בעת איך דערמאָן מיין קיטעוו, גיב איך מיט ציטערניש אַ טראַכט:

— וואָס איז היינט געוואָרן פון מיין קיטעוו? שטייט נאָך די שיל, וואָס מיין זיידע האָט געבויט און וועלכע איך האָב אין 1931 געלאָזט אויספוצן און באַנייען?...

און וואָס איז מיט די קיטעווער אידן פון די 25 בתי־מדרשים און שטיבלעך גע־וואָרן? . . .



# באַבאַכטונגען פון אַ רייזנדן איבער שטעט און שטעטלעך

פון יוסף קאַרנהייזער



אין גאַליציע, אַז מען האָט געפרעגט ביי אַ רייזנדן־אַגענט, אָדער ווי מען האָט אים דאָרט גערופן — רייזנדער, פון וואַנען ער איז, האָט ער באַלד אָפּגעענטפערט — פון איבעראַל.

מער אויף דער באַן ווי אין זיין היים־שטאָט, און מער אין אכסניות ווי אין זיין היים, מער שמועסן מיט פרעמדע מענטשן צוליב געשעפטלעכן אינטערעס, ווי מיט זיינע אייגענע פאַמיליאַנטן, ווערט דער רייזנדער אַזוי צוגעוואוינט צו דעם איבעראַל, אַז איבעראַל ווערט זיין ווירקלעכע היים.

פונדעסטוועגן, אַזוי ווי איך בין שוין נישט היינט אין גאַליציע און איך בין שוין נישט קיין רייזנדער, און ווייל דער גורל האָט געוואָלט מיך ארויסראַטעווען פון יענער זייט ים, אַז איך זאָל דאָ קאָנען פאַרזעצן מיין לעבן און שטרעבן, וועל איך אייך דערפאַר אויסזאָגן דעם סוד, אַז איך שטאַם פון דעם שטעטל **ליטיוויסק**, וואָס איז געלעגן אַ צען קילאָמעטער ווייט פון איסטעריק.

פון מיין געבורט־פּלאַץ בין איך גאַנץ יונג אַוועק קיין לעמבערג און איך ווייס נישט, צי האָב איך פאַרגעסן, אָדער איז פּשוט נישט געווען וואָס צו געדענקען פון מיין געבורטס־אָרט, איך בין באַלד געוואָרן אַ „לעמבערגער" און אַביסל שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן אַ רייזנדער, בין איך שוין געווען פון איבעראַל.

שילדערן דאָ מיינע איבערלעבענישן און וואָס איך האָב געזען איבעראַל, איז נישט מעגלעך; אויף אַזאַ שילדערן וואָלט איך באַדאַרפט אַ גאַנצן בוך; אָבער עטלעכע שטעטלעך וויל איך יאָ דערמאָנען, עטלעכע שטעטלעך, וואָס האָבן איבערגעלאָזן אין מיין האַרץ אַ וואַרים געפיל פאַר זיי און אין מיין מוח — אנגענעמע זכרונות.

## פ ש ע מ י ש ל אַ ן

אַ מאָדנע געפיל האָב איך געהאַט, ווען איך בין איינמאָל, אין אַ פרייטיק פאַרנאַכט, אָנגעקומען אין שטעטל פשעמישלאַן.

זייענדיק פון אַ פרום אידיש הויז, האָבן מיינע רייזעס נישט באַוויזן אויסצולעשן אָדער דערשטיקן מיינע רעליגיעזע געפילן און קומענדיק אין אַ שטעטל אין אַ פריי־טיקדיקן טאָג, האָב איך זיך געאיילט אָפּצוזוכן אַן אכסניה אָדער האָטעל פון פרומע אייגנטימער, וואו מען דאַרף נישט מורא האָבן וועגן כשרות.

אין פשעמישלאַן, האָב איך נאָך שטאַרקער דערפילט דעם רעליגיעזן דראַנג זיך איינצואָרדנען אין אַ כשרן פּלאַץ, ווייל איך האָב אין פשעמישלאַן געוואָלט נישט בלויז האַנדלען, נאָר אויך באַפרידיקן אַ שטאַרקע נייגעריקייט.

די נייגעריקייט איז באַשטאַנען אין דעם, צי איז עס אמת די מעשה מיטן „נר תמיד" אין „אהל" פון ר' מאירל פשעמישלאַנער.

די מעשה איז זיך געהאַט פאַרלאָפן ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק. אַ וואוילער יונג, אַן אפיקורס, איז אַרום מיט עטלעכע חברים אויף אַ שבתדיקן שפּאַציר און קומענדיק אויפן אידישן בית־עולם, האָט זיך דעם אַפּיקורס געוואָלט רויכערן, האָט ער געדרייט אַ ציגאַר טיטון, אָבער קיין שוועבעלע האָט ער נישט געהאַט. גייען זיי אַזוי שפּאַצירן אויפן בית־עולם, דאָרט האָבן זיי נישט קיין מורא צו רויכערן אום שבת, ווייל קיין פרומער איד קומט נישט דאָרט און די טויטע שווייגן... אָבער נישטאַ קיין שוועבעלע.

גייען זיי אַזוי צווישן די מצבות, ביז זיי קומען אָן צום „אהל" פון ר' מאירל פשעמישלאַנער און דער אפיקורס דערזעט ווי עס לייכט זיך דאָרט אינעווייניק אַ בוימל־לעמפּל, אַ „נר־תמיד" און ער דערפרייט זיך, דער אפיקורס, און ער לויפט שנעל אַריין אין „אהל" און אָט הויבט ער אויף די האַנט מיט דעם ציגאַרעטל און ברענט עס אָן אויפן פייער און אָט וויל ער שוין צונעמען דאָס ציגאַרעטל צום מויל און פאַרציען עס און צעברענען עס, אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס געשען? דער בחור, דער אפיקורס, קאָן מיט דער האַנט נישט באַוועגן... די האַנט איז אים געליימט געוואָרן אויפן אָרט און עס האָבן נישט געהאָלפן קיין דאָקטוירים און קיין בעדער און וויים איך וואָס, דער בחור איז געבליבן מיט דער געליימטער האַנט ביז צום היינטיקן טאָג.

אָט־אָ־די מעשה האָב איך געהאַט געהערט וועגן פשעמישלאַן און איך האָב זייער געוואָלט וויסן צי זי איז אמת.

אָוועקגעשטעלט מיין קופערט מיט מוסטער־קאָלעקציעס פון מאַנופאַקטור־סחורות האָב איך קוים צייט געהאַט צו ריידן אַ פּאָר ווערטער מיטן פרומען באַלעבאָס פון דער אכסניה, וואָס דער באַלעבאָס האָט גערופן האָטעל, דער באַלעבאָס איז שוין געהאַט צוריקגעקומען פון מקוה און ער האָט געאיילט אין קלויז אַריין צום דאַווענען.

איך בין מיטגעגאַנגען דאַווענען.

פאַרן אַריינגאַנג אין קלויז, איז אַהין אָנגעקומען אַ באַקאַנטער איד, וואָס האָט זיך מיט מיר באַקענט אין דעם גרויסן געשעפט אין לעמבערג, וואו איך האָב דער־מאָלט געדינט. דער איד, אַ גרויסער גביר, אַן אייגנטימער פון אַ גרויס שניט־גע־שעפט און, חוץ דעם, האָט ער געהאַט אַ טאַרטאַק און אַ מיל און צו דעם אַלעם איז ער געווען אַ גרויסער חסיד, האָט ער מיך מקרב געווען, איינגעלאַדן מיך איך זאָל שטיין ביים דאַווענען נעבן אים, ביי דער מזרח־וואַנט.

האָב איך די איינלאַדונג אָנגענומען.

שטיי איך נעבן דעם גאַסטפריינטלעכן פּשעמישלאַנער גביר און איך זינג־מיט מיטן בעל־תּפילה דעם לכה־דודי־ניגון און איך פֿאַרענדיק יעדע תּפילה אויפֿן קול, טאַקע אַזוי ווי אַ בעל־תּפילה פֿאַרן עמוד, און איך זע אַז מיין גביר קוועלט אָן פֿון מיר, אַז ער טראַכט נישט וועגן דאַווענען, נאָר וועגן דעם, ווי אַזוי איך דאַוון און דאָס טוט מיר הנאה און איך מאַך עס נאָך בעסער און נאָך העכער און נאָך שענער און דער גביר לאָזט מיך שוין נישט אָפּ, ער נעמט מיך ממש אויף כּח מיט צו זיך צו דער שבתדיקער סעודה און איך זע זיין רחבותדיקע דירה מיט דעם רייך־געדעקטן שבתדיקן טיש, מיט דער שיינער באַלעבאָסטע איינגעהילט אין זיידענעם קאָפּ־טיכל, וואָס איז אויסגעהאָפּטן מיט פּערל און איך זע דעם גבירס טאָכטער, די 17־יעריקע בת־יחידה זיינע, ווי זי קוקט כּסדר בגנבה צו מיר און, נאָכדעם ווי דער באַלעבאָס האָט קידוש געמאַכט, איז ער מיך אויך מכבד מיט אַ כּוס און פֿאַרלאַנגט איך זאָל אויך קידוש מאַכן און איך מאַך קידוש אַזוי ווי מיין פֿרומער טאַטע האָט מיך אויסגעלערנט און איך זע ווי די אויגן פֿון מיין גאַסטגעבער לייכטן און איך זע אויך ווי אַ ראָזעווע רויטקייט שפּרייט זיך אויס אויפֿן פּנים פֿון דעם יונגן מיידל און איך פֿיל ווי עס ציטערט עפּעס ביי מיר אין האַרצן...

איך האָב שוין געמוזט עסן ביים גביר גאַנץ שבת. שבת נאָך טיש, האָב איך גערעדט מיט דבורהלען, דעם גבירס טאָכטער, און זונטיק פֿאַרטאָג, האָב איך געמוזט גיין מיטן גביר צו סליחות (עס איז געווען דער ערשטער סליחות־טאָג) און נאָכדעם ווי דער גביר האָט געהערט ווי איך **קען אַזוי די אַלע** ניגונים און נסחאות פֿון סליחות־זאָגן, האָט ער שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן, ער האָט מיך אַ נעם־געטון ביי דער האַנט און מיר געזאָגט: — יוסף, זאָלסט וויסן, דו דאַרפֿסט זיין מיין איידעם...

איך האָב נאָך אַלץ געזאָגט און אויסגעזונגען די סליחות אויפֿן קול, אָבער געטראַכט האָב איך שוין וועגן עפּעס אַנדערש; איך האָב שוין כּסדר געזען פֿאַר די אויגן די שיינע דבורהלע, ווי זי שטייט ביי דעם רייך־געדעקטן שבתדיקן טיש און וואַרפֿט כּסדר צו מיר די פֿאַרגנבעטע בליקן און ווי זי רויטלט זיך און איך האָב געפֿילט, אַז שטייענדיק אַזוי ביי סליחות נעבן דער מזרח־וואַנט אין שכנות פֿון גביר האָב איך זיך אויך גערויטלט...

און נאָכן אָנבייסן, האָט דער גביר געמאַכט מיט מיר דעם שמועס, זאָגנדיק, אַז ער אַליין וויל זיין דער שדכן, ער האָט אַ געראָטן קינד, עס ליגט פֿאַר איר צוואַנציק טויזנט דאָלאַר נדן און אויב מען דאַרף מער, וועט זיין מער, אַבי דיינע טאַטע־מאַמע זאָלן מסכּים זיין, וועט עס זיין מיט מזל...

און דער גביר אַליין האָט געשריבן אַ בריוו צו מיין טאַטן קיין ליטיוויסק, אַז ער האָט דאָ געזען זיין געראָטענעם זון און אַז אַ בחור אין דער היינטיקער צייט **קאָן** אַזוי פֿיין אויסזינגען די פּזמונים פֿון סליחות, דאַרף אַזאַ בחור אַריינפֿאַלן אין **גוטע** הענט, און אַז אַבי זיי איז ניחא, זאָל מען זיך וואָס שנעלער צוזאַמענקומען און **עס** וועט זיין אין אַ שעה מצלחת...

די פֿאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן לאַנג, און עס האָט זיך געמאַכט **אַזוי, אַז** עס איז גאָרנישט געוואָרן דערפֿון, אָבער ווי אַ הייליקייט איז מיר געבליבן **איינגעשלאָסן** אין האַרצן דער דעמאָלטיקער פֿרייטיק־צונאַכטס, דער קידוש און דער **רייכער**

שבת־טיש אין פשעמישלאַן, וואו דבורהלע איז געשטאַנען קעגנאיבער מיר און זיך געדרייטלט מיט אידישן חן...

## אַ שטעטל, וואו יעדע שטוב איז אַ רעסטאָראַן

אייגנטלעך וואָלט מען געקאנט זאָגן, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז איין גרויסע אכסניה אָדער איין גרויסער רעסטאָראַן, וואָס כאַפּט אַרום אַלע גאַסן און געסלעך.

דאָס איז דאָס שטעטל בעלז.

און אפשר טו איך דערמיט אַן עוולה, וואָס איך רוף עס אָן „שטעטל", ווייל בלויז געאָגראַפיש איז עס אַ שטעטל; אָבער גענומען אין זין פון ווערט, איז בעלז די רעזידענץ פון דער באַרימטער בעלזער רבישער דינאַסטיע און טאַקע נאָר אַדאַנק דעם רבינס הויף, איז גאַנץ בעלז פאַרוואַנדלט אין אַ רעסטאָראַן.

עס גייט נישט פאַרביי קיין וואָך, אַז עס זאָלן נישט קומען הונדערטער חסידים צום רבין אויף שבת און עס איז נישט געווען קיין יום־טוב, אַז עס זאָלן נישט האָבן געקומען טויזנטער חסידים און אַזוי ווי קיין אַנדערע פאַבריקאַציעס אָדער מסחרים האָט בעלז נישט פאַרמאָגט, נו, זיינען די חסידים־טוריסטן געוואָרן די בעלזער „אינדוסטריע" און די „אינדוסטריע" האָט באַזאָרגט דעם „הויף" מיט בל־טוב, און אויך געגעבן פרנסה צו אַלע איינוואוינער פון בעלז.

וואו מען גייט און וואו מען שטייט אין בעלז, אויף יעדן פענצטער, שיינט אַרויס אַ ווייסער צעטל מיט אַן אויפשריפט מיט געכתיבהטע שיינע אותיות: — „דאָ באַקומט מען פרישע געשמאַקע עסנס".

פאַרשטייט זיך, אַז פונקט ווי דאָס עסן איז איבעראַל אַביסעלע אַנדערש, אַזוי זיינען אויך די אויפשריפטן אויף די פענצטער פון פאַרשידענע וואַריאַציעס און מערסטנס איז נאָך „די פרישע עסנס", וואָס זיינען נישט אַלעמאָל געווען פריש — אויך צוגעשריבן: „און ריינע געלעגערס", וואָס זיינען גאָרנישט געווען אַזוי ריין.

אָבער עס האָבן נישט געפעלט אויך קיין באַלעבאַטישע און באמת שיינע און גענוג קאָמפאָרטאַבלע אכסניות, וואו עס זיינען איינגעשטאַנען די רייכערע בעלזער חסידים און אגב מוז דאָ דערמאָנט ווערן, אַז נישט בלויז חסידים זיינען געקומען קיין בעלז, נאָר אויך אפיקורסים, שרייבער, לערער און ווער ווייס זיי דאָרט, וועלכע זיינען געקומען גלאַט אַזוי, „שטודירן", הייסט עס, דעם רבישן הויף, וואו עס האָט אַלעמאָל געפלאַקערט דער קאַמף קעגן פאַרשריט און קעגן — ציוניזם...

זייענדיק אין בעלז, האָב איך זיך דאָרט געטראָפן מיט אַ באַקאַנטן פון לעמבערג, אַ רייכער סוחר, אַ פאַרגעשריטענער, אַ לעב־מענטש, און ער האָט מיר באַוויזן, אַז מען קאָן אין דער פרומער רבישער שטאָט בעלז, אַ לעב־טון און אַ הוליע־טון בעסער ווי אין פּאַריז!...

און היינט, נאָך שיינע עטלעכע יאָר, בין איך זיך מודה ומתודה, אַז כאָטש מיין נאָך פאַרבליבענע פרומקייט, האָב איך אין בעלז אַזוי פיל געהוליעט מיט דעם באַקאַנטן מיינעם, און איך האָב פאַרהוליעט אַזוי פיל, אַז עס איז מיר נישט געבליבן אויף אַ פדיון פאַרן רבין...

# איבער שטעט און שטעטלעך ביז וואָליאַ מיכאָוואַ

שוין און האַרציק זיינען געווען די אידישע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע. אויבערפלעכלעך, האָבן כמעט אַלע אלצאיינס אויסגעזען, אָבער ווער עס איז געקומען אָפטער און ווער עס האָט זיך מיט די שטעט און שטעטלעך נענטער באַקענט, דער האָט גלייך דערקענט דעם הילוק פון איין שטעטל צום צווייטן.

ווען איך רייד וועגן די שטעטלעך, וואו איך בין ארומגעפאָרן, ווי איז מעגלעך, אַז איך זאָל נישט דערמאָנען סאָקאָל (סקול), וואו איך האָב געמאַכט גוטע געשעפטן און איך בין געווען אין גוטער שטימונג און איך האָב אַביסל שפּאַצירט און זיך באַקענט מיט אַ מיידל און אָנגעהויבן מיט איר שפּינען אַ ראָמאַן? ווי איז מעגלעך, אַז איך זאָל נישט דערמאָנען, ווי אַזוי דאָס חנוודיקע שוואַרץ-אויגיקע מיידל האָט מיך ארייננגעבעטן אין שטוב און מיך פאָרגעשטעלט אירע עלטערן און ווי אזוי עס האָט שוין געהאלטן דערביי, אַז מיר זאָלן ווערן חתן-כלה?

אָבער, ניין: דאָס זיינען אינגלשע זכרונות, וואָס דאַרפן היינט, ביים אָנבליק פון דעם גרויסן אומגליק אין די שטעט און שטעטלעך — נישט דערמאָנט ווערן. ווי מעג איך עס? איך לעב און געניס פון לעבן אין פרייען אַרגענטינע און, צי לעבט נאָך דאָרט דאָס חנעוודיקע מיידל פון מיין ערשטן ראָמאַן?...

און אָט זע איך אין סאַפּיזשאַנקאַ, די סטאַציע פון קאַמינקע (קאַמיאָנקאַ סטראַמילאָוואַ), וואו עס האָבן זיך געפונען די צוויי גרויסע פאַבריקן פון הילצערנע שיך, וואָס זיינען עקספּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און האָלאַנד און פון וועלכע אַלע קאַמינקער אידן האָבן געלעבט אין וואוילשטאַנד.

איך זע נאָך ווי איצט, די פאַבריקן און די פרום-אידישע פאַבריקאַנטן, וועלכע באַשעפטיקן אין פאַבריק אידישע אַרבעטער און זיי פירן גרויסע געשעפטן מיט אידישע עקספּאָרטערן און ליפעראַנטן און איך טראַכט זיך: — איך זע נאָך דאָס אַלץ אַזוי ווי עס וואָלט איצט געווען, נאָר צי איז עס טאַקע נאָך פאַראַן? צי איז נאָך געבליבן כאָטש אַ זכר פון די אידישע פאַבריקן אין קאַמינקע?

און אָט וואַרף איך זיך איבער אויף דער קאַלייקע פון סטאַציע צו סטאַציע אויפן וועג צו וואָלאַ מיכאָוואַ, וואָס ביי דער אונגאַרישער גרענעץ.

די קאַלייקע איז אַ שם דבר אין דער געגנט און רייזנדע האָבן זיך געפלעגט ווייצלען, אַז וואויל איז צו דעם רייזנדן, וואָס דאַרף נישט „פאָרן" מיט דער קאַלייקע און מען האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס מען פאָרט נישט מיט דער קאַלייקע, נאָר מען וואַרפט זיך מיט איר אַזוי לאַנג פון סטאַציע צו סטאַציע, ביז מען געפינט זיך וואו מען דאַרף, מיט גאַנצע, אָבער צעבראָכענע ביינער...

אָבער דערפאַר, ווען מען קומט שוין קיין וואָלאַ מיכאָוואַ, איז שוין דאָ וואָס צו זען און פון וואָס צו הערן.

איך בין אָנגעקומען אין אַ פּריוואַטן פאַרנאַכט אין וואָלאַ מיכאָוואַ און ווי אין אַנדערע קליינע שטעטלעך, האָב איך קודם אָפּגעזוכט אַן אכסניה, אַוועקגעשטעלט מיינע קופערטן מוסטערן, ארומגעוואַשן זיך און געגאַנגען דאַווענען אין וואָלער רבינס בית-המדרש.

איך האָב שוין געהאַט געהערט װעגן װאָליער רבין, װאָס פאַר אַ גרויסער בעל מנגן ער איז און איך האָב שוין זייער געװאָלט אים זען און הערן, נאָר מען האָט שוין געהאַט אָפּגעדאַװנט גאַנץ מנחה און דער רבי איז נאָך אַלץ נישט אַריינגע־קומען פון זיין התבודדות; מען האַלט שוין װייט נאָך „לכו נרננה" און דער רבי איז נאָך אַלץ נישטאָ; אָבער אָט דאַרף מען שוין אָנהייבן זינגען „לכה דודי", װערט פּלוצ־לינג אַ געדרענג, דער רבי קומט אַן אַרומגערינגלט פון חסידים און באַלד פאַרציט זיך אַ ניגון, װאָס גייט העכער און העכער און װאָס העכער ער דערגייט, אַלץ טיפער דרינגט ער אין האַרצן און ער בלייבט דאָרט װי אַ הייליקייט; (שוין אַזוי פיל יאָר, און דעם ניגון האָב איך נאָך נישט פאַרגעסן און גאַנץ אָפט, אין שװערע מינוטן, זינגט ער זיך מיר אַליין אַרויס פון האַרצן...) און אָט קומט צו „רזא דשבת" און דער װאָליער רבי פאַלט־אַריין אין עקסטאַז און ער הויבט זיך אָן װאַרפן און חסידים־גיבורים באַמיען זיך אים צוצוהאַלטן און זיי באַװייזן עס קוים; דאָס איז דעם רבינס דרך פון „כל עצמותי תאמרנא" און רייסט מיט זיך מיט, דער עולם ציטערט און פלאַ־טערט און איך, דער יונגער בחור, דער לעבעדיקער און לוסטיקער פלאַטער־מיט.

און נאָכן אָפּעסן אין אכסניה די שבתדיקע סעודה, בין איך צוריק אַװעק צום רבין.

דער גרויסער זאַל, װוּ דער רבי האָט געטישט, האָט געהאַט אַ גאַנצע רייע פענצטער צום מאַרק־פּלאַץ, אָדער רינג־פּלאַץ, װי מען האָט עס אויך גערופן; דאָס איז געװען דער צענטער פון שטעטל און דאָס גאַנצע שטעטל איז געשטאַנען אויפן פּלאַץ קעגן דעם רבינס פענצטער און געװאַרט ביז דער רבי װעט זיך באַװייזן און מאַכן קידוש.

די אָנגעפּאַרענע חסידים זיינען געװען אין זאַל און איך צװישן זיי, אָבער איך האָב געקוקט צום דרויסן און צװישן די פילע מענטשן אויך געזען עטלעכע גוים, און אַפילו דעם קאָמיסאַר פון שטעטל מיט די צװיי פּאָליציאַנטן, װעלכע האָבן געהאַלטן אָרדענונג. אַלע זיינען געשטאַנען און געװאַרט אויפן רבינס קידוש און ענדלעך האָט זיך דער רבי באַװיזן און אָנגעהויבן זיין קידוש מיט דעם ספּעציעלן ניגון זיינעם און ער האָט זיך דערביי געװויגט און באַזואויגן און אַ װאונדערלעכע זאַך, דער עולם און באַלד אויך די אַלע מענטשן אויפן מאַרק־פּלאַץ, האָבן זיך אָנגעהויבן מיטװיגן און מיט־באַװעגן און קעפּ האָבן זיך אָנגעהויבן בויגן אויף אַ זייט און אַלע אַזוי ריטמיש, װי אַ גוט־איינשטודירטער מאַסן־טאַנץ און דאָס װאונדערלעכסטע פון אַלץ איז גע־װען דאָס, װאָס אויך דער קאָמיסאַר און די צװיי פּאָליציאַנטן זיינען אויך אַרונטער־געפאַלן דעם מאַסן־פּסיכאָז, אויך זיי האָבן זיך מיטבאַװאויגן און מיטגעטאַנצט דעם שטומען טאַנץ פון רבישער דבקות...

דאָס בילד פון דעם דבקותדיקן מאַסן־טאַנץ אויפן װאָליער מאַרק־פּלאַץ, קעגן די אָפענע פענצטער פון װאָליער רבין, װעל איך שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן...

# ביי קאָזלאָווער קהלה האָט מען אויסגעדונגען די רבנים

פון בעניע קאָוועלער



אַלס איינער פון די אזוי גערופענע „פּני" פון קאָזלאָוו, פיל איך זיך אַביסל אומבאַקוועם צו ריידן וועגן מיין שטאָט, אָבער איך פאַרלאַנג עס דאָך פון מיר, איר ווילט עס דאָך האָבן פאַר דעם „פּנקס גאַליציע", כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע אַלטע היימען, נו, וועל איך אייך איבערגעבן עטלעכע דאַטעס וועגן מיין קאָזלאָוו.

קאָזלאָוו געפינט זיך צווישן בזשעזשאַני און טאַרנאָפּאָל.

פאַר 1914 האָבן אין קאָזלאָוו געלעבט אַ זעקס הונדערט אידישע פאַמיליעס (אַריבער דריי טויזנט נפשות) און כאָטש די באַפעלקערונג פון פאָליאַקן און רוטענער איז געווען אַ סך גרעסער, פונדעסטוועגן זיינען די בענקלעך אין שטאָט־ראַט געווען פאַרטיילט אין גלייכע טיילן צו צוועלף, פאַר אידן, פאָליאַקן און רוטענער.

ערשט נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן, זיינען די צאָל ראַטמענער געשטיגן אויף 42 און די זעקס נייע פלעצער האָבן פאַרנומען די פאָליאַקן, האָבנדיק 18 ראַטמענער.

די אידישע באַפעלקערונג אין קאָזלאָוו, האָט זיך געטיילט אין באַלעבאַטים־סוחרים און באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיך געריסן צום באַלעבאַטישן שטאַנד.

מיר דן הויפּט־אָנפירער פון דער קהילה, ר' מעכל גאָלדפעלד, ר' יחזקאל מאָהלער און איך האָבן זיך באַמיט אויפצוהאַלטן די קהילה אויף איר טראַדיציאָנעלער חשובער הויך אָבער דער המון־עם, די פּראָסטאַקעס, האָבן זיך דווקא געוואָלט מישן אין קהלשע אָנגעלעגנהייטן און דאָס האָט אַ סך מאָל דערפירט צו שטיקלעך מחלוקתן, וואָס האָבן דער קאָזלאָווער קהילה נישט צוגעגעבן קיין כבוד.

דאָס ערשטע האָט די קהילה געליטן צוליב דעם, ווייל קיין רב האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטן אין קאָזלאָוו.

עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן, צו באַקומען דעם דעמאָלט באַרימטן און יחוסדיקן רב ר' דוד האָראָוויץ אַלס רב אין קאָזלאָוו, אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און

די רייכע קהילה פון דער גרויסער שטאָט סטאַניסלאַוואָוו, האָט אים ביי אונדז אויס־געדונגען און עס האָט זיך אונדז בלויז איינגעגעבן צו פועלן, אַז ר׳ דוד זאָל אונדז לאָזן זיין זון ר׳ משה האָראָוויץ און דעמאָלט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קאַמף פון המון קעגן דער קהילה, די באַלעבאַטים צעכניקעס, באַלמעלאָכעס, האָבן געוואָלט אַן אַנדער רב, אַ מער צוגעלאָזענעם צום המון, אָבער מיר, די אַלטע אַנגעזעענע באַלע־באַטים, זיינען געווען שטאַרקער און מיר האָבן אויסגעפירט, אַז דער מיחוסדיקער ר׳ משה האָראָוויץ זאָל בלייבן רב אין קאָזלאָוו אויף זיין פאָטערס פּלאַץ.

ווען ר׳ משה האָראָוויץ האָט באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914 פאַרלאָזן קאָזלאָוו און אַוועק קיין ווין, האָט זיך ווידער געשטאַרקט דער קאַמף און ווידער האָבן די טראַדיציאָנעלע אַלטע קהל־אָנפירער אויסגעפירט און אַלס רב אין קאָזלאָוו איז געבליבן ר׳ משהס אַ יונגערער ברודער — ר׳ נחמן האָראָוויץ.

אָבער עס האָט אָנגעהאַלטן אַ שטיקל מחלוקה, ביז ר׳ נחמן איז נאָך צוויי יאָר רבנות אין קאָזלאָוו, אַוועק קיין העליטש, וואו דער פאָטער ר׳ דוד האָט געפּועלט, אַז מען זאָל אים אויסדונגען ביי די קאָזלאָווער... און דעמאָלט האָט שוין דער המון אָנ־געהויבן שטורעמען, די באַלמעלאָכעס האָבן אָנגעהויבן שרייען, אַז זיי דאַרפן אַ רב וואָס האָט ליב דאָס פאָלק און לויפט נישט כסדר דאָ, וואו מען צאָלט אים מער...

און דעמאָלט האָבן שוין די באַלמעלאָכעס אויסגעפירט און מען האָט אויפגענומען ר׳ מעכעלע מאָשקאָוויטש, אַן אייניקל פון ר׳ מאירל פּשעמישלאַנער, פאַר רב אין קאָזלאָוו, און ר׳ מעכעלע האָט זיך שנעל באַליבט געמאַכט ביי דער גאַנצער קאָזלאָווער אידישער באַפעלקערונג, סיי ביי די אויבערשטע פון שטויסל, ווי ביי די פּראָסטע המון־מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר ר׳ מאירל פּרעמישלאַנערס איי־ניקל, דעם רב פון פאָלק.

די זעקס הונדערט אידישע פאַמיליעס אין קאָזלאָוו, האָבן געהאַט אַ צאָל בתי־מדרשים און שטיבלעך און אַפילו אַ שיל.

די חסידים־שטיבלעך זיינען געווען די הוסיאַטינער און רוהאַטענער און עס איז געווען אַ שטיבל פון פּראָסטן עולם, וואָס אַ טייל פון זיי זיינען נאָך געפאָרן צו די יאָר־צייטן פון רבין ר׳ מאירל, קיין פּשעמישלאַן און אין אַלגעמיין זיינען די שיכטן געווען געטיילט נאָר לויט די יחוסדיקע אָפּשטאַמען פון רבנים, סוחרים און באַלמעלאָ־כעס, אָבער וואָס שייך אין פרומקייט און גאָטספאָרכטיקייט און אידישע טראַדיציע, האָבן אַלע שיכטן אָפּגעהיט, יעדער שיכט אויף זיין אופן.

ערשט נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן האָט זיך דאָס אַלעס אָנגעהויבן פּאַמע־לעך בייטן.

אנשטאט די „נייע פרייע פרעסע״, וואָס איז געווען דאָס פענצטער פאַר אונדזערע אידן, דורך וועלכן זיי האָבן געקוקט צו דער גאַנצער וועלט, האָבן מיר באַקומען היי־מישע פוילישע און אידישע פּאַרטיי־בלעטלעך און די אָנגעזעענע באַלעבאַטים פון דור־דורות האָבן פּאַמעלעך פאַרלוירן זייער וואָרט און זייער אָנזען; די פּוילישע באַ־פעלקערונג האָט גענומען די אויבערהאַנט איבערן לעבן אין קאָזלאָוו, עס האָט פאַר אידן אָנגעהויבן ווערן ענג די לופט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסוואַנדערונג פון דער אידישער יוגנט אין אַנדערע לענדער.

איך בין געווען אַן אַלטער איינגעפונדעוועטער באַלעבאָס אין קאָזלאָוו און איך

בין אַלעמאָל געווען זיכער, אַז די הייזער, וואָס איך בוי און וואָס איך קויף, וועלן זיין די היימען פאַר מיינע קינדער און קינדס-קינדער, וואָס וועלן געבוירן ווערן און וואַקסן לתורה ולמעשים טובים, אָבער ווען איך האָב געזען, אַז דער באָדן אונטער אונדזערע פיס הויבט אָן ציטערן און זעענדיק, אַז יעדע וואָך הערט מען פון אַ נייעם

# גראַטעסקע קונסט-בילדער פון אידישן לעבנס-שטייגער אין גאַליציע

— 7 —



שוין געעלטערט האָט זיך שלמה,
סיי אין עושר, ווי אין כבוד,
פראווועט ער די חתונה היינט,
פון זיין יונגסטן זונדל דוד.
ווי ביי אים עס האָט זיין טאַטע
זיך געפרייט צוריק מיט יאָרן,
איז ער היינט אַליין אַ טאַטע.
אַ מחותן, שוין געוואָרן...
לייגט דער עולם האַנט אויף אַקסל
און ער פלעכט זיך אין אַ קרענצל
און ר׳ שלמה מיט זיין אשתו,
טאַנצט אַ פריילעך מצווה-טענצל.
— הויבט די פיסלעך, פלינקער, העכער,
טאַנצן זאָל איעדער אבר! —
אָט אזוי, פאַרגייט אַ לעבן,
פון דעם וויגל ביז צום קבר!...

באלעבאטישן זונדל, וואָס האָט פאַרלאָזט די אַלטע איינגעפונדעוועטע היים און זיך געלאָזן איבער ,ווייטע ימען, האָב איך פאַמעלעך צוגעוואוינט זיך צום געדאַנק, אַז אויך ,ימיץ פון מיינע זין וועט אוודאי אַוועקפאָרן און אַזוי איז טאַקע געווען.

אין 1926 איז אַוועק מיין ערשטער זון, שלמה; צוויי יאָר שפּעטער, אין 1928, איז אַוועק דער צווייטער און אין 1930 — דער דריטער און איך האָב אָנגעהויבן איינזען, אַז דאָס בלייבן אין קאָזלאָוו קאָן בלויז זיין אַ נאַרישע איינגעשפּאַרטקייט פון אַן אַלטן תושב, וואָס האָט ליב די ערד, וואו עס רוען די ביינער פון אונדזערע אבות־אבותינו און, וואָס וועל איך שוין טון אין קאָזלאָוו אָן מיינע דריי זין? אויף וועמענס הענט וועל איך איבערגעבן די קהילה, אויב מיינע זין זיינען שוין נישטאָ אין קאָזלאָוו?

און דאָ זיינען געקומען גוטע בריוו, מיינע זין האָבן געאַרבעט, שווער און ביטער געאַרבעט, אָבער זייער ערלעכקייט, וואָס זיי האָבן געירשנט פון דור־דורות און זייער מוטיקע און אויסגעהאַלטענע אַרבעטזאַמקייט, האָט זיי דאָ געגליקט און זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און כסדר געשריבן נאָך אונדז און מיך האָבן זיי געמאָנט: — קום, פאָטער, קום צו אונדז און אייב עס וואַקלט זיך דער באָדן אונטער דער קהילה אין קאָזלאָוו, קום צו דיינע קינדער אין דעם פרייען אַרגענטינע און לעב מיט אונדז צו־זאַמען אין דעם ווייטן, אָבער שיינעם לאַנד, וואו מיר האָבן אויפגעשלאָגן מיט מי און מאַטער אונדזערע געצעלטן פאַר אונדזער ווייטערדיקן לעבן און פאַר אונדזערע נאָכ־קומענדיגע דורות.

איך בין נאָך אַלין געווען דער רייכער באַלעבאָס אין קאָזלאָוו. איך האָב פאַרמאָגט עטלעכע הייזער, איין גרויס הויז אויפן רינג־פּלאַץ און די געביידע פון דער באַראָן־הירש־שול איז געווען מיינע. האָב איך פאַמעלעך אויספאַרקויפט די דערוואָרבענע גוטס פון דורות, די באַראָן־הירש־שולע האָט אין באַפרייטן פוילן אָנגעהויבן ליידן און זי האָט נישט געהאט צו צאָלן קיין דירה־געלט, האָט זי זיך געמוטשעט, ביז זי האָט זיך פאַרמאַכט און איך האָב פאַרקויפט די געביידע פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווע פון רוטענער, און איך האָב אַלעם פאַמעלעך אויספאַרקויפט און דערמיט איבערגעשניטן די פעדעם, וואָס האָבן מיך געהאַלטן געבונדן צו מיין דור־דורותדיקער היים און אין 1936, האָב איך איבערגעלאָזן אַ שוועסטער מיט איר פאַמיליע אין קאָזלאָוו און איך מיט מיין רעשט בני־בית, האָבן זיך געלאָזן איבער ווייטע ימען צו אונדזערע דריי זין אין דער נייער היים, וואָס זיי האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט, און איך בין גליקלעך, וואָס איך זע אַז דאָס בלוט פון דורות רופט זיך אָפּ, מיינע קינדער זיינען געראָטענע און כאָטש אַרויסגעריסענע פון די אַלט־היימישע וואָרצלען, האָבן זיי זיך אָבער גוט איבערגע־פלאַנצט אויפן באָדען פון דער פרייער און גאַסטפריינטלעכער אַרגענטינע, וואו זיי זיינען ווייטער שטאָלצע אידן און מענטשן פאַר גאָט און פאַר לייט!



סאַלאָמאָן קוועלער

# אַ גוי וואָס האָט זיך געלאָזט אויפרופן צו דער תורה



איך וויל אייך דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס איז מיר באַקאַנט געוואָרן מיט אַריבער צוואַנציק יאָר צוריק אין מיין היימשטעטל קאָזלאָוו, און וועלכן איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דער עפּילאָג פון דעם עפּיזאָד האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ וויין־שענק, וואו עס זיינען געזעסן פאַרשידענע מינים געסט און געטרונקען פאַרשידענע ביליקערע און טייערערע וויינען.

איך האָב געהאַט איינגעלאַדן אַ אידישן רייזנדן פון מערב־גאַליציע אויף אַ גלעזל וויין און מיר זיינען געזעסן אין אַ ווינקל פון דעם גרויסן לאָקאַל און קוויקנדיק זיך דעם גומען מיט אַ גוט ביסעלע וויין, האָבן מיר דורכגעשמועסט אונדזערע געשעפטלעכע ענינים.

אין לאָקאַל האָבן זיך כסדר פאַרזאַמלט מער געסט, סיי אידן און סיי גוים און עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ביי אַ צווייטן טישל נעבן אונדז, האָבן זיך אַוועקגעזעצט צוויי פּערזאָן, וואָס איינער פון זיי האָט גאָר שטאַרק געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון מיין פריינט, דעם רייזנדן.

דאָס טישל איז געשטאַנען הינטער מיין פּלייצע, נאָר זעענדיק ווי מיין קאָמפּאַניאָן שטעלט זיך אויף אַן איבעראַשטער, האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געזען די צוויי באַקאַנטע, אמערסטנס פאַרביסענע אַנטיסעמיטן פון קאָזלאָוו.

— וואָס קוקט איר עפּעס אַזוי איבעראַשט? — פרעג איך דעם רייזנדן, אָבער אנשטאָט אַן ענטפער, זע איך ווי מיין קאָמפּאַניאָן דערפרייט זיך ווי מיט אַ גרויסן געווינס און מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס גייט ער צו צום ערגערן פון די צוויי אַנטי־סעמיטן, וואָס האָט געהאַט אַ שוואַרצע באָרד און ער כאַפּט זיך אָרום מיט אים אַזוי האַרציק, ממש ווי זיך צום צעקושן מיט אים.

אַ מאָמענט בין איך געבליבן ווי צעטומלט און נישט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט פון פאַרוואונדערונג און, נאָך איידער איך בין געקומען צו זיך, הער איך ווי דער

רייזנדער רופט־אויס צום אַנטיסעמיט מיט דער באָרד: — שלום־עליכם, ברוך! — און באַלד ווענדעט ער זיך צו מיר, ווייזנדיק אויף דעם אַנטיסעמיט: — אַנטשולדיק, סאַלאָמאָן, דו זעסט? דאָס איז מיין ליידנס־חבר, ברוך זאַפּאַלניק, מיר האָבן צוזאַמען געדינט אין זעלבן רעגימענט און געשטאַנען אין איין קאַדער, איידער מיר זיינען אַרויס אויפן פראָנט...

איך בין געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. איך האָב געוואוסט, אַז — זאַפּאַלניק, יאָ, אָבער וואָס פאַרא ברוך? דאָס איז דאָך גאָר דער ביטערער קאַזלאַהער אַנטיסעמיט באַרטעק זאַפּאַלניק, וואָס ווען ער שיכורט זיך אָן, איז ער גרייט אַלע אידן אויסצוקוילען!...

אויף אַ מאָמענט איז מיר איינגעפאַלן, אַז מיין פריינט, דער רייזנדער, האָט דאָ געמאַכט אַ קאָמישן טעות און איך האָב שוין געוואָלט אויסשיסן מיט אַ געלעכטער, נאָר זעענדיק ווי דער אַנטיסעמיט באַרטעק זאַפּאַלניק דרייט זיך עפּעס אין פּילט זיך אין אַ מאָדנער פאַרלעגנהייט און ער שעמט זיך עפּעס פאַר זיין חבר, דעם צווייטן אַנטיסעמיט, בין איך געבליבן נאָך מער פאַרוואונדערט און איך האָב זיך אַ טראַכט־געטון: — וואָס פאַר אַ קאָמעדיע שפּילט זיך דאָ אָפּ?

עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דער גאַנצער קאָמישער ענין איז מיר אויפגעקלערט געוואָרן.

נאָך אַ ווײלע קווינקלען זיך, האָט זיך נעמלעך באַרטעק צעזעגנט מיט דעם צווייטן אַנטיסעמיט און מיט אַ ליפּישן שמייכל אויף זיין באַבאָרדיקט פּנים, האָט ער זיך פון מיין פריינט געלאָזן צופירן צו אונדזער טיש און מיין פריינט האָט אויסגערופן פריידיק: — נאָך אַ פלאַש וויין!...

ביים ערשטן טייל, ווען מיין פריינט האָט גערעדט, איז מיין פאַרוואונדערונג כסדר געוואַקסן און אויפגעקלערט דעם פּלאָנטער. האָט ערשט דער אַנטיסעמיט באַרטעק, ווען ער האָט גענומען דאָס וואָרט.

— זעסט, סאַלאָמאָן, עס איז עפּעס אַזוי אינטערעסאַנט, ווען מען זעט ווידער אַ חבר, וואָס איך האָב געמיינט, אַז ער איז שוין זיכער טויט, אַז ער ליגט דאָרט ערגעץ־וואו אויף אַ שלאַכטפעלד אין אַ סאָלדאַטישן ברודער־קבר...

מיין פריינט איז געווען אַזוי באַגייסטערט פון דעם צוזאַמענטרעף, אַז ער האָט מיך פּשוט נישט געלאָזן קומען צום וואָרט, איך זאָל קאָנען אויסדריקן מיין פאַרוואונדערונג.

— געדענקסט, ברוך, וויפיל מיר האָבן מיטגעמאַכט אין סאַמבאָר? — האָט מיין פריינט גענומען דערמאָנען דעם אַנטיסעמיט אַלטע געשעענישן: — דו ביזט געווען אַן אויסטויגער, אָבער גיין מיט דער מאַרש־קאָמפּאַניע אויפן פראָנט. האָסטו געמוזט און זייט דעמאָלט האָב איך דיך נישט געזען ביז היינט!...

באַרטעק האָט אָנגעגאָסן אַ גרויס גלאָז וויין און באַלד האָט ער עס אויסגעזופּט ווי וואַסער און אָנגעגאָסן אַ צווייטע גלאָז און איך האָב שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אויסגערופן: — וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס?! וואָס פאַר אַ ברוך און וואָס פאַר אַ גוטער ברודער ביזטו דאָס מיט דעם גויאישן רשע?...

ווי מורא־האָבנדיק, אַז מען וועט ביי אים באַלד צונעמען די פלאַש וויין, האָט זיך באַרטעק צוגעאיילט און שנעל אויסגעזופּט דאָס צווייטע גלאָז און באַלד אָנגעגאָסן

אַ דריטע, לאַנדיק שוין אַ ליידיקע פלאַש. דער פּרצוף האָט זיך שוין ביי אים אָנגעהויבן רויטלען און אין זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך פון שיכרות און ער האָט מיר אַ גלעט־געטון די האַנט און האַלב־שיכורלעך אויסגערופן אין אַ ריינעם מאַמע־לשון:

— וואונדער זיך נישט, בחורל מיינס, איך בין נישט אַלעמאָל געווען אַן אַנטיסעמיט, פאַרקערט, איך קען אידיש און איך האָב ליב געהאַט אידן און איך האָב אַ סך מאָל, ווען עס האָט געטויגט, זיך געמאַכט פאַר אַ אידן, ווייל די אידן איז אַלעמאָל גוט און מיר איז אויך גוט געווען, ווען איך האָב זיך געמאַכט פאַר אַ אידן...

איצט איז די איבעראַשונג און פאַרוואונדערונג איבערגעגאַנגען פון מיר צו מיין פריינט, דעם רייזנדן. ער איז געזעסן מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און נישט באַוויזן אויסצורײדן אַ וואָרט.

די געשיכטע האָט מיך אָנגעהויבן אַמוזירן און איצט האָב איך אויסגערופן — נאָך אַ פלאַש וויין, און די פערטע און פינפטע גלאָז האָט איינגאַנצן באַפרייט באַרטעקס צונג און באַלד האָט זיך מיין פריינט דערוואוסט, אַז באַרטעק האָט אים אין סאַמבאָר אָפּגענאַרט, און נישט בלויז אים, נאָר אַלע סאַמבאָרער אידן, וועלכע האָבן אים פון בית־המדרש אַהיים געבעטן צו די שבתדיקע סעודות און דאָס הערנדיק, האָט זיך מיין פריינט אַזש געקניפּן די באַקן און זיך געריבן דעם שטערן פון איבעראַשונג.

— אָבער ווי אַזוי האָסטו זיך געלאָזן אויפרופן צו דער תורה? איך האָב דאָך אַליין געזען ווי מען האָט דיך מכבד געווען מיט אַן עליה אין בית־המדרש!...

באַרטעק האָט שיכור געשמייכלט: — דער זשידעק ר׳ אהרן האָט מיר דערפאַר אַנטקעגנגעטראָגן אַ ברייטן גוט־שבת און מיך פאַרבעטן אַלס אורח צו זיין טיש און נאָך היינט ליגט מיר דער טעם אין מויל פון דער דעמאָלטיקער סעודה...

פון דעם שמועס האָב איך אַרויסבאַקומען, אַז דער שונא ישראל באַרטעק זאַפּאַלניק, וועלכער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ אידישער שטוב, וואו זיין מאַמע האָט געדינט צוערשט אַלס אַם און דערנאָך אַלס דינסט און ער האָט געקענט ריידן אַ גוטן אידיש — האָט, דינענדיק אַלס סאָלדאַט אין קאַדער, וואָס איז געשטאַנען אין סאַמבאָר, געשפּילט די ראָל פון אַ אידישן סאָלדאַט. אַ באָרד האָט ער געהאַט, ריידן אידיש האָט ער געקענט פונקט ווי יעדער אַנדערער איד און זעענדיק, אַז אידישע סאָלדאַטן ווערן געבעטן אויף יעדן שבת צו באַלעבאַטישע טישן, איז ער אויך אַוועק אין אַ בית־המדרש, געענטפערט אידן מיט אַן „עליכם־שלום״, געשאָקלט זיך ביים דאַווענען און, פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים פאַרבעטן אַלס אורח און ער האָט גאַנץ פיין פאַרדייעט די געשמאַקע שבתדיקע מאכלים.

דער ענין פון עסן ביי אידישע טישן איז באַרטעקן אַזוי געפעלן, אַז פון מורא, אַז עמיץ זאָל אים נישט דעמאַסקירן, האָט ער אַפילו אין רעגימענט גופא זיך געחברט בלויז מיט אידישע סאָלדאַטן און אַזוי האָט אים מיין פריינט, דער רייזנדער. אויך געקענט אַלס אידישן סאָלדאַט און איינמאָל, שבת, ווען זיי זיינען געווען צוזאַמען אין בית־המדרש, האָט מען באַרטעקן אויפגערופן צו דער תורה — „ברוך בן קלמן״...

— אָבער ווי אַזוי האָט דער פאַן זאַפּאַלניק געוואוסט צו זאָגן, אַז מען זאָל אים אויפרופן ברוך בן קלמן? — אונטערברעך איך מיין פריילעכע שטימונג מיט אַ פראַגע:

באַרטעק באַליידיקט זיך: — פאַרוואָס האָב איך נישט געזאָלט וויסן? בין איך

דען נישט אויסגעוואקסן אין הויז פון ר׳ קלמן דעם שניט־קרעמער, און הייסט דען נישט זיין זון ברוך? און וויפל מאָל האָט ר׳ קלמן מיך גערופן ברוך און זיין זונדל האָט ער דווקא גערופן באַרטעק, ווייל ער האָט געזאָגט, אַז איך האָב אויף זיך אַ אידיש קעפּל און זיין זון — אַ גויאישן קאָפּ? ...

באַרטעק, דער שונא־ישראל, איז שוין געווען גוט אונטערן גלעזל און ער האָט אָנגעהויבן אויסדערציילן אַ סך איינצלהייטן פון זיין דערציאונג אין דער אידישער שטוב און ווי ער האָט ליב געהאט די זשידקעס, אָבער ווערנדיק פּלוצלינג ערנסט. האָט ער אָנגעהויבן ריידן אַנדערע דיבורים, אַז דאָס איז געווען אַמאָל, ווען פּוילן איז געווען פאַרשקלאַפט, די אידעלעך האָבן געהאט דעם קאַיזער פראַנץ יאָזעף אויף זייער זייט און די פּאָליאַקן איז נישט געבליבן עפּעס אַנדערש, ווי זיין ביי די אידן „שבת גוים״... כא־כא־כא! — האָט ער אויסגעשאָסן מיט אַ שיכורן געלעכטער — היינט איז גאַנץ עפּעס אַנדערש... היינט האָבן מיר אַ וואָלנאַ פּאָלסקאַ און עס איז געקומען די צייט, ווען די אידן מעגן אַביסל דינען ביי אונדז, ביי די אמתע באַלעבאַטים פון דער פּוילישער ערד, ווי איר זיינט בלויז געקומען אַלס אורחים...

איך און מיין פריינט, דער רייזנדער, זיינען געווען אין זייער גוטן הומאָר; דער ענין איז געווען אַ פריילעכער און הערנדיק די שילדערונגען פון דעם אַנטיסעמיט, האָב איך מאָמענטנווייז פאַרגעסן, אַז איך האָב פאַר זיך דעם פאַרביסענעם שונא־ישראל; אָבער אָט האָט ער אָנגעהויבן שיטן מיט זיינע גיפטיקע רייד און זייענדיק שיכור, האָט ער זיך נאָך אָנגעהויבן זידלען און דער סוף איז געווען, אַז מען האָט דעם גיפטיקן אַנטיסעמיט געמוזט אַרויסוואַרפן מיט „כבוד״ פון ווייןסאַלאָן...

עס זיינען שוין זייט דעם מאָדנעם צונויפקומען אריבער מער פון צוואַנציק יאָר. אַ סך וואַסערן און אַ סך בלוט איז שוין אָפּגעלאָפן פון די טייכן און אויף די וועגן און שטעגן פון אונדזערע אַלטע היימען, נאָר דעם עפּיזאָד מיט דעם אַנטיסעמיט באַרטעק זאַפּאַלניק, וואָס האָט זיך געלאָזן אויפרופן צו דער תורה, כדי אריינצוכאַפּן אַ גוטן שבתדיקן מאָלצייט ביי אַ סאַמבאָרער באַלעבאָס, און ווי אַזוי מיין פריינט דער רייזנדער האָט זיך מיט אים געטראָפן און ארומגעכאַפּט זיך מיטן אַנטיסעמיט, האַלטנדיק אים פאַר דעם געוועזענעם אידישן סאָלדאַט ברוך בן קלמן, — דעם עפּיזאָד וועל אָ.ך. שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

# ווערטער וואָס מעגן פאַרצייכנט ווערן

פון יאָסל קולבערג



עס איז אַ באַקאַנטע זאַך, אַז אין יעדער פּראָפעסיע, ווערט מיט דער צייט געשאַפן אַ טערמינאָלאָגיע פון נייע ווערטער, וועלכע ווערן נאָר באַנוצט פאַר דער פּראָפעסיע און אַנדערע מענטשן פאַרשטייען צומאָל נישט די באַדייטונג פון די ווערטער, אָן אַ געהעריקער אויפקלערונג.

אַזאַ ספּעציפישע טערמינאָלאָגיע פון ווערטער האָט זיך אויך געשאַפן אין און אַרום די וואַקס- און פּעטראָלעאום-גרובנס אין באָריסלאַוו. און איך גלויב, אַז אַזעלכע ווערטער, אויב זיי זיינען שוין נישט ערגעץ פאַרצייכנט, מעגן זיי דאָ, אין אונדזער „פּנקס גאַליציע" פאַרצייכנט ווערן.

אָבער, כדי די ספּעציפישע ווערטער זאָלן נישט קומען ווי פון הימל, וועל איך שוין דאָ איבערגעבן אַביסל פאַקטן און דאַטן פון דעם לעבן אין באָריסלאַוו פון, אין און אַרום די וואַקס-גרובנס.

איך בין געבוירן און דערצויגן אין באָריסלאַוו און אַ חוץ קנאַפּע צוויי יאָר צייט מיליטער- און מלחמה-דינסט, האָב איך ביז 1925 געלעבט אין באָריסלאַוו.

נאָך אַלס קינד, האָב איך געהערט, אַז אין באָריסלאַוו זיינען געווען פּעטראָלעאום-גרובנס, אָבער איך געדענק נאָר וואַקס-גרובנס ביז העט-העט, ווען מען האָט אויך אָנגעהויבן ציען נאַפט פון די טיפענישן פון באָריסלאַווער ערד.

באָריסלאַוו איז פאַקטיש געווען די רעזידענץ פון עסטרייכישן וואַקס.

די באַלעבאַטים פון די וואַקס-גרובנס „קאָשערע", זיינען מערסטנס געווען אידן, די ליבערמאַנס, פריילעכס, ברונענגראַבערס און אַנדערע, מערסטנס גרויסע פאַרצווייגטע פאַמיליעס, ווייל צום חתונה-מאַכן אַ קינד האָט מען נישט געגעבן קיין געלט-נדן, נאָר אַ גרעסערן אָדער קלענערן שטח ערד צום גראָבן און אַזוי האָבן די פאַרצווייגטע פאַמיליעס אַרויסגעגראָבן פון די טיפענישן פון דער ערד נישט נאָר פּרנסה בכבוד, נאָר טאַקע גרויסע פאַרמעגנס.

מיין פאָטער, אהרן שמואל קולבערג, איז געווען אַ „קאַסיר" ביי מאיר-אהרן הויפּטמאַן, אַ רייכן וואַקס-גרובן-אייגנטימער. אָבער אַ באָריסלאַווער „קאַסיר" מיינט נישט אַ קאַסיר אין געוויינלעכן זין פון וואָרט, נאָר אַ מין „קאַפּאַטאַס". אַ מין אויפזעער, אַ מין אָנפירער פון דער אַרבעט, אַ געמיש פון אַדמיניסטראַטאָר און פאַרוואַלטער אָבער

אין דער אמתן ביידע זאַכן נישט, נאָר אַ „קאַסיר", דאָס איז געווען אַ ספּעציעלע באַ־צייכענונג פאַר אַ זויכטיקן באַאַמטן, וואָס האָט געהאַט אונטער זיך נאָך באַאַמטע, ווי אַ „וולוסטאַק", אַ מין „פּאַד־קאַסיר" און נאָך דעם „וולוסטאַק" איז שוין געגאַנגען דער נאַכט־היטער.

אָבער די „קאַסירער" און „וולוסטאַקעס" און נאַכט־היטער, זיינען דאָך בלויז גע־ווען צוקוקער ווי מען גראָבט, ציט אַרויף און וואַשט און שמעלצט דעם וואַקס. די אמתע ארבעטער אין און איבער די וואַקס־גראָבנס זיינען געווען: „הייערס", „שמעל־צערס", „וועשערס" און „ביינערס".

די „הייערס" זיינען געווען טאַקע די אמתע וואַקס־גרעבער, ווייל זיי זיינען געלעגן אין די טיפע שאַכטעס אונטער דער ערד און געהאַקט די שטיינער מיטן אָנגעוואַק־סענעם הארטן וואַקס, די „הייערס" האָבן ארויפגעשיקט די שטיינער מיטן וואַקס און אויבן זיינען די מאַטעריאַלן באַלד געקומען אין די הענט פון די שמעלצער, וועלכע האָבן אַראָפּגעשמאָלצן דעם וואַקס פון די שטיינער און האָבנדיק שוין אָפּגעטיילט דעם וואַקס פון די שטיינער, איז דער וואַקס אַוועק אין איין זייט, צו די מאַגאַזינען און די שטיינער זיינער ערשט געקומען אין די הענט פון די „וועשער", וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע אַראָפּצואוואַשן דעם וואַקס, וואָס איז געבליבן אויף די שטיינער נאָך די שמעלצער און ערשט נאָך דעם אַראָפּוואַשן דעם געבליבענעם וואַקס, איז נאָך אַלץ אויף די שטיינער געבליבן אַזוי פיל וואַקס, אַז די שטיינער זיינען ערשט אריבער־געגאַנגען אויף די הענט פון די „ביינער"־יונגען און „ביינער"־מיידן, וועלכע האָבן מיט ספּעציעלע מכשירים מיט די הענט אָפּגעקראַצט די שטיינער, וואָס מען האָט שוין נאָך דעם וואַשן זיי, מער נישט גערופן שטיינער, נאָר ביינער, ווייל זיי האָבן שוין אויס־געזען ווי אָפּגעגריזשעטע ביינער.

איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, אַז די באַלעבאַטים פון די גרובנס, זיינען געווען מערסטנס אידן; אָבער נישט נאָר די באלעבאַטים, אויך די אַרבעטער זיינען געווען כמעט בלויז אידן, אויסער די „הייערס", וועלכע זיינען כמעט אין אַלע הונדערט פּראָ־צענט געווען קריסטן.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, אַז די „הייערס" האָבן געהאַט די געפערלעכסטע און שווערסטע אַרבעט און גלייכצייטיק די אמווינציקסטנס באַצאָלטע און ווייל די הייערס האָבן גאַנץ אָפט געאַרבעט אין די טיפע שאַכטעס אינגאַנצן נאַקעטע, האָט מען זיי געפּלעגט רופן די „מלאכים" און שפּעטער האָט מען שוין גערופן יעדן, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די וואַקס־גרובנס — „מלאכים".

אויך דאָס שמעלצן איז געווען אַ געניג שווערע אַרבעט, אָבער ווייט נישט אַזוי ווי די הייערס; פונדעסטוועגן, זיינען אויך געניג קריסטן געווען פאַרטראָטן ביי דער אַרבעט, אָבער ווייניקער קריסטן זיינען שוין געווען פאַרטראָטן ביי דער אַרבעט פון וואַשן די שטיינער און כמעט בלויז אידן זיינען געווען די „ביינערס", ווי מען האָט גערופן די „ביינער"־יונגען און „ביינער"־מיידן.

די אידישע ארבעטער פון אַלע אויסגערעכנטע מינים, האָט מען מערסטנס ווער־בירט פון „דרויסן", דאָס הייסט, פון אויסער באָריסלאַוו. אין באָריסלאַוו גופא, זיינען נישט געווען אַזעלכע אידן, וואָס זאָלן אָנקומען אַלס פיזישע אַרבעטער אין די וואַקס־גרובנס.

אגב, אַז מען וויל, זיינען אַפילו די אידישע באַלעבאַטים פון די גרובנס, אויך נישט געווען קיין באַריסלאַווער, נאָר אריינגעקומענע פון דרויסן.

אמתע באַריסלאַווער זיינען בלויז געווען די רייכע לינדנבוימס, וואָס האָבן געהאַט גרויסע שטחים ערד און זיי האָבן היפּשע שטחים פאַרצעלירט און פאַרדונגען אויף גרובנס אויף 99 יאָר און אידן פון די נאָנטע און ווייטע שטעט זיינען געקומען און געשלאָסן קאָנטראַקטן מיט די לינדנבוימס און אַזוי האָבן זיך פאַרמערט די אידישע אייגנטימער פון וואַקס-גריבער.

אַ חוץ די באַלעבאַטים און די פריער דערמאָנטע אַרבעטער-קאַטעגאָריעס, וועלכע זיינען מערסטנס געקומען פון „דרויסן", זיינען געקומען אויך אַזעלכע יונגען און מיידן, וועלכע מען האָט נישט אריבערגעבראַכט צו אַרבעט, נאָר זיי זיינען אַליין געקומען אַלס „קיטשינערס".

ווער זיינען געווען די „קיטשינערס" און וואָס איז געווען זייער טוען?

די „קיטשינערס" זיינען געווען דערוואַקסענע קינדער פון אָרימע היימען אין די נאָנטע און ווייטערע שטעט און שטעטלעך ארום באַריסלאַוו; די אָרימע יונגען און מיידן האָבן נישט געהאַט קיין באַשעפטיקונגען, זיינען זיי געקומען קיין באַריסלאַוו און געוואָרן „קיטשינער" און דערפון האָבן זיי געצויגן גאַנץ פיינע פאַרדינסטן נישט נאָר פאַר אייגענער אויסהאַלטונג, נאָר אויך אויף צו שטיצן זייערע אָרימע פאַמיליעס אין די היימען.

די אַרבעט פון אַ „קיטשינער" איז באַשטאַנען אין דעם, אויפצוקלייבן די „ביינער" שוין נאָכדעם, ווי די „ביינערס" האָבן זיי ארומגעקראַצט און אָוועקגעוואָרפן און ערשט דערנאָך נאָכאַמאָל זיי נעמען קראַצן און אָפּקראַצן די נאָך פאַרבליבענע קלעפּנדיקע וואַקס און, ווייזט אויס, אַז אַפילו אויף די שוין ארויסגעוואָרפענע „ביינער" איז נאָך אַלץ געבליבן גענוג וואַקס, ווייל נישט נאָר די פילע יונגען און מיידן, די „קיטשינער" האָבן פון אָט דער „שכחה" געמאַכט אַ לעבן, נאָר אויך אַ גאַנצע כאַפּטע ווייבער, אויפקויפערנס, וועלכע זיינען ארומגעגאַנגען צווישן די קיטשינערס און וואו זיי האָבן געזען אַן אָנגעפילטע „קראַפּקע" (אַזאַ מין בלעכל, אין וועלכע די קיטשינערס האָבן געזאַמלט די אָפּגעקראַצטע וואַקס), האָבן זיי עס אָפּגעקויפט און אויך דערפון געמאַכט אַ לעבן...

אָבער פּלוצלינג איז געקומען אַ סוף צו דעם אַלעם און דער גאַנצער לעבנסאַרט האָט זיך געענדערט.

דאָס איז געווען, ווען די ענגלענדער און אַמעריקאַנער זיינען געקומען קיין באַריסלאַוו און אָנגעהויבן שאַפן די אַקציען-געזעלשאַפטן.

דער נאָמען „קאַשערע", ווי מען האָט ביז דעמאָלט גערופן אַ וואַקס-גרוב, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „גרובן" און אַ סך נעמען פון זאַכן און טערמינען זיינען מאָדערניזירט געוואָרן און די הויפּט-זאַך, אַ סך אידן האָבן פאַרלוירן זייערע פּרנסות, ווייל נאָכן באַצאָלן גרויסע פּרייזן פאַר אַ טייל וואַקס-גרובנס, האָבן שוין די געזעל-שאַפטן, מיט דער הילף פון רעגירונגס-באַהערדן, פאַמעלעך ארויסגעשטויסן די קליינע אונטערנעמונגען.

די קליינע אונטערנעמונגען האבן זיך אפילו געוועהרט, זיי האבן נישט געוואלט אזוי גיכט אפטרעטן זייערע דערווארבענע פאזיציעס אלס אייגנטימער פון וואקס-גרובנס. אבער די באהערדן האבן אנגעהויבן פאדערן פונקטלעכקייט פון בויען לויט באשטימטע פלענער. יזען נישט, האט מען א טייל אונטערנעמונגען דערקלערט אלס בויפעליק און מען האט נישט געלאזט אין זיי ארבעטן און אזוי האבן די קליינע אונטערנעמער נישט געקאנט זיך קעגנשטעלן די אזוי גערופענע גזרות און אזוי ווי די געזעלשאפטן האבן געצאלט גוטע פרייזן און אויסערדעם האבן זיי נאך געגעבן היפשע פראצענטן פון די הכנסות, האבן זיך די אונטערנעמער איינער נאכן צווייטן אונטערגעגעבן און די געזעלשאפטן האבן אנגעהויבן פארגרעסערן די באריסלאווער וואקס-פראדוקציעס.

די ארבעטער די „הייערס" „שמעלצעהס" „וואשערס" און „ביינערס", האבן אונטער די נייע רעזשימען ווייטער געטון זייער ארבעט; אויך די געוועזענע באלעבא-טים פון די „קאשערס" באטש זיי האבן אפגעטראטן די קאנטראקטן אויף 25 יאר צו די געזעלשאפטן, זיינען זיי אבער נאך אלץ געבליבן מיטבאטייליקטע באלעבאטים אויף היפשע פראצענטער ווייל א חוץ די היפשע סומעס, וואס די געזעלשאפטן האבן באצאלט אפטרעט-געלט פאר די גרובנס, האבן די געזעלשאפטן אויך געצאלט פון 15 ביז 20 פראצענט פון די נעטא-הכנסות, וואס די באטרעפנדיקע גרובנס האבן אריינ-געבראכט.

בלויז די „קיטשינערס" זיינען פון די ענדערונגען געווארן די הויפט-קרבנות.

מיטן איינשטעלן די נייע ארבעטס-באדינגונגען אונטער דער אויפזיכט פון די גע-זעלשאפטן פון אמעריקאנער און ענגלענדער, האבן שוין די „שמעלצעדס", „וואשערס" און „ביינערס" געמוזט די וואקס-שטיינער אזוי אהומפוצן, אז עס איז אויף זיי נישט געבליבן אפילו קיין סימן פון וואקס און די „קיטשינער" האבן געמוזט פאמעלעך ווערן אדער פהאסטע ארבעטער אין די גרובנס, אדער צוריק אומקערן זיך אין זייערע היי-מען און זיך נעמען זוכן אנדערע באשעפטיקונגען.

פארדעסטוועגן, די אלע, וואס האבן געוואלט ארבעטן האבן גאנץ גוט געקאנט פארבלייבן אין באריסלאוו. ווייל ארבעט האט נישט געפעלט.

עס האט זיך אנגעהויבן א פיבערהאפטע בהאונג פון „האזאנען". א „האזאן" איז אזא מין טורעם-שטיבל, וואס אינעווייניק געפינט זיך דער גרובן, און וועלכן די אר-בעטער דארפן זיך אראפלאזן צו דער ארבעט אונטער דער ערד.

ביז צו די געזעלשאפטן פון אויסלענדער, איז די ארבעט צוגעגאנגען אויף א מער פרימיטיוון אופן און אפילו די, וואס האבן שוין געהאט א „האזאן" איז ער אויך געווען איינגעארדנט אויף א פרימיטיוון אופן.

איצט האבן זיך אנגעהויבן פארמערן די „האזאנען" און די וואקס-פראדוקציע האט זיך א סך פארגרעסערט און עס וועט זיין נישט איבעריק דא צו דערמאנען וועגן א גרויסער גנבה, וואס די געזעלשאפטן האבן דורכגעפירט אין באריסלאוו און ווי אזוי די געזעלשאפטן האבן נאך א פראצעס געמוזט באצאלן צו די געליטענע באריסלאווער אידן א היפשן שאדענערזאץ.

## די „דודיעכעס" גאַס

געווען אין באָריסלאַוו אַ גאַס, וואָס האָט געהייסן „פּאָטעק דאַלני". די גאַס האָט מען אויך גערופן די „דודיעכעס" גאַס. דאָרט האָבן געוואוינט די אָרימעלייט פון באָריסלאַוו. דאָרט האָבן זיך אויפגעהאַלטן די אַלע מינים גרובן־אַרבעטער און אויך די „קיטשינער" און דאָרט האָבן זיך אויך געפונען קליטניקעס און עס האָט דאָרט שטענדיק געשוויבלט און געגריבלט פון לעבעדיקן לעבן.

פּלוצלינג האָט מען אָבער אויף דער „דודיעכעס" גאַס אָנגעהויבן מערקן, אַז די אָרימע נידעריקע הייזקעס הויבן־אָן זינקען און זיי ווערן פון טאָג צו טאָג נידעריקער. אַ שרעק איז באַפאַלן די אָרימע איינוואוינער פון דער „דודיעכעס" גאַס און זיי האָבן זיך געווענדעט צו די באַהערדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג און מען האָט פעסטגעשטעלט, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי — אַז די רייכע גאַזעל־שאַפט פון יענער געגנט האָט געגראָבן שאַכטעס נישט נאָר אין דער טיף, אויף זייערע קאָנטראַקטירטע פּלעצער, נאָר זיי האָבן געגראָבן ווייטע שאַכטעס אונטער דער ערד פּשוט געקראָכן אונטער דער ערד ביז אונטער יענעמס הייזער און ארויסגע׳גנבעט דעם וואַקס פון פרעמדער ערד, פון אונטער יענעמס פיס און זיי האָבן שוין פון דאָרט ארויסגעגראָבן אַזוי פיל וואַקס, אַז די הייזקעס האָבן אָנגעהויבן זינקען.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַ רייע פּראָצעסן, די געזעלשאַפטן האָבן נאָך געוואַגט צו שטעלן אַדוואָקאַטן, וואָס זאָלן פאַרטיידיקן זייער אָפענע גנבה און ווער ווייס ווי לאַנג אַזאַ פּראָצעס וואָלט זיך פאַרצויגן, ווען די אונטערגעגראָבענע און אויסגעהוילטע פונדאַמענטן אונטער די נידעריקע הייזקעס וואָלטן נישט אין אַ שיינעם טאָג פּלוצלינג צוזאַמענגעבראָכן און מיט נסים איז עס געווען וואָס די איינ־וואוינער האָבן זיך באַצייטנס געראַטעוועט, ווייל אַ קורצע צייט האָט עס געדויערט און די גאַנצע גאַס מיט הייזקעס האָט אָנגעהויבן זינקען און איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דער אויבערפלאַך און אויף דעם פּלאַץ האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ וואַסער...

דעמאָלט איז שוין דער אומגליק געווען צו־גרויס און די געזעלשאַפטן אַליין האָבן איינגעזען, אַז עס קאָן זיי קאָסטן צו־טייער, אויב זיי וועלן זיך באַצייטנס נישט איילן צו זוכן אַן אויסגלייך מיט די געליטענע, און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז אין געריכט גופא איז פאָרגעקומען דער אויסגלייך און די אָרימע איינוואוינער פון „פּאָטעק דאלני", די קבצנים פון דער „דודיעכעס"־גאַס זיינען פּלוצלינג אויפגעריכט געוואָרן, אַדאַנק דעם היפשן שאָדענערזאַץ, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די רייכע אַקציען־געזעלשאַפטן.

## נאַפט־גרובנס אין פּאַטעק גורני

באָריסלאַוו איז אייגנטלעך געווען אַ גרויסער דאָרף, וואָס האָט זיך געטיילט אין עטלעכע געגנטן פון הייזער־גרופּעס, וועלכע זיינען געווען ווי דערפער פאַר זיך.

צוויי פון די דערמאָנטע געגנטן זיינען געווען פּאָטעק דאָלני (אונטערשטער פּאָטעק) און פּאָטעק גורני (אויבערשטער פּאָטעק).

דער פּאָטעק גורני אין באָריסלאַוו. האָט געהאַט איין גאַס מיט נידעריקע דאָר־

פישע הייזקעס, אין וועלכע עס האָבן געוואוינט אידן, וואָס האָבן זיך שוין דערוואָרבן היפּשע פאַרמעגנס אַלס אייגנטימער פון וואַקס- און פּעטראָלעאום-גרובנס.

איינער פון די אָנגעזעענסטע אידן, וואָס האָט געוואוינט אין פּאַטעק גורני, איז געווען דער אידישער בירגערמייסטער פון באָריסלאַוו, ר׳ משה אַיציק קאָרנהאַבער. אין פּאַטעק גורני האָבן אויך געוואוינט אַנדערע רייכע אידן, ווי הערש מענדלסאָן, שלמה קאָסטמאַן, די פאַרצווייגטע פאַמיליע פּאָמעראַנץ, און נאָך אַנדערע באַלעבאַטים מיט אייגענע הייזקעס און שטיקלעך פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן הינטער די פראָנטן פון די שטיבלעך.

ווען פּאַטעק דאָלני האָט צוגעמענגעקראַכט איבער די אויסגעהוילטע פונדאַמענטן פון די וואַקס-גרובנס, האָט מיין טאַטע פאַרלוירן זיין פּאָסטן אַלס קאַסיר, האָט ער זיך געקויפט אַ שטיבל ביי ר׳ משה-איציק קאָרנהאַבער אין פּאַטעק גורני, כדי דאָרט צו עפענען אַ שפּעצעריי-געוועלבל (אַ קליינטל פון שפּייז-אַרטיקלען).

אָבער פּלוצלינג האָט מען זיך געכאַפּט, אַז אונטער פּאַטעק גורני שווימט עס און גריבלט מיט פּעטראָלעאום און אַז עס קאָכן און זידן דאָרט אונטן אוצרות, וואָס וואַרטן מען זאָל זיי אַרויסציען אויף דער אויבערפלאַך.

האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט און עס זיינען אָנגעקומען קאַפּיטאַליסטן און אינזשעניערן, די באַרימטע אידישע קאָמפּאַניע באַקענראָט עט לעוו האָט באַלד אָנגעהויבן אויפקויפן און אַרענדירן שטיקער ערד פון פּאַטעק גורני און אַזוי האָט מיין פאָטער באַלד באַקומען פאַר זיין געקויפט שטיבל מיטן פעלד עפּעקטיוון פאַרדינסט פון דריי טויזנט קראָנען (וואָס דאָס איז דעמאָלט געווען אַ פאַרמעגן) און אויסערדעם 6 פּראָצענט פון די ברוטאָ-הכנסות, וואָס דאָס שטיקל פּלאַץ וועט אַרויסגעבן.

אַזוי זיינען אַ היפּש ביסל רייכע אידן פון פּאַטעק גורני געוואָרן נאָך רייכער און די אָרימע, וואָס האָבן געהאַט שטיקלעך פעלד, זיינען אויפגעריכט געוואָרן.

אַרבעטער פאַר די גרובנס אין פּאַטעק גורני, האָט מען געבראַכט פון קראָסנע, סאַנאָק (סוניק) און איוואָוויטש און פון אַנדערע פלעצער, וואו עס זיינען שוין געווען פּעטראָלעאום-גרובנס און עס האָבן זיך דאָרט געפונען פאַכלייט.

אַלס יונגטלעכער, האָב איך ליב געהאַט שטיין און קוקן ווי מען גרייט די מכשירים צו דער אַרבעט, ווי דער באָהר-מייסטער גיט באַפעלן צום קראַשן און צווייטן געהילף און ווי עס ווערט אַראָפּגעלאָזן דער „לעפל" (אַזאַ מין לאַנגע רער, וואָס האָט אונטן אַ מעכאַניש טירל, וואָס עפנט זיך צום אָפּשעפּן „ראָפּע" און פאַרמאַכט זיך ווען מען ציט עס אַרויף) און מען ציט אים צוריק אַרויף און דער לעפל גיסט אויס די אָנגעשעפּטע מאַטעריאַלן אין אַן אַנאַליזן-גרוב, וואו פאַכלייט שטעלן פעסט דעם אינהאַלט פון די אָנגעשעפּטע מאַטעריאַלן.

צוערשט האָט מען געגראָבן און זיך דערגראָבן ביז 700 מעטער טיף און מען האָט אַרויסגעצויגן שפע פון פּעטראָלעאום, אָדער „קיפּיטשקע" און „קיביטשקע", ווי אידן האָבן עס גערופן, און „ראָפּע" — ווי די גוים האָבן עס גערופן.

שפּעטער האָט מען געגראָבן טיפער, ביז טויזנט מעטער און נאָך שפּעטער — ביז 1800 מעטער טיף און מען האָט געשעפּט די פּעטראָלעאום-אוצרות אין גרויסע רעזערוואָאַרן אַריין און די אוצרות האָבן זיך גאָרנישט אויסגעשעפּט.

אָבי מען האָט אַריינגעשטעלט רערן אין די טיפענישן פון פּאַטעק-גורנער ערד,

האָט עס שוין פון אונטן ארויפגעקאַכט דורך די רערן מיט „קיפּיטשקע", וועלכע האָט גלייך אַריינגעשטראָמט אין רעזערוואואַרן און פון דאָרט איז עס דורך אַנדערע רערן אָפּגעשוואומען אין די פאַרשידענע דיסטעלאַרניעס צום לייטערן אויף קעראָסין און אויף נאַפט און אַז עס האָבן אונטער דער ערד אויסגעפעלט גאַזן, וואָס זאָלן אַרויפשטויסן די פּעטראָל-אוצרות, האָט מען געהאַט גרייט אַזעלכע „טלאָקעס" (אַזאַ מין טרייב-פּאָמפּע), וואָס האָבן געטריבן די פעטע מאַטעריאַלן פון די טיפענישן אַרויף.

אויף צו לעשן די שריפות, וואָס זיינען צוליב די גאַזן שטענדיק אויסגעבראָכן, האָבן די אידן זיך בעסער אויסגעטויגט, ווי די ספּעציעלע אינזשעניערן, וואָס די קאָמפּאַניעס האָבן געבראַכט אַזש פון ווייטן אויסלאַנד.

די ענדערונגען אין פּאָטעק-דאָלני נאָך דער פאַרפלייצונג און דער אויפשוואונג פון פּאָטעק גורני נאָכן געפינען דאָרט פּעטראָלעאום, האָט אַהין געבראַכט אַ סך אידן פון פּאָטעק דאָלני, אָבער נישט אַלע האָבן געהאַט אייגענע שטיקלעך ערד ווי מיר האָבן זיך די אַנדערע אידן געזוכט אַנדערע פּרנסות, לעבן מוז מען דאָך און אַזוי האָט זיך אין פּאָטעק גורני געשאַפן אַ נייע (און אפשר האָט זי שוין עקזיסטירט פון פריער אין אַנדערע ערטער פון נאַפט- און פּעטראָלעאום-גרובנס) „אינדוסטריע", אַזאַ מין פאַך, וואָס מען האָט די פאַכלייט גערופן „לעבאַקעס".

און וואָס איז באַשטאַנען די אַרבעט פון אַ „לעבאַק"?

די אָרימע אידן, וואָס זיינען געוואָרן „לעבאַקעס", האָבן זיך קודם געמוזט אויסלערנען מאַכן פון ספּעציעלע גראָזן אַזעלכע לאַנגע „ווידלען", ענלעך צו פערדישע עקן, נאָר אַ סך לענגער און דערנאָך האָבן די לעבאַקעס באַדאַרפט קאָנען אַזוי מאַניפּולירן מיט די לאַנגע גראָז-ווידלען, אַז ווען זיי גיבן אַ וואָרף אַזאַ ווידל אויף אַן אויסגעגאָסענער קאַלוזשע פּעטראָלעאום, זאָל דער ווידל זיך אַזוי אויסשפּרייטן אויף דער קאַלוזשע, אַז די גראָזן זאָלן אויף זיך אָננעמען וואָס מער פּעטראָלעאום און דערנאָך קוועטשן די לעבאַקעס אַרויס פון די גראָז-ווידלען דעם פּעטראָל אין גרויסע קיבלעס אַריין.

און וואו האָבן זיך עס געפונען אַזעלכע פּעטראָלעאום-קאַלוזשעס?

געווען אַ סך אַזעלכע קאַלוזשעס, און נישט נאָר קאַלוזשעס, נאָר צומאָל גאַנצע שטראָמען. גאַנץ אָפט האָט געטראָפן, אַז איינע פון די רערן, וואָס האָבן אַריבערגעפירט פּעטראָל פון די רעזערוואואַרן אין דעסטיליאַרניעס, האָט געפּלאַצט און עס האָט אָנגעהויבן פליצן און אַרויסגיסן זיך אַ גאַנצער שטראָם „קיפּיטשקע" און ביז עס זיינען געקומען די אַרבעטער און אינספּעקציעס, וואָס האָבן די רער צורעכט-געמאַכט, זיינען אַלע רינשטאָקן אין דער געגנט פול געוואָרן מיט די פליסנדיקע אוצרות און די „לעבאַקעס" האָבן דעמאָלט מאָביליזירט אַלע זייערע קרעפטן אויפצולעבן און אויסצולעבן מיט די ווידלען די קיפּיטשקע פון רינשטאָק אין די קיבלעס אַריין.

און נישט נאָר צעבראָכענע רערן האָבן געגעבן פּרנסה פאַר די לעבאַקעס נאָר די ערד גופא.

עס האָט זיך גאַנץ אָפט געמאַכט, אַז אונטער דער ערד האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַזוי פיל גאַזן, אַז זיי האָבן אַרויסגעשטויסן מער פּעטראָל, וואָס איז איבערגעגאַנגען אַלע ברעגן פון די רערן און רעזערוואואַרן און דעמאָלט האָבן זיך אַלע שמאָלע רינשטאָקן אויסגעברייטערט פון דעם שטראָמענדיקן פּעטראָל און די „פּאָטעקס" (רינ-

שטאָקן) האָבן דעמאָלט געגעבן שפּע פאַר די לעבאַקעס, וואָס האָבן אָנגעפולט נישט נאָר קיבלעס, נאָר אַ סך פעסער מיט קיפּיטשקע, וואָס זיי האָבן דערנאָך פאַרקויפט, אַזוי ווי פריער די „קיטשינערס" פון פּאָטעק דאָלני, וואָס האָבן געקראַצט דעם וואַקס פון די אַרויסגעוואָרפענע „ביינער".

און ווייל די ערד האָט גאַנץ אָפט פון זיך אַרויסגעשטויסן איר שפּע פון פּעט-ראָלעאום און די „פּאָטעקעס„ זיינען גאַנץ אָפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ברייטע רינ-שטאָקן, וואו עס האָט געשטראָמט פּעטראָלעאום. האָבן אַ סך לעבאַקעס אָפּגעדונגען ביי די באַלעבאַטים די „פּאָטעקעס", וואָס האָבן זיך געצויגן פאָרנט, פאַר זייערע שטיבער.

און אַזוי האָט מיין פאָטער, אַ חוץ דעם וואָס ער האָט פאַרדינט די פּראָצענטן פון דער קאָמפּאַניע, פאַר שעפּן קיפּיטשקע אויף אונדזער שטיקל פעלד, נאָך עקסטרע פאַר-דינט, וואָס ער האָט פאַרדונגען דעם „פּאָטעק" פון פאָרנט צו אַ לעבאַק, וואָס האָט געצאָלט חודש-געלט, און איך פלעג אָפט שטיין שעהנווייז און קוקן ווי די לעבאַקעס אַרבעטן, שפּרייטנדיק אויף אַ קינסטלערישן אופן די גראָז-ווידלען, וואָס זיי האָבן גע-וואָרפן אויף אויבערפלאַכן פון די רינשטאָקן און אַזוי אַרום אַראָפּגעלעבעט פון אויבן, איבערן וואַסער פון רינשטאָק, די קיביטשקע און דערנאָך זיי אַריינגעקוועטשט אין די צוגעגרייטע קיבלעס.

אָט אַזוי האָבן אידן אין באָריסלאַוו געלעבט און געהאַט פּרנסה, ווער מער און ווער ווייניקער, ווער אַלס גרובן-אייגנטימער, ווער אַלס „קאַסיר"; ווער אַלס „פלום-טאָק", אָדער נאַכט-היטער, ווער אַלס „הייער", שמעלצער, וואַשער און „ביינער" און „קיטשינער" אין פּאָטעק דאָלני, און ווער אַלס באַלעבאָס פון אַ שטיבל מיט אַ שטיקל פעלד אָדער מיט אַ שטיק רינשטאָק צום פראָנט, אָדער אַלס בויערער, הייצער, לעפל-שעפּער, גרעבער, אָדער גאָר לעבאַק, אין פּאָטעק גורני.



# אַלס לעבעדיקע משכּנות אין צאַרישער געפאַנגענשאַפט

פון מאַקסימאַ קופּפּערשמיד



געבוירן בין איך אין זשוראַוונאַ, נעבן זשידיטשויוו, אָבער גאָר ווינציק גוטעס געדענק איך פון מיין געבורט־שטעטל, ווייל איך בין קוים עלף יאָר אַלט געווען, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן און די פּיין, וואָס איך האָב מיינע יוגנט־יאָרן באַדאַרפט איבערלעבן, האָבן געמוזט פאַרטונקלען אַלע אַנדערע זכרונות אין מיין מוח.

איך געדענק נאָר בלויז ווי אין חלום, אַז מיר האָבן געהאט אַ גרויסע ווירטשאַפט אין וולאַדימירצא און אַ געזונג רייכע באַלעבאַטישקייט. מיין פאָטער האָט צו אונדז, קינדער, געהאלטן אַ לערער אין שטוב און אָנגעזעענע אורחים זיינען געקומען צו אונדז צו־גאַסט און מיר האָבן זיך נייגעריקע צוגעהערט צו זייערע נייעסן פון דער גרויסער וועלט, אָבער פּלוצלינג האָט די מלחמה אָנגעיאָגט אַ קאָשמאַר אויף אונדזער שטעטל און אונדזער היים איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יאָמערטאָל, די רוסן האָבן זיך שנעל דערנענטערט צו אונדזער שטעטל און די באַציאונג פון די צאַרישע רוסן צו אידן, איז אונדז נאָך געלעגן פריש אין זכרון, פון דעם אקאָרשט־פאָרגעקומענעם ביילים־פּראָצעס...

איך האָב זיך דעמאָלט געגרייט פאָרן קיין ווין שטודירן, נאָר עס איז געשען ווי פּלוצלינג: — די רוסן האָבן פאַרנומען אונדזער געגנט און די עטלעכע טעג ווען די קאָזאַקן האָבן „געהוליעט”, זיינען מיר אַלע געלעגן פאַרהאַקט אין אַ קעלער.

## די מאַפּעס אין שול־ביכלעך אַלס „באַווייז”, אַז מיר זיינען שפּיאָנען

ווען די רוסן זיינען אַריין טיפער אין גאַליציע און דער פראָנט האָט זיך אָפּגערוקט טיפער צו מערב, האָט זיך אין אונדזער שטעטל די לאַגע אַביסל באַרואיקט און מען האָט שוין אָנגעהויבן וואַגן אַרויסצוגיין אין גאַס און איך, אַ קינד במעט, אין דרייצנטן יאָר, בין אַרויס זוכן ברויט פאַר אונדזער הייב און פון אונדזער

גרויסער, גרויסער משפחה, בין איך געווען דער ערשטער צו זען דעם שווערן בראָך, וואָס די מלחמה האָט אָנגעמאַכט אין אונדזער שיינעם שטעטל.

איך געדענק די גרויסע פרייד אינדערהיים, ווען איך האָב אַריינגעבראַכט די דריי שוואַרצע ברויטן, וואָס איך האָב געקויפט ביי אַ רוסישן סאָלדאַט און ווי גע־גרויסט איך האָב זיך דערפאַר מיט מיין פיינעם אויפטו און דערנאָך איז עס שוין געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך; איך האָב געמוזט זאָרגן פאַר דער פּראָוויאַנטירונג פון שטוב און דער טאַטע און מיינע עלטערע ברידער, האָבן זיך פאַמעלעך אַרויסגעלאָזן פון שטוב, זוכן פרנסה.

נישט לאַנג האָט עס אָבער אַזוי אָנגעהאַלטן.

שנעל האָט זיך אָנגעהויבן שפּרייטן דער קלאַנג, אַז ביים ריקצוג נעמען די רוסן „גייסלען", דאָס הייסט לעבעדיקע משכנות און ווידער האָבן מיין פאָטער און מיינע עלטערע ברידער נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אין גאַס און זעענדיק, אַז די זשידקע־לעך באַהאַלטן זיך אויס, האָבן די קאָזאַקן אָנגעהויבן מאַכן אָבלאַוועס אויפן רוסישן שטייגער און איינמאָל, אינמיטן דער נאַכט, האָבן זיך אַ גאַנצע באַנדע קאָזאַקן אַריינ־געריסן אין אונדזער היים און נאָכדעם ווי זיי האָבן אונדז אַלעמען אַרויסגעריסן פון די בעטן און אונדז געהייסן שטיין אינדערמיט פון אונדזער גרויסער אויפנאַמס־שטוב, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ רעוויזיע, זוכנדיק איבעראַל און אויפרייסנדיק אַפילו די פאַלן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איינער פון די איבערפאַלער איז צוגעקומען מיט עטלעכע ביכלעך אין האַנט, איך האָב באַלד רעקאָגנאָסצירט צווישן זיי מיינע צוויי שול־ביכלעך און דער איינער האָט זיגעריש אָנגעוויזן אויף די ביכלעך, צעעפנט זיי און געוויזן אויף די מאַפּעס: — אַהאַ! געפּאַקט! אידישע שפּיאָנען פאַר עסטרייך!

און עס האָט נישט געהאָלפן אונדזער וועלן אויפקלערן דעם עניז, אַז דאָס זיינען בלויז שול־ביכלעך, אַז מיר זיינען נישט קיין שפּיאָנען... די קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן פּאַכן מיט די נאַהייקעס, זיי האָבן דער מאַמען אַוועקגעטריבן צוזאַמען מיט די קלע־נערע קינדער און מיין טאַטן, מיינע צוויי עלטערע ברידער און איין עלטערע שוועס־טער און מיך, האָבן די רוסן געשלאָסן איינעם צום צווייטן מיט אַ קייט און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין אַ מיליטערישן שטאַב.

דאָרט האָט מען אונדז גענומען אויף אַ „פאַרהער".

עס זאָגט זיך נאָר אַזוי, „גענומען אויף אַ פאַרהער", אָבער אין דער אמתן, האָט בלויז גערעדט דער קאָזאַקן־אָפיציר. ער האָט גערעדט און געבייזערט זיך און געוויזן אויף די מאַפּעס פון די שול־ביכלעך און ווען עמיץ פון אונדז האָט געוואָלט אויסריידן אַ וואָרט, האָט ער אַ פּאַך־געטון מיט אַ נאַהייקע און אויסגעשריען „מאָלטשאַט!"...

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ פאַרהער, האָט מען אונדז נישט באַפרייט, נאָר פאַר־קערט, מען האָט אונדז צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע אומגליקלעכע אידן, מענער און פרויען און אַפילו נאָך יונגערע קינדער פון מיר אויך, אָנגעהויבן טרייבן צופוס, אונ־טער שטרענגער וואַך פון קאָזאַקן און כסדר איז אונדזער קאַראַוואַנע געוואָרן גרעסער, ווייל מען האָט צו אונדז אויך צוגעטיילט די געפאַנגענע עסטרייכישע סאָלדאַטן און אַזוי האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער מאַרש פון מיליטערישע געפאַנגענע צוזאַמען מיט ציווילע „גייסלען", וואָס מען האָט כלומרשט געסטעמפּלט אַלס שפּיאָנען, אַדאַנק אַזעלכע און ענלעכע „באַווייזן", ווי עס זיינען געווען די מאַפּעס אין די שול־ביכלעך...

## דעם רייכן בראָדסקיס פרוי וואַשט אונדזערע פיס

אין מיין ווייטערדיקן לעבן, האָט מען מיך גאַנץ אָפט געפרעגט, פון וואַנען עס נעמט זיך צו מיר, דעם גאַליציאַנער, אַזאַ פאַמיליערע ליבשאַפט צו רוסישע אידן און ווען מען האָט מיר געשטעלט די פראַגע, האָט אין מיין מוח אויפגעלעבט דאָס בילד און אין מיין האַרץ האָט זיך צוריק אויפגעוואַרימט דער געפיל, וואָס איך האָב געזען און געפילט, ווען מיר זיינען נאָך אַ לאַנגן און טרויעריקן מאַרש, אָנגעקומען פאַרהונגערטע און פאַרמוטשעטע קיין קיעוו.

מיר האָבן אַפילו נישט געוואוסט וואוהין מען פירט אונדז אויף אַזאַ וואָכנלאַנגן וועג, אָבער ווען מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין אַ ריזן-הויף פון אַ קאַזאַרמע און אונדז געהייסן אָפּרוען, האָבן זיך באַלד באַוויזן אַ היפּשן צאָל מענער און פרויען אָנגעטון אין ווייסע פאַרטעכער מיט רויטע קרייצן אויף די אַרבל און פון זיי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז מיר זיינען אין קיעוו.

איך בין דאָך נאָך כמעט געווען אַ קינד, קוים דרייצן יאָר אַלט, ווען די פרוי אין ווייסן פאַרטוך איז צו מיר צוגעקומען, מיך אויסגעפרעגט, מיר געגעבן אַ שאָקאָלאַד און דערווייל איז צוגעקומען אַ סאָלדאַט אויך מיט אַ רויטן קרייץ אויפן אַרבל. ער האָט געטראָגן אַ שיסל מיט וואַסער און בעת איך האָב זיך געקוויקט מיטן שאָקאָלאַד, האָט זיך די פרוי אַראָפּגעקניט אויף דער ערד און גענומען וואַשן מיינע פאַרשוואָלענע פיס . . .

אַזוי איז די פרוי געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן און געוואַשן די פיס פון די עסטרייכישע (לייען, גאַליציאַנישע) „גייסלען”, וואָס די רוסן האָבן פאַרכאַפּט כלומרשט אַלס שפּיאָנען און עס פעלט מיר פשוט דער אויסדרוק צו באַצייכענען דעם הייליקן געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט, וואָס האָט אונדז באַהערשט צו דער אידעאַלער, ליבער און האַרציקער פרוי.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די האַרציקע פרוי, וואָס האָט געוואַשן די געשוואָלענע פיס פון די גאַליציאַנער לעבעדיקע משכנות, איז געווען דעם צוקער-פאַבריקאַנט בראָדסקיס פרוי . . .

## אין אַ תפיסה צוזאַמען מיט פאַרברעכער

אויף צו קאָנען שילדערן אַלץ, וואָס מיר האָבן ד׳עמאָלט איבערגעלעבט, די „שיינע” און „גוטע” צייט אין קיעוו און דערנאָך די שווידערלעכע וואַנדערונגען אַזש ביז צום ווייטן סיביר — וואָלט מען באַדאַרפט האָבן אַ גאַנצן בוך און טאַקע אַ גרויס בוך.

עס ווייזט אויס, אַז די רוסן האָבן זיך געכאַפּט, אַז אונדז איז צו־גוט אין קיעוו, די קיעווער אידן, וואָס האָבן „גרויסן איינפלוס”, גיבן זיך צופיל אָפּ מיט אונדז און מען האָט דערפאַר באַשלאָסן, אַז מען דאַרף אונדז ווי אמתע שפּיאָנען, אָפּשיקן אויב נישט אויף יענער וועלט, איז כאָטש כמעט אַזוי ווי אויף יענער וועלט, דאָס הייסט, קיין סיביר און טאַקע פּאָד־עסקאָרטעם און צופיס.

און וואָכנלאַנג, און אפשר גאָר חדשים, ווייל ווער האָט דען נישט פאַרלוירן דעם חשבון פון אָרט און צייט, בעת דער לאַנגער וואַנדערונג פון קיעוו ביז פּענזען, וואָס

ליגט ערגיץ־וואו אין סיביר? — האָט עס געדויערט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ.

אויפן וועג איז מיר בלויז געבליבן אין זכרון איין פּלאַץ, וואו מען האָט אונדז אויך געהאַלטן ענלעך ווי אין קיעוו, דאָס איז געווען אין וואָראָניעזש, אָבער דאָרט זיינען מיר בלויז געווען אַ צוויי טעג און מען האָט אונדז ווייטער געטריבן.

די אויפזיכט אויף דעם לאַנגן וועג „פּאָד עסקאָרטו" איז געווען זייער אַ שטרענגע; די גרופּע „געפאַנגענע" איז שוין נישט געווען קיין גרופּע, נאָר אַ מאַסע פון דריי טויזנט לעבעדיקע אידישע משכנות און אויב עמיץ האָט געוואַגט צו מאַכן אַ פּרוואוו זיך אַרויסצודרייען פון דער ריי, האָט מען אַזאַ איינעם פּשוט אָן צערעמאָניעס אַריינגעשאָסן אַ קויל, און די לאַנגע גלות־קאַראַוואַנע איז ווייטער געגאַנגען...

אַ סך פון די וואַנדערנדע לעבעדיקע משכנות זיינען אויף דעם לאַנגן וועג קראַנק געוואָרן און געבליבן ערגיץ־וואו אָדער טויט אָדער לעבעדיק, אָבער מיר, איך, מיין פאָטער, מיינע צוויי ברידער און מיין שוועסטער, מיר האָבן אויסגעהאַלטן, מיר זיינען אָנגעקומען מידע, צעבראָכענע, מיט וואונדן אויף אונדזערע געשוואָלענע פיס, אָבער געזונטע, וואָס נאָך אַ גוטן אויסרוען זיך, וואָלטן מיר ווידער געקאָנט זיין ווי יעדער געזונטער מענטש.

די צאַרישע באַהערדן האָבן אונדז אָבער נישט געבראַכט קיין פּענזען אויף אָפּרו. זיי האָבן אונדז געבראַכט ווי שפּיאָנען און זיי האָבן אונדז אַריינגעזעצט אין דער דאָרטיקער טורמע, וואָס איז געווען אַ דריי־שטאָקיגע, נאָר נישט דריי שטאָק אין דער הויך, נאָר דריי שטאָק אין דער טיף, און דאָרט זיינען געזעסן געפערלעכע קרימינעלע פאַרברעכער.

צו די צרות, האָט מען אונדז נאָך אַריינגעזעצט יעדן באַזונדער צווישן אַנדערע פאַרברעכער און איך האָב אַ צייט נישט געוואוסט וואָס עס איז געוואָרן פון מיין פאָטער און ברידער און זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס מיט מיר איז געשען.

איך בין געלעגן אין אַ קעמערל מיט נאָך עטלעכע פאַרברעכער, וואָס בלויז אַ קוק טון אויף זיי, איז אָנגעפאַלן אַ טויט־שרעק אויף מיר, און איך בין געלעגן און זיך כסדר באַמיט נישט צו קוקן אויף זיי, אָבער די נייגעריקייט האָט מיך געשטויסן צו כאַפּן אַ קוק און נאָך אַ קוק...

לאַנג זיינען מיר אין דער קאַמער געלעגן; גאַנצע זעקס חדשים. אַ סך פון אונדז זיינען דערווייל געשטאָרבן, ביז איינמאָל איז אַריינגעקומען אַן עלצטער און דערזעענדיק מיך, האָט ער אָנגעהויבן שרייען און וואַרפן מיט רוסישע „יופּעס" און עס האָט אויסגעזען, אַז ער וועט נאָך עמיצן דערהרגענען פון אויפרעגונג. אָבער ער האָט קיינעם נישט דערהרגעט, ער האָט בלויז באַפוילן מען זאָל מיך אַרויסנעמען און מען האָט מיך גענומען אין אַ גרויסער שיינער שטוב און דאָרט איז מיר שוין געווען זייער גוט... אָבער איך האָב געוויינט, אַז איך וויל זען מיין טאַטן...

## באַפרייט אַלס אויסטויש פון געפאַנגענע

ווידער געדענק איך נישט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט. איך ווייס נאָר, אַז מען האָט זיך צוגעהערט צו מיין געוויין און מען האָט מיך ענדלעך אַריינגעפירט אין דער

קאַמער צו מיין פאָטער, וואו מען האָט אויך מיינע ברידער און שוועסטער אַריינגעפירט און איינמאָל, אַ פרימאָרגן, איז אַריינגעקומען אין אונדזער קאַמער דער־זעלבער אָפיציר, וואָס האָט מיך גענומען פון דער קאַמער, וואו די פאַרברעכער זיינען געלעגן און ער האָט געלייענט אַ דעקרעט פון גובערנאַטאָר, לויט וועלכן מיר ווערן באַפרייט און מיר קאָנען פאָרן צוריק אַהיים קיין עסטרייך, אַלס אויסטויש פאַר רוסישע געפאַנגענע, וואָס געפינען זיך ביי די עסטרייכער.

מיר האָבן געמוזט זיך שטאַרק באַהערשן, כדי נישט אַרויסצואווייזן אונדזער פרייד און, ווי נאָר מיר זיינען זיך צונויפגעקומען מיט נאָך געפאַנגענע אין הויף, מיין שוועסטער איז שוין אויך געווען מיט אונדז, האָבן מיר זיך אַלע צעקושט פון פרייד און מיר האָבן זיך באַלד גענומען גרייטן אין וועג אַריין אויף דער לאַנגער נסיעה אויף צוריק.

אָבער נישט אַזוי לייכט איז עס אָנגעקומען דאָס פאָרן אָדער דאָס גיין אויף צוריק. מיר זיינען ווידער געשיקט געוואָרן אונטער וואַך און מיר זיינען געפאָרן און געגאַנגען צופוס מיט קאָנוואָיען און עס האָט געדויערט וואָכנלאַנג, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צוריק אין דער היימישער גאַליציאַנער שטאָט טאַרנאָפּאָל, וואו מען האָט אונדז באַפרייט.

אָבער נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן צו געניסן פון אונדזער פרייהייט, האָבן זיך אָנגעהויבן אָבלאַוועס. מיין פאָטער און מיין שוועסטער מיט מיין יונגערן ברודער האָבן זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן אין אַ קאַמער, נאָר מיך מיט מיין עלטערן ברודער האָבן זיי געכאַפּט און מיט נאָך אַנדערע באַלד אַוועקגעשיקט אויפן פראָנט צו בויען דאָרט שאַנצן און באַגראָבן טויטע. עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז אַ נייע כוואַליע פון ליידן און פיין; מיר האָבן דאָרט אַזוי פיל געליטן, אַז טראָץ די געפאַר פון אַ זיכערן טויט, האָבן מיר געוואַגט און צוזאַמען מיט נאָך צוויי ראָהאַטינער בחורים, האָבן מיר זיך ביינאַכט אַוועקגעגנבעט פון די שאַנצן און געלאָזן זיך איבער וועלדער, אָבער נאָך 24 שעה וואַנדערן האָט מען אונדז געכאַפּט און פאַראורטיילט צו שמיץ.

מיין ברודער און די צוויי ראָהאַטינער בחורים, האָבן אַריינגעכאַפּט צו 25 שמיץ און זיי זיינען נאָך די שמיץ געלעגן קראַנק צוויי חדשים. מיך האָט דער קאָמענדאַנט באַפרייט פון שמיץ, ווייל איך בין נאָך קיין פערצן יאָר נישט אַלט געווען.

ווידער זיינען מיר געלעגן אין די טיפע בלאָטעס אויפן פראָנט. (גאָנץ הינטער דער ערשטער ליניע), וואו מיר האָבן יעדע נאַכט געגראָבן און געבויט שאַנצן און פלויטן פון שטעכיקן דראָט און ווידער איז די לאַגע געוואָרן אַזוי מוראדיק שלעכט און דער הונגער אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן ווידער באַשלאָסן צו אַנטלויפן.

דאָס מאָל האָבן מיר זיך דורך אַ וואַסער (אָדער קאַנאַל) אַוועקגעשוואַרצט פון אונדזערע אויפזעער און מיר האָבן זיך אַריינבאַקומען אין אַ וואַלד און נאָך צוויי מעת־לעת אַרומבלאָנדזשען, האָט אונדז אַ פויער אַוועקגעפירט אין אַ שטעטל, וואו אַ איד האָט אונדז באַהאַלטן אין אַ קעלער און נאָך אַ וואָך צייט, האָבן מיר זיך צוריק אַריינגעשוואַרצט קיין טאַרנאָפּאָל, און דאָרט זיינען מיר געלעגן עטלעכע חדשים צייט, ווי לעבעדיק באַגראָבענע אין אַ קעלער, ביז עס האָט זיך דערהערט אַ טראָמפּייטן־שאַל און פרייילעכע מיליטערישע מאַרשן. דאָס זיינען די עסטרייכער אַריין קיין טאַרנאָפּאָל און מיר זיינען אַרויס פון די קעלערס באַגריסן אונדזערע באַפרייער.

די רוסישע סאָלדאַטן האָבן באַקומען אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ און זיי האָבן זיך צו־

ריקגעצויגן און מיר האָבן זיך פון טאַרנאָפּאָל געלאָזן צו אונדזער היים און ענדלעך, נאָך לאַנגע ליידן און פּיין, זיינען מיר ווידער געווען אין אונדזער זשוראַוונאָ.

## עס איז שוין געווען אַן אַנדער זשוראַוונא

איך האָב אונדזער היימשטעטל נישט דערקענט. צעשאָסן, אַ הורבה אויף אַ חורבה און מיר פרעגן נאָך און מיר זוכן און מיר געפינען ענדלעך מיין מאַמען מיט די ברידערלעך. זיי האָבן אַזוי שלעכט אויסגעזען, אַז מיר האָבן זיי קוים דערקענט. זיי האָבן געוואוינט אין אַ שטיבל וויט הינטערן שטעטל און קיין עסן איז נישט געווען און פון וואַנען צו ציען פּרנסה איז נישטאָ און דערווייל זיינען מיר דאָך שוין אין אונדזער היים, מיר זיינען שוין אין עסטרייך און מיינע ברידער דאַרפן נאָך גיין פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. לאָזט מען מיינע עלטערע ברידער אַפילו נישט אָפּאָטעמען נאָך די גרויסע ליידן, גאָר מען פאַרופט זיי שוין צום מיליטער, זיי זאָלן גיין פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד און מיין פאָטער האָט מורא זיך צו ווייזן אין גאַס, מען זאָל אים נישט כאַפּן צו שאַנצן־בוי (ווי מען האָט אויך געטון אויף עסטרייכישער זייט), בלייב איך בלויז איינער, דער איינציקער, וואָס דאַרף זוכן ברויט פאַר אונדזער היים, נעם איך אויף זיך די גרויסע אחריות און איך פיל זיך שטאַלץ, וואָס איך וועל קאָנען באַווייזן וואָס איך קאָן און פון קיין מורא האָב איך שוין לאַנג נישט געוואוסט, ווייל די לאַנגע קייט פון ליידן אַלס „שפּיאָן" און אַלס לעבעדיקער משכן ביי די רוסן, האָבן מיך געניג אויסגעהאַרטעוועט, לאָז איך זיך יעדן טאָג אַוועק וויט, אין די פון אונדזער מיליטער פאַרנומענע רוסישע געביטן, דאָרט איז פאַראַן גענוג ברויט, קויף איך דאָרט איין ברויט און זייף און איך שלעפּ פולע שווערע רוקן־זעק מיט פּראָוויאַנט קיין זשוראַוונאָ. איך זעטיק אָן מיין היים און עס איז נאָך פאַראַן צו פאַרקויפן פאַר אַנדערע הונגעריקע און אַזוי פעלט שוין נישט אויס דאָס שטיקל ברויט און מען שטופּט די טעג און וואָכן, ביז ענדלעך, עס האָט זיך געענדיקט די מלחמה. עס האָבן זיך געענדיקט די מלחמה־צרות און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די נאָך־מלחמה־צרות...

## מען לאָזט נישט אויפריכטן אונדזער היים

איך געדענק עס. מיר האָבן זיך געריכט, אַז נאָך דער מלחמה, וועלן אונדז פאַרגיטיקט ווערן אַלע ליידן. מיר האָבן געהאָפט, אַז מיר וועלן אויפבויען אונדזער היים און אין אַ באַפרייטן פּוילן, דאַרף דאָך אונדז בעסער זיין אַפילו ווי אין די גוטע צייטן אונטער עסטרייך; מיר זיינען דאָך עפּעס באַפרייט געוואָרן!...

אָבער געווען איז עס גאַנץ אַנדערש. מיר האָבן אַפילו באַקומען געלט פון אַמעריקע, עס האָבן אונדז נישט געפעלט קיין מיטלען זיך צוריק אויפצובויען אונדזער היים און אונדזער לעבן, אָבער מען האָט אונדז באַלד אָנגעמאָסטן אַזעלכע שטייערן, אַז עס איז אונדז אויסגעקומען כסדר אַוועקצוגעבן אַלץ וואָס מיר האָבן באַקומען פון אַמעריקע און מיר האָבן וואָס אַ טאָג און וואָס אַ וואָך, אַ חודש און אַ יאָר ווייטער, אַלץ מער איינגעזען, אַז וואָס־וואָס, נאָר קיין צוקונפט קאָנען מיר אין זשוראַוונאָ נישט

דערוואַרטן. און ווי ליב עס זאָל אונדז נישט האָבן געווען אונדזער געבורטשטעטל, האָבן מיר געמוזט אָנהויבן טראַכטן ווי אַזוי מען זאָל עס קאָנען וואָס שנעלער פאַרלאָזן.

מען האָט אונדז נישט געלאָזן אויפריכטן אונדזער היים אין אונדזער געבורטשטעטל און אַט בין איך שוין געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט נאָרד אַמעריקע. אַ ברודער מיט צוויי שוועסטער זיינען שוין געהאַט נאָך פאַר דער מלחמה געפאָרן אַהינצו און אַט האָב איך שוין די שיפסקאַרטע מיט „אַפידייוויטס", אָבער עפּעס פאַרשפּעטיק איך, עפּעס פירט זיך אַזוי, אַז איך קום קיין וואַרשע וויזירן די פּעסער און איך פאַרשפּעטיק און איך סטאַרע זיך אויפסניי און עס גייען טעג, וואָכן און חדשים און איך באַשליס ענדלעך צו פאָרן קיין נאָרדאַמעריקע דורך אַרגענטינע, און דאָ גייט עס מיר לייכט; אָט האָב איך שוין אַלץ פאַרטיק און איך קום אין דעם שיינעם פרייען לאַנד און ווידער פירט זיך מיר אַזוי, אַז איך קאָן נישט באַלד פאָרן קיין אַמעריקע און איך וויל נישט לעבן פון שטיצע, וואָס מען קאָן מיר שיקן פון אַמעריקע, איך וויל אַליין אַרבעטן און פאַרדינען מיין ברויט און איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי איך האָב אַלס קליין אינגל געשפּייזט מיין היים און איך פיל אין זיך קראַפט און מוט און איך לאָז זיך אַריין אין געראַנגל פון לעבן און, דאַנקען גאָט, איך האָב זיך דאָ מיט שווערער אַרבעט און נישט לייכטער מי ארויפגעאַרבעט און איך האָב דאָ מיין פאַמיליע, און די פאַרגעלטונג פאַר אונדזערע אַמאָליקע ליידן אַלס לעבעדיקע משכנות אין די צאַרישע תפיסות, די פאַרגעלטונג, וואָס מיר האָבן נישט באַקומען, נישט אין עסטרייך און אַוודאי נישט דערנאָך, אין באַפרייטן פּוילן, באַקומען מיר ערשט היינט, אין דעם שיינעם צעבליטן פרייען לאַנד — אַרגענטינע!...



# אַ פאַגראם צוליב טויט-שטראף פאר מערדער

פון אברהם קירשנבוים



קאַלבושאָוו, מיין שטעטעלע, וואָס פאַר אַ וואַרימקייט עס נעמט מיך אַרום, ווען איך דערמאָן זיך אָן דיר! ...

אָט זע איך אין זכרון דיינע געסלעך; אָט זע איך פאַר־בייגיין די באקאנטע היימישע אידן, מען זאָגט זיך דעם גוט-מאָרגן און גאָט-העלף, איך זע די קאָלבושאָווער אידן איילן זיך צום דאַוונען און איך זע זיי שטיין פאַר זייערע געשעפטן, אָנגעשפּאַרטע אויף די געזימסן פון די טירן און איך זע דעם רינג (רינעק), וואו עס שטעלט זיך דער יריד און איך זע ווי עס פאָרן אָן פון אַלע זייטן פורן מיט פויע־רים און עס קומען אויך די אידישע מאַרק-פאָרער מיט די הויך-באַלאָדענע וועגענער מיט סחורות און איך זע ווי פלינק זיי שטעלן-אויף די בוידן און עס וואַקסן-אויס ווי דורך אַ כישוף גרויסע געשעפטן מיט כלערליי סחורות; איך זע דיך, מיין קליין און שיין היים- און געבורט-שטעטעלע קאָלבושאָוו, מיט אַלע דיינע מעלות און חסרונות און כאָטש דאָס באַפרייטע פוילן האָט דיינע צוויי טויזנט אידן געגנוג שטיף-מוטעריש באַהאַנדלט, פונדעסטוועגן האָט מען געלעבט און געשטרעבט און נאָר ווען עס האָט שוין גאָר שטאַרק צוגעדריקט, האָט מען געזוכט אויסצואוואַנדערן פון דער איינגעפונדעוועטער היים.

קאָלבושאָוו איז געלעגן צווישן ריישע (רזשעשאָוו) און מאַרנאָוו און ביי דער זייט האָט עס אויך געהאט דאָס שיינע שטעטעלע שענדזישאָוו און ביז 1914 האָבן אידן דאָרט זייער גוט געלעבט, פון מסחר מיט די פויערים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך.

פון די צוויי טויזנט אידישע נפשות, וואָס קאָלבושאָוו האָט פאַרמאָגט, האָט די גרויסע מאַיאָריטעט געהערט צו פרום-חסידישע פאַמיליעס, מערסטנס באָבעווער און סאַנדזער און אויך אַביסל דזשיקעווער חסידים.

ביז צו דער וועלט-מלחמה פון 1914, זיינען די קאָלבושאָווער חסידים געווען זייער פאַנאַטיש און זיי האָבן נישט דערלאָזט, אַז די יוגנט זאָל זיך ווי עס איז אָרגאַניזירן אויף אַ מאָדערנעם אופן און אינגלעך מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו וועלטלעכער בילדונג,

זיינען פשוט אַנטלאָפן פון קאָלבושאָוו קיין טאַרנאָוו, רזשעשאָוו און אַפילו קיין קראָקע, באַדאַי געוואָרן אין דער פרעמד באַהעלפערס ביי דרדקי־מלמדים, אָדער שמשים אין שילן, אַבי צו קאָנען זיין פריי און לערנען אין געהיים דייטשע און פוילישע ביכער.

אָבער נאָך דער מלחמה, זיינען קאָלבושאָווער חסידים געוואָרן אַ סך טאָלעראַנטער און די יוגנט האָט זיך אנגעהויבן אָרגאַניזירן און עס איז שוין געווען אַ פועלי־ציוניס־טישער צענטער און מען האָט שוין געהערט אַ פאָרטראַג און געזען אַ טעאַטער־פאָר־שטעלונג פון אַ וואַנדער־טרופע און מען האָט שוין געמאַכט אויספליגן אַזש ביז הינ־טער דעמביצע, וואו עס האָבן זיך אָנגעהויבן די בערג און דאָרט צווישן די בערג, האָט מען ערשט געהערט אַ לעקציע וועגן ציוניזם, וועגן אידישן פאָרשריט און די וויכטיקייט פון ספאָרט־איבונגען און פיזישער קולטור . . .

מיין פאָטער האָט געהאַנדלט מיט פריצים, געקויפט און פאַרקויפט שטיקער וואַלד און אויך געקויפט בלויז די רעכטן אויסצוהאַקן די ביימער פון שטיקער וועלדער און די אויסגעהאַקטע ביימער האָט ער פאַרקויפט צום עקספּאָרט.

דער האַנדל מיט פריצים, האָט מיין פרומען טאַטן מער־ווייניק מאָדערניזירט, אָבער די באַשטימטע הויכע שטייערן און דער פאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטיזם פון דער פוי־לישער שליאַכטע, האָבן זיך זייער שלעכט אָפּגערופן אויף מיין פאָטערס מסחרים, און ווי נאָר איך בין מער־ווייניק געקומען צו אַביסל זעלבסטשטענדיקייט, האָב איך שוין איינגעזען, אַז קיין צוקונפט דערוואַרט מיך נישט דאָרט און איך בין אַוועק אין דער גרויסער וועלט.

דעריבער, זייענדיק געבוירן בלויז עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה פון 1914 און אַזוי ווי איך בין אַוועקגעפאָרן עטלעכע יאָר נאָך דער מלחמה, האָב איך גאַנץ ווייניק געלעבט און געוואָסן אין מיין אַלטער היים. יעדנפאַלס, געדענק איך גאַנץ ווייניק גליק־לעכע טעג, אַזעלכע טעג געדענק איך נאָר פון פרי, פון מיין גאַנץ יונגער קינדהייט און אַפילו שוין פון מלחמה־צייט, ווען דער פּאָליציאַנט אויפן מאַרק־פּלאַץ האָט נאָך געטראָגן דעם עסטרייכישן מונדיר . . .

נאָך פוילנס באַפרייאונג, לייכטן מיר אויף אין זכרון בלויז די טעג, ווען מיר, אַ חברה יוגנטלעכע, האָבן געמאַכט אויספלוגן צו די בערג, דאָס זיינען געווען פריידיקע טעג, ווען אַפילו עס איז אונדז שוין אויסגעקומען צו קעמפן מיט קריסטלעכע שקצים־לעך, גרעסערע און קלענערע, וואָס האָבן אונדז נאָכגעשריען אויפן וועג פאַרשידענע באַליידיקנדיקע אויסרופן, און אָפט אַפילו נאָכגעוואָרפן שטיינער, אויף וואָס מיר האָבן אָפּגענטפערט מיט דעמזעלבן און זיך נישט געלאָזן שפייען אין דער קאַשע . . .

אָבער, דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַלץ מער געלאָזן פילן און ער האָט זיך כסדר מער אויסגעשפרייט און פאַרכאַפּט אַלע ווינקלען פון אידישן לעבן און דאָרט געזוכט אומזיכער צו מאַכן די געמיטער . . .

שוין אין 1920, איז קאָלבושאָוו און די גאַנצע אומגעגנט אויפגערודערט געוואָרן צוליב אַ פירפאַכן מאָרד, וואָס דריי שקצים האָבן דורכגעפירט איבער אַ אידישער פאַמיליע.

עס האָט געהייסן, אַז דער פירפאַכער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן צוליב רויב־צוועקן, אָבער שטילערהייט האָט מען גערעדט, אַז דאָס איז געווען די אַנטיסמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט אַזוי געווירקט, אַז דריי יונגע שקצים (איינער פון זיי קוים

15 יאָר אַלט) זאָלן ווערן אַזעלכע ברוטאַלע מערדער, נישט שווינענדיק דאָס לעבן אַפילו פון אַ וויג-קינד...

דער ברוטאַלער מאָרד איז פאָרגעקומען אין הויז פון אַן עלטערער פרוי, אויפן וועג, דאָרט וואו דאָס שטעטל ענדיקט זיך.

די פרוי איז געווען די מומע פון מיין קוזינע חנהלעס מאַן, און זייענדיק אַליין אין איר גרויס ירושה-הויז, האָט זי איר פלימעניק מיט זיין פרוי אַריינגענומען צו זיך און זיי האָבן געוואוינט צוזאַמען.

מיין קוזינע חנהלע האָט שוין געהאַט אַ קינד, וועלכעס איז געווען אַ קנאַפּ יאָר אַלט, ווען די שרעקליכע טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט.

דאָס איז געווען אין אַ פרייטיק-צו-נאַכטס פון יאָר 1920.

לויט דער רעקאָנסטרוקציע פון פאַרברעכן, זיינען זיי אַלע, די מומע, איר פּלימעניק און זיין פרוי, מיין קוזינע חנהלע, געזעסן ביים טיש און געגעסן. מיין קוזינע האָט זיך נחתדיק געראַנגלט מיטן קינד, וואָס האָט דווקא געוואָלט זיך צובאַקומען צו דער ברוסט און חנהלע האָט איר דווקא געוואָלט געבן מיט אַ לעפעלע אַביסל פיש-יויך אין מיילעכל, ווייל זי האָט עס געהאַלטן אין אנטווייגען.

פלוצלינג האָט זיך אויפגעריסן די טיר און עס זיינען אַריין דריי פאַרשוין, באַקאַנטע שקצים פון יענער געגנט, איינער פון זיי — כמעט נאָך אַ אינגל און, אויסרופנדיק מיט שוים אויף די ליפּן: — „זשידקעס, עס איז געקומען אייער צייט! איר האָט אַ סך געלט און מיר, די פאָליאַקן, האָבן גאָרנישט, און...”

די באַנדיטן האָבן זיך געוואָרפן מיט רציחה אויף די זיצנדיקע.

מיין קוזינעס מאַן האָט זיך אַפילו געפּרואווט פאַרטיידיקן, אָבער זיי האָבן אים זעקס מאָל געשטאָכן מיט אַ לאַנגן מעסער און ער איז געפאַלן טויט און די צוויי פרויען זיינען שוין געלעגן אין טיפן חלשות, ווען די מערדער האָבן אויך אין זיי אַריינגעשטאָכן צו עטלעכע מאָל דאָס זעלבע מעסער און דערזעענדיק דאָס קינד אַ וויינענדיקס ליגן אויף דער ערד, האָבן עס די מערדער אויך דערהרגעט.

דער פירפאַכער מאָרד האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן אויפברויז אין דער גאַנצער געגנט און עס זיינען געקומען פון טאַרנאָוו און פון רזשעשאָוו געהיים-אַגענטן און מען האָט אָנגעהויבן פאָרשן און זוכן ביז מען האָט אַנטדעקט די מערדער און זיי אַרעסטירט.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין רזשעשאָוו, פאַר אַ געשוואָירענעם געריכט.

שוין דער אָנקלאַגע-אַקט איז געמאַכט געוואָרן אַזוי, אַז מען זאָל נישט פאָרשן די פּאָליטישע זייט פון מאָרד, אויף וויפיל די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט געווירקט אויף די יונגע מערדער, נאָר מען האָט עס געהאַלטן ווי פעסטגעשטעלט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ ברוטאַלן קרימינעלן פאַרברעכן פון מאָרד צוליב רויב-צוועקן, און אַלס אַזעלכע האָט מען זיי געמשפּט.

אויף דער פראַגע, פאַרוואָס זיי האָבן געהרגעט, צי איז נישט מעגלעך געווען צו רויבן אָן בלוט-פאַרגיסונג, האָבן די מערדער געענטפערט, אַז דער זשיד האָט זיך געוועהרט, האָבן זיי אים געמוזט דערהרגענען...

— און פאַרוואָס האָט איר דערהרגעט די פרויען?

— זיי האָבן דאָך אונדז געקענט און זיי וואָלטן אויסגעזאָגט אויף אונדז...

— טאַ פאַרוואָס האָט איר אויך דערהרגעט דאָס אומשולדיקע קינד? האָט איר אויך פאַר דעם קינד מורא געהאַט? ...

די באַנדיטן האָבן געשטאַמלט און ענדלעך האָט איינער געענטפערט, אַז דאָס קינד האָבן זיי געהרגעט פון רחמנות, ווייל זיי וואָלטן עס געמוזט אַזוי לאָזן ליגן ביז צומאָרגנס אינדערפרי און דאָס קינד וואָלט זיך געמוזט מוטשען אָן איער מאַמען, האָבן זיי עס שוין בעסער דערהרגעט...

דער פּראָצעס האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך, עס זיינען געווען עטלעכע פאַרטיידיקער פון די ענדעקישע אַדוואָקאַטן און זיי האָבן געזוכט אויפצואווייזן, אַז די אידן מיט זייער אויסנוצעריי וועקן די ווילדסטע אינסטינקטן ביי די קינדער פון פּוילישן פּאָלק און דערפירן זיי פשוט ביז צו עקסטרעמער מערדעריי. .

עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן די אַנטיסעמיטישע דרשות פון די ענדעקישע אַדוואָקאַטן, די געשוואוירענע ריכטער, וועלכע זיינען געווען דערשיטערט פון דער געשעעניש און זיי האָבן די צוויי עלטערע שקצים פאַראורטיילט צו טויט-שטראָף דורך הענגען און דעם דריטן, דעם 15-יאָריקן — אינטערנירט צו ווערן אין אַן אויסבעסערונגס-אנשטאַלט אויף מינדעסטנס צען יאָר צייט.

און כאָטש דער פירפאַכער מאָרד האָט אויפגעשוידערט אַפילו די קריסטלעכע איינוואוינער פון דער גאַנצער געגנט און עס איז דאָך גוט פעסטגעשטעלט געוואָרן די אומצווייפלהאַפטע שולד פון די ברוטאַלע פאַרברעכער, פונדעסטוועגן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע און עס האָבן זיך באַוויזן פלוג-בלעטלעך, וואָס האָבן געשילדערט די מערדער אַלס מאַרטירער פון אַ אידישער פאַרשווערונג און אין טאָג פון אויספירן די עקזעקוציעס האָבן זיך אין רזשעשאָוו אין דער געגנט פון תפיסה, געיאַוועט מאַסן פּוילישן סטודענטן און כוליגאַנעס אָנגעטון אין פּויערים-קליידער און זיי האָבן געפאָדערט די באַפרייאונג פון די פּוילישע אינגלעך.

עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן די דעמאָנסטראַציעס און נישט די דראָונגען קעגן די ריכטער, דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן און די צוויי מערדער האָבן פאַר זייער פירפאַכן ברוטאַלן מאָרד, באַצאָלט מיט זייער לעבן אויף דער תליה.

פונדעסטוועגן, כאָטש די גאַנצע לאַנד-פּרעסע (חוץ די ענדעקישע צייטונגען) האָבן גוטגעהייסן דעם אורטייל, האָט עס נישט איבערצייגט די פאַרברעכערישע ענדעקעס און זיי האָבן אויפגעהויבן אַ ווילדע אַגיטאַציע, באַוויינענדיק די געהאַנגענע באַנדיטן אַלס מאַרטירער, וואָס די זשידעס האָבן געשיקט צו דער גאַלגאָטאַ און די אַגיטאַציע איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז נאָך אין זעלבן יאָר, האָבן זיך צעיושעטע פּוילישע גוים געוואָרפן אויף די אידישע געסלעך, צעפּלינדערט אידישע געשעפטן און געשלאָגן און געהרגעט ווען זיי האָבן נאָר געטראָפן אויף זייער וועג און עס האָט געדויערט גענוג לאַנג און עס האָט געקאָסט גענוג מי, ביז מען האָט „צוריקגעשטעלט די אָרדענונג"...

אָט אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן אין באַפרייטן פּוילן מיט דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, וואָס האָט דריי יונגע פּאָליאַקן געמאַכט פאַר ברוטאַלע מערדער און אַנדערע פּוילישע כוליגאַנעס האָבן באַערט זייער אָנדענק מיט אַ פּאָגראָם, אַבי צו פאַרנמאַסן די אידן דאָס לעבן אין זייערע איינגעפונדעוועטע אַלטע היימען פון דור-דורות

# דאס שטעטל קאָסאָוו און דער באַרימטער רבי וואָס האָט ליב געהאַט אידיש טעאַטער

פון ניסן קרעמער און יעקב שטיינער

וואו זיינען היינט קאָסאָווער אידן? און ווי זעט היינט אויס קאָסאָוו?

מיר ווייסן בלויז, אַז אין אַרגענטינע לעבן היינט די קאָסאָווער לאַנדסלייט — יאָסל האַלפערן, הערמאַן זאַנטאַג, אָסקאַר סעגאַל, אייזיק פויגל, בנימין און דוד פיש, מאיר קויפמאַן, סימאָן קראַנענפעלד, ניסן קרעמער און יעקב שטיינער.

מיר ווייסן אויך, פון אַ בריוו וואָס מיר האָבן באַקומען פון ארץ ישראל, אַז 28 קאָסאָווער אידן האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַצישע בעסטיעס, אַנטלויפנדיק כמעט ווי פון אונטער זייערע שווערדן און זיי זיינען נאָך פילע וואַנדערונגען און סכנות-נפשות אָנגעקומען קיין ארץ-ישראל.

פון די 28 געראַטעוועטע האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ווי נאָר די נאַצים זיינען אַריינגעקומען קיין קאָסאָוו, האָבן זיי צונויפגעטריבן אַלע אידן אויפן באַרג און דאָרט האָט מען אויף זיי געעפנט אַ פייער פון מאַשין-ביקסן און בלויז די 28 האָבן זיך געראַטעוועט.

אָבער די אַלע אידן, וועמען דער גורל האָט אַזוי ווי אונדז דאָ, אין אַרגענטינע, אַרויסגעראַטעוועט פון קאָסאָוו נאָך אַ סך איידער די דייטשע מערדער זיינען איבער-געפאַלן די וועלט און בכלל די אַלע קאָסאָווער אידן, וועלכע לעבן היינט ערגיץ-וואו אין זייער צעשפרייטקייט אויפן ערד-קוגל, געדענקען זיכער זייער היים-שטעטל, וואו זייערע וויגעלעך זיינען געשטאַנען; די אַלע געדענקען זיכער קאָסאָוו, ווייל קאָסאָוו האָט געהערט צו די שטעטלעך, וועלכע מען קאן אין לעבן נישט פאַרגעסן.

## קאָסאָוו און די לעגענדע וועגן באַרג

קאָסאָוו געהער צו דער סטאַניסלאַוואָווער וואָיעוואודסטווע און דאָס שטעטל ליגט אין אַ גענוג טיפן טאָל אַרומגערינגלט פון די קאַרפאַטן-בערג.

די בערג אַרום קאָסאָוו שטעלן מיט זיך פאָר די גרענעצן פון דריי לענדער, דאָס זיינען אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע און רומעניע.

קאָסאָוו איז געווען אַ באַרימטער לופט-קוראָרט און יעדן זומער איז קאָסאָוו און די אַרומיקע געגנט פול געווען מיט קור-געסט און טוריסטן, וואָס זיינען געקומען קלע-

טערן אויף די אַרומיקע קאַרפּאַטן־בערג.

פאַר דער מלחמה פון 1914, זיינען דאָך נאָך די קאָסאָווער בערג נישט געווען קיין גרענעצן, ווייל סיי טשעכאָסלאָוואַקיע, ווי אונגאַרן און די בוקאָווינע, האָבן געהערט צו עסטרייך און טוריסטן האָבן זיך אויף די אַרומיקע בערג געקאָנט גאַנץ פריי באַוועגן.

אָבער אַפילו נאָך 1918, נאָך פּוילנס באַפרייאונג, איז אַלץ קאָסאָוו נאָך געבליבן אַ קוראָרט, נאָר דער דאָרטיקער באַרימטער אַנטיסעמיט דר. טאַרנאָווסקי, האָט שוין געקאָנט גאַנץ פריי אַרויסשטעלן שילדן מיטן אויפשריפט אויף זיינע סאַנאַטאָריעס: פאַר אידן דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן.

אין קאָסאָוו גופא, האָבן געוואוינט כמעט בלויז אידן; אָבער אין אומגעגנט, וואָס האָט געהערט צו קרייז קאָסאָוו, דאָס זיינען געווען 21 געמיינדעס, האָבן געוואוינט בלויז אוקראַינער און אַ מינדערהייט פּאָליאַקן.

ווען די עסטרייכישע אימפּעריע איז זיך אין 1918 צעפאַלן, האָבן די אוקראַינער פאַרכאַפּט די מאַכט אין קאָסאָוו און זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן רויבן ביי דער אידישער באַפעלקערונג און עס איז פאָרגעקומען אַ שטיקל פּאָגראָם, אָבער עס זיינען אָנגעקומען די רומענער „איינשטעלן אָרדענונג” און זיי האָבן אַרעסטירט אַ סך אוקראַינער און די רומענער האָבן דערפאַר געפאָדערט אַ גרויסן אויסלייז־געלט פון די אידן...

און אַזוי איז קאָסאָוו געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ביז די פּאָליאַקן האָבן איינגעשטעלט און פאַרפעסטיקט זייער מאַכט און אנשטאָט עפנטלעכן רויב, האָבן די פּאָליאַקן איינגעפירט אַזאַ שטייער־סיסטעם ספּעציעל פאַר אידן, אַז זיי זאָלן זיך צואיילן און וואָס שנעלער אַנטלויפן „דאָ פּאַלעסטינא”...

אָבער נישט אַזוי לייכט האָבן קאָסאָווער אידן פאַרלאָזן זייערע היימען; קאָסאָווער אידן האָבן ליב־געהאַט זייער שטעטל און זיי האָבן ליב־געהאַט די אַלע לעגענדעס וואָס האָבן געשוועבט איבער דעם שטעטל, זיי האָבן ליב־געהאַט די דורות רביים, די האגערס, וואָס האָבן צוגעצויגן פיל טויזנטער חסידים פון נאָנט און פון ווייט און אַפילו פון אויסלאַנד און קאָסאָווער קינדער האָבן ליב געהאַט צו הערן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די לעגענדע וועגן דעם באַרימטן רויבער־הויפּטמאַן דאָבוש, מיט ר' ישראל בעל שם טוב.

יאָ, קאָסאָוו איז געשטאַנען אין אַ טאָל צווישן בערג, אָבער אין דעם טאָל איז אויך געווען אַ באַרג און אויפן שפּיץ פון שטאָט־באַרג, איז געווען אַ צלם און מען האָט געזאָגט, אַז דאָרט אויפן שפּיץ באַרג, אונטערן צלם, ליגט באַגראָבן דער באַרימטער רויבער־הויפּטמאַן דאָבוש, וועלכער האָט זיך אויף די בערג באַקענט מיט ר' ישראל בעל שם טוב און ער האָט זיך מיט אים באַראַטן און אים געפאָלגט און זייט דעמאָלט, האָט דאָבוש קיינעם נישט געהרגעט, ער האָט בלויז גערויבט ביי רייכע און פאַרטיילט דאָס גערויבטע צווישן אָרימע...

## פאַרוואָס מען באַגראָבט נישט מיט טליתים

נישט בלויז די לעגענדע ווי אַזוי דער בעל שם טוב האָט געווירקט אויף דעם געפערלעכן רויבער־הויפּטמאַן, נאָר נאָך אַנדערע לעגענדעס האָבן גערייצט די פאַנטאַזיעס פון קאָסאָווער אידישע קינדער.

אין קאָסאָוו און אומגעגנט, איז געווען אַ מנהג, אַז מען האָט די אידישע מתים נישט באַגראָבן אין קיין טליתים.

און דערציילט האָט מען וועגן דעם אַזוי:

— שוין לאַנג, מיט אַ סך יאָרן צוריק, נאָך ווען דער גרויסער ר' הײמל איז דאָ געוועזן רבי, האָט פּאַסירט, אַז איינמאָל, בעת „כל נדרי" אין שיל, איז פּלוצלינג געוואָרן אַזוי ענג אין שיל, אַז עס האָט אָנגעהויבן אויספעלן אָטעם.

דער חזן זינגט כל נדרי, דער עולם שטייט געהילט אין טליתים אין הייליקן פּלאַטער, נאָר די ענגשאַפט איז אין לשער און ווען דער רבי ר' הײמל, וואָס איז געשטאַנען אויבנאָן האָט דערפילט, אַז די ענגשאַפט איז נישט קיין פּשוטע, האָט ער פּלוצלינג אויסגערופן צום חזן ער זאָל בלייבן שטיין און צום עולם האָט דער רבי אויסגעשריען, אַז אַלע זאָלן פון זיך אַראָפּוואַרפן די טליתים, ווייל עס הערשט אַ גרויסע סכנה.

האָבן די אידן געפאָלגט און ווי נאָר זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די טליתים, איז אין שיל געוואָרן גרוים אַזוי ווי אַלעמאָל.

מוצאי יום־כיפור, האָט דער רבי ערשט אויפגעקלערט דעם סוד פון דער ענגשאַפט: — דאָס זיינען די קאָסאָווער אידישע מתים געקומען אין די טליתים אין שיל אַריין זאָגן כל נדרי און שטייענדיק געהילט אין די טליתים, האָט מען דאָך נישט געזען ווער עס איז און מען וואָלט געווען דערשטיקט געוואָרן פון ענגשאַפט, ווען מען וואַרפט נישט באַצייטנס אַראָפּ די טליתים פון זיך, דעמאָלט האָבן די מתים שנעל געמוזט פאַרלאָזן די שיל און אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעראַטעוועט.

און זייט דעמאָלט, האָט דער רבי ר' הײמל מתקן געווען, אַז מען זאָל נישט באַגראָבן אין קיין טלית, כדי די מתים זאָלן נישט קאָנען קומען אין שיל צו כל נדרי...

## די אידישע פּאַרטייען אין קאָסאָוו

קאָסאָוו איז טאַקע אין פאַרהעלטעניש צו די גרויסע שטעט אין גאַליציע, געווען אַ קליין שטעטל, אָבער פּאַרטייען און פּאַרטיי־רייסעניש האָט עס געהאַט נישט ערגער פון די גרעסטע שטעט.

די בערך צוויי טויזנט אידן פון קאָסאָוו, האָבן זיך געטיילט אין פיר טיילן: — חסידים, אַסימילאַנטן, ציוניסטן און סאָציאַליסטן.

פאַרשטייט זיך, אַז יעדער טייל באַזונדער, האָט זיך ערשט געטיילט אין פאַרשידענע טיילן, אַזוי האָבן די אַסימילאַנטן געליפערט קאָנסערוואַטיווע און פאָרגעשריטענע דעמאָקראַטן און די חסידים האָבן געהאַט אַסימילאַנטן און נאַציאָנאַל־געשטימטע, פונקט ווי די ציוניסטן האָבן זיך געטיילט אין קאָנסערוואַטיווע און ראַדיקאַלע און די סאָציאַליסטן — אין פּועלי־ציוניסטן און בונד און אַפילו גאַנץ לינקע.

די אַלע שיכטן האָבן צווישן זיך געקעמפט און די שטאַרקסטע, וואָס האָבן פאַרנומען דעם רודער פון קהילה־לעבן, זיינען געווען די חסידים.

אַ געמיש פון חסיד און אַסימילאַנט, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אברהם לאָקער (אַ פעטער פון באַוואוסטן פּועלי־ציוניסטישן לידער בערל לאָקער).

אַזוי ווי אברהם לאָקער איז געווען דער אָנגעזעענסטער פון די חסידים, אַזוי זיינען די ברידער מוני, מאָטל און לייזער ברימל, און ברידער איטשע און יאָסל קרעמער און ברוך ענגלער, געווען די אָנגעזעענסטע טוער פון די פּועלי־ציון און דר. יעקב גערטנער,

דר. קעז און יהושע גערטנער (ער האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און איז היינט אין ארץ־ישראל) זיינען געווען די אָנגעזעענסטע ציוניסטן.

מען מוז אָבער מודה זיין, אַז אברהם לאָקער איז געווען דער אַקטיווסטער פון אַלע. ער האָט נישט גערוט. זייענדיק זייער רייך, אַלס הויפּט־עקספּאָרטער פון פעלן, האָבן שוין אַנדערע געאַרבעט פאַר זיינעטוועגן און ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פּאָליטיק און קהל־פירעריי.

ביים רבין, געווען דאָס אויבערשטע פון שטויסל, אָבער געוואָלט אויך זיין דער שטאָט־תקיף און אַמערסטן האָט ער געאַרבעט, ווען עס זיינען געקומען וואַלן.

אברהם לאָקער איז נישט מיד געוואָרן צו אַרבעטן פאַר די קאַנדידאַטן פון דער אַסימילאַטאָרישער ליסטע און ער איז געגאַנגען פון הויז צו הויז און פון שטוב צו שטוב און ער האָט געזוכט צו איבערצייגן און צו באַוועגן, אַז מען זאָל שטימען פאַר זיין ליסטע.

די אידיש־נאַציאָנאַלע פּאַרטייען האָבן אָבער אויך נישט געשוויגן, די אַרגומענטן פון די נאַציאָנאַל־געשטימטע האָבן שטאַרקער איבערצייגט און עס האָט זיך געמאַכט, אַז אַ סך אידן, וואָס זיינען געשטאַנען אין האַנדלס־באַציאונגען מיט אברהם לאָקער, האָבן זיי אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן, האָבן זיי גענומען ביי אים זיין וואַל־צעטל און געלייגט אין קאָפּערט און אברהם לאָקער האָט זיי געפירט אין זיינע קאָלעסן צום שטים־קאַסטן, אָבער די אידישן וויילער האָבן שוין געהאַט ביי זיך אַן אַנדער קאָפּערט מיט אַ קעגנערישן וואַל־צעטל און זיי האָבן איסגענוצט די געהיימע און דירעקטע וואַלן, שטימענדיק פאַר די נאַציאָנאַל־אידישע קאַנדידאַטן און אברהם לאָקער האָט דערנאָך געשריען, אַז ער פאַרשטייט נישט וואָס דאָ טוט זיך אַזוינס: — איך האָב די וויילער, און די קעגנער האָבן די שטימען! . . .

## עקאָנאָמישע פּאָזיציעס

די סוחרים און אינדוסטריאַלן אין קאָסאָוו, איז עס זייער גוט געגאַנגען.

מיר האָבן שוין דערמאָנט דעם גרויסן פעל־עקספּאָרטער אברהם לאָקער, פאַר וועמען עס האָבן געאַרבעט צענדליקער אויפקויפער פון פעלן און אַ סך אידישע פאַמיליעס האָבן געהאַט פרנסה פון דער פעל־בראַנזשע.

געווען אויך אַ היפּשע צאָל פאַבריקן (לויט דער פּראָפּאָרץ פון שטעטל) און דער גרעסטער פון זיי איז געווען אַלטער הילמאַן, דער פאַבריקאַנט פון „זאַפּיסקעס" (זאַפּיסקעס האָט מען גערופן די העמד־פאַרטעכער, אַזאַ נאַציאָנאַלע קליידונג פאַר פויערים פון אוקראַינע און נאָך מער פון די באַלקאַן־לענדער). געווען נאָך אַ סך קליינע פאַבריקאַנטלעך פון זאַפּיסקעס, אָבער אַלטער הילמאַן האָט עס געפירט אויפן גאָר גרויסן שטייגער און ער האָט געהאַלטן אַ סך אַרבעטער און אָנגעשטעלטע און רייזנדער־אַגענטן און אַלע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער זיינען געווען אידן, אַזוי, אַז אַ היפּשער טייל פון קאָסאָווער אידישע באַפעלקערונג האָט זיך דערנערט פון אַלטער הילמאַנס פאַבריק.

נאָך 1918, ווען עסטרייך איז זיך צעפאַלן, און אַלטער הילמאַן האָט פאַרלוירן אַ היפּשן טייל פון זיינע אָפּזאַץ־מערק, האָט ער זיין פאַבריק פון זאַפּיסקעס פאַרוואַנדלט

אין אַ פֿאַבריק פֿון „קילימעס" (טעפּיכער) און זיין פֿאַבריק האָט אויסגעאַרבעט אַזעל־כע פּרעכטיקע טעפּיכער, אַז מען האָט זיי אויסגעשטעלט אויף דער פּאַריזער אויס־שטעלונג און הילמאַן האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג.

געווען נאָך אַ גרויסער עקספּאָרטער, מאיר שטיינער, וועלכער האָט אויך געגעבן פּרנסה צו אַ סך אָנגעשטעלטע אויפֿקויפֿער פֿון בהמות. די בהמות האָט ער געליפֿערט פֿאַר עסטרייך און דייטשלאַנד.

אַפֿילו באַנקירן אידישע האָט קאָסאָוו געהאַט אייגענע. דאָס זיינען געווען דוד עטלים און משה קאַמיל. דער ערשטער איז געווען באַליבט ביי די אָרימע הענדלער וועלכע האָבן ביי אים באַקומען קרעדיטן אויף לייכטערע באַדינגונגען ווי ביים צווייטן

בכלל איז דוד עטלים געווען אַן אָנגעזעענער מענטש, שוין דער פֿאַקט, וואָס ער איז געפֿאָרן צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט אים געקרוינט מיט יחוס אויפֿן גאַנצן לעבן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ווי געוויינלעך, איז עס די רייכע ווי די מיטעלע באַלעבאַטים בעסער געגאַנגען ווי די אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אומבאַשרענקטע אַרבעט־שעהן טעגלעך, פֿאַר אַ זייער באַשרענקטן לוין, וועלכער האָט זיך מיט דער צייט געהעכערט אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿיל דער אַרבעטס־טאָג איז קלענער געוואָרן.

## די רבנים־דינאַסטיע פֿון דער פֿאַמיליע האַגער

דאָס וויכטיקסטע און דאָס אינטערעסאַנטסטע מיט וואָס קאָסאָוו האָט זיך גע־גרויסט און טאַקע געמעגט גרויסן, איז געווען די רבנים־דינאַסטיע פֿון דער פֿאַמיליע האַגער.

אין שייכות מיט דער לעגענדע וועגן דער ענגשאַפֿט אין שיל צו כל נדרי, האָבן מיר שוין דערמאָנט דעם רבי ר' היימל.

דאָס איז געווען ר' חיימל דער ערשטער.

נאָך אים איז געווען רבי זיין זון ר' יעקב שמשון האַגער און נאָך ר' יעקב שמשון איז געווען דער רבי ר' משה האַגער און גאָר אויפֿסלעצט, שוין אין באַפֿרייטן פּוילן, נאָכדעם ווי ר' משה איז נפֿטר געוואָרן אין בערלין, איז געוואָרן רבי זיין זון ר' חיימל, דער אוראייניקל פֿון ר' חיימל דעם ערשטן.

אַ חוץ דער לעגענדע מיט דער שיל, האָבן מיר געהערט אַ סך לעגענדעס און מעשׂות און נסים וועגן ר' היימל דעם ערשטן און וועגן ר' יעקב שמשונען, אָבער מיר ווילן דאָ שילדערן דעם רבין וועלכן מיר האָבן געקענט און ביי וועמענס טיש מיר זיינען אַ סך מאָל געזעסן און וועגן וועמען מען קאָן זאָגן אָן גוזמא, אַז ער איז געווען דער איינציקער עקזעמפּליאַר פֿון דעם מין, צווישן אַלע רביים אין גאַליציע.

דאָס איז געווען דער קאָסאָווער רבי ר' משה האַגער.

איר האָט שוין געהערט, אַז אַ רבי זאָל ליב האָבן אידיש טעאַטער? איר האָט שוין געזען, אַז אַ רבי זאָל שטיצן דראַמאַטישע קרייזן און אָפּגעבן זיי אַ סאַלאָן, וואו זיי זאָלן קאָנען שפּילן אידיש טעאַטער? איר האָט שוין געזען אַ רבין, וואָס זאָל קומען צו פּראָבן פֿון דראַמקרייזן און מיטהעלפֿן ביים איינזינגען די לידער?

דער קאָסאָווער רבי ר' משה האַגער האָט ליב געהאַט אידיש טעאַטער, ער האָט

געשטיצט דעם קאָסאָזוער דראַמאַטישן קרייז און ער האָט אָפּגעגעבן זיין גרויסן זאַל פאַר אַ פאָרשטעלונג און ער, דער רבי ר' משה אַליין, איז געקומען צו פּראָבן פון דראַמקרייז און אַכטונג געגעבן ביים איינשטודירן די געזאַנגען.

אַלע רבנים פון דער דינאַסטיע, אָנהויבנדיק פון ר' היימלען, זיינען געווען זייער מוזיקאַליש, אָבער אַמשטאַרקסטן האָט זיך די נייגונג צו מוזיק און געזאַנג מאַניפעסטירט ביי ר' משה האַגער. ער האָט אַליין געשאַפן די ניגונים צו פאַרשידענע תפילות און הערנדיק אַמאָל אויף אַ פרומער התונה שפּילן די מוזיק פון גאָלדפאַדנס „שולמית" און „בר כוכבא", איז אים די מוזיק אַזוי געפעלן, אַז ער האָט אָנגעהויבן נאָכפאָרשן, ביז ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס זיינען אידישע פּיעסן פון איינעם אַ גאָלדפאַדן, האָט ער זיך נאָך ווייטער אינטערעסירט און אַלס אינטעליגענטער מענטש (דער רבי ר' משה האַגער האָט נעמלעך נאָך בהורהוויז געלייענט און שטודירט די דייטשע קלאַסיקער), האָט ער אָפּגעשאַצט און באַטראַכט גאָלדפאַדענען פאַר אַ גרויסן מאַן און ער האָט געזאָגט, אַז מיט דער מוזיק, האָט גאָלדפאַדן מער אויפגעטון פאַר דערהויבן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פון די אידישע מאַסן, ווי די אַלע געשיכטע־שרייבער אין אַנדערע לשונות און אַלס באַווייז ווי שטאַרק ער האָט געשעצט גאָלדפאַדנס שאַפונגען, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס יעדן שבת־צו־נאַכט, איז צום רבין געקומען אַ קליינער אָרקעסטער און מען האָט געמוזט שפּילן גאָלדפאַדנס מוזיק.

ר' משה האַגער האָט געהאַט חסידים פון נאָנט און וויט, אָבער ער איז געווען אַ פאַרשטענדיקער מענטש, ער האָט נישט גערעדט און געעצהט ווי אַ כלומרשטער נביא, נאָר ווי אַ קלוגער דערפאַרענער מענטש און ער איז געווען ליבעראַל און אַ דן לכף זכות און דערפאַר האָט מען אים זייער ליב געהאַט אַפילו אין די פאָרגעשריטענע קרייזן.

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טעטיקייטן פון פאַריינען, האָט דער רבי זיך פאַראינטערעסירט און ער האָט געזאָגט, אַז אויב מען וויל די יוגנט דערהאַלטן ביי אידישקייט, דאַרף מען זי נישט דערווייטערן צוליב די נייע דרכים, אויף וועלכע זיי לאָזן זיך, נאָר פאַרקערט, מען דאַרף זיי דערנענטערן און צוהעלפן און אַזוי אַרום זיי צוהאַלטן אויפן וועג פון אידישקייט.

און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז דער רבי אַליין איז אַמאָל געקומען צו אַ פּראָבע פון דראַמקרייז מיר האָבן דעמאָלט שטודירט משה ריכטערס „משה חייט" (משה שניידער אַלס געמיינדע־ראַט). דער רבי איז געשטאַנען אָן אַ זייט, אָבער ער האָט זייער געלאַכט און הנאה־געהאַט פון דער פיינער סאַטירישער קאָמעדיע און אַזוי האָט ער זיך באַקענט מיט אונדזער אַרבעט און זעענדיק, אַז מיר האָבן שוועריקייטן מיט אַ סאַלאָן, האָט ער אונדז אָפּגעגעבן דעם גרויסן זאַל פון זיין וואוינונג און מיר האָבן דאָרט דורכגעפירט די פאָרשטעלונג.

פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזאַ פריינטלעכער האַנדלונג צו אונדז, שוין האַלב פאָרגעשריטענע, האָט זיך דער רבי ביי אונדז איינגעקויפט אין יחוס און מיר האָבן אים ביי יעדער געלעגנהייט איינגעלאַדן און, מיר מוזן זיך מודה זיין, אַז צוליב דעם רבינס פריינטשאַפט צו אונדזער דראַמקרייז, האָבן מיר אַכטונג געגעבן, אַז אין אונדזער פאַריין זאָל מען נישט מחלל שבת זיין, א. א. וו.

## דער רבי איז געשטאָרבן — זאָל לעבן דער רבי!

כדי נאָך בעסער צו דערקענען די אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט פון רבין ר' משה האַגער, איז כדאַי צוצוגעבן, אַז אַ חוץ זיין אויסערגעוויינלעכער נייגונג צו מוזיק, האָט ער ליב געהאַט ארבעט. ער האָט יעדן טאָג אָפּגעגעבן עטלעכע שעה צייט אויף שניצעריי-אַרבעטן און ער האָט אויסגעשניצט וואונדערלעכע אָרנאַמענטן, וואָס מען האָט אויסגעהאנגען אויף די ווענט פון זיין בית-המדרש.

ער האָט אויך ליב געהאַט שלאָסעריי-אַרבעט און עס האָט געטראָפן גאַנץ אָפט, ווען חסידים זיינען געקומען צו אים און זיי האָבן געמוזט וואַרטן, ווייל זייער רבי איז געווען פאַרנומען ביים שניצן, אָדער ביים שמידן הייסע אייזנס אַלס שלאָסער...

ר' משה האַגער האָט זיך אויך אימפּאָנירט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען.

ער איז געווען כמעט צוויי מעטער הויך, פעסט געבויט, אַ שיינע טונקל-בלאָנדע באָרד, צוויי גרויסע קלוגע אויגן אַרומגעריימט מיט געדיכטע ברוינע ברעמען, האָבן אים געגעבן אַן אימפּאָזאַנטן פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען.

אָבער טראָץ זיין שיינע און געזונטע שטאַטור, האָט ער געליטן אויפן מאָגן און ער האָט געמוזט פאָרן אין באַד-קיסינגען (נישט ווייט פון רהיין), האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין בערלין צו-גאַסט ביי זיינעם אַ חסיד און דאָרט איז ער פלוצלינג פאַרשלאַפט געוואָרן און צוויי טעג שפּעטער האָט ער אויסגעהויכט זיין גרויסע נשמה.

דער פלוצלינגער טויט פון ר' משה האַגער האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן מיטגעפיל אין דער אידישער וועלט. דער פּוילישער קאָנסול אין בערלין, האָט באַלד אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען וועגן אַריבערפירן דעם נפטר אין זיין היים-שטעטל קאָסאָוו, און די פּוילישע רעגירונג האָט אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלן וואַגאָן און אַכט טעג שפּעטער האָט מען דעם נפטר געבראַכט קיין קאָסאָוו.

אַזוי פיל מענטשן מיט אַמאָל, האָט קאָסאָוו נאָך קיינמאָל פריער נישט געזען.

פון גאַנץ גאַליציע, פון אונגאַרן, פון טשעכאָסלאָוואַקיע און רומעניע, זיינען געקומען חסידים אָפּגעבן זייער רבין דעם לעצטן כבוד, אַלע געשעפטן זיינען געווען געשלאָסן, אויך די אָפיציעלע אַמטן, ווייל די רעגירונג האָט זיך דורך אירע פאָרשטייער אויך באַטייליקט אָפיציעל אין דער לויה.

באַלד נאָך דער לויה, האָבן חסידים גענומען דעם רבינס זון ר' חיימל אין דעם רבינס הדר מיוחד, דאָרט זיינען געווען פאַרזאַמלט די הויפּט-מקורבים פון ר' משה ע"ה, לייביש קרים פון קאָלאָמיי, שלמה זאַק פון דעלאַטין, זיידע בלאָך פון זאַבלאָטאָוו, אייגער, קרעסל פון נאַדוואָרנע, ר' משה פויגל פון קיטעוו און אברהם לאָקער און אַלטער הילמאַן פון קאָסאָוו און דער אַלטער גבאי, ר' משה זאַק, האָט געעפנט די צוואה און באַלד דערנאָך געקרוינט ר' משהס זון, ר' חיימלען, אַלס ממלא-מקום נאָך זיין גרויסן פאָטער און חסידים האָבן זיך געפרייט דורך טרערן: — געשטאָרבן דער רבי — זאָל לעבן דער רבי!...

וואָלף רייז

# דער קאַמף צווישן אָרטאָדאָקסן און ציוניסטן אין מיין שטעטל איסטעריק



אין יאָר 1918, ביים סוף פון דער וועלט-מלחמה, האָט אַ געוועזענער ישיבה-בחור, אַהרן אייזן, אָנגעהויבן שטאַרק צו פּראָפּאַגאַנדירן דעם ציוניזם אין דעם פאַנאַטישן שטעטל איסטעריק. עס איז כמעט נישט געווען קיין איינציקער פון דער יוגנט, וועמען אַהרן אייזען זאָל נישט האָבן אויפגעקלערט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן אידישן פאָלק. גלייך ווי ער האָט באַקומען אַ קליינע גרופּע אָנהענגער, האָט ער געגרינדעט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „קדימה", און איינגעפירט באַלד דערויף אָוונט-קורסן, וואו מען האָט געלערנט העברעאיש און אידישע געשיכטע. די אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן אויפגענומען די ציוניסטישע אידייע ווי אַ רעוואָלט קעגן אידישן משיחיזם, האָבן בשום אופן נישט געלאָזט זייערע קינדער באַזוכן דעם פאַראיין „קדימה" אויסצוהערן אַהרן אייזיקס ציוניסטישע דרשות. זיי האָבן געטענהט, אַז אַהרן אייזיק, וועלכער איז יום ולילה געזעסן אין בית-המדרש על התורה ועל עבודה, איז אַראָפּ פון דרך הישר, רחמנא לצלן. ער שטעלט זיך אָפּ אין מיטן גאַס מיט מיידלעך, גיט זיי די האַנט און הייסט זיי קומען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויסהערן זיינע רעדעס. די אָרטאָדאָקסן האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען נישט צו דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן חס וחלילה איבערטרעטן די שוועל פון דער „טומאה". עטלעכע טאַטעס האָבן זיך באַזונדער געקליגט און פלעגן אַוועקשיקן זייערע קינדער צו קרובים אַדער באַקאַנטע, זיי זאָלן זיך נאָכפרעגן צי מען פאָרט נישט קיין פּשעמישל אָדער מיט אַן אויסרייד געלט לייען און אַנדערע דריידלעך, בכדי אָפּצוהאַלטן די קינדער די באַשטימטע צייט, ווען מען האָט געדאַרפט גיין אין דער אָרגאַניזאַציע.

ס'איז אָבער געווען אומזיסט די אַרבעט. וואָס מער די טאַטעס האָבן געוואָלט שטערן, אַלץ מער זיינען די קינדער געגאַנגען. נישט אומזיסט זאָגט דאָס ווערטל, אַז פאַרבאָטענע פרוכט שמעקט בעסער. און אַזוי קעמפנדיק, איז פונדעסטוועגן די צאָל

מיטגלידער געוואַקסן פון טאָג צו טאָג אַזוי ווייט, אַז נאָך אַ שטיקל צייט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ חלוץ־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „קיבוץ בצלאל".

דער גרינדער פון „קיבוץ בצלאל" איז געווען אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען מתתיהו מאַנדל (געפינט זיך היינט אין ארץ־ישראל). ער איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע ציוניסטן אין אונדזער שטעטל אין יענער צייט. זייענדיק דער אינסטרוקטאָר, האָט ער גרופּירט אַרום זיך די קינדער פון די רייכסטע היימען פון שטאָט. ער האָט אַריינגענומען אין דער חלוץ־אָרגאַניזאַציע אינגלעך און מיידלעך, וועלכע האָבן אויף זייער לעבן נישט איינגעטונקען קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער. ער האָט באַוויזן דידאַזיקע רייכע קינדער אַזוי איבערצוצייגן, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער רייכן לעבן און עס אויסגעביטן פאַר אַ שווערן חלוצים־לעבן.

אויב די „קדימה" האָט אַזוי אויפגערעגט די אָרטאָדאָקסן, האָט דער „החלוץ" אַ סך מער אויפגעברויזט די שטאָט, מחמת די חלוצים פלעגן אַרויסגיין יעדן טאָג גרופּעסווייז צו פאַרשידענע אַרבעטן ווי: בויאַרבעט, האָלץ־האַקן, א. א., כדי אַזוי אַרום צו דערמעגלעכן די עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע. געגאַנגען זיינען די חלוצים אָנגעטון אין גרינע כאַקי־בלוזעס מיט ברייטע לעדערנע גאַרטלען און זיי פלעגן אין די שבתים, ווען מען האָט נישט געאַרבעט, אַרויסגיין אויף טיולים (אויספלוגן), זינגענדיק דערביי דאָס ליד „זעט נאָר דאָרט חלוצים גיין יופּאַי־די, יופּאַי־דא, זיי שטעלן די פיסלעך מלא חן, יופּאַי־די, יופּאַי־דא" א. א. וו. דאָס געזאַנג פון די חלוצים איבער די גאַסן האָט אַזוי שטאַרק דערצאָרנט די שטאָט, אַז דער רב איז באַלד געלאָפן אין שיל אַריין און דאָרט געהאַלטן אַ דרשה, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז קללות און חרמות אויף די חלוצים און אויף די ציוניסטן, אויף וועמען ער האָט אויסגעשאָטן די גאַנצע תוכחה. ער האָט געשריען, אַז די מיידלעך, די הצופות, גייען קורצע קליידער, אָן אַרבל, מיט גרויסע דעקאָלטן און אַז אין דעם אַלעם זיינען מער שולדיק די טאַטעס ווי די ציוניסטן. מען טאָר זיי נישט אַריינלאָזן אין קיין מקום־קדוש אַריין.

פאַרשטייט זיך, אַז דער רב איז געבליבן ביים שעלטן, די טאַטעס ביים שרייען, די מאַמעס ביים וויינען און די ציוניסטן זיינען ענערגיש געגאַנגען פאָרויס אין זייער אַרבעט. גאָר אינגיכן האָט מען אַראָפּגעבראַכט דעם דר. צבי העלער, געוועזענער שפּעטערדיקער סיים־דעפּוטאַט און באַקאַנטע ציוניסטישע פּערזענלעכקייט.

מיט זיין באַזוך ביי אונדז אין שטאָט, האָט דער דערמאָנטער ציוניסטישער טוער אַ סך פאַרלייכטערט, אָבער נישט אינגאַנצן באַזייטיקט דעם קאַמף צווישן די ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן. עס איז אָפּגערעדט, אַז די יוגנט איז פון דעם באַזוך שטאַרק געווען באַגייסטערט און די ציוניסטן האָבן דידאָזיקע באַגייסטערונג אויסגענוצט פאַרן שאַפן אַ שול, וואו די גאַנצע יוגנט איז געגאַנגען זיך לערנען העברעאיש. די בית־מדרש־בחורים האָבן זיך מתקנא געווען אין דעם דערפאָלג פון די ציוניסטן און דאָ איז גלייך אריינגעטראָטן אַ נייער קאַמף דורך קאָנקורענץ, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער גרינדונג פון אַן אָרטאָדאָקסישן פאַריין „אגודת־ישראל" און אַ שול אונטערן נאָמען „בית יעקב". געווען איז עס אַזוי:

גלייך ווי די פרומע אידישן בחורים האָבן געזען, אַז די יוגנט לויפט אין דער ציוניסטישער העברעאישער שול, האָבן זיי זיך געווענדעט צו דער קהילה, אַז זי זאָל זיי העלפן פינאַנציעל צו באַפעסטיקן דעם דת, וואָס קאָן געטון ווערן דורך שאַפן אַן אַר־

טאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציע מיט אַ שול, וואו די יוגנט זאָל באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג. די קהילה האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דער ווענדונג און האָט טאַקע גלייך סובסידירט אַ געוויסע סומע און עס איז תיכף געגרינדעט געוואָרן סיי די „אגודה" און סיי די „בית יעקב"-שול. זיי האָבן באַלד דערויף אַראָפּגעבראַכט אַ לערערן. דאָס האָט שטאַרק געווירקט, מחמת די פרומע אידן האָבן געשיקט זייערע קינדער אויסשליסלעך אין דער „בית-יעקב"-שול. די לערערן, וועלכע איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענע אַנטי-ציוניסטקע, האָט פאַרווערט די שילערנס אַריינצונעמען אין זייערע הוימען אַ קרן-קימת-פּושקע. די ציוניסטישע יוגנטלעכע האָבן געזען, אַז די שול הויבט אָן צו אַוועקנעמען אַ גאָר גרויסע צאָל יוגנטלעכע און אַז זיי קאָנען בלייבן אַ יוגנט אָן מיידלעך און בכלל שמעקט עס מיט צו-גרויסער קאָנקורענץ, האָבן זיי גענומען פאַרפאַלגן די תלמידות פון דער בית-יעקב-שול מיטן צונאָמען „טשאָלנט-מיידלעך". ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער צונאָמעניש האָט געווירקט אַ סך שטאַרקער ווי די פּראָפּאַגאַנדע קעגן אָרטאָדאָקסיע און צום חודש האָט זיך די שול געמוזט פאַרמאַכן און די לערערן האָט נעבעך, געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט.

די ציוניסטן האָבן ערשט גענומען פאַרשטאַרקן זייער אַקטיוויטעט. עס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פאַרשידענע רעדנער און אויף די ווענט פלעגן זיך אַלע מאָל



אַ גרופּע חברים ציוניסטן אין אוסטמזשיקי דאָלנע, געזעגנט זיך מיט דער חברטע אסתר מאַנדל אין יאָר 1928, צו איר אַרויספאָרן אַלס חלוצה קיין ארץ ישראל.

באַווייזן פּלאַקאַטן, אַז דער און דער ציוניסטישער עסקן און רעדנער וועט אויפטרעטן אין בית־המדרש. די אָרטאָדאָקסן פון זייער זייט האָבן אויך נישט געשוויגן, און ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן אַ מודעה, אַז עס וועט אויפטרעטן אַ ציוניסטישער רעדנער, זיינען זיי באַלד געלאָפן צום גבאי מיט אַ ילָלה, אַז מען זאָל פאַרמאַכן דאָס בית־המדרש אויפן שליסל, כדי דער רעדנער זאָל נישט האָבן וואו צו רעדן.

אָבער אויך די ציוניסטן האָבן נישט אויפגעגעבן זייער קאַמף. זיי האָבן עס גע־מאַכט דורך פאַרשידענע שפּיצלעך און טריקן. אין טאָג, ווען דער רעדנער האָט גע־דאַרפט קומען, פלעגן עטלעכע ציוניסטן אַוועקגיין אין בית־המדרש, אָנטון תפילין און זיי האָבן, טראָגנדיק עטלעכע שעה די תפילין, געוואַרט ביז דער רעדנער איז געקומען. אָבער אויך די אַגודיסטן זיינען נישט געשלאָפן. זיי זיינען געפאַלן אויף אַ נייער המצאה, נעמלעך: זיי האָבן אויסגעשמירט די הרובע פון אויסנווייניק מיט חלב און אים איינ־געהייצט. ווען דער אויוון האָט זיך צעוואַרימט, האָט זיך אויפגעהויבן אַ ריח, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט צו פאַרבלייבן אין בית־המדרש. עס האָט גענומען רויכערן, אַז איין מענטש האָט נישט געקאָנט זען דעם אַנדערן און מען האָט געמוזט אָפּטרעטן פון „פראָנט".

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז די אָרטאָדאָקסן האָבן זיך באַנוגנט בלויז מיט „פאַרטיידיקן זיך", ד. ה. מיט שטערן, אַז ציוניסטישע רעדנער זאָלן אויפטרעטן. אַ חוץ דער דאָזיקער שטערונגס־אַרבעט לשם שמים, האָבן זיי אַראָפּגעבראַכט זייערע אייגענע בעל־דרשנים, וועלכע זיינען אויך אויפגעטראָטן אין בית־המדרש און דווקא מיט אַטאַקעס קעגן ציוניזם, ווי קעגן אפיקורסים, מחלל־שבתניקעס און מורדים. די דאָזיקע אָרטאָדאָקסישע רעדנער פלעגן מערסטנס אויפטרעטן בין מנחה למעריב און די ציוניסטן האָבן זיך נישט געלאָזט בעטן און זיינען אַליין געקומען צו די דאָזיקע דרשות. פאַרשטייט זיך, אַז זיי זיינען אויך געקומען מיט אַ באַשטימטער „אָנגריף"־כוונה זיי פלעגן צעשיטן אַ ספּעציעלן נים־פּראָשעק, וואָס מען האָט, אגב, באַקומען אומזיסט פון דעם יונגן אַפּטייקער, וועלכער איז געווען אַ ציוניסט און פלעגט געבן דעם פּראָשעק לשם אידעאַל, און איידער וואָס־ווען, האָט דער עולם זיך צעניסט און בתוכם דער רעדנער. ווי נאָר דער רעדנער האָט געגעבן אַ נאָס, האָבן אים פאַרשידענע „ציוניסטישע" שטימען געוואונטשן „ער זאָל דערצויגן ווערן". טאָמער האָט ער נישט גענאָסן און האָט למשל אָנגעהויבן זיין דרשה מיט „רבותי", האָט מען אים פון פאַר־שידענע זייטן באַלד געגעבן אַ רעפּליק: „מיר ווילן בענטשן"... האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ מאָדערנעם שטייגער מיט די ווערטער „אין נאָמען פון...", איז גלייך געפאַלן אַן ענטפער „פעטלורען און זיין אַרמיי".

עס האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַ רעדנער האָט זיך צעוואַרעמט נאָך אַ צווישנרוף און האָט, ווענדנדיק זיך צו די ציוניסטן, זיי געזאָגט: „עס הויבט זיך שוין אָן צו שפּירן אייער עיפּושדיקער ריח", האָט מען אים שוין דאָס מאָל נישט געענטפערט מיט קיין ווערטער, נאָר מיט „שלאָגנדיקע אַרגומענטן", מען פלעגט נעמען וואַרפן אייער...

די קאַמפן צווישן בײדע לאַגערן האָבן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. אין דעם דאָזיקן קאַמף, ווי אין אַלע שלאַכטן, האָט מען איינס דאָס אַנדערע נישט געשאַנעוועט. די אידייע פון אידישן רענעסאַנס און נאַציאָנאַלע אויפלעבונג איז אָבער געווען צו־שטאַרק און האָט אַרומגעכאַפּט צופיל איינוואוינער, אַז זי זאָל קאָנען פאַרטונקלט ווערן דורך

דער אָרטאָדאָקסישער אָפּאָזיציע. וואָס אַמאָל אַלץ מער און אַלץ שטאַרקער האָט די ציוניסטישע באַוועגונג גענומען די אויבערהאַנט און דער פּונקט, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דעם שטעטל איסטעריק דורך אַ געוועזענעם ישיבה-בחור, האָט זיך צעברענט און צעפלאַקערט אין אַ פייער פון גלויבן אין דער נאַציאָנאַלער אידישער דערוואַכונג און אין דער פאַרווירקלעכונג פון הערצלס אידנשטאַט-אידעאַל. באין ברירה האָט דער אָרטאָדאָקסישער לאַגער געמוזט אָפּטרעטן פון קאַמף-פּלאַץ, הגם ער האָט פון צייט צו צייט געפּרואווט מאַכן אָנגריפן, וואָס זיינען באלד אָפּגעשלאָגן געוואָרן.

אין אַ גאָר קורצער צייט ארום האָט דאָס שטעטל איסטעריק געהאט אַ גאַנצע ריי ציוניסטישע פאַראיינען, אַ „השומר הצעיר"-אָרגאַניזאַציע, אַ חלוץ-אָרגאַניזאַציע און אַ נאַציאָנאַלע אידישע שול.

היינט, ווען איך שרייב די שורות, ווען מיין שטעטל איסטעריק, אין גאַליציע, איז צוזאַמען מיט אַנדערע שטעט און שטעטלעך מיט אידישע קיבוצים געוואָרן אידן-ריין און חרוב ונחרב — קומט מיר אוים יענער קאַמף צווישן דער אָרטאָדאָקסיע און ציוניזם ווי אַ ווייטער חלום פון פאַרגאַנגענע שיינע און גליקלעכע צייטן...



# ווען די לעמבערגער שיל האָט געברענט

פון יאָנאַס רייז



מיינע ביאָגראַפישע דאַטן וואָלטן זיכער פאַר קיינעם נישט געהאַט קיין שום ווערט און באַדייטונג און איך וואָלט זיי אַוודאי דאָ נישט אָנגעגעבן, ווען איך זאָל נישט זיין איבערצייגט, אַז אַזעלכע באַלעבאַטישע גאַנץ-אַסימילירטע קינדער פון פאַרמעגלעכע האַלב-אַסימילירטע עלטערן, זיינען אין לעמבערג געווען אַ סך און עס האַנדלט זיך שוין דאָ נישט וועגן אַ יחיד, נאָר וועגן לעבן פון אַ היפשן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין לעמבערג.

מיינע עלטערן זיינען געווען פאַרגעשריטענע, האַלב-אַסימילירטע אָנגעזעענע קויפלייט, אימפאָרטערן פון די באַקאַנטע קונסט-שפייזן-פעטן „צערעס", „קונעראל" און די אַזוי גערופענע „דענישע פוטער".

פאַר די אָרימע שיכטן אין גאַליציע, זיינען די קינסט-ליכע פוטערס, אָדער ווי אידן האָבן עס גערופן — „קאָקוס-פוטער", געווען אַ זייער וויכטיקער אַרטיקל און פאַר אָרימע אידן איז עס געווען פון צוויייענדיקער באַדייטונג, ווייל אי עס איז געווען פעט און מען האָט עס געקאָנט נוצן אנשטאָט שמאלץ אָדער פוטער און אי עס איז געווען „פאַרעווע", נישט מילכיק און נישט פליישיק . . .

פאַרשטייט זיך, אַז די אימפאָרטן פון אַזעלכע וויכטיקע אַרטיקלען האָבן געבראַכט פיינע פרנסה און ווען עמיץ האָט פלוצלינג פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די קונסט-פעטן זיינען טריפה, האָבן מיינע עלטערן טעלעגראַפירט צו די פאַבריקאַנטן און די נייע סחורה, וואָס איז אָנגעקומען, איז שוין אויף די האַלב-קילאָדיקע פעקלעך געווען אָנגעשריבן מיט געדרוקטע אותיות — „כשר", און עס איז געווען אונטערגעשריבן אַ נאָמען פון אַן אָנגעזעענעם רב.

אידן האָבן גלאַט ליב געהאַט צו קויפן די „צערעס" און „קונעראל", ווייל אויף די פאַקונגען איז געווען אָפּגעדרוקט אַ מין פראָספּעקט וועגן די מעלות פון דער פוטער און דער פראָספּעקט איז געווען אויף זעקס פאַרשידענע שפּראַכן, דייטש, פּויליש, רו-סיש, טשעכיש, אונגאַריש און אידיש און עס האָט אידן הנאה-געטון, צוזעענדיק די אידישע שפּראַך צווישן די אַנדערע שפּראַכן . . .

מיינע עלטערן האָבן געפירט געשעפטן אויפן גרויסן שטייגער און סיי געשעפטלעך ווי פּריוואַט, זיינען זיי געקומען אין באַרירונג מיט דעם אַזוי גערופענעם העכערן שיכט פון די וואוילהאָבנדע פאַמיליעס, וועלכע זיינען געווען פּונקט אַזוי פאַרגעשריטן אַסימילירט ווי זיי.

פונדעסטוועגן, כאָטש מיינע עלטערן האָבן מיך געלאָזט שטודירן און איך בין שוין געגאַנגען אין גימנאַזיע, האָבן זיי אויך צו מיר צוגענומען אַ אידישן „רבין״, ער זאָל מיר געבן לעקציעס אידישקייט, אויסלערנען דאַווענען און לערנען חומש־רש״י.

איך האָב נישט זייער גערן געלערנט ביים אידישן רבין. ער האָט מיר אויסגעוויזן ווי פון אַ גאַנץ אַנדערער וועלט און עס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז ער לערנט מיך עפּעס אינגאַנצן אומנייטיקע זאַכן און וואָס מער ער האָט מיך געקניפּן אַז איך זאָל לערנען מיט מער השק, אַלץ ווייניקער איז מיר דאָס לערנען געפעלן...

אויף וויפיל איך געדענק, האָט די מלחמה פון 18 - 1914 אויך נישט אַריינגעבראַכט קיין גרויסע ענדערונגען אין אונדזער לעבן. די געשעפטן זיינען אָנגעגאַנגען און דער וואוילשטאַנד האָט זיך נאָך געבעסערט און אַפילו ווען די רוסן האָבן געהאט אָקופּירט לעמבערג, האָט זיך ביי אונדז ווייניק וואָס געענדערט, די געשעפטן זיינען אָנגעגאַנגען, עס זיינען באַלד געקומען אַגענטן און פאַרגעלייגט, אַז אַנשטאָט די עסטרייכישע שפּייז־פּעטן זאָלן מיר באַציען „סיבירער פּוטער״ און איך געדענק, ווי עס זיינען אָנגעקומען צו אונדז אַזעלכע גרויסע פעסער מיט רוסישע אויפשריפטן און איך ווייס אויך, אַז מיר זיינען געוואָרן ליפעראַנטן פאַרן רוסישן גאַרניזאָן אין לעמבערג און מיין יונגער סטודענטישער שכל האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, פאַרוואָס דער רוסישער גאַרניזאָן דאַרף, אַז מיר, עסטרייכישע בירגער, זאָלן פאַר אים ליפערן רוסישע פּוטער; איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט אַזוי פיל, אַז די צאַרישע באַהערדן האָבן באַדאַרפט וואָס מער פאַרמיטלער, כדי צו קאָנען וואָס מער פאַרדינען פון קאָמיסיאָנען און כאַבאַר...

איז אונדז טאַקע זייער גוט געגאַנגען און עס איז אונדז גאָרנישט איינגעפאַלן אַ טראַכט־צו־טון, אַז אויב פוילן וועט באַפרייט ווערן, קאָן עס ווערן ערגער... פאַרקערט, מען איז געווען זיכער, אַז אויב ביי עסטרייך און אַפילו אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע איז גוט, וועט דאָך אין באַפרייטן פוילן, אין דער אייגענער מלוכה, אוודאי גוט זיין...

אָבער שנעל האָט מען אָנגעהויבן זען און פילן דעם גרויסן און ביטערן טעות.

די באַפרייאונג איז געקומען צוזאַמען מיט אינערלעכע אויפברויזן צווישן אוקראַינער און פּאָליאַקן און די פּאָליאַקן האָבן צו אַלעם ערשטן אָנגעהויבן אַרויסווייזן זייער העלדישקייט קעגן אידן, עס האָבן זיך אָנגעהויבן „עקסצעסן״ און רויב־איבערפאַלן, וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין גרויסע פּאָגראָמען, וואָס האָבן איבערגעשטיגן די אַמאָליקע צאַרישע מוסטערן...

און דעמאָלט איז עס געווען, ווען איך און הונדערטער און אפשר גאָר טויזנטער אַזעלכע ווי איך, יונגטלעכע סטודענטן, קינדער פון האַלב־אַסימילירטע עלטערן, וועלכע האָבן שוין אַליין כמעט גאָרנישט געפילט צום אידישקייט, האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן פילן, אַז מיר זיינען אידן און אַז מיר דאַרפן מיט אונדזער בלוט פאַרטיידיקן אונדזער אידישקייט.

דאָס איז געווען, ווען די לעמבערגער שיל האָט געברענט.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז ווען מיין טאַטע האָט מיך קינדווייז מיטגענומען אין שיל און איך האָב געזען ווי אידן קושן די ספר-תורה, איז עס מיר אויסגעקומען מאָדנע, ווייל פרעמד איז עס מיר געווען און איך האָב געוואוסט, אַז נאָר די פאַנאַטיקער, די אידן מיט בערד און פאות, די אידן פון אַמאָל, אַזעלכע ווי מיין רבי, וואָס פלעגט קומען לערנען אַביסל אידישקייט, אַז נאָר פאַר זיי איז דאָס אַ הייליקייט; אָבער ווען איך האָב געהערט, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אונטערגעצונדן די שיל און אַז זיי הרגע־נען און שלאָגן אידן, האָט עס מיך אַ ברי-געטון און איך בין אַרויס אין גאַס און אין גאַס האָב איך שוין געטראָפן אַ סך חברים פון גימנאַזיע, וואָס האָבן פלוצלינג דערפילט דיזעלבע אומרואיקייט און מיר האָבן זיך אַ לאָז-געטון צו דער שיל און דאָרט האָב איך גראָד אָנגעטראָפן ווי אַ איד מיט אַ צעפלאָסענער גרויער באָרד און פאות האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער ברענענדיקער שיל-געביידע, זיינע קליידער האָבן געברענט, אָבער ער האָט געהאלטן פעסט ארומגענומען צוויי ספרי-תורות, וואָס ער האָט אַרויסגעראַ־טעוועט פון פייער.

ווען מען האָט מיט קאָלדרעס פאַרלאָשן אויף אים די ברענענדיקע קליידער, האָט ער זיך אַ ריס-געטון און געוומען לויפן צוריק אין שיל, צוריק אין די פלאַמען, מיט אַ געשריי, אַז מען דאַרף ראַטעווען די אַנדערע הייליקייטן און דעמאָלט זיינען גראד אָנ־געלאָפן אַ באַנדע פּאָגראָמשטשיקעס, עס איז געוואָרן אַ געשיסעריי און אַ געלויף און נאָך דעמזעלבן טאָג האָבן מיר, יוגנטלעכע סטודענטן, שוין געוואוסט, אַז מיר זיינען **אידישע** סטודענטן און מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אַלס פאַרטיידיקונגס-גרופּע צו באַ־שיצן אידישע לעבנס און דעם אידישן כבוד.

25 יאָר זיינען שוין אַוועק זייט דעמאָלט, אַ נייע און פיל שוידערלעכערע מלחמה האָט אַרומגעכאַפּט די וועלט, אָבער יעדעס מאָל, ווען איך דערמאָן זיך אָן דער ברע־נענדיקער שיל אין לעמבערג, טראַכט איך, אַז דער אידישער מיטלקלאַס איז פאַמע־לעך און אָן שום אויסרעכענונגען געגאַנגען אויפן וועג פון אַסימילאַציע, ווייל דער וואוילשטאַנד האָט אים דערנענטערט צו העכערע, נישט-אידישע קרייזן, וואו מען האָט אים אויפגענומען אַלס גלייכבאַרעכטיקטן מענטש, אָבער דווקא די אָנהויבן פון דיס־קרימינאַציע, דווקא דאָס אונטערצינדן די שיל און די ווייטערדיקע אַנטי-אידישע אַרויסטריטן, האָבן געוועקט און אויפגעשטורעמט די אידישע בלוטן און גערופן צו באַשיצן דעם אייגענעם נאַציאָנאַלן כבוד.

אויב עס זיינען אין לעמבערג אויך פאַר 1918 געווען אַביסל נאַציאָנאַל געשטים־טע אידן, איז זייער צאָל פאַרפילפאַכט געוואָרן באַלד נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן און אין באַפרייטן פוילן, האָבן שוין די רעגירונגס-באַהערדן צוגעהאָלפן, אַז דער אי־דישער נאַציאָנאַליזם זאָל שלאָגן טיפערע וואָרצלען.

אַ סך פון מיינע חברים סטודענטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן יוגנטלעכע ציונים־טישע פאַריינען, אַ צאָל פון זיי זיינען געוואָרן חלוצים, די געשעפטן פון די עלטערן האָבן אָנגעהויבן גיין ערגער און ערגער און די עלטערן האָבן שוין איינגעזען, אַז פאַר זייערע קינדער וועט דאָ נישט זיין קיין תכלית, מען האָט אָנגעהויבןריידן וועגן אויס־וואַנדערונג, אַמעריקע, פּאַלעסטינע און אַרגענטינע זיינען געוואָרן היימישע ווערטער אין יעדער אידישער שטוב און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, קוים ביז צום יאָר

1921, ווען איך האָב נאָך אַ סך פיינלעכע איבערלעבונגען, געמוזט פאַרלאָזן מיין געבורט־שטאָט.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט שטערונגען פון עקספּאָרט און אימפּאָרט, דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט שטייערן און שטייערן אויף שטייערן און יעדן טאָג נייע שטייערן און אונדזער געשעפט איז יעדן טאָג געוואָרן איינגעשרומפּן און אַזוי האָט זיך אונדזער גרויס אימפּאָרט־ און עקספּאָרט־הויז רעדוצירט ביז צו אַ קליין געשעפטל, וואָס גראַבסקיס אַ וואָגן האָט ענדלעך אָוועקגעפירט צו ליציטאַציע פאַר שטייערן... און מיינע עלטערן זיינען געבליבן ביי אַ קליין קרעמל, וואָס האָט זיי דערנאָך קוים געשפּייזט מיטן טרוקענעם שטיקל ברויט.

און אַזעלכע יורדים ווי מיינע עלטערן, זיינען אין לעמבערג געווען אַ סך.





די פוטבאָל־מאַנשאַפט פון לעמבערגער אידישן אַרבעטער־קלוב „מעטאַל" אין דובנאָ אויף אַ מאַטש מיטן „הכח". ביידע מאַנשאַפטן, פון „מעטאַל" (לעמבערג) און „הכח" (דובנאָ) פאָטאָגראַפירט צוזאַמען אויפן ספּאָרט־פעלד אין דובנאָ 1928.

# דער לאַנגער מאיר פון זשולקאָוו

פון **יעקב רעדלער**



דאָס קליינע שטעטעלע, דאָס פּלאַץ פון מיין און אויך מיינע עלטערנס געבוירן, וועלכעס די נאַצי־בעסטיעס האָבן חרוב־געמאַכט, איז געווען הונדערט־פּראָצענטיק אידיש.

אונדזער שטעטל האָט זיך געגרויסט דערמיט, וואָס יאָהאַן סאָביעסקי האָט דאָרט געהאַט זיין רעזידענץ און וועלכער האָט פאַר אונדזערע באַשטרייטמלטע און באַפּאה־טע אידן, די ערשטע שיל געלאָזט אויסבויען. און זייענדיק אַ אידן־פריינט, האָט ער געוואָלט באַצירן די שיל מיט אַ גאָלדענעם קופּאָל. נאָר די פרומע זיינע האָט אים פאַר זיין טאַט אָנגערופן זשיד און בשום אופן נישט צוגעלאָזט דאָס גאָלד אויסצונוצן פאַר דער אידישער שיל און דאָס זעלבע פאַר־וועגדעט אויף דעם אָרטיקן קלויסטער.

אין אונדזער שיל־פּנקס איז פאַרשריבן, אַז דער דובנער מגיד איז אַ צייט לאַנג געווען אויסגעהאלטן פון דער אָרטיקער קהילה און פלעגט יעדן שבת דערקוויקן די זשולקאָווער אידן מיט זיינע באַרימטע משלים.

דער באַרימטער אידישער אַקטיאָר לודוויק זאַץ איז צוזאַמען מיט זיינע עלטערן געווען אַ תושב ביי אונדז אין שטעטל און ווען ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, האָבן זיך זיינע קרובים באַרימט מיט אים, וואָס פאַר אַ גרויסער קינסטלער ער איז אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע.

אידן האָבן אין זשולקאָוו תמיד געלעבט צופרידן, ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די רוסן האָבן אין 1914, אויפן וועג קיין לעמבערג, פאַרנומען אונדזער שטעטל און דעמאָלט האָבן מיר צום ערשטן מאָל דערפילט דעם גרויל פון מלחמה. אַזוי ווי כמעט אַלע אידן זיינען אין צייט פון דער שלאַכט געלאָפן זיך שיצן פון די רוסישע קאַנאָנען אין אונדזער באַרימטער שיל, בין איך מיט מיינעם אַ ברודער אויך געלאָפן זיך צוהאלטנדיק פעסט ביי די הענט, אָבער אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל האָט געטראָפן מיין ברודער און אים דערהרגעט.

קנאַפּע צוויי יאָר צייט האָבן מיר געלעבט אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע און די אידן האָבן געלעבט גאַנץ נישקשהדיק. דער קרעמער האָט זיך באַשעפטיקט מיט זיין מסחר און דער בעל-מלאכה מיט זיין אַרבעט. און ווידליק קריגס-צושטאַנד, האָט זיך קיין איבעריקער אַנטיסעמיטיזם נישט געפילט. דער אמתער אַנטיסעמיטיזם האָט געוויזן זיינע נעגל ערשט שפּעטער, ווען די פּוילישע רעפּובליק איז אַנטשטאַנען. און דאָס האָט באַוואויגן אַ גרויסן טייל פון אונדזער שטעטל אויסצואוואַנדערן, אַנטלויפן וואו די אויגן האָבן געטראָגן, ווער קיין אַרגענטינע, ווער קיין נאָרדאַמעריקע און ווער אין אַנדערע לענדער, אַבי פּטור צו ווערן פון די רדיפות און באָיקאָטן, וואָס דער דעמאָלטיקער פינאַנץ-מיניסטער, גראַבסקי, האָט צוגעטראַכט ספּעציעל פאַר די אידן פון פוילן.

אָבער דאָס אייגנטלעך איז נישט דער ציל פון מיינע דערינערונגען. דער עיקר איז ביי מיר דאָס שטעטעלע מיינס, וואָס איז מיר ביז היינט צו טאָג טייער און איינגע־באַקן אין האַרצן און נאָך ווילכן איך בענק און וועל בענקען מיין גאַנצן לעבן.

ווער קאָן דען פאַרגעסן אַ זומערדיקן שבת נאָכמיטיק, אונדזער שיינעם וואַלד הוראַי, מיט זיינע צוויי שורות בוימער, וואו אין זיינע געדיכטעניש עם פלעגן זיך שיצן פון אַ פרעמד אויג פאַרליבטע פּאָרלעך, אָדער אויסרויכערן אַ סיגאַרעט בגנבה... ווער קאָן דען פאַרגעסן דעם טעם פון די „פאַרבאָטענע פּרוכט" אין אונדזער הוראַי־וואַלד, ווילכער איז געווען אומענדלעך גרויס און זיך געצויגן אַזש ביז רוסלאַנד? ...

אַן אינטערעסאַנטער טיפּ, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער ביי אונדז, איז געווען דער לאַנגער מאיר, ווילכער איז געווען דער יאָר-שמש אין בית-המדרש. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער טאַלאַנט. ער איז געווען אַ בדחן, דער מאַרשעלעק אויף אַלע חתונות פון אונדזער שטעטל און אומגעגנט. אַ חתונה אָן מאיר דעם לאַנגן, האָט קיין טעם נישט געהאַט. מיט זיינע וואונדערבאַרע גראַמען, ווילכע האָבן זיך ביי אים געשאָטן ווי פון אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל, האָט ער געמאַכט די געסט סיי וויינען מיט טרערן און סיי לאַכן, אַז מ'האָט זיך ממש ביי די זייטן געהאַלטן. ער האָט יעדן פון שטעטל געקענט ביים נאָמען און געוואוסט יעדנס ביאָגראַפיע. אַלע יאָר־ציטן פון יעדן איינעם האָט ער געוואוסט אויף אויסווייניק. אויפן בית הקברות האָט ער געוואוסט וואו יעדער איינער ליגט, כאָטש צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען געשטאָרבן נאָך איידער דער לאַנגער מאיר איז געבוירן געוואָרן...

ווען אין חודש אלול פלעגן זיך צונויפפאָרן אויף קבר אבות מענטשן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, האָט מען אין „אַדמיניסטראַציע" פון בית-עולם נישט באַדאַרפט גיין זיך דערוויסן דאָס פּלאַץ, וואו דער קבר געפינט זיך, נאָר מאיר האָט אַלץ און אַלעמען געהאַט אין זיין זכרון.

זייענדיק אַ פולשטענדיקער אַנאַלפאַבעט, האָט ער דאָך געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אַמעריקע און אַנדערע לענדער, דערמאָנענדיק יעדן ווען זיין יאָרצייט פאַלט אוים. און דערפאַר האָט ער געקריגן זיין באַלוינונג צוגעשיקט...

ש. אַנ—סקי האָט אין זיין בוך „חורבן גאַליציע" דערמאָנט דאָרט דעם לאַנגן מאיר, אַז ווען דער נעמלעכער זאָל געווען האָבן די געהעריקע בילדונג, וואָלט פון אים אַרויס אַ גרויסע אידישע פערזענלעכקייט.

און וואָס איז איצט געוואָרן פון מיין ליב שטעטעלע זשולקאָוו? ...

# רעדים, מיין שטעטל

פון **עוזר (אָסקאַר) שוואַב**



מיט אַ ציטערדיקער האַנט נעם איך שרייבן וועגן דיר.
ווי דו האָסט אויסגעזען, ווען איך האָב דיך פאַרלאָזן, דאָס ווייס איך; דאָס זע איך נאָך איצט, ווי לעבעדיק אין געדאַנק; אָבער ווי דו זעסט אויס איצט, אוי, אַ שרעק כאַפּט ארום אַפילו וועגן דעם אַ טראַכט צו טון! . . .

:: :: ::

צו־קליין פאַר אַ גרויסער שטאָט און צו־גרויס פאַר אַ קליין שטעטעלע, איז מיין רעדים געלעגן אויף דעם הויפּט־באַן־וועג צווישן קראָקע און לעמבערג און צווישן די צוויי מיטלגאַליצישע שטעט פּשעמישל און יאַראָסלאַוו.

רעדים האָט געהאט אַ דירעקטע באַן־פאַרבינדונג מיט ווין, און זייענדיק ארומגערינגלט מיט פעלדער און סינדער, אינדערמיט פון אַ גרויסער אַגראַר־פּראָדוקציע און קולטי־ווירטע פרוכט־בוימער, איז רעדים פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַן אָרט פון פּרנסה. וואַגאָנענווייז זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן די בעסטע עפּל, באַרן, און די אונגאַרישע פלוימען (ווענגיערקי) האָבן געהאט אַ שם ווייט און ברייט; אויך צוקער־בוראַקעס, קרויט און ציבעלעס מיט קאַרטאָפל, דאָס אַלץ איז אַריינגעקומען קיין רעדים פון דער לינקער זייט פון דעם טייך „סאַן", וועלכע איז געווען באַוואוינט פון אַ פּוילישער באַפעלקערונג און פון דער רעכטער זייט „סאַן", וואו עס האָבן געוואוינט רוטענער, זיינען אַריינגעקומען קיין רעדים אַלערליי תבואות, פלאַקסן, ליאָן, שטרוי, היי און בהמות, עופות, אייער, פּוטער און קעז און נאָך אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

די ירידים וואָס זיינען פאָרגעקומען יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, האָבן צוזאַמענגעבראַכט קיין רעדים פאַרשידענע קרעמער פון צענער מיילן ארום. די קרעמער האָבן פלינק אויפגעשטעלט זייערע בוידן און אויסגעפּאַקט די פאַרשידנאַרטיקסטע אַרטיקלען, וואָס אַ מענטש קאָן נאָר געברויכן און היפּשע עטלעכע שעה צייט האָט געדויערט דער הו־האַ פון יריד. פריערים האָבן פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן און באַלד טאַקע צוריק אויסגעגעבן די אריינבאַקומענע געלטער אויף אַרטיקלען, וואָס זיי האָבן געברויכט.

אין רעדים גופא איז געווען א געמישטע באפעלקערונג פון אידן, פאליאקן און רוטענער. קיין אנטיסעמיטיזם האט זיך נישט געפילט און ווער שמועסט פאר די אידישע קצבים און פערד-הענדלער, וועלכע האבן אין דער גאנצער געגנט געהאט א שם פאר דרייסטע העלדן, פאר זיי האבן אפילו די קריסטלעכע קצבים און חזיר-הענדלער (וועלכע זיינען אליין אויך נישט געווען קיין מפיל-קינדער) אויך געהאט דרך-ארץ.

פארשטייט זיך, אז דאס שלומדיקע צוזאמענלעבן, מיינט בשום אופן נישט, אז א פאליאק האט זיך קיינמאל נישט ארויסגעכאפט מיט די באקאנטע באליידיקונגס-ווערטער קעגן אידן, אבער שלאגן אדער ראבעווען ביי אידן, צו דעם איז עס נישט געקומען און עס קאן זיין, אז עס איז נישט געקומען צו דעם, ווייל די רוטענער האבן מורא געהאט, אז די פאליאקן וועלן קומען די אידן צו-הילף און די פאליאקן האבן ווידער מורא געהאט, אז די רוטענער וועלן זיך שטעלן אויף דער אידישער זייט און דאס האט אויפגעהאלטן א גלייכגעוויכט, אז באין ברירה, זאלן זיי לעבן מיט אידן בשלום...

דאס רואיקע פארהאלטן זיך און בשלומדיקע צוזאמענלעבן פון דער געמישטער באפעלקערונג, האט זיך אמבולטסטן אנגעזען אויף די בשותפותדיקע אונטערנעמונגען, אויף די „פעסטינס" (קערמעסעס) און בעליער, וואס מען האט דורכגעפירט אין רעדימער פוילישן זאל פון „סאקאל".

אלס אילוסטראציע וועגן גוטן צוזאמענלעבן פון די אידן מיט זייערע רוטענישע שכנים, קאן דינען דער פאקט, אז יעדעס מאל, ווען דער רוטענישער בישאף האט באדארפט באזוכן די רוסישע צערקווע (איינע פון די שענסטע ארכיטעקטאנישע בויווערק אין געגנט) און מוזנדיק פארבייפארן דעם בית-המדרש, פלעגט דער בישאף אראפגיין פון דער קארעטע און קושן די ספר-תורה, וואס דער רב מיטן שמש, באגלייט פון אן עדה אידן, האבן אים אנטקעגנגעטראגן אונטער א חופה...

און אזוי איז זיך דאס לעבן געפלאסן רואיק און שיין, ביז עס האט אויסגעבראכן די גרויזאמע מלחמה און „פאניק" האט אינוואדירט גאליציע און עס איז אויסגעבראכן די גרויסע בהלה, און גאנצע פאמיליעס, פארשטייט זיך, אז קודם די פארמעגלעכע, האבן איבערגעלאזן אלצדינג, גוט פארשלאסן און פארקלאפט מיט טשוועקעס די הייזער, וואו עס איז געלעגן באהאלטן פון אלדאסגוטס אויף די בוידעמער און אין די קעלערס און אליין איז מען אנטלאפן מיטן ביסל חיות, ווער קיין ווין און ווען מען האט שוין אין ווין נים אריינגעלאזן, איז מען געלאפן קיין בעמען און מערן, און מען האט זיך באזעצט ווי פליכטלינגע אין די פארוואָרפנסטע טשעכישע שטעטלעך און דערפער.

מיר האבן נישט געקאנט אזוי שנעל אנטלויפן.

מיין פאטער איז באלד נאכן אויסברוך פון דער מלחמה גענומען געווארן צום מיליטער און געבליבן איז מיין מאמע מיט פיר קליינע קינדער און זעענדיק, אז די רוסן קומען כסדר נענטער צו רעדים, האט שוין די מאמע געמאכט די לעצטע אנשטרענגונגען, זי האט פארפאקט פעקלעך און זיך ארומגעהאנגען מיט זיי און אויך אונדז קינדער געגעבן צו טראגן וואס מיר האבן נאר געקאנט און מיר זיינען אוועק צו דער באןווארטן אויף א צוג.

א סך באנען זיינען פארבייגעפארן, נאר אלע זיינען זיי געווען פול-געפאקט מיט פליכטלינגע פון אנדערע שטעט און שטעטלעך און ווען די מאמע האט געהערט, אז

אויפֿן וועג פֿאַרלירן זיך קינדער פֿון זייערע עלטערן, אַז דער קאָשמאַר איז אַזוי גרויס, אַז אַ סך פֿרויען זיינען משוגע געוואָרן, האָט מיין מאַמע באַשלאָסן, אַז עס איז שוין בעסער איבערצוגעבן דאָס לעבן אין גאָטס הענט און וואָס עס וועט זיין, זאָל זיין, זי וועט נישט איינשטעלן דאָס לעבן פֿון די קינדער, און זי האָט אונדז געפֿירט צוריק אַהיים...

דעם צווייטן טאָג ראש־השנה זיינען אַריין די צאַרישע רוסן און באַלד האָט מען אָנגעהויבן אויפֿשטעלן די „פּאָנטאָנען" איבער דער געשפּרענגטער בריק פֿונעם סאַן און עס האָט אָנגעהויבן שטראָמען מיט רוסישן מיליטער און פּלוצלינג האָבן זיך גע־יאַוועט רוסישע פּויערים מיט וועגענער און, מען קאָן זאָגן, אַז אַזאַ „יריד" האָט מען אין רעדים נאָך נישט געזען...

דיזעלבע מוליערעס און דיזעלבע קאָוואַלעס, וועלכע האָבן פֿאַרמויערט און פֿאַר־קאָוועט די אידישע געשעפֿטן, דיזעלבע האָבן די געשעפֿטן אויפֿגעריסן און אויפֿגע־בראָכן און געמאַכט פּלאַץ פֿאַר די פּויערים, וועלכע האָבן גערויבט און געהאַקט און צעבראָכן און וואָס עס האָט געהאַט עפּעס אַ ווערט פֿאַר זיי האָבן זיי אויפֿגעלאָדן אויף די וועגענער און ווען די געשעפֿטן זיינען שוין געווען אויסגעליידיקט, האָבן זיי זיך גענומען צו די פּריוואַטע הייזער, פֿון וועלכע די באַלעבאַטים זיינען געהאַט אַוועק־געפֿאָרן ווי פּליכטלינגע און אויך די פּריוואַט־שטיבער זיינען אויסגערויבט געוואָרן.

עס וואָלט צופֿיל פּלאַץ פֿאַרנומען צו באַשרייבן וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט דורך די פֿיר יאָר מלחמה און עס וועט גענוג זיין צו באַשרייבן די צרות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גאָר אויפֿסניי, ערשט ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און פּוילן איז באַפֿרייט געוואָרן.

צוערשט האָבן אידן געמיינט, אַז מיט פּוילנס באַפֿרייאונג, וועט אידן נאָך בעסער זיין ווי אונטער עסטרייכס ממשלה, אָבער באַלד האָבן אידן דערפֿילט זייער ביטערן טעות. עס האָבן זיך אָנגעהויבן בלוטיקע קאַמפֿן צווישן די אוקראַינער מיט די אָנ־געקומענע מרוויעריק־באַרימטע „האַלערטשיקעס", וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן זייער „העלדישקייט" נישט אַזוי קעגן די אוקראַינער, ווי קעגן די בערד און פּאות פֿון די אומבאַשיצטע אידן און עס איז שווער צו זאָגן אויף באַשטימט, ווען די אידן אין רעדים האָבן זיך געפֿילט זיכערער, צי בעת דער אינוואַזיע פֿון די צאַרישע קאָזאַקן, צי גאָר בעתן איבערנעמען די מאַכט דורך דער פּוילישער באַפֿרייאונגס־אַרמיי...

גענוג לאַנג האָבן געדויערט די מהומות און בהלות מיט די בערד־רייסענישן און די וואַרפֿענישן פֿון אידן פֿון פֿאָרנדיקע באַנען, אָבער ענדלעך האָבן די הויכע פֿענצטער פֿון די פּוילישע באַהערדן איינגעזען, אַז מען קאָן פֿון אידישע שטייערן האָבן פֿיל מעהר נוצן ווי פֿון אידישע בערד און אנשטאָט שניידן בערד מיט שטומפּיקע מעסערס, האָט מען אָנגעהויבן אויספּרעסן ביי אידישע סוחרים גרויסע שטייערן דורך שאַרפֿע שטייער־געזעצן...

רעדים האָט געהאַט אַ שם, מיט איר פֿאַבריקאַציע פֿון שטריק, וואָס זיינען אויס־געאַרבעט געוואָרן פֿון פֿלאַקס. די פֿאַבריקאַציע איז אויף פֿולע הונדערט פּראָצענט געלעגן אין פּוילישע הענט און מערסטנס זיינען פֿאַר די אויסאַרבעטונגען באַנוצט גע־וואָרן היים־אַרבעטער, אָרימע פּוילישע פֿאַמיליעס, וועלכע פֿלעגן אַרבעטן פֿערצן און

נאָך מער שעהן מעגלעך, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער, אויך צו פאַרדינען אויפן קאַרגן שטיקל ברויט.

די שטריק זיינען פאַרקויפט געוואָרן דורך דער פוילישער קאָאָפּעראַטיווער גע־זעלשאַפט, וואָס האָט געפּרעדיקט „סוואָי דאָ סוועגאָ" און דערפאַר באַצאָלט פאַר די שטריק דעם נידעריקסטן פּרייז און די פּראָדוצירער האָבן געזוכט געלעגנהייטן צו קאָנען אין געהיים פאַרקויפן אַביסל פון די אויסגעאַרבעטע שטריק צו אידן, וועלכע האָבן באַצאָלט אַ פיל בעסערן פּרייז און אַ היפּש ביסל אידן האָבן פון די שטריק גע־צויגן גאַנץ פיינע פּרנסה.

:: :: ::

דאָס שטעטעלע רעדים האָט געהאַט אַ פיינע אידישע יוגנט, וואָס האָט זיך נאָך די שווערע מלחמה־יאָרן אָנגעהויבן פאַרוועלטלעכן.

די קאַפּאָטקעס מיט די פּאות האָבן אָנגעהויבן ווערן קורצער און די הויזן — וואָס פריער זיינען זיי געווען פאַרשטופּט אין די כאָלעוועס פון די שטיוול — לענגער און די יוגנט האָט אין ברייטערן מאַסשטאַב אָנגעהויבן שטודירן אין די דערבייאיקע שטעט יאַראָסלאַוו און פּשעמישל און זי האָט זיך אָנגעהויבן טיילן אין פּאַרטייען. די קינדער פון פאַרמעגלעכע און פון מיטלשטאַנד, זיינען געווען ציוניסטיש און מזרחיס־טיש און די קינדער פון אָרימען שטאַנד, פון אַרבעטער, זיינען געווען פּועלי־ציוניסטן.

די לעבעדיקסטע און ווירקזאַמסטע אידישע קולטור־אַרבעט, האָבן אָנגעפירט די פּועלי־ציוניסטן. אָפטע רעפעראַטן פון ספּעציעל איינגעלאַדענע געסט, דיסקוסיע־אָוונטן, מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אונטערנעמונגען, דאָס האָט כסדר צוגעצויגן גרעסערע קרייזן אַפילו פון צווישן די ציוניסטן און מזרחיסטן.

זייער אָפט האָט די יוגנט פון רעדים גערעדט און דיסקוטירט און אַפילו זיך גע־גרויסט מיט מלך ראַוויטש, אָדער בערגנער, ווי עס איז געווען זיין אמתער נאָמען, וועלכער איז געווען אַ זון פון אַ זייער מיוחסדיקער פאַמיליע פון רעדים און גאָר שטאַרק, ממש ליידנשאַפטלעך, איז געוואָרן די דיסקוסיע וועגן זיינע „נאַקעטע לידער".

מיר האָבן זיך דערנאָך אין רעדים דערוואוסט, אַז אויך אין וואַרשע איז אויסגע־בראָכן אַ ליטעראַרישע פּאָלעמיק וועגן די „נאַקעטע לידער" און איך ווייס נישט וואו דער שטרייט איז געווען שטאַרקער, איך גלויב אָבער, אַז ביי אונדז אין רעדים, האָבן מיר ליידנשאַפטלעכער דיסקוטירט איבער די לידער פון אונדזער בן־עיר און צום קולמינאַציע־פּונקט פון די שטרייטן איז עס געקומען, ווען די פּועלי־ציון האָבן דורכ־געפירט אַ פאָרשטעלונג אין דעם גרויסן סאָקאָל־זאַל אין רעדים און מלך ראַוויטש איז געקומען אַלס גאַסט צום דאָזיקן אָוונט, און ווען ער האָט זיך באַוויזן אין זאַל, ווען מען האָט דערזען זיין צאַרט און בלייך פּנים אַרומגערינגלט מיט אַ בערדל, און ווען מען האָט דערזען און דערפילט זיינע גוטמוטיקע בליקן, וואָס האָבן אויסגעשטראַלט ליבשאַפט צו אַלעמען אַרום, דעמאָלט איז פאַרשוואונדן יעדער סימן פון קעגנערשאַפט און יעדער פון אונדז האָט זיך געפילט געגרויסט אין דער קעגנוואַרט פון דעם פּאָעט, וואָס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אונדזער שטעטל.

די צייט איז אָבער נישט געבליבן שטיין; עס האָבן אָנגערוקט שווערע טעג פון קאַמף פאַרן שטיקל ברויט און די רעכט צו קאָנען לעבן און זיך אַנטוויקלען און שווער

איז געווען דער קאַמף, ווייל פון איין זייט די אַרויפגעשרויפטע שטייערן, און פון דער צווייטער — דער אונטערגעהעצטער אַנטיסעמיטיזם, סיי אין גאַס און סיי אין די שולן, האָט זיך די יוגנט אָנגעהויבן איבערצייגן, אַז די צוקונפט זייערע, איז נישט אין פוילן און מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן, איינער אַלס חלוץ, אויף צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, אַ צווייטער האָט געלערנט אַ פאַך, אויף צו קאָנען פאַרדינגען אַ שטיקל ברויט אין אַנדערע לענדער, וואוהין דער גורל וועט פאַרוואַרפן און עס האָט זיך טאַקע באַלד אָנגעהויבן אַן עמיגראַציע, יעדן טאָג האָט מען געהערט וועגן אַן אַנדערן, וואָס די עלטערן האָבן אים באַגלייט צו דער באַן און מען האָט דערציילט וועגן די פאַר־גאָסענע טרערן ביים געזעגענען זיך...

אָבער נישט אַלע האָבן געקאָנט עמיגרירן; נישט אַלע האָבן געהאַט די מעגלעכ־קייט און נישט אַלע האָבן עס באַוויזן צו טון באַצייטנס און האַרט פאַר דעם גרויסן אומגליק פון 1939, האָב איך נאָך באַקומען בריוו פון רעדים, אין וועלכע מען שרייבט מיר וועגן דאָרטיקן לעבן און שטרעבן און דאַן האָט זיך דער פאָדים אינגאַנצן איבער־געריסן, די אכזריותדיקע נאַצים, האָבן אַ סוף געמאַכט צו אַלץ און אַלעמען...



יוסף שעכטער-ברודע

# לעגענדע אוןווירקלעכקייט



דאָס אידישע לעבן אין די שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע, איז געווען אַ געמיש פון לעגענדע און ווירקלעכקייט.

איך וויל שוין דאָ נישט ריידן וועגן די פאַרשידענע מעשהלעך, לעגענדעס און גלויבונגען פון די קינדער־יאָרן, נאָר אַפילו שוין אַלס דערוואַקסענער מענטש האָט מען געלעבט אין די אַלע גלויבונגען און מען האָט זיך מיט אַזוי פיל פיעטעט באַצויגן צו די אַלע וואונדערלעכע פאַרלוי־פענישן, וואָס זיינען יאָרנלאַנג איבערדערציילט און נאָכ־דערציילט געוואָרן אַמאָל אין לעגענדאַרישע און אַמאָל אין רעאַליסטישע פאָרמען.

איך וויל אייך דאָ דערציילן, ווי אַזוי דער רבי ר׳ הערשעלע איז געוואָרן רב אין טשאָרטקאָוו, ווייל ער האָט אָפּגעראַטעוועט אַ סך טשאָרטקאָווער אידן פון שמד...

:: :: ::

איך אַליין בין אייגנטלעך נישט פון טשאָרטקאָוו. איך האָב חתונה געהאַט קיין טשאָרטקאָוו אין יאָר 1919 און איך בין דאָרט געווען אַ גאָר אָפטער איינגייער אין הויז פון קולטוס־פּרעזידענט מענדל מאַרגוליעס, ווייל מיין שווער איז מיט אים געווען זייער באַפריינדעט.

אונדזער פריינטשאַפט איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען איך האָב געעפנט אַ שותפות־געשעפט צוזאַמען מיט דעם ראש־הקהלס זון און זייענדיק אַזוי אָפט אין הויז פון ראש־הקהל, האָב איך זיך דאָרט אָנגעהערט אַזוי פיל מעשות און מערס־טנס וועגן דעם רבין ר׳ הערשעלע, וועלכער איז קוים דרייצן יאָר אַלט געווען, ווען ער איז געוואָרן רב אין טשאָרטקאָוו.

ווען מיין שותף האָט געזען, אַז איך אינטערעסיר זיך אַזוי שטאַרק מיט די מעשה־לעך, האָט ער מיר אַמאָל דערלאַנגט אַ ביכל, אַ מין „פנקס" און ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ איז פאַרשריבן די גאַנצע געשיכטע מיטן רבי ר׳ הערשעלע אַזוי ווי זי איז זיך פאַרלאָפן.

עס זיינען שוין זייט דעמאָלט אַוועק גאַנצע 25 יאָר, דאָס ביכל, וואָס מיין שותף האָט מיר דעמאָלט געגעבן, האָב איך אים צוריקגעגעבן און ווער ווייס וואו עס איז אַהינ־

געקומען, ווײל איך דאָ פרואוון איבערגעבן פון זכרון דאָס, וואָס איך האָב אין דעם ביכל געלײענט.

פאַרשטײט זיך, אַז איך קאָן עס נישט איבערגעבן פונקטלעך, נאָר לויטן זכרון און איך געדענק, אַז אין ביכל האָט זיך געזאָגט, אַז דער רבי ר' הערשעלע האָט גע־שטאַמט פון פראַנקפורט־אַם־מאַין.

ר' הערשעלעס פאָטער איז געװען זײער פרום און איז געװען באַרימט נישט נאָר אין פראַנקפורט, נאָר אויך אין עסטרײך. זײן זון, הערשעלע, האָט געלערנט אין ישיבה, און צו 13 יאָר, האָט ער באַקומען אַ סמיכה אויף רבנות.

טשאָרטקאָװ איז אין יענער צײט געװען אַ קלײן שטעטל פון אַ זעכציק אידישע אײנװאױנער, דאָס שטעטל האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַנטװיקלען און מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן װעגן בויען אַ שול, אָבער עס איז געװען זײער שװער צו שאַפן אַזאַ סומע געלט װיפיל עס איז נויטיק געװען אויף צו בויען אַ שול.

אין טשאָרטקאָװ האָט דעמאָלט געלעבט אַ גלח, געװען אַ גרויסער גוטער פרײנט פון אידן און, דערװיסנדיק זיך, אַז אידן װילן בויען אַ שול, נאָר עס פעלט זײ אויס געלט, האָט ער צוגעזאָגט אַ גרויסע סומע פאַר דעם צװעק און ער האָט צוגעזאָגט, אַז אויב עס װעט נאָך אַלץ פעלן, װעט ער צוגעבן נאָך.

איז עס אַפילו געװען אַביסל פריקרע, מען האָט געװאוסט, אַז פאַר דעם געלט װעט מען דעם גלח מוזן מכבד זײן מיט אַ כיבוד, האָט מען זיך באַראַטן און די פני האָבן באַשלאָסן, אַז מען דאַרף אָננעמען די מתנה פון דעם גלח, װאָס איז אַזאַ אוהב ישראל און מען האָט אים אַפילו אײנגעלאַדן, אַז ער, דער גלח, זאָל לײגן דעם ערשטן גרונטשטײן פאַר דער שול.

און אַזוי איז געװען.

דער גלח האָט געלײגט דעם גרונטשטײן, מען האָט געפראַװעט דעם טאָג אַ גרויסן יום־טוב און דאָס גאַנצע שטעטל האָט געהוליעט און זיך געפרײט, װאָס עס װעט שוין זײן אַ שול, און אַדאַנק דעם גלח, טאַקע אַ שײנע שול.

און די שול איז פאַרטיק געװאָרן. װידער האָט מען געפראַװעט אַ גרויסן יום־טוב אין שטעטל און שבת זײנען אַלע אידן געװען אין שול און מען האָט אויפגערופן צו דער תורה די זיבן שענסטע באַלעבאַטים און װער האָט געזאָלט װיסן, אַז עס װעט דערנאָך קומען אַזאַ מין אומגליק?

באַלד נאָך שבת, האָט מען זיך דערװאוסט, אַז די זיבן באַלעבאַטים, װאָס מען האָט אויפגערופן צו דער תורה, האָבן זיך געשמדט...

אין שטעטל איז געװאָרן אַן אויפברויז, איבעראַל האָט מען נישט גערעדט װעגן עפעס אַנדערש, נאָר פאַר װאָס? פאַר װען? און זײ אַלײן װעט מען דאָך נישט פרעגן, װײל װער װעט עס גײן רײדן מיט משומדים?... איז דאָס שטעטל געװען טרויעריק און געזיפצט אויף די ביטערע צײטן.

אָבער נאָך טרויעריקער איז דאָס שטעטל געװאָרן נאָכן צװײטן שבת, װען מען האָט זיך דערװאוסט, אַז װידער האָבן די זיבן באַלעבאַטים, װאָס האָבן באַקומען די עליות, זיך געשמדט.

דאָס איז שוין געװען עפעס אַנדערש. דאָס שטעטל האָט שוין נישט געטאָרט שװײגן. מען האָט שוין געמוזט עפעס טון. אויב צװײ שבתים, אַ שבת נאָך אַ שבת,

גייען די אידן, וואָס מען רופט־אויף צו דער תורה — צו דער שמחה, טאַ ווי האָגט קאָן עס דען אינגאַנצן הויערן, אַז טשאָרטקאָוו זאָל חלילה בלייבן אָן אידן?...

האָט מען געמאַכט אסיפות, מען האָט אויך צוגעצויגן אָנגעזעענע אידן פון אַנדערע שטעט, עס איז דאָך עפּעס נישט קיין קלייניקייט, מען קאָן דאָך נישט לאָזן, אַז אַ שטאָט אידן זאָל זיך חלילה אויסשמדן ר״ל!

האָט מען אויף די אסיפות געהערט פאַרשידענע סברות. מען האָט נאָכגעפרעגט אויף גוטע אידן, אויף רבנים, און איינער האָט זיך פּלוצלינג אָנגערופן, אַז ער איז געווען אין דייטשלאַנד און ער האָט דאָרט געהערט וועגן אַ אידן אַ גרויסן חכם, ער וואוינט אין פראַנקפורט־אַם־מאין און ער האַלט, אַז מען דאַרף פאָרן צו אים פרעגן אַן עצה.

מען האָט אויסגעקליבן צו אים נאָך צוויי באַלעבאַטים און די דריי זיינען אַלס דעלעגאַציע אַוועק קיין פראַנקפורט־אַם־מאַין.

דער פאָטער פון רבין ר׳ הערשעלע (איך קאָן זיך נישט דערמאַנען זיין נאָמען), איז נישט געווען קיין רבי, אָבער ר׳איז געווען באַרימט מיט זיין תורה און חכמה און ווען די דעלעגאַציע האָט אים איבערגעגעבן וועגן וואָס זי איז געקומען צו אים, האָט ער אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און דערנאָך געענטפערט מיט גרויס ישוב הדעת, אַז ער אַליין פילט זיך שוין אַלט און דאָס איז אַן ענין, וואָס מען מוז זיין אויפן פּלאַץ, כדי מען זאָל קאָנען עפּעס אויפטון; ער ראָט דעריבער, אַז מיר זאָלן איבעררײדן מיט זיין זון, מיט הערשעלען, זאָל ער פאָרן מיט אייך, וועט ער שוין וויסן ווי אַזוי צו העלפן...

די דעלעגאַציע איז געווען זייער שטאַרק פאַרוואונדערט, ווען זי האָט געזען, אַז דער הערשעלע איז ערשט קוים אַ בר־מצוה בחורל, אָבער ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער האָט שוין סמיכה אויף רבנות, האָבן זיי באַקומען אַביסל מער צוטרוי און זיי האָבן מיט אים גערעדט און דערציילט אים וועגן דער געשעעניש און אַז זיי דאַרפן, אַז ער זאָל מיט זיי מיטפאָרן קיין טשאָרטקאָוו, ווייל די זאַך מוז מען העלפן אויפן פּלאַץ, אַזוי ווי זיין פאָטער האָט געזאָגט.

הערשעלע האָט זיך צוערשט אַביסל געקווײנקלט, אָבער צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט רײדן מיטן טאַטן און אויב דער טאַטע וועט זאָגן פאָרן, וועט ער פאָרן.

און עס איז געבליבן, אַז די דעלעגאַציע זאָל אַליין צוריקפאָרן קיין טשאָרטקאָוו מיטן זיכערן צוזאָג, אַז הערשעלע וועט באַלד נאָכקומען.

און הערשעלע איז טאַקע גאָר גיך אַרויסגעפאָרן פון פראַנקפורט אויפן וועג קיין טשאָרטקאָוו און ער איז געפאָרן איבער לעמבערג, וואו ער איז געבליבן אויף עטלעכע טעג אָפּרו אין אַן אכסניה.

לעמבערג איז שוין דעמאָלט געווען־גרויס און געהאַט אַ גרויסן אידישן קיבוץ מיט אַ גרויסן גאון אַלס רב; דער רב איז געווען אַ יונגער, ער האָט ערשט געהאַט איבערגענומען דאָס רבנות נאָך זיין פאַרשטאָרבענעם גרויסן פאָטער און ער האָט געוואוינט צוזאַמען מיט זיין שוועסטער, אין זייער פאָטערס שיינעם שטאָקיקן הויז.

דעם רבס שוועסטער איז שוין געווען אַן עלטער מיידל פון אַ יאָר 13־14 און וויפיל שידוכים מען האָט איר געבראַכט, האָט זי אַלץ אָפּגעוואָרפן און דער ברודער האָט דעריבער געהאַט אַ סך צער.

ווען הערשעלע איז געווען אין לעמבערג, האָט ער זייער געוואָלט אָנקומען צום רב, אָבער מען האָט אים נישט צוגעלאָזן. האָט ער זיך געדרייט פאַרנט פאַרן רבס הויז און פלוצלינג האָט ער אין אַ פענצטער אין דער הויך, דערזען אַ יפת-תואר איינע אין דער וועלט און הערשעלע איז אַזוי געבליבן שטיין אַ לענגערע צייט ווי צוגע־שמידט צום פלאַץ.

ווען ער איז געקומען צו זיך, איז גראָד נעבן אים געשטאַנען אַן אָרימאַן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. האָט הערשעלע אים צוגעזאָגט אַ שיינע נדבה, אויב ער וועט ארויפגיין זאָגן דער בתולה, אַז ער וויל מיט איר ריידן.

איז דער אָרימאַן אריין אין הויז, אָבער מען האָט אים צו דער מיידל, דעם רבס שוועסטער, נישט צוגעלאָזן.

אויפצומאָרגנס האָט הערשעל ווידער געזען די שיינע בתולה אין פענצטער און ווידער האָט ער אַרויפגעשיקט אַן אָרימאַן און ווידער האָט מען דעם אָרימאַן נישט צוגעלאָזן צו איר.

אויפן דריטן טאָג, ווען עס האָט פאַסירט דאָס זעלבע, האָט שוין דער אָרימאַן נישט געוואָלט אַזוי לייכט אָפּטרעטן, האָט ער געשריען און זי, דעם רבס שוועסטער, האָט דערהערט, און זי האָט זיך שוין משער געווען, אַז דער בחור דאָרט אונטן, וויל מיט איר ריידן, איז זי אַריינגעקומען צום ברודער און געזאָגט, אַז ער זאָל נישט זיין ברוגז, זי וויל ריידן מיט דעם אָרימען בחור, וואָס דרייט זיך אונטן אין גאַס.

און אַזוי איז עס געווען, אַז מען האָט הערשעלען געמוזט צולאָזן ריידן מיט דעם לעמבערגער רבס שוועסטער. דער רב האָט זיך געהאלטן גרויס, האָט ער אפילו נישט געוואָלט זיין דערביי, און הערשעלע האָט גאַנץ געוויינלעך געזאָגט צו דער בתולה, אַז ער פאַרשטייט, אַז זי איז זיין זווג.

אויסהערנדיק הערשעלעס ווערטער, האָט זי אים געהייסן קומען מאָרגן ריידן מיט איר ברודער און הערשעלע איז געקומען, אָבער דער ברודער האָט אים אָפּגעזאָגט. אָבער דאָ איז פלוצלינג אַריינגעקומען די שוועסטער און דערקלערט, אַז מען קאָן שוין הערשעלען נישט אָפּזאָגן, ווייל ער איז שוין איר חתן.

פאַרפאַלן. האָט שוין דער לעמבערגער רב געמוזט ריידן פראַקטישע רייד און הערשעלע האָט דערקלערט, אַז ער מוז פאָרן קיין טשאָרטקאָוו אין אַ וויכטיקער שליחות און אַז אין קורצן וועט ער מיט גאָטס הילף קומען און חתונה האָבן און מיטנעמען זיין ווייב מיט זיך.

און הערשעלע איז געפאָרן קיין טשאָרטקאָוו.

דאָרט האָט ער באַלד פאַרופן אַ גרויסע אסיפה. ער האט חוקר ודורש געווען די גאַנצע געשיכטע און ער האָט זיך דערוואוסט, אַז וויפיל מאָל מען האָט געעפנט די שיל און אידן זיינען אויפגערופן געוואָרן צו דער תורה, האָבן זיי זיך אין עטלעכע טעג אַרום געשמדט...

האָט הערשעלע געזאָגט צו די אידן אַזוי צו זאָגן: — קיין זאַך ווערט נישט, אויב זי האָט נישט פון פריער געהאט די סיבה אויף צו ווערן, און ער האָט ווייטער חוקר ודורש געווען, ביז ער האָט געהערט די מעשה וועגן גלח, וואָס האָט געלייגט דעם ערשטן שטיין פאַרן בויען די שיל און הערשעלע האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט דער גלח מיטן לייגן דעם שטיין, אָפּגעטון אַזאַ כישוף, אַז די אידן, וואָס וועלן

דאַוונען אין דער שיל זאָלן זיך מוזן אויסשמדן און ער האָט באַלד געהייסן רופן אַרבעטער און מען האָט אָנגעהויבן גראָבן און דערגראָבן זיך צו די פונדאַמענטן און מען האָט פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט דעם גלהס שטיין און מען האָט דעם שטיין צעמאָלן און געשפּרייט אים איבערן וואַסער און דערנאָך האָט מען די שיל גלייכגעבויט, און דעמאָלט האָט מען שוין געמעגט אין איר דאַווענען און טשאָרטקאָוו האָט איינגעזען, אַז דער יונגער הערשעלע איז אַ גרויסער גאון און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל בלייבן אַלס רב אין טשאָרטקאָוו.

האָט הערשעלע געזאָגט אַזוי צו זאָגן: — איך בין געקומען אַהער לויטן רצון פון מיין פאָטער און אַ זווג האָב איך געפונען לויטן רצון פון אבינו שבשמים; דאַרף איך דעריבער פריער זיך מזווג זיין מיט מיין זווג און דערנאָך דאַרף איך אָנפרעגן ביי מיין פאָטער צי איך זאָל אָננעמען אייער בקשה.

און אַזוי איז עס געווען. הערשעלע איז אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג, דעם רב האָט עס נישט געפּאַסט און ער האָט נישט געוואָלט זיין אויף דער חתונה, אָבער צוליב דער שוועסטער, האָט ער געמוזט זיין ביי דער חופּה. דערווייל האָט שוין הערשעלע געהאט אַוועקגעשריבן צום פאָטער און ער האָט באַקומען אַן ענטפער, אַז ער זאָל אָננעמען דאָס רבנות אין טשאָרטקאָוו און באַלד נאָך די שבע־ברכות, האָט הערשעלע גענומען זיין ווייב און איז אַוועק קיין טשאָרטקאָוו, וואו ער איז געוואָרן רב.

:: :: ::

און אין דעם ביכל האָב איך געלייענט, אַז דריי יאָר שפּעטער, ווען דער לעמבערגער רב, הערשעלעס שוואָגער, האָט באַדאַרפט פאַרבייפאָרן טשאָרטקאָוו, האָט ער זיך געהאלטן גאווהדיק און נישט געוואָלט באַזוכן זיין שוועסטער מיטן שוואָגער, דאָס קליינע „רבל״.

ר׳ הערשעלע האָט פון זיין זייט יוצא געווען, ער האָט געבעטן זיין שוואָגער צו זיך אויף שבת, אָבער דאָס איז געווען דינסטיק און דער לעמבערגער רב האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין צייט, ער מוז מיטוואָך אַוועקפאָרן ווייטער.

איז ער מיטוואָך אַוועקגעפאָרן, נאָר ווען ער איז קוים אָפּגעפאָרן צוויי שעה, האָט זיך צעבראָכן די אַקס פון זיין פור, און ער האָט זיך געמוזט אומקערן קיין טשאָרטקאָוו.

האָט ר׳ הערשעלע נאָכאַמאָל געשיקט בעטן דעם שוואָגער אויף שבת, אָבער דער שוואָגער, דער באַרימטער לעמבערגער רב, האָט ווידער געענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין צייט, ער מוז מאָרגן פאָרן ווייטער.

און דאָנערשטיק גאַנץ פרי איז ער ווידער אַרויסגעפאָרן און ווידער — נישט אָפּפאָרנדיק קיין גאַנצע צוויי שעה, האָט זיך צעבראָכן אַ ראָד פון וואָגן און דער גרויסער לעמבערגער רב האָט נאָך געמוזט צוריקקומען קיין טשאָרטקאָוו צופוס...

דערווייל איז שוין געוואָרן פרייטיק, קאָן מען זיך דאָך נישט לאָזן אין וועג, האָט דער לעמבערגער רב געהאט עגמת־נפש, אָבער קיין ברירה איז נישט געווען און ער איז געווען צופרידן, ווען דער שוואָגער, דאָס „רבל״ הערשעלע, האָט אים נאָכאַמאָל פאַרבעטן, און דאָס מאָל האָט ער שוין אָנגענומען און צוגעזאָגט צו האלטן שבת ביי אים.

טשאָרטקאָוו איז שוין דורך די 3 יאָר געהאט גרעסער געוואָרן און חוץ דער שיל,

האָבן שוין טשאָרטקאָווער אידן געהאט צוגעבויט אַ קלויז נעבן דער שיל און הערשעלע האָט געדאַוונט אין קלויז.

דער לעמבערגער רב, הערשעלעס שוואָגער, האָט דעמאָלט געדאַוונט אין שיל און אַזוי ווי אין שיל ענדיקט מען פריער דאָס דאַווגען, איז דער לעמבערגער רב פריער געקומען אַהיים און ער האָט זיך געזעצט אויבנאָן, אויפן שוואָגערס שטול.

אָבער ווען דער שוואָגער, ר׳ הערשעלע, איז אַריינגעקומען, האָט זיך פּלוצלינג אַזאַ ליכטיקייט אויסגעשפּרייט איבער דער שטוב, אַז דער לעמבערגער רב האָט אויפגעציטערט פון שרעק און ער איז אַראָפּגעפאַלן פון שטול.

ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן, האָט ער זיך שוין געזעצט אויף אַ פּלאַץ ביי דער רעכטער זייט פון ר׳ הערשעלען, און ער האָט באַגריסט זיין שוואָגער: — גוט שבת, ר׳ הערשעלע!...

ביי הערשעלעס ווייב האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, זעענדיק ווי איר ברודער גיט אָפּ כבוד צו איר יונגען מאַן און נאָך שבת, ווען דער לעמבערגער רב האָט זיך געזעגנט מיטן שטעטל, האָט ער געזאָגט, אַז יעדן שבת, ווען מען קומט פון שיל, זאָגט יעדער איד שלום־עליכם און בואכם לשלום, אָבער די מלאכים זעט מען נישט; אָבער דאָ, ווען הערשעלע איז געקומען פרייטיק צו נאַכט פון זיין בית־המדרש, האָט ער געזען באַשיינפּערלעך, ווי צוויי מלאכים האָבן אים באַגלייט אין ביידע זייטן און זיי האָבן געשפּרייט אַזאַ ליכטיקייט, אַז ער איז פון שרעק אַראָפּגעפאַלן פון שטול און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף אָפּטרעטן דאָס פּלאַץ און אָפּגעבן כבוד זיין יונגען שוואָגער, דעם רבין ר׳ הערשעלע.

און זייט דעמאָלט, האָט מען אים טאַקע גערופן — רבי ר׳ הערשעלע און זיין נאָמען איז געוואָרן באַרימט איבער דער גאַנצער אידישער וועלט...



# צוויי טאַרנאָפּאָלס

פון ירחמיאל שפּינדל



אַלס טאַרנאָפּאָלער, ווייס איך פון צוויי טאַרנאָפּאָלס. אײן טאַרנאָפּאָל געדענק איך שוין נישט אַזוי גוט, דאָס איז געווען דאָס טאַרנאָפּאָל פון פאַר 1914, ווען אידן האָבן זיך אין דער דאָזיקער קרייז-שטאָט פון 40.000 טויזנט איינוואוינער, געלעבט און געשטרעבט פריי און צופרידן.

די מערסטנס פרום-פאַנאַטישע אידישע באַפעלקערונג האָט באַטראָפן אַרום 70 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און זי האָט געפירט אַ לעבן אויפן אַלט-אידישן שטייגער, געהאַנדלט, געוואַנדלט און געגלויבט צו-ערשט גאָט און דערנאָך דעם רבין, פאַר דעם ביסל פּרנסה וואָס מען האָט געהאַט און מען האָט געהאַוועט און גע-שמייעט אויף די ירידים, וואָס זיינען פאָרגעקומען יעדן מיטוואָך און ווער שמועסט די יאַר-ירידים, דער גרויסער „האַנע-מאַרק", וואָס האָט געדויערט צוויי וואָכן און צו וועלכן עס זיינען זיך צונויפגעפאָרן פון ווייטע שטעט און דערפער קויפער און פאַר-קויפער פון די פאַרשידנסטע אַרטיקלען, דאָס האָט געגעבן פאַר טאַרנאָפּאָל דעם שם אַלס וויכטיקע האַנדלס-שטאָט.

געווען אַ היפּשע צאָל רייכע אידן אין טאַרנאָפּאָל. זיי האָבן געהאַט מענטשן, וואָס האָבן פאַר זיי אויפגעקויפט די תבואות, פלאַקסן, בהמות און פערד, וועלכע זיינען דערנאָך עקספּאָרטירט געוואָרן קיין עסטרייך און דייטשלאַנד און אידן זיינען צו-פרידן געווען פון זייער לעבן און אַרבעט און עס האָט אויסגעזען, אַז טאַרנאָפּאָל וועט שוין אייביק אַזוי זיין, און עס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז עס קאָן גאָר ווערן אַנדערש.

אָבער אָט איז געקומען אַ גרויסע וועלט-מלחמה. ווער עס האָט געפליכטעט און דערנאָך מיט זיך צוריקגעבראַכט אַביסל מאָדערניזם פון מערב, און ווער עס איז גע-בליבן אין טאַרנאָפּאָל, און געמוזט מיט אייגענע אויגן צוזען, ווי דאָס שווערע לעבן אין מלחמה-צייט ענדערט פאַמעלעך דעם איינגעפונדעוועטן לעבנס-שטייגער, ווי עס זאָל נישט האָבן געווען, נאָך דער מלחמה איז אויפגעשטאַנען אַ ניי טאַרנאָפּאָל.

די באַלפור-דעקלאַראַציע פון איין זייט און די פיינטלעכע אַרויסטריטן מצד די פּוילישע שכנים, וועלכע האָבן זיך נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן אַלין אָפּטער מאַ-

ניפּעסטירט, און די ענדערונגען אין לעבן, וואָס די מלחמה גופא האָט פאַראורזאַכט, דאָס אַלץ האָט געווירקט, אַז די יוגנט זאָל אָנהייבן טראַכטן פון אַ תכלית און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון אָרגאַניזאַציע.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן עפענען פאַריינען און ביבליאָטעקן און איך געדענק ווי איך בין ארויפגעקומען אויף דער רוסישער גאַס, אויפן ערשטן שטאָק, כדי צו ווערן אַ מיטגליד אין יוגנט־פאַריין פון די „פּועלי ציון", האָט מיר יאָשע שוויג, אַלס פירער פון דער יוגנט, אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל נישט פעלן ביי די אידישע לעקציעס.

יאָשע שוויג איז געווען דער אידעאַלער טוער אין דער אָרגאַניזאַציע און ער האָט געהאט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער יוגנט און מיר האָבן טאַקע נישט געפעלט ביי די לעקציעס, און די אידישע לעקציעס, די חברלעכקייט, די דיסקוסיעס אויף פאַרשידענע טעמעס, האָט פאַר אונדז, יוגנטלעכע, געעפנט אַ נייע וועלט.

באַלד דערנאָך האָט זיך געעפנט די „הסתדרות", וואו שיעלע אָרענשטיין איז געווען פּרעזידענט און עס האָט זיך גלייכצייטיק אָנגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג, אַז די יוגנט זאָל אָנהויבן לערנען פאַכן, כדי צו קאָנען פאָרן קיין פּאַלעסטינע אַלס נוצלעכע חלוצים־פּיאָנערן.

די אידישע יוגנט אין נייעם טאַרנאָפּאָל אונטער פּוילנס הערשאַפט, האָט אין דער היים פון איר געבוירן, מער נישט געזען קיין שום פּערספּעקטיוו און מען האָט זיך געגרייט צו אויסוואַנדערונג און אין די פאַריינען האָט מען באַקומען די געהעריקע צוגרייטונגען צום קאַמף פאַרן לעבן און די פאַראיינען, וואו עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט די פראַגן פון קלאַסן־פאַרשידנקייט, האָבן אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין אידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אויף צו אילוסטרירן ווי ערנסט די יוגנט האָט דעמאָלט גענומען דאָס, וואָס זי האָט געלערנט אין די פאַריינען, קאָן דינען דער עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט בעת אַן אויסגעבראָכענעם שטרייק אין פריזיר־פאַך.

געווען אין טאַרנאָפּאָל אַ געוויסער רייזמאַן, אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן פריזיר־סאַלאָן, וואו עס האָבן געאַרבעט עטלעכע אַרבעטער און צווישן זיי — אויך דעם אייגנטימערס זון.

ווען דער שטרייק האָט אויסגעבראָכן, האָט אויך דער זון פאַרשטרייקט און נישט געוואָלט אַרבעטן.

האָט דער פאָטער צו אים טענות: — ס'טייטש, דו ביסט דאָך מיין זון, דאָס איז דאָך דיין געשעפט, מוזטו דען אויך גיין מיט זיי? ...

און דער זון האָט געענטפערט: — הער רייזמאַן, איך אַרבעט דאָ צוזאַמען מיט מיינע חברים, און אויב איר וועט נישט נאָכגעבן זייערע גערעכטע פאָדערונגען, בין איך מיט זיי סאָלידאַריזירט און מיר וועלן ביי אייך נישט אַרבעטן...

און די פריזיר־אַרבעטער האָבן געזיגט, די באַלעבאַטים האָבן געמוזט נאָכגעבן זייערע פאָדערונגען.

אַ צווייטער עפּיזאָד:

מיר גרייטן זיך צו פייערן דעם ערשטן מאַי.

שלום קעניג דאַרף טראָגן די רויטע פאָן און אַרן פּאָלאַק דאַרף האַלטן די מאַי־רעדע אויפן מיטינג.

מיר מאַרשירן און מיר זינגען אַרבעטער- און פרייהייטס-לידער, אָבער ווען מיר קומען צו צום מיצקיעוויטש פּלאַץ, קומען אָן אַ סך פּאָליציאַנטן און מען הייבט אונדז אָן טרייבן און עס צעפלאַקערט זיך אַ קאַמף, די פּאָליציאַנטן זיינען ברוטאַל. זיי כאַפּן קעניגן און ווילן ביי אים אַרויסרייסן די פאָן און ער קעמפט העלדיש און נישט אַכטנדיק וואָס אין די פּאָליצייאישע הענט בלאַנקען שוין אַנטבלויזטע שווערדן, רייסן זיך אין דער מהומה אַריין אַנדערע חברים און מען ראַטעוועט די פאָן פון קעניגס הענט, נאָר אים אַליין האָט מען נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון די פּאָליצייאישע הענט און זיי האָבן אים אָפּגעפירט אין תפיסה.

וועגן אַהרן פּאָלאַק איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז ער איז געווען אַ שניידער-אינגל פון אַן אָרימען הויז, קיין שולן האָט ער נישט באַזוכט, אָבער אין פאַריין האָט ער ארויסגעוויזן אַזאַ חשק צום לערנען און לייענען ביכער, און ער האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר דער אַרבעטער-זאַך, אַז ער איז אינגיכן געוואָרן אַן אָנ-געזעענער רעדנער און זיינע רעדעס זיינען געווען מוסטערהאַפט און ער איז געוואָרן אַ וויכטיקר טוער אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, ביז די פּוילישע „דעפענסיווע פּאָ-ליציי" האָט אים אַרעסטירט און פאַרענדיקט מיט זיין יונג לעבן...

די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך פאַר דער אידישער באַפעלקערונג נאָך פוילנס באַפרייאונג כסדר פאַרערגערט, אָבער די יוגנט האָט זיך נישט געלאָזן אָפּשוואַכן, די פאַריינען האָבן אַקטואירט און די קולטוראַרבעט האָט געבליט און עס האָט זיך אנטוויקלט אַ פיינער דראַמאַטישער קרייז, אונטער דער לייטונג פון פּאַסמאַניק, ער האָט אויפגעפירט די פּיעסע „דער טיגער", מיט משה בילער אין דער הויפּט-ראָלע. דער סאַלאָן פון „די בראַטסטוואָ" איז געווען פול געפּאַקט און דעמאָלט איז גראד גע-ווען אין טאַרנאָפּאָל דער פּראָפעסיאָנעלער אַרטיסט מאַקס באָזשיק מיט זיין טרופּע און זיי זיינען אַרויפגעקומען הינטער די קוליסן און געלויבט אונדזער שפּילן.

מען האָט אויך אויפגעפירט אַנדערע פּיעסן און ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם דעמאָלטיקן לעבן און שטרעבן אין טאַרנאָפּאָל, זע איך אַלץ ווידער פאַר די אויגן און איך שוידער אויף ביים געדאַנק, אַז דאָס אַלץ איז מער נישטאָ, אַז אויסער אַביסל אידן פון טאַרנאָפּאָל, וועלכע האָבן זיך אפשר געראַטעוועט קיין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן די בעסטיאַלע נאַציס נישט איבערגעלאָזן אין טאַרנאָפּאָל מער ק ד ר י י לעבעדיקע אידן!...



# אַ האראדענקער איד האט געקעמפט קעגן די ווייסע גווארדייער

## מיין רואיקע האָראָדענקאָ

פון **מאַקס שפּירער**



איך ווייס נישט, צי מיין געבורט־שטעטל האָראָדענקאָ איז טאַקע געווען אַזאַ רואיק שטעטל, מיר דוכט זיך אַפילו, אַז לויט דער רירעוודיקייט און באַוועגלעכקייט פון מיינע האָראָדענקער לאַנדסלייט, איז ער נישט געווען אַזוי רויִק, אָבער קעגן מיינע שפּעטערדיקע אומרואיקע איבערלעבענישן אין די שווערע און אומרואיקע צייטן פון רעוואָלוציעס און איבערקערענישן, דערשיינט מיין האָראָדענקאָ אין מיין זכרון ווי אַ שטיל אידיליש־רואיק שטעטל.

פונדעסטוועגן, כאָטש מיינע שפּעטערדיקע אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונגען, געדענק איך נאָך גוט מיין האָראָדענקאָ, וואָס איז געווען אַ שיין קרייז־שטעטל מיט אייגענע פּוילישע און רוטענישע גימנאַזיעס.

איך געדענק מיין האָראָדענקאָ, וואָס איז געלעגן אין אַ טאָל צווישן די בערג, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו טערקיי און נישט ווייט פון האָראָדענקאָ איז פאַראַן אַ דאָרף, סעראָפּיניעץ, טראָגן נאָך דאָרט די פּויערים ביז היינטיקן טאָג די רויטע טערקישע מיצלעך מיט די טראָלדזן פון אויבן.

איך געדענק נאָך דעם הויכן באַרג (די „וויסאָקאַ האָראַ"), וואו עס איז אַמאָל פאָרגעקומען דער בלוטיקער קאַמף קעגן די טערקן, ביז מען האָט זיי פאַרטריבן און וואו מיר, קינדער פון האָראָדענקאָ, האָבן ל"ג־בעומר געמאַכט אויספלוגן מיט קרומע הילצערנע שווערדלעך, לויטן טערקישן שטייגער און מיר האָבן אויף דעם הויכן באַרג נאָכגעמאַכט די מלחמה מיט די טערקן...

איך געדענק נאָך ר' משהן, דעם דרדקי־מלמד, מיט דעם ווייסן בערדל און איך געדענק זיין באהעלפער, וועלכער האָט אַליין אויסגעשניצט אַ הילצערנעם פאָרם אויף דריידלעך און די דריידלעך, וואָס ער האָט פאַר אונדז קינדער געגאָסן אויף חנוכה, האָבן אַ חוץ די אותיות נ.ג.ה.ש., וואָס האָט געמיינט „נס גדול היה שם", אויך געהאַט

עכט-קינסטלערישע גראַוויורן, וואָס זיינען באַוואונדערט געוואָרן פון דערוואַקסענע מענטשן.

איך געדענק אויך ר׳ יונהן, דעם הויכן ביינערדיקן גמרא-מלמד, וואָס האָט מיט אַזוי פיל ליבע און האַרציקייט מסביר געווען די שווערע שטעלן, שאַרף באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט, אַז עס זאָל לייכטער אַריינדרינגען אין דעם תלמידס מוח...

איך געדענק די שטיקער פעלדער, וואָס מיין פאָטער, ר׳ יחזקאל שפירער, האָט פאַרמאָגט און די קאַנטור, וואָס מיין טאַטע האָט געהאַט אין האָראָדענקאָ און די מאַשינען, וואָס מיין פאָטער האָט באַצויגן פון עסטרייך און בעהמען; איך געדענק אַפילו מאַנכע פון די מענטשן, אידן פון האָראָדענקאָ און צוגערייזטע, וועלכע האָבן אונדז באַזוכט; איך געדענק אויך מיין פעטער, דעם האָראָדענקער ראש-הקהל ר׳ בערל שפירער, וועלכער איז געווען אַ רייכער גוט-באַזיצער און ער האָט געשמט מיט זיינע מעשים-טובים, אָבער דאָס אַלץ, וואָס איך געדענק פון מיין קינדהייט און יוגנט, איז פאַר מיר עפּעס ווי בילדער פון אַ גאַנץ אַנדערער, וויטער, שוין לאַנג אונטערגע־גאַנגענער וועלט, וואָס איז פאַרבלאַסט געוואָרן קעגן אַ נייער וועלט, וואָס האָט זיך געוואָלט אַרויסהייבן פון אַ בלוטיקן מבול...

## מלחמה! מלחמה! מלחמה!

די אַלטע וועלט פון מיין יוגנט-צייט, איז אַוועק מיט דעם פינצטערן רויך-וואָלקן פון 1914 און פון דעם רויךוואָלקן האָט זיך אַרויסגעהערט דער גרעלער רוף: — „מלחמה!" „מלחמה!"

מען האָט מיך גענומען צום מיליטער פאַרטיידיקן מיין פאָטערלאַנד, און אַלס בחור מיט טעמפּעראַמענט און מיט מוט, האָב איך כסדר באַקומען אַ העכערן טשין, ביז איך בין אַלס פעלדפעבל ארויס אויפן פראָנט און געקעמפט פנים אל פנים מיטן שונא פון אונדזער קאַיזער און קעניג פראַנץ יאָזעף דעם ערשטן.

אַ סך איבערלעבונגען האָב איך געהאַט אויפן פראָנט, אָבער איך בין נישט געווען קיין יחיד, דאָס זעלבע האָבן איבערגעלעבט הונדערטער און טויזנטער אידישע סאָלדאַטן פון אַלע ראַנגן. אין מאָמענט פון געפאַר, פון בלוטיקע קאַמפן, איז נישט געווען קיין חילוק צווישן אידישן און קריסטלעכן סאָלדאַט, אָבער אין דער צייט פון אָפרו, האָט זיך שוין, אויפן פראָנט אַפילו, אָנגעהויבן פילן די מחיצה, וואָס עס האָט אָפּגעטיילט אונדזער מינדערהייט פון דער אַרומיקער מערהייט.

אָבער נישט דאָס בין איך אויסן; איך וויל דאָ בלויז דערמאָנען און פאַרצייכענען ווי אַזוי אַזאַ אידישער בחור פון האָראָדענקאָ ווי איך, האָט זיך איפגעפירט אין דער טרויעריק-בלוטיקער צייט פון די איבערקערענישן אין רוסלאַנד, וואו איך בין זייט 1916 געווען אַלס געפאַנגענער.

## אַ בלוטיק בלעטל אידישע געשיכטע

איך בין זיכער, אַז אידישע שרייבער האָבן אויף אַ גענוגנדיקן אופן פאַרשריבן דאָס בלוטיקע בלעטל געשיכטע פון דער צייט פון די ערשטע איבערקערענישן אין

רוסלאַנד, אָבער איך ווייס נישט, צי האָט עמיץ פאַרצייכנט, אַז אַ גאַליציאַנער בחור איז געווען איינער פון די געוואַגטסטע קעמפער קעגן די פאָגראָם־באַנדעס פון די פעטליורטשיקעס און אַנדערע ווייס־גוואַרדייאישע כוליגאַנעס, וואָס האָבן פאַרטרונקען גרויסע שטרעקעס ערד מיט אידיש בלוט.

עס זיינען, גלויב איך, פאַראַן אין אַרגענטינע טשאָרטקאָווער, זאַלעשטשיקער און אוזשעראַנער לאַנדסלייט, וועלכע וועלן זיך זיכער דערמאָנען יחזקאל שפּירערס יונגסטן זון, וואָס האָט געקעמפט אַלס באָלשעוויק קעגן די ווייס־גוואַרדייער און אַ סך פון מיינע לאַנדסלייט ווייסן אויך פון מיינע אויפטוען צו ראַטעווען אידישע לעבנס פון די מערדערישע הענט.

בעת דער ערשטער רעוואָלוציע, דאָס הייסט די קערענסקי־רעוואָלוציע, האָב איך, כאָטש איך בין בלויז געווען אַ געפאַנגענער עסטרייכער, באַקומען אַן אַמט אין קערענסקיס אַ גענעראַל־שטאַב, אָבער נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, ווען איך האָב געהערט וועגן די ערשטע אַנפאַלן אויף אידן, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן צו די רויט־אַרמייער און אַלס געניטער עסטרייכישער סאָלדאַט, האָט מען מיר באַלד אָנפאַרטרויט אַ ראָטע רויט־אַרמייער, פון וועלכער איך בין געוואָרן דער קאָמענדאַנט.

איך וויל דאָ נישט שילדערן קיין איינצלהייטן. פאַר איינצלהייטן וואָלט נויטיק געווען אָנצושרייבן אַ גאַנצן בוך. איך וויל דאָ נאָר דערמאָנען און פאַרצייכענען, אַז אַלס קאָמענדאַנט פון דער ראָטע רויט־אַרמייער, האָב איך אָנגעפירט אַ טויט־קאַמף קעגן די פעטליורצעס, איך האָב אויסגעראָטן אַ סך ווייס־גוואַרדייער, וואָס האָבן דורכגעפירט די שחיטות אין פּראָסקוראָוו און זשיטאָמיר; איך האָב אין אַלט־ריגע און ניי־ריגע געראַטעוועט אַ היפּשע צאָל אידן און צווישן זיי — אַ רב, וועלכע זיינען שוין געהאַט געשטאַנען ביי אַ וואַנט און געוואַרט, אַז די בעסטיעס זאָלן זיי אויסשיסן . . .

אין בערדיטשעוו איז מיר אויסגעקומען צו קעמפן קעגן אַ באַנדע פון מאַכנאָװ און אין ריגע — קעגן דער דעמאָלט באַרימטער דייטשער „אייזערנער דיוויזיע” און כאָטש נישט געווען גענוג געפלעגט און נאָך ערגער געקליידעט, אַ סך כמעט אין צעריסענע ציוויל־קליידער, האָבן מיינע בראַווע רויט־אַרמייער געקעמפט מיט אויסערגעוויינלעכן מסירת נפש, וואָס האָט כסדר געשטאַרקט מיין מוט, צו וואַרפן זיך אין די געפערלעכסטע אַטאַקעס.

דער האָראָדענקער אידישער בחור מאַקס שפּירער האָט אַזוי געקעמפט אַלס קאָמענדאַנט פון אַ ראָטע רויט־אַרמייער, ביז 1921, ווען איך בין קראַנק געוואָרן און עס איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ בענקשאַפט צו זען מיינע עלטערן, מיין פאַמיליע, מיין היים, צו וויסן וואָס פון זיי איז געוואָרן נאָך דער גרויסער וועלט־מלחמה.

## געקומען און אַנטלאָפן

איך האָב באַקומען מיין באַפרייאונגס־שיין און בין אַריבער די גרענעץ צו מיין היים, וואָס איז שוין געווען פוילן, און וואַנדערנדיק צווישן די חרובע הייזער פון מיין אַמאָליקן האָראָדענקאָ, בין איך ענדלעך שפּעט אין דער נאַכט אַריינגעקומען אין הויז פון מיין פאָטער.

איך האָב אָבער דאָרט לאַנג נישט געקאָנט פאַרבלײַבן, ווײַל באַלד האָט זיך גע־יאַוועט די זשאַנדאַרמעריע און, נאָך אײדער איך האָב זיך באַוויזן אָנצופרייען מיט מײַן פאַמיליע און עפּעס איבערדײַדן מיט זײ, האָב איך געמוזט אַרויסשפּרינגען דורך אַ פענצטער און ווידער זיך שלײַכן צווישן די האַלב־ און גאַנץ־חרובע הײַזער, ביז איך בין אַרויס פון שטאָט און שפּעטער געשוואַרצט די גרענעץ און — אַוועק קיין דײַטשלאַנד.

וואָס ווײַטער איז געווען אין פּוילן, האָב איך זיך שוין דערוואוסט דורך בריוו און פון די צײַטונגען, און מײַנע ווײַטערדיקע איבערלעבענישן ביז איך בין פון דײַטש־לאַנד געקומען קיין אַרגענטינע און אַזוי אַרום געראַטעוועט זיך פון אומקום, דאָס איז שוין אַ באַקאַנטער קאַפּיטל געשיכטע, אַ קאַפּיטל, וועלכן אַ סך אידן האָבן איבערגעלעבט.



## די איצטיקע קאָמיסיאָן 1945 - 46



(זיצנדיק, ערשטע ריי): סאָלאָמאָן קוועלער — סעקרעטאַר ; סימאָן אורמאַן — וויצע־פּרעזידענט; סימאָן טויבענ־פעלד — וויצע־פּרעזידענט; אַדאָלפאָ רובעל — גענעראַל־ סעקרעטאַר; מענדל גאָטליב — פּרעזידענט; מאַקסימאָ קופּפערשמידט — קאַסיר; ענריקע קאַמערמאַן; (שטייענדיק, ערשטע ריי): שבתי אינגער, הילדאַ סעגאַל, הערמאַן גרין, יוסף שעכטער, אברהם פיש, אברהם זשאָלקאָווער, אַרטוראָ וועקסלער, אברהם קירשנבוים, א. מאַרגוליעס, יוסף האַלפּערן און איזידאָראָ שנייער. (צווייטע ריי, שטייענדיק): קלמן האָפמאַן, בצלאל צאָרנבערג (אַקטן־סעקרעטאַר), פראַנציסקאָ אונגאַר, יוסף קאָרנהייזער, משה מאַלאַווער, מאַקס שפּירער (פּראָ־קאַסיר).

# צוואַנציק יאָר גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע

מיט צוואַנציק יאָר צוריק, האָבן אַ גרופּע אימיגראַנטן וואָס שטאַמען פון גאַליציע, זיך אָרגאַניזירט און געשאַפן אַ פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידן אין בוענאָס איירעס.

דער פאַרבאַנד איז געשאַפן געוואָרן — נישט כדי זיך צו קענען אָפּזונדערן פון אַרומיקן אידישן לעבן, נאָר — אַלס קאָנסעקווענץ פון הומאַניטאַרע נויטווענדיקייטן; צוליב דעם מיטגעפיל צו די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן פון גאַליציע, וועלכע האָבן זיך דאָ די ערשטע צייט, אָן דער שפּראַך און אָן קרובים, לאָגישערהייז געמוזט פילן עלנט און דער פאַרבאַנד איז געוואָרן דאָס פלאַץ, וואו זיי האָבן זיך געקאָנט אויסלעבן אין אַ נאָענטער סביבה פון אייגענע לאַנדסלייט און וואו זיי האָבן געקאָנט באַקומען די הילף, צו קענען שטעלן די ערשטע טריט און ווערן נוצלעכע מיטבירגער אין דער נייער היים, וואָס האָט זיי אַזוי פריינטלעך אויפגענומען.

דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט געווירקט, אַז דער ניי־אָנגעקומענער לאַנדסמאַן האָט זיך באַלד נאָך זיין אָנקומען אַהער, אָנגעהויבן פילן גוט אויף אַרגענטינער באָדן, וואו ער קאָן פריי פאָרזעצן מיט זיינע גייסטיקע קולטור־שטרעבונגען; דאָס האָט אים געגעבן מוט און אויסדויער אין זיין קאַמף פאַר עקאָנאָמישער עקזיסטענץ און אַזוי האָבן אונדזערע לאַנדסלייט נאָך יאָרן לאַנגער מי און שווערער האָרעוואַניע, זיך איינגעבירגערט, און דערוואָרבן פּאָזיציעס אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן און גייסטיקן לעבן, מיטהעלפנדיק גלייכצייטיק מיט זייער מי צו דער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

אַלע בלעטער פון „פּנקס" ביז אַהער, זיינען געווידמעט צום הייליקן אָנדענק נאָך די אַלטע היימען און די הונדערטער טויזנטער ברידער און שוועסטער אונדזערע, וואָס זיינען דאָרט אומגעקומען אויף קידוש השם און אויך די ווייטערדיקע עמודים וועלן קומען באַריכטן, וועגן די פאַרשידנאַרטיקע טעטיקייטן, וואָס דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט אין משך פון זיינע צוואַנציק יאָר עקזיסטענץ דורכגעפירט.

נוצן מיר דאָ אויס די געלעגנהייט פון אונדזער יובילוי-פייערונג לכבוד דעם צוואַנציקסטן אַניווערסאַר זייט דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, צו באַגריסן און אויסדריקן אונדזער דאַנקבאַרקייט דער שיינער און פרייער אַרגענטינע, די אַלע רעגירונגס-באַהערדן, וועלכע האָבן אונדז דאָ אַזוי פריינטלעך אויפגענומען און די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, וואָס אַדאַנק איר גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע אַרבעטזאַמע מענטשן, האָבן מיר דאָ אויסגעבויט אונדזערע געצעלטן און מיר לעבן און שטרעבן און העלפן אַנטוויקלען די גלאָרייכע אַרגענטינע צום עקאָנאָמישן און גייסטיקן גרויסן אָנזען פאַר דער גאַנצער וועלט!

צו דער יובילוי-פייערונג פון צוואַנציק יאָר גאַליציאַנער פאַרבאַנד, האלטן מיר פאַר אונדזער חוב אויך צו באַגריסן און אויסצודריקן אונדזער דאַנקבאַרקייט צום געדרוקטן אידישן וואָרט, צו די צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס האָבן אין משך פון די צוואַנציק יאָר געשענקט אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט צו דער אַקטואַציע פון אונדזער פאַרבאַנד און מיר דריקן אויך אויס אונדזער דאַנקבאַרקייט צו די אַלע פרעזידענטן און קאָמיסיאָנען, וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן פאַרבאַנד אין משך פון די אַלע יאָרן זייט זיין גרינדונג און אונדזער וואַרימסטן דאַנק, אויך פאַר די אַלע לעקטאָרן, קאָנפערענציסטן און קולטור-טוער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט ביי די קולטור-אַקטן פון פאַרבאַנד מיט זייער גייסטיק און דערהויבנדיק וואָרט, וואָס האָט געקרעפטיקט די קאָמיסיאָנען און געגעבן פרעסטיזש און אַ זין פאַר דער אַקטואַציע פון פאַרבאַנד אין משך פון די צוואַנציק יאָר.

און איצט, מיט פרישן מוט פאַר ווייטערדיקער פרעסטיזשפולער אַרבעט, פראַווען מיר דעם יובילוי פון די ערשטע צוואַנציק יאָר עקזיסטענץ פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע!

**מ. גאָטליב**



# מיינע צוויי יאָר טעטיקייט

ווייל דער „פנקס" האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין מיין פּעריאָד, האַלט איך פאַר מיין חוב, כאָטש אויבנאויפיק צו געבן אַן איבערבליק וועגן די צוויי יאָר טעטיקייט אין פאַרבאַנד, אונטער מיין פּרעזידענץ.

אָבער איידער איך נעם באַריכטן וועגן מיין פּעריאָדע, מוז איך אונטערשטרייכן, אַז מען טאָר נישט פאַרגלייכן די אַרבעטס־טעטיקייט פון פאַרבאַנד אין משך פון די לעצטע יאָרן, מיט די אָנהויב־יאָרן נאָך דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, ווייל די צייט, האָט געצוואונגען זיך צוצו־פּאַסן צו איר און די טעטיקייט מוז געשאַצט ווערן לויט די באַדינגונגען.

אוודאי האָט מען אין די לעצטע יאָרן נישט געלייסטעט אַזוי פיל פאַר ניי־אָנגעקומענע לאַנדסלייט, ווייל אַזעלכע זיינען פשוט נישט געווען און אויך די קולטור־אַרבעט האָט זיך געמוזט באַשרענקען נאָר צו דאָס מעגלעכע און איך קאָן מיט פולער אחריות זאָגן, אַז דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט געטריי דערפילט אַלע אויפגאַבן אויף זיינע פאַרשידענע געביטן פון געזעלשאַפטלעכקייט, קעגנזייטיקער הילף און קולטור־טעטיקייט.

:: :: ::

איבערגענומען דעם פּרעזידענטן־אַמט פון פאַרבאַנד, האָב איך פון הער ערליך.

איך האָב אַלע איינאָרדענונגען, חשבונות און אָנגעהויבענע אַרבעטן געפונען אין אָרדע־נונג און איך האָב זיך באַמיט פאָרצוזעצן מיט דער אַרבעט און אַקטיווער מאַכן די יעניקע אַרבעטס־צווייגן, וואָס זיינען צוליב פאַרשידענע טעמים געווען אָפּגעשוואַכט.

מיר האָבן פאָרגעזעצט מיט צוטיילן הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער און אַפילו אויך פאַר לאַנדסלייט, וואָס זיינען נישט געווען קיין מיטגלידער און איך קאָן זאָגן מיט שטאָלץ, אַז קיין איין ביטע צום פאַרבאַנד, אַבי זי איז געווען אַ באַרעכטיקטע, איז נישט צוריקגעוויזן געוואָרן, נאָר מען האָט געלייסטעט פרייגעביק נישט נאָר לויט די מעגלעכקייטן, נאָר אַ סך מאָל ווייט איבער די מעגלעכקייטן.

אין משך פון די צוויי יאָר פון מיין פּעריאָד, איז דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד כסדר געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אַלע אידישע געזעלשאַפטלעכע, פילאַנטראָפּישע און קולטור־אינסטיטוציעס און יעדע ווענדונג פון די דערמאָנטע צו אונדזער פאַרבאַנד, איז ווי געהעריק באַענטפערט געוואָרן אין פּאָזיטיוון זין.

כדי צו קאָנען פאַרגרעסערן די מעגלעכקייטן פאַר הילפס־לייסטונג, האָבן מיר, איך מיט מיין קאָמיסיאָן, געמוזט ווערן אַקטיוו אין דער ווערבירונג פון נייע מיטגלידער, וואָס דאָס האָט זיך אונדז אין ערשטן יאָר איינגעגעבן, פאַרגרעסערנדיק אונדזער צאָל מיט הונדערט נייע אָנגעשלאָסענע און אין צווייטן יאָר, האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו פאַרגרעסערן די צאָל מיט נאָך הונדערט נייע מיטגלידער, וואָס דאָס מיינט נישט בלויז די פאַרגרעסערונג פון די

סטאַבילע חודש־הכנסות, נאָר פיל מער, דאָס צובאַקומען נייע אַקטיוויסטן פאַרן פאַרבאַנד, וועלכע באַרייכערן די אַרבעטס־מעגלעכקייטן אויף אַלע געביטן פון אונדזערע פאַרבאַנדס־צילן און אויפגאַבן.

שוין אין ערשטן יאָר, אין פעריאָד 1943-44 ,מיטן צוקומען פון די הונדערט נייע מיט־גלידער, האָט זיך געשאַפן אַ בעסערער מוט צו דער אַרבעט און די אונטערנעמונגען האָבן געגעבן פיינע רעזולטאַטן און אונדזער פאַרבאַנד האָט זיך אי באַשטייערט פאַר אַנדערע אינס־טיטוציעס און אַנשטאַלטן און אי באַדייטנד פאַרגרעסערט די שטיצעס פון שנעלער הילף בעת נויט־פאַלן און צום צווייטן יאָר איז די אַרבעט נאָך מער אויסגעברייטערט געוואָרן.

כדי צו אילוסטרירן אונדזער טעטיקייט אין משך פון פעריאָד 1943-45, וואָלט געגוג געווען צו ברענגען די ציפערן מיט וויפיל אונדזער פאַרבאַנד האָט זיך באַשטייערט פאַר אַנדערע אינסטיטוציעס און וויפיל ער האָט אַרויסגעגעבן הילף אין פאָרם פון שטיצעס און סובסידיעס, וואָס צונויפרעכענענדיק די סומעס, מאַכט עס אויס עטלעכע הונדערט פעזע מאָנאַטלעך. אַ חוץ די לויפנדיקע הוצאות.

:: :: ::

מיר דאַרפן געדענקען, אַז דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד, איז חוץ אַ הילפס־אינסטיטוציע פאַר לאַנדסלייט, אויך אַ קולטור־אינסטיטוציע און עס מוז דערמאָנט ווערן, אַז טראָץ פאַר־שידענע שוועריקייטן, וואָס זיינען נישט געווען אָפּהענגיק פון אונדז, האָבן מיר דורכגעפירט אַ גאַנצע רייע אַקטן און חברלעכע צוזאַמענקונפטן, אויף וועלכע מען האָט געהערט באַלערנ־דיקע און דערהויבנדיקע ווערטער פון קאָנפערענציסטן און אונדזער ביבליאָטעק, וועלכע קאָן זיך מיט איר צאָל ביכער זיכער ציילן צווישן אונדזערע גרעסטע, האָט כסדר אַקטואירט, אַדאַנק דער איבערגעגעבענער טעטיקייט פון אונדזער ביבליאָטעקאַרן, פריילן הילדע סעגאַל.

אונדזערע שטרעבונגען, צו געווינען אונדזער יוגנט און וועקן אין איר ליבע צום פאַר־באַנד און זיינע טעטיקייטן, האָבן אונדז באַוואויגן נישט צו באַנוגענען זיך מיט די אינער־לעכע קולטור־אַרבעטן, נאָר מיר האָבן אויך געזוכט נאָכצוקומען די וואונטשן פון אַט דער יוגנט און מיר האָבן צוליב דעם צוועק געזאָרגט, אַז דער פאַרבאַנד זאָל אויפן זומער האָבן אַן אייגענעם קאַמפּינג, וואו די יוגנט זאָל זיך אין אונדזער סביבה קאָנען אויסלעבן אויף איר אייגענעם שטייגער און גלייכצייטיק נישט אָפּגעפרעמדט ווערן פון אונדז; און כאָטש עס זיינען געווען מאַנכע מיטגלידער, וועלכע האָבן קריטיקירט דעם סיסטעם פון אונדזער אַר־בעט, ייי האָבן שוין פריוואַט בעסערע מעגלעכקייטן, האָבן זיי געוואָלט עפּעס אַזאַ מין אָפּרו־פּלאַץ אויפן זומער, וואָס זאָל כאָטש זיין ענלעך צו אַ ראַמבלע פון מאַר דעל פּלאַטאַ, נישט באַרעכענענדיק, אַז אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אינסטיטוציע, מוז אָנגיין מיט איר אַרבעט לויט די מעגלעכקייטן. אָבער די אַלע קריטיקן זיינען געדעקט געוואָרן פון דעם פּאָזיטיוון אויפטו גופא, וואָס האָט דעם פאַרבאַנד געגעבן פרעסטיזש און פולע מאָראַלישע סאַטיספאַק־ציע פאַר אונדזער קאָמיסיאָן און פאַר די אַלע אַקטיוויסטן אונדזערע, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער צייט און מי לטובת אונדזער פאַרבאַנד.

:: :: ::

עס זיינען געווען צייטן אין פאַרבאַנד, פונקט ווי אַזעלכע צייטן זיינען אויך געווען אין אַנדערע אינסטיטוציעס, אַז ווען אַ קאָמיסיאָן האָט פאַרענדיקט איר פעריאָד, האָבן די קאָ־מיסיאָנס־מיטגלידער, נאָכן איבערגעבן זייערע אַמטן, אויפגעגעבן אויך זייער טעטיקייט און אַקטיוויטעט.

**די קאָמיסיאָן פון יאָר 45־1943**



(ערשטע ריי, זיצנדיק): הערמאַן גרין, אַרטוראָ ווועקסלער — סעקרעטאַר; אַדאָלפאָ רובעל — וויצע־פּרעזידענט; סאַלאָמאָן קוועלער — פּרעזידענט; סאַמועל פוקס — קאַסיר; וואָלף אַבערבאַך. (שטייענדיק): יאָנאַס רייז, פראַנציסקאָ אונגאַר, יוסף שעכטער, קלמן האָפמאַן, הילדאַ סעגאַל, אברהם אָפּטאָוויצער, יונה מעצגער, אברהם קירשנבוים און משה גלאַזער. (מאַקס שיקלער, וויצע־פּרעזידענט, אָפוועזנדיק).

עס מאַכט זיך אויך, אַז קאָמיסיאָנען אינטערעסירן זיך אַזוי לאַנג פאַר דער אינסטיטוציע, ווי לאַנג זיי שטייען ביים רודער און זיי זאָרגן זיך אַבסאָלוט נישט וועגן דעם וואָס עס וועט זיין ווייטער, ווייל וועגן דעם, האַלטן זיי, זאָל שוין די נייע קאָמיסיאָן זאָרגן.

לעבן מיר אָבער היינט אין אַ צייט, ווען אַזעלכע האַנדלונגען זיינען נישט דערלאָזבאַר

מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז אונדזער פאַרבאַנד שטייט פאַר גרויסע אויפגאַבן, וועלכע ער וועט מוזן דערפילן. די וויכטיקסטע אויפגאַבע, וואָס איז געווען פאָרצוזען, איז די הילף, וואָס אונדזער פאַרבאַנד וועט דאַרפן לייסטן לטובת די לעבנגעבליבענע אידן אין אונדזערע אַלטע היימען, און שוין צוליב דעם, האָבן מיר געוואוסט, אַז מיר דאַרפן בלויז איבערגעבן ביי דער נאָענטער פאַרזאַמלונג אונדזערע אַמטן, אָבער נישט אונדזער טעטיקייט.

מיר זיינען געווען דורכגענומען מיטן באַוואוסטזיין, אַז נישט נאָר וואָס מיר דאַרפן זאָרגן פאַר אַ פאַסיקער קאָמיסיאָן, וואָס זאָל אין דער נאָענטער צוקונפט קאָנען שטיין אויף דער געהעריקער הויך פון אירע אויפגאַבן, נאָר אַז מיר מוזן אויך אויף ווייטער זיין אַקטיווע מיטאַרבעטער און העלפן דער קאָמיסיאָן אין דער דערפילונג פון אירע גרויסע אויפגאַבן.

און נישט נאָר וואָס שייך דעם קאַמפּיין פאַר הילף צו אונדזערע לעבנגעבליבענע ברידער און שוועסטער אין די אַלטע היימען, וואָס דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון די אומגעקומענע קדושים מאָנט ביי אונדז, נאָר אויך פאַר דער פאָרזעצונג פון אונדזער שיינער אַרבעט דאָ אויפן פּלאַץ, בלייבן מיר ווייטער אַקטיוו און מיר זיינען גרייט מיטצואַרבעטן פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון אונדזער פאַרבאַנד.

זיכער איז דאָס צוקומען פון הונדערטער נייע מיטגלידער וויכטיק פאַר אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט, אָבער פּונקט אַזוי ווערט וויכטיק דאָס צוגרייטן אַ פּאַסיקע וואוינונג פאַרן פאַרבאַנד, וואָס האָט שוין אַזאַ צאָל מיטגלידער און ביי אַן אַלגעמיינעם גוטן ווילן, וועט דאָס נישט זיין אַזוי שווער דורכצופירן, און די איצטיקע קאָמיסיאָן, מיט אייערער אַלעמענס הילף, וועט עס זיכער דורכפירן.

מיר מוזן אויך געדענקען אָן אונדזער יוגנט, מיט וועלכער מיר קאָנען דערווייל שטאָלצירן, אַז זי איז דאָ די איינציקע, וואָס האַלט זיך נאָך אין דער סביבה פון די עלטערן און מיר מוזן מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען, זי צו דערהאַלטן, כדי זי ווייטער צו דערציען אין דעם גייסט פון אונדזער אידישער קולטור.

די אויפגאַבן, וואָס שטייען איצט פאָר אונדזער פאַרבאַנד, זיינען אַזעלכע הייליקע און אַזעלכע שיינע, אַז יעדער מיטגליד איז פאַרפליכטעט מיטצוהעלפן צו זייער דערפילונג, ווייל דער פּרעסטיזש און אָנערקענונג פאַר שיינע אַקטיוויטעטן פון אַן אינסטיטוציע, פאַלט נישט בלויז אויף די באַטרעפנדיקע קאָמיסיאָנען, וואָס פירן זיי דורך, נאָר פאַר דעם ג א נ צ ן פאַרבאַנד, פאַר אַלע מיטגלידער, וואָס דאָס מיינט אויך פאַר י ע ד ן מ י ט ג ל י ד ב אַ ז ו נ ד ע ר.

ש. קוועלער.

# אונדזער קרעדיט קאסע

**CAJA DE CREDITO "CONGRESO"**

SOC. COOP. LTDA.

Autcrizada por el Sup. Gob. de la Nación

אין די באריכטן וועגן צוואנציק יאר טעטיקייט פון גאליציאנער פארבאנד, ווערן געגוג אונטערגעשטראכן די צילן און אויפגאבן פון קעגנזייטיקער הילף, וואס דער פארבאנד האט זיך געשטעלט באלד ביי זיין גרינדונג.

עס איז אבער כדאי זיך אפצושטעלן און באהאנדלען אביסל ברייטער די לייסטונגען אויף דעם וויכטיקן געביט פון פארבאנדס־טעטיקייט און די אנטוויקלונג פון זעלבן.

## פון שטיצעס צו קאנסטרוקטיווער הילף

אנגעהויבן האט זיך די הילפס־לייסטונג כמעט גלייכצייטיק מיט דער גרינדונג פון פארבאנד.

עלנטע אימיגראנטן זיינען געקומען נאך מאטעריעלער הילף און ווי באשרענקט עס זיינען געוועזן די מיטלען און מעגלעכקייטן, האט דער פארבאנד זיך דאך באמיט אנטקעגנצוקומען יעדן נויט־רוף, העלפנדיק די נויטבאדערפטיקע מיט עטלעכע פעזעס אויף ברויט און א נאכט־לעגער.

אביסל שפעטער, ווי נאר דער פארבאנד האט מער־ווייניק באפעסטיקט זיין עקזיסטענץ, האט ער שוין מער געלייסטעט, „אויסבארגנדיק" עטלעכע צענדליק פעזעס אויף צו דינגען א דירה און אפט אויך — אויף צו קויפן אן ערשט פעקל סחורה, מיט וועלכן דער אימיגראנט האט געקאנט אנהויבן האנדלען אין גאס.

מיר שטעלן דאס ווארט „אויסבארגן" אין גענזנפיסלעך, ווייל בלויז אין זעלטענע פאלן האט דער פארבאנד צוריקגעזען דאס אויסגעבארגטע געלט, אבער דאס איז פארט שוין געוועזן דער אנהויב־וועג צו קאנסטרוקטיווער הילפס־לייסטונג.

עטלעכע יאר איז דער פארבאנד אזוי אנגעגאנגען מיט דער הילפס־טעטיקייט פון געבן איינמאליקע שטיצעס אדער די אזוי גערופענע הלוואות אויף א דירה אדער אויף א פעקל סחורה, סומעס וואס האבן אין זעלטענע פאלן באטראפן מער פון הונדערט פעזעס; אבער די סומעס האבן א סך פון די, וואס האבן זיי באקומען, געשטעלט אויף די פיס און א טייל

פֿון די דאָזיקע אַמאָליקע נויטבאַדערפֿטיקע האָבן זיך אַדאַנק די דאָזיקע קליינע הלוואות איינגעאָרדנט און באַוויזן זיך אַרויפֿצואַרבעטן און ווערן רייכע און אָנגעזעענע סוחרים און פֿאַבריקאַנטן.

אין דער צייט, ווען דער גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד האָט געפּראַוועט זיין צען־יאָריקן יובילײ, האָבן זיך שוין אין ב. איירעס געמערט פֿאַרשידענע קרעדיט־בענק, אָבער עס זיינען נאָך געווען גענוג לאַנדסלייט, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קויפֿן אַקציעס צו הונדערט פּעזאָס און דערנאָך ערשט זוכן אַ פּאַסיקע גאַראַנטיע כדי צו באַקומען אַ הלוואה אוּן די הילפֿס־טעטיקייט פֿון פֿאַרבאַנד האָט ווייטער געמוזט אָנהאַלטן און עס זיינען געווען פֿעריאָדן, ווען די אָנפֿירער פֿון פֿאַרבאַנד האָבן אויף זייערע פּערזענלעכע גאַראַנטיעס אַרויסגענומען הלוואות פֿון אַנדערע בענק, כדי צו קאָנען נאָכקומען די בקשות פֿון מיטגלידער, וועלכע האָבן ערגעץ אַנדערש נישט געקאָנט באַקומען דעם נויטיקן קרעדיט.

ליידער האָט אין די אַמאָליקע קאָמיסיאָנען געפֿעלט די איניציאַטיוו, וואָס זאָל זיך שטעלן די ספּעציעלע אויפֿגאַבע אויסצוברייטערן און פֿאַרפֿילפֿאַכן די מעגלעכקייטן פֿון דער קרעדיט־אָפּטיילונג ביים פֿאַרבאַנד און זי איז אַזוי געבליבן אין צושטאַנד פֿון אַן אָרימער גמילת־חסדים־קאַסע, וואָס איז פּאַראַליזירט צו שווערער אָנשטרענגונג ביי יעדער הלוואה, וואָס זי דאַרף אַרויסגעבן.

ערשט אין יאָר 1940 האָבן עטלעכע מיטגלידער געוואָגט אַרויפֿצוברענגען אויפֿן סדר־היום די נויטווענדיקייט פֿון אַן אויסברייטערונג פֿון ד ע ם טעטיקייטס־געביט, אָבער די עטלעכע האָבן נישט געפֿונען די מעגלעכקייטן פֿאַר דער רעאַליזירונג פֿון זייערע פּלענער און אַזוי איז עס געבליבן ביז 1942.

## אַ נייע איניציאַטיווע, וואָס גיט רעזולטאַטן

דאָס איז געווען דעם 15־טן יוני 1942, ווען די פֿאַרבאַנדס מיטגלידער סעגיסמונדאָ (שבתי) אינגער, סימאָן אורמאַן, סאַלאָמאָן קוועלער, אַדאָלפֿאָ רובעל און מענדל גאָטליב, זיינען זיך צונויפֿגעקומען אויף אַ ספּעציעלער באַראַטונג וועגן דער אויסברייטערונג און אַנטוויקלונג פֿון דער קרעדיט־אָפּטיילונג ביים גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד.

יעדער פֿון די פֿינף איניציאַטאָרן איז געווען דורכגעדרונגען נישט נאָר מיט דעם פּלאַטאָנישן וואונטש פֿאַר אַ זאַך, וואָס ד אַ ר ף קומען, נאָר מיט דעם פֿעסטן ווילן די זאַך דורכצופֿירן, אַז די קרעדיט־לייסטונג פֿון פֿאַרבאַנד זאָל אַרויס אויף אַ ברייטערן שליאַך.

גישט מיט איין זיצונג האָבן די איניציאַטאָרן באַוויזן זייערע פּלענער צו רעאַליזירן; עס האָט זיך דערצו געפֿאָדערט אַ סך מי און אָנשטרענגונג און אויך גרעסערע קאַפּיטאַלן, אָבער די איניציאַטאָרן האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט אינדערמיט אַרבעט און נאָך 6 חדשים, דאָס איז געווען דעם 16־טן דעצעמבער פֿון 1942, איז די אַרבעט געקרוינט געוואָרן מיט דערפֿאָלג. די גרופּע איניציאַטאָרן האָבן ענדלעך באַקומען די אויטאָריזאַציע פֿון די געהעריקע רעגירונגס־באַהערדן צו דערעפֿענען אַ באַנק אונטערן נאָמען:

## קאַבאַ דע קרעדיטאָ „קאָנגרעסאָ"

סאָסיעדאַד קאָאָפּער. לימיטאַדאַ. אויטאָריזירט פֿון די הויכע רעגירונגס־באַהערדן פֿון לאַנד.

אַזוי איז דער פּלאַן פֿון דער איניציאַטיווע געוואָרן אַ פֿאַקט.

די סטאַטוטן פֿאַר דער קרעדיט־קאַסע זיינען געווען לעגאַליזירט און עס האָט זיך באַלד

**דער אַקטועלער דירעקטאָריום פון קרעדיט־באַנק ביים פאַרבאַנד**



(זיצנדיק, פון רעכטס צו לינקס): שבתי אינגער, סימאָן אורמאַן, מענדל גאָטליב (פרעזידענט), סאָלאָמאָן קוועלער, סימאָן טויבענפעלד, אדאָלפאָ רובעל און מאַקסימאָ קופּ פערשמידט. (שטייענדיק, פון רעכטס צו לינקס): אברהם זשאָלקאָווער, חיים מיראָטשניק, וואָלף שפרינצער, יוסף שעכטער, משה מאלאווער, אברהם קירשנבוים, אברהם פיש, מאַקס שפירער און יוסף קאָרנהייזער.

קאָנסטיטואירט דער ערשטער דירעקטאָריום, וועלכער איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדיקע פאַר־באַנדס־מיטגלידער:

פּרעזידענט — מענדל גאָטליב; וויצע־פּרעזידענט — כאַסע צוקערבערג; סעקרעטאַר — סימאָן אורמאַן; פּראָ־סעקרעטאַר — אָסקאַר שוואַב; קאַסיר — סעגיסמונדאָ אינגער; פּראָ־קאַסיר — סאַלאָמאָן קוועלער; אַקטן־סעקרעטאַר — כאַסע מ. האַלפּערן; וואָקאַלן: משה גלאַ־זער, מאַרקאָס גאָטדענקער, לעאָן ערליך, אָסקאַר לעאָן זאַוער, סאַמועל פּוקס און אַדאָלפאָ רובעל; סינדיקאָ — כאַסע שעכטער.

באַשטייענדיק פון פערזאָנען מיט אָנגעזעענעם מאַטעריעלן און מאָראַלישן פּרעסטיזש, האָט דער דירעקטאָריאום געוויזן דעם ערשטן ביישפּיל פון קויפן גרעסערע צאָלן אַקציעס און צו ווערבירן אַקציאָנערן (צו 25 $ אַן אַקציע) און די זעלבע לייַ־קאַסע, וואָס האָט ביז צו דעם פּעריאָד קיינמאָל נישט געהאַט קיין גרייטן קאַפּיטאַל, האָט שוין, נאָך איין יאָר עקזיסטענץ, באַוויזן צו דערגרייכן פאָלגנדיקן באַלאַנס:

## באַלאַנס פון 31-טן דעצעמבער 1943:

| | |
|---|---|
| Acciones . . . . . . . . . . . . . . . . . . | $ 9.450.— |
| Documentos a Cobrar . . . . . . . . | „ 24.664.— |
| Fondo Prev. de Socios . . . . . . . . | „ 11.066.— |
| Caja y Bancos . . . . . . . . . . . . . . | „ 1.038.— |
| Utilidades . . . . . . . . . . . . . . . . . | „ 241.— |

אויפן צווייטן יאָר איז דער באַטרעף פון די פאַרקויפטע אַקציעס געשטיגן מיט זיבן טויזנט פּעזעס און די דאָקומענטן צום איינקאַסירן האָבן שוין באַטראָפן מיט גאַנצע צוויי און דרייסיק טויזנט פּעזעס מער פון פריערדיקן יאָר, ווי עס באַווייזט פאָלגנדיקער

## באַלאַנס פון 31-טן דעצעמבער 1944:

| | |
|---|---|
| Acciones . . . . . . . . . . . . . . . . . . | $ 16.400.— |
| Documentos a Cobrar . . . . . . . . | „ 58.296.— |
| Fondo Prev. de Socios . . . . . . . . | „ 28.226.— |
| Caja y Bancos . . . . . . . . . . . . . . | „ 1.427.— |
| Utilidades . . . . . . . . . . . . . . . . . | „ 1.164.— |

און ווידער איז אַ יאָר פאַרגאַנגען, די טעטיקייט פון דער קרעדיט־קאַסע האָט זיך אַנט־וויקלט און אויסגעברייטערט און נישט נאָר די צאָל פון פאַרקויפטע אַקציעס איז אַ סך גע־שטיגן, נאָר אויך די שפּאָר־קאַסע האָט באַקומען אָנגעטרויט פיל גרעסערע געלטער, ווי עס באַווייזט בולט דער לעצטער

## באַלאַנס פון 31-טן דעצעמבער 1945:

| | |
|---|---|
| Acciones . . . . . . . . . . . . . . . . . . | $ 23.375.— |
| Documentos a Cobrar . . . . . . . . | „ 77.079 |

| | | |
|---|---|---|
| Fondo Prev. de Socios . . . . . . . . | $ | 43.192.— |
| Caja y Bancos . . . . . . . . . . . . | „ | 4.660.— |
| Uilidades . . . . . . . . . . . . . . . | „ | 2.500.— |

די אָנגעגעבענע ציפערן און דאַטן זיינען נישט נאָר אַ באַווייז פון אינטענסיווער טעטיקייט פון די אָנפירער, נאָר אויך אַ באַווייז פון נויטווענדיקייט פון דער אויסברייטערונג פון קרעדיט־באַנק ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד, כדי ער זאָל קאָנען נאָכקומען די פאָדערונגען פון דער וויי̆ניקער באַמיטלטער מיטגלידערשאַפט.

נעמענדיק אין אַכט די אנטוויקלונג פון דער קרעדיט־קאַסע אין משך פון די ערשטע דריי יאָר עקזיסטענץ, און באַטראַכטנדיק די אינטענסיווע טעטיקייט פון אַקטועלן דירעקטאָריום און זיינע באַמיאונגען צו ווערבירן נייע אַקציאָנערן און דעפּאָזיטאַנטן, איז פאָרויסצוזען, אַז די קרעדיט־קאַסע „קאָנגרעסאָ" ביים פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידן, וועט קאָנען אין משך פון די אַנדערע דריי יאָר עקזיסטענץ, פילפאַך פאַרגרעסערט ווערן און אויסברייטערן איר טעטיקייט.

עס איז נאָר צו ווינטשן, אַז וואָס מער באַמיטלטע גאַליציאַנער לאַנדסלייט זאָלן פאַרשטיין זייער חוב און ווערן אַקציאָנערן און דעפּאָזיטאַנטן, כדי דעם וואוקס און אנטוויקלונגסגאַנג צוצוגעבן אַ שנעלערן טעמפּאָ, פאַרן פּרעסטיזש פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד און זיין קרעדיט־קאַסע, וואָס דאָס מיינט אויך אַ פּרעסטיזש פאַר יעדן גאַליציאַנער לאַנדסמאַן אַלס יחיד.

העלפט־מיט צו דער שנעלער אנטוויקלונג פון דער קרעדיט־קאַסע „קאָנגרעסאָ" ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד!

**אַ מיטגליד**

מ. מייערן-לאַזער

# העוסקים בצרכי צבור

(ספּעציעל פאַרן „פנקס גאַליציע")

אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט ווי אין דער אינדיווידועלער, פּריוואַטער, זוכט יעדער אַ געוויסע פּערזענלעכע, אינערלעכע סאַטיספאַקציע. חוץ דער מאַטעריעלער באַפרידיקונג האָט דער מענטש נאָך די פּרעטענזיע זיך אויסצולעבן אין זיין פאַך, אין זיין פּראָפעסיע. ער איז גרייט צו ברענגען פאַר זיין אַרבעט, פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער בראַנזשע געוויסע קרבנות און פרייט זיך, מיט רעכט, מיט דערגרייכונגען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער פאַרן פּראָגרעס לטובת דער גאַנצער מענטשהייט אויף דעם געביט. נאָר מענטשן פון נידעריקן קולטורעלן ניוואָ נעמען נישט קיין אַנטייל, האָבן נישט די אַמביציע צו פאַרבעסערן און נישט די נייגיר צו מער וויסן בנוגע זייער פאַך און באַנוגענען זיך בלויז מיט זייער מאַטעריעלן לוין. עס געפינען זיך אויך אין יעדן פאַך פון גרעסערן פאַרנעם אַ טייל „פאַרבלאָנדזשעטע", וואָס זיינען נעבעך אַריינגעפאַלן אין אַ באַרוף, וואָס איז זיי נישט צום האַרצן און זיי קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן. אַזעלכע קלאָגן שטענדיק אויף זייער גורל און פאַרשעלטן דעם טאָג, וואָס זיי זיינען „פאַרקראָכן" אין דער נישט אַנגענעמער סביבה. ביי דער ערשטער קאָניונקטור פאַרלאָזן זיי דאָס פאַך, צו וועלכן זיי האָבן סיי ווי נישט געהאַט קיין ליבשאַפט און נישט קיין באַציאונג. ביים קלייבן דעם באַרוף געשעט אָפטמאָל, אַז דער יונגער מענטש, אָדער דאָס קינד, און מאַנכעסמאָל אַפילו זיינע עלטערן, האָבן נישט די פרייע וואַל, נישט די מעגלעכקייט זיך אויסצוקלייבן. זיי מוזן זיך צייטווייליק אונטערוואַרפן די אומשטענדן און זיך אָפּזאָגן פון דעם פאַך. צו וועלכן זיי פילן זיך מער באַרופן. די עקאָנאָמישע סיבות, אָפטמאָל אויך די געאָגראַפיש-פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, שטעהן זיי דירעקט זיך צו פאַרייניקן מיט דער „גע־ווילטער פון האַרץ" פּראָפעסיע.

אַנדערש איז אָבער מיט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון יעדן עסקן. דאָ איז נישט פאַראַן קיין שום צוואַנג. קיינער צווינגט נישט אַרויף דאָס געביט, אויף וועלכן מ'מוז זיין טעטיק. אַבסאָלוט פריי קלייבט זיך יעדער אויס, ווער פּאָליטיש, פילאַנטראָפּיש, קולטורעל אָדער רעליגיעז, ווער „ספּאָרט" אָדער דאָס געביט פון געזעליקייט. ווער עס האָט אַ ווידערווילן צו אַ גרויסער אַרבעט, באַווירקט אים קיינער נישט, ער זאָל זיך איר דווקא מוזן ווידמען און איר אויסאיבן. און ווען מיר זעען אין אַ געזעלשאַפט אַ גרופּע אָנפירנדיקע חברים, זיינען מיר גענייגט צו גלויבן, אַז זיי זיינען נישט קיין „פאַרבלאָנדזשעטע", ווייל קיינער האָט זיי נישט געצוואונגען.

און נאָך אַלעמען טרעפן מיר אַמאָל צווישן די קאָמיסיאָנס-מיטגלידער פון אונדזערע געזעלשאַפטן מענטשן, וועלכע זיינען כמעט ווי פּאַסיוו. זיי וואָלטן מער געקאָנט לייסטן, ווי זיי לייסטן; זיי וואָלטן געקאָנט מער אויפטון, ווי זיי טוען. באַלד נאָך זייער דערוויילונג הויבט זיך אָן אַ בהדרגהדיקע אָפּשוואַכונג פון זייער אינטערעס, אַ פאַרבלאַסונג פון דער פּרימיטיוו שטאַרקער צוגעבונדנקייט. מיר הערן קלאָגעס ארום דעם, אַז נאָר געציילטע מענטשן אין דער קאָמיסיאָן פולן אויס אַלע אַר־

בעטן. אַ טייל זיינען פעיק אויפצוטרעטן, צו טון פאַרשידענע אַרבעטן, זיי טוען אָבער נישט, ווייזן נישט קיין איניציאַטיוו און בילדן גאָר אַ פּאַסיוון טייל, כמעט אַ גלייכ־גילטיקן. דאָס זעלבע קומט פאָר צווישן די אַלגעמיינע מיטגלידער פון די פאַריינען. ס׳איז צווישן זיי פאַראַן אַ גרויסע נישט אויסגענוצטע געזעלשאַפטלעכע ענערגיע. עס פעלט די אָרגאַניזאַטאָרישע קראַפט, וואָס זאָל קאָאָרדינירן מיט זאַך״ און מענטשן־קענטעניש פאַר אַלע אַרבעטן און זיי ריכטיק פאַרטיילן. אין אַ גוט אָרגאַניזירטער פאַבריק מוז דער לייטער קענען דעם מעכאַניזם אין זיינע קלענסטע רעסאָרטן און צעטיילן און אַוועקשטעלן יעדן אויף דעם ריכטיקן „פּלאַץ; דער ווירטשאַפטלעכער רעזולטאַט קומט אַרויס אַלס פּועל־יוצא פון דער ריכטיקער איינטיילונג פון טויטן מאַשינען און רוי־שטאָפמאַטעריאַל, ווי אויך פונעם לעבעדיקן מענטשן־מאַטעריאַל, פון דעם קויף און פאַרקויף, פּראָפּאַגאַנדע און אַזוי ווייטער.

דער אָרגאַניזם פון אַ געזעלשאַפט איז אפשר נישט ווייניקער קאָמפּליצירט, ווי פון אַ ווירטשאַפטלעכער האַנדלס־אונטערנעמונג. דער מענטשן־מאַטעריאַל איז דאַ אַ פּרייוויליקער און העטעראָגענער, פאַרשידנאַרטיקער און עס געהער אַ גרויסע מאָס פון טאָלעראַנץ, פּסיכאָלאָגישער גענויטקייט מיט אים ארומצוגיין. אַ געזעלשאַפטלע־כער לידער מוז טאַקע זיין אַ געניטער פּעדאַגאָג און פאַרשטיין נישט נאָר צו דערציען מענטשן צו דערפאָלגרייכער אַרבעט. ער מוז אויך דערציען נייע פירער פאַר דער צוקונפט. די דערציאונג קומט אַדאַנק די געלעגנהייטן צו אַרבעט, וואָס ווערט אָנ־פאַרטרויט. אַ סך געלעגנהייט צו אַרבעט, אַ סך פאָדערונג צו יעדן אין נאָמען פון דער געזעלשאַפט און אירע אידעאַלן, כדי אַרויסצורופן דעם מאַקסימום פון לייסטונגס־פעיקייט. דורך צוגעוואוינען צו אַרבעט, דורך איינאיבן אין געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט און דורכדעם פאַרשאַפן די נויטיקע פרייד און סאַטיספאַקציע פון די דער־גרייכטע דערפאָלגן.

צו יעדן איינציקן חבר מוז געפונען ווערן דער פּסיכאָלאָגישער שליסל און דער אופן, ווי אַזוי אים צו מאַכן מער טעטיק. וויפיל פּראָפּאַגאַנדע ס׳איז דערצו נויטיק, מוז זי געמאַכט ווערן. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן מוזן פּאָפּולאַריזירט ווערן בים־לעכווייז, אָנהויבנדיק פון יחידים. די געזעלשאַפטלעכע עסקנות מוז ווערן באַליבט און חשוב. און איז זי פּאָפּולער, דאַן ברענגען שוין די מיטגלידער די נויטיקע קרבנות און מאַכן יעדע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונג צום דערפאָלג.

וואָס גרעסער דער אידעאַל, אַלץ מער באַגייסטערונג; וואָס שענער דער ציל, אַלץ מער צוציאונגס־קראַפט. איין פאָרבאַדינג איז אָבער פאַראַן, די באַקאַנטמאַכונג, די פּאָפּולאַריזאַציע. אינדיווידועל, פון איין יחיד צום צווייטן, מיט צוטרוי און קעגנזיי־טיקן רעספּעקט, ווערט אויסגעברייטערט דער קרייז וואָס אַמאָל מער. עס דאַרף קיינ־מאָל נישט דערלאָזט ווערן, אַז אין אַ געזעלשאַפט זאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן אַן עלע־מענט, וואָס איז צווייפלהאַפט, וואָס טוט די אַרבעט צוליב רעקלאַמע, צוליב כבוד אָדער צוליב געשעפט. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט מוז געטון ווערן נאָר לשמה, נאָר צוליב דער אינערער, טיפערער סאַטיספאַקציע פון יעדן עסקן, פאַר וועלכער עס קומט נישט צו דאַנקען. די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט דערהויבט אירע טרעגער און פאַר־פליכטעט זיי צו דערהויבנקייט, צו אַלטרואיזם. און אין דעם ליגט דער עיקרדיקער אונטערשיד צווישן פּריוואַטער און געזעלשאַפטלעכער באַטעטיקונג.

# צוואנציק יאָר אידישע קולטור טעטיקייט פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד

די איניציאַטאָרן און גרינדער פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין יאָר 1925, וועלכע האָבן געשאַפן דעם פאַרבאַנד צוליב צוועקן פון קעגנזייטיקער הילף פאַר לאַנדסלייט און פריש־אָנגעקומענע אימיגראַנטן, האָבן זיך באַלד נאָך דער גרינדונג, געטיילט אויף צוויי פאַרשידענע טעטיקייטס־געביטן.

איין טייל האָט זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון מאַטעריעלער קעגנזייטיקער הילף און דער צווייטער טייל האָט אָנגעוויזן, אַז ווי וויכטיק עס זיינען די מאַטעריעלע הילפס־לייסטונגען פאַר די, וואָס נויטיקן זיך אין זיי, איז אָבער נישט ווייניקער וויכטיק, צו שאַפן אין פאַרבאַנד אַ גייסטיקע קולטור־סביבה, אין וועלכער די ניי־אָנגעקומענע יוגנטלעכע אימיגראַנטן זאָלן קאָנען פאָרזעצן זייער קולטורעלן לעבנס־אַרט און זיך פילן הבריש און היימיש און וואָס זאָל מאַכן פילן, אַז זיי שפינען ווייטער דעמזעלבן זיידענעם פאָדעם פון אידישער קולטור־טעטיקייט, וועלכן זיי האָבן מיטגעבראַכט א י ן ז י ך, פון זייערע אַלטע היימען.

שוין אין ערשטן אַלמאַנאַך, וואָס דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1926, צום ערשטן אַניווערסאַר זייט זיין גרינדונג, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז די גרופּע קולטור־טוער צווישן די איניציאַטאָרן, האָט געמוזט זיין אַ גענוג גרויסע און ציל־באַוואוסטזיניקע, ווייל שוין אין ערשטן אַלמאַנאַך, לייענען מיר די באַריכטן וועגן אַ גרויסער אידישער קולטור־אַרבעט אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד.

אויף זייט 5 פון דערמאָנטן אַלמאַנאַך, לייענען מיר אַן אַרטיקל פון נון. צדיק., וועגן קולטורעלער אָדער הומאַניטאַרער אַרבעט פון די לאַנדסלייט פאַריינען, אין וועלכן עס ווערט אויף אַ קלאָרן אופן אַרגומענטירט די וויכטיקייט פון אַ גייסטיקער קולטור־סביבה אין פאַרבאַנד, וועלכע וועקט און שאַפט דעם אינטערעס צום פאַרבאַנד און ציט צו לאַנדסלייט און שאַפט דערמיט אויך מער מעגלעכקייטן פאַר קעגנזייטיקער הילף פון מאַטעריעלן כאַראַקטער.

און אויף דער זייט 8 פון דעם זעלבן אַלמאַנאַך לייענען מיר אַ באַריכט וועגן דער טעטיקייט פון דראַמקרייז ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד, וועלכער האָט שוין אין משך פון ערשטן יאָר זייט דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, באַוויזן זיין לעבעדיקע טעטיקייט, האָבנדיק דורכגעפירט עטלעכע פאָרשטעלונגען אין אָנגעזעענע סאַלאָנען.

די ערשטע פאָרשטעלונג איז פאָרגעקומען אין סאַלאָן „20 דע סעפּטיעמברע" — דעם 4־טן אָקטאָבער 1925, קוים עטלעכע ח־שים נאָך דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, עס זיינען אויפגעפירט געוואָרן דריי איינאַקטערס: 1) „אַ דאָקטער", פון שלום עליכם; 2) „דער מאַלער", פון ד. עדלשטאַט, סצענירט פון נ. צוקער, און 3) „אויפן קאַמף", פון נ. צוקער.

**די קולטור־קאָמיסיע אין ביבליאָטעק־זאַל פון פאַרבאַנד**



(זיצענדיק פון רעכטס צו לינקס): קלמן האָפּמאַן; הילדאַ סעגאַל (ביבליאָטעקארן); (שטייענדיק, פון רעכטס צו לינקס): יצחק סופּמאַן, יאָנאַס רייז, יוסף קאָרנהייזער, עזרא פּישעל, ענריקע קאַמערמאַן און לעאָן זיידענוואורם.

די פֿאָרשטעלונג איז דורכגעפֿירט געוואָרן אויף אַ גאָר פֿיינעם אופֿן און די מיטגלידער־אַמאַטאָרן האָבן זיך אויסגעצייכנט און דער פֿאַקט, אַז בלויז עטלעכע חדשים נאָך דער גרינ־דונג פֿון פֿאַרבאַנד, האָט מען שוין מיט די אַמאַטאָרן באַוויזן דורכצופֿירן אַזאַ געלונגענעם טעאַטער־אָוונט, באַווייזט, אַז דער דראַמקרייז האָט געמוזט ווערן טעטיק טאַקע באַלד, נאָך דער גרינדונג פֿון פֿאַרבאַנד.

און נאָך לייענען מיר אין דעמזעלבן באַריכט, אַז:

— „בעת די גרעסטע היצן, ווען כמעט אַלע אינסטיטוציעס זיינען געוויינלעך ווי אָפּגע־שטאָרבן, זיינען אין גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד פֿאָרגעקומען פּראָבן און לעקציעס און צום איין־יעריקן יובילײ פֿון פֿאַרבאַנד, איז אין גרויסן טעאַטער־סאַלאָן „סירקולאָ סענטראַל", דורכגע־פֿירט געוואָרן די צווייטע פֿאָרשטעלונג מיט אַ נאָך גרעסערן דערפֿאָלג. צו דער צווייטער פֿאָר־שטעלונג האָט מען אויך אויפֿגעפֿירט פּיעסן פֿון דריי מחברים: 1) „די רעפּעטיציע", קאָ־מעדיע אין 2 אַקטן פֿון א. רייזין; 2) „דאָס אייביקע ליד", פֿון מאַרק ארנשטיין און „דער רעצענזענט", פֿון נ. צוקער.

כדאַי ביי דער געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז די פֿאָרשטעלונגען זיינען דורכגעפֿירט גע־וואָרן אונטער דער רעזשי פֿון נ. צוקער און עס האָבן זיך דעמאָלט מיטבאַטייליקט אין די פֿאָרשטעלונגען די אַמאַטאָרן: פֿרל. הערצאָג, פֿרל. ביבערשטיין, הערמאַן לאַסטער, אַנשל סע־גאַל, אויערבאַך, מערקור, פֿליישער, קלאַרא אדלערשטיין, פֿרוי קאַהאַנע, שעפֿער, העניעק און ניעפּאָמיעשצשע.

עס איז אויך כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז דער דראַמקרייז ביים גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד האָט זיך אַזוי אויסגעצייכנט און זיך געשאַפֿן אַזאַ פֿיינעם נאָמען, אַז ווען די אידישע פֿרייע ביבליאָטעק האָט דורכגעפֿירט אַ שלום־עליכם־אָוונט, האָט די ביבליאָטעק איינגעלאַדן דעם דראַמקרייז פֿון גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד צו מיטבאַטייליקונג און דער דראַמקרייז האָט אויף דעם אָוונט, דעם 14־טן מאַי 1926, אין סאַלאָן גאַריבאַלדי, אויפֿגעפֿירט שלום־עליכמס „אַ דאָק־טער", מיט פֿאַלדעק קענער און קלאַרא אדלערשטיין אין די הויפּט־ראָלן און דער גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד האָט פֿאַר דער מיטבאַטייליקונג פֿון זיין דראַמקרייז, באַקומען אַ וואַרימען דאַנק־און אַנערקענונגס־בריוו פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער פֿרייער ביבליאָטעק.

:: :: ::

אין די באַריכטן פֿון צווייטן אַלמאַנאַך פֿון גאַליציאַנער פֿאַרבאַנד, וועלכער איז דערשינען אין יאָר 1929, געפֿינען מיר אינטערעסאַנטע דאַטן וועגן דער אויסברייטערונג פֿון דראַמקרייז, וועלכער האָט שוין אויך געהאַט אַן אייגענעם כאָר און מיר לייענען שוין וועגן מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אָוונטן, וואָס דער פֿאַרבאַנד האָט פֿעריאָדיש דורכגעפֿירט און צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, נישט בלויז פֿון גאַליציאַנער לאַנדסלייט, נאָר מענטשן פֿון פֿאַרשידענע קרייזן, וועלכע האָבן געבענקט נאָך דעם שיינעם אידישן וואָרט און אידישן קלאַנג.

און נישט נאָר צו די אַקטן גופא, נאָר אַפֿילו צו די פּראָבן פֿון דראַמקרייז און פֿון כאָר, זיינען געקומען היפּשע צאָלן גאַליציאַנער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך באַמיט אָנגעשלאָסן צו ווערן צו דער שיינער אַרבעט און נישט נאָר גאַליציאַנער, נאָר סתם אומפּאַרטייאישע יוגנט־לעכע, וואָס האָבן געבענקט נאָך גייסטיקייט און אַפֿילו די אידישע שרייבער ווי לייב מלאך ע"ה, מ. ד. גיסער, ש. ראָזשאַנסקי, י. באָטאָשאַנסקי און אַנדערע, זיינען גאַנץ אָפֿט געקומען אין פֿאַרבאַנד הנאה האָבן און באַווירקט ווערן פֿון די פֿיינע איינדרוקן, וואָס די אייפֿעריקע אידי־שע קולטור־אַרבעט פֿון די גאַליציאַנער יוגנטלעכע האָט אויף זיי אויסגעאיבט.

אַ חוץ טעאַטער־פאָרשטעלונגען און מוזיקאַליש־וואָקאַלישע אָוונטן, האָט די קולטור־קאָמיסיע ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד אויסגעברייטערט די טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן, ווי שאַפן אַ ביבליאָטעק, איינאָרדענען אָפטע ליטעראַרישע אָוונטן, צו וועלכע עס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פאַרשידענע רעפערענטן; עס זיינען פאָרגעקומען קעסטל־אָוונטן, ליטעראַרישע משפטים, דיסקוסיע־אָוונטן און דאָס אַלעס האָט געשאַפן אַ לעבעדיקע שפּרודלדיקע באַוועגונג אין פאַרבאַנד און עס איז נישט געווען קיין אָוונט, אַז אין פאַרבאַנד זאָלן זיך נישט געפינען צענדליקער יוגנטלעכע, ביי פראָבן פון כאָר און דראַמקרייז, אָדער געטיילטע אין גרופּן, וואָס יעדע גרופּע האָט זיך געפירט איר באַזונדערע דיסקוסיע וועגן פאַרשידענע קולטור־דערשיינונגען.

אין דעם צווייטן אַלמאַנאַך, זעען מיר די דאַטע, אַז דעם 15־טן מאַי 1927, האָט די קולטור־קאָמיסיע ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד געפראַוועט דעם יום־טוב פון דערעפענען די ביבליאָטעק מיט 500 איינגעקויפטע נייע ביכער און פון אַ ווייטערדיקן באַריכט, דערוויסן מיר זיך, אַז די צאָל ביכער אין ביבליאָטעק איז שנעל געוואַקסן און אַז די ביבליאָטעק איז באַדינט געוואָרן פון דריי ביבליאָטעקאַרן, וואָס האָבן אַמטירט דריי מאָל אין וואָך און ווען מען נעמט אין אַכט, אַז די ביכער זיינען אין משך פון די יאָרן שוין צוויי מאָל איבערגעבונדן געוואָרן, קאָן מען פאַרשטיין, אַז די ביכער זיינען נישט גלאַט אַזוי געשטאַנען אין די שאַפעס פאַר



די ביבליאָטעק פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד (קלישע, פון אַלמאַנאַך 1940)

שיינקייט וועגן, נאָר אַז מען האָט זיי טאַקע געלייענט און וועגן אַ היפּשער צאָל ביכער — שפּעטער אַפילו דיסקוטירט אויף די ספּעציעל איינגעאָרדנטע דיסקוסיע־אָוונטן.

און דאָ מוז אונטערגעשטראָכן ווערן דער פאַקט, אַז די וויכטיקסטע טוער, די נשמה פון די אַלע שיינע אַרבעטן און אויפטואונגען, זיינען געווען די צוויי אומדערמידלעכע לאַנדסלייט אונדזערע, די שרייבער און קולטור־טוער נחמיה צוקער און נתן פריכטער.

כאָטש פאַרשידן אין זייערע טעמפּעראַמענטן און טעטיקייטס־פאָרמען, האָבן זיי זיך דער־גענצט פאַר אַן איינהייטלעכער שיינער קולטור־אַרבעט, וואָס האָט געגעבן פּרעסטיזש און אָנזען דעם גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע.

:: :: . ::

די שיינע און פאַרבנרייכע אידישע קולטור־אַרבעט אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד, האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1930.



דראַמקרייז ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד, נאָך אַן אויפירונג פון משה ריכטערס פּיעסע „הערצעלע מיוחס” אין יאָר 1938 (קלישע פון אַלמאַנאַך 1940)



דער באַנקעט לכבוד נ. צוקער צום דערשיינען פון זיין בוך „שפּאַס און ערנסט“
(קלישע פון אַלמאַנאַך, יוני 1933)

אַ סך פון די יוגנטלעכע אייפעריקע קולטור־טוער האָבן חתונה געהאט און פאַמיליערע פליכטן האָבן וואָס ווייטער מער אָפּגעשוואַכט זייער אינטענסיווע מיטאַרבעט אין פאַרבאַנד און שפּעטער זיינען נאָך געקומען אויסערלעכע אומשטענדן, דאָס מוזן האָבן ספּעציעל דער־לויבעגישן אויף דורכצופירן קולטור־אַקטן אין אידיש, וואָס האָט נאָך מער געווירקט פאַר דער אָפּשוואַכונג פון דער קולטור־טעטיקייט, אָבער אינגאַנצן דערדריקן, און דערשטיקן דעם דראַנג צו גייסטיקער אויסלעבונג אין די ראַמען פון אַן אייגענער קולטור־סביבה, — דאָס האָט די ענדערונג נישט באַוויזן.

אויסערלעך, פאַר דער עפנטלעכקייט, איז טאַקע די אַרבעט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אָבער אינערלעך, האָט דער פאַרבאַנד קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט דורכצופירן חברלע־כע קולטור־אַקטן און אין די ראַמען פון אינערלעכער פאַרבאַנד־טעטיקייט, איז פאָרגעזעצט געוואָרן די שיינע קולטור־אַרבעט.

מיטגלידער פון די קולטור־קאָמיסיעס, וואָס האָבן חתונה געהאט און די דאגות־פּרנסה האָבן זיי צוריקגעצויגן פון קולטור־פראָנט, זיינען באַלד דערגענצט געוואָרן פון אַנדערע און די אַרבעט איז ווייטער אָנגעגאַנגען און מען האט ווייטער געזוכט אויסצונוצן יעדע געלעגנהייט אויף צו קאָנען איינאָרדענען אַ חברלעכן צוזאַמענקום, פאַר וועלכן עס איז שטענדיק געווען גרייט אַ צוגעפּאַסטער פּראָגראַם.

אַ חוץ אַ גאַנצן ציקל קאָנפערענצן אויף ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס, וואָס די קולטור־קאָמיסיע ביים פאַרבאַנד האָט איינגעאָרדנט מיט ספּעציעל איינגעלאַדענע קאָנפע־רענציסטן, האָט דער פאַרבאַנד אויך אויפגענומען קינסטלער־געסט, נישט בלויז קינסטלער, וואָס שטאַמען פון גאַליציע, נאָר אויך פאַר אַנדערע קינסטלער, וואָס פאַרדינען אויפמערקזאַמ־קייט און ליבע און זיי האָבן דאָס געפונען אויף די איינגעאָרדנטע חברלעכע קבלת־פּנימס, וואָס דער פאַרבאַנד האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט.

צווישן די רעפערענטן און קאָנפערענציסטן, וואָס האָבן באַרייכערט די קולטור־אַקטן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד, זיינען געווען: פּיניע ב״ץ, דר. זשיטניצקי, יעקב באָטאָשאַנסקי, ש. פריילעך, מ. רעגאַלסקי, דר. א. ש. יוריס, ר. ריזאָוו, אליהו טראָצקי, דר. משה מערקין, י. גאָנשער, דר. פּאַוועלוקעס, ל. האַלפּערן, אביגדור שפּריצער, נ. צוקער, נ. פּרוכטער און ישראל שרייבער הלוי, וועלכער האָט געגעבן אַ גאַנצן ציקל פון זיינע גייסטרייכע קאָנפערענצן, וועלכע זיינען מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט געוואָרן פון דער גאַליציאַנער יוגנט.

קבלת־פּנים באַנקעטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן לכבוד די קינסטלער־געסט, שרייבער און אַרטיסטן: מלך ראַוויטש, יעקב מעסטל, אַנשל שאָר, בערטאַ גערסטין, יעקב בן־עמי, מאַרק טורקאָוו, מ. ד. גיסער און אַנדערע.

און אַזוי, טראָץ פאַרשידענע שוועריקייטן פון אינעווייניק און שטערונגען פון דרויסן, האָט זיך דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד כסדר געהאַלטן אויף דער געהעריקער הויך פון זיינע טאָפּלטע אויפגאַבן, סיי אַלס לאַנדסלייט פאַריין מיט באַשטימטע צילן און אויפגאַבן פון מאַ־טעריעלן כאַראַקטער און סיי אַלס אידישע קולטור־אינסטיטוציע.

:: :: ::

צוואַנציק יאָר זיינען פאַרגאַנגען.

שוין זייט שיינע עטלעכע יאָר זייט די אימיגראַציע־שטראָמען האָבן זיך אָפּגעשטעלט און די טויזנטער און טויזנטער פון אונדזערע יוגנטלעכע אין די אַלטע היימען, וועלכע וואָלטן זיך אפשר געקאָנט ראַטעווען דורך עמיגראַציע, האָבן געמוזט בלייבן דאָרט, צום אומקום.



דער באַנקעט לכבוד ח׳ נ. פּרוכטער (קלישע פון אַלמאַנאַך, יוני 1933)

אונדזערע אַמאָליקע יוגנטלעכע, געבוירענע אין גאַליציע, זיינען געוואָרן פאַמיליע־מענטשן און נישט אַלע פון זיי האָבן געקאַנט טיילן די פליכטן פון דער היים מיט די פליכטן פאַר געזעל־שאַפטלעכער אַקטואַציע.

און כאָטש מיר האָבן דאָ שוין אַ נייע גענעראַציע פון אידישע יוגנטלעכע, די קינדער פון אונדזערע מיטגלידער, וועלכע זיינען שוין צום גרויסן רוב דאָ־געבוירענע און אויך זיי פילן אַ גרויסע צוגעבונדנקייט צו אונדזער פאַרבאַנד, פונדעסטוועגן, צי קאָן מען דען פאַרגלייכן די היינטיקע צייט, צו דער צייט מיט יאָרן צוריק?

צוואַנציק יאָר זיינען פאַרגאַנגען.

מיר פּראַוועון איצט דעם יובילײ פון צוואַנציקסטן אַניווערסאַר זייט דער גרינדונג פון פאַרבאַנד. מיר האָבן אויפצואווייזן אַ גאַנץ שיינעם באַלאַנס פון צוואַנציק יאָר טעטיקייט אויף די פאַרשידענע געביטן פון אונדזערע צילן און אויפגאַבן.

מיר טאָרן אָבער אין דער גרויסער פרייד פון דעם פיינעם באַלאַנס, נישט פאַרגעסן אָן די פּראָבלעמען, וואָס שטייען אונדז פאַר פאַר אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט.

דער פריידיקער באַלאַנס פון די ערשטע צוואַנציק יאָר פון פאַרבאַנדס־טעטיקייט דאַרף אונדז מוטיקן צו דער צוגרייטונג פון פּלענער פאַר ווייטערדיקער אַרבעט, וואָס זאָלן זיך נישט דאַרפן שעמען פאַר די ערשטע צוואַנציק יאָר.

מיר מוזן אין אַכט נעמען דעם פריידיקן פאַקט, וואָס אונדזער יוגנט, די שוין הי־געבוי־רענע, האָט זיך אַזוי ברידערלעך איינגעלעבט אין דער אייגענער סביבה פון פאַרבאַנד און זיי פירן זיך דורך זייערע אייגענע אַקטן און חברלעכע פאַרווייליונגען אין פאַרבאַנד גופא.

נאָך איין זאַך: די יוגנטלעכע אין זייער גרויסן רוב, לייענען נישט, אָדער קענען נישט גוט לייענען אידיש, כאָטש זיי פאַרשטייען און האָבן ליב צו הערן אַ שיין אידיש וואָרט.

און דאָס איז אויך אַ פאַקט, וואָס מוז גענומען ווערן אין אַכט און דאָס טוט אויך אונדזער היינטיקע קאָמיסיאָן צוזאַמען מיט אונדזער קולטור־קאָמיסיע.

ציילנדיק זיך מיט די פאַקטן, האַלטן איצט ביי אויסגעאַרבעט ווערן פּלענער פאַר איינ־אָרדענען קורסן פון אידישער שפּראַך און לעקציעס וועגן אידישער געשיכטע און ליטעראַטור און גלייכצייטיק אויך קורסן און קאָנפערענצן פאַר די עלטערן וועגן זייערע ־ערציאונגס־פליכטן צום נאָכקומענדיקן דור, וועלכער דאַרף דערצויגן ווערן צו קאָנען זיין מענטשן און אידן.

דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד, וואָס האָט באַוויזן צו פאַרהאַלטן די יוגנט אין די אייגענע ראַמען, אַדאַנק דעם איינאָרדענען חברלעכע אויספלוגן און מיט איינאָרדענען אייגענע קאַמ־פינגס אויף דער פרייער לופט, וואו מען האָט אויך דורכגעפירט פאַרשידענע קולטור־אַקטן, מוז ווייטער זוכן די צופּאַסונגס־מעטאָדן, ווי אַזוי די יוגנט זאָל ווייטער קאָנען אַנטוויקלען אַ מער ברייטערע אַרבעט און באַקומען אַ באַוואוסטזיניקע דערציאונג אַלס רייפע געזעל־שאַפטלעכע טוער מיט באַשטימטע אידישע קולטור־צילן און אויפגאַבן.

און וועט זיך דאָס דאָזיקע איינגעבן, און ביי אַ זאָרגפעלטיקער אויסאַרבעטונג פון די פּלענער, וועט עס זיך זיכער איינגעבן — וועלן מיר די ווייטערדיקע יובילייען פון אונדזער פאַרבאַנד קאָנען פּראַוועון מיט נישט קיין ערגערע טעטיקייטס־באַלאַנסן, ווי מיר האָבן צום היינטיקן צוואַנציג־יאָריקן יובילײ.

א. ד — — — ל.

# פאַרזיכערונגס פאָנד ביים גאַליציאַנער פאַרבאַנד

באַלד נאָך דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, האָבן די אָנפירער פון זעלבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז נויטיק צו שאַפן אַ פאָנד, וועלכער זאָל — ביי אַ טויט־פאַל פון דעם הויפּט פון אַן אָרימער פאַמיליע — קאָנען אונטערקומען מיט הילף פאַר דער געבליבענער פאַמיליע.

פאַר דעם צוועק, איז באַשטימט געוואָרן אַ פּרייוויליקער אָפּצאָל פון צוויי פּעזעס אַ יאָר, כדי צו שאַפן אַ מין זעלבסט־פאַרזיכערונגס־פאָנד, און נאָר די, וואָס האָבן געצאָלט דעם פרייוויליקן אָפּצאָל, האָבן געהאט אַ רעכט צו געניסן פון אים.

לײדער האָט די גרויסע מיטגלידערשאַפט פון פאַרבאַנד נישט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון אַזאַ פאָנד און די פרייוויליקע צאָלער זייגען כסדר געוואָרן ווייניקער, ביז עס איז פון גאַנצן ענין גאָרנישט געוואָרן.

עס זייגען דאָך אָבער פאָרט פאָרגעקומען אַזעלכע אומגליקס פאַלן, וואָס דער פאַרבאַנד האָט געמוזט אונטערקומען מיט הילף פאַר די געבליבענע פאַמיליעס, נו, האָט מען ביי יעדן פאַל באַזונדער פאַרופן אסיפות און מען האָט געזוכט פלענער ווי אַזוי צו קאָנען העלפן און ווי אַזוי מען זאָל קאָנען צונויפמאַכן אַ געוויסע סומע פאַר דעם דרינגענדיקן נויט־פאַל.

אין אַזעלכע פאַלן, האָט מען אויף שנעל געשאַפן קאָמיסיעס פון גרופּעס מיטגלידער, וועלכע האָבן מיט דער אויטאָריזאַציע און אונטער אויפזיכט פון פאַרבאַנד געזוכט צו שאַפן אויף פאַרשידענע אופנים די נויטיקע סומע, אָבער עס האָט געטראָפן, אַז ביז מען האָט באַוויזן צו שאַפן די קאָמיסיע און ביז די קאָמיסיע האָט זיך באַראָטן און אָנגעהויבן עפּעס טון און ביז מען האָט דורכגעפירט אַ בענעפיט־אונטערנעמונג, זייגען אַוועקגעגאַנגען חדשים און דערווייל האָט דאָך אַזאַ פאַראומגליקטע פאַמיליע באַדאַרפט פרנסה, האָט מען קודם גע־שטיצט מיט אויסגעלייגטע סומעס אויפן חשבון פון שפּעטערדיקן בענעפיט־אָוונט און עס איז אויסגעקומען, אַז ווען דער אָוונט איז שוין פאָרגעקומען, האָט די פאַראומגליקטע פאַמי־ליע שוין געהאט די גאַנצע הכנסה באַקומען פאַרויס און כדי איר צו העלפן, וואָלט מען באַלד באַדאַרפט נעמען גרייטן אַ נייע אונטערנעמונג...

פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען, האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד פון קאָנסטרוקטיווער הילף, בלויז אין זעלטענע פאַלן, ביי גאָר גרויסע אָנשטרענגונגען, האָט מען יאָ געהאָלפן קאָנסטרוקטיוו, האָט אָבער אַזאַ אָנשטרענגונג פיל געשטערט צו דער אַרבעט אויף די אַנדערע געביטן פון פאַרבאַנדס טעטיקייט, ווייל צוליב אַזעלכע אָנשטרענגונגען, האָט דער פאַרבאַנד געמוזט אָפּלייגן אַנדערע וויכטיקע און גאַנץ אָפט, אַפילו שוין צוגעגרייטע אונטער־נעמונגען, און דאָס האָט זיך געמוזט שלעכט אָפּרופן אויפן גאַנצן גאַנג פון דער פאַרבאַנדס־טעטיקייט.

בכדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל פּטור צו ווערן פון אַזאַ קאָמפּליצירטער און שאָדנברענגענ־דיקער לאַגע, האָט אַ קאָמיסיע, אין באַשטאַנד פון די פאַרבאַנד־מיטגלידער לינדמאַן, צאָרנ־בערג און אינגער, אויסגעאַרבעט און צוגעשטעלט אַ פּראָיעקט פאַר אַ פאַרזיכערונגס־פאָנד, וועלכער איז אויף דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון יאָר 1939 איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן.

דער אויסגעאַרבעטער פּראָיעקט האָט זיך אייגנטלעך באַזירט אויף דעם אַמאָליקן באַ־שלוס פון אַ ספּעציעלן יערלעכן אָפּצאָל פאַר אַזאַ פאָנד, אָבער נישט ווי אַמאָל, אַלס פריי־וויליקער, נאָר פשוט, אַז יעדער מיטגליד זאָל צאָלן פאַרן פאַרזיכערונגס־פאָנד די זעלבע סומע, ווי עס ווייזט דער אויסגעאַרבעטער סטאַטוט, וועלכן מיר גיבן דאָ ווייטער איבער.

## סטאַטוטן פון פאַרזיכערונגס־פאָנד

ר ע כ ט ן :

1) יעדע פרוי פון אַ פאַרשטאָרבענעם מיטגליד, באַקומט פון פאָנד די סומע פון דריי הונדערט פּעזעס און פאַר יעדן קינד יונגער פון זעכצן יאָר, די סומע פון הונדערט פּעזעס.

2) די אַלמנה, וועלכע וועט זיך נישט באַנוצן מיט איר רעכט צו באַקומען די דערמאָנטע געלטער, וועלן די באַשטימטע סומעס איבערגיין אַלס געשאַנק אויף איר נאָמען, פאַרן פאַר־זיכערונגס־פאָנד.

פ ל י כ ט ן :

1) יעדער מיטגליד מוז צאָלן צוויי פּעזעס יערלעך פאַר דעם פאָנד, איינגעטיילט אין צוויי ראַטעס, יאַנואַר און יולי רעספּעקטיוו.

2) נעמענדיק אין אַכט, אַז פון אַ צוויי־פּעזעדיקן יערלעכן אָפּצאָל, וועט דער פאָנד זיך נישט קאָנען אַזוי שנעל אַנטוויקלען, ווערט באַשטימט, אַז איינמאָל אין יאָר זאָל דער פאַרבאַנד דורכפירן אַ גרויסע אונטערנעמונג, ספּעציעל פאַר דעם צוועק.

3) עס ווערט אויך באַשטימט, אַז פון דעם „מנין", וואָס אַ גרופּע פאַרבאַנד־מיטגלידער אָרדענען איין יעדעס יאָר אויף ימים־נוראים, זאָל די גאַנצע הכנסה גיין אויף דעם וויכטיקן צוועק.

ווען די פּונקטן זיינען אָנגענומען געוואָרן און דער פאַרזיכערונגס־פאָנד איז געוואָרן אַ פאַקט, האָט אויך דער דירעקטאָריום פון דער קרעדיט־קאַסע ביים פאַרבאַנד אָנגענומען דעם באַשלוס אַראָפּצוגעבן אַ טייל פון די געווינסן אין משך פון יאָר, פאַר דער קאַסע פון פאַרזי־כערונגס־פאָנד.

עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן, אַז די קאָמיסיע, וואָס פירט אָן מיט'ן פאָנד, זאָל נישט זיין אָפּהענגיק פון דער קאָמיסיאָן פון פאַרבאַנד, נאָר אַקטואירן אויטאָנאָם, כדי זי זאָל קאָנען דערפילן די אויף זיך גענומענע התחייבותן אָן אָפּהאַלט, אָן פאָרמאַליטעטן און זיצונגען און אָן שום ביטעס מצד די פאַראינטערעסירטע.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז די חברים, וואָס אַרבעטן אומדערמידלעך פאַר דעם פאָנד, זיינען די פאַרבאַנד־מיטגלידער אינגער, מאָזנער, באַס, לאַקס און אַנדערע.

די איצטיקע קאָמיסיאָן, וואָס פירט אָן מיטן פאַרזיכערונגס־פאָנד ביים פאַרבאַנד, באַ־שטייט פון פאָלגנדיקע חברים: פּרעזידענט — סאַלאָמאָן קוועלער; סעקרעטאַר — בצלאל צאָרנבערג; קאַסיר — שבתי אינגער; וואָקאַלן: סימאָן טויבענפעלד און אברהם פיש.

די פּאָזיטיווע לייסטונגען פון דעם פאַרזיכערונגס־פאָנד איז שוין ביי דער ברייטער מיט־גלידערשאַפט גענוג באַקאַנט און יעדער מיטגליד צאָלט זייער גערן דעם קליינעם אָפּצאָל פון צוויי פּעזעס יערלעך, וועלכע זיינען די באַזע פאַר אַזעלכע וויכטיקע הומאַניטאַרע צוועקן.

**אַ הוסיאַטינער.**

# אַן אייגענער מנין אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד

ווי עס איז שוין פאַרבייגייענדיק דערמאָנט געוואָרן אין באַריכט פון פאַרזיכערונגס־פאָנד ביים פאַרבאַנד, אַקטואירט אויך ביים פאַרבאַנד אַן אייגענער מנין, וועמענס הכנסות פון די ימים נוראים, גייט אויסשליסלעך פאַרן דערמאָנטן פאָנד.

איז דעריבער כדאַי, ווייניקסטנס אין קורצן צו באַריכטן וועגן דעם קרייז רעליגיעזע לאַנדסלייט, וואָס אַקטואירן אין פאַרבאַנד.



אַזאַ קרייז רעליגיעזע לאַנדסלייט, האָט זיך שטענדיק, זייט דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, כסדר באַמיט צו קאָנען אויסלעבן זיך, אויך אין די רעליגיעזע פאָרמען, אין אַן אייגענער סביבה.

די מאַיאָריטעט איז אָבער געווען פאַר דער וועלטלעך - פאָרגעשריטענער באַזע, לויט וועלכער דער פאַרבאַנד איז געשאַפן געוואָרן און זי האָט געשטימט קעגן און אַזוי זיינען שיינע עטלעכע יאָר אַוועק מיט איבערגעחזרטע פּרואוון מצד דעם רעליגיעזן טייל פון דער מיטגלידערשאַפט, ביז עס האָט זיך די טויער איינגעגעבן צו געפינען מיטהילף און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַן אייגענער מנין.

צוערשט זיינען געקומען דאַוונען געציילטע, אָבער וואָס ווייטער, האָט זיך די צאָל פאַרגרעסערט און נישט נאָר וואָס דער רעליגיעזער מיטגליד איז צופרידן צו קאָנען דערפילן זיינע רעליגיעזע פליכטן אין די ראַמען פון זיין לאַנדסמאַנשאַפט פאַריין, נאָר דער מנין ברענגט אריין פיינע הכנסות פאַר אַזאַ וויכטיקן צוועק, ווי עס איז דער פאַרזיכערונגס־פאָנד ביים פאַרבאַנד.

איינער פון די אייפעריקסטע טוער פון דעם רעליגיעזן טייל פון אונדזערע לאַנדסלייט, איז אָן ספק דער ה׳ אברהם לאַקס, און ביי איר לעבן, איז עס אויך געווען זיין געטרייע און פרומע פרוי גיטל ע״ה, וועלכע האָט מיט אמתער איבערגעבנקייט און גאָטספאָרכטיקייט אויסגעשטיקט אַ שיינעם פּרוכת צום ארון־קודש, וואָס דער מנין ביים פאַרבאַנד האָט באַקומען אַלס געשאַנק פון ליפּע וועגמאַן, אַדאַנק דער באַמיאונג פון הער לאַקס.

אויף דער קלישע ביי דער זייט פון דעם נאָטיץ, זען מיר דעם הער אברהם לאַקס (רעכטס) און הער רפאל דיסטענפעלד (לינקס), זיי שטייען געהילט אין די טליתים, נעבן פּרוכת, וואָס די פרומע פרוי ג י ט ל לאַקס ע״ה האָט אויסגעשטיקט מיט אירע אייגענע הענט און געלאָזן נאָך זיך אַלס באַשיינונג פאַרן ארון הקודש אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד, צום אייביקן אָנדענק!

# דער קאמפיין פון גאליציאנער פארבאנד

## לטובת די לעבן-געבליבענע שוועסטער און ברידער אין די אלטע היימען

די מוראדיק טראגישע געשעענישן אין אייראפע, דער אומקום פון מיליאנען פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין א גאנצער רייע לענדער, וועלכע דער פינצטערער גורל האט איבערגעגעבן אין די מערדערישע הענט פון דעם בלוטיקסטן המן פון אלע צייטן, האבן געמאכט בלוטיקן די הערצער פון אלע פרייע אידן, וואס די השגחה האט זיי באצייטנס ארויסגעראטעוועט אין אנדערע לענדער.

די זעקס יאר מלחמה, האבן זיך פאר אלע אידן געצויגן ווי זעקס לאנגע אייביקייטן און מיט הארץ־פאכעניש האט מען געווארט אויף דעם מאמענט, ווען דער בלוטיקער מבול וועט זיך ענדלעך אפשטעלן מיט א מפלה אויף די שונאים, כדי מען זאל קאנען עפעס אנהויבן טון לטובת די לעבנגעבליבענע פאראומגליקטע ברידער.

דער גאליציאנער פארבאנד האט צוגלייך מיט אלע אידן דערפילט די גרויסקייט און הייליקייט פון זיין חוב און שוין די פאריקע קאמיסיאן האט אנגעהויבן ווערבירן מיטארבעטער פאר דעם הייליקן צוועק פון פראקלאמירן א הילפס־קאמפיין און די ניי־געוויילטע קאמיסיאן האט זיך טאקע באלד גענומען צו שטעלן אויף דער געהעריקער הויך פון אירע פליכטן און נאכדעם ווי זי אליין האט זיך ביי א זיצונג באשטייערט מיט די ערשטע גרעסערע סומעס, האט זי באלד גענומען גרייטן א גרויסן אקט, כדי צו פראקלאמירן דעם קאמפיין פאר דער עפנטלעכקייט.

דער אקט איז געווען דער באנקעט, וועלכן דער פארבאנד האט ארגאניזירט אויף דעם 29־טן אויגוסט ד. י. אין דעם שיינעם סאלאן פון האטעל ווערטהיין.

דער גענוג גרויסער סאלאן איז געווען פול באזעצט, די טישן זיינען געווען רייך סערווירט, אבער מען האט גוט געזען, אז דעם עולם ליגט נישט אין זינען די רייכע סעודה, ווייל יעדער פון די געסט איז געווען אנגעפילט מיט ווייטיק און פיין, טראכטנדיק וועגן די זייניקע, וואס זיינען דארט ערגעץ געבליבן און עס איז נאך נישטא קיין שום ידיעה פון זיי און יעדער האט געווארט אויף דעם אפיציעלן ווארט, אויף דער אפיציעלער פראקלאמירונג פון הילפס־קאמפיין.

האט מען טאקע נישט געווארט ביז צום סוף פון דער סעודה, ה' סאלאמאן קוועלער, דער עקס־פרעזידענט פון פארבאנד האט מיט אן אפעלירנדיקער איינלייטונג דערעפנט דעם אקט און איבערגעגעבן די טאסט־מייסטערשאפט דעם הער סימאן אורמאן.

ה" אורמאן האלט א לענגערע רעדע וועגן דער וויכטיקייט פון היינטיקן אקט, וואס דארף באווייזן, אז די גאליציאנער לאנדסלייט שטייען אויף דער געהעריקער הויך פון זייערע איצטיקע אויפגאבן און ער גיט איבער דאס ווארט צום איצטיקן פרעזידענט פון פארבאנד, הער מענדל גאטליב.

**דער באַנקעט צום פּראָקלאַמירן דעם קאַמפּיין לטובת אונדזערע לעבנגעבליבענע ברידער און שוועסטער אין די אַלטע היימען**



דער אויבנאָן פון באַנקעט.



אַן אויפנאַמע פון עולם רעכטס און אין צענטער פון סאַלאָן.



אַן אויפנאַמע פון דעם טייל עולם, וואָס איז געזעסן אין סאַלאָן לינקס.

ה״ גאָטליב דריקט אויס זיין גלויבן אין זיינע לאַנדסלייט און ער זאָגט, אַז איצט איז די צייט פאַר מער מעשים ווי ווערטער און ער האָט אַפּעלירט, אַז מען זאָל ווייניקער ריידן און מער טון.

ה״ ס. שעכטער, דער פרעזידענט פון דעם פאַריין „ברית אברהם״ אין ווישאַ קרעספּאָ, רעדט דאַן אַ פּאָר פּשוטע נאָר וואַרימע ווערטער, וואָס קומען פון האַרץ און דערווייל ווערן שוין פאַרטיילט די קאַמפּיין־בלעטער און דער עולם הויבט אָן צייכענען, יעדערער זיין באַשטימטע סומע לטובת דעם וויכטיקן צוועק.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר ה״ אַ־אַיבאָ ליבעל אַבעריורט דאַן דורך אַ שיינער רעדע, אַז וויפיל איינער האָט פאַרמאַכט און באַשטימט צו צייכענען פאַר דעם הייליקן צוועק, זאָל ער צייכענען מער, ווייל די צייט פאָדערט אונדזערע גרעסטע מאַטעריעלע אָנשטרענגונגען.

נאָך אַ קורצער פויזע, לייענען די הערן אורמאַן און סימאָן טאַובענפעלד די ערשטע צו־געשטעלטע ליסטעס פון באַשטייערער און כבוד מראָגט מען צו נייע ליסטעס, און ענדלעך האַלט מען שוין ביי אַ רעזומען פון געצייכנטע סומעס אויף קנאַפּע פערציק טויזנט פעזעס.

עס באַקומט דאַן אַ וואָרט דער עריפּטישטער נהמיה צוקער. ער רעדט וועגן דעם גרויסן צופאַל, וואָס איז אַ גרויסער נס, וואָס מיר זיינען צופעליק אַרויסגעפאָרן פון די אַלטע היימען און זיך אַזוי אַרום געראַטעוועט און אויב די השגחה האָט אונדז אַרויסגעראַטעוועט, אַז מיר זאָלן איצט נישט דאַרפן ליגן ערגעץ אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, הונגעריקע און פאַרפייניקטע, מוזן מיר פאַרשטיין, אַז די השגחה לייגט אויף אונדז דערפאַר אַרויף אַ גרויסן חוב, וועלכן מיר מוזן באַצאָלן.

אַלס ענטפער אויף דעם רוף באַטאָנט דער רעדנער קוועלער אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל באַנייען די זאַמלונג מיט נייע באַשטייערונגען פאַר פדיון הנפש, וואָס מיר האָבן זיך גע־ראַטעוועט.

דער באַוואוסטער שרייבער א. ל. שוכהיים האַלט דאַן אַ לענגערע רעדע, אָנווייזנדיק, אַז אידן האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן און אין פאַרשידענע שווערע צייטן, אַלעמאָל אַרויס־געוויזן זייער אחריות און מיטגעפיל צו געליטענע ברידער.

אַ בריענדיק וואָרט, וואָס האָט געצונדן די געמיטער, האָט אויך געזאָגט ה״ סאַלאָמאָן רייטער. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָס מען צייכנט און גיט היינט, איז בלויז אַן אַקאָנטאָ, אויף דעם, וואָס מען וועט ערשט דאַרפן געבן מיט דער פולער האַנט, ווייל בעת מיליאָנען פון אונדזער ברידער האָבן געגעבן זייער בלוט כדי צו הייליקן דעם נאָמען איד, מעגן מיר כאָטש געבן אונדזער געלט.

עס ווערט דאַן דורך אַקלאַמאַציע אָנגענומען דער פאָרשלאָג פון הער לעאָן קוועלער, וועל־כער ווייזט דעם ערשטן ביישפּיל מיט אַ נייער ספּעציעלער באַשטייערונג פאַר פדיון־הנפש, און עס בלייבט כמעט נישט קיין איינער פון די אָנוועזנדיקע, וועלכע זאָל נישט נאָכטון דאָס זעלבע און אַ קורצע צייט שפּעטער לייענען ווידער די הערן אורמאַן און טאַובענפעלד דעם נייעם רעזולטאַט, וועלכער האָט פאַרגרעסערט די סומע אויף נייע צען טויזנט פעזעס.

עס זענען נאָך געווען עטלעכע רעדנער וואָס האָבן געוועקט דעם פליכט־באַוואוסטזיין פאַר ווייטערדיקע אַקציעס און זייער טעטיק ביים צונויפזאַמלען די באַשטייערונגס־ליסטעס, און אין דער אָרגאַניזאַציע פון באַנקעט, זיינען געווען די קאָמיסיאָנס־מיטגלידער קאַרנהייזער, אונגאַר קאַמערמאַן און דער קאַסיר פון קאַמפּיין ה׳ מאַקס שפּירער און אַזוי האָט דער ערשטער פּראָקלאַמירונגס־אַקט פון קאַמפּיין פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד געבראַכט קנאַפּע פופציק טויזנט פעזעס און דער פאַרבאַנד גייט ווייטער אָן מיט דער הייליקער אַקציע.

# אונזערע פריערדיקע אלמאנאכן

## די אויסגאַבעס פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין בוענאָס איירעס אין משך פון די צוואַנציק יאָר עקזיסטענץ

די אונטערנעמונג פון די לעצטע און פאַרלעצטע לייטונגען, צו פייערן דעם צוואַנציק־יאָריקן יובילײ זייט דער גרינדונג פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין בוענאָס איירעס, דורך אַרויסגעבן אַן אָנדענק־בוך נאָך די חרוב געוואָרענע אידישע היימען אין גאַליציע, אונטער דעם טיטל „פּנקס גאַליציע״, איז טאַקע געווען אַ גאָר גרויסער פאַרמעסט, עס וואָלט אָבער געווען אַן עוולה, ביי דער געלעגנהייט, נישט צו דער־מאָנען אויך די פריערדיקע אויסגאַבן, וואָס דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין בוענאָס איירעס, האָט אין משך פון די פריערדיקע יאָרן אַרויסגעגעבן.

אין אונדזער פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידן אין בוענאָס איירעס, איז עס שוין געווען ווי אַ טראַדיציע, יעדע עטלעכע יאָר אַרויסצוגעבן אַן אַלמאַנאַך, אין וועלכן עס זאָלן אָפּגעשפּיגלט ווערן די טעטיקייטן פון פאַרבאַנד און וועלכע זאָלן סטימולירן פאַר ווייטערדיקער, נאָך אינטענסיווערער אַרבעט אויף די געביטן פון פאַרבאַנדס־טעטיקייט.

בלויז איין יאָר נאָך דער גרינדונג פון פאַרבאַנד, איז דערשינען דער ערשטער אַלמאַנאַך און בלויז דריי יאָר שפּעטער — דער צווייטער און פיר יאָר שפּעטער — דער דריטער. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1926, 1929 און 1933.

שפּעטער, האָט דער פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע אויסגאַבע, אין צו־זאַמענהאַנג מיט אַ באַנקעט, וואָס דער פאַרבאַנד האָט איינגעאָרדנט לכבוד דעם דיכטער מלך ראַוויטש, בעת זיין אַקטואַציע אין בוענאָס איירעס און אין 1940, צום פופצן־יאָריקן יובילײ פון פאַרבאַנד, איז ווידער דערשינען אַן אַלמאַנאַך.

דאָס זיינען פאַקטן, וועלכע דינען ווי אַ בולטער באַווייז, אַז אין אונדזער גאַ־ליציאַנער פאַרבאַנד, האָבן זיך אַלעמאָל געפונען פּערזאָנען, וועלכע האָבן אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט און אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע ליבע צום געדרוקטן אידישן וואָרט.

ווילן מיר דאָ טאַקע דערפאַר געבן אַ ביבליאָגראַפישן איבערבליק און אַ רשימה פון די פריערדיקע פאַרבאַנדס־אויסגאַבן, וואָס זיינען ביז היינט דערשינען:

### ערשטער אַלמאַנאַך

פון

### פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידען אין בוענאָס איירעס

רעדאַקטירט פון **נ. פּרוכטער** און **נ. צוקער**

בוענאָס איירעס, 1926.

מיט פאָלגנדיקע אַרטיקלען:

1) די אנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון אונדזער פאַרבאַנד — פון **א. גרינער**

2) לאַנדסלייט פאַריינען (קולטורעלע אָדער הומאַניטאַרע אַרבעט?) —

פון **נון. צדיק**

די סטאַטוטן פון פאַרבאַנד, אַדרעסן־קאַלענדאַר פון מיטגלידער, באַריכטן פון פאַרבאַנדס־טעטיקייט און קולטור־אונטערנעמונגען, אילוסטרירט מיט אַ היפּשער צאָל קלישעען, און אז. וו.

# צווייטער אַלמאַנאַך

פון

# פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידען אין בוענאָס איירעס

רעדאַקטירט פון **נ. פּרוכטער**

א י נ ה א ל ט :



נאָטיצן, באַריכטן, רייך־אילוסטרירט מיט קלישעען, און אז. וו. — דערשינען אין בוענאָס איירעס, מערץ 1929.



א גרופּע מיטגלידער פון דראַמקרייז (אַלמאַנאַך יוני 1933)

# דריטער אַלמאַנאַך

ארויסגעגעבן פון דער קולטור־קאָמיסיע פונעם

## פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידען אין בוענאָס איירעס

רעדאַקטירט פון **משה גלאַזמאַן**

בוענאָס איירעס, יוני 1933.

א י נ ה א ל ט :



## ספּעציעלע אויסגאַבע

צום 15־יאָריקן יובל פון

## גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע

1925 — בוענאָס איירעס — 1940

רעדאַקטאָר **נחמיה צוקער**

א י נ ה א ל ט :



דער קבלת-פנים-באַנקעט לכבוד יעקב מעסטל (קלישע פון אלמאַנאַך, יוני, 1933)

2) **פון פאַרבאַנד** — אונדזערע באַציאונגען מיט געזעלש. אינסטיטוציעס.
3) **משה גלאַזמאַן** — די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון פאַרבאַנד.
4) **נחום לינדמאַן** — פופצן יאָר עקזיסטענץ פון פאַרבאַנד.
5) **יעקב באָטאָשאַנסקי** — אַ גרוס אייך פון גאַליציאַנער אידן אין נאָרד אַמעריקע.
6) **דר. יצחק פּאַרב** — אונדזער אַרבעט.
7) **אברהם אַפּטאָוויצער** — אַ קורצער סך־הכל פון דער קולטור־אַרבעט פון פאַרבאַנד.
8) **סימאָן אורמאַן** — וואָס עס איז און וואָס עס דאַרף זיין דער פאַרבאַנד פון די גאַליציאַנער אידן אין בוענאָס איירעס.
9) **נחמן געזאַנג** — די היסטאָרישע ראָל פון גאַליציע אינעם ציוניזם.
10) **דר. משה מערקין** — מיין ערשטע באַגעגעניש מיט גאַליציאַנער אידן.
11) **מיכל ראָזנבערג** — פאַרוואָס האָב איך געגרינדעט דעם פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער אידן אין אורוגוואַי.
12) **ישראל שרייבער הלוי** — מיין טדייסט.
13) **ביילע גאָטדענקער** — מען מוז שרייבן.
14) **עוזר שוואב** — אונדזער קאַמפּינג.
15) **בנציון גינסבערג** — ניטאָ מיט וואָס זיך צו שעמען אַלס גאַליציאַנער.

באַריכטן, נאָטיצן, גראַפישע אילוסטראַציעס, און אז. וו.

:: :: „„

דאָס זיינען די אויסגאַבעס מיט זייערע אינהאַלט־פאַרצייכעניש, וואָס דער גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע האָט אַרויסגעגעבן אין משך פון די ערשטע פופצן יאָר עקזיסטענץ און די היפשע צאָל מיטאַרבעטער און די טיטלען פון זייערע מיטאַרבעטונגען, קאָנען שאַפן אַ באַגריף וועגן גייסטיקן און קולטורעלן מהות פון אונדזער פאַרבאַנדס־טעטיקייט, ביז צום דע־שיינען פון אונדזער היינטיקער אויסגאַבע — „פנקס גאַליציע", וועלכער איז אַ דאָקומענט פאַר זיך.



**אַן אויספלוג און קולטור־אַקט פון גאַליציאַנער יוגנטלעכע אין פּאַלערמאָ־וואַלד**
(קלישע פון אַלמאַנאַך, 1929)

# נעמען פון אונדזערע מיטגלידער

אַזוי ווי דער „פנקס גאַליציע" וועט ביי דער ערשטער מעגלעכקייט געשיקט ווערן קיין אייראָפּע בכלל און קיין גאַליציע בפרט, בעטן מיר, אַז די אַלע לאַנדסלייט אונדזערע אויף יענער זייט ים, וועלכע וועלן זיך וועלן שטעלן אין ברייוולעכן קאָנטאַקט מיט עמיצן פון די ווייטער אויסגערעכנטע מיטגלידער, זאָלן אַדרעסירן די בריוו אויפן אַדרעס פון אונדזער פאַרבאַנד:

Unión Isr. Resid. de Galitzia, Sarmiento 1981 — Buenos Aires

## A

Aptovitzer Abraham
Adlerstein Herman
Artig Herman
Adlerstein Miguel
Ast Moisés
Auerbach Moses
Asendorf Abraham
Auerbach Chaim
Auerbach Wolf
Altschuler Salomón
Aberbach Benito
Akselrad Boris
Agid León
Apfelberg Jaime
Arbeit A. J.
Ambach J.

## B

Bleicher Osías
Braude Julio
Bergman Salomón
Becher E. S.
Bresler J.
Bicales S.
Blecher J.
Buterman S.
Bulansky Hirsch
Bas Gregorio
Bernat Enrique
Blaustein
Braun Moses
Biegeleisen David
Blazer David
Bertich Pedro
Bezen Jacobo
Brodheim Jaime
Bisbaum Jacobo
Brodheim Adolfo
Birnbaum León
Breitbart Isidoro
Bruck Samuel
Buchhalter Ignacio
Bril José
Bas Israel
Blei Jacobo
Borten Marcos
Bauman S.
Berenfein Israel
Ball Melly
Bard David
Barfeld Elías
Beer Isidoro
Bretller León
Bernholtz José
Berg José
Blumenstein Jaime
Blech Benedit
Birnbaum Miguel
Blazer Jacobo
Beer Enrique
Braun Adolfo
Broder León

Berten Mauricio
Beitel Israel
Batalon León

**C**

Chalfen Bernardo
Chaves Aarón
Citroner E.

**D**

Distenfeld Rafael
Distenfeld Henech
Diner Natalio
Dam Jacobo Dr.
Daiman Isidoro
Diringer M.
Davidsohn Putzer Max

**E**

Erlich León
Eisenberg Bernardo
Eisenstos Osías
Eckert Bernardo
Entenberg Jaime
Eichner Emilio
Erenfraint Meir
Entenberg José
Einbund Carlos
Edelding Max
Erlich M.
Erlich M.
Engler S. J.
Entenberg León

**F**

Farb Ignacio
Finkelstein Isidoro
Frenkel Isaac
Fischer J.
Finck Salomón
Foster Simche
Fischhof J.
Fisch Benjamín
Felder Jacobo
Fucks Jonasch
Fuerstad Natán
Fucks Arje Leib
Feldbaum Samuel
Fischel Ezequel
Freir León
Finkel Abraham
Feldhamer Aarón
Fischel Adolfo
Feldhamer Elías
Fucks Samuel
Feigenbaum Oscar
Fingerman Nathan
Fischer Mendel
Friesel M. B.
Fuhrer Rachmiel
Fechtenholtz Jeose
Feldman Isaac
Finkel Isaac
Finkelstein Gregorio
Finkelstein Armando
Faluk F.
Flaster Simón
Fraiman H.
Freier Salomón
Felder Moisés
Fellenbach Saúl
Fischer Marcos
Fischer David
Fechtenholtz S.
Figuer León

**G**

Gartenberg David
Goldstein Israel
Goldstein Julio
Goldstein Bernardo

**H**

Haan Mauricio
Haftel José
Hakman José
Helfer José
Halpern Hersch
Hirschbaum Enrique
Hakman José
Holtzer Arturo
Hutschneker León
Hoffmann Isaac
Holtzer Herman
Halpern José
Haller Oscar
Hollenberger Hermán
Hollenberger Jaime

Hollenberger Mauricio
Haller Mauricio
Halpern Mendel
Hirsch Isidoro
Heller Matías
Hirsch Max
Hilman Buby
Heinberg Osvaldo
Hofman Carlos
Hubler Eduardo
Halberstein Isidoro
Horvitz Gabriel
Hindes Salomón
Huss León
Huschneker
Herschkovich S.
Hauss Leibisch
Holtzstein Samuel
Hilsenrad Max
Hirschbaum H.
Heller Miguel
Hochberg Lázaro
Hochberger David

**I**

Itzcovich Adolfo
Inger Schabse Wolf

**K**

Kudsch León
Krell Mechel
Konig Moisés
Konig Fischel
Kaufman Mayer
Kupferschmidt Máximo
Kasner Salo
Kuderman Aarón
Kweller Salomón
Katz Jacobo
Klaar Herman
Kremenitzer Salomón
Kelner Moisés
Klotzman Mayer
Koch Rubin
Kronenfeld Simón
Kriegel Adolfo
Kimel José
Karp Moisés
Kweller León
Kornhauser José
Kampel Salomón
Koppel Saúl
Konigsberger Isidoro
Kaminker Natalio
Kremer Nisen

**L**

Lublin Abraham
Landau Mechel
Lachner Miguel
Laser N. M.
Lusthaus Aarón
Lifschitz Isaac
Lachs Abraham
Leventhal Chaim
Low Hersch Wolf
Laufer Abraham
Lerer Aarón
Langer Adolfo
Lindman Nuchim
Landesman Osías
Libman Jacobo
Libman Moisés
Löw Bernardo
Lap H.
Lampert Salomón
Liber Marcos
Lichtenthal Max
Lister Isaac S.
Lax M.
Langer L.
Laufer Elías
Langer M.
Lusthaus B.
Liberman

**M**

Malaver Mauricio
Mates Marcos
Mayer José
Makutra Jacobo
Meller Elías
Makutra Valentín
Marder Isaac
Mulrad Bernardo
Mayer Hermán
Margulies Saúl
Metzger Jonas
Monchek Salomón

Margulies Alfredo
Margulies Adolfo
Mates Osías
Messinger Salomón
Maurer Felipe
Margulies Bernardo
Meyer Adolfo
Mehr Wolf
Meller Marcos
Meller Arturo
Meltzer Schmarie
Magenheim José
Milich Elías
Mayers Isaac
Mosner Judas
Margulies Israel
Mark Marcos
Mark Max
Marbach S.
Maurer José

**N**

Nebenschos Jacobo
Nagel Oscar
Neigut S.
Nachman Mendel
Nadel Samuel
Nagel Jacobo
Neiman José
Narepkin León
Neuwelt José Dr.
Nagel J.
Neubenschos Sra.
Naiman Beni

**O**

Oschenberg Wilhelm
Obertiner Salomón
Ortner Jaime
Onitkaisky Oscar
Oblas Abraham

**P**

Pulver Elías
Pomeranz Jacobo
Paist Moisés
Probst Samuel
Pritch Falik
Paist Zalel
Pichenik León
Pulver Moisés
Post O.
Pacher Marcos
Podhoritzer S. W.
Perlmutter Jacobo
Pasquin Miguel

**R**

Rotenberg Wolf
Rosenberg Benzión
Renner Isaac
Ringel León
Rapp Samuel
Rubinfeld H.
Respler Moisés
Rubel Adolfo
Ringelheim Tobías
Rosenfeld Abraham
Rosner J. Isaac
Rosenblum Max
Rosenheck Adolfo
Rosenblatt Salom
Reiter Salomón
Rosenstok Adolfo
Reiss Jonas
Roht Bernardo
Reichler Isidoro
Reiss Wolf
Reich Salomón
Rosenstrauch Moisés
Rosenblatt Rubin
Rosenfeld Israel
Rosner Eduardo
Rubinstein
Rosenkrantz B.
Rosenfeld M.
Rosenblatt Jazkel
Riterman Dr.
Reuter Salomón
Riemer Osías
Rohthendler M.
Rohtenberg M.
Redler Jacobo
Rubel G.
Recht N.

**S**

Schipper Adolfo
Schorr Jacobo
Schon Hermán
Schohn Adolfo
Sternlicht Leib
Schwab Oscar

Schorr Moses
Schorr Jacobo
Schwartz Samuel
Segal Salomón
Siegel Jazkel
Seidler Leon
Schuster Efroim
Sauler Oscar
Schmer Abraham
Schechter Isidoro
Strauchler Oscar
Scheiner M.
Schifman Aarón
Seller Simón
Schenker Máximo
Schechter Muni
Sigal Jonas
Schmajuk Gustavo
Sauer Hersch
Schnaider Norberto
Scharf Misés
Shapire León
Streichler Leib
Seftel León
Segal Moisés
Schusheim Rafael
Strauch Jaime
Schneier Isidoro
Sporin Natalio
Schrainer Jonas

**T**

Thumin Leonardo
Tribwaser Hermán
Tuni Mates
Taubenfeld Simón
Turkeltaub Marcos
Tusch Arnoldo
Eugentaft León
Tepper Hermán
Tanenbaum Marcos
Thumin Leopoldo
Thaler J.
Taichman J.
Tusch Guillermo
Trupp León
Tischler Wolf

**U**

Unger Hermán
Urman Simón
Unger Francisco
Ungar Norberto
Urich Max
Urman J.

**V**

Vogel Marcel
Vogel Moisés
Vogelfenger Bernardo

**W**

Wainbraum Schulim
Wintner León
Wainberg Mauricio
Windler Salomón
Winkel León
Wagner David
Wasser Pedro
Waisberg Simón
West Salomón
Weldniger David
Wolf Samuel
Wahler Arturo
Wexelblat Abraham
Wolfzorn Jechiel
Weisking Mendel
Wolf Schepsel
Winter Carlos
Winkel Miguel
Wald N.
Wiloff Bernardo
Weitrenfeld
Wauserlauf I.
Wilner Zelig
Waintraub Lipe
Wagenbrant M.
Weledniger Moisés
Wilf Oscar
Waiser Hermán
Werner León
Wohlmut Emilio
Wohlmut Carlos
Waisfisch

**Z**

Zolkever Abraham
Zukerberg José
Zeimer Marcos
Zang Enrique
Zornberg Zalel
Zolkever Ber
Zimerman Isaac

Zucker Nechemías
Zlatkes Hermán
Zolkever Israel
Zukerberg Eugenio
Zweifler León
Zion Jacobo
Zinkman
Zungman
Zirlinger Isaac
Zimmer José
Zang Moisés
Zimerman Zigmund
Ziman Simón
Zang David

## פרויען, אַקטיווע מיטגלידערנס אין גאַליציאַנער פאַרבאַנד

Zimmerman Emilia
Frenkel Clara
Berenholtz J.
Altman Rachel
Gutman M.
Rosenberg S.
Eder Mani
Scharfker D.
Diringer B.
Saukerman R.
Gottdenker Berta
Inger Berta
Weitzman Eugenia
Diringer Elsa
Onitcansky R.
Zolkever Cecilia
Adlerstein Taube
Nachman M.
Siegel Cila
Schechter Pepi
Albines Fanni
Caplinsky Blime
Zolkever Lifsche
Tiser Jane
Blauwoll Amalia
Monschein Taube
Ungar Elena
Riedler R.
Weinstein Amalia
Schusheim Ester
Postel Ester
Breitholtz Geni
Abeloff Dora
Altschiler Loña
Vogelfenger Marila
Birenbaum Elsa
Altman Fani
Low Bruche
Metzger Margarita
Winter
Segal Hilda
Thumin Anna
Winkel Anna
Urman L.
Aptovitzer Rosa
Probst Rosa
Huss Ester
Pomerantz Teresa
Finkel Rosa
Plotzkinds Berta
Krawietz Elsa
Bass Jaime
Schnaider Sarah
Averbach Sarah
Weitzman
Seidler Clara
Askenazy Fanny
Grinberg Clara
Falik Perla
Honig Martha
Glaser Sarah
Fuer Josefina
Segal de Klein

# PINKOS GALITZIA

(LIBRO DE GALITZIA)

EDITADO POR LA

**UNION ISRAELITA RESIDENTES DE GALITZIA**

CON MOTIVO DEL

XX ANIVERSARIO DE SU FUNDACION

1925 — 1945



REDACTOR:

**NECHEMIAS ZUCKER**

———

BUENOS AIRES

1 9 4 5

# PINKOS GALITZIA

## (LIBRO DE GALITZIA)

Editado por la

**UNION ISRAELITA DE GALITZIA**

CON MOTIVO DEL
XX ANIVERSARIO
DE SU FUNDACION



Redactor:

NECHEMIAS ZUCKER

BUENOS AIRES
1945